# הַבְּרִית הַחֲדָשָׁה

## דָאס נֵייֶע טֶעסְטַאמֶענְט

פוּן אוּנְזֶערֶעם הַארְ'ן אוּן רֶעטֶער

## יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ

נֵייא אִיבֶּערְזֶעצְט אוּן רֶעוִוידִירְט

לאנדאן

בריטיש און אויסלענדישע ביבעלגעזעלשאפט

1913

# אינהאלטס פערצייכניס

## פֿון דעם

# נייעם טעסטאמענט.

# דִיא הֵייליגֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה נָאךְ מַתִּי

א 1 דָאס בּוּךְ פוּן דֶעם יִחוּס פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן דָוִד, דֶער זוּהְן
פוּן אַבְרָהָם.
2 אַבְרָהָם הָאט גֶעבּוֹירֶען יִצְחָק, אוּן יִצְחָק הָאט גֶעבּוֹירֶען יַעֲקֹב, אוּן יַעֲקֹב
הָאט גֶעבּוֹירֶען יְהוּדָה אוּן זַיינֶע בְּרִידֶער, 3 אוּן יְהוּדָה הָאט גֶעבּוֹירֶען
פֶּרֶץ אוּן זֶרַח פוּן תָּמָר, אוּן פֶּרֶץ הָאט גֶעבּוֹירֶען חֶצְרוֹן, אוּן חֶצְרוֹן הָאט
גֶעבּוֹירֶען רָם, 4 אוּן רָם הָאט גֶעבּוֹירֶען עַמִּינָדָב, אוּן עַמִּינָדָב הָאט גֶע־
בּוֹירֶען נַחְשׁוֹן, אוּן נַחְשׁוֹן הָאט גֶעבּוֹירֶען שַׂלְמוֹן, 5 אוּן שַׂלְמוֹן הָאט גֶעבּוֹירֶען
בּוֹעַז פוּן רָחָב, אוּן בּוֹעַז הָאט גֶעבּוֹירֶען עוֹבֵד פוּן רוּת, אוּן עוֹבֵד הָאט
גֶעבּוֹירֶען יִשַׁי, 6 אוּן יִשַׁי הָאט גֶעבּוֹירֶען דָוִד הַמֶּלֶךְ.
אוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעבּוֹירֶען שְׁלֹמֹה פוּן אִיהְר וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס
ווייבּ פוּן אוּרִיָּה, 7 אוּן שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּוֹירֶען רְחַבְעָם, אוּן רְחַבְעָם הָאט
גֶעבּוֹירֶען אֲבִיָּה, אוּן אֲבִיָּה הָאט גֶעבּוֹירֶען אָסָא, 8 אוּן אָסָא הָאט גֶעבּוֹירֶען
יְהוֹשָׁפָט, אוּן יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעבּוֹירֶען יְהוֹרָם, אוּן יְהוֹרָם הָאט גֶעבּוֹירֶען
עֻזִּיָּהוּ, 9 אוּן עֻזִּיָּהוּ הָאט גֶעבּוֹירֶען יוֹתָם, אוּן יוֹתָם הָאט גֶעבּוֹירֶען
אָחָז, אוּן אָחָז הָאט גֶעבּוֹירֶען חִזְקִיָּהוּ, 10 אוּן חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעבּוֹירֶען מְנַשֶּׁה,
אוּן מְנַשֶּׁה הָאט גֶעבּוֹירֶען אָמוֹן, אוּן אָמוֹן הָאט גֶעבּוֹירֶען יֹאשִׁיָּהוּ, 11 אוּן
יֹאשִׁיָּהוּ הָאט גֶעבּוֹירֶען יְכָנְיָהוּ אוּן זַיינֶע בְּרִידֶער אִין דֶער צַייט פוּן דֶער
פֶערְטְרֵייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל.
12 אוּן נָאךְ דֶער פֶערְטְרֵייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל הָאט יְכָנְיָהוּ גֶעבּוֹירֶען שְׁאַלְתִּיאֵל,
אוּן שְׁאַלְתִּיאֵל הָאט גֶעבּוֹירֶען זְרֻבָּבֶל, 13 אוּן זְרֻבָּבֶל הָאט גֶעבּוֹירֶען אֲבִיהוּד,
אוּן אֲבִיהוּד הָאט גֶעבּוֹירֶען אֶלְיָקִים, אוּן אֶלְיָקִים הָאט גֶעבּוֹירֶען עַזּוּר, 14 אוּן
עַזּוּר הָאט גֶעבּוֹירֶען צָדוֹק, אוּן צָדוֹק הָאט גֶעבּוֹירֶען יָכִין, אוּן יָכִין הָאט
גֶעבּוֹירֶען אֱלִיהוּד, 15 אוּן אֱלִיהוּד הָאט גֶעבּוֹירֶען אֶלְעָזָר, אוּן אֶלְעָזָר הָאט
גֶעבּוֹירֶען מַתָּן, אוּן מַתָּן הָאט גֶעבּוֹירֶען יַעֲקֹב, 16 אוּן יַעֲקֹב הָאט גֶעבּוֹירֶען
יוֹסֵף דֶעם מַאן פוּן מִרְיָם, פוּן וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען יֵשׁוּעַ דֶער
הֵייסְט מָשִׁיחַ.
17 אוּן אַלֶע דוֹרוֹת פוּן אַבְרָהָם בִּיז דָוִד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶרְצֶען דוֹרוֹת: אוּן
פוּן דָוִד בִּיז דֶער פֶערְטְרֵייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל פִיעֶרְצֶען דוֹרוֹת: אוּן פוּן דֶער פֶערְ־
טְרֵייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל בִּיז מָשִׁיחַ פִיעֶרְצֶען דוֹרוֹת.

18 אוּן דִיא גֶעבּוּרְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען: וֶוען זַיינֶע מוּטֶער
מִרְיָם אִיז גֶעוֶועזֶען פֶערְקְנַסְט צוּ יוֹסֵף, אוּן אֵיידֶער זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען,
אִיז זִיא גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען מְעוּבֶּרֶת פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. 19 אָבֶּער ווייל אִיהְר
מַאן יוֹסֵף אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צַדִיק, אַזוֹי הָאט עֶר זִיא נִיט גֶעוָואלְט עֶפֶענְטְלִיךְ בֶּע־
שֶׁעהְמֶען, אוּן הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט זִיא שְׁטִילֶערְהֵייט אָפְּצוּלָאזֶען. 20 אוּן ווִיא
עֶר הָאט זִיךְ דָאס אִיבֶּערְלֶעגְט, זֶעה, הָאט זִיךְ אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר'ן צוּ

אִיהְם בֶּעווִיזֶען אִין אַ חָלוֹם, אוּן גֶעזָאגְט, יוֹסֵף, בֶּן דָוִד, פָאֶרכְט דִיךְ
נִיט צוּ דִיר צוּ נֶעמֶען דַיין װַייבּ מִרְיָם: וָוארִין דָאס וָואס אִיז אִין אִיהְר
עֶמְפְּפַאנְגֶען אִיז פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. 21 אוּן זִיא וֶועט גֶעווִינֶען אַ זוּהְן, אוּן
דוּא זָאלְסְט זַיין נָאמֶען רוּפֶען יֵשׁוּעַ, וָוארִין עֶר וֶועט זַיין פָאלְק רֶעטֶען פוּן
זַייעֶרֶע זִינְד. 22 אוּן דָאס אַלֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען
וָואס אִיז גֶעזָאגְט פוּן דֶעם הַאר'ן דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, דֶער זָאגְט,
23 זֶעה, דִיא יוּנְגְפְרוֹיא וֶועט שְׁוַאנְגֶער וֶוערֶען, אוּן וֶועט גֶעווִינֶען אַ זוּהְן,
אוּן מֶען וֶועט זַיין נָאמֶען רוּפֶען עִמָנוּאֵל,
וָואס אִיז פֶערְטַייטְשְׁט גָאט מִיט אוּנְז. 24 אוּן וֶוען יוֹסֵף אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען פוּן שְׁלָאף, הָאט עֶר גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא דֶער מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר'ן
הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען, אוּן עֶר הָאט זַיין װַייבּ צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען, 25 אוּן עֶר
הָאט זִיא נִיט דֶערְקָאנְט בִּיז זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען אַ זוּהְן; אוּן עֶר הָאט זַיין
נָאמֶען גֶערוּפֶען יֵשׁוּעַ.

ב 1 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין בֵּית־לֶחֶם פוּן יְהוּדָה, אִין
דִיא טֶעג פוּן הוֹרְדוֹס הַמֶלֶךְ, זֶעה, חֲכָמִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן מִזְרַח קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם. 2 אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וְואוּ אִיז דֶער וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָוארֶען דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען? וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיין
שְׁטֶערְן אִין מִזְרַח, אוּן מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְז צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען.
3 אוּן וֶוען הוֹרְדוֹס הַמֶלֶךְ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען,
אוּן גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם מִיט אִיהְם. 4 אוּן עֶר הָאט פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים פוּן דֶעם פָאלְק, אוּן הָאט זַייא גֶעפְרֶעגְט וְואוּ זָאל
דֶער מָשִׁיחַ גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען. 5 אוּן זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִין בֵּית
לֶחֶם פוּן יְהוּדָה וָוארִין אַזוֹי שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ דֶעם נָבִיא,
6 אוּן דוּא בֵּית לֶחֶם, לַאנְד פוּן יְהוּדָה,
בִּיסְט נִיט דִיא קְלֵיינְסְטֶע צְווִישֶׁען דִיא טוֹיזֶענְדֶע פוּן יְהוּדָה;
וָוארִין פוּן דִיר וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער,
דֶער וֶועט זַיין אַ פַּאסְטוּךְ אִיבֶּער מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל.
7 דַאן הָאט הוֹרְדוֹס גֶערוּפֶען דִיא חֲכָמִים שְׁטִילֶערְהֵייט, אוּן הָאט בֵּייא
זַייא גוּט אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט דִיא צֵייט וֶוען דֶער שְׁטֶערְן הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען.
8 אוּן עֶר הָאט זַייא גֶעשִׁיקְט קֵיין בֵּית־לֶחֶם, אוּן גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּן
פָארְשְׁט גַאנְץ גוּט וֶועגֶען דֶעם יוּנְגֶען קִינְד; אוּן וֶוען אִיהְר וֶועט אִיהְם
גֶעפִינֶען, בְּרֶענְגְט מִיר תְּשׁוּבָה, אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ גֶעהֶען מִיךְ צוּ אִיהְם צוּ
בִּיקֶען. 9 אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען דֶעם מֶלֶךְ אוֹיסְגֶעהֶערְט, זֶענֶען זַייא
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען; אוּן זֶעה, דֶער שְׁטֶערְן, וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אִין מִזְרַח,
אִיז פָאר זַייא גֶעגַאנְגֶען, בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען
אִיבֶּער דֶעם אָרְט וְואוּ דָאס יוּנְגֶע קִינְד אִיז גֶעוֶועזֶען. 10 אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען דֶעם שְׁטֶערְן, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעפְרֵיעֶט מִיט זֶעהְר גְרוֹיסֶע פְרֵייד.

[23] ישעיה ז׳ יד׳, [5] מיכה ה׳ א׳

11 און װען זײ זײַנען אים הױז אַרײַנגעקומען, האָבּען זײ געזעהען דאָס
יונגע קינד מיט זײַנע מוטער מרים, און זײ זײַנען אַנידערגעפאַלען, און
האָבּען זיך צו איהם געבּיקט. און זײ האָבּען אױפגעמאַכט זײערע אוצרות
און האָבּען איהם געבּראַכט מתּנות, גאָלד און װײַהרױך און געװירץ. 12 און
זײ זײַנען געװאָרנט געװאָרען פון גאָט אין אַ חלום, אַז זײ זאָלען זיך ניט
אומקעהרען צו הורדוס, אַזױ זײַנען זײ צוריקגעגאַנגען צו זײער לאַנד בּײא
אײן אַנדערן װעג.
13 און װען זײ זײַנען צוריקגעגאַנגען, װעה, האָט זיך אַ מלאך פון גאָט בּעװיזען
צו יוסף אין אַ חלום, און געזאָגט, שטעה אױף און נעם דאָס יונגע קינד און
זײַנע מוטער, און אַנטלױף קײן מצרים, און זײ דאָרט בּיז איך װעל דיר
זאָגען; װאָרין הורדוס װעט דאָס יונגע קינד זוכען כּדי ער זאָל עס אומ־
בּרענגען. 14 אַזױ איז ער אױפגעשטאַנען און האָט גענומען דאָס יונגע קינד
און זײַנע מוטער בּײא נאַכט, און איז אַװעקגעגאַנגען קײן מצרים; 15 און ער
איז דאָרט געװעען בּיז הורדוס איז געשטאָרבּען; כּדי עס זאָל מקוים װערען
דאָס װאָרט, װאָס איז געזאָגט געװאָרען פון דעם האַר'ן דורך דעם נביא,
דער זאָגט, פון מצרים האָבּ איך גערופען מײן זוהן.
16 װען הורדוס האָט געזעהען אַז ער איז אױסגעשפּעט געװאָרען פון דיא
חכמים, האָט ער זיך זעהר דערצערנט, און האָט אַהינגעשיקט און געהרגעט
אַלע קינדער װאָס זײַנען געװעען אין בּית לחם און אין אַלע איהרע גרענצען, פון
צװײא יאָהר אַלט אָן און דרונטער, נאָך דער צײט נאָך װאָס ער האָט אױסגע־
פאָרשט בּײא דיא חכמים. 17 דאַן איז מקוים געװאָרען װאָס איז געזאָגט
דורך ירמיה הנביא, דער זאָגט,
18 אַ קול איז געהערט געװאָרען אין רמה,
אַ קלאָג און געװײן און גרױס בּיטערניס,
רחל װײנט איבּער איהרע קינדער,
און װיל ניט געטרײסט װערען, װײל זײ זײַנען ניט דאָ.
19 און װען הורדוס איז געשטאָרבּען, אַזױ האָט זיך אַ מלאך פון גאָט
בּעװיזען אין אַ חלום צו יוסף אין מצרים, 20 און האָט געזאָגט, שטעה אױף
און נעם דאָס יונגע קינד און זײַנע מוטער, און געה קײן ארץ ישׂראל; װאָרין
דיא זײַנען געשטאָרבּען װאָס האָבּען געזוכט דאָס לעבּען פון דעם יונגען קינד.
21 אַזױ איז ער אױפגעשטאַנען און האָט גענומען דאָס יונגע קינד און זײַנע
מוטער, און איז געקומען קײן ארץ ישׂראל. 22 אָבּער װען ער האָט געהערט
אַז אַרקלױס האָט רעגירט אין יהודה אַנשטאָט זײַן פאָטער הורדוס, האָט ער
מורא געהאַט דאָרט אַהין צו געהען; און װען ער איז געװאָרנט געװאָרען
אין אַ חלום, איז ער אַװעקגעגאַנגען צו דער געגענד פון דעם לאַנד גליל,
23 און ער איז געקומען און האָט געװאױנט אין אַ שטאָדט װאָס הײסט נצרת;
כּדי עס זאָל מקוים װערען װאָס איז געזאָגט דורך דיא נביאים, אַז ער זאָל
גערופען װערען נצרי.

18 ירמיה לא׳ ט״ו

ג 1 אִין יֶענֶע טֶעג אִיז יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דֶער
מִדְבָּר פוּן יְהוּדָה, 2 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, טְהוּט תְּשׁוּבָה; וָוארִין דָאס מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם אִיז נָאהֶענְט. 3 וָוארִין דָאס אִיז דֶער, פוּן וֶועלְכֶען יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא הָאט
גֶערֶעט, דֶער זָאגְט,

אַ קוֹל פוּן אֵיינֶעם וָואס רוּפְט אוֹיס אִין דֶער מִדְבָּר,
מַאכְט פַארְטִיג דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר'ן,
מַאכְט גְלֵייךְ זַיינֶע שְׁטֶעגֶען.

4 אוּן דֶער דָאזִיגֶע יוֹחָנָן אִיז אָנְגֶעטְהוּן גֶעוֶועֶן מִיט אַ קְלֵייד פוּן קֶעמֶעל
הָאר אוּן אַ לֶעדֶערְנֶען גַארְטֶעל אַרוּם זַיינֶע לֶענְדֶען; אוּן זַיינֶע שְׁפֵּייז אִיז גֶעוֶועֶן
הֵיישְׁרֶעקֶען אוּן ווִילְדֶער הָאנִיג. 5 דַאן זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען גַאנְץ
יְרוּשָׁלַיִם אוּן גַאנְץ יְהוּדָה, אוּן דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד פוּן יַרְדֵן; 6 אוּן זַייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט בֵּייא אִיהְם טוֹבֵלְ'ן אִים שְׁטְרוֹים יַרְדֵן, אוּן הָאבֶּען מִתְוַדֶּה
גֶעוֶועֶן זֵייעֶרֶע זִינְד. 7 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז פִילֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים
אוּן צְדוֹקִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ זַיינֶע טְבִילָה, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן שְׁלַאנְגֶען, וֶוער הָאט אֵייךְ גֶעוָוארְנְט אַז אִיהְר זָאלְט
אַנְטְרִינֶען פוּן דֶעם גְרִימְצָארְן וָואס וֶועט קוּמֶען? 8 דְרוּם בְּרֶענְגְט פְּרוּכְט
ווִירְדִיג פוּן תְּשׁוּבָה: 9 אוּן דֶענְקְט נִיט אִין אֵייעֶר הַארְץ צוּ זָאגֶען, מִיר
הָאבֶּען אַבְרָהָם פַאר אוּנְזֶער פָאטֶער; וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז גָאט קֶען
פוּן דִיזֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ אַבְרָהָם. 10 אוּן דִיא הַאק לִיגְט
שׁוֹין אוֹיף דֶער וָואוּרְצֶעל פוּן דִיא בֵּיימֶער; דְרוּם אִיטְלִיכֶער בּוֹים וָואס
בְּרֶענְגְט נִיט גוּטֶע פְּרוּכְט וֶועט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּן אִין פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
וֶוערֶען. 11 אִיךְ בִּין אֵייךְ טוֹבֵל מִיט וַואסֶער צוּ דֶער תְּשׁוּבָה: אָבֶּער דֶער
וֶועלְכֶער קוּמְט נָאךְ מִיר אִיז שְׁטַארְקֶער ווִיא אִיךְ, דֶעם אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט
זַיינֶע שִׁיךְ צוּ טְרָאגֶען; עֶר וֶועט אֵייךְ טוֹבֵלְ'ן מִיט דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אוּן
מִיט פֵייעֶר; 12 זַיינֶע ווִינְדְשׁוֹיפֶעל אִיז אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּן עֶר וֶועט זַיינֶע
שֵׁייעֶר גוּט אוֹיסְרֵיינִיגֶען; אוּן וֶועט דָאס קָארְן זַאמְלֶען אִין זַיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער
אַרֵיין, אָבֶּער דָאס שְׁטְרוֹיא וֶועט עֶר פֶערְבְּרֶענֶען מִיט אוּנְפֶערְלָאשֶׁענֶעם
פֵייעֶר.

13 דַאן אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען פוּן גָלִיל צוּם יַרְדֵן צוּ יוֹחָנָן, אַז עֶר זָאל זִיךְ בֵּייא
אִיהְם לָאזֶען טוֹבֵלְ'ן. 14 אָבֶּער יוֹחָנָן הָאט אִיהְם פֶערְוֶועהְרְט, אוּן גֶעזָאגְט,
אִיךְ דַארְף מִיךְ לָאזֶען בֵּייא דִיר טוֹבֵלְ'ן, אוּן קוּמְסְט דוּא צוּ מִיר? 15 אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז עֶס אִיצְט אַזוֹי זַיין, וָוארִין
עֶס גֶעבִּירְט אוּנְז אַזוֹי אַלֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ דֶערְפִילֶען. דַאן הָאט עֶר אִיהְם גֶע־
לָאזְט. 16 וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעטוֹבֵלְט גֶעוָוארֶען, גְלֵייךְ אִיז עֶר אוֹיס דֶעם וַואסֶער
אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען: אוּן זֶעה, דֶער הִימֶעל הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּן עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען אַזוֹי ווִיא אַ טוֹיב, קוּמֶענְדִיג
אוֹיף אִיהְם: 17 אוּן זֶעה, אַ קוֹל פוּן הִימֶעל הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין גֶע־
לִיבְּטֶער זוֹהְן, אִין וֶועלְכֶעם אִיךְ הָאבּ ווָאוֹילְגֶעפֶעלֶען.

3 ישעיה מ׳ ג׳

ד 1 דַאן אִיז יֵשׁוּעַ גֶעפִֿיהרְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אִין דֶער מִדְבָּר אַרַיין,
כְּדֵי פוּן דֶעם שָׂטָן גֶעפְּרִיפְֿט צוּ ווֶערֶען. 2 אוּן ווֶען עֶר הָאט גֶעפַֿאסְט פִֿיעֶרְצִיג
טֶעג אוּן פִֿיעֶרְצִיג נֶעכְט, אִיז עֶר דֶערְנָאךְ הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען. 3 אוּן דֶער פְּרִיי־
פֶֿער אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווֶען דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן
גָאט, בֶּעפֶֿעהְל אַז דִיזֶע שְׁטֵיינֶער זָאלֶען בְּרוֹיט ווֶערֶען. 4 אוּן עֶר הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶֿערְט אוּן גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט לֶעבֶּען
פוּן בְּרוֹיט אַלֵיין, נֵייעֶרְט פוּן אִיטְלִיכֶען וָוארְט וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם
מוֹיל פוּן גָאט. 5 דַאן נֶעמְט אִיהְם דֶער שָׂטָן צוּ דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט, אוּן
שְׁטֶעלְט אִיהְם אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, 6 אוּן זָאגְט צוּ אִיהְם
ווֶען דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט, וַוארְף דִיךְ אַרוּנְטֶער; וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען,

אַז עֶר ווֶעט זֵיינֶע מַלְאָכִים ווֶעגֶען דִיר בֶּעפֶֿעהְלֶען;
אוּן זֵייא ווֶעלֶען דִיךְ אוֹיף דִיא הֶענְד טְרָאגֶען,
אַז דוּא זָאלְסְט נִיט דֵיין פוּס אָנְשְׁטוֹיסֶען קֶעגֶען אַ שְׁטֵיין.

7 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט
נִיט פְּרִיפֶֿען דֶעם הַארְ'ן דֵיין גָאט. 8 אוּן דֶער שָׂטָן נֶעמְט אִיהְם ווִידֶער אוֹיף
אַ הוֹיכֶען בַּארְג, אוּן ווַייזְט אִיהְם אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער ווֶעלְט, אוּן זֵייעֶרֶע
הֶערְלִיכְקֵייט: 9 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט. דָאס אַלֶעס ווֶעל אִיךְ דִיר
גֶעבֶּען, ווֶען דוּא ווֶעסְט אַנִידֶערְפַֿאלֶען אוּן ווֶעסְט דִיךְ צוּ מִיר בִּיקֶען. 10 דַאן
זָאגְט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם, גֶעה אַוֶועק פוּן מִיר, שָׂטָן: וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט דִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶעם הַארְ'ן דֵיין גָאט, אוּן אִיהְם אַלֵיין
זָאלְסְט דוּא דִינֶען. 11 דַאן הָאט אִיהְם דֶער שָׂטָן פֶֿערְלָאזְט; אוּן זֶעה, מַלְאָכִים
זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט.

12 אוּן ווֶען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז יוֹחָנָן אִיז אִיבֶּערְגֶעלִיפֶֿערְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי
אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל: 13 אוּן עֶר הָאט פֶֿערְלָאזְט נְצָרֶת, אוּן אִיז
גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעווָאוינְט אִין כְּפַר־נַחוּם, וָואס אִיז בֵּיים בָּארְטֶען פוּן דֶעם
יַם, אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּן זְבֻלוּן אוּן נַפְתָּלִי: 14 כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם ווֶערֶען
וָואס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא, דֶער זָאגְט,

15 דָאס לַאנְד זְבֻלוּן אוּן דָאס לַאנְד נַפְתָּלִי,
דֶער ווֶעג פוּן דֶעם יַם, אוֹיף יֶענֶער זֵייט פוּן יַרְדֵן,
גָלִיל פוּן דִיא גוֹיִם,
16 דָאס פָֿאלְק וָואס זִיצְט אִין פִֿינְסְטֶערְנִיס
הָאט גֶעזֶעהֶען אַ גְרוֹיס לִיכְט,
אוּן צוּ דִיא וָואס זִיצֶען אִים לַאנְד אוּן שָׁאטֶען פוּן טוֹיט,
אִיז לִיכְט אוֹיפְֿגֶעגַאנְגֶען:

17 פוּן דֶער צֵייט אָן הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְּרֶעדִיגֶען אוּן צוּ זָאגֶען, טְהוּט
תְּשׁוּבָה וָוארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז נָאהֶענְט:

6 תהלים צא׳ יא׳, יב׳ 7 דברים ו׳ טז׳ 15 ישעיה ח׳ כג׳; ט׳ א׳,

18 אוּן גֶעהֶענְדִיג בֵּיים יַם פוּן גָלִיל הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען צְווייא בְּרִידֶער, שִׁמְעוֹן
דֶער הֵייסְט פֶּעטְרוּס, אוּן אַנְדְרַי זַיין בְּרוּדֶער, וָואס הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען אַ נֶעץ אִים
יַם אַרֵיין: וָוארִין זַייא זֶענֶען פִישֶׁער גֶעוֶוען. 19 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
פָאלְגְט מִיר נָאךְ, אוּן אִיךְ וֶועל אֵייךְ מַאכֶען צוּ פִישֶׁער פוּן מֶענְשֶׁען. 20 אוּן
גְלֵייךְ הָאבֶּען זַייא זֵייעֶרֶע נֶעצֶען פֶערְלָאזְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט.
21 אוּן וֶוען עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען ווייטֶער גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען צְווייא
אַנְדֶערֶע בְּרִידֶער, יַעֲקֹב, דֶעם זוּהְן פוּן זַבְדַי, אוּן זַיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אִין אַ
שִׁיף מִיט זֵייעֶר פָאטֶער זַבְדַי, אוּן זַייא הָאבֶּען צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט זֵייעֶרֶע נֶעצֶען;
אוּן עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען. 22 אוּן גְלֵייךְ הָאבֶּען זַייא פֶערְלָאזְט דָאס שִׁיף
אוּן זֵייעֶר פָאטֶער, אוּן הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט.

23 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְץ גָלִיל, אוּן הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין זֵייעֶרֶע
שׁוּלֶען, אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ, אוּן
הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְהֵייט אוּן שְׁמֶערְצֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק.
24 אוּן זַיין שֵׁם אִין אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְץ סוּרְיָא: אוּן זַייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקֶע, אוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפְּלָאגְט גֶעוֶוען
מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע קְרֶענְק אוּן שְׁמֶערְצֶען, אוּן וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים, אוּן
דִיא מְשֻׁגָּעֶנֶע אוּן גִיכְטְבְּרִיכִיגֶע; אוּן עֶר הָאט זַייא גֶעהֵיילְט. 25 אוּן פִיל לֵייט
זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל אוּן פוּן דֶעקַאפָּלִיס אוּן פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּן
פוּן יְהוּדָה אוּן פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן:

ה 1 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא לֵייט, אִיז עֶר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
בַּארְג; אוּן וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען: 2 אוּן עֶר הָאט זַיין מוֹיל אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּן הָאט זַייא גֶעלֶעהְרְט אוּן
גֶעזָאגְט,

3 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען אַ נִידְרִיגֶעס גֶעמִיט; וָוארִין דָאס מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם אִיז זֵייעֶרְס.

4 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס טְרוֹיעֶרְן; וָוארִין זַייא וֶועלֶען גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען.

5 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא זַאנְפְטְמִיטִיגֶען; וָוארִין זַייא וֶועלֶען דִיא עֶרְד יַרְשֶׁענֶען.

6 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הוּנְגֶערְן אוּן דוּרְשְׁטֶען נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; וָוארִין
זַייא וֶועלֶען גֶעזֶעטִיגְט וֶוערֶען.

7 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶען; וָוארִין זַייא וֶועלֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט
דֶערְלַאנְגֶען.

8 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען אַ רֵיינֶעס הַארְץ; וָוארִין זַייא וֶועלֶען גָאט
זֶעהֶען.

9 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס מַאכֶען שָׁלוֹם; וָוארִין זַייא וֶועלֶען גֶערוּפֶען וֶוערֶען
זִיהְן פוּן גָאט.

10 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס וֶוערֶען פֶערְפָאלְגְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶועגֶען;
וָוארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז זֵייעֶרְס.

11 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר װֶען מֶען װֶעט אֵייךְ מְבַזֶה זֵיין אוּן פֶערְפָאלְגֶען, אוּן
װֶען מֶען װֶעט פַאלְשְׁהֵייט אוּן אַלֶערְלֵייא שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען אוֹיף אֵייךְ רֶעדֶען
פוּן מֵיינֶעטְװֶעגֶען. 12 פְרֵייעֶט אֵייךְ, אוּן זֵייט פְרֶעהְלִיךְ; װָארִין אֵייעֶר שָׂכָר
אִיז גְרוֹיס אִים הִימֶעל; װָארִין אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא פֶערְפָאלְגְט דִיא נְבִיאִים װָאס
זֶענֶען פָאר אֵייךְ גֶעװֶען.

13 אִיהְר זֶענְט דָאס זַאלְץ פוּן דֶער עֶרְד; אָבֶּער װֶען דָאס זַאלְץ פֶערְלִירְט
דֶעם טַעַם, מִיט װָאס זָאל עֶס גֶעזַאלְצֶען װֶערֶען? עֶס טוֹיגְט גָאר נִיט מֶעהְר
נוּר אַרוֹיסְגֶעװָארְפֶען אוּן צוּטְרֶעטֶען פוּן מֶענְשֶׁען צוּ װֶערֶען. 14 אִיהְר זֶענְט
דָאס לִיכְט פוּן דֶער װֶעלְט. אַ שְׁטָאדְט װָאס לִיגְט אוֹיף אַ בַּארג קֶען נִיט
פֶערְבָּארְגֶען זֵיין. 15 מֶען צִינְדֶעט אוֹיךְ נִיט אָן אַ לִיכְט, אוּן זֶעצְט עֶס אוּנְטֶער
אַ מֶעסְטֶעל, נֵייעֶרְט אוֹיף אַ לֵייכְטֶער; אוּן עֶס לֵייכְט צוּ אַלֶע דִיא װָאס זֶע־
נֶען אִים הוֹיז. 16 אַזוֹי לָאזְט אֵייעֶר לִיכְט לֵייכְטֶען פָאר מֶענְשֶׁען, אַז זֵייא
זָאלֶען זֶעהֶען אֵייעֶרֶע גוּטֶע װֶערְק, אוּן זָאלֶען לוֹיבֶּען אֵייעֶרֶעם פָאטֶער דֶער
אִיז אִים הִימֶעל.

17 מֵיינְט נִיט אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען דִיא תּוֹרָה אָדֶער דִיא נְבִיאִים צוּ צוּשְׁטֶער־
רֶען; אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען צוּ צוּשְׁטֶערֶען, נֵייעֶרְט צוּ דֶערְפִילֶען. 18 דֶען
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, בִּיז דֶער הִימֶעל אוּן דִיא עֶרְד װֶעלֶען פֶערְגֶעהֶען, װֶעט נִיט
אֵיין יוּד, אָדֶער אֵיין קְלֵיינֶער פּוּנְקְט פֶערְגֶעהֶען פוּן דֶער תּוֹרָה, בִּיז אַלֶעס
װֶעט גֶעשֶׁעהֶען. 19 דְרוּם װֶער עֶס װֶעט צוּשְׁטֶערֶען אֵיינֶע פוּן דִיזֶע
קְלֵיינְסְטֶע מִצְוֹת אוּן װֶעט מֶענְשֶׁען אַזוֹי לֶעהְרֶען, דֶער װֶעט הֵייסֶען דֶער
קְלֵיינְסְטֶער אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם: אָבֶּער װֶער עֶס װֶעט זֵייא טְהוּן אוּן לֶעה־
רֶען, דֶער װֶעט גְרוֹיס הֵייסֶען אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. 20 װָארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ,
אַז װֶען אֵייעֶר צְדָקוֹת װֶעט נִיט בֶּעסֶער זֵיין װִיא דִיא צְדָקוֹת פוּן דִיא
סוֹפְרִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים, אַזוֹי װֶעט אִיהְר גֶעװִיס נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִים מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם.

21 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען צוּ דִיא אִין אַלְטֶע
צֵייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט הַרְגֶענֶען. אוּן װֶער עֶס װֶעט הַרְגֶענֶען װֶעט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּם
מִשְׁפָּט: 22 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז יֶעדֶער װָאס װֶעט זִיךְ אוּמְזוּסְט דֶערְ־
צֶערְנֶען אוֹיף זֵיין בְּרוּדֶער װֶעט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּם מִשְׁפָּט; אוּן װֶער עֶס װֶעט
זֵיין בְּרוּדֶער רוּפֶען רֵיקָא, װֶעט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּ דֶעם סַנְהֶדְרִין; אוּן װֶער עֶס
װֶעט זָאגֶען דוּא נַאר, דֶער װֶעט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּם פֵייעֶר פוּן גֵיהִנָם. 23 דְרוּם
װֶען דוּא װִילְסְט מַקְרִיב זֵיין דֵיין קָרְבָּן אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּן דוּא װֶעסְט דִיךְ
דָארְט דֶערְמָאהְנֶען אַז דֵיין בְּרוּדֶער הָאט עֶפֶּעס קֶעגֶען דִיר, 24 אַזוֹי לָאז דָארְט
אִיבֶּער דֵיין קָרְבָּן פָאר דֶעם מִזְבֵּחַ אוּן גֶעה אוּן אִיבֶּערְבֶּעט דִיךְ צוּעֶרְשְׁט מִיט
דֵיין בְּרוּדֶער, אוּן דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא קוּמֶען אוּן מַקְרִיב זֵיין דֵיין קָרְבָּן.
25 מַאךְ בַּאלְד שָׁלוֹם מִיט דֵיין קְרִיגֶער, װֵייל דוּא בִּיסְט נָאךְ מִיט אִיהְם אוֹיף
דֶעם װֶעג: כְּדֵי דֶער קְרִיגֶער זָאל דִיךְ נִיט אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען צוּם שׁוֹפֵט, אוּן
דֶער שׁוֹפֵט װֶעט דִיךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען צוּם שׁוֹטֵר, אוּן דוּא װֶעסְט אִין דֶעם

גֶעפֶּענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען. 26 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, דוּא וֶועסְט פוּן
דָארְטֶען נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען בִּיז דוּא וֶועסְט בֶּעצָאהְלֶען דִיא לֶעצְטֶע פְּרוּטָה.
27 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּא זָאלְסְט נִיט מְנַאֵף
זַיין: 28 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז וֶוער עֶס קוּקְט אוֹיף אַ פְרוֹיא נָאךְ אִיהְר
צוּ גְלִיסְטֶען, דֶער הָאט שׁוֹין מִיט אִיהְר מְנַאֵף גֶעוֶועזֶען אִין זַיין הַארְץ. 29 אוּן
וֶוען דֵיין רֶעכְטֶעס אוֹיג שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, רֵייס עֶס אַרוֹיס, אוּן וַוארְף עֶס
אַוֶועק פוּן דִיר; וָוארִין עֶס אִיז גוּט פַאר דִיר אַז אֵיינְס פוּן דֵיינֶע גְלִידֶער
זָאל פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אוּן דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ זָאל נִיט אִין גֵיהִנָם אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען וֶוערֶען. 30 אוּן וֶוען דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, הַאק זִיא
אָפּ, אוּן וַוארְף זִיא אַוֶועק פוּן דִיר, וָוארִין עֶס אִיז גוּט פַאר דִיר אַז אֵיינְס פוּן
דֵיינֶע גְלִידֶער זָאל פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אוּן דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ זָאל נִיט אִין
גֵיהִנָם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען. 31 עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעזָאגְט גֶעוָוארְעֶן, אַז וֶוער
עֶס וִויל זִיךְ פוּן זַיין וַוייבּ שֵׁיידֶען, זָאל אִיהְר גֶעבֶּען אַ גֵט: 32 אָבֶּער אִיךְ
זָאג אֵייךְ, אַז וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ פוּן זַיין וַוייבּ שֵׁיידֶען, חוּץ פוּן וֶועגֶען זְנוּת,
מַאכְט עֶר זִיא פַאר אַ זוֹנָה, אוּן וֶוער עֶס נֶעמְט אַ גְרוּשָׁה, דֶער אִיז אַ
נוֹאֵף.
33 ווִידֶער הָאט אִיהְר גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ דִיא אִין
אַלְטֶע צֵייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ שְׁוֶוערֶען, אָבֶּער זָאלְסְט צוּם הַאר'ן
דֵיינֶע שְׁבוּעוֹת הַאלְטֶען: 34 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט גָאר נִיט שְׁוֶוע־
רֶען; נִיט בֵּיים הִימֶעל, וָוארִין עֶר אִיז דֶער שְׁטוּהְל פוּן גָאט: 35 אוּן
נִיט בֵּייא דֶער עֶרְד, וָוארִין זִיא אִיז זַיינֶע פוּסְבַּאנְק; אוּן נִיט בֵּייא יְרוּשָׁלַיִם,
וָוארִין עֶס אִיז דִיא שְׁטָאדְט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען מֶלֶךְ. 36 אוֹיךְ זָאלְסְט דוּא נִיט
שְׁוֶוערֶען בֵּייא דֵיינֶעם קָאפּ, וָוארִין דוּא קֶענְסְט נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶעס הָאר וַוייס
אָדֶער שְׁוַוארְץ מַאכֶען. 37 לָאז אָבֶּער אֵייעֶר וָוארְט זַיין יָא יָא, נֵיין נֵיין, אָבֶּער
וָואס אִיז מֶעהְר וִויא דִיזֶע אִיז פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען.
38 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארְעֶן, אֵיין אוֹיג פַאר אֵיין
אוֹיג אוּן אַ צָאהְן פַאר אַ צָאהְן: 39 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט נִיט
ווִידֶערְשְׁטֶעהֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען; נֵייעֶרְט וֶוען אֵיינֶער וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען אוֹיף
דִיא רֶעכְטֶע בַּאק, אַזוֹי שְׁטֶעל אִיהְם אוֹיךְ דִיא אַנְדֶערֶע אוֹיף. 40 אוּן וֶוען
אֵיינֶער ווִיל זִיךְ מִיט דִיר קְרִיגֶען בֵּיים גֶערִיכְט דֵיין קְלֵייד אַוֶועקְצוּנֶעמֶען,
אַזוֹי לָאז אִיהְם אוֹיךְ אִיבֶּער דֵיין מַאנְטֶעל. 41 אוּן וֶוען אֵיינֶער וֶועט דִיךְ
גֶענֶעטִיגֶען דוּא זָאלְסְט מִיט אִיהְם גֶעהֶען אֵיינֶע מֵייל, אַזוֹי גֶעה מִיט אִיהְם צְוֵוייא.
42 גִיבּ צוּ דֶעם וָואס בֶּעט פוּן דִיר, אוּן פוּן דֶעם וָואס ווִיל פוּן דִיר לֵייהֶען
זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַוֶועקְקֶעהְרֶען.
43 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, דוּא זָאלְסְט דֵיין חַבֵר
לִיבֶּען אוּן דֵיין פֵיינְד הַאסֶען; 44 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, לִיבְּט אֵייעֶרֶע פֵיינְד,
אוּן בֶּעט פַאר דִיא וָואס פֶערְפָאלְגֶען אֵייךְ: 45 אַז אִיהְר זָאלְט זַיין זִיהְן
פוּן אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל; וָוארִין עֶר לָאזְט זַיינֶע זוּן שֵׁיינֶען אוֹיף דִיא

שְׁלֶעכְטֶע אוּן אוֹיף דִיא גוּטֶע, אוּן עֶר לָאזְט רֶעגְנֶען אִיבֶּער דִיא גֶערֶעכְטֶע אוּן
אוּנְגֶערֶעכְטֶע. 46 וָוארִין וֶוען אִיהְר וֶועט נוּר לִיבֶּען דִיא וָואס לִיבֶּען אֵייךְ,
וָואס פַאר אַ שְׂכַר הָאט אִיהְר? טְהוּן נִיט דִיא שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער אוֹיךְ אַזוֹי?
47 אוּן וֶוען אִיהְר גְרִיסְט נוּר אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, וָואס טְהוּט אִיהְר מֶעהְר וִויא
זֵייא? טְהוּן נִיט דִיא גוֹיִם אוֹיךְ אַזוֹי? 48 דְרוּם זָאלְט אִיהְר זַיין פָאלְקָאמֶען,
אַזוֹי וִויא אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער אִיז פָאלְקָאמֶען.
ו 1 הִיט אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט אֵייעֶרֶע צְדָקָה גֶעבֶּען פָאר מֶענְשֶׁען, כְּדֵי
אִיהְר זָאלְט פוּן זֵייא גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען, וֶוען נִיט הָאט אִיהְר קֵיין שְׂכַר פוּן
אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל. 2 דְרוּם וֶוען דוּא גִיבְּסְט צְדָקָה, זָאלְסְט דוּא נִיט
פָאר דִיר מִיט אַ שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, אַזוֹי וִויא דִיא הֵייכְלֶער טְהוּן אִין דִיא שׁוּלֶען
אוּן אִין דִיא גַאסֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פוּן מֶענְשֶׁען גֶעלוֹיבְּט וֶוערֶען. בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר שְׂכַר אַוַדַאי בֶּעקוּמֶען. 3 אָבֶּער וֶוען דוּא
גִיבְּסְט צְדָקָה, לָאז נִיט דֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד וִויסֶען וָואס דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
טְהוּט: 4 אַז דֵיינֶע צְדָקָה זָאל זַיין פֶערְבָּארְגֶען; אוּן דֵיין פָאטֶער דֶער זֶעהְט אִים
פֶערְבָּארְגֶענֶען וֶועט דִיר בֶּעצָאהְלֶען.
5 אוּן וֶוען אִיהְר בֶּעטֶעט, זַייט נִיט וִויא דִיא הֵייכְלֶער; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען לִיבּ
צוּ בֶּעטֶען וֶוען זֵייא שְׁטֶעהֶען אִין דִיא שׁוּלֶען אוּן אוֹיף דִיא עֶקֶען פוּן דִיא
גַאסֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פוּן מֶענְשֶׁען גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען. בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר שְׂכַר אַוַדַאי בֶּעקוּמֶען. 6 אָבֶּער וֶוען דוּא בֶּעטֶעסְט, גֶעה
אִין דֵיינֶע שְׁטוּבּ אַרַיין, אוּן שְׁלִיס צוּ דִיא טְהִיר, אוּן בֶּעט צוּ דֵיין פָאטֶער דֶער
אִיז אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען, אוּן דֵיין פָאטֶער דֶער זֶעהְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען וֶועט
דִיר בֶּעצָאהְלֶען. 7 אוּן וֶוען אִיהְר בֶּעטֶעט פְּלוֹידֶערְט נִיט, אַזוֹי וִויא דִיא גוֹיִם
טְהוּן; וָוארִין זֵייא מֵיינֶען זֵייא וֶועלֶען דֶערְהֶערְט וֶוערֶען דוּרְךְ פִיל רֶעדֶען.
8 דְרוּם זַייט נִיט גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זֵייא; וָוארִין אֵייעֶר פָאטֶער וֵוייסְט וָואס אִיהְר
בֶּעדַארְפְט, נָאךְ אֵיידֶער אִיהְר אִיהְם דְרוּם בֶּעטֶעט. 9 דְרוּם זָאלְט אִיהְר אַזוֹי
בֶּעטֶען,

אוּנְזֶער פָאטֶער דֶער דוּא בִּיסְט אִים הִימֶעל,
גֶעהֵיילִיגְט זָאל וֶוערֶען דֵיין נָאמֶען.
10 דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ זָאל קוּמֶען.
דֵיין ווִילֶען זָאל גֶעטְהוּן וֶוערֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד אַזוֹי וִויא אִים הִימֶעל.
11 גִיבּ אוּנְז הֵיינְט אוּנְזֶער טֶעגְלִיכֶעס בְּרוֹיט.
12 אוּן פֶערְגִיבּ אוּנְז אוּנְזֶערֶע שׁוּלְדֶען, אַזוֹי וִויא מִיר פֶערְגֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע
שׁוּלְדִיגֶער.
13 אוּן פִיהְר אוּנְז נִיט אִין פְּרִיפוּנְג, נֵייעֶרְט בֶּעהִיט אוּנְז פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען.
וָוארִין דֵיין אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ, אוּן דִיא מַאכְט, אוּן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט, אוֹיף עֶבִּיג.
אָמֵן.

14 וָוארִין וֶוען אִיהְר וֶועט מֶענְשֶׁען זֵייעֶרֶע פֶעהְלֶער פֶערְגֶעבֶּען, אַזוֹי וֶועט אֵייךְ
אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער אוֹיךְ פֶערְגֶעבֶּען: 15 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט מֶענְשֶׁען
זֵייעֶרֶע פֶעהְלֶער נִיט פֶערְגֶעבֶּען, אַזוֹי וֶועט אֵייעֶר פָאטֶער אֵייעֶרֶע פֶעהְלֶער
אוֹיךְ נִיט פֶערְגֶעבֶּען.

16 אוּן וֶוען אִיהְר פַאסְט, זֵייט נִיט וִויא דִיא הֵייכְלֶער בֶּעטְרִיבְּט. וָוארִין זֵייא
מַאכֶען אַ טְרוֹירִיג פָּנִים, אַז דִיא לֵייט זָאלֶען זֶעהֶען אַז זֵייא פַאסְטֶען.
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר שָׂכָר אַוַדַאי בֶּעקוּמֶען. 17 אָבֶּער וֶוען
דוּא פַאסְט, אַזוֹי זַאלְבּ דֵיין קָאפּ אוּן וַואשׁ דֵיין פָּנִים: 18 אַז דוּא זָאלְסְט נִיט
אוֹיסְזֶעהֶען פָאר מֶענְשֶׁען אַז דוּא פַאסְט, נֵייעֶרְט פָאר דֵיין פָאטֶער דֶער אִיז
אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען; אוּן דֵיין פָאטֶער דֶער זֶעהְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען וֶועט דִיר
בֶּעצָאהְלֶען.

19 זַאמֶעלְט אֵייךְ נִיט קֵיין אוֹצְרוֹת אוֹיף דֶער עֶרְד, וְואוּ דִיא מִילְבּ אוּן רָאסְט
פֶערְדַארְבֶּען, אוּן וְואוּ גַנָבִים אֵיינְבְּרֶעכֶען אוּן גַנְבֶענֶען: 20 אָבֶּער זַאמֶעלְט אֵייךְ
אוֹצְרוֹת אִים הִימֶעל, וְואוּ דִיא מִילְבּ אוּן רָאסְט פֶערְדַארְבֶּען נִיט, אוּן וְואוּ
גַנָבִים בְּרֶעכֶען נִיט אֵיין אוּן גַנְבֶענֶען נִיט: 21 וָוארִין וְואוּ אֵייעֶר אוֹצָר אִיז,
דָארְט וֶועט אֵייעֶר הַארְץ אוֹיךְ זֵיין. 22 דָאס אוֹיג אִיז דָאס לִיכְט פוּן דֶעם
לֵייבּ, דְרוּם וֶוען דֵיין אוֹיג אִיז אֵיינְפַאךְ, אַזוֹי וֶועט דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ לִיכְטִיג
זֵיין. 23 אָבֶּער וֶוען דֵיין אוֹיג אִיז בֵּייז, אַזוֹי וֶועט דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ זֵיין פִינְסְ־
טֶער. דְרוּם וֶוען דָאס לִיכְט וָואס אִיז אִין דִיר אִיז פִינְסְטֶערְנִיס, וִויא גְרוֹיס
אִיז דִיא פִינְסְטֶערְנִיס! 24 קֵיינֶער קֶען צְווייא הַארֶען דִינֶען; וָוארִין עֶנְטְוֶועדֶער
עֶר וֶועט אֵיינֶעם הַאסֶען אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבּ הָאבֶּען, אָדֶער עֶר וֶועט זִיךְ
הַאלְטֶען בֵּייא אֵיינֶעם אוּן וֶועט דֶעם אַנְדֶערְען פֶערְאַכְטֶען. אִיהְר קֶענְט נִיט
דִינֶען גָאט אוּן מָמוֹן: 25 דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, זָארְגְט נִיט פַאר אֵייעֶר לֶעבֶּען,
וָואס אִיהְר זָאלְט עֶסֶען אוּן וָואס אִיהְר זָאלְט טְרִינְקֶען; אוֹיךְ נִיט פַאר אֵייעֶר
לֵייבּ וָואס אִיהְר זָאלְט אָנְטְהוּן. אִיז נִיט דָאס לֶעבֶּען מֶעהְר וִויא דָאס עֶסֶען,
אוּן דֶער לֵייבּ וִויא דָאס מַלְבּוּשׁ? 26 קוּקְט אָן דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל,
וָוארִין זֵייא זֵייעֶן נִיט אוּן שְׁנֵיידֶען נִיט, אוּן זַאמְלֶען נִיט אִין שְׁפֵּייכְלֶער; אוּן
אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער שְׁפֵּייזְט זֵייא. זֵייט אִיהְר נִיט פִיל בֶּעסֶער וִויא זֵייא?
27 אוּן וֶוער אִיז דָא צְווִישֶׁען אֵייךְ וָואס קֶען דוּרְךְ זֵיין זָארְגֶען אֵיין אֵייל צוּ
זֵיינֶע לֶענְג צוּזֶעצֶען? 28 אוּן וָוארוּם זָארְגְט אִיהְר פַאר קְלֵיידוּנְג? קוּקְט אָן
דִיא רוֹיזֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד וִויא זֵייא וַואקְסֶען; זֵייא אַרְבֵּייטֶען נִיט אוּן שְׁפִּי־
נֶען נִיט; 29 אוּן אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז אוֹיךְ שְׁלֹמֹה אִין זֵיינֶע גַאנְצֶע הֶערְלִיכְקֵייט
אִיז נִיט גֶעקְלֵייד גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא אֵיינְס פוּן דִיזֶע. 30 אוּן וֶוען גָאט בֶּע־
דֶעקְט אַזוֹי דָאס גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד, וָואס הֵיינְט אִיז דָא אוּן מָארְגֶען וֶוערְד
עֶס אִים פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, וֶועט עֶר נִיט פִיל מֶעהְר אֵייךְ קְלֵיידֶען, אִיהְר
קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע? 31 דְרוּם זָאלְט אִיהְר נִיט זָארְגֶען אוּן זָאגֶען, וָואס וֶועלֶען מִיר
עֶסֶען? אָדֶער וָואס וֶועלֶען מִיר טְרִינְקֶען? אָדֶער מִיט וָואס וֶועלֶען מִיר זִיךְ
קְלֵיידֶען? 32 וָוארִין דִיא גוֹיִם זוּכֶען דָאס אַלֶעס. וָוארִין אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער

וֵוייסְט אַז אִיהְר בֶּעדַארְפְט דָאס אַלֶעס. 33 אָבֶּער זוּכְט צוּעֶרְשְׁט זֵיינֶע
קֶענִיגְרֵייךְ אוּן זֵיין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן דָאס אַלֶעס וֶועט אֵייךְ צוּגֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען. 34 דְרוּם זָאלְט אִיהְר נִיט זָארְגֶען פַאר דֶעם מָארְגֶעדִיגֶען טָאג; וְוארִין
דֶער מָארְגֶענְדִיגֶע טָאג וֶועט פַאר דָאס זֵיינִיגֶע זָארְגֶען. עֶס אִיז גֶענוּג פַאר
דֶעם טָאג זֵיין אִיבֶּעל.

ז 1 רִיכְטֶעט נִיט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען. 2 וָוארִין מִיט
דֶעם גֶערִיכְט וָואס אִיהְר רִיכְטֶעט, וֶועט אִיהְר גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען; אוּן מִיט
דֶעם מָאס וָואס אִיהְר מֶעסְט, וֶועט אֵייךְ גֶעמָאסְטֶען וֶוערֶען. 3 אוּן פַארְוָואס
זֶעהְסְט דוּא דֶעם שְׁפָּאן וָואס אִיז אִין דֵיין בְּרוּדֶערְס אוֹיג. אוּן בֶּעטְרַאכְטְסְט נִיט
דֶעם בַּאלְקֶען וָואס אִיז אִין דֵיין אוֹיג? 4 אָדֶער וִויא דַארְפְסְט דוּא זָאגֶען צוּ
דֵיין בְּרוּדֶער, לָאז מִיךְ אַרוֹיסְנֶעמֶען דֶעם שְׁפָּאן פוּן דֵיין אוֹיג, דֶערְוֵוייל דָא
אִיז אַ בַּאלְקֶען אִין דֵיין אֵייגֶענֶען אוֹיג? 5 הֵייכְלֶער, נֶעם צוּעֶרְשְׁט אַרוֹיס דֶעם
בַּאלְקֶען פוּן דֵיין אוֹיג; אוּן דַאן וֶועסְט דוּא קְלָאר זֶעהֶען דֶעם שְׁפָּאן אַרוֹיס
צוּ נֶעמֶען פוּן דֵיין בְּרוּדֶערְס אוֹיג.

6 גִיבְּט נִיט דָאס הֵיילִיגֶע צוּ הִינְד, אוּן וַוארְפְט נִיט דִיא פֶּערְלֶען פָאר דִיא
חֲזֵירִים, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען זֵייא מִיט זֵייעֶרֶע פִיס צוּטְרֶעטֶען, אוּן וֶועלֶען זִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען אוּן אֵייךְ צוּרֵייסֶען.

7 בֶּעט אוּן עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען; זוּכְט אוּן אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען;
קְלַאפְּט אָן, אוּן עֶס וֶועט אֵייךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען: 8 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס בֶּע־
טֶעט בֶּעקוּמְט; אוּן דֶער וָואס זוּכְט גֶעפִינְט; אוּן צוּ דֶעם וָואס קְלַאפְּט אָן וֶועט
עֶס אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען. 9 אָדֶער וֶועלְכֶער מֶענְשׁ אִיז דָא צְוִוישֶׁען אֵייךְ, דֶעם
זֵיין זוּהְן וֶועט בֶּעטֶען בְּרוֹיט, וֶועט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אַ שְׁטֵיין? 10 אָדֶער וֶוען עֶר
וֶועט אִיהְם בֶּעטֶען אַ פִישׁ, וֶועט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אַ שְׁלַאנְג? 11 וֶוען אִיהְר דֶען
וָואס זֶענְט שְׁלֶעכְט, וֵוייסְט וִויא גוּטֶע מַתָּנוֹת צוּ גֶעבֶּען צוּ אֵייעֶרֶע קִינְדֶער,
וִויא פִיל מֶעהְר וֶועט אֵייעֶר פָאטֶער דֶער אִיז אִים הִימֶעל גוּטֶעס גֶעבֶּען צוּ
דִיא וָואס בֶּעטֶען פוּן אִיהְם? 12 דְרוּם אַלֶעס וָואס אִיהְר וִוילְט אַז דִיא מֶענְ־
שֶׁען זָאלֶען צוּ אֵייךְ טְהוּן, טְהוּט אִיהְר אוֹיךְ אַזוֹי צוּ זֵייא; וָוארִין דָאס אִיז
דִיא תּוֹרָה אוּן דִיא נְבִיאִים.

13 גֶעהְט אַרֵיין דוּרְךְ דִיא עֶנְגֶע טְהִיר. וָוארִין דִיא טְהִיר אִיז בְּרֵייט, אוּן דֶער
וֶועג אִיז גְרוֹיס וָואס פִיהְרְט צוּם פֶערְדָארְבֶּען, אוּן פִילֶע זֶענֶען דִיא וָואס גֶעהֶען
דַאדוּרְךְ. 14 וֵוייל דִיא טְהִיר אִיז עֶנְג אוּן דֶער וֶועג אִיז שְׁמָאל וָואס פִיהְרְט
צוּם לֶעבֶּען, אוּן וֶוענִיג זֶענֶען דִיא וָואס גֶעפִינֶען אִיהְם.

15 הִיט אֵייךְ פַאר דִיא פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, וָואס קוּמֶען צוּ אֵייךְ אִין קְלֵיידֶער פוּן
שָׁאף, אוּן אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען זֵייא רֵייסֶענְדֶע וֶועלְף. 16 בֵּייא זֵייעֶרֶע פְרוּכְט זָאלְט
אִיהְר זֵייא דֶערְקֶענֶען. קְלוֹיבְּט מֶען דֶען וֵויינְטְרוֹיבֶּען פוּן דֶערְנֶער, אָדֶער פֵיי־
גֶען פוּן דִיסְטְלֶען? 17 אַזוֹי יֶעדֶער גוּטֶער בּוֹים טְרָאגְט גוּטֶע פְרוּכְט, אָבֶּער אַ
פוֹילֶער בּוֹים טְרָאגְט שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט. 18 אַ גוּטֶער בּוֹים קָאן נִיט טְרָאגֶען
קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט, אוּן אַ פוֹילֶער בּוֹים קָאן נִיט טְרָאגֶען קֵיינֶע גוּטֶע

פְּרוּכְט. 19 אִיטְלִיכֶער בּוֹים וָואס טְרָאגְט נִיט קֵיינֶע גוּטֶע פְּרוּכְט וֶועט אָפְּגֶעהַאקְט
אוּן אִים פַייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶן. 20 דְרוּם זָאלְט אִיהְר זֵייא דֶערְקֶענֶען בֵּייא זֵייעֶרֶע
פְּרוּכְט. 21 נִיט יֶעדֶער וָואס זָאגְט צוּ מִיר, הַאר, הַאר, וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִים
מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם; נֵייעֶרְט דֶער וָואס טְהוּט דֶעם ווִילֶען פוּן מֵיין פָאטֶער דֶער
אִיז אִים הִימֶעל. 22 עֶס וֶועלֶען פִילֶע צוּ מִיר זָאגֶען אִין יֶענֶעם טָאג, הַאר,
הַאר, הָאבֶּען מִיר נִיט אִין דֵיין נָאמֶען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט, אוּן אִין דֵיין נָאמֶען
שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוּן אִין דֵיין נָאמֶען פִילֶע ווְאוּנְדֶער גֶעטְהוּן? 23 אוּן
דַאן וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא בֶּעקֶענֶען, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעקֶענְט; גֶעהְט
אַוֶועק פוּן מִיר, אִיהְר וָואס טְהוּט אִיבֶּעל:

24 דְרוּם אִיטְלִיכֶער וָואס הֶערְט דִיזֶע מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אוּן טְהוּט זֵייא, דֶער
וֶועט גֶעגְלִיכֶען זֵיין צוּ אַ קְלוּגֶען מַאן, וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט זֵיין הוֹיז אוֹיף דֶעם
פֶעלְזֶען. 25 אוּן דֶער פְּלַאצְרֶעגֶען אִיז גֶעפַאלֶען, אוּן דִיא שְׁטְרוֹימֶע זֶענֶען
גֶעקוּמֶען, אוּן דִיא ווִינְדֶען הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁטוֹיסֶען אוֹיף דֶעם
הוֹיז אוּן עֶס אִיז נִיט אֵיינְגֶעפַאלֶען; וָוארִין עֶס אִיז אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען גֶעגְרִינְ־
דֶעט גֶעוֶוען. 26 אוּן אִיטְלִיכֶער וָואס הֶערְט דִיזֶע מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אוּן טְהוּט
זֵייא נִיט, דֶער וֶועט גֶעגְלִיכֶען זֵיין צוּ אַ נַארִישֶׁען מַאן, וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט
זֵיין הוֹיז אוֹיף דֶעם זַאמְד: 27 אוּן דֶער פְּלַאצְרֶעגֶען אִיז גֶעפַאלֶען, אוּן דִיא
שְׁטְרוֹימֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּן דִיא ווִינְדֶען הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען
אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אָן דִיזֶען הוֹיז אוּן עֶס אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען; אוּן דֶער פַאל דֶערְפוּן
אִיז גְרוֹיס גֶעוֶוען.

28 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעעֶנְדִיגְט, זֶענֶען דִיא לֵייט עֶרְשְׁטוֹינְט
גֶעוָוארֶען אִיבֶּער זֵיינֶע לֶעהְרֶע: 29 וָוארִין עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט ווִיא אֵיינֶער
וָואס הָאט מַאכְט, אוּן נִיט אַזוֹי ווִיא דִיא סוֹפְרִים.

ח 1 אוּן וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם בַּארְג אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי זֶענֶען אִיהְם פִּיל
לֵייט נָאכְגֶעגַאנְגֶען. 2 אוּן זֶעה, אַ קְרֶעצִיגֶער אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאט
זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוען דוּא ווִילְסְט, קֶענְסְט דוּא מִיךְ
רֵיינִיגֶען. 3 אוּן עֶר הָאט זֵיינֶע הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּן הָאט אִיהְם אָנְגֶע־
רִיהְרְט, אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל; זֵייא גֶערֵיינִיגְט. אוּן גְלֵייךְ אִיז עֶר פוּן זֵיינֶע
קְרֶעץ גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען. 4 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט
עֶס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען; נֵייעֶרְט גֶעה אוּן ווֵייז דִיךְ פָאר דֶעם כֹּהֵן, אוּן זֵייא
מַקְרִיב דָאס קָרְבָּן וָואס משֶׁה הָאט בֶּעפוֹילֶען, פַאר אַ צֵייגְנִיס צוּ זֵייא.

5 אוּן וֶוען עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר נָחוּם, אַזוֹי אִיז אַ הוֹיפְּטְמַאן צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, 6 אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, מֵיין דִינֶער לִיגְט
אִין דֶעם הוֹיז גִיכְטְבְּרִיכִיג, אוּן אִיז זֶעהְר גֶעפֵּיינִיגְט. 7 אוּן עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל קוּמֶען אוּן אִיהְם הֵיילֶען. 8 אוּן דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אַז דוּא זָאלְסְט אוּנְטֶער
מֵיין דַאךְ קוּמֶען; אָבֶּער זָאג נוּר אַ וָוארְט אַזוֹי וֶועט מֵיין דִינֶער גֶעהֵיילְט
וֶוערְען. 9 וָוארִין אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ מַאן אוּנְטֶער הֶערְשַׁאפְט, אוּן הָאבּ חַיִל

אוּנְטֶער מִיר; אוּן אִיךְ זָאג צוּ אֵיינֶעם גֶעה אַהִין, אַזוֹי גֶעהְט עֶר; אוּן צוּ אֵיין
אַנְדֶערֶען, קוּם אַהֶער, אַזוֹי קוּמְט עֶר; אוּן צוּ מֵיין קְנֶעכְט, טְהוּא דָאס, אַזוֹי
טְהוּט עֶר עֶס. 10 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוְואוּנְ־
דֶערְט אוּן גֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ אַזֶעלְכֶען גְלוֹיבֶּען הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפִינֶען אַפִילוּ אִין יִשְׂרָאֵל. 11 אוּן אִיךְ
זָאג אֵייךְ, אַז פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען פוּן מִזְרַח אוּן פוּן מַעֲרָב, אוּן וֶועלֶען זִיצֶען
מִיט אַבְרָהָם אוּן יִצְחָק אוּן יַעֲקֹב אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם: 12 אוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען וֶוערְען אִין דִיא אוֹיסֶערֶע פִינְסְטֶערְ־
נִיס; דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּן צֵיינְקְרִיצֶען: 13 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּם
הוֹיפְּטְמַאן, גֶעה אַוֶועק, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶעגְלוֹיבְּט זָאל דִיר גֶעשֶׁעהֶען.
אוּן דֶער דִינֶער אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אִין יֶענֶער שָׁעָה.

14 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן פֶּעטְרוּס, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען
אַז זֵיינֶע שְׁווִיגֶער לִיגְט קְרַאנְק פוּן פִיבֶּער. 15 אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְרֶע הַאנְד
אָנְגֶערִיהְרְט, אוּן דָאס פִיבֶּער הָאט זִיא פֶערְלָאזְט, אוּן זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּן הָאט זִייא בֶּעדִינְט. 16 אוּן וֶוען עֶס אִיז אָבֶּענְד גֶעוֶוען, הָאט מֶען צוּ אִיהְם
גֶעבְּרַאכְט פִילֶע וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים; אוּן עֶר הָאט דִיא רוּחוֹת אַרוֹיסְגֶע־
טְרִיבֶּען מִיט אַ וָוארְט, אוּן גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקֶע. 17 אַז עֶס זָאל מְקוּיָם
וֶוערְען וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא דֶער זָאגְט, עֶר הָאט
אוּנְזֶערֶע קְרֶענְק אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען, אוּן הָאט אוּנְזֶערֶע וֶועהְטִיג גֶעטְרָאגֶען.

18 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיא לֵייט אַרוּם זִיךְ גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אַוֶועק
גֶעהֶען אוֹיף יֶענֶער זֵייט פוּן דֶעם יַם. 19 אוּן אַ סוֹפֵר אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, אִיךְ וֶועל דִיר נָאכְפָאלְגֶען וְואוּ אַהִין דוּא וֶועסְט
גֶעהֶען. 20 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא פוּקְסֶען הָאבֶּען גְרוּבֶּער, אוּן
דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען נֶעסְט; אָבֶּער דֶער בֶּן־אָדָם הָאט נִיט
וְואוּ דֶעם קָאפּ אַנִידֶער צוּ לֶעגֶען. 21 אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, דֶערְלוֹיבּ מִיר צוּעֶרְשְׁט צוּ גֶעהֶען אוּן מֵיין פָאטֶ־
ער בֶּעגְרָאבֶּען. 22 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ, אוּן
לָאזֶען דִיא טוֹיטֶע זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע טוֹיטֶע בֶּעגְרָאבֶּען.

23 אוּן וֶוען עֶר אִיז אִים שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען אִיהְם זֵיינֶע תַּלְמִידִים
נָאכְגֶעפָאלְגְט. 24 אוּן זֶעה, אַ גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְם אִיז גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם יַם, בִּיז
דָאס שִׁיף אִיז בֶּעדֶעקְט גֶעוֶוען מִיט דִיא וֶועלֶען; אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁלָאפֶען.
25 אוּן זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּן גֶע־
זָאגְט, הַאר, הֶעלְף אוּנְז; מִיר וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען. 26 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וָוארוּם פָארְכְט אִיהְר אֵייךְ, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע? דַאן אִיז עֶר אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט דֶעם וִוינְד אוּן דֶעם יַם אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוּן עֶס אִיז גַאנְץ
שְׁטִיל גֶעוָוארֶען. 27 אוּן דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּן גֶעזָאגְט,
וָואס פַאר אַ מַאן אִיז עֶר, אַז דֶער וִוינְד אוּן דֶער יַם גֶעהָארְכֶען אִיהְם?
28 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם יַם צוּם לַאנְד פוּן דִיא

גַדְרִים, אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגֶעגֶענְט צְוֵייא בֶּעזֶעסֶענֶע פוּן שֵׁדִים, וָואס זֶענֶען
גֶעקוּמֶען פוּן צְווִישֶׁען דִיא קְבָרִים, אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעוֶוען זֶעהְר פִירְכְטֶערְלִיךְ,
אַז קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט בֵּייא דִיזֶעם וֶועג פַארְבֵּייא גֶעהֶען. 29 אוּן זֶעה,
זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, וָואס הָאבֶּען מִיר מִיט דִיר צוּ טְהוּן דוּא
זוּהְן פוּן גָאט? בִּיסְט דוּא אַהֶער גֶעקוּמֶען אוּנְז צוּ פְּלָאגֶען פָאר דֶער צֵייט?
30 אוּן עֶס אִיז וַוייט פוּן זֵייא גֶעוֶוען אַ סְטַאדֶע פוּן פִילֶע חֲזֵירִים פַאסֶען. 31 אוּן
דִיא שֵׁדִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אוּן גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא ווִילְסְט אוּנְז אַרוֹיסְ־
טְרֵייבֶּען, אַזוֹי שִׁיק אוּנְז אַוֶועק אִין דֶער סְטַאדֶע פוּן חֲזֵירִים. 32 אוּן עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אַהִין. אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אִין דִיא חֲזֵירִים; אוּן זֶעה, דִיא גַאנְצֶע סְטַאדֶע הָאט זִיךְ
אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען פוּן אַ הוֹיכֶען אָרְט אִים יַם אַרֵיין, אוּן אִיז אוּמְגֶעקוּמֶען
אִים וַואסֶער. 33 אוּן דִיא פַּאסְטוּכֶער זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען, אוּן זֶענֶען
אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אַלֶעס דֶערְצֶעהְלְט, אוּן אוֹיךְ ווִיא
עֶס אִיז דֶערְגַאנְגֶען מִיט דִיא בֶּעזֶעסֶענֶע פוּן שֵׁדִים. 34 אוּן זֶעה, דִיא גַאנְצֶע
שְׁטָאדְט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען יֵשׁוּעַ עֶנְטְגֶעגֶען צוּ גֶעהֶען; אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן זֵייעֶרֶע
גְרֶענְצֶען.

ט 1 אוּן עֶר אִיז אִים שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז אַרִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען, אוּן אִיז
גֶעקוּמֶען אִין זֵיינֶע שְׁטָאדְט אַרֵיין. 2 אוּן זֶעה, מֶען הָאט צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
אֵיינֶעם וָואס אִיז גֶעוֶוען אַ גִיכְטְבְּרִיכִיגֶער, אוּן עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אַ בֶּעט;
אוּן ווִיא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם גִיכְטְבְּרִי־
כִיגֶען, זֵייא גֶעטְרֵייסְט, קִינְד, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען פֶערְגֶעבֶּען. 3 אוּן זֶעה, עֶטְלִיכֶע
פוּן דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט, דִיזֶער לֶעסְטֶערְט גָאט. 4 אוּן יֵשׁוּעַ
ווִיסֶענְדִיג זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאט אִיהְר שְׁלֶעכְטֶע
גֶעדַאנְקֶען אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער? 5 וָוארִין וֶועלְכֶעס אִיז גְרִינְגֶער, צוּ זָאגֶען,
דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען פֶערְגֶעבֶּען; אָדֶער צוּ זָאגֶען, שְׁטֶעה אוֹיף אוּן גֶעה אַרוּם?
6 אָבֶּער אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז דֶער בֶּן־אָדָם הָאט מַאכְט אוֹיף דֶער עֶרְד
זִינְד צוּ פֶערְגֶעבֶּען, (דַאן זָאגְט עֶר צוּם גִיכְטְבְּרִיכִיגֶען) שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם דֵיין
בֶּעט, אוּן גֶעה אַהֵיים. 7 אוּן עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען.
8 אוּן וֶוען דִיא לֵייט הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּן
הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט, דֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען אַזֶעלְכֶע מַאכְט צוּ מֶענְשֶׁען.

9 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַ
מַאן דֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אִים הוֹיז פוּן שְׁטֵייעֶר, דֶער הֵייסְט מַתַּי, אוּן עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ. אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט
אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט.

10 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אִים הוֹיז בֵּיים עֶסֶען, זֶעה, עֶס זֶענֶען
פִילֶע שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער אוּן זִינְדֶער גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט מִיט
יֵשׁוּעַ אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים. 11 אוּן וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען

זֵייא גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, פַארְוָואס עֶסְט אֵייעֶר לֶעהְרֶער מִיט דִיא שְׁטֵייעֶר־
אֵיינְנֶעמֶער אוּן דִיא זִינְדֶער? 12 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזוּנְד בֶּעדַארְפֶען נִיט קֵיין דָאקְטָאר. נֵייעֶרְט דִיא
וָואס זֶענֶען קְרַאנְק. 13 אָבֶּער גֶעהְט אוּן לֶערְנְט וָואס דָאס בֶּעדֵייט, אִיךְ בֶּעגֶעהְר
גְנָאד אוּן נִיט קָרְבָּנוֹת; וָוארִין אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען דִיא צַדִיקִים צוּ רוּפֶען,
נֵייעֶרְט דִיא זִינְדֶער.

14 דַאן זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס פַאסְטֶען מִיר אוּן דִיא פְּרוּשִׁים, אוּן דֵיינֶע תַּלְמִידִים פַאסְטֶען נִיט?
15 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וִויא קֶענֶען דִיא אוּנְטֶערְפִיהְרֶער טְרוֹיעֶרְן וֶוען
דֶער חָתָן אִיז בֵּייא זֵייא? אָבֶּער דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען וֶוען דֶער חָתָן וֶועט
פוּן זֵייא אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּן דַאן וֶועלֶען זֵייא פַאסְטֶען. 16 אוּן קֵיינֶער
פֶערְרֶעכְט נִיט אֵיין אַלְטֶעס קְלֵייד מִיט אַ שְׁטִיק פוּן נִיט גֶעוַואלְקֶעוֶועטֶען טוּךְ;
וָוארִין דָאס צוּגֶעפְלִיקְטֶע רֵייסְט אָפּ פוּן דֶעם קְלֵייד, אוּן עֶס וֶועט אֵיין עֶרְגֶערֶער רִיס.
17 מֶען גִיסְט אוֹיךְ נִיט קֵיין נֵייעֶן וַויין אִין אַלְטֶע לָאגֶעל אַרֵיין; וָוארִין זָאנְסְט
וֶוערֶען דִיא לָאגֶעל צוּרִיסֶען, אוּן דֶער וַויין וֶוערְד אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוּן דִיא לָאגֶעל
וֶוערֶען פֶערְדָארְבֶּען; נֵייעֶרְט מֶען גִיסְט נֵייעֶן וַויין אִין נֵייעֶ לָאגֶעל אַרֵיין, אוּן
אַזוֹי וֶוערֶען זֵייא בֵּיידֶע גַאנְץ בֶּעהַאלְטֶען.

18 אוּן דֶערְוַוייל עֶר הָאט דִיזֶעס מִיט זֵייא גֶערֶעט, זֶעה, אִיז אֵיין אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט אוּן גֶעזָאגְט, מֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז
אִיצְט גֶעשְׁטָארְבֶּען; אָבֶּער קוּם דוּא אוּן לֶעג דֵיינֶע הַאנְד אוֹיף אִיהְר, אַזוֹי
וֶועט זִיא לֶעבֶּען. 19 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען
אוּן אוֹיךְ זֵיינֶע תַּלְמִידִים. 20 אוּן זֶעה, אַ פְרוֹיא וָואס הָאט צְוֶועלְף יָאהְר דֶעם
בְּלוּטְגַאנְג גֶעהַאט, אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען פוּן הִינְטֶען אוּן הָאט אָנְגֶערִיהְרְט
דֶעם זוֹים פוּן זֵיין קְלֵייד. 21 וָוארִין זִיא הָאט אִין זִיךְ גֶעטְרַאכְט, וֶוען אִיךְ וֶועל
נוּר זֵיין קְלֵייד אָנְרִיהְרֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען. 22 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעזָאגְט, זֵייא גֶעטְרֵייסְט מֵיינֶע טָאכְ־
טֶער. דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט. אוּן דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעזוּנְד
גֶעוָוארֶען פוּן יֶענֶער שָׁעָה. 23 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים הוֹיז
פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא פֵייפֶער אוּן דָאס גֶעטוּמֶעל פוּן
דִיא לֵייט, 24 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, גֶעהְט אַרוֹיס; וָוארִין דָאס מֶערֶעל אִיז נִיט
טוֹיט, נֵייעֶרְט זִיא שְׁלָאפְט. אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעלַאכְט. 25 אוּן וֶוען
דִיא לֵייט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיא
אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד; אוּן דָאס מֶערֶעל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. 26 אוּן דֶער
שֵׁם דֶערְפוּן אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִים גַאנְצֶען לַאנְד.

27 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען אִיהְם צְווֵייא בְּלִינְדֶע
נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז,
זוּהְן פוּן דָוִד. 28 אוּן וֶוען עֶר אִיז אִים הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, זֶענֶען דִיא בְּלִינְדֶע

13 הושע ו׳ ו׳

צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען; אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גְלֵייבְּט אִיהְר אַז אִיךְ קָען
אִים שְׁטַאנְד דָאס צוּ טְהוּן? זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יָא, הַאר. 29 דַאן
הָאט עֶר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אָנְגֶעריהְרְט אוּן גֶעזָאגְט, נָאךְ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אַזוֹי זָאל
אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען. 30 אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען. אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט זֵייא גֶעוָוארְנְט אוּן גֶעזָאגְט, זֶעהְט אַז קֵיינֶער זָאל עֶס נִיט וִויסֶען.
31 אָבֶּער וֶוען זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט
אִים גַאנְצֶען לַאנְד.

32 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ שְׁטוּ־
מֶען מַאן, וָואס אִיז בֶּעזֶעסֶען פוּן אַ שֵׁד. 33 אוּן וֶוען דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיסְגֶע־
טְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, הָאט דֶער שְׁטוּמֶער גֶערֶעט, אוּן דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
וְואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אַזֶעלְכֶעס אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען
אִין יִשְׂרָאֵל. 34 אָבֶּער דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא
שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם הַאר'ן פוּן דִיא שֵׁדִים.

35 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט אוּן דֶערְפֶער, אוּן הָאט גֶע־
לֶעהְרְט אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען, אוּן גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ,
אוּן גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְהֵייט אוּן אַלֶערְלֵייא שְׁמֶערְצֶען. 36 אוּן וֶוען עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען דִיא לֵייט הָאט עֶר אִיבֶּער זֵייא רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, וָוארִין זֵייא זֶענֶען
גֶעוֶוען פֶערְשְׁמַאכְט אוּן פֶערְשְׁפְּרֵייט וִויא שָׁאף וָואס הָאבֶּען קֵיין פַּאסְטוּךְ נִיט.
37 דַאן הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, דֶער קָארְנְשְׁנִיט אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער
דִיא אַרְבֵּייטֶער זֶענֶען וֶוענִיג. 38 דְרוּם בֶּעט צוּם הַאר'ן פוּן דֶעם קָארְנְשְׁנִיט, אַז
עֶר זָאל אַרוֹיסְשִׁיקֶען אַרְבֵּייטֶער צוּ זֵיין קָארְנְשְׁנִיט. י 1 אוּן עֶר הָאט גֶערוּפֶען
זֵיינֶע צְוֶועלְף תַּלְמִידִים אוּן הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער,
אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען, אוּן זָאלֶען הֵיילֶען אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְהֵייט
אוּן אַלֶערְלֵייא שְׁמֶערְצֶען.

2 אוּן דָאס זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא צְוֶועלְף שְׁלוּחִים; דֶער עֶרְשְׁטֶער שִׁמְעוֹן,
דֶער הֵייסְט פֶּעטְרוּס, אוּן זֵיין בְּרוּדֶער אַנְדְרַי; יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַבְדִי, אוּן
זֵיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן; 3 פִּילִיפּוּס, אוּן בַּרְתַּלְמַי; תּוֹמָא אוּן מַתַּי דֶער שְׁטֵייעֶר־
אֵיינְנֶעמֶער; יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן חַלְפַי, אוּן תַּדַי; 4 שִׁמְעוֹן הַקַּנָּאִי, אוּן יְהוּדָה
אִישׁ קְרִיּוֹת, דֶער וָואס הָאט אִיהְם אוֹיךְ פֶערְמַסֶערְט. 5 דִיזֶע צְוֶועלְף הָאט יֵשׁוּעַ
אוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט זֵייא בֶּעפוֹילֶען אוּן גֶעזָאגְט,

גֶעהְט נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דִיא גוֹיִם אוּן קוּמְט נִיט אַרֵיין אִין קֵיינֶע שְׁטָאדְט
פוּן דִיא שֹׁמְרוֹנִים. 6 אָבֶּער גֶעהְט לִיבֶּער צוּ דִיא פֶערְלוֹירֶענֶע שָׁאף פוּן דֶעם הוֹיז
יִשְׂרָאֵל. 7 אוּן וֶוען אִיהְר גֶעהְט אַהִין, פְּרֶעדִיגְט אוּן זָאגְט, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם
אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען. 8 הֵיילְט דִיא קְרַאנְקֶע, וֶועקְט אוֹיף דִיא טוֹיטֶע,
רֵיינִיגְט דִיא קְרֶעצִיגֶע, טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים; אוּמְזוּסְט הָאט אִיהְר
עֶמְפְּפַאנְגֶען, אוּמְזוּסְט גִיבְּט. 9 נֶעמְט נִיט קֵיין גָאלְד מִיט, אוּן קֵיין זִילְבֶּער,
אוּן קֵיין קוּפֶּער אִין אֵייעֶרֶע בֵּייטַארְטֶעל, 10 אוּן אוֹיךְ נִיט קֵיינֶע רֵייזֶע טַאשׁ
אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּן קֵיינֶע צְווייא רֶעק, אוּן קֵיינֶע שִׁיךְ, אוּן קֵיין שְׁטֶעקֶען;

וָוארִין דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זַיין עֶסֶען. 11 אוּן אִין וָואס פַאר אַ שְׁטָאדְט
אָדֶער דָארְף אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, פְּרֶעגְט נָאךְ וֶוער אִיז דָארְט אַ ווִירְדִיגֶער
מַאן, אוּן בְּלֵייבְּט בֵּייא אִיהְם בִּיז אִיהְר וֶועט פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעהֶען. 12 אוּן
וֶוען אִיהְר קוּמְט אִין אַ הויז אַרֵיין, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר עֶס גְרִיסֶען. 13 אוּן וֶוען
דָאס הויז אִיז וֶוערְט, זָאל אֵייעֶר פְּרִידֶען דְרוֹיף קוּמֶען; וֶוען עֶס אִיז אָבֶּער
נִיט וֶוערְט, אַזוֹי זָאל זִיךְ אֵייעֶר פְּרִידֶען צוּ אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען. 14 אוּן וֶוער עֶס
וֶועט אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען אוּן וֶועט אֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער נִיט הֶערֶען, וֶוען אִיהְר
גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם הויז אָדֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט, שָׁאקֶעלְט אָפּ׳ דֶעם שְׁטוֹיבּ
פוּן אֵייעֶרֶע פִּיס. 15 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס וֶועט אִים יוֹם הַדִּין גְרִינְגֶער זַיין
פַאר דֶעם לַאנְד פוּן סְדוֹם אוּן עֲמוֹרָה, ווִיא פַאר יֶענֶע שְׁטָאדְט.

16 זֶעהְט, אִיךְ שִׁיק אֵייךְ אוֹיס ווִיא שָׁאף צְווִישֶׁען וֶועלְף; דְרוּם זַייט קְלוּג ווִיא
דִיא שְׁלַאנְגֶען, אוּן אֵיינְפַאךְ ווִיא דִיא טוֹיבֶּען. 17 אָבֶּער הִיט אֵייךְ פַאר
דִיא מֶענְשֶׁען; וָוארִין זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּן
וֶועלֶען אֵייךְ שְׁמֵייסֶען אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען; 18 אוּן אִיהְר וֶועט גֶעפִיהְרְט וֶוערֶען
פָאר פִירְשְׁטֶען אוּן קֶענִיגֶען מֵיינֶעט וֶועגֶען, פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זַייא אוּן דִיא גוֹיִם:
19 אוּן וֶוען זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען, אַזוֹי זָארְגְט נִיט ווִיא אוּן וָואס אִיהְר
זָאלְט רֶעדֶען; וָוארִין צוּ דֶער שָׁעָה וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען וָואס אִיהְר
זָאלְט רֶעדֶען. 20 וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט דִיא וָואס רֶעדֶען, נֵייעֶרְט עֶס אִיז דֶער
גֵייסְט פוּן אֵייעֶר פָאטֶער דֶער רֶעט אִין אֵייךְ. 21 אוּן בְּרוּדֶער וֶועט בְּרוּדֶער
אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם טוֹיט, אוּן דֶער פָאטֶער זַיין קִינְד; אוּן קִינְדֶער וֶועלֶען אוֹיפְ־
שְׁטֶעהֶען קֶעגֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אוּן וֶועלֶען זַייא אוּמְבְּרֶענְגֶען. 22 אוּן אִיהְר
וֶועט גֶעהַאסְט וֶוערֶען פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען מֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען; אָבֶּער דֶער
וָואס הַאלְט אוֹיס בִּיז צוּם סוֹף וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 23 אוּן וֶוען זַייא וֶועלֶען
אֵייךְ פֶערְפָאלְגֶען אִין דִיזֶער שְׁטָאדְט, אַזוֹי אַנְטְלוֹיפְט צוּ דִיא אַנְדֶערֶע; וָוארִין
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר וֶועט נִיט דוּרְכְגֶעהֶען דִיא שְׁטֶעדְט פוּן יִשְׂרָאֵל, בִּיז
דֶער בֶּן אָדָם וֶועט קוּמֶען.

24 דֶער תַּלְמִיד אִיז נִיט אִיבֶּער זַיין לֶעהְרֶער, אוּן דֶער קְנֶעכְט אִיז נִיט אִיבֶּער
זַיין הַאר׳ן. 25 עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דֶעם תַּלְמִיד אַז עֶר זָאל זַיין אַזוֹי ווִיא זַיין
לֶעהְרֶער, אוּן דֶער קְנֶעכְט אַזוֹי ווִיא זַיין הַאר. וֶוען זַייא הָאבֶּען דֶעם בַּעַל
הַבַּיִת גֶערוּפֶען בַּעַלְזְבוּב, ווִיא פִיל מֶעהְר וֶועלֶען זַייא זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד אַזוֹי
רוּפֶען! 26 דְרוּם פָארְכְט אֵייךְ נִיט פַאר זַייא; וָוארִין קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְהוֹי־
לֶען, וָואס וֶועט נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּן קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְבָּארְגֶען, וָואס
וֶועט נִיט בֶּעקַאנְט וֶוערֶען; 27 וָואס אִיךְ זָאג אֵייךְ אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, דָאס
זָאגְט בֵּיים לִיכְט; אוּן וָואס אִיהְר הֶערְט מִיט דֶעם אוֹיעֶר אַרֵיין, דָאס רוּפְט
אוֹיס אוֹיף דִיא דֶעכֶער. 28 אוּן פָארְכְט אֵייךְ נִיט פַאר דִיא וָואס טֵייטֶען דֶעם
גוּף, אָבֶּער קֶענֶען נִיט טֵייטֶען דִיא זֶעלֶע: נֵייעֶרְט פָארְכְט אֵייךְ לִיבֶּער פַאר
דֶעם וָואס קֶען טֵייטֶען דִיא זֶעלֶע אוּן דֶעם גוּף אִין גֵיהִנָּם. 29 פֶערְקוֹיפְט מֶען
נִיט צְווַייא פֵייגֶעל פַאר אַ פְּרוּטָה? אוּן קֵיינְס פוּן זַייא פַאלְט נִיט צוּ דֶער עֶרְד

אָהְן אֵייעֶר פָאטֶער; 30 דֶען אַפִּילוּ דִיא הָאר פוּן אֵייעֶר קָאפּ זֶענֶען אַלֶע גֶע־
צֵיילְט. 31 דְרוּם פָארְכְט אֵייךְ נִיט, אִיהְר זֶענְט מֶעהְר װֶערְט װִיא פִילֶע פֵייגֶעל.
32 יֶעדֶען נוּן װָאס װֶעט מִיךְ בֶּעקֶענֶען פָאר מֶענְשֶׁען, דֶעם װֶעל אִיךְ בֶּעקֶענֶען
פָאר מֵיין פָאטֶער דֶער אִיז אִים הִימֶעל; 33 װֶער עֶס װֶעט אָבֶער מִיךְ פֶערְ־
לֵייקֶענֶען פָאר מֶענְשֶׁען, דֶעם װֶעל אִיךְ אוֹיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען פָאר מֵיין פָאטֶער
דֶער אִיז אִים הִימֶעל.
34 דֶענְקְט נִיט אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען שָׁלוֹם צוּ שִׁיקֶען אוֹיף דֶער עֶרְד; אִיךְ בִּין
נִיט גֶעקוּמֶען שָׁלוֹם צוּ שִׁיקֶען, נֵייעֶרְט אַ שְׁװֶערְט. 35 װָארִין אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען
אַפְּצוּזוּנְדֶערְן אַ מֶענְשׁ פוּן זֵיין פָאטֶער, אוּן אַ טָאכְטֶער פוּן אִיהְרֶע מוּטֶער,
אוּן אַ שְׁנוּר פוּן אִיהְרֶע שְׁװִיגֶער; 36 אוּן דִיא פֵיינְד פוּן אַ מֶענְשֶׁען װֶעלֶען זֵיין
אֵייגֶענֶעס הוֹיזְגֶעזִינְד זֵיין. 37 װֶער עֶס לִיבְּט פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער מֶעהְר װִיא
מִיךְ, דֶער אִיז מֵיינֶער נִיט װֶערְט; אוּן װֶער עֶס לִיבְּט זוּהְן אָדֶער טָאכְטֶער
מֶעהְר װִיא מִיךְ, דֶער אִיז מֵיינֶער נִיט װֶערְט. 38 אוּן װֶער עֶס נֶעמְט נִיט זֵיין
קְרֵייץ אוּן פָאלְגְט מִיר נָאךְ, דֶער אִיז מֵיינֶער נִיט װֶערְט. 39 דֶער װָאס
גֶעפִינְט זֵיינֶע זֶעלֶע, װֶעט זִיא פֶערְלִירֶען אוּן דֶער װָאס פֶערְלִירְט זֵיינֶע זֶעלֶע
מֵיינֶעט װֶעגֶען, דֶער װֶעט זִיא גֶעפִינֶען.
40 דֶער װָאס נֶעמְט מִיךְ אוֹיף, נֶעמְט אוֹיף דֶעם דֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.
41 דֶער װָאס נֶעמְט אוֹיף אַ נָבִיא אִים נָאמֶען פוּן אַ נָבִיא װֶעט נֶעמֶען דֶעם
שְׂכַר פוּן אַ נָבִיא; אוּן דֶער װָאס נֶעמְט אוֹיף אַ צַדִיק אִים נָאמֶען פוּן אַ צַדִיק
װֶעט נֶעמֶען דֶעם שְׂכַר פוּן אַ צַדִיק. 42 אוּן דֶער װָאס װֶעט גֶעבֶּען צוּ
טְרִינְקֶען נוּר אַ בֶּעכֶער מִיט קַאלְטֶעם װַאסֶער צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע, אִים
נָאמֶען פוּן אַ תַּלְמִיד, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶר װֶעט נִיט פֶערְלִירֶען זֵיין שְׂכַר.
יא 1 אוּן עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט זֵיינֶע צְװֶעלְף תַּלְמִידִים
צוּ בֶּעפֶעהְלֶען, אַזוֹי אִיז עֶר פוּן דָארְטֶען װֵייטֶער גֶעגַאנְגֶען צוּ לֶעהְרֶען אוּן
צוּ פְּרֶעדִיגֶען אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעדְט.

2 אוּן װֶען יוֹחָנָן הָאט גֶעהֶערְט אִים גֶעפֶענְגְנִיס דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֶעם מָשִׁיחַ,
הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, 3 בִּיסְט
דוּא דֶער װֶעלְכֶער זָאל קוּמֶען, אָדֶער זָאלֶען מִיר װַארְטֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען?
4 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּן דֶער־
צֶעהְלְט יוֹחָנָן װָאס אִיהְר הֶערְט אוּן זֶעהְט; 5 דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶען װִידֶער, אוּן
דִיא לָאמֶע גֶעהֶען אַרוּם, דִיא קְרֶעצִיגֶע װֶערֶען גֶערֵיינִיגְט, אוּן דִיא טוֹיבֶּע
הֶערֶען, דִיא טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען אוֹיף, אוּן צוּ דִיא אָרְמֶע װֶערְד דִיא בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה גֶעפְּרֶעדִיגְט. 6 אוּן גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער װָאס װֶעט זִיךְ נִיט אָן מִיר
שְׁטְרוֹיכְלֶען. 7 אוּן װִיא זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
דִיא לֵייט צוּ זָאגֶען פוּן װֶעגֶען יוֹחָנָן, װָאס זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער
מִדְבָּר אַרֵיין צוּ זֶעהֶען? אַ רָאהְר װָאס שָׁאקֶעלְט זִיךְ פוּן דֶעם װִינְד? 8 װָאס
דֶען זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען? אַ מֶענְשׁ אָנְגֶעקְלֵייד אִין פֵיינֶע

36 מיכה ז׳ ו׳

קְלֵיידֶער? זֶעהְט, דִיא גֶעקְלֵיידֶעטֶע אִין פֵּיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען אִין דִיא הֵייזֶער
פוּן קֶענִיגֶע. 9 פַארְוָואס דֶען זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען? צוּ זֶעהֶען אַ נָבִיא?
יָא אִיךְ זָאג אֵייךְ, אוּן נָאךְ מֶעהְר ווִיא אַ נָבִיא. 10 דָאס אִיז דֶער, פוּן וֶועלְכֶען
עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

זֶעה אִיךְ שִׁיק מֵיין מַלְאָךְ פָּאר דִיר,
דֶער וֶועט דֵיין וֶועג פָּאר דִיר צוּבְּרֵייטֶען.

11 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, צְווִישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען פוּן ווייבֶּער אִיז
קֵיין גְרֶעסֶערֶער ווִיא יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען; אָבֶּער דֶער קְלֵיינְסְ־
טֶער אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְרֶעסֶער ווִיא עֶר. 12 אוּן פוּן דִיא טֶעג פוּן יוֹחָנָן
הַמְטַבֵּל אָן בִּיז אִיצְט טְהוּט דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם לֵיידֶען גֶעוַואלְט אוּן דִיא
גֶעוַואלְטִיגֶע עֶרְרוֹיבֶּערְן עֶס. 13 וָוארִין אַלֶע נְבִיאִים אוּן דִיא תּוֹרָה הָאבֶּען
נְבִיאוּת גֶעזָאגְט בִּיז יוֹחָנָן; 14 אוּן אוֹיבּ אִיהְר ווִילְט דָאס אָנְנֶעמֶען, דִיזֶער אִיז
אֵלִיָה וֶועלְכֶער זָאל קוּמֶען. 15 דֶער וָואס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען לָאז עֶר
הֶערֶען. 16 צוּ וָואס אָבֶּער זָאל אִיךְ דִיזֶעס דוֹר פֶערְגְלֵייכֶען? עֶס אִיז גְלֵייךְ
צוּ קִינְדֶער וָואס זִיצֶען אוֹיף דֶעם מַארְק, אוּן רוּפֶען זֵייעֶרֶע חֲבֵרִים, 17 אוּן
זָאגֶען,

מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפֵּייפְט, אוּן אִיהְר הָאט נִיט גֶעטַאנְצְט;
מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעקְלָאגְט, אוּן אִיהְר הָאט נִיט גֶעטְרוֹיעֶרְט.

18 וָוארִין יוֹחָנָן אִיז גֶעקוּמֶען, נִיט עֶסֶענְדִיג אוּן נִיט טְרִינְקֶענְדִיג, אוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַ שֵׁד. 19 דֶער בֶּן אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען עֶסֶענְדִיג אוּן
טְרִינְקֶענְדִיג, אוּן זֵייא זָאגֶען, זֶעהְט, דֶער מֶענְשׁ אִיז אַ פְּרֶעסֶער אוּן אַ זוֹיפֶער,
אַ פְּרֵיינְד פוּן שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער אוּן זִינְדֶער. אוּן דִיא חָכְמָה אִיז גֶערֶעכְט־
פֶערְטִיגְט גֶעוָוארֶען פוּן אִיהְרֶע וֶוערְק.

20 דַאן הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטְרָאף רֶעדֶען צוּ הַאלְטֶען צוּ דִיא שְׁטֶעדְט אִין
וֶועלְכֶע זֵיינֶע מֵייסְטֶע נִסִּים זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען, ווייל זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע
תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן. 21 וֶועה צוּ דִיר, כּוֹרָזִין! וֶועה צוּ דִיר, בֵּית־צַיְדָה! וָוארִין וֶוען
דִיא נִסִּים וָואס זֶענֶען אִין אֵייךְ גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען זָאלְטֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען אִין
צוֹר אוּן צִידוֹן, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵייא שׁוֹין לַאנְג תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן אִין זַאק אוּן אַשׁ.
22 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, עֶס וֶועט אִים יוֹם הַדִין גְרִינְגֶער זֵיין פַאר צוֹר אוּן
צִידוֹן ווִיא פַאר אֵייךְ. 23 אוּן דוּא כְּפַרְנַחוּם, דוּא בִּיסְט דֶערְהוֹיבֶּען בִּיז צוּם
הִימֶעל? דוּא וֶועסְט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען בִּיז צוּם שְׁאוֹל אַרֵיין; וָוארִין וֶוען
דִיא נִסִּים וָואס זֶענֶען אִין דִיר גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען זָאלְטֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען אִין
סְדוֹם, אַזוֹי וָואלְט עֶס גֶעבְּלִיבֶּען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג. 24 אָבֶּער אִיךְ זָאג
אֵייךְ, עֶס וֶועט גְרִינְגֶער זֵיין פַאר דֶעם לַאנְד סְדוֹם אִים יוֹם הַדִין, ווִיא פַאר
דִיר.

25 אִין יֶענֶער צֵייט הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ דַאנְק דִיר,
פָאטֶער, הַאר פוּן הִימֶעל אוּן עֶרְד, דֶער דוּא הָאסְט דִיזֶע זַאכֶען פֶערְהוֹילֶען

10 מלאכי ג׳ א׳

פוּן דִיא קְלוּגֶע אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּן הָאסְט זֵייא אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ קְלֵיינֶע
קִינְדֶער; 26 יָא! אָ פָּאטֶער, וָוארִין עֶס אִיז דִיר אַזוֹי וְואוילְגֶעפֶעלֶען. 27 אַלֶעס
אִיז מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פוּן מֵיין פָּאטֶער; אוּן קֵיינֶער קֶענְט נִיט דֶעם זוּהְן
אוֹיסֶער דֶער פָּאטֶער; אוּן קֵיינֶער קֶענְט נִיט דֶעם פָּאטֶער, אוֹיסֶער דֶער זוּהְן,
אוּן דֶער צוּ וֶועלְכֶעם דֶער זוּהְן וֶועט אִיהְם וֶועלֶען אַנְטְפְּלֶעקֶען. 28 קוּמְט צוּ
מִיר אַלֶע דִיא וָואס וֶוענֶען מִיד אוּן הָאבֶּען אַ שְׁוֶוערֶע לַאסְט אוֹיף זִיךְ, אוּן
אִיךְ וֶועל אֵייךְ רוּה גֶעבֶּען. 29 נֶעמְט מֵיין יָאךְ אוֹיף אֵייךְ, אוּן לֶערְנְט פוּן
מִיר, וָוארִין אִיךְ בִּין זַאנְפְטְמִיטְהִיג אוּן דֶעמִיטְהִיג אִים הַארְץ, אוּן אִיהְר
וֶועט גֶעפִינֶען רוּה צוּ אֵייעֶרֶע זֶעלֶען. 30 וָוארִין מֵיין יָאךְ אִיז אַנְגֶענֶעהְם, אוּן
מֵיינֶע לַאסְט אִיז לֵייכְט.

יב 1 אִין יֶענֶער צֵייט אִיז יֵשׁוּעַ גֶעגַאנְגֶען אִים שַׁבָּת דוּרְךְ דֶעם וַואקְסֶענְדֶען
קָארְן, אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען הוּנְגְרִיג גֶעוֶוען, אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַאנְ־
גֶען אָפְּצוּרֵייסֶען אוּן צוּ עֶסֶען. 2 ווִיא דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען,
הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע תַּלְמִידִים טְהוּן דָאס וָואס מֶען
דַארְף נִיט טְהוּן אִים שַׁבָּת. 3 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר נִיט
גֶעלֵיינְט וָואס דָוִד הָאט גֶעטְהוּן וֶוען עֶס הָאט אִיהְם גֶעהוּנְגֶערְט, אוּן דִיא וָואס
זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוען? 4 ווִיא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן גָאט,
אוּן הָאט גֶעגֶעסֶען דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס אִיז אִיהְם נִיט דֶערְלוֹיבְּט גֶעוָוארֶען
צוּ עֶסֶען, אוֹיךְ נִיט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוען, נֵייעֶרְט פַאר דִיא
כֹּהֲנִים אַלֵיין? 5 אָדֶער הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט אִין דֶער תּוֹרָה, ווִיא דִיא
כֹּהֲנִים זֶענֶען אִים שַׁבָּת אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ מְחַלֵל שַׁבָּת, אוּן זֶענֶען אוּנְשׁוּלְדִיג?
6 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז דָא אִיז אֵיינֶער דֶער אִיז גְרֶעסֶער ווִיא דָאס בֵּית
הַמִקְדָשׁ. 7 וֶוען אִיהְר וָואלְט אָבֶּער ווִיסֶען וָואס דָאס בֶּעדֵייט, אִיךְ בֶּעגֶעהְר
גְנָאד אוּן נִיט קָרְבָּנוֹת, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע;
8 וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם אִיז הַאר פוּן דֶעם שַׁבָּת.

9 אוּן עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען ווֵייטֶער גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין זֵייעֶרֶע שׁוּל
אַרֵיין: 10 אוּן זֶעה, דָא אִיז גֶעוֶוען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט אַ פֶערְדַארְטֶע
הַאנְד. אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט אִים
שַׁבָּת צוּ הֵיילֶען? כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם קֶענֶען פֶערְקְלָאגֶען. 11 אָבֶּער עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶער מֶענְשׁ אִיז דָא צְווִישֶׁען אֵייךְ, וָואס זָאל הָאבֶּען
אַיין שָׁאף, אוּן עֶס וֶועט אִין אַ גְרוּבּ אַרֵיינְפַאלֶען אִים שַׁבָּת, וֶועט עֶר עֶס נִיט
אָנְגֶעמֶען אוּן אַרוֹיסְהֵייבֶּען? 12 ווִיא פִיל מֶעהְר דֶען אִיז אַ מֶענְשׁ בֶּעסֶער ווִיא
אַ שָׁאף! דְרוּם אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט גוּטֶעס טְהוּן אִים שַׁבָּת. 13 דַאן הָאט עֶר
צוּם מַאן גֶעזָאגְט, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד. אוּן עֶר הָאט זִיא אוֹיסְגֶע־
שְׁטְרֶעקְט, אוּן זִיא אִיז ווִידֶער גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אַזוֹי ווִיא דִיא אַנְדֶערֶע. 14 אוּן
וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען
אִיהְם אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. 15 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט,

ירמיה ו׳ טז׳, לא׳ כה׳, 28 הושע ו׳ ו׳, 7

אוּן אִיז פוּן דָארְטְעֶן אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען; אוּן פִילֶע וָענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּן
עֶר הָאט זַייא אַלֶע גֶעהֵיילְט, 16 אוּן עֶר הָאט זַייא בֶּעפוֹילֶען אַז זַייא זָאלֶען
אִיהְם נִיט בֶּעקַאנְט מַאכֶען; 17 כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט
דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא, דֶער זָאגְט

18 וֶעה, מֵיין קְנֶעכְט, דֶעם אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט,
מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אִין וֶועלְכֶעם מֵיינֶע זֶעלֶע הָאט וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען;
אִיךְ וֶועל מֵיין גֵייסְט אוֹיף אִיהְם גֶעבֶּען,
אוּן עֶר וֶועט דֶערְקְלֶערֶען דָאס גֶערִיכְט צוּ דִיא פֶעלְקֶער.
19 עֶר וֶועט נִיט צַאנְקֶען, אוּן וֶועט נִיט שְׁרֵייעֶן;
אוּן מֶען וֶועט זֵיין קוֹל נִיט הֶערֶען אִין דִיא גַאסֶען.
20 אַ צוּשְׁטוֹיסֶענֶעם רָאהְר וֶועט עֶר נִיט צוּבְּרֶעכֶען,
אוּן רֵייכֶענְדִיגֶע פְלַאקְס וֶועט עֶר נִיט פֶערְלֶעשֶׁען,
בִּיז עֶר וֶועט אוֹיסְשִׁיקֶען דָאס גֶערִיכְט צוּם זִיג.
21 אוּן דִיא פֶעלְקֶער וֶועלֶען הָאפֶען אִין זֵיין נָאמֶען.

22 דַאן הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אֵיינֶעם וָואס הָאט גֶעהַאט אַ שֵׁד, בְּלִינְד
אוּן שְׁטוּם; אוּן עֶר הָאט אִיהְם גֶעהֵיילְט, אַז דֶער בְּלִינְדֶער אוּן שְׁטוּמֶער
הָאט גֶערֶעט אוּן גֶעזֶעהֶען. 23 אוּן אַלֶע לֵייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט, אִיז דָאס נִיט דֶער זוּהְן פוּן דָוִד? 24 אוּן וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט, עֶר טְרֵייבְּט נִיט אַנְדֶערְשׁ אַרוֹיס דִיא
שֵׁדִים דֶען נוּר דוּרְךְ בַּעַלְזְבוּב, דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא שֵׁדִים. 25 אָבֶּער
יֵשׁוּעַ ווִיסֶענְדִיג זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶעס קֶענִיגְרֵייךְ
וָואס אִיז צוּטְהֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ, אוּן אִיטְלִיכֶע שְׁטָאדְט אָדֶער הוֹיז וָואס
אִיז צוּטְהֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ קֶען נִיט בֶּעשְׁטֶעהֶען; 26 אוּן וֶוען דֶער שָׂטָן טְרֵייבְּט
אַרוֹיס דֶעם שָׂטָן, אַזוֹי אִיז עֶר צוּטְהֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ; אוּן ווִיא אַזוֹי קָאן זֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ בֶּעשְׁטֶעהֶען? 27 אוּן וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ בַּעַל-
זְבוּב, דוּרְךְ וְועמֶען טְרֵייבֶּען זַייא אֵייעֶרֶע זִיהְן אַרוֹיס? דְרוּם זָאלֶען זַייא
אֵייעֶרֶע רִיכְטֶער זֵיין. 28 אָבֶּער וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם
גֵייסְט פוּן גָאט, אַזוֹי אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען. 29 אָדֶער
ווִיא אַזוֹי קֶען אֵיינֶער אַרֵיינְקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן אַ שְׁטַארְקֶען מַאן, אוּן אִיהְם
זֵיינֶע זַאכֶען רוֹיבֶּען, נוּר אַז עֶר וֶועט צוּעֶרְשְׁט דֶעם שְׁטַארְקֶען בִּינְדֶען? אוּן
דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר אִיהְם זֵיין הוֹיז רוֹיבֶּען. 30 וֶוער עֶס אִיז נִיט מִיט מִיר, דֶער
אִיז קֶעגֶען מִיר; אוּן וֶוער עֶס זַאמֶעלְט נִיט מִיט מִיר, דֶער צוּשְׁפְּרֵייט. 31 דְרוּם
זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אַלֶע זִינְד אוּן לֶעסְטֶערְן וֶועלֶען דֶעם מֶענְשֶׁען פֶערְגֶעבֶען
וֶוערֶען, אָבֶּער דָאס לֶעסְטֶערְן קֶעגֶען דֶעם גֵייסְט וֶועט דֶעם מֶענְשֶׁען נִיט
פֶערְגֶעבֶען וֶוערֶען. 32 אוּן וֶוער עֶס וֶועט רֶעדֶען אַ וָוארְט קֶעגֶען דֶעם בֶּן אָדָם,
וְועט עֶס אִיהְם פֶערְגֶעבֶען וֶוערֶען, אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט רֶעדֶען קֶעגֶען דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אִיהְם וֶועט עֶס נִיט פֶערְגֶעבֶען וֶוערֶען, נִיט אוֹיף דִיזֶער וֶועלְט,

18 ישעיה מ״ב א׳–ד׳.

אוּן נִיט אוֹיף יֶענֶער װעלְט. 33 עֶנְטװעֶדֶער מַאכְט דֶעם בּוֹים גוּט, אוּן דִיא
פְרוּכְט גוּט, אָדֶער מַאכְט דֶעם בּוֹים שְׁלֶעכְט אוּן דִיא פְרוּכְט שְׁלֶעכְט; װָארִין
אָן דֶער פְרוּכְט דֶערְקֶענְט מֶען דֶעם בּוֹים. 34 אִיהְר שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן שְׁלַאנְגֶען, װִיא
אַזוֹי קָאנְט אִיהְר גוּטֶעס רֶעדֶען, װֶען אִיהְר זֶענְט שְׁלֶעכְט? װָארִין פוּן דֶעם װָאס
דָאס הַארְץ אִיז אִיבֶּערְפִילְט רֶעט דָאס מוֹיל. 35 אַ גוּטֶער מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס גוּטֶעס פוּן דֶעם גוּטֶען שַׁאץ, אוּן אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט אַרוֹיס
שְׁלֶעכְטֶעס פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען שַׁאץ. 36 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז פַאר יֶעדֶעם
אוּנְנוּצְלִיכֶען װָארְט, דָאס דִיא מֶענְשֶׁען װֶעלֶען רֶעדֶען, װֶעלֶען זֵייא רֶעכֶענְשַׁאפְט
גֶעבֶּען אִים יוֹם הַדִין. 37 װָארִין בֵּייא דֵיינֶע װֶערְטֶער װֶעסְט דוּא גֶערֶעכְטְפֶערְ-
טִיגְט װֶערֶען, אוּן בֵּייא דֵיינֶע װֶערְטֶער װֶעסְט דוּא פֶערְשׁוּלְדִיגְט װֶערֶען.
38 דַאן הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
לֶעהְרֶער, מִיר װִינְשֶׁען הֵיינְט פוּן דִיר אַ צֵייכֶען צוּ זֶעהֶען. 39 אוּן עֶר הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַ שְׁלֶעכְטֶעס דוֹר אוּן פוּן זְנוּת זוּכְט אַ
צֵייכֶען, אוּן עֶס װֶעט זֵייא קֵיין אַנְדֶערֶעס צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען, אוֹיסֶער
דֶעם צֵייכֶען פוּן יוֹנָה הַנָבִיא. 40 װָארִין אַזוֹי װִיא יוֹנָה אִיז גֶעװֶען אִין דִיא
גֶעדֶערְם פוּן דֶעם פִישׁ דְרֵייא טֶעג אוּן דְרֵייא נֶעכְט, אַזוֹי װֶעט דֶער בֶּן אָדָם
זַיין דְרֵייא טֶעג אוּן דְרֵייא נֶעכְט אִים הַארְץ פוּן דֶער עֶרְד. 41 דִיא מֶענְשֶׁען פוּן
נִינְוֵה װֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען צוּם גֶערִיכְט מִיט דִיזֶעם דוֹר, אוּן װֶעלֶען עֶס פֶערְ-
שׁוּלְדִיגֶען, װָארִין זֵייא הָאבֶּען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן בֵּייא דֶער פְּרֶעדִיגְט פוּן יוֹנָה;
אוּן זֶעה, דָא אִיז אַ גְרֶעסֶערֶער װִיא יוֹנָה. 42 דִיא מַלְכָּה פוּן תֵּימָן װֶעט
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען צוּם גֶערִיכְט מִיט דִיזֶעם דוֹר, אוּן װֶעט עֶס פֶערְשׁוּלְדִיגֶען, װָארִין זִיא
אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דִיא עֶקֶען פוּן דֶער װעלְט צוּ הֶערֶען דִיא חָכְמָה פוּן שְׁלֹמֹה;
אוּן זֶעה, דָא אִיז אַ גְרֶעסֶערֶער װִיא שְׁלֹמֹה. 43 אוּן װֶען דֶער אוּנְרֵיינֶע גֵייסְט
גֶעהְט אַרוֹיס פוּן אַ מֶענְשֶׁען, אַזוֹי װַאנְדֶערְט עֶר אַרוּם אִין עֶרְטֶער אָהְן װַאסֶער,
אוּן זוּכְט רוּה, אוּן גֶעפִינְט עֶס נִיט. 44 דַאן זָאגְט עֶר, אִיךְ װֶעל װִידֶער צוּרִיק
גֶעהֶען אִין מֵיין הוֹיז אַרֵיין פוּן װַאנֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; אוּן װֶען עֶר
קוּמְט, גֶעפִינְט עֶר עֶס לֶעדִיג אוּן אוֹיסְגֶעקֶעהְרְט אוּן גֶעפוּצְט. 45 דַאן גֶעהְט
עֶר אוּן נֶעמְט מִיט זִיךְ זִיבֶּען אַנְדֶערֶע גֵייסְטֶער נָאךְ עֶרְגֶער װִיא עֶר אַלֵיין,
אוּן זֵייא קוּמֶען אַרֵיין אוּן װְאוֹינֶען דָארְט; אוּן דֶער סוֹף פוּן דִיזֶעם מֶענְשֶׁען אִיז
נָאךְ עֶרְגֶער װִיא פְרִיהֶער; אַזוֹי װֶעט עֶס אוֹיךְ זַיין מִיט דִיזֶעם שְׁלֶעכְטֶען דוֹר.
46 דֶערְװַייל עֶר הָאט נָאךְ צוּ דִיא לֵייט גֶערֶעט, זֶעה, זֶענֶען נוּן זֵיינֶע מוּטֶער
אוּן בְּרִידֶער פוּן דְרוֹיסֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעװָאלְט רֶעדֶען.
47 אוּן אֵיינֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע מוּטֶער אוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער
שְׁטֶעהֶען דְרוֹיסֶען אוּן װִילֶען מִיט דִיר רֶעדֶען. 48 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט צוּ דֶעם װָאס הָאט אִיהְם דָאס גֶעזָאגְט, װֶער אִיז מֵיינֶע מוּטֶער,
אוּן װֶער זֶענֶען מֵיינֶע בְּרִידֶער? 49 אוּן עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד
קֶעגֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן גֶעזָאגְט, זֶעהְט, מֵיינֶע מוּטֶער אוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער!

יונה ג׳ ה׳, 41 — מלכים א׳ י׳ א׳, 42

50 וָוארִין װֶער עֶס װֶעט טְהוּן דֶעם ווילֶען פוּן מֵיין פָּאטֶער דֶער אִיז אִים הִימֶעל,
דֶער אִיז מֵיין בְּרוּדֶער, אוּן מֵיינֶע שְׁװֶעסְטֶער, אוּן מֵיינֶע מוּטֶער.
יג 1 אִין יֶענֶעם טָאג אִיז יֵשׁוּעַ אוֹיס דֶעם הויז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט זִיךְ
אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט בֵּיים יַם. 2 אוּן פִיל לֵייט הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט,
אַזוֹי אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען זִיךְ צוּ זֶעצֶען אִין אַ שִׁיף; אוּן אַלֶע דִיא לֵייט זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים בָּארְטֶען. 3 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא פִיל גֶערֶעט אִין מְשָׁלִים
אוּן גֶעזָאגְט, זֶעה, אַ זֵייעֶר אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶן; 4 אוּן ווִיא עֶר הָאט
גֶעזֵייעֶט, זֶענֶען עֶטְלִיכֶע זָאמֶען גֶעפַאלֶען בֵּיים װֶעג, אוּן דִיא פֵייגֶעל זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען זֵייא אויפְגֶעפְרֶעסֶען; 5 אוּן אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען אויף
שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, ווְאוּ זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט פִיל עֶרְד; אוּן גְלֵייךְ זֶענֶען
זֵייא אַרויסְגֶעשְׁפְּרָאצְט, ווֵייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע טִיפֶע עֶרְד;
6 אוּן ווִיא דִיא זוּן אִיז אויפְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זֵייא פֶערְטְרִיקֶענְט; אוּן ווֵייל זֵייא
הָאבֶּען קֵיינֶע ווְארְצֶעל נִיט גֶעהַאט, זֶענֶען זֵייא פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען. 7 אוּן
אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דֶערְנֶער; אוּן דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען אויפְגֶע־
גַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען זֵייא דֶערְשְׁטִיקְט; 8 אוּן אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען אויף
גוּטֶען גְרוּנְד, אוּן הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען פְרוּכְט, עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג, אוּן
עֶטְלִיכֶע זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אוּן עֶטְלִיכֶע דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג. 9 דֶער וָואס הָאט
אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען לָאז עֶר הֶערֶען.
10 אוּן דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס רֶעדְסְט דוּא צוּ זֵייא אִין מְשָׁלִים? 11 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צוּ אֵייךְ אִיז גֶעגֶעבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען דִיא סודות
פוּן דֶעם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם, אָבֶּער צוּ זֵייא אִיז עֶס נִיט גֶעגֶעבֶּען. 12 וָוארִין װֶער
עֶס הָאט, צוּ דֶעם װֶעט גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען, אוּן עֶר װֶעט אִיבְּרִיג הָאבֶּען; אָבֶּער
דֶער וָואס הָאט נִיט, פוּן דֶעם װֶעט דָאס וָואס עֶר הָאט אַװֶעקְגֶענוּמֶען װֶערֶען.
13 דֶעסְטְװֶעגֶען רֶעד אִיךְ צוּ זֵייא אִין מְשָׁלִים, וָוארִין זֶעהֶענְדִיג זֶעהֶען זֵייא דָאךְ
נִיט, אוּן הֶערֶענְדִיג הֶערֶען זֵייא דָאךְ נִיט, אוּן פֶערְשְׁטֶעהֶען אויךְ נִיט.
14 אוּן אִין זֵייא אִיז דֶערְפִילְט דִיא נְבוּאָה פוּן יְשַׁעְיָה, װֶעלְכֶע זָאגְט,
הֶערֶענְדִיג װֶעט אִיהְר הֶערֶען, אוּן נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען;
אוּן זֶעהֶענְדִיג װֶעט אִיהְר זֶעהֶען, אוּן נִיט אֵיינְזֶעהֶען;
15 וָוארִין דָאס הַארְץ פוּן דִיזֶעם פָאלְק אִיז פֶעט גֶעוָוארֶען,
אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען שְׁװֶער צוּ הֶערֶען,
אוּן זֵייעֶרֶע אויגֶען זֶענֶען צוּגֶעמַאכְט;
אַז זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מִיט זֵייעֶרֶע אויגֶען,
אוּן הֶערֶען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען,
אוּן פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיט זֵייעֶר הַארְץ,
אוּן זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען,
אוּן אִיךְ זָאל זֵייא הֵיילֶען.
16 אָבֶּער גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען אֵייעֶרֶע אויגֶען ווֵייל זֵייא זֶעהֶען, אוּן אֵייעֶרֶע

אויעֶרֶען וֵוייל זֵייא הֶערֶען. 17 וָוארִין בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז פִּילֶע נְבִיאִים
און צַדִיקִים הָאבֶּען פֶּערלַאנְגְט צוּ זֶעהֶען וָואס אִיהְר זֶעהְט, און הָאבֶּען עֶס
נִיט גֶעזֶעהֶען; און צוּ הֶערֶען וָואס אִיהְר הֶערְט, און הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעהֶערְט.
18 דְרוּם הֶערְט אִיהְר דָאס מָשָׁל פוּן דֶעם זֵייעֶר. 19 אִיטְלִיכֶער וָואס הֶערְט דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ און פֶערְשְׁטֶעהְט עֶס נִיט, אַזוֹי קוּמְט דֶער שְׁלֶעכְטֶער,
און רֵייסְט אוֹיס דָאס וָואס אִיז גֶעזֵייעֶט גֶעוָוארֶען אִין זֵיין הַארְץ. דָאס אִיז דָאס
וָואס אִיז גֶעזֵייעֶט גֶעוָוארֶען בֵּיים וֶועג. 20 און דָאס וָואס אִיז גֶעזֵייעֶט גֶעוָוארֶען
אויף דֶעם שְׁטֵיינֶעדִיגֶען גְרוּנְד אִיז דֶער וָואס הֶערְט דָאס וָוארְט, און גְלֵייךְ
נֶעמְט עֶר עֶס אָן מִיט פְרֵייד; 21 אָבֶּער עֶר הָאט נִיט אִין זִיךְ קֵיינֶע וָוארְצֶעל, און
בְּלֵייבְּט נוּר פַאר אַ צֵייט; און וֶוען עֶס קוּמֶען לֵיידֶען און פֶערְפָאלְגוּנְג וֶועגֶען
דֶעם וָוארְט, אַזוֹי גְלֵייךְ וֶוערְד עֶר גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט. 22 און דָאס וָואס אִיז גֶעזֵייעֶט
גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דֶערְנֶער, אִיז דֶער וָואס הֶערְט דָאס וָוארְט, און דִיא זָארְגֶען
פוּן דֶער וֶועלְט, און דֶער בֶּעטְרוּג פוּן רֵייכְטוּם, דֶערְשְׁטִיקְט דָאס וָוארְט, און
עֶס בְּלֵייבְּט אָהְן פְרוּכְט. 23 און דָאס וָואס אִיז גֶעזֵייעֶט גֶעוָוארֶען אויף גוּטֶען
גְרוּנְד אִיז דֶער וָואס הֶערְט דָאס וָוארְט און פֶערְשְׁטֶעהְט עֶס, און טְרָאגְט
אויךְ פְרוּכְט, עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְטפֶעלְטִיג, און עֶטְלִיכֶע זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, און
עֶטְלִיכֶע דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג,

24 און עֶר הָאט צוּ זֵייא אֵיין אַנְדֶערֶעס מָשָׁל פָארְגֶעלֶעגְט און גֶעזָאגְט, דָאס
מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ מַאן וָואס זֵייעֶט גוּטֶען זָאמֶען אִין זֵיין פֶעלְד;
25 און וֶוען דִיא מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעשְׁלָאפֶען, אִיז זֵיין פֵיינְד גֶעקוּמֶען, און הָאט
גֶעזֵייעֶט אוּנְקְרוֹיט צְוִוישֶׁען דֶעם וֵוייץ, און אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. 26 און וֶוען
דָאס גְרָאז הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט, און הָאט פְרוּכְט גֶעטְרָאגֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ
דָאס אוּנְקְרוֹיט אויךְ גֶעוִויזֶען. 27 און דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם בַּעַל הַבַּיִת זֶענֶען
גֶעקוּמֶען און הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, הָאסְט דוּא נִיט גֶעזֵייעֶט גוּטֶען
זָאמֶען אִין דֵיין פֶעלְד? פוּן וַואנֶען הָאט עֶס דֶען דָאס אוּנְקְרוֹיט? 28 און עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַ פֵיינְד הָאט דָאס גֶעטְהוּן. און דִיא קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, ווילְסְט דוּא דֶען אַז מִיר זָאלֶען אוֹיסְגֶעהֶען און עֶס אֵיינְזַאמְלֶען?
29 און עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נֵיין; וָוארִין טָאמֶער וֶוען אִיהְר וֶועט דָאס
אוּנְקְרוֹיט אֵיינְזַאמְלֶען וֶועט אִיהְר דֶערְמִיט דֶעם וֵוייץ אויךְ אוֹיסְוָוארְצְלֶען.
30 לָאזְט זֵייא בֵּיידֶע צוּזַאמֶען וַואקְסֶען בִּיז צוּ דֶער שְׁנִיטְצֵייט, און אִין דֶער
שְׁנִיטְצֵייט וֶועל אִיךְ זָאגֶען צוּ דִיא שְׁנִיטֶער, זַאמֶעלְט צוּעֶרְשְׁט אֵיין דָאס אוּנְקְרוֹיט,
און בִּינְד עֶס אִין בִּינְדֶלֶעךְ, אַז מֶען זָאל עֶס פֶערְבְּרֶענֶען; אָבֶּער זַאמֶעלְט
אֵיין דֶעם וֵוייץ אִין מֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אַרֵיין.

31 און עֶר הָאט צוּ זֵייא אֵיין אַנְדֶערֶעס מָשָׁל פָארְגֶעלֶעגְט און גֶעזָאגְט, דָאס מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ זֶענְפְקָארְן, וָואס אַ מַאן הָאט גֶענוּמֶען און גֶעזֵייעֶט
אִין זֵיין פֶעלְד; 32 דָאס אִיז קְלֵיינֶער וִויא אַלֶע זָאמֶען, אָבֶּער וֶוען עֶס וַואקְסְט
אויף אַזוֹי אִיז עֶס גְרֶעסֶער וִויא אַלֶע קְרֵייטֶער, און וֶוערְד אַ בּוֹים, אַזוֹי אַז
דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל קוּמֶען און בֶּעזֶעצֶען זִיךְ צְוִוישֶׁען דִיא צְוֵוייגֶען.

33 און עֶר הָאט נָאךְ אֵיין אַנְדֶערֶעס מָשָׁל צוּ זֵייא גֶעזָאגְט; דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם
אִיז גְלֵייךְ צוּ זוֹיעֶרְטֵייג, וָואס אַ פְרוֹיא הָאט גֶענוּמֶען אוּן פֶערְבָּארְגֶען אִין
דְרֵייא מָאס מֶעהְל, בִּיז דָאס גַאנְצֶע אִיז גֶעזֵייעֶרְט גֶעוָוארֶען.
34 דָאס אַלֶעס הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא לֵייט אִין מְשָׁלִים, אוּן אָהְן מְשָׁלִים
הָאט עֶר צוּ זֵייא נִיט גֶערֶעט; 35 כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס עֶס אִיז
גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, דֶער זָאגְט,
אִיךְ וֶועל אוֹיפְמַאכֶען מֵיין מוֹיל אִין מְשָׁלִים,
אִיךְ וֶועל רֶעדֶען וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט.
36 דַאן הָאט עֶר דִיא לֵייט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּן אִיז אִים הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. אוּן
זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶערְקְלֶעהְר אוּנְז
דָאס מָשָׁל פוּן דֶעם אוּנְקְרוֹיט פוּן דֶעם פֶעלְד. 37 און עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט, דֶער וָואס זֵייעֶט דֶעם גוּטֶען זָאמֶען אִיז דֶער בֶּן אָדָם, 38 דָאס
פֶעלְד אִיז דִיא וֶועלְט; דֶער גוּטֶע זָאמֶען זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם קֶע־
נִיגְרֵייךְ; אוּן דָאס אוּנְקְרוֹיט זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען. 39 דֶער
פֵיינְד וָואס הָאט עֶס גֶעזֵייעֶט אִיז דֶער שָׂטָן; דִיא שְׁנִיטְצֵייט אִיז דָאס עֶנְד פוּן
דֶעם צֵייטְאַלְטֶער, אוּן דִיא שְׁנִיטֶער זֶענֶען דִיא מַלְאָכִים. 40 דְרוּם אַזוֹי וִויא
דָאס אוּנְקְרוֹיט וֶוערְד אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוּן פֶערְבְּרֶענְט אִים פֵייעֶר, אַזוֹי וֶועט
עֶס אוֹיךְ זֵיין בֵּיים עֶנְד פוּן דֶעם צֵייטְאַלְטֶער. 41 דֶער בֶּן אָדָם וֶועט זֵיינֶע
מַלְאָכִים שִׁיקֶען, אוּן זֵייא וֶועלֶען אֵיינְזַאמְלֶען פוּן זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אַלֶע שְׁטְרוֹיכְ־
לוּנְגֶען, אוּן דִיא וָואס טְהוּן אוּנְרֶעכְט, 42 און זֵייא וֶועלֶען זֵייא אִים פֵייעֶרִיגֶען
אוֹיפֶען אַרֵיינְוַוארְפֶען; דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּן צֵיינְקְרִיצֶען. 43 דַאן וֶועלֶען
דִיא צַדִּיקִים שֵׁיינֶען וִויא דִיא זוּן אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן זֵייעֶר פָאטֶער. דֶער
וָואס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען, לָאז עֶר הֶערֶען.
44 דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ שַׁאץ וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען אִים
פֶעלְד, וֶועלְכֶעס אַ מַאן גֶעפִינְט אוּן פֶערְבָּארְגְט עֶס, אוּן פַאר שִׂמְחָה גֶעהְט
עֶר אַוֶועק, אוּן פֶערְקוֹיפְט אַלֶעס וָואס עֶר הָאט, אוּן קוֹיפְט דָאס פֶעלְד.
45 ווִידֶער, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ סוֹחֵר וָואס זוּכְט גוּטֶע פֶערְל;
46 און וֶוען עֶר הָאט גֶעפִינֶען אַ זֶעהְר טְהֵייעֶרֶע פֶערְל, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאט אַלֶעס פֶערְקוֹיפְט אוּן הָאט זִיא גֶעקוֹיפְט.
47 ווִידֶער, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ נֶעץ, וָואס וֶוערְד אִים יַם
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּן פַאנְגְט פוּן אַלֶערְלֵייא מִינִים; 48 און וֶוען עֶס אִיז פוּל
גֶעוָוארֶען, הָאט מֶען עֶס צוּם בְּרֶעג אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּן מֶען הָאט זִיךְ אַנִידֶערְ־
גֶעזֶעצְט אוּן אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא גוּטֶע אִין כֵּלִים אַרֵיין, אוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע
הָאט מֶען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען. 49 אַזוֹי וֶועט עֶס זֵיין בֵּיים עֶנְד פוּן דֶעם צֵייטְאַלְ־
טֶער; דִיא מַלְאָכִים וֶועלֶען אוֹיסְגֶעהֶען, אוּן וֶועלֶען אָפְּשֵׁיידֶען דִיא רְשָׁעִים פוּן
צְוִוישֶׁען דִיא צַדִּיקִים, 50 און זֵייא וֶועלֶען זֵייא אִים פֵייעֶרִיגֶען אוֹיפֶען אַרֵיינְ־
וַוארְפֶען; דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּן צֵיינְקְרִיצֶען.

35 תהלים עח׳ ב׳.

51 הָאט אִיהְר דָאס אַלֶעס פֶערְשְׁטַאנֶען ? זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
יָא. 52 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דְרוּם אִיטְלִיכֶער סוֹפֵר וָואס אִיז גֶעלֶערְנְט
צוּם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ בַּעַל הַבַּיִת, וָואס בְּרֶענְגְט אַרוֹיס פוּן
זֵיין שַׁאץ נֵייעֶ אוּן אַלְטֶע זַאכֶען.
53 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיזֶע מְשָׁלִים גֶעעֶנְדִיגְט, אִיז עֶר פוּן
דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. 54 אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין זֵיין אֵייגֶענֶען לַאנְד אַרֵיין,
אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען, אַז זֵייא זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט
גֶעוָוארֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וִויא קוּמְט צוּ אִיהְם דִיזֶע חָכְמָה אוּן דִיא נִסִּים ?
55 אִיז עֶר נִיט דֶער זוּהְן פוּן דֶעם בּוֹימֵייסְטֶער ? אוּן הֵייסְט נִיט זֵיינֶע מוּטֶער
מִרְיָם ? אוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער יַעֲקֹב אוּן יוֹסֵי אוּן שִׁמְעוֹן אוּן יְהוּדָה ? 56 אוּן
זֶענֶען נִיט זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶערְן אַלֶע בֵּייא אוּנְז ? פוּן וַואנֶען הָאט דִיזֶער דָאס
אַלֶעס ? 57 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אַן אִיהְם. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אַ נָבִיא אִיז נִיט אָהְן כָּבוֹד, אוֹיסֶער אִין זֵיין לַאנְד אוּן אִין זֵיין הוֹיז.
58 אוּן עֶר הָאט דָארְט נִיט פִיל נִסִּים בֶּעוִויזֶען פוּן וֶועגֶען זֵייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶּען.
יד 1 אִין יֶענֶער צֵייט הָאט הוֹרְדוֹס דֶער פִירְפִירְשְׁט גֶעהֶערְט דֶעם שֵׁם פוּן
יֵשׁוּעַ ; 2 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, דָאס אִיז יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל, עֶר אִיז
פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן דְרוּם וִוירְקֶען אִין אִיהְם דִיא נִסִּים. 3 וָוארִין
הוֹרְדוֹס הָאט יוֹחָנָן גֶענוּמֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען, אוּן אִים גֶעפֶּענְגְנִיס
אַרֵיינְגֶעזֶעצְט דוּרְךְ הוֹרְדִיָא דֶעם וַוייבּ פוּן זֵיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס. 4 וָוארִין יוֹחָנָן
הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַז דוּא זָאלְסְט זִיא הָאבֶּען. 5 אוּן עֶר
הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט הַרְגֶענֶען, אָבֶּער עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִיא לֵייט,
ווייל זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ נָבִיא. 6 אוּן וֶוען מֶען הָאט גֶע־
הַאלְטֶען דֶעם גֶעבּוּרְטְסְטָאג פוּן הוֹרְדוֹס, הָאט דִיא טָאכְטֶער פוּן הוֹרְדִיָא
אִין מִיטֶען גֶעטַאנְצְט, אוּן זִיא אִיז הוֹרְדוֹס גֶעפֶעלֶען. 7 דְרוּם הָאט עֶר אִיהְר
צוּגֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁבוּעָה, אַז עֶר וֶועט אִיהְר גֶעבֶּען וָואס זִיא וֶועט פֶערְלַאנְגֶען.
8 אוּן אַז זִיא אִיז גֶעוֶוען פְרִיהֶער אָנְגֶעלֶערְנְט פוּן אִיהְרֶע מוּטֶער, הָאט זִיא
גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר דֶעם קָאפּ פוּן יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל אוֹיף אַ שִׁיסֶעל. 9 אוּן דֶער
מֶלֶךְ אִיז טְרוֹיְרִיג גֶעוֶוען ; דָאךְ וֶועגֶען דֶער שְׁבוּעָה, אוּן דִיא וָואס זֶענֶען
מִיט אִיהְם גֶעזֶעסֶען, הָאט עֶר בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל אִיהְר גֶעבֶּען ; 10 אוּן
עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט יוֹחָנָן גֶעקֶעפְּט אִים גֶעפֶּענְגְנִיס. 11 אוּן זֵיין קָאפּ
אִיז גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען אוֹיף אַ שִׁיסֶעל, אוּן אִיז צוּם מֶעדֶעל גֶעגֶעבֶּען, אוּן זִיא
הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהְרֶע מוּטֶער. 12 אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּ־
מֶען, אוּן הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם גוּף, אוּן הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען ; אוּן זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט צוּ יֵשׁוּעַ.
13 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט אִיז עֶר אַלֵיין פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְ־
גֶען אִין אַ שִׁיף אִין אַ וִוויסְטֶען אָרְט אַרֵיין ; אוּן וֶוען דִיא לֵייט הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט זֶענֶען זֵייא אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא שְׁטֶעדְט צוּ פוּס. 14 אוּן
יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען פִיל לֵייט ; אוּן עֶר הָאט אִיבֶּער

זַייא רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אוּן הָאט גֶעהֵיילְט זַייעֶרֶע קְרַאנְקֶע. 15 אוּן וֶוען עֶס אִיז
אָבֶּענְד גֶעוָוארֶען, זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז אַ מִדְבָּר, אוּן דִיא צַייט אִיז שׁוֹין פַארְבַּייא; שִׁיק דִיא לֵייט אַוֶועק אַז
זַייא זָאלֶען גֶעהֶען אִין דֶערְפֶער אַרַיין, אוּן זָאלֶען זִיךְ קוֹיפֶען צוּם עֶסֶען. 16 אָבֶּער
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זַייא בֶּעדַארְפֶען נִיט אַוֶועק צוּ גֶעהֶען, גִיבְּט אִיהְר
זַייא צוּ עֶסֶען. 17 אוּן זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען דָא נִיט
מֶעהְר וִויא פִינְף בְּרוֹיט אוּן צְווַייא פִישׁ. 18 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט זַייא
אַהֶער צוּ מִיר. 19 אוּן עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא לֵייט זָאלֶען זִיךְ אַנִידֶערְזֶעצֶען
אוֹיף דֶעם גְרָאז; אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט אוּן דִיא צְווַייא פִישׁ,
הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען קֶעגֶען הִימֶעל, הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, הָאט דָאס בְּרוֹיט
צוּבְּרָאכֶען, אוּן הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן דִיא תַּלְמִידִים צוּ
דִיא לֵייט. 20 אוּן זַייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען, אוּן זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען, אוּן
זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ צְוֶועלְף
קֶערְבּ פוּל. 21 אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֶענֶען גֶעוֶוען אַן עֶרֶךְ פוּן פִינְף
טוֹיזֶענְד מֶענֶער, חוּץ פְרוֹיעֶן אוּן קִינְדֶער.

22 אוּן גְלֵייךְ הָאט יֵשׁוּעַ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעצְווִאוּנְגֶען אִין אַ שִׁיף אַיינְצוּטְרֶע־
טֶען, אוּן פָאר אִיהְם אַרִיבֶּערְצוּשִׁיפֶען צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זַייט, בִּיז עֶר וֶועט דִיא
לֵייט אַוֶועקְשִׁיקֶען. 23 אוּן וֶוען עֶר הָאט דִיא לֵייט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אִיז עֶר
אַלֵיין אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צוּ בֶּעטֶען; אוּן וֶוען עֶס אִיז אָבֶּענְד
גֶעוָוארֶען אִיז עֶר דָארְט אַלֵיין גֶעוֶועזֶען. 24 אוּן דָאס שִׁיף אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען פִילֶע
פוּרְכֶען פוּן דֶעם לַאנְד, אוּן אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דִיא וֶועלֶען; דֶען דֶער ווִינְד
אִיז קֶעגֶען זַייא גֶעוֶועזֶען. 25 אוּן אִין דִיא פִיעֶרְטֶע וַואךְ פוּן דֶער נַאכְט אִיז
יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעקוּמֶען, אוֹיף דֶעם יַם אַרוּמְגֶעהֶענְדִיג. 26 אוּן ווִיא דִיא תַּלְמִידִים
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶעם יַם אַרוּמְגֶעהֶען, הָאבֶּען זַייא זִיךְ דֶערְשְׁרָא־
קֶען אוּן גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אַ גֵייסְט; אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען פַאר מוֹרָא.
27 אוּן גְלֵייךְ הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט, זַייט גֶעטְרֵייסְט; אִיךְ בִּין
עֶר; פָארְכְט אֵייךְ נִיט. 28 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
הַאר, וֶוען דוּא בִּיסְט עֶר, אַזוֹי לָאז מִיךְ צוּ דִיר קוּמֶען אוֹיף דֶעם וַואסֶער.
29 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, קוּם. אוּן פֶּעטְרוּס אִיז אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
שִׁיף, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וַואסֶער אַז עֶר זָאל קוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ.
30 אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער ווִינְד אִיז שְׁטַארְק, הָאט עֶר מוֹרָא
גֶעהַאט; אוּן וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִינְקֶען, הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען אוּן
גֶעזָאגְט, הַאר, רֶעטֶע מִיךְ. 31 אוּן גְלֵייךְ הָאט יֵשׁוּעַ דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
אוּן הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אָ, דוּא קְלֵיינְגְלוֹיבִּי־
גֶער, פַארְוָואס הָאסְט דוּא גֶעצְווַייפֶעלְט? 32 אוּן וֶוען זַייא זֶענֶען אִים שִׁיף
אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאט זִיךְ דֶער ווִינְד גֶעשְׁטִילְט. 33 אוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִים שִׁיף הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת דוּא בִּיסְט
דֶער זוּהְן פוּן גָאט.

34 און זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַרִיבֶּערְגֶעשִׁיפְט און זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם לַאנְד גְנֵיסַר.
35 און וְוען דִיא בֶּעווְאוינֶער פוּן יֶענֶעם אָרְט הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקַאנְט הָאבֶּען
זַייא אַרוּמְגֶעשִׁיקְט אִין דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד, און הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
אַלֶע קְרַאנְקֶע: 36 און זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז זַייא זָאלֶען נוּר אָנְרִיהְ־
רֶען דֶעם זוים פוּן זַיין קְלֵייד, און אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען אָנְגֶערִיהְרְט זֶענֶען
גַאנְץ גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען.

טו 1 דַאן זֶענֶען פְּרוּשִׁים און סוֹפְרִים גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, 2 פַארְוָואס זֶענֶען דֵיינֶע תַּלְמִידִים עוֹבֵר דִיא
אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג פוּן דִיא עֶלְצְטֶע? וָוארִין זַייא וַואשֶׁען זִיךְ נִיט דִיא הֶענְד וֶוען
זַייא עֶסֶען בְּרוֹיט. 3 און עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ עוֹבֵר דָאס גֶעבָּאט פוּן גָאט דוּרְךְ אֵייעֶרֶע אִיבֶּערְלִי־
פֶערוּנְג? 4 וָוארִין גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען און גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט עֶהְרֶען דֵיין
פָאטֶער און דֵיינֶע מוּטֶער; און דֶער וָואס שֶׁעלְט פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער, דֶער
זָאל גֶעוִויס שְׁטַארְבֶּען. 5 אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, וֶוער עֶס וֶועט זָאגֶען צוּ זַיין
פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער, דָאס אִיז אַ קָרְבָּן וָואס דוּא זָאלְסְט פוּן מִיר הֲנָאָה
הָאבֶּען, 6 עֶר וֶועט נִיט עֶהְרֶען זַיין פָאטֶער אָדֶער זַיינֶע מוּטֶער. און אִיהְר
הָאט דָאס גֶעבָּאט פוּן גָאט צוּשְׁטֶערְט דוּרְךְ אֵייעֶרֶע אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג. 7 אִיהְר
הֵייכְלֶער, יְשַׁעְיָה הָאט מִיט רֶעכְט אוֹיף אֵייךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט, זָאגֶענְדִיג,

8 דִיזֶעס פָאלְק עֶהְרֶעט מִיךְ מִיט זַייעֶרֶע לִיפֶּען,
אָבֶּער זַייעֶר הַארְץ אִיז וַוייט פוּן מִיר;
9 אָבֶּער אוּמְזוּסְט פָארְכְטֶעט עֶס מִיךְ,
און לֶעהְרְט אָנְלְכֶע לֶעהְרֶע וָואס זֶענֶען גֶעבָּאטֶע פוּן מֶענְשֶׁען.

10 און עֶר הָאט דִיא לֵייט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, און הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, הֶערְט צוּ
און פֶערְשְׁטֶעהְט; 11 נִיט דָאס וָואס קוּמְט אִין מוֹיל אַרֵיין מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ
אוּנְרֵיין, נֵייעֶרְט דָאס וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן מוֹיל דָאס מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ
אוּנְרֵיין. 12 דַאן זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען און הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֵוייסְט דוּא אַז דִיא פְּרוּשִׁים וְוען זַייא הָאבֶּען דָאס וָוארְט גֶעהֶערְט
זֶענֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט גֶעוָוארֶען? 13 און עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט,
אִיטְלִיכֶע פְלַאנְץ וָואס מֵיין הִימְלִישֶׁער פָאטֶער הָאט נִיט גֶעפְלַאנְצְט וֶועט אוֹיס־
גֶעוָוארְצֶעלְט וֶוערֶען. 14 לָאזְט זַייא גֶעהֶען; זַייא זֶענֶען בְּלִינְדֶע פִיהְרֶער פוּן
דִיא בְּלִינְדֶע; און וֶוען אַ בְּלִינְדֶער פִיהְרְט אַ בְּלִינְדֶען, אַזוֹי פַאלֶען זַייא בֵּיידֶע
אַרֵיין אִין אַ גְרוּבּ. 15 און פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דֶערְקְלֶער אוּנְז דָאס מָשָׁל. 16 און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ אָהְן
פֶערְשְׁטַאנְד? 17 פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נִיט, אַז אַלֶעס וָואס גֶעהְט אִין מוֹיל אַרֵיין
גֶעהְט אִין בּוֹיךְ אַרֵיין, און וֶועט צוּם מִיסְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען? 18 אָבֶּער דָאס
וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מוֹיל דָאס קוּמְט פוּן דֶעם הַארְץ; און דָאס
מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרֵיין. 19 וָוארִין פוּן דֶעם הַארְץ קוּמֶען אַרוֹיס בֵּייזֶע

[4] שמות כא׳ יז׳ [5] דברים ה׳ טז׳ [7] ישעיה כט׳ יג׳

גֶעדַאנְקֶען, רְצִיחָה, נִיאוּף, זְנוּת, גְנֵבוֹת, פַאלְשֶׁע עֵדוּת זָאגֶען, לֶעסְטֶערוּנְגֶען ;
20 דָאס זֶענֶען דִיא זַאכֶען וָואס מַאכֶען דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרֵיין ; אָבֶּער צוּ
עֶסֶען מִיט אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד מַאכְט נִיט דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרֵיין.
21 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד
פוּן צוֹר אוּן צִידוֹן. 22 אוּן זֶעה, אַ כְּנַעֲנִית פְרוֹיא אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דִיזֶע
גְרֶענְצֶען, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר, הַאר, דוּא
זוּהְן פוּן דָוִד, מֵיינֶע טָאכְטֶער וֶוערְד זֶעהְר גֶעפְּלָאגְט פוּן אַ שֵׁד. 23 אָבֶּער עֶר
הָאט אִיהְר קֵיין וָוארְט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט, שִׁיק זִיא אַוֶועק ; וָוארִין זִיא
שְׁרֵייט אוּנְז נָאךְ. 24 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט גֶע־
שִׁיקְט אוֹיסֶער צוּ דִיא פֶערְלוֹירֶענֶע שָׁאף פוּן דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל. 25 אוּן זִיא
אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, הֶעלְף מִיר.
26 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט פֵיין אַוֶועקְצוּנֶעמֶען דָאס
בְּרוֹיט פוּן דִיא קִינְדֶער אוּן עֶס צוּ וַוארְפֶען פָאר דִיא הִינְדְלֶעךְ ; 27 אוּן זִיא
הָאט גֶעזָאגְט, יָא הַאר ; אָבֶּער דִיא הִינְדְלֶעךְ עֶסֶען אוֹיךְ פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ וָואס
פַאלֶען אַרוּפּ פוּן דֶעם טִישׁ פוּן זֵייעֶרֶע הַארֶען. 28 דַאן הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אָ פְרוֹיא, גְרוֹיס אִיז דֵיין גְלוֹיבֶּען ; עֶס זָאל דִיר
גֶעשֶׁעהֶען אַזוֹי וִויא דוּא ווִילְסְט. אוּן אִיהְרֶע טָאכְטֶער אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען
פוּן יֶענֶער שָׁעָה.
29 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּם יַם פוּן
גָלִיל ; אוּן עֶר אִיז אוֹיף דֶעם בַּארְג אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ דָארְט
אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט. 30 אוּן פִיל לֵייט זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס הָאבֶּען מִיט
זִיךְ גֶעהַאט לָאמֶע, הִינְקֶענְדִיגֶע, בְּלִינְדֶע, שְׁטוּמֶע, אוּן פִילֶע אַנְדֶערֶע, אוּן זֵייא
הָאבֶּען זֵייא אַנִידֶערְגֶעוָוארְפֶען פָאר זֵיינֶע פִיס ; אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט.
31 אַזוֹי אַז דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
דִיא שְׁטוּמֶע רֶעדֶען, דִיא הִינְקֶענְדִיגֶע זֶענֶען גֶעזוּנְד, אוּן דִיא לָאמֶע גֶעהֶען
אַרוּם, אוּן דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל.
32 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ
רַחֲמָנוּת אוֹיף דִיא לֵייט, וָוארִין זֵייא זֶענֶען שׁוֹין דְרֵייא טֶעג מִיט מִיר גֶעבְּלִי־
בֶּען, אוּן הָאבֶּען נִיט וָואס צוּ עֶסֶען, אוּן אִיךְ ווִיל זֵייא נִיט אַוֶועקְשִׁיקֶען נִיכְטֶערְן,
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט פֶערְשְׁמַאכְטֶען אוֹיף דֶעם וֶועג. 33 אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען זָאלֶען מִיר נֶעמֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַזוֹי
פִיל בְּרוֹיט אַזוֹי פִיל לֵייט זַאט צוּ מַאכֶען ? 34 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
ווִיא פִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר ? אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זִיבֶּען, אוּן עֶטְלִיכֶע
פִישְׁלֶעךְ. 35 אוּן עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אַז דִיא לֵייט זָאלֶען זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד
אַנִידֶערְזֶעצֶען ; 36 אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט אוּן דִיא פִישׁ ; אוּן
הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט אוּן הָאט זֵייא צוּבְּרָאכֶען, אוּן הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ
דִיא תַּלְמִידִים, אוּן דִיא תַּלְמִידִים צוּ דִיא לֵייט. 37 אוּן זֵייא הָאבֶּען אַלֶע

גֶעגֶעסֶען אוּן זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען; אוּן זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ זִיבֶּען קֶערְבּ פוּל. 38 אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען
גֶעגֶעסֶען זֶענֶען גֶעוֶוען פִיעֶר טוֹיזֶענְד מֶענֶער, חוּץ פְרוֹיעֶן אוּן קִינְדֶער. 39 אוּן
וֶוען עֶר הָאט דִיא לֵייט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אִיז עֶר אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גְרֶענְצֶען פוּן מַגְדָן.

טז 1 אוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפְּרִיפְט, אוּן פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט, אַז עֶר זָאל זֵייא וַוייזֶען אַ צֵייכֶען
פוּן הִימֶעל. 2 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען עֶס
אִיז אָבֶּענְד גֶעוָוארֶען זָאגְט אִיהְר, עֶס וֶועט שֶׁעהְנֶעס וֶועטֶער זַיין, וָוארִין דֶער
הִימֶעל אִיז רוֹיט. 3 אוּן אִין דֶער פְרִיה, עֶס וֶועט הַיינְט זַיין אַ שְׁטוּרְם, וָוארִין
דֶער הִימֶעל אִיז רוֹיט אוּן טְרִיבּ. אִיהְר הֵייכְלֶער! אִיהְר קֶענְט פֶערְשְׁטֶעהֶען
דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אָבֶּער דִיא צֵייכֶען פוּן דִיא צֵייטֶען קֶענְט
אִיהְר נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען? 4 אַ שְׁלֶעכְטֶעס דוֹר אוּן פוּן זְנוּת זוּכְט אַ צֵייכֶען, אוּן
עֶס וֶועט זֵייא קֵיין אַנְדֶערֶעס צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוֹיסֶער דֶעם
צֵייכֶען פוּן יוֹנָה. אוּן עֶר הָאט זֵייא פֶערְלָאזְט אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.
5 אוּן וֶוען דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם
יַם, הָאבֶּען זֵייא פֶערְגֶעסֶען בְּרוֹיט מִיטְצוּנֶעמֶען. 6 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, זֶעהְט צוּ אוּן הִיט אֵייךְ פַאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן
צַדוּקִים. 7 אוּן זֵייא הָאבֶּען בֵּייא זִיךְ גֶעדַאכְט אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
וֵוייל מִיר הָאבֶּען נִיט מִיטְגֶענוּמֶען קֵיין בְּרוֹיט. 8 אוּן יֵשׁוּעַ דָאס וִויסֶענְדִיג
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס דֶענְקְט אִיהְר צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹי־
בִּיגֶע, וֵוייל אִיהְר הָאט קֵיין בְּרוֹיט נִיט? 9 פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נָאךְ נִיט אוּן
גֶעדֶענְקְט אִיהְר נִיט דִיא פִינְף בְּרוֹיט פַאר דִיא פִינְף טוֹיזֶענְד, אוּן וִויא פִיל
קֶערְבּ אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען? 10 אוּן אוֹיךְ דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט פַאר דִיא פִיעֶר
טוֹיזֶענְד, אוּן וִויא פִיל קֶערְבּ אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען? 11 וִויא פֶערְשְׁטֶעהְט
אִיהְר נִיט אַז אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ נִיט גֶערֶעט פוּן בְּרוֹיט? אָבֶּער אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ הִיטֶען פַאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן צַדוּקִים. 12 דַאן הָאבֶּען
זֵייא פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר הָאט זֵייא נִיט גֶעהֵייסֶען זִיךְ הִיטֶען פַאר דֶעם זוֹיעֶרְ־
טֵייג פוּן בְּרוֹיט, נֵייעֶרְט פַאר דִיא לֶעהְרֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן צַדוּקִים.
13 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן קֵיסָרְיָא פִילִיפּוֹס, אַזוֹי הָאט
עֶר זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגֶען דִיא מֶענְשֶׁען אַז דֶער
בֶּן אָדָם אִיז? 14 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶטְלִיכֶע זָאגֶען, יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל; אוּן
אַנְדֶערֶע, אֵלִיָה; אוּן אַנְדֶערֶע, יִרְמְיָה, אָדֶער אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים. 15 עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין? 16 אוּן שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען
גָאט. 17 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיסְט
דוּא, שִׁמְעוֹן בַּר יוֹנָה; וָוארִין פְלֵיישׁ אוּן בְּלוּט הָאבֶּען דָאס דִיר נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט,
נֵייעֶרְט מֵיין פָאטֶער דֶער אִיז אִים הִימֶעל. 18 אוּן אִיךְ זָאג דִיר אַז דוּא בִּיסְט

פֶּעטְרוּס, אוּן אוֹיף דִיזֶען פֶעלְזֶען וֶועל אִיךְ מֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע בּוֹיעֶן; אוּן דִיא
טְהִירֶען פוּן שְׁאוֹל וֶועלֶען זִיא נִיט אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען. 18 אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען
דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם; אוּן וָואס דוּא וֶועסְט בִּינְדֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד, וֶועט זַיין גֶעבּוּנְדֶען אִים הִימֶעל; אוּן וָואס דוּא וֶועסְט לוֹיסְמַאכֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, וֶועט זַיין לוֹיסְגֶעמַאכְט אִים הִימֶעל. 20 דַאן הָאט עֶר דִיא
תַּלְמִידִים פֶערְבָּאטֶען, אַז זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען, אַז עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ.

21 פוּן דֶענְצְמָאל אָן הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ װײַזֶען, אַז עֶר
מוּז גֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן פִיל לֵיידֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע, אוּן עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
אוּן סוֹפְרִים, אוּן מוּז גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען, אוּן אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אִים דְרִיטֶען טָאג.
22 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּן אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְם אָנְצוּשְׁרַייעֶן אוּן
גֶעזָאגְט, חָלִילָה הַאר; דָאס זָאל דִיר נִיט גֶעשֶׁעהֶען. 23 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט צוּ פֶּעטְרוּס גֶעזָאגְט, גֶעה הִינְטֶער מִיר, שָׂטָן, דוּא בִּיסְט אַ
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ מִיר; דֶען דוּא מֵיינְסְט נִיט גָאטֶעס זַאכֶען נֵייעֶרְט דִיא פוּן
מֶענְשֶׁען. 24 דַאן הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, וֶוער עֶס וִויל מִיר
נָאכְפָאלְגֶען, דֶער זָאל זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּן זַיין קְרֵייץ אוֹיפְנֶעמֶען
אוּן מִיר נָאכְפָאלְגֶען. 25 וָוארִין וֶוער עֶס וִויל זַיינֶע זֶעלֶע רֶעטֶען, דֶער וֶועט עֶס
פֶערְלִירֶען; אוּן וֶוער עֶס וֶועט זַיינֶע זֶעלֶע פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען, דֶער
וֶועט עֶס גֶעפִינֶען. 26 וָוארִין וָואס וֶועט עֶס דֶעם מֶענְשֶׁען הֶעלְפֶען, וִוען עֶר
זָאל גֶעוִוינֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּן וֶועט פֶערְלִירֶען זַיינֶע זֶעלֶע? אָדֶער וָואס
וֶועט אַ מֶענְשׁ גֶעבֶּען אוּם זַיינֶע זֶעלֶע? 27 וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם וֶועט קוּמֶען
אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיינֶעם פָאטֶער מִיט זַיינֶע מַלְאָכִים; אוּן דַאן וֶועט עֶר
בֶּעצָאהְלֶען אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיין וֶוערְק. 28 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס זֶענֶען אֵיי־
נִיגֶע וָואס שְׁטֶעהֶען דָא וָואס וֶועלֶען דֶעם טוֹיט נִיט פֶערְזוּכֶען, בִּיז זַייא וֶועלֶען
זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם קוּמֶען אִין זַיין קֶענִיגְרַייךְ.
יז 1 אוּן נָאךְ זֶעקְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוּס, אוּן יַעֲקֹב, אוּן זַיין
בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אוּן הָאט זַייא אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג בֵּייא זִיךְ
אַלֵיין. 2 אוּן עֶר אִיז פָאר זַייא פֶערְעֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן זַיין פָּנִים הָאט
גֶעשַׁיינְט וִויא דִיא זוּן, אוּן זַיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען וַוייס גֶעוֶועזֶען וִויא דָאס לִיכְט.
3 אוּן זֶעה, הָאבֶּען זִיךְ מֹשֶׁה אוּן אֵלִיָּה צוּ אִיהְם בֶּעוִויזֶען, אוּן הָאבֶּען מִיט
אִיהְם גֶערֶעט. 4 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, הַאר,
עֶס אִיז גוּט פַאר אוּנְז דָא צוּ זַיין; אוֹיב דוּא ווִילְסְט, וִויל אִיךְ דָא מַאכֶען
דְרַייא גֶעצֶעלְטֶען, אֵיינְס פַאר דִיר, אוּן אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה, אוּן אֵיינְס פַאר
אֵלִיָּה. 5 דֶערְוַויל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, זֶעה, הָאט זַייא אַ לִיכְטִיגֶע וָאלְקֶען
בֶּעדֶעקְט, אוּן זֶעה, אַ קוֹל הָאט אוֹיס דֶער וָאלְקֶען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין
גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן אִין וֶועלְכֶעם אִיךְ הָאבּ וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען, הֶערְט אִיהְם צוּ. 6 אוּן
וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זַייא אוֹיף זַייעֶר פְּנִים גֶעפַאֿ־
לֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען. 7 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז צוּ זַייא גֶעקוּמֶען,

אוּן הָאט זֵייא אָנְגֶערִיהְרְט אוּן גֶעזָאגְט, שְׁטֶעהְט אוּיף אוּן פָארְכְט אֵייךְ נִיט.
8 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוּיפְגֶעהוֹיבֶּען, הָאבֶּען זֵייא קֵיינֶעם נִיט
גֶעזֶעהֶען אוּיסֶער יֵשׁוּעַ אַלֵיין.
9 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם בַּארְג, הָאט זֵייא יֵשׁוּעַ
גֶעבָּאטֶען אוּן גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען פוּן דֶער עֶרְשֵׁיינוּנְג, בִּיז
דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אוּיפְשְׁטֶעהֶען פוּן דֶעם טוֹיט. 10 אוּן דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, פַארְוָואס זָאגֶען דִיא סוֹפְרִים אַז אֵלִיָה מוּז צוּ־
עֶרְשְׁט קוּמֶען? 11 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אֵלִיָה קוּמְט בֶּאֱמֶת
אוּן וֶועט אַלֶעס צוּרֶעכְט מַאכֶען; 12 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אֵלִיָה אִיז שׁוֹין
גֶעקוּמֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט דֶערְקַאנְט גֵייעֶרְט הָאבֶּען מִיט אִיהְם
גֶעטְהוּן וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט. אַזוֹי וֶועט דֶער בֶּן אָדָם אוֹיךְ פוּן זֵייא
לֵיידֶען. 13 דַאן הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט
פוּן וֶועגֶען יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל.
14 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא לֵייט, אַזוֹי אִיז אַ מַאן צוּ אִיהְם גֶע־
קוּמֶען, אוּן הָאט זִיךְ פָאר אִיהְם גֶעקְנִיעֶט אוּן גֶעזָאגְט, 15 הַאר, דֶערְבַּארְם
דִיךְ אִיבֶּער מֵיין זוּהְן; וָוארִין עֶר אִיז מְשׁוּגָע אוּן לֵיידֶעט זֶעהְר; וָוארִין עֶר
פַאלְט אָפְט אִין פֵייעֶר אַרֵיין אוּן אָפְט אִין וַואסֶער אַרֵיין. 16 אוּן אִיךְ הָאבּ
אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ דֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט הֵיילֶען.
17 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט אָ, אִיהְר אוּנְגְלוֹיבִּיגֶעס אוּן פֶערְ־
קֶעהְרְטֶעס דוֹר, וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ זֵיין? וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ מִיט
אֵייךְ אוּיסְהַאלְטֶען? בְּרֶענְגְט אִיהְם אַהֶער צוּ מִיר. 18 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּן דֶער שֵׁד אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן דֶער יוּנְג אִיז
גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען פוּן יֶענֶער שָׁעָה. 19 דַאן זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ בֵּייא זִיךְ אַלֵיין, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאבֶּען מִיר אִיהְם נִיט
גֶעקָאנְט אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען? 20 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועגֶען אֵייעֶרֶע
אוּנְגְלוֹיבֶּען; וָוארִין בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען גְלוֹיבֶּען
וִויא אַ זֶענְפְקָארְן, אַזוֹי וֶועט אִיהְר זָאגֶען צוּ דִיזֶען בַּארְג, זֵייא אַוֶועקְגֶערִיקְט
פוּן הִיר דָארְטֶען; אַזוֹי וֶועט עֶר אַוֶועקְגֶערִיקְט וֶוערֶען; אוּן קֵיין זַאךְ וֶועט אֵייךְ
נִיט אוּנְמֶעגְלִיךְ זֵיין.

22 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אִין גָלִיל, הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען;
23 אוּן זֵייא וֶועלֶען אִיהְם הַרְגֶענֶען, אוּן אִים דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר וִוידֶער
אוּיפְשְׁטֶעהֶען, אוּן זֵייא זֶענֶען זֶעהְר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוֶוען.
24 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַרְנַחוּם, זֶענֶען דִיא וָואס נֶעמֶען אָפּ
דֶעם הַאלְבֶּען שֶׁקֶל גֶעקוּמֶען צוּ פֶּעטְרוֹס, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, צָאהְלְט אֵייעֶר
לֶעהְרֶער נִיט דֶעם הַאלְבֶּען שֶׁקֶל? 25 עֶר הָאט גֶעזָאגְט יָא. אוּן וֶוען עֶר אִיז

---

21 אָבֶּער דִיזֶער אַרְט גֶעהְט נִיט אַנְדֶערְשׁ אַרוֹיס אוּיסֶער דוּרְךְ גֶעבֶּעט אוּן פַאסְטֶען.

אִין הויז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, הָאט צוּ אִיהְם יֵשׁוּעַ צוּעֶרְשְׁט גֶעזָאגְט, ווִיא דֶענְקְסְט
דוּא, שִׁמְעוֹן? פוּן וֶועמֶען נֶעמֶען דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד צִינְס אָדֶער שְׁטֵייעֶר,
פוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אָדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע? [26] אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פוּן פְרֶעמְדֶע; אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דְרוּם זֶענֶען דִיא זִיהְן פְרֵייא.
[27] אָבֶּער אַז מִיר זָאלֶען זֵייא נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען מַאכֶען, אַזוֹי גֶעה צוּם יַם, אוּן
וַוארְף אֵיין אַנְגֶעל, אוּן נֶעם דֶעם פִישׁ וָואס וֶועט צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרוֹיפְקוּמֶען;
אוּן וֶוען דוּא וֶועסְט אוֹיפְמַאכֶען זֵיין מוֹיל, אַזוֹי וֶועסְט דוּא גֶעפִינֶען אַ מַטְבֵּעַ°;
נֶעם דָאס, אוּן גִיב עֶס צוּ זֵייא פַאר מִיר אוּן פַאר דִיר.
**יח** אִין יֶענֶער צֵייט זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּן הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, וֶוער דֶען אִיז גְרֶעסֶער אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם? [2] אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זִיךְ
גֶערוּפֶען אַ קְלֵיינֶעס קִינְד, אוּן הָאט אִיהְם אִין מִיטֶען גֶעשְׁטֶעלְט, [3] אוּן גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט בֶּעקֶעהְרֶען אוּן וֶועט זֵיין
אַזוֹי ווִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וֶועט אִיהְר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם.
[4] וֶוער דֶען וֶועט זִיךְ דֶערְנִידְרִיגֶען אַזוֹי ווִיא דָאס קְלֵיינֶע קִינְד, דֶער אִיז
דֶער גְרֶעסֶערֶער אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. [5] אוּן וֶוער עֶס וֶועט אוֹיפְנֶעמֶען אַ קְלֵיינֶעס
קִינְד אִין מֵיין נָאמֶען, דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף; [6] אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט שְׁטְרוֹיכְ־
לֶען אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע וָואס גְלוֹיבֶּען אָן מִיר, אַזוֹי אִיז פַאר אִיהְם בֶּעסֶער
אַז אַ מִיהְלְשְׁטֵיין זָאל אוֹיף זֵיין הַאלְז גֶעהָאנְגֶען וֶוערֶען, אוּן אַז עֶר זָאל דֶערְ־
טְרוּנְקֶען וֶוערֶען אִין דֶער טִיפֶענֶעס פוּן דֶעם יַם. [7] וֶועה צוּ דֶער וֶועלְט פוּן
וֶועגֶען שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען! וָוארִין עֶס אִיז נֶעטִיג אַז שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען מוּזֶען קוּמֶען,
אָבֶּער וֶועה צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען דוּרְךְ וֶועמֶען דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג קוּמְט! [8] אוּן וֶוען
דֵיינֶע הַאנְד אָדֶער דֵיין פוּס מַאכְט דִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען, הַאק זִיא אָפּ, אוּן וַוארְף
זִיא אַוֶועק פוּן דִיר; עֶס אִיז גוּט פַאר דִיר אִין לֶעבֶּען אַרֵיינְצוּגֶעהֶען
הִינְקֶענְדִיג אָדֶער לָאם, אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען צְוֵוייא הֶענְד אָדֶער צְוֵוייא
פִּיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען צוּ וֶוערֶען אִים עֶבִּיגֶען פֵייעֶר. [9] אוּן וֶוען דֵיין אוֹיג מַאכְט
דִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען, רֵייס עֶס אוֹיס אוּן וַוארְף עֶס אַוֶועק פוּן דִיר; עֶס אִיז גוּט פַאר
דִיר אִין לֶעבֶּען אַרֵיינְצוּגֶעהֶען מִיט אֵיין אוֹיג, אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען צְוֵוייא
אוֹיגֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען צוּ וֶוערֶען אִים פֵייעֶרִיגֶען גֵיהִנָּם. [10] הִיט אֵייךְ אַז אִיהְר
זָאלְט נִיט פֶערְאַכְטֶען אֵיינְס פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע; וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז זֵייעֶרֶע
מַלְאָכִים אִים הִימֶעל זֶעהֶען אִימֶער דָאס פָּנִים פוּן מֵיין פָאטֶער דֶער אִיז אִים
הִימֶעל. [12] וָואס דַאכְט זִיךְ אֵייךְ? זַייעֶן אַ מֶענְשׁ וֶועט הָאבֶּען הוּנְדֶערְט שָׁאף,
אוּן אֵיינְס פוּן זֵייא פֶערְלִירְט זִיךְ, וֶועט עֶר דֶען נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען דִיא נֵיין אוּן
נֵיינְצִיג אוֹיף דִיא בֶּערְג, אוּן וֶועט אַוֶועקְגֶעהֶען אוּן זוּכֶען דָאס פֶערְלוֹירֶענֶע?
[13] אוּן וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אַז עֶר גֶעפִינְט עֶס, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר פְרֵייעֶט
זִיךְ מֶעהְר אִיבֶּער דֶעם, ווִיא אִיבֶּער דִיא נֵיין אוּן נֵיינְצִיג וָואס זֶענֶען נִיט
פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען. [14] אַזוֹי אִיז עֶס נִיט דֶער ווִילֶען פוּן אֵייעֶר פָאטֶער דֶער

---

[11] וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען צוּ רֶעטֶען דָאס וָואס אִיז פֶערְלוֹירֶען.
[27] גר׳ אסתירא

אִיז אִים הִימֶעל, אַז אֵיינְס פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע זָאל פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען.
15 אוּן וֶוען דֵיין בְּרוּדֶער הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דִיר, גֶעה אוּן שְׁטְרָאף אִיהְם
צְווִישֶׁען דִיר אוּן אִיהְם אַלֵיין; וֶוען עֶר וֶועט דִיךְ צוּהֶערֶען, אַזוֹי הָאסְט דוּא דֵיין
בְּרוּדֶער גֶעווְאוּנֶען. 16 אָבֶּער וֶוען עֶר וֶועט דִיךְ נִיט צוּהֶערֶען, נֶעם מִיט דִיר
נָאךְ אֵיינֶעם אָדֶער צְוֵויא, אַז דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן צְוֵויא אָדֶער דְרֵייא עֵדוֹת
זָאל יֶעדֶע זַאךְ בֶּעשְׁטֶעטִיגְט וֶוערֶען. 17 אוּן וֶוען עֶר וֶועט זֵייא נִיט צוּהֶערֶען
זָאג עֶס צוּ דֶער קְהִילָה; אוּן וֶוען עֶר וֶועט צוּ דֶער קְהִילָה אוֹיךְ נִיט צוּהֶערֶען,
אַזוֹי זָאל עֶר בֵּייא דִיר זֵיין וִויא אַ גוֹי אוּן וִויא אַ שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער. 18 בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס וָואס אִיהְר וֶועט בִּינְדֶען אוֹיף דֶער עֶרְד וֶועט זֵיין גֶעבּוּנְ־
דֶען אִים הִימֶעל, אוּן דָאס וָואס אִיהְר וֶועט לוֹיסְמַאכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד וֶועט זֵיין
לוֹיסְגֶעמַאכְט אִים הִימֶעל. 19 בֶּאֱמֶת ווִידֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען צְוֵויא פוּן
אֵייךְ וֶועלֶען אֵיינִיג וֶוערֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אִיבֶּער יֶעדֶע זַאךְ וָואס זֵייא וֶועלֶען
בֶּעטֶען, אַזוֹי וֶועט עֶס פַאר זֵייא גֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן מֵיין פָאטֶער דֶער אִיז אִים
הִימֶעל. 20 וָוארִין ווְאוּ צְוֵויא אָדֶער דְרֵייא קוּמֶען צוּזַאמֶען אִין מֵיין נָאמֶען,
דָא בִּין אִיךְ אִין מִיטֶען פוּן זֵייא.
21 דַאן אִיז פֶּעטְרוּס צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, וִויא פִיל מָאל
זָאל מֵיין בְּרוּדֶער קֶעגֶען מִיר זִינְדִיגֶען, אוּן אִיךְ זָאל אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען? בִּיז
זִיבֶּען מָאל? 22 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג דִיר נִיט בִּיז זִיבֶּען
מָאל, נֵייעֶרְט בִּיז זִיבְּצִיג מָאל זִיבֶּען. 23 דְרוּם אִיז דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם גְלֵייךְ
צוּ אַ קֶענִיג, וָואס הָאט גֶעוָואלְט רֶעכְנוּנְג נֶעמֶען פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט. 24 אוּן וֶוען
עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעכְנֶען, הָאט מֶען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ בַּעַל חוֹב פוּן
צֶעהְן טוֹיזֶענְד צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער. 25 אוּן וֶוען עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט צוּ בֶּעצָאהְ־
לֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם זֵיין הַאר גֶעהֵייסֶען פֶערְקוֹיפֶען, אוּן זֵיין ווַייבּ אוּן
קִינְדֶער, אוּן אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוּן צוּ בֶּעצָאהְלֶען. 26 דֶער קְנֶעכְט
אִיז דֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט אוּן גֶעזָאגְט, הַאר,
הָאבּ גֶעדוּלְד מִיט מִיר, אוּן אִיךְ וֶועל דִיר אַלֶעס בֶּעצָאהְלֶען. 27 אוּן דֶער הַאר
הָאט אוֹיף דִיזֶעם קְנֶעכְט רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוּן הָאט אִיהְם בֶּעפְרֵייעֶט אוּן הָאט
אִיהְם דֶעם חוֹב פֶערְגֶעבֶּען. 28 אוּן וִויא יֶענֶער קְנֶעכְט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
הָאט עֶר גֶעפִינֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא מִיטְקְנֶעכְט, וָואס אִיז אִיהְם שׁוּלְדִיג גֶעוֶוען
הוּנְדֶערְט גְרָאשֶׁען; אוּן עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּיים הַאלְז, אוּן הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּעצָאהְל מִיר דֶעם חוֹב. 29 אַזוֹי אִיז דֶער מִיטְקְנֶעכְט, פָאר
זֵיינֶע פִיס גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט, הָאבּ גֶעדוּלְד מִיט
מִיר, אוּן אִיךְ וֶועל דִיר אַלֶעס בֶּעצָאהְלֶען. 30 אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט,
אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אִיהְם אִים גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, בִּיז עֶר
וֶועט בֶּעצָאהְלֶען דֶעם חוֹב. 31 אוּן וֶוען דִיא מִיטְקְנֶעכְט הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס
עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, זֶענֶען זֵייא זֶעהְר בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעקוּ־
מֶען אוּן הָאבֶּען זֵייעֶר הַאר'ן דֶערְצֶעהְלְט אַלֶעס וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. 32 דַאן

16 דברים יט׳ טו׳ 28 גר׳ דינר

הָאט אִיהְם זַיין הַאר גֶערוּפֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא שְׁלֶעכְטֶער
קְנֶעכְט, אִיךְ הָאבּ דִיר פֶערְגֶעבֶּען דֶעם גַאנְצֶען חוֹב וָוייל דוּא הָאסְט מִיךְ
גֶעבֶּעטֶען; 33 הָאסְט דוּא אוֹיךְ נִיט גֶעזָאלְט רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף דַיין מִיטְקְנֶעכְט,
אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִיר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט? 34 אוּן זַיין הַאר אִיז אִין כַּעַס
גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא פֵּיינִיגֶער, בִּיז עֶר וֶועט
אַלֶעס בֶּעצָאהְלֶען וָואס עֶר אִיז אִיהְם שׁוּלְדִיג גֶעוֶוען. 35 אַזוֹי וֶועט מֵיין הִימְ־
לִישֶׁער פָאטֶער אוֹיךְ טְהוּן צוּ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר וָועט נִיט אִיטְלִיכֶער זַיין בְּרוּדֶער
פוּן אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער פֶערְגֶעבֶּען.

יט 1 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דִיזֶע וֶוערְטֶער, אִיז עֶר
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דִיא גְרֶענְצֶען פוּן יְהוּדָה, אוֹיף
דִיא אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵן; 2 אוּן פִיל לֵייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר
הָאט זֵייא דָארְט גֶעהֵיילְט.
3 אוּן דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרִיפְט
אוּן גֶעזָאגְט, מֶעג מֶען זַיין ווַייבּ שֵׁיידֶען וֶועגֶען יֶעדֶער זַאךְ? 4 אוּן עֶר הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר דֶען נִיט גֶעלֵיינְט, אַז דֶער וֶועלְכֶער הָאט
זֵייא בֶּעשַׁאפֶען פוּן אָנְהֵייבּ, הָאט זֵייא זָכָר אוּן נְקֵבָה בֶּעשַׁאפֶען, 5 אוּן הָאט
גֶעזָאגְט, דֶעסְטְוֶועגֶען זָאל אַ מֶענְשׁ פֶערְלָאזֶען זַיין פָאטֶער אוּן זַיינֶע מוּטֶער,
אוּן זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען אָן זַיין ווַייבּ, אוּן דִיא צְווֵייא זָאלֶען צוּ אֵיין פְלֵיישׁ
זַיין? 6 אַזוֹי דֶען זֶענֶען זֵייא נִיט מֶעהְר צְווֵייא, נֵייעֶרְט אֵיין פְלֵיישׁ. דְרוּם וָואס
גָאט הָאט אִינְאֵיינֶעם פֶערְאֵיינִיגְט, דָאס זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט צוּשֵׁיידֶען. 7 זֵייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאט דֶען משֶׁה גֶעבָּאטֶען אַז מֶען זָאל
אִיהְר אַ גֶט גֶעבֶּען אוּן זִיא שֵׁיידֶען? 8 עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועגֶען
אֵייעֶרֶע הַארְטְהַארְצִיגְקֵייט, הָאט משֶׁה אֵייךְ דֶערְלוֹיבְּט אֵייעֶרֶע ווַייבֶּער צוּ שֵׁיי־
דֶען; אָבֶּער פוּן אָנְהֵייבּ אִיז עֶס נִיט אַזוֹי גֶעוֶוען. 9 אוּן אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז
וֶוער עֶס וֶועט זַיין ווַייבּ שֵׁיידֶען חוּץ וֶועגֶען זְנוּת, אוּן נֶעמֶען אֵיין אַנְדֶערֶע, דֶער
אִיז מְזַנֶּה; אוּן דֶער וָואס נֶעמְט דִיא גְרוּשָׁה אִיז מְזַנֶּה. 10 זַיינֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דִיא זַאךְ אִיז אַזוֹי צְווִישֶׁען מַאן אוּן ווַייבּ, אַזוֹי
אִיז עֶס נִיט גוּט חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען. 11 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נִיט
אַלֶע קֶענֶען דָאס וָוארְט אָנְנֶעמֶען, אוּיסֶער דִיא צוּ וֶועמֶען עֶס אִיז גֶעגֶעבֶּען.
12 וָוארִין עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען פֶערְשְׁנִיטֶענֶע, וָואס זֶענֶען אַזוֹי גֶעבּוֹירֶען פוּן
זֵייעֶר מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּן עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען פֶערְשְׁנִיטֶענֶע, וָואס זֶענֶען
פֶערְשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא מֶענְשֶׁען, אוּן עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען פֶערְשְׁנִיטֶענֶע,
וָואס הָאבֶּען זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְשְׁנִיטֶען וֶועגֶען דֶעם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. וֶוער עֶס
קָאן דָאס אָנְנֶעמֶען, לָאז עֶר אָנְנֶעמֶען.
13 דַאן הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער כְּדֵי עֶר זָאל דִיא הֶענְד
אוֹיף זֵייא לֶעגֶען אוּן בֶּעטֶען; אוּן דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען.

4,5 בראשית א׳ כז׳, ב׳ כד׳.

14 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט דִיא קִינְדֶערלֶעךְ אוּן פֶערְבִּיט זֵייא נִיט צוּ
מִיר צוּ קוּמֶען, וָוארִין פוּן אַזֶעלְכֶע אִיז דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. 15 אוּן עֶר הָאט
דִיא הֶענְד אוּיף זֵייא גֶעלֶעגְט, אוּן אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.
16 אוּן וֶועה, אֵיינֶער אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער וָואס
פַאר אַ גוּטֶעס זָאל אִיךְ טְהוּן כְּדֵי אִיךְ זָאל בֶּעקוּמֶען עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען? 17 אוּן
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס פְרֶעגְסְט דוּא מִיךְ וֶועגֶען דֶעם
גוּטֶע? אֵיינֶער אִיז דֶער גוּטֶער; אָבֶּער וֶוען דוּא ווִילְסְט אִין לֶעבֶּען
אַרֵיינְקוּמֶען, אַזוֹי הִיט דִיא מִצְוֹת. 18 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶע?
אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט טֵייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶּה זֵיין,
דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶענֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען, 19 עֶהְרֶע דֵיין
פָאטֶער אוּן דֵיינֶע מוּטֶער, אוּן, דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען דֵיין חָבֵר ווִיא זִיךְ זֶעלְבְּסְט.
20 דֶער יוּנְגֶע מַאן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען;
וָואס פֶעהְלְט מִיר נָאךְ? 21 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא ווִילְסְט
פָאלְקָאמֶען זֵיין, אַזוֹי גֶעה, פֶערְקוֹיף וָואס דוּא הָאסְט, אוּן גִיבּ צוּ דִיא
אָרְמֶע אוּן דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ שַׁאץ אִים הִימֶעל; אוּן קוּם, פָאלְג מִיר
נָאךְ. 22 אוּן ווִיא דֶער יוּנְגֶע מַאן הָאט דָאס וָוארְט גֶעהֶערְט אִיז עֶר אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען טְרוֹירִיג; וָוארִין עֶר הָאט גֶעהַאט פִיל פֶערְמֶעגֶען.
23 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ אַז אַ
רֵייכֶער וֶועט שְׁוֶוערְלִיךְ אַרֵיינְקוּמֶען אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. 24 אוּן ווִידֶער זָאג
אִיךְ אֵייךְ, עֶס אִיז גְרִינְגֶער פַאר אַ קֶעמֶעל דוּרְכְצוּגֶעהֶען דוּרְךְ דֶעם לָאךְ פוּן
אַ נָאדֶעל, ווִיא פַאר אַ רֵייכֶען אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 25 אוּן
וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, וֶוענֶען זֵייא זֶעהְר עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוא־
רֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער קָאן דֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? 26 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֵּייא מֶענְשֶׁען אִיז דָאס אוּנְמֶעגְלִיךְ;
אָבֶּער בֵּייא גָאט אִיז אַלֶעס מֶעגְלִיךְ. 27 דַאן הָאט פֶּעטְרוּס גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר הָאבֶּען אַלֶעס פֶערְלָאזְט, אוּן הָאבֶּען דִיר
נָאכְגֶעפָאלְגְט; וָואס וֶועלֶען מִיר דֶערְפָאר הָאבֶּען? 28 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיהְר וָואס הָאט מִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט, אִין
דֶער ווִידֶערגֶעבּוּרְט, וֶוען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט זִיצֶען אוּיף זֵיין שְׁטוּהְל פוּן הֶערְ־
לִיכְקֵייט, אַזוֹי וֶועט אִיהְר אוֹיךְ זִיצֶען אוּיף צְוֶועלְף שְׁטוּהְלֶען אוּן וֶועט מִשְׁפָּטֶען
דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל. 29 אוּן אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט פֶערְלָאזְט הֵייזֶער,
אָדֶער בְּרִידֶער אָדֶער שְׁוֶועסְטֶער, אָדֶער פָאטֶער, אָדֶער מוּטֶער, אָדֶער קִינְדֶער,
אָדֶער פֶעלְדֶער, פוּן מֵיין נָאמֶען'ס וֶועגֶען, דֶער וֶועט בֶּעקוּמֶען הוּנְדֶערְט מָאל
אַזוֹי פִיל, אוּן עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען יַרְשֶׁענֶען. 30 אָבֶּער פִילֶע וָואס זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע
וֶועלֶען זֵיין לֶעצְטֶע, אוּן לֶעצְטֶע וֶועלֶען זֵיין עֶרְשְׁטֶע.
כ 1 דֶען דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלַייךְ צוּ אַ בַּעַל הַבַּיִת, וָואס אִיז אִים מָארְגֶען
פְרִיה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַרְבֵּייטֶער צוּ דִינְגֶען פַאר זֵיין וֵויינְגָארְטֶען. 2 אוּן עֶר

19 שמות כ׳ יב׳: ויקרא יט׳ יח׳: דברים ה׳ טז׳

הָאט זִיךְ פֶערְגְלַייכְט מִיט דִיא אַרְבֵּייטֶער פַאר אַ גְרָאשֶׁען* אַ טָאג, אוּן הָאט
זַייא אַרַיינְגֶעשִׁיקְט אִין זַיין ווַיינְגָארְטֶען. 3 אוּן עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא
דְרִיטֶע שָׁעָה אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען אַנְדֶערֶע לֶעדִיג שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם מַארְק;
4 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִיהְר אוֹיךְ אִין דֶעם ווַיינְגָארְטֶען אַרַיין,
אוּן אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען וָואס רֶעכְט אִיז. 5 אַזוֹי זֶענֶען זַייא אַהִין גֶעגַאנְגֶען.
אוּן עֶר אִיז ווִידֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא זֶעקְסְטֶע אוּן נַיינְטֶע שָׁעָה, אוּן
הָאט אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן. 6 אוּן אִין דִיא עֶלְפְטֶע שָׁעָה אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־
גֶען, אוּן הָאט גֶעפִינֶען אַנְדֶערֶע לֶעדִיג שְׁטֶעהֶען, אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס שְׁטֶעהְט אִיהְר דֶעם גַאנְצֶען טָאג לֶעדִיג? 7 זַייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, ווַייל קֵיינֶער הָאט אוּנְז נִיט גֶעדוּנְגֶען. אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִיהְר אוֹיךְ אִים ווַיינְגָארְטֶען אַרַיין. 8 אוּן אוֹיף דֶעם אָבֶּענְד
זָאגְט דֶער הַאר פוּן דֶעם ווַיינְגָארְטֶען צוּ זַיין פֶערְוַואלְטֶער, רוּף דִיא אַרְבֵּייטֶער
אוּן בֶּעצָאהְל זַייא זַייעֶר לוֹין, אוּן הֵייבּ אָן פוּן דֶעם לֶעצְטֶען בִּיז צוּם עֶרְשְׁטֶען.
9 אוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעדוּנְגֶען גֶעוֶוען אִין דִיא עֶלְפְטֶע שָׁעָה זֶענֶען גֶעקוּמֶען,
אוּן הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען אִיטְלִיכֶער אַ גְרָאשֶׁען.* 10 אוּן וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעדַאכְט אַז זַייא וֶועלֶען מֶעהְר בֶּעקוּמֶען, אוּן זַייא
הָאבֶּען אוֹיךְ בֶּעקוּמֶען אִיטְלִיכֶער אַ גְרָאשֶׁען. 11 אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען עֶס
בֶּעקוּמֶען, הָאבֶּען זַייא גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען דֶעם בַּעַל הַבַּיִת, 12 אוּן הָא־
בֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶע לֶעצְטֶע הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט אֵיינֶע שָׁעָה, אוּן דוּא הָאסְט
זַייא גְלֵייךְ מִיט אוּנְז גֶעמַאכְט, וָואס הָאבֶּען דֶערְטְרָאגֶען דִיא לַאסְט פוּן דֶעם
טָאג אוּן דִיא בְּרֶענֶענְדִיגֶע הִיץ. 13 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט
צוּ אֵיינֶעם פוּן זַייא, מֵיין פְרֵיינְד, אִיךְ טְהוּא דִיר נִיט קֵיין אוּנְרֶעכְט; הָאסְט דוּא
נִיט מִיט מִיר פֶערְגְלַייכְט פַאר אַ גְרָאשֶׁען? 14 נֶעם דִיר דָאס דֵיינִיגֶע, אוּן גֶעה
אַוֶועק; אִיךְ וִויל דִיזֶען לֶעצְטֶען גֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דִיר. 15 מֶעג אִיךְ נִיט טְהוּן
מִיט מֵיין אֵייגֶענֶעם וָואס אִיךְ וִויל? אָדֶער אִיז דֵיין אוֹיג שְׁלֶעכְט ווַייל אִיךְ בִּין
גוּט? 16 אַזוֹי וֶועלֶען דִיא לֶעצְטֶע זַיין עֶרְשְׁטֶע אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע לֶעצְטֶע.

17 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט עֶר גֶענוּמֶען דִיא
צְוֶועלְף תַּלְמִידִים אָן דֶער זַייט, אוּן אוֹיף דֶעם וֶועג הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
18 זֶעה מִיר גֶעהֶען אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט
וֶוערֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים; אוּן זַייא וֶועלֶען אִיהְם פֶערְ־
שׁוּלְדִיגֶען צוּם טוֹיט, 19 אוּן זַייא וֶועלֶען אִיהְם אִיבֶּערְלִיפֶערֶען צוּ דִיא גוֹיִם אַז
זַייא זָאלֶען אִיהְם אוֹיסְשְׁפָּאטֶען אוּן שְׁמֵייסֶען אוּן קְרֵייצִיגֶען; אוּן אִים דְרִיטֶען
טָאג וֶועט עֶר אוֹיפְשְׁטֶעהֶען.

20 דַאן אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען דִיא מוּטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן זַבְדַי מִיט
אִיהְרֶע זִיהְן, אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּן עֶפֶּעס פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט.
21 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְסְט דוּא? זִיא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, גֶעבִּיט אַז דִיזֶע מֵיינֶע צְווַייא זִיהְן זָאלֶען זִיצֶען, אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע

* גר׳ דינר 2,8

רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע לִינְקֶע אִין דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ. 22 אָבֶער יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיהְר ווייסְט נִיט וָואס אִיהְר פֶערְלַאנְגְט;
קָאנְט אִיהְר טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס וָואס אִיךְ וָועל טְרִינְקֶען? זֵייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר קָאנֶען. 23 עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיין כּוֹס וֶועט אִיהְר
טְרִינְקֶען, אָבֶער צוּ זִיצֶען צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן צוּ מֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד
אִיז נִיט מֵיין צוּ גֶעבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ דִיא פַאר וֶועמֶען עֶס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט פוּן
מֵיין פָאטֶער. 24 אוּן ווִיא דִיא צֶעהְן הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶס זֵייא
פֶערְדְרָאסֶען אִיבֶּער דִיא צְווייא בְּרִידֶער. 25 אָבֶער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא צוּ זִיךְ
גֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט, אִיהְר ווייסְט אַז דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער הֶערְ־
שֶׁען אִיבֶּער זֵייא, אוּן דִיא פָארְנֶעהְמֶע גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵייא. 26 עֶס זָאל
נִיט אַזוֹי זֵיין צְווִישֶׁען אֵייךְ; נֵייעֶרְט וֶוער עֶס ווִיל גְרוֹיס זֵיין צְווִישֶׁען אֵייךְ, דֶער
זָאל זֵיין אֵייעֶר בֶּעדִינְטֶער; 27 אוּן וֶוער עֶס ווִיל דֶער עֶרְשְׁטֶער זֵיין צְווִישֶׁען
אֵייךְ, דֶער זָאל זֵיין אֵייעֶר קְנֶעכְט; 28 אַזוֹי ווִיא דֶער בֶּן אָדָם אִיז נִיט גֶעקוּמֶען
בֶּעדִינְט צוּ וֶוערֶען, נֵייעֶרְט צוּ בֶּעדִינֶען, אוּן זֵיין לֶעבֶּען צוּ גֶעבֶּען אֵיין אוֹיס־
לֶעזוּנְג פַאר פִילֶע.

29 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרִיחוֹ זֶענֶען אִיהְם פִיל לֵייט
נָאכְגֶעגַאנְגֶען. 30 אוּן זֶעה, צְווייא בְּלִינְדֶע זֶענֶען גֶעזֶעסֶען בֵּיים וֶועג, אוּן וֶוען
זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ גֶעהְט פַארְבֵּייא, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיגֶען אוּן
גֶעזָאגְט, הַאר, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז, דוּא זוּהְן פוּן דָוִד. 31 אוּן דִיא לֵייט
הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אַז זֵייא זָאלֶען שְׁטִיל שְׁווייגֶען; אָבֶער זֵייא הָאבֶּען
נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז, דוּא
זוּהְן פוּן דָוִד. 32 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט זֵייא גֶערוּפֶען אוּן גֶע־
זָאגְט, וָואס ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ טְהוּן? 33 זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, אַז אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען זָאלֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען. 34 אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט אוֹיף זֵייא רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אוּן הָאט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אָנְגֶערִיהְרְט, אוּן
גְלֵייךְ זֶענֶען זֵייא זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט.

**כא** 1 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם, אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען
קֵיין בֵּיתְפַּגֵי צוּם הַר הַזֵּיתִים, דַאן הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צְווייא תַּלְמִידִים,
2 אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אַהִין צוּם דָארְף וָואס אִיז קֶעגֶען אֵייךְ, אוּן
גְלֵייךְ וֶועט אִיהְר גֶעפִינֶען אֵיין אֶעזֶעל אָנְגֶעבוּנְדֶען, אוּן אַ פִילְכֶען דֶערְבֵּייא;
בִּינְד זֵייא אוֹיף, אוּן בְּרֶענְגְט זֵייא צוּ מִיר. 3 אוּן וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט אֵייךְ
עֶפֶּעס זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט אִיהְר אַז דֶער הַאר בֶּעדַארְף זֵייא; אוּן עֶר וֶועט זֵייא
בַּאלְד שִׁיקֶען. 4 אוּן דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס אִיז
גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, דֶער זָאגְט,

5 זָאגְט צוּ דֶער טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן,
זֶעה, דֵיין קֶענִיג קוּמְט צוּ דִיר,
זַאנְפְטְמִיטִיג אוּן רֵייטֶענְדִיג אוֹיף אֵיין אֶעזֶעל,

5 זכריה ט׳, ט׳,

אוּן אוֹיף אַ פִילְבֶען, דָאס יוּנְגֶע פוּן אֵיינֶע עֶזֶעלִין.
6 אוּן דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא יֵשׁוּעַ הָאט
זֵייא בֶּעפוֹילֶען, 7 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דָאס עֶזֶעל אוּן דָאס פִילְבֶען, אוּן
הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער דְרוֹיף גֶעלֶעגְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אוֹיף זֵייא גֶעזֶעצְט.
8 אוּן אַ סַךְ לֵייט הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג; אוּן
אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען צְוַוייגֶען פוּן דִיא בֵּיימֶער אוּן הָאבֶּען זֵייא אוֹיסְ־
גֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג. 9 אוּן דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם אוּן נָאךְ
אִיהְם גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט,

הוֹשַׁעְנָא צוּם זוּהְן פוּן דָוִד,
גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וֶועלְכֶער קוּמְט אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן,
הוֹשַׁעְנָא אִין דֶער הוֹיךְ.

10 אוּן וֶוען עֶר אִיז קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אִיז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט
בֶּעוֶועגְט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דִיזֶער? 11 אוּן דִיא לֵייט
הָאבֶּען גֶעזָאגְט. דָאס אִיז דֶער נָבִיא יֵשׁוּעַ פוּן נְצָרֶת אִין גָלִיל.

12 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִים בֵּית הַמִּקְדָשׁ, אוּן הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען
אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט אוּן גֶעקוֹיפְט אִים בֵּית הַמִּקְדָשׁ אוּן הָאט אוּמְ־
גֶעוָוארְפֶען דִיא טִישׁ פוּן דִיא גֶעלְדְוֶועקְסְלֶער, אוּן דִיא שְׁטוּהְלֶען פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען דִיא טוֹיבֶּען פֶערְקוֹיפְט; 13 אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, מֵיין הוֹיז זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען אַ הוֹיז פוּן גֶעבֶּעט, אָבֶּער אִיהְר
הָאט דֶערְפוּן גֶעמַאכְט אַ הֵייל פוּן רוֹיבֶּער. 14 אוּן עֶס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּ־
מֶען בְּלִינְדֶע אוּן קְרוּמֶע אִים בֵּית הַמִּקְדָשׁ, אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט.
15 אוּן וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא וְואוּנְדֶער
וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּן דִיא קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אִים בֵּית הַמִּקְדָשׁ
אוּן גֶעזָאגְט, הוֹשַׁעְנָה צוּם זוּהְן פוּן דָוִד, אַזוֹי הָאט עֶס זֵייא פֶערְדְרָאסֶען,
16 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הֶערְסְט דוּא וָואס דִיזֶע זָאגֶען? אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, יָא, הָאט אִיהְר קֵיינְמָאל נִיט גֶעלֵיינְט, פוּן דֶעם מוֹיל
פוּן יוּנְגְלִינְגֶע אוּן קִינְדֶער הָאסְט דוּא לוֹיבּ פָאלְקוּמֶען גֶעמַאכְט? 17 אוּן עֶר
הָאט זֵייא פֶערְלָאזְט, אוּן אִיז אוֹיס דֶער שְׁטָאדְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין בֵּית עֲנְיָה,
אוּן הָאט דָארְט אִיבֶּערְגֶענֶעכְטִיגְט.

18 אוּן צוּ מָארְגֶען פְרִיה וֶוען עֶר אִיז אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען,
אִיז עֶר הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען. 19 אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַ פֵייגֶענְבּוֹים אוֹיף דֶעם
וֶועג, אוּן אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען דֶערְצוּ, אוּן הָאט דְרוֹיף נִיט מֶעהְר גֶעפִינֶען חוּץ
בְּלֶעטְלֶעךְ אַלֵיין, אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס זָאל נִיט מֶעהְר קֵיינֶע
פֵּרוֹת אוֹיף דִיר וַואקְסֶען אוֹיף עֶבִּיג. אוּן בַּאלְד אִיז דֶער פֵייגֶענְבּוֹים פֶערְדַארְט
גֶעוָוארֶען. 20 אוּן וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
גֶעוְואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, וִויא בַּאלְד אִיז דֶער פֵייגֶענְבּוֹים פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען?
21 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,

תהלים קיח׳, כה׳ כו׳, [9] ישעיה נו׳ ז׳: ירמיה ז׳ יא׳, [1] תהלים ח׳ ג׳, [16]

װָען אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען גְלױבֶּען, אוּן זָאלְט נִיט צְװײפְֿלֶען, אַזױ װֶעט אִיהְר
נִיט אַלֵיין טְהוּן װָאס אִיז גֶעשֶׂעהֶען צוּם פֵֿיגֶענְבּוֹים; נֵייעֶרְט װֶען אִיהְר װֶעט
אוֹיךְ זָאגֶען צוּ דִיזֶעם בַּארְג, דוּא זָאלְסְט דִיךְ אוֹיפְֿהֵייבֶּען אוּן זָאלְסְט אִים יַם
אַרֵיינְגֶעװָארְפֶֿען װֶערֶען, אַזױ װֶעט עֶס גֶעשֶׂעהֶען; 22 אוּן אַלֶעס װָאס אִיהְר
װֶעט פֶֿערְלַאנְגֶען אִים גֶעבֶּעט מִיט אֱמוּנָה, אַזױ װֶעט אִיהְר עֶס דֶערְהַאלְטֶען.
23 אוּן װֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיין, זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָֿאלְק, װֶען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט,
אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּרְךְ װָאס פַֿאר אַ מַאכְט טְהוּסְט דוּא דִיזֶע
זַאכֶען? אוּן װֶער הָאט דִיר דִיזֶע מַאכְט גֶעגֶעבֶּען? 24 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶֿערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ װִיל אֵייךְ אוֹיךְ אֵיין זַאךְ פְֿרֶעגֶען, אוּן װֶען
אִיהְר װֶעט מִיר דָאס זָאגֶען, אַזױ װֶעל אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ זָאגֶען דוּרְךְ װָאס פַֿאר
אַ מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען. 25 דִיא טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן פוּן װַאנֶען אִיז זִיא
גֶעװֶען, פוּן דֶעם הִימֶעל, אָדֶער פוּן מֶענְשֶׁען? אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מִיט אֵיינְ־
אַנְדֶער אִיבֶּערְלֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, װֶען מִיר װֶעלֶען זָאגֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, דַאן
װֶעט עֶר זָאגֶען, פַֿארְװָאס הָאט אִיהְר אִיהְם דֶען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? 26 אוּן װֶען מִיר
װֶעלֶען זָאגֶען פוּן מֶענְשֶׁען, אַזױ הָאבֶּען מִיר מוֹרָא פַֿאר דִיא לֵייט, װָארִין אַלֶע
הַאלְטֶען יוֹחָנָן פַֿאר אַ נָבִיא. 27 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטְפֶֿערְט אוּן
גֶעזָאגְט, מִיר װִיסֶען נִיט. אַזױ הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל אֵייךְ אוֹיךְ
נִיט זָאגֶען דוּרְךְ װָאס פַֿאר אַ מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען. 28 אָבֶּער װָאס דֶענְקְט
אִיהְר? אַ מַאן הָאט גֶעהַאט צְװײא זִיהְן; אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּם עֶרְשְׁ־
טֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן, גֶעה אוּן אַרְבֵּייט הֵיינְט אִין מֵיין װֵיינְגָארְטֶען.
29 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶֿערְט אוּן גֶעזָאגְט, דָא בִּין אִיךְ הַאר, אוּן אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען.
30 אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּם אַנְדֶערֶען, אוּן הָאט אוֹיךְ אַזױ גֶעזָאגְט; אוּן עֶר הָאט
גֶעעֶנְטְפֶֿערְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ װִיל נִיט, דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּעדַאכְט אוּן
אִיז גֶעגַאנְגֶען. 31 װֶעלְכֶער פוּן דִיא צְװײא הָאט גֶעטְהוּן דֶעם װִילֶען פוּן דֶעם
פָֿאטֶער? זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער אַנְדֶערֶער. יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דִיא שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער אוּן דִיא הוּרֶען װֶעלֶען
פְֿרִיהֶער פוּן אֵייךְ אַרֵיינְקוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 32 װָארִין יוֹחָנָן אִיז צוּ
אֵייךְ גֶעקוּמֶען אִים װֶעג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן אִיהְר הָאט אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט;
אָבֶּער דִיא שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער אוּן דִיא הוּרֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט; אוּן
װֶען אִיהְר הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט אִיהְר אֵייךְ דָאךְ נִיט בֶּעדַאכְט אַז אִיהְר
זָאלְט אִיהְם גְלוֹיבֶּען.
33 הֶערְט צוּ אֵיין אַנְדֶערֶעס מָשָׁל, דָא אִיז גֶעװֶען אַ בַּעַל הַבַּיִת, װָאס הָאט
גֶעפְּלַאנְצְט אַ װֵיינְגָארְטֶען, אוּן אַ צוֹים דְרוּם גֶעמַאכְט, אוּן אַ קֶעלְטֶער דְרִינֶען
גֶעגְרָאבֶּען, אוּן הָאט גֶעבּוֹיעֶט אַ טְהוּרְם, אוּן עֶס פֶֿערְדוּנְגֶען צוּ װֵיינְגֶערְטְנֶער,
אוּן אִיז אַװֶעקְגֶעפָֿאהְרֶען. 34 אוּן װֶען דִיא צֵייט פוּן פְֿרוּכְט אִיז גֶעקוּמֶען, אַזױ
הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט זֵיינֶע קְנֶעכְט צוּ דִיא װֵיינְגֶערְטְנֶער, אַז זֵייא זָאלֶען זֵיינֶע
פְֿרוּכְט צוּנֶעמֶען. 35 אוּן דִיא װֵיינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען זֵיינֶע קְנֶעכְט גֶענוּמֶען, אוּן

אֵיינֶעם גֶעשְׁלָאגֶען אוּן אֵיינֶעם הָאבֶּען זַייא אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּן אֵיין אַנְדֶערֶען
גֶעשְׁטֵיינִיגְט. 36 ווידֶער הָאט עֶר אַנְדֶערֶע קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט, מֶעהְר ווִיא דִיא
עֶרְשְׁטֶע; אוּן זַייא הָאבֶּען צוּ דִיזֶע אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן. 37 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר
זַיין זוּהְן צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, זַייא וֶועלֶען מֵיין זוּהְן עֶהְרֶען.
38 אָבֶּער וֶוען דִיא ווַיינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם זוּהְן, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
צְווִישֶׁען אֵיינְאַנְדֶער גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דֶער יוֹרֵשׁ; קוּמְט, לָאזֶען מִיר אִיהְם
הַרְגֶענֶען אוּן זַיינֶע יְרוּשָׁה צוּנֶעמֶען. 39 אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּן
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען אוֹיס דֶעם ווַיינְגָארְטֶען, אוּן גֶעהַרְגֶעט. 40 דְרוּם וֶוען דֶער הַאר
פוּן דֶעם ווַיינְגָארְטֶען וֶועט קוּמֶען, וָואס וֶועט עֶר טְהוּן צוּ דִיזֶע ווַיינְגֶערְטְנֶער?
41 זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶר וֶועט דִיזֶע רְשָׁעִים שְׁרֶעקְלִיךְ פֶערְנִיכְטֶען,
אוּן וֶועט דֶעם ווַיינְגָארְטֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ אַנְדֶערֶע ווַיינְגֶערְטְנֶער, וָואס וֶועלֶען
אִיהְם דִיא פְּרוּכְט אָפְּגֶעבֶּען אִין זַיינֶע צַייט. 42 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
הָאט אִיהְר קֵיינְמָאל נִיט גֶעלֵיינְט אִין דֶער שְׁרִיפְט,

דֶער שְׁטֵיין וֶועלְכֶע דִיא בּוֹימֵייסְטֶער הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען,
דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען;
דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען פוּן דֶעם הַאר'ן,
אוּן עֶס אִיז וְואוּנְדֶערְלִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען.

43 דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט וֶועט פוּן אֵייךְ אַוֶועקְגֶענוּ-
מֶען וֶוערֶען, אוּן וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ אַ פָאלְק וָואס בְּרֶענְגְט זַיינֶע פְּרוּכְט.
44 אוּן וֶוער עֶס וֶועט פַאלֶען אוֹיף דִיזֶעם שְׁטֵיין דֶער וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען;
אָבֶּער אוֹיף וֶועמֶען עֶר וֶועט פַאלֶען דֶעם וֶועט עֶר צוּמָאלֶען. 45 אוּן וֶוען דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זַיינֶע מְשָׁלִים גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען
זַייא גֶעווְאוּסְט אַז עֶר רֶעט פוּן זַייא; 46 אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט
צוּ נֶעמֶען, הָאבֶּען זַייא מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִיא לֵייט, וָוארִין זַייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ נָבִיא.
כב 1 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זַייא אִין מְשָׁלִים ווִידֶער
גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט, 2 דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלַייךְ צוּ אַ קֶענִיג וָואס הָאט
גֶעמַאכְט אַ חֲתוּנָה פַאר זַיין זוּהְן; 3 אוּן הָאט זַיינֶע קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט צוּ רוּפֶען
דִיא וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶעבֶּעטֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה; אוּן זַייא הָאבֶּען נִיט
גֶעוָואלְט קוּמֶען. 4 אַזוֹי הָאט עֶר ווִידֶער אַנְדֶערֶע קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט אוּן גֶעזָאגְט,
זָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶעבֶּעטֶען, זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע סְעוּדָה פַארְטִיג
גֶעמַאכְט, מֵיינֶע רִינְדֶער אוּן מֵיינֶע פֶעטֶע אָקְסֶען זֶענֶען גֶעשָׁאכְטֶען, אוּן אַלֶעס
אִיז פֶערְטִיג; קוּמְט צוּ דֶער חֲתוּנָה. 5 אָבֶּער עֶס הָאט זַייא גָאר נִיט גֶעהַארְט,
אוּן זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אֵיינֶער אִין זַיין פֶעלְד אַרַיין, דֶער אַנְדֶערֶער צוּ
זַיין הַאנְדֶעל. 6 אוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא קְנֶעכְט אוּן הָאבֶּען
זַייא מִיט שַׁאנְד בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּן אוּמְגֶעבְּרַאכְט. 7 אוּן דֶער קֶענִיג אִיז
אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט זַיינֶע הֶערְשַׁארֶען אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּן

42 תהלים קיח' כב' כג'

הָאט יֶענֶע רוֹצְחִים אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאט זֵייעֶרֶע שְׁטָאדְט פֶערְבְּרֶענְט.
8 דַאן הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט גֶעזָאגְט, דִיא חַתוּנָה אִיז אִיצְט פַארְטִיג, אָבֶּער
דִיא וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶעבֶּעטֶען גֶעוָוארֶען זֶענֶען נִיט וֶוערְט. 9 דְרוּם גֶעהְט אִיהְר
צוּ דִיא הוֹיפְּטְגַאסֶען, אוּן וֶועמֶען אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען בֶּעט אֵיין אוֹיף דֶער
חַתוּנָה. 10 אוּן דִיא קְנֶעכְט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא הוֹיפְּטְגַאסֶען, אוּן
הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע וֶועלְכֶע זֵייא הָאבֶּען גֶעפִינֶען, שְׁלֶעכְטֶע אוּן גוּטֶע,
אוּן דִיא חַתוּנָה אִיז גֶעוֶוען פוֹל מִיט גֶעסְט. 11 אוּן וֶוען דֶער קֶענִיג אִיז אַרֵיינ־
גֶעקוּמֶען דִיא גֶעסְט צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר דָארְט גֶעזֶעהֶען אַ מַאן וָואס
הָאט נִיט אָנְגֶעטְהוּן קֵיין חַתוּנָה קְלֵייד; 12 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פְרֵיינְד, וִויא אַזוֹי בִּיסְט דוּא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אָהְן אַ חַתוּנָה קְלֵייד? אוּן עֶר אִיז
פֶערְשְׁטוּמְט גֶעוָוארֶען. 13 דַאן הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּעדִינְטֶע, בִּינְד
אִיהְם הֶענְד אוּן פִיס, אוּן וַוארְפְט אִיהְם אַרוֹיס אִין דִיא אוֹיסֶערֶע פִינְסְטֶערְ־
נִיס; דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּן צֵיינְקְרִיצֶען. 14 וָוארִין פִילֶע זֶענֶען בֶּערוּפֶען,
אָבֶּער וֶוענִיג זֶענֶען אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט.

15 דַאן זֶענֶען דִיא פְּרוּשִׁים אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען,
וִויא זֵייא זָאלֶען אִיהְם אִין רֶעד פַאנְגֶען. 16 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט זֵייעֶרֶע תַּלְמִידִים, מִיט דִיא לֵייט פוּן הוֹרְדוּס, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
לֶעהְרֶער, מִיר וִויסֶען אַז דוּא בִּיסְט אֵיין אֱמֶת׳ער מֶענְשׁ, אוּן לֶעהְרְסְט דֶעם
וֶועג פוּן גָאט אִין וָואהְרְהֵייט, אוּן פְרֶעגְסְט נָאךְ קֵיינֶעם נִיט, וָוארִין דוּא בִּיסְט
קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים. 17 דְרוּם זָאג אוּנְז וִויא דֶענְקְסְט דוּא? מֶעג מֶען גֶעבֶּען
מַס צוּם קֵיסַר אָדֶער נִיט? 18 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייעֶר רִשְׁעוּת בֶּעמֶערְקְט אוּן
גֶעזָאגְט, וָוארוּם פְּרִיפְט אִיהְר מִיךְ אִיהְר הֵייכְלֶער? 19 וֵוייזְט מִיר דָאס גֶעלְד
פוּן מַס. אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ מַטְבֵּעַ*. 20 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס אִיז דָאס בִּילְד, אוּן דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט? 21 זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
צוּם קֵיסַר דַאן הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דְרוּם גִיבְּט דֶעם קֵייזֶער וָואס אִיז
צוּם קֵיסַר אוּן צוּ גָאט וָואס אִיז צוּ גָאט. 22 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶעלָאזְט אוּן זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

23 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג זֶענֶען דִיא צַדוּקִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס
זָאגֶען עֶס וֶועט נִיט קֵיין תְּחִיַת הַמֵּתִים זֵיין. אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפְרֶעגְט 24 אוּן גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען אֵיינֶער שְׁטַארְבְּט
אוּן הָאט קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט, אַזוֹי זָאל זֵיין בְּרוּדֶער זֵיין וֵוייבּ הֵייראַטֶען, אוּן
זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען זָאמֶען צוּ זֵיין בְּרוּדֶער. 25 עֶס זֶענֶען בֵּייא אוּנְז גֶעוֶוען זִיבֶּען
בְּרִידֶער, אוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט חַתוּנָה גֶעהַאט, אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן
וֵוייל עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין זָאמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זֵיין וֵוייבּ
צוּ זֵיין בְּרוּדֶער. 26 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען מִיט דֶעם צְוֵוייטֶען, אוּן דֶעם דְרִיטֶען,
בִּיז דִיא זִיבֶּען. 27 אוּן צוּלֶעצְט פוּן אַלֶע אִיז דָאס וֵוייבּ גֶעשְׁטָארְבֶּען. 28 דְרוּם

* גר׳ דינר 19 — בראשית לה׳ ח׳: דברים כה׳ ה׳ ו׳ 24

אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים וֶועמֶעס וֶועט זִיא זַיין פוּן דִיא זִיבֶּען? וָוארִין זַייא אַלֶע
הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט. 29 און יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיהְר פֶּערְ־
פִיהְרְט אֵייךְ וֵוייל אִיהְר קֶענְט נִיט דִיא שְׁרִיפְט, אוּן אוֹיךְ נִיט דִיא מַאכְט פוּן
גָאט. 30 וָוארִין אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים וֶועט מֶען נִיט חַתוּנָה הָאבֶּען אוּן נִיט חַתוּנָה
מַאכֶען, נֵייעֶרְט זַייא וֶועלֶען זַיין וִויא דִיא מַלְאָכִים אִים הִימֶעל. 31 און וֶועגֶען
תְּחִיַּת הַמֵּתִים, הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט וָואס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט פוּן גָאט,
זָאגֶענְדִיג, 32 אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּן דֶער גָאט פוּן יִצְחָק, אוּן דֶער
גָאט פוּן יַעֲקֹב? גָאט אִיז נִיט דֶער גָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע, נֵייעֶרְט פוּן דִיא
לֶעבֶּענְדִיגֶע. 33 און וֶוען דִיא לֵייט הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ
פֶּערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זַיינֶע לֶעהְרֶע.
34 און וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֶערְט, אַז עֶר הָאט דִיא צַדוּקִים שְׁטִיל
גֶעמַאכְט, הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶּערְזַאמֶעלְט. 35 און אֵיינֶער פוּן זַייא, אַ בַּעַל תּוֹרָה,
הָאט אִיהְם גֶעפְּרִיפְט אוּן גֶעפְרֶעגְט, 36 לֶעהְרֶער, וָואס פַאר אַ מִצְוָה
אִיז דִיא גְרוֹיסֶע אִין דֶער תּוֹרָה? 37 און עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
זָאלְסְט דֶעם הַאר׳ן דֵיין גָאט לִיבֶּען מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּן מִיט דֵיינֶע
גַאנְצֶע זֶעלֶע, אוּן מִיט דֵיין גַאנְצֶען גֶעמִיט; 38 דָאס אִיז דִיא גְרוֹיסֶע אוּן דִיא
עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה. 39 און דִיא צְווֵייטֶע אִיז גְלֵייךְ צוּ אִיהְר, דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען
דֵיינֶען חַבֵר וִויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט. 40 אִין דִיזֶע צְווייא מִצְוֹת הֶענְגְט דִיא גַאנְצֶע
תּוֹרָה אוּן דִיא נְבִיאִים.
41 און וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, הָאט זַייא יֵשׁוּעַ גֶעפְרֶעגְט
42 אוּן גֶעזָאגְט, וָואס דֶענְקְט אִיהְר פוּן דֶעם מָשִׁיחַ? וֶועמֶעס זוּהְן אִיז עֶר?
זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֶער זוּהְן פוּן דָוִד. 43 עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וִויא אַזוֹי דֶען דָוִד אִים גֵייסְט רוּפְט אִיהְם הַאר, וֶוען עֶר זָאגְט,
44 דֶער הַאר הָאט צוּ מֵיין הַאר׳ן גֶעזָאגְט,
זֶעץ דִיךְ צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד,
בִּיז אִיךְ וֶועל לֶעגֶען דֵיינֶע פֵיינְד אוּנְטֶער דֵיינֶע פִיס.
45 דֶען, וֶוען דָוִד רוּפְט אִיהְם הַאר, וִויא אַזוֹי אִיז עֶר זַיין זוּהְן? 46 און קֵיינֶער
הָאט אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְפֶערֶען אֵיין וָוארְט. אוּן פוּן יֶענֶעם טָאג אָן הָאט
זִיךְ קֵיינֶער נִיט אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען אִיהְם נָאךְ עֶפֶּעס צוּ פְרֶעגֶען.
כג 1 דַאן הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעט צוּ דִיא לֵייט אוּן צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים. 2 און גֶעזָ־
אגְט, דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים זִיצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן מֹשֶׁה; 3 דְרוּם
אַלֶעס וָואס זַייא הֵייסֶען אֵייךְ הַאלְטֶען, דָאס טְהוּט אוּן הַאלְט, אָבֶּער נָאךְ
זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים טְהוּט נִיט; וָוארִין זַייא זָאגֶען אוּן טְהוּן עֶס נִיט. 4 אָבֶּער זַייא
בִּינְדֶען שְׁוֶוערֶע לַאסְטֶען וָואס מֶען קָאן נִיט דֶערְטְרָאגֶען, אוּן לֶעגֶען זַייא אוֹיף
דִיא אַקְסֶעל פוּן מֶענְשֶׁען, אָבֶּער זַייא אַלֵיין ווִילֶען זַייא נִיט מִיט אַ פִינְגֶער
אוֹיפְהֶעבֶּען. 5 און אַלֶע זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים טְהוּן זַייא אַז זַייא זָאלֶען גֶעזֶעהֶען
וֶוערֶען פוּן מֶענְשֶׁען; דֶען זַייא מַאכֶען בְּרֵייט זֵייעֶרֶע תְּפִילִין, אוּן מַאכֶען לַאנְג

שמות ג׳ ו׳ 32 — תהלים קי׳ א׳ 44

דִּיא צִיצִית, 6 אוּן הָאבֶּען לִיבּ אוֹיבֶּען אָן צוּ זִיצֶען אוֹיף סְעוּדוֹת, אוּן צוּ
שְׁטֶעהֶען אוֹיבֶּען אָן אִין דִּיא שׁוּלֶען, 7 אוּן אַז מֶען זָאל זַייא גְרִיסֶען אִין דִּיא
גַאסֶען, אוּן דִּיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען זַייא רוּפֶען רַבִּי. 8 אָבֶּער אִיהְר זַייט נִיט גֶע־
רוּפֶען רַבִּי, וָוארִין אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר לֶעהְרֶער, אוּן אִיהְר אַלֶע זֶענְט בְּרִידֶער.
9 אוּן אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם נִיט רוּפֶען אֵייעֶר פָּאטֶער אוֹיף דֶער עֶרְד, וָוארִין
אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר פָּאטֶער, דֶער אִיז אִים הִימֶעל. 10 אוּן אִיהְר זַייט אוֹיךְ נִיט
גֶערוּפֶען פִיהְרֶער, וָוארִין אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר פִיהְרֶער, דֶער מָשִׁיחַ. 11 אָבֶּער דֶער
גְרֶעסֶערֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ זָאל אֵייעֶר בֶּעדִינְטֶער זַיין. 12 אוּן וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ
זֶעלְבְּסְט דֶערְהֵייבֶּען, דֶער וֶועט דֶערְנִידֶערִיגְט וֶוערֶען; אוּן וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ
דֶערְנִידְרִיגֶען, דֶער וֶועט דֶערְהֵייכְט וֶוערֶען.

13 אָבֶּער וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין אִיהְר
פֶערְשְׁלִיסְט דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם פָאר דִיא מֶענְשֶׁען, וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט קוּמְט
נִיט אַרֵיין אוּן דִיא וָואס ווִילֶען אַרֵיינְקוּמֶען לָאזְט אִיהְר נִיט אַרֵיין.

15 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין אִיהְר פָאהְרְט
אַרוּם אִיבֶּער דֶעם יַם אוּן דִיא יַבָּשָׁה, אַז אִיהְר זָאלְט מַאכֶען אַ גֵר, אוּן וֶוען
עֶר אִיז דָאס גֶעוָוארֶען, אַזוֹי מַאכְט אִיהְר אִיהְם פַאר אַ בֶּן גֵיהִנָם נָאךְ צְווֵייא
מָאל מֶעהְר וִויא אִיהְר.

16 וֶועה צוּ אֵייךְ, בְּלִינְדֶע פִיהְרֶער, וָואס אִיהְר זָאגְט, וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּייא
דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ דָאס אִיז גָאר נִיט; אָבֶּער וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים גָאלְד פוּן
בֵּית הַמִקְדָשׁ דֶער אִיז שׁוּלְדִיג. 17 אִיהְר נַארֶען אוּן בְּלִינְדֶע, וָוארוּם וֶועלְכֶעס אִיז
גְרֶעסֶער, דָאס גָאלְד אָדֶער דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ וָואס הֵיילִיגְט דָאס גָאלְד?
18 אוּן וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים מִזְבֵּחַ, דָאס אִיז גָאר נִיט; אָבֶּער וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט
בֵּיים קָרְבָּן וָואס אִיז דְרוֹיף, דֶער אִיז שׁוּלְדִיג. 19 אִיהְר בְּלִינְדֶע, וָוארוּם וֶועלְכֶעס
אִיז גְרֶעסֶער, דָאס קָרְבָּן אָדֶער דֶער מִזְבֵּחַ וָואס הֵיילִיגְט דָאס קָרְבָּן? 20 דְרוּם
וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים מִזְבֵּחַ, דֶער שְׁוֶוערְט דֶערְבֵּייא, אוּן בֵּייא אַלֶעם וָואס אִיז
דְרוֹיף. 21 אוּן וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים בֵּית הַמִקְדָשׁ, דֶער שְׁוֶוערְט דֶערְבֵּייא, אוּן
בֵּייא אִיהְם דֶער ווְאוֹינְט דְרִינֶען. 22 אוּן וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים הִימֶעל, דֶער
שְׁוֶוערְט בֵּייא דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט, אוּן בֵּייא אִיהְם דֶער זִיצְט דְרוֹיף.

23 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין אִיהְר גִיבְּט
מַעֲשֵׂר פוּן מִינְט אוּן עֶנִיס אוּן קִימֶעל, אוּן לָאזְט אוֹיס דִיא ווִיכְטֶעגֶערֶע זַאכֶען
פוּן דֶער תּוֹרָה, דָאס גֶערֶעכְט. דִיא בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן דֶען גְלוֹיבֶּען; דִיזֶע
זַאכֶען בֶּעדַארְפְט אִיהְר צוּ טְהוּן, אוּן יֶענֶע נִיט צוּ אוֹיסְלָאזֶען. 24 אִיהְר בְּלִינְדֶע
פִיהְרֶער, דִיא זַייהֶען אוֹיס דִיא פְלִיג אוּן פֶערְשְׁלִינְגֶען דָאס קֶעמֶעל.

25 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין אִיהְר רֵיינִיגְט

---

14 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין אִיהְר שְׁלִינְגְט
אֵיין דִיא הֵייזֶער פוּן אַלְמָנוֹת, אוּן פַאר אֵיין אוֹיסְרֶעד זֶענְט אִיהְר לַאנְג מִתְפַּלֵל;
דְרוּם וֶועט אִיהְר מֶעהְר מִשְׁפָּט דֶערְהַאלְטֶען.

דֶעם בֶּעכֶער און דִיא שִׁיסֶעל פוּן אויסְוֶוענִיג, אָבֶּער אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען זַייא פוּל
מִיט רויבּ און אוּנְרֵיינִיגְקֵייט. 26 דוּא בְּלִינְדֶער פָּרוּשׁ, רֵיינִיג צוּם עֶרְשְׁטֶען דֶעם
בֶּעכֶער און דִיא שִׁיסֶעל פוּן אִינֶעוֶוענִיג, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אויךְ רֵיין זַיין פוּן
אויסְוֶוענִיג.

27 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים און פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין אִיהְר זֶענְט
גְלֵייךְ צוּ אִיבֶּערְגֶעוַוייסְטֶע קְבָרִים וָואס זֶעהֶען שֶׁעהְן אוֹיס פוּן דְרוֹיסֶען, אָבֶּער
אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען זַייא פוּל מִיט טוֹיטֶע בֵּיינֶער, און יֶעדֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט.
28 אַזוֹי זֶענְט אִיהְר אויךְ, פוּן דְרוֹיסֶען שֵׁיינְט אִיהְר צוּ דִיא מֶענְשֶׁען פְּרוּם,
אָבֶּער אִינֶעוֶוענִיג זֶענְט אִיהְר פוּל מִיט חֲנִיפָה און אוּנְרֶעכְט.

29 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים און פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער, וָוארִין אִיהְר בּוֹיעֶט
דִיא קְבָרִים פוּן דִיא נְבִיאִים, און פֶערְצִירְט דִיא מַצֵּבוֹת פוּן דִיא צַדִיקִים,
30 און אִיהְר זָאגְט, וֶוען מִיר וָואלְטֶען גֶעוֶועזֶען אִין דִיא צֵייטֶען פוּן אוּנְזֶערֶע פֶּע־
טֶער, אַזוֹי וָואלְטֶען מִיר נִיט מִיט זַייא קֵיין טְהֵייל גֶעהַאט אִים בְּלוּט פוּן דִיא
נְבִיאִים. 31 אַזוֹי זֶענְט אִיהְר צוּ אֵייךְ זֶעלְבְּסְט עֵדוּת, אַז אִיהְר זֶענְט דִיא קִינְדֶער
פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען דִיא נְבִיאִים אוּמְגֶעבְּרַאכְט. 32 מַאכְט אִיהְר אויךְ פוּל דָאס
מָאס פוּן אֵייעֶרֶע פֶעטֶער. 33 אִיהְר שְׁלַאנְגֶען, דִיא שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן עֶגְדִיסֶען, וִויא
אַזוֹי וֶועט אִיהְר אַנְטְרִינֶען דָאס מִשְׁפָּט פוּן גֵיהִנָּם? 34 דְרוּם זֶעהְט אִיךְ שִׁיק
צוּ אֵייךְ נְבִיאִים און חֲכָמִים און סוֹפְרִים, און עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא וֶועט אִיהְר
הַרְגֶענֶען און קְרֵייצִיגֶען; און עֶטְלִיכֶע וֶועט אִיהְר שְׁמֵייסֶען אִין אֵייעֶרֶע שׁוּלֶען,
און וֶועט זַייא יָאגֶען פוּן אֵיינֶע שְׁטָאדְט צוּ דִיא אַנְדֶערֶע; 35 כְּדֵי עֶס זָאל אוֹיף
אֵייךְ קוּמֶען אַלֶעס אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד, פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן הֶבֶל הַצַּדִיק בִּיז צוּם בְּלוּט פוּן זְכַרְיָה בֶּן בֶּרֶכְיָה,
וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט צְווִישֶׁען דֶעם הֵיכָל און דֶעם מִזְבֵּחַ. 36 בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס אַלֶעס וֶועט קוּמֶען אִיבֶּער דִיזֶען דוֹר.

37 יְרוּשָׁלַיִם! יְרוּשָׁלַיִם! וָואס הָאסְט גֶעטֵייטֶעט דִיא נְבִיאִים, און גֶעשְׁטֵיינִיגְט
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען צוּ דִיר, וִויא פִיל מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט
דֵיינֶע קִינְדֶער אֵיינְזַאמְלֶען וִויא אַ הִין זַאמֶעלְט אֵיין אִיהְרֶע יוּנְגֶע אוּנְטֶער
אִיהְרֶע פְלִיגֶעל, און אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט. 38 זֶעה וֶוערְד אֵייךְ אֵייעֶר הוֹיז
ווִיסְט פֶערְלָאזְט. 39 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, פוּן אִיצְט אָן וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט
זֶעהֶען בִּיז אִיהְר וֶועט זָאגֶען, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער, וֶועלְכֶער קוּמְט אִים נָאמֶען
פוּן דֶעם הַאר׳ן.

כד 1 און יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, און אִיז פוּן בֵּית הַמִּקְדָשׁ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
און זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּם אִיהְם צוּ ווֵייזֶען דִיא גֶעבֵּידֶע
פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ. 2 און עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
זֶעהְט אִיהְר נִיט דָאס אַלֶעס? בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס וֶועט הִיר נִיט אִי־
בֶּערְבְּלֵייבֶּען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף אֵיינְאַנְדֶערֶען, וָואס וֶועט נִיט צוּוָוארְפֶען וֶוערֶען.

בראשית ד׳ח׳; דברי הימים ב׳ כד׳ כ׳־כב׳. 35 תהלים קיח׳ כו׳. 39

3 אוּן װען ער איז געזעסען אויף דעם הַר הַזֵּיתִים, אַזוֹי זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים
צוּ אִיהם געקוּמען בֵּייא זִיךְ אַלֵיין, אוּן הָאבֶּען געזָאגְט, זָאג אוּנְז װען דִיזֶע
זַאכֶען װעלען געשֶׁעהֶען, אוּן װָאס אִיז דָאס צֵייכֶען פוּן דֵיין קוּמען אוּן פוּן
דעם עֶנְד פוּן דעם צֵייטַאלְטֶער ? 4 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ
זֵייא געזָאגְט, זֶעהְט אַז קֵיינֶער זָאל אֵייךְ נִיט פֶערְפִיהְרֶען. 5 װָארִין פִילֶע װעֶ־
לֶען קוּמען אִין מֵיין נָאמֶען, אוּן װעלען זָאגֶען, אִיךְ בִּין דער מָשִׁיחַ ; אוּן זֵייא
װעלען פִילֶע פֶערְפִיהְרֶען. 6 אוּן אִיהְר װעט הֶערֶען פוּן מִלְחָמוֹת, אוּן נָאכְרִיכְט
פוּן מִלְחָמוֹת ; זֶעהְט אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען ; װָארִין דִיזֶע זַאכֶען
מוּזֶען געשֶׁעהֶען, אָבֶּער דער סוֹף אִיז נָאךְ נִיט. 7 װָארִין אַ פָאלְק װעט אוֹיפְ־
שְׁטֶעהֶען קעגֶען אֵיינְאַנְדֶערֶען פָאלְק, אוּן אַ קֶענִיגְרֵייךְ קעגֶען אֵיינְאַנְדֶערֶען
קֶענִיגְרֵייךְ, אוּן עֶס װעט זֵיין הוּנְגֶערְסְנוֹיט אוּן עֶרְדְצִיטֶערְנִיס אִין פֶערְשִׁידֶענֶע
עֶרְטֶער. 8 דָאס אַלֶעס אִיז דער אָנְהֵייבּ פוּן צָרוֹת. 9 דַאן װעלען זֵייא
אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ צָרָה אוּן װעלען אֵייךְ הַרְגֶענֶען, אוּן אִיהְר װעט גֶעהַאסְט
װערֶען בֵּייא אַלֶע פֶעלְקֶער מֵיין נָאמֶענְס װעגֶען. 10 אוּן דַאן װעלען פִילֶע
שְׁטְרוֹיכְלֶען, אוּן װעלען אֵיינֶער דעם אַנְדֶערֶען אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען, אוּן אֵיינֶער
דעם אַנְדֶערֶען הַאסֶען. 11 אוּן עֶס װעלען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פִילֶע פַאלְשֶׁע נְבִיאִים,
אוּן װעלען פִילֶע פֶערְפִיהְרֶען ; 12 אוּן װֵייל דָאס אוּנְרֶעכְט װעט זִיךְ פֶערְמֶעהְ־
רֶען, װעט דִיא לִיבֶּע פוּן פִילֶע קַאלְט װערֶען. 13 אָבֶּער דער װָאס הַאלְט אוֹיס
בִּיז צוּם סוֹף, דער װעט גערֶעטֶעט װערֶען. 14 אוּן דִיזֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דעם
קֶענִיגְרֵייךְ װעט גֶעפְּרֶעדִיגְט װערֶען אִין דִיא גַאנְצֶע װעלְט פַאר אַ צֵייגְנִיס צוּ
אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּן דַאן װעט דער סוֹף קוּמֶען.

15 דְרוּם װען אִיהְר װעט זֶעהֶען דִיא גְרֵייעֶל פוּן דער פֶערְװִיסְטוּנְג, װָאס אִיז
געזָאגְט פוּן דָנִיאֵל הַנָּבִיא שְׁטֶעהֶענְדִיג אִים הֵיילִיגֶען אָרְט ; דער װָאס לֵיינְט
לָאז עֶר פֶערְשְׁטֶעהֶען ; 16 דַאן לָאזֶען דִיא װָאס זֶענֶען אִין יְהוּדָה אַנְטְלוֹיפֶען
צוּ דִיא בֶּערְג ; 17 אוּן דער װָאס אִיז אוֹיף דעם דַאךְ לָאז עֶר נִיט אַרוּנְטֶער־
געהֶען אוּם דִיא זַאכֶען פוּן דעם הוֹיז צוּ נֶעמֶען ; 18 אוּן דער װָאס אִיז אִים
פֶעלְד לָאז עֶר זִיךְ נִיט צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען אוּם זֵיין קְלֵייד צוּ נֶעמֶען. 19 אוּן
װעה צוּ דִיא װָאס זֶענֶען מְעוּבֶּרֶת, אוּן דִיא װָאס גֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען, אִין יֶענֶע
טֶעג. 20 אָבֶּער בֶּעט אִיהְר אַז אֵייעֶר אַנְטְלוֹיפֶען זָאל נִיט זֵיין אִים װִינְטֶער,
אָדֶער אִים שַׁבָּת ; 21 װָארִין דַאן װעט זֵיין אַ גְרוֹיסֶע צָרָה, אַזֶעלְכֶע װָאס אִיז
נִיט געװעזֶען פוּן אָנְהֵייבּ דער װעלְט בִּיז אַצוּנְד, אוּן װעט אוֹיךְ נִיט מֶעהְר זֵיין.
22 אוּן װען דִיזֶע טֶעג זָאלֶען נִיט פֶערְקִירְצְט װערֶען, אַזוֹי װָאלְט קֵיין מֶענְשׁ נִיט
גערֶעטֶעט געװָארֶען ; אָבֶּער װעגֶען דִיא אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְטֶע װעלֶען יֶענֶע טֶעג
פֶערְקִירְצְט װערֶען. 23 דַאן װען אֵיינֶער װעט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, זֶעהְט, הִיר אִיז
דער מָשִׁיחַ אָדֶער דָא ; גְלוֹיבְּט עֶס נִיט. 24 װָארִין עֶס װעלען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען
פַאלְשֶׁע מְשִׁיחִים אוּן פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, אוּן זֵייא װעלען גְרוֹיסֶע צֵייכֶען אוּן

ישעיה יט׳ ב׳: ד״ה ב׳ טו׳ ו׳. 6 — דניאל ט׳ כו׳, כז׳: יב׳ יא׳. 15
יואל ב׳ ב׳ 21 — דברים יג׳ א׳-ג׳. 24

וואונדער ווייזען, אז זייא זאלען פערפיהרען ווען עס זאל מעגליך זיין אפילו
די אויסדערוועהלטע. 25 זעהט, איך האב אייך פריהער אנגעזאגט. 26 דרום
ווען זייא וועלען צו אייך זאגען, זעהט, ער איז אין דער מדבר, אזוי געהט
ניט ארויס; זעהט, ער איז אין די קאמערן, אזוי גלויבט עס ניט; 27 וואָרין
אזוי וויא דער בליץ געהט אויס פון מזרח און שיינט ביז צו מערב, אזוי וועט
אויך זיין דאס קומען פון דעם בן אדם. 28 וואו די נבלה איז דארט וועלען
זיך די אדלער פערזאמלען.

29 און גלייך נאך דער צרה פון יענע טעג וועט די זון פינסטער ווערען,
און די לבנה וועט ניט געבען איהר ליכט, און די שטערען וועלען פון
הימעל פאלען, און די קרעפטע פון הימעל וועלען זיך בעוועגען; 30 און
דאן וועט זיך בעווייזען דאס צייכען פון דעם בן אדם אין הימעל, און דאן
וועלען אלע געשלעכטער פון דער ערד טרויערן, און וועלען זעהען דעם
בן אדם קומענדיג אין די וואלקען פון הימעל מיט קראפט און גרויסע הערר-
ליכקייט. 31 און ער וועט ארויסשיקען זיינע מלאכים מיט א גרויס קול פון
א שופר, און זייא וועלען איינזאמלען זיינע אויסדערוועהלטע פון די פיער
ווינדען פון איין עק הימעל ביז צום אנדערען.

32 אבער לערנט א משל פון דעם פייגענבוים, ווען זיינער צווייג וועט נאך
פריש, און ברענגט ארויס בלעטער, אזוי ווייסט איהר אז דער זומער איז
נאהענט. 33 אזוי אויך איהר, ווען איהר וועט דאס אלעס זעהען, זאלט איהר
וויסען אז עס איז נאהענט ביי דער טהיר. 34 באמת זאג איך אייך, דיזעס
דור וועט ניט פערגעהען, ביז דאס אלעס וועט געשעהען. 35 הימעל און ערד
וועלען פערגעהען, אבער מיינע ווערטער וועלען ניט פערגעהען. 36 אבער
פון יענעם טאג און דער שעה ווייס קיינער ניט, אויך ניט די מלאכים פון
הימעל, אויך ניט דער זוהן, נייערט דער פאטער אליין. 37 וואָרין אזוי וויא
די טעג פון נח, אזוי וועט זיין דאס קומען פון דעם בן אדם. 38 וואָרין אזוי
וויא אין די טעג וואס זענען געוועזען פאר דעם מבול, זייא האבען געגעסען
און געטרונקען און האבען חתונה געמאכט און חתונה געהאט ביז צום טאג
ווען נח איז אריינגעגאנגען אין דער תיבה, 39 און זייא האבען ניט געוואוסט
ביז דאס מבול איז געקומען און האט זייא אלע אוועקגעטראגען; אזוי וועט
אויך זיין דאס קומען פון דעם בן אדם. 40 דאן וועלען צווייא זיין אויף איין
פעלד; איינער וועט אוועקגענומען ווערען, און איינער וועט איבערגעלאזט
ווערען. 41 צווייא פרויען וועלען מאלען ביי איינע מיהל; איינע וועט אוועקג-
גענומען ווערען, און איינע איבערגעלאזט ווערען. 42 דרום וואכט, וואָרין איהר
ווייסט ניט אין וועלכעם טאג אייער הארר וועט קומען. 43 אבער דאס ווייסט
ווען דער בעל הבית וואלט וויסען אין וועלכער וואך פון דער נאכט
דער גנב וועט קומען, אזוי וואלט ער געוואכט, און וואלט ניט געלאזט זיין

29 ישעיה יג׳ י׳: לד׳ ד׳ 30 דניאל ז׳ יג׳ יד׳: זכריה יב׳ י׳
31 ישעיה מ׳ יג׳: דברים ל׳, ד׳.

הויז אֵיינְבְּרֶעכֶען. 44 דְרוּם זַייט אִיהְר אוֹיךְ בֶּערֵייט, וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם קוּמְט
אִין אַ שָׁעָה, פוּן וֶועלְכֶע אִיהְר דֶענְקְט נִיט. 45 וֶוער אִיז דֶען דֶער גֶעטְרֵייעֶ
און קְלוּגֶע קְנֶעכְט דֶעם זַיין הַאר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער זַיין הויזְגֶעזִינְד, אַז
עֶר זָאל זַייא גֶעבֶּען זַייעֶרֶע שְׁפֵּייז צוּ דֶער צֵייט? 46 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער קְנֶעכְט,
וֶועלְכֶען זַיין הַאר, וֶוען עֶר קוּמְט, וֶועט אִיהְם גֶעפִינֶען אַזוֹי טְהוּן. 47 בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר וֶועט אִיהְם בֶּעשְׁטֶעלֶען אִיבֶּער זַיין גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען. 48 אָבֶּער
וֶוען יֶענֶער שְׁלֶעכְטֶער קְנֶעכְט וֶועט זָאגֶען אִין זַיין הַארְץ, מֵיין הַאר זָאמְט זִיךְ
צוּ קוּמֶען; 49 און וֶועט אָנְהֵייבֶּען זַיינֶע מִיטְקְנֶעכְט צוּ שְׁלָאגֶען און צוּ
טְרִינְקֶען מִיט דִיא שִׁכּוֹרִים; 50 אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר פוּן יֶענֶעם קְנֶעכְט קוּמֶען
אִין אַ טָאג דֶעם עֶר עֶרְוַוארְטֶעט, און אִין אַ שָׁעָה פוּן דֶער עֶר וֵוייסְט נִיט,
51 און עֶר וֶועט אִיהְם צוּשְׁנֵיידֶען, און אִיהְם גֶעבֶּען זַיין טְהֵייל צְוִוישֶׁען דִיא
הֵייכְלֶער, דָארְט וֶועט זַיין גֶעוויין און צֵיינְקְרִיצֶען.

כה 1 דַאן וֶועט דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם גֶעגְלֵייכְט זַיין צוּ צֶעהְן יוּנְגְפְרוֹיעֶן, וָואס
הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַייעֶרֶע לַאמְפֶּען, און זֶענֶען דֶעם חָתָן עֶנְטְגֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען.
2 און פִינְף פוּן זַייא זֶענֶען נַארִישׁ גֶעוֶועזֶען און פִינְף קְלוּג. 3 וָוארִין דִיא נַא־
רִישֶׁע הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַייעֶרֶע לַאמְפֶּען און הָאבֶּען נִיט קֵיין עֶהְל מִיטְגֶענוּמֶען;
4 אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען עֶהְל אִין זַייעֶרֶע כֵּלִים מִיט זַייעֶרֶע לַאמְפֶּען.
5 און וֶוען דֶער חָתָן הָאט זִיךְ גֶעזָאמְט, אַזוֹי הָאבֶּען אַלֶע גֶעדְרִימֶעלְט גֶעוָוארֶען
און זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען. 6 אָבֶּער אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט אִיז גֶעוָוארֶען אַ
גֶעשְׁרֵייא, זֶעהְט, דֶער חָתָן! גֶעהְט אִיהְם עֶנְטְגֶעגֶען. 7 דַאן זֶענֶען אַלֶע דִיזֶע
יוּנְגְפְרוֹיעֶן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען און הָאבֶּען זַייעֶרֶע לַאמְפֶּען צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט. 8 און
דִיא נַארִישֶׁע הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דִיא קְלוּגֶע, גִיבְּט אוּנְז פוּן אֵייעֶר עֶהְל; וָוארִין
אוּנְזֶערֶע לַאמְפֶּען גֶעהֶען אוֹיס. 9 און דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט און
גֶעזָאגְט, נֵיין, טָאמֶער וֶועט נִיט גֶענוּג זַיין פַאר אוּנְז און פַאר אֵייךְ; גֶעהְט
לִיבֶּער צוּ דִיא קְרֶעמֶער און קוֹיפְט אֵייךְ. 10 און וִויא זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
קוֹיפֶען אִיז דֶער חָתָן דֶערְוַוייל גֶעקוּמֶען, און דִיא וָואס זֶענֶען פַארְטִיג גֶעוֶועזֶען,
זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה; און דִיא טְהִיר אִיז צוּגֶעשְׁלָאסֶען
גֶעוָוארֶען. 11 און דֶערְנָאךְ זֶענֶען דִיא אַנְדֶערֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן אוֹיךְ גֶעקוּמֶען און
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הַאר, הַאר, עֶפֶען אוּנְז. 12 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיךְ קֶען אֵייךְ נִיט. 13 דְרוּם וַואכְט, וָוארִין אִיהְר
וֵוייסְט נִיט דֶעם טָאג און דִיא שָׁעָה,

14 וָוארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז אַזוֹי וִויא אַ מַאן וָואס אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען,
און הָאט זַיינֶע קְנֶעכְט גֶערוּפֶען און הָאט זַייא זַיין פֶערְמֶעגֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען,
15 און עֶר הָאט אֵיינֶעם פִינְף צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער גֶעגֶעבֶּען און אֵיין אַנְדֶערֶען
צְוֵוייא און אֵיין אַנְדֶערֶען אֵיינְס; אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיינֶע קְרַאפְט; און אִיז אַוֶועקְ־
גֶעפָאהְרֶען. 16 דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען דִיא פִינְף צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער אִיז גְלֵייךְ
גֶעגַאנְגֶען און הָאט דֶערְמִיט גֶעהַאנְדֶעלְט, און פֶערְדִינְט אַנְדֶערֶע פִינְף צֶענְטְנֶער.
17 אַזוֹי אוֹיךְ דֶער וָואס הָאט דִיא צְוֵוייא בֶּעקוּמֶען הָאט אוֹיךְ פֶערְדִינְט אַנְדֶערֶע

צְווייא. 18 אָבֶּער דֶער וָואס הָאט דֶעם אֵיינֶעם בֶּעקוּמֶען אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט
גֶעגְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד, אוּן הָאט דָאס גֶעלְד פוּן זֵיינֶעם הַאר'ן פֶערְבָּארְגֶען.
19 אוּן נָאךְ אַ לַאנְגֶע צֵייט אִיז דֶער הַאר פוּן דִיזֶע קְנֶעכְט צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, אוּן
הָאט זִיךְ מִיט זֵייא בֶּערֶעכֶענְט. 20 אוּן דֶער וָואס הָאט דִיא פִינְף צֶענְטְנֶער
זִילְבֶּער בֶּעקוּמֶען אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט גֶעבְּרַאכְט אַנְדֶערֶע פִינְף צֶענְטְנֶער,
אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא הָאסְט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פִינְף צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער,
זֶעה, אִיךְ הָאבּ מִיט זֵייא פֶערְדִינְט נָאךְ פִינְף צֶענְטְנֶער. 21 אוּן זֵיין הַאר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גַאנְץ שֶׁעהְן דוּא גוּטֶער אוּן גֶעטְרֵייעֶר קְנֶעכְט; דוּא בִּיסְט
גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער וֶוענִיג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ אֵיינְשְׁטֶעלֶען אִיבֶּער פִילֶע
זַאכֶען; קוּם אַרֵיין צוּ דֶער פְרֵייד פוּן דֵיינֶעם הַאר'ן. 22 דֶער וָואס הָאט דִיא
צְווייא צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער בֶּעקוּמֶען אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
דוּא הָאסְט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צְווייא צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, זֶעה, אִיךְ הָאבּ מִיט
זֵייא פֶערְדִינְט נָאךְ צְווייא צֶענְטְנֶער. 23 זֵיין הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גַאנְץ
שֶׁעהְן, דוּא גוּטֶער אוּן גֶעטְרֵייעֶר קְנֶעכְט; דוּא בִּיסְט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער
וֶוענִיג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ אֵיינְשְׁטֶעלֶען אִיבֶּער פִילֶע זַאכֶען; קוּם אַרֵיין צוּ
דֶער פְרֵייד פוּן דֵיינֶעם הַאר'ן. 24 אוּן דֶער וָואס הָאט דֶעם אֵיינֶעם צֶענְטְנֶער
זִילְבֶּער בֶּעקוּמֶען אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ וֵוייס אַז
דוּא בִּיסְט אַ הַארְטֶער מֶענְשׁ, דוּא שְׁנֵיידְסְט וְואוּ דוּא הָאסְט נִיט גֶעזֵייעֶט,
אוּן זַאמֶעלְסְט אֵיין פוּן וַואנֶען דוּא הָאסְט נִיט צוּשְׁטְרֵייט; 25 אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ
גֶעפָארְכְטֶען, אוּן בִּין גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבּ דֵיין צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער אִין דֶער עֶרְד
פֶערְבָּארְגֶען, זֶעה, דוּא הָאסְט דָאס דֵיינִיגֶע. 26 אוּן זֵיין הַאר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא שְׁלֶעכְטֶער אוּן פוֹילֶער קְנֶעכְט, דוּא הָאסְט
גֶעוְואוּסְט אַז אִיךְ שְׁנֵייד וְואוּ אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזֵייעֶט, אוּן זַאמֶעל אֵיין פוּן וַואנֶען
אִיךְ הָאבּ נִיט צוּשְׁטְרֵייט; 27 דְרוּם הָאסְט דוּא גֶעזָאלְט מֵיין גֶעלְד אַרֵיינְלֶעגֶען
בֵּייא דִיא וֶועקְסְלֶער, כְּדֵי וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ אָפְּנֶעמֶען דָאס מֵיי־
נִיגֶע מִיט פְּרָאצֶענְט. 28 דְרוּם נֶעמְט פוּן אִיהְם אַוֶועק דֶעם צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער,
אוּן גִיבְּט עֶס צוּ דֶעם וָואס הָאט דִיא צֶעהְן צֶענְטְנֶער. 29 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס
הָאט צוּ דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּן עֶר וֶועט נָאךְ אִיבְּרִיג הָאבֶּען; אָבֶּער
דֶער וָואס הָאט נִיט פוּן דֶעם וֶועט אוֹיךְ דָאס וָואס עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען
וֶוערֶען. 30 אוּן וַוארְפְט אַרוֹיס דֶעם אוּנְנִיצִיגֶען קְנֶעכְט צוּ דֶער פִינְסְטֶערְנִיס
דְרוֹיסֶען, דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּן צֵיינְקְרִיצֶען.

31 וֶוען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט קוּמֶען אִין זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּן אַלֶע מַלְאָכִים
מִיט אִיהְם, דַאן וֶועט עֶר זִיצֶען אוֹיף זֵיין כִּסֵא הַכָּבוֹד; 32 אוּן אַלֶע פֶעלְקֶער
וֶועלֶען פָאר אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט וֶוערֶען; אוּן עֶר וֶועט זֵייא פוּן אֵיינְאַנְדֶער
שֵׁיידֶען, אַזוֹי וִויא אַ פַּאסְטוּךְ שֵׁיידֶעט אָפּ דִיא שָׁאף פוּן דִיא צִיגֶען; 33 אוּן
עֶר וֶועט שְׁטֶעלֶען דִיא שָׁאף צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּן דִיא צִיגֶען צוּ דִיא
לִינְקֶע. 34 דַאן וֶועט דֶער קֶענִיג זָאגֶען צוּ דִיא אָן זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, קוּמְט
אִיהְר גֶעבֶּענְשְׁטֶע פוּן מֵיין פָאטֶער, עֶרְבְּט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט

פַאר אֵייךְ פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט; 35 וָוארִין אִיךְ בִּין הוּנְגְרִיג
גֶעוֶועזֶען אוּן אִיהְר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען; אִיךְ בִּין דוּרְשְׁטִיג גֶעוֶועזֶען אוּן
אִיהְר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען; אִיךְ בִּין אֵיין אוֹרַח גֶעוֶועזֶען אוּן אִיהְר
הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען; 36 אִיךְ בִּין נַאקְט גֶעוֶועזֶען אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעקְלֵייד;
אִיךְ בִּין קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ בֶּעזוּכְט; אִיךְ בִּין אִים
גֶעפֶּענְגְנִים גֶעוֶועזֶען אוּן אִיהְר זֶענְט צוּ מִיר גֶעקוּמֶען. 37 דַאן וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים
צוּ אִיהְם עֶנְטְפֶערֶען אוּן זָאגֶען, הַאר, וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ הוּנְגְרִיג גֶעזֶעהֶען,
אוּן הָאבֶּען דִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען? אָדֶער דוּרְשְׁטִיג, אוּן הָאבֶּען דִיר גֶעגֶעבֶּען
צוּ טְרִינְקֶען? 38 אוּן וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ אֵיין אוֹרַח גֶעזֶעהֶען אוּן הָאבֶּען דִיךְ
אוֹיפְגֶענוּמֶען? אָדֶער נַאקְט אוּן הָאבֶּען דִיךְ גֶעקְלֵייד? 39 אוּן וֶוען הָאבֶּען
מִיר דִיךְ קְרַאנְק גֶעזֶעהֶען אָדֶער אִין גֶעפֶּענְגְנִים, אוּן זֶענֶען צוּ דִיר גֶעקוּמֶען?
40 אוּן דֶער קֶענִיג וֶועט עֶנְטְפֶערֶען אוּן וֶועט צוּ זֵייא זָאגֶען, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, אַז דָאס וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֵיינְסְטֶע פוּן
דִיזֶע מֵיינֶע בְּרִידֶער, הָאט אִיהְר עֶס צוּ מִיר גֶעטְהוּן. 41 דַאן וֶועט עֶר זָאגֶען
אוֹיךְ צוּ דִיא אָן זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד, גֶעהְט אַוֶועק פוּן מִיר אִיהְר פֶערְפְלוּכְטֶע,
צוּם עֶבִּיגֶען פֵייעֶר, וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דֶעם שָׂטָן אוּן זֵיינֶע מַלְאָכִים;
42 וָוארִין אִיךְ בִּין הוּנְגְרִיג גֶעוֶועזֶען אוּן אִיהְר הָאט מִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען;
אִיךְ בִּין דוּרְשְׁטִיג גֶעוֶועזֶען אוּן אִיהְר הָאט מִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען;
43 אִיךְ בִּין אֵיין אוֹרַח גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט אַרֵיינְגֶענוּמֶען; אִיךְ בִּין
נַאקְט גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט גֶעקְלֵייד; אִיךְ בִּין קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען
אוּן אִים גֶעפֶּענְגְנִים, אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט בֶּעזוּכְט. 44 דַאן וֶועלֶען זֵייא אוֹיךְ
צוּ אִיהְם עֶנְטְפֶערֶען אוּן זָאגֶען, הַאר, וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ הוּנְגְרִיג גֶעזֶעהֶען,
אָדֶער דוּרְשְׁטִיג, אָדֶער אֵיין אוֹרַח, אָדֶער נַאקְט, אָדֶער קְרַאנְק, אָדֶער אִים
גֶעפֶּענְגְנִים, אוּן הָאבֶּען דִיךְ נִיט בֶּעדִינְט? 45 דַאן וֶועט עֶר צוּ זֵייא עֶנְטְפֶערֶען
אוּן זָאגֶען, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דָאס וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעטְהוּן צוּ
אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינְסְטֶע, הָאט אִיהְר עֶס נִיט צוּ מִיר גֶעטְהוּן. 46 אוּן דִיזֶע
וֶועלֶען אַוֶועקְגֶעהֶען צוּ עֶבִּיגֶע שְׁטְרָאף, אָבֶּער דִיא צַדִיקִים צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען.

כו 1 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אַלֶע דִיזֶע וֶוערְטֶער,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, 2 אִיהְר וֵייסְט אַז נָאךְ צְווייא טֶעג וֶועט
זַיין פֶּסַח, אוּן דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען כְּדֵי עֶר זָאל גֶעקְרֵייר-
צִיגְט וֶוערֶען. 3 דַאן הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים, אוּן דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, צוּם פַּאלַאסְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
קַיָפָא; 4 אוּן זֵייא הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען יֵשׁוּעַ נֶעמֶען
מִיט לִיסְט, אוּן זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. 5 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נִיט
אִים יוֹם טוֹב, אַז עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיין גֶערַאשׁ אִים פָאלְק.

6 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית־הִינִי, אִים הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם מְצוֹרָע,
7 אוּן אַ פְרוֹיא אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין אַלְבַּאסְטֶער קְרִיגֶעל

מִיט טְהֵייעֶרֶען עֶהְל, אוּן זִיא הָאט עֶס אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף זַיין קָאפּ וֶוען
עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען בַּיים טִישׁ. 8 וִויא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען הָאט
עֶס זַייא פֶערְדְרָאסֶען, אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, צוּ וְואס זָאל דִיא פֶערְשְׁוֶוענְ־
דוּנְג זַיין? 9 וָוארִין דָאס הָאט גֶעקָאנְט פֶערְקוֹיפְט וֶוערֶען פַאר פִיל גֶעלְד, אוּן
צוּ דִיא אָרְמֶע גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. 10 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט, אַזוֹי הָאט
עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם זֶענְט אִיהְר דִיא פְרוֹיא מְצַעֵר? וָוארִין זִיא הָאט
אַ גוּטֶעס וֶוערְק אָן מִיר גֶעטְהוּן. 11 וָוארִין דִיא אָרְמֶע הָאט אִיהְר תָּמִיד מִיט
אֵייךְ, אָבֶּער מִיךְ הָאט אִיהְר נִיט תָּמִיד. 12 וָוארִין וֶוען זִיא הָאט דִיזֶעס עֶהְל
אוֹיף מֵיין לֵייבּ אוֹיסְגֶעגָאסֶען, אַזוֹי הָאט זִיא דָאס גֶעטְהוּן פַאר מֵיינֶע קְבוּרָה.
13 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט וְואוּ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וֶועט
גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען, דָא וֶועט מֶען אוֹיךְ דֶערְצֶעהְלֶען וָואס זִיא הָאט צוּ מִיר
גֶעטְהוּן, צוּ אִיהְר אָנְדֶענְקֶען.

14 דַאן אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יְהוּדָה אִישׁ קְרִיוֹת,
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים. 15 אוּן הָאט גֶעזָאגְט, וָואס וִוילְט אִיהְר
מִיר גֶעבֶּען, אוּן אִיךְ וֶועל אִיהְם צוּ אֵייךְ אִיבֶּערְלִיפֶערֶען? אוּן זַייא הָאבֶּען זִיךְ
מִיט אִיהְם פֶערְגְלֵייכְט פַאר דְרֵייסִיג שְׁטִיק זִילְבֶּער. 16 אוּן פוּן דֶענְצְמָאל אָן
הָאט עֶר אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט גֶעזוּכְט, אַז עֶר זָאל אִיהְם צוּ זַייא פֶערְמַסֶרְן:

17 אוּן אִים עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן חַג הַמַּצּוֹת זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוּ ווִילְסְט דוּא אַז מִיר זָאלֶען דִיר אָנְ־
בְּרֵייטֶען פֶּסַח צוּ עֶסֶען? 18 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִין דֶער שְׁטָאדְט
אַרֵיין צוּ אַ מַאן אוּן זָאגְט אִיהְם, דֶער לֶעהְרֶער זָאגְט, מֵיינֶע צֵייט אִיז נָאהֶענְט,
אִיךְ וֶועל בַּייא דִיר הַאלְטֶען פֶּסַח מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים. 19 אוּן דִיא תַּלְמִידִים
הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא יֵשׁוּעַ הָאט זַייא גֶעהֵייסֶען, אוּן זַייא הָאבֶּען פֶּסַח
פַארְטִיג גֶעמַאכְט: 20 אוּן וֶוען עֶס אִיז אָבֶּענְד גֶעוָוארֶען הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶער
גֶעזֶעצְט מִיט דִיא צְוֶועלְף תַּלְמִידִים; 21 אוּן דֶערְוֵוייל זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועט מִיךְ
פֶערְמַסֶרְן. 22 אוּן זַייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר בֶּעטְרִיבְּט, אוּן יֶעדֶער פוּן זַייא הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען, הַאר, בִּין אִיךְ עֶס? 23 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט, דֶער וָואס טוּנְקְט אֵיין זַיינֶע הַאנְד מִיט מִיר אִין דֶער שִׁיסֶעל דִיזֶער
וֶועט מִיךְ פֶערְמַסֶרְן. 24 דֶער בֶּן אָדָם גֶעהְט אַוֶועק אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אִיהְם, אָבֶּער וֶועה צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען דוּרְךְ וֶועלְכֶען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט
פֶערְמַסֶערְט וֶוערֶען; עֶס וָואלְט גוּט פַאר יֶענֶעם מֶענְשֶׁען גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר וָואלְט
נִיט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען. 25 אוּן יְהוּדָה, וָואס הָאט אִיהְם פֶערְמַסֶערְט הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, רַבִּי, בִּין אִיךְ עֶס? עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט דוּא
הָאסְט עֶס גֶעזָאגְט. 26 אוּן דֶערְוֵוייל זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ
גֶענוּמֶען בְּרוֹיט, אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען, אוּן
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט עֶסְט, דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ.

[31] זכריה יג׳ ז׳.

27 אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ כּוֹס אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן הָאט צוּ
זֵייא גֶעגֶעבֶּען אוּן גֶעזָאגְט, טְרִינְקְט אַלֶע דֶערְפוּן; 28 וָוארִין דָאס אִיז מֵיין
בְּלוּט פוּן דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען פַאר פִילֶע צוּ פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן
זִינְד. 20 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל פוּן אַצוּנְד אָן נִיט מֶעהְר טְרִינְ־
קֶען פוּן דִיזֶער פְּרוּכְט פוּן דֶעם וויינְשְׁטָאק, בִּיז אָן דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ טְרִינְק
עֶס מִיט אֵייךְ נֵייא אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן מֵיין פָּאטֶער. 30 אוּן וֶוען זֵייא
הָאבֶּען הַלֵּל גֶעזוּנְגֶען, זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם הַר הַזֵּיתִים: 31 דַאן
הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דִיזֶע נַאכְט וֶועט אִיהְר אַלֶע אֵייךְ אָן מִיר שְׁטְרוֹיכְ־
לֶען; וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען דֶעם פַּאסְטוּךְ אוּן דִיא
שָׁאף פוּן דֶער סְטַאדֶע וֶועלֶען צוּשְׁטְרֵייט וֶוערֶען; 32 אָבֶּער נָאךְ מֵיינֶע
אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג וֶועל אִיךְ פָאר אֵייךְ גֶעהֶען קֵיין גָלִיל. 33 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אַלֶע זָאלֶען אָן דִיר שְׁטְרוֹיכְלֶען,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֶן דִיר קֵיינְמָאל נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען. 34 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז אִין דִיזֶער נַאכְט אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט קְרֵייעֶן
וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶנֶען: 35 פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וֶוען אִיךְ מוּז מִיט דִיר שְׁטַארְבֶּען, וֶועל אִיךְ דִיךְ נִיט פֶערְלֵייקֶנֶען; אַזוֹי
הָאבֶּען אוֹיךְ אַלֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט:

36 דַאן אִיז יֵשׁוּעַ מִיט זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען
גַּתְשְׁמָנֵי; אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא תַּלְמִידִים, זִיצְט אִיהְר דָא, בִּיז אִיךְ וֶועל
אַהִין דָארְטֶען גֶעהֶען אוּן בֶּעטֶען. 37 אוּן עֶר הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוּס
אוּן דִיא צְווֵייא זִיהְן פוּן זַבְדַי, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרוֹיְרִיג אוּן בֶּעטְרִיבְּט צוּ
זֵיין. 38 דַאן הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיינֶע זֶעלֶע אִיז זֶעהְר טְרוֹיְרִיג בִּיז
צוּם טוֹיט, בְּלֵייבְּט דָא אוּן וַואכְט מִיט מִיר. 39 אוּן עֶר אִיז אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער
גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז אוֹיף זֵיין פָּנִים גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט,
מֵיין פָּאטֶער, אוֹיבּ עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ, לָאז דִיזֶער כּוֹס פוּן מִיר פַארְבֵּייא גֶעהֶען;
אָבֶּער דָאךְ נִיט אַזוֹי וִויא אִיךְ וִויל, נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא דוּא וִוילְסְט. 40 אוּן עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּן הָאט זֵייא שְׁלָאפֶענְדִיג גֶעפִינֶען, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס, קֶענְט אִיהְר דֶען נִיט מִיט מִיר וַואכֶען אֵיינֶע שָׁעָה?
41 וַואכְט אוּן בֶּעט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ נִסָּיוֹן; דֶער גֵייסְט אִיז וִוילִיג
אָבֶּער דָאס פְלֵיישׁ אִיז שְׁוַואךְ. 42 אוּן עֶר אִיז וִוידֶער דָאס צְווֵייטֶע מָאל
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט, מֵיין פָּאטֶער, וֶוען דִיזֶער כּוֹס
קֶען נִיט פוּן מִיר פַארְבֵּייא גֶעהֶען סַיידֶען אִיךְ זָאל אִיהְם טְרִינְקֶען, אַזוֹי לָאז
דֵיין וִוילֶען גֶעשֶׁעהֶען. 43 אוּן עֶר אִיז וִוידֶער גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זֵייא שְׁלָא־
פֶענְדִיג גֶעפִינֶען, וָוארִין זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען שְׁוֶוער גֶעוֶועןְ. 44 אוּן עֶר הָאט
זֵייא פֶערְלָאזְט, אוּן אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט דָאס דְרִיטֶע מָאל
גֶעבֶּעטֶען, אוּן הָאט דִיא זֶעלְבִּיגֶע וֶוערְטֶער וִוידֶער גֶעזָאגְט. 45 דַאן אִיז עֶר
גֶעקוּמֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שְׁלָאפְט וֵוייטֶער אוּן
רוּהְט אֵייךְ אָפּ; זֶעהְט דִיא שָׁעָה אִיז נָאהֶענְט אוּן דֶער בֶּן אָדָם וֶוערְד פֶערְ־

מַסֶערְט אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא זִינְדֶער. 46 שְׁטֶעהְט אוֹיף, לָאזְט אוּנְז גֶעהֶען;
זֶעהְט דֶער אִיז נָאהֶענְט וָואס פֶערְמַסֶערְט מִיךְ. 47 אוּן דֶערְוַוייל עֶר הָאט נָאךְ
גֶערֶעט, זֶעה, יְהוּדָה אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן מִיט אִיהְם פִיל
לַייט מִיט שְׁוֶוערְטֶען אוּן שְׁטֶעקֶען פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן עֶלְצְטֶע פוּן
דֶעם פָאלְק; 48 אוּן דֶער מוֹסֵר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַ צֵייכֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט,
דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל קִישֶׁען, דָאס אִיז עֶר, נֶעמְט אִיהְם. 49 אוּן גְלֵייךְ אִיז עֶר
גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם רַבִּי, אוּן הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט.
50 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פְרֵיינְד צוּ וָואס בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען? דַאן
זֶענֶען זֵייא צוּגֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף יֵשׁוּעַ גֶעלֶעגְט אוּן הָאבֶּען
אִיהְם גֶענוּמֶען. 51 אוּן זֶעה, אֵיינֶער פוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען מִיט יֵשׁוּעַ,
הָאט דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּן זַיין שְׁוֶוערְט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּן גֶעשְׁלָאגֶען
דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן הָאט אִיהְם זַיין אוֹיעֶר אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען.
52 דַאן הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֶעק דֵיין שְׁוֶוערְט צוּרִיק אִין אִיהְר אָרְט
אַרֵיין, וָוארִין אַלֶע דִיא וָואס גֶעמֶען דָאס שְׁוֶוערְט וֶועלֶען אוּמְקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְט; 53 אָדֶער מֵיינְסְט דוּא אַז אִיךְ קֶען נִיט מֵיין פָאטֶער בֶּעטֶען, אוּן עֶר
וֶועט מִיר צוּשְׁטֶעלֶען מֶעהְר ווִיא צְוֶועלְף מַחֲנוֹת פוּן מַלְאָכִים? 54 ווִיא אַזוֹי
דֶען וֶועט דִיא שְׁרִיפְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען אַז עֶס מוּז אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען? 55 אִין
יֶענֶער שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא לַייט, זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען ווִיא
קֶעגֶען אַ רוֹיבֶּער מִיט שְׁוֶוערְטֶען אוּן שְׁטֶעקֶען אוּם מִיךְ צוּ גֶעמֶען? טֶעגְלִיךְ
בִּין אִיךְ גֶעזֶעסֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן הָאב גֶעלֶעהְרְט, אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ
נִיט גֶענוּמֶען; 56 אָבֶּער דָאס אִיז אַלֶעס גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְטֶען פוּן דִיא
נְבִיאִים זָאלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען. דַאן הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע תַּלְמִידִים פֶערְלָאזְט
אוּן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען.

57 אוּן דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט צוּ
קַיָּפָא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וְואוּ דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט
גֶעוֶוען. 58 אוּן פֶּעטְרוֹס אִיז אִיהְם פוּן ווַייטֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּם פַּאלַאסְט
פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא בֶּעדִינְטֶע,
כְּדֵי עֶר זָאל זֶעהֶען דֶעם סוֹף. 59 אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים, אוּן דָאס גַאנְצֶע
סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען פַאלְשֶׁע עֵדוּת גֶעזוּכְט אוֹיף יֵשׁוּעַ, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען;
60 אוּן פִילֶע פַאלְשֶׁע עֵדוּת זֶענֶען גֶעקוּמֶען אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע גֶעפִינֶען;
אָבֶּער צוּלֶעצְט זֶענֶען גֶעקוּמֶען צְווֵייא 61 אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער הָאט
גֶעזָאגְט אִיךְ קָאן דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פוּן גָאט צוּשְׁטֶערֶען אוּן עֶס אִין דְרֵייא
טֶעג אוֹיפְבּוֹיעֶן. 62 אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט דוּא גָאר נִיט? וָואס אִיז דָאס וָואס דִיזֶע זָאגֶען עֵדוּת
קֶעגֶען דִיר? 63 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁוִויגֶען. אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער דִיךְ בַּיים לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, דוּא זָאלְסְט אוּנְז
זָאגֶען אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט. 64 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט עֶס גֶעזָאגְט; דָאךְ זָאג אִיךְ אֵייךְ, פוּן אִיצְט אָן וֶועט

אִיהְר זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם זִיצֶען אָן דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶער גְבוּרָה, אוּן
קוּמֶען אוֹיף דִיא וָואלְקֶען פוּן דֶעם הִימֶעל. 65 דַאן הָאט דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל זַיינֶע
קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, עֶר הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט; וָואס בֶּעדַארְפֶען
מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת? זֶעהְט, אִיצְט הָאט אִיהְר גֶעהֶערְט זַיינֶע לֶעסְטֶערוּנְג;
66 וָואס דֶענְקְט אִיהְר? אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, עֶר אִיז דֶעם
טוֹיט שׁוּלְדִיג. 67 דַאן הָאבֶּען זַייא אִיהְם אִין פָּנִים גֶעשְׁפִּיגֶען אוּן הָאבֶּען אִיהְם
גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אִיהְם גֶעפַּאטְשְׁט, 68 אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאג
אוּנְז נְבוּאוֹת, דוּא מָשִׁיחַ, וֶוער אִיז דֶער וָואס הָאט דִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען? 69 אוּן
פֶּעטְרוּס אִיז גֶעזֶעסֶען דְרוֹיסֶען אִים הוֹיף; אוּן אַ דִינְסְטְמֶעדֶעל אִיז צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען מִיט יֵשׁוּעַ פוּן גָלִיל.
70 אוּן עֶר הָאט פָאר זַייא אַלֶע גֶעלֵייקֶענְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵויים נִיט
וָואס דוּא זָאגְסְט. 71 אוּן וֶוען עֶר אִיז צוּם טוֹיעֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי הָאט
אִיהְם אֵיינֶע אַנְדֶערֶע גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט
גֶעוֶועזֶען, דִיזֶער אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען מִיט יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי. 72 אוּן עֶר הָאט וִוידֶער גֶע־
לֵייקֶענְט מִיט אַ שְׁבוּעָה, אִיךְ קֶען נִיט דֶעם מַאן. 73 אוּן נָאךְ אַ קְלֵיינֶע וַוילֶע
זֶענֶען גֶעקוּמֶען דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ
פֶּעטְרוּס, בֶּאֱמֶת דוּא בִּיסְט אוֹיךְ אֵיינֶער פוּן זַייא, וָוארִין דֵיין לָשׁוֹן מַאכְט דִיךְ
דֶערְקֶענֶען. 74 דַאן הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְלוּכֶען אוּן צוּ שְׁוֶוערֶען, אִיךְ קֶען
נִיט דֶעם מַאן; אוּן גְלֵייךְ הָאט דֶער הָאן גֶעקְרֵייעֶט. 75 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט גֶע־
דֶענְקְט דָאס וָוארְט פוּן יֵשׁוּעַ וִויא עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דֶער
הָאן וֶועט קְרֵייעֶן, וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען; אוּן עֶר אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט בִּיטֶער גֶעוֵויינְט.
כז 1 אוּן וֶוען עֶס אִיז מָארְגֶען פְרִיה גֶעוָוארֶען הָאבֶּען אַלֶע עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
אוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אִיבֶּער יֵשׁוּעַ אַז זַייא
זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען; 2 אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען אוּן אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט,
אוּן הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פִּילָטוּס דֶעם גוּבֶערְנֶער. 3 דַאן וֶוען
יְהוּדָה וָואס הָאט אִיהְם פֶערְמַסֶערְט הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז פֶערְשׁוּלְדִיגְט
גֶעוָוארֶען הָאט עֶר חֲרָטָה בֶּעקוּמֶען, אוּן הָאט צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט דִיא דְרֵייסִיג זִילְ־
בֶּער שְׁטִיק צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע, 4 אוּן הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, אַז אִיךְ הָאבּ פֶערְמַסֶערְט אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט; אוּן זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס צוּ אוּנְז? זֶעה דוּא דֶערְצוּ. 5 אוּן עֶר הָאט דִיא זִילְבֶּער
שְׁטִיק אַנִידֶערְגֶעוָוארְפֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט
זִיךְ גֶעהַאנְגֶען. 6 אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיא זִילְבֶּער שְׁטִיק גֶענוּמֶען
אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַז מֶען זָאל זַייא אִין דֶעם אוֹצָר
אַרֵיינְוַוארְפֶען, וַוייל זַייא זֶענֶען דֶער פְּרֵייז פוּן בְּלוּט. 7 אוּן זַייא הָאבֶּען אֵיין
עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אוּן הָאבֶּען דֶערְפַאר גֶעקוֹיפְט דָאס פֶעלְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער
כְּדֵי פְרֶעמְדֶע דְרִינֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען. 8 דְרוּם וֶוערְט יֶענֶעס פֶעלְד גֶערוּפֶען דָאס
פֶעלְד פוּן בְּלוּט בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג. 9 דַאן אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען וָואס

אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ יִרְמְיָה הַנָבִיא זָאגֶענְדִיג, אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען
דִיא דְרֵייסִיג זִילְבֶּער שְׁטִיק דֶעם פְּרֵייז פוּן אִיהְם וָואס אִיז גֶעשַׁאצְט גֶעוֶוען,
וֶועלְכֶען דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשַׁאצְט, 10 אוּן זֵייא הָאבֶּען זֵייא
גֶעגֶעבֶּען פַאר דֶעם פֶּעלְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט מִיר
גֶעבָּאטֶען.

11 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דֶעם גוּבֶערְנֶער, אוּן דֶער גוּבֶערְנֶער הָאט
אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאגְסְט עֶס. 12 אוּן וֶוען עֶר אִיז פֶערְקְלָאגְט גֶעוֶוען פוּן דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע, הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. 13 דַאן הָאט
פִּילָטוּס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הֶערְסְט דוּא נִיט וִויא שְׁוֶוערֶע זַאכְען זֵייא זָאגֶען
עֵדוּת קֶעגֶען דִיר? 14 אוּן עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אַ וָוארְט, אַז דֶער
גוּבֶערְנֶער הָאט זִיךְ זֶעהְר פֶערְוְואוּנְדֶערְט. 15 אוּן דֶער גוּבֶערְנֶער פְּלֶעגְט אוֹיף
דֶעם יוֹם טוֹב אַ גֶעפַאנְגֶענֶען פְּרֵייא לָאזֶען צוּם פָאלְק, וֶועלְכֶען זֵייא הָאבֶּען
גֶעוָואלְט. 16 אוּן דַאן הָאבֶּען זֵייא גֶעהַאט אַ וְואוֹיל בֶּעקַאנְטֶען גֶעפַאנְגֶענֶען וָואס
הָאט גֶעהֵייסֶען בַּר־אַבָּא. 17 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט
פִּילָטוּס צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועמֶען ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ בֶּעפְרֵייעֶן?
בַּר־אַבָּא אָדֶער יֵשׁוּעַ וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען מָשִׁיחַ? 18 וָוארִין עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט,
אַז זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פַאר קִנְאָה.

19 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם רִיכְטֶער שְׁטוּהְל, הָאט זֵיין ווַייבּ צוּ
אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּן גֶעזָאגְט, הָאבּ דוּא גָאר נִיט צוּ טְהוּן מִיט יֶענֶעם צַדִיק,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ הֵיינְט פִיל גֶעלִיטֶען אִין אַ חָלוֹם וֶועגֶען אִיהְם. 20 אָבֶּער דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע הָאבֶּען דִיא לֵייט אִיבֶּערְגֶערֶעט, אַז זֵייא זָאלֶען
פֶערְלַאנְגֶען בַּר־אַבָּא, אוּן זָאלֶען יֵשׁוּעַ אוּמְבְּרֶענְגֶען. 21 אוּן דֶער גוּבֶערְנֶער
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶען פוּן דִיא צְוֵוייא ווִילְט
אִיהְר אַז אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ בֶּעפְרֵייעֶן? אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בַּר־אַבָּא.
22 פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ דֶען טְהוּן צוּ יֵשׁוּעַ, וָואס
וֶוערְט גֶערוּפֶען מָשִׁיחַ? אַלֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט לָאז עֶר גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען. 23 אוּן
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס פַאר שְׁלֶעכְטֶעס הָאט עֶר גֶעטְהוּן? אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען
נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, לָאז עֶר גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען. 24 אוּן ווִיא
פִּילָטוּס הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶס נוּצְט גָאר נִיט, נֵייעֶרְט אַז עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ
גְרֶעסֶערֶעס גֶעטוּמֶעל, הָאט עֶר גֶענוּמֶען וַואסֶער, אוּן הָאט זִיךְ דִיא הֶענְד אָפְּגֶע־
וַואשֶׁען פָאר דִיא לֵייט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אוּנְשׁוּלְדִיג וֶועגֶען דֶעם
בְּלוּט פוּן דִיזֶעם צַדִיק; זֶעהְט אִיהְר דֶערְצוּ. 25 אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, זֵיין בְּלוּט זָאל זֵיין אוֹיף אוּנְז אוּן אוֹיף אוּנְזֶערֶע
קִינְדֶער. 26 דַאן הָאט עֶר צוּ זֵייא בֶּעפְרֵייעֶט בַּר־אַבָּא, אוּן הָאט גֶעלָאזְט יֵשׁוּעַ
שְׁלָאגֶען, אוּן הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען.

27 דַאן הָאבֶּען דִיא סָאלְדָאטֶען פוּן דֶעם גוּבֶערְנֶער גֶענוּמֶען יֵשׁוּעַ צוּם

9 זכריה יא׳ יב׳, יג׳.

גֶערִיכְטְסְהויף, און הָאבֶּען דִיא גַאנְצֶע בַּאנְדֶע צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט. 28 און זֵייא
הָאבֶּען זֵיינֶע קְלֵיידֶער אָפְּגֶעצוֹיגֶען און אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן אַ רוֹיטֶען מַאנְטֶעל;
29 און זֵייא הָאבֶּען גֶעפְלָאכְטֶען אַ קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער און הָאבֶּען עֶס אויף זֵיין
קָאפּ אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט, און אַ רָאהְר אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, און הָאבֶּען זִיךְ פָאר
אִיהְם אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט, און הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט און גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם, מֶלֶךְ
פוּן דִיא יוּדֶען; 30 און וֶוען זֵייא הָאבֶּען אויף אִיהְם גֶעשְׁפִּיגֶען הָאבֶּען זֵייא
גֶענוּמֶען דָאס רָאהְר און הָאבֶּען אִיהְם דֶעם קָאפּ גֶעשְׁלָאגֶען. 31 און וֶוען זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט הָאבֶּען זֵייא אִיהְם דֶעם מַאנְטֶעל אָפְּגֶעצוֹיגֶען און
הָאבֶּען אִיהְם זֵיינֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶעטְהוּן און הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט גֶע־
קְרֵייצִיגְט צוּ וֶוערֶען. 32 און וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זֵייא
גֶעטְרָאפֶען אַ מַאן פוּן קוּרִינִי, און זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען שִׁמְעוֹן; דֶעם הָאבֶּען
זֵייא גֶעצְוְואוּנְגֶען אַז עֶר זָאל זֵיין קְרֵייץ טְרָאגֶען. 33 און וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען גָלְגָלְתָּא, וָואס הֵייסְט אֵיין אָרְט פוּן
אַ קָאפְּשֵׁייטֶעל, 34 הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען וויין גֶעמִישְׁט מִיט
גַאל, און וֶוען עֶר הָאט עֶס פֶערְזוּכְט הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען. 35 און
וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען זֵייא זֵיינֶע קְלֵיידֶער צוּטְהֵיילְט און
הָאבֶּען דְרוֹיף גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען; 36 און וִויא זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט
הָאבֶּען זֵייא אִיהְם דָארְט גֶעהִיט; 37 און אִיבֶּער זֵיין קָאפּ הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְ־
גֶעזֶעצְט זֵיינֶע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיזֶער אִיז יֵשׁוּעַ דֶער קֶענִיג
פוּן דִיא יוּדֶען. 38 דַאן זֶענֶען צְוֵוייא רוֹיבֶּער מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוֶוען,
אֵיינֶער צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד, און אֵיינֶער צוּ דִיא לִינְקֶע. 39 און דִיא וָואס
זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט, און הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קֶעפּ
גֶעשָׁאקֶעלְט, 40 און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא וָואס וַוארְפְּסְט אֵיין דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
און בּוֹיעֶסְט עֶס אויף אִין דְרֵייא טֶעג, רֶעטֶע דִיךְ זֶעלְבְּסְט, וֶוען דוּא בִּיסְט
דֶער זוּהְן פוּן גָאט, און קוּם אַרוּפּ פוּן דֶעם קְרֵייץ. 41 גְלֵייךְ דֶעם הָאבֶּען
דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים און דִיא סוֹפְרִים און דִיא עֶלְצְטֶע אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט און
גֶעזָאגְט; 42 עֶר הָאט אַנְדֶערֶע גֶערֶעטֶעט, זִיךְ אַלֵיין קֶען עֶר נִיט רֶעטֶען, עֶר
אִיז דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, לָאז עֶר אִיצְט אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם קְרֵייץ און מִיר
וֶועלֶען אִיהְם גְלוֹיבֶּען. 43 עֶר הָאט פֶערְטְרוֹיעֶט אויף גָאט, לָאז עֶר אִיהְם אִיצְט
מַצִיל זֵיין, וֶוען עֶר וִויל אִיהְם הָאבֶּען; וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער
זוּהְן פוּן גָאט. 44 און דִיא רוֹיבֶּער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען
הָאבֶּען אִיהְם אויךְ גֶעזִידֶעלְט.

45 און פוּן דִיא זֶעקְסְטֶע שָׁעָה אִיז גֶעוֶוען פִינְסְטֶערְנִיס אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד, בִּיז צוּ דִיא נֵיינְטֶע שָׁעָה. 46 און אוּם דִיא נֵיינְטֶע שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ גֶע־
שְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, און הָאט גֶעזָאגְט, אֵלִי אֵלִי לָמָה שְׁבַקְתַּנִי; דָאס
הֵייסְט, מֵיין גָאט, מֵיין גָאט, וָוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ פֶערְלָאזְט? 47 און עֶטְלִיכֶע
פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט

46 תהלים כב׳ ב׳.

הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר רוּפְט אֵלִיָהוּ. 48 אוּן גְלֵייךְ אִיז אֵיינֶער פוּן זֵייא צוּגֶעלָאפֶּען,
אוּן הָאט גֶענוּמֶען אַ שְׁוַואם, אוּן הָאט עֶס גֶעפִּילְט מִיט עֶסִיג, אוּן הָאט עֶס
אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אוֹיף אַ רָאהְר אוּן אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען. 49 אוּן דִיא
אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאז זֵיין, מִיר װֶעלֶען זֶעהֶען אוֹיבּ אֵלִיָהוּ װֶעט קוּמֶען
אִיהְם צוּ רֶעטֶען. 50 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט װִידֶער גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוּן
אוֹיסְגֶעלָאזְט דִיא נְשָׁמָה. 51 אוּן זֶעה, דִיא פָּרוֹכֶת פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז
אִין צְװֵייעֶן צוּרִיסֶען גֶעװָארֶען, פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרוּפּ, אוּן דִיא עֶרְד הָאט
גֶעצִיטֶערְט, אוּן דִיא פֶעלְזֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁפַּאלְטֶען; 52 אוּן דִיא קְבָרִים הָאבֶּ-
בֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּן פִילֶע לֵייבֶּער פוּן דִיא הֵיילִיגֶען װָאס הָאבֶּען
גֶעשְׁלָאפֶען זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, 53 אוּן זֶענֶען פוּן דִיא קְבָרִים אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען
נָאךְ זֵיינֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג, אוּן זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט,
אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּ פִילֶע בֶּעװִיזֶען. 54 אוּן דֶער הוֹיפְּטְמַאן אוּן דִיא װָאס הָאבֶּען
מִיט אִיהְם גֶעהִיט יֵשׁוּעַ, װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס עֶרְדְצִיטֶערְנִיס, אוּן
דָאס װָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דִיזֶער אִיז גֶעװִיס גֶעװֶעזֶען דֶער זוּהְן פוּן גָאט. 55 אוּן עֶס זֶענֶען דָארְט פִילֶע פְרוֹיעֶן
גֶעװֶעזֶען װָאס הָאבֶּען דָאס פוּן װִייטֶען צוּגֶעזֶעהֶען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען יֵשׁוּעַ פוּן
גָלִיל נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט; 56 אוּן עֶס אִיז צְװִישֶׁען זֵייא
גֶעװֶעזֶען מִרְיָם הַמַּגְדָלִית, אוּן מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹסֵי, אוּן דִיא
מוּטֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן זַבְדִי.

57 אוּן װֶען עֶס אִיז אָבֶּענְד גֶעװָארֶען אִיז גֶעקוּמֶען אַ רֵייכֶער מַאן פוּן הָרָמָתַיִם,
װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, װָאס אִיז אוֹיךְ אַלֵיין גֶעװֶעזֶען אַ תַּלְמִיד פוּן יֵשׁוּעַ.
58 עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ פִּילָטוּס, אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ.
דַאן הָאט פִּילָטוּס בֶּעפוֹילֶען אִיהְם דֶעם לֵייבּ צוּ גֶעבֶּען. 59 אוּן יוֹסֵף הָאט
גֶענוּמֶען דֶעם לֵייבּ, אוּן הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעװִיקֶעלְט אִין אַ רֵיין לֵיילֶעךְ; 60 אוּן
הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעלֶעגְט אִין זֵיין אֵייגֶענֶען נֵייעֶן קֶבֶר, װָאס עֶר הָאט אוֹיסְגֶע-
הַאקְט אִים פֶעלְז, אוּן הָאט אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אַ גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין אוֹיף דֶער טְהִיר
פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּן אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען. 61 אוּן עֶס זֶענֶען דָארְט גֶעװֶעזֶען מִרְיָם
הַמַּגְדָלִית, אוּן דִיא אַנְדֶערֶע מִרְיָם, װָאס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען קֶעגֶען דֶעם קֶבֶר.

62 אוּן צוּ מָארְגֶען, װָאס אִיז נָאךְ עֶרֶב יוֹם טוֹב, הָאבֶּען זִיךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים פֶערְזַאמֶעלְט בֵּייא פִּילָטוּס, 63 אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הֶערְר,
מִיר גֶעדֶענְקֶען אַז יֶענֶער בֶּעטְרִיגֶער הָאט גֶעזָאגְט װֶען עֶר הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט,
נָאךְ דְרֵייא טֶעג װֶעל אִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעהֶען. 64 דְרוּם בֶּעפֶעהְל אַז מֶען זָאל דָאס
קֶבֶר בֶּעװַאכֶען בִּיז צוּם דְרִיטֶען טָאג, כְּדֵי זֵיינֶע תַּלְמִידִים זָאלֶען נִיט קוּמֶען, אוּן
אִיהְם גַנְבֶנֶען אוּן דֶעם פָאלְק זָאגֶען אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע;
אוּן דִיא לֶעצְטֶע בֶּעטְרִיגֶערֵייא װֶעט עֶרְגֶער זֵיין װִיא דִיא עֶרְשְׁטֶע. 65 פִּילָטוּס
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט אַ װַאךְ, גֶעהְט אוּן מַאכְט עֶס זִיכֶער װִיא
אִיהְר װֵייסְט. 66 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען דָאס קֶבֶר זִיכֶער גֶעמַאכְט
דוּרְךְ פֶערְזִיגְלֶען, אוּן הָאבֶּען אַ װַאךְ גֶעשְׁטֶעלְט.

כח 1 און שְׁפֶּעט נָאךְ מוֹצָאֵי שַׁבָּת, וֶוען עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען לִיכְטִיג צוּ
וֶוערֶען, קֶענֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִין דֶער וָואךְ, אִיז מִרְיָם הַמַּגְדָּלִית און דִיא
אַנְדֶערֶע מִרְיָם גֶעקוּמֶען דָאס קֶבֶר צוּ זֶעהֶען. 2 און זֶעה, עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ
גְרוֹיס עֶרְדְצִיטֶערְנִיס, וָוארִין אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן הִימֶעל,
און אִיז גֶעגַאנְגֶען און הָאט אַוֶועקְגֶעקַאלְט דֶעם שְׁטֵיין און אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען;
3 און זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז וִויא אַ בְּלִיץ גֶעוֶועזֶען, און זַיינֶע קְלֵיידוּנְג וַוייס וִויא שְׁנֵייא.
4 און דִיא וֶועכְטֶער הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט פַאר מוֹרָא פוּן אִיהְם, און זֶענֶען וִויא טוֹיטֶע
גֶעוָוארֶען. 5 און דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ דִיא פְרוֹיעֶן גֶעזָאגְט,
פָארְכְט אֵייךְ נִיט, וָוארִין אִיךְ וֵוייס אַז אִיהְר זוּכְט יֵשׁוּעַ דֶער אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט
גֶעוָוארֶען 6 עֶר אִיז נִיט דָא, וָוארִין עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט
גֶעזָאגְט; קוּמְט און זֶעהְט דֶעם אָרְט וְואוּ דֶער הַאר אִיז גֶעלֶעגֶען. 7 און גֶעהְט
גֶעשְׁווִינְד און זָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים אַז עֶר אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען;
און זֶעהְט, עֶר גֶעהְט פָאר אֵייךְ קֵיין גָלִיל. דָארְט וֶועט אִיהְר אִיהְם זֶעהֶען;
זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ עֶס אֵייךְ גֶעזָאגְט. 8 און זַייא זֶענֶען גֶעשְׁווִינְד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
פוּן דֶעם קֶבֶר מִיט מוֹרָא און מִיט גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה, און זֶענֶען גֶעלָאפֶען עֶס צוּ
דֶערְצֶעהְלֶען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים. 9 און זֶעה יֵשׁוּעַ הָאט זַייא בֶּעגֶעגֶענְט און גֶע־
זָאגְט, שָׁלוֹם צוּ אֵייךְ; און זַייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען און הָאבֶּען אִיהְם
אָנְגֶעהַאלְטֶען בֵּייא דִיא פִּיס, און הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט. 10 דַאן הָאט
יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פָארְכְט אֵייךְ נִיט; גֶעהְט און זָאגְט צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער אַז
זַייא זָאלֶען אַוֶועקְגֶעהֶען קֵיין גָלִיל, און דָארְט וֶועלֶען זַייא מִיךְ זֶעהֶען.
11 און דֶערְוַוייל זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, זֶעה עֶטְלִיכֶע פוּן דֶער וַואךְ זֶענֶען אִין
דֶער שְׁטָאדְט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, און הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אַלֶעס
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. 12 און זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט מִיט דִיא עֶלְצְטֶע, און
הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, און הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען פִיל גֶעלְד צוּ דִיא סָאלְדָאּ־
טֶען; 13 און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאגְט אִיהְר אַז זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען
בֵּייא דֶער נַאכְט, און הָאבֶּען אִיהְם גֶעגַנְבֶעט, דֶערְוַוייל מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען;
14 און וֶוען דֶער גוּבֶערְנֶער וֶועט דָאס הֶערֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אִיהְם אִיבֶּערְ־
רֶעדֶען, און וֶועלֶען אֵייךְ זִיכֶער מַאכֶען. 15 און זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דָאס גֶעלְד,
און הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא זַייא זֶענֶען גֶעלֶעהְרְט גֶעוֶועזֶען. און דִיזֶע רֶעד אִיז
צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען פֶערְשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג.
16 און דִיא עֶלְף תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל, צוּם בַּארְג וְואוּ יֵשׁוּעַ הָאט
זַייא בֶּעפוֹילֶען. 17 און וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זַייא זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט; אָבֶּער עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעצְוַוייפֶעלְט. 18 און יֵשׁוּעַ אִיז צוּ זַייא גֶעקוּמֶען,
און הָאט מִיט זַייא גֶערֶעט און גֶעזָאגְט, אַלֶע מַאכְט אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען
אִים הִימֶעל און אוֹיף דֶער עֶרְד; 19 דְרוּם גֶעהְט און מַאכְט תַּלְמִידִים פוּן אַלֶע
פֶעלְקֶער, אִין דֶעם אִיהְר טוֹבֵלְט זַייא אִים נָאמֶען פוּן דֶעם פָאטֶער, און פוּן דֶעם זוּהְן,
און פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, 20 און לֶעהְרְט זַייא צוּ הִיטֶען אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
גֶעבָּאטֶען; און זֶעהְט, אִיךְ בִּין אַלֶע טֶעג מִיט אֵייךְ בִּיז צוּם עֶנְד פוּן דֶעם צֵייטַאלְטֶער,

# דִיא הֵיילִיגֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה נָאךְ מַרְקוּס

א 1 דֶער אָנְהֵייבּ פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 2 אַזוֹי וְוִיא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם נָבִיא יְשַׁעְיָה,
זֶעה, אִיךְ שִׁיק מֵיין מַלְאָךְ פָאר דִיר,
דֶער וֶועט דֵיין וֶועג פָאר דִיר אָנְבְּרֵייטֶען:
3 אַ קוֹל פוּן אֵיינֶעם וָואס רוּפְט אִין דֶער מִדְבָּר,
מַאכְט פַארְטִיג דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר'ן,
מַאכְט גְלֵייךְ זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען.
4 אִין יוֹחָנָן אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מִדְבָּר, אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא טְבִילָה פוּן
תְּשׁוּבָה צוּ פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד. 5 אוּן עֶס זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
דָאס גַאנְצֶע לַאנְד יְהוּדָה, אוּן אַלֶע לֵייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם; אוּן זֶענֶען פוּן אִיהְם
גֶעטוֹבֵלְט גֶעוֶוען אִים שְׁטְרוֹים יַרְדֵן, אוּן הָאבֶּען מִתְוַדֶּה גֶעוֶוען זֵייעֶרֶע זִינְד.
6 אוּן יוֹחָנָן אִיז גֶעקְלֵייד גֶעוָוארְן אִין קֶעמֶעל הָאר, אוּן אַ גַארְטֶעל פוּן
פֶעל אַרוּם זֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּן עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען הֵיישְׁרֶעקֶען אוּן ווִילְדֶען
הָאנִיג. 7 אוּן עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אוּן גֶעזָאגְט, אַ שְׁטַארְקֶערֶער פוּן מִיר קוּמְט
נָאךְ מִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אַז אִיךְ זָאל מִיךְ אַרוּפְבֵּייגֶען אוּן דָאס שְׁנִירְעל
פוּן זֵיינֶע שִׁיךְ אוֹיפְבִּינְדֶען. 8 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעטוֹבֵלְט מִיט וַואסֶער, אָבֶּער עֶר
וֶועט אֵייךְ טוֹבֵלְן מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ.
9 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין יֶענֶע טֶעג, אַז יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען פוּן נְצָרֶת אִין גָלִיל,
אוּן אִיז גֶעטוֹבֵלְט גֶעוֶוען פוּן יוֹחָנָן אִים יַרְדֵן. 10 אוּן גְלֵייךְ ווִיא עֶר אִיז אוֹיס
דֶעם וַואסֶער אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַז דֶער הִימֶעל הָאט זִיךְ גֶע־
שְׁפַּאלְטֶען, אוּן דֶעם גֵייסְט אַרוּפְקוּמֶענְדִיג ווִיא אַ טוֹיבּ אוֹיף אִיהְם. 11 אוּן אַ
קוֹל אִיז גֶעוֶוען פוּן הִימֶעל, דוּא בִּיסְט מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין דִיר הָאבּ אִיךְ
וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען.
12 אוּן גְלֵייךְ הָאט דֶער גֵייסְט אִיהְם אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין. 13 אוּן
עֶר אִיז דָארְט גֶעוֶוען פִיעֶרְצִיג טֶעג, אוּן אִיז גֶעפְּרִיפְט גֶעוֶוען פוּן דֶעם שָׂטָן;
אוּן עֶר אִיז גֶעוֶוען מִיט דִיא ווִילְדֶע חַיּוֹת, אוּן דִיא מַלְאָכִים הָאבֶּען אִיהְם בֶּע־
דִינְט.
14 אוּן נָאכְדֶעם ווִיא יוֹחָנָן אִיז אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט גֶעוָוארְן, אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען
קֵיין גָלִיל, אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט.
15 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא צֵייט אִיז דֶערְפִילְט, אוּן דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט
אִיז נָאהֶענְט, טְהוּט תְּשׁוּבָה, אוּן גְלוֹיבְּט אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה.
16 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען בֵּיים יַם פוּן גָלִיל, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען שִׁמְעוֹן אוּן
זֵיין בְּרוּדֶער אַנְדְרַי, וָואס הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען אַ נֶעץ אִים יַם אַרֵיין, וָוארִין זֵייא

ישעיה מ׳ ג׳, 3 מלאכי ג׳ א׳, 2

ווענען פישער געוועזען. 17 און ישוע האט צו זייא געזאגט, פאלגט מיר
נאך, און איך וועל אייך מאכען פישער פון מענשען. 18 און גלייך האבען זייא
זייערע נעצען פערלאזט און האבען איהם נאכגעפאלגט. 19 און ווייא ער איז
פון דארטען אביסעל ווייטער געגאנגען, האט ער געזעהען יעקב דעם זוהן פון
זבדי, און זיין ברודער יוחנן, אויך זייא זענען געוועזען אים שיף צורעכטמאַ-
כענדיג דיא נעצען. 20 און גלייך האט ער זייא גערופען. און זייא האבען
פערלאזט זייער פאטער זבדי אים שיף מיט דיא געדונגענע לייט, און האבען
איהם נאכגעפאלגט.

21 און זייא זענען געקומען קיין כפרנחום. און גלייך איז ער אם שבת געגאנגען
אין דער שול אריין, און האט געלעהרט. 22 און זייא האבען זיך געוואונדערט
איבער זיינע לעהרע: ווארין ער האט זייא געלעהרט אזוי וויא איינער וואס
האט מאכט, און ניט אזוי וויא דיא סופרים. 23 און גלייך איז עס געוועזען אין
זייערע שול א מאן מיט איין אונריינען גייסט, און ער האט געשריגען און
געזאגט: 24 וואס האבען מיר מיט דיר צו טהון, דוא ישוע הנצרי? ביסט דוא
געקומען אונז צו פערדארבען? איך קען דיך ווער דוא ביסט, דער היילִיגער
פון גאט. 25 און ישוע האט איהם אנגעשריגען, און געזאגט, זייא פערשטומט
און געה ארויס פון איהם. 26 און דער אונריינע גייסט האט איהם צוריס-
סען, און האט געשריגען מיט א הויך קול, און איז פון איהם ארויסגעגאנגען.
27 און זייא זענען אלע ערשטוינט געווארען אזוי אז זייא האבען צווישען איינאנדער
געפרעגט און געזאגט, וואס איז דאס? א נייע לעהרע מיט מאכט; ער
בעפעהלט אויך דיא אונריינע גייסטער און זייא געהארכען איהם.
28 און זיין שם איז גלייך ארויסגעגאנגען איבעראל אין דיא גאנצע געגענד
פון גליל.

29 און גלייך זענען זייא אויס דער שול ארויסגעגאנגען, און זענען געקומען אים
הויז אריין פון שמעון און אנדרי, מיט יעקב און יוחנן. 30 און דיא שוויגער
פון שמעון איז געלעגען מיט פיבער; און גלייך האבען זייא איהם פון איהר
געזאגט. 31 און ער איז צוגעגאנגען און האט זיא אנגענומען ביי דער האנד,
און האט זיא אויפגעהויבען; און דאס פיבער האט זיא פערלאזט, און זיא
האט זייא בעדינט.

32 און ווען עס איז אבענד געווארען ווען דיא זון איז אונטערגעגאנגען, האט
מען צו איהם געבראכט אלע דיא וואס זענען קראנק געוועזען און וואס האַ-
בען שדים געהאט. 33 און דיא גאנצע שטאדט איז פערזאמעלט געוועזען פאר
דער טהיר. 34 און ער האט געהיילט פילע וואס זענען קראנק געוועזען אויף
פערשידענע קרענק, און האט ארויסגעטריבען פילע שדים; און האט דיא
שדים ניט געלאזט רעדען, אז זייא האבען איהם געקענט.

35 און אין דער פריה, וויא עס איז נאך פינסטער געוועזען, איז ער אויפגעשטאנען און
איז אוועקגעגאנגען, און געקומען צו א וויסטען ארט, און האט דארט געבעטען.
36 און שמעון און דיא וואס זענען מיט איהם געוועזען האבען איהם נאכגעפאלגט.

37 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִינֶען, הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַלֶע
לֵייט זוּכֶען דִיךְ. 38 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר גֶעהֶען צוּ אַנְ־
דֶערְע עֶרְטֶער צוּ דִיא שְׁטֶעדְט ווָאס זֶענֶען נָאהֶענְט אַז אִיךְ זָאל דָארְט אוֹיךְ
פְּרֶעדִיגֶען; וָוארִין דֶערְפַאר בִּין אִיךְ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען. 39 אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּן
הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען אִין גַאנְץ גָלִיל, אוּן הָאט דִיא שֵׁדִים
אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען.
40 אוּן אַ קְרֶעצִיגֶער אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אוּן
הָאט פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא ווִילְסְט,
קֶענְסְט דוּא מִיךְ רֵיין מַאכֶען. 41 אוּן עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארְמְט,
אוּן הָאט דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּן הָאט אִיהְם אָנְגֶעריהְרְט, אוּן הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל, זֵייא גֶערֵיינִיגְט. 42 אוּן גְלֵייךְ זֶענֶען דִיא קְרֶעץ
פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר אִיז גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען. 43 אוּן וֶוען עֶר
הָאט אִיהְם שַׁארְף אָנְגֶעזָאגְט, הָאט עֶר אִיהְם גְלֵייךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, 44 אוּן הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען; נֵייעֶרְט גֶעה אַוֶועק אוּן
ווֵייז דִיךְ פָאר דֶעם כֹּהֵן. אוּן זֵייא מַקְרִיב פַאר דֵיינֶע רֵיינִיגוּנְג וָואס מֹשֶׁה הָאט
גֶעבָּאטֶען פַאר אַ צֵייגְנִיס צוּ זֵייא. 45 אַבֶּער עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיל צוּ פְּרֶעדִיגֶען, אוּן דִיא זַאךְ צוּ רִיהְמֶען, אַזוֹי אַז עֶר הָאט נִיט
מֶעהְר גֶעקֶענְט עֶפֶענְטְלִיךְ אִין אַ שְׁטָאדְט אַרֵיינְקוּמֶען, נֵייעֶרְט עֶר אִיז דְרוֹיסֶען
אִין ווִיסְטֶע עֶרְטֶער גֶעוֶועזֶען, אוּן מֶען אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען.
ב 1 אוּן נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז עֶר ווִידֶערְגֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַרְנַחוּם אוּן עֶס אִיז
בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אִים הוֹיז. 2 אוּן פִילֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אַזוֹי
אַז עֶס אִיז נִיט מֶעהְר פְּלַאץ גֶעוֶועזֶען פַאר זֵייא, נִיט אַמָאל פָאר דֶער טְהִיר. אוּן
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט דָאס וָוארְט. 3 אוּן זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן
הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אַ גִיכְטְבְּרִיכִיגֶען, וָואס אִיז פוּן פִיעֶר מֶענְשֶׁען גֶעטְרָאגֶען
גֶעוָוארֶען. 4 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט צוּ אִיהְם צוּקוּמֶען דוּרְךְ דִיא
לֵייט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעדֶעקְט דֶעם דַאךְ וְוָאוּ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוּן הָאבֶּען
אִיהְם אוֹיפְגֶעבְּרָאכֶען, אוּן אַרוּפְגֶעלָאזְט דָאס בֶּעט אוֹיף וֶועלְכֶעם דֶער גִיכְטְ־
בְּרִיכִיגֶער אִיז גֶעלֶעגֶען. 5 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, הָאט
עֶר צוּם גִיכְטְבְּרִיכִיגֶען גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען.
6 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים זֶענֶען דָארְט גֶעזֶעסֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
טְרַאכְט אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער; 7 פַארְוָואס רֶעט דִיזֶער אַזוֹי? עֶר לֶעסְטֶערְט. וֶוער
קֶען זִינְד פֶערְגֶעבֶּען אוֹיסֶער גָאט אַלֵיין? 8 אוּן יֵשׁוּעַ, גְלֵייךְ ווִיסֶענְדִיג אִין זֵיין
גֵייסְט אַז׳ זֵייא הָאבֶּען אִין זִיךְ אַזוֹי גֶעטְרַאכְט, הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְווָאס
דֶענְקְט אִיהְר אַזֶעלְכֶעס אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער? 9 וָואס אִיז גְרִינְגֶער, צוּ זָאגֶען
צוּ דֶעם גִיכְטְבְּרִיכִיגֶען, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען? אָדֶער צוּ זָאגֶען,
שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם דֵיין בֶּעט, אוּן גֶעה אַרוּם? 10 אָבֶּער אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען
אַז דֶער בֶּן אָדָם הָאט מַאכְט זִינְד צוּ פֶערְגֶעבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד, זָאגְט עֶר
צוּם גִיכְטְבְּרִיכִיגֶען, 11 אִיךְ זָאג דִיר, שְׁטֶעה אוֹיף, אוּן נֶעם דֵיין בֶּעט, אוּן

גֶעה אִין דֵיין הויז. 12 און גְלֵייךְ אִיז עֶר אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, און הָאט גֶענוּמֶען
זַיין בֶּעט, און אִיז אַרויסגֶעגַאנְגֶען פָאר זֵייא אַלֶע; אַזוֹי אַז זֵייא אַלֶע זָענֶען
עֶרְשְׁטוֹינְט, און הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאט, און גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען אַזֶעלְכֶעס
קֵיין מָאל נִיט גֶעזֶעהֶען.
13 און עֶר אִיז ווִידֶער אַרויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער זֵייט פוּן דֶעם יַם; און אַלֶע לֵייט
זָענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, און עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט. 14 און וֶוען עֶר אִיז
פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען לֵוִי, דֶעם זוּהְן פוּן חַלְפַי, זִיצֶענְדִיג אִים
הויז פוּן שְׁטֵייעֶר און עֶר הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט פָאלְג מִיר נָאךְ. און עֶר אִיז אויפְגֶעשְׁ־
טַאנֶען, און הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט. 15 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר אִיז
גֶעזֶעסֶען בֵּיים טִישׁ אִין זֵיין הויז, אַז פִילֶע שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער און זִינְדֶער זָענֶען
אויךְ גֶעזֶעסֶען מִיט יֵשׁוּעַ און זֵיינֶע תַּלְמִידִים. וָוארִין עֶס זָענֶען גֶעוֶוען פִילֶע
וָואס זָענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען. 16 און וֶוען דִיא סוֹפְרִים און דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶר עֶסְט מִיט שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער און זִינְדֶער, הָאבֶּען
זֵייא גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, עֶר עֶסְט און טְרִינְקְט מִיט שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער
און זִינְדֶער. 17 און וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דִיא וָואס זָענֶען גֶעזוּנְד בֶּעדַארְפֶען קֵיין דָאקְטָאר נִיט, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זָענֶען
קְרַאנְק; אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען דִיא צַדִיקִים צוּ רוּפֶען, נֵייעֶרְט דִיא זִינְדֶער.
18 און דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן און דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעפַאסְט. און זֵייא
זָענֶען גֶעקוּמֶען און הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס פַאסְטֶען דִיא תַּלְמִידִים
פוּן יוֹחָנָן און פוּן דִיא פְּרוּשִׁים, אָבֶּער דֵיינֶע תַּלְמִידִים פַאסְטֶען נִיט? 19 און
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קֶענֶען דִיא אוּנְטָערְפִיהְרֶער פַאסְטֶען, דֶערְווִייל
דֶער חָתָן אִיז נָאךְ בֵּייא זֵייא? אַזוֹי לַאנְג ווִיא זֵייא הָאבֶּען דֶעם חָתָן מִיט זִיךְ,
קֶענֶען זֵייא נִיט פַאסְטֶען. 20 אָבֶּער דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען, וֶוען דֶער חָתָן וֶועט
פוּן זֵייא אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, און דַאן וֶועלֶען זֵייא פַאסְטֶען אִין יֶענֶעם טָאג.
21 קֵיינֶער פֶערְרֶעכְט נִיט אֵיין אַלְטֶעס קְלֵייד מִיט אַ שְׁטִיק פוּן נִיט גֶעוַואלְקֶעוֶועטֶען
טוּךְ, ווָארִין אַזוֹי דָען רֵייסְט דָאס צוּגֶעפְלִיקְטֶע אָפּ דֶערְפוּן, דָאס נֵייעֶ פוּן דֶעם
אַלְטֶען, און עֶס וֶועט אֵיין עֶרְגֶערֶער רִיס. 22 און קֵיינֶער גִיסְט נִיט נֵייעֶן ווַיין
אִין אַלְטֶע לָאגֶעל אַרֵיין; וֶוען אַזוֹי, וֶועט דֶער ווַיין דִיא לָאגֶעל צוּרֵייסֶען, און
דֶער ווַיין און דִיא לָאגֶעל וֶוערֶען פֶערְדָארְבֶּען. נֵייעֶרְט מֶען גִיסְט נֵייעֶן ווַיין אִין
נֵייעֶ לָאגֶעל אַרֵיין.
23 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, וֶוען עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִים שַׁבָּת דוּרְךְ דֶעם
ווַאקְסֶענְדֶען קָארְן, אַז זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ וֶועג צוּ מַאכֶען,
מִיט אַפְּרֵייסֶען פוּן דִיא זַאנְגֶען. 24 און דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֶעה, וָוארוּם טְהוּן זֵייא אִים שַׁבָּת וָואס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט? 25 און עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר קֵיין מָאל נִיט גֶעלֵיינְט וָואס דָוִד הָאט גֶעטְהוּן,
וֶוען עֶר הָאט נוֹיט גֶעהַאט און אִיז הוּנְגְרִיג, און דִיא וָואס זָענֶען מִיט אִיהְם
גֶעוֶוען? 26 ווִיא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִים הויז פוּן גָאט, אִין דֶער צֵייט פוּן
אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, און הָאט גֶעגֶעסֶען דֶעם לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס אִיז נִיט

דֶערְלויבְּט צוּ עֶסֶען אויסֶער דִיא כֹּהֲנִים, אוּן עֶר הָאט אויךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען? 27 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער שַׁבָּת
אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען אוּן נִיט דֶער מֶענְשׁ פַאר דֶעם שַׁבָּת.
28 אַזוֹי דֶען אִיז דֶער בֶּן אָדָם הַאר אויךְ אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת.

ג 1 אוּן עֶר אִיז וִוידֶער גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּל אַרַיין; אוּן עֶס אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען
אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט אַ פֶערְדַארְטֶע הַאנְד. 2 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוַ־
ואכְט, אוֹיבּ עֶר וֶועט אִיהְם הֵיילֶען אִים שַׁבָּת, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם פֶערְ־
קְלָאגֶען. 3 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא פֶערְדַארְטֶע
הַאנְד, שְׁטֶעה אויף אִין מִיטֶען. 4 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֶעג מֶען
אַם שַׁבָּת גוּטֶעס טְהוּן, אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס? לֶעבֶּען רֶעטֶען, אָדֶער טֵייטֶען?
אוּן זֵייא הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען. 5 אוּן עֶר הָאט אויף זֵייא אַרוּמְגֶעזֶעהֶען
מִיט צָארְן, אוּן אִיז בֶּעטְרִיבְּט גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא הַארְטִיגְקֵייט פוּן זֵייעֶרֶע הֶערְ־
צֶער; אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם מַאן, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד; אוּן עֶר הָאט זִיא
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּן זֵיינֶע הַאנְד אִיז וִוידֶער גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען. 6 אוּן וִויא דִיא
פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, גְלֵייךְ הָאבֶּען זֵייא אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען
אִיהְם מִיט דִיא לֵייט פוּן הוֹרְדוֹס, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען.
7 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּם יַם, אוּן אַ סַךְ מֶענְשֶׁען
זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען; אוּן פוּן גָלִיל, אוּן פוּן יְהוּדָה, 8 אוּן פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּן
פוּן אֱדוֹם, אוּן פוּן דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן, אוּן פוּן דֶער גֶעגֶענְד פוּן צוֹר אוּן
צִידוֹן, אַ סַךְ מֶענְשֶׁען וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט וָואסְפַאר וֶוערְק עֶר הָאט
גֶעטְהוּן זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען. 9 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעְ־
זָאגְט, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם אָנְבְּרֵייטֶען אַ קְלֵיינֶעס שִׁיף, פוּן וֶועגֶען דִיא
לֵייט, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם נִיט שְׁטִיפֶּען. 10 וָוארִין עֶר הָאט פִילֶע גֶעהֵיילְט,
אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט פְּלָאגֶען זֶענֶען אִיהְם אִיבֶּערְפַאלֶען, אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם אָנְרִיהְרֶען. 11 אוּן דִיא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער, וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעזֶעהֶען, זֶענֶען פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען; אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעְ־
זָאגְט, דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט. 12 אוּן עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אַז
זֵייא זָאלֶען אִיהְם נִיט בֶּעקַאנְט מַאכֶען.
13 אוּן עֶר אִיז אויף דֶעם בַּארְג אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען וֶועְ־
מֶען עֶר הָאט גֶעוָואלְט, אוּן זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען. 14 אוּן עֶר הָאט
אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט צְוֶועלְף אַז זֵייא זָאלֶען מִיט אִיהְם זַיין, אוּן אַז עֶר זָאל זֵייא אוֹיסְ־
שִׁיקֶען צוּ פְּרֶעדִיגֶען. 15 אוּן אַז זֵייא זָאלֶען הָאבֶּען מַאכְט שֵׁדִים אַרוֹיס צוּ־
טְרֵייבֶּען. 16 אוּן עֶר הָאט דִיא צְוֶועלְף אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּן צוּ שִׁמְעוֹן הָאט עֶר דֶעם
נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען פֶּעטְרוֹס; 17 אוּן יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַבְדַי, אוּן יוֹחָנָן דֶעם
בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּן צוּ זֵייא הָאט עֶר אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען בְּנֵי רֶגֶשׁ, וָואס
הֵייסְט זִיהְן פוּן דוּנֶער; 18 אוּן אַנְדְרַי, אוּן פִילִיפּוֹס, אוּן בַּר־תַּלְמַי, אוּן מַתַּי,
אוּן תּוֹמָא, אוּן יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן חַלְפַי, אוּן תַּדַי, אוּן שִׁמְעוֹן הַקַּנָּאִי; 19 אוּן
יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת, וָואס הָאט אִיהְם אויךְ פֶערְמַסֶערְט.

אוּן זֵייא זֶענֶען אִין אַ הויז גֶעקוּמֶען. 20 אוּן דִיא לֵייט זֶענֶען ווִידֶער צוּזַאר־
מֶענְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי אַז זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ קֵיין בְּרוֹיט נִיט גֶעקֶענְט עֶסֶען. 21 אוּן
וֶוען זֵיינֶע קְרוֹבִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּם אִיהְם
צוּ הַאלְטֶען; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז פוּן זִינֶען גֶעקוּמֶען. 22 אוּן
דִיא סוֹפְרִים וָואס זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט
בַּעַלְזְבוּב, אוּן עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא שֵׁדִים.
23 אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶערוּפֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט אִין מְשָׁלִים, ווִיא אַזוֹי
קֶען דֶער שָׂטָן דֶעם שָׂטָן אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען? 24 אוּן וֶוען אַ קֶענִיגְרֵייךְ אִיז צוּ־
טֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ, אַזוֹי קֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ נִיט בֶּעשְׁטֶעהֶען. 25 אוּן וֶוען אַ הויז
אִיז צוּטֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ, אַזוֹי קֶען יֶענֶעם הויז נִיט בֶּעשְׁטֶעהֶען. 26 אוּן וֶוען
דֶער שָׂטָן שְׁטֶעהְט אוֹיף קֶעגֶען זִיךְ, אוּן אִיז קֶעגֶען זִיךְ צוּטֵיילְט, אַזוֹי קֶען עֶר נִיט
בֶּעשְׁטֶעהֶען, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אֵיין עֶנְד. 27 אָבֶּער קֵיינֶער קֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִים
הויז פוּן אַ גִבּוֹר, אוּן זֵיינֶע כֵּלִים רוֹיבֶּען, אוֹיסְגֶענוּמֶען אַז עֶר וֶועט צוּעֶרְשְׁט דֶעם
גִבּוֹר בִּינְדֶען, אוּן דַאן וֶועט עֶר זֵיין הויז רוֹיבֶּען. 28 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז
אַלֶע זִינְד וֶועלֶען צוּ דִיא זִיהְן פוּן מֶענְשֶׁען פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּן דִיא
לֶעסְטֶערוּנְגֶען וָואס זֵייא וֶועלֶען לֶעסְטֶערְן; 29 אָבֶּער דֶער וָואס וֶועט לֶעסְטֶערְן
קֶעגֶען דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, דֶער הָאט אוֹיף עֶבִּיג קֵיינֶע פֶערְגֶעבּוּנְג נִיט, נֵייעֶרְט
עֶר אִיז פֶערְשׁוּלְדִיגְט פוּן אֵיין עֶבִּיגֶע זִינְד. 30 ווָארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר
הָאט אֵיין אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט.

31 אוּן זֵיינֶע מוּטֶער אוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּן זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען
דְרוֹיסֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אִיהְם רוּפֶען. 32 אוּן דִיא לֵייט זֶענֶען אַרוּם אִיהְם
גֶעזֶעסֶען, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע מוּטֶער אוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער
דְרוֹיסֶען זוּכֶען דִיךְ. 33 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶוער אִיז מֵיינֶע מוּטֶער אוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער? 34 אוּן קוּקֶענְדִיג אוֹיף דִיא וָואס
זֶענֶען אַרוּם אִיהְם גֶעזֶעסֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, זֶעה מֵיינֶע מוּטֶער אוּן מֵיינֶע
בְּרִידֶער! 35 וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט טְהוּן דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט, דֶער אִיז מֵיין
בְּרוּדֶער, אוּן שְׁוֶועסְטֶער, אוּן מוּטֶער.

ד 1 אוּן עֶר הָאט ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעהְרֶען בֵּייא דֶעם יַם, אוּן אַ סַךְ
לֵייט הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט, אַזוֹי אַז עֶר אִיז אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען,
אוּן אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען אִים יַם, אוּן אַלֶע לֵייט זֶענֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד בֵּיים
יַם גֶעוֶוען, 2 אוּן עֶר הָאט זֵייא פִיל גֶעלֶעהְרְט אִין מְשָׁלִים, אוּן הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט אִין זֵיינֶע לֶעהְרֶע, 3 הֶערְט צוּ, זֶעה, דֶער זֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
זֵייעֶן. 4 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעזֵייעֶט, זֶענֶען עֶטְלִיכֶע גֶעפַאלֶען
בֵּיים וֶועג, אוּן דִיא פֵייגֶעל זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען.
5 אוּן אַנְדֶערֶעס אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, ווְאוּ עֶס הָאט
נִיט גֶעהַאט פִיל עֶרְד; אוּן גְלֵייךְ הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט, ווֵייל עֶס הָאט
נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע טִיפֶע עֶרְד. 6 אוּן וֶוען דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי אִיז
עֶס דֶערְהִיצְט גֶעוָוארֶען, אוּן ווֵייל עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע ווָארְצֶעל אִיז עֶס

פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען. 7 אוּן אַנְדֶערֶעס אִיז גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דִיא דֶערְנֶער, אוּן
דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, אוּן הָאבֶּען עֶס דֶערְשְׁטִיקְט, אוּן עֶס הָאט
נִיט קֵיינֶע פְרוּכְט גֶעגֶעבֶּען. 8 אוּן אַנְדֶערֶעס אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם גוּטֶען
גְרוּנְד אוּן הָאט גֶעבְּרַאכְט פְרוּכְט וָואס אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט זִיךְ
גֶעמֶעהְרְט, אוּן הָאט גֶעטְרָאגֶען דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג אוּן זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג אוּן הוּנְ־
דֶערְטְפֶעלְטִיג. 9 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען לָאז
עֶר הֶערֶען.

10 אוּן וֶוען עֶר אִיז אַלֵיין גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען דִיא וָואס זֶענֶען אַרוּם אִיהְם מִיט
דִיא צְוֶועלְף גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען דִיא מְשָׁלִים. 11 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵייךְ
אִיז גֶעגֶעבֶּען דֶער סוֹד פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט; אָבֶּער צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
דְרוֹיסֶען גֶעשֶׁעהְט אַלֶּעדִינְג דוּרְךְ מְשָׁלִים. 12 כְּדֵי זֶעהֶענְדִיג זָאלֶען זֵייא זֶעהֶען,
אוּן נִיט אֵיינְזֶעהֶען; אוּן הֶערֶענְדִיג זָאלֶען זֵייא הֶערֶען, אוּן נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען;
אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט בְּעקֶעהְרֶען, אוּן דִיא זִינְד זֵייא פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען. 13 אוּן
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, ווייסְט אִיהְר נִיט דִיזֶעס מָשָׁל? וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהְר
אַלֶע מְשָׁלִים ווִיסֶען? 14 דֶער זֵייעֶר זֵייעֶט דָאס וָוארְט. 15 אוּן דָאס זֶענֶען דִיא
בֵּיים וֶועג, אִין וֶועמֶען דָאס וָוארְט אִיז גֶעזֵייעֶט גֶעוָוארֶען; אוּן וֶוען זֵייא הֶערֶען
אַזוֹי קוּמְט גְלֵייךְ דֶער שָׂטָן, אוּן נֶעמְט אַוֶועק דָאס וָוארְט וָואס אִיז אִין זֵייא
גֶעזֵייעֶט גֶעוָוארֶען. 16 אוּן דָאס זֶענֶען אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזֵייעֶט אוֹיף דֶעם
שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, וֶועלְכֶע, וֶוען זֵייא הֶערֶען דָאס וָוארְט, נֶעמֶען זֵייא עֶס
גְלֵייךְ אוֹיף מִיט פְרֵייד; 17 אוּן זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיין וָוארְצֶעל אִין זִיךְ, אוּן
בְּלֵייבֶּען נוּר פַאר אַ צֵייט; דֶערְנָאךְ וֶוען לֵיידֶען אוּן פֶערְפָאלְגוּנְגֶען קוּמֶען
דוּרְךְ דֶעם וָוארְט, שְׁטְרוֹיכְלֶען זֵייא גְלֵייךְ. 18 אוּן אַנְדֶערֶע זֶענֶען דִיא וָואס
זֶענֶען צְווִישֶׁען דֶערְנֶער גֶעזֵייעֶט; דָאס זֶענֶען דִיא וָואס הֶערֶען דָאס וָוארְט,
19 אוּן דִיא זָארְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט, אוּן דִיא בֶּעטְרִיגֶערֵייא פוּן רֵייכְטוּם, אוּן
דָאס גְלוּסְטֶען פוּן אַנְדֶערֶע זַאכֶען, קוּמֶען אַרֵיין אוּן דֶערְשְׁטִיקֶען דָאס וָוארְט,
אוּן עֶס בְּלֵייבְּט אָהְן פְרוּכְט. 20 אוּן דָאס זֶענֶען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזֵייעֶט
גֶעוָוארֶען אוֹיף גוּטֶען גְרוּנְד; וֶועלְכֶע הֶערֶען דָאס וָוארְט אוּן נֶעמֶען עֶס אוֹיף,
אוּן טְרָאגֶען פְרוּכְט, דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג, אוּן זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אוּן הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג.

21 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט מֶען דֶען אַרֵיין אַ לַאמְפֶּע אַז מֶען
זָאל עֶס שְׁטֶעלֶען אוּנְטֶער אַ מֶעסְטֶעל, אָדֶער אוּנְטֶער אַ בֶּעט, אוּן נִיט אַז
מֶען זָאל עֶס אַרוֹיפְשְׁטֶעלֶען אוֹיף אַ גֶעשְׁטֶעל? 22 וָוארִין קֵיין זַאךְ אִיז נִיט
פֶערְבָּארְגֶען, וָואס זָאל נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען. אוּן קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְהוֹילֶען
וָואס וֶועט נִיט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט וֶוערֶען. 23 וֶוער עֶס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען,
לָאז עֶר הֶערֶען. 24 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גִיבְּט אַכְטוּנְג וָואס אִיהְר
הֶערְט; מִיט דֶעם מָאס וָואס אִיהְר מֶעסְט וֶועט אֵייךְ אוֹיךְ גֶעמָאסְטֶען וֶוערֶען;
אוּן מֶעהְר וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. 25 וָוארִין דֶער וָואס הָאט, צוּ דֶעם
וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען; אוּן דֶער וָואס הָאט נִיט, פוּן דֶעם וֶועט אוֹיךְ דָאס

12 ישעיה ו׳ ט׳, י׳.

וָואס עֶר הָאט אַװעקגֶענוּמֶען װֶערֶען.
26 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט אִיז אַזוֹי וִויא אַ מַאן דֶער
וַוארְפְט זָאמֶען אִים גְרוּנְד. 27 אוּן עֶר שְׁלָאפְט, אוּן עֶר שְׁטֶעהְט אוֹיף בֵּייא
נַאכְט אוּן בֵּייא טָאג, אוּן דֶער זָאמֶען שְׁפְּרָאצְט אַרוֹיס, אוּן וַואקְסְט אוֹיף, וִויא
עֶר װֵייסְט נִיט. 28 דִיא עֶרְד בְּרֶענְגְט פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט פְּרוּכְט, צוּם עֶרְשְׁטֶען דָאס
גְרָאז, דֶערְנָאךְ דִיא זַאנְג, דֶערְנָאךְ דֶעם פוּלֶען װֵייץ אִין דֶער זַאנְג. 29 אָבֶּער
װֶען דִיא פְּרוּכְט אִיז צֵייטִיג, גְלֵייךְ שִׁיקְט עֶר דִיא קָאסֶע אַרוֹיס, וָוארִין דִיא
שְׁנִיטְצֵייט אִיז גֶעקוּמֶען.
30 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי זָאלֶען מִיר פֶּערְגְלֵייכֶען דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן
גָאט? אָדֶער וָואסְפַאר אַ מָשָׁל זָאלֶען מִיר דֶעם גֶעבֶּען? 31 עֶס אִיז וִויא אַ
זֶענְפְקָארְן, וָואס װֶען עֶס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעזֵייעֶט, אִיז קְלֵיינֶער וִויא אַלֶע
זָאמֶען וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. 32 אוּן װֶען עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט גֶעוָוארֶען וַואקְסְט
עֶס אוֹיף, אוּן װֶעט גְרֶעסֶער וִויא אַלֶע קְרֵייטֶער, אוּן בֶּעקוּמְט גְרוֹיסֶע צְוֵוייגֶען,
אַזוֹי אַז דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל קֶענֶען אוּנְטֶער זַיין שָׁאטֶען וְואוֹינֶען.
33 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא דָאס וָוארְט גֶערֶעט דוּרְךְ פִילֶע אַזֶעלְכֶע מְשָׁלִים, אַזוֹי וִויא
זֵייא הָאבְּעןעֶס צוּ הֶערֶען גֶעקֶענְט; 34 אָבֶּער אָהְן אַ מָשָׁל הָאט עֶר צוּ זֵייא נִיט גֶערֶעט,
אוּן אַלֶעס צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאט עֶר אוֹיסְגֶעלֶעגְט װֶען זֵייא זֶענֶען אַלֵיין גֶעוֶוען.
35 אוּן אִין יֶענֶעם טָאג, װֶען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
לָאזֶען מִיר אַרִיבֶּערְגֶעהֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט. 36 אוּן װֶען זֵייא הָאבֶּען דִיא לֵייט
אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרִיבֶּערְגֶענוּמֶען אִין דֶעם שִׁיף אַזוֹי וִויא עֶר
אִיז גֶעוֶוען, אוּן עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוען נָאךְ אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען. 37 אוּן עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְמְוִוינְד, אוּן דִיא װֶעלֶען זֶענֶען אִים שִׁיף
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי אַז עֶס אִיז שׁוֹין פוּל גֶעוָוארֶען. 38 אוּן עֶר אִיז אוֹיף דִיא
אוּנְטֶערְשְׁטֶע זֵייט פוּן דֶעם שִׁיף גֶעוֶוען שְׁלָאפֶענְדִיג אוֹיף דֶעם קִישֶׁען. אוּן
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, בֶּעקִי־
מֶערְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַז מִיר גֶעהֶען פֶּערְלוֹירֶען? 39 אוּן עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּן הָאט דֶעם וִוינְד אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּן הָאט צוּם יַם גֶעזָאגְט, זֵייא שְׁטִיל,
זֵייא פֶּערְשְׁטוּמְט! אוּן דֶער וִוינְד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּן עֶס אִיז אַ גְרוֹיסֶע
שְׁטִילֶע גֶעוָוארֶען. 40 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס זֶענְט אִיהְר אַזוֹי
שְׁרֶעקֶענְדִיג? וִויא אִיז עֶס אַז אִיהְר הָאט קֵיין גְלוֹיבֶּען נִיט? 41 אוּן זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, וָואס
פַאר אֵיינֶער אִיז דֶער, אַז אוֹיךְ דֶער וִוינְד אוּן דֶער יַם גֶעהָארְכֶען אִיהְם?
ה 1 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם יַם, צוּם לַאנְד
פוּן דִיא גְרָשִׁים. 2 אוּן וִויא עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם שִׁיף, הָאט אִיהְם
גְלֵייךְ בֶּעגֶעגֶענְט פוּן דִיא קְבָרִים אַ מַאן מִיט אֵיין אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט; 3 דֶער הָאט
זֵיינֶע וְואוֹינוּנְג גֶעהַאט צְוִוישֶׁען דִיא קְבָרִים; אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט
בִּינְדֶען, אוֹיךְ נִיט מִיט אַ קֶעט. 4 וָוארִין עֶר אִיז אָפְט גֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען

29 יואל ד׳ יג׳, 32 יחזקאל יז׳ כג׳,

מִיט בֶּענְדֶער אוּן מִיט קֶעטֶען, אוּן עֶר הָאט דִיא קֶעטֶען צוּרִיסֶען, אוּן דִיא
בֶּענְדֶער צוּבְּרָאכֶען; אוּן קֵיינֶער הָאט נִיט כֹּחַ גֶעהַאט אִיהְם אֵיינְצוּשְׁטִילֶען.
5 אוּן עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען נַאכְט אוּן טָאג צְוִוישֶׁען דִיא קְבָרִים אוּן אִין דִיא
בֶּערְג, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיגֶען, אוּן זִיךְ מִיט שְׁטֵיינֶער גֶעשְׁנִיטֶען. 6 אוּן וֶוען עֶר
הָאט יֵשׁוּעַ פוּן ווייטֶען גֶעזֶעהֶען, אִיז עֶר צוּגֶעלָאפֶען אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט; 7 אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוּן גֶעזָאגְט וָואס הָאבּ
אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן, יֵשׁוּעַ, זוּהְן פוּן גָאט דֶעם אַלֶערְהֶעכְסְטֶען? אִיךְ
בֶּעשְׁוֶוער דִיךְ בֵּייא גָאט, פְּלָאג מִיךְ נִיט. 8 וָוארִין עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֶעה אַרוֹיס פוּן דֶעם מַאן, אוּנְרֵיינֶער גֵייסְט. 9 אוּן עֶר הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
וָואס אִיז דֵיין נָאמֶען? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין נָאמֶען אִיז לְגְיוֹן; וָוארִין
מִיר זֶענֶען פִילֶע. 10 אוּן עֶר הָאט אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל זֵייא נִיט
אַרוֹיסְשִׁיקֶען פוּן דֶעם לַאנְד. 11 אוּן עֶס אִיז דָארְט אוֹיף דֶעם בַּארְג גֶעוֶועזֶען
אַ גְרוֹיסֶע סְטַאדֶע פוּן חֲזֵירִים פַּאסֶען. 12 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען
אוּן גֶעזָאגְט, שִׁיק אוּנְז אִין דִיא חֲזֵירִים, אַז מִיר זָאלֶען צְוִוישֶׁען זֵייא אַרֵיינְ-
קוּמֶען. 13 אוּן עֶר הָאט זֵייא דֶערְלוֹיבְּט. אוּן דִיא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא חֲזֵירִים; אוּן דִיא סְטַאדֶע
הָאט זִיךְ אַרוּנְטֶערְגֶעשְׁטִירְצְט פוּן אַ מְשׁוּפָּע אָרְט אִים יַם אַרֵיין קְעגֶען צְוֵוייא
טוֹיזֶענְד, אוּן זֶענֶען דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען אִים יַם. 14 אוּן דִיא פַּאסְטוּכֶער פוּן
דִיא חֲזֵירִים זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען, אוּן הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט אִין דֶער שְׁטָאדְט אוּן
אִין דִיא פֶעלְדֶער. אוּן זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען.
15 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם וָואס הָאט
גֶעהַאט דִיא לְגְיוֹן פוּן דִיא שֵׁדִים וִויא עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אָנְגֶעקְלֵייד אוּן
בֵּיים שֵׂכֶל; אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען. 16 אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶע-
זֶעהֶען, הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צוּ דֶעם וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא
שֵׁדִים, אוּן וֶועגֶען דִיא חֲזֵירִים. 17 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
בֶּעטֶען אַז עֶר זָאל פוּן זֵייעֶרֶע גְרֶענְצֶען אַוֶועקְגֶעהֶען. 18 אוּן וִויא עֶר אִיז אִים
שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהְם דֶער וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא שֵׁדִים גֶעבֶּעטֶען
אַז עֶר זָאל בֵּייא אִיהְם זַיין. 19 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם נִיט גֶעלָאזְט, נֵייעֶרְט
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַהֵיים צוּ דֵיינֶע פְרֵיינְד, אוּן דֶערְצֶעהְל צוּ זֵייא
וָואס דֶער הַאר הָאט מִיט דִיר גֶעטְהוּן, אוּן וִויא עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּער דִיר
דֶערְבַּארְמְט. 20 אוּן עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְּרֶעדִיגֶען
אִין דֶעקַאפָּאלִיס וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן; אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע
פֶערְוואוּנְדֶערְט.

21 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז ווידֶער אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ שִׁיף אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע
זֵייט, הָאבֶּען זִיךְ פִיל לֵייט אַרוּם אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט, אוּן עֶר אִיז בֵּיים יַם
גֶעוֶועזֶען. 22 אוּן עֶס אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אֵיינֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער
שׁוּל, מִיט דֶעם נָאמֶען יָאִיר, אוּן וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אִיז עֶר אִיהְם
צוּ דִיא פִיס גֶעפַאלֶען; 23 אוּן עֶר הָאט אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט,

מֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז אַם שְׁטַארְבֶּען, קוּם אוּן לֶעג דֵיינֶע הֶענְד אוֹיף אִיהְר,
אַז זִיא זָאל גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען אוּן לֶעבֶּען. 24 אוּן עֶר אִיז מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען.
אוּן פִּיל לֵייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעדְרֶענְגְט.
25 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט אַ בְּלוּטְגַאנְג צְוֶועלְף יָאהְר;
26 אוּן זִיא הָאט פִּיל גֶעלִיטֶען אוּנְטֶער פִילֶע דָאקְטָארֶען, אוּן הָאט אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען
אַלֶעס וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט, אוּן עֶס הָאט אִיהְר נִיט גֶעהָאלְפֶען, נֵייעֶרְט זִיא
אִיז נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוָוארֶען. 27 וֶוען זִיא הָאט גֶעהֶערְט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ, אִיז זִיא
גֶעקוּמֶען צְוִוישֶׁען דִיא לֵייט פוּן הִינְטֶער אִיהְם, אוּן הָאט אָנְגֶערִיהְרְט זֵיין
קְלֵייד. 28 וָוארִין זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ זָאל נוּר זֵיין קְלֵייד אָנְרִיהְרֶען,
וֶועל אִיךְ גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 29 אוּן גְלֵייךְ אִיז אִיהְר בְּלוּטְגַאנְג פֶערְטְרִיקֶענְט
גֶעוָוארֶען, אוּן זִיא הָאט גֶעפִיהְלְט אִין אִיהְרֶעם לֵייבּ אַז זִיא אִיז גֶעהֵיילְט פוּן
אִיהְרֶע פְּלָאג. 30 אוּן גְלֵייךְ הָאט יֵשׁוּעַ גֶעפִיהְלְט אַז קְרַאפְט אִיז פוּן אִיהְם
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צְוִוישֶׁען דִיא לֵייט אוּן גֶעזָאגְט,
וֶוער הָאט מֵיינֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶערִיהְרְט? 31 אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דוּא זֶעהְסְט אַז דִיא לֵייט דְרֶענְגֶען דִיךְ, אוּן דוּא זָאגְסְט, וֶוער הָאט
מִיךְ אָנְגֶערִיהְרְט? 32 אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט צוּ זֶעהֶען וֶוער עֶס הָאט
דָאס גֶעטְהוּן. 33 אוּן דִיא פְרוֹיא הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אוּן הָאט גֶעצִיטֶערְט,
וַוייל זִיא הָאט גֶעוְואוּסְט וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צוּ אִיהְר; אוּן זִיא אִיז גֶעקוּמֶען אוּן
אִיז פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט דִיא גַאנְצֶע
וָואהְרְהֵייט. 34 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, מֵיינֶע טָאכְטֶער, דֵיין גְלוֹיבֶּען
הָאט דִיךְ גֶערֶעטֶעט, גֶעה אִין פְרִידֶען, אוּן זַייא גֶעהֵיילְט פוּן דֵיינֶע פְּלָאג.
35 דֶערְוַוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, זֶענֶען עֶטְלִיכֶע גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם
עֶלְצְטֶען פוּן דֶער שׁוּל, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
פַארְוָואס בֶּעמִיהְסְט דוּא נָאךְ דֶעם לֶעהְרֶער? 36 אוּן וִויא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֶערְט
דָאס וָוארְט וָואס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם עֶלְצְטֶען פוּן
דֶער שׁוּל, פָארְכְט דִיךְ נִיט, גְלוֹיבּ נוּר. 37 אוּן עֶר הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעלָאזְט
אִיהְם צוּ בֶּעגְלֵייטֶען, אוֹיסֶער פֶּעטְרוֹס אוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן דֶער בְּרוּדֶער פוּן
יַעֲקֹב. 38 אוּן זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִים הוֹיז אַרֵיין פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֶער
שׁוּל; אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס גֶעטוּמֶעל, אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען זֶעהְר גֶע־
וֵויינְט אוּן גֶעקְלָאגְט. 39 אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס לַארְמְט אִיהְר אוּן וֵויינְט? דָאס מֶעדֶעל אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, נֵייעֶרְט
זִיא שְׁלָאפְט. 40 אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעלַאכְט. אָבֶּער עֶר הָאט זַייא אַלֶע
אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוּן הָאט גֶענוּמֶען דֶעם פָאטֶער אוּן דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם
מֶעדֶעל אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ
דָאס מֶעדֶעל אִיז גֶעלֶעגֶען. 41 אוּן עֶר הָאט דָאס מֶעדֶעל בַּייא דֶער הַאנְד
גֶענוּמֶען אוּן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, טַלְיְתָא קוּמִי, וָואס אִיז פֶערְטֵייטְשְׁט, מֶע־
דֶעל, אִיךְ זָאג דִיר, שְׁטֶעה אוֹיף. 42 אוּן גְלֵייךְ אִיז דָאס מֶעדֶעל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּן אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען; וָוארִין זִיא אִיז צְוֶועלְף יָאהְר אַלְט גֶעוֶועזֶען. אוּן גְלֵייךְ

וֶוענֶען זֵייא אויסֶער זִיךְ גֶעוֶועזֶען פַאר גְרויסֶען עֶרְשְׁטוינֶען. [43] און עֶר הָאט זֵייא
וֶועהְר פֶערְבָּאטֶען, אַז קֵיינֶער זָאל דָאס נִיט ווִיסֶען; און עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען
אַז מֶען זָאל אִיהְר גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען.

ו [1] און עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, און אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זֵיין פָאטֶער־
לַאנְד. און זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען. [2] און וֶוען דֶער שַׁבָּת
אִיז גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶערְנֶען אִין דֶער שׁוּל; און פִילֶע וָואס
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְווְאוּנְדֶערְט און גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען
הָאט דִיזֶער דִיזֶע זַאכֶען און וָואס אִיז דָאס פַאר אַ חָכְמָה וָואס אִיז אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען, און אַזֶעלְכֶע נִסִים וָואס זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ זֵיינֶע הֶענְד? [3] אִיז עֶר
נִיט דֶער בּוֹימֵייסְטֶער, דֶער זוּהְן פוּן מִרְיָם, און דֶער בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב און יוֹסֵי
און יְהוּדָה און שִׁמְעוֹן? און זֶענֶען נִיט זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער דָא מִיט אוּנְז? און
זֵייא הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט. [4] און יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַ
נָבִיא אִיז נִיט אָהְן כָּבוֹד, אויסֶער אִין זֵיין אֵייגֶען לַאנְד, און צְווִישֶׁען זֵיינֶע
קְרוֹבִים, און אִין זֵיין אֵייגֶען הויז. [5] און עֶר הָאט דָארְט נִיט קֵיינֶע גְבוּרָה גֶעקֶענְט
טְהוּן, חוּץ אַז עֶר הָאט זֵיינֶע הֶענְד גֶעלֶעגְט אויף עֶטְלִיכֶע קְרַאנְקֶע, און
הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט. [6] און עֶר הָאט זִיךְ גֶעווְאוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶּען.
און עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא דֶערְפֶער און הָאט גֶעלֶעהְרְט.

[7] און עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף, און הָאט זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אויסְצוּשִׁיקֶען צוּ צְוֵוייא, און הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער אוּנְרֵיינֶע
גֵייסְטֶער. [8] און עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען גָאר נִיט מִיטְנֶעמֶען
אויף דֶעם וֶועג, אויסֶער נוּר אַ שְׁטֶעקֶען; נִיט קֵיין בְּרוֹיט און נִיט קֵיינֶע רֵייזֶע
טַאשׁ, און נִיט קֵיין גֶעלְד אִים גַארְטֶעל. [9] אָבֶּער זֵייא זָאלֶען גֶעהֶען אִין שִׁיךְ
אָנְגֶעטְהוּן, און זָאלֶען נִיט אָנְטְהוּן צְוֵוייא רֶעק. [10] און עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען אִין אַ הויז אַרֵיין, בְּלֵייבְּט דְרִינֶען בִּיז
אִיהְר וֶועט פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעהֶען. [11] און וָואסְפַאר אֵיין אָרְט וֶועט אֵייךְ
נִיט אויפְנֶעמֶען, און זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ נִיט הֶערֶען, וֶוען אִיהְר גֶעהְט פוּן
דָארְטֶען אַוֶועק, שָׁאקֶעלְט אָפּ דֶעם שְׁטוֹיב פוּן אֵייעֶרֶע פִיס, פַאר אַ צֵייגְנִיס
קֶעגֶען זֵייא. [12] און זֵייא זֶענֶען אויסְגֶעגַאנְגֶען, און הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט אַז מֶען
זָאל תְּשׁוּבָה טְהוּן. [13] און זֵייא הָאבֶּען אַרויסְגֶעטְרִיבֶּען פִילֶע שֵׁדִים, און פִילֶע
קְרַאנְקֶע מִיט עֶהְל גֶעזַאלְבְּט, און הָאבֶּען זֵייא גֶעהֵיילְט.

[14] און הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ הָאט וֶועגֶען אִיהְם גֶעהֶערְט, ווָארִין זֵיין נָאמֶען אִיז
בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען; און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע
אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, דְרוּם ווִירְקֶען דִיא נִסִים אִין אִיהְם. [15] און אַנְדֶערֶע הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז אֵלִיָּה. און אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז אַ נָבִיא,
אַזוֹי וִויא אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים. [16] אָבֶּער וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דֶער אִיז יוֹחָנָן, דֶעם אִיךְ הָאבּ דֶעם קָאפּ אַרוּפְּגֶענוּ־
מֶען; עֶר אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען. [17] דֶען עֶר הוֹרְדוֹס הָאט גֶעשִׁיקְט און הָאט
יוֹחָנָן גֶענוּמֶען, און הָאט אִיהְם אִים גֶעפֶענְגְנִיס גֶעבּוּנְדֶען וֶועגֶען הוֹרוֹדְיָא,

דֶעם וַוייבּ פוּן זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס, וַוייל עֶר הָאט זִיא גֶעהֵיירַאטֶעט. 18 וָוארִין יוֹחָנָן
הָאט צוּ הוֹרְדוּס גֶעזָאגְט, דוּא מֶעגְסְט נִיט הָאבֶּען דָאס וַוייבּ פוּן דֵיין בְּרוּדֶער.
19 אוּן הוֹרוֹדְיָא הָאט אִיהְם פֵיינְד גֶעהַאט, אוּן הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט הַרְגֶענֶען,
אוּן זִיא הָאט נִיט גֶעקֶענְט. 20 וָוארִין הוֹרְדוּס הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר יוֹחָנָן,
וַוייל עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט אַז עֶר אִיז אַ גֶערֶעכְטֶער אוּן הֵיילִיגֶער מַאן, אוּן עֶר
הָאט אִיהְם בֶּעשִׁיצְט; אוּן וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעהֶערְט אִיז עֶר זֶעהְר
בֶּעזָארְגְט גֶעוֶוען, אוּן הָאט אִיהְם גֶערְן גֶעהֶערְט. 21 אוּן עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אִין אַ פַּאסֶ־
סֶענְדִיגֶען טָאג וֶוען הוֹרְדוּס הָאט אוֹיף זַיין גֶעבּוּרְטְסְטָאג אַ סְעוּדָה גֶעמַאכְט צוּ
זַיינֶע גְרוֹיסֶע לֵייט אוּן אָפִּיצִיעֶרֶע אִיבֶּער טוֹיזֶענְד, אוּן צוּ דִיא עֶלְצְטֶע פוּן גָלִיל;
22 אוּן וֶוען דִיא טָאכְטֶער פוּן דִיזֶער הוֹרוֹדְיָא אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶע־
טַאנְצְט, אוּן הוֹרְדוּס וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעזֶעסֶען; אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג צוּם מֶעדֶעל גֶעזָאגְט, פֶערְלַאנְג פוּן מִיר וָואס
דוּא ווִילְסְט, אוּן אִיךְ וֶועל עֶס דִיר גֶעבֶּען. 23 אוּן עֶר הָאט אִיהְר גֶעשְׁוָוארֶען,
וָואס דוּא וֶועסְט פוּן מִיר פֶערְלַאנְגֶען וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען, בִּיז צוּ דֶער הֶעלְפְט
פוּן מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ. 24 אוּן זִיא אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט צוּ אִיהְרֶע מוּטֶער
גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען? אוּן זִיא הָאט גֶעזָאגְט, דֶעם קָאפּ פוּן
יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל. 25 אוּן גְלֵייךְ אִיז זִיא אֵיילֶענְדִיג אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּם קֶענִיג, אוּן
הָאט פֶערְלַאנְגְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל אַז דוּא זָאלְסְט מִיר גְלֵייךְ גֶעבֶּען אוֹיף
אַ שִׁיסֶעל דֶעם קָאפּ פוּן יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל. 26 אוּן דֶער קֶענִיג אִיז זֶעהְר טְרוֹי־
רִיג גֶעוָוארֶען, אָבֶּער וֶועגֶען דֶער שְׁבוּעָה אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעוֶוען, הָאט עֶר אִיהְר נִיט גֶעוָואלְט אָפְּזָאגֶען. 27 אוּן גְלֵייךְ הָאט דֶער קֶענִיג
גֶעשִׁיקְט אַ לֵייבְּוֶועכְטֶער, אוּן הָאט בֶּעפוֹילֶען זַיין קָאפּ צוּ בְּרֶענְגֶען. אוּן עֶר
אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אִיהְם גֶעקֶעפְּט אִים גֶעפֶענְגְנִיס, 28 אוּן הָאט זַיין קָאפּ
גֶעבְּרַאכְט אוֹיף אַ שִׁיסֶעל, אוּן הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּם מֶעדֶעל, אוּן דָאס מֶעדֶעל
הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיהְרֶע מוּטֶער. 29 אוּן וֶוען זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען דֶערְפוּן
גֶעהֶערְט, זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיין לֵייבּ, אוּן הָאבֶּען אִיהְם
אַרֵיינְגֶעלֶעגְט אִין אַ קֶבֶר.

30 אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט צוּ יֵשׁוּעַ אוּן הָאבֶּען אִיהְם
אַלֶעס דֶערְצֶעהְלְט, ווְאס זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן, אוּן וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט.
31 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, קוּמְט אִיהְר זֶעלְבְּסְט אַלֵיין אִין אַ ווִיסְטֶען
אָרְט אַרֵיין, אוּן רוּהְט אֵייךְ אוֹיס אַבִּיסֶעל. ווָארִין פִילֶע זֶענֶען אַרֵיין אוּן
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זַייא הָאבֶּען נִיט פַּאסֶענְדִיגֶע צֵייט גֶעהַאט אוֹיךְ צוּ עֶסֶען.
32 אוּן זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ שִׁיף בֵּייא זִיךְ אַלֵיין אִין אַ ווִיסְטֶען
אָרְט אַרֵיין. 33 אוּן פִילֶע הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען אַוֶועקְגֶעהֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם
דֶערְקַאנְט, אוּן זֶענֶען אַהִינְגֶעלָאפֶען צוּ פוּס פוּן אַלֶע שְׁטֶעדְט, אוּן זֶענֶען פְרִיהֶער
ווִיא זַייא אָנְגֶעקוּמֶען. 34 אוּן ווִיא יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען פִיל
לֵייט, אוּן עֶר הָאט אִיבֶּער זַייא רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, וָוארִין זַייא זֶענֶען גֶעוֶוען ווִיא
שָׁאף וָואס הָאבֶּען קֵיין פַּאסְטוּךְ נִיט. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַייא פִילֶע

זאבען צו לערהרען. 35 און ווען עס איז שוין שפעט געוואָרען, זענען זיינע
תלמידים צו איהם געקומען, און האבען געזאגט, דער אָרט איז א וויסטער,
און עס איז שוין שפעט געוואָרען; 36 שיק זייא אַוועק, אַז זייא זאלען געהען
ארום די פעלדער און אין די דערפער, און זאלען זיך קויפען וואס צו עסען.
37 אָבער ער האט געענטפערט און האט צו זייא געזאגט, גיבט איהר זייא צו עסען.
און זייא האבען צו איהם געזאגט זאלען מיר אַוועקגעהען און קויפען פאר
צוויא הונדערט גראשען* ברויט, און זאלען זייא געבען צו עסען? 38 און ער
האט צו זייא געזאגט, וויא פיל ברויט האט איהר? געהט און זעהט. און
ווען זייא האבען געזעהען האבען זייא געזאגט, פינף, און צוויא פיש. 39 און
ער האט זייא געהייסען זיך אַנידערזעצען שורות וויים אויף דעם גרינען
גראז. 40 און זייא האבען זיך אַנידערגעזעצט אין שורות, צו הונדערט און צו
פינפציג. 41 און ער האט גענומען די פינף ברויט און די צוויא פיש, און
האט אַרויפגעבליקט צום הימעל, און האט א ברכה געמאכט, און האט דאס
ברויט צובראָכען, און עס געגעבען צו די תלמידים אַז זייא זאלען עס פאר
זייא פארלעגען; און די צוויא פיש האט ער פערטהיילט צו אַלע. 42 און
זייא האבען אַלע געגעסען, און זענען זאט געוואָרען. 43 און זייא האבען
אויפגעהויבען פון די ברעקלעך צוועלף קערב פול און פון די פיש.
44 און די וואס האבען דאס ברויט געגעסען זענען פינף טויזענד מאן געווען.
45 און גלייך האט ער זיינע תלמידים געצוואונגען אַז זייא זאלען אים שיף
אַריינגעהען, און זאלען פריהער אַריבערגעהען צו די אַנדערע זייט קיין
בית־צידה, ביז ער וועט די לייט אַוועקשיקען. 46 און ווען ער האט פון
זייא אפשיד גענומען איז ער אויף דעם בארג אַרויפגעגאַנגען מתפלל צו זיין.
47 און ווען עס איז אָבענד געוואָרען איז דאס שיף אין מיטען ים געווען, און
ער אַליין אויף דעם לאַנד. 48 און ער האט געזעהען אַז זייא האבען זיך
שווער בעמיהט מיט דעם רודערען, וואָרין דער ווינד איז קעגען זייא געווען.
און קעגען דעם פיערטען משמר פון דער נאכט איז ער צו זייא געקומען
אַרומגעהענדיג אויף דעם ים; און ער האט זייא געוואָלט פאַרבייא געהען.
49 און וויא זייא האבען איהם געזעהען אַרומגעהענדיג אויף דעם ים, האבען
זייא געדאַכט אַז עס איז א גייסט, און זייא האבען אויסגעשריגען; 50 וואָרין
זייא האבען איהם אַלע געזעהען, און האבען זיך דערשראָקען. און גלייך
האט ער מיט זייא גערעט, און האט צו זייא געזאגט, זייט געטרייסט; איך
בין עס; פאַרכט אייך ניט. 51 און ער איז צו זייא אים שיף אַריינגעגאַנגען.
און דער ווינד האט אויפגעהערט; און זייא האבען זיך זעהר איבער דעם מאס
פערוואונדערט. 52 וואָרין זייא האבען ניט פערשטאַנען איבער דעם ברויט,
אָבער זייער האַרץ איז פערהאַרטעט געווען.
53 און זייא האבען זיך אַריבערגעשיפט און זענען געקומען צום לאַנד
צו גניסר, און האבען זיך געאַנקערט צום בארטען. 54 און ווען זייא זענען

*גר׳ דינר

פוּן דֶעם שִׁיף אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, הָאט מֶען אִיהְם גְלֵייךְ דֶערְקַאנְט 55 אוּן זֶענֶען
אַרוּמְגֶעלָאפֶען אִים גַאנְצֶען גֶעבִּיט, אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְצוּטְרָאגֶען
אוֹיף דִיא בֶּעטֶען דִיא וָואס זֶענֶען קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען, וְואוּ זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט
אַז עֶר אִיז דָארְט. 56 אוּן וְויא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא דֶערְפֶער,
אָדֶער שְׁטֶעדְט, אָדֶער פֶּעלְדֶער, הָאבֶּען זֵייא דִיא קְרַאנְקֶע אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט אִין
דִיא מַארְקֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען נוּר אָנְרִיהְרֶען דִיא
עֶקֶען פוּן זֵיין קְלֵייד; אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶערִיהְרְט זֶענֶען גֶערֶעד־
טֶעט גֶעוָוארֶען.
ז 1 אוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט. 2 אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
עֶטְלִיכֶע פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט אוּנְרֵיינֶע, דָאס הֵייסְט אוּנְגֶע־
וַואשֶׁענֶע הֶענְד. 3 וָוארִין דִיא פְּרוּשִׁים אוּן אַלֶע יוּדֶען עֶסֶען נִיט וֶוען זֵייא
וְואשֶׁען נִיט זָארְגְפֶעלְטִיג זֵייעֶרֶע הֶענְד, וְוייל זֵייא הַאלְטֶען דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג
פוּן דִיא זְקֵנִים. 4 אוּן וְויא זֵייא קוּמֶען פוּן דֶעם מַארְק עֶסֶען זֵייא נִיט וֶוען
זֵייא רֵיינִיגֶען זִיךְ נִיט; אוּן דָא זֶענֶען פִילֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען
אָנְגֶענוּמֶען צוּ הַאלְטֶען, וְויא דִיא טְבִילָה פוּן בֶּעכֶער, אוּן טֶעפּ, אוּן קוּפֶּערְנֶע
כֵּלִים. 5 אוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן סוֹפְרִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, פַארְוָואס
גֶעהֶען דֵיינֶע תַּלְמִידִים נִיט נָאךְ דֶער אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג פוּן דִיא זְקֵנִים, אָבֶּער
עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד? 6 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
יְשַׁעְיָה הָאט רֶעכְט נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אוֹיף אֵייךְ הֵייכְלֶער, וְויא עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען,

דִיזֶעס פָאלְק עֶהְרְט מִיךְ מִיט דִיא לִיפֶּען,
אָבֶּער זֵייעֶר הַארְץ אִיז וְוייט פוּן מִיר;
7 אָבֶּער אוּמְזוּסְט בֶּעטֶען זֵייא מִיךְ אָן,
אוּן לֶעהְרֶען לֶעהְרֶען וָואס זֶענֶען גֶעבָּאטֶע פוּן מֶענְשֶׁען.

8 אִיהְר הָאט פֶערְלָאזְט דִיא מִצְוָה פוּן גָאט, אוּן הַאלְט דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג
פוּן מֶענְשֶׁען. 9 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וְואוֹיל פֶערְוַוארְפְט אִיהְר דָאס
גֶעבָּאט פוּן גָאט אַז אִיהְר זָאלְט הַאלְטֶען אֵייעֶרֶע אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג. 10 וָוארִין
משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, עֶהְרֶעט דֵיין פָאטֶער אוּן דֵיינֶע מוּטֶער, אוּן וֶוער עֶס
שֶׁעלְט פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער דֶער זָאל גֶעוִויס שְׁטַארְבֶּען; 11 אָבֶּער אִיהְר
זָאגְט, וֶוען אַ מֶענְשׁ וֶועט זָאגֶען צוּ זֵיין פָאטֶער אָדֶער זֵיינֶע מוּטֶער, דָאס אִיז
אַ קָרְבָּן, דָאס הֵייסְט אַ נְדָבָה, וָואס דוּא קֶענְסְט פוּן מִיר בֶּעקוּמֶען; 12 אִיהְר
לָאזְט אִיהְם גָאר נִיט מֶעהְר טְהוּן פַאר זֵיין פָאטֶער אָדֶער זֵיינֶע מוּטֶער;
13 אוּן אִיהְר מַאכְט שְׁוַואךְ דָאס וָוארְט פוּן גָאט דוּרְךְ אֵייעֶרֶע אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג,
וָואס אִיהְר הָאט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט; אוּן גְלֵייךְ דֶעם טְהוּט אִיהְר פִילֶע
אַזֶעלְכֶע זַאכֶען. 14 אוּן עֶר הָאט צוּ זִיךְ וִוידֶער גֶערוּפֶען דִיא לֵייט, אוּן הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, הֶערְט מִיךְ אַלֶע צוּ, אוּן פֶערְשְׁטֶעהְט. 15 קֵיין זַאךְ פוּן

שמות כ׳ יב׳: כא׳ יז׳, 10 ישעיה כט׳ יג׳ 6

אויסְוֶוענִיג פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען וָואס קוּמְט אִין אִיהְם אַרַיין קֶען אִיהְם אוּנְרַיין
מַאכֶען; נֵייעֶרְט דִיא זַאכֶען וָואס קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען מַאכֶען אִיהְם
אוּנְרַיין. 17 אוּן וֶוען עֶר אִיז אִים הוֹיז פוּן דִיא לַייט גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם
זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען דֶעם מָשָׁל. 18 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ אַזוֹי אָהְן פֶערְשְׁטַאנְד? פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נִיט, אַז אַלֶעס
וָואס קוּמְט פוּן אוֹיסְוֶוענִיג אִין אַ מֶענְשֶׁען אַרַיין קֶען אִיהְם נִיט אוּנְרַיין
מַאכֶען? 19 וָוארִין עֶס קוּמְט נִיט אִין זַיין הַארְץ אַרַיין, נֵייעֶרְט אִין בּוֹיךְ,
אוּן גֶעהְט צוּם מִיסְט אַרוֹיס; אַזוֹי הָאט עֶר אַלֶע זַאכֶען רֵיין גֶעמַאכְט.
20 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען, דָאס מַאכְט
דֶעם מֶענְשֶׁען אוּנְרַיין. 21 וָוארִין פוּן אִינֶעוֶוענִיג פוּן דֶעם הַארְץ פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען,
קוּמֶען אַרוֹיס שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען, נִיאוּף, גְנֵיבָה, רְצִיחָה, 22 זְנוּת, גְלוּסְטֶען,
רִשְׁעוּת, בֶּעטְרִיגֶערַייא, אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהַייט, אֵיין אִיבֶּעל אוֹיג, לֶעסְטֶערוּנְג,
שְׁטָאלְץ, נַארִישְׁקַייט; 23 אַלֶע דִיזֶע שְׁלֶעכְטִיגְקַייטֶען קוּמֶען אַרוֹיס פוּן אִינֶעוֶוענִיג,
אוּן מַאכֶען דֶעם מֶענְשֶׁען אוּנְרַיין.

24 אוּן עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא
גְרֶענְצֶען פוּן צוֹר אוּן צִידוֹן. אוּן עֶר אִיז אִין אַ הוֹיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט
נִיט גֶעוָואלְט אַז קֵיינֶער זָאל וִויסֶען, אוּן עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט פֶערְבָּארְגֶען
בְּלֵייבֶּען. 25 אַבֶּער גְלֵייךְ הָאט אַ פְרוֹיא, וָואס אִיהְרֶע טָאכְטֶער הָאט גֶעהַאט
אֵיין אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט, פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אוּן אִיז אִיהְם צוּ
דִיא פִּיס גֶעפַאלֶען; 26 אוּן דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ יְוָנִית פוּן אֲרַם צוֹר.
אוּן זִיא הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל דֶעם שֵׁד אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען אוֹיס אִיהְרֶע
טָאכְטֶער. 27 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, לָאזֶען צוּעֶרְשְׁט דִיא קִינְדֶער זַאט
וֶוערֶען, וָוארִין עֶס אִיז נִיט גוּט דָאס בְּרוֹיט פוּן דִיא קִינְדֶער אַוֶועקְצוּנֶעמֶען,
אוּן פָאר דִיא הִינְדֶעלֶעךְ צוּ וַוארְפֶען. 28 אוּן זִיא הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, יָא, הַאר; אוֹיךְ דִיא הִינְדֶעלֶעךְ אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ עֶסֶען פוּן דִיא
קִינְדֶערְס בְּרֶעקְלֶעךְ. 29 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וֶועגֶען דִיזֶעם וָוארְט
גֶעה אַוֶועק; דֶער שֵׁד אִיז פוּן דֵיינֶע טָאכְטֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. 30 אוּן וֶוען זִיא
אִיז אִין אִיהְר הוֹיז גֶעקוּמֶען, הָאט זִיא גֶעפִינֶען דָאס מֶעדְעל לִיגֶענְדִיג אוֹיף
דֶעם בֶּעט, אוּן דֶער שֵׁד אִיז פוּן אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.

31 אוּן עֶר אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא גְרֶענְצֶען פוּן צוֹר, אוּן אִיז
גֶעקוּמֶען דוּרְךְ צִידוֹן צוּם יַם פוּן גָלִיל, אִין מִיטֶען דִיא גְרֶענְצֶען פוּן דֶעקַאפָּאלִיס.
32 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ טוֹיבֶּען אוּן שְׁטוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל דִיא הַאנְד אוֹיף אִיהְם לֶעגֶען. 33 אוּן עֶר הָאט אִיהְם
אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן דִיא לַייט בֵּייא זִיךְ אַלֵיין, אוּן הָאט דִיא פִינְגֶער אִין זַיינֶע
אוֹיעֶרֶען אַרַיינְגֶעלֶעגְט, אוּן הָאט גֶעשְׁפִּיגֶען, אוּן הָאט זַיינֶע צוּנְג אָנְגֶערִיהְרְט;
34 אוּן עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען צוּם הִימֶעל, אוּן הָאט גֶעזִיפְצְט, אוּן הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אֶפַּתַּח, וָואס הֵייסְט, עֶפֶען דִיךְ אוֹיף. 35 אוּן זַיינֶע אוֹיעֶרֶען

16 דֶער וָואס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען לָאז עֶר הֶערֶען.

זֶענֶען עֶפֶּענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּן דָאס בַּאנְד פוּן זַיינֶע צוּנְג אִיז גְלַייךְ לוֹיס גֶעוָוארֶען
אוּן עֶר הָאט רִיכְטִיג גֶעשְׁפְּרָאכֶען. 36 אוּן עֶר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען אַז זַייא זָאלֶען
קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען; אָבֶּער וָואס מֶעהְר עֶר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען, הָאבֶּען זַייא
עֶס נָאךְ פִּיל מֶעהְר בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט. 37 אוּן זַייא הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער דֶעם מָאס
פֶערְוְואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַלֶע זַאכֶען גוּט גֶעטְהוּן; עֶר מַאכְט
אוֹיךְ דִיא טוֹיבֶּע הֶערֶען אוּן דִיא שְׁטוּמֶע רֶעדֶען.

ח 1 אִין יֶענֶע טֶעג וֶוען דִיא לַייט זֶענֶען וִוידֶער וֶועהְר פִּיל גֶעוֶועזֶען אוּן הָאבֶּען גָאר
נִיט צוּ עֶסֶען גֶעהַאט, הָאט יֵשׁוּעַ גֶערוּפֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּן הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט; 2 אִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף דִיא לַייט וָוארִין שׁוֹין דְרַייא טֶעג בְּלַייבֶּען
זַייא בֵּייא מִיר, אוּן הָאבֶּען גָאר נִיט צוּ עֶסֶען. 3 אוּן וֶוען אִיךְ וֶועל זַייא
פַאסְטֶענְדִיג אַהֵיים שִׁיקֶען, וֶועלֶען זַייא פֶערְשְׁמַאכְטֶען אוֹיף דֶעם וֶועג; אוּן עֶטְ־
לִיכֶע פוּן זַייא קוּמֶען פוּן וַוייטֶען אַהֶער. 4 אוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם
גֶעעֶנְטְפֶערְט, וִויא אַזוֹי קֶען מֶען דִיזֶע מִיט בְּרוֹיט זֶעטִיגֶען דָא אִין אַ מִדְבָּר?
5 אוּן עֶר הָאט זַייא גֶעפְרֶעגְט, וִויא פִּיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר? אוּן זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, זִיבֶּען. 6 אוּן עֶר הָאט דִיא לַייט גֶעהֵייסֶען אוֹיף דֶער עֶרְד זִיךְ אַנִידֶערְ־
זֶעצֶען, אוּן הָאט גֶענוּמֶען דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט, אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן
הָאט זַייא צוּבְּרָאכֶען אוּן גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, אַז זַייא זָאלֶען פָאר
זַייא פָארְלֶעגֶען; אוּן זַייא הָאבֶּען זַייא פָאר דִיא לַייט פָארְגֶעלֶעגְט. 7 אוּן זַייא
הָאבֶּען גֶעהַאט עֶטְלִיכֶע פִישְׁלֶעךְ; אוּן עֶר הָאט דֶערִיבֶּער אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט,
אוּן הָאט אוֹיךְ זַייא גֶעהֵייסֶען פָארְלֶעגֶען. 8 אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּן זֶענֶען
זַאט גֶעוָוארְען, אוּן זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
בְּרֶעקְלֶעךְ זִיבֶּען קֶערְבּ. 9 אוּן זַייא זֶענֶען גֶעוֶוען פִּיעֶר טוֹיזֶענְד גֶעוֶועזֶען, אוּן עֶר
הָאט זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט. 10 אוּן גְלַייךְ אִיז עֶר אִין אַ שִׁיף אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט
זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּן דַלְמָנוּתָא.

11 אוּן דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט אִיהְם אַ
וִכּוּחַ, אוּן הָאבֶּען פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט אַ צֵייכֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אִיהְם
צוּ פְּרִיפֶען. 12 אוּן עֶר הָאט טִיף גֶעזִיפְצְט אִין זַיין גֶעמִיט אוּן גֶעזָאגְט, וָוארוּם
זוּכְט דִיזֶעס דוֹר אַ צֵייכֶען? בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס וֶועט צוּ דִיזֶעם דוֹר קֵיין
צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. 13 אוּן עֶר הָאט זַייא פֶערְלָאזְט, אוּן אִיז וִוידֶער
אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַייט אַרִיבֶּערְגֶעקוּמֶען.

14 אוּן זַייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען בְּרוֹיט מִיטְצוּנֶעמֶען, אוּן זַייא הָאבֶּען נִיט
מֶעהְר וִויא אֵיין בְּרוֹיט גֶעהַאט מִיט זִיךְ אִים שִׁיף. 15 אוּן עֶר הָאט זַייא
גֶעבָּאטֶען אוּן גֶעזָאגְט, זֶעהְט צוּ, הִיט אֵייךְ פַאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא
פְּרוּשִׁים, אוּן פַאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן הוֹרְדוּס. 16 אוּן זַייא הָאבֶּען צְוִוישֶׁען זִיךְ
גֶעטַענְהֶעט וַוייל זַייא הָאבֶּען נִיט קֵיין בְּרוֹיט. 17 אוּן עֶר הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט,
אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאט אִיהְר גֶעטַענְהֶעט וַוייל אִיהְר הָאט
נִיט קֵיין בְּרוֹיט? פֶערְנֶעמְט אִיהְר נָאךְ נִיט, אוּן פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נָאךְ נִיט?

הָאט אִיהְר אֵייעֶר הַארְץ פֶערְשְׁטָאקְט? 18 הָאט אִיהְר אויגֶען און זֶעהְט נִיט,
און אויעֶרֶען און הֶערְט נִיט? און גֶעדֶענְקְט אִיהְר נִיט? 19 וְוען אִיךְ הָאבּ צוּ־
בְּרָאכֶען דִיא פִינְף בְּרויט פַאר דִיא פִינְף טויזֶענְד, וִויא פִיל קֶערְבּ פוּל מִיט
בְּרֶעקְלֶעךְ הָאט אִיהְר אויפְגֶעהויבֶּען? זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, צְוֶועלְף.
20 און וֶוען דִיא זִיבֶּען פַאר דִיא פִיעֶר טויזֶענְד, וִויא פִיל קֶערְבּ פוּל מִיט
בְּרֶעקְלֶעךְ הָאט אִיהְר אויפְגֶעהויבֶּען? און זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זִיבֶּען. 21 און
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נָאךְ נִיט?

22 און זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין בֵּית צַיְדָה. און זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט אַ בְּלִינְדֶען, און הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם אָנְרִיהְרֶען.
23 און עֶר הָאט דֶעם בְּלִינְדֶען אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד, און הָאט אִיהְם
אַרויסְגֶעפִיהְרְט אוֹיס דֶעם דָארְף, און הָאט גֶעשְׁפִּיגֶען אִין זֵיינֶע אויגֶען, און הָאט
דִיא הֶענְד אויף אִיהְם גֶעלֶעגְט, און הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, זֶעהְסְט דוּא עֶפֶּעס?
24 און עֶר הָאט אַרויפְגֶעקוּקְט און גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה מֶענְשֶׁען וָוארִין אִיךְ זֶעה
זֵייא אַזוֹי וִויא בֵּיימֶער אַרוּמְגֶעהֶענְדִיג. 25 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר ווִידֶער דִיא הֶענְד
אויף זֵיינֶע אויגֶען גֶעלֶעגְט, און עֶר הָאט שַׁארְף גֶעקוּקְט, און אִיז גֶעהֵיילְט
גֶעוָוארֶען, און הָאט אַלְדִינְג פוּן וַוייטֶען גֶעזֶעהֶען. 26 און עֶר הָאט אִיהְם צוּ
זַיין הויז גֶעשִׁיקְט און גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אויךְ אִים דָארְף.

27 און יֵשׁוּעַ און זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא דֶערְפֶער פוּן
קֵיסְרִין פוּן פִילִיפּוּס; און אויף דֶעם וֶועג הָאט עֶר זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט,
און הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגֶען דִיא מֶענְשֶׁען אַז אִיךְ בִּין? 28 און זֵייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל; און אַנְדֶערֶע אֵלִיָּה; אָבֶּער אַנְדֶערֶע,
אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים. 29 און עֶר הָאט זֵייא גֶעפְרֶעגְט, וֶוער זָאגְט אִיהְר
אַז אִיךְ בִּין? און פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ. 30 און עֶר הָאט זֵייא גֶעבָּאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט
זָאגֶען פוּן אִיהְם. 31 און עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעהויבֶּען צוּ לֶערְנֶען, אַז דֶער בֶּן אָדָם
מוּז פִיל לֵיידֶען, און פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע און דִיא גְרֶעסְטֶע
כֹּהֲנִים און דִיא סוֹפְרִים, און גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען, און נָאךְ דְרֵייא טֶעג ווִידֶער
אויפְשְׁטֶעהֶען. 32 און עֶר הָאט דָאס וָוארְט עֶפֶענְטְלִיךְ גֶעזָאגְט. און פֶּעטְרוּס
הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען, און הָאט אִיהְם אָנְגֶעהויבֶּען אָנְצוּשְׁרֵייעֶן. 33 אָבֶּער עֶר
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט. און הָאט זֵיינֶע תַּלְמִידִים אָנְגֶעזֶעהֶען, און הָאט פֶּעטְרוּס
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט, גֶעה אַוֶועק פוּן מִיר, שָׂטָן, וָוארִין דוּא טְרַאכְטֶסְט
נִיט אויף דִיא זַאכֶען פוּן גָאט, נֵייעֶרְט דִיא זַאכֶען פוּן מֶענְשֶׁען. 34 און עֶר הָאט
דִיא לֵייט מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, און הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוער
עֶס ווִיל מִיר נָאכְקוּמֶען, דֶער זָאל זִיךְ אַלֵיין פֶערְלֵייקֶענֶען, און זָאל אויפְנֶעמֶען
זַיין קְרֵייץ און מִיר נָאכְפָאלְגֶען; 35 וָוארִין וֶוער עֶס ווִיל זַיין לֶעבֶּען רֶעטֶען,
דֶער וֶועט עֶס פֶערְלִירֶען; אָבֶּער וֶוער עֶס ווִיל זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט

[18] ירמיה ה׳ כא׳: יחזקאל יב׳ ב׳.

וָועגֶען אוּן וָועגֶען דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, דֶער וֶועט עֶס רֶעטֶען. 36 וָוארִין ווִיא
וֶועט אַ מֶענְשׁ גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען וֶוען עֶר וֶועט גֶעוִוינֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּן
זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען? 37 וָוארִין וָואס וֶועט אַ מֶענְשׁ גֶעבֶּען פַאר אַיין אוֹיסְ־
לֶעזוּנְג פַאר זַיין לֶעבֶּען? 38 דְרוּם וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ שֶׁעהְמֶען מִיט מִיר אוּן
מִיט מַיינֶע וֶוערְטֶער אִין דִיזֶעם דוֹר פוּן זִינְד אוּן זְנוּת, אַזוֹי וֶועט זִיךְ דֶער
בֶּן אָדָם מִיט אִיהְם אוֹיךְ שֶׁעהְמֶען, וֶוען עֶר קוּמְט אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן
ט זַיין פָאטֶער מִיט דִיא הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים. 1 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס זֶענֶען עֶטְלִיכֶע וָואס שְׁטֶעהֶען דָא, וָואס וֶועלֶען נִיט
פֶערְזוּכֶען דֶעם טוֹיט, בִּיז זַייא וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט קוּמֶען
מִיט מַאכְט.

2 אוּן נָאךְ זֶעקְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוֹס אוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, אוּן
הָאט זַייא אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג בַּייא זִיךְ אַלֵיין. אוּן עֶר אִיז
פָאר זַייא פֶערְעֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען; 3 אוּן זַיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען גְלַאנְצֶענְדִיג
גֶעוָוארֶען, זֶעהְר וַוייס אַזוֹי ווִיא קֵיין וֶועשֶׁער אוֹיף דֶער עֶרְד הָאט זַייא גֶעקֶענְט
וַוייס מַאכֶען. 4 אוּן אֵלִיָּה אוּן מֹשֶׁה הָאבֶּען זִיךְ צוּ זַייא בֶּעווִיזֶען, אוּן הָאבֶּען
גֶערֶעדְט מִיט יֵשׁוּעַ. 5 אוּן פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט,
רַבִּי, עֶס אִיז גוּט פַאר אוּנְז דָא צוּ זַיין; אוּן לָאזֶען מִיר מַאכֶען דְרַייא גֶעצֶעלְ־
טֶען, אֵיינְס פַאר דִיר, אוּן אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה, אוּן אֵיינְס פַאר אֵלִיָּה. 6 וָוארִין עֶר
הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט וָואס עֶר זָאל עֶנְטְפֶערֶען, וָוארִין זַייא זֶענֶען זֶעהְר דֶערְ־
שְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען. 7 אוּן עֶס אִיז אַ וָואלְקֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זַייא בֶּעדֶעקְט,
אוּן אַ קוֹל אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער וָואלְקֶען, דִיזֶער אִיז מֵיין זוּהְן דֶער
גֶעלִיבְּטֶער, הֶערְט אִיהְם צוּ. 8 אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ פְּלוּצְלִינְג אוּמְגֶעזֶעהֶען,
הָאבֶּען זַייא קֵיינֶעם נִיט מֶעהְר גֶעזֶעהֶען, אוֹיסֶער יֵשׁוּעַ אַלֵיין מִיט זַייא.

9 אוּן דֶערְוַוייל זַייא זֶענֶען פוּן דֶעם בַּארְג אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זַייא
פֶערְבָּאטֶען אַז זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט דֶערְצֶעהְלֶען וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען,
סַיידֶען וֶוען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט פוּן דִיא טוֹיטֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען. 10 אוּן זַייא הָאבֶּען
דָאס וָוארְט בַּייא זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, אוּן הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעפְרֶעגְט,
וָואס אִיז דָאס אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע. 11 אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעְ־
פְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, פַארְוָואס זָאגֶען דִיא פְּרוּשִׁים אַז אֵלִיָּה מוּז צוּעֶרְשְׁט
קוּמֶען? 12 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אֵלִיָּה קוּמְט צוּעֶרְשְׁט אוּן שְׁטֶעלְט
אַלֶעס צוּרֶעכְט; אוּן ווִיא שְׁטֶעהְט עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם בֶּן אָדָם, אַז עֶר
זָאל פִיל לֵיידֶען, אוּן פֶערְאַכְטֶעט וֶוערֶען? 13 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אֵלִיָּה
אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען, אוּן זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט,
אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אִיהְם.

14 אוּן וֶוען עֶר אִיז צוּ דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַרוּם זַייא פִיל לַייט
אוּן סוֹפְרִים וָואס הָאבֶּען מִיט זַייא אַ וִכּוּחַ גֶעהַאט. 15 אוּן גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא אַלֶע
לַייט הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּן זֶענֶען צוּגֶעלָאפֶען

12 מלאכי ג׳ כג׳. 7 דברים יח׳ טו׳.

אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעגְרִיסְט. 16 אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶעפְרֶעגְט, אִיבֶּער וָואס הָאט
אִיהְר מִיט זֵייא אַ וִכּוּחַ? 17 אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא לֵייט הָאט צוּ אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
לֶעהְרֶער, אִיךְ הָאבּ מֵיין זוּהְן צוּ דִיר גֶעבְּרַאכְט, וָואס הָאט אַ שְׁטוּמֶען גֵייסְט; 18 אוּן
וִויא אַהִין עֶר נֶעמְט אִיהְם, אַזוֹי צוּרֵייסְט עֶר אִיהְם, אוּן עֶר שׁוּימְט, אוּן קְרִיצְט
מִיט דִיא צֵיין, אוּן וֶוערְד פֶּערְדַארְט; אוּן אִיךְ הָאבּ צוּ דֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט
אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען, אוּן זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט. 19 אוּן עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אָ אִיהְר אוּנְגְלוֹיבִּיגֶעס דוֹר, וִויא לַאנְג
זָאל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ זֵיין? וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ אֵייךְ לֵיידֶען? בְּרֶענְגְט אִיהְם
אַהֶער צוּ מִיר. 20 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט. אוּן וֶוען עֶר
הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי גְלֵייךְ הָאט דֶער גֵייסְט אִיהְם צוּרִיסֶען; אוּן עֶר אִיז
צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אוּן גֶעשׁוּימְט. 21 אוּן עֶר
הָאט זֵיין פָאטֶער גֶעפְרֶעגְט, וִויא לַאנְג אִיז עֶס זִינְט דָאס אִיז אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען?
אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן קִינְדְהֵייט אָן. 22 אוּן אָפְט וַוארְפְט עֶר אִיהְם אִין
פֵייעֶר אַרֵיין אוּן אָפְט אִין וַואסֶער, אַז עֶר זָאל אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען; אָבֶּער וֶוען
דוּא קֶענְסְט עֶפֶּעס טְהוּן, אַזוֹי דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז אוּן הֶעלְף אוּנְז.
23 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס וֶוען דוּא קֶענְסְט; אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען
מֶעגְלִיךְ צוּ דֶעם וָואס גְלוֹיבְּט. 24 גְלֵייךְ הָאט דֶער פָאטֶער פוּן דֶעם קִינְד
גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ גְלוֹיבּ, הֶעלְף מֵיין אוּנְגְלוֹיבֶּען. 25 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא לֵייט לוֹיפֶען צוּנוֹיף, אַזוֹי הָאט עֶר דֶעם אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא שְׁטוּמֶער אוּן טוֹיבֶּער גֵייסְט, אִיךְ
בֶּעפֶעהְל דִיר, גֶעה אַרוֹיס פוּן אִיהְם, אוּן קוּם נִיט מֶעהְר אִין אִיהְם אַרֵיין.
26 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן הָאט אִיהְם זֶעהְר צוּרִיסֶען אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶע-
גַאנְגֶען; אוּן עֶר אִיז וִויא אַ טוֹיטֶער גֶעוָוארֶען, אַזוֹי אַז פִילֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
עֶר אִיז טוֹיט. 27 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד, אוּן הָאט
אִיהְם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּן עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. 28 אוּן וֶוען עֶר אִיז אִים הוֹיז
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען הָאבֶּען אִיהְם זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט בֵּייא זִיךְ-אַלֵיין, פַארְוָואס
הָאבֶּען מִיר אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען? 29 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דִיזֶער מִין קֶען נִיט אַנְדֶערְשׁ אַרוֹיסְגֶעהֶען, אוֹיסֶער דוּרְךְ תְּפִלָּה.
30 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זֵייא דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען
דוּרְךְ גָלִיל, אוּן עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַז קֵיינֶער זָאל וִויסֶען. 31 וָוארִין
עֶר הָאט זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעלֶעהְרְט, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן אָדָם
וֶועט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען, אוּן זֵייא וֶועלֶען
אִיהְם הַרְגֶענֶען, אוּן וֶוען עֶר וֶועט גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען נָאךְ דְרֵייא טֶעג וֶועט עֶר
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען. 32 אוּן זֵייא הָאבֶּען דָאס וָוארְט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ
גֶעפָארְכְטֶען אִיהְם צוּ פְרֶעגֶען.
33 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַרְנַחוּם. אוּן וֶוען עֶר אִיז אִים הוֹיז גֶע-
קוּמֶען, הָאט עֶר זֵייא גֶעפְרֶעגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס אִיהְר הָאט צְוִוישֶׁען אֵייךְ
גֶעטַעַנְהֶעט אוֹיף דֶעם וֶועג? 34 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁוִויגֶען; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען

אוֹיף דֶעם וֶועג זִיךְ מִיטְאֵיינַאנְדֶער גֶעקְרִיגְט וֶוער אִיז דֶער גְרֶעסֶערֶער. 35 און עֶר
הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, און הָאט גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף, און הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וֶוען אֵיינֶער ווִיל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער, דֶער וֶועט זַיין דֶער לֶעצְטֶער פוּן
אַלֶע, און דֶער בֶּעדִינְטֶער פוּן אַלֶע. 36 און עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ קְלֵיינֶעס קִינְד און
הָאט עֶס אִין מִיטֶען גֶעשְׁטֶעלְט, און הָאט עֶס אִין דִיא אָרְמֶע גֶענוּמֶען, און
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, 37 וֶוער עֶס וֶועט אֵיינְס פוּן אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער אוֹיפְנֶעמֶען
אִין מֵיין נָאמֶען דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף; און וֶוער עֶס וֶועט מִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען,
דֶער נֶעמְט נִיט מִיךְ אוֹיף, נֵייעֶרְט דֶעם וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.

38 יוֹחָנָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, מִיר הָאבֶּען אֵיינֶעם גֶעזֶעהֶען וָואס
טְרֵייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים אִין דֵיין נָאמֶען, וֶועלְכֶער פָאלְגְט נִיט אוּנְז נָאךְ; און מִיר
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְבָּאטֶען, ווייל עֶר הָאט אוּנְז נִיט נָאכְגֶעפָאלְגְט. 39 אָבֶּער
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְבִּיט אִיהְם נִיט; וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט פַארְהַאנֶען
וָואס וֶועט טְהוּן אַ וְואוּנְדֶער אִין מֵיין נָאמֶען, און וֶועט קֶענֶען גֶעשְׁווינְד
שְׁלֶעכְטֶעס רֶעדֶען אוֹיף מִיר; 40 וָוארִין דֶער וָואס אִיז נִיט קֶעגֶען אוּנְז דֶער
אִיז פַאר אוּנְז. 41 וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען אַ בֶּעכֶער
וַואסֶער אִין מֵיין נָאמֶען, ווייל אִיהְר גֶעהֶערְט צוּ מָשִׁיחַ, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
עֶר וֶועט זַיין שָׂכָר נִיט פֶערְלִירֶען. 42 און וֶוער עֶס שְׁטְרוֹיכֶעלְט אֵיינֶעם
פוּן דִיא קְלֵיינֶע וָואס גְלוֹיבֶּען, גוּט אִיז עֶס פַאר אִיהְם נָאךְ מֶעהְר גֶעוֶועזֶען,
וֶוען אַ מִיהְלְשְׁטֵיין וָואלְט אַרוּם זַיין הַאלְז גֶעהָאנְגֶען, און עֶר וָואלְט אִים יַם
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען. 43 און וֶוען דֵיינֶע הַאנְד דִיךְ שְׁטְרוֹיכֶעלְט, הַאק זִיא אָפּ; עֶס
אִיז גוּט פַאר דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְגֶעהֶען אִים לֶעבֶּען אַ קַאלִיקֶע, אֵיי-
דֶער דוּא זָאלְסְט בֵּיידֶע הֶענְד הָאבֶּען, און זָאלְסְט אַוֶועקְגֶעהֶען אִין גֵיהִנָּם
צוּם אוּנְפֶערְלָאשֶׁעגֶען פֵייעֶר. 44 און וֶוען דֵיין פוּס דִיךְ שְׁטְרוֹיכֶעלְט, הַאק אִיהְם
אָפּ; עֶס אִיז גוּט פַאר דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְגֶעהֶען אִים לֶעבֶּען הִינְקֶענְדִיג,
אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט בֵּיידֶע פִּיס הָאבֶּען און זָאלְסְט אִין גֵיהִנָּם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
וֶוערֶען; 45 און וֶוען דֵיין אוֹיג דִיךְ שְׁטְרוֹיכֶעלְט, רֵייס עֶס אַרוֹיס; עֶס אִיז גוּט
פַאר דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְגֶעהֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט מִיט אֵיין אוֹיג,
אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט בֵּיידֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען און זָאלְסְט אִין גֵיהִנָּם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
וֶוערֶען; 46 וְואוּ זֵייעֶר וָוארְם שְׁטַארְבְּט נִיט, און דָאס פֵייעֶר אִיז נִיט פֶער-
לָאשֶׁען. 47 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וֶועט גֶעזַאלְצֶען וֶוערֶען מִיט פֵייעֶר. 48 זַאלְץ אִיז
גוּט; אָבֶּער וֶוען דָאס זַאלְץ וֶועט אוּנְזַאלְצִיג וֶוערֶען, מִיט וָואס וֶועט אִיהְר עֶס
זַאלְצֶען? הָאט זַאלְץ אִין אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, און לֶעבְּט אִין פְרִידֶען מִיט אֵיינְאַנְ-
דֶער.

י 1 און עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען און אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גְרֶענְצֶען
פוּן יְהוּדָה, און דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן; און דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ ווִידֶער צוּ
אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט, און עֶר הָאט זֵייא ווִידֶער גֶעלֶעהְרְט, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז זֵיינֶע
גֶעוואוֹינְהֵייט גֶעוֶועזֶען. 2 און דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, און הָאבֶּען

46 יְשַׁעְיָה סו׳ כד׳.

אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט אַז אַ מַאן זָאל זַיין ווַייבּ שֵׁיידֶען? אוּן
הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרִיפְט. 3 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָ־
זָאגְט, וָואס הָאט אֵייךְ מֹשֶׁה גֶעבָּאטֶען? 4 אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מֹשֶׁה
הָאט דֶערְלוֹיבְּט אַז אַ מַאן זָאל שְׁרַייבֶּען אַ גֶט אוּן זָאל זִיא שֵׁיידֶען. 5 אָבֶּער
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶועגֶען אֵייעֶרֶע הַארְטֶע הֶערְצֶער הָאט עֶר אֵייךְ
דִיזֶעס גֶעבָּאט גֶעשְׁרִיבֶּען. 6 אָבֶּער פוּן דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֶער בֶּעשֶׁעפֶּענִיס הָאט
עֶר זַייא זָכָר אוּן נְקֵבָה בֶּעשַׁאפֶען. 7 דְרוּם זָאל אַ מַאן פֶערְלָאזֶען זַיין פָאטֶער אוּן
זַיינֶע מוּטֶער, אוּן זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען צוּ זַיין ווַייבּ, 8 אוּן דִיא צְווַייא זָאלֶען זַיין
אֵיין פְלֵיישׁ; אַזוֹי אַז זַייא זֶענֶען נִיט מֶעהְר צְווַייא, נֵייעֶרְט אֵיין פְלֵיישׁ.
9 דְרוּם וָואס גָאט הָאט פֶערְאֵיינִיגְט, דָאס זָאל קֵיינֶער נִיט צוּשֵׁיידֶען. 10 אוּן אִים
הוֹיז הָאבֶּען אִיהְם דִיא תַּלְמִידִים ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען דִיזֶער זַאךְ.
11 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס וֶועט זַיין ווַייבּ שֵׁיידֶען אוּן וֶועט
אֵיין אַנְדֶערֶע נֶעמֶען, בֶּעגֶעהְט עֶר זְנוּת מִיט אִיהְר; 12 אוּן וֶוען זִיא פוּן
אִיהְר מַאן זִיךְ שֵׁיידֶעט, אוּן הָאט חֲתוּנָה מִיט אֵיין אַנְדֶערֶען, בֶּעגֶעהְט זִיא זְנוּת.
13 אוּן זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אַז עֶר זָאל זַייא
אָנְרִיהְרֶען. אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זַייא אַנְגֶעשְׁרִיגֶען. 14 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶס אִיהְם פֶערְדְרָאסֶען, אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
לָאזְט דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער צוּ מִיר קוּמֶען, פֶערְבִּיט זַייא נִיט; וָוארִין פוּן
אַזֶעלְכֶע אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 15 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס וֶועט
נִיט אָנְנֶעמֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט ווִיא אַ קְלֵיינֶעס קִינְד, דֶער זָאל נִיט דְרִינֶען
אַרֵיינְקוּמֶען. 16 אוּן עֶר הָאט זַייא אִין דִיא אָרְמֶע גֶענוּמֶען, אוּן הָאט דִיא הֶענְד
אוֹיף זַייא גֶעלֶעגְט, אוּן הָאט זַייא גֶעבֶּענְשְׁט.
17 אוּן דֶערְוַוייל עֶר אִיז אִים וֶועג אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיז אִיהְם אֵיינֶער אַנְטְקֶעגֶען
גֶעלָאפֶען, אוּן הָאט פָאר אִיהְם אַנִידֶער גֶעקְנִיעֶט, אוּן הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, גוּטֶער
לֶעהְרֶער, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען יַרְשְׁנֶען? 18 אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס רוּפְסְט דוּא מִיךְ גוּט? קֵיינֶער אִיז גוּט, אוֹיסֶער
אֵיינֶער, דֶער אִיז גָאט. 19 דוּא קֶענְסְט דִיא גֶעבָּאטֶע, דוּא זָאלְסְט נִיט טֵייטֶען,
דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶּה זַיין, דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶנֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ
עֵדוּת זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּערוֹיבֶּען, עֶהְרֶע דֵיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער. 20 אוּן
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, אַלֶע דִיזֶע הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען פוּן מֵיין
יוּגֶענְד אָן. 21 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט, אוּן
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיין זַאךְ פֶעהְלְט דִיר, גֶעה אוּן פֶערְקוֹיף וָואס דוּא
הָאסְט, אוּן גִיבּ צוּ דִיא אָרְמֶע, אוּן דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ שַׁאץ אִים הִימֶעל;
אוּן קוּם, פָאלְג מִיר נָאךְ. 22 אוּן עֶר אִיז טְרוֹיְרִיג גֶעוֶוען אִיבֶּער דִיזֶעם וָוארְט.
אוּן אִיז בֶּעטְרִיבְּט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, וָוארִין עֶר הָאט פִיל פֶערְמֶעגֶען גֶעהַאט.
23 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט,

4 דברים כד׳ א׳, 6 בראשית א׳ כו׳,
7 בראשית ב׳ כד׳, 19 שמות כ׳ יב׳־יז׳; דברים ה׳ טז׳־יח׳. כד׳ יד׳,

ווִיא שְׁווֶער וֶועלֶען דִיא וָואס רֵייכְטוּם הָאבֶּען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַרֵיינְקוּמֶען.
[24] אוּן דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵיינֶע וֶוערְטֶער. אָבֶּער יֵשׁוּעַ
הָאט ווִידֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קִינְדֶער, ווִיא שְׁווֶער אִיז
עֶס אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַרֵיינְצוּקוּמֶען! [25] עֶס אִיז גְרִינְגֶער פַאר אַ קֶעמֶעל
דוּרְךְ דֶעם לָאךְ פוּן אַ נָאדֶעל דוּרְכְצוּגֶעהֶען, ווִיא פַאר אַ רֵייכֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט אַרֵיינְצוּקוּמֶען. [26] אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ מֶעהְר פֶערְווִאוּנְדֶערְט, אוּן
הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, וֶוער קֶען דֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? [27] אוּן
יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא אַנְגֶעזֶעהֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, בֵּייא מֶענְשֶׁען אִיז דָאס אוּנְמֶעגְ־
לִיךְ, אָבֶּער נִיט בֵּייא גָאט; ווָארִין בֵּייא גָאט אַלֶעס אִיז מֶעגְלִיךְ. [28] אוּן
פֶּעטְרוּס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ אִיהְם צוּ זָאגֶען, זֶעה, מִיר הָאבֶּען אַלֶעס פֶערְ־
לָאזְט, אוּן הָאבֶּען דִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט. [29] יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, עֶס אִיז נִיט דָא אֵיינֶער וָואס הָאט פֶערְלָאזְט הוֹיז, אָדֶער בְּרִידֶער, אָדֶער
שְׁוֶועסְטֶער, אָדֶער מוּטֶער, אָדֶער פָאטֶער, אָדֶער קִינְדֶער, אָדֶער פֶעלְדֶער,
מֵיינֶעט וֶועגֶען אוּן וֶועגֶען דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, [30] וָואס וֶועט נִיט בֶּעקוּמֶען
הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג אִיצְט אִין דִיזֶער צֵייט, הֵייזֶער אוּן בְּרִידֶער, אוּן שְׁוֶועסְטֶער, אוּן
מוּטֶער, אוּן קִינְדֶער, אוּן פֶעלְדֶער, מִיט פֶערְפָאלְגוּנְג, אוּן אִים קוּמֶענְדִיגֶען
צֵייטְאַלְטֶער עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען. [31] אוּן פִילֶע וָואס זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע, וֶועלֶען זֵיין
לֶעצְטֶע, אוּן דִיא לֶעצְטֶע, עֶרְשְׁטֶע.

[32] אוּן זֵייא זֶענֶען אוֹיף דֶעם וֶועג גֶעוֶועזֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ גֶעהֶען; אוּן יֵשׁוּעַ
אִיז פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען; אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְווִאוּנְדֶערְט, אוּן דִיא וָואס
זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען. אוּן עֶר הָאט ווִידֶער גֶענוּמֶען
דִיא צְוֶועלְף, אוּן הָאט זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען וָואס עֶס וֶועט צוּ אִיהְם
גֶעשֶׁעהֶען, [33] זֶעהְט, מִיר גֶעהֶען אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן דֶער בֶּן אָדָם וֶועט
אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען צוּ דִיא כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים; אוּן זֵייא וֶועלֶען אִיהְם
דַן זֵיין צוּם טוֹיט, אוּן וֶועלֶען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם; [34] אוּן זֵייא
וֶועלֶען אִיהְם אוֹיסְשְׁפֶּעטֶען אוּן וֶועלֶען אִיהְם שְׁמֵייסֶען אוּן וֶועלֶען אוֹיף אִיהְם
שְׁפֵּייעֶן אוּן וֶועלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען; אוּן נָאךְ דְרֵייא טֶעג וֶועט עֶר ווִידֶער
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען.
[35] אוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן דִיא זִיהְן פוּן זַבְדַי זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, מִיר ווִילֶען אַז דוּא זָאלְסְט אוּנְז טְהוּן וָואס מִיר וֶוע־
לֶען דִיךְ בֶּעטֶען. [36] אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ
זָאל אֵייךְ טְהוּן? [37] אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ אוּנְז אַז מִיר
זָאלֶען זִיצֶען אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּן אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע לִינְקֶע
הַאנְד, אִין דֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט. [38] אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר
ווֵייסְט נִיט וָואס אִיהְר פֶערְלַאנְגְט. קֶענְט אִיהְר דֶעם כּוֹס טְרִינְקֶען וָואס אִיךְ
טְרִינְק? אוּן מִיט דֶער טְבִילָה גֶעטוֹבֶלְט מִיט דֶער אִיךְ בִּין גֶעטוֹבֶלְט? [39] אוּן

[27] בראשית יח׳ יד: איוב יג׳ ב׳,

זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר װֶעט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס װָאס אִיךְ טְרִינְק, אוּן מִיט דֶער טְבִילָה מִיט דֶער
אִיךְ בִּין גֶעטוּבֶלְט װֶעט אִיהְר אוֹיךְ גֶעטוּבֶלְט װֶערֶען; 40 אָבֶּער צוּ זִיצֶען צוּ
מַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן צוּ מֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אִיז נִיט מַיין צוּ גֶעבֶּען, נֵייעֶרְט
צוּ דִיא פַאר װֶעמֶען עֶס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט. 41 אוּן װֶען דִיא צֶעהְן הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֵּייז צוּ זֵיין אִיבֶּער יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן. 42 אוּן
יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר װֵייסְט אַז
דִיא װָאס זֶענֶען אָנְגֶעזֶעהֶען װִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא גוֹיִם, הֶערְשֶׁען אִיבֶּער זֵייא,
אוּן דִיא גְרוֹיסֶע צְוִוישֶׁען זֵייא גֶעװֶעלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵייא. 43 אָבֶּער עֶס זָאל נִיט
אַזוֹי זֵיין צְוִוישֶׁען אֵייךְ, נֵייעֶרְט דֶער װָאס װִיל גְרוֹיס זֵיין צְוִוישֶׁען אֵייךְ, דֶער
זָאל זֵיין אֵייעֶר בֶּעדִינְטֶער; 44 אוּן דֶער װָאס װִיל דֶער עֶרְשְׁטֶער זֵיין צְוִוישֶׁען
אֵייךְ, דֶער זָאל זֵיין קְנֶעכְט פוּן אַלֶע. 45 װָארִין דֶער בֶּן אָדָם אִיז אוֹיךְ נִיט
גֶעקוּמֶען בֶּעדִינְט צוּ װֶערֶען, נֵייעֶרְט צוּ בֶּעדִינֶען, אוּן זֵיין לֶעבֶּען צוּ גֶעבֶּען
אַיין אוֹיסְלֶעזוּנְג פַאר פִילֶע.

46 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרִיחוֹ; אוּן װֶען עֶר אִיז פוּן יְרִיחוֹ אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן פִיל לֵייט, אִיז דֶער בְּלִינְדֶע בֶּעטְלֶער בַּר־טִימַי,
דֶער זוּהְן פוּן טִימַי, גֶעזֶעסֶען בֵּיים װֶעג. 47 אוּן װִיא עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר
אִיז יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרֵייעֶן, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ
בֶּן דָוִד, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר. 48 אוּן פִילֶע הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיגֶען
אַז עֶר זָאל שְׁװֵייגֶען. אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ פִיל מֶעהְר גֶעשְׁרִיגֶען, דוּא זוּהְן פוּן
דָוִד, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר. 49 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט, רוּפְט אִיהְם. אוּן זֵייא הָאבֶּען דֶעם בְּלִינְדֶען גֶערוּפֶען. אוּן הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, זֵייא גֶעטְרֵייסְט, שְׁטֶעה אוֹיף, עֶר רוּפְט דִיךְ. 50 אוּן עֶר הָאט
זֵיין מַאנְטֶעל אַרוּפְגֶעװָארְפֶען, אוּן אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ. 51 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װָאס װִילְסְט
דוּא אַז אִיךְ זָאל דִיר טְהוּן? אוּן דֶער בְּלִינְדֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבּוֹנִי,
אַז אִיךְ זָאל זֶעהֶענְדִיג װֶערֶען. 52 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַװֶעק,
דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶערֶעטֶעט. אוּן גְלֵייךְ אִיז עֶר זֶעהֶענְדִיג גֶעװָארֶען, אוּן
הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיף דֶעם װֶעג נָאכְגֶעפָאלְגְט.

**יא** 1 אוּן װֶען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם, קֵיין בֵּית־פַּגֵּי אוּן
בֵּית־הִינִי בֵּיים הַר הַזֵּיתִים, הָאט עֶר אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט צְװֵייא פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים,
2 אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִין דָארְף אַרֵיין, װָאס אִיז קֶעגֶען אֵייךְ,
אוּן גְלֵייךְ װִיא אִיהְר װֶעט דְרִינְגֶען אַרֵיינְקוּמֶען, װֶעט אִיהְר גֶעפִינֶען אַ יוּנְג
עֶזֶעל אָנְגֶעבּוּנְדֶען, אוֹיף װֶעלְכֶעם קֵיין מֶענְשׁ אִיז נָאךְ נִיט גֶעזֶעסֶען; לָאזְט עֶס
לוֹיז, אוּן בְּרֶענְגְט עֶס. 3 אוּן װֶען אֵיימִיצֶער װֶעט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, פַארְװָאס
טְהוּט אִיהְר דָאס? אַזוֹי זָאגְט, אַז דֶער הַאר בֶּעדַארְף עֶס; אוּן גְלֵייךְ װֶעט עֶר
עֶס אַהֶער שִׁיקֶען. 4 אוּן זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעפִינֶען דָאס
יוּנְגֶע עֶזֶעל אָנְגֶעבּוּנְדֶען דְרוֹיסֶען בֵּייא דֶער טְהִיר װָאוּ דִיא װֶעגֶע שֵׁיידֶען זִיךְ;

און זֵייא הָאבֶּען עֶס לוֹיז גֶעלָאזְט. 5 און עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט
גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּט אִיהְר, אַז אִיהְר לָאזְט לוֹיז דָאס
יוּנְגֶע עֶזֶעל? 6 און זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אַזוֹי וִויא יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא
גֶעהֵייסֶען, און זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעלָאזְט גֶעהֶען. 7 און זֵייא הָאבֶּען דָאס יוּנְגֶע
עֶזֶעל גֶעבְּרַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ, און הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער דְרוֹיף גֶעלֶעגְט; און עֶר
אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען. 8 און פִילֶע הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוֹיף דֶעם וֶועג
אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט; און אַנְדֶערֶע צְוֵויינֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען פוּן דִיא
פֶעלְדֶער. 9 און דִיא וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, און דִיא וָואס זֶענֶען
אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט,

הוֹשַׁעְנָא;
גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וֶועלְכֶער קוּמְט אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר׳ן;
10 גֶעלוֹיבְּט אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער דָוִד, וָואס קוּמְט;
הוֹשַׁעְנָא אִין דֶער הֵייךְ.

11 און עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ; און וֶוען עֶר
הָאט אוֹיף אַלֶעם אַרוּמְגֶעזֶעהֶען, און עֶס אִיז שׁוֹין אָבֶענְד גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין בֵּית־הִינִי מִיט דִיא צְוֶועלְף.

12 און צוּ מָארְגֶען פְרִיה, וֶוען זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן בֵּית־הִינִי, אִיז
עֶר הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען. 13 און עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען פוּן וֵוייטֶען אַ פֵייגֶענְבּוֹים,
וָואס הָאט בְּלֶעטֶער גֶעהַאט, און עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ עֶר וֶועט
עֶפֶּעס דְרוֹיף גֶעפִינֶען. און וֶוען עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר נִיט מֶעהְר
גֶעפִינֶען וִויא בְּלֶעטֶער; וָוארִין עֶס אִיז נִיט דִיא צֵייט פוּן פֵייגֶען גֶעוֶוען. 14 און
עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קֵיינֶער זָאל נִיט מֶעהְר פוּן
דִיר קֵיינֶע פֵּירוֹת עֶסֶען אוֹיף עֶבִּיג. און זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט.

15 און זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, און וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין בֵּית
הַמִּקְדָשׁ, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְצוּטְרֵייבֶּען דִיא וָואס הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט און
גֶעקוֹיפְט אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ, און הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דִיא טִישׁ פוּן דִיא וֶועקְסְ־
לֶער, און דִיא שְׁטוּהְלֶען פוּן דִיא טוֹיבֶּענְהֶענְדְלֶער; 16 און עֶר הָאט נִיט
גֶעלָאזְט אַז אֵיימִיצֶער זָאל אַ כֵּלִי דוּרְכְטְרָאגֶען דוּרְךְ דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ. 17 און
עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט און הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שְׁטֶעהְט עֶס דֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען,
מֵיין הוֹיז זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען אַ הוֹיז פוּן גֶעבֶּעט צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער? אָבֶּער
אִיהְר הָאט עֶס גֶעמַאכְט צוּ אַ הֵייל פוּן רוֹיבֶּער. 18 און דִיא סוֹפְרִים און דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, און זֵייא הָאבֶּען גֶעזוּכְט וִויא זֵייא זָאלֶען
אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פַאר אִיהְם גֶעפָארְכְטֶען, וֵוייל אַלֶע
דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְוּאוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע לֶעהְרֶע.

19 און וֶוען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעוָוארֶען, זֶענֶען זֵייא אוֹיס דֶער שְׁטָאדְט אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען.

20 און אִין דֶער פְרִיה וְוען זֵייא זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען

9 תהלים קיח׳ כה׳ כו׳. 16 ישעיה נו׳ ז׳; ירמיה ז׳ יא׳.

דֶעם פֵּייגֶענְבּוֹים פֶערְדַארְט פוּן דֶער וְואוּרְצֶעל. 21 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ דֶערְ־
מָאהְנְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, זֶעה, דֶער פֵּייגֶענְבּוֹים וָואס דוּא הָאסְט
גֶעשָׁאלְטֶען אִיז פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען. 22 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט גְלוֹיבֶּען אִין גָאט. 23 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס
וֶועט זָאגֶען צוּ דִיזֶעם בַּארְג, זַייא אַוֶועקְגֶערִיקְט אוּן אִים יַם אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען,
אוּן וֶועט נִיט צְוֵוייפְלֶען אִין זֵיין הַארְץ, נֵייעֶרְט הָאט גְלוֹיבֶּען אַז דָאס וָואס עֶר
זָאגְט וֶועט גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי וֶועט דָאס צוּ אִיהְם זֵיין. 24 דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אַלֶעס וָואס אִיהְר בֶּעטֶעט אוּן פֶערְלַאנְגְט, גְלוֹיבְּט אַז אִיהְר דֶערְהַאלְט,
אוּן עֶס וֶועט צוּ אֵייךְ זֵיין. 25 אוּן וֶוען אִיהְר שְׁטֶעהְט אוּן בֶּעטֶעט, אַזוֹי פֶערְ־
גִיבְּט וֶוען אִיהְר הָאט עֶפֶּעס קֶעגֶען אֵיינֶעם, אַז אֵייעֶר פָאטֶער דֶער אִיז אִים
הִימֶעל זָאל אֵייךְ אוֹיךְ פֶערְגֶעבֶּען אֵייעֶרֶע פֶעהְלֶער.
26 אוּן זֵייא זֶענֶען וִוידֶער גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם; אוּן וֶוען עֶר אִיז אַרוּמְגֶע־
גַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן
דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע; 27 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיט וָואס
פַאר אַ מַאכְט טְהוּסְט דוּא דִיזֶע זַאכֶען? אוּן וֶוער הָאט דִיר דִיזֶע מַאכְט גֶעגֶע־
בֶּען אַז דוּא זָאלְסְט דִיזֶע זַאכֶען טְהוּן? 28 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ
וֶועל אֵייךְ אוֹיךְ אַ זַאךְ פְרֶעגֶען, אוּן עֶנְטְפֶערְט מִיר, אוּן אִיךְ וֶועל אֵייךְ זָאגֶען
מִיט וָואס פַאר אַ מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען. 29 דִיא טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן אִיז
זִיא פוּן הִימֶעל גֶעוֶועזֶען, אָדֶער פוּן מֶענְשֶׁען? עֶנְטְפֶערְט מִיר. 30 אוּן זֵייא הָאבֶּען
צְווִישֶׁען זִיךְ אִיבֶּערְלֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען פוּן הִימֶעל, אַזוֹי
וֶועט עֶר זָאגֶען, פַארְוָואס הָאט אִיהְר דֶען אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? 31 אָבֶּער וֶוען
מִיר וֶועלֶען זָאגֶען, פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דִיא
לֶייט; וָוארִין אַלֶע הָאבֶּען אַוַדַאי גֶעהַאלְטֶען יוֹחָנָן פַאר אַ נָבִיא. 32 אוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאבֶּען צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, מִיר וִויסֶען נִיט. אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועדֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ מִיט וָואס פַאר אַ מַאכְט אִיךְ
טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען.
יב 1 אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֵייא צוּ רֶעדֶען אִין מְשָׁלִים, אַ מַאן הָאט
גֶעפְלַאנְצְט אַ וֵויינְגָארְטֶען, אוּן הָאט אַ צוֹים אַרוּם אִיהְם גֶעמַאכְט, אוּן הָאט
גֶעגְרָאבֶּען אַ קֶעלְטֶער, אוּן אַ טְהוּרְם גֶעבּוֹיעֶט, אוּן הָאט אִיהְם פֶערְדוּנְגֶען צוּ
ווֵיינְגֶערְטְנֶער, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען. 2 אוּן מִיט דֶער צֵייט הָאט עֶר אַ
קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא וֵויינְגֶערְטְנֶער, אַז עֶר זָאל פוּן זֵייא נֶעמֶען דִיא פְרוּכְט
פוּן דֶעם וֵויינְגָארְטֶען. 3 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם
גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט. 4 אוּן עֶר הָאט וִוידֶער צוּ זֵייא אֵיין
אַנְדֶערֶען קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט; אִיהְם הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ דֶעם קָאפּ צוּשְׁלָאגֶען, אוּן
הָאבֶּען מִיט שַׁאנְד בֶּעהַאנְדֶעלְט. 5 אוּן עֶר הָאט אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעשִׁיקְט; אִיהְם
הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ גֶעהַרְגֶעט; אוּן נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע, עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען זֵייא
גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן עֶטְלִיכֶע גֶעהַרְגֶעט. 6 אוּן עֶר הָאט נָאךְ אֵיין אֵיינְצִיגֶען גֶעלִיבְּטֶען

[1] ישעיה ה׳, א׳ ב׳,

זוּהְן גֶעהַאט, אִיהְם הָאט עֶר צוּלֶעצְט צוּ זֵייא גֶעשִׁיקְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא
וֶועלֶען מֵיין זוּהְן עֶהְרֶען. 7 אָבֶער יֶענֶע ווַיינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם
אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דֶער יוֹרֵשׁ, קוּמְט אוּן לָאזְט אוּנְז אִיהְם הַרְגֶענֶען,
אוּן דִיא יְרוּשָׁה וֶועט אוּנְזֶער זֵיין. 8 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען אוּן הָאבֶּען
גֶעהַרְגֶעט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס דֶעם ווַיינְגָארְטֶען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען. 9 וָואס
וֶועט דֶער הַאר פוּן דֶעם ווַיינְגָארְטֶען טְהוּן? עֶר וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט דִיא
ווַיינְגֶערְטְנֶער אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּן וֶועט דֶעם ווַיינְגָארְטֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶעבֶּען.
10 הָאט אִיהְר אוֹיךְ נִיט גֶעלֵיינְט דִיזֶע שְׁרִיפְט?

דֶער שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹימֵייסְטֶער הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען,
דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען;
11 דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען פוּן דֶעם הַאר'ן,
אוּן עֶס אִיז וְואוּנְדֶערְלִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען.

12 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ נֶעמֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר
דִיא לֵייט; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז עֶר הָאט קֶעגֶען זֵייא דָאס מָשָׁל
גֶעזָאגְט; אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְלָאזְט, אוּן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

13 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן פוּן
הוֹרְדוּס לֵייט, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם פַאנְגֶען מִיט אַ וָוארְט. 14 אוּן זֵייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, מִיר וִויסֶען אַז דוּא בִּיסְט
וָואהְרְהַאפְטִיג, אוּן פְרֶעגְסְט נָאךְ קֵיינֶעם נִיט, וָוארִין דוּא בִּיסְט קֵיין מֶענְשֶׁען
נוֹשֵׂא פָּנִים; נֵייעֶרְט דוּא לֶעהְרְסְט דֶעם וֶועג פוּן גָאט אִין וָואהְרְהֵייט. אִיז עֶס
דֶערְלוֹיבְּט מַס צוּ גֶעבֶּען צוּם קֵיסַר, אָדֶער נִיט? זָאלֶען מִיר גֶעבֶּען, אָדֶער
נִיט גֶעבֶּען? 15 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט זֵייעֶרֶע פֶערְשְׁטֶעלֶערֵייא, אוּן הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס פְּרִיפְט אִיהְר מִיךְ? בְּרֶענְגְט מִיר אַ גְרָאשֶׁען,* אַז
אִיךְ זָאל עֶס זֶעהֶען. 16 אוּן זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט. אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס אִיז דָאס בִּילְד אוּן דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט? אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, צוּם קֵיסַר. 17 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גִיבְּט דֶעם
קֵיסַר וָואס אִיז צוּ קֵיסַר, אוּן צוּ גָאט וָואס אִיז צוּ גָאט. אוּן זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער אִיהְם.

18 אוּן דִיא צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס זָאגֶען אַז עֶס אִיז קֵיין
תְּחִיַת הַמֵתִים, אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט; 19 לֶעהְרֶער, מֹשֶׁה
הָאט אוּנְז גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז וֶוען דֶער בְּרוּדֶער פוּן אַ מֶענְשֶׁען וֶועט שְׁטַארְבֶּען, אוּן
וֶועט אִיבֶּערְלָאזֶען זֵיין ווַייבּ, אוּן וֶועט קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט לָאזֶען, זָאל זֵיין
בְּרוּדֶער זֵיין ווַייבּ נֶעמֶען, אוּן זָאל זָאמֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען צוּ זֵיין בְּרוּדֶער. 20 עֶס
זֶענֶען זִיבֶּען בְּרִידֶער גֶעוֶועזֶען; אוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט גֶענוּמֶען אַ ווַייבּ, אוּן
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן הָאט קֵיין זָאמֶען נִיט גֶעלָאזְט. 21 אוּן דֶער צְווֵייטֶער הָאט
זִיא גֶענוּמֶען, אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן הָאט קֵיין זָאמֶען נִיט גֶעלָאזְט; אוּן אַזוֹי

10 תהלים קיח׳ כב׳, כג׳. * גר׳ דינר

19 בראשית לח׳ ח׳; דברים כה׳ ה׳, ו׳.

אויךְ דֶער דְרִיטֶער. 22 און דִיא זִיבֶּען הָאבֶּען נִיט גֶעלָאזְט קֵיין זָאמֶען. צוּלֶעצְט
פוּן אַלֶע אִיז דִיא פְרוֹיא אויךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען. 23 אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, וֶוען זַייא
וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, וֶועמֶעס וַוייבּ וֶועט זִיא זַיין? וָוארִין דִיא זִיבֶּען הָאבֶּען
זִיא גֶעהַאט פַאר אַ וַוייבּ. 24 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פֶערְאִירְט אִיהְר אֵייךְ
דֶען נִיט, וַוייל אִיהְר קֶענְט נִיט דִיא שְׁרִיפְט, אויךְ נִיט דִיא מַאכְט פוּן גָאט?
25 וָוארִין וֶוען זַייא וֶועלֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זַייא נִיט
חַתוּנָה הָאבֶּען, אוּן נִיט חַתוּנָה מַאכֶען, נֵייעֶרְט זַייא זֶענֶען וִויא דִיא מַלְאָכִים
אִים הִימֶעל. 26 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא טוֹיטֶע, אַז זַייא אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, הָאט אִיהְר
נִיט גֶעלֵיינְט אִים סֵפֶר פוּן משֶׁה, וִויא גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט פוּן דֶעם
דָארְנְבּוּשׁ אוּן הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּן דֶער גָאט
פוּן יִצְחָק, אוּן דֶער גָאט פוּן יַעֲקֹב? 27 עֶר אִיז נִיט דֶער גָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע,
נֵייעֶרְט פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע. אִיהְר פֶערְאִירְט אֵייךְ זֶעהְר.
28 אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא סוֹפְרִים אִיז גֶעקוּמֶען, וָואס הָאט זַייא גֶעהֶערְט
טַעֲנֶהֶען, אוּן הָאט גֶעוְואוּסְט אַז עֶר הָאט זַייא גוּט גֶעעֶנְטְפֶערְט; אוּן עֶר הָאט
אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וָואסְפַאר אַ מִצְוָה אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פוּן אַלֶע? 29 אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דִיא עֶרְשְׁטֶע אִיז, הֶער יִשְׂרָאֵל, דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט אִיז
אֵיין הַאר; 30 אוּן דוּא זָאלְסְט דֶעם הַאר'ן דֵיין גָאט לִיבֶּען מִיט דֵיין גַאנְצֶען
הַארְץ, אוּן מִיט דֵיינֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע, אוּן מִיט דֵיין גַאנְצֶען גֶעמִיט, אוּן מִיט
דֵיינֶע גַאנְצֶע קְרַאפְט. 31 דִיא צְווייטֶע אִיז דִיזֶע, דוּא זָאלְסְט דֵיין גֶעזֶועלֶען לִיבֶּען
וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט; עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע אַנְדֶערֶע מִצְוָה גְרֶעסֶער וִויא דִיזֶע. 32 אוּן
דֶער סוֹפֵר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גוּט לֶעהְרֶער, דוּא הָאסְט וָואהְרְהַאפְטִיג
גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז אֵיינֶער, אוּן עֶס אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער נִיט חוּץ אִיהְם; 33 אוּן
אִיהְם צוּ לִיבֶּען מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ, אוּן מִיט דֶעם גַאנְצֶען גֶעמִיט, אוּן
מִיט דִיא גַאנְצֶע קְרַאפְט, אוּן זַיין גֶעזֶועלֶען צוּ לִיבֶּען וִויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אִיז
מֶעהְר וִויא אַלֶע עוֹלוֹת אוּן זְבָחִים. 34 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט
קְלוּג גֶעעֶנְטְפֶערְט, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט נִיט וַוייט פוּן דֶעם
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. אוּן קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואגְט אִיהְם נָאךְ עֶפֶּעס
מֶעהְר צוּ פְרֶעגֶען.
35 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין
בֵּית הַמִקְדָשׁ, וִויא אַזוֹי זָאגֶען דִיא סוֹפְרִים אַז דֶער מָשִׁיחַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן
דָוִד? 36 דָוִד זֶעלְבְּסְט הָאט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ,
דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר'ן, זִיץ דוּא צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד,
בִּיז אִיךְ וֶועל לֶעגֶען דֵיינֶע פֵיינְד אוּנְטֶער דֵיינֶע פִיס.
37 דָרוּם דָוִד אַלֵיין רוּפְט אִיהְם הַאר, אוּן וִויא אַזוֹי אִיז עֶר דֶען זַיין זוּהְן?
אוּן פִיל לֵייט הָאבֶּען אִיהְם גֶערְן גֶעהֶערְט. 38 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִין
זַיינֶע לֶעהְרֶע, הִיט אֵייךְ פַאר דִיא סוֹפְרִים, וָואס בֶּעגֶעהְרֶען צוּ גֶעהֶען אִין

29,30 דברים ו׳ ד׳, ה׳. 26 שמות ג׳ ו׳.
36 תהלים קי׳ א׳, 33 שמואל א׳ טו׳ כב׳, 31 ויקרא יט׳ יח׳,

לַאנְגֶע קְלֵיידֶער, אוּן גֶענְרִיסְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען, 39 אוּן צוּ שְׁטֶעהֶען
אוֹיבֶּען אָן אִין דִיא שׁוּלֶען, אוּן צוּ זִיצֶען אוֹיבֶּען אָן אוֹיף סְעוּדוֹת; 40 וָואס
עֶסֶען אוֹיף דִיא הֵייזֶער פוּן אַלְמָנוֹת, אוּן פַאר אַיין אוֹיסְרֶעד בֶּעטֶען זַייא לַאנְג,
דִיזֶע וֶועלֶען אַ גְרֶעסֶערֶען מִשְׁפָּט בֶּעקוּמֶען. 41 אוּן עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען קֶעגֶען דֶעם
אוֹצָר, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען וִויא דִיא לֵייט וַוארְפֶען גֶעלְד אִין דֶעם אוֹצָר אַרַיין,
אוּן פִילֶע רֵייכֶע הָאבֶּען פִיל אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען. 42 אוּן אֵיינֶע אָרְמֶע אַלְמָנָה אִיז
גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען צְוַוייא פְּרוּטוֹת, וָואס מַאכֶען אוֹיס אַ פִּירְ־
טֶעל גְרָאשֶׁען. 43 אוּן עֶר הָאט זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּגֶערוּפֶען אוּן הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דִיזֶע אָרְמֶע אַלְמָנָה הָאט מֶעהְר אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען
וִויא אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִין דֶעם אוֹצָר אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען. 44 וָוארִין אַלֶע הָאבֶּען
אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען פוּן דֶעם וָואס זַייא הָאבֶּען אִיבְּרִיג, אָבֶּער זִיא הָאט פוּן אִיהְרֶע
אָרְמְקֵייט אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אַלֶעס וָואס זִיא הָאט, אִיהְרֶע גַאנְצֶע מִחְיָה.
יג 1 אוּן דֶערְוַוייל עֶר אִיז פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט אֵיינֶער
פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, זֶעה, וָואסְפַאר שְׁטֵיינֶער אוּן
וָואסְפַאר גֶעבֵּייֶדע עֶס זֶענֶען, 2 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעהְסְט דוּא
דִיזֶע גְרוֹיסֶע גֶעבֵּייֶדע? דָא וֶועט נִיט בְּלֵייבֶּען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף אֵיינַאנְדֶערֶען
וָואס וֶועט נִיט צוּוָוארְפֶען וֶוערֶען.
3 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם הַר הַזֵּיתִים קֶעגֶען דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ,
הָאבֶּען אִיהְם פֶּעטְרוּס אוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן אוּן אַנְדְרַי בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶע־
פְרֶעגְט; 4 זָאג אוּנְז וֶוען וֶועלֶען דִיזֶע זַאכֶען זַיין אוּן וָואס אִיז דָאס צֵייכֶען וֶוען
דִיזֶע אַלֶע וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען? 5 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זַייא
צוּ זָאגֶען, הִיט אֵייךְ אַז קֵיינֶער זָאל אֵייךְ נִיט פֶערְפִיהְרֶען. 6 וָוארִין פִילֶע
וֶועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין נָאמֶען, אוּן וֶועלֶען זָאגֶען אִיךְ בִּין עֶר, אוּן וֶועלֶען פִילֶע
פֶערְפִיהְרֶען. 7 אוּן וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען פוּן מִלְחָמוֹת אוּן נָאכְרִיכְטֶען פוּן
מִלְחָמוֹת, דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט. דָאס מוּז גֶעשֶׁעהֶען, אָבֶּער דֶער סוֹף אִיז
נָאךְ נִיט דָא. 8 וָוארִין אַ פָאלְק וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען קֶעגֶען אַ פָאלְק, אוּן אַ
קֶענִיגְרֵייךְ קֶעגֶען אַ קֶענִיגְרֵייךְ. עֶס וֶועט זַיין עֶרְדְצִיטֶערְנִיס אִין עֶטְלִיכֶע עֶרְטֶער,
עֶס וֶועט זַיין הוּנְגֶער; דִיזֶע זֶענֶען דֶער אָנְהֵייבּ פוּן צָרוֹת. 9 אוּן גִיבְּט
אַכְטוּנְג אוֹיף אֵייךְ זֶעלְבְּסְט; זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּן
אִין דִיא שׁוּלֶען וֶועט אִיהְר גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען, אוּן אִיהְר וֶועט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט
וֶוערֶען פָאר פִירְשְׁטֶען אוּן קֶענִיגֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען, פַאר אַ צֵייגְנִיס צוּ זַייא.
10 אוּן דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה זָאל צוּעֶרְשְׁט גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער.
11 אוּן וֶוען זַייא וֶועלֶען אֵייךְ אַוֶועקְפִיהְרֶען אוּן אִיבֶּערְגֶעבֶּען, זָארְגְט נִיט וָואס
אִיהְר זָאלְט רֶעדֶען, נֵייעֶרְט וָואס עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין יֶענֶער
שָׁעָה, דָאס זָאלְט אִיהְר רֶעדֶען; וָוארִין עֶס אִיז נִיט אִיהְר דִיא רֶעדֶען, נֵייעֶרְט
דֶער רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ. 12 אוּן אַ בְּרוּדֶער וֶועט אַ בְּרוּדֶער אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם טוֹיט,
אוּן אַ פָאטֶער אַ קִינְד; אוּן קִינְדֶער וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען קֶעגֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן,

8 ישעיה יט׳ ב׳; דברי הימים ב׳ טו׳ ו׳,

אוּן װעלען זייא טײטען; 13 אוּן איהר װעט געהאסט װערען בּײא אַלֶע פוּן
װעגען מײן נאָמען; אָבּער דער װאָס האַלט אוֹיס בּיז צוּם סוֹף, דער װעט
געראַטעט װערען.
14 אוּן װען איהר װעט זעהען דיא אוּמװירדיגקייט פוּן דעם גרײעל שטעהענ־
דיג װאוּ עס קעהר ניט צוּ שטעהען, דער װאָס לײנט לאָז ער פערשטעהען,
דאַן לאָזען דיא װאָס זענען אין יהוּדה אַנטלױפען צוּ דיא בּערג; 15 אוּן דער
װאָס איז אויף דעם דאַך, לאָז ער ניט אַרײנקומען אוּם עפּעס אויס זײן הויז
צוּ נעמען; 16 אוּן דער װאָס איז אים פעלד, לאָז ער זיך ניט צוּריק אוּמקעה־
רען זיינע קלײדער צוּ נעמען. 17 אָבּער װעה צוּ דיא װאָס זענען מעוּבּרת, אוּן
דיא װאָס געבּען צוּ זייגען אין יענע טעג. 18 אָבּער בּעט אַז עס זאָל ניט
זיין אים װינטער; 19 װאָרין אין יענע טעג װעט זיין אַ צרה, װאָס אַזעלכע איז
ניט געװעזען פוּן אָנהייבּ פוּן דער בּעשעפענים װאָס גאָט האָט בּעשאַפען בּיז
אַצוּנד, אוּן עס װעט אויך ניט מעהר אַזוי זיין. 20 אוּן װען דער האַר װאָלט
ניט פערקירצט דיא טעג, װאָלט קיין מענש ניט געראַטעט געװאָרען. אָבּער
פוּן װעגען דיא אויסדערװעהלטע װאָס ער האָט אויסדערװעהלט, האָט ער דיא
טעג פערקירצט. 21 אוּן דאַן װען אײנער װעט צוּ אייך זאָגען, זעהט, היר איז
דער משיח, זעהט דאָרט, גלויבּט ניט. 22 אוּן עס װעלען אויפשטעהען פאַלשע
משיחים אוּן פאַלשע נביאים, אוּן װעלען װײזען צייכען אוּן װאוּנדער, כּדי צוּ
פערפיהרען אַפילוּ דיא אויסדערװעהלטע, װען עס זאָל מעגליך זיין. 23 אָבּער
היט אײך; איך האָבּ אײך אַלעס פריהער געזאָגט. 24 אָבּער אין יענע טעג,
נאָך יענע צרה, װעט דיא זוּן פינסטער װערען, אוּן דיא לבנה װעט ניט געבּען
איהר ליכט; 25 אוּן דיא שטערען פוּן דעם הימעל װעלען אַראָפּפאַלען, אוּן דיא
קרעפטע װאָס זענען אים הימעל װעלען בּעװעגט װערען; 26 אוּן דאַן װעלען
זייא זעהען דעם בּן אָדם קוּמענדיג אין דיא װאָלקען מיט אַ גרויסע מאַכט
אוּן הערליכקייט; 27 אוּן דאַן װעט ער זיינע מלאָכים אויסשיקען אוּן װעט
זיינע אויסדערװעהלטע אײנזאַמלען פוּן דיא פיער װינדען, פוּן דעם עק פוּן דער
ערד בּיז צוּם עק פוּן הימעל.
28 אָבּער לערנט אַ משל פוּן דעם פייגענבּוים. װען זיין צװייג איז נוּן פריש,
אוּן בּרענגט אַרויס בּלעטער, אַזוי װייסט איהר אַז דער זוּמער איז נאָהענט.
29 אַזוי אויך איהר, װען איהר װעט זעהען אַז דיזע זאַכען געשעהען, װייסט אַז
עס איז נאָהענט בּײא דער טהיר. 30 בּאמת זאָג איך אײך, דיזעס דור װעט
ניט פאַרבּײא געהען, בּיז דאָס אַלעס װעט געשעהען; 31 הימעל אוּן ערד װע־
לען פאַרבּײא געהען, אָבּער מײנע װערטער װעלען ניט פאַרבּײא געהען.
32 אָבּער פוּן יענעם טאָג אָדער דער שעה װייס קיינער ניט, אויך ניט דיא
מלאָכים אים הימעל, אוּן אויך ניט דער זוהן, אויסער דער פאָטער. 33 היט

19 יואל ב׳ ב׳: דניאל יב׳ א׳.
14 דניאל ט׳ כז׳, יא׳ לא׳, יב׳ יא׳.
24 ישעיה יג׳ י׳, כד׳ כג׳.
22 דברים יג׳ ב׳־ד׳.
27 דברים ל׳ ד׳: זכריה ב׳ י׳: דניאל ז׳ ב׳.
26 דניאל ז׳ יג׳.

אֵייךְ, וַואכְט; וָוארִין אִיהְר ווייסְט נִיט וֶוען דִיא צֵייט אִיז. 34 עֶס אִיז אַזוֹי וִויא
אַ מַאן וָואס פָּאהְרְט אַוֶועק, אוּן לָאזְט זֵיין הויז, אוּן גִיבְּט דִיא מַאכְט צוּ זֵיינֶע
קְנֶעכְט, אוּן צוּ אִיטְלִיכֶעם זֵיינֶע אַרְבֵּייט, אוּן בֶּעפֶעהְלְט דֶעם וֶועכְטֶער אַז עֶר
זָאל וַואכֶען. 35 דְרוּם וַואכְט אִיהְר, וָוארִין אִיהְר ווייסְט נִיט וֶוען דֶער הַאר פוּן
דֶעם הויז וֶועט קוּמֶען, אויף דֶעם אָבֶענְד, אָדֶער אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט, אָדֶער
וֶוען דֶער הָאן קְרֵייעֶט, אָדֶער אִין דֶער פְּרִיה. 36 אַז עֶר זָאל נִיט פְּלוּצְלִינְג קוּ-
מֶען, אוּן אֵייךְ שְׁלָאפֶענְדִיג גֶעפִינֶען. 37 אוּן וָואס אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ, דָאס זָאג
אִיךְ צוּ אַלֶע, וַואכְט.

יד 1 אוּן נָאךְ צְוֵויא טֶעג אִיז פֶּסַח גֶעוֶועזֶען, אוּן דֶער חַג הַמַּצּוֹת. אוּן דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעזוּכְט וִויא אַזוֹי זֵייא זָאלֶען אִיהְם
גֶעמֶען מִיט לִיסְט אוּן זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען. 2 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נִיט
אַם יוֹם טוֹב, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט זֵיין אַ רַעשׁ צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק.

3 אוּן וֶוען עֶר אִיז אִין בֵּית הִינִי גֶעוֶועזֶען אִים הויז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם קְרֶעצִיגֶען,
וִויא עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּיים טִישׁ, אִיז גֶעקוּמֶען אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין
אַלְבַּאסְטֶער קְרִיגֶעל מִיט זַאלְבּ פוּן זֶעהְר טְהֵייעֶרֶען מֹר; אוּן זִיא הָאט דָאס
קְרִיגֶעל צוּבְּרָאכֶען, אוּן הָאט עֶס אויף זֵיין קָאפּ אויסְגֶעגָאסֶען. 4 אוּן עֶס זֶענֶען
אֵייניגֶע גֶעוֶועזֶען וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶרְגֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, צוּ וָואס אִיז דִיזֶע
פֶערְשְׁוֶוענְדוּנְג פוּן דֶעם מֹר גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען? 5 וָוארִין דִיזֶעס מֹר הָאט
גֶעקָאנְט פֶערְקוֹיפְט וֶוערְען פַאר מֶעהְר וִויא דְרֵייא הוּנְדֶערְט גִילְדֶען,* אוּן צוּ
דִיא אָרְמֶע גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. אוּן זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְר גֶעמוּרְמֶעלְט.
6 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט זִיא גֶעהֶען, וָוארוּם קְרֶענְקְט אִיהְר זִיא? זִיא
הָאט אַ גוּטֶעס וֶוערְק אָן מִיר גֶעטְהוּן; 7 וָוארִין דִיא אָרְמֶע הָאט אִיהְר תָּמִיד
מִיט אֵייךְ, אוּן וֶוען אִיהְר ווילְט קֶענְט אִיהְר זֵייא גוּטֶעס טְהוּן, אָבֶּער מִיךְ הָאט
אִיהְר נִיט תָּמִיד. 8 זִיא הָאט גֶעטְהוּן וָואס זִיא הָאט גֶעקֶענְט, זִיא אִיז פָארְ-
גֶעקוּמֶען כְּדֵי זִיא זָאל מֵיין לֵייבּ צוּ דֶער קְבוּרָה זַאלְבֶּען. 9 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, וְואוּ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וֶועט גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען אִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט,
אַזוֹי וֶועט מֶען דָאס אויךְ דֶערְצֶעהְלֶען וָואס זִיא הָאט גֶעטְהוּן צוּ אִיהְר אַנְ-
דֶענְקֶען. 10 אוּן יְהוּדָה אִישׁ קְרִיוֹת אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען. 11 אוּן וִויא
זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם פֶערְ-
שְׁפְּרָאכֶען גֶעלְד צוּ גֶעבֶּען. אוּן עֶר הָאט גֶעזוּכְט וִויא עֶר קֶען אִיהְם גוּנְסְטִיג
אִיבֶּערְגֶעבֶּען.

12 אוּן אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן חַג הַמַּצּוֹת, וֶוען זֵייא פְּלֶעגֶען צוּ שֶׁעכְטֶען
דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח, הָאבֶּען זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוּ ווילְסְט דוּא אַז
מִיר זָאלֶען גֶעהֶען אוּן אָנְבְּרֵייטֶען אַז דוּא זָאלְסְט עֶסֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח? 13 אוּן
עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צְוֵייא פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט
אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרֵיין, אוּן אַ מַאן וֶועט אֵייךְ בֶּעגֶעגְנֶען, וָואס טְרָאגְט אַ קְרוּג

* גר׳ דינר

מִיט װאַסֶער, פָאלְגְט אִיהְם נָאךְ; 14 אוּן װוּ אַהִין עֶר װֶעט אַרַיינְגֶעהֶען,
זָאגְט צוּ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת, דֶער לֶעהְרֶער זָאגְט, װוּ אִיז מֵיין צִימֶער װוּ אִיךְ
זָאל עֶסֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים? 15 אוּן עֶר װֶעט אֵייךְ װַייזֶען
אַ גְרױסֶע אױבֶּערֶע שְׁטוּבּ, אױסְגֶעצִירְט אוּן אָנְגֶעבְּרֵייט; אוּן דָארְט זָאלְט אִיהְר
פַּארְטִיג מַאכֶען פַאר אוּנְז. 16 אוּן דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן
זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרַיין, אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעפִינֶען אַזױ װִיא עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט; אוּן זַייא הָאבֶּען פַּארְטִיג גֶעמַאכְט דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח.
17 אוּן װֶען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעװָארֶען אִיז עֶר גֶעקוּמֶען מִיט דִיא צְװֶעלְף.
18 אוּן װֶען זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּן הָאבְּען גֶעגֶעסֶען, הָאט יֵשׁוּעַ
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אֵיינֶער פוּן אֵייךְ װָאס עֶסְט מִיט מִיר װֶעט
מִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען. 19 זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעהױבֶּען טְרױרִיג צוּ זַיין, אוּן הָאבֶּען
אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ עֶס? 20 אוּן עֶר הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא צְװֶעלְף, װָאס טוּנְקְט מִיט מִיר אֵיין
אִין דֶער שִׁיסֶעל. 21 װָארִין דֶער בֶּן אָדָם װֶעט גֶעהֶען אַזױ װִיא עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען אױף אִיהְם; אָבֶּער װֶעה צוּ דֶעם מֶענְשׁ דוּרְךְ װֶעמֶען דֶער בֶּן אָדָם
װֶעט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען װֶערֶען; עֶס װָאלְט גוּט גֶעװֶען פַאר יֶענֶעם מֶענְשֶׁען װֶען
עֶר װָאלְט נִיט גֶעבּוֹירֶען גֶעװָארֶען. 22 אוּן דֶערְװַייל זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, הָאט
עֶר גֶענוּמֶען בְּרױט אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען, אוּן
צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט, דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ. 23 אוּן עֶר הָאט
גֶענוּמֶען אַ כּוֹס, אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן הָאט עֶס צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען;
אוּן זַייא הָאבֶּען אַלֶע דֶערְפוּן גֶעטְרוּנְקֶען. 24 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז מֵיין בְּלוּט פוּן דֶעם בּוּנְד, װָאס אִיז פֶערְגָאסֶען פַאר פִילֶע. 25 בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיךְ װִיל נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען פוּן דֶער פְרוּכְט פוּן דֶעם
װֵיינְשְׁטָאק, בִּיז אָן דֶעם טָאג װֶען אִיךְ װֶעל עֶס טְרִינְקֶען נַייא אִין דֶעם קֶענִיגְ־
רַייךְ פוּן גָאט. 26 אוּן װֶען זַייא הָאבֶּען הַלֵּל גֶעזוּנְגֶען זֶענֶען זַייא אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען
צוּם הַר הַזֵּיתִים. 27 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר אַלֶע װֶעט אֵייךְ
שְׁטְרױכְלֶען, װָארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ װֶעל דֶעם הִירְט שְׁלָאגֶען, אוּן
דִיא שָׁאף װֶעלֶען צוּשְׁפְּרֵייט װֶערֶען. 28 אָבֶּער נָאךְ מֵיינֶע אױפְשְׁטֶעהוּנְג װֶעל
אִיךְ פָאר אֵייךְ גֶעהֶען קֵיין גָלִיל. 29 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װֶען
אַלֶע זָאלֶען זִיךְ שְׁטְרױכְלֶען, אַזױ װֶעל אִיךְ דָאךְ נִיט. 30 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז הֵיינְט אִין דִיזֶער נַאכְט, אֵיידֶער דֶער
הָאן װֶעט צְװַייא מָאל קְרֵייעֶן, װֶעסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען.
31 אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ אֵייפְרִיגֶער גֶערֶעט, װֶען אִיךְ זָאל מוּזֶען מִיט דִיר
שְׁטַארְבֶּען, װִיל אִיךְ דִיךְ נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען. גְלֵייכְדֶעם הָאבֶּען אױךְ אַלֶע
גֶעזָאגְט.
32 אוּן זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט, װָאס אִיז גֶערוּפֶען גַת שְׁמָנֵי, אוּן

שמות כד׳ ח׳: זכריה ט׳ יא׳. 24 — תהלים מא׳ י׳. 18

זכריה יג׳ ז׳. 27 — תהלים קיג׳־קיח׳. 26

עֶר הָאט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, זִיצְט דָא בִּיז אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען. 33 אוּן עֶר
הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוֹס אוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
דֶערְשְׁרָאקֶען אוּן טְרוֹירִיג צוּ זַיין; 34 אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מֵיינֶע זֶעלֶע
אִיז זֶעהְר טְרוֹירִיג בִּיז אָן דֶעם טוֹיט; בְּלֵייבְּט דָא אוּן וַואכְט. 35 אוּן עֶר אִיז
אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען
אַז, וֶוען עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ, זָאל דִיא שָׁעָה פוּן אִיהְם פַארְבֵּייא גֶעהֶען. 36 אוּן עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אַבָּא, פָּאטֶער, אַלֶעס אִיז מֶעגְלִיךְ בֵּייא דִיר; נֶעם אַוֶועק דִיזֶען
כּוֹס פוּן מִיר; דָאךְ נִיט וָואס אִיךְ וִויל, נֵייעֶרְט וָואס דוּא וִוילְסְט. 37 אוּן עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זַייא שְׁלָאפֶענְדִיג גֶעפִינֶען, אוּן הָאט צוּ פֶּעטְרוֹס גֶעזָאגְט,
שִׁמְעוֹן, שְׁלָאפְסְט דוּא? הָאסְט דוּא נִיט גֶעקֶענְט וַואכֶען אֵיין שָׁעָה? 38 וַואכְט
אוּן בֶּעט, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט צוּ נִסָּיוֹן קוּמֶען; דֶער גֵייסְט אִיז וִוילִיג,
אָבֶּער דָאס פְלֵיישׁ אִיז שְׁוַואךְ. 39 אוּן עֶר אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט
גֶעבֶּעטֶען, אוּן הָאט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט גֶעזָאגְט. 40 אוּן וֶוען עֶר אִיז וִוידֶער
גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר זַייא שְׁלָאפֶענְדִיג גֶעפִינֶען, וָוארִין זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען
שְׁוֶוער גֶעוֶוען; אוּן זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט וָואס זַייא זָאלֶען אִיהְם עֶנְטְפֶע־
רֶען. 41 אוּן עֶר אִיז דָאס דְרִיטֶע מָאל גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
שְׁלָאפְט וֵוייטֶער אוּן רוּהְט; עֶס אִיז גֶענוּג, דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען, זֶעה, דֶער
בֶּן אָדָם אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הֶענְד פוּן זִינְדֶער. 42 שְׁטֶעהְט אוֹיף, לָאזְט
אוּנְז גֶעהֶען; זֶעה דֶערְיֶענִיגֶע אִיז נָאהֶענְט וָואס מִיךְ פֶערְמַסֶערְט.
43 אוּן גְלֵייךְ דֶערְוֵוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אִיז יְהוּדָה, אֵיינֶער פוּן דִיא
צְוֶועלְף גֶעקוּמֶען, אוּן מִיט אִיהְם פִיל לֵייט מִיט שְׁוֶוערְט אוּן שְׁטֶעקֶען פוּן דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים אוּן עֶלְצְטֶע. 44 אוּן דֶער וָואס הָאט אִיהְם פֶערְמַ־
סֶערְט הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען אַ צֵייכֶען אוּן גֶעזָאגְט, דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל קִישֶׁען
דֶער אִיז עֶר; נֶעמְט אִיהְם אוּן פִיהְרְט אִיהְם זִיכֶער אַוֶועק. 45 אוּן גְלֵייךְ וֶוען
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִיז עֶר צוּ אִיהְם צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, רַבִּי, אוּן
הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט. 46 אוּן זַייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט, אוּן
הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען. 47 אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען
הָאט זַיין שְׁוֶוערְט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּן הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם
כֹּהֵן הַגָּדוֹל, אוּן הָאט אִיהְם דָאס אוֹיעֶר אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען. 48 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען וִויא קֶעגֶען אַ
רוֹיבֶּער מִיט שְׁוֶוערְט אוּן שְׁטֶעקֶען אוּם מִיךְ צוּ נֶעמֶען. 49 אִיךְ בִּין טֶעגְלִיךְ
מִיט אֵייךְ גֶעוֶוען אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן הָאבּ גֶעלֶערְנְט, אוּן אִיהְר הָאט מִיךְ
נִיט גֶענוּמֶען; אָבֶּער דִיא שְׁרִיפְטֶען בְּעדַארְפֶען דֶערְפִילְט צוּ וֶוערֶען. 50 אוּן זַייא
הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע פֶערְלָאזְט, אוּן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען. 51 אוּן אַ יוּנְגֶער מַאן
הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ לֵיילֶעךְ אַרוּם זַיין נַאקֶעטֶען
לֵייבּ, אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען. 52 אוּן עֶר הָאט דָאס לֵיילֶעךְ אִיבֶּערְגֶע־
לָאזְט, אוּן אִיז פוּן זַייא נַאקֶעט אַוֶועקְגֶעלָאפֶען.

34 תהלים מג׳ ה׳,

53 און זֵייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט צוּם כֹּהֵן הַגָּדוֹל, אוּן אַלֶע דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע אוּן דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט. 54 אוּן פֶּעטְרוּס
אִיז אִיהְם פוּן וַוייטֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז אִין פַּאלַאסְט אַרֵיין פוּן דֶעם כֹּהֵן
הַגָּדוֹל, אוּן אִיז גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא בֶּעדִינְטֶע, אוּן הָאט זִיךְ גֶעוַוארְמְט בֵּיים
פֵייעֶר. 55 אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען גֶעזוּכְט
עֵדוּת קֶעגֶען יֵשׁוּעַ, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען; אוּן זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעפִינֶען.
56 דֶען פִילֶע הָאבֶּען פַאלְשֶׁע עֵדוּת גֶעזָאגְט קֶעגֶען אִיהְם, אָבֶּער זֵייעֶר עֵדוּת
אִיז נִיט אֵיינִיג גֶעוֶוען. 57 אוּן עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען פַאלְשֶׁע
עֵדוּת גֶעזָאגְט קֶעגֶען אִיהְם, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, 58 מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט
זָאגֶען אַז אִיךְ וֶועל אַרוּפְוַוארְפֶען דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס אִיז מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט,
אוּן נָאךְ דְרֵייא טֶעג וֶועל אִיךְ אוֹיפְבּוֹיעֶן אֵיין אַנְדֶערֶעס וָואס אִיז נִיט מִיט
הֶענְד גֶעמַאכְט. 59 אוּן אוֹיךְ נִיט אַזוֹי אִיז זֵייעֶר עֵדוּת אֵיינִיג גֶעוֶוען. 60 אוּן דֶער
כֹּהֵן הַגָּדוֹל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין מִיטֶען, אוּן הָאט יֵשׁוּעַ גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶע־
זָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט דוּא גָאר נִיט? וָואס זָאגֶען דִיזֶע עֵדוּת קֶעגֶען דִיר? 61 אָבֶּער עֶר
הָאט גֶעשְׁוִויגֶען, אוּן הָאט גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. דֶער כֹּהֵן הַגָּדוֹל הָאט אִיהְם
ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן
פוּן דֶעם גֶעבֶּענְשְׁטֶען? 62 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין; אוּן אִיהְר וֶועט
זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם זִיצֶען צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶער גְבוּרָה, אוּן קוּמֶענְדִיג
אִין דִיא וָואלְקֶען פוּן דֶעם הִימֶעל. 63 אוּן דֶער כֹּהֵן הַגָּדוֹל הָאט זֵיינֶע קְלֵיידֶער
צוּרִיסֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, וָואס בֶּעדַארְפֶען מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת? 64 אִיהְר
הָאט גֶעהֶערְט דִיא לֶעסְטֶערוּנְג; וָואס שֵׁיינְט אֵייךְ? אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
אַלֶע גֶעמִשְׁפָּט אַז עֶר אִיז דֶעם טוֹיט שׁוּלְדִיג. 65 אוּן עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען אָנְגֶע־
הוֹיבֶּען אוֹיף אִיהְם צוּ שְׁפֵּייעֶן, אוּן זַיין פָּנִים צוּ דֶעקֶען, אוּן אִיהְם צוּ שְׁלָאגֶען,
אוּן צוּ אִיהְם צוּ זָאגֶען, זָאג נְבוּאוֹת; אוּן דִיא בֶּעדִינְטֶע הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפַּאטְשְׁט.

66 אוּן וֶוען פֶּעטְרוּס אִיז הִינְטֶען גֶעוֶוען אִים פַּאלַאסְט, אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא
דִינְסְטְמֶעדֶעל פוּן דֶעם כֹּהֵן הַגָּדוֹל גֶעקוּמֶען; 67 אוּן זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען פֶּעטְרוּס
ווִיא עֶר הָאט זִיךְ גֶעוַוארְמְט, אוּן הָאט אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען אוּן גֶעזָאגְט, דוּא
בִּיסְט אוֹיךְ מִיט יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי גֶעוֶוען. 68 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעלֵייקֶענְט אוּן גֶע־
זָאגְט, אִיךְ וֵייס נִיט, אוּן פֶערְשְׁטֶעה נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט. אוּן עֶר אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דְרוֹיסֶען אִים פָאְרהוֹיף. 69 אוּן דָאס דִינְסְטְמֶעדֶעל הָאט אִיהְם
גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען ווִידֶער צוּ זָאגֶען צוּ דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא
גֶעשְׁטַאנֶען, דִיזֶער אִיז אֵיינֶער פוּן זֵייא. 70 אָבֶּער עֶר הָאט ווִידֶער גֶעלֵייקֶענְט.
אוּן נָאךְ אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע הָאבֶּען דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען
ווִידֶער גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס, בֶּאֱמֶת דוּא בִּיסְט אֵיינֶער פוּן זֵייא, וָוארִין דוּא
בִּיסְט אוֹיךְ פוּן גָלִיל. 71 אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְלוּכֶען אוּן צוּ שְׁוֶוערֶען,
אִיךְ קֶען נִיט דֶעם מֶענְשֶׁען פוּן דֶעם אִיהְר רֶעט. 72 אוּן גְלֵייךְ הָאט דֶער הָאן

דניאל ז׳ יג׳: תהלים קי׳ א׳, 62

צוּם צְוֵייטֶען מָאל גֶעקְרֵייעֶט. אוּן פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ דֶערְמָאהְנְט אָן דֶעם
וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט צְוֵייא מָאל
קְרֵייעֶן, וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקְנֶען. אוּן וֶוען עֶר הָאט זִיךְ דָאס
אִיבֶּערְגֶעלֶעגְט הָאט עֶר גֶעוְויינְט.

**טו** [1] אוּן גְלֵייךְ אִין דֶער פְרִיה הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים מִיט דִיא עֶלְצְטֶע
אוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן דֶעם גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אוּן הָאבֶּען
יֵשׁוּעַ גֶעבּוּנְדֶען אוּן אַוֶועקְגֶעפִירְט, אוּן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פִּילָטוֹס. [2] אוּן
פִּילָטוֹס הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, בִּיסְט דוּא דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? אוּן עֶר
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זָאגְסְט עֶס. [3] אוּן דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען אִיהְם פֶערְקְלָאגְט. [4] אוּן פִּילָטוֹס הָאט אִיהְם וִוידֶער
גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט דוּא גָאר נִיט? זֶעה, וִויא שְׁוֶערֶע זַאכֶען
זֵייא פֶערְקְלָאגֶען דִיךְ. [5] אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט וִוידֶער גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי
אַז פִּילָטוֹס הָאט זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט. [6] נוּן עֶר פְלֶעגְט זֵייא אִין יוֹם טוֹב אֵיין
גֶעפַאנְגֶענֶעם צוּ בֶּעפְרֵייעֶן, וֶועלְכֶען זֵייא הָאבֶּען בֶּעגֶעהְרְט. [7] אוּן עֶס אִיז דָא
גֶעוֶוען אֵיינֶער וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען בַּר־אַבָּא, וָואס אִיז גֶעפַאנְגֶען מִיט דִיא וָואס
הָאבֶּען אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד גֶעמַאכְט, אוּן הָאבֶּען אִין דֶעם אוֹיפְשְׁטַאנְד אַ רְצִיחָה
בֶּעגַאנְגֶען. [8] אוּן דִיא לֵייט זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
בֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל זֵייא טְהוּן וִויא נָאךְ זֵיינֶע גֶעוְואוֹינְהֵייט. [9] אוּן פִּילָטוֹס הָאט
זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ בֶּעפְרֵייעֶן דֶעם
קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? [10] וָוארִין עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט אַז דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶועגֶען קִנְאָה. [11] אָבֶּער דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָא־
בֶּען דִיא לֵייט אָנְגֶערֵייצְט, אַז עֶר זָאל זֵייא לִיבֶּער בֶּעפְרֵייעֶן בַּר־אַבָּא. [12] אוּן
פִּילָטוֹס הָאט וִוידֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס דֶען, זָאל אִיךְ
טְהוּן צוּ דֶעם וָואס אִיהְר רוּפְט דֶעם קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? [13] אוּן זֵייא הָאבֶּען
וִוידֶער גֶעשְׁרִיגֶען, קְרֵייצִיג אִיהְם. [14] אוּן פִּילָטוֹס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס
פַאר שְׁלֶעכְטֶעס הָאט עֶר דֶען גֶעטְהוּן? אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נָאךְ מֶעהְר גֶע־
שְׁרִיגֶען, קְרֵייצִיג אִיהְם. [15] אוּן פִּילָטוֹס הָאט גֶעוָואלְט דִיא לֵייט צוּלִיב טְהוּן,
אוּן הָאט צוּ זֵייא בֶּעפְרֵייעֶט בַּר־אַבָּא, אוּן וֶוען עֶר הָאט יֵשׁוּעַ גֶעלָאזְט שְׁלָאגֶען,
הָאט עֶר אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען.

[16] אוּן דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען אִיהְם אַרֵיינְגֶעפִירְט אִין דֶעם הוֹיף אַרֵיין, וָואס
הֵייסְט פְּרֶעטָארִיאוּם, אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען דִיא גַאנְצֶע בַּאנְדֶע.
[17] אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן אַ פּוּרְפּוּר קְלֵייד, אוּן הָאבֶּען גֶעפְלָאכְטֶען
אַ קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער, אוּן הָאבֶּען עֶס אוֹיף זֵיין קָאפּ גֶעלֶעגְט; [18] אוּן זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גְרִיסֶען שָׁלוֹם, קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען; [19] אוּן זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אִיבֶּער דֶעם קָאפּ מִיט אַ רָאהְר, אוּן הָאבֶּען אוֹיף
אִיהְם גֶעשְׁפִּיגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעקְנִיעֶט, אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט.
[20] אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם דָאס פּוּרְפּוּר
קְלֵייד אָפְּגֶעצוֹיגֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן זֵיינֶע אֵייגֶענֶע קְלֵיידֶער. אוּן

זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַרויסְגֶעפִּיהְרְט אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם קְרֵייצִיגֶען.
21 און זַייא הָאבֶּען גֶעצְווְאוּנְגֶען אֵיינֶעם פַארְבֵּייא גֶעהֶענְדֶען, שִׁמְעוֹן פוּן
קוּרִינִי, דֶעם פָאטֶער פוּן אַלֶכְּסַנְדֶר און רוּפוּס, וָואס אִיז גֶעקוּמֶען פוּן פֶעלְד,
אַז עֶר זָאל טְרָאגֶען זַיין קְרֵייץ. 22 און זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִּיהְרְט צוּ דֶעם
אָרְט גָלְגָלְתָּא, דָאס הֵייסְט פֶערְטֵייטְשְׁט שֵׁייטֶעלְפְּלַאץ. 23 און זַייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען וויין גֶעמִישְׁט מִיט מֹר, אָבֶּער עֶר הָאט עֶס נִיט גֶענוּמֶען. 24 און זַייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט, און הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע קְלֵיידֶער מִיטְגֶעטְהֵיילְט, און
הָאבֶּען דְרוֹיף גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען וָואס אִיטְלִיכֶער זָאל נֶעמֶען. 25 און עֶס אִיז גֶע־
וֶוען דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה און זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט. 26 און דִיא אוֹיפְ־
שְׁרִיפְט פוּן זַיינֶע פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג אִיז אוֹיבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, דֶער קֶענִיג
פוּן דִיא יוּדֶען. 27 און זַייא הָאבֶּען גֶעקְרֵייצִיגְט צְווייא רוֹיבֶּער מִיט אִיהְם,
אֵיינֶעם צוּ זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, און אֵיינֶעם צוּ דִיא לִינְקֶע. 29 און דִיא וָואס
זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט, און הָאבֶּען גֶעשָׁאקֶעלְט
מִיט דִיא קֶעפּ, און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַהַא! דוּא וָואס אַרוּפְוַוארְפְסְט דָאס בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ, און בּוֹיעֶסְט עֶס אוֹיף אִין דְרֵייא טֶעג, 30 רֶעטֶע דִיךְ זֶעלְבְּסְט, און
קוּם אַרוּפּ פוּן דֶעם קְרֵייץ. 31 אַזוֹי אוֹיךְ הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים צְווִישֶׁען
זִיךְ גֶעשְׁפֶּעט און הָאבֶּען מִיט דִיא סוֹפְרִים גֶעזָאגְט, אַנְדֶערֶע הָאט עֶר גֶערֶע־
טֶעט זִיךְ זֶעלְבְּסְט קֶען עֶר נִיט רֶעטֶען; 32 לָאז דֶער מָשִׁיחַ, דֶער קֶענִיג פוּן
יִשְׂרָאֵל, אִיצְט אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם קְרֵייץ, אַז מִיר זָאלֶען זֶעהֶען און גְלוֹיבֶּען.
און דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט הָאבֶּען אִיהְם גֶעזִידֶעלְט.
33 און אִין דִיא זֶעקְסְטֶע שָׁעָה אִיז עֶס פִינְסְטֶער גֶעוֶוען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען
לַאנְד, בִּיז צוּ דִיא נֵיינְטֶע שָׁעָה. 34 און אִין דִיא נֵיינְטֶע שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ גֶע־
שְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, און הָאט גֶעזָאגְט, אֱלָהִי! אֱלָהִי! לְמָה שְׁבַקְתַּנִי, דָאס
אִיז פֶערְטֵייטְשְׁט, מֵיין גָאט, מֵיין גָאט, וָוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ פֶערְלָאזְט.
35 און עֶטְלִיכֶע וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זֶעה, עֶר רוּפְט אֵלִיָּה. 36 און אֵיינֶער אִיז צוּגֶעלָאפֶען און הָאט
אָנְגֶעפִילְט אַ שְׁוַואם מִיט עֶסִיג, און הָאט עֶס אוֹיף אַ רָאהְר אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט,
און הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען, און הָאט גֶעזָאגְט, לָאז אִיהְם זַיין, מִיר
וֶועלֶען זֶעהֶען אוֹיב אֵלִיָּה וֶועט קוּמֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם אַרוּפְּנֶעמֶען. 37 און
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, און הָאט דִיא נְשָׁמָה אוֹיסְגֶעלָאזְט.
38 און דִיא פָּרוֹכֶת פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז אִין צְווייעֶן צוּרִיסֶען גֶעוָוארֶען, פוּן
אוֹיבֶּען בִּיז אַרוּפּ. 39 און וֶוען דֶער הוֹיפְּטְמַאן וָואס אִיז קֶעגֶען אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען
הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט אַזוֹי דִיא נְשָׁמָה אוֹיסְגֶעלָאזְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת דִיזֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער זוּהְן פוּן גָאט. 40 און עֶס זֶענֶען אוֹיךְ פְרוֹיעֶן

תהלים סט׳ כב׳, 36 תהלים כב׳ ב׳, 34 תהלים כב׳ יט׳, 24

---

28 און דִיא שְׁרִיפְט אִיז מְקוּיָם גֶעוָוארֶען וָואס זָאגְט, און עֶר אִיז גֶערֶעכֶענְט
גֶעוָוארֶען מִיט דִיא אִיבֶּערְטְרֶעטֶער.

ישעיה נג׳ ב׳.

גֶעוֶועְן וָואס הָאבֶּען פוּן ווייטֶען צוּגֶעזֶעהֶען, אוּן צְווִישֶׁען זֵייא אִיז גֶעוֶוען מִרְיָם
הַמַּגְדָלִית, אוּן מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב דֶעם קְלֵיינֶעם, אוּן דִיא מוּטֶער פוּן
יוֹסֵי, אוּן שְׁלוֹמִית; 41 דִיזֶע הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט וֶוען עֶר אִיז אִין גָלִיל
גֶעוֶועְן, אוּן הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט, אוּן פִילֶע אַנְדֶערֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם.
42 אוּן וֶוען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעוָוארֶען, ווייל עֶס אִיז דִיא אַנְבְּרֵייטוּנְג גֶעוֶוען,
דָאס הֵייסְט עֶרֶב שַׁבָּת; 43 אַזוֹי אִיז גֶעקוּמֶען יוֹסֵף הָרָמָתִי, אֵיין אָנְגֶעזֶעהֶענֶער
יוֹעֵץ, וָואס הָאט אוֹיךְ אַלֵיין גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּן הָאט
זִיךְ גֶעוָואגְט, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פִילָטוֹס, אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר דֶעם לֵייבּ
פוּן יֵשׁוּעַ. 44 אוּן פִילָטוֹס הָאט זִיךְ גֶעווְאוּנְדֶערְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין טוֹיט; אוּן
עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם הוֹיפְּטְמַאן, אוּן הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוֹיבּ עֶר אִיז
שׁוֹין לַאנְג טוֹיט. 45 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעווְאוּסְט פוּן דֶעם הוֹיפְּטְמַאן, הָאט
עֶר דֶעם לֵייבּ צוּ יוֹסֵף גֶעגֶעבֶּען. 46 אוּן עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט אַ לֵיילֶעךְ, אוּן הָאט
אִיהְם אַרוּפְּגֶענוּמֶען אוּן אִין דֶעם לֵיילֶעךְ אֵיינְגֶעווִיקֶעלְט, אוּן אַרֵיינְגֶעלֶעגְט אִין
אַ קֶבֶר וָואס אִיז גֶעוֶוען אוֹיס אַ פֶעלְז אוֹיסְגֶעהַאקְט, אוּן הָאט אַרוֹיפְגֶעוַואלְ־
גֶערְט אַ שְׁטֵיין אוֹיף דֶער טְהִיר פוּן דֶעם קֶבֶר. 47 אוּן מִרְיָם הַמַּגְדָלִית, אוּן
מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יוֹסֵי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען ווְאוּ עֶר אִיז גֶעלֶעגְט גֶעוָוארֶען.
טז 1 אוּן וֶוען דֶער שַׁבָּת אִיז פָארְאִיבֶּער, אַזוֹי הָאבֶּען מִרְיָם הַמַּגְדָלִית אוּן
מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּן שְׁלוֹמִית גֶעקוֹיפְט גֶעווִירְץ, אַז זֵייא זָאלֶען
גֶעהֶען אוּן זָאלֶען אִיהְם אֵיינְזַאלְבֶּען. 2 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר אָן
דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ גַאנְץ פְרִיה, וֶוען דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען.
3 אוּן זֵייא הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעזָאגְט, וֶוער וֶועט אוּנְז דֶעם שְׁטֵיין אַוֶועקְוַאלְ־
גֶערְן פוּן דֶער טְהִיר פוּן דֶעם קֶבֶר? 4 אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּן
הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען אַז דֶער שְׁטֵיין אִיז אַוֶועקְגֶעוַואלְגֶערְט גֶעוָוארֶען; דֶען עֶר
אִיז זֶעהְר גְרוֹיס גֶעוֶוען. 5 אוּן זֵייא זֶענֶען אִין דֶעם קֶבֶר אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּן
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַ יוּנְגֶען מַאן זִיצֶען צוּ דִיא רֶעכְטֶע זֵייט, גֶעקְלֵייד אִין אַ ווַייס
קְלֵייד; אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען. 6 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶערְ־
שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט; אִיהְר זוּכְט יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי דֶער אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען; עֶר
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, עֶר אִיז נִיט דָא; זֶעהְט דֶעם אָרְט ווְאוּ זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעלֶעגְט. 7 אָבֶּער גֶעהְט אוּן זָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן צוּ פֶּעטְרוֹס, אַז עֶר
גֶעהְט פָאר אֵייךְ קֵיין גָלִיל; דָארְט וֶועט אִיהְר אִיהְם זֶעהֶען ווִיא עֶר הָאט צוּ
אֵייךְ גֶעזָאגְט. 8 אוּן זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען פוּן
דֶעם קֶבֶר, וָוארִין צִיטֶערְנִיס אוּן שְׁרֶעקֶען זֶענֶען זֵייא אָנְגֶעקוּמֶען; אוּן זֵייא
הָאבֶּען צוּ קֵיינֶעם גָאר נִיט גֶעזָאגְט, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען.
9 אוּן וֶוען עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פְרִיה אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ,
הָאט עֶר זִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען בֶּעווִיזֶען צוּ מִרְיָם הַמַּגְדָלִית, פוּן וֶועלְכֶע עֶר הָאט
זִיבֶּען שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען. 10 זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט עֶס דֶערְצֶעהְלְט
צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוען, דֶערְווַייל זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוֹיעֶרְט אוּן

גֶעוויינְט. 11 און וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר לֶעבְּט, און אִיז פוּן אִיהְר
גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעגְלויבְּט.

12 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ אִין אֵיין אַנְדֶערֶע גֶעשְׁטַאלְט בֶּעוִויזֶען צוּ צְוֵויא פוּן
זֵייא, אַזוי וִויא זֵייא זֶענֶען אִין פֶעלְד אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען. 13 און זֵייא זֶענֶען אַוֶּעקְ-
גֶעגַאנְגֶען און הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע; און זֵייא הָאבֶּען זֵייא
אוֹיךְ נִיט גֶעגְלויבְּט.

14 צוּלֶעצְט הָאט עֶר זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ דִיא עֶלְף, וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען בֵּיים
טִישׁ, און הָאט זֵייא פֶערְגֶעוָוארְפֶען זֵייעֶר אוּנְגְלויבֶּען און פֶערְהַארְטֶעס הַארְץ,
ווייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעגְלויבְּט דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען נָאכְדֶעם עֶר
אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען; 15 און עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִין דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט, און פְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ אִיטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִים. 16 דֶער וָואס
גְלויבְּט און וֶוערְד גֶעטוּבֶלְט דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, אָבֶּער דֶער וָואס
גְלויבְּט נִיט וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען. 17 און דִיזֶע צֵייכֶען וֶועלֶען נָאכְפָאלְגֶען
דִיא וָואס גְלויבֶּען, זֵייא וֶועלֶען שֵׁדִים אַרויסְטְרֵייבֶּען אִין מֵיין נָאמֶען, זֵייא וֶועלֶען
רֶעדֶען מִיט נֵייעֶ שְׁפְּרַאכֶען, 18 זֵייא וֶועלֶען שְׁלַאנְגֶען אויפְהֵייבֶּען, און וֶוען זֵייא
וֶועלֶען עֶפֶּעס טויטְלִיכֶעס טְרִינְקֶען, אַזוי וֶועט עֶס זֵייא נִיט שָׁאדֶען, זֵייא וֶועֶ-
לֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד לֶעגֶען אויף קְרַאנְקֶע, און זֵייא וֶועלֶען גֶעזוּנְד וֶוערֶען.

19 און נָאכְדֶעם וִויא דֶער הַאר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט אִיז עֶר אַרויפְגֶענוּמֶען
גֶעוָוארֶען אִים הִימֶעל, און הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט.
20 און זֵייא זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען און הָאבֶּען אִין אַלֶע עֶרְטֶער גֶעפְּרֶעדִיגְט, און
דֶער הַאר הָאט מִיט זֵייא גֶעווירְקְט, און הָאט דָאס וָוארְט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דוּרְךְ
דִיא צֵייכֶען וָואס הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט.

19 תהלים קי׳ א׳.



# דִיא הֵיילִיגֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה נָאךְ לוּקַאס

1 זִינְט דֶעם פִּילֶע הָאבֶּען אוּנְטֶערְנוּמֶען אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען אַ דֶערְצֶעהְלוּנְג פוּן
דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען אוּנְז זִיכֶער דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען; 2 וִויא זֵייא
הָאבֶּען אוּנְז אִיבֶּערְלִיפֶערְט, וָואס הָאבֶּען פוּן אָנְהֵייבּ אָן זֶעלְבְּסְט גֶעזֶעהֶען, אוּן
זֶענֶען דִיא דִינֶער פוּן דֶעם וָוארְט גֶעוֶועזֶען; 3 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ עֶס אוֹיךְ פַאר
גוּט אֵיינְגֶעזֶעהֶען, נָאכְדֶעם וִויא אִיךְ הָאבּ פוּן אָנְהֵייבּ אַלֶעס זָארְגְפֶעלְטִיג
נָאכְגֶעפָארְשְׁט, אַז אִיךְ זָאל דִיר שְׁרֵייבֶּען כְּסֵדֶר, מֵיין לִיבֶּער תְּאוֹפִילוֹס; 4 אַז
דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען דִיא זִיכֶערְהֵייט פוּן דִיא זַאכֶען אִין וֶועלְכֶע דוּא בִּיסְט
גֶעלֶעהְרְט.

5 עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין דִיא טֶעג פוּן הוֹרְדוֹס, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אִיז אַ כֹּהֵן
גֶעוֶוען פוּן דֶעם מִשְׁמָר פוּן אֲבִיָה, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען זְכַרְיָה; אוּן זֵיין ווַייבּ
אִיז גֶעוֶוען פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן אַהֲרֹן, אוּן זִיא הָאט גֶעהֵייסֶען אֱלִישֶׁבַע.
6 אוּן זֵייא בֵּיידֶע זֶענֶען גֶערֶעכְט גֶעוֶוען פָאר גָאט, אוּן זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען אַלֶע
מִצְוֹת אוּן גֶעזֶעצֶע פוּן דֶעם הַאר'ן אָהְן טַאדֶעל. 7 אוּן זֵייא הָאבֶּען קֵיין קִינְד
נִיט גֶעהַאט, וָוארִין אֱלִישֶׁבַע אִיז אֵיין עֲקָרָה גֶעוֶוען, אוּן זֵייא בֵּיידֶע זֶענֶען שׁוֹין
אִין אִיהְרֶע יָאהְרֶען אַלְט גֶעוֶוען.

8 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען דֶערְוַוייל עֶר הָאט גֶעדִינְט פָאר גָאט אִין דֶעם סֵדֶר פוּן
זֵיין מִשְׁמָר, 9 אַזוֹי אִיז עֶס גֶעוֶוען נָאךְ דֶער גֶעוואוֹינְהֵייט פוּן דֶער כְּהוּנָה זֵיין
גוֹרָל, אַז עֶר זָאל אַרֵיינְגֶעהֶען אִים הֵיכָל פוּן דֶעם הַאר'ן אוּם צוּ רֵייכֶערְן
קְטוֹרֶת; 10 אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען דְרוֹיסֶען, אִין דֶער
שָׁעָה פוּן קְטוֹרֶת. 11 אוּן אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר'ן הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען,
אוּן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צוּ דִיא רֶעכְטֶע זֵייט פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ הַקְטוֹרֶת. 12 אוּן וֶוען
זְכַרְיָה הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּן אַ מוֹרָא אִיז אוֹיף
אִיהְם גֶעפַאלֶען. 13 אָבֶּער דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט,
זְכַרְיָה, וָוארִין דֵיין גֶעבֶּעט אִיז דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן דֵיין ווַייבּ אֱלִישֶׁבַע
וֶועט דִיר גֶעווִינֶען אַ זוּהְן, אוּן דוּא זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען יוֹחָנָן; 14 אוּן דוּא
וֶועסְט הָאבֶּען שִׂמְחָה אוּן פְרֵייד, אוּן פִילֶע וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן אִיבֶּער זֵיין גֶעֿ
בּוּרְט. 15 וָוארִין עֶר וֶועט זֵיין גְרוֹיס פָאר דֶעם הַאר'ן; אוּן עֶר זָאל נִיט טְרִינְקֶען
קֵיין ווַיין אוּן קֵיין שֵׁכָר, אוּן עֶר וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
נָאךְ פוּן זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ; 16 אוּן פִילֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועט עֶר
ווִידֶערְקֶעהְרֶען צוּם הַאר'ן זֵייעֶר גָאט; 17 אוּן עֶר וֶועט פָאר אִיהְם גֶעהֶען אִים
גֵייסְט אוּן קְרַאפְט פוּן אֵלִיָה, אַז עֶר זָאל ווִידֶערְקֶעהְרֶען דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא
פֶעטֶער צוּ דִיא קִינְדֶער, אוּן דִיא ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע צוּ דֶער חָכְמָה פוּן דִיא
צַדִיקִים, אָנְצוּבְּרֵייטֶען פַאר דֶעם הַאר'ן אַ פָארְבֶּערֵייטֶעטֶעס פָאלְק. 18 אוּן
זְכַרְיָה הָאט צוּ דֶעם מַלְאָךְ גֶעזָאגְט, מִיט וָואס זָאל אִיךְ דָאס ווִיסֶען? וָוארִין
אִיךְ בִּין אֵיין אַלְטֶער מַאן, אוּן מֵיין ווַייבּ אִיז שׁוֹין אַלְט אִין אִיהְרֶע

17 מלאכי ג׳ כג׳, כד׳.

יָאהְרֶען. 19 אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ
בִּין גַבְרִיאֵל, וָואס שְׁטֶעהְט פָאר גָאט, אוּן אִיךְ בִּין גֶעשִׁיקְט מִיט דִיר צוּ רֶעד־
דֶען, אוּן צוּ דִיר דִיזֶע בְּשׂוֹרָה צוּ בְּרֶענְגֶען; 20 אוּן זֶעה, דוּא וֶועסְט שְׁטוּם וֶוערֶען,
אוּן וֶועסְט נִיט קֶענֶען רֶעדֶען, בִּיז צוּ דֶעם טָאג וֶוען דָאס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען; ווייל
דוּא הָאסְט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט מֵיינֶע ווערְטֶער, וָואס וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען אִין
זֵייעֶרֶע צֵייט. 21 אוּן דָאס פָאלְק הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף זְכַרְיָה, אוּן הָאט זִיךְ
גֶעוְואוּנְדֶערְט וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי לַאנְג גֶעזָאמְט אִים הֵיכָל. 22 אוּן וֶוען עֶר
אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען הָאט עֶר מִיט זֵייא נִיט גֶעקֶענְט רֶעדֶען; אוּן זֵייא הָאבֶּען
בֶּעמֶערְקְט, אַז עֶר הָאט אֵיין עֶרְשֵׁיינוּנְג אִים הֵיכָל גֶעזֶעהֶען. אוּן עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶעוִוינְקְט, אוּן אִיז שְׁטוּם גֶעבְּלִיבֶּען. 23 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען דִיא
טֶעג פוּן זֵיינֶע עֲבוֹדָה הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, אִיז עֶר אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען.
24 אוּן נָאךְ דִיזֶע טֶעג אִיז זֵיין ווייבּ אֱלִישֶׁבַע מְעוּבֶּרֶת גֶעוָוארֶען, אוּן זִיא הָאט
זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען פִינְף חֳדָשִׁים, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, 25 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר צוּ
מִיר גֶעטְהוּן אִין דִיא טֶעג וֶוען עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶעזֶעהֶען אַוֶועקְצוּנֶעמֶען מֵיינֶע
שַׁאנְד פוּן צְווִישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען.
26 אוּן אִים זֶעקְסְטֶען חוֹדֶשׁ אִיז דֶער מַלְאָךְ גַבְרִיאֵל גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פוּן
גָאט צוּ אַ שְׁטָאדְט אִין גָלִיל, וָואס הֵייסְט נְצָרֶת, 27 צוּ אַ בְּתוּלָה פֶערְקְנַסְט
צוּ אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד, אוּן דִיא בְּתוּלָה
הָאט גֶעהֵייסֶען מִרְיָם. 28 אוּן עֶר אִיז צוּ אִיהְר גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט,
פְרֵיידֶען צוּ דִיר, בֶּעגְנֶעדִיגְטֶע; דֶער הַאר זֵייא מִיט דִיר. 29 אוּן זִיא אִיז דֶערְ־
שְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען אִיבֶּער דֶעם וָוארְט, אוּן הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, וָואסְפַאר אַ
גְרוּס אִיז דָאס? 30 אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט,
מִרְיָם, וָוארִין דוּא הָאסְט גְנָאד בֵּייא גָאט גֶעפִינֶען; 31 אוּן זֶעה, דוּא וֶועסְט
מְעוּבֶּרֶת וֶוערֶען, אוּן וֶועסְט גֶעווינֶען אַ זוּהְן, אוּן זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען
יֵשׁוּעַ. 32 עֶר וֶועט גְרוֹיס זֵיין, אוּן וֶועט אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער זוּהְן פוּן דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, אוּן דֶער הַאר גָאט וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען דֶעם שְׁטוּהְל פוּן זֵיין
פָאטֶער דָוִד; 33 אוּן עֶר וֶועט רֶעגִירֶען אִיבֶּער דֶעם הוֹיז פוּן יַעֲקֹב אוֹיף עֶבִּיג,
אוּן צוּ זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ וֶועט קֵיין עֶנְד נִיט זֵיין. 34 אוּן מִרְיָם הָאט צוּם מַלְאָךְ
גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוֹי ווִעט דָאס גֶעשֶׁעהֶען, דֶען אִיךְ קֶען נִיט קֵיין מַאן? 35 אוּן
דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
וֶועט אוֹיף דִיר קוּמֶען, אוּן דִיא מַאכְט פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען וֶועט דִיךְ אִיבֶּערְ־
שַׁאטֶען; דְרוּם וֶועט אוֹיךְ דָאס הֵיילִיגֶע גֶעבּוֹירֶענֶע אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער זוּהְן
פוּן גָאט. 36 אוּן זֶעה, דֵיינֶע קְרוֹבָה אֱלִישֶׁבַע אִיז אוֹיךְ מְעוּבֶּרֶת גֶעוָוארֶען מִיט
אַ זוּהְן אוֹיף אִיהְר עֶלְטֶער: אוּן דָאס אִיז דֶער זֶעקְסְטֶע חוֹדֶשׁ בֵּייא אִיהְר,
וֶועלְכֶע אִיז גֶערוּפֶען אֵיין עֲקָרָה. 37 וָוארִין בֵּייא גָאט אִיז קֵיין זַאךְ נִיט אוּנְמֶעגְ־
לִיךְ. 38 אוּן מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דִיא דִינֶערִין פוּן דֶעם הַאר'ן, לָאז
עֶס מִיר גֶעשֶׁעהֶען אַזוֹי ווִיא דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט. אוּן דֶער מַלְאָךְ אִיז פוּן
אִיהְר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

39 און מִרְיָם אִיז אוּיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דִיזֶע טֶעג, און אִיז גֶעשְׁווִינְד גֶעגַאנְגֶען
צוּם גֶעבִּירְג צוּ אַ שְׁטָאדְט יְהוּדָה, 40 און אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים הויז פוּן
זְכַרְיָה, און הָאט אֱלִישֶׁבַע גֶעגְרִיסְט. 41 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען אֱלִישֶׁבַע
הָאט גֶעהֶערְט דֶעם גְרוּס פוּן מִרְיָם, אִיז דָאס קִינְד גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין אִיהְר
לֵייבּ. און אֱלִישֶׁבַע אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, 42 און
הָאט אוּיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל און גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיסְט דוּא צְוִוישֶׁען
פְרוֹיעֶן, און גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין לֵייבּ. 43 און פוּן וַואנֶען קוּמְט
דָאס צוּ מִיר, אַז דִיא מוּטֶער פוּן מֵיין הַאר'ן זָאל צוּ מִיר קוּמֶען? 44 וָוארִין
זֶעה, גְלֵייךְ וִויא דִיא שְׁטִימֶע פוּן דֵיין גְרוּס אִיז צוּ מֵיינֶע אוֹיעֶרֶען גֶעקוּמֶען, הָאט
דָאס קִינְד גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין מֵיין לֵייבּ פַאר פְרֵייד. 45 און גֶעבֶּענְשְׁט אִיז זִיא
וָואס גְלוֹיבְּט, וָוארִין עֶס וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען דָאס וָואס אִיז צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם הַאר'ן. 46 און מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט,

מֵיינֶע זֶעלֶע דֶערְהֵייבְט דֶעם הַאר'ן,
47 און מֵיין גֵייסְט הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט אִין גָאט מֵיין רֶעטֶער;
48 וָוארִין עֶר הָאט אָנְגֶעזֶעהֶען דִיא נִידְרִיגְקֵייט פוּן זֵיינֶע דִינֶערִין.
וָוארִין זֶעה, פוּן אִיצְט אָן וֶועלֶען מִיךְ אַלֶע דוֹרוֹת גְלִיקְלִיךְ הֵייסֶען;
49 וָוארִין דֶער מֶעכְטִיגֶער הָאט אָן מִיר גְרוֹיסֶע זַאכֶען גֶעטְהוּן,
און הֵיילִיג אִיז זֵיין נָאמֶען.
50 און זֵיינֶע גְנָאד אִיז צוּ דִיא וָואס פָארְכְטֶען אִיהְם פוּן דוֹר צוּ דוֹר.
51 עֶר הָאט גְבוּרוֹת גֶעטְהוּן מִיט זֵיין אָרֶם;
עֶר הָאט צוּשְׁפְּרֵייט דִיא שְׁטָאלְצֶען אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶרֶעם
הַאַרְץ.
52 עֶר הָאט אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען דִיא מֶעכְטִיגֶע פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטוּהְלֶען, און
הָאט דֶערְהוֹיבֶּען דִיא נִידְרִיגֶע;
53 דִיא הוּנְגְרִיגֶע הָאט עֶר גֶעזֶעטִיגְט מִיט גוּטֶע זַאכֶען, און דִיא רֵייכֶע
הָאט עֶר לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט.
54 עֶר הָאט גֶעהָאלְפֶען זֵיין קְנֶעכְט יִשְׂרָאֵל,
און הָאט גֶעדֶענְקְט אָן זֵיינֶע בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט,
55 אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת,
צוּ אַבְרָהָם און צוּ זֵיין זָאמֶען אוֹיף עֶבִּיג.

56 און מִרְיָם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אִיהְר קֶעגֶען דְרֵייא חֳדָשִׁים, און הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ אִיהְר הוֹיז.
57 און צוּ אֱלִישֶׁבַע אִיז דִיא צֵייט דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען אַז זִיא זָאל גֶעווִינֶען, און
זִיא הָאט גֶעווִינֶען אַ זוּהְן. 58 און אִיהְרֶע שְׁכֵנִים און קְרוֹבִים הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז
דֶער הַאר הָאט מִיט אִיהְר גְרוֹיס חֶסֶד גֶעטְהוּן, און זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְר
גֶעפְרֵייעֶט. 59 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִים אַכְטֶען טָאג אַז זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען
דָאס קִינְד מַל צוּ זֵיין, און זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶערוּפֶען זְכַרְיָה, נָאךְ דֶעם נָאמֶען
פוּן זֵיין פָאטֶער. 60 אָבֶּער זֵיינֶע מוּטֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, נִיט

אַזוֹי, נֵייעֶרְט עֶר זָאל גערוּפֶען װערֶען יוֹחָנָן. 61 און זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעֶ־
זָאגְט, עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט צְווִישֶׁען דֵיינֶע קְרוֹבִים װָאס אִיז גֶערוּפֶען בֵּייא דִיזֶעם
נָאמֶען. 62 און זֵייא הָאבֶּען גֶעווִינְקְט צוּ זֵיין פָאטֶער װָאסְפַאר אַ נָאמֶען עֶר
װִייל אִיהְם גֶעבֶּען. 63 און עֶר הָאט פֶערְלַאנְגְט אַ שְׁרֵייבְּטָאפֶעל, און הָאט גֶעֶ־
שְׁרִיבֶּען, זֵיין נָאמֶען אִיז יוֹחָנָן; און זֵייא אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְווְאוּנְדֶערְט.
64 און גְלֵייךְ זֶענֶען זֵיין מוֹיל און זֵיין צוּנְג אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, און עֶר הָאט
גֶערֶעט און הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט. 65 און אַ פָארְכְט אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אַלֶע
שְׁכֵנִים, און אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען דֶערְצֶעהְלְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען
גֶעבִּירְג פוּן יְהוּדָה; 66 און אַלֶע װָאס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען עֶס זִיךְ צוּ
הַארְץ גֶענוּמֶען, און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, װָאסְפַאר אַ קִינְד װֶעט דָאס זֵיין? װָארִין
דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען.

67 און זֵיין פָאטֶער זְכַרְיָה אִיז דֶערְפִילְט גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, און
הָאט מִתְנַבֵּא גֶעוֶועזֶען, און הָאט גֶעזָאגְט,

68 גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער הַאר דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
װָארִין עֶר הָאט בֶּעזוּכְט און הָאט אוֹיסְלֶעזוּנְג גֶעווִירְקְט פַאר זֵיין פָאלְק;
69 און הָאט אוּנְז אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ הָארְן פוּן יְשׁוּעָה
אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵיין קְנֶעכְט דָוִד.
70 אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים
פוּן עֶבִּיג אָן,
71 אַז מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט װֶערֶען פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, און פוּן דֶער
הַאנְד פוּן אַלֶע װָאס הָאבֶּען אוּנְז פֵיינְד;
72 אַז עֶר זָאל חֶסֶד טְהוּן מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת,
און זָאל גֶעדֶענְקֶען זֵיין הֵיילִיגֶען בְּרִית;
73 דִיא שְׁבוּעָה װָאס עֶר הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם,
74 אַז עֶר זָאל אוּנְז גֶעבֶּען אַז מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט װֶערֶען פוּן דֶער
הַאנְד פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד,
אִיהְם צוּ דִינֶען אָהְן פָארְכְט,
75 אִין הֵיילִיגְקֵייט און גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פָאר אִיהְם אַלֶע אוּנְזֶערֶע טֶעג.
76 און דוּא, קִינְד, װֶעסְט גֶערוּפֶען װֶערֶען אַ נָבִיא פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען;
װָארִין דוּא װֶעסְט גֶעהֶען פָאר דֶעם הַאר'ן זֵיין װֶעג צוּ בֶּערֵייטֶען,
77 צוּ גֶעבֶּען דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן יְשׁוּעָה צוּ זֵיין פָאלְק,
אִין דִיא פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע זִינְד,
78 דוּרְךְ דִיא בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶערֶען גָאט,
אִין דֶעם דֶער אוֹיפְגַאנְג פוּן דֶער הֵייךְ הָאט אוּנְז בֶּעזוּכְט,
79 צוּ לֵייכְטֶען צוּ דִיא װָאס זִיצֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער און אִים שָׁאטֶען
פוּן טוֹיט,
צוּ פִיהְרֶען אוּנְזֶערֶע פִיס אִין דֶעם װֶעג פוּן שָׁלוֹם.
80 און דָאס קִינְד הָאט גֶעוַואקְסֶען, און הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִים גֵייסְט, און

עֶר אִיז גֶעוֶועֶן אִין דֶער מִדְבָּר בִּיז צוּם טָאג וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ
יִשְׂרָאֵל.

ב ¹ אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין יֶענֶע טֶעג, אַז אַ גֶעבָּאט אִיז אויסגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶעם קֵיסַר אויגוּסְטוּס אַז דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען. ² דִיזֶע
אֵיינְשְׁרֵייבּוּנְג אִיז צוּעֶרְשְׁט גֶעשֶׁעהֶען, דֶערְוֵוייל קוּרִינִיוּס אִיז גֶעוֶועֶן גוּבֶּערְנֶער
פוּן סוּרְיָא. ³ אוּן אַלֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען צוּ וֶוערֶען, אִיטְלִיכֶער
צוּ זֵיינֶע אֵייגֶענֶע שְׁטָאדְט. ⁴ אוּן יוֹסֵף אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל פוּן דֶער
שְׁטָאדְט נְצָרֶת קֵיין יְהוּדָה צוּ אַ שְׁטָאדְט פוּן דָוִד, וָואס אִיז גֶערוּפֶען בֵּית לֶחֶם,
וֵוייל עֶר אִיז גֶעוֶועֶן פוּן דֶעם הויז אוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן דָוִד; ⁵ אַז עֶר
זָאל אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען מִיט מִרְיָם זֵיינֶע פֶערְקְנַסְטֶע, אוּן זִיא אִיז מְעוּבֶּרֶת
גֶעוֶועֶן. ⁶ אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען דֶערְוֵוייל זֵייא זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועֶן, זֶענֶען אִיהְרֶע
טֶעג דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען אַז זִיא זָאל גֶעווִינֶען; ⁷ אוּן זִיא הָאט גֶעווִינֶען אִיהְר
עֶרְשְׁט גֶעבּוֹירֶענֶען זוּהְן, אוּן הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין וִוינְדְלֶעךְ, אוּן הָאט
אִיהְם אִין אַ שְׁלוּיב אַרֵיינְגֶעלֶעגְט, וָוארִין עֶס אִיז קֵיין אָרְט נִיט גֶעוֶועֶן אִין דֶעם
גַאסְטהויז.

⁸ אוּן עֶס זֶענֶען פַּאסְטוּכֶער גֶעוֶועֶן אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע גֶעגֶענְד, וָואס הָאבֶּען גֶע־
נֶעכְטִיגְט אויף דֶעם פֶעלְד, אוּן הָאבֶּען גֶעהִיט זֵייעֶרֶע סְטָאדֶע בֵּייא נַאכְט.
⁹ אוּן אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר׳ן אִיז בֵּייא זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן דֶעם הַאר׳ן הָאט אַרוּם זֵייא גֶעשֵׁיינְט, אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְ־
טֶען. ¹⁰ אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פָארְכְט אֵייךְ נִיט, וָוארִין אִיךְ
בְּרֶענְג אֵייךְ אַ בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה, וָואס וֶועט זֵיין צוּ אַלֶע פֶעלְ־
קֶער; ¹¹ וָוארִין הֵיינְט אִיז צוּ אֵייךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אֵיין עֶרֶעטֶער אִין דֶער
שְׁטָאדְט פוּן דָוִד, וֶועלְכֶער אִיז דֶער הַאר מָשִׁיחַ. ¹² אוּן דָאס וֶועט אֵייךְ זֵיין
אַ צֵייכֶען; אִיהְר וֶועט דָאס קִינְד גֶעפִינֶען אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין וִוינְדְלֶעךְ, אוּן
עֶס לִיגְט אִין אַ שְׁלוּיב. ¹³ אוּן פְּלוּצְלִינְג אִיז מִיט דֶעם מַלְאָךְ גֶעוֶועֶן אַ גְרוֹיסֶע
שַׁאר פוּן הִימֶעל, וָואס הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאט אוּן גֶעזָאגְט;

¹⁴ עֶהְרֶע צוּ גָאט אִין דֶער הֵייךְ
אוּן פְרִידֶען אויף דֶער עֶרְד,
צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען גוּטֶעס וִוילֶען.

¹⁵ אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועֶן וֶוען דִיא מַלְאָכִים זֶענֶען פוּן זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין
הִימֶעל אַרֵיין, הָאבֶּען דִיא פַּאסְטוּכֶער אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶערֶעט, לָאזֶען מִיר
אִיצְט גֶעהֶען קֵיין בֵּית לֶחֶם, אוּן זֶעהֶען דִיזֶע זַאךְ וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, וֶועלְכֶע
דֶער הַאר הָאט אוּנְז צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן. ¹⁶ אוּן זֵייא זֶענֶען אֵיילֶענְדִיג אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעפִינֶען מִרְיָם אוּן יוֹסֵף אוּן דָאס קִינְד לִיגֶענְדִיג אִין
אַ שְׁלוּיב; ¹⁷ אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא בֶּעקַאנְט גֶע־
מַאכְט דִיא זַאךְ וָואס אִיז צוּ זֵייא גֶערֶעט גֶעוֶועֶן וֶועגֶען דִיזֶעם קִינְד. ¹⁸ אוּן אַלֶע וָואס
הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דִיא זַאכֶען וָואס דִיא
פַּאסְטוּכֶער הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶערֶעט; ¹⁹ אָבֶּער מִרְיָם הָאט זִיךְ אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען

אִין אַכְט גֶענוּמֶען, אוּן הָאט דַארִיבֶּער גֶעטְרַאכְט אִין אִיהְר הַארְץ. 20 אוּן דִיא
פַּאסְטוּכֶער זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאבֶּען גֶעדַאנְקְט אוּן גֶעלוֹיבְּט גָאט פַּאר
אַלֶע זַאכֶען וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּן גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז צוּ זַייא
גֶערֶעט גֶעוָוארֶען.
21 אוּן וֶוען אַכְט טֶעג זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען אִיהְם מַל צוּ זַיין, הָאט
מֶען אִיהְם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען יֵשׁוּעַ, וָואס אִיז גֶערוּפֶען פוּן דֶעם מַלְאָךְ אֵיידֶער
עֶר אִיז עֶמְפְּפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם לֵייב.
22 אוּן וֶוען דִיא טֶעג פוּן זַייעֶרֶע רֵיינִיגוּנְג זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוֶוען נָאךְ
תּוֹרַת מֹשֶׁה, הָאבֶּען זַייא אִיהְם אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אַז זַייא זָאלֶען
אִיהְם פָּאר דֶעם הַארְ'ן שְׁטֶעלֶען, 23 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם הַארְ'ן, אַז אִיטְלִיכֶער זָכָר וָואס עֶפֶענְט דֶעם מוּטֶערְלֵייב
זָאל הֵיילִיג צוּם הַארְ'ן גֶערוּפֶען וֶוערֶען; 24 אוּן אַז זַייא זָאלֶען בְּרֶענְגֶען אַ
קָרְבָּן, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעזָאגְט אִין דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם הַארְ'ן, אַ פָּאר
טוּרְטֶעל טוֹיבֶּען, אָדֶער צְוֵוייא יוּנְגֶע טוֹיבֶּען.
25 אוּן זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ מַאן אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען שִׁמְעוֹן,
אוּן דִיזֶער מַאן אִיז גֶערֶעכְט אוּן פְרוּם גֶעוֶוען, אוּן עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף דֶער
נֶחָמָה פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּן דֶער רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעוֶוען. 26 אוּן עֶס אִיז
אִיהְם אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, אַז עֶר וֶועט נִיט זֶעהֶען דֶעם
טוֹיט אֵיידֶער עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם מָשִׁיחַ פוּן דֶעם הַארְ'ן. 27 אוּן עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיין; אוּן וֶוען דִיא עֶלְטֶערְן
הָאבֶּען דָאס קִינְד יֵשׁוּעַ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, אַז זַייא זָאלֶען מִיט אִיהְם טְהוּן נָאךְ
דֶעם מִנְהָג פוּן דֶער תּוֹרָה, 28 אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם אִין זַיינֶע אָרְמֶע גֶענוּמֶען,
אוּן הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט אוּן גֶעזָאגְט;

29 אַצוּנְד שִׁיקְסְט דוּא אַוֶועק דֵיין קְנֶעכְט, הַאר,
נָאךְ דֵיין וָוארְט אִין פְרִידֶען;
30 וָוארִין מֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען דֵיינֶע יְשׁוּעָה גֶעזֶעהֶען,
31 וָואס דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט פָאר אַלֶע פֶעלְקֶער;
32 אַ לִיכְט צוּ דֶערְלֵייכְטֶען דִיא פֶעלְקֶער,
אוּן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל.

33 אוּן זַיין פָאטֶער אוּן זַיינֶע מוּטֶער הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דִיא
זַאכֶען וָואס זֶענֶען פוּן אִיהְם גֶערֶעט גֶעוָוארֶען. 34 אוּן שִׁמְעוֹן הָאט זַייא גֶע־
בֶּענְשְׁט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ מִרְיָם זַיינֶע מוּטֶער, זֶעה, עֶר אִיז גֶעזֶעצְט צוּם
פַאל אוּן אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פוּן פִילֶע אִין יִשְׂרָאֵל, אוּן צוּ אַ צֵייכֶען וָואס וֶועט
וִוידֶערְשְׁפְּרָאכֶען וֶוערֶען; 35 אוּן אוֹיךְ דוּרְךְ דֵיינֶע אֵייגֶענֶע זֶעלֶע וֶועט אַ שְׁוֶוערְט
דוּרְכְגֶעהֶען, אַז דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן פִילֶע הֶערְצֶער זָאלֶען אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען.
36 אוּן דָארְט אִיז גֶעוֶוען אַ נְבִיאָה, חַנָּה דִיא טָאכְטֶער פוּן פְּנוּאֵל, פוּן שֵׁבֶט
אָשֵׁר; זִיא אִיז שׁוֹין זֶעהְר אַלְט גֶעוֶוען, אוּן הָאט גֶעלֶעבְּט מִיט אַ מַאן זִיבֶּען

שמות יג׳ ב׳, [22] ויקרא א׳ יד׳, יב׳ ח׳, [23]

יָאהְר פון אִיהְרֶע יונְגְפֶערְשַׁאפְט; 37 און זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אַלְמָנָה קֶעגֶען פִּיעֶר
און אַכְצִיג יָאהְר, וֶועלְכֶע הָאט נִיט אָפְּגֶעלָאזְט פון בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, גֵייעֶרְט הָאט
גֶעדִינְט מִיט פַאסְטֶען און גֶעבֶּעט טָאג און נַאכְט. 38 און צוּ דִיא זֶעלְבִּיגֶע
שָׁעָה אִיז זִיא גֶעשְׁטַאנֶען און הָאט גֶעדַאנְקְט גָאט, און הָאט פון אִיהְם
גֶערֶעט צוּ אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעוַוארְט אויף דֶער אויסְלֶעזוּנְג פון יְרוּשָׁלַיִם.
39 און וֶוען זַייא הָאבֶּען אַלֶעס דֶערְפִילְט נָאךְ דֶער תּוֹרָה פון דֶעם הַאר'ן, הָאבֶּען
זַייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין גָלִיל צוּ זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע שְׁטָאדְט נְצָרֶת.

40 און דָאס קִינְד הָאט גֶעוַואקְסֶען, און אִיז שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען און דֶערְפִילְט
מִיט חָכְמָה, און דִיא גְנָאד פון גָאט אִיז אויף אִיהְם גֶעוֶועזֶען.

41 און זַיינֶע עֶלְטֶערְן זֶענֶען אַלֶע יָאהְר גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּם חַג
הַפֶּסַח. 42 און וֶוען עֶר אִיז צְוֶועלְף יָאהְר אַלְט גֶעוָוארֶען, זֶענֶען זַייא אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם נָאךְ דֶעם מִנְהָג פון יוֹם טוֹב; 43 און וֶוען דִיא טֶעג זֶענֶען
גֶעעֶנְדִיגְט גֶעוָוארֶען הָאבֶּען זַייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, און דָאס קִינְד יֵשׁוּעַ אִיז
צוּרִיק גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם, און זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעוְואוּסְט.
44 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז עֶר אִיז צְוִוישֶׁען דִיא אוֹרְחִים, און זַייא זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען אַ טָאג רֵייזֶע, און הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צְווִישֶׁען זַייעֶרֶע קְרוֹבִים און
בֶּעקַאנְטֶע; 45 און וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעפִינֶען זֶענֶען זַייא קֵיין יְרוּשָׁלַיִם
אוּמְגֶעקֶעהְרְט און הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט. 46 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען נָאךְ דְרַייא
טֶעג הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעפִינֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זִיצֶענְדִיג צְוִוישֶׁען דִיא לֶעהְ־
רֶער, ווִיא עֶר הָאט זַייא צוּגֶעהֶערְט און הָאט זַייא גֶעפְרֶעגְט; 47 און אַלֶע וָואס
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער זַיין פֶערְשְׁטַאנְד און
זַיינֶע תְּשׁוּבוֹת. 48 און וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעוְ־
וְואוּנְדֶערְט, און זַיינֶע מוּטֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין קִינְד, וָוארוּם הָאסְט
דוּא אוּנְז אַזוֹי גֶעטְהוּן? זֶעה, דֵיין פָאטֶער און אִיךְ הָאבֶּען דִיךְ מִיט דַאֲגוֹת
גֶעזוּכְט. 49 און עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם הָאט אִיהְר מִיךְ גֶעזוּכְט?
ווֵייסְט אִיהְר נִיט אַז אִיךְ מוּז זַיין אִים הוֹיז פון מֵיין פָאטֶער? 50 און זַייא
הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען דָאס וָוארְט וָואס עֶר הָאט צוּ זַייא גֶערֶעט. 51 און עֶר
אִיז מִיט זַייא אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען, און אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין נְצָרֶת, און אִיז צוּ זַייא
אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוֶועזֶען. און זַיינֶע מוּטֶער הָאט אַלֶע דִיזֶע וֶוערְטֶער בֶּעהַאלְטֶען
אִין אִיהְר הַארְץ.

52 און יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוַואקְסֶען אִין חָכְמָה און אִין עֶלְטֶער, און אִין גְנָאד מִיט
גָאט און מֶענְשֶׁען.

ג 1 און אִים פִינְפְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פון דֶער רֶעגִירוּנְג פון דֶעם קֵיסַר טִיבֶּרִיוּס,
וֶוען פָּנְטִיוּס פִּילָטוּס אִיז גוּבֶּערְנֶער פון יְהוּדָה גֶעוֶועזֶען, און הוֹרְדוֹס דֶער
טֶטְרַארְכִים פון גָלִיל, און זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס דֶער טֶטְרַארְכִים פון דֶער גֶעגֶע־
גֶענְד פון אִיטוּרְיָא און טְרַאכוֹנָא, און לוּסַאנִיאַס דֶער טֶטְרַארְכִים פון אַבִילֶענָא;
2 וֶוען חָנָן און קַיָּפָא זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים גֶעוֶועזֶען, אִיז דָאס וָוארְט פון
גָאט גֶעקוּמֶען צוּ יוֹחָנָן, דֶעם זוּהְן פון זְכַרְיָה, אִין דֶער מִדְבָּר. 3 און עֶר אִיז

גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד פוּן יַרְדֵן, אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא טְבִילָה
פוּן תְּשׁוּבָה צוּ דֶער פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד; [4] אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם סֵפֶר פוּן דִיא וֶוערְטֶער פוּן יְשַׁעְיָה הַנָבִיא;

אַ קוֹל פוּן דֶעם וָואס רוּפְט אוֹיס אִין דֶער מִדְבָּר,
מַאכְט פַארְטִיג דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר'ן,
מַאכְט גְלֵייךְ זַיינֶע שְׁטֶעגֶען.
[5] אִיטְלִיכֶעס טְהָאל זָאל אוֹיסְגֶעפִילְט וֶוערֶען,
אוּן אִיטְלִיכֶער בַּארְג אוּן הֵייךְ זָאלֶען דֶערְנִידְרִיגְט וֶוערֶען,
אוּן דֶער קְרִימֶע וֶועג זָאל גְלֵייךְ וֶוערֶען,
אוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶע זָאלֶען גְלַאט וֶוערֶען;
[6] אוּן אַלֶעם פְלֵיישׁ זָאל זֶעהֶען דִיא יְשׁוּעָה פוּן גָאט.

[7] דְרוּם הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען כְּדֵי בֵּייא
אִיהְם גֶעטוּבֶלְט צוּ וֶוערֶען, שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן שְׁלַאנְגֶען, וֶוער הָאט אֵייךְ גֶעוָוארְנְט
אַז אִיהְר זָאלְט אַנְטְרִינֶען פוּן דֶעם קוּמֶענְדִיגֶען צָארְן? [8] דְרוּם בְּרֶענְגְט פְרוּכְט
ווִירְדִיג פוּן תְּשׁוּבָה; אוּן הֵייבְּט נִיט אָן זִיךְ אֵיינְצוּרֶעדֶען, מִיר הָאבֶּען אַבְרָהָם
פַאר אוּנְזֶער פָאטֶער, [illegible]
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ אַבְרָהָם. [9] אוּן דִיא הַאק לִיגְט שׁוֹין בֵּייא דֶער וָואוּר־
צֶעל פוּן דִיא בֵּיימֶער; דְרוּם אִיטְלִיכֶער בּוֹים וָואס בְּרֶענְגְט נִיט קֵיינֶע גוּטֶע
פְרוּכְט וֶועט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּן אִין דֶעם פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען. [10] אוּן דִיא
לֵייט הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר דֶען טְהוּן? [11] אוּן
עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער וָואס הָאט צְוֵייא רֶעק
לָאז עֶר גֶעבֶּען צוּ דֶעם וָואס הָאט קֵיינְס נִיט; אוּן דֶער וָואס הָאט שְׁפֵּייז לָאז
עֶר דָאס גְלֵייכֶע טְהוּן. [12] אוּן עֶס זֶענֶען אוֹיךְ שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער גֶעקוּמֶען
גֶעטוּבֶלְט צוּ וֶוערֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, וָואס זָאלֶען
מִיר טְהוּן? [13] אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פָארְדֶערְט נִיט מֶעהְר וִויא עֶס
אִיז אֵייךְ בֶּעשְׁטִימְט. [14] אוּן דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ גֶעפְרֶעגְט אוּן
גֶעזָאגְט, אוּן מִיר, וָואס זָאלֶען מִיר אוֹיךְ טְהוּן? אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
טְהוּט קֵיינֶעם נִיט קֵיין גֶעוַואלְט, אוּן פֶערְקְלָאגְט קֵיינֶעם נִיט פַאלְשֶׁערְהֵייט, אוּן
זֵייט צוּפְרִידֶען מִיט אֵייעֶרֶע שְׂכִירוֹת.

[15] אוּן דֶערְוֵוייל דָאס פָאלְק הָאט גֶעוַוארְט, אוּן אַלֶע הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט אִין
זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער וֶועגֶען יוֹחָנָן, אוֹיבּ עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ, [16] הָאט יוֹחָנָן גֶעעֶנְט־
פֶערְט אוּן הָאט צוּ אַלֶע גֶעזָאגְט, אִיךְ טוֹבֵל אֵייךְ מִיט וַואסֶער, אָבֶּער עֶס קוּמְט
אַ שְׁטַארְקֶערֶער וִויא אִיךְ, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אוֹיפְצוּבִּינְדֶען דָאס שְׁנִירֶעל
פוּן זַיינֶע שִׁיךְ, עֶר וֶועט אֵייךְ טוֹבֵל'ן מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּן מִיט פֵייעֶר;
[17] אוּן דִיא וַוארְפְשׁוֹיפֶעל אִיז אִין זַיינֶע הַאנְד אוּם זַיינֶע שֵׁייעֶר גוּט אוֹיסְצוּרֵיי־
נִיגֶען, אוּן דָאס קָארְן אֵיינְצוּזַאמְלֶען אִין זַיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אַרֵיין, אָבֶּער דָאס
שְׁטְרוֹי וֶועט עֶר פֶערְבְּרֶענֶען מִיט אוּנְפֶערְלָאשֶׁענֶעם פֵייעֶר.

[4] ישעיה מ׳ ג׳־ה׳.

18 דְרוּם הָאט עֶר גֶעוָוארְנְט וֶועגֶען פִילֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען אוּן הָאט צוּ דֶעם פָאלְק
גֶעפְּרֶעדִיגְט. 19 אָבֶּער הוֹרְדוֹס דֶער טֶטְרַארְכִים, וֶוען עֶר אִיז פוּן אִיהְם גֶעטַאדֶעלְט
גֶעוָוארֶען וֶועגֶען הוֹרְדִיָא, דֶעם ווייבּ פוּן זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס, אוּן וֶועגֶען
אַלֶעם שְׁלֶעכְטֶע וָואס הוֹרְדוֹס הָאט גֶעטְהוּן; 20 הָאט עֶר דָאס אוֹיךְ אִיבֶּער
אַלֶעם צוּגֶעזֶעצְט, אַז עֶר הָאט יוֹחָנָן אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִים גֶעפֶענְגְנִיס.
21 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען אַלֶע לַייט זֶענֶען גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען, אוּן אוֹיךְ
יֵשׁוּעַ אִיז גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען, הָאט זִיךְ דֶער הִימֶעל אוֹיפְגֶע-
גֶעמַאכְט, 22 אוּן דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז אוֹיף אִיהְם אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אִין לַייבְּלִיכֶער
גֶעשְׁטַאלְט, וִויא אַ טוֹיבּ, אוּן אַ קוֹל אִיז פוּן דֶעם הִימֶעל גֶעקוּמֶען, דוּא בִּיסְט
מַיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין דִיר אִיז מַיין וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען.
23 אוּן יֵשׁוּעַ זֶעלְבְּסְט הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זַיין קֶעגֶען דְרַייסִיג יָאהְר אַלְט,
אוּן אִיז גֶעוֶוען וִויא מֶען הָאט אִיהְם גֶעהַאלְטֶען דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף, זוּהְן פוּן
עֵלִי, 24 זוּהְן פוּן מַתָּת, זוּהְן פוּן לֵוִי, זוּהְן פוּן מַלְכִּי, זוּהְן פוּן יַנַּי, זוּהְן פוּן
יוֹסֵף, 25 זוּהְן פוּן מַתִּתְיָה, זוּהְן פוּן אָמוֹץ, זוּהְן פוּן נַחוּם, זוּהְן פוּן חֶסְלִי, זוּהְן
פוּן נַגָּי, 26 זוּהְן פוּן מַחַת, זוּהְן פוּן מַתִּתְיָה, זוּהְן פוּן שִׁמְעִין, זוּהְן פוּן יוֹסֵף,
זוּהְן פוּן יוֹדָה, 27 זוּהְן פוּן יוֹחָנָן, זוּהְן פוּן רֵישָׁא, זוּהְן פוּן [illegible], זוּהְן פוּן
שְׁאַלְתִּיאֵל, זוּהְן פוּן נֵרִי, 28 זוּהְן פוּן מַלְכִּי, זוּהְן פוּן אַדִּי, זוּהְן פוּן קוֹסָם, זוּהְן
פוּן אַלְמָדָם, זוּהְן פוּן עֵר, 29 זוּהְן פוּן יֵשׁוּעַ, זוּהְן פוּן אֱלִיעֶזֶר, זוּהְן פוּן יוֹרִים,
זוּהְן פוּן מַתָּת, זוּהְן פוּן לֵוִי, 30 זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן, זוּהְן פוּן יְהוּדָה, זוּהְן פוּן
יוֹסֵף, זוּהְן פוּן יוֹנָם, זוּהְן פוּן אֶלְיָקִים, 31 זוּהְן פוּן מַלְיָא, זוּהְן פוּן מַנָּא, זוּהְן
פוּן מַתַּתָּא, זוּהְן פוּן נָתָם, זוּהְן פוּן דָוִד, 32 זוּהְן פוּן יִשַׁי, זוּהְן פוּן עוֹבֵד, זוּהְן
פוּן בּוֹעַז, זוּהְן פוּן שַׁלָא, זוּהְן פוּן נַחְשׁוֹן, 33 זוּהְן פוּן עַמִינָדָב, זוּהְן פוּן אַדְמִין,
זוּהְן פוּן אַרְנִי, זוּהְן פוּן חֶצְרוֹן, זוּהְן פוּן פֶּרֶץ, זוּהְן פוּן יְהוּדָה, 34 זוּהְן פוּן
יַעֲקֹב, זוּהְן פוּן יִצְחָק, זוּהְן פוּן אַבְרָהָם, זוּהְן פוּן תֶּרַח, זוּהְן פוּן נָחוֹר, 35 זוּהְן
פוּן שְׂרוּג, זוּהְן פוּן רְעוּ, זוּהְן פוּן פֶּלֶג, זוּהְן פוּן עֵבֶר, זוּהְן פוּן שָׁלַח, 36 זוּהְן
פוּן קֵינָם, זוּהְן פוּן אַרְפַּכְשַׁד, זוּהְן פוּן שֵׁם, זוּהְן פוּן נֹחַ, זוּהְן פוּן לֶמֶךְ, 37 זוּהְן
פוּן מְתוּשֶׁלַח, זוּהְן פוּן חֲנוֹךְ, זוּהְן פוּן יֶרֶד, זוּהְן פוּן מַהֲלַלְאֵל, זוּהְן פוּן קֵינָם,
38 זוּהְן פוּן אֱנוֹשׁ, זוּהְן פוּן שֵׁת, זוּהְן פוּן אָדָם, זוּהְן פוּן גָאט.
ד 1 אוּן יֵשׁוּעַ דֶערְפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן
דֶעם יַרְדֵן, אוּן אִיז אִים גַייסְט גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען אִין דֶער מִדְבָּר; 2 אוּן עֶר אִיז
גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען בַּייא דֶעם שָׂטָן פִיעֶרְצִיג טֶעג. אוּן אִין יֶענֶע טֶעג הָאט עֶר
גָאר נִיט גֶעגֶעסֶען, אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט אִיז עֶר הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען.
3 אוּן דֶער שָׂטָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט,
זָאג צוּ דִיזֶעם שְׁטֵיין אַז עֶר זָאל בְּרוֹיט וֶוערֶען. 4 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט לֶעבֶּען
פוּן בְּרוֹיט אַלֵיין. 5 אוּן עֶר הָאט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעפִיהְרְט אוּן הָאט אִיהְם גֶעוִויי-
זֶען אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶע פוּן דֶער וֶועלְט אִין אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק. 6 אוּן דֶער שָׂטָן

4 דברים ח׳ ג׳.

הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען דִיזֶע גַאנְצֶע מַאכְט אוּן זַייעֶרֶע
הֶערְלִיכְקַייט, וָוארִין עֶס אִיז מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אוּן אִיךְ גִיבּ עֶס צוּ וֶועמֶען
אִיךְ ווִיל; [7]דְרוּם וֶוען דוּא וֶועסְט דִיךְ פָאר מִיר בִּיקֶען, אַזוֹי וֶועט דָאס אַלֶעס
דַיין זַיין. [8]אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט דִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶעם הַאר׳ן דַיין גָאט, אוּן
אִיהְם אַלֵיין זָאלְסְט דוּא דִינֶען. [9]אוּן עֶר הָאט אִיהְם גֶעפִיהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּן הָאט אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט, וַוארְף דִיךְ פוּן דָארְטֶען אַרוּנ־
טֶער; [10]וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז עֶר וֶועט זַיינֶע מַלְאָכִים בֶּעפֶעהְלֶען
וֶועגֶען דִיר, אַז זֵייא זָאלֶען דִיךְ הִיטֶען, [11]אוּן זֵייא וֶועלֶען דִיךְ אוֹיף דִיא
הֶענְד טְרָאגֶען, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט דַיין פוּס אֵיינְשְׁטוֹיסֶען אָן אַ שְׁטֵיין. [12]אוּן
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶעזָאגְט, דוּא
זָאלְסְט נִיט פְּרִיפֶען דֶעם הַאר׳ן דַיין גָאט. [13]אוּן וֶוען דֶער שָׂטָן הָאט גֶעעֶנְ־
דִיגְט דִיא גַאנְצֶע פְּרִיפוּנְג, אִיז עֶר פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען בִּיז אוֹיף אַ צֵייט.
[14]אוּן יֵשׁוּעַ אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אִין דֶער מַאכְט פוּן דֶעם גֵייסְט קֵיין גָלִיל;
אוּן אַ שֵׁם אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא גַאנְצֶע אוּמְגֶעגֶענְד וֶועגֶען אִיהְם.
[15]אוּן עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט אִין זַייעֶרֶע שׁוּלֶען, אוּן אִיז פוּן אַלֶע גֶעלוֹיבְּט גֶעוֶועזֶען.
[16]אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין נְצָרֶת, ווְאוּ עֶר אִיז אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען; אוּן
עֶר אִיז אַם שַׁבָּת נָאךְ זַיין מִנְהָג גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּל אַרַיין, אוּן אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען צוּ לֵיינֶען. [17]אוּן מֶען הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דָאס בּוּךְ פוּן יְשַׁעְיָה
הַנָבִיא. אוּן ווִיא עֶר הָאט דָאס בּוּךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט, הָאט עֶר גֶעפִינֶען דֶעם
אָרְט ווְאוּ עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען;

[18]דֶער גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר׳ן אִיז אוֹיף מִיר,
ווַייל עֶר הָאט מִיךְ גֶעזַאלְבְּט אוּם צוּ דִיא אָרְמֶע דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
צוּ פְּרֶעדִיגֶען;
עֶר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע בֶּעפְרֵייאוּנְג אוֹיסְצוּרוּפֶען,
אוּן דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶענְדִיג צוּ מַאכֶען,
דִיא צוּשְׁלָאגֶענֶע פְרֵייא צוּ לָאזֶען,
[19]צוּ פְּרֶעדִיגֶען דָאס אָנְגֶענֶעהְמֶע יָאהְר פוּן דֶעם הַאר׳ן.

[20]אוּן עֶר הָאט דָאס בּוּךְ צוּגֶערָאלְט, אוּן הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּם חַזָן, אוּן
הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט; אוּן דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין דֶער שׁוּל
גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעקוּקְט. [21]אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֵייא צוּ
זָאגֶען, הֵיינְט אִיז דִיזֶע שְׁרִיפְט אִין אֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען מְקוּיָם גֶעוָוארֶען. [22]אוּן
אַלֶע הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם צֵייגְנִים גֶעגֶעבֶּען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ פֶערְווְאוּנְדֶערְט
אִיבֶּער דִיא גְנֶעדִיגֶע וֶוערְטֶער וָואס זֶענֶען פוּן זַיין מוֹיל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז עֶר נִיט דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף? [23]אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא

[8] דברים ו׳ יג׳. [10,11] תהלים עא׳ יא׳, יב׳.
[12] דברים ו׳ יו׳. [18,19] ישעיה סא׳ א׳, ב׳.

גֶעזָאגְט, אִיהְר װֶעט גֶעװִיס צוּ מִיר דִיזֶעס שְׁפְּרִיכְוָוארְט זָאגֶען, רוֹפֵא, הֵייל דִיךְ
אַלֵיין; וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין כְּפַּרְנַחוּם, דָאס
טְהוּא אוֹיךְ דָא אִין דֵיין אֵייגֶענֶען לַאנְד. 24 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, אַז קֵיין נָבִיא אִיז נִיט אָנְגֶענוּמֶען אִין זֵיין אֵייגֶענֶעם לַאנְד. 25 אוּן
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס זֶענֶען פִּילֶע אַלְמָנוֹת גֶעוֶועזֶען אִין יִשְׂרָאֵל אִין דִיא
טֶעג פוּן אֵלִיָה, װֶען דֶער הִימֶעל אִיז פֶערְשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען דְרֵייא יָאהְר אוּן
זֶעקְס חֳדָשִׁים, װֶען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער יַקְרִית אִים גַאנְצֶען לַאנְד, 26 אוּן
צוּ קֵיינֶעם פוּן זֵייא אִיז אֵלִיָה גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען אוֹיסֶער קֵיין צָרְפַת אִין צִידוֹן,
צוּ אֵיין אַלְמָנָה. 27 אוּן פִּילֶע קְרֶעצִיגֶע זֶענֶען אִין יִשְׂרָאֵל גֶעוֶועזֶען צוּ דֶער צֵייט
פוּן אֱלִישָׁע הַנָּבִיא, אוּן קֵיינֶער פוּן זֵייא אִיז גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, אוֹיסֶער נַעֲמָן
דֶער אֲרַמִי. 28 אוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין דֶער שׁוּל גֶעוֶועזֶען זֶענֶען דֶערְפִילְט מִיט כַּעַס,
װֶען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט; 29 אוּן זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען
אִיהְם אוֹיס דֶער שְׁטָאדְט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִיהְרְט בִּיז צוּ
דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג, אוֹיף דֶעם זֵייעֶרֶע שְׁטָאדְט אִיז גֶעבּוֹיעֶט גֶעוָוארֶען, אַז
זֵייא זָאלֶען אִיהְם אַרוּנְטֶערְוַוארְפֶען. 30 אָבֶּער עֶר אִיז צְוִוישֶׁען זֵייא דוּרְכְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּן אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען.

31 אוּן עֶר אִיז אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַּרְנַחוּם, אַ שְׁטָאדְט אִין גָלִיל;
אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט אַם שַׁבָּת. 32 אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט
אִיבֶּער זֵיינֶע לֶעהְרֶע, וָוארִין זֵיין וָוארְט אִיז מִיט מַאכְט גֶעוֶועזֶען. 33 אוּן עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ מַאן אִין דֶער שׁוּל וָואס הָאט גֶעהַאט אַ גֵייסְט פוּן אֵיין אוּנְרֵיינֶעם
שֵׁד, אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל; 34 אַךְ, וָואס הָאבֶּען מִיר מִיט
דִיר צוּ טְהוּן, יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי? בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען אוּנְז צוּ פֶערְדַארְבֶּען? אִיךְ
קֶען דִיךְ װֶער דוּא בִּיסְט, דֶער הֵיילִיגֶער פוּן גָאט. 35 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, זֵייא פֶערְשְׁטוּמְט, אוּן גֶעה אַרוֹיס פוּן אִיהְם. אוּן
דֶער שֵׁד הָאט אִיהְם גֶעוָוארְפֶען אִין מִיטֶען אַרֵיין, אוּן אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּן הָאט אִיהְם קֵיין שָׁאדֶען גֶעטְהוּן. 36 אוּן אַ שְׁרֶעקֶען אִיז אוֹיף זֵייא
אַלֶע גֶעפַאלֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען מִיט אֵיינַאנְדֶער גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט, וָואס אִיז
דָאס פַאר אַ וָוארְט, אַז עֶר בֶּעפֶעהְלְט דִיא אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת מִיט גֶעוַואלְט אוּן
מִיט מַאכְט, אוּן זֵייא קוּמֶען אַרוֹיס? 37 אוּן אַ שֵׁם װֶעגֶען אִיהְם אִיז אוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען אִין יֶעדֶעם אָרְט אִין דֶער גֶעגֶענְד.

38 אוּן עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שׁוּל, אוּן אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶעם הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן. אוּן דִיא שְׁוִויגֶער פוּן שִׁמְעוֹן אִיז גֶעלֶעגֶען מִיט אַ
שְׁטַארְקֶען פִיבֶּער; אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען װֶעגֶען אִיהְר. 39 אוּן עֶר
אִיז אִיבֶּער אִיהְר גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט דָאס פִיבֶּער אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּן עֶס הָאט
זִיא פֶערְלָאזְט; אוּן גְלֵייךְ אִיז זִיא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט זֵייא בֶּעדִינְט.

40 אוּן װֶען דִיא זוּן אִיז אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט
קְרַאנְקֶע מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע װֶעהְטִיג הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהְם; אוּן עֶר
הָאט אוֹיף יֶעדֶען גֶעלֶעגְט דִיא הֶענְד, אוּן הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט. 41 אוּן שֵׁדִים

װָענֶען אױךְ פוּן פִילֶע אַרױסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, דוּא
בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט. אוּן עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּן הָאט זֵייא נִיט
גֶעלָאזְט רֶעדֶען, װָארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעװוּאוּסְט אַז עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ.
42 אוּן װֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעװָארֶען, אִיז עֶר אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ אַ װִיסְטֶען אָרְט. אוּן דִיא לֵייט הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט, אוּן װָענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אַז עֶר זָאל פוּן זֵייא נִיט אַװֶעקְגֶע־
הֶען. 43 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ מוּז פְּרֶעדִיגֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט, װָארִין דֶערְפַאר בִּין אִיךְ גֶעשִׁיקְט. 44 אוּן
עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דִיא שׁוּלֶען פוּן גָלִיל.
ה 1 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען װֶוען דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעדְרֶענְגְט אַז זֵייא
זָאלֶען הֶערֶען דָאס װָארְט פוּן גָאט, אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים יַם גְנֵיסָר; 2 אוּן
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען צְװֵייא שִׁיפֶען, װָאס װָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים יַם; אוּן דִיא
פִישֶׁער װָענֶען פוּן זֵייא אַרױסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייעֶרֶע נֶעצֶען גֶעװַאשֶׁען.
3 אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיינֶעם פוּן דִיא שִׁיפֶען, װָאס הָאט גֶעהֶערְט
צוּ שִׁמְעוֹן, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אַבִּיסֶעל אַװֶעקְפָאהְרֶען פוּן
דֶעם לַאנְד. אוּן עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוּן הָאט דִיא לֵייט גֶעלֶעהְרְט פוּן דֶעם שִׁיף.
4 אוּן װֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן,
פָאהְרְט װֵייטֶער צוּ דֶער טִיף אוּן לָאזְט אַרוּפּ אֵייעֶרֶע נֶעצֶען צוּ פַאנְגֶען. 5 אוּן
שִׁמְעוֹן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, מֵייסְטֶער, מִיר הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט דִיא
גַאנְצֶע נַאכְט, אוּן הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעפַאנְגֶען; אָבֶּער אוֹיף דֵיין װָארְט װֶעל אִיךְ
דִיא נֶעצֶען אַרוּפְּלָאזֶען. 6 אוּן װִיא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעטְהוּן, הָאבֶּען זֵייא גֶע־
פַאנְגֶען אַ סַךְ פִישׁ; אוּן זֵייעֶר נֶעץ אִיז צוּרִיסֶען גֶעװָארֶען. 7 אוּן זֵייא הָאבֶּען
גֶעװִינְקְט צוּ זֵייעֶרֶע חַבֵרִים אִין דֶעם אַנְדֶערֶען שִׁיף, אַז זֵייא זָאלֶען קוּמֶען אוּן
זָאלֶען זֵייא הֶעלְפֶען; אוּן זֵייא זָענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען בֵּיידֶע שִׁיפֶען אָנְגֶע־
פִילְט, אַזוֹי אַז זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִינְקֶען. 8 אוּן װֶוען שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט
דָאס גֶעזֶעהֶען, אִיז עֶר יֵשׁוּעַ צוּ דִיא פִים גֶעפַאלֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
גֶעה אַװֶעק פוּן מִיר, װָארִין אִיךְ בִּין אַ זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ. 9 װָארִין עֶס אִיז אוֹיף
אִיהְם אַ שְׁרֶעק אָנְגֶעקוּמֶען אוּן אוֹיף אַלֶע װָאס זָענֶען מִיט אִיהְם גֶעװֶען, װֶע־
גֶען דִיא פִישׁ װָאס זֵייא הָאבֶּען גֶעפַאנְגֶען; 10 אוּן גְלֵייכְדֶעם אוֹיךְ יַעֲקֹב אוּן
יוֹחָנָן דִיא זִיהְן פוּן זַבְדַי, װָאס זָענֶען חַבֵרִים גֶעװֶען מִיט שִׁמְעוֹן. אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן, פָארְכְט דִיךְ נִיט, פוּן אַצוּנְד אָן װֶעסְט דוּא מֶענְשֶׁען
פַאנְגֶען. 11 אוּן װֶוען זֵייא הָאבֶּען דִיא שִׁיפֶען צוּם לַאנְד גֶעבְּרַאכְט, הָאבֶּען זֵייא
אַלֶעס פֶערְלָאזְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט.
12 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען װֶוען עֶר אִיז גֶעװֶען אִין אֵיינֶע פוּן דִיא שְׁטֶעדְט, זֶעה,
עֶס אִיז דָארְט גֶעװֶען אַ מַאן פוּל פוּן קְרֶעץ; אוּן װֶוען עֶר הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזֶעהֶען,
אִיז עֶר אוֹיף זֵיין פָּנִים גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט, הַאר,
װֶוען דוּא װִילְסְט, קֶענְסְט דוּא מִיךְ רֵיין מַאכֶען. 13 אוּן עֶר הָאט דִיא הַאנְד
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּן הָאט אִיהְם אָנְגֶערִיהְרְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ װִיל, זֵייא רֵיין

גֶעמַאכְט; און גְלַייךְ הָאבֶּען דִיא קְרֶעץ אִיהְם פֶערְלָאזְט. 14 און עֶר הָאט אִיהְם
אָנְגֶעזָאגְט, אַז עֶר זָאל דָאס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען; נֵייעֶרְט גֶעה און וַוייז דִיךְ פָאר
דֶעם כֹּהֵן, און בְּרֶענְג אַ קָרְבָּן פַאר דֵיינֶע רֵיינִיגוּנְג אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה הָאט גֶע־
בָּאטֶען, פַאר אַ צֵייגְנִיס צוּ זֵייא. 15 אָבֶּער דֶער בֶּערִיכְט וֶועגֶען אִיהְם אִיז נָאךְ
מֶעהְר גֶעוָוארֶען, און אַ סַךְ לֵייט זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען צוּ הֶערֶען און גֶע־
הֵיילְט צוּ וֶוערֶען פוּן זֵייעֶרֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען. 16 און עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער מִדְבָּר אַרֵיין, און הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען.

17 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין אֵיינֶעם פוּן דִיא טֶעג, וִויא עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט,
זֶענֶען פְּרוּשִׁים און גֶעזֶעצְלֶעהְרֶער גֶעזֶעסֶען, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן אַלֶע דֶערְ־
פֶער פוּן גָלִיל און פוּן יְהוּדָה און פוּן יְרוּשָׁלַיִם; און דִיא מַאכְט פוּן דֶעם
הַאר'ן אִיז גֶעוֶועזֶען אוּם זֵייא צוּ הֵיילֶען. 18 און זֶעה, עֶס זֶענֶען מֶענְשֶׁען וָואס
הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אוֹיף אַ בֶּעט אַ מַאן וָואס אִיז גִיכְטְבְּרִיכִיג גֶעוֶועזֶען, און זֵייא
הָאבֶּען גֶעזוּכְט וִויא אִיהְם אַרֵיין צוּ בְּרֶענְגֶען און פָאר אִיהְם אַנִידֶער צוּ לֶעגֶען.
19 און וֶוען זֵייא הָאבֶּען קֵיין פְּלַאץ נִיט גֶעפִינֶען וִויא זֵייא זָאלֶען אִיהְם אַרֵיינְ־
בְּרֶענְגֶען וֶועגֶען דִיא לֵייט, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ,
און הָאבֶּען אִיהְם אַרוּפְּגֶעלָאזְט מִיט דֶעם בֶּעט דוּרְךְ דִיא צִיגֶעל אִין מִיטֶען
פָאר יֵשׁוּעַ. 20 און וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
מֶענְשׁ, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען. 21 און דִיא סוֹפְרִים און דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ צוּ טַענְהֶען, און הָאבֶּען גֶעזָאגְט וֶוער אִיז דִיזֶ־
עֶר, דֶער רֶעט לֶעסְטֶערוּנְג? וֶוער קֶען זִינְד פֶערְגֶעבֶּען, אוֹיסֶער גָאט אַלֵיין?
22 אָבֶּער יֵשׁוּעַ וִויסֶענְדִיג זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט. וָוארוּם טַענְהֶעט אִיהְר אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער? 23 וָואס אִיז גְרִינְגֶער, צוּ
זָאגֶען דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען, אָדֶער צוּ זָאגֶען שְׁטֶעה אוֹיף, און גֶעה
אַרוּם? 24 אָבֶּער אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז דֶער בֶּן אָדָם הָאט מַאכְט זִינְד צוּ
פֶערְגֶעבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם גִיכְטְבְּרִיכִיגֶען, אִיךְ זָאג דִיר
שְׁטֶעה אוֹיף, און נֶעם דֵיין בֶּעט און גֶעה אִין דֵיין הוֹיז. 25 און בַּאלְד אִיז עֶר
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פָאר זֵייא, און הָאט גֶענוּמֶען דָאס אוֹיף וָואס עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען,
און אִיז אִין זֵיין הוֹיז גֶעגַאנְגֶען און הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט. 26 און זֵייא זֶענֶען אַלֶע
אוֹיסֶער זִיךְ גֶעוֶועזֶען פַאר עֶרְשְׁטוֹינֶען, און הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט, און זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען הֵיינְט וְואוּנְדֶערְלִיכֶע
זַאכֶען גֶעזֶעהֶען.

27 און נָאכְדֶעם אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, און הָאט גֶעזֶעהֶען אַ שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען לֵוִי, וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן שְׁטֵייעֶר, און
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ. 28 און עֶר הָאט אַלֶעס פֶערְלָאזְט,
און אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, און הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט. 29 און לֵוִי הָאט פַאר
אִיהְם גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע סְעוּדָה אִין זֵיין הוֹיז; און עֶס זֶענֶען דָא גֶעוֶועזֶען פִיל
לֵייט פוּן דִיא שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער, און אַנְדֶערֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעזֶעסֶען
בֵּיים טִישׁ. 30 און זֵייעֶרֶע פְּרוּשִׁים און סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען זֵיינֶע

תַּלְמִידִים, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פַארְוָואס עֶסְט אִיהְר אוּן טְרִינְקְט מִיט שְׁטֵייעֶרְ־
אֵיינְגֶעמֶער אוּן זִינְדֶער? 31 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזוּנְד בֶּעדַארְפֶען נִיט קֵיין רוֹפֵא, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען
קְרַאנְק; 32 אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען צוּ רוּפֶען דִיא צַדִיקִים, נֵייעֶרְט דִיא זִינְדֶער
צוּ תְּשׁוּבָה. 33 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן
פַאסְטֶען אָפְטְמָאל אוּן זֶענֶען מִתְפַּלֵל, אוּן גְלֵייכְדֶעם אוֹיךְ דִיא תַּלְמִידִים פוּן
דִיא פְּרוּשִׁים, אָבֶּער דֵיינֶע תַּלְמִידִים עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען. 34 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, קֶענְט אִיהְר דִיא אוּנְטֶערְפִיהְרֶער פַאסְטֶען מַאכֶען, בְּשַׁעַת דֶער
חָתָן אִיז מִיט זֵייא? 35 אָבֶּער דִיא טֶעג װֶעלֶען קוּמֶען װֶען דֶער חָתָן װֶעט פוּן
זֵייא אַװֶעקְגֶענוּמֶען װֶערֶען, דַאן װֶעלֶען זֵייא פַאסְטֶען אִין יֶענֶע טֶעג. 36 אוּן עֶר
הָאט צוּ זֵייא אַ מָשָׁל גֶעזָאגְט, קֵיינֶער צוּרֵייסְט נִיט אַ שְׁטִיק פוּן אַ נֵייעֶן קְלֵייד
אוּן לֶעגְט עֶס אוֹיף אֵיין אַלְטֶען קְלֵייד; װֶען אַזוֹי, דָאס שְׁטִיק וָואס אִיז פוּן דֶעם
נֵייעֶן צוּרֵייסְט אוֹיךְ דָאס נֵייעֶ אוּן פֶערְגְלֵייכְט זִיךְ נִיט מִיט דֶעם אַלְטֶען. 37 אוּן
קֵיינֶער גִיסְט נִיט נֵייעֶן װַיין אִין אַלְטֶע לָאגֶעל אַרַיין; װֶען אַזוֹי, צוּשְׁפַּאלְט דֶער
נֵייעֶר װַיין דִיא לָאגֶעל, אוּן עֶס װֶערְט אוֹיסְגֶעגָאסֶען, אוּן דִיא לָאגֶעל װֶערֶען
פֶערְדָארְבֶּען; 38 נֵייעֶרְט נֵייעֶר װַיין מוּז אִין נֵייעֶ לָאגֶעל אַרַיינְגֶעגָאסֶען װֶערֶען.
39 אוּן קֵיינֶער וָואס הָאט אַלְטֶען װַיין גֶעטְרוּנְקֶען װִיל נֵייעֶן הָאבֶּען; וָוארִין עֶר
זָאגְט, דֶער אַלְטֶער אִיז בֶּעסֶער.

ו 1 אוּן עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אוֹיף אַ שַׁבָּת אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא קָארְן
פֶעלְדֶער; אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָפְּגֶערִיסֶען דִיא זַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען זֵייא
צוּרִיבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּן הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען. 2 אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא
פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָוארוּם טְהוּט אִיהְר דָאס וָואס מֶען מֶעג נִיט טְהוּן
אַם שַׁבָּת? 3 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר
דָאס נִיט גֶעלֵיינְט וָואס דָוִד הָאט גֶעטְהוּן װֶען עֶר אִיז הוּנְגְרִיג גֶעװֶען, אוּן דִיא
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעװֶען? 4 װִיא עֶר אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן
גָאט, אוּן הָאט גֶענוּמֶען דֶעם לֶחֶם הַפָּנִים, אוּן הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּן הָאט אוֹיךְ
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעװֶען, וָואס מֶען מֶעג נִיט עֶסֶען,
אוֹיסֶער דִיא כֹּהֲנִים אַלֵיין? 5 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן אָדָם אִיז
הַאר אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת.

6 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען שַׁבָּת, אַז עֶר אִיז אִין דֶער שׁוּל אַרַיינְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעלֶעהְרְט. אוּן עֶס אִיז דָארְט גֶעװֶען אַ מַאן, דֶעם זֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד אִיז פֶערְדַארְט גֶעװֶען. 7 אוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען אִיהְם בֶּעװַאכְט, אוֹיבּ עֶר װֶעט אַם שַׁבָּת הֵיילֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אֵיין
אָנְקְלָאג אוֹיף אִיהְם גֶעפִינֶען. 8 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעװוּסְט זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען,
אוּן הָאט צוּ דֶעם מַאן גֶעזָאגְט וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא פֶערְדַארְטֶע הַאנְד, שְׁטֶעה
אוֹיף אוּן שְׁטֶעה אִין מִיטֶען; אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן אִיז גֶעשְׁטַאנְ־
גֶען. 9 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ פְרֶעג אֵייךְ, מֶעג מֶען אַם
שַׁבָּת גוּטֶעס טְהוּן אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס, לֶעבֶּען רֶעטֶען אָדֶער אוּמְבְּרֶענְגֶען?

10 און עֶר הָאט זִיךְ אויף זֵייא אַלֶע אַרוּמְגֶעקוּקְט, און הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
שְׁטְרֶעק אויס דֵיינֶע הַאנְד; און עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן. און זֵיינֶע הַאנְד אִיז
צוּרִיקְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען. 11 און זֵייא זֶענֶען פוּל מִיט גְרִימְצָארְן גֶעוֶועזֶן, און
הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעדט וָואס זֵייא זָאלֶען טְהוּן צוּ יֵשׁוּעַ.
12 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין דִיזֶע טֶעג, אַז יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם
בַּארְג מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין, און הָאט דִיא נַאכְט צוּגֶעבְּרַאכְט אִים גֶעבֶּעט צוּ גָאט.
13 און וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוֶועזֶן, הָאט עֶר זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, און
הָאט פוּן זֵייא צְוֶועלְף אויסְדֶערְוֶועהְלְט וֶועלְכֶען עֶר הָאט אויךְ אַפָּאסְטֶעל גֶע־
נָאנְט; 14 שִׁמְעוֹן דֶעם עֶר הָאט אויךְ אַ נָאמֶען פֶּעטְרוּס גֶעגֶעבֶּען, און זֵיין
בְּרוּדֶער אַנְדְרַי, און יַעֲקֹב און יוֹחָנָן, און פִילִיפּוּס און בַּרְתַּלְמַי, 15 און מַתַּי און
תּוֹמָא, און יַעֲקֹב דֶעם זוּהְן פוּן חַלְפַי און שִׁמְעוֹן וָואס אִיז אָנְגֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען
הַקַנָּאִי, 16 און יְהוּדָה דֶעם זוּהְן פוּן יַעֲקֹב, און יְהוּדָה אִישׁ־קְרִיּוֹת. וָואס אִיז
אויךְ דֶער מוֹסֵר גֶעוֶועזֶן. 17 און עֶר אִיז מִיט זֵייא אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, און אִיז גֶע־
שְׁטַאנֶען אויף אַ גְלֵייכֶען פְּלַאץ, און פִיל לֵייט פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, און אַ גְרוֹיס
פָאלְק פוּן גַאנְץ יְהוּדָה און יְרוּשָׁלַיִם און פוּן דֶעם בָּארְטֶען פוּן צוֹר און צִידוֹן,
וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִיהְם צוּ הֶערֶען און פוּן זֵייעֶרֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען גֶעהֵיילְט
צוּ וֶוערֶען; 18 און דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפְּלָאגְט גֶעוֶועזֶן פוּן אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער
זֶענֶען גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. 19 און דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעזוּכְט אָנְצוּ־
רִיהְרֶען; וָוארִין גְבוּרָה אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, און הָאט זֵייא אַלֶע
גֶעהֵיילְט.
20 און עֶר הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים און הָאט
גֶעזָאגְט,
גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וָואס זֶענֶען אָרְמֶע, וָוארִין אֵייעֶרֶעס אִיז דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט,
21 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וָואס זֶענֶען אַצוּנְד הוּנְגְרִיג, וָוארִין אִיהְר וֶועט
זַאט וֶוערֶען.
גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וָואס טְהוּן אַצוּנְד וֵויינֶען, וָוארִין
אִיהְר וֶועט לַאכֶען.
22 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וֶוען דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען אֵייךְ הַאסֶען, און
וֶועלֶען אֵייךְ פוּן זֵייא אָפְּשֵׁיידֶען, און וֶועלֶען אֵייךְ פֶערְשֶׁעהְמֶען, און
וֶועלֶען אֵייעֶר נָאמֶען פֶערְוַוארְפֶען ווִיא אַ שְׁלֶעכְטֶעס וֶועגֶען
דֶעם בֶּן אָדָם.
23 פְרֵייעֶט אֵייךְ אִין יֶענֶעם טָאג און טַאנְצְט; וָוארִין זֶעה, אֵייעֶר שָׂכָר אִיז גְרוֹיס
אִים הִימֶעל; וָוארִין אַזוֹי הָאבֶען זֵייעֶרֶע אָבוֹת גֶעטְהוּן צוּ דִיא נְבִיאִים.
24 אָבֶּער וֶועה צוּ אֵייךְ רֵייכֶע, וָוארִין אִיהְר הָאט אֵייעֶר טְרֵייסְט
אַוַדַאי בֶּעקוּמֶען.
25 וֶועה צוּ אֵייךְ וָואס זֶענֶען אַצוּנְד פוּל, וָוארִין אִיהְר וֶועט הוּנְגֶערְן.
וֶועה צוּ אֵייךְ וָואס לַאכֶען אַצוּנְד, וָוארִין אִיהְר וֶועט טְרוֹיעֶרְן און וֵויינֶען.

26 װעה יֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען װעלֶען אױף אֵײך גוּטֶעס רֶעדֶען;
װָארִין אַזױ הָאבֶּען זֵײעֶרֶע אָבוֹת גֶעטְהוּן צוּ דִיא פַאלְשֶׁע נְבִיאִים.
27 אָבֶּער אִיך זָאג צוּ אֵײך װָאס הֶערֶען, לִיבְּט אֵײעֶרֶע פֵֿיינְד. טְהוּט גוּטֶעס צוּ
דִיא װָאס הַאסֶען אֵײך, 28 בֶּענְשְׁט דִיא װָאס שֶׁעלְטֶען אֵײך, בֶּעט פַֿאר
דִיא װָאס פֶֿערְשֶׁעהְמֶען אֵײך. 29 צוּ דֶעם װָאס שְׁלָאגְט דִיך אױף אֵײן בַּאק,
שְׁטֶעל אוֹיך דִיא אַנְדֶערֶע אױף; אוּן פוּן דֶעם װָאס נֶעמְט אַװֶעק דֵיין מַאנְטֶעל,
הַאלְט דֵיין רָאק אוֹיך נִיט צוּרִיק. 30 גִיבּ צוּ אִיטְלִיכֶעם װָאס בֶּעט פוּן דִיר, אוּן
פוּן דֶעם װָאס נֶעמְט דָאס דֵיינִיגֶע, פֶֿערְלַאנְג עֶס נִיט צוּרִיק. 31 אוּן װִיא אִיהְר
װִילְט אַז דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען צוּ אֵײך טְהוּן, טְהוּט אִיהְר אוֹיך אַזױ צוּ זֵייא.
32 אוּן װֶען אִיהְר לִיבְּט דִיא װָאס לִיבֶּען אֵײך, װָאסְפַאר אִיז אֵײעֶר חֶסֶד? װָארִין
אוֹיך דִיא זִינְדֶער לִיבֶּען דִיא װָאס לִיבֶּען זֵייא. 33 אוּן װֶען אִיהְר טְהוּט גוּטֶעס
צוּ דִיא װָאס טְהוּן גוּטֶעס צוּ אֵײך, װָאסְפַאר אִיז אֵײעֶר חֶסֶד? אוֹיך דִיא
זִינְדֶער טְהוּן דָאס גֶעמְלִיכֶע. 34 אוּן װֶען אִיהְר לֵייהֶעט צוּ דִיא פוּן װֶעמֶען אִיהְר
הָאפְט אָפְּצוּנֶעמֶען, װָאסְפַאר אִיז אֵײעֶר חֶסֶד? אוֹיך דִיא זִינְדֶער לֵייהֶען צוּ זִינְ־
דֶער, אַז זֵייא זָאלֶען דָאס גְלֵייכֶע אָפְּנֶעמֶען. 35 אָבֶּער לִיבְּט אִיהְר אֵײעֶרֶע פֵֿיינְד,
אוּן טְהוּט גוּטֶעס אוּן לֵייהֶעט, װֶען אִיהְר הָאפְט נִיט צוּרִיקְצוּנֶעמֶען; אוּן אֵײעֶר
שָׂכָר װֶעט זֵיין גְרוֹיס, אוּן אִיהְר װֶעט זֵיין דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען,
װָארִין עֶר אִיז גוּט צוּ דִיא אוּנְדַאנְקְבַּארֶע אוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע. 36 זֵייט אִיהְר
בַּארֶעמְהֶערְצִיג, אַזױ װִיא אֵײעֶר פָאטֶער אִיז בַּארֶעמְהֶערְצִיג. 37 אוּן רִיכְטֶעט נִיט,
אוּן אִיהְר װֶעט נִיט גֶערִיכְטֶעט װֶערֶען; פֶֿערְשׁוּלְדִיגְט נִיט, אוּן אִיהְר װֶעט נִיט
פֶֿערְשׁוּלְדִיגְט װֶערֶען; פֶֿערְגִיבְּט, אוּן עֶס װֶעט אֵײך פֶֿערְגֶעבֶּען װֶערֶען; 38 גִיבְּט
אוּן עֶס װֶעט צוּ אֵײך גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען, אַ גוּטֶעס מָאס, אָנְגֶעדְרִיקְט אוּן צוּגֶעשִׁי־
טֶעלְט אוּן װָאס לױפְט אִיבֶּער, װֶעט מֶען גֶעבֶּען אִין אֵײעֶר שׁוֹים אַרֵיין; װָארִין
מִיט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען מָאס װָאס אִיהְר מֶעסְט װֶעט אֵײך װִידֶער גֶעמָאסְטֶען װֶערֶען.
39 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא אַ מָשָׁל גֶעזָאגְט, קֶען אַ בְּלִינְדֶער אַ בְּלִינְדֶען
פִֿיהְרֶען? װֶעלֶען זֵייא נִיט בֵּיידֶע אִין אַ גְרוּבּ אַרֵיינְפַאלֶען? 40 דֶער תַּלְמִיד
אִיז נִיט אִיבֶּער זֵיין לֶעהְרֶער; אָבֶּער װֶען אֵיינֶער אִיז פָאלְקָאמֶען גֶעװָארֶען
װֶעט עֶר זֵיין װִיא זֵיין לֶעהְרֶער. 41 אוּן װָארוּם זֶעהְסְט דוּא דֶעם שְׁפָּאן װָאס אִיז
אִין דֵיין בְּרוּדֶערְס אױג, אוּן בֶּעטְרַאכְסְט נִיט דֶעם בַּאלְקֶען װָאס אִיז אִין דֵיין
אױג? 42 װִיא אַזױ קֶענְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דֵיין בְּרוּדֶער, בְּרוּדֶער לָאז מִיךְ
אַרױסְנֶעמֶען דֶעם שְׁפָּאן װָאס אִיז אִין דֵיין אױג, װֶען דוּא אַלֵיין זֶעהְסְט נִיט דֶעם
בַּאלְקֶען װָאס אִיז אִין דֵיין אױג? דוּא הֵייכְלֶער, נֶעם צוּעֶרְשְׁט אַרױס דֶעם
בַּאלְקֶען פוּן דֵיין אױג, אוּן דֶערְנָאךְ װֶעסְט דוּא קְלָאר זֶעהֶען אַרױסְצוּנֶעמֶען
דֶעם שְׁפָּאן װָאס אִיז אִין דֵיין בְּרוּדֶערְס אױג. 43 װָארִין אַ גוּטֶער בּוֹים
טְרָאגְט נִיט קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע פְּרוּכְט, אוּן װִידֶער אַ שְׁלֶעכְטֶער בּוֹים טְרָאגְט נִיט
קֵיינֶע גוּטֶע פְּרוּכְט. 44 װָארִין מֶען דֶערְקֶענְט אִיטְלִיכֶען בּוֹים בֵּייא זֵיינֶע אֵיי־
גֶענֶע פְּרוּכְט; װָארִין פוּן דֶערְנֶער זַאמֶעלְט מֶען נִיט קֵיינֶע פֵֿיגֶען, אוּן פוּן אַ
דָארְנְבּוּשׁ רֵייסְט מֶען נִיט אָפּ קֵיינֶע װֵיינְטְרױבֶּען. 45 דֶער גוּטֶע מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט

אַרוים גוּטֶעס פוּן דֶעם גוּטֶען שַׂאץ פוּן זַיין הַארְץ, אוּן דֶער שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשׁ
בְּרֶענְגְט אַרוים שְׁלֶעכְטֶעס פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען שַׂאץ פוּן זַיין הַארְץ; וָוארִין דָאס
מוֹיל רֶעט פוּן דֶעם וָואס דָאס הַארְץ אִיז אִיבֶּערְפִילְט.
46 אוּן פַארְוָואס רוּפְט אִיהְר מִיךְ הַאר, הַאר, אוּן טְהוּט נִיט וָואס אִיךְ זָאג?
47 אִיטְלִיכֶער וָואס קוּמְט צוּ מִיר, אוּן הֶערְט מֵיינֶע וֶוערְטֶער אוּן טְהוּט זַייא,
וֶועל אִיךְ אֵייךְ וֵוייזֶען צוּ וֶועמֶען עֶר אִיז גְלֵייךְ. 48 עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ מַאן
וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט אַ הוֹיז, אוּן הָאט טִיף גֶעגְרָאבֶּען, אוּן הָאט דֶעם גְרוּנְד
גֶעלֶעגְט אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען; אוּן וֶוען אַ גֶעוֶועסֶער אִיז גֶעשֶׂעהֶען, הָאט דֶער שְׁטְרוֹים
גֶעשְׁטוֹיסֶען קֶעגֶען דֶעם הוֹיז, אוּן הָאט עֶס נִיט גֶעקֶענְט בֶּעוֶועגֶען, וָוארִין עֶס
אִיז גוּט גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען. 49 אָבֶּער דֶער וָואס הֶערְט אוּן טְהוּט נִיט אִיז
גְלֵייךְ צוּ אַ מַאן וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט אַ הוֹיז אוֹיף דֶער עֶרְד אָהְן אַ גְרוּנְד;
אוּן דֶער שְׁטְרוֹים הָאט קֶעגֶען עֶס גֶעשְׁטוֹיסֶען, אוּן גְלֵייךְ אִיז עֶס אֵיינְגֶעפַאלֶען,
אוּן דֶער צוּשְׁטֶערוּנְג פוּן יֶענֶעם הוֹיז אִיז גְרוֹים גֶעוֶועזֶען.
ז 1 וֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אַלֶע דִיזֶע רֶעד אִין דִיא אוֹיעֶרֶען פוּן דֶעם פָאלְק,
אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען קֵיין כְּפַרְנַחוּם.
2 אוּן דֶער קְנֶעכְט פוּן אַ גֶעוִויסֶען הוֹיפְּטְמַאן, וֶועלְכֶען עֶר הָאט זֶעהְר גֶע־
שֶׁעצְט, אִיז קְרַאנְק צוּם שְׁטַארְבֶּען גֶעוֶועזֶען. 3 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט פוּן
יֵשׁוּעַ הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען, אוּן הָאט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל קוּמֶען זַיין קְנֶעכְט צוּ הֵיילֶען. 4 אוּן וֶוען זַייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, הָאבֶּען זַייא אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז
וֶוערְט אַז דוּא זָאלְסְט דָאס פַאר אִיהְם טְהוּן; 5 וָוארִין עֶר לִיבְּט אוּנְזֶערֶעס פָאלְק,
אוּן הָאט אוּנְז דִיא שׁוּל גֶעבּוֹיעֶט. 6 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז מִיט זַייא גֶעגַאנְגֶען. אוּן
וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין נִיט וֵוייט גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם הוֹיז, הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן זַיינֶע
פְרֵיינְד גֶעשִׁיקְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, זַייא דִיךְ נִיט מַטְרִיחַ; וָוארִין
אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אַז דוּא זָאלְסְט אוּנְטֶער מֵיין דַאךְ קוּמֶען. 7 דֶעסְטְוֶועגֶען
הָאבּ אִיךְ מִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט וֶוערְט גֶעהַאלְטֶען אַז אִיךְ זָאל צוּ דִיר קוּמֶען;
אָבֶּער זָאג נוּר אַ וָוארְט, אַזוֹי וֶועט מֵיין יוּנְג גֶעהֵיילְט וֶוערֶען. 8 וָוארִין אִיךְ
בִּין אוֹיךְ אַ מַאן וָואס שְׁטֶעהְט אוּנְטֶער אֵיין אָבֶּערְמַאכְט, אוּן אִיךְ הָאבּ סָאלְ־
דַאטֶען אוּנְטֶער מִיר, אוּן אִיךְ זָאג צוּ דֶעם, גֶעה אַהִין, אוּן עֶר גֶעהְט, אוּן צוּ
אֵיין אַנְדֶערֶען, קוּם אַהֶער, אוּן עֶר קוּמְט, אוּן צוּ מֵיין קְנֶעכְט, טְהוּא דָאס, אוּן
עֶר טְהוּט עֶס. 9 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט הָאט עֶר זִיךְ פֶערְוְואוּנְ־
דֶערְט אִיבֶּער אִיהְם; אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
לֵייט וָואס זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַזֶעלְכֶען גְלוֹיבֶּען הָאבּ
אִיךְ אַפִילוּ אִין יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעפִינֶען. 10 אוּן וֶוען דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ
אַהֵיים גֶעקֶעהְרְט, הָאבֶּען זַייא דֶעם קְנֶעכְט גֶעזוּנְד גֶעפִינֶען.
11 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׂעהֶען אִין דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, אַז עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
אִין אַ שְׁטָאדְט אַריין וָואס הֵייסְט נָעִין, אוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּן פִיל לֵייט זֶענֶען
מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען. 12 אוּן וִויא עֶר הָאט זִיךְ גֶענֶעהְנְט צוּם טוֹיעֶר פוּן דֶער

שְׁטָאדְט, זֶעה, הָאט מֶען אַ טוֹיטֶען אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען זוּהְן פוּן
זַיינֶע מוּטֶער, אוּן זִיא אִיז אֵיין אַלְמָנָה גֶעוֶועזֶען; אוּן פִיל לֵייט פוּן דֶער שְׁטָאדְט
זֶענֶען מִיט אִיהְר גֶעוֶועזֶען. [13] אוּן וֶוען דֶער הַאר הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר
אִיבֶּער אִיהְר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אוּן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וֵויין נִיט. [14] אוּן
עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען אוּן הָאט דִיא מִטָּה אָנְגֶערִיהְרְט, אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען
אִיהְם גֶעטְרָאגֶען זֶענֶען שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען; אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יוּנְגֶער מַאן,
אִיךְ זָאג דִיר שְׁטֶעה אוֹיף. [15] אוּן דֶער טוֹיטֶער הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט אוּן
הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען; אוּן עֶר הָאט אִיהְם צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע
מוּטֶער. [16] אוּן אַ פָּארְכְט הָאט זֵייא אַלֶע אָנְגֶענוּמֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען גָאט
גֶעלוֹיבְּט, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַ גְרוֹיסֶער נָבִיא אִיז צְוִוישֶׁען אוּנְז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
אוּן גָאט הָאט זַיין פָאלְק בֶּעזוּכְט. [17] אוּן דִיזֶער בֶּערִיכְט פוּן אִיהְם אִיז
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְץ יְהוּדָה, אוּן אִין דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד.

[18] אוּן דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן הָאבֶּען אִיהְם פוּן אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען דֶערְצֶעהְלְט.
[19] אוּן יוֹחָנָן הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען צְווייא פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן הָאט זֵייא
גֶעשִׁיקְט צוּ יֵשׁוּעַ אוּן גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער וָואס זָאל קוּמֶען, אָדֶער זָאלֶען
מִיר וַוארְטֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען? [20] אוּן וֶוען דִיא מֶענְשֶׁען זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל הָאט אוּנְז צוּ דִיר
גֶעשִׁיקְט אוּן גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער וָואס זָאל קוּמֶען, אָדֶער זָאלֶען מִיר וַוארְ־
טֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען? [21] אִין יֶענֶער שָׁעָה הָאט עֶר פִילֶע גֶעהֵיילְט פוּן
זַייעֶרֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען אוּן פְּלָאגֶען אוּן אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער, אוּן הָאט פִילֶע בְּלִינְדֶע
זֶעהֶענְדִיג גֶעמַאכְט. [22] אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גֶעהְט אוּן דֶערְצֶעהְלְט יוֹחָנָן וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט; אַז דִיא
בְּלִינְדֶע זֶעהֶען, דִיא קְרוּמֶע גֶעהֶען אַרוּם, דִיא מְצוֹרָעִים זֶענֶען גֶערֵיינִיגְט, אוּן
דִיא טוֹיבֶּע הֶערֶען, דִיא טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען אוֹיף, צוּ דִיא אָרֶמֶע אִיז דִיא
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה גֶעפְּרֶעדִיגְט; [23] אוּן גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס וֶועט זִיךְ נִיט אָן
מִיר שְׁטְרוֹיכְלֶען.

[24] אוּן וֶוען דִיא שְׁלוּחִים פוּן יוֹחָנָן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹי־
בֶּען צוּ דִיא לֵייט צוּ רֶעדֶען וֶועגֶען יוֹחָנָן; וָואס זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער מִדְבָּר אַרֵיין צוּ זֶעהֶען? אַ רָאהְר וָואס שָׁאקֶעלְט פוּן דֶעם וִוינְד? [25] אָבֶּער
וָואס זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען? אַ מַאן אָנְגֶעקְלֵייד אִין פֵיינֶע קְלֵיי־
דֶער? זֶעהְט, דִיא וָואס זֶענֶען פֵיין גֶעקְלֵייד אוּן הָאבֶּען פֵיינֶע שְׁפֵּייזֶען זֶענֶען
אִין דִיא הֵייזֶער פוּן קֶענִיגֶע. [26] וָואס דֶען זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
זֶעהֶען? אַ נָבִיא? יָא, אִיךְ זָאג אֵייךְ, אוּן נָאךְ מֶעהְר וִויא אַ נָבִיא. [27] וָואס
אִיז דֶער, פוּן דֶעם עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

זֶעה, אִיךְ שִׁיק מֵיין מַלְאָךְ פָאר דִיר,
דֶער וֶועט דֵיין וֶועג פָאר דִיר אָנְבְּרֵייטֶען.

[28] אִיךְ זָאג אֵייךְ, צְוִוישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען פוּן וַוייבֶּער אִיז קֵיין

[27] מלאכי ג׳ א׳.

גְרֶעסֶערֶער ווִיא יוֹחָנָן; אָבֶּער דֶער קְלֵיינְסְטֶער אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז
גְרֶעסֶער ווִיא עֶר. 29 אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
אוּן דִיא שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער הָאבֶּען גָאט גֶערֶעכְטְפֶּערְטִיגְט, וָוארִין זֵייא זֶענֶען
גֶעטוּבֵלְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶער טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן; 30 אָבֶּער דִיא פְּרוּשִׁים אוּן
דִיא גֶעזֶעצְלֶעהְרֶער הָאבֶּען פֶּערְאַכְטֶעט דִיא עֵצָה פוּן גָאט קֶעגֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט,
וָוארִין זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעטוּבֵלְט גֶעוָוארֶען פוּן אִיהְם. 31 צוּ וֶועמֶען זָאל אִיךְ
דֶען גְלֵייכֶען דִיא מֶענְשֶׁען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען דוֹר, אוּן צוּ וָואס זֶענֶען זֵייא
גְלֵייךְ? 32 זֵייא זֶענֶען גְלֵייךְ צוּ קִינְדֶער וָואס זִיצֶען אוֹיף דֶעם מַארְק, אוּן
רוּפֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען; וָואס זָאגֶען,

מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפֵייפְט, אוּן אִיהְר הָאט נִיט גֶעטַאנְצְט;

מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעקְלָאגְט, אוּן אִיהְר הָאט נִיט גֶעווֵיינְט.

33 וָוארִין יוֹחָנָן דֶער מְטַבֵּל אִיז גֶעקוּמֶען נִיט עֶסֶענְדִיג קֵיין בְּרוֹיט. אוּן
נִיט טְרִינְקֶענְדִיג קֵיין וַויין, אוּן אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַ שֵׁד. 34 דֶער
בֶּן אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען עֶסֶענְדִיג אוּן טְרִינְקֶענְדִיג, אוּן אִיהְר זָאגְט, זֶעה,
דֶער מֶענְשׁ אִיז אַ פְרֶעסֶער אוּן אַ זוֹיפֶער, אַ פְרֵיינְד פוּן שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער
אוּן זִינְדֶער. 35 אוּן דִיא חָכְמָה אִיז גֶערֶעכְטְפֶּערְטִיגְט גֶעוָוארֶען פוּן אַלֶע אִיהְרֶע
קִינְדֶער.

36 אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא פְּרוּשִׁים הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל בֵּייא אִיהְם
עֶסֶען; אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִים הוֹיז פוּן דֶעם פָּרוּשׁ, אוּן הָאט זִיךְ
אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט. 37 אוּן זֶעה, אִין דֶער שְׁטָאדְט אִיז גֶעוֶוען אַ פְרוֹיא, וָואס
אִיז אַ זִינְדֶערִין. אוּן וֶוען זִיא הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז צוּ טִישׁ אִין
דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם פָּרוּשׁ, הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט אֵיין אַלְבַּאסְטֶערְן קְרִיגֶעל מִיט
מֹר, 38 אוּן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער אִיהְם בֵּייא זֵיינֶע פִיס אוּן הָאט גֶעווֵיינְט,
אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע פִיס צוּ וַואשֶׁען מִיט טְרֶערֶען, אוּן הָאט זֵייא
אָפְּגֶעווִישְׁט מִיט דִיא הָאר פוּן אִיהְר קָאפּ, אוּן הָאט זֵיינֶע פִיס גֶעקִישְׁט, אוּן
הָאט זֵייא גֶעזַאלְבְּט מִיט דֶעם מֹר. 39 אוּן וֶוען דֶער פָּרוּשׁ וָואס הָאט אִיהְם
אֵיינְגֶעלָאדֶען הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר בֵּייא זִיךְ גֶעדַאכְט אוּן גֶעזָאגְט,
וֶוען דִיזֶער זָאל זֵיין אַ נָבִיא, אַזוֹי וָואלְט עֶר גֶעווָאוּסְט, וֶוער אוּן וָואסְפַאר אַ
פְרוֹיא דָאס אִיז וָואס הָאט אִיהְם אָנְגֶערִיהְרְט, וָוארִין זִיא אִיז אַ זִינְדֶערִין.
40 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁמְעוֹן, אִיךְ הָאבּ
דִיר עֶפֶּעס צוּ זָאגֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זָאג, לֶעהְרֶער. 41 עֶס אִיז גֶעוֶוען
אַ גֶעלְד לֵייהֶער וָואס הָאט צְווייא בַּעֲלֵי חוֹבוֹת גֶעהַאט. אֵיינֶער אִיז שוּלְדִיג
גֶעוֶוען פִינְף הוּנְדֶערְט גוּלְדֶען,* אוּן דֶער אַנְדֶערֶער פִינְפְצִיג. 42 אוּן וֶוען זֵייא
הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט צוּ צָאהְלֶען, הָאט עֶר זֵייא בֵּיידֶע גֶעשֶׁענְקְט. וֶועלְכֶער פוּן
זֵייא דֶען וֶועט אִיהְם מֶעהְר לִיבֶּען? 43 שִׁמְעוֹן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
אִיךְ דֶענְק, וֶועלְכֶען עֶר הָאט מֶעהְר גֶעשֶׁענְקְט; אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶעמִשְׁפְּט. 44 אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ דֶער פְרוֹיא, אוּן

גר׳ דינר, *

הָאט צוּ שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט, זֶעהְסְט דוּא דִיזֶע פְרוֹיא? אִיךְ בִּין אִין דֵיין הויז
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, דוּא הָאסְט מִיר קֵיין וַואסֶער נִיט גֶעגֶעבֶּען פַאר מֵיינֶע פִּיס; אָבֶּער
זִיא הָאט מֵיינֶע פִּיס גֶעוַואשֶׁען מִיט טְרֶערֶען, אוּן הָאט זַייא אָפְּגֶעווִישְׁט מִיט
דִיא הָאר פוּן אִיהְר קָאפּ. 45 דוּא הָאסְט מִיר קֵיין קִישׁ נִיט גֶעגֶעבֶּען; אָבֶּער
זִיא, זִינְט זִיא אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט מֵיינֶע פִּיס צוּ קִישֶׁען.
46 דוּא הָאסְט נִיט גֶעזַאלְבְּט מֵיין קָאפּ מִיט עֶהְל; אָבֶּער זִיא הָאט מֵיינֶע פִּיס
גֶעזַאלְבְּט מִיט מֹר. 47 דְרוּם זָאג אִיךְ דִיר, אִיהְרֶע זִינְד וָואס זֶענֶען פִיל
זֶענֶען אִיהְר פֶערְגֶעבֶּען, וָוארִין זִיא הָאט פִיל גֶעלִיבְּט; אָבֶּער צוּ וֶועמֶען וֶוענִיג
אִיז פֶערְגֶעבֶּען, דֶער לִיבְּט וֶוענִיג. 48 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דֵיינֶע
זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען. 49 אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם צוּ טִישׁ גֶע־
זֶעסֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ צוּ זָאגֶען, וֶוער אִיז דִיזֶער וָואס אוֹיךְ
זִינְד פֶערְגִיבְּט? 50 אוּן עֶר הָאט צוּ דֶער פְרוֹיא גֶעזָאגְט, דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט
דִיךְ גֶערֶעטֶעט; גֶעה אִין פְרִידֶען.

ח 1 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין אַנְדֶערֶען טָאג אַז עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין
עֶטְלִיכֶע שְׁטֶעדְט אוּן דֶערְפֶער, אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אוּן מְבַשֵּׂר גֶעוֶוען
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט; אוּן דִיא צְוֶועלְף זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוען, 2 אוּן
אֵיינִיגֶע פְרוֹיעֶן וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען פוּן שְׁלֶעכְטֶע גֵייסְטֶער אוּן פוּן
קְרַאנְקְהֵייטֶען, מִרְיָם וָואס אִיז אָנְגֶערוּפֶען הַמַּגְדָּלִית פוּן וֶועלְכֶער זִיבֶּען שֵׁדִים
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, 3 אוּן יוֹחָנָה, דָאס ווַייבּ פוּן כּוּזָא, דֶעם פֶערְוַואלְטֶער פוּן
הוֹרְדוֹס, אוּן שׁוֹשַׁנָּה, אוּן פִילֶע אַנְדֶערֶע, וָואס הָאבֶּען אִיהְם מִיט זֵייעֶר
פֶערְמֶעגֶען בֶּעדִינְט.

4 אוּן וֶוען פִיל לֵייט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, אוּן זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
פוּן דִיא שְׁטֶעדְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט דוּרְךְ אַ מָשָׁל; 5 דֶער זֵייעֶר אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זֵיין זָאמֶען צוּ זֵייעֶן. אוּן ווִיא עֶר הָאט עֶס גֶעזֵייעֶט, זֶענֶען
עֶטְלִיכֶע זָאמֶען גֶעפַאלֶען בֵּיים וֶועג, אוּן זַייא זֶענֶען צוּטְרֶעטֶען גֶעוָוארֶען, אוּן
דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען. 6 אוּן אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶע־
פַאלֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען, אוּן ווִיא זַייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען זֶענֶען זַייא פֶערְ־
דַארְט גֶעוָוארֶען, ווַייל זַייא הָאבֶּען קֵיינֶע פֵייכְטִיגְקֵייט נִיט גֶעהַאט. 7 אוּן
אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דִיא דֶערְנֶער, אוּן דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען דֶערְ־
מִיט אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען זַייא דֶערְשְׁטִיקְט. 8 אוּן אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען
אוֹיף דֶעם גוּטֶען גְרוּנְד, אוּן ווִיא זַייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זַייא פְרוּכְט
גֶעטְרָאגֶען הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג. וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּ־
פֶען, דֶער וָואס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען לָאז עֶר הֶערֶען. 9 אוּן זֵיינֶע
תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וָואס זָאל דָאס מָשָׁל מֵיינֶען? 10 אוּן עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, צוּ אֵייךְ אִיז גֶעגֶעבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען דִיא סוֹדוֹת פוּן
דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט; אָבֶּער צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע אִין מְשָׁלִים, אַז זֶעהֶענְדִיג
זֶעהֶען זַייא דָאךְ נִיט אוּן הֶערֶענְדִיג פֶערְשְׁטֶעהֶען זַייא דָאךְ נִיט. 11 אוּן דָאס

10 ישעיה ו׳ ט׳, י׳.

אִיז דָאס מָשָׁל. דֶער זָאמֶען אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט. 12 אוּן דִיא בֵּיים וֶועג
זֶענֶען דִיא וָואס הֶערֶען, דֶערְנָאךְ קוּמְט דֶער שָׂטָן, אוּן נֶעמְט אַוֶועק דָאס וָוארְט
פוּן זֵייעֶר הַארְץ, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט גְלוֹיבֶּען אוּן גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 13 אוּן
דִיא אוּיף דֶעם פֶעלְזֶען זֶענֶען דִיא, וָואס וֶוען זֵייא הֶערֶען נֶעמֶען זֵייא אָן דָאס
וָוארְט מִיט פְרֵיידֶען; אוּן דִיזֶע הָאבֶּען קֵיינֶע וְוארְצֶעל נִיט, אוּן פַאר אַ צֵייט
גְלוֹיבֶּען, אָבֶּער אִין דֶער צֵייט פוּן פְּרִיפוּנְג פַאלֶען זֵייא אַפּ. 14 אוּן דִיא
וָואס זֶענֶען גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען דִיא וָואס הֶערֶען, אוּן וִויא
זֵייא גֶעהֶען אַוֶועק זֶענֶען זֵייא דֶערְשְׁטִיקְט דוּרְךְ זָארְג אוּן רֵייכְטוּם אוּן פֶערְ־
גְנִיגֶען פוּן לֶעבֶּען, אוּן בְּרֶענְגֶען קֵיינֶע רֶעכְטֶע פְרוּכְט נִיט. 15 אָבֶּער דִיא אוּיף
דֶעם גוּטֶען גְרוּנְד זֶענֶען דִיא וָואס הֶערֶען דָאס וָוארְט אִין אֵיין עֶהְרְלִיכֶען אוּן
גוּטֶען הַארְץ, אוּן בֶּעהַאלְטֶען עֶס אוּן בְּרֶענְגֶען פְרוּכְט מִיט גֶעדוּלְד.
16 קֵיינֶער צִינְדֶעט נִיט אָן אַ לַאמְפֶּע אוּן דֶעקְט זִיא צוּ מִיט אַ כֵּלִי, אָדֶער
שְׁטֶעלְט זִיא אוּנְטֶער אַ בֶּעט; נֵייעֶרְט מֶען שְׁטֶעלְט זִיא אוּיף אַ גֶעשְׁטֶעל, כְּדֵי
דִיא וָואס קוּמֶען אַרֵיין זָאלֶען דָאס לִיכְט זֶעהֶען. 17 וָוארִין עֶס אִיז קֵיין זַאךְ
נִיט פֶערְהוּילֶען, וָואס וֶועט נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּן קֵיינֶע זַאךְ אִיז נִיט
פֶערְבָּארְגֶען, וָואס וֶועט נִיט צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען, אוּן צוּם לִיכְט קוּמֶען.
18 דְרוּם גִיבְּט אַכְטוּנְג וִויא אִיהְר הֶערְט; וָוארִין וֶוער עֶס הָאט, צוּ דֶעם וֶועט
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּן וֶוער עֶס הָאט נִיט, פוּן דֶעם וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען
אוּיךְ דָאס וָואס עֶר מֵיינְט אַז עֶר הָאט.
19 אוּן זֵיינֶע מוּטֶער אוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען
נִיט גֶעקָאנְט צוּ אִיהְם צוּטְרֶעטֶען וֶועגֶען דִיא לֵייט. 20 אוּן מֶען הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דֵיינֶע מוּטֶער אוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער שְׁטֶעהֶען דְרוּיסֶען אוּן וֶועלֶען דִיךְ
זֶעהֶען. 21 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיינֶע מוּטֶער
אוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען דִיא, וָואס הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט אוּן טְהוּן עֶס.
22 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אָן אֵיינֶעם פוּן דִיא טֶעג, אַז עֶר אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ שִׁיף, אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר
אַרִיבֶּערְגֶעהֶען צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם יַם; אוּן זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶע־
שִׁיפְט. 23 אוּן וִויא זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיפְט, אִיז עֶר אֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען.
אוּן אַ שְׁטוּרְמְוִוינְד אִיז אַרוּפְגֶעקוּמֶען אוּיף דֶעם יַם, אוּן זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעפִילְט
מִיט וַואסֶער, אוּן זֶענֶען גֶעוֶוען אִין אַ סַכָּנָה. 24 אוּן זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
אוּן הָאבֶּען אִיהְם אוּיפְגֶעוֶועקְט אוּן גֶעזָאגְט, מֵייסְטֶער מֵייסְטֶער, מִיר וֶוערֶען
פֶערְלוּירֶען. אוּן עֶר אִיז אוּיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען דֶעם וִוינְד אוּן
דֶעם שְׁטוּרְם פוּן וַואסֶער; אוּן זֵייא הָאבֶּען אוּיפְגֶעהֶערְט, אוּן עֶס אִיז שְׁטִיל
גֶעוָוארֶען. 25 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וְואוּ אִיז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען? אוּן זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אוּן גֶעוְוּאוּנְדֶערְט, אוּן הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען
גֶעזָאגְט, וָואסְפַאר אֵיינֶער דֶען אִיז דִיזֶער, אַז עֶר בֶּעפֶעהְלְט אֲפִילוּ דֶעם וִוינְד
אוּן דָאס וַואסֶער, אוּן זֵייא גֶעהָארְכֶען אִיהְם?
26 אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּגֶעשִׁיפְט צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דִיא גְרָשִׁים, וָואס אִיז

אַקֶעגֶען גָלִיל. 27 און װֶוען עֶר אִיז אַרױסְגֶעקוּמֶען אױף דֶעם לַאנְד, הָאט אִיהְם
אַ מַאן בֶּעגֶעגֶענְט װָאס אִיז פוּן דֶער שְׁטָאדְט גֶעקוּמֶען, װָאס הָאט שֵׁדִים
גֶעהַאט; אוּן פַאר אַ לַאנְגֶע צֵייט הָאט עֶר קֵיינֶע קְלֵיידֶער נִיט אָנְגֶעטְהוּן, אוּן
הָאט נִיט אִין אַ הױז גֶעװָאױנְט, נֵייעֶרְט צְװִישֶׁען דִיא קְבָרִים. 28 אוּן װֶוען עֶר הָאט
יֵשׁוּעַ דֶערְזֶעהֶען, אִיז עֶר פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט
אַ הױךְ קוֹל, װָאס הָאבּ אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן, יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן גָאט דֶעם
אױבֶּערְשְׁטֶען? אִיךְ בֶּעט דִיךְ, פְּלָאג מִיךְ נִיט. 29 װָארִין עֶר הָאט דֶעם אוּנְ־
רֵיינֶען גֵייסְט גֶעבָּאטֶען אַז עֶר זָאל אַרױסְגֶעהֶען פוּן דֶעם מַאן. װָארִין עֶר הָאט
אִיהְם אָפְּטְמָאל גֶעחַאפְּט, אוּן מֶען הָאט אִיהְם מִיט קֶעטֶען אוּן מִיט בֶּענְדֶער גֶעבּוּנְ־
דֶען אוּן עֶר אִיז בֶּעװַאכְט גֶעװָארֶען; אוּן עֶר הָאט דִיא בֶּענְדֶער צוּרִיסֶען, אוּן אִיז
גֶעטְרִיבֶּען גֶעװָארֶען פוּן דֶעם שֵׁד אִין דִיא װִיסְטֶע עֶרְטֶער אַרֵיין. 30 אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, װָאס אִיז דֵיין נָאמֶען? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לְגִיוֹן, װָארִין
פִילֶע שֵׁדִים זֶענֶען אִין אִיהְם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. 31 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעְ־
טֶען אַז עֶר זָאל זֵייא נִיט בֶּעפֶעהְלֶען אִין דֶער טִיפֶענֶעם אַרֵיינְצוּגֶעהֶען. 32 אוּן
עֶס אִיז דָארְט גֶעװֶען אַ סְטַאדֶע פוּן פִילֶע חֲזִירִים װָאס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפַּאשְׁט
אױף דֶעם בַּארְג; אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זֵייא דֶערְלױבֶּען
אִין דִיזֶע אַרֵיינְצוּגֶעהֶען; אוּן עֶר הָאט זֵייא דֶערְלױבְּט. 33 אוּן דִיא שֵׁדִים זֶענֶען
פוּן דֶעם מַאן אַרױסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא חֲזִירִים, אוּן
דִיא סְטַאדֶע הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעשְׁטִירְצְט פוּן דֶעם מְשׁוּפֶּעדִיגֶען אָרְט אִים יַם
אַרֵיין, אוּן זֶענֶען דֶערְשְׁטִיקְט גֶעװָארֶען. 34 אוּן װֶוען דִיא הִירְטֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
װָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, זֶענֶען זֵייא אַװֶעקְגֶעלָאפֶען, אוּן הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט
אִין דִיא שְׁטֶעדְט אוּן אִין דִיא פֶעלְדֶער. 35 אוּן זֵייא זֶענֶען אַרױסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
זֶעהֶען װָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּן הָאבֶּען דֶעם מַאן
גֶעפִינֶען פוּן װֶועלְכֶען דִיא שֵׁדִים זֶענֶען אַרױסְגֶעגַאנְגֶען אָנְגֶעקְלֵייד אוּן בֵּיים שֵׂכֶל
זִיצֶען צוּ דִיא פִּים פוּן יֵשׁוּעַ, אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען. 36 אוּן דִיא װָאס
הָאבֶּען עֶס גֶעזֶעהֶען הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט װִיא אַזױ דֶער װָאס הָאט דִיא שֵׁדִים
גֶעהַאט אִיז גֶעהֵיילְט גֶעװָארֶען. 37 אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶער גֶעגֶענְד פוּן
דִיא גְרָשִׁים הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל פוּן זֵייא אַװֶעקְגֶעהֶען, װָארִין
אַ גְרױסֶע פָארְכְט הָאט זֵייא אָנְגֶענוּמֶען; אוּן עֶר אִיז אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט. 38 אוּן דֶער מַאן פוּן װֶועלְכֶען דִיא שֵׁדִים זֶענֶען
אַרױסְגֶעגַאנְגֶען הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל מִיט אִיהְם זֵיין; אָבֶּער יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהְם אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט אוּן גֶעזָאגְט, 39 גֶעה צוּרִיק צוּ דֵיין הױז אוּן דֶערְצֶעהְל
װָאסְפַאר גְרױסֶע זַאכֶען גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעטְהוּן. אוּן עֶר אִיז דוּרְךְ דִיא
גַאנְצֶע שְׁטָאדְט גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אױסְגֶערוּפֶען װָאסְפַאר גְרױסֶע זַאכֶען יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן.

40 אוּן עֶס אִיז גֶעװֶען װִיא יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, הָאבֶּען אִיהְם דִיא
לֵייט אױפְגֶענוּמֶען; װָארִין זֵייא הָאבֶּען אַלֶע אױף אִיהְם גֶעװַארְט. 41 אוּן זֶעה, עֶס
אִיז גֶעקוּמֶען אַ מַאן װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען יָאִיר, אוּן עֶר אִיז עֶלְצְטֶער פוּן דֶער

שׁוּל גֶעוֶועזֶען; אוּן עֶר אִיז יֵשׁוּעַ צוּ דִיא פִּיס גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען
אַז עֶר זָאל אִין זַיין הֵייז אַרַיינְקוּמֶען; 42 וָוארִין עֶר הָאט גֶעהַאט אֵיין אֵיינְצִיגֶע
טָאכְטֶער קֶעגֶען צְוֶועלְף יָאהְר אַלְט, אוּן זִיא אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּן וִויא עֶר
אִיז גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם דִיא לֵייט גֶעשְׁטִיפְּט.
43 אוּן אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט אַ בְּלוּטְגַאנְג צְוֶועלְף יָאהְר, אוּן הָאט
פֶערְבְּרַאכְט אִיהְר גַאנְצֶעס פֶערְמֶעגֶען אוֹיף דָאקְטָארֶען, אוּן הָאט בֵּיא קֵיינֶעם נִיט
גֶעקֶענְט גֶעהֵיילְט וֶוערֶען, 44 זִיא אִיז פוּן הִינְטֶער צוּגֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אָנְגֶע־
רִיהְרְט דִיא צִיצִית פוּן זַיינֶעם קְלֵייד. אוּן גְלֵייךְ אִיז אִיהְר בְּלוּטְגַאנְג גֶעבְּלִיבֶּען
שְׁטֶעהֶען. 45 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט מִיךְ אָנְגֶערִיהְרְט? אוּן וֶוען
אַלֶע הָאבֶּען גֶעלֵייקֶענְט, פֶּעטְרוּס אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוען הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, מֵייסְטֶער, דִיא לֵייט דְרֶענְגֶען אוּן דְרִיקֶען דִיךְ. 46 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעזָאגְט, אֵיימִיצֶער הָאט מִיךְ אָנְגֶערִיהְרְט; וָוארִין אִיךְ ווייס אַז גְבוּרָה אִיז פוּן
מִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. 47 אוּן וֶוען דִיא פְרוֹיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זִיא אִיז נִיט
פֶערְבָּארְגֶען גֶעוֶוען, הָאט זִיא גֶעצִיטֶערְט אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אוּן אִיז פָאר אִיהְם
אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט פָאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָוארוּם זִיא הָאט
אִיהְם אָנְגֶערִיהְרְט, אוּן וִויא זִיא אִיז גְלֵייךְ גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. 48 אוּן עֶר הָאט
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, טָאכְטֶער, דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶערֶעטֶעט; גֶעה אִין פְרִידֶען.
49 דֶערְוַוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אִיז אֵיינֶער גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם עֶלְצְ־
טֶען פוּן דֶער שׁוּל, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז טוֹיט,
בֶּעמִיה דֶעם לֶעהְרֶער נִיט מֶעהְר. 50 אָבֶּער יֵשׁוּעַ וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, גְלוֹיבּ נוּר, אוּן זִיא וֶועט גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען. 51 אוּן וֶוען עֶר אִיז אִים הוֹיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר קֵיינֶעם נִיט
גֶעלָאזְט מִיט אִיהְם אַרַיינְקוּמֶען, אוֹיסֶער פֶּעטְרוּס אוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, אוּן דֶעם
פָאטֶער אוּן דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם קִינְד. 52 אוּן זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעוֵויינְט, אוּן
הָאבֶּען אִיבֶּער אִיהְר גֶעקְלָאגְט. אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֵויינְט נִיט; זִיא אִיז
נִיט טוֹיט, נֵייעֶרְט זִיא שְׁלָאפְט. 53 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעלַאכְט, וָוארִין
זֵייא הָאבֶּען גֶעווְאוּסְט אַז זִיא אִיז טוֹיט. 54 אָבֶּער עֶר הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא
דֶער הַאנְד, אוּן הָאט גֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט, מֶעדֶעל, שְׁטֶעה אוֹיף. 55 אוּן אִיהְר
גֵייסְט אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, אוּן זִיא אִיז בַּאלְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען; אוּן עֶר הָאט
בֶּעפוֹילֶען מֶען זָאל אִיהְר גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען. 56 אוּן אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זִיךְ
זֶעהְר פֶערְוָואוּנְדֶערְט; אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען קֵיינֶעם
נִיט זָאגֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען.

ט 1 אוּן עֶר הָאט צוּנוֹיפְגֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף תַּלְמִידִים, אוּן הָאט צוּ זֵייא מַאכְט
אוּן גֶעוַואלְט גֶעגֶעבֶּען אִיבֶּער אַלֶע שֵׁדִים, אוּן צוּ הֵיילֶען קְרַאנְקְהֵייטֶען. 2 אוּן
עֶר הָאט זֵייא אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צוּ פְּרֶעדִיגֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אוּן צוּ הֵיי־
לֶען; 3 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נֶעמְט גָאר נִיט מִיט אוֹיף דֶעם וֶועג,
קֵיין שְׁטֶעקֶען, אוּן קֵיין זַאק, אוּן קֵיין בְּרוֹיט, אוּן קֵיין זִילְבֶּער, אוּן הָאט נִיט
צְוֵויא רֶעק פַאר אֵיין מַאן. 4 אוּן אִין וָואסְפַאר אַ הוֹיז אִיהְר וֶועט אַרַיינְקוּמֶען,

דָארְט בְּלֵייבְּט אוּן פוּן דַאנֶען גֶעהְט אַרוֹיס. 5 אוּן דִיא וָואס וֶועלֶען אֵייךְ נִיט
אוֹיפְנֶעמֶען, וֶוען אִיהְר גֶעהְט אַרוֹיס פוּן יֶענֶער שְׁטָאדְט, אַזוֹי שָׁאקֶעלְט אָפּ
דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵייעֶרֶע פִּיס פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זֵייא. 6 אוּן זֵייא זֶענֶען אַרוֹיכְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא דֶערְפֶער, אוּן הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט
דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אִין אַלֶע עֶרְטֶער אוּן הָאבֶּען גֶעהֵיילְט.
7 אוּן הוֹרְדוֹס דֶער פִּיעֶרְפִירְשְׁט הָאט גֶעהֶערְט פוּן אַלֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען
גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען; אוּן עֶר אִיז בֶּעזָוארְגְט גֶעוֶועזֶען, וֵוייל עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
אַז יוֹחָנָן אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, 8 אוּן עֶטְלִיכֶע אַז אֵלִיָה הָאט
זִיךְ בֶּעוִויזֶען, אוּן אַנְדֶערֶע אַז אֵיינֶער פוּן דִיא אַלְטֶע נְבִיאִים אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַא־
נֶען. 9 אָבֶּער הוֹרְדוֹס הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאבּ אִיךְ דֶעם קָאפּ אַפְּגֶענוּמֶען;
אָבֶּער וֶוער אִיז דִיזֶער פוּן וֶועלְכֶעם אִיךְ הֶער אַזֶעלְכֶע זַאכֶען? אוּן עֶר הָאט
אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ זֶעהֶען.
10 אוּן דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם דֶערְצֶעהְלְט אַלֶעס
וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן. אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶענוּמֶען, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ אַ שְׁטָאדְט וָואס הֵייסְט בֵּית־צַיְדָה. 11 אָבֶּער דִיא לֵייט
וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעוְואוּסְט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען; אוּן עֶר הָאט זֵייא
אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט וֶועגֶען דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּן
עֶר הָאט גֶעהֵיילְט דִיא וָואס הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט אַ רְפוּאָה. 12 אוּן דֶער טָאג
הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַארְבֵּייא צוּ גֶעהֶען; אוּן דִיא צְוֶועלְף זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁיק דִיא לֵייט אַוֶועק, אַז זֵייא זָאלֶען אַרוּמְגֶעהֶען
אִין דִיא דֶערְפֶער אוּן דִיא פֶעלְדֶער, אוּן זָאלֶען אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען אוּן שְׁפֵּייז בֶּעְ־
קוּמֶען; וָוארִין מִיר זֶענֶען דָא אִין אַ וִויסְטֶען אָרְט. 13 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, גִיבְּט אִיהְר זֵייא צוּ עֶסֶען. אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען נִיט
מֶעהְר וִויא פִּינְף בְּרוֹיט אוּן צְוֵוייא פִּישׁ, סַיידֶען מִיר זָאלֶען גֶעהֶען אוּן זָאלֶען
קוֹיפֶען עֶסֶען פַאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק. 14 וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען
פִּינְף טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען. אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, זֶעצְט זֵייא
אַנִידֶער אִין חֶבְרוֹת צוּ פִינְפְצִיג. 15 אוּן זֵייא הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּן הָאבֶּען
זֵייא אַלֶע אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט. 16 אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִּינְף בְּרוֹיט אוּן דִיא
צְוֵוייא פִּישׁ, אוּן הָאט אַרוֹיפְגֶעקוּקְט צוּם הִימֶעל, אוּן הָאט אִיבֶּער זֵייא אַ
בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן הָאט זֵייא צוּבְּרָאכֶען אוּן גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים
אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא פָאר דִיא לֵייט לֶעגֶען. 17 אוּן זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען אוּן
זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען; אוּן זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען
צְוֶועלְף קֶערְבּ פוּל בְּרֶעקֶלֶעךְ.
18 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר הָאט שְׁטִילֶערְהֵייט גֶעבֶּעטֶען, דִיא תַּלְמִידִים
זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען; אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, וֶוער
זָאגֶען דִיא לֵייט אַז אִיךְ בִּין? 19 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
יוֹחָנָן דֶעם מְטַבֵּל. אָבֶּער אַנְדֶערֶע זָאגֶען אֵלִיָה, אוּן אַנְדֶערֶע אַז אֵיינֶער
פוּן דִיא אַלְטֶע נְבִיאִים אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. 20 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,

אָבֶּער װֶער זָאגְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין? אוּן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט, דֶער מָשִׁיחַ פוּן גָאט. 21 אוּן עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, אוּן הָאט
זֵייא בֶּעפוֹילֶען אַז זֵייא זָאלֶען דָאס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען; 22 אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן אָדָם מוּז פִיל לֵיידֶען, אוּן פֶערְוָוארְפֶען װֶערֶען פוּן דִיא עֶלְצְ־
טֶע אוּן עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים, אוּן גֶעטֵייטֶעט װֶערֶען, אוּן דֶעם
דְרִיטֶען טָאג אוֹיפְשְׁטֶעהֶען.
23 אוּן עֶר הָאט צוּ אַלֶע גֶעזָאגְט, װֶער עֶס ווִיל מִיר נָאכְקוּמֶען לָאז עֶר זִיךְ
זֶעלְבְּסְט פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּן זַיין קְרֵייץ טֶעגְלִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען אוּן מִיר נָאכְפָאלְגֶען.
24 וָוארִין װֶער עֶס ווִיל זֵיינֶע זֶעלֶע רֶעטֶען, דֶער װֶעט זִיא פֶערְלִירֶען; אָבֶּער
װֶער עֶס װֶעט זֵיינֶע זֶעלֶע פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט װֶעגֶען, דֶער זָאל זִיא רֶעטֶען.
25 וָוארִין וָואס הֶעלְפְט עֶס דֶעם מֶענְשֶׁען װֶען עֶר װֶעט דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט גֶע־
ווִינֶען, אוּן זִיךְ אַלֵיין פֶערְלִירֶען אָדֶער בֶּעשֶׁעדִיגְט װֶערֶען? 26 וָוארִין װֶער עֶס
װֶעט זִיךְ שֶׁעהְמֶען מִיט מִיר אוּן מֵיינֶע װֶערְטֶער, מִיט דֶעם װֶעט זִיךְ דֶער
בֶּן אָדָם שֶׁעהְמֶען, װֶען עֶר װֶעט קוּמֶען אִין זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּן אִין דֶער
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיין פָאטֶער אוּן פוּן דִיא הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים. 27 אוּן בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, עֶס זֶענֶען גֶעװֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס שְׁטֶעהֶען דָא, וָואס װֶעלֶען
נִיט פֶערְזוּכֶען דֶעם טוֹיט, בִּיז זֵייא װֶעלֶען זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט.
28 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען קֶענֶען אַכְט טָאג נָאךְ דִיזֶע רֶעד הָאט עֶר גֶענוּ־
מֶען פֶּעטְרוּס אוּן יוֹחָנָן אוּן יַעֲקֹב, אוּן אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג
צוּ בֶּעטֶען. 29 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען ווִיא עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען, הָאט זִיךְ דִיא
גֶעשְׁטַאלְט פוּן זַיין פָּנִים פֶערְעֶנְדֶערְט, אוּן זֵיינֶע קְלֵיידוּנְג אִיז ווַייס גֶעוָוארֶען
אוּן הָאט גֶעגְלַאנְצְט. 30 אוּן זֶעה, צְווַייא מֶענֶער הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶערֶעט,
װֶעלְכֶע זֶענֶען גֶעװֶען מֹשֶׁה אוּן אֵלִיָּה; 31 װֶעלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ אִין הֶערְלִיכְקֵייט
בֶּעווִיזֶען, אוּן הָאבֶּען גֶערֶעט װֶעגֶען זַיין אוֹיסְגַאנְג, וָואס עֶר װֶעט דֶערְפִילֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם. 32 אָבֶּער פֶּעטְרוּס אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעװֶען הָאבֶּען
שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאפֶען, אוּן װֶען זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעוַואכְט, הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען
זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּן דִיא צְווַייא מֶענֶער וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען.
33 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען ווִיא זֵייא זֶענֶען פוּן אִיהְם אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט
פֶּעטְרוּס צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, מֵייסְטֶער, עֶס אִיז גוּט פַאר אוּנְז דָא צוּ זַיין; אוּן לָאר־
זֶען מִיר מַאכֶען דְרַייא גֶעצֶעלְטֶען, אֵיינְס פַאר דִיר, אוּן אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה, אוּן
אֵיינְס פַאר אֵלִיָּה; וָוארִין עֶר הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט וָואס עֶר זָאגְט. 34 אוּן
דֶערְווַייל עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט אִיז אַ וָואלְקֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זֵייא אִיבֶּערְ־
גֶעדֶעקְט; אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען ווִיא זֵייא זֶענֶען אִין דֶער וָואלְקֶען
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען. 35 אוּן עֶס אִיז גֶעװֶען אַ קוֹל פוּן דֶער וָואלְקֶען, וָואס הָאט
גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז מֵיין אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְטֶער זוּהְן, הֶערְט אִיהְם צוּ. 36 אוּן װֶען
דָאס קוֹל אִיז פַארְבֵּייא גֶעוָוארֶען, אִיז יֵשׁוּעַ אַלֵיין גֶעפִינֶען; אוּן זֵייא הָאבֶּען
גֶעשְׁווִיגֶען, אוּן הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט דֶערְצֶעהְלְט אִין יֶענֶע טֶעג קֵיין זַאךְ וָואס
זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען.

37 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, וָוען זַייא זֶענֶען פוּן דֶעם
בַּארְג אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען אִיהְם פִיל לֵייט בֶּעגֶעגֶענְט. 38 און זֶעה, אַ מַאן
פוּן דִיא לֵייט הָאט גֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, אִיךְ בֶּעט דִיךְ אַז דוּא
זָאלְסְט אוֹיף מֵיינֶעם זוּהְן אַנְזֶעהֶען, וָוארִין עֶר אִיז מֵיין אֵיינְצִיגֶער; 39 און זֶעה,
אַ גֵייסְט נֶעמְט אִיהְם, און עֶר שְׁרֵייט פְּלוּצְלִינְג און רֵייסְט אִיהְם בִּיז עֶר
שוּימְט. און קוּים גֶעהְט עֶר פוּן אִיהְם אַוֶועק, וָוען עֶר הָאט אִיהְם צוּשְׁטוּיסֶען.
40 און אִיךְ הָאבּ דֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעבֶּעטֶען, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם אַרוּיסְטְרֵייבֶּען;
און זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט. 41 און יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, אֵיין
אוּנְגְלוֹיבִּיגֶעס און פֶערְקֶעהְרְטֶעס דוֹר, וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ מִיט אֵייךְ זַיין און
מִיט אֵייךְ גֶעדוּלְד הָאבֶּען? בְּרֶענְג דֵיין זוּהְן אַהֶער. 42 און דֶערְוַוייל עֶר הָאט
זִיךְ גֶענֶעהְנְט, הָאט אִיהְם דֶער שֵׁד צוּרִיסֶען און גֶעמִיטְשֶׁעט. און יֵשׁוּעַ הָאט
דֶעם אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, און הָאט דָאס קִינְד גֶעהֵיילְט, און הָאט
אִיהְם צוּ זַיין פָאטֶער גֶעגֶעבֶּען. 43 און זַייא זֶענֶען אַלֶע עֶרְשְׁטוּינְט גֶעוָוארֶען
אִיבֶּער דֶער גְדוּלָה פוּן גָאט.

און זַייא אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט אִיבֶּער אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶע־
טְהוּן, הָאט עֶר צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, 44 לֶעגְט אִיהְר אִין אֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען
דִיזֶע וֶוערְטֶער; וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא
הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען. 45 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען דִיזֶע זַאךְ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, און
עֶס אִיז פוּן זַייא פֶערְבָּארְגֶען גֶעוָוארֶען, אַז זַייא זָאלֶען עֶס נִיט בֶּעגְרֵייפֶען;
און זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אִיהְם וֶועגֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ צוּ פְרֶעגֶען.
46 און עֶס אִיז אַ גֶעדַאנְקֶען אִין זַייא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, וֶועלְכֶער פוּן זַייא זָאל דֶער גְרֶע־
סֶערֶער זַיין. 47 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוְואוּסְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ, און
הָאט גֶענוּמֶען אַ קְלֵיין קִינְד, און הָאט עֶס בֵּייא זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, 48 און הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס וֶועט דִיזֶעס קְלֵיינֶע קִינְד אוֹיפְנֶעמֶען אִין מֵיין נָאמֶען,
דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף; און וֶוער עֶס וֶועט מִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען, דֶער נֶעמְט אוֹיף
דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט; וָוארִין וֶוער עֶס אִיז דֶער קְלֵיינְסְטֶער צְוִוישֶׁען
אֵייךְ אַלֶע, דֶער אִיז גְרוֹיס. 49 און יוֹחָנָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, מֵייבְּ־
טֶער, מִיר הָאבֶּען אֵיימִיצֶען גֶעזֶעהֶען וָואס טְרֵייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים אִין דֵיין
נָאמֶען, און מִיר הָאבֶּען אִיהְם פֶערְוֶועהְרְט, וַוייל עֶר פָאלְגְט נִיט אוּנְז נָאךְ.
50 און יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פֶערְוֶועהְרְט אִיהְם נִיט; וָוארִין וֶוער עֶס
אִיז נִיט קֶעגֶען אוּנְז, דֶער אִיז פַאר אוּנְז.

51 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וָוען דִיא טֶעג זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוֶוען אַז עֶר זָאל
אַרוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זַיין פָּנִים שְׁטַארְק גֶעקֶעהְרְט אַז עֶר זָאל
גֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם; 52 און עֶר הָאט שְׁלוּחִים פָאר זִיךְ גֶעשִׁיקְט. און זַייא
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, און זֶענֶען אִין אַ דָארְף פוּן דִיא שׁוֹמְרוֹנִים אַרֵיינְגֶעקוּמֶען,
כְּדֵי זַייא זָאלֶען פַאר אִיהְם אָנְבְּרֵייטֶען. 53 און זַייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט אָנְגֶע־
נוּמֶען, וַוייל זַיין פָּנִים אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי וִויא עֶר וָואלְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם גֶעהֶען.
54 און וָוען דִיא תַּלְמִידִים יַעֲקֹב און יוֹחָנָן הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען הָאבֶּען זַייא

גֶעזָאגְט, הַאר, ווילְסְט דוּא אַז מִיר זָאלֶען הֵייסֶען פֵייעֶר פוּן הִימֶעל אַרוּפְּקוּ־
מֶען אוּן זֵייא פֶערְצֶעהְרֶען? 55 אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט
זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיגֶען. 56 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין אַנְדֶערֶען דָארְף.
57 אוּן ווִיא זֵייא זֶענֶען אוֹיף דֶעם ווֶעג גֶעגַאנְגֶען, הָאט אַ מַאן צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אִיךְ ווֶעל דִיר נָאכְפָאלְגֶען ווְאוּ אַהִין דוּא ווֶעסְט גֶעהֶען. 58 אוּן
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא פוּקְסֶען הָאבֶּען לֶעכֶער, אוּן דִיא פֵייגֶעל
פוּן דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען נֶעסְטֶען, אָבֶּער דֶער בֶּן אָדָם הָאט נִיט ווְאוּ דֶעם
קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֶעגֶען. 59 אוּן עֶר הָאט צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר
נָאךְ. אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְלוֹיבּ מִיר, אַז אִיךְ זָאל צוּעֶרְשְׁט גֶעהֶען
מֵיין פָאטֶער צוּ בֶּעגְרָאבֶּען. 60 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאזֶען דִיא
טוֹיטֶע זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע טוֹיטֶע בֶּעגְרָאבֶּען; אָבֶּער גֶעה דוּא אַוֶועק אוּן מַאךְ
בֶּעקַאנְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 61 אוּן אוֹיךְ אֵיין אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט,
הַאר, אִיךְ ווֶעל דִיר נָאכְפָאלְגֶען, אָבֶּער דֶערְלוֹיבּ מִיר צוּעֶרְשְׁט אַז אִיךְ זָאל
מִיךְ גֶעזֶעגְנֶען מִיט מֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד. 62 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
קֵיין מֶענְשׁ ווָאס לֶעגְט זֵיינֶע הַאנְד צוּם אַקֶער אוּן קוּקְט הִינְטֶער זִיךְ טוֹיגְט
פַאר דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט.
י 1 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאט דֶער הַאר אָנְגֶעשְׁטֶעלְט נָאךְ זִיבְּצִיג אַנְדֶערֶע, אוּן
הָאט זֵייא אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צוּ צְווֵייא פָאר אִיהְם, אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאדְט אוּן אָרְט
אַרֵיין, ווְאוּ אַהִין עֶר אַלֵיין הָאט גֶעווָאלְט קוּמֶען. 2 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָ־
אגְט, דֶער קָארְנְשְׁנִיט אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער דִיא אַרְבֵּייטֶער זֶענֶען ווֶענִיג; דְרוּם
בֶּעט צוּם הַאר'ן פוּן דֶעם קָארְנְשְׁנִיט, אַז עֶר זָאל אַרוֹיסְשִׁיקֶען אַרְבֵּייטֶער צוּ
זֵיין קָארְנְשְׁנִיט. 3 גֶעהְט אַוֶועק; זֶעה, אִיךְ שִׁיק אֵייךְ אוֹיס ווִיא שָׁאף צְווִישֶׁען
ווֶעלְף. 4 טְרָאגְט נִיט קֵיין בֵּייטֶעל, נִיט קֵיינֶע רֵייזֶע טַאשׁ, נִיט קֵיינֶע שִׁיךְ, אוּן
גְרִיסְט קֵיינֶעם נִיט אוֹיף דֶעם ווֶעג. 5 אוּן אִין ווָאסְפַאר אַ הוֹיז אִיהְר ווֶעט
אַרֵיינְקוּמֶען, זָאגְט צוּעֶרְשְׁט, פְרִידֶען צוּ דִיזֶעם הוֹיז. 6 אוּן ווֶען דֶער זוּהְן פוּן
פְרִידֶען ווֶעט דָארְט זֵיין, ווֶעט אֵייעֶר פְרִידֶען אוֹיף אִיהְם רוּהֶען; אוּן ווֶען נִיט,
ווֶעט עֶס זִיךְ צוּ אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען. 7 אוּן בְּלֵייבְּט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען הוֹיז, אוּן
עֶסְט אוּן טְרִינְקְט ווָאס זֵייא הָאבֶּען; ווָארִין דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז ווֶערְט זֵיין
שְׂכַר; גֶעהְט נִיט פוּן הוֹיז צוּ הוֹיז. 8 אוּן אִין ווָאסְפַאר אַ שְׁטָאדְט אִיהְר ווֶעט
אַרֵיינְקוּמֶען, אוּן זֵייא ווֶעלֶען אֵייךְ אוֹיפְנֶעמֶען, עֶסְט ווָאס מֶען שְׁטֶעלְט פָאר
אֵייךְ; 9 אוּן הֵיילְט דִיא ווָאס זֶענֶען דָארְט קְרַאנְק, אוּן זָאגְט צוּ זֵייא, דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז צוּ אֵייךְ נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען. 10 אוּן אִין ווָאסְפַאר אַ
שְׁטָאדְט אִיהְר ווֶעט אַרֵיינְקוּמֶען, אוּן זֵייא ווֶעלֶען אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען, גֶעהְט
אַרוֹיס אִין אִיהְרֶע גַאסֶען אוּן זָאגְט, 11 אַפִילוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ ווָאס קְלֶעבְּט אָן
אוּנְזֶערֶע פִים פוּן אֵייעֶרֶע שְׁטָאדְט שָׁאקְלֶען מִיר אָפּ צוּ אֵייךְ; אָבֶּער דָאס
ווִייסְט, אַז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז צוּ אֵייךְ נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען. 12 אִיךְ

55 אוּן הָאט גֶעזָאגְט אִיהְר ווֵייסְט נִיט פוּן ווָאסְפַאר אַ גֵייסְט אִיהְר זֶענְט. ווָארִין דֶער בֶּן אָדָם
אִיז נִיט גֶעקוּמֶען דָאס לֶעבֶּען פוּן מֶענְשֶׁען אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען נֵייעֶרְט עֶס צוּ דֶערְהַאלְטֶען.

זָאג אֵייךְ אַז עֶס וֶועט גְרִינְגֶער זַיין אִין יֶענֶעם טָאג פַאר סְדוֹם, ווִיא פַאר
יֶענֶע שְׁטָאדְט.
13 וֶועה צוּ דִיר כּוֹרָזִין, וֶועה צוּ דִיר בֵּית־צַיְדָה, וָוארִין וֶוען דִיא גְבוּרוֹת
וָואס וֶוענֶען אִין אֵייךְ גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען, וָואלְטֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען אִין צוֹר אוּן
צִידוֹן, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵייא שׁוֹין לַאנְג גֶעזֶעסֶען אִין זַאק אוּן אַשׁ, אוּן תְּשׁוּבָה
גֶעטְהוּן. 14 אָבֶּער עֶס וֶועט גְרִינְגֶער זַיין בֵּיים מִשְׁפָּט פַאר צוֹר אוּן צִידוֹן,
ווִיא פַאר אֵייךְ. 15 אוּן דוּא כְּפַרְנַחוּם וֶועסְט דוּא דֶערְהֵייכְט בִּיז צוּם
הִימֶעל? דוּא וֶועסְט עֶרְנִידְרִיגְט וֶוערֶען בִּיז צוּם שְׁאוֹל. 16 וֶוער עֶס הֶערְט
אֵייךְ צוּ, הֶערְט מִיךְ צוּ, אוּן וֶוער עֶס פֶערְוַוארְפְט אֵייךְ, פֶערְוַוארְפְט מִיךְ; אוּן
וֶוער עֶס פֶערְוַוארְפְט מִיךְ, פֶערְוַוארְפְט דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.
17 אוּן דִיא זִיבְּצִיג זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען מִיט פְרֵייד, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
הַאר, אַפִּילוּ דִיא שֵׁדִים זֶענֶען צוּ אוּנְז אוּנְטֶערְטֶענִיג אִין דֵיין נָאמֶען. 18 אוּן
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם שָׂטָן אַרוּפְפַאלֶען ווִיא אַ
בְּלִיץ פוּן דֶעם הִימֶעל. 19 זֶעה, אִיךְ גִיבּ אֵייךְ מַאכְט צוּ טְרֶעטֶען אוֹיף שְׁלַאנְגֶען
אוּן עֶגְדִישֶען, אוּן אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע מַאכְט פוּן דֶעם פַיינְד אוּן קֵיין זַאךְ
וֶועט אֵייךְ נִיט שַׁאדֶען. 20 אָבֶּער פְרֵייעֶט אֵייךְ נִיט אִיבֶּער דֶעם, אַז דִיא גֵייסְ־
טֶער זֶענֶען צוּ אֵייךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג, אָבֶּער פְרֵייעֶט אֵייךְ אַז אֵיירֶע נֶעמֶען
זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִים הִימֶעל.
21 אִין דִיא דָאזִיגֶע שָׁעָה הָאט זִיךְ יֵשׁוּעַ גֶעפְרֵייט אִין דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּן
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ דַאנְק דִיר פָאטֶער, הַאר פוּן הִימֶעל אוּן עֶרְד, אַז דוּא
הָאסְט דִיזֶע זַאכֶען פֶערְבָּארְגֶען פוּן חֲכָמִים אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּן הָאסְט זֵייא
אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ קְלֵיינֶע קִינְדֶער; יָא פָאטֶער, וָוארִין עֶס אִיז דִיר אַזוֹי ווְאוֹילְ־
גֶעפֶעלֶען. 22 אַלֶעס אִיז מִיר פוּן מֵיינֶעם פָאטֶער אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אוּן קֵיינֶער
ווֵייסְט נִיט וֶוער דֶער זוּהְן אִיז אוֹיסֶער דֶער פָאטֶער, אוּן וֶוער דֶער פָאטֶער
אִיז אוֹיסֶער דֶער זוּהְן, אוּן דֶער צוּ וֶועמֶען דֶער זוּהְן ווִיל אִיהְם אַנְטְפְּלֶעקֶען.
23 אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ דִיא תַּלְמִידִים בֵּייא זִיךְ אַלֵיין, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא אוֹיגֶען וָואס זֶעהֶען דָאס וָואס אִיהְר זֶעהְט.
24 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז פִילֶע נְבִיאִים אוּן מְלָכִים הָאבֶּען גֶעוָואלְט זֶעהֶען
דָאס וָואס אִיהְר זֶעהְט, אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען; אוּן הֶערֶען דָאס וָואס אִיהְר
הֶערְט, אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט.
25 אוּן זֶעה, אַ גֶעווִיסֶער גֶעזֶעצְלֶעהְרֶער אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט אִיהְם
גֶעפְּרִיפְט אוּן גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל עֶבִּיגֶעס
לֶעבֶּען יַרְשֶׁענֶען? 26 עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער
תּוֹרָה, ווִיא לֵיינְסְט דוּא? 27 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, דוּא
זָאלְסְט דֶעם הַאר'ן דֵיין גָאט לִיבֶּען מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּן מִיט דֵיינֶע
גַאנְצֶע זֶעלֶע, אוּן מִיט דֵיינֶע גַאנְצֶע קְרַאפְט, אוּן מִיט דֵיין גַאנְצֶען גֶעמִיט,
אוּן דֵיין גֶעזֶעלֶען ווִיא דִיךְ זֶעלְבְּסְט. 28 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא

20 תהלים עא׳ יג׳. 27 ויקרא יט׳ יח׳: דברים ו׳ ה׳.

הָאסְט רֶעכְט גֶעעֶנְטְפֶערְט; דָאס טְהוּא אוּן דוּא וֶועסְט לֶעבֶּען. 29 אָבֶּער עֶר
הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען, אוּן הָאט צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אוּן וֶוער אִיז
מֵיין גֶעזֶעל? 30 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אַ גֶעוִויסֶער מַאן אִיז
אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין יְרִיחוֹ, אוּן אִיז אַרֵיינְגֶעפַאלֶען צְוִוישֶׁען רוֹיְ־
בֶּער, וָואס הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם הַאלְבּ טוֹיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט. 31 אוּן עֶס הָאט
זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַז אַ גֶעוִויסֶער כֹּהֵן אִיז יֶענֶעם וֶועג אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען, אוּן
וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט.
32 אוּן גְלֵייכְדֶעם אוֹיךְ אַ לֵוִי אִיז צוּ דֶעם אָרְט גֶעקוּמֶען אוּן הָאט אִיהְם גֶעזֶע־
הֶען, אוּן אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט. 33 אָבֶּער אַ גֶעוִויסֶער
שׁוֹמְרוֹנִי וָואס הָאט גֶערֵייזְט אִיז קֶעגֶענְאִיבֶּער אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען,
אוּן הָאט אִיבֶּער אִיהְם רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען. 34 אוּן עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט
זֵיינֶע וְואוּנְדֶען פֶערְבּוּנְדֶען, אוּן הָאט אִין זֵייא עֶהְל אוּן וֵויין אַרֵיינְגֶעגָאסֶען,
אוּן הָאט אִיהְם אוֹיף זֵיין אֵייגֶענֶע בְּהֵמָה אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּן הָאט אִיהְם אִין
אַ הֶערְבֶּערְגֶע אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאט פַאר אִיהְם גֶעזָארְגְט. 35 אוּן אִים
מָארְגֶען וֶוען עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר צְוֵייא גִילְדֶען אַרוֹיסְגֶענוּמֶען
אוּן הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּם וִוירְט, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָארְגְט פַאר
אִיהְם, אוּן וָואס דוּא וֶועסְט מֶעהְר אוֹיסְגֶעבֶּען, וֶוען אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקוּמֶען
וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעצָאהְלֶען. 36 וֶועלְכֶער פוּן דִיא דְרֵייא דֶענְקְסְט דוּא אִיז אַ
גֶעזֶעל גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעפַאלֶען צְוִוישֶׁען דִיא רוֹיבֶּער? 37 אוּן עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס הָאט מִיט אִיהְם בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט גֶעטְהוּן. אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אוּן טְהוּא דָאס גְלֵייכֶע.

38 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אִיז עֶר אִין אַ דָארְף אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען. אוּן אַ גֶעוִויסֶע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען מַרְתָּא הָאט אִיהְם אִין
אִיהְר הוֹיז אַרֵיינְגֶענוּמֶען. 39 אוּן זִיא הָאט אַ שְׁוֶועסְטֶער גֶעהַאט וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען מִרְיָם, וָואס אִיז אוֹיךְ בֵּייא דִיא פִּיס פוּן יֵשׁוּעַ גֶעזֶעסֶען, אוּן הָאט
זֵיינֶע רֶעד צוּגֶעהֶערְט. 40 אָבֶּער מַרְתָּא הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט מִיט פִיל דִינְגֶען; אוּן
זִיא אִיז צוּגֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, בֶּעקִימֶערְט עֶס דִיךְ נִיט אַז מֵיינֶע
שְׁוֶועסְטֶער הָאט מִיךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַלֵיין צוּ בֶּעדִינֶען? דְרוּם זָאג אִיהְר אַז
זִיא זָאל מִיר הֶעלְפֶען. 41 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, מַרְתָּא מַרְתָּא, דוּא זָארְגְסְט אוּן בֶּעמִיהְסְט דִיךְ וֶועגֶען פִילֶע זַאכֶען;
42 אָבֶּער אֵיינֶע זַאךְ אִיז נֶעטִיג; וָוארִין מִרְיָם הָאט זִיךְ דֶעם גוּטֶען טְהֵייל
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, וָואס וֶועט נִיט פוּן אִיהְר אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען.

יא 1 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען אִין אַ גֶעוִויסֶען אָרְט,
וִויא עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, לֶעהְר אוּנְז צוּ בֶּעטֶען, אַזוֹי וִויא יוֹחָנָן הָאט אוֹיךְ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעְ־
לֶעהְרְט. 2 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר בֶּעטֶעט זָאגְט, פָאטֶער

35 גִר׳ דִינַר

גֶעהֵיילִיגְט זָאל װֶערֶען דֵיין נָאמֶען. דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ זָאל קוּמֶען. 3 גִיב אוּנְז
יֶעדֶעם טָאג אוּנְזֶער טֶעגְלִיכֶעס בְּרוֹיט. 4 אוּן פֶערְגִיב אוּנְז אוּנְזֶערֶע זִינְד, װָארִין
מִיר זֶעלְבְּסְט פֶערְגֶעבֶּען אוֹיךְ אַלֶע דִיא װָאס פֶערְשׁוּלְדִיגֶען קֶעגֶען אוּנְז; אוּן
פִיהְר אוּנְז נִיט אִין פְּרִיפוּנְג.

5 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װֶעלְכֶער פוּן אֵייךְ װֶעט הָאבֶּען אַ פְרֵיינְד,
אוּן עֶר װֶעט צוּ אִיהְם גֶעהֶען אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט, אוּן װֶעט צוּ אִיהְם זָאגֶען,
פְרֵיינְד, בָּארְג מִיר דְרֵייא בְּרוֹיט, 6 װָארִין מֵיין פְרֵיינְד אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם װֶעג, אוּן אִיךְ הָאבּ נִיט װָאס אִיהְם פָארְצוּלֶעגֶען. 7 אוּן יֶענֶער פוּן
דְרִינֶען װֶעט עֶנְטְפֶערֶען אוּן זָאגֶען, זֵייא מִיךְ נִיט מַטְרִיחַ; דִיא טְהִיר אִיז שׁוֹין
פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּן מֵיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען מִיט מִיר אִים בֶּעט, אִיךְ קֶען נִיט אוֹיפְ־
שְׁטֶעהֶען דִיר צוּ גֶעבֶּען. 8 אִיךְ זָאג אֵייךְ, װֶען עֶר װֶעט אוֹיךְ נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען
אוּן אִיהְם גֶעבֶּען װֵייל עֶר אִיז זֵיין פְרֵיינְד, װֶעגֶען זֵיין עַזוּת װֶעט עֶר
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אוּן װֶעט אִיהְם גֶעבֶּען אַזוֹי פִיל װִיא עֶר בֶּעדַארְף. 9 אוּן אִיךְ
זָאג אֵייךְ, פֶערְלַאנְגְט, אוּן עֶס װֶעט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען; זוּכְט, אוּן אִיהְר
װֶעט גֶעפִינֶען; קְלַאפְּט אָן, אוּן עֶס װֶעט אֵייךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט װֶערֶען. 10 װָארִין
אִיטְלִיכֶער װָאס פֶערְלַאנְגְט בֶּעקוּמְט, אוּן דֶער װָאס זוּכְט גֶעפִינְט, אוּן צוּ דֶעם
װָאס קְלַאפְּט אָן װֶעט אוֹיפְגֶעמַאכְט װֶערֶען. 11 אוּן װֶער צְוִוישֶׁען אֵייךְ װָאס
אִיז אַ פָאטֶער, װֶען זֵיין זוּהְן װֶעט בֶּעטֶען אוּם בְּרוֹיט, װֶעט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען
אַ שְׁטֵיין? אָדֶער אוֹיךְ אַ פִישׁ, װֶעט עֶר אִיהְם אַ שְׁלַאנְג גֶעבֶּען אַנְשְׁטָאט אַ
פִישׁ? 12 אָדֶער װֶען עֶר װֶעט בֶּעטֶען אֵיין אֵיי, װֶעט עֶר אִיהְם אֵיין עֶגְדִיס
גֶעבֶּען? 13 דְרוּם װֶען אִיהְר װָאס זֶענְט שְׁלֶעכְט װֵייסְט צוּ גֶעבֶּען גוּטֶע מַתָּנוֹת
צוּ אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, װִיא פִיל מֶעהְר װֶעט דֶער פָאטֶער אִים הִימֶעל גֶעבֶּען
דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ צוּ דִיא װָאס אִיהְם בֶּעטֶען?

14 אוּן עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אַ שֵׁד, אוּן דֶער אִיז שְׁטוּם גֶעװֶעזֶען; אוּן עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען װֶען דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, הָאט דֶער שְׁטוּמֶער גֶערֶעט;
אוּן דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעװוּאוּנְדֶערְט. 15 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ בַּעַלְזְבוּב דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא
שֵׁדִים. 16 אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרִיפְט, אוּן הָאבֶּען פוּן אִיהְם פֶערְ־
לַאנְגְט אַ צֵייכֶען פוּן הִימֶעל. 17 אָבֶּער עֶר װִיסֶענְדִיג זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען,
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶעס קֶענִיגְרֵייךְ װָאס אִיז מִיט זִיךְ צוּטְהֵיילְט װֶערְט
פֶערְװִיסְט, אוּן אַ הוֹיז צוּטְהֵיילְט מִיט אַ הוֹיז פַאלְט אֵיין. 18 אוּן װֶען דֶער
שָׂטָן אוֹיךְ אִיז מִיט זִיךְ צוּטְהֵיילְט, װִיא אַזוֹי זָאל זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ בֶּעשְׁטֶעהֶען?
װָארִין אִיהְר זָאגְט, אַז אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ בַּעַלְזְבוּב. 19 אוּן
װֶען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ בַּעַלְזְבוּב, דוּרְךְ װֶעמֶען טְרֵייבֶּען זֵייא
אֵייעֶרֶע זִיהְן אַרוֹיס? דְרוּם װֶעלֶען זֵייא זֶעלְבְּסְט אֵייעֶרֶע רִיכְטֶער זֵיין. 20 אָבֶּער
װֶען אִיךְ דוּרְךְ דֶעם פִינְגֶער פוּן גָאט טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים, אַזוֹי אִיז דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַװַדַאי צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען. 21 װֶען דֶער שְׁטַארְקֶע אוּן
גֶעװַאפֶּענְטֶע מַאן הִיט זֵיין אֵייגֶען הוֹיף, אִיז זֵיין פֶערְמֶעגֶען אִין פְרִידֶען;

22 אָבֶּער װֶען אַ שְׁטַארְקֶערֶער װִיא עֶר װֶעט קוּמֶען אוּן װֶעט אִיהְם בֶּעזִיגֶען,
װֶעט עֶר אַװֶעקְנֶעמֶען זַיין װַאפֶען אִין װֶעלְכֶע עֶר הָאט פֶערְטְרוֹיעֶט, אוּן
װֶעט זַיין רוֹיב צוּטְהֵיילֶען. 23 דֶער װָאס אִיז נִיט מִיט מִיר אִיז קֶעגֶען מִיר, אוּן
דֶער װָאס זַאמֶעלְט נִיט מִיט מִיר צוּשְׁפְּרֵייט. 24 װֶען דֶער אוּנְרֵיינֶע גֵייסְט
גֶעהְט אַרוֹיס פוּן אַ מֶענְשֶׁען, גֶעהְט עֶר אַרוּם אִין טְרוּקֶענֶע עֶרְטֶער, אוּן זוּכְט
רוּה; אוּן װֶען עֶר הָאט זִיא נִיט גֶעפִינֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל מִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען צוּ מֵיין הויז אַרֵיין, פוּן װַאנֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען. 25 אוּן
װֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר עֶס אוֹיסְגֶעקֶעהְרְט אוּן אוֹיסְגֶעצִירְט גֶעפִינֶען.
26 דַאן גֶעהְט עֶר אוּן נֶעמְט זִיבֶּען אַנְדֶערֶע גֵייסְטֶער נָאךְ עֶרְגֶער װִיא עֶר
זֶעלְבְּסְט, אוּן זֵייא קוּמֶען אַרֵיין אוּן װְאוֹינֶען דָארְט, אוּן דֶער סוֹף פוּן דֶעם
מֶענְשֶׁען אִיז עֶרְגֶער װִיא דִיא עֶרְשְׁטֶע.

27 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, דֶערְװֵייל עֶר הָאט דִיזֶע זַאכֶען גֶעזָאגְט, הָאט אַ
פְרוֹיא פוּן צְװִישֶׁען דִיא לֵייט אִיהְר קוֹל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער לֵייבּ װָאס הָאט דִיךְ גֶעטְרָאגֶען, אוּן דִיא בְּרִיסְטֶען
װָאס דוּא הָאסְט גֶעזֵייגְט. 28 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לִיבֶּער זֶענֶען דִיא גֶע־
בֶּענְשְׁט װָאס הֶערֶען דָאס װָארְט פוּן גָאט אוּן הַאלְטֶען עֶס.

29 אוּן װִיא דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען,
דָאס אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶעס דוֹר; עֶס זוּכְט אַ צֵייכֶען, אוּן קֵיין צֵייכֶען װֶעט צוּ זֵייא
נִיט גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען, אוֹיסֶער דֶעם צֵייכֶען פוּן יוֹנָה הַנָבִיא. 30 װָארִין אַזוֹי װִיא
יוֹנָה אִיז גֶעװָארֶען אַ צֵייכֶען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען פוּן נִינְוֵה, אַזוֹי װֶעט דֶער בֶּן אָדָם
צוּ דִיזֶעם דוֹר זַיין. 31 דִיא מַלְכָּה פוּן תֵּימָן װֶעט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אִים מִשְׁפָּט
מִיט מֶענְשֶׁען פוּן דִיזֶעם דוֹר, אוּן װֶעט זֵייא פֶערְשׁוּלְדִיגֶען; װָארִין זִיא אִיז
גֶעקוּמֶען פוּן דִיא עֶקֶען פוּן דֶער װֶעלְט צוּ הֶערֶען דִיא חָכְמָה פוּן שְׁלֹמֹה, אוּן
זֶעה, עֶס אִיז דָא מֶעהְר װִיא שְׁלֹמֹה. 32 דִיא מֶענְשֶׁען פוּן נִינְוֵה װֶעלֶען אוֹיפְ־
שְׁטֶעהֶען אִים מִשְׁפָּט מִיט דִיזֶעם דוֹר, אוּן װֶעלֶען עֶס פֶערְשׁוּלְדִיגֶען; װָארִין זֵייא
הָאבֶּען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן דוּרְךְ דֶער פְּרֶעדִיגְט פוּן יוֹנָה, אוּן זֶעה, עֶס אִיז דָא
מֶעהְר װִיא יוֹנָה.

33 קֵיינֶער צִינְדֶעט נִיט אָן אַ לַאמְפֶּע אוּן שְׁטֶעלְט עֶס אִין אַ פֶערְבָּארְגֶענֶען
אָרְט, אָדֶער אוּנְטֶער אַ מֶעסְטֶעל, נֵייעֶרְט אוֹיף אַ גֶעשְׁטֶעל, אַז דִיא װָאס
קוּמֶען אַרֵיין זָאלֶען זֶעהֶען דָאס לִיכְט. 34 דִיא לַאמְפֶּע פוּן דֶעם לֵייבּ אִיז דֵיין
אוֹיג. װָען דֵיין אוֹיג אִיז אֵיינְפַאךְ, אַזוֹי אִיז דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ לִיכְטִיג; אָבֶּער
װֶען עֶס אִיז אִיבֶּעל, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֵיין לֵייבּ פִינְסְטֶער. 35 דְרוּם גִיבּ אַכְטוּנְג,
אַז דָאס לִיכְט װָאס אִיז אִין דִיר זָאל נִיט פִינְסְטֶער זַיין. 35 דְרוּם װֶען דֵיין
גַאנְצֶער לֵייבּ אִיז לִיכְטִיג, אוּן קֵיין טְהֵייל דֶערְפוּן אִיז פִינְסְטֶער, װֶעט דָאס
גַאנְצֶע לִיכְטִיג זַיין אַזוֹי װִיא דִיא לַאמְפֶּע בֵּייא זַיינֶע שֵׁיינוּנְג לֵייכְט דִיר.

37 אוּן װִיא עֶר הָאט גֶערֶעט, הָאט אִיהְם אַ פָּרוּשׁ גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל
בֵּייא אִיהְם עֶסֶען; אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּן הָאט זִיךְ צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט.
38 אוּן װֶען דֶער פָּרוּשׁ הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעװוּאוּנְדֶערְט װֵייל

עֶר הָאט זִיךְ נִיט צוּגֶערִשְׁט גֶעוַואשֶׁען פָאר דֶעם עֶסֶען. 39 אוּן דֶער הַאר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַצוּנְד רֵיינִיגְט אִיהְר פְּרוּשִׁים דֶעם בֶּעכֶער אוּן דִיא שִׁיסֶעל
פוּן אוֹיסְוֶוענִיג, אָבֶער אֵייעֶרֶעס אִינֶעוֶוענִיג אִיז פוּל מִיט רִשְׁעוּת אוּן אוּנְרֶעכְט.
40 אִיהְר נַארִישֶׁע לֵייט, הָאט נִיט דֶער וָואס הָאט גֶעמַאכְט דָאס אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע
אוֹיךְ דָאס אִינְוֶוענִיגְסְטֶע גֶעמַאכְט? 41 דָאךְ גִיבְּט צְדָקָה פוּן דֶעם וָואס אִיהְר
הָאט, אוּן זֶעה, אַלֶעס אִיז רֵיין צוּ אֵייךְ. 42 אָבֶער וֶועה צוּ אֵייךְ פְּרוּשִׁים
וָוארִין אִיהְר גִיבְּט מַעֲשֵׂר פוּן מִינְתָא אוּן פִּיגַם אוּן אַלֶע קְרֵייטֶער, אוּן גֶעהְט
פַארְבֵּייא דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט; דִיזֶע זַאכֶען זֶענְט
אִיהְר מְחוּיָב צוּ טְהוּן, אוּן יֶענֶע נִיט אוֹיסְלָאזֶען. 43 וֶועה צוּ אֵייךְ פְּרוּשִׁים,
וָוארִין אִיהְר לִיבְּט אוֹיבֶּען אָן צוּ זִיצֶען אִין דִיא שׁוּלֶען אוּן גֶעגְרִיסְט צוּ וֶוערֶען
אִין דִיא גַאסֶען. 44 וֶועה צוּ אֵייךְ, וָוארִין אִיהְר זֶענְט וִויא דִיא נִיט גֶעזֶעהֶענֶע
קְבָרִים, אוּן דִיא מֶענְשֶׁען וָואס גֶעהֶען אוֹיף זֵייא, וִויסֶען עֶס נִיט.

45 אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא גֶעזֶעצְלֶעהְרֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, וֶוען דוּא זָאגְסְט דָאס, אַזוֹי בֶּעלֵיידִיגְסְט דוּא אוֹיךְ אוּנְז.
46 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶועה צוּ אֵייךְ אוֹיךְ, אִיהְר גֶעזֶעצְלֶעהְרֶער, וָוארִין
אִיהְר הָאט דִיא מֶענְשֶׁען בֶּעלָאדֶען מִיט לַאסְטֶען וָואס זֶענֶען שְׁוֶוער צוּ דֶערְ־
טְרָאגֶען, אוּן אִיהְר אַלֵיין רִיהְרְט נִיט אָן דִיא לַאסְטֶען מִיט אֵיינֶעם פוּן אֵייעֶרֶע
פִינְגֶער. 47 וֶועה צוּ אֵייךְ, וָוארִין אִיהְר בּוֹיעֶט אוֹיף דִיא קְבָרִים פוּן דִיא
נְבִיאִים, אוּן אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶען זֵייא גֶעהַרְגֶעט. 48 אַזוֹי בֶּעצֵייגְט אִיהְר אוּן
בֶּעוִוילִיגְט דִיא מַעֲשִׂים פוּן אֵייעֶרֶע אָבוֹת, וָוארִין זֵייא הָאבֶען זֵייא גֶעהַרְגֶעט,
אוּן אִיהְר בּוֹיעֶט אוֹיף זֵייעֶרֶע קְבָרִים. 49 דְרוּם זָאגְט אוֹיךְ דִיא חָכְמָה פוּן
גָאט, אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא שִׁיקֶען נְבִיאִים אוּן שְׁלִיחִים, אוּן זֵייא וֶועלֶען אַ טְהֵייל
פוּן זֵייא הַרְגֶענֶען אוּן פֶערְפָאלְגֶען; 50 כְּדֵי דָאס בְּלוּט פוּן אַלֶע נְבִיאִים, וָואס
אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט, זָאל גֶעפָארְדֶערְט
וֶוערֶען פוּן דִיזֶעם דוֹר; 51 פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן הֶבֶל בִּיז צוּם בְּלוּט פוּן זְכַרְיָה,
וֶועלְכֶער אִיז אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דֶעם מִזְבֵּחַ אוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ;
יָא, אִיךְ זָאג אֵייךְ, עֶס וֶועט גֶעפָארְדֶערְט וֶוערֶען פוּן דִיזֶעם דוֹר. 52 וֶועה צוּ
אֵייךְ גֶעזֶעצְלֶעהְרֶער, וָוארִין אִיהְר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן עֶרְ־
קֶענְטְנִיס; אִיהְר אַלֵיין זֶענְט נִיט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּן דִיא אַרֵיינְגֶעהֶענְדֶע הָאט
אִיהְר נִיט גֶעלָאזְט.

53 אוּן וֶוען עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶען דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא
פְּרוּשִׁים אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְם זֶעהְר צוּ דְרִיקֶען, אוּן הָאבֶען אִיהְם אָנְגֶערֵייצְט
צוּ רֶעדֶען פוּן פִילֶע זַאכֶען, 54 אוּן זֵייא הָאבֶען אוֹיף אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט, אַז זֵייא
זָאלֶען עֶפֶּעס פַאנְגֶען פוּן זֵיין מוֹיל.

יב 1 דֶערְוַוייל דִיא לֵייט הָאבֶען זִיךְ בֵּייא טוֹיזֶענְדֶע פֶערְזַאמֶעלְט, בִּיז זֵייא
הָאבֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעטְרֶעטֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּגֶערִשְׁט צוּ
זָאגֶען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, הִיט אֵייךְ פַאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא פְּרוּשִׁים,

51 דברי הימים ב׳ כד׳ כ׳.

וָואס אִיז הֵייכְלֶעכְרֵייא. 2 אָבֶּער קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְהוילֶען, וָואס וֶועט נִיט
אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּן פֶערְבָּארְגֶען וָואס וֶועט נִיט בֶּעקַאנְט וֶוערֶען. 3 דְרוּם
וָואס אִיהְר הָאט אִין דֶער פִינְסְטֶער גֶעזָאגְט, וֶועט בֵּיים לִיכְט גֶעהֶערְט וֶוערֶען;
אוּן וָואס אִיהְר הָאט אִין דֶעם אוֹיעֶר אִין דִיא קַאמֶערְן גֶערֶעט, וֶועט אוֹיף דִיא
דֶעכֶער אוֹיסְגֶערוּפֶען וֶוערֶען. 4 אוּן אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ מֵיינֶע פְרֵיינְד, פָארְכְט
אֵייךְ נִיט פַאר דִיא וָואס טֵייטֶען דֶעם לֵייבּ, אוּן דֶערְנָאךְ קֶענֶען זֵייא נִיט מֶעהְר
טְהוּן. 5 אָבֶּער אִיךְ וֶועל אֵייךְ וֵוייזֶען וֶועמֶען אִיהְר זָאלְט פָארְכְטֶען; פָארְכְט
אֵייךְ פַאר דֶעם וֶועלְכֶער, נָאכְדֶעם עֶר הָאט גֶעטֵייטֶעט, הָאט מַאכְט אִין גֵיהִנָם
אַרֵיינְצוּוַארְפֶען. יָא, אִיךְ זָאג אֵייךְ, פָארְכְט אֵייךְ פַאר אִיהְם. 6 וֶוערֶען נִיט פִינְף
פֵייגֶעל פַאר צְוֵוייא פֶענִיג*פֶערְקוֹיפְט? אוּן נִיט אֵיינֶער פוּן זֵייא אִיז פֶערְגֶעסֶען
פוּן גָאט. 7 אָבֶּער אֲפִילוּ דִיא הָאר פוּן אֵייעֶר קָאפּ זֶענֶען אַלֶע גֶעצֶעהְלְט.
פָארְכְט אֵייךְ נִיט; אִיהְר זֶענְט מֶעהְר וֶוערְט וִויא פִילֶע פֵייגֶעל. 8 אוּן אִיךְ זָאג
אֵייךְ, אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט מִיךְ בֶּעקֶענֶען פָאר מֶענְשֶׁען, דֶעם וֶועט אוֹיךְ דֶער
בֶּן אָדָם בֶּעקֶענֶען פָאר דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט. 9 אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט מִיךְ
פֶערְלֵייקֶענֶען פָאר מֶענְשֶׁען, דֶער וֶועט פֶערְלֵייקֶענְט וֶוערֶען פָאר דִיא מַלְאָכִים
פוּן גָאט. 10 אוּן יֶעדֶען וָואס וֶועט רֶעדֶען אַ וָוארְט קֶעגֶען דֶעם בֶּן אָדָם, וֶועט עֶס
אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען; אָבֶּער צוּ דֶעם וָואס לֶעסְטֶערְט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט
עֶס נִיט פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען. 11 אוּן וֶוען זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ בְּרֶענְגֶען אִין דִיא שׁוּלֶען
אַרֵיין אוּן פָאר דִיא הֶערְשֶׁער אוּן דִיא גֶעוֶועלְטִיגֶער, זָארְגְט נִיט וִויא אָדֶער
וָואס אִיהְר זָאלְט עֶנְטְפֶערֶען, אָדֶער וָואס אִיהְר זָאלְט זָאגֶען. 12 וָוארִין דֶער
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט אֵייךְ לֶעהְרֶען אִין דִיזֶער שָׁעָה וָואס אִיהְר בֶּעדַארְפְט צוּ זָאגֶען.
13 אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא לֵייט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, זָאג צוּ מֵיין
בְּרוּדֶער אַז עֶר זָאל דִיא יְרוּשָׁה מִיט מִיר צוּטְהֵיילֶען. 14 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, מֶענְשׁ, וֶוער הָאט מִיךְ גֶעזֶעצְט פַאר אַ שׁוֹפֵט אָדֶער אַ צוּטְהֵיי-
לֶער צְוִוישֶׁען אֵייךְ? 15 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט גִיבְּט אַכְטוּנְג אוּן הִיט אֵייךְ
פַאר אַלֶע גֵייצִיגְקֵייט, וָוארִין דָאס לֶעבֶּען פוּן אַ מֶענְשֶׁען בֶּעשְׁטֶעהְט נִיט אִין
זֵיין פִיל פֶערְמֶעגֶען. 16 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא אַ מָשָׁל גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט, דָאס
לַאנְד פוּן אַ רֵייכֶען מַאן הָאט פִיל פְּרוּכְט גֶעטְרָאגֶען. 17 אוּן עֶר הָאט בֵּייא
זִיךְ גֶעטְרַאכְט אוּן גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן, וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט וְואוּ אִיךְ
זָאל מֵיינֶע פְרוּכְט אֵיינְזַאמְלֶען? 18 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וֶועל אִיךְ טְהוּן;
אִיךְ וֶועל מֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אָפְּבְּרֶעכֶען אוּן וֶועל גְרֶעסֶערֶע בּוֹיעֶן, אוּן דָארְט
וֶועל אִיךְ אֵיינְזַאמְלֶען אַלֶע מֵיינֶע תְּבוּאוֹת אוּן מֵיין פֶערְמֶעגֶען; 19 אוּן אִיךְ וֶועל
צוּ מֵיינֶע זֶעלֶע זָאגֶען, זֶעלֶע דוּא הָאסְט פִיל פֶערְמֶעגֶען אוֹיפְגֶעלֶעגְט אוֹיף פִילֶע
יָאהְרֶען; הָאבּ רוּה, עֶס, טְרִינְק, אוּן זֵייא פְרֶעהְלִיךְ. 20 אָבֶּער גָאט הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא נַאר, דִיזֶע נַאכְט וֶועט מֶען דֵיינֶע זֶעלֶע פוּן דִיר פָארְדֶערְן;
אוּן וֶועמֶעס וֶועט דָאס זֵיין וָואס דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט? 21 אַזוֹי אִיז דֶער
וָואס זַאמֶעלְט זִיךְ אֵיין אוֹצָר, אוּן אִיז נִיט רֵייךְ צוּ גָאט.

6 * גר׳ אסר

22 אוּן עֶר הָאט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, זָארְגְט נִיט
פַאר אֵייעֶר לֶעבֶּען, וָואס אִיהְר זָאלְט עֶסֶען, אוּן נִיט פַאר דֶעם לֵייבּ, וָואס
אִיהְר זָאלְט אָנְטְהוּן. 23 וָוארִין דָאס לֶעבֶּען אִיז מֶעהְר וִויא דִיא שְׁפַּייז, אוּן
דֶער לֵייבּ וִויא דָאס קְלֵייד. 24 בֶּעטְרַאכְט דִיא רָאבֶּען, וָוארִין זַייא זַייעֶן נִיט
אוּן שְׁנֵיידֶען נִיט, אוּן הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע קַאמֶערְן אוּן קֵיינֶע שְׁפַּייכְלֶער, אוּן
גָאט שְׁפַּייזְט זַייא; וִויא פִיל מֶעהְר זֶענְט אִיהְר וֶוערְט וִויא דִיא פֵייגֶעל? 25 אוּן
וֶועלְכֶער פוּן אֵייךְ קֶען דוּרְךְ זָארְגֶען אֵיין אֵייל צוּוֶועצֶען צוּ זַיינֶע הֵייךְ?
26 דְרוּם וֶוען אִיהְר קֶענְט נִיט טְהוּן אוֹיךְ דָאס וֶוענִיגְסְטֶע, פַארְוָואס זָארְגְט
אִיהְר פַאר דֶעם אִיבְּרִיגֶען? 27 בֶּעטְרַאכְט דִיא רוֹיזֶען וִויא זַייא וַואקְסֶען; זַייא
אַרְבֵּייטֶען נִיט אוּן זַייא שְׁפִּינֶען נִיט; אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אוֹיךְ שְׁלֹמֹה
אִין זַיינֶע גַאנְצֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִיז נִיט גֶעקְלֵייד גֶעוָוארֶען וִויא אֵיינְס פוּן
דִיזֶע. 28 אוּן וֶוען גָאט בֶּעדֶעקְט אַזוֹי דָאס גְרָאז, וָואס אִיז הֵיינְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד,
אוּן מָארְגֶען וֶוערְט עֶס אִין אוֹיפֶען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען, וִויא פִיל מֶעהְר וֶועט עֶר
אֵייךְ קְלֵיידֶען, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע? 29 אוּן זוּכְט נִיט אִיהְר וָואס אִיהְר זָאלְט
עֶסֶען, אוּן וָואס אִיהְר זָאלְט טְרִינְקֶען, אוּן הָאט נִיט קֵיין אוּנְרוּהִיג גֶעמִיט.
30 וָוארִין דָאס אַלֶעס זוּכֶען דִיא פֶעלְקֶער פוּן דֶער וֶועלְט, אוּן אֵייעֶר פָאטֶער
וֵייסְט אַז אִיהְר הָאט דָאס גֶעטִיג. 31 אָבֶּער זוּכְט אִיהְר זַיין קֶענִיגְרֵייךְ, אוּן
דִיזֶע זַאכֶען וֶועלֶען אֵייךְ צוּגֶעלֶעגְט וֶוערֶען. 32 פָארְכְט דִיךְ נִיט, קְלֵיינֶע סְטַאדֶע;
וָוארִין עֶס אִיז אֵייעֶר פָאטֶערְס ווֹאוילְגֶעפֶעלֶען אַז עֶר זָאל אֵייךְ דָאס קֶענִיג־
רֵייךְ גֶעבֶּען. 33 פֶערְקוֹיפְט וָואס אִיהְר הָאט, אוּן גִיבְּט צְדָקָה; מַאכְט אֵייךְ
בֵּייטֶעל וָואס וֶוערֶען נִיט אַלְט, אַ שַׁאץ אִין דֶעם הִימֶעל וָואס פֶעהְלְט נִיט, ווְאוּ
קֵיין גַנָב קוּמְט נִיט נָאהֶענְט אוּן ווְאוּ דִיא מִילְבּ פֶערְדַארְבְּט נִיט; 34 וָוארִין
ווְאוּ אֵייעֶר אוֹצָר אִיז, דָארְט וֶועט אֵייעֶר הַארְץ אוֹיךְ זַיין.

35 לָאזֶען אֵייעֶרֶע לֶענְדֶען גֶעגַארְטֶעלְט זַיין, אוּן אֵייעֶרֶע לִיכְט בְּרֶענֶען; 36 אוּן
זַייט אִיהְר גְלֵייךְ צוּ מֶענְשֶׁען וָואס וַוארְטֶען אוֹיף זַייעֶר הַאר'ן, וֶוען עֶר וֶועט
צוּרִיקְקוּמֶען פוּן דֶער חֲתוּנָה, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אִיהְם גְלֵייךְ עֶפֶענֶען, וֶוען עֶר וֶועט
קוּמֶען אוּן וֶועט אָנְקְלַאפֶּען. 37 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען יֶענֶע קְנֶעכְט, וֶועלְכֶע וֶוען דֶער
הַאר וֶועט קוּמֶען, וֶועט עֶר זַייא גֶעפִינֶען וַואכֶען; בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז
עֶר וֶועט זִיךְ אַרוּמְגַארְטֶעלְן, אוּן וֶועט זַייא לָאזֶען אַנִידֶערְזֶעצֶען, אוּן וֶועט קוּמֶען
אוּן זַייא בֶּעדִינֶען. 38 אוּן וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִים אַנְדֶערֶען מִשְׁמָר אָדֶער
אִים דְרִיטֶען מִשְׁמָר, אוּן וֶועט זַייא אַזוֹי גֶעפִינֶען, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען יֶענֶע קְנֶעכְט.
39 אוּן דָאס זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען, אַז וֶוען דֶער בַּעַל הַבַּיִת וָואלְט גֶעווְאוּסְט אִין
וֶועלְכֶער שָׁעָה דֶער גַנָב וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי וָואלְט עֶר גֶעוַואכְט, אוּן וָואלְט נִיט
זַיין הוֹיז גֶעלָאזְט אֵיינְבְּרֶעכֶען. 40 זַייט אִיהְר אוֹיךְ בֶּערֵייט, וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם
קוּמְט אִין אַ שָׁעָה וֶוען אִיהְר גָאר נִיט דֶענְקְט.

41 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, זָאגְסְט דוּא דִיזֶעס מָשָׁל צוּ אוּנְז, אָדֶער
אוֹיךְ צוּ אַלֶע? 42 אוּן דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דֶען דֶער גֶעטְרֵייעֶ
אוּן קְלוּגֶע הוֹיזְהַאלְטֶער, וָואס זַיין הַאר וֶועט אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער זַיין הוֹיזְגֶע־

וִינְד, אַז עֶר וָאל זַייא גֶעבֶּען זַייעֶרֶע שְׁפַּייז צוּ דֶער צַייט? 43 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז
יֶענֶער קְנֶעכְט, וָואס וֶוען זַיין הַאר וֶועט קוּמֶען, וֶועט עֶר אִיהְם גֶעפִינֶען אַזוֹי
טְהוּן. 44 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר וֶועט אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער אַלֶע זַיינֶע
גִיטֶער. 45 אָבֶּער וֶוען יֶענֶער קְנֶעכְט וֶועט זָאגֶען אִין זַיין הַארְץ, מַיין הַאר
זָאמְט זִיךְ צוּ קוּמֶען, אוּן וֶועט אָנְהוֹיבֶּען צוּ שְׁלָאגֶען דִיא קְנֶעכְט אוּן דִיא
דִינֶערִין, אוּן צוּ עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען אוּן שִׁיכּוֹרְן; 46 דֶער הַאר פוּן יֶענֶעם
קְנֶעכְט וֶועט קוּמֶען אִין אַ טָאג וֶוען עֶר דֶערְוַוארְט נִיט, אוּן אִין אַ שָׁעָה וָואס
עֶר וֵוייסְט נִיט, אוּן וֶועט אִיהְם צוּשְׁנֵיידֶען, אוּן וֶועט אִיהְם זַיין חֵלֶק מִיט דִיא
אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע גֶעבֶּען. 47 אוּן יֶענֶער קְנֶעכְט וָואס וֵוייסְט דֶעם ווִילֶען פוּן זַיין
הַאר'ן, אוּן אִיז נִיט בֶּערֵייט, אוּן טְהוּט נִיט נָאךְ זַיין ווִילֶען, דֶער וֶועט פִיל שְׁלֶעג
בֶּעקוּמֶען; 48 אָבֶּער דֶער וָואס וֵוייסְט נִיט, אוּן טְהוּט דָאס וָואס אִיז וֶוערְט
שְׁלֶעג, דֶער וֶועט וֶועניג שְׁלֶעג בֶּעקוּמֶען. אוּן צוּ יֶעדֶעם וֶועלְכֶעם פִיל אִיז
גֶעגֶעבֶּען, פוּן דֶעם וֶועט מֶען פִיל פֶערְלַאנְגֶען; אוּן דֶעם מֶען פֶערְטְרוֹיעֶט פִיל
פוּן דֶעם וֶועט מֶען פִיל פָארְדֶערְן.

49 אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַ פֵייעֶר צוּ וַוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן וָואס ווִיל אִיךְ,
וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין אָנְגֶעצִינְדֶען? 50 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אַ טְבִילָה אִין וֶועלְכֶער
גֶעטוֹבֶלְט צוּ וֶוערֶען, אוּן ווִיא אִיז עֶס מִיר אַנְגְסְט בִּיז עֶס וֶועט פָאלֶענְדֶעט?
51 מֵיינְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען פְרִידֶען צוּ גֶעבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד? אִיךְ
זָאג אֵייךְ, נֵיין, נַייעֶרְט אַ מַחְלוֹקֶת. 52 וָוארִין פוּן אַצוּנְד אָן וֶועלֶען פִינְף אִין
אֵיינֶעם הוֹיז אַפְּגֶעזוּנְדֶערְט זַיין, דְרַייא קֶעגֶען צְווַייא, אוּן צְווַייא קֶעגֶען דְרַייא;
53 זַייא וֶועלֶען אַפְּגֶעזוּנְדֶערְט זַיין דֶער פָאטֶער קֶעגֶען דֶעם זוּהְן, אוּן דֶער זוּהְן
קֶעגֶען דֶעם פָאטֶער; דִיא מוּטֶער קֶעגֶען דֶער טָאכְטֶער, אוּן דִיא טָאכְטֶער
קֶעגֶען דֶער מוּטֶער; דִיא שְׁווִיגֶער קֶעגֶען דֶער שְׁנִיר, אוּן דִיא שְׁנִיר קֶעגֶען
דֶער שְׁווִיגֶער.

54 אוּן עֶר הָאט אוֹיךְ צוּ דִיא לֵייט גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר זֶעהְט אַ וָואלְקֶען
אוֹיפְגֶעהֶען פוּן מַעֲרָב זַייט, אַזוֹי גְלֵייךְ זָאגְט אִיהְר, עֶס קוּמְט רֶעגֶען, אוּן עֶס
אִיז טַאקֶי אַזוֹי. 55 אוּן וֶוען דֶער דָרוֹם ווִינְד בְּלָאזְט, אַזוֹי זָאגְט אִיהְר, עֶס וֶועט
זַיין הִיץ, אוּן עֶס אִיז טַאקֶי אַזוֹי. 56 הֵייכְלֶער, אִיהְר וֵוייסְט ווִיא אַזוֹי צוּ
פְּרִיפֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶער עֶרְד אוּן פוּן דֶעם הִימֶעל, ווִיא אָבֶּער דִיזֶע
צַייט וֵוייסְט אִיהְר נִיט צוּ פְּרִיפֶען? 57 אוּן וָוארוּם טְהוּט אִיהְר נִיט אוֹיךְ
אַלֵיין רִיכְטֶען וָואס רֶעכְט אִיז? 58 וָוארִין ווִיא דוּא גֶעהְסְט מִיט דַיין קְרִיגֶער
צוּם פִירְשְׁט, אַזוֹי גִיבּ דִיר דִיא מִיה אוֹיף דֶעם וֶועג, אַז דוּא זָאלְסְט פוּן
אִיהְם לוֹיז וֶוערֶען; וָוארִין טָאמֶער וֶועט עֶר דִיךְ שְׁלֶעפֶּען צוּם רִיכְטֶער, אוּן
דֶער רִיכְטֶער וֶועט דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם גֶערִיכְטְסְדִינֶער, אוּן דֶער גֶערִיכְטְסְדִינֶער
וֶועט דִיךְ אִין גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְוַוארְפֶען. 59 אִיךְ זָאג דִיר, דוּא וֶועסְט פוּן
דָארְטֶען נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען, בִּיז דוּא וֶועסְט דִיא לֶעצְטֶע פְּרוּטָה בֶּעצָאהְלֶען.

53 מִיכָה ז׳ ו׳.

יג 1אוּן צוּ יֶענֶער צַייט זֶענֶען עֶטְלִיכֶע מִיט אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס הָאבֶּען
אִיהְם וֶועגֶען דִיא גְלִילִים דֶערְצֶעהְלְט, וָואס פִּילָטוּס הָאט זֵייעֶר בְּלוּט גֶעמִישְׁט
מִיט זֵייעֶרֶע קָרְבָּנוֹת. 2אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
דֶענְקְט אִיהְר אַז דִיא דָאזִיגֶע גְלִילִים זֶענֶען גְרֶעסֶערֶע זִינְדֶער גֶעוֶוען וִויא אַלֶע
גְלִילִים, וַוייל זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעלִיטֶען? 3אִיךְ זָאג אֵייךְ, נֵיין, נֵייעֶרְט וֶוען
אִיהְר וֶועט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן וֶועט אִיהְר אַלֶע אוֹיךְ אַזוֹי אוּמְקוּמֶען. 4אָדֶער
דִיא אַכְטְצֶעהְן אוֹיף וֶועלְכֶע דֶער טְהוּרְם אִין שִׁלֹחַ אִיז גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט
זֵייא גֶעטֵייטֶעט. דֶענְקְט אִיהְר אַז זֵייא זֶענֶען מֶעהְר שׁוּלְדִיג גֶעוֶוען וִויא אַלֶע
מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען גֶעוואוֹינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם? 5אִיךְ זָאג אֵייךְ, נֵיין, נֵייעֶרְט
וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן, וֶועט אִיהְר אַלֶע אוֹיךְ אַזוֹי אוּמְקוּמֶען.
6אוּן עֶר הָאט דִיזֶעס מָשָׁל גֶעזָאגְט, אַ מַאן הָאט אַ פֵייגֶענְבּוֹים גֶעפְלַאנְצְט
אִין אַ וַויינְגָארְטֶען; אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט דְרוֹיף פְּרוּכְט גֶעזוּכְט, אוּן
הָאט קֵיינֶע נִיט גֶעפִינֶען. 7אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיין וַויינְגֶערְטְנֶער גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ
בִּין שׁוֹין דְרֵייא יָאהְר גֶעקוּמֶען אוּן הָאבּ פְּרוּכְט גֶעזוּכְט אוֹיף דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים,
אוּן הָאבּ קֵיינֶע נִיט גֶעפִינֶען; הַאק אִיהְם אָפּ, פַארְוָואס פֶערְדַארְבְּט עֶר אוֹיךְ
דִיא עֶרְד? 8אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, לָאז
אִיהְם נָאךְ שְׁטֶעהֶען דָאס יָאהְר, בִּיז אִיךְ וֶועל אִיהְם אַרוּמְגְרָאבֶּען, אוּן וֶועל
אִיהְם מִיסְטִיגֶען. 9אוּן וֶוען עֶר וֶועט טַאקִי פְּרוּכְט בְּרֶענְגֶען, גַאנְץ גוּט; אָבֶּער
וֶוען נִיט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם אָפְּהַאקֶען.
10אוּן עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין אֵיינֶער פוּן דִיא שׁוּלֶען אַם שַׁבָּת. 11אוּן זֶעה, עֶס
אִיז גֶעוֶוען אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט אַ גֵייסְט פוּן קְרַאנְקְהֵייט שׁוֹין אַכְטְ־
צֶעהְן יָאהְר, אוּן זִיא אִיז אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען גֶעוָוארֶען אוּן הָאט זִיךְ גָאר נִיט
אוֹיפְהֵייבֶּען גֶעקֶענְט. 12אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיא גֶערוּ־
פֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא דוּא בִּיסְט לוֹיז פוּן דֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט.
13אוּן עֶר הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְר גֶעלֶעגְט, אוּן גְלֵייךְ אִיז זִיא אוֹיפְגֶערִיכְ־
טֶעט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט. 14אוּן דֶער פַּרְנָס פוּן דֶער שׁוּל הָאט
זִיךְ גֶעבֵּייזֶערְט, וַוייל יֵשׁוּעַ הָאט אַם שַׁבָּת גֶעהֵיילְט, אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן הָאט צוּ דִיא לֵייט גֶעזָאגְט, עֶס זֶענֶען זֶעקְס טֶעג, אִין וֶועלְכֶע מֶען דַארְף
אַרְבֵּייטֶען; דְרוּם אִין דִיזֶע טֶעג קוּמְט אוּן וֶוערְט גֶעהֵיילְט אוּן נִיט אַם שַׁבָּת.
15אוּן דֶער הַאר הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיהְר הֵייכְלֶער, טְהוּט
נִיט אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ אַם שַׁבָּת זֵיין אָקְס אָדֶער זֵיין עֶזֶעל פוּן דֶעם שְׁטַאל
אוֹיפְבִּינְדֶען, אוּן פִיהְרְט אִיהְם אַרוֹיס אָנְטְרִינְקֶען? 16אוּן דִיזֶע פְרוֹיא וָואס
אִיז אַ טָאכְטֶער פוּן אַבְרָהָם, דִיא דֶער שָׂטָן הָאט שׁוֹין אַכְטְצֶעהְן יָאהְר
גֶעבּוּנְדֶען, זָאל זִיא נִיט אַם שַׁבָּת פוּן דִיזֶעם בַּאנְד לוֹיז גֶעמַאכְט וֶוערֶען?
17אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, זֶענֶען אַלֶע זֵיינֶע שׂוֹנְאִים פֶערְשֶׁעהְמְט גֶעוָוא־
רֶען, אוּן אַלֶע לֵייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט אִיבֶּער אַלֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאבֶען
וָואס זֶענֶען דוּרְךְ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען.
18אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ וָואס אִיז גְלֵייךְ דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּן

צוּ וָואס זָאל אִיךְ עֶס גְלֵייכֶען? 19 עֶס אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ זָאמֶען פוּן זֶענְפְט,
וָואס אַ מַאן הָאט גֶענוּמֶען אוּן אִין זַיין גָארְטֶען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען; אוּן עֶס הָאט
אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, אוּן אִיז אַ בּוֹים גֶעוָוארֶען, אוּן דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל הָאבֶּען
גֶעוְואוֹינְט צְווִישֶׁען זַיינֶע צְווַייגֶען. 20 אוּן עֶר הָאט וִוידֶער גֶעזָאגְט, צוּ וָואס
זָאל אִיךְ גְלֵייכֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט? 21 עֶס אִיז גְלֵייךְ צוּ זוֹיעֶרְטֵייג,
וָואס אַ פְרוֹיא הָאט גֶענוּמֶען אוּן הָאט פֶערְבָּארְגֶען אִין דְרֵייא מֶעסְטְלֶעךְ
מֶעהְל, בִּיז דָאס גַאנְצֶע אִיז זוֹיעֶר גֶעוָוארֶען.

22 אוּן עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטֶעדְט אוּן דֶערְפֶער אוּן הָאט
גֶעלֶעהְרְט, אוּן הָאט זַיין וֶועג גֶענוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם. 23 אוּן אֵיימִיצֶער הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וֶועלֶען וֶוענִיג גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, 24 בֶּעמִיהְט אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט דוּרְךְ דִיא עֶנְגֶע טְהִיר אַרַיינְקוּמֶען; וָוארִין
אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז פִילֶע וֶועלֶען זוּכֶען אַרַיינְצוּקוּמֶען, אוּן וֶועלֶען נִיט קֶענֶען. 25 וֶוען
דֶער בַּעַל הַבַּיִת אִיז שׁוֹין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט דִיא טְהִיר צוּגֶעשְׁלָאסֶען,
וֶועט אִיהְר אָנְהֵייבֶּען דְרוֹיסֶען צוּ שְׁטֶעהֶען, אוּן אָן דֶער טְהִיר צוּ קְלַאפֶּען אוּן
זָאגֶען, הַאר הַאר, עֶפֶען אוּנְז, אוּן עֶר וֶועט עֶנְטְפֶערֶען אוּן וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען,
אִיךְ קֶען אֵייךְ נִיט פוּן וַואנֶען אִיהְר זֶענְט. 26 דַאן וֶועט אִיהְר אָנְהֵייבֶּען צוּ
זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּן גֶעטְרוּנְקֶען פָאר דִיר, אוּן דוּא הָאסְט גֶעלֶעהְרְט
אִין אוּנְזֶערֶע גַאסֶען. 27 אוּן עֶר וֶועט זָאגֶען, אִיךְ זָאג אֵייךְ אִיךְ קֶען אֵייךְ נִיט
פוּן וַואנֶען אִיהְר זֶענְט; וֵוייכְט פוּן מִיר, אַלֶע אִיהְר וָואס טְהוּט אוּנְרֶעכְט.
28 דָארְט וֶועט זַיין גֶעוֵויין אוּן צֵיינְקְרִיצֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען אַבְרָהָם אוּן
יִצְחָק אוּן יַעֲקֹב אוּן אַלֶע נְבִיאִים אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּן אֵייךְ וֶועלְבֶּסְט
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען. 29 אוּן זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען פוּן מִזְרָח אוּן מַעֲרָב, אוּן פוּן צָפוֹן
אוּן דָרוֹם, אוּן וֶועלֶען זִיךְ אַנִידֶערְזֶעצֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 30 אוּן זֶעה,
עֶס זֶענֶען לֶעצְטֶע וָואס וֶועלֶען זַיין עֶרְשְׁטֶע, אוּן עֶס זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע וָואס
וֶועלֶען זַיין לֶעצְטֶע.

31 אִין דִיא זָאוִיגֶע שָׁעָה זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים צוּגֶעקוּמֶען, אוּן
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַרוֹיס אוּן קוּם אַוֶועק פוּן דַאנֶען, וָוארִין הוֹרְדוֹס
ווִיל דִיךְ הַרְגֶענֶען. 32 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּן זָאגְט צוּ דִיזֶעם
פוּקְס, זֶעה, אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים אוּן טְהוּא רְפוּאוֹת הֵיינְט אוּן מָארְגֶען, אוּן
אִים דְרִיטֶען טָאג וֶועל אִיךְ פָאלְקָאמֶען וֶוערֶען. 33 אָבֶּער אִיךְ מוּז גֶעהֶען
הֵיינְט אוּן מָארְגֶען אוּן אִיבֶּערְמָארְגֶען, וָוארִין עֶס קֶען נִיט זַיין אַז אַ נָבִיא זָאל
פוּן אוֹיסֶען יְרוּשָׁלַיִם אוּמְקוּמֶען. 34 יְרוּשָׁלַיִם יְרוּשָׁלַיִם, וָואס הַרְגֶעסְט דִיא
נְבִיאִים, אוּן שְׁטֵיינִיגְסְט דִיא וָואס זֶענֶען צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, וִויא פִיל מָאל הָאבּ
אִיךְ גֶעוָואלְט דֵיינֶע קִינְדֶער אֵיינְזַאמְלֶען, אַזוֹי וִויא אַ הִין זַאמֶעלְט אֵיין
אִיהְרֶע יוּנְגֶע הִינְלֶעךְ אוּנְטֶער אִיהְרֶע פְלִיגֶעל, אוּן אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט.
35 זֶעה, אֵייעֶר הוֹיז אִיז אֵייךְ וִויסְט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט. אוּן אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיהְר וֶועט

35 תהלים קיח׳ כו׳: ירמיה כב׳ ה׳.

19 יחזקאל יז׳ כג׳, לא׳ ו׳.

37 תהלים ו׳ ט׳,

מִיךְ נִיט זֶעהֶען, בִּיז אִיהְר וֶועט זָאגֶען, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וָועלְכֶער קוּמְט אִים
נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר׳ן.

**יד** [1] אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִים הויז פוּן אֵיין עֶלְצְטֶען
פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אַם שַׁבָּת, אַז עֶר זָאל בְּרוֹיט עֶסֶען, אַזוֹי הָאבֶען זַייא אִיהְם
גֶעוַויאכְט. [2] אוּן זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶוען פָאר אִיהְם אַ מַאן, וָואס הָאט דִיא
וַואסֶערְזוּכְט גֶעהַאט. [3] אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט צוּ דִיא גֶעזֶעצְ־
לֶעהְרֶער אוּן פְּרוּשִׁים, מֶעג מֶען הַיילֶען אַם שַׁבָּת אָדֶער נִיט? [4] אָבֶּער זַייא
הָאבֶּען גֶעשְׁוִויגֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּן הָאט אִיהְם גֶעהַיילְט אוּן
גֶעלָאזְט גֶעהֶען. [5] אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז פוּן אֵייךְ, וָואס וֶוען
זַיין עֶזֶעל אָדֶער זַיין אָקְס וֶועט אִין אַ בְּרוּנֶען אַרֵיינְפַאלֶען, וֶועט עֶר אִיהְם נִיט
גְלַייךְ אַרויסְצִיהֶען אַם שַׁבָּת? [6] אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען נִיט
גֶעקֶענְט עֶנְטְפֶערֶען.

[7] אוּן עֶר הָאט אַ מָשָׁל גֶעזָאגְט צוּ דִיא אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע גֶעסְט, וֶוען עֶר הָאט
גֶעמֶערְקְט אַז זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶועהְלְט אוֹיבֶּען אָן צוּ זִיצֶען, אוּן הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט; [8] וֶוען דוּא וֶועסְט בַּייא אֵימִיצֶעם אֵיינְגֶעלַאדֶען אוֹיף אַ חֲתוּנָה,
אַזוֹי זָעץ דִיךְ נִיט אוֹיבֶּען אָן, וָוארִין טָאמֶער וֶועט אֵיין עֶרְלִיכֶערֶער וִויא
דוּא בַּייא אִיהְם אֵיינְגֶעלַאדֶען וֶוערֶען; [9] אוּן דֶער וָואס הָאט דִיךְ אוּן אִיהְם
אֵיינְגֶעלַאדֶען וֶועט קוּמֶען, אוּן וֶועט צוּ דִיר זָאגֶען, מַאךְ פְּלַאץ פַאר דִיזֶעם, אוּן
דַאן וֶועסְט דוּא אָנְהֵייבֶּען מִיט בּוּשָׁה דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען אָרְט צוּ נֶעמֶען.
[10] אָבֶּער וֶוען דוּא בִּיסְט אֵיינְגֶעלַאדֶען, אַזוֹי גֶעה אוּן זָעץ דִיךְ אוֹיף דֶעם
אוּנְטֶערְשְׁטֶען אָרְט, אַז וֶוען דֶער וָואס הָאט דִיךְ אֵיינְגֶעלַאדֶען וֶועט קוּמֶען,
וֶועט עֶר צוּ דִיר זָאגֶען, פְּרֵיינְד, גֶעה וַויטֶער אַרוֹיף; דַאן וֶועסְט דוּא כָּבוֹד
הָאבֶּען פָאר דִיא וָואס זִיצֶען מִיט דִיר בַּיים טִישׁ. [11] וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס
דֶערְהֵייבְט זִיךְ וֶועט דֶערְנִידְרִיגְט וֶוערֶען, אוּן דֶער וָואס דֶערְנִידְרִיגְט זִיךְ וֶועט
דֶערְהֵייבְט וֶוערֶען.

[12] אוּן עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעלַאדֶען, וֶוען
דוּא מַאכְסְט אַ מִיטָאגְסְמָאהְל אָדֶער אֵיין אָבֶענְדְמָאהְל, רוּף נִיט דֵיינֶע פְּרֵיינְד
אָדֶער דֵיינֶע בְּרִידֶער אָדֶער דֵיינֶע קְרוֹבִים אָדֶער רֵייכֶע שְׁכֵנִים; וָוארִין
טָאמֶער וֶועלֶען זַייא דִיךְ אוֹיךְ אֵיינְלַאדֶען, אוּן אַ בֶּעלוֹינוּנְג וֶועט דִיר גֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען. [13] אָבֶּער וֶוען דוּא מַאכְסְט אַ סְעוּדָה, אַזוֹי רוּף דִיא אָרְמֶע, דִיא קַאלִי־
קֶעס, דִיא הִינְקֶענְדִיגֶע, אוּן דִיא בְּלִינְדֶע; [14] אוּן דוּא וֶועסְט גֶעבֶּענְשְׁט זַיין,
וָוארִין זַייא הָאבֶּען דִיר נִיט מִיט וָואס צוּ בֶּעלוֹינֶען; אָבֶּער עֶס וֶועט דִיר
בֶּעלוֹינְט וֶוערֶען אִין דֶער אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פוּן דִיא צַדִיקִים.

[15] אוּן וֶוען אֵיינֶער פוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם צוּם טִישׁ גֶעזֶעסֶען הָאט
דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס וֶועט
בְּרוֹיט עֶסֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. [16] אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַ גֶעוִויסֶער מַאן הָאט אַ גְרוֹיס אָבֶענְדְמָאהְל גֶעמַאכְט, אוּן הָאט פִילֶע אֵיינְגֶעלַאדֶען.
[17] אוּן צוּ דֶער שָׁעָה פוּן דֶער מָאהְלְצֵייט הָאט עֶר זַיין קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט אַז עֶר

זאל זאגען צו דיא וואס זענען איינגעלאדען געוואָרען, קומט, וואָרין אלעס איז
שוין פארטיג. 18 און זייא האבען זיך אנגעהויבען אלע מיט אמאל צו
ענטשולדיגען. דער ערשטער האט צו איהם געזאגט, איך האב א פעלד
געקויפט, און איך מוז עס געהען זעהען; איך בעט דיך ענטשולדיג מיך.
19 און איין אנדערער האט געזאגט, איך האב פינף יאך אקסען געקויפט, און
איך געה זייא פרובען; איך בעט דיך ענטשולדיג מיך. 20 און איין אנדערער
האט געזאגט, איך האב א ווייב גענומען, און דעסטוועגען קען איך ניט קומען.
21 און דער קנעכט איז געקומען און האט דיזע זאכען צו זיינעם האר'ן דערצעהלט.
דאן האט זיך דער בעל הבית געבייזערט, און האט צו זיין קנעכט געזאגט,
געה געשווינד ארויס אין דיא שטראסען און דיא גאסען פון דער שטאדט, און
ברענג אהער דיא ארמע און דיא קאליקעס און דיא בלינדע און דיא הינקענדיגע.
22 און דער קנעכט האט געזאגט, האר, עס איז געשעהען אזוי ווייא דוא האסט
בעפוילען, און עס איז נאך דא פלאץ. 23 און דער האר האט צום קנעכט
געזאגט, געה ארויס אין דיא לאנדשטראסען און צוימען, און נעט זייא אריינ־
צוקומען, כדי מיין הויז זאל פול זיין. 24 וואָרין איך זאג אייך, אז קיינער פון יענע
מענער וואס זענען איינגעלאדען געוואָרען וועלען פערזוכען פון מיינע מאהלצייט.
25 און פיל לייט זענען מיט איהם געגאנגען, און ער האט זיך אומגעקעהרט
און האט צו זייא געזאגט; 26 ווען איינער קומט צו מיר, און האסט ניט זיין
פאטער און מוטער און ווייב און קינדער און ברודער און שוועסטער, און
אויך אפילו זיין אייגען לעבען, דער קען ניט מיין תלמיד זיין. 27 יעדער עס
טראגט ניט זיין אייגען קרייץ און קומט נאך מיר, דער קען ניט מיין תלמיד
זיין. 28 וואָרין וועלכער פון אייך, וואס וויל א טהורם בויען, זעצט זיך ניט
צוערשט אנידער און בערעכענט דיא אומקאסטען, אויב ער האט מיט וואס
עס אויסצופיהרען? 29 וואָרין טאמער ווען ער האט דעם גרונד געלעגט, און
קען עס ניט ענדיגען, אזוי וועלען איהם אלע וואס זעהען אנהויבען אויסצו־
שפעטען, 30 און וועלען זאגען, דיזער מענש האט אנגעהויבען צו בויען, און
האט ניט געקענט ענדיגען. 31 אדער וועלכער קעניג וואס געהט ארויס מלחמה
צו האלטען מיט איין אנדערען קעניג, זעצט זיך ניט צוערשט אנידער און
בעראט זיך, אויב ער קען מיט צעהן טויזענד ענטגעגען געהען דעם וואס
קומט קעגען איהם מיט צוואנציג טויזענד? 32 אין ווען ניט, דערווייל ער איז
נאך ווייט, אזוי שיקט ער א שליח און בעט פאר פרידען. 33 אזוי דען אויך
איטליכער פון אייך וואס פערלאזט ניט אלעס וואס ער האט קען ניט מיין
תלמיד זיין. 34 זאלץ איז אודאי גוט; אבער אפילו דאס זאלץ פערלירט דעם
טעם, מיט וואס זאל עס געזאלצען ווערען? 35 עס טויגט ניט מעהר, ניט
פאר דעם לאנד און ניט פאר דעם מיסט, נייערט מען ווארפט עס ארויס.
דער וואס האט אויערען צו הערען לאז ער הערען.

טו 1 און אלע שטייערארייננעמער און זינדער האבען זיך צו איהם גענעהנט,
אז זייא זאלען איהם הערען. 2 און דיא פרושים און דיא סופרים האבען

גֶעמוּרְמֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט, דִיזֶער נֶעמְט אוּיף זִינְדֶער, אוּן עֶסְט מִיט זֵייא.
3 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא דָאס מָשָׁל גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט; 4 וֶועלְכֶער מֶענְשׁ צְוִוי־
שֶׁען אֵייךְ וָואס הָאט הוּנְדֶערְט שָׁאף, אוּן פֶערְלִירְט אֵיינְס פוּן זֵייא, לָאזְט נִיט
אִיבֶּער דִיא נַיין אוּן נֵיינְצִיג אִין דֶער וִויסְטֶע, אוּן גֶעהְט נָאךְ דֶעם פֶערְלוֹירֶע־
נֶען, בִּיז עֶר עֶס גֶעפִינְט? 5 אוּן וִוען עֶר הָאט עֶס גֶעפִינֶען, אַזוֹי לֶעגְט עֶר
עֶס אוּיף זַיינֶע אַקְסֶעל, אוּן פְרֵייעֶט זִיךְ. 6 אוּן וֶוען עֶר קוּמְט אַהֵיים, רוּפְט עֶר
צוּזַאמֶען זַיינֶע פְרֵיינְד אוּן זַיינֶע שְׁכֵנִים אוּן זָאגְט צוּ זֵייא, פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט
מִיר, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפִינֶען מַיין שָׁאף וָואס אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶעוֶועזֶען. 7 אִיךְ
זָאג אֵייךְ, אַז אַזוֹי וֶועט זַיין אַ שִׂמְחָה אִים הִימֶעל אִיבֶּער אֵיין זִינְדֶער וָואס
טְהוּט תְּשׁוּבָה, מֶעהְר וִויא אִיבֶּער נַיין אוּן נֵיינְצִיג צַדִיקִים, וָואס בֶּעדַארְפֶען
נִיט קֵיין תְּשׁוּבָה.

8 אָדֶער וֶועלְכֶע פְרוֹיא וָואס הָאט צֶעהְן גְרָאשֶׁען,* וִוען זִיא אֵיינֶעם פֶערְלִירְט
צִינְדֶעט זִיא נִיט אָן אַ לִיכְט, אוּן קֶעהְרְט אוּיס דָאס הוֹיז, אוּן זוּכְט וָוארְגְפֶעל־
טִיג בִּיז זִיא עֶס גֶעפִינְט? 9 אוּן וֶוען זִיא הָאט עֶס גֶעפִינֶען, רוּפְט זִיא צוּזַאמֶען
אִיהְרֶע פְרֵיינְד אוּן אִיהְרֶע שְׁכֵנוֹת אוּן זָאגְט, פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט מִיר, וָוארִין אִיךְ
הָאבּ דֶעם גְרָאשֶׁען* גֶעפִינֶען וָואס אִיךְ הָאבּ פֶערְלוֹירֶען. 10 אַזוֹי זָאג אִיךְ
אֵייךְ, אַז עֶס וֶועט זַיין אַ שִׂמְחָה פָאר דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט אִיבֶּער אֵיין זִינְ־
דֶער וָואס טְהוּט תְּשׁוּבָה.

11 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַ גֶעוִויסֶער מַאן הָאט צְווייא זִיהְן גֶעהַאט. 12 אוּן
דֶער יוּנְגֶערֶער הָאט צוּ זַיין פָאטֶער גֶעזָאגְט, פָאטֶער, גִיבּ מִיר דֶעם
חֵלֶק פוּן דֶעם פֶערְמֶעגֶען וָואס גֶעהֶערְט צוּ מִיר. אוּן עֶר הָאט זַיינֶע
מִחְיָה צְווִישֶׁען זֵייא גֶעטְהֵיילְט. 13 אוּן נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג הָאט דֶער יוּנְגֶערֶע
זוּהְן אַלֶעס צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען אִין אַ וַוייטֶען לַאנְד
אַרַיין, אוּן דָארְט הָאט עֶר פֶערְשְׁוֶוענְדֶעט זַיין פֶערְמֶעגֶען אִין אֵיין אוּיבֶּ־
גֶעלַאסֶען לֶעבֶּען. 14 אוּן וֶוען עֶר הָאט אַלֶעס פֶערְצֶעהְרְט, אַזוֹי אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטַארְקֶער הוּנְגֶער אִין יֶענֶעם לַאנְד, אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין
נוֹיט צוּ זַיין. 15 אוּן עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט צוּ אֵיין אֵיינְ־
ווֹאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אוּן עֶר הָאט אִיהְם אִין זַיינֶע פֶעלְדֶער גֶעשִׁיקְט
חֲזֵירִים צוּ פַּאסֶען. 16 אוּן עֶר הָאט גֶעוָואלְט זַיין בּוֹיךְ אָנְפִילֶען מִיט דִיא
שָׁאלַאכְץ וָואס דִיא חֲזֵירִים הָאבֶּען גֶעפְרֶעסֶען, אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהְם גָאר
נִיט גֶעגֶעבֶּען. 17 אוּן וֶוען עֶר אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וִויא פִיל
מְשָׁרְתִים פוּן מַיין פָאטֶער הָאבֶּען בְּרוֹיט גֶענוּג אוּן אִיבְּרִיג, אוּן אִיךְ קוּם אוּם
דָא פַאר הוּנְגֶער. 18 אִיךְ וֶועל אוּיפְשְׁטֶעהֶען אוּן וֶועל גֶעהֶען צוּ מַיין פָאטֶער,
אוּן וֶועל צוּ אִיהְם זָאגֶען, פָאטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל
אוּן פָאר דִיר, 19 אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר וֶוערְט דַיין זוּהְן צוּ הֵייסֶען; מַאךְ מִיךְ
וִויא אֵיינֶעם פוּן דַיינֶע מְשָׁרְתִים. 20 אוּן עֶר אִיז אוּיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז צוּ
זַיין פָאטֶער גֶעקוּמֶען. אוּן וֶוען עֶר אִיז נָאךְ וַוייט פוּן אִיהְם גֶעוֶועזֶען, הָאט

גר׳ דרכמא 8,9

אִיהְם זַיין פָאטֶער גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען, אוּן אִיז גֶעלָאפֶען
אוּן אִיהְם אוֹיף דֶעם הַאלְז גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט. 21 אוּן דֶער
זוּהְן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל
אוּן פָאר דִיר, אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר וֶוערְט דַיין זוּהְן צוּ הֵייסֶען. 22 אָבֶּער דֶער
פָאטֶער הָאט צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט אַרוֹיס גֶעשְׁוִוינְד דָאס בֶּעסְטֶע
קְלֵייד אוּן טְהוּט אִיהְם אָן, אוּן גִיבְּט אִיהְם אַ רִינְג אוֹיף זַיינֶע הַאנְד אוּן שִׁיךְ
אוֹיף דִיא פִּיס, 23 אוּן בְּרֶענְגְט דָאס פֶעטֶע קַאלְבּ אוּן שֶׁעכְט עֶס, אוּן לָאזֶען
מִיר עֶסֶען אוּן זִיךְ פְרֵייעֶן; 24 וָוארִין דִיזֶער מֵיין זוּהְן אִיז טוֹיט גֶעוֶועזֶען אוּן
לֶעבְּט וִוידֶער, עֶר אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶעוֶועזֶען אוּן אִיז גֶעפִינֶען. אוּן זֵייא הָאבֶּען
אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרֶעהְלִיךְ צוּ זַיין. 25 אוּן זַיין עֶלְצְטֶער זוּהְן אִיז אִים פֶעלְד גֶעוֶועזֶען;
אוּן וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּם הוֹיז, הָאט עֶר זִינְגֶען אוּן טַאנְצֶען
גֶעהֶערְט. 26 אוּן עֶר הָאט אֵיינֶעם פוּן דִיא יוּנְגֶען גֶערוּפֶען, אוּן הָאט גֶעפְרֶעגְט
וָואס דָאס בֶּעדֵייט. 27 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דַיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעקוּ־
מֶען, אוּן דַיין פָאטֶער הָאט דָאס פֶעטֶע קַאלְבּ גֶעשָׁאכְטֶען, וֵוייל עֶר הָאט אִיהְם
גֶעזוּנְד דֶערְהַאלְטֶען. 28 אָבֶּער עֶס הָאט אִיהְם פֶערְדְרָאסֶען, אוּן עֶר הָאט נִיט
גֶעוָואלְט אַרֵיינְקוּמֶען; אוּן זַיין פָאטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען. 29 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זַיין פָאטֶער גֶעזָאגְט,
זֶעה, שׁוֹין אַזוֹי פִיל יָאהְר דִיעֶן אִיךְ דִיר, אוּן הָאבּ נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט עוֹבֵר
גֶעוֶועזֶען דַיין גֶעבָּאט, אוּן דוּא הָאסְט מִיר נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט אַ צִיקֶעלֶע גֶעגֶעבֶּען,
אַז אִיךְ זָאל מִיךְ פְרֶעהְלִיךְ מַאכֶען מִיט מֵיינֶע פְרֵיינְד. 30 אָבֶּער וֶוען דִיזֶער
דַיין זוּהְן אִיז גֶעקוּמֶען, וָואס הָאט דַיין פֶערְמֶעגֶען מִיט הוּרֶען פֶערְצֶעהְרְט,
אַזוֹי הָאסְט דוּא אִיהְם דָאס פֶעטֶע קַאלְבּ גֶעשָׁאכְטֶען. 31 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן, דוּא בִּיסְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט מִיר, אוּן אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ
אִיז דַיין; 32 אָבֶּער מֶען הָאט זִיךְ בֶּעדַארְפְט פְרֵייעֶן אוּן פְרֶעהְלִיךְ זַיין, וָוארִין
דִיזֶער דַיין בְּרוּדֶער אִיז טוֹיט גֶעוֶועזֶען אוּן לֶעבְּט, אוּן עֶר אִיז פֶערְלוֹירֶען
גֶעוֶועזֶען אוּן אִיז גֶעפִינֶען.

טז 1 אוּן עֶר הָאט אוֹיךְ צוּ דִיא תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ רֵייכֶער
מַאן, וָואס הָאט אַ הוֹיזְהַאלְטֶער גֶעהַאט, אוּן עֶר אִיז בֵּייא אִיהְם אָנְגֶעקְלָאגְט
גֶעוָוארֶען, אַז עֶר הָאט זַיין פֶערְמֶעגֶען פֶערְשְׁוֶוענְדֶעט. 2 אוּן עֶר הָאט אִיהְם
גֶערוּפֶען אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס אִיךְ הֶער פוּן דִיר?
גִיבּ אָפּ אַ רֶעכְנוּנְג פוּן דַיינֶע הוֹיזְהַאלְטוּנְג, וָוארִין דוּא קֶענְסְט נִיט מֶעהְר
הוֹיזְהַאלְטֶער זַיין. 3 אוּן דֶער הוֹיזְהַאלְטֶער הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט, וָואס זָאל אִיךְ
טְהוּן, וָוארִין מֵיין הַאר נֶעמְט פוּן מִיר אַוֶועק דִיא הוֹיזְהַאלְטוּנְג? גְרוּבֶּען קֶען
אִיךְ נִיט, אוּן אִיךְ שֶׁעהְם מִיךְ צוּ בֶּעטְלֶען. 4 אִיךְ וֵוייס וָואס אִיךְ וֶועל טְהוּן,
אַז וֶוען אִיךְ בִּין אָפְּגֶעזֶעצְט פוּן דֶער הוֹיזְהַאלְטוּנְג, זָאלֶען זֵייא מִיךְ אִין זֵייעֶרֶע
הֵייזֶער אַרֵיינְנֶעמֶען. 5 אוּן עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אַלֶע בַּעֲלֵי חוֹבוֹת פוּן
זַיינֶעם הַאר'ן, אוּן הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעזָאגְט, וִויא פִיל בִּיסְט דוּא שׁוּלְדִיג
מֵיינֶעם הַאר'ן? 6 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הוּנְדֶערְט מָאס עֶהְל. אוּן עֶר הָאט

צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין שְׁטַר חוֹב, אוּן זֶעץ דִיךְ גִיךְ אַנִידֶער, אוּן שְׁרֵייבּ אוֹיף
פִינְפְצִיג. 7 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, אוּן דוּא, וִויא פִיל בִּיסְט
דוּא שׁוּלְדִיג? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הוּנְדֶערְט מֶעסְטְלֶעךְ ווֵייץ. עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין שְׁטַר חוֹב, אוּן שְׁרֵייבּ אוֹיף אַכְטְצִיג. 8 אוּן דֶער הַאר
הָאט גֶעלוֹיבְּט דֶעם אוּנְגֶערֶעכְטֶען הוֹיזְהַאלְטֶער, ווֵייל עֶר הָאט קְלוּג גֶעטְהוּן;
וָוארִין דִיא קִינְדֶער פוּן דִיזֶער וֶועלְט זֶענֶען קְלוּגֶער פַאר זֵייעֶר דוֹר וִויא דִיא
קִינְדֶער פוּן דֶעם לִיכְט. 9 אוּן אִיךְ זָאג אֵייךְ, מַאכְט אֵייךְ פְרֵיינְד פוּן
דֶעם אוּנְגֶערֶעכְטֶען מָמוֹן, אַז וֶוען עֶס וֶועט פֶעהְלֶען, זָייא זָאלֶען אֵייךְ אִין דִיא
עֶבִּיגֶע גֶעצֶעלְטֶען אַרֵיינְנֶעמֶען. 10 דֶער וָואס אִיז גֶעטְרֵייא אִים וֶוענִיגְסְטֶען
אִיז אוֹיךְ גֶעטְרֵייא אִין פִילֶען; אוּן דֶער וָואס אִיז אוּנְגֶערֶעכְט אִים וֶוענִיגְסְטֶען
אִיז אוֹיךְ אוּנְגֶערֶעכְט אִין פִילֶען. 11 דְרוּם וֶוען אִיהְר זֶענְט נִיט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען
אִים אוּנְגֶערֶעכְטֶען מָמוֹן, וֶוער וֶועט אֵייךְ אַנְפֶערְטְרוֹיעֶן דָאס וָואהְרְהַאפְטִיגֶע?
12 אוּן וֶוען אִיהְר זֶענְט אִים פְרֶעמְדֶען נִיט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען, וֶוער וֶועט אֵייךְ
דָאס אֵייגֶענֶע גֶעבֶּען? 13 קֵיין קְנֶעכְט קֶען צְווֵייא הַארֶען נִיט דִינֶען; וָוארִין
אַנְטְוֶועדֶער עֶר וֶועט אֵיינֶעם פֵיינְד הָאבֶּען אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען, אָדֶער עֶר
וֶועט זִיךְ הַאלְטֶען אָן אֵיינֶעם אוּן וֶועט דֶעם אַנְדֶערֶען פֶערְאַכְטֶען; אִיהְר קֶענְט
נִיט גָאט אוּן מָמוֹן דִינֶען.

14 אוּן דִיא פְּרוּשִׁים וָואס זֶענֶען גֶעלְד לִיבְּהָאבֶּער גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען דָאס אַלֶעס גֶע־
הֶערְט, אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט. 15 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר
זֶענְט דִיא וָואס רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען זִיךְ פָאר מֶענְשֶׁען, אָבֶּער גָאט ווֵייסְט אֵיירֶע
הֶערְצֶער; וָוארִין דָאס וָואס אִיז הוֹיךְ צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען אִיז אַ גְרֵייעֶל פָאר גָאט.
16 דִיא תּוֹרָה אוּן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען בִּיז יוֹחָנָן גֶעוֶועזֶען; פוּן דֶענְצְמָאל אָן
אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוּן אִיטְלִיכֶער דְרִינְגְט זִיךְ אַרֵיין.
17 אָבֶּער עֶס אִיז גְרִינְגֶער אַז הִימֶעל אוּן עֶרְד זָאלֶען פֶּערְגֶעהֶען, אֵיידֶער
אֵיינֶע נְקוּדָה פוּן דֶער תּוֹרָה זָאל פַאלֶען. 18 אִיטְלִיכֶער וָואס שֵׁיידֶעט זֵיין ווֵייבּ
אוּן נֶעמְט אֵיין אַנְדֶערֶע, דֶער אִיז מְזַנֶּה, אוּן וֶוער עֶס נֶעמְט דִיא וָואס אִיז אַ
גְרוּשָׁה פוּן אִיהְר מַאן אִיז מְזַנֶּה.

19 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ רֵייכֶער מַאן אוּן עֶר אִיז אִין פוּרְפוּר אוּן פֵּיינֶער לֵיינְ־
וַואנְד גֶעקְלֵייד גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט אַלֶע טָאג מִיט תַּעֲנוּג אוּן פְרֵייד גֶעלֶעבְּט.
20 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אָרְמֶער וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען לַעְזָר, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
פוּל מִיט בְּלָאטֶערְן אוּן גֶעלֶעגֶען בֵּייא זֵיין טוֹיעֶר. 21 אוּן עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט
זִיךְ צוּ זֶעטִיגֶען מִיט דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ וָואס פַאלֶען אַרוּפ פוּן דֶעם טִישׁ פוּן דֶעם
רֵייכֶען מַאן; אֲפִילוּ דִיא הִינְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען זֵיינֶע בְּלָאטֶערְן
גֶעלֶעקְט. 22 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַז דֶער אָרְמֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן עֶר
אִיז פוּן דִיא מַלְאָכִים גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען צוּם שׁוֹיס פוּן אַבְרָהָם; אוּן דֶער
רֵייכֶער אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּן אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען. 23 אוּן אִין
גֵיהִנָּם אִיז עֶר אִין יְסוּרִים גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּן
הָאט אַבְרָהָם פוּן ווֵייטֶען גֶעזֶעהֶען אוּן לַעְזָר אִין זֵיין שׁוֹיס. 24 אוּן עֶר

האט געשריגען און געזאגט, פאטער אברהם, דערבארם דיך איבער מיר, און
שיק לעזר, אז ער זאל איינטונקען דיא שפיץ פון זיין פינגער אין וואסער,
און זאל מיינע צונג אפקיהלען, ווארין איך לייד יסורים אין דיזער פלאם. [25] און
אברהם האט געזאגט, זוהן, געדענק אז דוא האסט דיינע גוטע זאכען אפגע־
נומען ביא דיין לעבען, און לעזר אויך דיא שלעכטע זאכען; און אצונד איז
ער היר געטרייסט, אבער דוא האסט יסורים. [26] און איבער דעם אלעם איז
דא צווישען אונז און אייך א גרויסער אפגרונד געזעצט, אז דיא וואס ווילען
פון דאנען צו אייך אריבערגעהען קענען ניט, און אויך דיא פון יענער זייט
קומען ניט אריבער צו אונז. [27] און ער האט געזאגט, דרום בעט איך דיך,
פאטער, אז דוא זאלסט איהם שיקען צו מיין פאטערס הויז; [28] ווארין איך האב
פינף ברידער; אז ער זאל זייא בעצייגען, כדי זייא זאלען אויך ניט קומען אין
דיזעם ארט פון יסורים. [29] און אברהם האט געזאגט, זייא האבען משה און
דיא נביאים; לאזען זייא זייא צוהערען. [30] אבער ער האט געזאגט, ניין, פאר־
טער אברהם, נייערט ווען איינער ווערט צו זייא פון דיא טויטע קומען, וועלען
זייא תשובה טהון. [31] און ער האט צו איהם געזאגט, ווען זייא הערען ניט
משה און דיא נביאים, אזוי וועלען זייא אויך ניט איבערגערעט ווערען ווען
איינער ווערט פון דיא טויטע אויפשטעהען.

יז [1] און ער האט צו זיינע תלמידים געזאגט, עס איז אונמעגליך אז שטרויכ־
לונגען זאלען ניט קומען, אבער וועה צו דעם דורך וועמען זייא קומען.
[2] עס וואלט בעסער געווען פאר איהם, אז א מיהלשטיין זאל אויף זיין האלז
געהאנגען ווערען, און מען זאל איהם אים ים אריינווארפען, איידער ער זאל
שטרויכלען איינעם פון דיזע קליינע. [3] היט אייך זעלבסט. ווען דיין ברודער
זינדיגט קעגען דיר, שטראף איהם; און ווען ער ווערט חרטה האבען, פערגיב
איהם. [4] און ווען ער ווערט זיבען מאל אים טאג קעגען דיר זינדיגען, און ווערט
זיך זיבען מאל צו דיר אומקעהרען און זאגען, איך האב חרטה, אזוי זאלסט
דוא איהם פערגעבען.
[5] און דיא אפאסטעל האבען צום האר'ן געזאגט, פערמעהר אונזער גלויבען.
[6] און דער האר האט געזאגט, ווען איהר וואלט גלויבען געהאט אזוי וויא א
זאמען פון זענפט, וואלט איהר צו דיזעם פייגענבוים געזאגט, זייא אויסגע־
ווארצעלט און אים ים געפלאנצט; און ער ווערט אייך געהארכען.
[7] און וועלכער פון אייך וואס האט א קנעכט דער אקערט אדער פאשעט
שאף ווען ער קומט פון דעם פעלד, ווערט ער צו איהם זאגען, געה און
זעץ דיך צום טיש? [8] אבער ווערט ער ניט צו איהם זאגען, מאך פארטיג וואס
איך זאל עסען צום אבענדמאהל, און גארטעל דיך ארום, און בעדין מיך ביז
איך האב געגעסען און געטרונקען, און דערנאך זאלסט דוא עסען און טרינ־
קען? [9] ווערט ער דען זיך בעדאנקען צו דעם קנעכט, ווייל ער האט געטהון
וואס איז איהם בעפוילען? [10] אזוי אויך איהר ווען איהר האט אלעס געטהון
וואס איז אייך בעפוילען, אזוי זאגט, מיר זענען אונניצליכע קנעכט, מיר

הָאבֶּען דָאס גֶעטְהוּן וָואס מִיר זֶענֶען שׁוּלְדִיג גֶעוֶועֶן צוּ טְהוּן.
11 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וִויא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אִיז עֶר אִין
מִיטֶען שֹׁמְרוֹן אוּן גָלִיל דוּרְכְגֶעקוּמֶען. 12 אוּן וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין אַ
גֶעוִויסֶען דָארְף אַרַיין, הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגֶעגֶענְט צֶעהְן קְרֶעצִיגֶע וָואס זֶענֶען פוּן
וַויטֶען גֶעשְׁטַאנֶען, 13 אוּן זַייא הָאבֶּען זַייעֶר קוֹל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן גֶעזָאגְט,
יֵשׁוּעַ, מֵייסְטֶער, הָאב רַחֲמָנוּת אוֹיף אוּנְז. 14 אוּן וֶוען עֶר הָאט זַייא גֶעזֶעהֶען,
הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּן וַויזְט אֵייךְ צוּ דִיא כֹּהֲנִים. אוּן עֶס אִיז
גֶעשֶׁעהֶען וִויא זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי זֶענֶען זַייא גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען.
15 אוּן אֵיינֶער פוּן זַייא וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אַז עֶר אִיז גֶעהֵיילְט, הָאט
זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל; 16 אוּן עֶר אִיז
אוֹיף דֶעם פָּנִים גֶעפַאלֶען פָאר זַיינֶע פִיס, אוּן הָאט אִיהְם גֶעדַאנְקְט; אוּן עֶר
אִיז אַ שֹׁמְרוֹנִי גֶעוֶוען. 17 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, זֶענֶען נִיט דִיא
צֶעהְן גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען? אָבֶּער וְואוּ זֶענֶען דִיא נַיין? 18 הָאט זִיךְ קֵיינֶער
נִיט גֶעפִינֶען וָואס הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט כָּבוֹד צוּ גָאט צוּ גֶעבֶּען, אוֹיסֶער
דִיזֶער פְרֶעמְדֶער? 19 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף אוּן גֶעה,
דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶערֶעטֶעט.
20 אוּן וֶוען עֶר אִיז פוּן דִיא פְּרוּשִׁים גֶעפְרֶעגְט גֶעוָוארֶען, וֶוען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט וֶועט קוּמֶען, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט קוּמְט נִיט מִיט בֶּעמֶערְקוּנְג, 21 אוֹיךְ וֶועט מֶען נִיט זָאגֶען, זֶעה דָא
אָדֶער דָארְט; וָוארִין זֶעה, דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז אִין מִיטֶען פוּן אֵייךְ.
22 אוּן עֶר הָאט צוּ דִיא תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען, וֶוען אִיהְר
וֶועט בֶּעגֶעהְרֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא טֶעג פוּן דֶעם בֶּן אָדָם צוּ זֶעהֶען, אוּן אִיהְר
וֶועט נִיט זֶעהֶען. 23 אוּן זַייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ זָאגֶען, זֶעה דָארְט אוּן זֶעה
דָא; גֶעהְט נִיט אַרוֹיס אוּן פָאלְגְט זַייא נִיט נָאךְ. 24 וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער בְּלִיץ
וָואס בְּלִיצְט פוּן אֵיין עֶק פוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אוּן שַׁיינְט בִּיז צוּם אַנְדֶע־
רֶען עֶק אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי וֶועט דֶער בֶּן אָדָם זַיין אִין זַיינֶעם טָאג.
25 אָבֶּער צוּעֶרְשְׁט מוּז עֶר פִיל לֵיידֶען, אוּן פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען פוּן דִיזֶעם דוֹר.
26 אוּן אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועֶן אִין דִיא טֶעג פוּן נֹחַ, אַזוֹי וֶועט עֶס אוֹיךְ זַיין
אִין דִיא טֶעג פוּן דֶעם בֶּן אָדָם. 27 זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, זַייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְ־
קֶען, זַייא הָאבֶּען חֲתוּנָה גֶעהַאט, זַייא הָאבֶּען חֲתוּנָה גֶעמַאכְט, בִּיז צוּם טָאג
וֶוען נֹחַ אִיז אִין דֶער תֵּיבָה אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן דָאס מַבּוּל אִיז גֶעקוּמֶען אוּן
הָאט זַייא אַלֶע אוּמְגֶעבְּרַאכְט. 28 גְלֵייכְדֶעם אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועֶן אִין דִיא
טֶעג פוּן לוֹט; זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, זַייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען, זַייא הָאבֶּען
גֶעקוֹיפְט, זַייא הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט, זַייא הָאבֶּען גֶעפְּלַאנְצְט, זַייא הָאבֶּען
גֶעבּוֹיעֶט; 29 אָבֶּער אִים טָאג וֶוען לוֹט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן סְדוֹם הָאט עֶס
גֶערֶעגֶענְט מִיט פַייעֶר אוּן שְׁוֶועבֶּעל פוּן הִימֶעל, אוּן הָאט זַייא אַלֶע אוּמְגֶע־
בְּרַאכְט. 30 אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין אִים טָאג וֶוען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען. 31 אִין יֶענֶעם טָאג, דֶער וָואס וֶועט זַיין אוֹיף דֶעם דַאךְ אוּן זַיינֶע

בְּלִים אִים הױז, לָאז עֶר נִיט אַרוּפְּגֶעהֶען כְּדֵי זֵייא צוּ נֶעמֶען; און גְלֵייכְדֶעם
דֶער װָאס אִיז אִים פֶעלְד לָאז עֶר נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען. 32 גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם װײַבּ
פוּן לוֹט. 33 װער עֶס װעט זוּכֶען זַיינֶע זֶעלֶע צוּ גֶעװִינֶען, דֶער װעט זיא פֶערְ־
לִירֶען, און װער עֶס װעט זַיינֶע זֶעלֶע פֶערְלִירֶען, דֶער װעט זיא דֶערְהַאלְטֶען.
34 אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִין יֶענֶער נַאכְט װעלֶען צְװייא אִין אֵיינֶעם בֶּעט זַיין, אֵיינֶער
װעט אַװעקְגֶענוּמֶען װערֶען, און דֶער אַנְדֶערֶער װעט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט װערֶען.
35 צְװייא פְרױעֶן װעלֶען צוּזַאמֶען מָאלֶען, אֵיינֶע װעט אַװעקְגֶענוּמֶען װערֶען און
דִיא אַנְדֶערֶע װעט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט װערֶען. * 37 און זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט
און הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װאוּ הַאר? און עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װאוּ
דִיא נְבֵלָה אִיז, דָארְט װעלֶען זִיךְ אוֹיךְ דִיא אָדְלֶער אֵיינְזַאמְלֶען.

יח 1 און עֶר הָאט צוּ זֵייא אַ מָשָׁל גֶעזָאגְט, אַז זֵייא בֶּעדַארְפֶען תָּמִיד בֶּעטֶען און
נִיט מִיד װערֶען, 2 און הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אַ רִיכְטֶער גֶעװעזֶען אִין אַ
גֶעװִיסֶע שְׁטָאדְט, װָאס הָאט זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט און הָאט מֶענְשֶׁען
נִיט גֶעשֶׁעצְט. 3 און עֶס אִיז אֵיין אַלְמָנָה גֶעװעזֶען אִין יֶענֶער שְׁטָאדְט; און זיא
אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען און הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא דִיךְ נוֹקֵם מֵיינֶעט װעגֶען קֶעגֶען
מֵיין קְרִיגֶער. 4 און עֶר הָאט פַאר אַ צֵייט נִיט גֶעװָאלְט; אָבֶּער דֶערְנָאךְ הָאט
עֶר גֶעטְרַאכְט, הָאטְשֶׁע אִיךְ פָארְכְט נִיט גָאט און שֶׁעם זִיךְ נִיט מֶענְשֶׁען, 5 דָאךְ װײַל
דִיזֶע אַלְמָנָה גִיבְּט מִיר מִיה, װעל אִיךְ פַאר אִיהְר נְקָמָה טְהוּן, אַז זיא זָאל
מִיךְ נִיט מִיד מַאכֶען מִיט אִיהְר פִיל קוּמֶען. 6 און דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט,
הֶערְט װָאס דֶער אוּנְגֶערֶעכְטֶע רִיכְטֶער זָאגְט. 7 און זָאל נִיט גָאט נְקָמָה
טְהוּן פַאר זַיינֶע אױסְדֶערְװעהְלְטֶע, װָאס שְׁרֵייעֶן צוּ אִיהְם טָאג און נַאכְט, און עֶר
הָאט מִיט זֵייא גֶעדוּלְד? 8 אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז עֶר װעט גֶעשְׁװִינְד פַאר זֵייא נְקָמָה
טְהוּן. דָאךְ װען דֶער בֶּן אָדָם װעט קוּמֶען װעט עֶר דֶען גְלױבֶּען גֶעפִינֶען
אױף דֶער עֶרְד?

9 און עֶר הָאט אױךְ דִיזֶעם מָשָׁל גֶעזָאגְט צוּ עֶטְלִיכֶע װָאס הָאבֶּען אִין זִיךְ
אַלֵיין פֶערְטְרױעֶט אַז זֵייא זֶענֶען צַדִיקִים, און הָאבֶּען דִיא אִיבְּרִיגֶע פֶערְאַכְטֶעט.
10 צְװייא מֶענְשֶׁען זֶענֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרױפְגֶעגַאנְגֶען אוּם צוּ בֶּעטֶען, דֶער
אֵיינֶער אִיז אַ פָּרוּשׁ גֶעװעזֶען און דֶער אַנְדֶערֶער אַ שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער. 11 דֶער פָּרוּשׁ
אִיז גֶעשְׁטַאנֶען און הָאט גֶעבֶּעטֶען, אָ גָאט, אִיךְ דַאנְק דִיר, אַז אִיךְ בִּין נִיט װִיא
אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, רױבֶּער, אוּנְגֶערֶעכְטֶע, נוֹאֲפִים, אָדֶער אױךְ װִיא דִיזֶער
שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער; 12 אִיךְ פַאסְט צְװייא מָאל אִין דֶער װָאךְ, אִיךְ גִיבּ מַעֲשֵׂר פוּן
אַלֶעם װָאס אִיךְ בֶּעזִיץ. 13 אָבֶּער דֶער שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער אִיז פוּן װײַטֶען
גֶעשְׁטַאנֶען, און הָאט נִיט אֲפִילוּ גֶעװָאלְט אױפְהֶעבֶּען דִיא אױגֶען צוּם הִימֶעל,
נֵייעֶרְט הָאט זִיךְ אױף דֶעם הַארְץ גֶעשְׁלָאגֶען און גֶעזָאגְט, אָ גָאט, דֶערְבַּארְם
דִיךְ אִיבֶּער מִיר דֶעם זִינְדֶער. 14 אִיךְ זָאג אֵייךְ, דִיזֶער מַאן אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען

---

36 צְװייא װעלֶען זַיין אִים פֶעלְד, אֵיינֶער װעט אַװעקְגֶענוּמֶען װערֶען און דֶער
אַנְדֶערֶער װעט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט װערֶען.

[29] בראשית יט׳ כד׳,

גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט מֶעהְר וִויא דֶער אַנְדֶערֶער; וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס דֶערְהֵייבְּט
זִיךְ זֶעלְבְּסְט וֶועט דֶערְנִידְרִיגְט וֶוערֶען, אָבֶּער דֶער וָואס דֶערְנִידְרִיגְט זִיךְ
זֶעלְבְּסְט וֶועט דֶערְהֵייבְט וֶוערֶען.

15 אוּן מֶען הָאט צוּ אִיהְם אוֹיךְ גֶעבְּרַאכְט דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אַז עֶר זָאל
זֵייא אָנְרִיהְרֶען; אוּן וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זֵייא
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען. 16 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט, לָאזְט דִיא
קִינְדֶערְלֶעךְ צוּ מִיר קוּמֶען אוּן פֶערְבִּיט זֵייא נִיט, וָוארִין פוּן אַזֶעלְכֶע אִיז דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 17 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס וֶועט נִיט אָנְנֶעמֶען דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט וִויא אַ קְלֵיין קִינְד, דֶער וֶועט דְרִינֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען.

18 אוּן אַ גֶעוִויסֶער עֶלְצְטֶער הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, גוּטֶער לֶעהְ־
רֶער, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן, אַז אִיךְ זָאל עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען יַרְשֶׁענֶען? 19 אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם רוּפְסְט דוּא מִיךְ גוּט? קֵיינֶער אִיז נִיט גוּט,
אוֹיסֶער אֵיינֶער, דָאס אִיז גָאט. 20 דוּא קֶענְסְט דִיא מִצְוֹת, דוּא זָאלְסְט נִיט
מְזַנֶּה זַיין, דוּא זָאלְסְט נִיט טֵייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶענֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט
פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען, עֶהְרֶע דֵיין פָאטֶער אוּן דֵיינֶע מוּטֶער. 21 אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָפּ. 22 אוּן וֶוען
יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נָאךְ אֵיין זַאךְ פֶעהְלְט
דִיר; פֶערְקוֹיף אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט, אוּן פֶערְטְהֵייל עֶס צוּ דִיא אָרְמֶע לֵייט,
אוּן דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ שַׁאץ אִים הִימֶעל אוּן קוּם פָאלְג מִיר נָאךְ. 23 אוּן
וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אִיז עֶר זֶעהְר טְרוֹירִיג גֶעוָוארֶען; וָוארִין עֶר הָאט
אַ סַךְ עֲשִׁירוּת גֶעהַאט. 24 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעזָאגְט, וִויא
שְׁוֶוער אִיז עֶס פַאר דִיא וָואס הָאבֶּען רֵייכְטְהוּם אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַרֵיינְ־
צוּקוּמֶען. 25 וָוארִין עֶס אִיז גְרִינְגֶער פַאר אַ קֶעמֶעל דוּרְכְצוּגֶעהֶען דוּרְךְ דֶעם
לָאךְ פוּן אַ נָאדֶעל, וִויא פַאר אַ רֵייכֶען אַרֵיינְצוּגֶעהֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט.
26 אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער קֶען דֶען גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען? 27 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וָואס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ בֵּייא מֶענְשֶׁען
אִיז מֶעגְלִיךְ בֵּייא גָאט. 28 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה. מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶער
אֵייגֶענֶעס פֶערְלָאזְט, אוּן הָאבֶּען דִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט. 29 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס הָאט פֶערְלָאזְט הוֹיז אָדֶער
וֵוייבּ אָדֶער בְּרִידֶער אָדֶער עֶלְטֶערְן אָדֶער קִינְדֶער פוּן וֶועגֶען דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט, 30 וָואס וֶועט נִיט בֶּעקוּמֶען פִיל מָאל מֶעהְר אִין דִיזֶער צֵייט, אוּן
אִים קוּמֶענְדִיגֶען צֵייטַאלְטֶער עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען.

31 אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר
גֶעהֶען אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן אַלֶעס וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים
וֶועגֶען דֶעם בֶּן אָדָם וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען; 32 וָוארִין עֶר וֶועט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען צוּ דִיא גוֹיִם, אוּן וֶועט אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּן שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט,
אוּן אָנְגֶעשְׁפִּיגֶען וֶוערֶען, 33 אוּן זֵייא וֶועלֶען אִיהְם שְׁמֵייסֶען, אוּן וֶועלֶען

20 שמות כ׳ יב׳־טז׳; דברים ה׳ טז׳, יז׳.

אִיהְם טַייטְשְׁעֶן, אוּן אִים דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיפְשְׁטֶעהֶען. 34 אוּן זַייא הָאבֶּען
קֵיינֶע פוּן דִיזֶע זַאכֶען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, אוּן דִיזֶע רֶעד אִיז פוּן זַייא פֶערְבָּארְגֶען
גֶעוֶועזֶען, אוּן זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט וָואס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען.
35 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּ יְרִיחוֹ, אִיז אַ
בְּלִינְדֶער בֵּיים וֶועג גֶעזֶעסֶען, אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶעלְט. 36 אוּן וֶוען עֶר הָאט
גֶעהֶערְט דִיא לֵייט פַארְבֵּייא גֶעהֶען, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט וָואס דָאס אֵיז. 37 אוּן
זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם דֶערְצֶעהְלְט, אַז יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי גֶעהְט פַארְבֵּייא. 38 אוּן עֶר
הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ בֶּן דָוִד, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר. 39 אוּן
דִיא וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אַז עֶר זָאל
שְׁטִיל שְׁוַויינֶען; אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיגֶען, בֶּן דָוִד, דֶערְבַּארְם דִיךְ
אִיבֶּער מִיר. 40 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען צוּ
זִיךְ בְּרֶענְגֶען. אוּן וִויא עֶר אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
41 וָואס וִוילְסְט דוּא אַז אִיךְ זָאל דִיר טְהוּן? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אַז
אִיךְ זָאל זֶעהֶענְדִיג וֶוערֶען. 42 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַייא זֶעהֶענְדִיג;
דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶערֶעטֶעט. 43 אוּן גְלֵייךְ אִיז עֶר זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען,
אוּן הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּן הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט. אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען אוּן הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט.
יט 1 אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּן אִיז דוּרְךְ יְרִיחוֹ גֶעגַאנְגֶען. 2 אוּן דָא אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען זַכַּי, אוּן עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
פוּן דִיא שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער, אוּן אַ רֵייכֶער מַאן. 3 אוּן עֶר הָאט גֶעזוּכְט יֵשׁוּעַ
צוּ זֶעהֶען, וֶוער עֶר אִיז; אוּן עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט וֶועגֶען דִיא לֵייט, וַוייל עֶר
אִיז קְלֵיין גֶעוֶועזֶען. 4 אוּן עֶר אִיז פָארְאוֹיס גֶעלָאפֶען, אוּן אִיז אַרוֹיפְגֶעקְלֶעטֶער־
טֶערְט אוֹיף אַ פֵייגֶענְבּוֹים, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם זֶעהֶען, וָוארִין עֶר הָאט גֶעמוּזְט
דָארְט פַארְבֵּייא גֶעהֶען. 5 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז צוּ דֶעם אָרְט גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר
אַרוֹיפְגֶעקוּקְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַכַּי, קוּם גֶעשְׁווִינְד אַרוּפ; וָוארִין אִיךְ
מוּז הֵיינְט אִין דֵיין הוֹיז בְּלֵייבֶּען. 6 אוּן עֶר אִיז גֶעשְׁווִינְד אַרוּפְגֶעקוּמֶען, אוּן
הָאט אִיהְם מִיט פְרֵייד אוֹיפְגֶענוּמֶען. 7 אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען,
הָאבֶּען זַייא אַלֶע גֶעמוּרְמֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט, עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ אַ
זִינְדִיגֶען מַאן זִיךְ אוֹיפְצוּהַאלְטֶען. 8 אָבֶּער זַכַּי אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט צוּם
הַאר'ן גֶעזָאגְט, זֶעה, הַאר, דִיא הֶעלְפְט פוּן מֵיין פֶערְמֶעגֶען גִיבּ אִיךְ צוּ דִיא
אָרְמֶע, אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ פוּן אֵיינֶעם עֶפֶּעס גֶערוֹיבְּט אַזוֹי גִיבּ אִיךְ עֶס פִיעֶר־
פֶעלְטִיג צוּרִיק. 9 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הֵיינְט אִיז יְשׁוּעָה אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען צוּ דִיזֶעם הוֹיז, וַוייל עֶר אִיז אוֹיךְ אַ זוּהְן פוּן אַבְרָהָם; 10 וָוארִין דֶער
בֶּן אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זוּכֶען אוּן צוּ רֶעטֶען דָאס וָואס אִיז פֶערְלוֹירֶען
גֶעוֶועזֶען.
11 אוּן וִויא זַייא הָאבֶּען דָאס צוּגֶעהֶערְט, הָאט עֶר וֵוייטֶער אַ מָשָׁל גֶעזָאגְט,
וַוייל עֶר אִיז נָאהֶענְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶועזֶען, אוּן וַוייל זַייא הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט וֶועט גְלֵייךְ דֶערְשֵׁיינֶען. 12 דְרוּם הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַ

גֶעוִויסֶער עֶדֶעלְמַאן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ וַוייטֶען לַאנְד, כְּדֵי עֶר זָאל צוּ
זִיךְ אַ קֶענִיגְרֵייךְ בֶּעקוּמֶען אוּן צוּרִיקְקֶעהְרֶען. 13 אוּן עֶר הָאט זַיינֶע צֶעהְן
קְנֶעכְט גֶערוּפֶען, אוּן הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען צֶעהְן פוּנְט,* אוּן הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, הַאנְדֶעלְט דֶערְמִיט בִּיז אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקוּמֶען. 14 אָבֶער זַיינֶע שְׁטָאדְט־
לַייט הָאבֶּען אִיהְם פֵיינְד גֶעהַאט, אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם שְׁלוּחִים נָאכְגֶעשִׁיקְט
אוּן גֶעזָאגְט, מִיר ווִילֶען נִיט דִיזֶעם הָאבֶּען אַז עֶר זָאל אִיבֶּער אוּנְז רֶעגִירֶען.
15 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר הָאט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ בֶּעקוּמֶען, אוּן אִיז
צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דִיא קְנֶעכְט צוּ זִיךְ רוּפֶען, צוּ וֶועלְכֶע עֶר
הָאט דָאס גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל ווִיסֶען וָואס אִיטְלִיכֶער הָאט פֶערְדִינְט
מִיט הַאנְדֶעלְן. 16 אוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
דֵיין פוּנְט * הָאט צֶעהְן פוּנְט פֶערְדִינְט. 17 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וְואוֹיל, דוּא גוּטֶער קְנֶעכְט; וַוייל דוּא בִּיסְט אִין אַבִּיסֶעל גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען,
הָאבּ מַאכְט אִיבֶּער צֶעהְן שְׁטֶעדְט. 18 אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּן
הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דֵיין פוּנְט * הָאט פִינְף פוּנְט פֶערְדִינְט. 19 אוּן עֶר הָאט
אוֹיךְ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַייא דוּא אוֹיךְ אִיבֶּער פִינְף שְׁטֶעדְט. 20 אוּן דֶער
דְרִיטֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, זֶעה דֵיין פוּנְט,* וָואס אִיךְ
הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ טִיכֶעל; 21 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַאר דִיר גֶעפָארְכְ־
טֶען, וַוייל דוּא בִּיסְט אַ הַארְטֶער מֶענְשׁ, דוּא נֶעמְסְט אוֹיף וָואס דוּא הָאסְט
נִיט אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט, אוּן שְׁנַיידֶעסְט וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעזֵייעֶט. 22 עֶר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן דֵיין אֵייגֶען מוֹיל וֶועל אִיךְ דִיךְ רִיכְטֶען, דוּא שְׁלֶעכְטֶער
קְנֶעכְט; דוּא הָאסְט גֶעוְואוּסְט אַז אִיךְ בִּין אַ הַארְטֶער מֶענְשׁ, אַז אִיךְ נֶעם
אוֹיף וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט, אוּן שְׁנַייד וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט
גֶעזֵייעֶט. 23 וָוארוּם הָאסְט דוּא דֶען נִיט מֵיין גֶעלְד אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין דֶער
בַּאנְק, אַז בֵּייא מֵיין צוּרִיקְקוּמֶען וָואלְט אִיךְ עֶס בֶּעקוּמֶען מִיט פְּרָאצֶענְט?
24 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, נֶעמְט פוּן
אִיהְם דָאס פוּנְט אוּן גִיבְּט עֶס צוּ דֶעם וָואס הָאט דִיא צֶעהְן פוּנְט. 25 אוּן
זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, עֶר הָאט צֶעהְן פוּנְט.* 26 אִיךְ זָאג אֵייךְ,
אַז צוּ אִיטְלִיכֶעם וָואס הָאט וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען; אוּן פוּן דֶעם וָואס הָאט
נִיט, וֶועט אוֹיךְ דָאס וָואס עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען. 27 אָבֶער דִיזֶע
מֵיינֶע פֵיינְד, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט אַז אִיךְ זָאל אִיבֶּער זַייא רֶעגִירֶען,
בְּרֶענְגְט אַהֶער אוּן הַרְגֶעט זַייא פָאר מִיר. 28 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אִיז עֶר פָארְאוֹיס קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען.

29 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּ בֵּית פַּגֵי אוּן
בֵּית הִינִי צוּם בַּארְג וָואס אִיז גֶערוּפֶען הַר הַזֵיתִים, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט
צְווֵייא פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים, 30 אוּן הָאט גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִים דָארְף אַרֵיין וָואס
אִיז קֶעגֶען אֵייךְ, אוּן וֶוען אִיהְר וֶועט דְרִינֶען אַרֵיינְקוּמֶען. וֶועט אִיהְר גֶעפִינֶען
אַ יוּנְג עֶזֶעל אָנְגֶעבוּנְדֶען, אוֹיף דֶעם אִיז קֵיין מֶענְשׁ נָאךְ נִיט גֶעזֶעסֶען; בִּינְד

* גר׳ מנים 13,25 גר׳ מנה 16,18,20,24

עֶס לוֹיז אוּן בְּרֶענְגְט עֶס אַהֶער. 31 אוּן וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט אֵייך פְּרֶעגֶען,
וָוארוּם בִּינְד אִיהְר עֶס לוֹיז? אַזוֹי זָאלְט אִיהְר צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַז דֶער הַאר
בֶּעדַארְף עֶס. 32 אוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעשִׁיקְט גֶעוֶוען זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
אוּן הָאבֶּען גֶעפִינֶען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט. 33 אוּן וִויא זֵייא
הָאבֶּען דָאס יוּנְגֶע עֶזֶעל אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען הָאבֶּען דִיא הַארֶען דֶערְפוּן צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וָוארוּם בִּינְד אִיהְר אוֹיף דָאס יוּנְגֶע עֶזֶעל? 34 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דֶער הַאר בֶּעדַארְף עֶס. 35 אוּן זֵייא הָאבֶּען עֶס צוּ יֵשׁוּעַ גֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוֹיף דֶעם יוּנְגֶען עֶזֶעל אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען, אוּן הָאבֶּען יֵשׁוּעַ
דְרוֹיף גֶעזֶעצְט. 36 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער
אוֹיף דֶעם וֶועג אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט. 37 אוּן וִויא עֶר אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּם
אַרוּפְגַאנְג פוּן דֶעם הַר הַזֵיתִים, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא גַאנְצֶע מֶענְגֶע תַּלְמִידִים
אָנְגֶעהוֹיבֶּען גָאט צוּ לוֹיבֶּען מִיט שִׂמְחָה אוּן אַ הוֹיךְ קוֹל, וֶועגֶען אַלֶע גְבוּרוֹת
וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, 38 אוּן גֶעזָאגְט,

גֶעלוֹיבְּט אִיז עֶר וָואס קוּמְט,
דֶער קֶענִיג אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן;
פְרִידֶען אִים הִימֶעל,
אוּן כָּבוֹד אִין דֶער הֵייךְ.

39 אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים פוּן צְווִישֶׁען דִיא לֵייט הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
לֶעהְרֶער, שְׁרֵייא אָן דֵיינֶע תַּלְמִידִים. 40 אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז וֶוען דִיזֶע וֶועלֶען שְׁטִיל שְׁווֵייגֶען, אַזוֹי וֶועלֶען דִיא שְׁטֵיינֶער
אוֹיסְשְׁרֵייעֶן.

41 אוּן וֶוען עֶר אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר דִיא שְׁטָאדְט גֶעזֶעהֶען אוּן
הָאט אִיבֶּער אִיהְר גֶעווֵיינְט. 42 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וָואלְסְט גֶעווְאוּסְט
אִין דִיזֶעם טָאג דִיא זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּ דֵיין פְרִידֶען; אָבֶּער נוּן זֶענֶען
זֵייא פוּן דֵיינֶע אוֹיגֶען פֶערְבָּארְגֶען. 43 וָוארִין דִיא טֶעג וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר
קוּמֶען, וֶוען דֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען אַ גְרוּבּ אַרוּם דִיר גְרוּבֶּען, אוּן וֶועלֶען דִיךְ
אַרוּמְרִינְגְלֶען, אוּן וֶועלֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען בֶּעלַאגֶערְן; 44 אוּן זֵייא וֶועלֶען דִיךְ
צוּם גְרוּנְד אַנִידֶערְוַוארְפֶען אוּן דֵיינֶע קִינְדֶער אִין דִיר, אוּן זֵייא וֶועלֶען אִין
דִיר נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען אַ שְׁטֵיין אוֹיף אַ שְׁטֵיין, וַוייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעווְאוּסְט
דִיא צֵייט וֶוען דוּא בִּיסְט בֶּעזוּכְט גֶעוָוארֶען.

45 אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אַרוֹיס צוּ וַוארְפֶען דִיא וָואס הָאבֶּען דְרִינֶען גֶעקוֹיפְט; 46 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּן מֵיין הוֹיז וֶועט זֵיין אַ הוֹיז פוּן גֶעבֶּעט,
אָבֶּער אִיהְר הָאט עֶס גֶעמַאכְט צוּ אַ הֵייל פוּן רוֹיבֶּער.

47 אוּן עֶר הָאט טֶעגְלִיךְ אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶעלֶעהְרְט. אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט
אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען. 48 אוּן זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעפִינֶען וָואס צוּ טְהוּן, וָוארִין דָאס

38 תהלים קיח׳ כו׳.

גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיךְ אָן אִיהְם גֶעהַאלְטֶען אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם הֶערֶען.
כ [1]און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַן אֵיינֶעם פוּן דִיא טֶעג, ווִיא עֶר הָאט דָאס פָאלְק
גֶעלֶעהְרְט אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ און הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, זֶענֶען
דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים און דִיא סוֹפְרִים מִיט דִיא עֶלְצְטֶע צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען;
[2]און זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשְׁפְּרָאכֶען און גֶעזָאגְט, זָאג אוּנְז דוּרְךְ וֶועלְכֶע
מַאכְט טְהוּסְט דוּא דִיזֶע זַאכֶען, אָדֶער וֶוער אִיז דֶער וָואס הָאט דִיר דִיזֶע
מַאכְט גֶעגֶעבֶּען. [3]און עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ
וֶועל אֵייךְ אוֹיךְ אַ זַאךְ פְרֶעגֶען און זָאגְט עֶס מִיר; [4]דִיא טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן
אִיז זִיא פוּן הִימֶעל גֶעוֶועזֶען אָדֶער פוּן מֶענְשֶׁען? [5]און זֵייא הָאבֶּען צְוִוישֶׁען
זִיךְ גֶעטַענְהֶעט און גֶעזָאגְט, וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען פוּן הִימֶעל, וֶועט עֶר
זָאגֶען, וָוארוּם הָאט אִיהְר אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? [6]אָבֶּער וֶוען מִיר וֶועלֶען
זָאגֶען פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וֶועט אוּנְז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען: וָוארִין
זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אַז יוֹחָנָן אִיז אַ נָבִיא גֶעוֶועזֶען. [7]און זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אַז זֵייא ווִיסֶען נִיט פוּן וַואנֶען. [8]און יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אוֹיךְ וֶועל אִיךְ אֵייךְ נִיט זָאגֶען דוּרְךְ וֶועלְכֶע מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען.
[9]און עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּם פָאלְק דִיזֶעם מָשָׁל צוּ זָאגֶען. אַ מַאן הָאט
אַ ווַיינְגָארְטֶען גֶעפְלַאנְצְט, און הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ ווַיינְגֶערְטְנֶער,
און אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען אוֹיף אַ לַאנְגֶע צֵייט. [10]און צוּ דֶער צֵייט הָאט עֶר
אַ קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא ווַיינְגֶערְטְנֶער, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם גֶעבֶּען פוּן דֶער
פְּרוּכְט פוּן דֶעם גָארְטֶען; אָבֶּער דִיא ווַיינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען,
און הָאבֶּען אִיהְם לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט. [11]און עֶר הָאט ווִידֶער אֵיין אַנְדֶערֶען
קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט; און זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, און הָאבֶּען אִיהְם צוּ
שַׁאנְד גֶעמַאכְט, און הָאבֶּען אִיהְם לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט. [12]און עֶר הָאט ווִידֶער אַ
דְרִיטֶען גֶעשִׁיקְט; און זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְוואוּנְדֶעט און אַרוֹיסְגֶעוָוארְ־
פֶען. [13]און דֶער הַאר פוּן דֶעם ווַיינְגָארְטֶען הָאט גֶעזָאגְט, וָואס זָאל
אִיךְ טְהוּן? אִיךְ וֶועל מֵיין גֶעלִיבְּטֶען זוּהְן שִׁיקֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא אִיהְם
אִין כָּבוֹד הַאלְטֶען. [14]אָבֶּער וֶוען דִיא ווַיינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען,
הָאבֶּען זֵייא צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעטַענְהֶעט און גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז דֶער יוֹרֵשׁ, קוּמְט,
לָאזֶען מִיר אִיהְם טֵייטֶען, כְּדֵי דִיא יְרוּשָׁה זָאל אוּנְזֶער זֵיין. [15]און זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען פוּן דֶעם ווַיינְגָארְטֶען, און הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַרְגֶעט.
דְרוּם וָואס וֶועט דֶער הַאר פוּן דֶעם ווַיינְגָארְטֶען צוּ זֵייא טְהוּן? [16]עֶר וֶועט
קוּמֶען און וֶועט דִיא דָאזִיגֶע ווַיינְגֶערְטְנֶער אוּמְבְּרֶענְגֶען, און וֶועט דֶעם ווַיינְ־
גָארְטֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶעבֶּען. און וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא
גֶעזָאגְט, חָלִילָה. [17]און עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען און גֶעזָאגְט, וָואס דֶען אִיז
דָאס וָואס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען?

אַ שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹימֵייסְטֶער הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען,
דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען.

[17] תהלים קיח׳ כב׳.

18 אִיטְלִיכֶער וָואס פַאלְט אויף דִיזֶעם שְׁטֵיין וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען; אָבֶּער
אויף וֶועמֶען עֶר וֶועט פַאלֶען, דֶעם וֶועט עֶר צוּמָאלֶען.
19 אוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעזוּכְט אִיהְם צוּ פַאנְגֶען
אִין דִיזֶער שָׁעָה, אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק; וָוארִין זֵייא
הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז עֶר הָאט אויף זֵייא דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט. 20 אוּן זֵייא הָאבֶּען
בֶּעוַואכְט, אוּן הָאבֶּען אוֹיסְשְׁפֶּעהֶער גֶעשִׁיקְט, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט אַז
זֵייא זֶענֶען צַדִיקִים, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם פַאנְגֶען מִיט אַ וָוארְט, אִיהְם אִיבֶּערְ־
צוּגֶעבֶּען צוּ דֶער מַאכְט אוּן גֶעוַואלְט פוּן דֶעם גוּבֶּערְנֶער. 21 אוּן זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, מִיר וִויסֶען אַז דוּא רֶעדְסְט רִיכְטִיג אוּן
לֶעהְרְסְט, אוּן דוּא בִּיסְט קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים, נֵייעֶרְט דוּא לֶעהְרְסְט דֶעם
וֶועג פוּן גָאט אִין וָואהְרְהֵייט; 22 מֶעגֶען מִיר שְׁטֵייעֶר גֶעבֶּען צוּם קֵיסַר, אָדֶער
נִיט? 23 אָבֶּער עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען זֵייעֶר לִיסְט, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
24 ווייזְט מִיר אַ מַטְבֵּעַ* וֶועמֶעס בִּילְד אוּן אוֹיפְשְׁרִיפְט הָאט עֶס? אוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, דֶעם קֵיסַר. 25 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, דְרוּם גִיבְּט דֶעם קֵיסַר וָואס אִיז צוּם קֵיסַר, אוּן צוּ גָאט וָואס אִיז
צוּ גָאט. 26 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט פַאנְגֶען אִין זֵיינֶע רֶעד פָאר
דֶעם פָאלְק, אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיין עֶנְטְפֶער, אוּן
הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁווִיגֶען.
27 אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס זָאגֶען אַז עֶס
אִיז נִיט קֵיין תְּחִיַת הַמֵתִים, אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט,
28 לֶעהְרֶער, מֹשֶׁה הָאט אוּנְז גֶעשְׁרִיבֶּען, וֶוען אֵיינֶעמְס בְּרוּדֶער וָואס הָאט
אַ ווייבּ שְׁטַארְבְּט אָהְן קִינְדֶער, אַזוֹי זָאל זֵיין בְּרוּדֶער דָאס ווייבּ נֶעמֶען אוּן זָאל
זָאמֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען צוּ זֵיין בְּרוּדֶער. 29 עֶס זֶענֶען דֶען זִיבֶּען בְּרִידֶער גֶעוֶועזֶען;
אוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט אַ ווייבּ גֶענוּמֶען, אוּן אִיז אָהְן קִינְדֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען.
30 אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אוּן דֶער דְרִיטֶער הָאבֶּען זִיא גֶענוּמֶען; 31 אוּן אַזוֹי אוֹיךְ
דִיא זִיבֶּען הָאבֶּען קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען.
32 צוּלֶעצְט אִיז דָאס ווייבּ אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען. 33 דְרוּם אִין תְּחִיַת הַמֵתִים וֶועמֶעס
ווייבּ וֶועט זִיא זֵיין צְווִישֶׁען זֵייא? וָוארִין דִיא זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט פַאר
אַ ווייבּ. 34 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא קִינְדֶער פוּן דִיזֶער וֶועלְט
הָאבֶּען חֲתוּנָה אוּן מַאכֶען חֲתוּנָה; 35 אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען וֶוערְט יֶענֶע
וֶועלְט אוּן תְּחִיַת הַמֵתִים צוּ דֶערְהַאלְטֶען הָאבֶּען נִיט חֲתוּנָה אוּן מַאכֶען נִיט
חֲתוּנָה; 36 וָוארִין זֵייא קֶענֶען אוֹיךְ נִיט מֶעהְר שְׁטַארְבֶּען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גְלֵייךְ
צוּ דִיא מַלְאָכִים, אוּן זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט, אוּן אוֹיךְ דִיא קִינְדֶער פוּן
תְּחִיַת הַמֵתִים. 37 אָבֶּער אַז דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען הָאט אֲפִילוּ מֹשֶׁה
אִים דָארְנְבּוּשׁ גֶעווִיזֶען, וֶוען עֶר רוּפְט דֶעם הַאר'ן דֶעם גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּן
דֶעם גָאט פוּן יִצְחָק, אוּן דֶעם גָאט פוּן יַעֲקֹב. 38 אָבֶּער עֶר אִיז נִיט דֶער
גָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע, נֵייעֶרְט פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע; וָוארִין אַלֶע לֶעבֶּען צוּ אִיהְם.

24 גר׳ דינר     28 דברים כה׳ ה׳,     37 שמות ג׳ ו׳,

39 און עֶטלִיכֶע פוּן דִיא סוּפְרִים הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, דוּא
הָאסְט שֶׁעהְן גֶעזָאגְט. 40 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט מֶעהְר גֶעוַואגְט אִיהְם
נָאךְ עֶפֶּעס צוּ פְרֶעגֶען.
41 און עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי זָאגְט מֶען, אַז מָשִׁיחַ אִיז דֶער
זוּהְן פוּן דָוִד? 42 וָוארִין דָוִד אַלֵיין זָאגְט אִין סֵפֶר תְּהִלִים,
דֶער הַאר הָאט צוּ מֵיינֶעם הַאר'ן גֶעזָאגְט זִיץ דוּא צוּ מֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד;
43 בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד פַאר אַ פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִּיס.
44 דְרוּם דָוִד רוּפְט אִיהְם הַאר, און וִויא אַזוֹי אִיז עֶר זֵיין זוּהְן?
45 און דֶערְוֵוייל דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶע־
זָאגְט; 46 הִיט אֵייךְ פַאר דִיא סוּפְרִים, וָואס הָאבֶּען גֶערְן אַרוּמְצוּגֶעהֶען אִין לַאנְגֶע
קְלֵיידֶער, און הָאבֶּען לִיבּ גֶעגְרִיסְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען, און אוֹיבֶּען אָן
צוּ זִיצֶען אִין דִיא שׁוּלֶען, און אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע זִיצֶען אוֹיף סְעוּדוֹת, 47 וָואס
פֶערְצֶעהְרֶען דִיא הֵייזֶער פוּן אַלְמָנוֹת, און פַאר אֵיין אוֹיסְרֶעד וֶוענֶען זֵייא לַאנְג
מִתְפַּלֵל; דִיזֶע וֶועלֶען אַ גְרֶעסֶערֶעס מִשְׁפָּט בֶּעקוּמֶען.
כא 1 און עֶר הָאט אַרוּמְגֶעקוּקְט, און הָאט דֶערְזֶעהֶען רֵייכֶע לֵייט וָואס הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע נְדָבוֹת אִים אוֹצָר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען. 2 און עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיין
אָרְמֶע אַלְמָנָה וָואס הָאט דָארְט צְווייא פְּרוּטוֹת אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען. 3 און עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ אַז דִיזֶע אָרְמֶע אַלְמָנָה הָאט מֶעהְר וִויא זֵייא
אַלֶע אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען. 4 וָוארִין אַלֶע דִיזֶע הָאבֶּען נְדָבוֹת אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען פוּן
דֶעם וָואס זֵייא הָאבֶּען אִיבְּרִיג, אָבֶּער זִיא הָאט פוּן אִיהְרֶע אָרְמְקֵייט אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען דִיא גַאנְצֶע מִחְיָה וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט.
5 און וִויא עֶטלִיכֶע הָאבֶּען גֶערֶעט פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, וִויא עֶס אִיז גֶעצִירְט
גֶעוֶוען מִיט גוּטֶע שְׁטֵיינֶער און מַתָּנוֹת, הָאט עֶר גֶעזָאגְט; 6 דָאס וָואס אִיהְר
זֶעהְט, עֶס וֶועלֶען טֶעג קוּמֶען וֶוען אַ שְׁטֵיין וֶועט נִיט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אוֹיף אַ
שְׁטֵיין, וָואס וֶועט נִיט צוּוָוארְפֶען וֶוערֶען. 7 און זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט
און גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, וֶוען וֶועלֶען דִיזֶע זַאכֶען זֵיין? און וָואס וֶועט דָאס צֵייכֶען
זֵיין וֶוען דִיזֶע זַאכֶען וֶועלֶען גֶעשֶׁעהֶען? 8 און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיט אֵייךְ אַז
אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְפִיהְרְט וֶוערֶען; וָוארִין פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין נָאמֶען,
און וֶועלֶען זָאגֶען, אִיךְ בִּין עֶס, און, דִיא צֵייט אִיז נָאהֶענְט; גֶעהְט זֵייא נִיט
נָאךְ. 9 און וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען פוּן מִלְחָמוֹת און גֶעטוּמֶעל, אַזוֹי דֶערְ־
שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט; וָוארִין דִיזֶע זַאכֶען מוּזֶען צוּעֶרְשְׁט גֶעשֶׁעהֶען, אָבֶּער נִיט
גְלֵייךְ אִיז דֶער סוֹף.
10 דַאן הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אַ פָאלְק קֶעגֶען אַ
פָאלְק און אַ קֶענִיגְרֵייךְ קֶעגֶען אַ קֶענִיגְרֵייךְ, 11 און עֶס וֶועט זֵיין גְרוֹיס עֶרְד־
צִיטֶערְנִיס און פֶּעסְט און הוּנְגֶער אִין פֶערְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער, און עֶס וֶועלֶען
זֵיין פִירְכְטֶערְלִיכֶע און גְרוֹיסֶע צֵייכֶען פוּן הִימֶעל. 12 אָבֶּער בֶּעפָאר אַלֶע דִיזֶע

ישעיה יט׳ ב׳, 10 תהלים קי׳ א׳, 42,43

וַאבֶען װעלֶען זַייא דיא הֶענְד אויף אֵייך לֶעגֶען, און װעלֶען אֵייך פֶּערְפָאלְגֶען,
און װעלֶען אֵייך אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא שׁוּלֶען און אִין דִיא גֶעפֶּענְגְנִיס, און
אִיהְר װעט גֶעפִיהְרְט װערֶען פָאר מְלָכִים און גוּבֶּערְנֶערֶען פוּן מֵיין נָאמֶענְס
װעגֶען. 13 עֶס װעט אֵייך זַיין פַאר אַ צֵייגְנִיס. 14 דְרוּם נֶעמְט עֶס אֵייך צוּם
הַארְץ, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פְּרִיהֶער זָארְגֶען װִיא אַזוֹי אִיהְר זָאלְט אֵייך פֶּער־
עֶנְטְפֶערֶען. 15 װָארִין אִיך װעל אֵייך גֶעבֶּען אַ מוֹיל און חָכְמָה, װָאס אַלֶע
אֵייעֶרֶע גֶעגְנֶער װעלֶען נִיט קֶענֶען װִידֶערְשְׁפְּרֶעכֶען אָדֶער װִידֶערְשְׁטֶעהֶען.
16 און אִיהְר װעט אוֹיך אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען װערֶען פוּן עֶלְטֶערְן און בְּרִידֶער און
קְרוֹבִים און פְרֵיינְד, און עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייך װעלֶען זַייא טֵייטֶען, 17 און אִיהְר
װעט בַּייא אַלֶע גֶעהַאסְט װערֶען װעגֶען מֵיין נָאמֶען. 18 און קֵיין הָאר פוּן
אֵייעֶר קָאפּ זָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען גֶעהֶען. 19 אִין אֵייעֶרֶע גֶעדוּלְד זָאלְט אִיהְר
אֵייעֶרֶע זֶעלֶען דֶערְהַאלְטֶען.

20 און װען אִיהְר װעט זֶעהֶען יְרוּשָׁלַיִם בֶּעלַאגֶערְט מִיט חַיָלוֹת, דַאן זָאלְט
אִיהְר װִיסֶען, אַז אִיהְרֶע פֶערְװִיסְטוּנְג אִיז נָאהֶענְט. 21 דַאן לָאזֶען דִיא װָאס
זֶענֶען אִין יְהוּדָה אַנְטְלוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג, און דִיא װָאס זֶענֶען אִין אִיהְר
מִיטֶען לָאזֶען זַייא אַרוֹיסְגֶעהֶען, און דִיא װָאס זֶענֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד
לָאזֶען זַייא דְרִינֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען; 22 װָארִין דָאס זֶענֶען דִיא טֶעג פוּן נְקָמָה,
אַז אַלֶעס װָאס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען זָאל דֶערְפִילְט װערֶען. 23 װעה צוּ דִיא װָאס
זֶענֶען מְעוּבֶּרֶת, און װָאס גֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען אִין יֶענֶע טֶעג; װָארִין עֶס װעט זַיין
אַ גְרוֹיסֶע צָרָה אוֹיף דֶער עֶרְד, און צָארְן אִיבֶּער דִיזֶעם פָאלְק, 24 און זַייא
װעלֶען פַאלֶען דוּרְך דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁװערְט, און װעלֶען פֶערְטְרִיבֶּען
װערֶען צְװִישֶׁען אַלֶע פֶעלְקֶער, און יְרוּשָׁלַיִם װעט צוּטְרֶעטֶען װערֶען פוּן דִיא גוֹיִם,
בִּיז דִיא צֵייטֶען פוּן דִיא גוֹיִם װעלֶען דֶערְפִילְט װערֶען. 25 און עֶס װעלֶען זַיין
צֵייכֶען אִין דֶער זוּן און אִין דֶער לְבָנָה און אִין דִיא שְׁטֶערֶען, און אוֹיף דֶער
עֶרְד צָרוֹת פוּן פֶעלְקֶער מִיט אַנְגְסְט װעגֶען דֶעם רוֹישֶׁען פוּן דֶעם יַם און דִיא
װעלֶען; 26 דִיא מֶענְשֶׁען װעלֶען פַאר מוֹרָא פֶערְגֶעהֶען, און פַאר װַארְטֶען אוֹיף
דִיא זַאכֶען װעלְכֶע קוּמֶען אִין דֶער װעלְט; װָארִין דִיא מֶעכְטֶע פוּן דִיא
הִימֶעל װעלֶען זִיך בֶּעװעגֶען. 27 און דַאן װעלֶען זַייא זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם
קוּמֶען אִין אַ װָאלְקֶען מִיט מַאכְט און מִיט גְרוֹיסֶע הֶערְלִיכְקֵייט. 28 און װען
דִיזֶע זַאכֶען װעלֶען אָנְהֵייבֶּען צוּ גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי זֶעהְט אַרוֹיף, און הֵייבְּט אוֹיף
אֵייעֶרֶע קֶעפּ, װָארִין אֵייעֶרֶע גְאוּלָה אִיז נָאהֶענְט.

29 און עֶר הָאט צוּ זַייא אַ מָשָׁל גֶעזָאגְט, זֶעהְט אָן דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים און אַלֶע
בֵּיימֶער; 30 װען זַייא שְׁפְּרָאצֶען שׁוֹין אַרוֹיס, אַזוֹי זֶעהְט אִיהְר און װֵייסְט
בַּייא אֵייך זֶעלְבְּסְט אַז דֶער זוּמֶער אִיז שׁוֹין נָאהֶענְט. 31 גְלֵייכְדֶעם אוֹיך אִיהְר,
װען אִיהְר װעט זֶעהֶען אַז אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי װֵייסְט אַז דָאס
קֶענִיגְרֵייך פוּן גָאט אִיז נָאהֶענְט. 32 בֶּאֱמֶת זָאג אִיך אֵייך, אַז דָאס דָאזִיגֶע
דוֹר זָאל נִיט פַארְבַּייא גֶעהֶען, בִּיז אַלֶעס װעט גֶעשֶׁעהֶען. 33 הִימֶעל און עֶרְד

27 דניאל ז׳ יג׳,

װעלען פֿערגעהען, אָבער מײנע װערטער װעלען ניט פֿערגעהען.
34 אָבער היט אײך, אַז אײערע הערצער זאָלען ניט שװער זײן מיט פֿרעסען
און זױפֿען און דיא זאָרגען פֿון דיזעם לעבען, און יענער טאָג װעט פּלוצלינג
אױף אײך קומען אַזױ װיא אַ נעץ; 35 װאָרין ער װעט קומען אױף אַלע דיא
װאָס װױנען אױף דיא גאַנצע ערד. 36 אָבער װאַכט איהר און בעט אַלע צײט,
אַז איהר זאָלט שטאַרק זײן צו אַנטרינען דאָס אַלעס װאָס װעט געשעהען, און
צו שטעהען פֿאַר דעם בן אָדם.

37 און יעדען טאָג האָט ער געלעהרט אים בית המקדש, אָבער יעדע נאַכט
איז ער אַרױסגעגאַנגען און האָט איבערגענעכטיגט אױף דעם באַרג װאָס איז
גערופֿען דער הר הזיתים. 38 און דאָס גאַנצע פֿאָלק איז צו איהם גאַנץ פֿריה
געקומען אים בית המקדש, אַז זײא זאָלען איהם הערען.

כב 1 און דער חג המצות, װאָס הײסט פּסח, איז נאָהענט געקומען,
2 און דיא ערשטע כהנים און דיא סופֿרים האָבען געזוכט װיא אַזױ זײא
זאָלען איהם אומברענגען; װאָרין זײא האָבען זיך געפֿאָרכטען פֿאַר דעם
פֿאָלק.

3 און דער שטן איז אַרײנגעקומען אין יהודה װאָס האָט געהײסען איש-
קריות, װעלכער איז אײנער פֿון דיא צװעלף געװעזען. 4 און ער איז אַװעקגע-
גאַנגען און האָט מיט דיא ערשטע כהנים און דיא הױפּטלײט גערעדט, װיא
אַזױ ער זאָל איהם צו זײא איבערגעבען. 5 און זײא האָבען זיך געפֿרײעט, און
האָבען איהם צוגעזאָגט געלד צו געבען. 6 און ער האָט אײנגעװיליגט,
און האָט געזוכט אַ געלעגענהײט אַז ער זאָל איהם צו זײא איבערגעבען אָהן
אַ רעש.

7 און דער טאָג פֿון מצות איז געקומען, װען מען מוז שעכטען דעם קרבן
פּסח. 8 און ער האָט פּעטרוס און יוחנן געשיקט און געזאָגט, געהט און ברײט
אָן פֿאַר אונז דעם קרבן פּסח, אַז מיר זאָלען עס עסען. 9 און זײא האָבען צו
איהם געזאָגט, װאו װילסט דוא אַז מיר זאָלען עס אָנברײטען? 10 און ער האָט
צו זײא געזאָגט, זעהט, װען איהר װעט אין דיא שטאָדט אַרײנקומען, װעט
אײך בעגעגענען אַ מאַן װאָס טראָגט אַ קריג מיט װאַסער; פֿאָלגט איהם נאָך
צו דעם הױז װאו ער געהט אַרײן. 11 און איהר זאָלט זאָגען צו דעם בעל
הבית, דער לעהרער זאָגט צו דיר, װאו איז דאָס גאַסט צימער, װאו איך זאָל
דעם קרבן פּסח עסען מיט מײנע תּלמידים? 12 און ער װעט אײך װײזען אַ
גרױסע אױבערע שטוב אױסגעצירט; דאָרט ברײט אָן. 13 און זײא זענען
אַװעקגעגאַנגען, און האָבען געפֿינען אַזױ װיא ער האָט געזאָגט; און זײא
האָבען דעם קרבן פּסח אָנגעברײט.

14 און װען דיא שעה איז געקומען, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט, און דיא
צװעלף אַפּאָסטעל מיט איהם. 15 און ער האָט צו זײא געזאָגט, איך האָב
זעהר בעגעהרט דעם קרבן פּסח מיט אײך צו עסען פֿאַר מײן לײדען;
16 װאָרין איך זאָג אײך, אַז איך װעל ניט מעהר דערפֿון עסען, ביז עס װעט

דֶערְפִילְט וֶוערֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 17 אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס,
אוּן הָאט גֶעדַאנְקְט אוּן גֶעזָאגְט, נֶעמְט דָאס אוּן פֶערְטְהֵיילְט עֶס צְוִוישֶׁען אֵייךְ;
18 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען פוּן דֶער פְרוּכְט פוּן דֶעם
וֵויינְשְׁטָאק, בִּיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט וֶועט קוּמֶען. 19 אוּן עֶר הָאט בְּרוֹיט
גֶענוּמֶען, אוּן הָאט גֶעדַאנְקְט אוּן הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶע־
בֶּען אוּן גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ, וָואס אִיז פַאר אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען; טְהוּט דָאס
צוּ מֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס. 20 גְלֵייכְדֶעם אוֹיךְ דֶעם כּוֹס נָאךְ דֶעם אָבֶּענְדְמָאהְל; אוּן
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶער כּוֹס אִיז דֶער נֵייעֶ בּוּנְד אִין מֵיין בְּלוּט, וָואס אִיז פַאר
אֵייךְ פֶערְגָאסֶען. 21 אָבֶּער זֶעה, דִיא הַאנְד פוּן דֶעם מוֹכֵר אִיז מִיט מִיר אוֹיף
דֶעם טִישׁ. 22 וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם גֶעהְט אַזוֹי וִויא עֶס אִיז בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוא־
רֶען; אָבֶּער וֶועה צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען דוּרְךְ דֶעם עֶר אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. 23 אוּן
זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְוִוישֶׁען זִיךְ צוּ פְרֶעגֶען, וֶועלְכֶער פוּן זֵייא וֶועט
זֵיין וָואס וֶועט דָאס טְהוּן.

24 אוּן עֶס אִיז עֶנְטְשְׁטַאנֶען צְוִוישֶׁען זֵייא אַ וִכּוּחַ, וֶועלְכֶער פוּן זֵייא זָאל וִויא
דֶער גְרֶעסֶערֶער בֶּעטְרַאכְט וֶוערֶען. 25 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא מְלָכִים
פוּן דִיא פֶעלְקֶער הֶערְשֶׁען אִיבֶּער זֵייא, אוּן דִיא וָואס גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵייא
הֵייסֶען וְואוֹילְטְהֶעטֶער. 26 אָבֶּער אִיהְר, זֵייט נִיט אַזוֹי, נֵייעֶרְט דֶער גְרֶעסֶערֶער
צְוִוישֶׁען אֵייךְ זָאל זֵיין אַזוֹי וִויא דֶער יוּנְגֶערֶער, אוּן דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער אַזוֹי
וִויא דֶער בֶּעדִינֶער. 27 וָוארִין וֶוער אִיז גְרֶעסֶער, דֶער וָואס זִיצְט בֵּיים טִישׁ,
אָדֶער דֶער וָואס בֶּעדִינְט? אִיז עֶס נִיט דֶער וָואס זִיצְט בֵּיים טִישׁ? אָבֶּער
אִיךְ בִּין צְוִוישֶׁען אֵייךְ וִויא אַ בֶּעדִינֶער. 28 אוּן אִיהְר זֶענְט דִיא וָואס זֶענֶען
מִיט מִיר גֶעבְּלִיבֶּען אִין מֵיינֶע פְּרִיפוּנְגֶען. 29 אוּן אִיךְ בֶּעשְׁטֶעל אֵייךְ אַ קֶענִיג־
רֵייךְ, אַזוֹי וִויא מֵיין פָאטֶער הָאט מִיר בֶּעשְׁטֶעלְט; 30 אַז אִיהְר זָאלְט בֵּייא
מֵיין טִישׁ עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען אִין מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ, אוּן זָאלְט אוֹיף שְׁטוּהְלֶען
זִיצֶען, אוּן רִיכְטֶען דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל. 31 שִׁמְעוֹן, שִׁמְעוֹן, זֶעה,
דֶער שָׂטָן הָאט בֶּעגֶעהְרְט אַז עֶר זָאל אֵייךְ זִיפֶּען וִויא וֵייץ; 32 אָבֶּער אִיךְ
הָאבּ פַאר דִיר גֶעבֶּעטֶען, אַז דֵיין גְלוֹיבֶּען זָאל נִיט פֶעהְלֶען; אוּן דוּא וֶוען דוּא
הָאסְט אַמָאל אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אַזוֹי שְׁטַארְק דֵיינֶע בְּרִידֶער. 33 אוּן עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ בִּין פַארְטִיג מִיט דִיר אִין גֶעפֶענְגְנִיס צוּ גֶעהֶען, אוּן
אוֹיךְ צוּם טוֹיט. 34 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג דִיר, פֶּעטְרוּס, דֶער הָאן
וֶועט הֵיינְט נִיט קְרֵייעֶן, אֵיידֶער דוּא וֶועסְט דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען אַז דוּא
קֶענְסְט מִיךְ.

35 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט אָהְן בֵּייטֶעל
אוּן אָהְן רֵייזֶע טַאשׁ אוּן אָהְן שִׁיךְ, הָאט אֵייךְ עֶפֶּעס גֶעפֶעהְלְט? אוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קֵיין זַאךְ. 36 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אָבֶּער אַצוּנְד, וֶוער
עֶס הָאט אַ בֵּייטֶעל, לָאז עֶר אִיהְם מִיטְנֶעמֶען, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ אַ רֵייזֶע טַאשׁ;
אוּן וֶוער עֶס הָאט נִיט קֵיין שְׁוֶוערְט, לָאז עֶר זֵיין קְלֵייד פֶערְקוֹיפֶען, אוּן לָאז
עֶר זִיךְ אֵיינְס קוֹיפֶען. 37 וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז דָאס וָואס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען

מוּז אִין מִיר דֶערפִילְט װֶערֶען, אוּן עֶר אִיז גֶעצֶעהלְט גֶעוֶוען צְוִוישֶׁען דִיא אוּנ־
גֶערֶעכְטֶע; וָוארִין דָאס וָואס מִיךְ בֶּעטְרֶעפְט הָאט אַ תַּכְלִית. 38 אוּן זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, הַאר, זֶעה, עֶס זֶענֶען דָא צְװייא שְׁוֶוערְטֶען. אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶענוּג.

39 אוּן עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ זֵיינֶע גֶעוְואוֹיהְנְהֵייט צוּם
הַר הַזֵיתִים; אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט. 40 אוּן וֶוען עֶר
אִיז אוֹיף דֶעם אָרְט גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייט מִתְפַּלֵל אַז אִיהְר
זָאלְט נִיט קוּמֶען אִין פְּרִיפוּנְג. 41 אוּן עֶר הָאט זִיךְ פוּן זֵייא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט,
אַזוֹי וֵוייט וִויא אַ שְׁטֵיין וַוארְפֶען, אוּן הָאט אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוּן גֶעבֶּעטֶען;
42 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פָאטֶער, וֶוען דוּא וִוילְסְט, נֶעם אַוֶועק דִיזֶען כּוֹס פוּן
מִיר; דָאךְ נִיט מֵיין ווִילֶען, נֵייעֶרְט דֵיין ווִילֶען זָאל גֶעשֶׁעהֶען. 43 אוּן אַ מַלְאָךְ
פוּן הִימֶעל הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעוִויזֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעשְׁטַארְקְט. 44 אוּן
עֶר אִיז אִין צַעַר גֶעוֶוען אוּן הָאט עֶרְנְסְטֶער גֶעבֶּעטֶען; אוּן זֵיין שְׁוֵוייס אִיז
אַזוֹי וִויא גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּען פוּן בְּלוּט אַרוּפְגֶעפַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד. 45 אוּן עֶר
אִיז פוּן דֶעם גֶעבֶּעט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אִיז צוּ דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען,
אוּן הָאט זֵייא גֶעפִינֶען שְׁלָאפֶען פַאר בֶּעטְרִיבְּנִים, 46 אוּן הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וָוארוּם שְׁלָאפְט אִיהְר? שְׁטֶעהְט אוֹיף אוּן בֶּעט, אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט קוּמֶען אִין פְּרִיפוּנְג.

47 דֶערְוֵויל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, זֶעה אַ סַךְ לֵייט, אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יְהוּדָה אִיז פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט זִיךְ גֶענֶעהְנְט
צוּ יֵשׁוּעַ אִיהְם צוּ קִישֶׁען. 48 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יְהוּדָה,
אִיבֶּערְגִיבְּסְט דוּא דֶעם בֶּן אָדָם מִיט אַ קִישׁ? 49 וֶוען דִיא וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם גֶעוֶוען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט,
הַאר, זָאלֶען מִיר שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט? 50 אוּן אֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן הָאט אִיהְם דָאס רֶעכְטֶע
אוֹיעֶר אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען. 51 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, לָאזְט עֶס
אַזוֹי ווִייט זֵיין. אוּן עֶר הָאט אִיהְם דָאס אוֹיעֶר אָנְגֶערִיהְרְט, אוּן הָאט אִיהְם
גֶעהֵיילְט. 52 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא אוֹי־
בֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן דִיא עֶלְצְטֶע, וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַזוֹי ווִיא קֶעגֶען אַ רוֹיבֶּער מִיט שְׁוֶוערְטֶען
אוּן מִיט שְׁטֶעקֶען? 53 אִיךְ בִּין מִיט אֵייךְ טֶעגְלִיךְ גֶעוֶוען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ,
אוּן אִיהְר הָאט נִיט דִיא הֶענְד קֶעגֶען מִיר אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט; אָבֶּער דָאס אִיז
אֵייעֶרֶע שָׁעָה אוּן דִיא מַאכְט פוּן פִינְסְטֶערְנִיס.

54 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען אוּן אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט, אוּן הָאבֶּען
אִיהְם אִים הוֹיז פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט; אוּן פֶּעטְרוֹס הָאט
אִיהְם פוּן ווִייטֶען נָאכְגֶעפָאלְגְט. 55 אוּן זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעצִינְדֶען אַ פֵייעֶר אִין
מִיטֶען הוֹיף, אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעזֶעצְט, אוּן פֶּעטְרוֹס אִיז צְוִוישֶׁען

ישעיה נג׳ יב׳, 37

זַייא גֶעזֶעסֶען. 56 אוּן אַ גֶעווִיסֶעס מֶעדֶעל הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען זִיצֶען בַּיים
פַייעֶר, אוּן הָאט אִיהְם שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט אוּן גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז אוֹיךְ מִיט
אִיהְם גֶעוֶוען. 57 אָבֶּער עֶר הָאט פֶּערְלֵייקֶענְט אוּן גֶעזָאגְט, פְרוֹיא, אִיךְ קֶען
אִיהְם נִיט. 58 אוּן נָאךְ אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע הָאט אִיהְם אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעזֶעהֶען
אוּן גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט אוֹיךְ פוּן זַייא. אוּן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, מֶענְשׁ,
אִיךְ בִּין נִיט. 59 אוּן קֶעגֶען אַ שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער הָאט אֵיין אַנְדֶערֶער מִיט גֶעווִיסְ־
הַייט גֶעזָאגְט, וַואהְרְהַאפְטִיג דִיזֶער אִיז אוֹיךְ מִיט אִיהְם גֶעוֶוען, וָוארִין עֶר אִיז
פוּן גָלִיל. 60 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט, מֶענְשׁ, אִיךְ ווַייס נִיט וָואס דוּא
זָאגְסְט. אוּן גְלֵייךְ דֶערְווַייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, הָאט דֶער הָאן גֶעקְרֵייעֶט.
61 אוּן דֶער הַאר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט פֶּעטְרוּס אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּן
פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ דֶערְמָאהְנְט אָן דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר׳ן, ווִיא עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט קְרֵייעֶן, וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל
פֶּערְלֵייקֶענֶען. 62 אוּן עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט בִּיטֶער גֶעווֵיינְט.
63 אוּן דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעהַאלְטֶען הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט,
אוּן גֶעשְׁלָאגֶען; 64 אוּן וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם דִיא אוֹיגֶען פֶּערְבּוּנְדֶען, הָאבֶּען
זַייא אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, זָאג נְבוּאוֹת, וֶוער אִיז דֶער וָואס הָאט דִיךְ
גֶעשְׁלָאגֶען? 65 אוּן פִילֶע אַנְדֶערֶע לֶעסְטֶערוּנְגֶען הָאבֶּען זַייא קֶעגֶען אִיהְם
גֶערֶעט.
66 אוּן וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְזַאמֶעלְט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן
דֶעם פָאלְק, דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים, אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם
צוּ זַייעֶר סַנְהֶדְרִין גֶעבְּרַאכְט אוּן גֶעזָאגְט, 67 וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, זָאג
אוּנְז. אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ זָאגֶען, אַזוֹי וֶועט
אִיהְר נִיט גְלוֹיבֶּען; 68 אוּן וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ פְרֶעגֶען, וֶועט אִיהְר נִיט עֶנְטְ־
פֶערְן. 69 אָבֶּער פוּן אַצוּנְד אָן וֶועט דֶער בֶּן אָדָם זִיצֶען צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד
פוּן דֶער גְבוּרָה פוּן גָאט. 70 אוּן זַייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶען
דֶער זוּהְן פוּן גָאט? אוּן עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאגְט אַז אִיךְ בִּין.
71 אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס בֶּעדַארְפֶען מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת? וָוארִין
מִיר הָאבֶּען אַלֵיין פוּן זַיין מוֹיל גֶעהֶערְט.

כג 1 אוּן דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם
צוּ פִּילָטוּס גֶעבְּרַאכְט. 2 אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָנְצוּקְלָאגֶען אוּן
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעפִינֶען אַז דִיזֶער פֶּערְפִיהְרְט אוּנְזֶער פָאלְק, אוּן
פֶערְבִּיט דֶעם קֵיסַר מַס צוּ גֶעבֶּען, אוּן זָאגְט אַז עֶר אִיז זֶעלְבְּסְט דֶער מֶלֶךְ
הַמָּשִׁיחַ. 3 אוּן פִּילָטוּס הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער
מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען? אוּן עֶר הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, דוּא
זָאגְסְט עֶס. 4 אוּן פִּילָטוּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן צוּ דִיא
לֵייט, אִיךְ גֶעפִין נִיט קֵיין אוּנְרֶעכְט אִין דִיזֶעם מֶענְשֶׁען. 5 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען
נָאךְ שְׁטַארְקֶער גֶעזָאגְט, עֶר הֶעצְט אוֹיף דָאס פָאלְק, אוּן הָאט אִים גַאנְצֶען

69 דניאל ז׳ יג׳.

לַאנְד יְהוּדָה גֶעלֶעהְרְט, אוּן הָאט אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן גָלִיל בִּיז אַהֶער.
6 אוּן וֶוען פִּילָטוּס הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט אוֹיבּ דֶער מַאן אִיז
פוּן גָלִיל; 7 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעוָוארֶען גֶעוָוואר אַז עֶר גֶעהֶערְט צוּ דֶער
רֶעגִירוּנְג פוּן הוֹרְדוֹס, הָאט עֶר אִיהְם צוּ הוֹרְדוֹס גֶעשִׁיקְט, דֶער אִיז אוֹיךְ
זֶעלְבְּסְט אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶע טֶעג.
8 אוּן וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר זִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייעֶט; וָוארִין
עֶר הָאט אִיהְם שׁוֹין לַאנְג גֶעוָואלְט זֶעהֶען וַוייל עֶר הָאט וֶועגֶען אִיהְם גֶעהֶערְט,
אוּן עֶר הָאט גֶעהָאפְט צוּ זֶעהֶען אַ צֵייכֶען זָאל דוּרְךְ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען. 9 אוּן עֶר
הָאט אִיהְם מִיט אַ סַךְ וֶוערְטֶער אוֹיסְגֶעפְרֶעגְט; אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם גָאר נִיט
גֶעעֶנְטְפֶערְט. 10 אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן
הָאבֶּען אִיהְם זֶעהְר שְׁטַארְק אָנְגֶעקְלָאגְט. 11 אוּן הוֹרְדוֹס מִיט זֵיינֶע אָפִיצִירֶען
הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשֶׁעהְמְט אוּן אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אַ גְלַאנְצִינְדִיגֶעס
קְלֵייד אָנְגֶעטְהוּן, אוּן הָאבֶּען אִיהְם צוּ פִּילָטוּס צוּרִיקְגֶעשִׁיקְט. 12 אוּן פִּילָטוּס
אוּן הוֹרְדוֹס זֶענֶען אִין דֶעם טָאג צְווִישֶׁען זִיךְ פְרֵיינְד גֶעוָוארֶען; וָוארִין פְרִיהֶער
זֶענֶען זֵייא אִין פֵיינְדְשַׁאפְט מִיט אֵיינַאנְדֶער גֶעוֶועזֶען.
13 אוּן פִּילָטוּס הָאט צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁ־
טֶע אוּן דָאס פָאלְק, 14 אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט צוּ מִיר דִיזֶען
מַאן גֶעבְּרַאכְט וִויא אַ פֶערְפִיהְרֶער פוּן דֶעם פָאלְק, אוּן זֶעה, אִיךְ הָאבּ אִיהְם
פָאר אֵייךְ פֶערְהֶערְט, אוּן הָאבּ קֵיין אוּנְרֶעכְט אִין דִיזֶעם מֶענְשֶׁען נִיט גֶעפִינֶען
פוּן וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס אִיהְר הָאט אִיהְם אָנְגֶעקְלָאגְט. 15 אוּן אֲפִילוּ
הוֹרְדוֹס אוֹיךְ נִיט; וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם צוּ אוּנְז צוּרִיקְגֶעשִׁיקְט; אוּן זֶעה, עֶר
הָאט גָאר נִיט גֶעטְהוּן וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט. 16 דְרוּם וֶועל אִיךְ אִיהְם
לָאזֶען שְׁלָאגֶען, אוּן וֶועל אִיהְם בֶּעפְרֵייעֶן. 18 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען אַלֶע מִיט אֵיין
מָאל גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, אַוֶועק מִיט דִיזֶעם אוּן בֶּעפְרֵייא אוּנְז בַּר־אַבָּא.
19 דֶער אִיז אִים גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד
וָואס אִיז אִין דֶער שְׁטָאדְט גֶעשֶׁעהֶען, אוּן וֶועגֶען רְצִיחָה. 20 אוּן פִּילָטוּס הָאט
וִוידֶער צוּ זֵייא אוֹיסְגֶערוּפֶען וָוארִין עֶר הָאט גֶעוָואלְט יֵשׁוּעַ בֶּעפְרֵייעֶן. 21 אָבֶּער
זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, קְרֵייצִיג אִיהְם, קְרֵייצִיג אִיהְם. 22 אוּן עֶר הָאט
דָאס דְרִיטֶע מָאל צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואסְפַאר אַ שְׁלֶעכְטֶעס הָאט עֶר דֶען גֶעטְהוּן?
אִיךְ הָאבּ אִין אִיהְם קֵיינֶע אוּרְזַאךְ פוּן טוֹיט נִיט גֶעפִינֶען, דְרוּם וֶועל אִיךְ
אִיהְם לָאזֶען שְׁלָאגֶען, אוּן וֶועל אִיהְם בֶּעפְרֵייעֶן. 23 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף
מִיט גְרוֹיסֶע קוֹלוֹת גֶעדְרוּנְגֶען, אוּן הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט
וֶוערֶען; אוּן זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת הָאבֶּען גֶעפוֹעֶלְט. 24 אוּן פִּילָטוּס הָאט גֶעמִשְׁפָּט, אַז
עֶס זָאל גֶעשֶׁעהֶען וִויא זֵייא הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט. 25 אוּן עֶר הָאט בֶּעפְרֵייעֶט דֶעם
וָואס אִיז וֶועגֶען אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד אוּן רְצִיחָה אִים גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
גֶעוָוארֶען, דֶעם זֵייא הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט; אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
צוּ זֵייעֶר ווִילֶען.

---

17 וָוארִין עֶר הָאט גֶעמוּזְט אֵיינֶעם צוּ זֵייא בֶּעפְרֵייעֶן אוֹיף יוֹם טוֹב,

26 און ווִיא זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקגֶעפִיהְרְט, הָאבֶּען זַייא אָנְגֶענוּמֶען אַ גֶעווִיסֶען
שִׁמְעוֹן פוּן קוּרִינִי, װעלְכֶער אִיז פוּן דֶעם פֶעלְד גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אוֹיף
אִיהְם דָאס קְרֵייץ אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אַז עֶר זָאל עֶס נָאךְ יֵשׁוּעַ טְרָאגֶען. 27 און פִיל
לֵייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּן פְרוֹיעֶן וָואס הָאבֶּען אִיבֶּער אִיהְם גֶעקְלָאגְט
און גֶעטְרוֹיעֶרְט. 28 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ צוּ זַייא אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן גֶעזָאגְט,
טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, ווַיינְט נִיט אִיבֶּער מִיר, נֵייעֶרְט ווַיינְט אִיבֶּער אֵייךְ אַלֵיין
אוּן אִיבֶּער אֵייעֶרֶע קִינְדֶער. 29 וָוארִין זֶעה, דִיא טֶעג קוּמֶען וֶוען מֶען וֶועט
זָאגֶען, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא אוּנְפְרוּכְטְבַּארֶען אוּן דִיא לֵייבֶּער וָואס הָאבֶּען נִיט
גֶעווָאוּנֶען, אוּן דִיא בְּרִיסְטֶען וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען. 30 דַאן
וֶועלֶען זַייא אָנְהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ דִיא בֶּערְג פַאלְט אוֹיף אוּנְז, אוּן צוּ דִיא
הִיגֶעל, דֶעקְט אוּנְז צוּ; 31 וָוארִין וֶוען דִיזֶע זַאכֶען וֶוערֶען גֶעטְהוּן אִין אַ גְרִינֶעם
בּוֹים, וָואס וֶועט אִים פֶערְדַארְטֶען גֶעשֶׁעהֶען?

32 און צְווייא אַנְדֶערֶע וָואס זֶענֶען רְשָׁעִים גֶעוֶועזֶען זֶענֶען אוֹיךְ אַהִין גֶעפִיהְרְט גֶעווָא־
רֶען, אַז זַייא זָאלֶען מִיט אִיהְם גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען. 33 און וֶוען זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען
צוּ אֵיין אָרְט וָואס מֶען נֶענְט גָלְגָלְתָּא, דָארְט הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּן
דִיא רְשָׁעִים, אֵיינֶעם צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּן אֵיינֶעם צוּ דִיא לִינְקֶע. 34 און
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, פָאטֶער, פֶערְגִיבּ זַייא, וָוארִין זַייא ווִיסֶען נִיט וָואס זַייא
טְהוּן. און זַייא הָאבֶּען זֵיינֶע קְלֵיידֶער גֶעטְהֵיילְט, אוּן הָאבֶּען גוֹרָל גֶעווָארְפֶען.
35 און דָאס פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט צוּגֶעזֶעהֶען. און דִיא עֶלְצְטֶע
הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט אוּן גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַנְדֶערֶע גֶערֶעטֶעט,
לָאז עֶר זִיךְ אַלֵיין רֶעטֶען, וֶוען עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ פוּן גָאט דֶער אוֹיסְדֶערְ־
וֶועהְלְטֶער. 36 און דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, און זֶענֶען
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אִיהְם עֶסִיג גֶעבְּרַאכְט; 37 און זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען, רֶעטֶע דִיךְ אַלֵיין. 38 און
עֶס אִיז אוֹיךְ אֵיינֶע אוֹיפְשְׁרִיפְט אִיבֶּער אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען, דִ י זֶ ע ר אִ י ז דֶ ע ר
קֶ ע נִ י ג פ וּ ן דִ י א י וּ דֶ ע ן.

39 און אֵיינֶער פוּן דִיא רְשָׁעִים וָואס זֶענֶען גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעווָארֶען, הָאט אִיהְם
גֶעלֶעסְטֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא נִיט דֶער מָשִׁיחַ? רֶעטֶע דִיךְ אַלֵיין און
אוּנְז. 40 אָבֶּער דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיגֶען
און גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא קֵיין מוֹרָא נִיט פַאר גָאט, וָוארִין דוּא בִּיסְט אִין דִיא
זֶעלְבִּיגֶע שְׁטְרָאף? 41 און מִיר זֶענֶען מִיט רֶעכְט פֶערְשׁוּלְדִיגְט, וָוארִין מִיר
בֶּעקוּמֶען דָאס וָואס אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים הָאבֶּען פֶערְדִינְט; אָבֶּער דִיזֶער מַאן הָאט
קֵיין אוּנְרֶעכְט נִיט גֶעטְהוּן. 42 און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ, גֶעדֶענְק אָן מִיר,
וֶוען דוּא קוּמְסְט אִין דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ. 43 און עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ דִיר, הֵיינְט וֶועסְט דוּא מִיט מִיר זַיין אִין פַּארַאדִיס.

44 און עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דִיא זֶעקְסְטֶע שָׁעָה, אוּן עֶס אִיז פִינְסְטֶער
גֶעווָארֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, בִּיז צוּ דִיא נֵיינְטֶע שָׁעָה, 45 וֶוען דִיא זוּן

30 הושע י׳ ח׳.

הָאט זִיךְ גֶעֶנֵייגְט, אוּן דָאס פָּרוֹכֶת פוּן דֶעם הֵיכָל אִיז אִין מִיטֶען צוּרִיסֶען גֶעוָוארֶען.
46 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, פָאטֶער אִין דֵיינֶע
הַאנְד בֶּעפֶעהְל אִיךְ מֵיין גֵייסְט. אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר דִיא
נְשָׁמָה אוֹיסְגֶעלָאזְט. 47 אוּן וֶוען דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעֶ־
הֶען, הָאט עֶר גָאט גֶעלוֹיבְּט אוּן גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת דִיזֶער מֶענְשׁ אִיז אַ צַדִיק
גֶעוֶוען. 48 אוּן אַלֶע לֵייט וָואס זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען צוּ דִיזֶער זֶעהוּנְג, וֶוען
זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דֶער
בְּרוּסְט, אוּן הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט. 49 אוּן אַלֶע זֵיינֶע פְרֵיינְד, אוּן דִיא
פְרוֹיעֶן וָואס הָאבֶּען אִיהְם פוּן גָלִיל נָאכְגֶעפָאלְגְט, זֶענֶען פוּן וַוייטֶען גֶעשְׁטַאנֶען,
אוּן הָאבֶּען דָאס צוּגֶעזֶעהֶען.

50 אוּן זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, וָואס אִיז אַ
יוֹעֵץ גֶעוֶוען, אוּן אַ גוּטֶער אוּן גֶערֶעכְטֶער מַאן; 51 דִיזֶער הָאט נִיט אֵיינְגֶעשְׁטִימְט
אִין זֵייעֶרֶע עֵצָה אוּן זֵייעֶר וֶוערְק; עֶר אִיז פוּן הָרָמָתַיִם גֶעוֶוען, אַ שְׁטָאדְט פוּן
דִיא יוּדֶען, אוּן הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 52 דִיזֶער אִיז צוּ
פִּילָטוּס גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ. 53 אוּן עֶר הָאט
עֶס אַרוּפְּגֶענוּמֶען, אוּן הָאט עֶס אִין אַ לֵיילֶעךְ אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט, אוּן הָאט עֶס
אַרֵיינְגֶעלֶעגְט אִין אֵיין אוֹיסְגֶעהַאקְטֶען קֶבֶר, וְואוּ קֵיינֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעלֶעגֶען.
54 אוּן עֶס אִיז עֶרֶב יוֹם טוֹב גֶעוֶוען, אוּן נָאהֶענְט צוּ שַׁבָּת. 55 אוּן דִיא פְרוֹיעֶן
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען פוּן גָלִיל, הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּן
הָאבֶּען דָאס קֶבֶר גֶעזֶעהֶען, אוּן וִויא זֵיין לֵייבּ אִיז אַרֵיינְגֶעלֶעגְט גֶעוָוארֶען;
56 אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט בְּשָׂמִים אוּן מֹר.
אוּן אַם שַׁבָּת הָאבֶּען זֵייא נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט גֶערוּהְט.

כד 1 אוּן אִים עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ זֶענֶען זֵייא גַאנְץ פְרִיה גֶעקוּמֶען
צוּם קֶבֶר, אוּן הָאבֶּען דִיא בְּשָׂמִים גֶעבְּרַאכְט וָואס זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט.
2 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעפִינֶען אַז דֶער שְׁטֵיין אִיז פוּן דֶעם קֶבֶר אַוֶועקְגֶעוַואלְגֶערְט,
3 אָבֶּער וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפִינֶען דֶעם לֵייבּ פוּן
דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ. 4 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וִויא זֵייא זֶענֶען זֶעהְר וֶועגֶען דֶעם
פֶערְצַאגְט גֶעוֶוען, זֶענֶען צְוֵוייא מֶענְשֶׁען בֵּייא זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען אִין גְלַאנְצֶעדִיגֶע
קְלֵיידֶער. 5 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייעֶרֶע
פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד גֶענֵייגְט, הָאבֶּען יֶענֶע צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם זוּכְט אִיהְר
דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען צְוִוישֶׁען דִיא טוֹיטֶע? 6 עֶר אִיז נִיט דָא, גֵייעֶרְט עֶר אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען; גֶעדֶענְקְט וִויא עֶר הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט וֶוען עֶר אִיז נָאךְ אִין
גָלִיל גֶעוֶוען, 7 אוּן הָאט גֶעזָאגְט, אַז דֶער בֶּן אָדָם מוּז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען
אִין דִיא הֶענְד פוּן זִינְדֶער, אוּן גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען, אוּן אִים דְרִיטֶען טָאג
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען. 8 אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְמָאהְנְט אָן זֵיינֶע וֶוערְטֶער, 9 אוּן
הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּן הָאבֶּען אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען דֶערְ־
צֶעהְלְט צוּ דִיא עֶלְף אוּן צוּ אַלֶע אִיבְּרִיגֶע. 10 אוּן עֶס זֶענֶען מִרְיָם הַמַגְדָלִית

46 תהלים לא׳ ו׳.

און יוֹחָנָה און מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב; און דִיא אִיבְּרִיגֶע וָואס זֶענֶען מִיט
זַייא גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען דָאס דֶערְצֶעהְלְט צוּ דִיא אַפָּאסְטֶעל. 11 און דִיזֶע וֶוערְטֶער
זֶענֶען בַּייא זַייא וִויא נַארִישְׁקַייט אָנְגֶעזֶעהֶען, און זַייא הָאבֶּען זַייא נִיט גֶעגְלוֹיבְּט.
12 אָבֶּער פֶּעטְרוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען און אִיז צוּם קֶבֶר גֶעלָאפֶען; און עֶר הָאט
זִיךְ אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען, און הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא תַּכְרִיכִים בֶּעזוּנְדֶער לִיגֶען; און עֶר
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען און הָאט זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען.

13 און זֶעה, צְוַייא פוּן זַייא זֶענֶען אָן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג צוּ אַ דָארְף גֶעגַאנְ־
גֶען וָואס הֵייסְט עַמָאוּס, וָואס אִיז זֶעכְצִיג אַקֶער פֶּעלְד וַוייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם;
14 און זַייא הָאבֶּען מִיט אֵיינַאנְדֶער גֶערֶעט וֶועגֶען אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען
גֶעשֶׁעהֶען. 15 און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וִויא זַייא הָאבֶּען גֶערֶעט און גֶעטַענְהֶעט,
הָאט זִיךְ יֵשׁוּעַ אַלֵיין גֶענֶעהֶנְט און אִיז מִיט זַייא גֶעגַאנְגֶען. 16 אָבֶּער
זַייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען צוּגֶעהַאלְטֶען גֶעוֶועזֶען, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם נִיט דֶערְקֶענֶען.
17 און עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָואסְפַאר עִנְיָנִים זֶענֶען דִיא, אִיבֶּער וֶועלְכֶע
אִיהְר טַעַנְהֶעט מִיט אֵיינַאנְדֶער וִויא אִיהְר גֶעהְט? און זַייא זֶענֶען טְרוֹיְרִיג
גֶעשְׁטַאנֶען. 18 און אֵיינֶער פוּן זַייא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען קְלֵיוֹפָּס, הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט און הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא אַלֵיין אַ פְרֶעמְדֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם,
און וַוייסְט נִיט וָואס אִיז דְרִינֶען גֶעשֶׁעהֶען אִין דִיזֶע טֶעג? 19 און עֶר הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָואסְפַאר זַאכֶען? און זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא
פוּן וֶועגֶען יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי, דֶער אִיז אַ נָבִיא גֶעוֶועזֶען, מֶעכְטִיג אִין מַעֲשִׂים און
רֶעד פָאר גָאט און דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק; 20 און וִויא אוּנְזֶערֶע עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
און אוֹיבֶּערְשְׁטֶע הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם מִשְׁפָּט פוּן טוֹיט, און הָאבֶּען
אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט. 21 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אַז עֶר אִיז דֶער וָואס וֶועט
יִשְׂרָאֵל אוֹיסְלֶעזֶען; און אִיבֶּער דֶעם אַלֶעם אִיז הֵיינְט דֶער דְרִיטֶע טָאג זִינְט
דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען. 22 און אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע פְרוֹיעֶן פוּן אוּנְז הָאבֶּען
אוּנְז דֶערְשְׁרָאקֶען, וָוארִין זַייא זֶענֶען גַאנְץ פְרִיה גֶעוֶועזֶען בַּייא דֶעם קֶבֶר, 23 און
הָאבֶּען זַיין לֵייבּ נִיט גֶעפִינֶען, און זֶענֶען גֶעקוּמֶען און גֶעזָאגְט, אַז זַייא הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אַ גֶעזִיכְט פוּן מַלְאָכִים, וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶר לֶעבְּט. 24 און
עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אוּנְז גֶעוֶועזֶען זֶענֶען צוּם קֶבֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
און הָאבֶּען גֶעפִינֶען אַזוֹי וִויא דִיא פְרוֹיעֶן הָאבֶּען גֶעזָאגְט; אָבֶּער אִיהְם הָאבֶּען
זַייא נִיט גֶעזֶעהֶען. 25 און עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אָ, אִיהְר אוּנְפֶערְשְׁטֶענְ־
דִיגֶע און שְׁוֶוערְהֶערְצִיגֶע, אַז אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט אַלֶעס וָואס דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען
גֶערֶעט; 26 הָאט נִיט דֶען דֶער מָשִׁיחַ דִיזֶע זַאכֶען גֶעזָאלְט לֵיידֶען, און אִין
זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אַרֵיינְקוּמֶען? 27 און עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן מֹשֶׁה און פוּן
אַלֶע נְבִיאִים, און הָאט זַייא אוֹיסְגֶעלֶעגְט אִין דִיא גַאנְצֶע שְׁרִיפְט וָואס אִיז
וֶועגֶען אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען.

28 און זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּם דָארְף וְואוּ אַהִין זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען;
און עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט גְלֵייךְ וִויא עֶר הָאט גֶעוָואלְט וַוייטֶער גֶעהֶען. 29 און
זַייא הָאבֶּען אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען און גֶעזָאגְט, בְּלֵייבּ מִיט אוּנְז, וָוארִין עֶס

אִיז פָאר אָבֶענְד, אוּן דֶער טָאג נֵייגְט זִיךְ אָפּ. אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט
זֵייא צוּ בְּלֵייבֶּען. 30 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען דֶערְוֵוייל עֶר הָאט זִיךְ מִיט זֵייא
צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט, הָאט עֶר בְּרוֹיט גֶענוּמֶען אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן
הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען אוּן צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען. 31 אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אוֹיפְגֶעגֶע־
מַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקֶענְט; אוּן עֶר אִיז פוּן זֵייא
פֶערְשְׁוְוּאוּנְדֶען. 32 אוּן זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, הָאט
נִיט אוּנְזֶער הַארְץ אִין אוּנְז גֶעבְּרֶענְט, ווִיא עֶר הָאט מִיט אוּנְז גֶערֶעט אוֹיף
דֶעם וֶועג, אוּן ווִיא עֶר הָאט אוּנְז דִיא שְׁרִיפְט אוֹיסְגֶעלֶעגְט? 33 אוּן זֵייא זֶענֶען
אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע שָׁעָה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן זֶענֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען,
אוּן הָאבֶּען גֶעפִינֶען דִיא עֶלְף פֶערְזַאמֶעלְט אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא
גֶעוֶועזֶען 34 וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער הַאר אִיז ווִירְקְלִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן
הָאט זִיךְ צוּ שִׁמְעוֹן בֶּעווִיזֶען. 35 אוּן זֵייא הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט דָאס וָואס אִיז
גֶעשֶׁעהֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּן ווִיא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקַאנְט בֵּיים בְּרוֹיט
צוּבְּרֶעכֶען.

36 אוּן ווִיא זֵייא הָאבֶּען דִיזֶע זַאכֶען גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז עֶר זֶעלְבְּסְט צְווִישֶׁען
זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם. 37 אוּן זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אוּן זִיךְ גֶעפָּארְכְטֶען אוּן הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז זֵייא
זֶעהֶען אַ גֵייסְט. 38 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם זֶענְט אִיהְר דֶערְ־
שְׁרָאקֶען, אוּן וָוארוּם קוּמֶען אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אַרֵיין?
39 זֶעהְט מֵיינֶע הֶענְד אוּן מֵיינֶע פִיס, אַז אִיךְ בִּין עֶס זֶעלְבְּסְט; פִיהְלְט מִיךְ
אוּן זֶעהְט, אַז אַ גֵייסְט הָאט נִיט קֵיין פְלֵיישׁ אוּן בֵּיין, אַזוֹי ווִיא אִיהְר זֶעהְט
אַז אִיךְ הָאבּ. 40 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר זֵייא זֵיינֶע הֶענְד
אוּן זֵיינֶע פִיס גֶעווִיזֶען. 41 אוּן דֶערְוֵוייל זֵייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט פַאר
שִׂמְחָה, אוּן הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְוּאוּנְדֶערְט, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר
דָא עֶפֶּעס צוּ עֶסֶען? 42 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁטִיק גֶעבְּרָאטֶענֶע
פִישׁ; 43 אוּן עֶר הָאט עֶס גֶענוּמֶען אוּן הָאט פָאר זֵייא גֶעגֶעסֶען.

44 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דִיזֶע זֶענֶען מֵיינֶע ווֶערְטֶער וָואס אִיךְ הָאבּ
צוּ אֵייךְ גֶערֶעט וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ מִיט אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, אַז אַלֶעס מוּז דֶערְפִילְט
וֶוערֶען וָואס אִיז וֶועגֶען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אִין תּוֹרַת משֶׁה אוּן אִין דִיא נְבִיאִים
אוּן אִין תְּהִלִּים. 45 דַאן הָאט עֶר זֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד אוֹיפְגֶעמַאכְט, אַז זֵייא זָאלֶען
דִיא שְׁרִיפְט פֶערְשְׁטֶעהֶען. 46 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי אִיז עֶס
גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז דֶער מָשִׁיחַ זָאל לֵיידֶען, אוּן פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אִים
דְרִיטֶען טָאג, 47 אוּן אַז מֶען זָאל אִין זֵיין נָאמֶען תְּשׁוּבָה פְּרֶעדִיגֶען צוּ פֶערְ־
גֶעבּוּנְג פוּן זִינְד צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער; אוּן מֶען זָאל פוּן יְרוּשָׁלַיִם אָנְהֵייבֶּען.
48 אִיהְר זֶענְט עֵדוּת פוּן דִיזֶע זַאכֶען. 49 אוּן זֶעה, אִיךְ שִׁיק אוֹיף אֵייךְ דִיא
הַבְטָחָה פוּן מֵיין פָאטֶער; אָבֶּער בְּלֵייבְּט אִיהְר אִין דֶער שְׁטָאדְט, בִּיז אִיהְר
וֶועט אָנְגֶעטְהוּן וֶוערֶען מִיט מַאכְט פוּן דֶער הֵייךְ.

50 אוּן עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט בִּיז בֵּית־הִינִי, אוּן הָאט זֵיינֶע הֶענְד

אויפְגֶעהויבֶּען, און הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט. [51] און עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען ווִיא עֶר
הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט, אִיז עֶר אַוועֶק פון זֵייא אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט, און אִיז אַרויפְגֶעטְרָאגֶען
אִין הִימֶעל אַרֵיין. [52] און זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צו אִיהְם גֶעבִּיקְט, און זֶענֶען קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם מִיט גְרויסֶע שִׂמְחָה צורִיקְגֶעגַאנְגֶען, [53] און זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִים
בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶעווֶען, און הָאבֶּען גָאט גֶעלויבְּט.



# דִיא הֵיילִיגֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה נָאךְ יוֹחָנָן

1 אִים אָנְהֵייבּ אִיז דָאס וָוארְט גֶעוֶועזֶען, אוּן דָאס וָוארְט אִיז מִיט גָאט גֶעוֶועזֶען
אוּן דָאס וָוארְט אִיז גֶעוֶועזֶען גָאט. 2 דָאס זֶעלְבִּיגֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אִים אָנְהֵייבּ
מִיט גָאט. 3 אַלֶעס אִיז דוּרְךְ אִיהְם גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּן אָהְן אִיהְם אִיז
גָאר נִיט גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, וָואס אִיז גֶעמַאכְט. 4 אִין אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס
לֶעבֶּען, אוּן דָאס לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס לִיכְט פוּן דִיא מֶענְשֶׁען. 5 אוּן דָאס
לִיכְט שֵׁיינְט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּן דִיא פִינְסְטֶערְנִיס הָאט עֶס נִיט בֶּעגְרִיפֶען.

6 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן וָואס אִיז פוּן גָאט גֶעשִׁיקְט, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
יוֹחָנָן; 7 דִיזֶער אִיז פַאר אַ צֵייגְנִיס גֶעקוּמֶען, אַז עֶר זָאל בֶּעצֵייגֶען וֶועגֶען
דֶעם לִיכְט, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען דוּרְךְ אִיהְם גְלוֹיבֶּען. 8 דֶער אִיז נִיט דָאס לִיכְט
גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט עֶר אִיז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען צוּ בֶּעצֵייגֶען וֶועגֶען דֶעם לִיכְט.
9 דָא אִיז דָאס וָואהְרֶע לִיכְט, וָואס לֵייכְט אִיטְלִיכֶען מֶענְשֶׁען, אוּן עֶס קוּמְט אִין
דֶער וֶועלְט אַרֵיין. 10 עֶר אִיז אִין דֶער וֶועלְט גֶעוֶועזֶען, אוּן דִיא וֶועלְט אִיז דוּרְךְ
אִיהְם גֶעמַאכְט, אוּן דִיא וֶועלְט הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט. 11 עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ זֵיינֶע אֵייגֶענֶע, אוּן דִיא זֵיינִיגֶע הָאבֶּען אִיהְם נִיט אָנְגֶענוּמֶען. 12 אָבֶּער וִויא
פִיל עֶס הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען, צוּ דִיא הָאט עֶר מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אַז זֵייא
זָאלֶען קִינְדֶער פוּן גָאט וֶוערֶען, צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען; 13 וָואס
זֶענֶען נִיט פוּן בְּלוּט גֶעבּוֹירֶען, אוּן נִיט פוּן דֶעם וִוילֶען פוּן פְלֵיישׁ, אוּן נִיט
פוּן דֶעם וִוילֶען פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט פוּן גָאט.

14 אוּן דָאס וָוארְט אִיז גֶעוָוארֶען פְלֵיישׁ, אוּן הָאט צְוִוישֶׁען אוּנְז גֶעוְואוֹינְט,
אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, דִיא הֶערְלִיכְקֵייט וִויא פוּן דֶעם
אֵיינְצִיגֶען זוּהְן פוּן דֶעם פָאטֶער, פוּל מִיט גְנָאד אוּן וָואהְרְהֵייט. 15 יוֹחָנָן
הָאט אוֹיף אִיהְם בֶּעצֵייגְט, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דֶער פוּן
וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, דֶער וָואס קוּמְט נָאךְ מִיר אִיז פָאר מִיר גֶעוֶועזֶען,
וָוארִין עֶר אִיז צוּעֶרְשְׁט פָאר מִיר. 16 וָוארִין פוּן זֵיינֶע פוּלְהֵייט הָאבֶּען מִיר
אַלֶע דֶערְהַאלְטֶען, אוּן גְנָאד אוֹיף גְנָאד. 17 וָוארִין דִיא תּוֹרָה אִיז דוּרְךְ מֹשֶׁה
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, גְנָאד אוּן וָואהְרְהֵייט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
18 קֵיינֶער הָאט גָאט קֵיינְמָאל נִיט גֶעזֶעהֶען; דֶער אֵיינְצִיגֶער זוּהְן, וָואס אִיז אִין
דֶעם שׁוֹיס פוּן דֶעם פָאטֶער, דֶער הָאט אִיהְם בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט.

19 אוּן דָאס אִיז דָאס צֵייגְנִיס פוּן יוֹחָנָן, וֶוען דִיא יוּדֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען
כֹּהֲנִים אוּן לְוִיִּם גֶעשִׁיקְט אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם פְרֶעגֶען, וֶוער בִּיסְט דוּא? 20 אוּן
עֶר הָאט מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט נִיט גֶעלֵייקֶענְט, נֵייעֶרְט הָאט מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען,
אִיךְ בִּין נִיט דֶער מָשִׁיחַ. 21 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וָואס דֶען? בִּיסְט
דוּא אֵלִיָּהוּ? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט. בִּיסְט דוּא דֶער נָבִיא? אוּן
עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, נֵיין. 22 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוער בִּיסְט
דוּא? אַז מִיר זָאלֶען אֵיין עֶנְטְפֶער גֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען אוּנְז גֶעשִׁיקְט;

װאָס זאָגסְט דוּא װעגען דיר זעלְבְּסְט? 23 עֶר הָאט געזָאגְט, אִיךְ בִּין אַ קוֹל
פוּן אֵיינֶעם װָאס שְׁרֵייעֶט אִין דֶער מִדְבָּר, מַאכְט גְלֵייךְ דֶעם װעג פוּן דֶעם
האר׳ן, אַזוֹי ווִיא יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא הָאט געזָאגְט. 24 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעשִׁיקְט געוועזען
פוּן דִיא פְּרוּשִׁים. 25 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם געפְרֶעגְט, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם
געזָאגְט, װָארוּם טוֹבֵלְסְט דוּא דֶען, װען דוּא בִּיסְט נִיט דֶער מָשִׁיחַ, אוּן נִיט
אֵלִיָה, אוּן נִיט דֶער נָבִיא? 26 יוֹחָנָן הָאט זֵייא געענְטפֶערְט אוּן געזָאגְט, אִיךְ
טוֹבֵל מִיט װַאסֶער, אָבֶּער דָא שְׁטֶעהְט אֵיינֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ, װעלְכֶען אִיהְר
קֶענְט נִיט; 27 דֶער אִיז עֶר װָאס קוּמְט נָאךְ מִיר, װָאס אִיךְ בִּין נִיט װערְט
אַז אִיךְ זָאל דָאס שְׁנִירֶעל פוּן זֵיינֶע שִׁיךְ אוֹיפְבִּינְדֶען. 28 דָאס אִיז געשֶׁעהֶען
אִין בֵּית־הִינִי אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן, װְאוּ יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹבֵלְט.
29 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט יוֹחָנָן געזֶעהֶען יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּן
הָאט געזָאגְט, זֶעה דָאס לַאם פוּן גָאט װָאס נֶעמְט אַװעק דִיא זִינְד פוּן דֶער
װעלְט. 30 דָאס אִיז דֶער פוּן װעמֶען אִיךְ הָאבּ געזָאגְט, נָאךְ מִיר קוּמְט אַ
מַאן, װָאס אִיז פָאר מִיר געװעזען, װָארִין עֶר אִיז צוּעֶרְשְׁט פָאר מִיר. 31 אוּן
אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט געקֶענְט, נֵייעֶרְט אַז עֶר זָאל אַנְטפְּלֶעקְט װערֶען צוּ יִשְׂרָאֵל,
דְרוּם בִּין אִיךְ געקוּמֶען אוּן טוֹבֵל מִיט װַאסֶער. 32 אוּן יוֹחָנָן הָאט בֶּעצֵייגְט
אוּן געזָאגְט, אִיךְ הָאבּ געזֶעהֶען דֶעם גֵייסְט אַרוּפְּקוּמֶען פוּן הִימֶעל ווִיא אַ
טוֹיבּ, אוּן עֶר אִיז אוֹיף אִיהְם געבְּלִיבֶּען. 33 אוּן אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט געקֶענְט;
נֵייעֶרְט דֶער װָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט צוּ טוֹבֵלְן מִיט װַאסֶער, דֶער הָאט צוּ
מִיר געזָאגְט, אוֹיף װעמֶען דוּא װעסְט זֶעהֶען דֶעם גֵייסְט אַרוּפְּקוּמֶען, אוּן אוֹיף
אִיהְם בְּלֵייבֶּען, דֶער אִיז עֶר װָאס טוֹבֵלְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. 34 אוּן אִיךְ
הָאבּ געזֶעהֶען אוּן הָאבּ בֶּעצֵייגְט, אַז דִיזֶער אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט.
35 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז יוֹחָנָן ווִידֶער גֶעשְׁטַאנֶען אוּן צְווֵייא פוּן זֵיינֶע
תַּלְמִידִים; 36 אוּן עֶר הָאט געזֶעהֶען יֵשׁוּעַ ווִיא עֶר גֶעהְט, אוּן הָאט געזָאגְט,
זֶעה דָאס לַאם פוּן גָאט. 37 אוּן דִיא צְווֵייא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם געהֶערְט
רֶעדֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ נָאכְגֶעפָאלְגְט. 38 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט, אוּן הָאט זֵייא געזֶעהֶען נָאכְפָאלְגֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא געזָאגְט,
װָאס זוּכְט אִיהְר? אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם געזָאגְט, רַבִּי, װָאס אִיז פֶּערְ־
טֵייטְשְׁט לֶעהְרֶער, װְאוּ װְאוֹינְסְט דוּא? 39 עֶר הָאט צוּ זֵייא געזָאגְט, קוּמְט אוּן
זֶעהְט. אַזוֹי זֶענֶען זֵייא געקוּמֶען אוּן הָאבֶּען געזֶעהֶען װְאוּ עֶר הָאט געװְאוֹינְט,
אוּן זֶענֶען יֶענֶען טָאג בֵּייא אִיהְם געבְּלִיבֶּען; אוּן עֶס אִיז געװעזען קֶעגֶען דִיא
צֶעהְנְטֶע שָׁעָה. 40 אַנְדְרַי דֶער בְּרוּדֶער פוּן שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אִיז געװעזען אֵיינֶער
פוּן דִיא צְווֵייא װָאס הָאבֶּען געהֶערְט יוֹחָנָן רֶעדֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט.
41 דִיזֶער הָאט צוּעֶרְשְׁט געפִינֶען זֵיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער שִׁמְעוֹן, אוּן הָאט
צוּ אִיהְם געזָאגְט, מִיר הָאבֶּען געפִינֶען דֶעם מָשִׁיחַ, װָאס אִיז פֶּערְטֵייטְשְׁט אוֹיף
גְרֶעקִישׁ קְרִיסְטוּס. 42 עֶר הָאט אִיהְם געבְּרַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ; אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם
געזֶעהֶען אוּן געזָאגְט, דוּא בִּיסְט שִׁמְעוֹן, דֶער זוּהְן פוּן יוֹחָנָן, דוּא זָאלְסְט גֶע־
רוּפֶען װערֶען כֵּיפָא, װָאס אִיז פֶּערְטֵייטְשְׁט אַ פֶעלְז.

43 אויף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט יֵשׁוּעַ גֶעוָואלְט גֶעהֶען קֵיין גָלִיל, אוּן הָאט
גֶעפִינֶען פִּילִיפּוֹס, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ. 44 אוּן פִּילִיפּוֹס
אִיז גֶעוֶוען פוּן בֵּית־צַיְדָה, פוּן דֶער שְׁטָאדְט פוּן אַנְדְרַי אוּן פֶּעטְרוֹס. 45 פִּילִיפּוֹס
הָאט נְתַנְאֵל גֶעפִינֶען, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעפִינֶען דֶעם
פוּן וֶועלְכֶעם מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה, אוּן דִיא נְבִיאִים, יֵשׁוּעַ דֶעם
זוּהְן פוּן יוֹסֵף פוּן נְצָרֶת. 46 אוּן נְתַנְאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קָאן עֶפֶּעס
גוּטֶעס אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן נְצָרֶת? פִּילִיפּוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קוּם אוּן
זֶעה. 47 יֵשׁוּעַ הָאט נְתַנְאֵל גֶעזֶעהֶען צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּן הָאט פוּן אִיהְם
גֶעזָאגְט, זֶעה אַ וָואהְר בֶּן יִשְׂרָאֵל, אִין דֶעם עֶס אִיז קֵיינֶע פַאלְשְׁהֵייט.
48 נְתַנְאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען קֶענְסְט דוּא מִיךְ? יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵייְדֶער פִּילִיפּוֹס הָאט דִיךְ גֶערוּפֶען,
וֶוען דוּא בִּיסְט גֶעוֶוען אוּנְטֶער דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעזֶעהֶען.
49 נְתַנְאֵל הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, רַבִּי, דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט, דוּא
בִּיסְט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל. 50 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֵוייל אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶעם
פֵייגֶענְבּוֹים, אַזוֹי גְלוֹיבְּסְט דוּא? דוּא וֶועסְט זֶעהֶען גְרֶעסֶערֶע זַאכֶען וִויא דִיזֶע.
51 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר וֶועט
זֶעהֶען דֶעם הִימֶעל אָפֶען, אוּן דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט אַרוֹיפְגֶעהֶען אוּן אַרוּפְּ־
קוּמֶען אוֹיף דֶעם בֶּן אָדָם.
ב 1 אוּן אִים דְרִיטֶען טָאג אִיז גֶעוֶוען אַ חֲתוּנָה אִין קָנָה פוּן גָלִיל, אוּן דִיא
מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ אִיז דָארְט גֶעוֶוען; 2 אוּן יֵשׁוּעַ אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען
אוֹיךְ גֶעבֶּעטֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה. 3 אוּן וֶוען עֶס הָאט זֵייא גֶעפֶעהְלְט
וֵויין, הָאט דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיין וֵויין.
4 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס הָאבּ אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן, פְרוֹיא?
מֵיינֶע שָׁעָה אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען. 5 זֵיינֶע מוּטֶער הָאט צוּ דִיא דִינֶער
גֶעזָאגְט, וָואס עֶר וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, דָאס טְהוּט. 6 אוּן עֶס זֶענֶען דָארְט אַנִי־
דֶערְגֶעשְׁטֶעלְט זֶעקְס שְׁטֵיינֶערְנֶע וַואסֶערְקְרִיג נָאךְ דֶער גֶעווֹאוֹינְהֵייט פוּן דֶער
רֵיינִיגוּנְג פוּן דִיא יוּדֶען, אוּן אִיטְלִיכֶעס הָאט צְוֵייא אָדֶער דְרֵייא מָאס גֶעהַאלְ־
טֶען. 7 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פִילְט אָן דִיא קְרִיג מִיט וַואסֶער. אוּן זֵייא
הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעפִילְט בִּיז אַרוֹיף. 8 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נוּן שֶׁעפְּט
אָן אוּן טְרָאגְט צוּ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶער סְעוּדָה. אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶע־
טְרָאגֶען. 9 וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶער סְעוּדָה הָאט פֶערְזוּכְט דָאס
וַואסֶער וָואס אִיז וֵויין גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן וַואנֶען עֶס אִיז,
אָבֶּער דִיא דִינֶער וָואס הָאבֶּען דָאס וַואסֶער אָנְגֶעשֶׁעפְּט הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט;
אַזוֹי הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶער סְעוּדָה גֶערוּפֶען דֶעם חָתָן, 10 אוּן עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ שְׁטֶעלְט צוּעֶרְשְׁט אַנִידֶער דֶעם גוּטֶען
וֵויין, אוּן וֶוען מֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְרוּנְקֶען, אַזוֹי גִיבְּט עֶר דֶעם עֶרְגֶערֶען. אָבֶּער
דוּא הָאסְט גֶעהַאלְטֶען דֶעם גוּטֶען וֵויין בִּיז אַצוּנְד. 11 דָאס עֶרְשְׁטֶע וְואוּנְדֶער

הָאט יֵשׁוּעַ גֶעטְהוּן אִין קָנָה פוּן גָלִיל, אוּן הָאט אַנְטְפְּלֶעקְט זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט,
אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט. 12 נָאכְדֶעם אִיז עֶר אַרוּפְּגֶע־
גַאנְגֶען קֵיין כְּפַּרְנַחוּם, אוּן זֵיינֶע מוּטֶער אוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
מִיט אִיהְם; אוּן זֵייא זֶענֶען דָארְט נִיט לַאנְג גֶעבְּלִיבֶּען.
13 אוּן פֶּסַח פוּן דִיא יוּדֶען אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען, אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּיפְגֶעגַאנְגֶען
קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. 14 אוּן עֶר הָאט גֶעפִינֶען אִים בֵּית הַמִּקְדָשׁ דִיא וָואס הָאבּ־
בֶּען פֶּערְקוֹיפְט אָקְסֶען אוּן שָׁאף אוּן טוֹיבֶּען, אוּן דִיא וֶועקְסְלֶער זִיצֶענְדִיג;
15 אוּן עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ פֵּייטְשֶׁעל פוּן שְׁטְרִיקְלֶעךְ, אוּן הָאט אַלֶע אַרוֹיסְגֶע־
טְרִיבֶּען פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ, אוֹיךְ דִיא שָׁאף אוּן אוֹיךְ דִיא אָקְסֶען, אוּן הָאט
אוֹיסְגֶעשִׁיט דָאס גֶעלְד פוּן דִיא וֶועקְסְלֶער, אוּן הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דִיא טִישֶׁען;
16 אוּן עֶר הָאט צוּ דִיא טוֹיבֶּענְהֶענְדְלֶער גֶעזָאגְט, נֶעמְט דִיזֶע זַאכֶען פוּן דַאנֶען
אַוֶועק, מַאכְט נִיט דָאס הוֹיז פוּן מֵיין פָאטֶער אַ הוֹיז פוּן הַאנְדֶעל. 17 אוּן
זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ דֶערְמָאהְנְט, אַז עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא קִנְאָה
פוּן דֵיין הוֹיז הָאט מִיךְ פֶערְצֶעהְרְט. 18 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען דֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואסְפַאר אַ צֵייכֶען וֵוייזְט דוּא אוּנְז, אַז דוּא
טְהוּסְט דִיזֶע זַאכֶען? 19 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
צוּשְׁטֶערְט דִיזֶען טֶעמְפֶּעל, אוּן אִין דְרֵייא טֶעג וֶועל אִיךְ אִיהְם אוֹיפְשְׁטֶעלֶען.
20 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, אִין זֶעקְס אוּן פִיעֶרְצִיג יָאהְר אִיז דִיזֶער טֶעמְ־
פֶּעל גֶעבּוֹיעֶט גֶעוָוארֶען, אוּן וֶועסְט דוּא אִיהְם אִין דְרֵייא טֶעג אוֹיפְשְׁטֶעלֶען?
21 אָבֶּער עֶר הָאט גֶערֶעדט וֶועגֶען דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן זֵיין לֵייבּ. 22 דְרוּם וֶוען
עֶר אִיז פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעדֶענְקְט
אַז עֶר הָאט דָאס גֶערֶעט, אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶער שְׁרִיפְט אוּן
אִין דֶעם וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט.
23 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין יְרוּשָׁלַיִם אַם פֶּסַח אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב הָאבֶּען
פִילֶע גֶעגְלוֹיבְּט אָן זֵיין נָאמֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס
עֶר הָאט גֶעטְהוּן. 24 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ צוּ זֵייא נִיט פֶערְטְרוֹיעֶט, וֵוייל עֶר
הָאט אַלֶע גֶעקֶענְט; 25 אוּן עֶר הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט אַז אֵיימִיצֶער זָאל צֵייגְנִים
גֶעבֶּען אוֹיף מֶענְשֶׁען, וָוארִין עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט וָואס אִיז אִים מֶענְשֶׁען.
ג 1 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ מַאן פוּן דִיא פְּרוּשִׁים, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען נִיקוֹדִימוֹס,
אַ קָצִין פוּן דִיא יוּדֶען. 2 דִיזֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ בֵּייא נַאכְט, אוּן הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר וִויסֶען אַז דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען פוּן גָאט וִויא אַ
לֶעהְרֶער, וָוארִין קֵיינֶער קֶען נִיט טְהוּן דִיא וְואוּנְדֶער וָואס דוּא טְהוּסְט, סֵיידֶען
גָאט אִיז מִיט אִיהְם. 3 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, סֵיידֶען אַ מַאן וֶוערְט פוּן אוֹיבֶּען גֶעבּוֹירֶען,
קֶען עֶר נִיט זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 4 נִיקוֹדִימוֹס הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי קֶען אַ מַאן גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען וֶוען עֶר אִיז אַלְט? קֶען עֶר
דָאס צְוֵוייטֶע מָאל אַרֵיינְקוּמֶען אִין זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּן גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען?

17 תהלים סט׳ ט׳.

5 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, סַיידֶען אַ מַאן וֶוערְט
גֶעבּוֹירֶען פוּן וַואסֶער אוּן פוּן דֶעם גֵייסְט, קֶען עֶר נִיט אַרַיינְקוּמֶען אִים קֶעֶ־
נִיגְרַייךְ פוּן גָאט. 6 דָאס וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אִיז פְלֵיישׁ, אוּן
דָאס וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז גֵייסְט. 7 פֶערְוְואוּנְדֶער דִיךְ נִיט
אַז אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט, אִיהְר מוּזְט פוּן אוֹיבֶּען גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען. 8 דֶער
ווִינְד בְּלָאזְט וְואוּ עֶר ווִיל, אוּן דוּא הֶערְסְט זַיין קוֹל, אָבֶּער דוּא וַוייסְט נִיט
פוּן וַואנֶען עֶר קוּמְט, אוּן וְואוּ אַהִין עֶר גֶעהְט; אַזוֹי אִיז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז
גֶעבּוֹירֶען פוּן דֶעם גֵייסְט. 9 נִיקוֹדִימוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוֹי קֶען דָאס זַיין? 10 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער לֶערְהֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּן וַוייסְט נִיט דִיזֶע זַאכֶען?
11 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז מִיר רֶעדֶען וָואס מִיר ווִיסֶען, אוּן בֶּעצֵייגֶען
וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּן אִיהְר נֶעמְט נִיט אָן אוּנְזֶער צֵייגְנִיס. 12 וֶוען
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ עֶרְדִישֶׁע זַאכֶען גֶעזָאגְט, אוּן אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט, ווִיא אַזוֹי
וֶועט אִיהְר גְלוֹיבֶּען, וֶוען אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ הִימְלִישֶׁע זַאכֶען? 13 אוּן קֵיינֶער אִיז
נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִים הִימֶעל אַרַיין, גֵייעֶרְט דֶער וָואס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם הִימֶעל, דֶער בֶּן אָדָם וָואס אִיז אִים הִימֶעל. 14 אוּן ווִיא מֹשֶׁה הָאט
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִיא שְׁלַאנְג אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי מוּז דֶער בֶּן אָדָם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
וֶוערֶען; 15 אַז אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם זָאל הָאבֶּען דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען.
16 וָוארִין גָאט הָאט דִיא וֶועלְט אַזוֹי גֶעלִיבְּט, אַז עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיין אֵיינְ־
גֶעבּוֹירֶענֶען זוּהְן, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם זָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען, גֵייעֶרְט עֶר זָאל הָאבֶּען דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען. 17 וָוארִין גָאט הָאט נִיט
גֶעשִׁיקְט זַיין זוּהְן אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין אַז עֶר זָאל דִיא וֶועלְט פֶערְשׁוּלְדִיגֶען;
גֵייעֶרְט אַז דִיא וֶועלְט זָאל דוּרְךְ אִיהְם גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 18 דֶער וָואס גְלוֹיבְּט
אָן אִיהְם אִיז נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט; דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִיט אִיז שׁוֹין פֶערְשׁוּלְדִיגְט,
ווייל עֶר הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אָן דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם אֵיינְגֶעבּוֹירֶענֶען
זוּהְן פוּן גָאט. 19 אוּן דָאס אִיז דָאס מִשְׁפָּט, אַז דָאס לִיכְט אִיז אִין דֶער
וֶועלְט אַרַיינְגֶעקוּמֶען, אוּן דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעלִיבְּט דִיא פִינְסְטֶערְנִיס מֶעהְר
ווִיא דָאס לִיכְט, וָוארִין זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען שְׁלֶעכְט גֶעוֶועזֶען. 20 וָוארִין אִיטְלִי־
כֶער וָואס טְהוּט בֵּייזֶעס הָאט פֵיינְד דָאס לִיכְט, אוּן קוּמְט נִיט צוּם לִיכְט, כְּדֵי
זֵיינֶע מַעֲשִׂים זָאלֶען נִיט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען; 21 אָבֶּער דֶער וָואס טְהוּט דִיא
וָואהְרְהֵייט קוּמְט צוּם לִיכְט, אַז זֵיינֶע מַעֲשִׂים זָאלֶען אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אַז
זֵייא זֶענֶען אִין גָאט גֶעטְהוּן.
22 נָאכְדֶעם זֶענֶען יֵשׁוּעַ אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה,
אוּן דָארְט הָאט עֶר זִיךְ מִיט זֵייא אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען, אוּן הָאט גֶעטוֹבֶלְט. 23 אוּן
יוֹחָנָן הָאט אוֹיךְ גֶעטוֹבֶלְט אִין עֵינוֹן נָאהֶענְט צוּ שָׁלֵם, וָוארִין עֶס זֶענֶען דָארְט
פִילֶע וַואסֶער גֶעוֶועזֶען; אוּן מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן זֶענֶען גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען.
24 וָוארִין יוֹחָנָן אִיז נָאךְ נִיט אִים גֶעפֶענְגְנִיס אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוֶועזֶען. 25 עֶס אִיז
דַען גֶעשֶׁעהֶען אַ קְרִיג צְווִישֶׁען דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן אוּן אַ יוּדֶען וֶועגֶען רֵיינִיגוּנְג.

26 און זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יוֹחָנָן, און הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, דֶער
וָואס אִיז מִיט דִיר גֶעוֶוען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵן, אוֹיף וֶועלְכֶען דוּא
הָאסְט בֶּעצֵייגְט, זֶעה, עֶר טוֹבֵלְט, און אַלֶע קוּמֶען צוּ אִיהְם. 27 יוֹחָנָן הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, אַ מֶענְשׁ קֶען קֵיין זַאךְ נִיט דֶערְהַאלְטֶען, אוֹיסֶער עֶס
וֶוערְט אִיהְם פוּן דֶעם הִימֶעל גֶעגֶעבֶּען. 28 אִיהְר אַלֵיין זֶענְט מֵיינֶע עֵדוּת, אַז
אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט דֶער מָשִׁיחַ, נֵייעֶרְט אִיךְ בִּין פָאר אִיהְם גֶע־
שִׁיקְט. 29 וֶוער עֶס הָאט דִיא כַּלָּה, דֶער אִיז דֶער חָתָן; אָבֶּער דֶער פְרֵיינְד
פוּן דֶעם חָתָן, וָואס שְׁטֶעהְט און הֶערְט אִיהְם, דֶער פְרֵייעֶט זִיךְ זֶעהְר וֶועגֶען
דֶעם קוֹל פוּן דֶעם חָתָן. דְרוּם אִיז דִיזֶע מֵיינֶע פְרֵייד דֶערְפִילְט. 30 עֶר מוּז
גְרֶעסֶער וֶוערֶען, אָבֶּער אִיךְ מוּז קְלֵיינֶער וֶוערֶען.
31 דֶער וָואס קוּמְט אַרוֹפּ פוּן אוֹיבֶּען אִיז אִיבֶּער אַלֶעם; דֶער וָואס אִיז פוּן
דֶער עֶרְד גֶעהֶערְט צוּ דֶער עֶרְד, און רֶעט פוּן דֶער עֶרְד; דֶער וָואס קוּמְט פוּן
דֶעם הִימֶעל אִיז אִיבֶּער אַלֶעם. 32 וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען און גֶעהֶערְט דָאס
בֶּעצֵייגְט עֶר, און קֵיינֶער נֶעמְט נִיט אָן זַיין צֵייגְנִיס. 33 דֶער וָואס נֶעמְט אָן
זַיין צֵייגְנִיס הָאט זַיינֶע חֲתִימָה גֶעגֶעבֶּען אַז גָאט אִיז אֱמֶת. 34 וָוארִין וֶועמֶען
גָאט הָאט גֶעשִׁיקְט, דֶער רֶעט דִיא וֶוערְטֶער פוּן גָאט; וָוארִין נִיט מִיט מָאס
גִיבְּט גָאט דֶעם גֵייסְט. 35 דֶער פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זוּהְן, און הָאט אַלֶעס אִין
זַיינֶע הַאנְד גֶעגֶעבֶּען. 36 דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן דֶעם זוּהְן הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען;
אָבֶּער דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִיט אָן דֶעם זוּהְן וֶועט נִיט לֶעבֶּען זֶעהֶען, נֵייעֶרְט דֶער
צָארְן פוּן גָאט בְּלֵייבְּט אוֹיף אִיהְם.

ד 1 אַזוֹי דֶען וֶוען דֶער הַאר הָאט גֶעוְואוּסְט אַז דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֶערְט,
אַז יֵשׁוּעַ מַאכְט און טוֹבֵלְט מֶעהְר תַּלְמִידִים וִויא יוֹחָנָן; 2 חָאטְשֶׁע יֵשׁוּעַ אַלֵיין הָאט
נִיט גֶעטוֹבֵלְט, נֵייעֶרְט זַיינֶע תַּלְמִידִים; 3 אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְלָאזְט יְהוּדָה, און
אִיז וִוידֶער גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל. 4 און עֶר הָאט גֶעמוּזְט דוּרְכְגֶעהֶען דוּרְךְ
שׁוֹמְרוֹן. 5 דְרוּם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ אֵיינֶע שְׁטָאדְט פוּן שׁוֹמְרוֹן, וָואס הֵייסְט
סוּכַר, נָאהֶענְט צוּ דֶעם לַאנְד וָואס יַעֲקֹב הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיין זוּהְן יוֹסֵף.
6 און דָארְט אִיז גֶעוֶוען דֶער בְּרוּנֶען פוּן יַעֲקֹב. יֵשׁוּעַ דֶען אִיז מִיד גֶעוֶוען פוּן
דֶעם וֶועג, און הָאט זִיךְ אַזוֹי אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט בֵּייא דֶעם בְּרוּנֶען; און עֶס אִיז
גֶעוֶוען קֶעגֶען דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה. 7 און אַ פְרוֹיא אִיז פוּן שׁוֹמְרוֹן גֶעקוּמֶען
וַואסֶער צוּ שֶׁעפֶּען. יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר צוּ טְרִינְקֶען;
8 וָוארִין זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט, כְּדֵי זַייא זָאלֶען
קוֹיפֶען צוּם עֶסֶען. 9 דִיא פְרוֹיא פוּן שׁוֹמְרוֹן הָאט דֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא
פֶערְלַאנְגְסְט דוּא וָואס דוּא בִּיסְט אַ יְהוּדִי צוּ טְרִינְקֶען פוּן מִיר, וָואס אִיךְ
בִּין אַ שׁוֹמְרוֹנִית? וָוארִין דִיא יוּדֶען הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט מִיט
דִיא שׁוֹמְרוֹנִים. 10 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וֶוען
דוּא זָאלְסְט וִויסֶען דִיא מַתָּנָה פוּן גָאט, און וֶוער עֶס אִיז וָואס זָאגְט צוּ דִיר,
גִיבּ מִיר צוּ טְרִינְקֶען, אַזוֹי וָואלְסְט דוּא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, און עֶר וָואלְט דִיר
גֶעגֶעבֶּען לֶעבֶּענְדִיגֶעס וַואסֶער. 11 וִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא הָאסְט

דָאךְ נִיט קֵיין אֵיימֶער, אוּן דֶער בְּרוּנֶען אִיז טִיף; פוּן וַואנֶען הָאסְט דוּא דֶען
דָאס לֶעבֶּענְדִיגֶעם וַואסֶער? 12 בִּיסְט דוּא גְרֶעסֶער וִויא אוּנְזֶער פָּאטֶער יַעֲקֹב,
וָואס הָאט אוּנְז דֶעם בְּרוּנֶען גֶעגֶעבֶּען, אוּן הָאט דֶערְפוּן גֶעטְרוּנְקֶען, אוּן זֵיינֶע
קִינְדֶער אוּן זֵיינֶע בְּהֵמוֹת? 13 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, אִיטְלִיכֶער וָואס טְרִינְקְט פוּן דִיזֶעם וַואסֶער וֶועט וִוידֶער דוּרְשְׁטִיג וֶוערֶען;
14 אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט טְרִינְקֶען פוּן דֶעם וַואסֶער וָואס אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען,
דֶער וֶועט אוֹיף עֶבִּיג נִיט דוּרְשְׁטִיג זֵיין, נֵייעֶרְט דָאס וַואסֶער וָואס אִיךְ וֶועל
אִיהְם גֶעבֶּען וֶועט אִין אִיהְם וֶוערֶען אַ בְּרוּנֶען פוּן וַואסֶער וָואס קְוֶועלְט צוּם
עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען. 15 דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, גִיבּ מִיר דִיזֶעם
וַואסֶער, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט דוּרְשְׁטִיג זֵיין, אוּן זָאל נִיט אַהֶער קוּמֶען צוּ שֶׁעְ־
פֶּען. 16 עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, גֶעה, רוּף דֵיין מַאן, אוּן קוּם אַהֶער.
17 דִיא פְרוֹיא הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין מַאן. יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין מַאן;
18 וָוארִין דוּא הָאסְט פִינְף מֶענֶער גֶעהַאט, אוּן דֶער וָואס דוּא הָאסְט אַצוּנְד
אִיז נִיט דֵיין מַאן; דָאס הָאסְט דוּא וָואהְר גֶעזָאגְט. 19 דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ זֶעה אַז דוּא בִּיסְט אַ נָבִיא. 20 אוּנְזֶערֶע פֶעטֶער הָאבֶּען
אוֹיף דִיזֶעם בַּארְג אַנְגֶעבֶּעטֶען; אוּן אִיהְר זָאגְט, אַז אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז דֶער אָרְט
וְואוּ מֶען מוּז אַנְבֶּעטֶען. 21 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא, גְלוֹיבּ מִיר אַז
עֶס קוּמְט אַ שָׁעָה, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט אַנְבֶּעטֶען דֶעם פָאטֶער אוֹיף דִיזֶעם בַּארְג,
אוּן אוֹיךְ נִיט אִין יְרוּשָׁלַיִם. 22 אִיהְר בֶּעטֶעט אַן וָואס אִיהְר וֵוייסְט נִיט, מִיר בֶּעְ־
טֶען אַן וָואס מִיר וִויסֶען; וָוארִין דִיא יְשׁוּעָה אִיז פוּן דִיא יוּדֶען. 23 אָבֶּער עֶס קוּמְט
אַ שָׁעָה, אוּן אִיז אַצוּנְד, וְוען דִיא וָואהְרֶע אַנְבֶּעטֶער וֶועלֶען אַנְבֶּעטֶען דֶעם
פָאטֶער אִין גֵייסְט אוּן אִין וָואהְרְהֵייט; וָוארִין דֶער פָאטֶער זוּכְט אַזֶעלְכֶע אִיהְם
אַנְצוּבֶּעטֶען. 24 גָאט אִיז גֵייסְט; אוּן דִיא וָואס בֶּעטֶען אִיהְם אָן מוּזֶען אַנְבֶּעטֶען
אִין גֵייסְט אוּן אִין וָואהְרְהֵייט. 25 דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵוייס
אַז דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט, וָואס הֵייסְט קְרִיסְטוּס; וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען וֶועט עֶר
אוּנְז אַלֶעס זָאגֶען. 26 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶערְזֶעלְבֶּער דֶער
רֶעד מִיט דִיר.

27 אוּן דֶערְנָאךְ זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט
אַז עֶר הָאט מִיט אַ פְרוֹיא גֶערֶעט; אָבֶּער קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזָאגְט, וָואס
זוּכְסְט דוּא, אָדֶער וָואס רֶעדְסְט דוּא מִיט אִיהְר? 28 דִיא פְרוֹיא דֶען הָאט
אִיהְר וַואסֶערְקְרִיג אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט,
אוּן הָאט צוּ דִיא מֶענְשֶׁען גֶעזָאגְט; 29 קוּמְט זֶעהְט אַ מַאן וָואס הָאט מִיר
גֶעזָאגְט אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן; אִיז עֶר נִיט דֶער מָשִׁיחַ? 30 זֵייא זֶענֶען
אוֹיס דֶער שְׁטָאדְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען. 31 אִין דֶער
צְווִישֶׁען הָאבֶּען אִיהְם זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעבֶּעטֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, עֶס.
32 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ שְׁפַּייז צוּ עֶסֶען, פוּן דֶעם אִיהְר
וֵוייסְט נִיט. 33 דְרוּם הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְם

אֵימֶעצֶער עֶפֶּעס גֶעבְּרַאכְט צוּ עֶסֶען? 34 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיינֶע
שְׁפֵּייז אִיז אַז אִיךְ זָאל טְהוּן דֶעם ווִילֶען פוּן דֶעם דֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן
אַז אִיךְ זָאל זֵיין ווֶערְק פָאלְקָאמֶען מַאכֶען. 35 זָאגְט אִיהְר נִיט, אַז עֶס וֶועֶן נָאךְ
פִיעֶר חֳדָשִׁים, אוּן דֶערְנָאךְ ווֶעט דִיא שְׁנִיטְצֵייט קוּמֶען? זֶעה, אִיךְ זָאג אֵייךְ,
הֵייבְּט אוֹיף אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּן קוּקְט אָן דִיא פֶעלְדֶער, אַז זֵייא זֶענֶען שׁוֹין
ווֵייס פַאר דִיא שְׁנִיטְצֵייט. 36 אוּן דֶער ווָאס שְׁנֵיידֶעט בֶּעקוּמְט לוֹין, אוּן זַאמֶעלְט
פְרוּכְט צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען, אַז דֶער ווָאס זֵייעֶט אוּן דֶער ווָאס שְׁנֵיידֶעט זָאלֶען
זִיךְ צוּזַאמֶען פְרֵייעֶן. 37 ווָארִין אִין דֶעם אִיז דָאס ווָארְט ווָאהְר, אַז אֵיינֶער אִיז
דֶער ווָאס זֵייעֶט אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער אִיז דֶער ווָאס שְׁנֵיידֶעט. 38 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
גֶעשִׁיקְט צוּ שְׁנֵיידֶען אִין דֶעם ווָאס אִיהְר הָאט נִיט גֶעאַרְבֵּייט; אַנְדֶערֶע הָאבֶּען
גֶעאַרְבֵּייט, אוּן אִיהְר זֶענְט אִין זֵייעֶרֶע אַרְבֵּייט אֵיינְגֶעטְרֶעטֶען.
39 אוּן פִילֶע פוּן דִיא שׁוֹמְרוֹנִים אוֹיס דִיזֶער שְׁטָאדְט הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶע־
גְלוֹיבְּט דוּרְךְ דֶעם ווָארְט פוּן דֶער פְרוֹיא, ווָאס זִיא הָאט בֶּעצֵייגְט, אַז עֶר הָאט
מִיר אַלֶעס גֶעזָאגְט ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן. 40 דְרוּם ווֶען דִיא שׁוֹמְרוֹנִים זֶענֶען
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל בֵּייא זֵייא בְּלֵייבֶּען;
אוּן עֶר אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען צְווֵייא טֶעג. 41 אוּן פִילֶע מֶעהְר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט
דוּרְךְ זֵיין אֵייגֶען ווָארְט; 42 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ דֶער פְרוֹיא גֶעזָאגְט, נִיט
מֶעהְר דוּרְךְ דֵיינֶע רֶעד גְלוֹיבֶּען מִיר; ווָארִין מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט, אוּן
ווִיסֶען אַז עֶר אִיז בֶּאֱמֶת דֶער מָשִׁיחַ, דֶער רֶעטֶער פוּן דֶער ווֶעלְט.
43 אוּן נָאךְ דִיא צְווֵייא טֶעג אִיז עֶר פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל.
44 ווָארִין יֵשׁוּעַ זֶעלְבְּסְט הָאט בֶּעצֵייגְט, אַז אַ נָבִיא הָאט נִיט קֵיין כָּבוֹד אִין
זֵיין אֵייגֶענֶען לַאנְד. 45 ווֶען דֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין גָלִיל, הָאבֶּען אִיהְם דִיא
מֶענְשֶׁען פוּן גָלִיל אוֹיפְגֶענוּמֶען, ווֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַלֶעס ווָאס עֶר
הָאט גֶעטְהוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב; ווָארִין זֵייא אוֹיךְ זֶענֶען גֶעקוּ־
מֶען צוּם יוֹם טוֹב.
46 עֶר אִיז דֶען ווִידֶער גֶעקוּמֶען קֵיין קָנָה אִין גָלִיל, ווְאוּ עֶר הָאט דָאס ווַאסֶער
ווֵיין גֶעמַאכְט. אוּן עֶס אִיז גֶעווֶען אֵיין עֶדֶעלְמַאן, ווֶעמֶעס זוּהְן אִיז קְרַאנְק גֶעווֶען
אִין כְּפַרְנַחוּם. 47 ווֶען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה קֵיין
גָלִיל, אִיז עֶר צוּ אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אַרוּפְּ־
קוּמֶען אוּן זָאל זֵיין זוּהְן הֵיילֶען; ווָארִין עֶר אִיז נָאהֶענְט צוּם טוֹיט גֶעווֶען.
48 יֵשׁוּעַ הָאט דֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווֶען אִיהְר זֶעהְט נִיט קֵיינֶע ווְאוּנְדֶער
אוּן צֵייכֶען ווִילְט אִיהְר נִיט גְלוֹיבֶּען. 49 דֶער עֶדֶעלְמַאן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, קוּם אַרוּפּ אֵיידֶער מֵיין קִינְד שְׁטַארְבְּט. 50 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֶעה אַהֵיים, דֵיין זוּהְן לֶעבְּט. אוּן דֶער מַאן הָאט גֶעגְלוֹיבְּט דָאס ווָארְט ווָאס
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוּן אִיז אַהֵיימְגֶעגַאנְגֶען. 51 אוּן ווִיא עֶר אִיז
אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען אִיהְם זֵיינֶע קְנֶעכְט עֶנְטְגֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט אַז זֵיין קִינְד לֶעבְּט. 52 עֶר הָאט דֶען זֵייא גֶעפְרֶעגְט דִיא שָׁעָה ווֶען עֶר
הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעסֶער צוּ ווֶערֶען. אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,

גֶעכְטֶען אִין דִיא זִיבֶּענְטֶע שָׁעָה הָאט אִיהְם דָאס פִיבֶּער פֶערְלָאזְט. 53 אַזוֹי
הָאט דֶער פָּאטֶער גֶעוְואוּסְט אַז עֶס אִיז אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע שָׁעָה גֶעוֶועֶן, וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֵיין זוּהְן לֶעבְּט; אוּן עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן זֵיין
גַאנְצֶעס הוֹיזְגֶעזִינְד. 54 דָאס אִיז וִוידֶער דָאס צְוֵוייטֶע וְואוּנְדֶער וָואס יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעטְהוּן, וֶוען עֶר אִיז פוּן יְהוּדָה קֵיין גָלִיל גֶעקוּמֶען.

ה 1 נָאכְדֶעם אִיז גֶעוֶועֶן אַ יוֹם טוֹב פוּן דִיא יוּדֶען, אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. 2 אוּן עֶס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם בֵּייא דֶעם שָׁאפְּטְהוֹיר אַ
טֵייךְ, וָואס אִיז גֶערוּפֶען אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ בֵּית־חַסְדָא, וָואס הָאט פִינְף הַאלְלֶען.
3 אִין דִיזֶע זֶענֶען גֶעלֶעגֶען אַ סַךְ קְרַאנְקֶע, בְּלִינְדֶע, הִינְקֶענְדִיגֶע, פֶערְדַארְטֶע,
וָואס הָאבֶּען גֶעוַוארְט אַז דָאס וַואסֶער זָאל זִיךְ בֶּעוֶועגֶען. 4 וָוארִין אַ מַלְאָךְ
אִיז צוּ צֵייטֶען אִין דֶעם טֵייךְ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט דָאס וַואסֶער בֶּעוְואוֹי־
גֶען; וֶוער עֶס אִיז דֶען צוּעֶרְשְׁט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶער בֶּעוֶועגוּנְג פוּן
דֶעם וַואסֶער, דֶער אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען פוּן וָואסְפַאר אַ קְרַאנְקְהֵייט עֶר הָאט
גֶעהַאט. 5 אוּן דָארְט אִיז אַ מַאן גֶעוֶועֶן וָואס אִיז אַכְט אוּן דְרֵייסִיג יָאהְר קְרַאנְק
גֶעוֶועֶן. 6 וִויא יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען לִיגֶען, אוּן הָאט גֶעוְואוּסְט אַז עֶר
אִיז שׁוֹין לַאנְג אַזוֹי גֶעלֶעגֶען, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִוילְסְט דוּא גֶעהֵיילְט
וֶוערֶען? 7 דֶער קְרַאנְקֶער הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין
מֶענְשֶׁען, אַז עֶר זָאל מִיךְ אִין דֶעם טֵייךְ אַרֵיינְוַוארְפֶען וֶוען דָאס וַואסֶער זִיךְ
בֶּעוֶועגְט; אוּן דֶערְוֵוייל אִיךְ קוּם, גֶעהְט אֵיין אַנְדֶערֶער פָאר מִיר אַרֵיין. 8 יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם דֵיין בֶּעט אוּן גֶעה אַרוּם. 9 אוּן
גְלֵייךְ אִיז דֶער מַאן גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט גֶענוּמֶען זֵיין בֶּעט, אוּן אִיז
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען.

אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועֶן שַׁבָּת אִין יֶענֶעם טָאג. 10 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט
צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען, עֶס אִיז שַׁבָּת, אוּן עֶס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט
אַז דוּא זָאלְסְט טְרָאגֶען דֵיין בֶּעט. 11 אוּן עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, דֶער
וָואס הָאט מִיךְ גֶעהֵיילְט, דֶער הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין בֶּעט אוּן גֶעה
אַרוּם. 12 זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וֶוער אִיז דֶער מַאן וָואס הָאט צוּ דִיר
גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין בֶּעט אוּן גֶעה אַרוּם? 13 אוּן דֶער וָואס אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוא־
רֶען הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט וֶוער עֶר אִיז; וָוארִין יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, וַוייל
עֶס זֶענֶען פִיל לֵייט גֶעוֶועֶן אִין דֶעם אָרְט. 14 דֶערְנָאךְ הָאט אִיהְם יֵשׁוּעַ גֶעפִינֶען אִין
דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא בִּיסְט גֶעהֵיילְט גֶע־
וָוארֶען; זִינְדִיג נִיט מֶעהְר, כְּדֵי עֶס זָאל דִיר נִיט עֶרְגֶער וֶוערֶען. 15 אוּן דֶער
מַאן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט צוּ דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט אַז עֶס אִיז יֵשׁוּעַ,
וָואס הָאט אִיהְם גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט. 16 אוּן דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען יֵשׁוּעַ פֶערְ־
פָאלְגְט, וַוייל עֶר הָאט דָאס גֶעטְהוּן אַם שַׁבָּת. 17 אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, מֵיין פָאטֶער ווִירְקְט בִּיז אַצוּנְד, אוּן אִיךְ וֶוערְק. 18 דְרוּם הָאבֶּען דִיא
יוּדֶען נָאךְ מֶעהְר גֶעזוּכְט אִיהְם צוּ הַרְגֶענֶען, וַוייל עֶר הָאט נִיט אַלֵיין
מְחַלֵל שַׁבָּת גֶעוֶועֶן, נֵייעֶרְט הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט, אַז גָאט אִיז זֵיין אֵייגֶענֶער

פָאטֶער, אוּן הָאט זִיךְ גְלַייךְ צוּ גָאט גֶעמַאכְט.
19 יֵשׁוּעַ הָאט דֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, דֶער זוּהְן קֶען גָאר נִיט עֶפֶּעס טְהוּן פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, חוּץ דָאס וָואס
עֶר זֶעהְט דֶעם פָאטֶער טְהוּן; וָוארִין דִיא זַאכֶען וָואס עֶר טְהוּט, דִיזֶע טְהוּט
אוֹיךְ אַזוֹי דֶער זוּהְן. 20 וָוארִין דֶער פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זוּהְן, אוּן וֵוייזְט אִיהְם
אַלֶעס וָואס עֶר טְהוּט, אוּן עֶר וֶועט אִיהְם גְרֶעסֶערֶע וֶוערְק וִויא דִיזֶע וֵוייזֶען,
אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ וְוּאוּנְדֶערְן. 21 וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער וֶועקְט אוֹיף
דִיא טוֹיטֶע אוּן מַאכְט זֵייא לֶעבֶּען, אַזוֹי מַאכְט דֶער זוּהְן אוֹיךְ לֶעבֶּען וֶועמֶען
עֶר וִויל. 22 וָוארִין אֲפִילוּ דֶער פָאטֶער רִיכְטֶעט קֵיינֶעם נִיט, נֵייעֶרְט הָאט דָאס
גַאנְצֶע מִשְׁפָּט צוּם זוּהְן גֶעגֶעבֶּען; 23 כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען עֶהְרֶען דֶעם זוּהְן,
אַזוֹי וִויא זֵייא עֶהְרֶען דֶעם פָאטֶער; וֶוער עֶס עֶהְרְט נִיט דֶעם זוּהְן, דֶער עֶהְרְט
נִיט דֶעם פָאטֶער וָואס הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט. 24 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
וֶוער עֶס הֶערְט מֵיין וָוארְט, אוּן גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, דֶער
הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען; אוּן עֶר וֶועט נִיט קוּמֶען צוּם גֶערִיכְט, נֵייעֶרְט אִיז
אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פוּן טוֹיט צוּם לֶעבֶּען. 25 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶס
קוּמְט אַ שָׁעָה, אוּן אִיז אַצוּנְד, וֶוען דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן
דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, אוּן דִיא וָואס הֶערֶען וֶועלֶען לֶעבֶּען. 26 וָוארִין אַזוֹי וִויא
דֶער פָאטֶער הָאט לֶעבֶּען אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ צוּם זוּהְן גֶע־
גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל הָאבֶּען לֶעבֶּען אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט. 27 אוּן עֶר הָאט אִיהְם
מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל מִשְׁפָּט הַאלְטֶען, וֵוייל עֶר אִיז דֶער בֶּן אָדָם.
28 פֶערְוְואוּנְדֶערְט אֵייךְ נִיט אִיבֶּער דָאס, וָוארִין עֶס קוּמְט אַ שָׁעָה, וֶוען אַלֶע
וָואס זֶענֶען אִין דִיא קְבָרִים וֶועלֶען הֶערֶען זֵיין קוֹל, 29 אוּן וֶועלֶען אַרוֹיסְ־
גֶעהֶען, דִיא וָואס הָאבֶּען גוּטֶעס גֶעטְהוּן צוּ דֶער אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פוּן לֶעבֶּען, אוּן
דִיא וָואס הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן צוּ דֶער אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פוּן מִשְׁפָּט.
30 אִיךְ קֶען פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט גָאר נִיט טְהוּן; אַזוֹי וִויא אִיךְ הֶער רִיכְטֶע אִיךְ,
אוּן מֵיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט, וָוארִין אִיךְ זוּךְ נִיט מֵיין וִוילֶען, נֵייעֶרְט דֶעם
וִוילֶען פוּן דֶעם דֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. 31 וֶוען אִיךְ בֶּעצֵייג אוֹיף מִיר זֶעלְבְּסְט,
מֵיין צֵייגְנִיס אִיז נִיט וָואהְר; 32 עֶס אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער וָואס בֶּעצֵייגְט אוֹיף מִיר,
אוּן אִיךְ וֵוייס אַז דָאס צֵייגְנִיס וָואס עֶר בֶּעצֵייגְט אוֹיף מִיר אִיז וָואהְר. 33 אִיהְר
הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ יוֹחָנָן, אוּן עֶר הָאט בֶּעצֵייגְט צוּ דֶער וָואהְרְהֵייט; 34 אָבֶּער
אִיךְ נֶעם נִיט קֵיין צֵייגְנִיס פוּן אַ מֶענְשֶׁען, דָאךְ אִיךְ זָאג דָאס, אַז אִיהְר
זָאלְט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 35 עֶר אִיז גֶעוֶוען דִיא לַאמְפֶּע וָואס בְּרֶענְט אוּן שֵׁיינְט,
אוּן אִיהְר הָאט גֶעוָואלְט פַאר אַ צֵייט אֵייךְ פְרֵייעֶן אִין זֵיין לִיכְט. 36 אָבֶּער אִיךְ
הָאבּ אַ גְרֶעסֶערֶעס צֵייגְנִיס וִויא דָאס צֵייגְנִיס פוּן יוֹחָנָן; וְוארִין דִיא וֶוערְק
וָואס דֶער פָאטֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען אַז אִיךְ זָאל זֵייא פָאלְקָאמֶען מַאכֶען,
דִיזֶע וֶוערְק וָואס אִיךְ טְהוּא בֶּעצֵייגֶען אוֹיף מִיר, אַז דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט. 37 אוּן דֶער פָאטֶער דֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט הָאט זֶעלְבְּסְט אוֹיף מִיר
בֶּעצֵייגְט. אִיהְר הָאט זֵיין קוֹל קֵיינְמָאל נִיט גֶעהֶערְט, אוּן נִיט זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט

גֶעוֶועהֶען; 38 אוּן אִיהְר הָאט נִיט זַיין וָוארְט אִין אֵייךְ וְואוּינֶען, וָוארִין וֶועמֶען
עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט, דֶעם גְלוֹיבְּט אִיהְר נִיט. 39 אִיהְר פָארְשְׁט דִיא שְׁרִיפְטֶען,
וָוארִין אִיהְר מֵיינְט אַז אִין זֵייא הָאט אִיהְר עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען; אוּן עֶס זֶענֶען דִיזֶע
וָואס בֶּעצֵייגֶען אוֹיף מִיר. 40 אוּן אִיהְר ווִילְט נִיט צוּ מִיר קוּמֶען, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט לֶעבֶּען הָאבֶּען. 41 אִיךְ נֶעם נִיט קֵיין כָּבוֹד פוּן מֶענְשֶׁען; 42 אָבֶּער אִיךְ
קֶען אֵייךְ אַז אִיהְר הָאט נִיט דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט אִין אֵייךְ. 43 אִיךְ בִּין גֶעקוּ־
מֶען אִין מֵיין פָּאטֶערְס נָאמֶען, אוּן אִיהְר נֶעמְט מִיךְ נִיט אָן; וֶוען אֵיין אַנְדֶע־
רֶער וֶועט קוּמֶען אִין זַיין אֵייגֶענֶען נָאמֶען, דֶעם וֶועט אִיהְר אָנְנֶעמֶען. 44 ווִיא
אַזוֹי קֶענְט אִיהְר גְלוֹיבֶּען, וָואס נֶעמְט כָּבוֹד אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּן
זוּכְט נִיט דֶעם כָּבוֹד וָואס אִיז פוּן גָאט אַלֵיין? 45 דֶענְקְט נִיט אַז אִיךְ וֶועל
אֵייךְ פֶערְקְלָאגֶען פָאר דֶעם פָּאטֶער; עֶס אִיז אֵיינֶער וָואס פֶערְקְלָאגְט אֵייךְ,
מֹשֶׁה, אוֹיף דֶעם אִיהְר זֶעצְט אֵייעֶרֶע הָאפְנוּנְג. 46 וָוארִין וֶוען אִיהְר וָואלְט אָן
מֹשֶׁה גֶעגְלוֹיבְּט, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר אָן מִיר אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט; וָוארִין עֶר הָאט פוּן
מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען. 47 אָבֶּער וֶוען אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט זַיינֶע שְׁרִיפְט, ווִיא אַזוֹי וֶועט
אִיהְר גְלוֹיבֶּען מֵיינֶע וֶוערְטֶער?

ו 1 נָאכְדֶעם אִיז יֵשׁוּעַ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם יַם פוּן
גָלִיל, וָואס אִיז דֶער יַם פוּן טְבֶרְיָה. 2 אוּן פִיל לֵייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען,
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט צוּ דִיא קְרַאנְקֶע
גֶעטְהוּן. 3 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אוֹיף דֶעם בַּארְג אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז דָארְט
גֶעזֶעסֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים. 4 אוּן עֶס אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶוען צוּם חַג הַפֶּסַח,
וָואס אִיז דֶער יוֹם טוֹב פוּן דִיא יוּדֶען. 5 וֶוען יֵשׁוּעַ דֶען הָאט דִיא אוֹיגֶען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז פִיל לֵייט זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר צוּ פִילִיפּוֹס גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען זָאלֶען מִיר בְּרוֹיט קוֹיפֶען, אַז דִיזֶע
זָאלֶען עֶסֶען? 6 אוּן דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט כְּדֵי אִיהְם צוּ פְּרִיפֶען; וָוארִין עֶר
הָאט גֶעוְואוּסְט וָואס עֶר וֶועט טְהוּן. 7 פִילִיפּוֹס הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, צְווֵייא
הוּנְדֶערְט גְרָאשֶׁען* בְּרוֹיט אִיז נִיט גֶענוּג פַאר זֵייא, אַז אִיטְלִיכֶער פוּן זֵייא זָאל
נוּר אַ שְׁטִיקֶעל נֶעמֶען. 8 אַנְדְרֵי, אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים, דֶער בְּרוּדֶער
פוּן שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס, הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט; 9 דָא אִיז אַ יוּנְגֶעל, וָואס הָאט
פִינְף גֶערְשְׁטֶען בְּרוֹיט אוּן צְווֵייא פִישְׁלֶעךְ, אָבֶּער וָואס אִיז דָאס פַאר אַזוֹי
פִילֶע? 10 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, הֵייסְט דִיא מֶענְשֶׁען אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ אַנִי־
דֶערְזֶעצֶען. אוּן דָא אִיז פִיל גְרָאז גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם אָרְט. אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ
דִיא מֶענְשֶׁען אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט קֶעגֶען פִינְף טוֹיזֶענְד אִין דֶער צָאהְל. 11 יֵשׁוּעַ
דֶען הָאט גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט, אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן הָאט עֶס
פֶערְטְהֵיילְט צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ פוּן דִיא
פִישְׁלֶעךְ ווִיא פִיל זֵייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט. 12 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעטִיגְט גֶע־
וָוארֶען, הָאט עֶר צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, נֶעמְט צוּזַאמֶען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
בְּרֶעקְלֶעךְ, אַז עֶס זָאל גָאר נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען. 13 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא

* גר׳ דינר

צװַאמֶענְגֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעפִּילְט צְוֶועלְף קֶערְבּ מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ פוּן דִיא
פִינְף גֶערְשְׁטֶען בְּרוֹיט, װָאס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶעם װָאס אִיז אִיבְּרִיג
צוּ דִיא װָאס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען. 14 דְרוּם װֶען דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דָאס װְאוּנְדֶער װָאס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז גֶעוִויס
דֶער נָבִיא, װָאס זָאל קוּמֶען אִין דֶער װֶעלְט.
15 דְרוּם װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעװְאוּסְט אַז זֵייא װֶעלֶען קוּמֶען אוּן װֶעלֶען אִיהְם
גֶענֶעמֶען מִיט גֶעוַואלְט, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם פַאר אַ מֶלֶךְ מַאכֶען, אַזוֹי אִיז עֶר
װִידֶער אַלֵיין אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם בַּארְג.
16 אוּן װֶען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעװָארֶען, זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּם יַם אַרוּפְּגֶע־
גַאנְגֶען; 17 אוּן זֵייא זֶענֶען אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער
דֶעם יַם אַרִיבֶּערְגֶעשִׁיפְט קֵיין כְּפַרְנַחוּם. אוּן עֶס אִיז שׁוֹין פִינְסְטֶער גֶעװֶען,
אוּן יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען; 18 אוּן דֶער יַם הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען
װֶעגֶען אַ גְרוֹיסֶען װִינְד װָאס הָאט גֶעבְּלָאזֶען. 19 אוּן װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶערוּ־
דֶערְט אֵיין עֶרֶךְ פוּן פִינְף אוּן צְוַואנְצִיג אָדֶער דְרֵייסִיג אַקֶער פֶעלְד װַייט, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ אַרוּמְגֶעהֶען אוֹיף דֶעם יַם, אוּן צוּ דֶעם שִׁיף קוּמֶען,
אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען. 20 אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
עֶס, פָארְכְט אֵייךְ נִיט. 21 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעװָאלְט אִין דֶעם שִׁיף
אַרֵיינְנֶעמֶען; אוּן גְלֵייךְ אִיז דָאס שִׁיף בֵּייא דֶעם לַאנְד גֶעװֶען װְאוּ אַהִין זֵייא
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען.
22 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג דִיא לֵייט װָאס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע
זֵייט יַם הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז נִיט דָארְט גֶעװֶען קֵיין אַנְדֶערֶעס שִׁיף
אוֹיסֶער אֵיינְס, אוּן אַז יֵשׁוּעַ אִיז נִיט גֶעקוּמֶען מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים אִין דֶעם
שִׁיף אַרֵיין, נֵייעֶרְט זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַלֵיין אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען. 23 עֶס זֶענֶען
אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען גֶעקוּמֶען פוּן טְבַרְיָה, נָאהֶענְט צוּ דֶעם אָרְט װְאוּ זֵייא הָאבֶּען
דָאס בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען, נָאכְדֶעם דֶער הַאר הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט. 24 דְרוּם
װֶען דִיא לֵייט הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז יֵשׁוּעַ אִיז נִיט דָארְט, אוּן אוֹיךְ נִיט זֵיינֶע
תַּלְמִידִים, זֶענֶען זֵייא אוֹיךְ אִין דִיא שִׁיפֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען קֵיין
כְּפַרְנַחוּם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעזוּכְט. 25 אוּן װֶען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפִינֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט יַם, הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, װֶען
בִּיסְט דוּא אַהֶער גֶעקוּמֶען? 26 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר זוּכְט מִיךְ נִיט װֵייל אִיהְר הָאט צֵייכֶען
גֶעזֶעהֶען, נֵייעֶרְט װֵייל אִיהְר הָאט גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם בְּרוֹיט אוּן זֶענְט זַאט
גֶעװָארֶען. 27 אַרְבֵּייט נִיט פַאר דִיא שְׁפֵּייז װָאס װֶערְט פֶערְלוֹירֶען, נֵייעֶרְט פַאר
דִיא שְׁפֵּייז װָאס בְּלֵייבְּט צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען, װָאס דֶער בֶּן אָדָם װֶעט אֵייךְ
גֶעבֶּען; װָארִין אִיהְם הָאט גָאט דֶער פָאטֶער פֶערְזִיגֶעלְט. 28 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װָאס זָאלֶען מִיר טְהוּן, אַז מִיר זָאלֶען װִירְקֶען דִיא װֶערְק
פוּן גָאט? 29 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס
װֶערְק פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם װֶעלְכֶען עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט,

30 דְרוּם הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אַ צֵייכֶען דֶען טְהוּסְט דוּא,
אַז מִיר זָאלֶען זֶעהֶען אוּן זָאלֶען דִיר גְלוֹיבֶּען? וָואס וִוירְקְסְט דוּא? 31 אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען מָן אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען בְּרוֹיט פוּן הִימֶעל צוּ עֶסֶען. 32 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, מֹשֶׁה הָאט אֵייךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען דָאס
בְּרוֹיט פוּן הִימֶעל, אָבֶּער מֵיין פָאטֶער גִיבְּט אֵייךְ דָאס וָואהְרֶע בְּרוֹיט פוּן הִי־
מֶעל; 33 וָוארִין דָאס בְּרוֹיט פוּן גָאט אִיז דֶער וָואס קוּמְט אַרוּפּ פוּן הִימֶעל אוּן
גִיבְּט לֶעבֶּען צוּ דֶער וֶועלְט. 34 דְרוּם הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, גִיבּ
אוּנְז בֶּעשְׁטֶענְדִיג דִיזֶעס בְּרוֹיט. 35 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס
בְּרוֹיט פוּן לֶעבֶּען, דֶער וָואס קוּמְט צוּ מִיר וֶועט נִיט הוּנְגְרִיג זֵיין, אוּן דֶער
וָואס גְלוֹיבְּט אָן מִיר וֶועט קֵיינְמָאל נִיט דוּרְשְׁטִיג זֵיין. 36 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ צוּ
אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. 37 אַלֶעס
וָואס דֶער פָאטֶער גִיבְּט מִיר וֶועט צוּ מִיר קוּמֶען, אוּן וֶוער עֶס קוּמְט צוּ מִיר
דֶעם וֶועל אִיךְ נִיט אַרוֹיסְוַוארְפֶען; 38 וָוארִין אִיךְ בִּין אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל, נִיט אַז אִיךְ זָאל מֵיין ווִילֶען טְהוּן, נֵייעֶרְט דֶעם ווִילֶען פוּן אִיהְם וָואס
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. 39 אוּן דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן דֶעם דֶער הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט, אַז אִיךְ זָאל נִיט פֶערְלִירֶען פוּן אַלֶעס וָואס עֶר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען,
נֵייעֶרְט אַז אִיךְ זָאל עֶס אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג. 40 וָוארִין דָאס
אִיז דֶער ווִילֶען פוּן מֵיין פָאטֶער, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס זֶעהְט דֶעם זוּהְן אוּן
גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם זָאל הָאבֶּען עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען, אוּן אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְשְׁטֶע־
לֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג.

41 דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען וֶועגֶען אִיהְם גֶעמוּרְמֶעלְט, ווֵייל עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט וָואס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל; 42 אוּן זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אִיז עֶר נִיט יֵשׁוּעַ, דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף, וֶועמֶעס פָאטֶער אוּן מוּטֶער
מִיר קֶענֶען? וִויא אַזוֹי זָאגְט עֶר דֶען, אִיךְ בִּין אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל?
43 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מוּרְמֶעלְט נִיט צְווִישֶׁען
אֵיינְאַנְדֶער. 44 קֵיינֶער קֶען נִיט צוּ מִיר קוּמֶען, אוּיסֶער דֶער פָאטֶער דֶער הָאט
מִיךְ גֶעשִׁיקְט צִיהְט אִיהְם, אוּן אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען
טָאג. 45 עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא נְבִיאִים, אוּן זֵייא וֶועלֶען אַלֶע גֶע־
לֶעהְרְט זֵיין פוּן גָאט; אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט גֶעהֶערְט פוּן דֶעם פָאטֶער אוּן הָאט
גֶעלֶערְנְט קוּמְט צוּ מִיר. 46 נִיט אַז אֵיימִיצֶער הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם פָאטֶער,
נֵייעֶרְט דֶער וָואס אִיז פוּן גָאט, דֶער הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם פָאטֶער. 47 בֶּאֱמֶת
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אָן מִיר הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען. 48 אִיךְ
בִּין דָאס בְּרוֹיט פוּן לֶעבֶּען. 49 אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען דָאס מָן אִין דֶער מִדְבָּר
גֶעגֶעסֶען, אוּן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען. 50 דָאס אִיז דָאס בְּרוֹיט וָואס קוּמְט אַרוּפּ
פוּן דֶעם הִימֶעל, אַז אַ מֶענְשׁ זָאל דֶערְפוּן עֶסֶען אוּן נִיט שְׁטַארְבֶּען. 51 אִיךְ
בִּין דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע בְּרוֹיט, וָואס אִיז פוּן דֶעם הִימֶעל אַרוּפְּגֶעקוּמֶען; וֶוער עֶס וֶועט

31 שְׁמוֹת טז׳ יב׳: תהלים עח׳ כד׳. 45 ישעיה נד׳ יג׳: ירמיה לא׳ לג׳, לד׳

עֶסֶען פון דִיזֶעם בְּרויט, דֶער וֶועט אויף עֶבִּיג לֶעבֶּען; און דָאס בְּרויט וָואס
אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אִיז מֵיין פְלֵיישׁ פַאר דֶעם לֶעבֶּען פון דֶער וֶועלְט.

52 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען צְוִוישֶׁען זִיךְ גֶעקְרִיגְט און גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי קֶען
דִיזֶער גֶעבֶּען אוּנְז זֵיין פְלֵיישׁ צוּ עֶסֶען? 53 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט עֶסֶען דָאס פְלֵיישׁ פון דֶעם
בֶּן אָדָם און וֶועט נִיט טְרִינְקֶען זֵיין בְּלוּט, הָאט אִיהְר קֵיין לֶעבֶּען נִיט אִין אֵייךְ.
54 וֶוער עֶס עֶסְט מֵיין פְלֵיישׁ און טְרִינְקְט מֵיין בְּלוּט, הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען, און
אִיךְ וֶועל אִיהְם אויפְשְׁטֶעלֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג. 55 וָוארִין מֵיין פְלֵיישׁ אִיז
וָואהְרְהַאפְטִיגֶע שְׁפֵּייז, און מֵיין בְּלוּט אִיז וָואהְרְהַאפְטִיגֶעס גֶעטְרֶענְק. 56 וֶוער
עֶס עֶסְט מֵיין פְלֵיישׁ און טְרִינְקְט מֵיין בְּלוּט, דֶער וְואוֹינְט אִין מִיר, און אִיךְ
אִין אִיהְם. 57 אַזוֹי וִויא דֶער לֶעבֶּעדִיגֶע פָאטֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, און אִיךְ
לֶעבּ דוּרְךְ דֶעם פָאטֶער, אַזוֹי וֶוער עֶס עֶסְט מִיךְ, דֶער אוֹיךְ וֶועט לֶעבֶּען דוּרְךְ
מִיר. 58 דָאס אִיז דָאס בְּרויט וָואס אִיז פון דֶעם הִימֶעל אַרוּפְגֶעקוּמֶען, נִיט אַזוֹי
וִויא אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען און זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען; וֶוער עֶס עֶסְט דִיזֶעס
בְּרויט וֶועט עֶבִּיג לֶעבֶּען. 59 דִיזֶע זַאכֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט אִין דֶער שׁוּל, וֶוען
עֶר הָאט אִין כְּפַר־נַחוּם גֶעלֶעהְרְט.

60 פִילֶע דֶען פון זֵיינֶע תַּלְמִידִים, וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אַ הַארְטֶעס וָוארְט; וֶוער קֶען עֶס הֶערֶען? 61 אָבֶּער יֵשׁוּעַ
הָאט אִין זִיךְ גֶעוְואוּסְט אַז זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיבֶּער דָאס גֶעמוּרְמֶעלְט, און
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיז דָאס אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ אֵייךְ? 62 וִויא אַזוֹי וֶוען
אִיהְר וֶועט זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם אַרוּיפְגֶעהֶען וְואוּ עֶר אִיז פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען?
63 עֶס אִיז דֶער גֵייסְט וָואס מַאכְט לֶעבֶּעדִיג, דָאס פְלֵיישׁ נוּצְט גָאר נִיט; דִיא
וֶוערְטֶער וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט צוּ אֵייךְ דִיא זֶענֶען גֵייסְט, און דִיא זֶענֶען
לֶעבֶּען. 64 אָבֶּער דָא זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פון אֵייךְ וָואס גְלוֹיבֶּען נִיט. וָוארִין יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעוְואוּסְט פון אָנְהֵייבּ אָן וֶועלְכֶע דִיא זֶענֶען וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט,
און וֶועלְכֶער עֶס אִיז וָואס וֶועט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען. 65 און עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
דְרוּם הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז קֵיינֶער קֶען נִיט קוּמֶען צוּ מִיר, סַיידֶען
אַז עֶס אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פון דֶעם פָאטֶער.

66 נָאכְדֶעם זֶענֶען פִילֶע פון זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען, און זֶענֶען נִיט
מֶעהְר מִיט אִיהְם אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען. 67 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא צְוֶועלְף,
ווִילְט אִיהְר אוֹיךְ אַוֶועקְגֶעהֶען? 68 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
הַאר, צוּ וֶועמֶען זָאלֶען מִיר גֶעהֶען? דוּא הָאסְט דִיא וֶוערְטֶער פון עֶבִּיגֶעם
לֶעבֶּען; 69 און מִיר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט און דֶערְקַאנְט אַז דוּא בִּיסְט דֶער הֵיילִי־
גֶער פון גָאט. 70 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, הָאבּ אִיךְ נִיט אֵייךְ צְוֶועלְף
אויסְדֶערְוֶועהְלְט? און אֵיינֶער פון אֵייךְ אִיז אַ טֵייפֶעל. 71 און עֶר הָאט עֶס
גֶעזָאגְט אויף יְהוּדָה דֶעם זוּהְן פון שִׁמְעוֹן אִישְׁקְרִיוֹת, וָוארִין עֶר וֶועט אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעבֶּען, וָואס אִיז אֵיינֶער פון דִיא צְוֶועלְף גֶעוֶועזֶען.

ז 1 און נָאכְדֶעם אִיז יֵשׁוּעַ אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין גָלִיל; וָוארִין עֶר הָאט נִיט גֶע־
וָואלְט אַרוּמְגֶעהֶען אִין יְהוּדָה, וַוייל דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ הַרְגֶענֶען.
2 און דֶער יוֹם טוֹב פוּן דִיא יוּדֶען דֶער חַג הַסוּכּוֹת אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶוען. 3 אַזוֹי
הָאבֶּען זַיינֶע בְּרִידֶער צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַוֶועק פוּן דַאנֶען, און גֶעה קֵיין
יְהוּדָה, אַז דֵיינֶע תַּלְמִידִים זָאלֶען אוֹיךְ זֶעהֶען דִיא וֶוערְק וָואס דוּא טְהוּסְט;
4 וָוארִין קֵיינֶער טְהוּט נִיט עֶפֶּעס אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען, און זוּכְט זֶעלְבְּסְט עֶפֶענְטְ־
לִיךְ בֶּעקַאנְט צוּ זַיין. וֶוען דוּא דִיזֶע זַאכֶען טְהוּסְט וַוייז דִיךְ צוּ דֶער וֶועלְט.
5 וָוארִין אֲפִילוּ זַיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען נִיט אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט. 6 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיינֶע צֵייט אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען, אָבֶּער אֵייעֶרֶע צֵייט אִיז בֶּע־
שְׁטֶענְדִיג פַארְטִיג. 7 דִיא וֶועלְט קֶען אֵייךְ נִיט הַאסֶען, אָבֶּער מִיךְ הָאט זִיא
גֶעהַאסְט, וַוייל אִיךְ בֶּעצֵייג קֶעגֶען אִיהְר, אַז אִיהְרֶע וֶוערְק זֶענֶען שְׁלֶעכְט.
8 גֶעהְט אִיהְר אַרוֹיף צוּ דִיזֶעם יוֹם טוֹב; אִיךְ גֶעה נָאךְ נִיט אַרוֹיף צוּ דִיזֶעם
יוֹם טוֹב, וָוארִין מֵיינֶע צֵייט אִיז נָאךְ נִיט דֶערְפִילְט. 9 און וֶוען עֶר הָאט דָאס
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אִיז עֶר אִין גָלִיל גֶעבְּלִיבֶּען.

10 אָבֶּער וֶוען זַיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּם יוֹם טוֹב, דַאן אִיז עֶר
אוֹיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, נִיט עֶפֶענְטְלִיךְ, נֵייעֶרְט וִויא אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם. 11 דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט אִים יוֹם טוֹב און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וְואוּ אִיז
עֶר? 12 און דָא אִיז גֶעוֶוען גְרוֹיס גֶעמוּרְמֶעל צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק וֶועגֶען אִיהְם;
עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז אַ גוּטֶער מַאן; אָבֶּער אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶע־
זָאגְט, נֵיין, נֵייעֶרְט עֶר פֶערְפִיהְרְט דָאס פָאלְק. 13 אָבֶּער קֵיינֶער הָאט פוּן אִיהְם
נִיט עֶפֶענְטְלִיךְ גֶערֶעט פַאר פָארְכְט פַאר דִיא יוּדֶען.

14 און שׁוֹין אִין מִיטֶען יוֹם טוֹב אִיז יֵשׁוּעַ אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען,
און הָאט גֶעלֶעהְרְט. 15 דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען זִיךְ פֶערְוָואוּנְדֶערְט און
גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי קֶען דִיזֶער מַאן דִיא שְׁרִיפְטֶען, וֶוען עֶר הָאט קֵיינְמָאל נִיט
גֶעלֶערְנְט? 16 יֵשׁוּעַ הָאט דֶען זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, מֵיינֶע לֶעהְרֶע אִיז
נִיט מֵיינֶע, נֵייעֶרְט פוּן אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט; 17 וֶוען אֵיינֶער וִויל זַיין
וִוילֶען טְהוּן, אַזוֹי וֶועט עֶר וִויסֶען פוּן דֶער לֶעהְרֶע, אוֹיבּ עֶס אִיז פוּן גָאט,
אָדֶער אוֹיבּ אִיךְ רֶעד פוּן מִיר אַלֵיין. 18 דֶער וָואס רֶעט פוּן זִיךְ אַלֵיין זוּכְט
זַיין אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד, אָבֶּער דֶער וָואס זוּכְט דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם וָואס הָאט
אִיהְם גֶעשִׁיקְט, דֶער אִיז וָואהְר, און עֶס אִיז קֵיין אוּנְרֶעכְט נִיט אִין אִיהְם.
19 הָאט אֵייךְ מֹשֶׁה נִיט גֶעגֶעבֶּען דִיא תּוֹרָה, און קֵיינֶער פוּן אֵייךְ הַאלְט דִיא
תּוֹרָה? וָוארוּם זוּכְט אִיהְר מִיךְ צוּ טֵייטֶען? 20 דִיא לֵייט הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט.
דוּא הָאסְט אַ שֵׁד, וֶוער זוּכְט דִיךְ צוּ טֵייטֶען? 21 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵיינֶעם וֶוערְק הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן, און אִיהְר וְואוּנְדֶערְט
אֵייךְ אַלֶע. 22 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט אֵייךְ מֹשֶׁה דִיא מִילָה גֶעגֶעבֶּען, נִיט וַוייל עֶס
אִיז פוּן מֹשֶׁה נֵייעֶרְט פוּן דִיא אָבוֹת, און אִיהְר אַם שַׁבָּת טְהוּט אַ מֶענְשֶׁען מַל
זַיין. 23 וֶוען אַ מֶענְשׁ אַם שַׁבָּת עֶמְפְּפַאנְגְט מִילָה, כְּדֵי דָאס גֶעזֶעץ פוּן מֹשֶׁה
זָאל נִיט פֶערְשְׁטֶערְט וֶוערֶען, צֶרְנֶערְט אִיהְר אֵייךְ אִיבֶּער מִיר, וַוייל אִיךְ

הָאב אַ מֶענְשֶׁען גַאנְץ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט אַם שַׁבָּת? 24 רִיכְטֶעט נִיט נָאךְ דֶעם
אָנְזֶעהֶען, נֵייעֶרְט רִיכְטֶעט גֶערֶעכְטֶעס מִשְׁפָּט.
25 דְרוּם עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז דָאס נִיט דֶער
וֶועלְכֶעס זֵייא זוּכֶען צוּ טֵייטֶען? 26 זֶעה, עֶר רֶעט עֶפֶּענְטְלִיךְ, אוּן זֵייא זָאגֶען
אִיהְם גָאר נִיט; וִויסֶען דֶען נִיט דִיא עֶלְצְטֶע גֶעווִיס אַז עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ?
27 אָבֶּער מִיר קֶענֶען דָאךְ דִיזֶען, פוּן וַואנֶען עֶר אִיז; אָבֶּער וֶוען דֶער מָשִׁיחַ
קוּמְט ווֵייסְט נִיט קֵיינֶער פוּן וַואנֶען עֶר אִיז. 28 יֵשׁוּעַ הָאט דֶען גֶעשְׁרִיגֶען וֶוען
עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן גֶעזָאגְט, אִיהְר קֶענְט מִיךְ, אוּן אִיהְר
ווֵייסְט פוּן וַואנֶען אִיךְ בִּין; אוּן אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער
דֶער וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִיז וָואהְר, דֶעם אִיהְר קֶענְט נִיט. 29 אִיךְ קֶען
אִיהְם, וָוארִין אִיךְ בִּין פוּן אִיהְם, אוּן עֶר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.
30 דְרוּם הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ נֶעמֶען, אוּן קֵיינֶער הָאט אוֹיף אִיהְם דִיא
הַאנְד גֶעלֶעגְט, וָוארִין זֵיינֶע שָׁעָה אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען. 31 אָבֶּער פִּילֶע פוּן
דִיא לֵייט הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט אוּן גֶעזָאגְט, וֶוען דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט, וֶועט
עֶר דֶען מֶעהְר צֵייכֶען טְהוּן ווִיא דִיא וָואס דִיזֶער הָאט גֶעטְהוּן? 32 דִיא
פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא לֵייט הָאבֶּען דָאס וֶועגֶען אִיהְם גֶעמוּרְמֶעלְט,
אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען מְשָׁרְתִים גֶעשִׁיקְט, אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם נֶעמֶען. 33 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נָאךְ אַ קְלֵיינֶע צֵייט
בִּין אִיךְ מִיט אֵייךְ, אוּן אִיךְ גֶעה צוּ דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. 34 אִיהְר
וֶועט מִיךְ זוּכֶען, אוּן וֶועט מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען; אוּן ווְאוּ אִיךְ בִּין, דָארְט אַהִין
קֶענְט אִיהְר נִיט קוּמֶען. 35 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶע־
זָאגְט, ווְאוּ אַהִין וֶועט עֶר גֶעהֶען, אַז מִיר וֶועלֶען אִיהְם נִיט גֶעפִינֶען? וֶועט
עֶר גֶעהֶען צוּ דִיא צוּשְׁפְּרֵייטֶע צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אוּן וֶועט דִיא גוֹיִם לֶעהְ־
רֶען? 36 וָואס אִיז דָאס וָוארְט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר וֶועט מִיךְ זוּכֶען
אוּן וֶועט מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען; אוּן ווְאוּ אִיךְ בִּין, דָארְט אַהִין קֶענְט אִיהְר נִיט
קוּמֶען?
37 אוּן אָן דֶעם לֶעצְטֶען טָאג, וָואס אִיז דֶער גְרוֹיסֶע טָאג פוּן דֶעם יוֹם טוֹב,
אִיז יֵשׁוּעַ גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס אִיז דוּרְשְׁטִיג,
לָאז עֶר צוּ מִיר קוּמֶען אוּן טְרִינְקֶען. 38 דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, ווִיא דִיא
שְׁרִיפְט זָאגְט, פוּן זֵיין לֵייבּ וֶועלֶען אַרוֹיסְפְּלִיסֶען טֵייכֶען פוּן לֶעבֶּענְדִיגֶעם וַואסֶער.
39 אוּן דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט וֶועגֶען דֶעם גֵייסְט וָואס דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען
אָן אִיהְם וֶועלֶען דֶערְהַאלְטֶען; וָוארִין דֶער גֵייסְט אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶוען, ווֵייל
יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט פֶערְהֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען. 40 דְרוּם אֵיינִיגֶע פוּן דִיא לֵייט,
וֶוען זֵייא הָאבֶּען דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעהֶערְט, הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז גֶעווִיס
דֶער נָבִיא. 41 אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז דֶער מָשִׁיחַ. אוּן אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קוּמְט דֶען דֶער מָשִׁיחַ אַרוֹיס פוּן גָלִיל? 42 הָאט נִיט דִיא
שְׁרִיפְט גֶעזָאגְט, אַז דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט אַרוֹיס פוּן זֶרַע דָוִד, אוּן פוּן בֵּית לֶחֶם,
דֶעם דָארְף ווְאוּ דָוִד אִיז גֶעוֶוען? 43 דְרוּם אִיז עֶס גֶעוֶוען אַ קְרִיגֶערַייא אִיבֶּער

אִיהְם צְוִוישֶׁען דִיא לֵייט; 44 אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט
אַנְפַּאסֶען, אָבֶּער קֵיינֶער הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט.
45 דְרוּם זֶענֶען דִיא מְשָׁרְתִים גֶעקוּמֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן פְּרוּשִׁים.
אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם הָאט אִיהְר אִיהְם נִיט גֶעבְּרַאכְט?
46 דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט, קֵיינְמָאל הָאט אַ מֶענְשׁ אַזוֹי גֶערֶעט
וִויא דִיזֶער מַאן. 47 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פְּרוּשִׁים זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, זֶענְט אִיהְר
אוֹיךְ פֶערְפִיהְרְט? 48 הָאט אֵיינֶער פוּן דִיא רֶעגִירֶער אָדֶער פוּן דִיא פְּרוּשִׁים
אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט? 49 אָבֶּער דִיזֶע לֵייט וָואס קֶענֶען נִיט דִיא תּוֹרָה זֶענֶען פֶערְ־
שָׁאלְטֶען. 50 נִיקוֹדִימוֹס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער פוּן זֵייא
אוּן אִיז צוּ אִיהְם פְרִיהֶער גֶעקוּמֶען; 51 רִיכְטֶעט אוּנְזֶערֶע תּוֹרָה אַ מֶענְשֶׁען,
אֵיידֶער מֶען הָאט אִיהְם פֶערְהֶערְט אוּן מֶען וֵוייסְט וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן?
52 זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶען אוֹיךְ
פוּן גָלִיל? פָארְשׁ אוּן זֶעה, אַז פוּן גָלִיל שְׁטֶעהְט נִיט אוֹיף קֵיין נָבִיא. 53 אוּן
יֶעדֶער אִיז צוּ זֵיין הוֹיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

ח 1 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם הַר הַזֵיתִים. 2 אוּן אִין דֶער פְּרִיה אִיז
עֶר וִוידֶער גֶעקוּמֶען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין, אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען; אוּן עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּן הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט.
3 אוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ פְרוֹיא וָואס
מֶען הָאט גֶעחַאפְּט אִין זְנוּת; אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיא אִין מִיטֶען גֶעשְׁטֶעלְט. 4 אוּן
זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, דִיזֶע פְרוֹיא אִיז גֶעחַאפְּט גֶעוָוארֶען
בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה. 5 אוּן משֶׁה אִין דֶער תּוֹרָה הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען אַז מֶען
זָאל אַזֶעלְכֶע פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען; דְרוּם וָואס זָאגְסְט דוּא? 6 אוּן דָאס הָאבֶּען זֵייא
גֶעזָאגְט אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרִיפְט, אַז זֵייא זָאלֶען עֶפֶּעס הָאבֶּען אִיהְם צוּ פֶערְקְלָא־
גֶען. אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דֶעם פִינְ־
גֶער אוֹיף דֶער עֶרְד. 7 אָבֶּער וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם וֵוייטֶער גֶעפְרֶעגְט, הָאט
עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער וָואס אִיז אָהְן זִינְד
צְוִוישֶׁען אֵייךְ, דֶער זָאל צוּעֶרְשְׁט דֶעם שְׁטֵיין אוֹיף אִיהְר וַוארְפֶען. 8 אוּן
עֶר הָאט זִיךְ וִוידֶער אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד. 9 אוּן
וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אוּן זֶענֶען אִין זֵייעֶר הַארְץ גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוא־
רֶען, זֶענֶען זֵייא אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען
בִּיז צוּם יוּנְגְסְטֶען; אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן דִיא פְרוֹיא אִיז אִין מִי־
טֶען גֶעשְׁטַאנֶען. 10 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּן הָאט קֵיינֶעם נִיט
גֶעזֶעהֶען, אוֹיסֶער דִיא פְרוֹיא, אוּן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא, ווְאוּ זֶענֶען
זֵייא וֶועלְכֶע הָאבֶּען דִיךְ פֶערְקְלָאגְט? הָאט דִיךְ קֵיינֶער נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט?
11 אוּן זִיא הָאט גֶעזָאגְט, קֵיינֶער נִיט, הַאר. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
אוֹיךְ נִיט אִיךְ פֶערְשׁוּלְדִיג דִיךְ; גֶעה, אוּן זִינְדִיג נִיט מֶעהְר.
12 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ וִוידֶער צוּ זֵייא גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס לִיכְט
פוּן דֶער וֶועלְט; וֶוער עֶס פָאלְגְט מִיר נָאךְ וֶועט נִיט אַרוּמְגֶעהֶען אִין דֶער

פִינְסְטֶער, גֵייעֶרְט וֶועט הָאבֶּען דָאס לִיכְט פוּן לֶעבֶּען. 13 דִיא פְּרוּשִׁים
דֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בֶּעצֵייגְסְט אוֹיף דִיר אַלֵיין; דֵיין צֵייגְנִיס אִיז
נִיט וָואהְר. 14 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, חָאטְשֶׁע אִיךְ
בֶּעצֵייג אוֹיף מִיר אַלֵיין, מֵיין צֵייגְנִיס אִיז דָאךְ וָואהְר; וָוארִין אִיךְ וֵויים פוּן
וַואנֶען אִיךְ קוּם, אוּן וְואוּ אַהִין אִיךְ גֶעה; אָבֶּער אִיהְר וֵוייסְט נִיט פוּן וַואנֶען
אִיךְ קוּם, אוּן וְואוּ אַהִין אִיךְ גֶעה. 15 אִיהְר רִיכְטֶעט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אִיךְ
רִיכְטֶע קֵיינֶעם נִיט. 16 אוּן וֶוען אִיךְ רִיכְטֶע, אַזוֹי אִיז מֵיין מִשְׁפָּט וָואהְר; וָוא־
רִין אִיךְ בִּין נִיט אַלֵיין, גֵייעֶרְט אִיךְ אוּן דֶער פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.
17 אוּן אוֹיךְ שְׁטֶעהְט עֶס אִין אֵייעֶרֶע תּוֹרָה גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז דָאס צֵייגְנִיס פוּן
צְוֵוייא מֶענְשֶׁען אִיז וָואהְר. 18 אִיךְ בִּין דֶער וָואס בֶּעצֵייגְט אוֹיף מִיר אַלֵיין, אוּן
דֶער פָאטֶער דֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט בֶּעצֵייגְט אוֹיף מִיר. 19 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוּ אִיז דֵיין פָאטֶער? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיהְר קֶענְט
מִיךְ נִיט, אוּן אוֹיךְ נִיט מֵיינֶעם פָאטֶער; וֶוען אִיהְר וָואלְט מִיךְ גֶעקֶענְט, אַזוֹי
וָואלְט אִיהְר מֵיינֶעם פָאטֶער אוֹיךְ גֶעקֶענְט. 20 דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר גֶערֶעט אִין
דֶער שַׁאצְקַאמֶער, וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ; אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהְם
נִיט אַנְגֶעפַּאסְט, וָוארִין זֵיינֶע שָׁעָה אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען.

21 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ וִוידֶער צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעה אַוֶועק, אוּן אִיהְר וֶועט
מִיךְ זוּכֶען, אוּן וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין אֵייעֶרֶע זִינְד; וְואוּ אִיךְ גֶעה, דָארְט אַהִין
קֶענְט אִיהְר נִיט קוּמֶען. 22 דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, וֶועט עֶר זִיךְ אַלֵיין
טֵייטֶען, אַז עֶר זָאגְט, וְואוּ אִיךְ גֶעה, אִיהְר קֶענְט נִיט קוּמֶען? 23 אוּן עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט פוּן אוּנְטֶען, אִיךְ בִּין פוּן אוֹיבֶּען; אִיהְר זֶענְט פוּן
דִיזֶער וֶועלְט, אִיךְ בִּין נִיט פוּן דִיזֶער וֶועלְט. 24 דְרוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אַז אִיהְר
וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין אֵייעֶרֶע זִינְד. וָוארִין וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט גְלוֹיבֶּען אַז אִיךְ
בִּין עֶר, וֶועט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען אִין אֵייעֶרֶע זִינְד. 25 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֶוער בִּיסְט דוּא? יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער וָואס אִיךְ הָאבּ
צוּ אֵייךְ פוּן אָנְהֵייבּ גֶערֶעט. 26 אִיךְ הָאבּ פִיל וֶועגֶען אֵייךְ צוּ רֶעדֶען אוּן צוּ
רִיכְטֶען; אָבֶּער דֶער וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִיז וָואהְר, אוּן וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעהֶערְט פוּן אִיהְם, דָאס רֶעד אִיךְ צוּ דֶער וֶועלְט. 27 זֵייא הָאבְּען נִיט גֶע־
וְואוּסְט אַז עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט וֶועגֶען דֶעם פָאטֶער. 28 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וֶועט דֶעם בֶּן אָדָם אוֹיפְהֵייבֶּען, דַאן וֶועט אִיהְר
וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין עֶר, אוּן אִיךְ טְהוּא גָאר נִיט פוּן מִיר אַלֵיין, גֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא
דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ גֶעלֶעהְרְט, דָאס רֶעד אִיךְ. 29 אוּן דֶער וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט אִיז מִיט מִיר; דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ נִיט אַלֵיין גֶעלָאזְט, וָוארִין אִיךְ
טְהוּא בֶּעשְׁטֶענְדִיג דָאס וָואס גֶעפֶעלְט אִיהְם. 30 וִויא עֶר הָאט דִיזֶעס גֶערֶעט
הָאבֶּען פִילֶע אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט.

31 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען וָואס הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט,
וֶוען אִיהְר בְּלֵייבְּט אִין מֵיין וָוארְט, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר בֶּאֱמֶת מֵיינֶע תַּלְמִידִים;
32 אוּן אִיהְר וֶועט וִויסֶען דִיא וָואהְרְהֵייט, אוּן דִיא וָואהְרְהֵייט וֶועט אֵייךְ פְרֵייא

מַאכֶען. 33 זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, מִיר זֶענֶען דֶער זָאמֶען פוּן
אַבְרָהָם, אוּן זֶענֶען קֵיינְמָאל נִיט צוּ אֵיימִיצֶען קְנֶעכְט גֶעוֶועזֶען; ווִיא אַזוֹי
זָאגְסְט דוּא, אִיהְר וֶועט פְרֵייא וֶוערֶען? 34 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, בֶּאֱמֶת
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס זִינְדִיגְט אִיז אַ קְנֶעכְט פוּן דֶער זִינְד.
35 אוּן דֶער קְנֶעכְט בְּלֵייבְּט נִיט אִים הוֹיז אוֹיף תָּמִיד; דֶער זוּהְן בְּלֵייבְּט אוֹיף
תָּמִיד. 36 וֶוען דֶער זוּהְן דֶען וֶועט אֵייךְ פְרֵייא מַאכֶען, וֶועט אִיהְר ווִירְקְלִיךְ
פְרֵייא זֵיין. 37 אִיךְ ווֵייס אַז אִיהְר זֶענְט דֶער זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם; אָבֶער אִיהְר
זוּכְט מִיךְ צוּ הַרְגֶענֶען, וָוארִין מֵיין וָוארְט הָאט נִיט קֵיין פְּלַאץ אִין אֵייךְ.
38 אִיךְ רֶעד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בֵּייא דֶעם פָאטֶער; אוּן אִיהְר טְהוּט דֶען
וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט בֵּייא דֶעם פָאטֶער. 39 זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַבְרָהָם אִיז אוּנְזֶער פָאטֶער. יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וָואלְט גֶעוֶוען דִיא קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם, וָואלְט אִיהְר דִיא
וֶוערְק פוּן אַבְרָהָם גֶעטְהוּן; 40 אָבֶער אַצוּנְד זוּכְט אִיהְר מִיךְ צוּ הַרְגֶענֶען, אַ
מֶענְשֶׁען וָואס הָאט דִיא וָואהְרְהֵייט צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן גָאט
גֶעהֶערְט; דָאס הָאט אַבְרָהָם נִיט גֶעטְהוּן. 41 אִיהְר טְהוּט דִיא וֶוערְק פוּן
אֵייעֶר פָאטֶער. זֵייא הָאבְּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען נִיט גֶעבּוֹירֶען פוּן
זְנוּת; מִיר הָאבֶּען אֵיינֶעם פָאטֶער, דֶער אִיז גָאט. 42 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶוען גָאט וָואלְט גֶעוֶוען אֵייעֶר פָאטֶער, וָואלְט אִיהְר מִיךְ גֶעלִיבְּט; וָוארִין אִיךְ
בִּין אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן בִּין גֶעקוּמֶען פוּן גָאט, דֶען אִיךְ בִּין אוֹיךְ נִיט פוּן מִיר
אַלֵיין גֶעקוּמֶען, נֵייעֶרְט עֶר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. 43 וָוארוּם פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר
נִיט מֵיינֶע רֶעד? ווֵייל אִיהְר קֶענְט נִיט הֶערֶען מֵיין וָוארְט. 44 אִיהְר זֶענְט פוּן
אֵייעֶר פָאטֶער דֶעם שָׂטָן, אוּן אִיהְר ווִילְט דִיא גְלִיסְטֶען פוּן אֵייעֶר פָאטֶער
טְהוּן; עֶר אִיז אַ רוֹצֵחַ פוּן אָנְהֵייבּ אָן גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיז נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶער
וָואהְרְהֵייט ווֵייל עֶס אִיז קֵיין אֱמֶת נִיט אִין אִיהְם; וֶוען עֶר רֶעט אַ לִיגֶען, אַזוֹי
רֶעט עֶר פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, וָוארִין עֶר אִיז אַ לִיגְנֶער, אוּן דֶער פָאטֶער דֶערְפוּן.
45 אָבֶּער ווֵייל אִיךְ זָאג אֵייךְ דִיא וָואהְרְהֵייט, אַזוֹי גְלוֹיבְּט אִיהְר מִיר נִיט.
46 וֶועלְכֶער פוּן אֵייךְ אִיבֶּערְווֵייזְט מִיר וֶועגֶען אַ זִינְד? וֶוען אִיךְ זָאג דִיא
וָואהְרְהֵייט, וָוארוּם גְלוֹיבְּט אִיהְר מִיר נִיט? 47 דֶער וָואס אִיז פוּן גָאט הֶערְט דִיא
וֶוערְטֶער פוּן גָאט; ווֵייל אִיהְר זֶענְט נִיט פוּן גָאט דְרוּם הֶערְט אִיהְר נִיט.
48 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הָאבֶּען מִיר
נִיט רֶעכְט גֶעזָאגְט, אַז דוּא בִּיסְט אַ שֹׁמְרוֹנִי, אוּן הָאסְט אַ שֵׁד? 49 יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין שֵׁד, נֵייעֶרְט אִיךְ עֶהְרֶע מֵיין פָאטֶער, אוּן
אִיהְר זֶענְט מִיךְ מְבַזֶה. 50 אָבֶער אִיךְ זוּךְ נִיט מֵיין כָּבוֹד; עֶס אִיז דָא אֵיינֶער
וָואס זוּכְט אוּן רִיכְטֶעט. 51 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס וֶועט הַאנְ־
טֶען מֵיין וָוארְט, וֶועט נִיט זֶעהֶען דֶעם טוֹיט אוֹיף עֶבִּיג. 52 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַצוּנְד ווִיסֶען מִיר אַז דוּא הָאסְט אַ שֵׁד. אַבְרָהָם אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען אוּן דִיא נְבִיאִים, אוּן דוּא זָאגְסְט. וֶוער עֶס וֶועט הַאלְטֶען מֵיין וָוארְט,
וֶועט נִיט פֶערְזוּכֶען דֶעם טוֹיט אוֹיף עֶבִּיג. 53 בִּיסְט דוּא גְרֶעסֶער ווִיא אוּנְזֶער

פָּאטֶער אַבְרָהָם, דֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען? אוּן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען;
פַאר וֶועמֶען מַאכְסְט דוּא דִיךְ אַלֵיין? 54 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, וֶוען אִיךְ בִּין מִיךְ
אַלֵיין מְכַבֵּד, אַזוֹי אִיז מֵיין כָּבוֹד גָאר נִיט; עֶס אִיז מֵיין פָּאטֶער דֶער אִיז מִיךְ
מְכַבֵּד, אוֹיף דֶעם אִיהְר זָאגְט אַז עֶר אִיז אוּנְזֶער גָאט; 55 אוּן אִיהְר הָאט אִיהְם
נִיט גֶעקֶענְט, אָבֶּער אִיךְ קֶען אִיהְם; אוּן וֶוען אִיךְ זָאל זָאגֶען אַז אִיךְ קֶען אִיהְם
נִיט, וָואלְט אִיךְ זֵיין אַ לִיגְנֶער אַזוֹי וִויא אִיהְר; אָבֶּער אִיךְ קֶען אִיהְם, אוּן הַאלְט
זֵיין וָוארְט. 56 אַבְרָהָם אֵייעֶר פָּאטֶער הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט אַז עֶר זָאל זֶעהֶען מֵיין
טָאג; אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן אִיז פְרֶעהְלִיךְ גֶעוֶועזֶען. 57 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
דֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט נָאךְ נִיט פִינְפְצִיג יָאהְר אַלְט, אוּן הָאסְט דוּא
אַבְרָהָם גֶעזֶעהֶען? 58 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אֵיידֶער אַבְרָהָם אִיז גֶעוֶועזֶען בִּין אִיךְ. 59 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא שְׁטֵיינֶער גֶענוּמֶען אַז
זֵייא זָאלֶען אוֹיף אִיהְם וַוארְפֶען; אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען, אוּן אִיז
פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.

ט 1 אוּן וִויא עֶר אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר אַ מַאן גֶעזֶעהֶען וָואס אִיז
בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען פוּן זֵיינֶע גֶעבּוּרְט אָן. 2 אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
פְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, רַבִּי, וֶוער הָאט גֶעזִינְדִיגְט, דִיזֶער אָדֶער זֵיינֶע עֶלְטֶערְן,
אַז עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען? 3 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, נִיט עֶר אַלֵיין
הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּן אוֹיךְ נִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן; נֵייעֶרְט כְּדֵי דִיא וֶוערְק פוּן גָאט
זָאלֶען אִין אִיהְם בֶּעוִויזֶען וֶוערֶען. 4 מִיר מוּזֶען וֶוערְקֶען דִיא וֶוערְק פוּן אִיהְם
וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אַזוֹי לַאנְג וִויא עֶס אִיז טָאג; דִיא נַאכְט קוּמְט, וֶוען קֵיינֶער
קֶען נִיט וֶוערְקֶען. 5 בְּשַׁעַת אִיךְ בִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט בִּין אִיךְ דָאס לִיכְט
פוּן דֶער וֶועלְט. 6 וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר גֶעשְׁפִּיגֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד, אוּן הָאט לֶעהְם פוּן דֶעם שְׁפֵּייעֶכְץ גֶעמַאכְט, אוּן הָאט בֶּעשְׁמִירְט דִיא
אוֹיגֶען פוּן דֶעם בְּלִינְדֶען מִיט דֶעם לֶעהְם; 7 אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֶעה וַואשׁ דִיךְ אִים טֵייךְ שִׁלֹחַ, וָואס אִיז פֶערְטֵייטְשְׁט גֶעשִׁיקְט. עֶר אִיז דֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּן אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעקוּמֶען. 8 דִיא
שְׁכֵנִים דֶען, אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם פְרִיהֶער גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז אַ בֶּעטְ־
לֶער גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז עֶר נִיט דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוּן הָאט
גֶעבֶּעטֶעלְט? 9 אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז דֶער; אַנְדֶערֶע הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, נֵיין, אָבֶּער עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ אִיהְם; עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער. 10 דְרוּם
הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא זֶענֶען דֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶע־
וָוארֶען? 11 עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דֶער מַאן וָואס הֵייסְט יֵשׁוּעַ הָאט לֶעהְם
גֶעמַאכְט, אוּן הָאט מֵיינֶע אוֹיגֶען בֶּעשְׁמִירְט, אוּן הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֶעה
צוּם טֵייךְ שִׁלֹחַ אוּן וַואשׁ דִיךְ; אַזוֹי בִּין אִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבּ מִיךְ
גֶעוַואשֶׁען, אוּן אִיךְ בִּין זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען. 12 אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, וְואוּ אִיז עֶר? עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵוייס נִיט.

13 זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא פְּרוּשִׁים דֶעם וָואס אִיז פְרִיהֶער בְּלִינְד
גֶעוֶועזֶען; 14 אוּן עֶס אִיז שַׁבָּת גֶעוֶועזֶען וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דֶעם לֶעהְם גֶעמַאכְט, אוּן

הָאט אִיהְם דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט. 15 דְרוּם הָאבֶּען אִיהְם דִיא פְּרוּשִׁים אוֹיךְ
ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט, וִויא אַזוֹי עֶר אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען. אוּן עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, עֶר הָאט לֶעהְם גֶעלֶעגְט אוֹיף מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶע־
וַואשֶׁען, אוּן בִּין זֶעהֶענְדִיג. 16 אַזוֹי הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים גֶעזָאגְט,
דִיזֶער מַאן אִיז נִיט פוּן גָאט, וָוארִין עֶר הַאלְט נִיט דֶעם שַׁבָּת. אַנְדֶערֶע הָא־
בֶּען גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי קֶען אַ מֶענְשׁ וָואס אִיז אַ זִינְדֶער אַזֶעלְכֶע וְואוּנְדֶער
טְהוּן? אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קְרִיגֶערַייא צְווִישֶׁען זֵייא. 17 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
ווִידֶער צוּם בְּלִינְדֶען גֶעזָאגְט, וָואס זָאגְסְט דוּא וֶועגֶען אִיהְם, אַז עֶר הָאט דֵיינֶע
אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶר אִיז אַ נָבִיא. 18 דִיא יוּדֶען
דֶען הָאבֶּען וֶועגֶען אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אַז עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען אוּן אִיז זֶע־
הֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, בִּיז זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען דִיא עֶלְטֶערְן פוּן דֶעם וָואס אִיז
זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען; 19 אוּן זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיז דֶער
אֵייעֶר זוּהְן, וָואס אִיהְר זָאגְט אַז עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען? וִויא אַזוֹי
אִיז עֶר דֶען אַצוּנְד זֶעהֶענְדִיג? 20 אַזוֹי הָאבֶּען זֵיינֶע עֶלְטֶערְן גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט, מִיר ווִיסֶען אַז עֶר אִיז אוּנְזֶער זוּהְן, אוּן אַז עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָוארֶען; 21 אָבֶּער ווִיא אַזוֹי עֶר זֶעהְט אַצוּנְד ווִיסֶען מִיר נִיט; אָדֶער וֶוער עֶס
הָאט אִיהְם דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט ווִיסֶען מִיר נִיט; עֶר אִיז שׁוֹין אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען,
פְרֶעגְט אִיהְם, עֶר וֶועט פַאר זִיךְ אַלֵיין רֶעדֶען. 22 דָאס הָאבֶּען זֵיינֶע עֶלְטֶערְן
גֶעזָאגְט, ווֵייל זֵייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִיא יוּדֶען; וָוארִין דִיא יוּדֶען
הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין פֶערְאֵיינִיגְט, אַז וֶוען אֵיינֶער וֶועט אִיהְם בֶּעקֶענֶען פַאר דֶעם
מָשִׁיחַ, זָאל עֶר פוּן דֶער שׁוּל אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען. 23 דֶערְסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען
זֵיינֶע עֶלְטֶערְן גֶעזָאגְט, עֶר אִיז שׁוֹין אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, פְרֶעגְט אִיהְם.

24 דְרוּם הָאבֶּען זֵייא דָאס צְווֵייטֶע מָאל דֶעם מַאן גֶערוּפֶען וָואס אִיז בְּלִינְד
גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ כָּבוֹד צוּ גָאט; מִיר ווִיסֶען אַז דִיזֶער
מַאן אִיז אַ זִינְדֶער. 25 עֶר הָאט דֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוֹיבּ עֶר אִיז אַ זִינְדֶער ווֵייס
אִיךְ נִיט; אֵיין זַאךְ ווֵייס אִיךְ, אַז אִיךְ בִּין בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען, אוּן אַצוּנְד זֶעה אִיךְ.
26 דְרוּם הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס הָאט עֶר דִיר גֶעטְהוּן? ווִיא אַזוֹי
הָאט עֶר דֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט? 27 עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט, אוּן אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט; וָוארוּם ווִילְט אִיהְר עֶס ווִידֶער
הֶערֶען? ווִילְט אִיהְר אוֹיךְ זֵיינֶע תַּלְמִידִים וֶוערֶען? 28 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעזִידֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט זֵיין תַּלְמִיד, אָבֶּער מִיר זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים
פוּן מֹשֶׁה. 29 מִיר ווִיסֶען אַז גָאט הָאט צוּ מֹשֶׁה גֶערֶעט; אָבֶּער דִיזֶען, ווִיסֶען
מִיר נִיט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז. 30 דֶער מַאן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אִין דֶעם אִיז דָאס ווְאוּנְדֶער אַז אִיהְר ווֵייסְט נִיט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז,
אוּן דָאךְ הָאט עֶר מֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט. 31 מִיר ווִיסֶען אַז גָאט הֶערְט
נִיט קֵיין זִינְדֶער; נֵייעֶרְט וֶוער עֶס אִיז אֵיין יְרֵא אֱלֹהִים אוּן טְהוּט זֵיין ווִילֶען,
דֶעם עֶר הֶערְט. 32 פוּן עֶבִּיג אָן אִיז עֶס נִיט גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען, אַז אֵיימִי־
צֶער הָאט דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט פוּן אַ גֶעבּוֹירֶענֶען בְּלִינְדֶען; 33 וֶוען דִיזֶער

זָאל נִיט זַיין פוּן גָאט, וָואלְט עֶר גָאר נִיט גֶעקֶענְט טְהוּן. 34 זֵייא הָאבֶּען גֶע־
עֶנְטְפֶערְט און הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט גָאר אִים גַאנְצֶען אִין זִינְד
גֶעבּוֹירֶען, און לֶעהְרֶעסְט דוּא אוּנְז? און זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען.
35 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֶערְט אַז זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, און עֶר הָאט
אִיהְם גֶעפִינֶען און הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גְלוֹיבְּסְט דוּא אָן דֶעם זוּהְן פוּן
גָאט? 36 עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער אִיז עֶר דֶען אַז אִיךְ
זָאל אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען? 37 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט אִיהְם אוֹיךְ
גֶעזֶעהֶען, און דֶער וָואס רֶעט מִיט דִיר, דֶער אִיז עֶר. 38 און עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
הַאר, אִיךְ גְלוֹיבּ; און עֶר הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט. 39 און יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
זָאגְט, צוּם מִשְׁפָּט בִּין אִיךְ אִין דִיזֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען, אַז דִיא וָואס זֶעהֶען נִיט
זָאלֶען זֶעהֶען, און דִיא וָואס זֶעהֶען זָאלֶען בְּלִינְד וֶוערֶען. 40 עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא
פְּרוּשִׁים וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, און הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶענֶען מִיר דֶען אוֹיךְ בְּלִינְד? 41 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶוען אִיהְר וָואלְט בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר נִיט קֵיינֶע זִינְד גֶעהַאט; אָבֶּער
אַצוּנְד זָאגְט אִיהְר, מִיר זֶעהֶען; אֵייעֶרֶע זִינְד בְּלֵייבְּט.
י 1 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער וָואס קוּמְט נִיט אַרֵיין אִין דֶעם שָׁאפְּ־
שְׁטַאל דוּרְךְ דֶער טְהִיר, נֵייעֶרְט עֶר שְׁטֵייגְט אַנְדֶערְשׁ וְואוּ אַרֵיין, דֶער אִיז אַ
גַנָב און אַ רוֹיבֶּער; 2 אָבֶּער דֶער וָואס קוּמְט אַרֵיין דוּרְךְ דֶער טְהִיר אִיז דֶער
פַּאסְטוּךְ פוּן דִיא שָׁאף. 3 דֶער טְהִירְהִיטֶער עֶפֶענְט אִיהְם, און דִיא שָׁאף
הֶערֶען זַיין קוֹל; און עֶר רוּפְט זַיינֶע אֵייגֶענֶע שָׁאף בֵּיים נָאמֶען, און פִיהְרְט
זֵייא אַרוֹיס. 4 וֶוען עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס אַלֶע זַיינֶע אֵייגֶענֶע, גֶעהְט עֶר פָאר זֵייא,
און דִיא שָׁאף פָאלְגֶען אִיהְם נָאךְ, וָוארִין זֵייא קֶענֶען זַיין קוֹל. 5 אָבֶּער אַ
פְרֶעמְדֶען וֶועלֶען זֵייא נִיט נָאכְפָאלְגֶען, נֵייעֶרְט זֵייא לוֹיפֶען פוּן אִיהְם אַוֶועק,
וָוארִין זֵייא קֶענֶען נִיט דָאס קוֹל פוּן דִיא פְרֶעמְדֶע. 6 דִיזֶעס מָשָׁל הָאט יֵשׁוּעַ
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט; אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶערֶעט.

7 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ ווִידֶער צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיךְ
בִּין דִיא טְהִיר פוּן דִיא שָׁאף. 8 אַלֶע וָואס זֶענֶען פָאר מִיר גֶעקוּמֶען זֶענֶען
גַנָבִים און רוֹיבֶּער; אָבֶּער דִיא שָׁאף הָאבֶּען זֵייא נִיט צוּגֶעהֶערְט. 9 אִיךְ בִּין
דִיא טְהִיר; וֶוער עֶס וֶועט דוּרְךְ מִיר אַרֵיינְקוּמֶען, דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען,
און וֶועט אַרֵיינְגֶעהֶען און אַרוֹיסְגֶעהֶען, און וֶועט פַּאשֶׁע גֶעפִינֶען. 10 דֶער גַנָב
קוּמְט נִיט אַרֵיין, נֵייעֶרְט אַז עֶר זָאל גַנְבֶענֶען און שֶׁעכְטֶען און אוּמְבְּרֶענְגֶען;
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַז זֵייא זָאלֶען לֶעבֶּען הָאבֶּען און זָאלֶען עֶס נָאךְ מֶעהְר
הָאבֶּען. 11 אִיךְ בִּין דֶער גוּטֶע פַּאסְטוּךְ; דֶער גוּטֶע פַּאסְטוּךְ לֶעגְט זַיין לֶע־
בֶּען אַנִידֶער פַאר דִיא שָׁאף. 12 דֶער גֶעדוּנְגֶענֶער, וָואס אִיז נִיט דֶער פַּאסְטוּךְ,
דֶעם דִיא שָׁאף זֶענֶען נִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע, זֶעהְט דֶעם וָואלְף קוּמֶען, און פֶערְ־
לָאזְט דִיא שָׁאף און אַנְטְלוֹיפְט; און דֶער וָואלְף חַאפְּט און צוּשְׁפְּרֵייט זֵייא.
13 עֶר אַנְטְלוֹיפְט ווייל עֶר אִיז אַ גֶעדוּנְגֶענֶער, און זָארְגְט נִיט פַאר דִיא שָׁאף.

14 אִיךְ בִּין דֶער גוּטֶע פַּאסְטוּךְ, אוּן אִיךְ קֶען דִיא מֵיינֶע, אוּן דִיא מֵיינֶע קֶענ־
נֶען מִיךְ 15 אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער קֶענְט מִיךְ, אוּן אִיךְ קֶען דֶעם פָאטֶער; אוּן
אִיךְ לֶעג מֵיין לֶעבֶּען אַנִידֶער פַאר דִיא שָׁאף. 16 אוּן אִיךְ הָאבּ אַנְדֶערֶע שָׁאף,
וָואס זֶענֶען נִיט פוּן דִיזֶעם סְטַאדֶע; אוֹיךְ דִיזֶע מוּז אִיךְ בְּרֶענְגֶען אוּן זֵייא
וֶועלֶען מֵיין קוֹל הֶערֶען, אוּן עֶס וֶועט זֵיין אֵיינֶע הֶערְדֶע אוּן אֵיין פַּאסְטוּךְ.
17 דְרוּם לִיבְּט מִיךְ דֶער פָאטֶער, ווייל אִיךְ לֶעג מֵיין לֶעבֶּען אַנִידֶער, אַז אִיךְ
זָאל עֶס ווִידֶער דֶערְהַאלְטֶען. 18 קֵיינֶער נֶעמְט עֶס נִיט פוּן מִיר, נֵייעֶרְט אִיךְ
לֶעג עֶס אַנִידֶער פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט; אִיךְ הָאבּ מַאכְט עֶס אַנִידֶערְצוּלֶעגֶען, אוּן
אִיךְ הָאבּ מַאכְט עֶס ווִידֶער צוּ נֶעמֶען; דִיזֶעם גֶעבָּאט הָאבּ אִיךְ פוּן מֵיין פָאטֶער
בֶּעקוּמֶען.

19 עֶס אִיז ווִידֶער גֶעוֶועזֶען אַ קְרִיג צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען אִיבֶּער דִיזֶע וֶוערְטֶער.
20 אוּן פִילֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַ שֵׁד אוּן אִיז מְשׁוּגָע; פַארְוָואס
הֶערְט אִיהְר אִיהְם צוּ? 21 אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶע רֶעדֶען זֶענֶען נִיט
פוּן אֵיינֶעם וָואס הָאט אַ שֵׁד; קֶען אַ שֵׁד אוֹיפְמַאכֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן אַ
בְּלִינְדֶען?

22 דַאן אִיז גֶעוֶועזֶען חֲנוּכָּה אִין יְרוּשָׁלַיִם; עֶס אִיז ווִינְטֶער גֶעוֶועזֶען; 23 אוּן
יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אִין דֶעם פָּאלִישׁ פוּן שְׁלֹמֹה. 24 אַזוֹי
הָאבֶּען אִיהְם דִיא יוּדֶען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווִיא
לַאנְג וֶועסְט דוּא אוּנְז אוּנְזֶער גֶעמִיט אִים אוּנְגֶעווִיסֶען הַאלְטֶען? וֶוען דוּא
בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, זָאג אוּנְז עֶפֶּענְטְלִיךְ. 25 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ
הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אוּן אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט; דִיא וֶוערְק וָואס אִיךְ טְהוּא אִים
נָאמֶען פוּן מֵיין פָאטֶער, דִיזֶע בֶּעצֵייגֶען אוֹיף מִיר; 26 אָבֶּער אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט,
וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט פוּן מֵיינֶע שָׁאף. 27 מֵיינֶע שָׁאף הֶערֶען מֵיין קוֹל, אוּן
אִיךְ קֶען זֵייא, אוּן זֵייא פָאלְגֶען מִיר נָאךְ; 28 אוּן אִיךְ גִיבּ זֵייא עֶבִּיגֶעס לֶע־
בֶּען, אוּן זֵייא וֶועלֶען קֵיינְמָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּן קֵיינֶער וֶועט זֵייא
נִיט פוּן מֵיינֶע הַאנְד אוֹיסְרֵייסֶען. 29 דָאס וָואס מֵיין פָאטֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען
אִיז גְרֶעסֶער ווִיא אַלֶעס, אוּן קֵיינֶער קֶען נִיט פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם פָאטֶער
אוֹיסְרֵייסֶען. 30 אִיךְ אוּן דֶער פָאטֶער זֶענֶען אֵיינְס. 31 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען ווִידֶער
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטֵיינֶער, אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיף אִיהְם וַוארְפֶען. 32 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא
גֶעעֶנְטְפֶערְט, פִילֶע גוּטֶע וֶוערְק הָאבּ אִיךְ אֵייךְ פוּן דֶעם פָאטֶער גֶעווִיזֶען;
וֶועגֶען וֶועלְכֶעס פוּן דִיזֶע וֶוערְק פֶערְשְׁטֵיינִיגְט אִיהְר מִיךְ? 33 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, נִיט פַאר אַ גוּטֶעס וֶוערְק פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען מִיר דִיךְ, נֵייעֶרְט
פַאר לֶעסְטֶערוּנְג, אוּן ווייל דוּא בִּיסְט נוּר אַ מֶענְשׁ דָאךְ מַאכְסְט דוּא דִיךְ
זֶעלְבְּסְט גָאט. 34 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, שְׁטֶעהְט עֶס נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין אֵייעֶרֶע תּוֹרָה, אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט גֶעטֶער? 35 וֶוען עֶר רוּפְט
זֵייא גֶעטֶער צוּ וֶועלְכֶע דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן דִיא שְׁרִיפְט
קֶען נִיט צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען; 36 זָאגְט אִיהְר אוֹיף אִיהְם, דֶעם דֶער פָאטֶער הָאט

34 תהלים פב׳ ו׳.

גֶעהֵיילִיגְט אוּן הָאט גֶעשִׁיקְט אִין דֶער װֶעלְט, דוּא לֶעסְטֶערְסְט, װײל אִיךְ הָאבּ
גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער זוּהְן פוּן גָאט? 37 װֶען אִיךְ טְהוּא נִיט דִיא װֶערְק פוּן
מֵיין פָאטֶער, גְלוֹיבְּט מִיר נִיט; 38 אָבֶּער װֶען אִיךְ טְהוּא, אַפִּילוּ װֶען אִיהְר מִיר
נִיט גְלוֹיבְּט, אַזוֹי גְלוֹיבְּט דִיא װֶערְק, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט װִיסֶען אוּן זָאלְט דֶערְ־
קֶענֶען אַז דֶער פָאטֶער אִיז אִין מִיר, אוּן אִיךְ אִין דֶעם פָאטֶער. 39 דְרוּם הָאר
בֶּען זֵייא אִיהְם װִידֶער גֶעזוּכְט צוּ נֶעמֶען; אָבֶּער עֶר אִיז פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.

40 אוּן עֶר אִיז װִידֶער אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן, צוּ דֶעם אָרְט
װָאוּ יוֹחָנָן הָאט צוּעֶרְשְׁט גֶעטוֹבֵלְט, אוּן עֶר אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען. 41 אוּן פִילֶע
זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאט קֵיין װוּנְדֶער נִיט
גֶעטְהוּן, אָבֶּער אַלֶעס װָאס יוֹחָנָן הָאט װֶעגֶען דִיזֶעס גֶעזָאגְט אִיז װָאהְר. 42 אוּן
פִילֶע הָאבֶּען דָארְט אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט.

יא 1 אוּן עֶס אִיז גֶעװֶען אַ קְרַאנְקֶער, לַעזָר פוּן בֵּית־הִינִי, פוּן דֶעם דָארְף פוּן
מִרְיָם אוּן אִיהְרֶע שְׁװֶעסְטֶער מַרְתָּא. 2 עֶס אִיז מִרְיָם גֶעװֶען װָאס הָאט דֶעם
הַאר'ן מִיט מֹר גֶעזַאלְבְּט, אוּן הָאט אָבְּגֶעװִישְׁט זֵיינֶע פִיס מִיט אִיהְרֶע הָאר,
װָאס אִיהְר בְּרוּדֶער לַעזָר אִיז קְרַאנְק גֶעװֶען. 3 דְרוּם הָאבֶּען דִיא שְׁװֶעסְטֶער
צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, זֶעה, דֶער װֶעלְכֶען דוּא לִיבְּסְט אִיז קְרַאנְק.
4 װֶען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דִיזֶע קְרַאנְקְהֵייט אִיז
נִיט צוּם טוֹיט, נֵייעֶרְט צוּ דֶעם כָּבוֹד פוּן גָאט, כְּדֵי דֶער זוּהְן פוּן גָאט זָאל
דוּרְךְ דֶעם פֶערְהֶערְלִיכְט װֶערֶען. 5 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט מַרְתָּא אוּן אִיהְרֶע
שְׁװֶעסְטֶער אוּן לַעזָר. 6 אַזוֹי װֶען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר אִיז קְרַאנְק, אִיז
עֶר צְװֵייא טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם אָרְט װְאוּ עֶר אִיז גֶעװֶען. 7 דֶערְנָאךְ הָאט
עֶר צוּ דִיא תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר װִידֶערְגֶעהֶען קֵיין יְהוּדָה. 8 דִיא
תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, דִיא יוּדֶען הָאבֶּען דִיךְ אִיצְט גֶעזוּכְט
צוּ פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען, אוּן גֶעהְסְט דוּא װִידֶער אַהִין? 9 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
זֶענֶען נִיט צְװֶעלְף שָׁעָה אִין דֶעם טָאג? װֶען אֵיינֶער גֶעהְט אַרוּם בֵּייא טָאג
אַזוֹי שְׁטְרוֹיכֶעלְט עֶר זִיךְ נִיט אָן, װָארִין עֶר זֶעהְט דָאס לִיכְט פוּן דִיזֶער װֶעלְט;
10 אָבֶּער װֶער עֶס גֶעהְט אַרוּם בֵּייא נַאכְט, שְׁטְרוֹיכֶעלְט זִיךְ, װײל עֶס אִיז
קֵיין לִיכְט נִיט אִין אִיהְם. 11 דִיזֶע װֶערְטֶער הָאט עֶר גֶעזָאגְט. אוּן דֶערְנָאךְ
הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אוּנְזֶער פְרֵיינְד לַעזָר שְׁלָאפְט; אָבֶּער אִיךְ גֶעה אַז
אִיךְ זָאל אִיהְם אוֹיפְװֶעקֶען. 12 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, װֶען עֶר שְׁלָאפְט, װֶעט עֶר גֶעזוּנְד װֶערֶען. 13 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט פוּן זֵיין
טוֹיט גֶערֶעט; דָאךְ הָאבֶּען זֵייא גֶעמֵיינְט אַז עֶר רֶעט פוּן זֵיין רוּהֶען אִין שְׁלָאף.
14 דַאן הָאט יֵשׁוּעַ עֶפֶענְטְלִיךְ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, לַעזָר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען; 15 אוּן
אִיךְ פְרֵייעֶ מִיךְ פוּן אֵייעֶרְט װֶעגֶען, אַז אִיךְ בִּין נִיט דָארְט גֶעװֶען, אַז אִיהְר
זָאלְט גְלוֹיבֶּען; אָבֶּער לָאזֶען מִיר צוּ אִיהְם גֶעהֶען. 16 אַזוֹי הָאט תּוֹמָא, װָאס
אִיז גֶערוּפֶען דִידוּמוּס, צוּ זֵיינֶע מִיט־תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ גֶעהֶען,
אַז מִיר זָאלֶען מִיט אִיהְם שְׁטַארְבֶּען.

17 אַזוֹי װֶען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעפִֿינֶען אַז עֶר אִיז שׁוֹין פִֿיעֶר טֶעג
אִים קֶבֶר גֶעוֶוען. 18 אוּן בֵּית־הִינִי אִיז צוּ יְרוּשָׁלַיִם נָאהֶענְט גֶעוֶוען, קֶענֶען
פִֿינְפְֿצֶען אַקֶער פֶֿעלְד וַויְיט. 19 אוּן פִֿילֶע פוּן דִיא יוּדֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ
מַרְתָּא אוּן מִרְיָם, אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא טְרֵייסְטֶען װֶעגֶען זֵייעֶר בְּרוּדֶער. 20 דְרוּם
װֶען מַרְתָּא הָאט גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ קוּמְט, אִיז זִיא אִיהְם עֶנְטְגֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען;
אָבֶּער מִרְיָם אִיז אִים הוֹיז גֶעזֶעסֶען. 21 אַזוֹי הָאט מַרְתָּא צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט,
הַאר, װֶען דוּא וָואלְסְט דָא גֶעוֶוען, וָואלְט מֵיין בְּרוּדֶער נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען;
22 אוֹיךְ אַצוּנְד, וֵויים אִיךְ אַז אֲפִֿילוּ וָואס דוּא װֶעסְט בֶּעטֶען פוּן גָאט וֶועט דִיר
גָאט גֶעבֶּען. 23 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דֵיין בְּרוּדֶער װֶעט אוֹיפְֿשְׁטֶעהֶען.
24 מַרְתָּא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵויים אַז עֶר װֶעט אוֹיפְֿשְׁטֶעהֶען אִין דֶער
אוֹיפְֿעֶרְשְׁטֶעהוּנְג אִים לֶעצְטֶען טָאג. 25 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
דִיא אוֹיפְֿעֶרְשְׁטֶעהוּנְג אוּן דָאס לֶעבֶּען. װֶער עֶס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, װֶען אוֹיךְ עֶר
אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי װֶעט עֶר דָאךְ לֶעבֶּען, 26 אוּן אִיטְלִיכֶער וָואס לֶעבְּט אוּן
גְלוֹיבְּט אָן מִיר, װֶעט אוֹיף עֶבִּיג נִיט שְׁטַארְבֶּען; גְלוֹיבְּסְט דוּא דָאס? 27 זִיא
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יָא, הַאר, אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט אַז דוּא בִּיסְט דֶער
מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט, װֶעלְכֶער קוּמְט אִין דֶער װֶעלְט. 28 אוּן װֶען זִיא הָאט
דָאס גֶעזָאגְט, אִיז זִיא אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶערוּפֶֿען אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער
מִרְיָם שְׁטִילֶערְהֵייט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, דֶער לֶעהְרֶער אִיז דָא, אוּן עֶר רוּפְֿט
דִיךְ. 29 אוּן װֶען זִיא הָאט דָאס גֶעהֶערְט אִיז זִיא גֶעשְׁוִוינְד אוֹיפְֿגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן
אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען. 30 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט אִים דָארְף אַרֵיינְגֶעקוּמֶען,
נֵייעֶרְט אִיז אִים אָרְט גֶעוֶוען וְואוּ מַרְתָּא הָאט אִיהְם גֶעטְרָאפֶֿען.
31 דִיא יוּדֶען דֶען וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְר אִים הוֹיז גֶעוֶוען אוּן הָאבֶּען זִיא
גֶעטְרֵייסְט, װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז מִרְיָם אִיז פְּלוּצְלִינְג אוֹיפְֿגֶעשְׁטַאנֶען אוּן
אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען אִיהְר נָאכְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זִיא גֶעהְט
אַװֶעק צוּם קֶבֶר, אַז זִיא זָאל דָארְט וֵויינֶען. 32 דְרוּם װֶען מִרְיָם אִיז אַהִין
גֶעקוּמֶען וְואוּ יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוֶוען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אִיז זִיא אִיהְם צוּ
דִיא פִֿים גֶעפַֿאלֶען אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, װֶען דוּא וָואלְסְט דָא
גֶעוֶוען, אַזוֹי וָואלְט מֵיין בְּרוּדֶער נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען. 33 דְרוּם װֶען יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז זִיא הָאט גֶעוֵויינְט, אוּן אַז דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְר גֶעקוּ־
מֶען הָאבֶּען גֶעוֵויינְט, הָאט עֶר גֶעזִיפְֿצְט אִים גֵייסְט, אוּן עֶס הָאט אִיהְם װֶעה
גֶעטְהוּן; 34 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וְואוּ הָאט אִיהְר אִיהְם גֶעלֶעגְט? זֵייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, קוּם אוּן זֶעה. 35 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוֵויינְט. 36 אַזוֹי הָאבֶּען
דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, זֶעהְט וִויא עֶר הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט. 37 אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער װֶעלְכֶער הָאט אוֹיפְֿגֶעמַאכְט דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם בְּלִינְדֶען,
וָואלְט עֶר נִיט גֶעקֶענְט מַאכֶען אַז אוֹיךְ דִיזֶער זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען? 38 אַזוֹי
הָאט יֵשׁוּעַ וִוידֶער אִין זִיךְ גֶעזִיפְֿצְט, אוּן אִיז צוּם קֶבֶר גֶעקוּמֶען; אוּן עֶס אִיז
גֶעוֶוען אַ הֵייל, אוּן אַ שְׁטֵיין אִיז דְרוֹיף גֶעלֶעגֶען. 39 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט
אַװֶעק דֶעם שְׁטֵיין. מַרְתָּא, דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן דֶעם טוֹיטֶען, הָאט צוּ אִיהְם

גֶעזָאגְט, הַאר, עֶר שְׁטִינְקְט שׁוין. וָוארִין עֶר אִיז פִּיעֶר טֶעג טוֹיט. 40 יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וֶועסְט גְלוֹיבֶּען
וֶועסְט דוּא זֶעהֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט? 41 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דֶעם שְׁטֵיין
אַוֶעקְגֶענוּמֶען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן הָאט גֶעזָאגְט,
פָאטֶער, אִיךְ דַאנְק דִיר אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעהֶערְט. 42 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶע־
ווּאוּסְט אַז דוּא הֶערְסְט מִיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג; אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעזָאגְט וֶועגֶען
דֶעם פָאלְק וָואס שְׁטֶעהְט אַרוּם, אַז זֵייא זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אַז דוּא הָאסְט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט. 43 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ הוֹיךְ
קוֹל, לַעזָר, קוּם אַרוּיס. 44 אוּן דֶער טוֹיטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, גֶעבּוּנְדֶען פִּיס
אוּן הֶענְד מִיט דִיא תַּכְרִיכִין, אוּן זֵיין פָּנִים אִיז פֶערְבּוּנְדֶען גֶעוֶוען מִיט אַ
טִיכֶעל. יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט בִּינְד אִיהְם אוֹיף, אוּן לָאזְט אִיהְם גֶעהֶען.
45 דְרוּם פִּילֶע פוּן דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ מִרְיָם, אוּן הָאבֶּען גֶע־
זֶעהֶען וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, הָאבֶּען אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט; 46 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע
פוּן זֵייא זֶענֶען צוּ דִיא פְּרוּשִׁים אַוֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייא דֶערְצֶעהְלְט
וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן.
47 דְרוּם הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים פֶערְזַאמֶעלְט דָאס
סַנְהֶדְרִין, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן, וָוארִין דִיזֶער מַאן טְהוּט
פִּילֶע צֵייכֶען? 48 וֶוען מִיר וֶועלֶען אִיהְם אַזוֹי לָאזֶען, וֶועלֶען אַלֶע אָן אִיהְם
גְלוֹיבֶּען; אוּן דִיא רוֹימֶער וֶועלֶען קוּמֶען, אוּן וֶועלֶען אַוֶעקְנֶעמֶען אוּנְזֶער אָרְט
אוּן אוּנְזֶער פָאלְק. 49 אוּן אֵיינֶער פוּן זֵייא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען קַיָפָא, וֶועלְכֶער
אִיז גֶעוֶוען דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִין יֶענֶעם יָאהְר, הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר וֵייסְט
גָאר נִיט, 50 אוּן אִיהְר בֶּעטְרַאכְט נִיט אַז עֶס אִיז גוּט פַאר אוּנְז אַז אֵיין מֶענְשׁ
זָאל שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶעם פָאלְק, אוּן אַז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען. 51 אוּן דָאס הָאט עֶר נִיט פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעזָאגְט, נֵייעֶרְט וֵוייל עֶר
אִיז גֶעוֶוען דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִין יֶענֶעם יָאהְר, הָאט עֶר נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אַז יֵשׁוּעַ
וֶועט פַאר דֶעם פָאלְק שְׁטַארְבֶּען; 52 אוּן נִיט פַאר דֶעם פָאלְק אַלֵיין, נֵייעֶרְט
אַז עֶר זָאל אִין אֵיינֶעם אֵיינְזַאמְלֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט וָואס זֶענֶען צוּ־
שְׁפְּרֵייט. 53 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא פוּן דֶעם טָאג אָן אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען.
54 דְרוּם אִיז יֵשׁוּעַ נִיט מֶעהְר עֶפֶענְטְלִיךְ אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען צְוִוישֶׁען דִיא יוּדֶען,
נֵייעֶרְט אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶעקְגֶעגַאנְגֶען צוּ אֵיין אָרְט נָאהֶענְט צוּ דֶער מִדְבָּר,
צוּ אַ שְׁטָאדְט וָואס הֵייסְט אֶפְרַיִם; אוּן עֶר הָאט דָארְט גֶעווָאוֹינְט מִיט דִיא
תַּלְמִידִים. 55 אוּן עֶס אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶוען צוּם יוּדִישֶׁען חַג הַפֶּסַח, אוּן פִּילֶע
זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד קֵיין יְרוּשָׁלַיִם פָאר דֶעם פֶּסַח, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען זִיךְ רֵיינִיגֶען. 56 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזוּכְט יֵשׁוּעַ, אוּן הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ
גֶערֶעט וִויא זֵייא זֶענֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גֶעשְׁטַאנֶען, וָואס דֶענְקְט אִיהְר? אַז
עֶר וֶועט נִיט קוּמֶען אוֹיף יוֹם טוֹב? 57 אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא
פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אַ גֶעבָּאט אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען, אַז וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט וִויסֶען וְואוּ

עֶר אִיז, זָאל עֶר עֶס אָנְזָאגֶען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אִיהְם נֶעמֶען.

**יב** [1] דְרוּם זֶעקְס טֶעג פָאר דֶעם פֶּסַח אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען קֵיין בֵּית הִינִי,
ווְאוּ לַעֲזָר אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט.
[2] אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם דָארְט אֵיין אָבֶּענְדְמָאהְל גֶעמַאכְט, אוּן מַרְתָּא
הָאט בֶּעדִינְט; אָבֶּער לַעֲזָר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער פוּן דִיא ווָאס זֶענֶען מִיט
אִיהְם בֵּיים טִישׁ גֶעזֶעסֶען. [3] אַזוֹי הָאט מִרְיָם גֶענוּמֶען אַ פוּנְט פוּן זֶעהְר
טֵייעֶרֶען מֹר נֵרְד, אוּן הָאט דִיא פִּיס פוּן יֵשׁוּעַ גֶעזַאלְבְּט, אוּן הָאט זֵיינֶע פִּיס
אָבְּגֶעוִוישְׁט מִיט אִיהְרֶע הָאר; אוּן דָאס הוֹיז אִיז פוּל גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם רֵיחַ פוּן
דֶעם מֹר. [4] אוּן יְהוּדָה אִישְׁקְרִיוֹת, אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים ווָאס הָאט
אִיהְם גֶעזָאלְט אִיבֶּערְגֶעבֶּען הָאט גֶעזָאגְט, [5] ווָארוּם אִיז נִיט דִיזֶעס מֹר פֶערְקוֹיפְט
גֶעווָארֶען פַאר דְרֵייא הוּנְדֶערְט גְרָאשֶׁען, אוּן צוּ דִיא אָרְמֶע לֵייט גֶעגֶעבֶּען?
[6] אוּן דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט, נִיט ווֵייל עֶר הָאט פַאר דִיא אָרְמֶע לֵייט גֶעזָארְגְט,
נֵייעֶרְט ווֵייל עֶר אִיז אַ גַנָב גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט דֶעם בֵּיטֶעל גֶעהַאט, אוּן הָאט
גֶעטְרָאגֶען ווָאס מֶען הָאט דְרִינֶען אַרֵיינְגֶעווָארְפֶען. [7] דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט,
לָאז זִיא, אַז זִיא זָאל עֶס בֶּעהַאלְטֶען צוּם טָאג פוּן מֵיינֶע קְבוּרָה; [8] ווָארִין דִיא
אָרְמֶע לֵייט הָאט אִיהְר בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט אֵייךְ, אָבֶּער מִיךְ הָאט אִיהְר נִיט
בֶּעשְׁטֶענְדִיג.

[9] אַזוֹי הָאבֶּען פִיל לֵייט פוּן דִיא יוּדֶען גֶעווְאוּסְט אַז עֶר אִיז דָארְט, אוּן זַייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען, נִיט פוּן ווֶעגֶען יֵשׁוּעַ אַלֵיין, נֵייעֶרְט אַז זַייא זָאלֶען אוֹיךְ לַעֲזָר
זֶעהֶען, וֶועלְכֶען עֶר הָאט פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט. [10] אָבֶּער דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אַז זַייא זָאלֶען לַעֲזָר אוֹיךְ הַרְגֶענֶען;
[11] ווָארִין פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען זֶענֶען דוּרְךְ אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען
אָן יֵשׁוּעַ גֶעגְלוֹיבְּט.

[12] דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג ווֶען פִיל לֵייט ווָאס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף יוֹם טוֹב הָאָ־
בֶּען גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ קוּמְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, [13] הָאבֶּען זַייא גֶענוּמֶען דִיא צְווֵייגֶען
פוּן טֵייטֶעלְבֵּיימֶער, אוּן זֶענֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען,

הוֹשַׁעְנָא,
גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וֶועלְכֶער קוּמְט אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן,
אוּן דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל.

[14] אוּן יֵשׁוּעַ ווֶען עֶר הָאט גֶעפִינֶען אַ יוּנְגֶעס עֶזֶעל הָאט זִיךְ דְרוֹיף גֶעזֶעצְט,
אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען;

[15] פָארְכְט דִיךְ נִיט, דוּא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן,
זֶעה, דֵיין קֶענִיג קוּמְט,
רֵייטֶענְדִיג אוֹיף אַ פִילְכֶען פוּן אֵיין עֶזֶעל.

[16] אַזוֹי הָאבֶּען זֵיינֶע תַּלְמִידִים דָאס צוּעֶרְשְׁט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, נֵייעֶרְט ווֶען
יֵשׁוּעַ אִיז פֶערְהֶערְלִיכְט גֶעווָארֶען, דַאן הָאבֶּען זַייא גֶעדֶענְקְט אַז דִיזֶע זַאכֶען
זֶענֶען אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּן אַז זַייא הָאבֶּען דִיזֶע זַאכֶען צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן.

גר׳ דינר [5] — תהלים קיח׳ כה׳, כו׳. [13] — זכריה ט׳ ט׳. [15]

17 דְרוּם דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט לַעְזָר אַרוֹיסְגֶע־
רוּפֶען פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּן הָאט אִיהְם פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט הָאבֶּען
בֶּעצֵייגְט. 18 דֶערְסְטְוֶועגֶען זֶענֶען אִיהְם דִיא לֵייט עֶנְטְגֶעגֶען גֶעקוּמֶען, ווַייל
זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר הָאט דִיזֶעס צֵייכֶען גֶעטְהוּן. 19 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא
פְּרוּשִׁים אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, זֶעהְט אִיהְר, אַז עֶס נוּצְט גָאר נִיט;
זֶעה דִיא וֶועלְט גֶעהְט אִיהְם נָאךְ.
20 אוּן עֶס זֶענֶען עֶטְלִיכֶע גְרֶעקֶען גֶעוֶוען צְווִישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען אוֹיף יוֹם טוֹב צוּ בֶּעטֶען. 21 אַזוֹי זֶענֶען דִיזֶע גֶעקוּמֶען צוּ פִילִיפּוּס
פוּן בֵּית־צַיְדָה אִין גָלִיל, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר
ווִילֶען יֵשׁוּעַ זֶעהֶען. 22 פִילִיפּוּס אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט עֶס צוּ אַנְדְרַי גֶעזָאגְט;
אַנְדְרַי אוּן פִילִיפּוּס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען עֶס גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ. 23 אוּן
יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען אַז דֶער
בֶּן אָדָם זָאל פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען. 24 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען דָאס
קֶערֶענְדֶעל פוּן ווֵייץ פַאלְט נִיט אִין דֶער עֶרְד אוּן שְׁטַארְבְּט, בְּלֵייבְּט עֶס אַלֵיין;
אָבֶּער וֶוען עֶס שְׁטַארְבְּט, אַזוֹי טְרָאגְט עֶס פִיל פְּרוּכְט. 25 וֶוער עֶס לִיבְּט זֵיין
לֶעבֶּען פֶערְלִירְט עֶס; אוּן וֶוער עֶס הַאסְט זֵיין לֶעבֶּען אִין דִיזֶער וֶועלְט, דֶער
וֶועט עֶס דֶערְהַאלְטֶען צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען. 26 וֶוען אִיטְלִיכֶער וֶועל מִיר דִינֶען,
לָאז עֶר מִיר נָאכְפָאלְגֶען, אוּן ווְאוּ אִיךְ בִּין דָארְט וֶועט מֵיין דִינֶער אוֹיךְ
זֵיין; וֶוער עֶס וֶועט מִיךְ דִינֶען, דֶעם וֶועט מֵיין פָאטֶער עֶהְרֶען. 27 אַצוּנְד אִיז
מֵיינֶע זֶעלֶע בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען; אוּן וָואס זָאל אִיךְ זָאגֶען? פָאטֶער, רֶעט
מִיךְ פוּן דִיזֶער שָׁעָה אַרוֹיס; אָבֶּער דֶערְסְטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ צוּ דִיזֶער שָׁעָה גֶעקוּ־
מֶען. 28 פָאטֶער, פֶערְהֶערְלִיךְ דֵיין נָאמֶען. אַזוֹי אִיז אַ קוֹל פוּן הִימֶעל גֶעקוּ־
מֶען, אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט, אוּן אִיךְ וֶועל עֶס ווִידֶער פֶערְהֶערְלִיכֶען.
29 דְרוּם דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אַז עֶס אִיז דוּנֶער גֶעוֶועזֶען; אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז אַ מַלְאָךְ הָאט
צוּ אִיהְם גֶערֶעט. 30 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, דָאס קוֹל אִיז נִיט
גֶעוֶועזֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען. 31 אַצוּנְד אִיז דָאס גֶערִיכְט פוּן דִיזֶער וֶועלְט; אַצוּנְד
וֶוערְט דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיזֶער וֶועלְט דְרוֹיסֶען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען. 32 אוּן אִיךְ,
וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען פוּן דֶער עֶרְד, וֶועל אִיךְ אַלֶע מֶענְשֶׁען צוּ
מִיר צִיהֶען. 33 דָאס הָאט עֶר דֶען גֶעזָאגְט, צוּ בֶּעדֵייטֶען מִיט וָואסְפַאר אַ טוֹיט
עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען. 34 דְרוּם הָאבֶּען אִיהְם דִיא לֵייט גֶעעֶנְטְפֶערְט, מִיר הָאבֶּען
גֶעהֶערְט פוּן דֶער תּוֹרָה, אַז דֶער מָשִׁיחַ וֶועט עֶבִּיג בְּלֵייבֶּען, אוּן ווִיא אַזוֹי
זָאגְסְט דוּא אַז דֶער בֶּן אָדָם מוּז אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען? וֶוער אִיז דִיזֶער
בֶּן אָדָם? 35 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נָאךְ אַ קוּרְצֶע צֵייט אִיז דָאס
לִיכְט בֵּייא אֵייךְ; גֶעהְט אַרוּם בְּשַׁעַת אִיהְר הָאט דָאס לִיכְט, כְּדֵי דִיא פִינְסְ־
טֶערְנִים זָאל אֵייךְ נִיט אִיבֶּערְפַאלֶען; אוּן דֶער וָואס גֶעהְט אַרוּם אִין דֶער
פִינְסְטֶערְנִים ווֵייסְט נִיט ווְאוּ אַהִין עֶר גֶעהְט. 36 בְּשַׁעַת אִיהְר הָאט דָאס לִיכְט
גְלוֹיבְּט אָן דֶעם לִיכְט, אַז אִיהְר זָאלְט וֶוערֶען זִיהְן פוּן לִיכְט.

דִיזֶע זַאכֶען הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ פוּן זֵייא
פֶערְבָּארְגֶען. 37 אָבֶּער חָאטְשֶׁע עֶר הָאט אַזוֹי פִיל צֵייכֶען פָאר זֵייא גֶעטְהוּן,
הָאבֶּען זֵייא דָאךְ נִיט אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט; 38 כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן יְשַׁעְיָה
הַנָבִיא זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען, וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער הָאט גֶעגְלוֹיבְּט
אוּנְזֶער בֶּערִיכְט? אוּן צוּ וֶועמֶען אִיז דֶער אָרְם פוּן דֶעם הַאר׳ן אַנְטְפְּלֶעקְט
גֶעוָוארֶען? 39 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעקֶענְט גְלוֹיבֶּען, וָוארִין יְשַׁעְיָה
הָאט ווִידֶער גֶעזָאגְט; 40 עֶר הָאט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען בְּלִינְד גֶעמַאכְט, אוּן הָאט
פֶערְהַארְטֶעט זֵייעֶר הַארְץ, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מִיט דִיא אוֹיגֶען, אוּן
פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיט דֶעם הַארְץ, אוּן זָאלֶען אוּמְקֶעהְרֶען, אוּן אִיךְ וֶועל זֵייא
הֵיילֶען. 41 דִיזֶע זַאכֶען הָאט יְשַׁעְיָה גֶעזָאגְט, ווֵייל עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע הֶערְ־
לִיכְקֵייט, אוּן הָאט פוּן אִיהְם גֶערֶעט. 42 דָאךְ הָאבֶּען פִילֶע פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען
אוֹיךְ אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט, אָבֶּער וֶועגֶען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זֵייא נִיט בֶּעקֶענְט,
אַז זֵייא זָאלֶען נִיט אוֹיס דֶער שׁוּל אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען; 43 וָוארִין זֵייא
הָאבֶּען גֶעלִיבְּט דֶעם כָּבוֹד פוּן מֶענְשֶׁען מֶעהְר ווִיא דֶעם כָּבוֹד פוּן גָאט.

44 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, דֶער
גְלוֹיבְּט נִיט אָן מִיר, נֵייעֶרְט אָן אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט; 45 אוּן דֶער
וָואס זֶעהְט מִיךְ זֶעהְט אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. 46 אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין
דֶער וֶועלְט פַאר אַ לִיכְט, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן מִיר זָאל נִיט אִין
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס בְּלֵייבֶּען. 47 אוּן וֶוער עֶס הֶערְט מֵיינֶע וֶוערְטֶער אוּן הַאלְט
זֵייא נִיט, דֶעם רִיכְטֶע אִיךְ נִיט; וָוארִין אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען אַז אִיךְ זָאל דִיא
וֶועלְט רִיכְטֶען, נֵייעֶרְט אַז אִיךְ זָאל דִיא וֶועלְט רֶעטֶען. 48 וֶוער עֶס אִיז מִיךְ
מְבַזֶה, אוּן נֶעמְט נִיט אָן מֵיינֶע וֶוערְטֶער, דֶער הָאט אֵיינֶעם וָואס אִיהְם רִיכְ־
טֶעט. דָאס וָוארְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט, דָאס וֶועט אִיהְם רִיכְטֶען אִין דֶעם
לֶעצְטֶען טָאג. 49 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט פוּן מִיר אַלֵיין גֶערֶעט, נֵייעֶרְט דֶער
פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט הָאט מִיר אַ גֶעבָּאט גֶעגֶעבֶּען, וָואס אִיךְ זָאל
זָאגֶען אוּן וָואס אִיךְ זָאל רֶעדֶען. 50 אוּן אִיךְ ווֵייס אַז זֵיין גֶעבָּאט אִיז עֶבִּיגֶעס
לֶעבֶּען. דְרוּם וָואס אִיךְ רֶעד, דָאס רֶעד אִיךְ אַזוֹי ווִיא דֶער פָאטֶער הָאט מִיר
גֶעזָאגְט.

יג 1 אוּן פָאר דֶעם יוֹם טוֹב פוּן פֶּסַח, וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוְואוּסְט אַז זֵיינֶע
שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען אַז עֶר זָאל אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט צוּם פָאטֶער,
הָאט עֶר גֶעלִיבְּט דִיא זֵיינִיגֶע וָואס זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט גֶעוֶוען, אוּן הָאט זֵייא
גֶעלִיבְּט בִּיז צוּם עֶנְד. 2 אוּן בְּשַׁעַת דֶעם אָבֶענְדְמָאהְל, וֶוען דֶער שָׂטָן הָאט
שׁוֹין אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִים הַארְץ פוּן יְהוּדָה אִישְׁקְרִיוֹת, זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן,
אַז עֶר זָאל אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען, 3 יֵשׁוּעַ ווִיסֶענְדִיג אַז דֶער פָאטֶער הָאט אִיהְם
אַלֶעס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין זֵיינֶע הֶענְד, אוּן אַז עֶר אִיז פוּן גָאט גֶעקוּמֶען
אוּן גֶעהְט צוּ גָאט, 4 אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם אָבֶענְדְמָאהְל, אוּן הָאט דִיא
קְלֵיידֶער אָן דֶער זֵייט גֶעלֶעגְט, אוּן הָאט אַ הַאנְדְטוּךְ גֶענוּמֶען, אוּן הָאט זִיךְ

[38] ישעיה נג׳ א׳. [40] ישעיה ו׳ ט׳, י׳.

אַרומְגֶעגַארְטֶעלְט. 5 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אַרייַנְגֶעגָאסֶען וַואסֶער אִים בֶּעקֶען, אוּן
הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צוּ וַואשֶׁען דִיא פִּיס פוּן דִיא תַּלְמִידִים, אוּן אָפְּצוּווִישֶׁען מִיט
דֶעם הַאנְדְטוּךְ מִיט וֶועלְכֶעם עֶר אִיז אַרומְגֶעגַארְטֶעלְט גֶעוֶוען. 6 אַזוֹי אִיז
עֶר גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס; הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וַואשְׁט דוּא
מֵיינֶע פִּיס? 7 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיךְ
טְהוּא דָאס וֵוייסְט דוּא נִיט אַצוּנְד, אָבֶּער דוּא וֶועסְט עֶס שְׁפֶּעטֶער וִויסֶען.
8 פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט קֵיינְמָאל נִיט וַואשֶׁען מֵיינֶע פִּיס.
יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, וֶוען אִיךְ וַואשׁ דִיךְ נִיט אַזוֹי הָאסְט דוּא נִיט
קֵיין טְהֵייל מִיט מִיר. 9 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, נִיט אַלֵיין
מֵיינֶע פִּיס, נֵייעֶרְט אוֹיךְ דִיא הֶענְד אוּן דֶעם קָאפּ. 10 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס אִיז אָפְּגֶעוַואשֶׁען בֶּעדַארְף נִיט מֶעהְר נוּר דִיא פִּיס צוּ
וַואשֶׁען, אָבֶּער אִיז גַאנְץ רֵיין; אוּן אִיהְר זֶענְט רֵיין, אָבֶּער נִיט אַלֶע. 11 וָוארִין
עֶר הָאט גֶעווְאוּסְט וֶוער עֶס וֶועט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען; דְרוּם הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
אִיהְר זֶענְט נִיט אַלֶע רֵיין.

12 אַזוֹי וֶוען עֶר הָאט זֵייעֶרֶע פִּיס גֶעוַואשֶׁען הָאט עֶר גֶענוּמֶען זֵיינֶע קְלֵיי-
דֶער, אוּן הָאט זִיךְ ווִידֶער אָנְגֶעלֶעהְנְט, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֵוייסְט אִיהְר
וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעטְהוּן? 13 אִיהְר רוּפְט מִיךְ לֶעהְרֶער אוּן הַאר, אוּן
אִיהְר זָאגְט רֶעכְט, וָוארִין אִיךְ בִּין עֶס. 14 וֶוען אִיךְ דֶער הַאר אוּן דֶער
לֶעהְרֶער הָאבּ אֵייעֶרֶע פִּיס גֶעוַואשֶׁען, אַזוֹי דַארְפְט אִיהְר אוֹיךְ אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען דִיא פִּיס וַואשֶׁען; 15 וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַ בֵּייִשְׁפִּיל גֶעגֶעבֶּען,
אַז אִיהְר אוֹיךְ זָאלְט טְהוּן אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעטְהוּן. 16 בֶּאֱמֶת
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַ קְנֶעכְט אִיז נִיט גְרֶעסֶער ווִיא זֵיין הַאר, אָדֶער אַ שָׁלִיחַ
גְרֶעסֶער ווִיא דֶער וָואס הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט. 17 וֶוען אִיהְר וֵוייסְט דִיזֶע זַאכֶען,
גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וֶוען אִיהְר זֵייא טְהוּט. 18 אִיךְ זָאג עֶס נִיט וֶועגֶען אֵייךְ
אַלֶע; אִיךְ וֵוייס וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ אויסְדֶערְוֶועהְלְט. נֵייעֶרְט אַז דִיא שְׁרִיפְט
זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען, וֶוער עֶס עֶסְט מֵיין בְּרוֹיט הָאט זֵיינֶעם טְרִיט קֶעגֶען מִיר
אויפְגֶעהויבֶּען. 19 דֶערְנָאךְ זָאג אִיךְ אֵייךְ אֵיידֶער עֶס גֶעשֶׁעהְט, אַז וֶוען עֶס
וֶועט גֶעשֶׁעהֶען זָאלְט אִיהְר גְלוֹיבֶּען אַז אִיךְ בִּין. 20 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, דֶער וָואס נֶעמְט אוֹיף דֶעם וֶועמֶען אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען, דֶער נֶעמְט מִיךְ
אוֹיף, אוּן דֶער וָואס נֶעמְט מִיךְ אוֹיף נֶעמְט אוֹיף דֶעם וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט.

21 וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען אִים גֵייסְט,
אוּן הָאט בֶּעצֵייגְט אוּן גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אֵיינֶער פוּן אֵייךְ
וֶועט מִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען. 22 דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען
גֶעקוּקְט, אוּן זֶענֶען אִין סָפֵק גֶעוֶוען אוֹיף וֶועמֶען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט.
23 אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, וֶועלְכֶעם יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, אִיז אָן דֶער בְּרוּסְט
פוּן יֵשׁוּעַ אָנְגֶעלֶעהְנְט גֶעוֶוען. 24 אַזוֹי הָאט שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס צוּ אִיהְם גֶעווִינְקְט

18 תְּהִלִּים מא׳ י׳.

אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאג װֶער עֶס אִיז אוֹיף װֶעמֶען עֶר הָאט דָאס
גֶעזָאגְט. 25 דֶער הָאט זִיךְ אַזוֹי אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף דֶער בְּרוּסְט פוּן יֵשׁוּעַ אוּן
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, װֶער אִיז עֶס? 26 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטפֶערְט,
עֶס אִיז דֶער צוּ װֶעלְכֶעם אִיךְ װֶעל דֶעם בִּיסֶען גֶעבֶּען, װֶען אִיךְ הָאבּ עֶס
אַיינְגֶעטוּנְקְט. װֶען עֶר הָאט דֶען דֶעם בִּיסֶען אַיינְגֶעטוּנְקְט הָאט עֶר עֶס גֶענוּ-
מֶען אוּן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ יְהוּדָה דֶעם זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן אִישְׁקְרִיוֹת. 27 אוּן
נָאךְ דֶעם בִּיסֶען אִיז דַאן דֶער שָׂטָן אִין אִיהְם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. דְרוּם הָאט
יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס דוּא טְהוּסְט, דָאס טְהוּא גֶעשְׁװִינְד. 28 אוּן קֵיינֶער
פוּן דִיא וָואס זֶענֶען בֵּיים טִישׁ גֶעוֶוען הָאט גֶעוְואוּסְט צוּ וָואס עֶר הָאט אִיהְם
דָאס גֶעזָאגְט; 29 וָוארִין עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעמֵיינְט, װֵייל יְהוּדָה הָאט דֶעם בֵּיי-
טֶעל גֶעהַאט, אַז יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קוֹיף אַיין וָואס מִיר הָאבֶּען
נֶעטִיג אוֹיף יוֹם טוֹב, אָדֶער אַז עֶר זָאל עֶפֶּעס צוּ דִיא אָרְמֶע לֵייט גֶעבֶּען.
30 אַזוֹי װֶען עֶר הָאט דֶעם בִּיסֶען גֶענוּמֶען אִיז עֶר גְלֵייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; אוּן
עֶס אִיז נַאכְט גֶעוֶוען.

31 דְרוּם װֶען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אַצוּנְד אִיז דֶער
בֶּן אָדָם פֶערְהֶערְלִיכְט, אוּן גָאט אִיז אִין אִיהְם פֶערְהֶערְלִיכְט; 32 װֶען גָאט אִיז
פֶערְהֶערְלִיכְט אִין אִיהְם, אַזוֹי װֶעט אִיהְם גָאט אוֹיךְ אִין זִיךְ פֶערְהֶערְלִיכֶען,
אוּן גְלֵייךְ װֶעט עֶר אִיהְם פֶערְהֶערְלִיכֶען. 33 קְלֵיינֶע קִינְדֶער, נָאךְ אַ קְלֵיינֶע
װֵיילֶע בִּין אִיךְ בֵּייא אֵייךְ; אִיהְר װֶעט מִיךְ זוּכֶען, אוּן אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ
צוּ דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, וְואוּ אַהִין אִיךְ גֶעה קָאנְט אִיהְר נִיט קוּמֶען, אַזוֹי זָאג
אִיךְ צוּ אֵייךְ אַצוּנְד. 34 אַ נֵייעֶס גֶעבָּאט גִיבּ אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ אֵיי-
נֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען; אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעלִיבְּט, אַז אִיהְר זָאלְט
אוֹיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען. 35 אִין דִיזֶעם װֶעלֶען אַלֶע וִויסֶען אַז אִיהְר
זֶענְט מֵיינֶע תַּלְמִידִים, װֶען אִיהְר הָאט לִיבֶּע אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען.

36 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וְואוּ אַהִין גֶעהְסְט דוּא?
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, וְואוּ אַהִין אִיךְ גֶעה, קֶענְסְט דוּא מִיר אַצוּנְד נִיט
נָאכְפָאלְגֶען, אָבֶּער דֶערְנָאךְ װֶעסְט דוּא מִיר נָאכְפָאלְגֶען. 37 פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וָוארוּם קֶען אִיךְ דִיר אַצוּנְד נִיט נָאכְפָאלְגֶען? אִיךְ װֶעל
מֵיין לֶעבֶּען פַאר דִיר אַנִידֶערְלֶעגֶען. 38 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, װֶעסְט דוּא
דֵיין לֶעבֶּען פַאר מִיר אַנִידֶערְלֶעגֶען? בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, דֶער הָאן
װֶעט נִיט קְרֵייעֶן בִּיז דוּא װֶעסְט מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען.

**יד** 1 לָאז אֵייעֶר הַארְץ נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען זַיין; אִיהְר גְלוֹיבְּט אָן גָאט, גְלוֹיבְּט
אוֹיךְ אָן מִיר. 2 אִין מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז זֶענֶען פִילֶע וְואוֹינוּנְגֶען; װֶען עֶס וָואלְט
נִיט אַזוֹי זַיין, וָואלְט אִיךְ אֵייךְ גֶעזָאגְט; װֵייל אִיךְ גֶעה אַװֶעק אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ
אָרְט פַאר אֵייךְ צוּבְּרֵייטֶען. 3 אוּן װֶען אִיךְ גֶעה אַװֶעק אוּן אַיין אָרְט פַאר
אֵייךְ צוּבְּרֵייטֶען, װֶעל אִיךְ וִוידֶער קוּמֶען אוּן װֶעל אֵייךְ צוּ מִיר זֶעלְבְּסְט
נֶעמֶען, אַז אִיהְר אוֹיךְ זָאלְט דָארְט זַיין וְואוּ אִיךְ בִּין. 4 אוּן וְואוּ אַהִין אִיךְ גֶעה
אַװֶעק װֵייסְט אִיהְר דֶעם װֶעג. 5 תּוֹמָא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר

ווִיסֶען נִיט וְואוּ אַהִין דוּא גֶעהְסְט; ווִיא אַזוֹי ווִיסֶען מִיר דֶעם וֶועג? 6 יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער וֶועג אוּן דִיא וָואהְרְהֵייט אוּן דָאס לֶעבֶּען;
קֵיינֶער קוּמְט נִיט צוּם פָאטֶער, אוֹיסֶער דוּרְךְ מִיר. 7 וֶוען אִיהְר וָואלְט
מִיךְ גֶעקֶענְט, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר מֵיין פָאטֶער אוֹיךְ גֶעקֶענְט; פוּן אַצוּנְד אָן
קֶענְט אִיהְר אִיהְם, אוּן הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען. 8 פִילִיפּוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
הַאר, ווַייז אוּנְז דֶעם פָאטֶער, אוּן עֶס אִיז גֶענוּג פַאר אוּנְז. 9 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ אַזוֹי לַאנְג מִיט אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאסְט דוּא מִיךְ נִיט
גֶעקֶענְט פִילִיפּוּס? וֶוער עֶס הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען הָאט דֶעם פָאטֶער גֶעזֶעהֶען;
ווִיא אַזוֹי זָאגְסְט דוּא, ווַייז אוּנְז דֶעם פָאטֶער? 10 גְלוֹיבְּסְט דוּא נִיט אַז אִיךְ
בִּין אִים פָאטֶער, אוּן דֶער פָאטֶער אִין מִיר? דִיא וֶוערְטֶער וָואס אִיךְ
זָאג צוּ אֵייךְ, דִיא רֶעד אִיךְ נִיט פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט; נֵייעֶרְט דֶער פָאטֶער דֶער
ווְאוֹינְט אִין מִיר טְהוּט זֵיינֶע וֶוערְק. 11 גְלוֹיבְּט מִיר אַז אִיךְ בִּין אִים פָאטֶער,
אוּן דֶער פָאטֶער אִין מִיר; אָבֶּער וֶוען נִיט, אַזוֹי גְלוֹיבְּט מִיר וֶועגֶען דִיא וֶוערְק.
12 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן מִיר וֶועט אוֹיךְ טְהוּן
דִיא וֶוערְק וָואס אִיךְ טְהוּא, אוּן עֶר וֶועט גְרֶעסֶערֶע ווִיא דִיזֶע טְהוּן, ווַייל אִיךְ
גֶעה צוּם פָאטֶער. 13 אוּן וָואס אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען אִין מֵיין נָאמֶען, דָאס וֶועל
אִיךְ טְהוּן, אַז דֶער פָאטֶער זָאל אִים זוּהְן פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען. 14 וֶוען
אִיהְר וֶועט עֶפֶּעס בֶּעטֶען אִין מֵיין נָאמֶען, וֶועל אִיךְ עֶס טְהוּן.

15 וֶוען אִיהְר לִיבְּט מִיךְ, וֶועט אִיהְר מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע הַאלְטֶען. 16 אוּן אִיךְ
וֶועל דֶעם פָאטֶער בֶּעטֶען, אוּן עֶר וֶועט אֵייךְ גֶעבֶּען אֵיין אַנְדֶערֶען טְרֵייסְטֶער,
אַז עֶר זָאל בֵּייא אֵייךְ אוֹיף עֶבִּיג בְּלֵייבֶּען, 17 דֶעם גֵייסְט פוּן וָואהְרְהֵייט, וֶועלְ־
כֶעם דִיא וֶועלְט קֶען נִיט אָנְנֶעמֶען, ווַייל זִיא זֶעהְט אִיהְם נִיט, אוּן קֶענְט אִיהְם
נִיט; אִיהְר קֶענְט אִיהְם, וָוארִין עֶר בְּלֵייבְּט בֵּייא אֵייךְ, אוּן וֶועט אִין אֵייךְ זֵיין.
18 אִיךְ וֶועל אֵייךְ נִיט יְתוֹמִים אִיבֶּערְלָאזֶען, אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ קוּמֶען. 19 נָאךְ
אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע אוּן דִיא וֶועלְט זֶעהְט מִיךְ נִיט מֶעהְר; אָבֶּער אִיהְר זֶעהְט
מִיךְ, ווַייל אִיךְ לֶעבּ אוּן אִיהְר וֶועט לֶעבֶּען. 20 אִין יֶענֶעם טָאג וֶועט אִיהְר
ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין אִין מֵיין פָאטֶער, אוּן אִיהְר אִין מִיר, אוּן אִיךְ אִין אֵייךְ.
21 דֶער וָואס הָאט מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע אוּן הַאלְט זֵייא, דֶער אִיז עֶר וָואס לִיבְּט
מִיךְ; אוּן דֶער וָואס לִיבְּט מִיךְ וֶועט גֶעלִיבְּט זֵיין פוּן מֵיין פָאטֶער, אוּן אִיךְ
וֶועל אִיהְם לִיבֶּען, אוּן וֶועל מִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווַייזֶען. 22 יְהוּדָה נִיט אִישְׁקְרִיוֹת
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס אִיז דָאס וָואס דוּא וֶועסְט דִיךְ צוּ אוּנְז
בֶּעווַייזֶען, אוּן נִיט צוּ דֶער וֶועלְט? 23 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס לִיבְּט מִיךְ, דֶער וֶועט מֵיין וָוארְט הַאלְטֶען; אוּן מֵיין
פָאטֶער וֶועט אִיהְם לִיבֶּען, אוּן מִיר וֶועלֶען צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּן וֶועלֶען אַ
ווְאוֹינוּנְג בֵּייא אִיהְם מַאכֶען. 24 וֶוער עֶס לִיבְּט מִיךְ נִיט, דֶער הַאלְט נִיט מֵיינֶע
וֶוערְטֶער; אוּן דָאס וָוארְט וָואס אִיהְר הֶערְט אִיז נִיט מֵיין, נֵייעֶרְט פוּן דֶעם
פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.

25 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, דֶערְווַייל אִיךְ בִּין נָאךְ בֵּייא אֵייךְ;

26 אָבֶּער דֶער טְרַייסְטֶער, דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, דֶעם דֶער פָאטֶער וֶועט שִׁיקֶען אִין
מֵיין נָאמֶען, עֶר וֶועט אֵייךְ אַלֶעס לֶערְנֶען, אוּן וֶועט אֵייךְ דֶערְמָאהְנֶען אָן אַלֶעס
וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט. 27 פְרִידֶען לָאז אִיךְ אֵייךְ אִיבֶּער, מֵיין פְרִי־
דֶען גִיבּ אִיךְ אֵייךְ; נִיט אַזוֹי וִויא דִיא וֶועלְט גִיבְּט, גִיבּ אִיךְ אֵייךְ. לָאז אֵייעֶר
הַארְץ נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען זַיין, אוּן לָאז עֶס זִיךְ נִיט פָארְכְטֶען. 28 אִיהְר הָאט
גֶעהֶערְט אַז אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעה אַוֶועק אוּן קוּם וִוידֶער צוּ אֵייךְ.
וֶוען אִיהְר וָואלְט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר אֵייךְ גֶעפְרֵייעֶט, וַוייל אִיךְ גֶעה
צוּם פָאטֶער, וָוארִין דֶער פָאטֶער אִיז גְרֶעסֶער וִויא אִיךְ. 29 אוּן אַצוּנְד הָאבּ
אִיךְ עֶס צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט אֵיידֶער עֶס גֶעשֶׁעהְט, אַז וֶוען עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען
זָאלְט אִיהְר גְלוֹיבֶּען. 30 אִיךְ וֶועל וַוייטֶער נִיט פִיל מִיט אֵייךְ רֶעדֶען, וָוארִין דֶער
פִירְשְׁט פוּן דֶער וֶועלְט קוּמְט; אוּן עֶר הָאט גָאר נִיט אִין מִיר; 31 אָבֶּער אַז
דִיא וֶועלְט זָאל וִויסֶען אַז אִיךְ לִיבּ דֶעם פָאטֶער, אוּן אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער הָאט
מִיר גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי טְהוּא אִיךְ. שְׁטֶעהְט אוֹיף, לָאזְט אוּנְז פוּן דַאנֶען אַוֶועקְגֶעהֶען.
טו 1 אִיךְ בִּין דֶער וָואהְרֶע וַויינְשְׁטָאק, אוּן מֵיין פָאטֶער אִיז דֶער וַויינְגֶערְטְ־
נֶער. 2 אִיטְלִיכֶער צְוַוייג אִין מִיר וָואס טְרָאגְט נִיט קֵיינֶע פְרוּכְט, דֶעם נֶעמְט
עֶר אַוֶועק; אוּן אִיטְלִיכֶער צְוַוייג וָואס טְרָאגְט פְרוּכְט, דֶעם רֵיינִיגְט עֶר, כְּדֵי
עֶס זָאל מֶעהְר פְרוּכְט טְרָאגֶען. 3 שׁוֹין זֶענְט אִיהְר רֵיין דוּרְךְ דֶעם וָוארְט וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט. 4 בְּלֵייבְּט אִין מִיר, אוּן אִיךְ אִין אֵייךְ. אַזוֹי וִויא
דֶער צְוַוייג קֶען קֵיינֶע פְרוּכְט נִיט טְרָאגֶען פוּן זִיךְ אַלֵיין, סַיידֶען אַז עֶס בְּלֵייבְּט
אִין דֶעם וַויינְשְׁטָאק, אַזוֹי קֶענְט אִיהְר אוֹיךְ נִיט, סַיידֶען אַז אִיהְר בְּלֵייבְּט אִין
מִיר. 5 אִיךְ בִּין דֶער וַויינְשְׁטָאק, אִיהְר זֶענְט דִיא צְוַוייגֶען. דֶער וָואס בְּלֵייבְּט
אִין מִיר אוּן אִיךְ אִין אִיהְם, דֶער טְרָאגְט פִילֶע פְרוּכְט, וָוארִין אָהְן מִיר קֶענְט
אִיהְר גָאר נִיט טְהוּן. 6 וֶוער עֶס בְּלֵייבְּט נִיט אִין מִיר וֶוערְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
אַזוֹי וִויא דֶער צְוַוייג אוּן וֶוערְט פֶערְדַארְט, אוּן מֶען נֶעמְט זַייא צוּנוֹיף אוּן
וַוארְפְט זַייא אִים פַייעֶר אַרֵיין, אוּן זַייא וֶוערֶען פֶערְבְּרֶענְט. 7 וֶוען אִיהְר בְּלֵייבְּט
אִין מִיר אוּן מֵיינֶע וֶוערְטֶער בְּלֵייבֶּען אִין אֵייךְ, בֶּעט אִיהְר וָואס אִיהְר
ווִילְט, אוּן עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען. 8 דְרִינֶען אִיז מֵיין פָאטֶער פֶערְהֶערְ־
לִיכְט, אַז אִיהְר זָאלְט פִילֶע פְרוּכְט טְרָאגֶען; אוּן אַזוֹי וֶועט אִיהְר זַיין מֵיינֶע
תַּלְמִידִים. 9 אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אֵייךְ
גֶעלִיבְּט; בְּלֵייבְּט אִיהְר אִין מֵיינֶע לִיבֶּע. 10 וֶוען אִיהְר וֶועט הַאלְטֶען מֵיינֶע
גֶעבָּאטֶע, וֶועט אִיהְר בְּלֵייבֶּען אִין מֵיינֶע לִיבֶּע, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיא
גֶעבָּאטֶע פוּן מֵיין פָאטֶער גֶעהַאלְטֶען, אוּן בְּלֵייבּ אִין זַיינֶע לִיבֶּע.
11 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז מֵיינֶע פְרֵייד זָאל אִין אֵייךְ זַיין,
אוּן אַז אֵייעֶרֶע פְרֵייד זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען. 12 דָאס אִיז מֵיין גֶעבָּאט, אַז אִיהְר
זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעלִיבְּט. 13 קֵיי־
נֶער הָאט נִיט גְרֶעסֶערֶע לִיבֶּע וִויא דִיזֶע, אַז אֵיימִיצֶער זָאל זַיין לֶעבֶּען פַאר
זַיינֶע פְרֵיינְד אַנִידֶערְלֶעגֶען. 14 אִיהְר זֶענְט מֵיינֶע פְרֵיינְד וֶוען אִיהְר טְהוּט וָואס
אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ. 15 אִיךְ רוּף אֵייךְ נִיט מֶעהְר קְנֶעכְט, וָוארִין דֶער קְנֶעכְט

װײסְט נִיט װָאס זַײן הַאר טְהוּט; אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵייךְ פְּרַײנְד גֶערוּפֶען, װָארִין
אַלֶעס װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן מַײן פָּאטֶער, הָאבּ אִיךְ אֵייךְ צוּ װִיסֶען
גֶעטְהוּן. 16 אִיהְר הָאט נִיט מִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלְט. אוּן הָאבּ אֵייךְ בֶּעשְׁטֶעלְט, אַז אִיהְר זָאלְט גֶעהֶען אוּן טְרָאגֶען
פְּרוּכְט אוּן אֵייעֶרֶע פְּרוּכְט זָאל בְּלֵייבֶּען, אַז װָאס אִיהְר װֶעט בֶּעטֶען דֶעם
פָּאטֶער אִין מַײן נָאמֶען, זָאל עֶר אֵייךְ גֶעבֶּען. 17 דִיזֶע זַאכֶען גֶעבִּיט אִיךְ אֵייךְ,
אַז אִיהְר זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען.
18 װֶען דִיא װֶעלְט הַאסְט אֵייךְ, אַזוֹי װַײסְט אִיהְר אַז זִיא הָאט מִיךְ פְרִיהֶער
פוּן אֵייךְ גֶעהַאסְט. 19 װֶען אִיהְר זָאלְט פוּן דֶער װֶעלְט זַײן אַזוֹי װָאלְט דִיא
װֶעלְט דָאס אִיהְרִיגֶע גֶעלִיבְּט; אָבֶּער װַײל אִיהְר זֶענְט נִיט פוּן דֶער װֶעלְט,
נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט פוּן דֶער װֶעלְט, דְרוּם הַאסְט אֵייךְ דִיא
װֶעלְט. 20 גֶעדֶענְקְט דָאס װָארְט װָאס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, דֶער קְנֶעכְט אִיז
נִיט גְרֶעסֶער װִיא זַײן הַאר. װֶען זַייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְפָאלְגְט, אַזוֹי װֶעלֶען
זַייא אֵייךְ אוֹיךְ פֶערְפָאלְגֶען; װֶען זַייא הָאבֶּען מַײן װָארְט גֶעהַאלְטֶען, אַזוֹי
װֶעלֶען זַייא אוֹיךְ דָאס אֵייעֶרֶע הַאלְטֶען. 21 אָבֶּער דָאס אַלֶעס װֶעלֶען זַייא
אֵייךְ טְהוּן װֶעגֶען מַײן נָאמֶען, װַײל זַייא קֶענֶען נִיט דֶעם װֶעלְכֶער הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט. 22 װֶען אִיךְ װָאלְט נִיט גֶעקוּמֶען אוּן װָאלְט צוּ זַייא נִיט גֶערֶעט, אַזוֹי
װָאלְטֶען זַייא נִיט קֵיינֶע זִינְד גֶעהַאט; אָבֶּער אַצוּנְד הָאבֶּען זַייא קֵיינֶע אוֹיסְ־
רֶעד נִיט פַאר זֵייעֶרֶע זִינְד. 23 װֶער עֶס הַאסְט מִיךְ, דֶער הַאסְט אוֹיךְ מַײן פָּאר־
טֶער. 24 װֶען אִיךְ װָאלְט נִיט צְװִישֶׁען זַייא דִיא מַעֲשִׂים גֶעטְהוּן װָאס קֵיין
אַנְדֶערֶער הָאט גֶעטְהוּן, װָאלְטֶען זַייא נִיט קֵיינֶע זִינְד גֶעהַאט; אָבֶּער אַצוּנְד
הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהַאסְט אוֹיךְ מִיךְ אוּן אוֹיךְ מַײן פָּאטֶער. 25 אָבֶּער
דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַז דָאס װָארְט זָאל מְקוּיָם װֶערֶען װָאס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
זֵייעֶרֶע תּוֹרָה, זַייא הָאבֶּען מִיךְ אוּמְזוּסְט גֶעהַאסְט. 26 װֶען דֶער טְרֵייסְטֶער װֶעט
קוּמֶען, װֶעלְכֶען אִיךְ װֶעל אֵייךְ פוּן דֶעם פָּאטֶער שִׁיקֶען, דֶער גֵייסְט פוּן
װָאהְרְהֵייט, װָאס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם פָּאטֶער, דֶער װֶעט אוֹיף מִיר בֶּעצֵיי־
גֶען; 27 אוּן אִיהְר אוֹיךְ בֶּעצֵייגְט, װָארִין אִיהְר זֶענְט מִיט מִיר פוּן אָנְהֵייבּ אָן
גֶעװֶעזֶען.

טז 1 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט אָנְשְׁטוֹי־
סֶען. 2 זַייא װֶעלֶען אֵייךְ אוֹיס דִיא שׁוּלֶען אַרוֹיסְװַארְפֶען; אוּן דִיא שָׁעָה קוּמְט,
אַז אִיטְלִיכֶער װָאס הָאט אֵייךְ גֶעהַרְגֶעט װֶעט מֵיינֶען אַז עֶר טְהוּט גָאט אַ
דִינְסְט. 3 אוּן דָאס װֶעלֶען זַייא טְהוּן, װַײל זַייא הָאבֶּען נִיט דֶעם פָּאטֶער גֶע־
קֶענְט אוּן אוֹיךְ נִיט מִיךְ. 4 אָבֶּער דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט, אַז װֶען
זֵיינֶע שָׁעָה קוּמְט, אִיהְר זָאלְט אִין דֶעם גֶעדֶענְקֶען, אַז אִיךְ הָאבּ זַייא אֵייךְ גֶעזָאגְט;
אוּן דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ אֵייךְ נִיט גֶעזָאגְט פוּן אָנְהֵייבּ אָן, װַײל אִיךְ בִּין מִיט אֵייךְ
גֶעװֶעזֶען. 5 אָבֶּער אַצוּנְד גֶעה אִיךְ אַװֶעק צוּ דֶעם װָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן
קֵיינֶער פוּן אֵייךְ פְרֶעגְט מִיךְ װְאוּ אַהִין גֶעהְסְט דוּא? 6 אָבֶּער װַײל אִיךְ הָאבּ

25 תהלים לה׳ יט׳, סט׳ ה׳.

דִיזֶע זַאכֶען צוּ אֵייךְ גֶערֶעט, אִיז אֵייעֶר הַארְץ פוּל מִיט צַעַר. 7 אָבֶער אִיךְ זָאג אֵייךְ
דִיא וָואהְרְהֵייט, עֶס פַּאסְט פַאר אֵייךְ אַז אִיךְ זָאל אַוֶועקְגֶעהֶען; וָוארִין וֶוען
אִיךְ גֶעה נִיט אַוֶועק, אַזוֹי וֶועט דֶער טְרֵייסְטֶער צוּ אֵייךְ נִיט קוּמֶען; אָבֶער
וֶוען אִיךְ גֶעה, וֶועל אִיךְ אִיהְם צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען. 8 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען,
וֶועט עֶר דִיא וֶועלְט שְׁטְרָאפֶען וֶועגֶען זִינְד אוּן וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן וֶועגֶען
גֶען מִשְׁפָּט. 9 וֶועגֶען זִינְד, ווייל זֵייא הָאבֶען נִיט אָן מִיר גֶעגְלוֹיבְּט; 10 וֶועגֶען
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, ווייל אִיךְ גֶעה צוּ דֶעם פָאטֶער, אוּן אִיהְר וֶועהְט מִיךְ נִיט
מֶעהְר; 11 וֶועגֶען מִשְׁפָּט, ווייל דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיזֶער וֶועלְט וֶוערְט גֶערִיכְטֶעט.
12 אִיךְ הָאבּ נָאךְ פִילֶעס צוּ אֵייךְ צוּ זָאגֶען, אָבֶער אִיהְר קֶענְט עֶס אַצוּנְד נִיט
דֶערְטְרָאגֶען; 13 אָבֶער וֶוען יֶענֶער, דֶער גֵייסְט פוּן וָואהְרְהֵייט וֶועט קוּמֶען,
וֶועט עֶר אֵייךְ פִיהְרֶען אִין אַלֶער וָואהְרְהֵייט; וָוארִין עֶר וֶועט נִיט רֶעדֶען פוּן
זִיךְ אַלֵיין, נֵייעֶרְט וָואס עֶר וֶועט הֶערֶען וֶועט עֶר רֶעדֶען, אוּן עֶר וֶועט אֵייךְ
זָאגֶען דָאס וָואס וֶועט אָנְקוּמֶען. 14 עֶר וֶועט מִיךְ פֶערְהֶערְלִיכֶען, וָוארִין עֶר
וֶועט פוּן דֶעם מֵיינֶען נֶעמֶען אוּן וֶועט עֶס אֵייךְ אָנְזָאגֶען. 15 אַלֶע זַאכֶען וָועל-
כֶע דֶער פָאטֶער הָאט זֶענֶען מֵיינֶע; דְרוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט פוּן
דֶעם מֵיינֶען נֶעמֶען אוּן וֶועט עֶס אֵייךְ אָנְזָאגֶען.
16 אִין אַ קְלֵיינֶע ווײַלֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט מֶעהְר זֶעהֶען, אוּן ווִידֶער אִין אַ קְלֵיינֶע
ווײַלֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ זֶעהֶען. 17 אַזוֹי הָאבֶען עֶטְלִיכֶע פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס עֶר זָאגְט צוּ אוּנְז, אִין אַ קְלֵיינֶע
ווײַלֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּן ווִידֶער אִין אַ קְלֵיינֶע ווײַלֶע וֶועט אִיהְר
מִיךְ זֶעהֶען? אוּן ווייל אִיךְ גֶעה צוּם פָאטֶער? 18 אַזוֹי הָאבֶען זֵייא גֶעזָאגְט,
וָואס אִיז דָאס וָואס עֶר זָאגְט, דִיא קְלֵיינֶע ווײַלֶע? מִיר ווִיסֶען נִיט וָואס עֶר
רֶעט. 19 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוואוּסְט אַז זֵייא הָאבֶען אִיהְם גֶעוָואלְט פְרֶעגֶען, אוּן עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פְרֶעגְט אִיהְר אֵייךְ וֶועגֶען דִיזֶעם צְווִישֶׁען אֵיינַאנְדֶער ווייל
אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִין אַ קְלֵיינֶע ווײַלֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּן ווִידֶער
אִין אַ קְלֵיינֶע ווײַלֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ זֶעהֶען? 20 בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אַז אִיהְר וֶועט ווֵיינֶען אוּן קְלָאגֶען, אָבֶער דִיא וֶועלְט וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן; אִיהְר
וֶועט טְרוֹירִיג זַיין, אָבֶער אֵייעֶר טְרוֹיעֶר וֶועט צוּ פְרֵייד וֶוערֶען. 21 אַ פְרוֹיא
וֶוען זִיא גֶעהְט צוּקִינְד אִיז טְרוֹירִיג, ווייל אִיהְרֶע צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען; אָבֶער
וֶוען דָאס קִינְד אִיז גֶעבּוֹירֶען אַזוֹי גֶעדֶענְקְט זִיא נִיט מֶעהְר דִיא אַנְגְסְט, פַאר
פְרֵייד אַז אַ מֶענְשׁ אִיז אִין דֶער וֶועלְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען. 22 דְרוּם הָאט אִיהְר
אוֹיךְ אַצוּנְד צַעַר; אָבֶער אִיךְ וֶועל אֵייךְ ווִידֶער זֶעהֶען, אוּן אֵייעֶר הַארְץ וֶועט
זִיךְ פְרֵייעֶן, אוּן קֵיינֶער וֶועט אֵייעֶרֶע פְרֵייד פוּן אֵייךְ נִיט נֶעמֶען. 23 אוּן אִין
יֶענֶעם טָאג וֶועט אִיהְר מִיךְ גָאר נִיט פְרֶעגֶען. בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
וָואס אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען דֶעם פָאטֶער וֶועט עֶר אֵייךְ גֶעבֶען אִין מֵיין נָאמֶען.
24 בִּיז אַצוּנְד הָאט אִיהְר גָאר נִיט אִין מֵיין נָאמֶען גֶעבֶּעטֶען; בֶּעטֶעט, אוּן אִיהְר
וֶועט דֶערְהַאלְטֶען, אַז אֵייעֶרֶע פְרֵייד זָאל גַאנְץ פוּל זַיין.
25 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ אִין מְשָׁלִים גֶערֶעט; אָבֶער דִיא שָׁעָה

קוּמְט וֶוען אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר אִין מְשָׁלִים מִיט אֵייךְ רֶעדֶען, נֵייעֶרְט עֶפֶּענְטְ־
לִיךְ וֶועל אִיךְ אֵייךְ זָאגֶען וֶועגֶען דֶעם פָּאטֶער. 26 אִין יֶענֶעם טָאג וֶועט אִיהְר
אִין מֵיין נָאמֶען בֶּעטֶען, אוּן אִיךְ זָאג אֵייךְ נִיט אַז אִיךְ וֶועל דֶעם פָּאטֶער
וֶועגֶען אֵייךְ פֶּערְלַאנְגֶען; 27 וָוארִין דֶער פָּאטֶער זֶעלְבְּסְט לִיבְּט אֵייךְ, וַוייל אִיהְר
הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אוּן הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז אִיךְ בִּין פוּן גָאט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.
28 אִיךְ בִּין פוּן דֶעם פָּאטֶער אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט;
וִוידֶער פֶערְלָאז אִיךְ דִיא וֶועלְט, אוּן גֶעה צוּם פָּאטֶער. 29 זֵיינֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, אַצוּנְד רֶעדְסְט דוּא עֶפֶּענְטְלִיךְ, אוּן זָאגְסְט גָאר
נִיט קֵיין מָשָׁל. 30 אַצוּנְד וִויסֶען מִיר אַז דוּא אַלֶעס וֵוייסְט, אוּן בֶּעדַארְפְסְט נִיט
אַז אֵיימִיצֶער זָאל דִיךְ פְרֶעגֶען, דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען מִיר אַז דוּא בִּיסְט פוּן גָאט
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. 31 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַצוּנְד גְלוֹיבְּט אִיהְר? 32 זֶעה,
עֶס קוּמְט אַ שָׁעָה, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען, אַז אִיהְר וֶועט צוּשְׁפְּרֵייט וֶוערֶען אִיטְלִי־
כֶער צוּ זֵיינֶע אֵייגֶענֶע, אוּן וֶועט מִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערְלָאזֶען; אָבֶּער אִיךְ בִּין נִיט אַלֵיין,
וָוארִין דֶער פָּאטֶער אִיז מִיט מִיר. 33 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט,
אַז אִיהְר זָאלְט אִין מִיר פְרִידֶען הָאבֶּען. אִין דֶער וֶועלְט וֶועט אִיהְר צָרוֹת
הָאבֶּען; אָבֶּער זֵייט אִיהְר גֶעטְרֵייסְט, אִיךְ הָאבּ דִיא וֶועלְט אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט.
יז 1 דִיזֶע זַאכֶען הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעט, אוּן הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען קֶעגֶ־
גֶען הִימֶעל, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, פָּאטֶער, דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען; פֶערְהֶערְלִיךְ
דֵיין זוּהְן, אַז דֶער זוּהְן זָאל דִיךְ אוֹיךְ פֶערְהֶערְלִיכֶען. 2 אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט אִיהְם מַאכְט אִיבֶּער אַלֶעס פְלֵיישׁ גֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר זָאל עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען
גֶעבֶּען צוּ אַלֶע וָואס דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען. 3 אוּן דָאס אִיז דָאס עֶבִּיגֶע
לֶעבֶּען, אַז זֵייא זָאלֶען דִיךְ קֶענֶען, דֶעם אֵיינְצִיגֶען וָואהְרֶען גָאט, אוּן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ דֶעם דוּא הָאסְט גֶעשִׁיקְט. 4 אִיךְ הָאבּ דִיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט אוֹיף דֶער
עֶרְד; אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְדִיגְט דָאס וֶוערְק וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ טְהוּן.
5 אוּן אַצוּנְד פָּאטֶער, פֶערְהֶערְלִיךְ דוּא מִיךְ מִיט דִיר זֶעלְבְּסְט, מִיט דֶער הֶערְ־
לִיכְקֵייט וָואס אִיךְ הָאבּ בֵּייא דִיר גֶעהַאט, אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז בֶּעשַׁאפֶען
גֶעוָוארֶען. 6 אִיךְ הָאבּ דֵיין נָאמֶען אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ דִיא מֶענְשֶׁען וָואס דוּא הָאסְט
מִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶער וֶועלְט. זֵייא זֶענֶען דֵיינֶע גֶעוֶועזֶען, אוּן דוּא הָאסְט זֵייא
מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּן זֵייא הָאבֶּען דֵיין וָוארְט גֶעהַאלְטֶען. 7 אַצוּנְד הָאבֶּען זֵייא
גֶעוְואוּסְט, אַז אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען אִיז פוּן דִיר; 8 וָוארִין דִיא
וֶוערְטֶער וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּן זֵייא
הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעווִיס גֶעוְואוּסְט אַז אִיךְ בִּין פוּן דִיר
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. 9 אִיךְ
בֶּעט וֶועגֶען זֵייא; נִיט וֶועגֶען דֶער וֶועלְט בֶּעט אִיךְ, נֵייעֶרְט וֶועגֶען דִיא וָואס
דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען דֵיינֶע. 10 אוּן אַלֶעס וָואס אִיז מֵיין
אִיז דֵיין, אוּן וָואס אִיז דֵיין אִיז מֵיין, אוּן אִיךְ בִּין אִין זֵייא פֶערְהֶערְלִיכְט.
11 אוּן נִיט מֶעהְר בִּין אִיךְ אִין דֶער וֶועלְט, אוּן זֵייא זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט, אוּן
אִיךְ קוּם צוּ דִיר. הֵיילִיגֶער פָּאטֶער, דֶערְהַאלְט זֵייא אִין דֵיין נָאמֶען וָואס דוּא

הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, אַז זֵייא זָאלֶען אֵיינְס זֵיין אַזוֹי וִויא מִיר. 12 דֶערְוַוייל אִיךְ בִּין
מִיט זֵייא גֶעוֶוען, הָאבּ אִיךְ זֵייא דֶערְהַאלְטֶען אִין דֵיין נָאמֶען וָואס דוּא הָאסְט
מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּן אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעהִיט, אוּן קֵיינֶער פוּן זֵייא אִיז נִיט פֶערְ־
לוֹירֶען, חוּץ דֶער זוּהְן פוּן פֶערְדַארְבֶּען, כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען.
13 אָבֶּער אַצוּנְד קוּם אִיךְ צוּ דִיר, אוּן דִיזֶע זַאכֶען רֶעד אִיךְ אִין דֶער וֶועלְט, אַז
זֵייא זָאלֶען מֵיינֶע פְרֵייד אִין זִיךְ אַלֵיין דֶערְפִילְט הָאבֶּען. 14 אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא
דֵיין וָוארְט גֶעגֶעבֶּען, אוּן דִיא וֶועלְט הָאט זֵייא גֶעהַאסְט, וַוייל זֵייא זֶענֶען נִיט
פוּן דֶער וֶועלְט אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין נִיט פוּן דֶער וֶועלְט. 15 אִיךְ בֶּעט נִיט אַז
דוּא זָאלְסְט זֵייא פוּן דֶער וֶועלְט אַרוֹיסְנֶעמֶען, נֵייעֶרְט אַז דוּא זָאלְסְט זֵייא הִי־
טֶען פוּן דֶעם אִיבֶּעל. 16 זֵייא זֶענֶען נִיט פוּן דֶער וֶועלְט, אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין
נִיט פוּן דֶער וֶועלְט. 17 הֵיילִיג זֵייא אִין דֶער וָואהְרְהֵייט, דֵיין וָוארְט אִיז וָואהְרְ־
הֵייט. 18 אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט מִיךְ אִין דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיקְט, הָאבּ אִיךְ זֵייא אִין
דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיקְט. 19 אוּן פוּן זֵייעֶרְט וֶועגֶען הֵיילִיג אִיךְ מִיךְ, אַז זֵייא
זָאלֶען אוֹיךְ גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען אִין דֶער וָואהְרְהֵייט.

20 אָבֶּער אִיךְ בֶּעט נִיט פַאר דִיא דָאזִיגֶע אַלֵיין, נֵייעֶרְט אוֹיךְ פַאר דִיא וָואס
וֶועלֶען אָן מִיר גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ זֵייעֶר וָוארְט; 21 אַז אַלֶע זָאלֶען אֵיינְס זֵיין, אַזוֹי
וִויא דוּא, פָאטֶער, בִּיסְט אִין מִיר, אוּן אִיךְ אִין דִיר, אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ זֵיין
אִין אוּנְז, כְּדֵי דִיא וֶועלְט זָאל גְלוֹיבֶּען אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. 22 אוּן דִיא
הֶערְלִיכְקֵייט וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען אֵיינְס זֵיין אַזוֹי וִויא מִיר אֵיינְס זֶענֶען; 23 אִיךְ אִין זֵייא, אוּן דוּא אִין
מִיר, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פָאלְקָאמֶען אִין אֵיינְס זֵיין, כְּדֵי דִיא וֶועלְט זָאל וִויסֶען אַז דוּא
הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאסְט זֵייא גֶעלִיבְּט אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט.
24 פָאטֶער, אִיךְ וִויל אַז אוֹיךְ דִיא וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען זָאלֶען מִיט
מִיר זֵיין וְואוּ אִיךְ בִּין, אַז זֵייא זָאלֶען זֶעהֶען מֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט וָואס דוּא
הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט פָאר דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן
דֶער וֶועלְט. 25 גֶערֶעכְטֶער פָאטֶער, דִיא וֶועלְט הָאט דִיךְ נִיט גֶעקֶענְט, אָבֶּער
אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעקֶענְט, אוּן דִיזֶע הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.
26 אוּן אִיךְ הָאבּ זֵייא דֵיין נָאמֶען צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן אוּן וֶועל זֵייא צוּ וִויסֶען
טְהוּן, אַז דִיא לִיבֶּע מִיט וֶועלְכֶער דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט זָאל אִין זֵייא זֵיין,
אוּן אִיךְ אִין זֵייא.

יח 1 וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים
אִיבֶּער דֶעם בַּאךְ קִדְרוֹן, אוּן דָארְט אִיז גֶעוֶוען אַ גָארְטֶען, אוּן עֶר אִיז מִיט
זֵיינֶע תַּלְמִידִים דְרִינֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען. 2 אוּן יְהוּדָה דֶער מוֹסֵר הָאט פוּן דֶעם
אָרְט גֶעוְואוּסְט, וָוארִין יֵשׁוּעַ אִיז דָארְט אָפְט צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען מִיט זֵיינֶע
תַּלְמִידִים. 3 אַזוֹי הָאט יְהוּדָה גֶענוּמֶען דִיא בַּאנְדֶע פוּן סָאלְדַאטֶען אוּן מְשָׁרְתִים
פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים, אוּן אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען מִיט לַאמְפֶּען
אוּן פַאקֶעלֶען אוּן וַואפֶען. 4 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ אַלֶעס גֶעוְואוּסְט וָואס וֶועט אוֹיף
אִיהְם קוּמֶען, אוּן אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועמֶען זוּכְט

אִיהְר? 5 זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי. עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין עֶר. אוּן יְהוּדָה דֶער מוֹסֵר אִיז אוֹיךְ מִיט זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען.
6 וֶוען עֶר הָאט דֶען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין עֶר, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא צוּרִיק גֶע־
טְרֶעטֶען אוּן זֶענֶען צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען. 7 אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא וִוידֶער
גֶעפְרֶעגְט, וֶועמֶען זוּכְט אִיהְר? אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי. 8 יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז אִיךְ בִּין דֶער; דְרוּם וֶוען אִיהְר
זוּכְט מִיךְ, לָאזְט דִיזֶע גֶעהֶען. 9 כְּדֵי דָאס וָוארְט זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן דִיא וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ קֵיינֶעם
נִיט פֶערְלוֹירֶען. 10 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס דֶען הָאט אַ שְׁוֶוערְט גֶעהַאט, אוּן עֶר הָאט עֶס
אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוּן הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן הָאט
אִיהְם דָאס רֶעכְטֶע אוֹיעֶר אָפְּגֶעהַאקְט; אוּן דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶעהֵייסֶען מַלְכּוּס.
11 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ פֶּעטְרוֹס גֶעזָאגְט, שְׁטֶעק דֵיין שְׁוֶוערְט אַרֵיין אִין דֶער
שֵׁייד; זָאל אִיךְ נִיט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס וָואס מֵיין פָאטֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען?
12 דְרוּם הָאבֶּען דִיא בַּאנְדֶע אוּן דֶער הוֹיפְּטְמַאן אוּן דִיא מְשָׁרְתִים פוּן דִיא
יוּדֶען יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען; 13 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
צוּעֶרְשְׁט צוּ חָנָן גֶעפִיהְרְט, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער שְׁוֶועהְר פוּן קַיָּפָא,
וָואס אִיז כֹּהֵן גָדוֹל גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶעם יָאהְר. 14 עֶס אִיז קַיָּפָא וָואס הָאט דִיא
יוּדֶען גֶערָאטֶען, אַז עֶס אִיז גוּט אַז אֵיין מֶענְשׁ זָאל שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶעם
פָאלְק.

15 אוּן שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד הָאבֶּען יֵשׁוּעַ נָאכְגֶעפָאלְגְט.
אוּן יֶענֶער תַּלְמִיד בֵּיים כֹּהֵן גָדוֹל אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוֶועזֶען, אוּן עֶר אִיז
מִיט יֵשׁוּעַ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הוֹיף פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, 16 אָבֶּער פֶּעטְרוֹס
אִיז דְרוֹיסֶען גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דֶער טְהִיר. אַזוֹי אִיז דֶער אַנְדֶערֶע תַּלְמִיד וָואס
אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען בֵּיים כֹּהֵן גָדוֹל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט גֶערֶעט
מִיט דֶער טְהִירְהִיטֶערִין, אוּן הָאט פֶּעטְרוֹס אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט. 17 אַזוֹי הָאט דָאס
מֶעדֶעל וָואס הָאט דִיא טְהִיר גֶעהִיט צוּ פֶּעטְרוֹס גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא נִיט אוֹיךְ
פוּן דִיא תַּלְמִידִים פוּן דִיזֶעם מַאן? עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט. 18 אוּן דִיא
קְנֶעכְט אוּן דִיא מְשָׁרְתִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען אַ פֵייעֶר פוּן קוֹילֶען
אָנְגֶעלֶעגְט, וָוארִין עֶס אִיז קַאלְט גֶעוֶועזֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַוארְמְט; אוּן
פֶּעטְרוֹס אִיז אוֹיךְ מִיט זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעוַוארְמְט.

19 אַזוֹי הָאט דֶער כֹּהֵן גָדוֹל יֵשׁוּעַ גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן וֶועגֶען
זֵיינֶע לֶעהְרֶע. 20 יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ עֶפֶענְטְלִיךְ גֶערֶעט
צוּ דֶער וֶועלְט; אִיךְ הָאבּ בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעלֶעהְרְט אִין דֶער שׁוּל אוּן אִין דֶעם
בֵּית הַמִקְדָּשׁ, וְואוּ אַלֶע דִיא יוּדֶען קוּמֶען צוּזַאמֶען, אוּן אִין פֶערְבָּארְגֶענֶעם
הָאבּ אִיךְ גָאר נִיט גֶערֶעט. 21 פַארְוָואס פְרֶעגְסְט דוּא מִיךְ? פְרֶעג דִיא וָואס
הָאבֶּען מִיךְ גֶעהֶערְט, וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶערֶעט; זֶעה, זֵייא וִויסֶען וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט. 22 אוּן וִויא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט אֵיינֶער פוּן
דִיא מְשָׁרְתִים וָואס אִיז דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען יֵשׁוּעַ אוֹיף דֶעם פָּנִים גֶעשְׁלָאגֶען

אוּן גֶעזָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט דוּא אַזוֹי דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל? 23 יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם
גֶעעֶנְטְפֶערְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ שְׁלֶעכְטֶעס גֶערֶעט, זָאג עֵדוּת אוֹיף דֶעם שְׁלֶעכְ־
טֶען; אָבֶּער וֶוען גוּטֶעס פַארְוָואס שְׁלָאגְסְט דוּא מִיךְ? 24 דְרוּם הָאט חָנָן אִיהְם
גֶעשִׁיקְט גֶעבּוּנְדֶען צוּ קַיָפָא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל.

25 אוּן שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעוַוארְמְט. אַזוֹי הָא־
בֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא נִיט אוֹיךְ אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים?
עֶר הָאט גֶעלֵייקֶענְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט. 26 אֵיינֶער פוּן דִיא קְנֶעכְט
פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וָואס אִיז אַ קָרוֹב גֶעוֶוען פוּן דֶעם וָואס פֶּעטְרוּס הָאט
אִיהְם דָאס אוֹיעֶר אָפְּגֶעהַאקְט, הָאט גֶעזָאגְט, הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט אִים גָארְטֶען
מִיט אִיהְם גֶעזֶעהֶען? 27 אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוּס ווִידֶער גֶעלֵייקֶענְט; אוּן גְלֵייךְ הָאט
דֶער הָאן גֶעקְרֵייעֶט.

28 דְרוּם הָאבֶּען זַייא יֵשׁוּעַ גֶעפִיהְרְט פוּן קַיָפָא צוּם גֶערִיכְטְסְהוֹיף; אוּן עֶס
אִיז פְרִיה גֶעוֶוען; אוּן זַייא זֶעלְבְּסְט זֶענֶען נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גֶע־
רִיכְטְסְהוֹיף, אַז זַייא זָאלֶען נִיט טָמֵא וֶוערֶען, אָבֶּער זָאלֶען קֶענֶען עֶסֶען דֶעם
קָרְבָּן פֶּסַח. 29 דְרוּם אִיז פִּילָטוּס צוּ זַייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט,
וָואסְפַאר אֵיין אָנְקְלָאג בְּרֶענְגְט אִיהְר קֶעגֶען דִיזֶעם מֶענְשֶׁען? 30 זַייא הָאבֶּען
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דִיזֶער וָואלְט נִיט קֵיין שְׁלֶעכְ־
טֶעס גֶעטְהוּן וָואלְטֶען מִיר אִיהְם נִיט צוּ דִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. 31 דְרוּם הָאט
פִּילָטוּס צוּ זַייא גֶעזָאגְט, נֶעמְט אִיהְר אִיהְם, אוּן רִיכְטֶעט אִיהְם נָאךְ אֵיירֶער
גֶעזֶעץ. דִיא יוּדֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר טָארֶען קֵיינֶעם נִיט טֵייטֶען;
32 כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן יֵשׁוּעַ זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען
עֶר הָאט בֶּעצֵייכֶענְט וָואסְפַאר אַ טוֹיט עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען.

33 אַזוֹי אִיז פִּילָטוּס ווִידֶער אִים גֶערִיכְטְסְהוֹיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט יֵשׁוּעַ
גֶערוּפֶען אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען?
34 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, זָאגְסְט דוּא דָאס פוּן דִיר זֶעלְבְּסְט, אָדֶער הָאבֶּען
דִיר אַנְדֶערֶע וֶועגֶען מִיר גֶעזָאגְט? 35 פִּילָטוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, בִּין אִיךְ דֶען
אַ יוּד? דֵיין אֵייגֶענֶעס פָאלְק אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיךְ צוּ מִיר
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען; וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן? 36 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, מֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ אִיז נִיט פוּן דִיזֶער וֶועלְט; וֶוען מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ זָאל זֵיין פוּן דִיזֶער
וֶועלְט, אַזוֹי וָואלְטֶען מֵיינֶע מְשָׁרְתִים גֶעפָאכְטֶען, אַז אִיךְ זָאל נִיט אִיבֶּערְגֶעגֶע־
בֶּען וֶוערֶען צוּ דִיא יוּדֶען; אָבֶּער אַצוּנְד אִיז מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ נִיט פוּן דַאנֶען.
37 אַזוֹי הָאט פִּילָטוּס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶען אַ קֶענִיג? יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא זָאגְסְט אַז אִיךְ בִּין אַ קֶענִיג. דֶערְפַאר בִּין אִיךְ גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָוארֶען, אוּן דֶערְפַאר בִּין אִיךְ אִין דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען, אַז אִיךְ זָאל בֶּעצֵיי־
גֶען אוֹיף דֶעם אֱמֶת; אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז פוּן דֶעם אֱמֶת הֶערְט מֵיין קוֹל.
38 פִּילָטוּס זָאגְט צוּ אִיהְם, וָואס אִיז אֱמֶת? אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אִיז עֶר ווִידֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא יוּדֶען, אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ
גֶעפִין קֵיינֶע שׁוּלְד נִיט אִין אִיהְם; 39 אָבֶּער אִיהְר הָאט אַ מִנְהָג אַז אִיךְ זָאל

אֵיךְ אֵיינֶעם בֶּעפְרֵייעֶן אויף פֶּסַח; ווילְט אִיהְר דֶען אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ בֶּעפְרֵייעֶן
דֶעם קֶענִיג פון דִיא יוּדֶען? [40] דְרוּם הָאבֶּען זֵייא ווִידֶער גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט,
נִיט דִיזֶעם נֵייעֶרְט בַּר־אַבָּא. דָאךְ בַּר־אַבָּא אִיז אַ רוֹיבֶּער גֶעוֶוען.
יט [1] דַאן הָאט פִּילָטוּס יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען, אוּן הָאט אִיהְם גֶעשְׁמִיסֶען. [2] אוּן דִיא
סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען אַ קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער גֶעפְלָאכְטֶען, אוּן הָאבֶּען עֶס אִיהְם
אוֹיף דֶעם קָאפּ אוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן אַ קְלֵייד פוּן פּוּרְפּוּר.
[3] אוּן זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם, אָ קֶענִיג פוּן
דִיא יוּדֶען. אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶּעטְשׁ גֶעגֶעבֶּען [4] אוּן פִּילָטוּס אִיז ווִידֶער
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אִיהְם צוּ אֵייךְ
אַרוֹיס, אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז אִיךְ גֶעפִין נִיט אִין אִיהְם קֵיינֶע שׁוּלְד. [5] אַזוֹי
אִיז יֵשׁוּעַ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, אוּן הָאט גֶעטְרָאגֶען דִיא קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער אוּן דָאס
קְלֵייד פוּן פּוּרְפּוּר. אוּן פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעה דֶער מֶענְשׁ.
[6] אוּן ווֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען
זֵייא גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, קְרֵייצִיג, קְרֵייצִיג. פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נֶעמְט אִיהְר אִיהְם אוּן קְרֵייצִיגְט אִיהְם, ווָארִין אִיךְ גֶעפִין נִיט אִין אִיהְם קֵיינֶע
שׁוּלְד. [7] דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, מִיר הָאבֶּען אַ גֶעזֶעץ, אוּן נָאךְ
אוּנְזֶער גֶעזֶעץ אִיז עֶר חַיָב צוּ שְׁטַארְבֶּען, ווָארִין עֶר הָאט זִיךְ צוּם זוּהְן פוּן גָאט
גֶעמַאכְט. [8] דְרוּם ווֶען פִּילָטוּס הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ מֶעהְר
גֶעפָארְכְטֶען. [9] אוּן עֶר אִיז ווִידֶער אִין דֶעם גֶערִיכְטְסְהוֹיף אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּן
הָאט צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, פוּן ווַאנֶען בִּיסְט דוּא? אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם קֵיין
עֶנְטְפֶער נִיט גֶעגֶעבֶּען. [10] אַזוֹי הָאט פִּילָטוּס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רֶעדְסְט דוּא
נִיט מִיט מִיר? ווֵייסְט דוּא נִיט אַז אִיךְ הָאבּ מַאכְט דִיךְ צוּ בֶּעפְרֵייעֶן, אוּן
אִיךְ הָאבּ מַאכְט דִיךְ צוּ קְרֵייצִיגֶען? [11] יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא ווָאלְסְט
גָאר קֵיינֶע מַאכְט נִיט אִיבֶּער מִיר גֶעהַאט, סַיידֶען עֶס אִיז דִיר פוּן אוֹיבֶּען
גֶעגֶעבֶּען; דְרוּם דֶער ווָאס הָאט מִיךְ צוּ דִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען הָאט אַ גְרֶעסֶערֶע
זִינְד.

[12] פוּן דֶענְצוּמָאל אָן הָאט אִיהְם פִּילָטוּס גֶעווָאלְט בֶּעפְרֵייעֶן; אָבֶּער דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, ווֶען דוּא ווֶעסְט דִיזֶעם בֶּעפְרֵייעֶן, אַזוֹי
בִּיסְט דוּא נִיט קֵיין פְרֵיינְד פוּן דֶעם קֵיסַר; ווֶער עֶס מַאכְט זִיךְ אַ קֶענִיג, דֶער
רֶעט קֶעגֶען דֶעם קֵיסַר. [13] אַזוֹי ווֶען פִּילָטוּס הָאט דִיזֶע ווֶערְטֶער גֶעהֶערְט
הָאט עֶר יֵשׁוּעַ אַרוֹיסְגֶעפִירְט, אוּן הָאט זִיךְ אוֹיף דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל אַנִי־
דֶערְגֶעזֶעצְט, אוֹיף אֵיין אָרְט ווָאס הֵייסְט דֶער פְּלַאסְטֶער, אָבֶּער אוֹיף הֶעבְּרֶע־
אִישׁ, גַבָּתָא. [14] אוּן עֶס אִיז עֶרֶב פֶּסַח גֶעוֶוען, קֶעגֶען דִיא זֶעקְסְטֶע שָׁעָה;
אוּן עֶר הָאט צוּ דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, זֶעהְט אָן אֵייעֶר קֶענִיג. [15] דְרוּם הָאבֶּען
זֵייא גֶעשְׁרִיגֶען, אַוֶועק אַוֶועק, קְרֵייצִיג אִיהְם. פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
זָאל אִיךְ אֵייעֶר קֶענִיג קְרֵייצִיגֶען? דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט,
מִיר הָאבֶּען קֵיין קֶענִיג נִיט אוֹיסֶער דֶעם קֵיסַר. [16] דַאן הָאט עֶר אִיהְם צוּ זֵייא
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט ווֶערֶען.

דְרוּם הָאבֶּען זֵייא יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען. 17 און עֶר הָאט זֶעלְבְּסְט גֶעטְרָאגֶען זֵיין
קְרֵייץ און אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ אֵיין אָרְט וָואס הֵייסְט אָרְט פוּן אַ קָאפְּ־
שֵׁייטֶעל, אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ גֻלְגָלְתָא; 18 דָארְט הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט,
און צְוֵייא אַנְדֶערֶע מִיט אִיהְם, אֵיינֶעם אוֹיף יֶעדֶערֶע זֵייט, און יֵשׁוּעַ
אִין מִיטֶען. 19 און פִּילָטוּס הָאט אוֹיךְ אֵיין אוֹיפְשְׁרִיפְט גֶעשְׁרִיבֶּען, און
הָאט עֶס אוֹיף דֶעם קְרֵייץ גֶעשְׁטֶעלְט; און עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוֶועזֶען, יֵשׁוּעַ
הַנָצְרִי דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען. 20 אַזוֹי הָאבֶּען פִילֶע פוּן
דִיא יוּדֶען דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט גֶעלֵיינְט, וָוארִין דֶער אָרְט פוּן דֶער שְׁטָאדְט
וְואוּ יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען; און עֶס אִיז גֶע־
שְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ און לַאטֵיינִישׁ און גְרֶעקִישׁ. 21 דְרוּם
הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים פוּן דִיא יוּדֶען צוּ פִּילָטוּס גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ נִיט,
דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען, נֵייעֶרְט אַז עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער
קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען. 22 פִּילָטוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע־
שְׁרִיבֶּען הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען.

23 אַזוֹי דֶען דִיא סָאלְדַאטֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען
גֶענוּמֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער און פִּיעֶר טְהֵיילֶע גֶעמַאכְט, אַ טְהֵייל צוּ אִיטְלִיכֶעם
סָאלְדַאטֶען; און אוֹיךְ דֶעם רָאק. און דֶער רָאק אִיז אָהְן נָאט פוּן אוֹיבֶּען
גֶעוֶועבְּט גֶעוָוארֶען אִים גַאנְצֶען. 24 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען
גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר עֶס נִיט צוּרֵייסֶען, נֵייעֶרְט לָאזֶען מִיר דְרוֹיף גוֹרָל וַוארְפֶען
וֶועמֶעס עֶס זָאל זֵיין; כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען, זֵייא הָאבֶּען
מֵיינֶע קְלֵיידֶער צְוִוישֶׁען זִיךְ צוּטְהֵיילְט, און אוֹיף מֵיין אוּנְטֶערְקְלֵייד הָאבֶּען זֵייא
גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען. דִיזֶע זַאכֶען דֶען הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען גֶעטְהוּן.

25 און עֶס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים קְרֵייץ פוּן יֵשׁוּעַ זֵיינֶע מוּטֶער און זֵיינֶע
מוּטֶערְס שְׁוֶועסְטֶער, מִרְיָם דָאס וַוייבּ פוּן קְלוֹאפָּס און מִרְיָם הַמַגְדָלִית. 26 דְרוּם
וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זֵיינֶע מוּטֶער גֶעזֶעהֶען, און דֶעם תַּלְמִיד וָואס עֶר הָאט גֶעלִיבְּט,
בֵּייא אִיהְם שְׁטֶעהֶען, הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע מוּטֶער גֶעזָאגְט, פְרוֹיא זֶעה, דֵיין זוּהְן.
27 דַאן הָאט עֶר צוּ דֶעם תַּלְמִיד גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע מוּטֶער. און פוּן יֶענֶער
שָׁעָה הָאט זִיא דֶער תַּלְמִיד צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען.

28 דֶערְנָאךְ יֵשׁוּעַ ווִיסֶענְדִיג אַז אַלֶעס אִיז שׁוֹין דֶערְפִילְט, כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל
מְקוּיָם וֶוערֶען, הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דוּרְשְׁטִיג. 29 עֶס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ גֶעפֶעס
פוּל מִיט עֶסִיג; דְרוּם הָאבֶּען זֵייא אַ שְׁוַואם מִיט דֶעם עֶסִיג אָנְגֶעפִילְט, און
הָאבֶּען עֶס גֶעלֶעגְט אוֹיף אֵזוֹב, און הָאבֶּען אִיהְם צוּם מוֹיל דֶערְלַאנְגְט. 30 דְרוּם
וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דֶעם עֶסִיג גֶענוּמֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז דֶערְפִילְט; און
עֶר הָאט דֶעם קָאפּ גֶענֵייגְט און הָאט דֶעם גֵייסְט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען.

31 אַזוֹי כְּדֵי דִיא לֵייבֶּער זָאלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען אַם שַׁבָּת אוֹיף דֶעם קְרֵייץ, ווַייל
עֶס אִיז עֶרֶב פֶּסַח גֶעוֶועזֶען, וָוארִין יֶענֶער טָאג אִיז שַׁבָּת גָדוֹל גֶעוֶועזֶען,
הָאבֶּען דִיא יוּדֶען פִּילָטוּס גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייעֶרֶע שֶׁענְקֶעל זָאלֶען צוּבְרָאכֶען וֶוערֶען,

24 תהלים כב׳ יט׳. 28 תהלים סט׳ כב׳.

אוּן אַז זֵייא זָאלֶען אַרוּפְּגֶענוּמֶען װֶערֶען. 32 דְרוּם זֶענֶען דִיא סָאלְדַאטֶען גֶעקוּ־
מֶען אוּן הָאבֶּען צוּבְּרָאכֶען דִיא שֶׁענְקֶעל פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען אוּן פוּן דֶעם
אַנְדֶערֶען װָאס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעװָארֶען; 33 אָבֶּער װֶען זֵייא זֶענֶען
צוּ יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז שׁוֹין טוֹיט גֶעװֶען, הָאבֶּען
זֵייא זַיינֶע שֶׁענְקֶעל נִיט צוּבְּרָאכֶען. 34 אָבֶּער אֵיינֶער פוּן דִיא סָאלְדַאטֶען הָאט
אִיהְם מִיט אַ שְׁפִּיז דִיא זֵייט גֶעשְׁטָאכֶען, אוּן גְלֵייךְ אִיז עֶס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
בְּלוּט אוּן װַאסֶער. 35 אוּן דֶער װָאס הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען הָאט בֶּעצֵייגְט, אוּן זַיין
צֵייגְנִיס אִיז װָאהְר, אוּן עֶר װֵייסְט אַז עֶר זָאגְט דִיא װָאהְרְהֵייט, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט גְלוֹיבֶּען. 36 װָארִין דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען אַז דִיא שְׁרִיפְט זָאל מְקוּיָם
װֶערֶען, קֵיין בֵּיין זָאל אִיהְם נִיט צוּבְּרָאכֶען װֶערֶען. 37 אוּן װִידֶער אֵיין אַנְדֶערֶע
שְׁרִיפְט זָאגְט, זֵייא װֶעלֶען אִיהְם זֶעהֶען װֶעלְכֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁטָאכֶען.

38 דֶערְנָאךְ יוֹסֵף פוּן הָרָמָתַיִם װָאס אִיז גֶעװֶען אַ תַּלְמִיד פוּן יֵשׁוּעַ אָבֶּער אִים
פֶערְבָּארְגֶענֶען פַאר פָארְכְט פַאר דִיא יוּדֶען, הָאט פִּילָטוּס גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל
דֶעם לֵייב פוּן יֵשׁוּעַ אַװֶעקְנֶעמֶען; אוּן פִּילָטוּס הָאט בֶּעװִילִיגְט. אַזוֹי אִיז עֶר גֶעקוּ־
מֶען אוּן הָאט זַיין לֵייב אַװֶעקְגֶענוּמֶען. 39 אוּן עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען נִיקוֹדִימוֹס
װָאס אִיז צוּעֶרְשְׁט צוּ יֵשׁוּעַ בֵּייא נַאכְט גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט גֶעבְּרַאכְט מֹר
גֶעמִישְׁט מִיט אֲהָלוֹת אֵיין עֶרֶךְ פוּן הוּנְדֶערְט פוּנְט. 40 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען
דֶעם לֵייב פוּן יֵשׁוּעַ, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אֵיינְגֶעװִיקֶעלְט אִין לֵיילֶעךְ מִיט דִיא
בְּשָׂמִים, אַזוֹי װִיא עֶס אִיז גֶעװֶען דֶער מִנְהָג פוּן דִיא יוּדֶען בֵּייא דֶער קְבוּרָה.
41 אוּן דָא אִיז גֶעװֶען אַ גָארְטֶען אִים אָרְט װוּ עֶר אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעװָארֶען,
אוּן אִים גָארְטֶען אִיז גֶעװֶען אַ נֵייעֶר קֶבֶר, אִין װֶעלְכֶעם קֵיינֶער אִיז נָאךְ נִיט
גֶעלֶעגֶען. 42 דְרוּם הָאבֶּען זֵייא יֵשׁוּעַ דָארְט גֶעלֶעגְט װֶעגֶען דֶעם פֶּסַח פוּן דִיא
יוּדֶען, װָארִין דֶער קֶבֶר אִיז נָאהֶענְט גֶעװֶען.

כ 1 אוּן אִים עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער װָאךְ אִיז מִרְיָם הַמַּגְדָלִית גֶעקוּמֶען צוּם
קֶבֶר אִין דֶער פְרִיה, װֶען עֶס אִיז נָאךְ פִינְסְטֶער גֶעװֶען, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז
דֶער שְׁטֵיין אִיז פוּן דֶעם קֶבֶר אַװֶעקְגֶענוּמֶען גֶעװָארֶען. 2 אַזוֹי אִיז זִיא גֶעלָאפֶען
אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אוּן צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען תַּלְמִיד װֶעלְכֶען
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, אוּן זִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייא הָאבֶּען דֶעם הַאר'ן
פוּן דֶעם קֶבֶר אַװֶעקְגֶענוּמֶען, אוּן מִיר װִיסֶען נִיט װוּ זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעלֶעגְט. 3 אַזוֹי זֶענֶען פֶּעטְרוּס אוּן דֶער אַנְדֶערֶע תַּלְמִיד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן
זֶענֶען צוּם קֶבֶר גֶעקוּמֶען. 4 אוּן זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע צוּזַאמֶען גֶעלָאפֶען; אוּן דֶער
אַנְדֶערֶע תַּלְמִיד אִיז פָארְאוֹיס גֶעלָאפֶען גֶעשְׁװִינְדֶער װִיא פֶּעטְרוּס, אוּן אִיז
צוּעֶרְשְׁט צוּם קֶבֶר גֶעקוּמֶען. 5 אוּן עֶר הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען אוּן הָאט גֶעזֶע־
הֶען דִיא לֵיילֶעךְ לִיגֶען, דָאךְ אִיז עֶר נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען. 6 אַזוֹי אִיז שִׁמְעוֹן
פֶּעטְרוּס אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אִיהְם נָאכְגֶעהֶענְדִיג, אוּן אִיז אִים קֶבֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען;
אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא לֵיילֶעךְ לִיגֶען, 7 אוּן דָאס טִיכֶעל װָאס אִיז אוֹיף
זַיין קָאפּ גֶעװֶען, נִיט מִיט דִיא לֵיילֶעךְ לִיגֶען, נֵייעֶרְט אוֹיף אֵיין אָרְט בֵּייא דֶער

36 תהלים לד׳ כא׳. 37 זכריה יב׳ י׳.

זַייט אֵיינְגֶעוויקֶעלְט. [8] דַאן אִיז אוֹיךְ דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, וָואס
אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען צוּ דֶעם קֶבֶר גֶעקוּמֶען, אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן הָאט
גֶעגְלוֹיבְּט; [9] וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט דִיא שְׁרִיפְט גֶעוְואוּסְט, אַז עֶר מוּז פוּן דִיא
טוֹיטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהֶען. [10] אַזוֹי זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים ווִידֶער אַהֵיים אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.
[11] אָבֶּער מִרְיָם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם קֶבֶר פוּן דְרוֹיסֶען. דְרוּם
ווִיא זִיא הָאט גֶעווֵיינְט הָאט זִיא זִיךְ צוּם קֶבֶר אַרוּפְגֶעבּוֹיגֶען, [12] אוּן הָאט
גֶעזֶעהֶען צְווֵייא מַלְאָכִים אִין ווֵייסֶען זִיצֶען, אֵיינֶעם צוּם קָאפּ אוּן אֵיינֶעם צוּ
דִיא פִּיס, ווְאוּ דֶער לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ אִיז גֶעלֶעגֶען. [13] אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, פְרוֹיא וָוארוּם ווֵיינְסְט דוּא? זִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, ווֵייל זֵייא
הָאבֶּען מֵיין הַאר'ן אַוֶועקְגֶענוּמֶען, אוּן אִיךְ ווֵייס נִיט ווְאוּ זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעלֶעגְט. [14] וֶוען זִיא הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט זִיא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט
גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ שְׁטֶעהֶען, אוּן הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט אַז עֶס אִיז יֵשׁוּעַ. [15] יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא, וָוארוּם ווֵיינְסְט דוּא? וֶועמֶען זוּכְסְט דוּא? זִיא
הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר אִיז דֶער גֶערְטְנֶער, אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוען דוּא
הָאסְט אִיהְם אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען, זָאג מִיר ווְאוּ דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעלֶעגְט, אוּן אִיךְ
וֶועל אִיהְם אַוֶועקְנֶעמֶען. [16] יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, מִרְיָם. זִיא הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אִין הֶעבְּרֶעאִישׁ, רַבּוֹנִי, וָואס
הֵייסְט לֶעהְרֶער. [17] יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, רִיהְר מִיךְ נִיט אָן, וָוארִין אִיךְ
בִּין נָאךְ נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם פָּאטֶער; אָבֶּער גֶעה צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער,
אוּן זָאג צוּ זֵייא, אַז אִיךְ גֶעה אַרוֹיף צוּ מֵיינֶעם פָּאטֶער אוּן צוּ אֵייעֶרֶעם
פָּאטֶער, אוּן צוּ מֵיין גָאט אוּן צוּ אֵייעֶר גָאט. [18] מִרְיָם הַמַּגְדָּלִית אִיז
גֶעקוּמֶען אוּן הָאט דִיא תַּלְמִידִים דֶערְצֶעהְלְט אַז אִיךְ הָאבּ דֶעם הַאר'ן גֶעזֶעהֶען,
אוּן אַז עֶר הָאט דָאס צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט.
[19] דְרוּם אוֹיף דֶעם אָבֶענְד אוֹיף יֶענֶעם טָאג, דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִין דֶער
וָואךְ, וֶוען דִיא טְהִירֶען זֶענֶען פֶערְשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען ווְאוּ דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען
צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען פַאר פָארְכְט פַאר דִיא יוּדֶען, אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען אוּן אִיז אִין
מִיטֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם. [20] אוּן וֶוען עֶר
הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר זֵייא גֶעווִיזֶען זֵיינֶע הֶענְד אוּן זֵיינֶע זֵייט. דְרוּם
הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶעם הַאר'ן גֶעזֶעהֶען.
[21] דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ ווִידֶער צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם; אַזוֹי ווִיא דֶער פָאטֶער
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, שִׁיק אִיךְ אוֹיךְ אֵייךְ. [22] אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט
הָאט עֶר אוֹיף זֵייא גֶעהוֹיכְט, אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נֶעמְט אִיהְר דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ. [23] וֶועמֶען אִיהְר וֶועט דִיא זִינְד פֶערְגֶעבֶּען דֶעם אִיז עֶס פֶערְגֶעבֶּען,
אוּן וֶועמֶעס זִינְד אִיהְר הַאלְט צוּרִיק, דֶעם זֶענֶען זֵייא צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען.
[24] אָבֶּער תּוֹמָא, אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף, וָואס אִיז גֶערוּפֶען דִידוּמוּס, אִיז נִיט
מִיט זֵייא גֶעוֶועזֶען וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען. [25] אַזוֹי הָאבֶּען דִיא אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען דֶעם הַאר'ן גֶעזֶעהֶען. אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, סֵיידֶען וֶוען אִיךְ זֶעה דָאס צֵייכֶען פוּן דִיא נֶענֶעל אִין זֵיינֶע הֶענְד,

אוּן טְהוּא מֵיין פִינְגֶער אִין דֶעם צֵייכֶען פוּן דִיא נֶעגֶעל אַרֵיין, אוּן מֵיינֶע הַאנְד
שְׁטֶעק אִין זֵיינֶע זֵייט, וֶועל אִיךְ נִיט גְלוֹיבֶּען. 26 אוּן נָאךְ אַכְט טֶעג זֶענֶען
זֵיינֶע תַּלְמִידִים ווִידֶער דְרִינֶען גֶעוֶעזֶען, אוּן תּוֹמָא מִיט זֵייא. אוּן ווִיא דִיא
טְהִירֶען זֶענֶען פֶערְשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען אוּן אִיז אִין מִיטֶען גֶעשְׁטַאנ־
נֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם. 27 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ תּוֹמָא,
גְרֵייךְ אַהֶער דֵיין פִינְגֶער אוּן זֶעה מֵיינֶע הֶענְד, אוּן גְרֵייךְ דֵיינֶע הַאנְד אוּן שְׁטֶעק
זִיא אַרֵיין אִין מֵיינֶע זֵייט, אוּן זֵייא נִיט אוּנְגְלוֹיבִּיג נֵייעֶרְט גְלוֹיבִּיג. 28 תּוֹמָא
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר אוּן מֵיין גָאט. 29 יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, תּוֹמָא, וֵוייל דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעזֶעהֶען הָאסְט דוּא גֶעגְלוֹיבְּט?
גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען אוּן הָאבֶּען דָאךְ גֶעגְלוֹיבְּט.
30 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע צֵייכֶען גֶעטְהוּן פָאר זֵיינֶע תַּלְמִידִים,
וָואס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶעם בּוּךְ; 31 אָבֶּער דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אַז
אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט, אוּן אַז וֶוען
אִיהְר גְלוֹיבְּט אִיהְר זָאלְט לֶעבֶּען הָאבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען.

כא 1 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאט יֵשׁוּעַ זִיךְ ווִידֶער בֶּעווִיזֶען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים בֵּיים
יַם פוּן טְבֶרְיָה; אוּן עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי בֶּעווִיזֶען. 2 עֶס זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעוֶועזֶען
שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס, אוּן תּוֹמָא וָואס אִיז גֶערוּפֶען דִידוּמוּס, אוּן נְתַנְאֵל פוּן קָנָה
אִין גָלִיל, אוּן דִיא זִיהְן פוּן זַבְדַי, אוּן צְוֵוייא אַנְדֶערֶע פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים.
3 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעה פִישׁ פַאנְגֶען. זֵייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר קוּמֶען אוֹיךְ מִיט דִיר. זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן
זֶענֶען אִים שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִין יֶענֶער נַאכְט הָאבֶּען זֵייא גָאר נִיט
גֶעפַאנְגֶען. 4 אוּן וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין פְרִיה גֶעוֶועזֶען אִיז יֵשׁוּעַ גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים
בָּארְטֶען; אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט אַז עֶס אִיז יֵשׁוּעַ. 5 אַזוֹי
הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קְלֵיינֶע קִינְדֶער, הָאט אִיהְר עֶפֶּעס צוּ עֶסֶען? זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, נֵיין. 6 עֶר הָאט דֶען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וַוארְפְט דָאס
נֶעץ צוּ דִיא רֶעכְטֶע זֵייט פוּן דֶעם שִׁיף, אוּן אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען. אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא גֶעוָוארְפֶען, אוּן הָאבֶּען עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט אַרוֹיסְצִיהֶען וֶועגֶען דִיא
סַךְ פִישׁ. 7 דְרוּם הָאט דֶער תַּלְמִיד וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט צוּ פֶּעטְרוּס
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז דֶער הַאר. ווִיא דֶען שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס
אִיז דֶער הַאר, הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט זֵיין פִישֶׁערְמַאנְטֶעל, וָוארִין
עֶר אִיז נַאקְט גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט זִיךְ אִים יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען. 8 אָבֶּער דִיא
אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אִים שִׁיפֶעל גֶעקוּמֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען נִיט ווַייט
גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם לַאנְד, נֵייעֶרְט אֵיין עֶרֶךְ פוּן צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אֵיילֶען, אוּן הָאבֶּען
דָאס נֶעץ מִיט דִיא פִישׁ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען. 9 אַזוֹי וֶוען זֵייא זֶענֶען צוּם לַאנְד
גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען לִיגֶען פֵייעֶר פוּן קוֹילֶען אוּן פִישׁ דְרוֹיף אוּן
בְּרוֹיט. 10 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט אַהֶער פוּן דִיא פִישׁ וָואס אִיהְר
הָאט אַצוּנְד גֶעפַאנְגֶען. 11 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט דָאס
נֶעץ צוּם לַאנְד גֶעצוֹיגֶען, פוּל מִיט גְרוֹיסֶע פִישׁ אֵיין הוּנְדֶערְט אוּן דְרֵייא אוּן

פִינְפְצִיג; אוּן חָאטְשֶׁע עֶס זֶענֶען אַזוֹי פִיל גֶעוֶועזֶען, אִיז דָאס גֶעזִין דָאךְ נִיט צוּרִיסֶען
גֶעוָוארֶען. [12] יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קוּמְט אוּן עֶסְט. קֵיינֶער פוּן דִיא
תַּלְמִידִים הָאט זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען אִיהְם צוּ פְרֶעגֶען, װֶער בִּיסְט דוּא? וֵוייל
זֵייא הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז עֶס אִיז דֶער הַאר. [13] יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט
דָאס בְּרוֹיט גֶענוּמֶען אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ דִיא פִישׁ. [14] דָאס
אִיז שׁוֹין דָאס דְרִיטֶע מָאל אַז יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, נָאךְ
דֶעם וִויא עֶר אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען.

[15] דְרוּם װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען הָאט יֵשׁוּעַ צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס גֶעזָאגְט,
שִׁמְעוֹן זוּהְן פוּן יוֹחָנָן, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ מֶעהְר וִויא דִיזֶע? עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, יָא, הַאר, דוּא וֵוייסְט אַז אִיךְ לִיבּ דִיךְ. עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פַּאסִי מֵיינֶע לֶעמֶעלֶעךְ. [16] עֶר הָאט וִוידֶער אַ צְוֵוייטֶעס מָאל צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
שִׁמְעוֹן זוּהְן פוּן יוֹחָנָן, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ? עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יָא, הַאר, דוּא
וֵוייסְט אַז אִיךְ לִיבּ דִיךְ. עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַּאסִי מֵיינֶע שָׁאף. [17] עֶר
הָאט דָאס דְרִיטֶע מָאל צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁמְעוֹן זוּהְן פוּן יוֹחָנָן, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ?
פֶּעטְרוּס אִיז טְרוֹירִיג גֶעוֶועזֶען וֵוייל עֶר הָאט צוּ אִיהְם דָאס דְרִיטֶע מָאל גֶעזָאגְט,
לִיבְּסְט דוּא מִיךְ? אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא אַלֶעס וֵוייסְט,
דוּא וֵוייסְט אַז אִיךְ לִיבּ דִיךְ; יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַּאסִי מֵיינֶע שָׁאף.
[18] בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, װֶען דוּא בִּיסְט יוּנְגֶער גֶעוֶועזֶען, הָאסְט דוּא דִיךְ
אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט אוּן בִּיסְט אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ דוּא הָאסְט גֶעוָואלְט; אָבֶּער
װֶען דוּא װֶעסְט אַלְט װֶערֶען, װֶעסְט דוּא דֵיינֶע הֶענְד אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען, אוּן אֵיין
אַנְדֶערֶער װֶעט דִיךְ גַארְטְלֶען אוּן װֶעט דִיךְ טְרָאגֶען וְואוּ אַהִין דוּא וִוילְסְט נִיט.
[19] אוּן דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּן הָאט בֶּעדֵייט מִיט וָואסְפַאר אַ טוֹיט עֶר װֶעט
גָאט פֶּערְהֶערְלִיכֶען. אוּן װֶען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ. [20] אוּן פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט
גֶעזֶעהֶען דֶעם תַּלְמִיד נָאכְפָאלְגֶען, דֶעם יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, וָואס אִיז אוֹיךְ
אָנְגֶעלֶעהְנְט גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיינֶע בְּרוּסְט בֵּייא דֶעם אָבֶּענְדְמָאהְל אוּן הָאט גֶעזָאגְט,
הַאר, װֶער אִיז דֶער וָואס דִיךְ אִיבֶּערְלִיפֶערְט? [21] דְרוּם װֶען פֶּעטְרוּס הָאט
אִיהְם גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס זָאל דִיזֶער טְהוּן?
[22] יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װֶען אִיךְ וִויל אַז עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען בִּיז אִיךְ קוּם,
וָואס אִיז דָאס צוּ דִיר? פָאלְג דוּא מִיר נָאךְ. [23] דְרוּם אִיז דָאס וָוארְט אוֹיסְגֶעגַ־
גַאנְגֶען צְוִוישֶׁען דִיא בְּרִידֶער, אַז דִיזֶער תַּלְמִיד װֶעט נִיט שְׁטַארְבֶּען; אָבֶּער
יֵשׁוּעַ הָאט נִיט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַז עֶר װֶעט נִיט שְׁטַארְבֶּען, נֵייעֶרְט, װֶען
אִיךְ וִויל אַז עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען בִּיז אִיךְ קוּם, וָואס אִיז דָאס צוּ דִיר?

[24] דָאס אִיז דֶער תַּלְמִיד וָואס זָאגְט עֵדוּת אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען, אוּן הָאט דִיזֶע
גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּן מִיר וִויסֶען אַז זֵיין עֵדוּת אִיז וָואהְר. [25] אוּן עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען
נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, וָואס װֶען אִיטְלִיכֶער בֶּעזוּנְ־
דֶער זָאל גֶעשְׁרִיבֶּען װֶערֶען, אַזוֹי דֶענְק אִיךְ אַז אוֹיךְ דִיא װֶעלְט זֶעלְבְּסְט וָואלְט
נִיט קֶענֶען דִיא בִּיכֶער דֶערְהַאלְטֶען וָואס זָאלֶען גֶעשְׁרִיבֶּען װֶערֶען.

# דִּיא * אַפָּאסְטֶעלְגֶעשִׁיכְטֶע

---

1 דָאס עֶרְשְׁטֶע בּוּךְ הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט, אָ תְאָפִילוֹס, אִיבֶּער אַלֶעם וָואס
יֵשׁוּעַ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְהוּן אוּן צוּ לֶעהְרֶען, 2 בִּיז צוּם טָאג וֶוען עֶר אִיז
אַרוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוֶוען, נָאכְדֶעם עֶר הָאט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַ בֶּעפֶעהְל
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא שְׁלִיחִים וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט; 3 צוּ וֶועלְכֶע עֶר
הָאט אוֹיךְ זִיךְ לֶעבֶּענְדִיג פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט נָאךְ זֵיין לֵיידֶען, דוּרְךְ פִּילֶע בֶּעוַוייזֶע,
וֶוען עֶר הָאט זִיךְ צוּ זֵייא פִירְצִיג טֶעג בֶּעוִויזֶען, אוּן הָאט גֶעשְׁפְּרָאכֶען פוּן דִיא
זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. 4 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט
גֶעוֶוען, הָאט עֶר זֵייא אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם נִיט אַוֶועקְ־
גֶעהֶען, נֵייעֶרְט זָאלֶען וַוארְטֶען אוֹיף דֶער הַבְטָחָה פוּן דֶעם פָאטֶער, וָואס אִיהְר
הָאט גֶעהֶערְט פוּן מִיר; 5 וָוארִין יוֹחָנָן הָאט מִיט וַואסֶער גֶעטוֹבֶלְט, אָבֶּער
אִיהְר וֶועט גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ נָאךְ נִיט פִּיל טֶעג.
6 דְרוּם וֶוען זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעפְרֶעגְט
אוּן גֶעזָאגְט, הַאר, וֶועסְט דוּא אִין דִיזֶער צֵייט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ צוּ יִשְׂרָאֵל
צוּרִיקְשְׁטֶעלֶען? 7 עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט פַאר אֵייךְ צוּ
וִויסֶען דִיא צֵייטֶען אָדֶער דִיא יַאהְרְסְצֵייטֶען וָואס דֶער פָאטֶער הָאט אִין זֵיין
אֵייגֶענֶע מַאכְט בֶּעהַאלְטֶען; 8 אָבֶּער אִיהְר וֶועט קְרַאפְט דֶערְהַאלְטֶען וֶוען דֶער
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט אוֹיף אֵייךְ קוּמֶען, אוּן אִיהְר וֶועט זֵיין מֵיינֶע עֵדוּת אִין
יְרוּשָׁלַיִם אוּן אִין גַאנְץ יְהוּדָה אוּן אִין שֹׁמְרוֹן אוּן בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער
עֶרְד. 9 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר אַרוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען בְּשַׁעַת
זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעקוּקְט, אוּן אַ וָואלְקֶען הָאט אִיהְם פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען
אַוֶועקְגֶענוּמֶען. 10 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען צוּם הִימֶעל גֶעקוּקְט וִויא עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען, זֶעה, צְוַוייא מֶענְשֶׁען זֶענֶען בֵּייא זֵייא אִין ווַייסֶע קְלֵיידֶער גֶעשְׁטַאנֶען 11 אוּן
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענְשֶׁען פוּן גָלִיל, פַארְוָואס שְׁטֶעהְט אִיהְר אוּן
קוּקְט צוּם הִימֶעל? דִיזֶער יֵשׁוּעַ דֶער אִיז פוּן אֵייךְ אַרוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוֶוען אִין
הִימֶעל, וֶועט קוּמֶען אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אִין הִימֶעל אַרֵיינְגֶעהֶען.
12 דַאן הָאבֶּען זֵייא זִיךְ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם בַּארְג וָואס אִיז
גֶערוּפֶען הַר הַזֵיתִים, וָואס אִיז אַ תְּחוּם שַׁבָּת פוּן יְרוּשָׁלַיִם. 13 אוּן וֶוען זֵייא
זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, זֶענֶען זֵייא אִין אֵיין אוֹיבֶּערֶע שְׁטוּבּ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, וְואוּ
עֶס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען פֶּעטְרוֹס אוּן יַעֲקֹב, אוּן יוֹחָנָן אוּן אַנְדְרַי, פִילִיפּוֹס
אוּן תוֹמָא, בַּר תַּלְמַי אוּן מַתַּי, יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן חַלְפַי אוּן שִׁמְעוֹן הַקַנָאִי,
אוּן יְהוּדָה דֶער זוּהְן פוּן יַעֲקֹב. 14 דִיזֶע אַלֶע הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג אַחְדוּת גֶעהַאלְ־
טֶען אִין גֶעבֶּעט מִיט דִיא פְרוֹיעֶן אוּן מִיט מִרְיָם, דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ, אוּן
מִיט זֵיינֶע בְּרִידֶער.
15 אוּן אִין דִיזֶע טֶעג אִיז פֶּעטְרוֹס אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צְוִוישֶׁען דִיא תַּלְמִידִים, אוּן

* אפאסטעל הייסט שליח.

עֶס אִיז אַ סַךְ לֵייט וָואס אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוֶוען אֵיין עֶרֶךְ פוּן הוּנְדֶערְט אוּן
צְוַואנְצִיג, אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, 16 אִיהְר מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, דִיא שְׁרִיפְט
הָאט גֶעמוּזְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט דוּרְךְ דָוִד צוּפָאר
גֶעזָאגְט וֶועגֶען יְהוּדָה, וָואס אִיז דֶער פִיהְרֶער גֶעוֶוען צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען
יֵשׁוּעַ גֶעפַאנְגֶען; 17 וָוארִין עֶר אִיז מִיט אוּנְז גֶעצֶעהְלְט גֶעוֶוען, אוּן הָאט דֶעם
טְהֵייל פוּן דִיזֶעם דִינְסְט דֶערְהַאלְטֶען. 18 דִיזֶער הָאט דֶען אַ פֶעלְד גֶעקוֹיפְט
פַאר דֶעם לוֹין פוּן זֵיין אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן עֶר אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוּן
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפַּאלְטֶען גֶעוָוארֶען, אוּן אַלֶע זֵיינֶע גֶעדֶערְם זֶענֶען אוֹיסְגֶעגָאסֶען
גֶעוָוארֶען. 19 אוּן דָאס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אַזוֹי אַז דָאס פֶעלְד אִיז גֶערוּפֶען גֶעוֶוען אִין זֵייעֶר אֵייגֶען לָשׁוֹן חֲקַל דְמָא, דָאס
הֵייסְט, דָאס פֶעלְד פוּן בְּלוּט. 20 וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין סֵפֶר תְּהִלִּים,

לָאז זֵיין פַּאלַאסְט פֶערְוִויסְט וֶוערֶען,
אוּן לָאז עֶס זֵיין קֵיינֶער וָואס בֶּעוְואוֹינְט דַארִין,

אוּן

לָאז אֵיין אַנְדֶערֶער זֵיין אוֹיפְזֶעהוּנְג אִיבֶּערְנֶעמֶען.

21 דְרוּם פוּן דִיא מֶענֶער, וָואס זֶענֶען מִיט אוּנְז גֶעוֶוען דוּרְךְ דִיא גַאנְצֶע צֵייט,
וֶוען דֶער הַאר יֵשׁוּעַ אִיז אֵיין אוּן אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צְוִוישֶׁען אוּנְז, 22 פוּן אָנְהֵייבּ
פוּן דִיא טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן בִּיז צוּם טָאג וֶוען עֶר אִיז פוּן אוּנְז אַרוֹיפְגֶענוּמֶען
גֶעוֶוען, מוּז אֵיינֶער מִיט אוּנְז אֵיין עֵדוּת וֶוערֶען אוֹיף זֵיין אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג. 23 אוּן
זֵייא הָאבֶּען צְוֵוייא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, יוֹסֵף, וָואס הֵייסְט בַּר־שַׁבָּא, דֶער אִיז אוֹיךְ
יוּסְטוּס גֶערוּפֶען, אוּן מַתִּיָה. 24 אוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט, הַאר,
דֶער דוּא קֶענְסְט דִיא הֶערְצֶער פוּן אַלֶע, ווַייז וֶועלְכֶעם פוּן דִיזֶע צְוֵוייא דוּא
הָאסְט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, 25 צוּ נֶעמֶען דִיא שְׁטֶעלֶע אִין דִיזֶעם דִינְסְט אוּן
שְׁלִיחוּת, פוּן וֶועלְכֶעם יְהוּדָה הָאט אָבְּגֶעוֵוייכְט, אַז עֶר זָאל צוּ זֵיין אֵייגֶענֶען
אָרְט גֶעהֶען. 26 אוּן זֵייא הָאבֶּען פַאר זֵייא גוֹרָלוֹת גֶעוָוארְפֶען, אוּן דָאס גוֹרָל
אִיז אוֹיף מַתִּיָה גֶעפַאלֶען, אוּן עֶר אִיז גֶעצֶעהְלְט מִיט דִיא עֶלְף אַפָּאסְטֶעל.

ב 1 אוּן אִין דֶעם טָאג פוּן שְׁבוּעוֹת הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אַלֶע פֶערְזַאמֶעלְט אוֹיף
אֵיין אָרְט; 2 אוּן עֶס אִיז פְּלוּצְלִינְג גֶעוֶוען אַ קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי וִויא פוּן
דֶעם רוֹישֶׁען פוּן אַ שְׁטַארְקֶען ווִינְד, אוּן עֶס הָאט אָנְגֶעפִילְט דָאס גַאנְצֶע הוֹיז
וְואוּ זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען. 3 אוּן עֶס הָאבֶּען זִיךְ צוּ זֵייא בֶּעוִויזֶען צוּשְׁפַּאלְטֶענֶע
צוּנְגֶען אַזוֹי וִויא פוּן פֵייעֶר; אוּן עֶס אִיז אוֹיף אִיטְלִיכֶעם פוּן זֵייא גֶעזֶעסֶען.
4 אוּן זֵייא זֶענֶען אַלֶע אָנְגֶעפִילְט גֶעוֶוען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּן הָאבֶּען
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען מִיט אַנְדֶערֶע לְשׁוֹנוֹת, אַזוֹי וִויא דֶער רוּחַ הָאט זֵייא
גֶעגֶעבֶּען אוֹיסְצוּשְׁפְּרֶעכֶען.

5 אוּן דָא הָאבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוְואוֹינְט יוּדֶען וָואס זֶענֶען פְרוּמֶע לֵייט
גֶעוֶוען, פוּן אִיטְלִיכֶען פָאלְק אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל. 6 אוּן וֶוען דִיזֶער שֵׁם אִיז
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז פִיל פָאלְק צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, אוּן זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט

תהלים מא׳ י׳ 16
תהלים סט׳ כו׳, קט׳ ח׳ 20

גֶעוָוארֶען, וָוארִין אִיטְלִיכֶער הָאט זֵייא גֶעהֶערְט רֶעדֶען אִין זַיין אֵייגֶענֶען לָשׁוֹן.
7 אוּן זֵייא זֶענֶען אַלֶע עֶרְשְׁטוֹינְט אוּן פֶערְוְואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, זֶענֶען נִיט אַלֶע דִיזֶע וָואס רֶעדֶען פוּן גָלִיל? 8 אוּן וִויא אַזוֹי הֶערֶען
מִיר אִיטְלִיכֶער אִין זַיין אֵייגֶענֶען לָשׁוֹן אִין וֶועלְכֶעם מִיר זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען?
9 פַּרְתִּיִים אוּן מָדִים אוּן עֵילָמִים, אוּן אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן אֲרַם נַהֲרָיִם, יְהוּדָה אוּן
קַפּוּדְקִיָה, פָּאנְטוּס אוּן אַסְיָא, 10 פְּרוּגְיָא אוּן פַּמְפִילְיָא, מִצְרַיִם אוּן אִין דִיא
טְהֵייל פוּן לִיבְיָא וָואס אִיז בֵּייא קוּרִינִי, אוּן אוֹיסְלֶענְדֶער פוּן רוֹם, 11 יוּדֶען
אוּן גֵרִים, כְּרֵתִים אוּן אַרַאבֶּער, מִיר הֶערֶען זֵייא רֶעדֶען אִין אוּנְזֶערֶע לְשׁוֹנוֹת
דִיא גְבוּרוֹת פוּן גָאט. 12 אוּן זֵייא זֶענֶען אַלֶע עֶרְשְׁטוֹינְט אוּן פֶערְטוּמֶעלְט
גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, וָואס זָאל דָאס זַיין?
13 אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעשְׁפֶּעט אוּן גֶעזָאגְט, זֵייא זֶענֶען פוֹל מִיט זִיסֶען וַויין.
14 אָבֶּער פֶּעטְרוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט דִיא עֶלְף, אוּן הָאט זַיין קוֹל
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר יוּדִישֶׁע מֶענֶער, אוּן אַלֶע וָואס
וְואוֹינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, לָאז אֵייךְ דָאס צוּ וִויסֶען זַיין, אוּן הָארְכְט צוּ מֵיינֶע
וֶוערְטֶער. 15 וָוארִין דִיזֶע זֶענֶען נִיט שִׁכּוֹר אַזוֹי וִויא אִיהְר מֵיינְט, וָוארִין עֶס
אִיז דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה פוּן דֶעם טָאג; 16 אָבֶּער דָאס אִיז יֶענֶעס וָואס אִיז
גֶעזָאגְט גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ יוֹאֵל הַנָבִיא,

17 אוּן עֶס וֶועט זַיין אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, זָאגְט גָאט,
אִיךְ וֶועל אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גֵייסְט אוֹיף אַלֶעס פְלֵיישׁ,
אוּן אֵייעֶרֶע זִיהְן אוּן אֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען,
אוּן אֵייעֶרֶע יוּנְגֶע לֵייט וֶועלֶען גֶעזִיכְטֶען זֶעהֶען,
אוּן אֵייעֶרֶע אַלְטֶע לֵייט וֶועלֶען חֲלוֹמוֹת חָלוֹמ׳ן;
18 אוּן אוֹיף מֵיינֶע קְנֶעכְט אוּן אוֹיף מֵיינֶע דִינְסְטְמֶעדֶען
וֶועל אִיךְ אִין דִיזֶע טֶעג פוּן מֵיינֶעם גֵייסְט אוֹיסְגִיסֶען,
אוּן זֵייא וֶועלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען.
19 אוּן אִיךְ וֶועל וְואוּנְדֶער בֶּעוַוייזֶען אִים הִימֶעל פוּן אוֹיבֶּען,
אוּן צֵייכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פוּן אוּנְטֶען,
בְּלוּט אוּן פֵייעֶר אוּן אַ דַאמְפְּף פוּן רוֹיךְ.
20 דִיא זוּן וֶועט צוּ פִינְסְטֶערְנִיס פֶערְקֶעהְרְט וֶוערֶען,
אוּן דִיא לְבָנָה צוּ בְּלוּט,
אֵיידֶער דֶער גְרוֹיסֶע אוּן פָארְכְטִיגֶע טָאג פוּן דֶעם הַאר׳ן וֶועט קוּמֶען.
21 אוּן עֶס וֶועט זַיין אַז אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָנְרוּפֶען־דֶעם נָאמֶען פוּן
דֶעם הַאר׳ן וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען.
22 אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶערְט צוּ דִיזֶע וֶוערְטֶער, יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי, אַ מַאן
וָואס אִיז צוּ אֵייךְ בֶּעוִויזֶען גֶעוֶועזֶען פוּן גָאט מִיט גְבוּרוֹת אוּן וְואוּנְדֶער אוּן צֵייכֶען,
וְואס גָאט הָאט דוּרְךְ אִיהְם צְוִוישֶׁען אֵייךְ גֶעטְהוּן, אַזוֹי וִויא אִיהְר אַלֵיין וַוייסְט,
23 דִיזֶען דֶער אִיז דוּרְךְ דִיא עֵצָה אוּן צוּפָארְזֶעהוּנְג פוּן גָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען

17 יואל ג׳ א׳־ה׳.

גֶעוואָרֶען, הָאט אִיהר דוּרךְ דִיא הֶענְד פוּן אוּנגֶערֶעכְטֶע מֶענֶער גֶעקְרֵייצִיגְט
אוּן אוּמְגֶעבְּרַאכְט; 24 וֶועלְכֶען גָאט הָאט אוּיפְגֶעוֶועקְט, אִין דֶעם עֶר הָאט אוּיפְ־
גֶעבּוּנְדֶען דִיא וֶועהְטִיגֶען פוּן דֶעם טוֹיט, וָוארִין עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען אַז
עֶר זָאל פוּן אִיהְם גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען. 25 וָוארִין דָוִד הָאט אוּיף אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ דֶעם הַאר'ן בֶּעשְׁטֶענְדִיג פָאר מִיר גֶעזֶעצְט,
וָוארִין עֶר אִיז צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען.
26 דְרוּם הָאט זִיךְ מֵיין הַארְץ גֶעפְרֵייעֶט, אוּן מֵיינֶע צוּנְג אִיז פְרֶעהְלִיךְ גֶעוֶועזֶען,
אוּן אוֹיךְ מֵיין פְלֵיישׁ וֶועט אִין זִיכֶערְהֵייט רוּהֶען;
27 וָוארִין דוּא וֶועסְט נִיט לָאזֶען מֵיינֶע זֶעלֶע אִין שְׁאוֹל,
אוּן וֶועסְט נִיט צוּגֶעבֶּען אַז דֵיין הֵיילִיגֶער זָאל פֶערְדַארְבְּנִיס זֶעהֶען.
28 דוּא הָאסְט מִיר צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן דֶעם וֶועג פוּן לֶעבֶּען,
דוּא וֶועסְט מִיךְ מִיט פְרֵייד דֶערְפִילֶען פוּן דֵיין אָנְגֶעזִיכְט.
29 אִיהְר מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, אִיךְ מֶעג פְרֵייא צוּ אֵייךְ רֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם
הוֹיפְּטְפָאטֶער דָוִד, אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּן בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוֶועזֶען, אוּן זֵיין קֶבֶר
אִיז מִיט אוּנְז בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג. 30 דְרוּם וֵוייל עֶר אִיז אַ נָבִיא גֶעוֶועזֶען.
אוּן הָאט גֶעוְואוּסְט אַז גָאט הָאט צוּ אִיהְם מִיט אַ שְׁבוּעָה גֶעשְׁוָוארֶען אַז עֶר
זָאל פוּן דֶער פְרוּכְט פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען אוּיפְשְׁטֶעלֶען אוּיף זֵיין טְרוֹין; 31 אַזוֹי
הָאט עֶר צוּפָאר גֶעזֶעהֶען אוּן הָאט וֶועגֶען תְּחִיַּת הַמֵּתִים פוּן מָשִׁיחַ גֶערֶעט,
אַז עֶר אִיז נִיט גֶעלָאזְט גֶעוֶועזֶען אִין שְׁאוֹל, אוּן זֵיין פְלֵיישׁ הָאט נִיט קֵיינֶע
פֶערְדַארְבְּנִיס גֶעזֶעהֶען. 32 דִיזֶען יֵשׁוּעַ הָאט גָאט אוּיפְגֶעוֶועקְט, דְרוּיף מִיר
אַלֶע זֶענֶען עֵדוּת. 33 דְרוּם אִיז עֶר פוּן דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט דֶערְהֵייכְט,
אוּן הָאט פוּן דֶעם פָאטֶער דִיא הַבְטָחָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ דֶערְהַאלְטֶען,
אוּן הָאט דָאס אוּיסְגֶעגָאסֶען וָואס אִיהְר זֶעהְט אוּן הֶערְט. 34 וָוארִין דָוִד אִיז
נִיט אַרוּיפְגֶעגַאנְגֶען אִים הִימֶעל, אָבֶער עֶר הָאט זֶעלְבְּסְט גֶעזָאגְט,
דֶער הַאר הָאט צוּ מֵיינֶעם הַאר'ן גֶעזָאגְט, זִיץ דוּא צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד,
35 בִּיז אִיךְ וֶועל דֵיינֶע פֵיינְד מַאכֶען פַאר אַ פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִיס.
36 דְרוּם לָאז דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל זִיכֶער וִויסֶען, אַז גָאט הָאט דִיזֶען
יֵשׁוּעַ, דֶעם אִיהְר הָאט גֶעקְרֵייצִיגְט, פַאר אַ הַאר'ן אוּן מָשִׁיחַ גֶעמַאכְט.
37 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאט עֶס זֵייא גֶעשְׁטָאכֶען אִים
הַארְץ, אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ פֶּעטְרוּס אוּן צוּ דִיא אִיבֶּערִיגֶע אַפָּאסְטֶעל גֶעזָאגְט,
אִיהְר מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן? 38 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, טְהוּט תְּשׁוּבָה, אוּן וֶוערְט אִיטְלֶעכֶער פוּן אֵייךְ גֶעטוּבֶלְט אִים נָאמֶען
פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן אֵייעֶרֶע זִינְד, אוּן אִיהְר וֶועט דֶערְהַאלְ־
טֶען דִיא מַתָּנָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ. 39 וָוארִין דִיא הַבְטָחָה אִיז צוּ אֵייךְ אוּן
צוּ אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּן צוּ אַלֶע וָואס זֶענֶען פוּן וֵוייטֶען, וֶועלְכֶע דֶער הַאר

תהלים טז׳ ח׳־יא׳, 25 תהלים פט׳ ד׳, ה׳, קלב׳ יא׳: שמואל ב׳ ז׳ יב׳. 30
תהלים טז׳ יא׳, 31 תהלים. קי׳ א׳, 34

אוּנזֶער גָאט װֶעט רוּפֶען. [40] אוּן מִיט פִילֶע אַנדֶערֶע װֶערטֶער הָאט עֶר בֶּעצֵייגְט
אוּן גֶעװָארְנְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, רֶעטֶעט אֵייךְ פוּן דִיזֶעם פֶערקֶעהְרְטֶען דוֹר.
[41] דְרוּם דִיא װָאס הָאבֶּען זַיין װָארְט אָנְגֶענוּמֶען זֶענֶען גֶעטוֹבֶלְט גֶעװָארֶען, אוּן
עֶס זֶענֶען אִין יֶענֶעם טָאג צוּגֶעטְהוּן קֶעגֶען דְרֵייא טוֹיזֶענְד נְפָשׁוֹת. [42] אוּן זֵייא
זֶענֶען פְלֵייסִיג אִין דֶער לֶעהְרֶע פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶעװֶען, אוּן אִין דֶער
גֶעמֵיינְשַׁאפְט אוּן אִים בְּרֶעכֶען פוּן בְּרוֹיט אוּן אִין דִיא גֶעבֶּעטֶע.

[43] אוּן אַ פָּארְכְט אִיז אִיבֶּער יֶעדֶען נֶפֶשׁ גֶעקוּמֶען; אוּן פִילֶע װְאוּנְדֶער אוּן
צֵייכֶען זֶענֶען דוּרְךְ דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶעשֶׁעהֶען. [44] אוּן אַלֶע װָאס הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעװֶען, אוּן הָאבֶּען אַלֶעס אִין גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעהַאט;
[45] אוּן זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע גִיטֶער פֶערְקוֹיפְט אוּן הָאבֶּען צוּ אַלֶע צוּטְהֵיילְט,
אַזוֹי װִיא אִיטְלִיכֶער הָאט בֶּעדֶערְפְנִים. [46] אוּן זֵייא זֶענֶען טֶעגְלִיךְ אוּן פְלֵייסִיג
אִין אַחְדוּת אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶעװֶען, אוּן הָאבֶּען בְּרוֹיט גֶעבְּרָאכֶען פוּן הוֹיז
צוּ הוֹיז, אוּן זֵייעֶרֶע שְׁפֵּייז גֶעגֶעסֶען מִיט פְרֵייד אוּן אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט פוּן הַארְץ;
[47] אוּן זֵייא הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט, אוּן הָאבֶּען גְנָאד גֶעהַאט בֵּייא דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק. אוּן דֶער הַאר הָאט טֶעגְלִיךְ צוּ דֶעם צוּגֶעטְהוּן דִיא װָאס זֶענֶען גֶערֶע־
טֶעט גֶעװָארֶען.

ג [1] אוּן פֶּעטְרוּס אוּן יוֹחָנָן זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּם דִיא
נֵיינְטֶע שָׁעָה פוּן גֶעבֶּעט. [2] אוּן אַ גֶעװִיסֶער מַאן אִיז גֶעטְרָאגֶען גֶעװֶען, דֶער
אִיז קְרוּם גֶעװֶען פוּן זַיין מוּטֶערְס לֵייבּ, דֶעם הָאבֶּען זֵייא טֶעגְלִיךְ אַנִידֶערְגֶע־
זֶעצְט בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, װָאס אִיז גֶערוּפֶען גֶעװֶען
דִיא שֶׁעהְנֶע טְהִיר, אַז עֶר זָאל נְדָבוֹת בֶּעטֶען פוּן דִיא װָאס זֶענֶען אִים בֵּית
הַמִקְדָשׁ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען; [3] דֶער הָאט גֶעזֶעהֶען פֶּעטְרוּס אוּן יוֹחָנָן אִים בֵּית
הַמִקְדָשׁ אַרֵיינְגֶעהֶען, אוּן הָאט אַ נְדָבָה גֶעבֶּעטֶען. [4] אוּן פֶּעטְרוּס אוּן יוֹחָנָן
הָאבֶּען אִיהְם שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט אוּן גֶעזָאגְט, זֶעה אוֹיף אוּנְז. [5] אוּן עֶר הָאט זֵייא
אָנְגֶעזֶעהֶען, װָארִין עֶר הָאט עֶפֶּעס פוּן זֵייא צוּ בֶּעקוּמֶען גֶעהָאפְט. [6] אוּן פֶּעטְרוּס
הָאט גֶעזָאגְט, זִילְבֶּער אוּן גָאלְד הָאבּ אִיךְ נִיט, אָבֶּער װָאס אִיךְ הָאבּ דָאס גִיבּ
אִיךְ דִיר; אִים נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הַנָצְרִי גֶעה אַרוּם. [7] אוּן עֶר הָאט
אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט. אוּן
גְלֵייךְ זֶענֶען זַיינֶע שֶׁענְקֶעל אוּן קְנֶעכֶעל גֶעשְׁטַארְקְט גֶעװָארֶען; [8] אוּן עֶר אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּן גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז מִיט זֵייא אִים
בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּן אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּן הָאט
גָאט גֶעלוֹיבְּט. [9] אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אַרוּמְגֶעהֶען אוּן
גָאט לוֹיבֶּען; [10] אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקַאנְט אַז עֶר אִיז דֶער װָאס אִיז
אוּם נְדָבוֹת גֶעזֶעסֶען בֵּייא דֶעם שֶׁעהְנֶען טוֹיעֶר פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן זֵייא
זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעװֶען מִיט װְאוּנְדֶער אוּן עֶרְשְׁטוֹינֶען אִיבֶּער דֶעם װָאס אִיז צוּ
אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען.

[11] אוּן װִיא עֶר הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אָן פֶּעטְרוּס אוּן יוֹחָנָן, אִיז דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק צוּ זֵייא צוּזַאמֶענְגֶעלָאפֶען צוּם פָאלִישׁ װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען דָאס

פָּאלִישׁ פוּן שְׁלֹמֹה, אוּן הָאט זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט. [12] אוּן וֶוען פֶּעטְרוּס הָאט
דָאס גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר צוּם פָאלְק גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל,
וָוארוּם וְואוּנְדֶערְט אִיהְר אֵייךְ אִיבֶּער דֶעם? אָדֶער פַארְוָואס זֶעהְט אִיהְר אוּנְז
אָן, אַלְס מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע מַאכְט אָדֶער פְרוּמִיגְקֵייט הָאבֶּען מִיר
גֶעטְהוּן אַז דִיזֶער זָאל אַרוּמְגֶעהֶען? [13] דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם אוּן יִצְחָק אוּן
יַעֲקֹב, דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, הָאט זֵיין זוּהְן יֵשׁוּעַ פֶערְהֶערְלִיכְט, דֶעם
אִיהְר הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אוּן הָאט פֶערְלֵייקֶענְט פָאר פִּילָטוֹס, וֶוען עֶר הָאט
בֶּעשְׁלָאסֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם פְרֵייא לָאזֶען. [14] אָבֶּער אִיהְר הָאט דֶעם הֵיילִיגֶען
אוּן גֶערֶעכְטֶען פֶערְלֵייקֶענְט, אוּן הָאט פֶערְלַאנְגְט אַז מֶען זָאל אֵייךְ בֶּעגְנַאדִי־
גֶען אַ מַאן אַ רוֹצֵחַ; [15] אוּן אִיהְר הָאט דֶעם פִירְשְׁט פוּן לֶעבֶּען גֶעטֵייטֶעט,
דֶעם גָאט הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע, דְרוֹיף מִיר עֵדוּת זֶענֶען.
[16] אוּן דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען הָאט זֵיין נָאמֶען דִיזֶען גֶעשְׁטַארְקְט,
דֶעם אִיהְר זֶעהְט אוּן קֶענְט, אוּן דֶער גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז דוּרְךְ אִיהְם הָאט
אִיהְם דִיזֶע גַאנְצֶע גֶעזוּנְדְהֵייט פָאר אֵייךְ אַלֶע גֶעגֶעבֶּען. [17] אוּן אַצוּנְד, בְּרִי־
דֶער, אִיךְ וֵוייס אַז אִיהְר הָאט דָאס אוּנְוִויסֶענְטְלִיךְ גֶעטְהוּן, אַזוֹי וִויא אֵייעֶרֶע
רֶעגִירֶער. [18] אָבֶּער גָאט הָאט דָאס אַזוֹי דֶערְפִילְט וָואס עֶר הָאט פָארְאוֹיסְ־
גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע נְבִיאִים, אַז דֶער מָשִׁיחַ זָאל דָאס לֵיידֶען.
[19] דְרוּם טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּן בֶּעקֶעהְרְט אֵייךְ, אַז אֵייעֶרֶע זִינְד זָאלֶען אוֹיסְגֶע־
מֶעקְט וֶוערֶען, כְּדֵי דִיא צֵייטֶען פוּן דֶערְקְוִויקוּנְג זָאלֶען קוּמֶען פוּן דֶעם פָּנִים
פוּן דֶעם הַאר'ן, [20] אוּן אַז עֶר זָאל שִׁיקֶען דֶעם מָשִׁיחַ וָואס אִיז פָארְאוֹיס
אֵייךְ גֶעוֶועהְלְט גֶעוֶוען, יֵשׁוּעַ, [21] דֶעם דֶער הִימֶעל מוּז מְקַבֵּל זֵיין בִּיז צוּ
דֶער צֵייט וֶוען אַלֶעס וֶועט צוּרִיקְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען, וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁפְּרָא־
כֶען דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים פוּן עֶבִּיג אָן. [22] מֹשֶׁה הָאט
גֶעזָאגְט, דֶער הַאר גָאט וֶועט צוּ אֵייךְ פוּן אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ
נָבִיא וִויא מִיךְ; אִיהְם זָאלְט אִיהְר צוּהֶערֶען אִין אַלֶעס וָואס עֶר וֶועט צוּ אֵייךְ
רֶעדֶען. [23] אוּן עֶס וֶועט זֵיין אַז אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט נִיט הֶערֶען צוּ יֶענֶעם
נָבִיא, זָאל פוּן דֶעם פָאלְק פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען. [24] אוּן אַלֶע נְבִיאִים פוּן דֶער
צֵייט פוּן שְׁמוּאֵל אוּן דֶערְנָאךְ, וָואס הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט הָאבֶּען אוֹיךְ
מְבַשֵּׂר גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיזֶע טֶעג. [25] אִיהְר זֶענְט דִיא זִיהְן פוּן דִיא נְבִיאִים אוּן
פוּן דֶעם בְּרִית וָואס גָאט הָאט מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת גֶעמַאכְט, אוּן הָאט צוּ
אַבְרָהָם גֶעזָאגְט, אוּן אִין דֵיין זָאמֶען וֶועלֶען אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶער עֶרְד
גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען. [26] צוּ אֵייךְ צוּעֶרְשְׁט הָאט גָאט זֵיין זוּהְן יֵשׁוּעַ גֶעשִׁיקְט
וֶוען עֶר הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט אַז עֶר זָאל אֵייךְ בֶּענְשֶׁען, אוּן זָאל אֵייךְ
אִיטְלִיכֶעם פוּן אֵייעֶרֶע זִינְד אָפְּקֶעהְרֶען.

ד [1] אוּן דֶערְוֵויל זֵייא הָאבֶּען צוּם פָאלְק גֶערֶעט זֶענֶען צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען
דִיא כֹּהֲנִים אוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן דִיא צַדוּקִים;

[22] דברים יח׳ טו׳, יח׳, [23] ויקרא כג׳ כט׳, : דברים יח׳ יט׳,
[25] בראשית יב׳ ג׳, כב׳ יח׳,

2 און עֶס הָאט זֵייא פֶערְדְרָאסֶען אַז זֵייא הָאבֶּען דָאס פָאלְק גֶעלֶערְנְט, און
הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ דִיא אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג פוּן דִיא טוֹיטֶע. 3 און
זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען און הָאבֶּען זֵייא אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אֵיינְגֶעזֶעצְט
בִּיז צוּ מָארְגֶען; וָוארִין עֶס אִיז שׁוֹין אָבֶענְד גֶעוֶועזֶען. 4 און פִילֶע פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, און דִיא צָאהְל פוּן דִיא לֵייט
אִיז אֵיין עֶרֶךְ פוּן פִינְף טוֹיזֶענְד גֶעוֶועזֶען.

5 און עֶס אִיז מָארְגֶען גֶעשֶׁעהֶען אַז זֵייעֶרֶע פִירְשְׁטֶען און זְקֵנִים און
סוֹפְרִים הָאבֶּען זִיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, 6 און חָנָן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל און
קַיָפָא און יוֹחָנָן און אַלֶכְּסַנְדֶער, און אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה
פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל; 7 און זֵייא הָאבֶּען זֵייא אִין מִיטֶען גֶעשְׁטֶעלְט און הָאבֶּען
זֵייא גֶעפְרֶעגְט, מִיט וֶועלְכֶער מַאכְט אָדֶער אִין וֶועלְכֶעם נָאמֶען הָאט אִיהְר
דָאס גֶעטְהוּן? 8 דַאן אִיז פֶּעטְרוֹס אָנְגֶעפִילְט גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
און הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶעם פָאלְק און זְקֵנִים,
9 וֶוען מִיר וֶוערֶען הַיינְט פֶערְהֶערְט וֶועגֶען דֶעם גוּטֶען וֶוערְק אַן דֶעם קְרַאנְקֶען
מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ וָואס עֶר אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען, 10 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אַלֶע
און דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן יִשְׂרָאֵל ווִיסֶען, אַז אִים נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
הַנָצְרִי, דֶעם אִיהְר הָאט גֶעקְרֵייצִיגְט, דֶעם גָאט הָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶע־
וֶועקְט, דוּרְךְ אִיהְם שְׁטֶעהְט דִיזֶער דָא פָאר אֵייךְ גֶעזוּנְד. 11 דָאס אִיז דֶער
שְׁטֵיין וֶועלְכֶער אִיז פֶערְוָוארְפֶען גֶעוֶועזֶען פוּן אֵייךְ בּוֹימֵייסְטֶער, דֶער אִיז צוּם
עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען. 12 און עֶס אִיז נִיט יְשׁוּעָה אִין קֵיין אַנְדֶערֶען פַארְהַאנֶען;
וָוארִין עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט דָא קֵיין אַנְדֶערֶער נָאמֶען אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל
וָואס אִיז גֶעגֶעבֶּען צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ וֶועלְכֶעם מִיר מוּזֶען גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען.

13 און וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא הֶערְצְפֶעסְטִיגְקֵייט פוּן פֶּעטְרוֹס און
יוֹחָנָן, און הָאבֶּען גֶעמֶערְקְט אַז זֵייא זֶענֶען אוּנְגֶעלֶערְנְטֶע און פְּרָאסְטֶע מֶענְ־
שֶׁען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, און זֵייא הָאבֶּען דֶערְקַאנְט אַז זֵייא זֶענֶען
מִיט יֵשׁוּעַ גֶעוֶועזֶען; 14 און וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶעם גֶעהֵיילְטֶען מַאן גֶעזֶעהֶען
מִיט זֵייא שְׁטֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעקֶענְט עֶנְטְגֶעגֶען רֶעדֶען. 15 און זֵייא
הָאבֶּען זֵייא גֶעהֵייסֶען אַרוֹיסְגֶעהֶען פוּן דֶעם סַנְהֶדְרִין, און הָאבֶּען זִיךְ מִיט
אֵיינַאנְדֶער בֶּערָאטֶען 16 און גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן צוּ דִיזֶע מֶענְשֶׁען?
וָוארִין עֶס אִיז קְלָאר צוּ אַלֶע וָואס ווְאוֹינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אַז אַ בֶּעקַאנְטֶעס
צֵייכֶען אִיז דוּרְךְ זֵייא גֶעשֶׁעהֶען, און מִיר קֶענֶען עֶס נִיט לֵייקֶענֶען. 17 אָבֶּער
כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ נִיט ווייטֶער אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק, לָאזֶען מִיר
זֵייא שְׁטְרֶענְג בֶּעדְרוֹיעֶן אַז זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר אִין דִיזֶעם נָאמֶען צוּ קֵיין
מֶענְשֶׁען רֶעדֶען. 18 און זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶערוּפֶען און אָנְגֶעזָאגְט אַז
זֵייא זָאלֶען אִים נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ גָאר נִיט רֶעדֶען אָדֶער לֶעהְרֶען. 19 אָבֶּער
פֶּעטְרוֹס און יוֹחָנָן הָאבֶּען זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, אוֹיבּ עֶס אִיז רֶעכְט

11 תהלים קיח׳ כב׳,

פָאר גָאט אַז מִיר זָאלֶען אֵייך מֶעהר גֶעהָארְכֶען וִויא גָאט רִיכְטֶעט אִיהר;
[20] וָוארִין מִיר קֶענֶען נִיט אַנְדֶערְשׁ טְהוּן אַז רֶעדֶען פוּן דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט. [21] אוּן זֵייא הָאבֶּען זֵייא ווַייטֶער אָנְבֶּעדְרוֹיעֶט אוּן
הָאבֶּען זֵייא פְרֵייא גֶעלָאזְט, ווַייל זֵייא הָאבֶּען זֵייא גָאר נִיט גֶעקֶענְט שְׁטְרָאפֶען
וֶועגֶען דֶעם פָאלְק, וָוארִין זֵייא אַלֶע הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט אִיבֶּער דֶעם
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. [22] וָוארִין דֶער מַאן צוּ וֶועלְכֶעם דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם
הֵיילֶען אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִיז אִיבֶּער פִיעֶרְצִיג יָאהְר אַלְט גֶעוֶוען.

[23] אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען פְרֵייא גֶעלָאזְט גֶעוֶוען זֶענֶען זֵייא צוּ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייא דֶערְצֶעהְלְט וָואס דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא
זְקֵנִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט. [24] אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען זֵייא
זֵייעֶר קוֹל אִין אַחְדוּת צוּ גָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא
בִּיסְט דֶער וֶועלְכֶער הָאסְט הִימֶעל אוּן עֶרְד גֶעמַאכְט, אוּן דֶעם יַם אוּן אַלֶעם
וָואס אִיז דְרִינֶען; [25] דֶער דוּא הָאסְט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן דֵיין קְנֶעכְט דָוִד
גֶעזָאגְט,

וָוארוּם שְׁטוּרְמֶען דִיא גוֹיִם,
אוּן דִיא פֶעלְקֶער טְרַאכְטֶען לֶעדִיגֶע זַאכֶען?
[26] דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט
אוּן דִיא פִירְשְׁטֶען צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט
קֶעגֶען דֶעם הַאר'ן אוּן קֶעגֶען זֵיין מָשִׁיחַ.

[27] וָוארִין וַואהְרְהַאפְטִיג הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אִין דִיזֶער שְׁטַאדְט פֶערְזַאמֶעלְט קֶעגֶען
דֵיין הֵיילִיגֶען קְנֶעכְט יֵשׁוּעַ, דֶעם דוּא הָאסְט גֶעזַאלְבְּט, הוֹרְדוֹס אוּן פָּאנְטִיוּס
פִּילָטוּס מִיט דִיא גוֹיִם אוּן דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל, [28] אַז זֵייא זָאלֶען טְהוּן וָואס
דֵיינֶע הַאנְד אוּן דֵיין עֵצָה הָאט פְרִיהֶער בֶּעשְׁטִימְט אַז עֶס זָאל גֶעשֶׁעהֶען.
[29] אוּן נוּן הַאר, זֶעה אוֹיף זֵייעֶר אָנְשְׁרֵייעֶן, אוּן גִיבּ צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט אַז זֵייא
זָאלֶען דֵיין וָוארְט רֶעדֶען מִיט אַלֶע פֶעסְטִיגְקֵייט; [30] דוּרְךְ דֶעם אוֹיסְשְׁטְרֶע-
קֶען פוּן דֵיינֶע הַאנְד צוּ הֵיילֶען, אוּן אַז צֵייכֶען אוּן וְואוּנְדֶער זָאלֶען גֶעשֶׁעהֶען
דוּרְךְ דֶעם נָאמֶען פוּן דֵיין הֵיילִיגֶען קְנֶעכְט יֵשׁוּעַ. [31] אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען
גֶעבֶּעטֶען, הָאט זִיךְ דֶער אָרְט בֶּעוֶועגְט וְואוּ זֵייא זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶעוֶוען,
אוּן זֵייא זֶענֶען אַלֶע אָנְגֶעפִילְט גֶעוֶוען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּן הָאבֶּען דָאס
וָוארְט פוּן גָאט מִיט פֶעסְטִיגְקֵייט גֶערֶעט.

[32] אוּן דִיא פִיל לֵייט וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט זֶענֶען וִויא אֵיין הַארְץ אוּן אֵיינֶע
נְשָׁמָה גֶעוֶוען, אוּן קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזָאגְט אַז עֶפֶּעס פוּן זֵיין פֶערְמֶעגֶען אִיז
זֵיין אֵייגֶענֶעס, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען אַלֶעס אִין גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעהַאט. [33] אוּן דִיא
אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען צֵייגְנִים גֶעגֶעבֶּען וֶועגֶען דֶער אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג פוּן דֶעם הַאר'ן
יֵשׁוּעַ מִיט גְרוֹיסֶער גְבוּרָה, אוּן גְרוֹיסֶע גְנָאד אִיז אִיבֶּער זֵייא אַלֶע גֶעוֶוען.
[34] אוּן עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט קֵיין שׁוּם נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶער צְוִוישֶׁען זֵייא גֶעוֶוען; וָוארִין
אַזֶעלְכֶע וָואס זֶענֶען בֶּעזִיצֶער גֶעוֶוען פוּן לַאנְד אוּן הֵייזֶער הָאבֶּען זֵייא

תהלים ב׳ א׳, ב׳, 25

פֶּערְקױפְט, אוּן הָאבֶּען דֶעם פְּרֵײז פוּן דִיא פֶּערְקױפְטֶע זַאכֶען גֶעבְּרַאכְט,
35 אוּן זֵײא הָאבֶּען עֶס אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט צוּ דִיא פִּיס פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל; אוּן עֶס
אִיז צוּטְהֵײלְט גֶעװֶעזֶען צוּ אִיטְלִיכֶעם נָאךְ זֵײן בֶּעדֶערְפְנִיס. 36 אוּן יוֹסֵף, װָאס
אִיז גֶערוּפֶען בֵּײא דִיא אַפָּאסְטֶעל בַּרְנַבָּא, װָאס אִיז פֶּערְטֵײטְשְׁט זוּהְן פוּן
טְרֵײסְט, אַ לֵוִי פוּן דֶעם לַאנְד קוּפְּרוּס, הָאט אַ פֶּעלְד גֶעהַאט, 37 אוּן הָאט עֶס
פֶּערְקױפְט, אוּן הָאט דָאס גֶעלְד גֶעבְּרַאכְט אוּן הָאט עֶס אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט צוּ
דִיא פִּיס פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל.

ה 1 אוּן אַ גֶעװִיסֶער מַאן װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען חֲנַנְיָה, מִיט זֵײן װֵײבּ שַׁאפִּירָא,
הָאט אַ גְרוּנְדְשְׁטִיק פֶּערְקױפְט; 2 אוּן הָאט פוּן דֶעם פְּרֵײז אַרוּפְּגֶענוּמֶען מִיט
דֶעם װִיסֶען פוּן זֵײן װֵײבּ, אוּן הָאט אַ טְהֵײל גֶעבְּרַאכְט אוּן הָאט עֶס
אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט צוּ דִיא פִּיס פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל. 3 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט,
חֲנַנְיָה, פַארְװָאס הָאט דֶער שָׂטָן דֵײן הַארְץ דֶערְפִילְט אַז דוּא זָאלְסְט צוּם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ לֵײקְנֶען, אוּן זָאלְסְט אַרוּפְּנֶעמֶען פוּן דֶעם פְּרֵײז פוּן דֶעם פֶּעלְד?
4 װֶען דוּא הָאסְט עֶס גֶעהַאט אִיז עֶס דֶען נִיט דֵײן גֶעװֶען? אוּן װֶען דוּא
הָאסְט עֶס פֶּערְקױפְט, אִיז עֶס דֶען נִיט אִין דֵײנֶע מַאכְט גֶעװֶען? װָארוּם הָאסְט דוּא
דִיר אִין דֵײן הַארְץ דָאס פָארְגֶענוּמֶען? דוּא הָאסְט נִיט לִיגֶען גֶעזָאגְט צוּ
מֶענְשֶׁען נֵײעֶרְט צוּ גָאט. 5 אוּן װֶען חֲנַנְיָה הָאט דִיזֶע װֶערְטֶער גֶעהֶערְט, אִיז
עֶר אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען; אוּן עֶס אִיז גֶעװֶען אַ גְרױסֶע
פָארְכְט אױף אַלֶע װָאס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט. 6 אוּן דִיא יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען
אױפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען אִיהְם אֵײנְגֶעװִיקֶעלְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אַרױסְגֶע-
טְרָאגֶען אוּן בֶּעגְרָאבֶּען.

7 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען קֶעגֶען דְרֵײא שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער אַז זֵײן װֵײבּ אִיז
אַרֵײנְגֶעקוּמֶען, אוּן זִיא הָאט נִיט גֶעװוּסְט װָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. 8 אוּן פֶּעטְרוּס
הָאט אִיהְר גֶעעֶנְטְפֶערְט, זָאג מִיר אוֹיבּ אִיהְר הָאט דָאס פֶּעלְד פֶּערְ-
קױפְט פַאר אַזוֹי פִּיל? אוּן זִיא הָאט גֶעזָאגְט, יָא, פַאר אַזוֹי פִּיל. 9 אוּן
פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, װָארוּם הָאט אִיהְר אֵײךְ פֶּערְאֵײנִיגְט דֶעם
גֵײסְט פוּן דֶעם הַאר'ן צוּ פְּרִיפֶען? זֶעה, דִיא פִּיס פוּן דִיא װָאס הָאבֶּען דֵײן
מַאן בֶּעגְרָאבֶּען זֶענֶען בֵּײא דֶער טְהִיר, אוּן זֵײא װֶעלֶען דִיךְ אַרױסְטְרָאגֶען.
10 אוּן גְלֵײךְ אִיז זִיא אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פָאר זֵײנֶע פִּיס, אוּן הָאט דֶעם אָטְהֶעם
אױסְגֶעהױכְט; אוּן דִיא יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַרֵײנְגֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען זִיא טױט
גֶעפִינֶען, אוּן זֵײא הָאבֶּען זִיא אַרױסְגֶעטְרָאגֶען אוּן גֶעבֶּען אִיהְר מַאן בֶּעגְרָאבֶּ-
בֶּען. 11 אוּן עֶס אִיז אַ גְרױסֶע פָארְכְט גֶעקוּמֶען אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵײנְדֶע,
אוּן אִיבֶּער אַלֶע װָאס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט.

12 אוּן עֶס זֶענֶען פִּילֶע צֵײכֶען אוּן װוּנְדֶער גֶעשֶׁעהֶען צְוִישֶׁען דֶעם פָאלְק דוּרְךְ
דִיא הֶענְד פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל. אוּן זֵײא זֶענֶען אַלֶע צוּזַאמֶען גֶעװֶען אִים פָּאלִישׁ
פוּן שְׁלֹמֹה; 13 אוּן קֵײנֶער פוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען זִיךְ צוּ זֵײא
צוּ בֶּעהֶעפְטֶען, אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט זֵײא פֶּערְהֶערְלִיכְט. 14 אוּן עֶס זֶענֶען
נָאךְ מֶעהְר צוּגֶעקוּמֶען װָאס הָאבֶּען אָן דֶעם הַאר'ן גֶעגְלױבְּט, אַ סַךְ מֶענֶער

אוּן פְרוּיעֶן, 15 אַזוֹי אַז זַייא הָאבֶּען דִיא קְרַאנְקֶען אוֹיף דִיא גַאסֶען אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶ־
גֶען, אוּן הָאבֶּען זַייא גֶעלֶעגְט אוֹיף בֶּעטֶען אוּן גֶעלֶעגֶער, אַז אוֹיךְ דֶער שָׁאטֶען
פוּן פֶּעטְרוּס וֶוען עֶר וֶועט פַארְבֵּייא גֶעהֶען זָאל אֵיימִיצֶען פוּן זַייא אִיבֶּערְדֶעֽ־
קֶען. 16 אוּן דִיא לֵייט זֶענֶען אוֹיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען פוּן דִיא שְׁטֶעדְט נָאהֶענְט
אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם, אוּן הָאבֶּען דִיא קְרַאנְקֶען גֶעבְּרַאכְט אוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפֵּייֽ־
נִיגְט גֶעוֶועען פוּן אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער, וֶועלְכֶע זֶענֶען אַלֶע גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען.
17 אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעוֶועזֶען, וָואס זֶענֶען דִיא כִּתָּה פוּן דִיא צַדוּקִים, אוּן זַייא זֶענֶען מִיט קִנְאָה
דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען, 18 אוּן הָאבֶּען דִיא הֶענְד אוֹיף דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶעלֶעגְט, אוּן
הָאבֶּען זַייא אִין גֶעפֶּענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעזֶעצְט. 19 אָבֶּער אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר'ן
הָאט בֵּייא דֶער נַאכְט דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם גֶעפֶּענְגְנִיס גֶעעֶפֶענְט, אוּן הָאט
זַייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוּן גֶעזָאגְט, 20 גֶעהְט אוּן שְׁטֶעלְט אֵייךְ אוּן זָאגְט צוּם
פָאלְק אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַלֶע דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיזֶעם לֶעבֶּען. 21 אוּן וֶוען זַייא
הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט זֶענֶען זַייא אִין דֶער פְרִיה אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיינְגֶעקוּ־
מֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט. אָבֶּער דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז גֶעקוּמֶען אוּן דִיא וָואס זֶענֶען
מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּן זַייא הָאבֶּען דָאס סַנְהֶדְרִין אוּן אַלֶע זְקֵנִים פוּן דִיא בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען אוּן הָאבֶּען צוּ דֶעם גֶעפֶּענְגְנִיס גֶעשִׁיקְט, אַז מֶען זָאל זַייא
בְּרֶענְגֶען. 22 אָבֶּער דִיא מְשָׁרְתִים וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זַייא אִים
גֶעפֶּענְגְנִיס נִיט גֶעפִינֶען; אוּן זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאבֶּען דֶערְ־
צֶעהְלְט 23 אוּן גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען דָאס גֶעפֶּענְגְנִיס פֶערְשְׁלָאסֶען גֶעפִינֶען
מִיט אַלֶער זִיכֶערְהֵייט, אוּן דִיא שׁוֹמְרִים זֶענֶען בֵּייא דִיא טְהִירֶען גֶעשְׁטַאנֶען;
אָבֶּער וֶוען מִיר הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט, הָאבֶּען מִיר דְרִינֶען קֵיינֶעם נִיט גֶעפִינֶען.
24 אוּן וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זַייא וֶוענֶען זַייא גֶעצְוֵוייפֶעלְט,
וָואס דָא וֶועט דַארוֹיס וֶוערֶען. 25 אוּן אֵיימִיצֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט צוּ
זַייא דֶערְצֶעהְלְט אוּן גֶעזָאגְט, זֶעה, דִיא מֶענְשֶׁען וָואס אִיהְר הָאט אִים גֶעפֶּענְגְ־
נִיס אַרֵיינְגֶעזֶעצְט שְׁטֶעהֶען אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן לֶעהְרֶען דָאס פָאלְק.
26 דַאן אִיז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער מִיט דִיא מְשָׁרְתִים אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט זַייא
גֶעבְּרַאכְט, נִיט מִיט גֶעוַואלְט, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם
פָאלְק אַז מֶען זָאל זַייא נִיט פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען. 27 אוּן זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרַאכְט,
אוּן הָאבֶּען זַייא פָאר דֶעם סַנְהֶדְרִין גֶעשְׁטֶעלְט. אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט זַייא גֶעֽ־
פְרֶעגְט 28 אוּן גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען אֵייךְ שְׁטַארְק פֶערְבָּאטֶען אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט לֶעהְרֶען אִין דִיזֶעם נָאמֶען, אוּן זֶעה, אִיהְר הָאט יְרוּשָׁלַיִם מִיט אֵייעֶרֶע
לֶעהְרֶע אָנְגֶעפִילְט, אוּן אִיהְר ווִילְט אוֹיף אוּנְז דָאס בְּלוּט פוּן דִיזֶעם מֶענְשֶׁען בְּרֶענְ־
גֶען. 29 אָבֶּער פֶּעטְרוּס אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
מִיר מוּזֶען גָאט גֶעהָארְכֶען מֶעהְר וִויא מֶענְשֶׁען. 30 דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט, דֶעם אִיהְר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט אוּן הָאט אִיהְם
אוֹיף אַ בּוֹים גֶעהָאנְגֶען. 31 דִיזֶען הָאט גָאט דֶערְהֵייכְט מִיט זַיינֶע רֶעכְטֶע

האנד צום פירשטען און רעטער, אז ער זאל תשובה צו ישראל געבען, און
פערגעבונג פון זינד. 32 און מיר זענען עדות אויף דיזע זאכען, און אזוי אויך
דער רוח הקודש, דעם גאט האט געגעבען צו דיא וואס איהם געהארכען.
33 און ווען זייא האבען דאס געהערט האט עס אין זייא געשטאכען, און זייא
האבען געוואלט זייא הארגענען.
34 אבער איינער איז אויפגעשטאנען אים סנהדרין וואס האט געהייסען
גמליאל, א פרוש און געזעצלעהרער וועלכער איז בייא דעם גאנצען פאלק
געעהרט געווען, און האט געהייסען דיא אפאסטעל אביסעל ארויסזעצען, 35 און
האט צו זייא געזאגט, איהר מענער פון ישראל, נעמט אייך אין אכט איבער
דיזע מענשען וואס איהר ווילט טהון. 36 וואדין פאר דיזע טעג איז תודס
אויפגעשטאנען, און האט געזאגט אז ער איז א גרויסער, דעם איין ערך פון
פיער הונדערט מענשען האבען זיך בעהעפט; דער איז געהרגעט געווארען,
און אלע וואס האבען איהם צוגעהארכט זענען צושפרייט און צו ניט געווארען.
37 נאכדעם איז יהודה פון גליל אויפגעשטאנען אין דיא טעג פון דער פער־
שרייבונג, און האט א פאלק נאך זיך געצויגען; דיזער איז אויך אומגעבראכט
געווארען, און אלע וואס האבען איהם צוגעהארכט זענען צושפרייט געווארען.
38 און אצונד זאג איך אייך, שטעהט אייך אפ פון דיזע מענשען און לאזט זייא
געהען; וואדין ווען דיזע עצה אדער דיזעס ווערק איז פון מענשען, אזוי וועט
עס פערשטערט ווערען; 39 אבער ווען עס איז פון גאט, אזוי קענט איהר עס
ניט שטערען, וואדין טאמער וועט איהר אויך ווידערשטרייטער קעגען גאט
געפינען ווערען. 40 און זייא האבען איהם צוגעהארכט; און ווען זייא האבען
דיא אפאסטעל גערופען און האבען זייא געשלאגען, האבען זייא אנגעזאגט אז
זייא זאלען ניט רעדען אים נאמען פון ישוע, און האבען זייא פרייא געלאזט.
41 דרום זענען זייא אוועקגעגאנגען פון דעם פנים פון דעם סנהדרין, און האבען
זיך געפרייעט אז זייא זענען ווערט געווען וועגען דעם נאמען פערשעהמט צו
ווערען. 42 און אלע טאג אים בית המקדש און פון הויז צו הויז האבען זייא
ניט איינגעהערט צו לעהרען און צו פרעדיגען ישוע דעם משיח.
ו 1 און אין יענע טעג ווען דיא תלמידים האבען זיך געמעהרט, האבען דיא
גריעקען געמורמעלט קעגען דיא עברים, וויל זייערע אלמנות זענען איבערגע־
זעהען געווען אים טעגליכען דינסט. 2 און דיא צוועלף האבען אלע תלמידים
צוזאמענגערופען און געזאגט, עס איז ניט וואוילגעפעליג אז מיר זאלען דאס ווארט
פון גאט פערלאזען, און זאלען בייא טישען דינען. 3 דרום ברידער, זוכט אויס
צווישען אייך זיבען בעגלייבטע מענער וואס זענען פול פון דעם גייסט און פון חכמה,
וועלכע מיר זאלען זעצען איבער דיזעם געשעפט; 4 אבער מיר וועלען בעשטענ־
דיג אים געבעט און אים דינסט פון דעם ווארט אנהאלטען. 5 און דיא
רעד איז דער גאנצען פערזאמלונג געפעלען, און זייא האבען אויסדערד־
וועהלט סטעפאנוס, א מאן פול פון גלויבען און פון דעם רוח הקודש, און
פיליפוס, און פרוכורוס, און ניקנור, און טימון, און פרמנאס, און ניקולאס, א גר

פוּן אַנְטִיוֹכְיָא, [6] װעלכֶע זֵייא הָאבֶּען פָאר דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶעשְׁטֶעלְט; אוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען, אוּן דִיא הֶענְד אוֹיף זֵייא גֶעלֶעגְט.
[7] אוּן דָאס װָארְט פוּן גָאט הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט, אוּן דִיא צָאהְל פוּן דִיא
תַּלְמִידִים אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז װֶעהְר גְרוֹיס גֶעװָארֶען, אוּן פִיל לֵייט פוּן דִיא כֹּהֲנִים
הָאבֶּען דֶעם גְלוֹיבֶּען צוּגֶעהָארְכְט.
[8] אוּן סְטֶעפַאנוּס פוּל פוּן גְנָאד אוּן גְבוּרָה הָאט גְרוֹיסֶע װְאוּנְדֶער אוּן צֵייכֶען
גֶעטְהוּן צְװִישֶׁען דֶעם פָאלְק. [9] אָבֶּער עֶס זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע פוּן
דֶער שׁוּל װָאס אִיז גֶערוּפֶען דִיא שׁוּל פוּן דִיא לִיבֶּערְטִינֶער, אוּן קוֹרִינִיאֶר אוּן
אַלֶכְּסַנְדְרִיֶער, אוּן פוּן דִיא לֵייט פוּן קִילִיקְיָא אוּן אַסְיָא, אוּן זֵייא הָאבֶּען אַ
וִכּוּחַ מִיט סְטֶעפַאנוּס גֶעהַאט; [10] אוּן זֵייא הָאבֶּען נִיט װִידֶערְשְׁטֶעהֶען גֶעקֶענְט
דִיא חָכְמָה אוּן דֶעם גֵייסְט מִיט דֶעם עֶר הָאט גֶערֶעט. [11] דַאן הָאבֶּען
זֵייא מֶענֶער אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט װָאס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט
רֶעדֶען לֶעסְטֶערִיגֶע װֶערְטֶער קֶעגֶען משֶׁה אוּן קֶעגֶען גָאט. [12] אוּן זֵייא הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעהֶעצְט דָאס פָאלְק אוּן דִיא עֶלְצְטֶע אוּן דִיא סוֹפְרִים, אוּן זֶענֶען גֶעקוּ־
מֶען אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעפַאנְגֶען, אוּן צוּ דֶעם סַנְהֶדְרִין גֶעבְּרַאכְט. [13] אוּן זֵייא
הָאבֶּען פַאלְשֶׁע עֵדוּת אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט װָאס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן הֶערְט
נִיט אוֹיף צוּ רֶעדֶען לֶעסְטֶערִיגֶע װֶערְטֶער קֶעגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט אוּן דֶער
תּוֹרָה, [14] װָארִין מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זָאגֶען, אַז דִיזֶער יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי
װֶעט דִיזֶען אָרְט צוּשְׁטֶערֶען, אוּן װֶעט דִיא מִנְהָגִים אַנְדֶערֶען װָאס משֶׁה הָאט
אוּנְז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. [15] אוּן אַלֶע װָאס זֶענֶען אִים סַנְהֶדְרִין גֶעזֶעסֶען הָא־
בֶּען אוֹיף אִיהְם שַׁארְף גֶעקוּקְט, אוּן הָאבֶּען זֵיין פָּנִים גֶעזֶעהֶען אַזוֹי װִיא דָאס
פָּנִים פוּן אַ מַלְאָךְ.
ז [1] אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט גֶעזָאגְט, זֶענֶען דִיזֶע זַאכֶען אַזוֹי? [2] אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט,
בְּרִידֶער אוּן פֶעטֶער, הֶערְט צוּ. דֶער גָאט פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט הָאט זִיךְ צוּ
אוּנְזֶערֶעם פָאטֶער אַבְרָהָם בֶּעװִיזֶען, װֶען עֶר אִיז אִין אֲרַם נַהֲרַיִם גֶעװֶען, אֵיידֶער
עֶר הָאט אִין חָרָן גֶעװְאוֹינְט; [3] אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַװֶעק
פוּן דֵיין לַאנְד אוּן פוּן דֵיינֶע פֶערְװַאנְדְטֶע, אוּן גֶעה צוּ דֶעם לַאנְד װָאס אִיךְ
װֶעל דִיר װֵייזֶען. [4] דַאן אִיז עֶר אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן כַּשְׂדִים
אוּן הָאט אִין חָרָן גֶעװְאוֹינְט, אוּן נָאכְדֶעם זֵיין פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען
הָאט עֶר פוּן דָארְטֶען אַרִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען אִין דִיזֶעם לַאנְד װְאוּ אִיהְר אַצוּנְד
װְאוֹינְט. [5] אוּן עֶר הָאט אִיהְם דְרִינֶען קֵיינֶע עֶרְבְשַׁאפְט נִיט גֶעגֶעבֶּען, נִיט
אֲפִילוּ אַ פוּסְבְּרֵייט, אָבֶּער עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט אַז עֶר װֶעט אִיהְם דָאס
גֶעבֶּען פַאר אַ בֶּעזִיץ אוּן צוּ זֵיין זָאמֶען נָאךְ אִיהְם, װֶען עֶר הָאט נָאךְ נִיט
קֵיין קִינְד גֶעהַאט. [6] אוּן גָאט הָאט אַזוֹי גֶערֶעט, אַז זֵיין זָאמֶען װֶעט זֵיין אַ
גֵר אִין אַ פְרֶעמְדֶען לַאנְד, אוּן זֵייא װֶעלֶען אִיהְם מַאכֶען דִינֶען, אוּן װֶילֶען

[3] בראשית יב׳ א׳.
[5] בראשית יב׳ ז׳, יג׳ טו׳, יז׳ ח׳. [6] בראשית טו׳ יג׳, יד׳,

איהם איבּער טהון פִיער הונדערט יָאהר. 7 און דאס פָאלק וָואס זייא וועלען
דינען וויעל איך ריכטען, האט גאט געזאגט, און דערנאך וועלען זייא ארויס־
געהען און וועלען מיר דינען אין דיזעם ארט.
8 און ער האט איהם געגעבען דעם ברית פון מילה; און אזוי האט ער
געבוירען יצחק, און האט איהם דעם אכטען טאג מל געווען; און יצחק האט
געבוירען יעקב, און יעקב דיא צוועלף הויפּטפּעטער. 9 און דיא הויפּטפּעטער
האבען יוסף מקנא געווען, און האבען איהם קיין מצרים פערקויפט; אבער
גאט איז מיט איהם געווען, 10 און האט איהם מציל געווען פון אלע זיינע
צרות, און האט איהם גנאד און ווייזהייט געגעבען בּעפאר פּרעה דעם קעניג
פון מצרים, און ער האט איהם פאר א פיהרער געשטעלט איבער מצרים
און איבער זיין גאנצעס הויז. 11 און עס איז געקומען א הונגער איבער דעם
גאנצען לאנד פון מצרים און כנען און א גרויסע צרה, און אונזערע אבות
האבען קיין שפּייז ניט געפינען. 12 און ווען יעקב האט געהערט אז עס איז
קארן אין מצרים, האט ער צוערשט אונזערע אבות ארויסגעשיקט; 13 און צום
אנדערען מאל איז יוסף דערקאנט געווארען פון זיינע ברידער, און דיא משפּחה
פון יוסף איז צו פּרעה בּעקאנט געווארען. 14 און יוסף האט געשיקט און האט
זיין פאטער יעקב און זיינע גאנצע משפּחה גערופען, פינף און זיבּציג נפשות.
15 און יעקב איז קיין מצרים ארופּגעקומען און איז געשטארבען און אונזערע
אבות, 16 און זייא האבען זייא קיין שכם אריבּערגעבּראכט, און אים קבר
אריינגעלעגט וואס אברהם האט פאר א פּרייז זילבּער געקויפט פון דיא קינ־
דער פון חמור אין שכם.
17 און וויא דיא צייט פון דער הבטחה איז נאהענט געקומען, וואס גאט האט
צו אברהם צוגעזאגט, האט דאס פאלק געוואקסען און האט זיך געמעהרט
אין מצרים, 18 בּיז איין אנדערער קעניג איז אויפגעשטאנען וואס האט יוסף
ניט געקאנט, 19 דער האט קעגען אונזער ראסע פאלש געהאנדעלט, און
האט איבעל געטהון צו אונזערע אבות, כדי זייא זאלען דיא קליינע קינדער
ארויסווארפען אז זייא זאלען ניט לעבען. 20 און אין דיזער צייט איז משה
געבוירען געווארען, און ער איז זעהר שעהן געווען, און ער איז דרייא חדשים
דערנעהרט אין זיין פאטערס הויז. 21 און ווען ער איז ארויסגעווארפען געווא־
רען, האט איהם דיא טאכטער פון פּרעה צוגענומען, און האט איהם אויפגע־
צויגען פאר איהר איינגענעם זוהן. 22 און משה איז אין אלע חכמות פון מצרים
געלעהרנט געווארען, און איז מעכטיג געווען אין ווארט און אין ווערק.
23 און ווען ער איז פיערציג יאהר אלט געווארען, איז איהם אין הארץ
אריינגעקומען אז ער זאל זיינע בּרידער דיא קינדער פון ישראל בּעזוכען. 24 און
ער האט איינעם אונרעכט ליידען געזעהען, און האט איהם בּייגעשטאנען, און
האט זיך נוקם געווען פאר דעם וואס האט געליטען, און האט דעם מצרי דער־
שלאגען. 25 און ער האט געדאכט אז זיינע בּרידער וועלען פערשטעהען אז

7 שמות ג׳ יב׳.

גָאט דוּרְךְ זַיינֶע הַאנְד וֶועט גֶעבֶּען זַייא רֶעטוּנְג; אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט פֶּערְ־
שְׁטַאנֶען. 26 אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט עֶר זִיךְ צוּ זַייא בֶּעוִויזֶען,
ווִיא זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט, אוּן הָאט גֶעוָואלְט צְווִישֶׁען זַייא שָׁלוֹם
מַאכֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, מֶענֶער, אִיהְר זֶענְט בְּרִידֶער; וָוארוּם טְהוּט אִיהְר
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אוּנְרֶעכְט? 27 אָבֶּער דֶער וָואס הָאט זַיין חַבֵר אוּנְרֶעכְט
גֶעטְהוּן הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעשְׁטִיפְּט אוּן גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט צוּם
פִירְשְׁטֶען אוּן רִיכְטֶער אִיבֶּער אוּנְז? 28 ווִילְסְט דוּא מִיךְ טוֹיט שְׁלָאגֶען, אַזוֹי
ווִיא דוּא הָאסְט נֶעכְטֶען דֶעם מִצְרִי טוֹיט גֶעשְׁלָאגֶען? 29 אַזוֹי אִיז מֹשֶׁה אַנְטְ־
לָאפֶען אִיבֶּער דִיזֶע רֶעדֶע, אוּן אִיז אַ פְרֶעמְדֶער גֶעוֶוען אִים לַאנְד מִדְיָן, ווְאוּ
עֶר הָאט צְווֵייא זִיהְן גֶעבּוֹירֶען.

30 אוּן וֶוען פִּיעֶרְצִיג יָאהְר זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען, הָאט זִיךְ אַ מַלְאָךְ צוּ
אִיהְם בֶּעווִיזֶען אִין דֶער מִדְבָּר פוּן דֶעם בַּארְג סִינַי אִין אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר
אִין אַ דָארְנְבּוּשׁ. 31 אוּן וֶוען מֹשֶׁה הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ פֶערְ־
וָואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דֶער עֶרְשֵׁיינוּנְג. אוּן ווִיא עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ בֶּעטְרַאכְ־
טֶען, אִיז אַ קוֹל פוּן דֶעם הַאר'ן צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען; 32 אִיךְ בִּין דֶער גָאט
פוּן דַיינֶע אָבוֹת, דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּן פוּן יִצְחָק, אוּן פוּן יַעֲקֹב. אוּן
מֹשֶׁה הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּן הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואגְט צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען. 33 אוּן
דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, טְהוּא אוֹיס דִיא שִׁיךְ פוּן דַיינֶע פִּיס, וָוארִין
דֶער אָרְט אוֹיף דֶעם דוּא שְׁטֶעהְסְט אִיז הֵיילִיגֶער גְרוּנְד. 34 אִיךְ הָאבּ
אָנְגֶעזֶעהֶען דָאס לֵיידֶען פוּן מֵיין פָאלְק וָואס אִיז אִין מִצְרַיִם, אוּן הָאבּ
גֶעהֶערְט זֵייעֶר זִיפְצֶען, אוּן אִיךְ בִּין אַרוּפְּגֶעקוּמֶען זַייא אוֹיסְצוּלֶעזֶען; אוּן נוּן
קוּם, אִיךְ וֶועל דִיךְ קֵיין מִצְרַיִם שִׁיקֶען. 35 דִיזֶען מֹשֶׁה וָואס זַייא הָאבֶּען
פֶערלֵייקֶענְט אוּן גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט צוּם פִירְשְׁטֶען אוּן רִיכְטֶער?
דִיזֶען הָאט גָאט צוּם פִירְשְׁטֶען אוּן דֶערְלֶעזֶער גֶעשִׁיקְט, דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ
וָואס הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם אִים דָארְנְבּוּשׁ בֶּעווִיזֶען. 36 דִיזֶער הָאט זַייא אַרוֹיסְ־
גֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאט ווְאוּנְדֶער אוּן צֵייכֶען גֶעטְהוּן אִים לַאנְד מִצְרַיִם אוּן בֵּיים
יַם סוּף אוּן אִין דֶער מִדְבָּר פִּיעֶרְצִיג יָאהְר. 37 דִיזֶער אִיז דֶער מֹשֶׁה וָואס הָאט
צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעזָאגְט, דֶער הַאר גָאט וֶועט צוּ אֵייךְ פוּן אֵייעֶרֶע
בְּרִידֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ נָבִיא ווִיא מִיךְ. 38 דִיזֶער אִיז דֶער וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין
דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין דֶער מִדְבָּר, מִיט דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט צוּ אִיהְם
גֶערֶעט אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי, אוּן מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, דֶער הָאט דִיא רֶעד
פוּן לֶעבֶּען דֶערְהַאלְטֶען זַייא אוּנְז צוּ גֶעבֶּען; 39 וֶועלְכֶעם אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט גֶעהָארְכֶען, נֵייעֶרְט הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אוּן
אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער קֵיין מִצְרַיִם צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט. 40 אוּן זַייא הָאבֶּען צוּ אַהֲרֹן
גֶעזָאגְט, מַאךְ אוּנְז גֶעטֶער וָואס זָאלֶען פָאר אוּנְז גֶעהֶען; וָוארִין דִיזֶער מֹשֶׁה
וָואס הָאט אוּנְז פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט, ווִיסֶען מִיר נִיט וָואס

שמות ג׳ ו׳. 32 שמות ג׳ ה׳. 33 שמות ג׳ ז׳, ח׳, י׳. 31
דברים יח׳ טו׳, יח׳. 37 שמות לב׳ א׳, כג׳. 40

אִיז צוּ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען. [41] אוּן זֵייא הָאבֶּען אֵיין עֵגֶל גֶעמַאכְט אִין יֶענֶע טֶעג,
אוּן הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַ קָרְבָּן צוּם אָפְּגָאט, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט אִין
דִיא װֶערְק פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד. [42] אָבֶּער גָאט הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט
זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא הֶערְשַׁארֶען פוּן דֶעם הִימֶעל צוּ דִינֶען, אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִים בּוּךְ פוּן דִיא נְבִיאִים,

הָאט אִיהְר צוּ מִיר זְבָחִים אוּן מְנָחוֹת מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען פִירְצִיג יָאהְר
אִין דֶער מִדְבָּר, אִיהְר הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל?
[43] אוּן אִיהְר הָאט דָאס גֶעצֶעלְט פוּן מוֹלֶךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען,
אוּן דֶעם שְׁטֶערְן פוּן דֶעם גָאט רֶעפַאן,
דִיא בִּילְדֶער וָואס אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ צוּ זֵייא
בִּיקֶען;
אוּן אִיךְ װֶעל אֵייךְ פֶערְטְרֵייבֶּען צוּ יֶענֶער זֵייט פוּן בָּבֶל.

[44] אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען דָאס מִשְׁכַּן הָעֵדוּת אִין דֶער מִדְבָּר גֶעהַאט, אַזוֹי וִויא
עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען דֶער הָאט צוּ מֹשֶׁה גֶערֶעט, אַז עֶר זָאל עֶס מַאכֶען
נָאךְ דֶער גֶעשְׁטַאלְט וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען. [45] װֶעלְכֶעס אוּנְזֶערֶע אָבוֹת
הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אוֹיךְ מִיט יְהוֹשֻׁעַ אִין דֶער עֶרְבְּשַׁאפְט
פוּן דִיא גוֹיִם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, װֶעלְכֶע גָאט הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פָאר אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת, בִּיז צוּ דִיא טֶעג פוּן דָוִד; [46] דֶער הָאט גְנָאד פָאר גָאט גֶעפִינֶען, אוּן
הָאט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל גֶעפִינֶען אַ וְואוֹינוּנְג פַאר דֶעם גָאט פוּן יַעֲקֹב.
[47] אָבֶּער שְׁלֹמֹה הָאט אִיהְם אַ הוֹיז גֶעבּוֹיעֶט. [48] אָבֶּער דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וְואוֹינְט
נִיט אִין טֶעמְפֶּעל וָואס זֶענֶען מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט, אַזוֹי וִויא דֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט,
[49] דֶער הִימֶעל אִיז מֵיין שְׁטוּהְל,
אוּן דִיא עֶרְד דִיא פוּסְבַּאנְק פוּן מֵיינֶע פִים;
וָואסְפַאר אַ הוֹיז װֶעט אִיהְר מִיר בּוֹיעֶן, זָאגְט דֶער הַאר,
אָדֶער וָואס אִיז דֶער אָרְט פוּן מֵיינֶע רוּה?
[50] הָאט נִיט מֵיינֶע הַאנְד דָאס אַלֶעס גֶעמַאכְט?

[51] אִיהְר הַארְטְנֶעקִיגֶע אוּן אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶענֶע אִין הֶערְצֶער אוּן אוֹיעֶרֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג
וִוידֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, אַזוֹי וִויא אֵייעֶרֶע אָבוֹת אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר.
[52] װֶעלְכֶען פוּן דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען אֵייעֶרֶע אָבוֹת נִיט פֶערְפָאלְגְט? אוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעטֵייטֶעט דִיא וָואס הָאבֶּען אוֹיף דֶעם קוּמֶען פוּן דֶעם צַדִיק פָארְאוֹיס־
גֶעזָאגְט, פוּן דֶעם אִיהְר זֶענְט אַצוּנְד דִיא פֶערְרֶעטֶער אוּן מֶערְדֶער גֶעוָוארֶען;
[53] וָואס אִיהְר הָאט דִיא תּוֹרָה אַנְגֶענוּמֶען, אוֹיךְ אַנָארְדְנוּנְגֶען פוּן מַלְאָכִים, אוּן
הָאט זִיא נִיט גֶעהַאלְטֶען.

[54] אוּן װֶען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶס אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער
גֶעשְׁטָאכֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען קְנֶעגֶען אִיהְם מִיט דִיא צֵיין גֶעקְרִיצְט. [55] אָבֶּער
עֶר אִיז דֶערְפִילְט גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, אוּן הָאט קֶעגֶען הִימֶעל
אַרוֹיפְגֶעבְּלִיקְט, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט, אוּן יֵשׁוּעַ

עמוס ה׳ כה׳־כז׳, [42] שמות כה׳ מ׳, [44] ישעיה סו׳ א׳, ב׳, [49]

שטעהענדיג צו דיא רעכטע האנד פון גאט; 56 און ער האט געזאגט, זעה, איך
זעה דעם הימעל אפען, און דעם בן אדם צו דיא רעכטע האנד פון גאט
שטעהען. 57 און זייא האבען געשריגען מיט א הויך קול, און האבען זיך דיא
אויערען צוגעהאלטען, און זענען מיט אמאל אויף איהם געפאלען, 58 און
האבען איהם אויס דער שטאדט ארויסגעווארפען, און האבען איהם געשטיי-
ניגט. און דיא עדות האבען זייערע קליידער אנידערגעלעגט ביי דיא פיס פון
א יונגען מאן, וואס האט געהייסען שאול. 59 אזוי האבען זייא סטעפאנוס
געשטייניגט, בשעת ער האט אויסגערופען און געזאגט, האר ישוע, זייא מקבל
מיין גייסט. 60 און ער האט אנידערגעקניעט און האט געשריגען מיט א הויך
קול, האר, רעכען צו זייא ניט דיזע זינד. און ווען ער האט דאס געזאגט,
איז ער אנטשלאפען געווארען. און שאול האט איינגעווילigט צו זיין
טויט.

ח 1 און עס איז געשעהען אין יענער צייט א גרויסע פערפאלגונג קעגען
דער געמיינדע וואס איז אין ירושלים געוועזען; און זייא אלע זענען צושפרייט
געווארען אין דיא לענדער פון יהודה און שמרון, אויסער דיא אפאסטעל. 2 און
פרומע מענשען האבען סטעפאנוס בעגראבען, און האבען א גרויסען הספד
איבער איהם געמאכט. 3 אבער שאול האט דיא געמיינדע צושטערט, און איז
אין דיא הייזער ארומגעגאנגען, און האט מענער און פרויען געשלעפט, און
האט זייא אין געפענגניס איבערגעגעבען.

4 דרום דיא וואס זענען צושפרייט געוועזען זענען ארומגעגאנגען און האבען
דאס ווארט געפרעדיגט. 5 און פיליפוס איז אראפגעקומען צו דער שטאדט
שמרון, און האט צו זייא דעם משיח געפרעדיגט. 6 און דיא לייט האבען
מיט כונה צוגעהארכט צו דעם וואס פיליפוס האט גערעט, ווייל זייא האבען
דיא וואונדער געהערט און געזעהען וואס ער האט געטהון. 7 וואריין אונריינע
גייסטער זענען פון פילע ארויסגעקומען, און האבען געשריגען מיט א הויך
קול; און פילע גיכטבריכיגע און קרומע זענען געהיילט געווארען; 8 און עס
איז א גרויסע שמחה אין יענער שטאדט געווארען.

9 און א געוויסער מאן וואס האט געהייסען שמעון איז פריהער געוועזען אין דער
שטאדט א צויבערער, און האט דאס פאלק פון שמרון בעצויבערט, און האט זיך
אויסגעגעבען פאר א גרויסען מאן. 10 צו דעם האבען זייא אלע צוגעהארכט פון
קליין ביז גרויס און האבען געזאגט, דיזער איז דיא גבורה פון גאט וואס האט געהייסען
דיא גרויסע. 11 און זייא האבען איהם צוגעהערט, ווייל ער האט זייא א לאנגע
צייט מיט כישוף בעצויבערט. 12 אבער ווען זייא האבען פיליפוס געגלויבט
ווען ער האט געפרעדיגט דיא בשורה טובה פון דעם קעניגרייך פון גאט און
פון דעם נאמען פון ישוע המשיח, זענען זייא געטובלט געווארען, מענער און
פרויען. 13 און שמעון זעלבסט האט אויך געגלויבט און איז געטובלט געווא-
רען, און איז בעשטענדיג מיט פיליפוס געוועזען, און ווען ער האט דיא צייכען
און גרויסע וואונדער געזעהען וואס זענען געשעהען, האט ער זיך געוואונדערט.

14 אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל וָואס זֶענֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז
שֹׁמְרוֹן הָאט אָנְגֶענוּמֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא
פֶּעטְרוּס אוּן יוֹחָנָן גֶעשִׁיקְט. 15 אוּן זֵייא זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען פַאר
זֵייא גֶעבֶּעטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ דֶערְהַאלְטֶען; 16 וָוארִין עֶר
אִיז נָאךְ נִיט אוֹיף קֵיינֶעם פוּן זֵייא גֶעפַאלֶען, נוּר זֶענֶען זֵייא גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוא־
רֶען אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר׳ן יֵשׁוּעַ. 17 דַאן הָאבֶּען זֵייא דִיא הֶענְד
אוֹיף זֵייא גֶעלֶעגְט, אוּן זֵייא הָאבֶּען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ דֶערְהַאלְטֶען. 18 אוּן
וֶוען שִׁמְעוֹן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ
דֶער אוֹיפְלֶעגוּנְג פוּן דִיא הֶענְד פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל, הָאט עֶר זֵייא גֶעלְד אָנְגֶע־
בָּאטֶען 19 אוּן גֶעזָאגְט, גִיבְּט מִיר אוֹיךְ דִיזֶע מַאכְט, אַז אוֹיף וֶועמֶען אִיךְ
וֶועל דִיא הֶענְד לֶעגֶען זָאל עֶר דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ דֶערְהַאלְטֶען. 20 אָבֶּער
פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז דֵיין גֶעלְד מִיט דִיר פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען,
ווייל דוּא הָאסְט גֶעדֶענְקְט דִיא גָאבּ פוּן גָאט פַאר גֶעלְד צוּ בֶּעקוּמֶען. 21 דוּא
הָאסְט נִיט קֵיין טְהֵייל אוּן קֵיין גוֹרָל אִין דִיזֶער זַאךְ; וָוארִין דֵיין הַארְץ אִיז
נִיט אוֹיפְרִיכְטִיג צוּ גָאט. 22 דְרוּם טְהוּא תְּשׁוּבָה פַאר דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן
בֶּעט דֶעם הַאר׳ן, טָאמֶער וֶועט דִיר דֶער גֶעדַאנְקֶען פוּן דֵיין הַארְץ פֶערְגֶעבֶּען
וֶוערֶען; 23 וָוארִין אִיךְ זֶעה אַז דוּא בִּיסְט אִין דֶער גַאל פוּן בִּיטֶערְנִיס אוּן אִין
דֶעם בַּאנְד פוּן אוּנְרֶעכְט. 24 אוּן שִׁמְעוֹן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, בֶּעט
אִיהְר צוּם הַאר׳ן פַאר מִיר, אַז עֶס זָאל אוֹיף מִיר נִיט קוּמֶען קֵיינְס פוּן דִיא
זַאכֶען וָואס אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט.

25 דְרוּם וֶוען זֵייא הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט אוּן הָאבֶּען דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר׳ן
גֶערֶעט, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט
אִין פִילֶע דֶערְפֶער פוּן שֹׁמְרוֹן.

26 אוּן אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר׳ן הָאט צוּ פִילִיפּוֹס גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה
אוֹיף אוּן גֶעה קֶעגֶען דָרוֹם זֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג וָואס גֶעהְט אַרוּפּ פוּן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין
עַזָה; דֶער אִיז וִויסְט. 27 אוּן עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען. אוּן
זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן כּוּשׁ, אַ סָרִיס, וָואס אִיז אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער גֶעוֶועזֶען
בַּייא קַאנְדַאק דֶער קֶענִיגִין פוּן דִיא כּוּשִׁים, אוּן אִיז אִיבֶּער אִיהְר גַאנְצֶען
שַׁאץ גֶעזֶעצְט גֶעוָוארֶען, דֶער אִיז קֵיין יְרוּשָׁלַיִם גֶעקוּמֶען אָנְצוּבֶּעטֶען. 28 אוּן
עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּן אִיז אִין זֵיין וָואגֶען גֶעזֶעסֶען אוּן הָאט יְשַׁעְיָה
הַנָּבִיא גֶעלֵיינְט. 29 אוּן דֶער גֵייסְט הָאט צוּ פִילִיפּוֹס גֶעזָאגְט, גֶעה צוּ, אוּן
בֶּעהֶעפְט דִיךְ צוּ דִיזֶעם וָואגֶען. 30 אוּן פִילִיפּוֹס אִיז צוּגֶעלָאפֶען אוּן הָאט אִיהְם
גֶעהֶערְט לֵיינֶען יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְשְׁטֶעהְסְט דוּא וָואס דוּא
לֵיינְסְט? 31 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי זָאל אִיךְ קֶענֶען, סַיידֶען אֵיימֶעצֶער
וֶועט מִיךְ בֶּעלֶעהְרֶען? אוּן עֶר הָאט פִילִיפּוֹס גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אוֹיפְ־
שְׁטֵייגֶען אוּן זָאל מִיט אִיהְם זִיצֶען. 32 אוּן דֶער אָרְט אִין דֶער שְׁרִיפְט וָואס
עֶר הָאט גֶעלֵיינְט אִיז דָאס גֶעוֶועזֶען,

32 ישעיה נג׳ ז׳, ח׳.

עֶר אִיז גֶעפִּיהְרְט גֶעוֶוען וִויא אַ שָׁאף צוּם שֶׁעכְטֶען,
און אַזוֹי וִויא אַ לַאם פָאר זַיינֶע שֶׁערֶער אִיז שְׁטוּם,
אַזוֹי הָאט עֶר זַיין מוֹיל נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט.
33 אִין זַיינֶע נִידְרִיגְקֵייט אִיז זַיין גֶערִיכְט אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען;
און וֶוער וֶועט דֶערְצֶעהְלֶען זַיין דוֹר?
וָוארִין זַיין לֶעבֶּען אִיז פוּן דֶער עֶרְד אַוֶועקְגֶענוּמֶען.
34 און דֶער סָרִיס הָאט פִּילִיפּוּס גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, פוּן
וֶועמֶען רֶעט דָאס דֶער נָבִיא? פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אָדֶער פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען?
35 און פִּילִיפּוּס הָאט זַיין מוֹיל אוֹיפְגֶעמַאכְט און הָאט פוּן דִיזֶער שְׁרִיפְט אָנְגֶע-
הוֹיבֶּען, און הָאט צוּ אִיהְם גֶעפְּרֶעדִיגְט יֵשׁוּעַ. 36 און וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעפָאהְרֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג, זֶענֶען זֵייא צוּ אַ וַואסֶער גֶעקוּמֶען, און דֶער סָרִיס הָאט
גֶעזָאגְט, זֶעה, דָא אִיז וַואסֶער, וָואס הִינְדֶערְט מִיךְ גֶעטוֹבֶלְט צוּ וֶוערֶען? 38 און
עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען דֶעם וָואגֶען שְׁטֶעהֶען בְּלֵייבֶּען, און זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע אִים
וַואסֶער אַרוּפְּגֶענַאנְגֶען, פִּילִיפּוּס און דֶער סָרִיס, און עֶר הָאט אִיהְם גֶעטוֹבֶלְט.
39 און וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם וַואסֶער, הָאט דֶער גֵייסְט פוּן
דֶעם הַאר'ן פִּילִיפּוּס אַוֶועקְגֶענוּמֶען, און דֶער סָרִיס הָאט אִיהְם נִיט מֶעהְר
גֶעזֶעהֶען, וָוארִין עֶר אִיז זַיין וֶועג גֶעגַאנְגֶען און הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט. 40 אָבֶּער
פִּילִיפּוּס אִיז אִין אַשְׁדוֹד גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען, און אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען און הָאט
גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט בִּיז עֶר אִיז קֵיין קֵיסָרִין גֶעקוּמֶען.

ט 1 און שָׁאוּל הָאט נָאךְ שְׁרֶעקֶען און רְצִיחָה גֶעאָטְמֶעט קֶעגֶען דִיא תַּלְמִידִים
פוּן דֶעם הַאר'ן, און אִיז צוּם כֹּהֵן גָדוֹל גֶעקוּמֶען, 2 און הָאט פוּן אִיהְם פֶערְ-
לַאנְגְט בְּרִיף קֵיין דַמֶשֶׂק צוּ דִיא שׁוּלֶען, אַז וֶוען עֶר וֶועט עֶטְלִיכֶע גֶעפִינֶען
וָואס זֶענֶען פוּן דִיזֶעם וֶועג, מֶענֶער אָדֶער פְרוֹיעֶן, אַזוֹי זָאל עֶר זֵייא בְּרֶענְגֶען
גֶעבּוּנְדֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם.

3 און וִויא עֶר אִיז גֶעפָאהְרֶען, אִיז עֶר נָאהֶענְט צוּ דַמֶשֶׂק גֶעקוּמֶען, און פְּלוּצְ-
לִינְג הָאט אַ לִיכְט פוּן הִימֶעל אַרוּם אִיהְם גֶעשַׁיינְט, 4 און עֶר אִיז צוּ דֶער
עֶרְד גֶעפַאלֶען, און הָאט גֶעהֶערְט אַ קוֹל וָואס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שָׁאוּל,
שָׁאוּל, וַוארוּם פֶערְפָאלְגְסְט דוּא מִיךְ? 5 און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער בִּיסְט
דוּא, הַאר? און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יֵשׁוּעַ דֶעם דוּא פֶערְפָאלְגְסְט;
6 אָבֶּער שְׁטֶעה אוֹיף און גֶעה אִין דֶער שְׁטָאדְט, און עֶס וֶועט דִיר גֶעזָאגְט
וֶוערֶען וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן. 7 און דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעפָאהְרֶען זֶענֶען פֶערְשְׁטוּמְט גֶעשְׁטַאנֶען און הָאבֶּען דָאס קוֹל גֶעהֶערְט, אָבֶּער
זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען. 8 און שָׁאוּל אִיז פוּן דֶער עֶרְד אוֹיפְגֶעשְׁטַא-
נֶען, און וֶוען עֶר הָאט דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט, הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעזֶעהֶען;
און זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִיהְרְט בַּייא דֶער הַאנְד און הָאבֶּען אִיהְם קֵיין דַמֶשֶׂק

37 און פִּילִיפּוּס הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא גְלוֹיבְּסְט מִיט דַיין גַאנְצֶען הַארְץ, מֶעגְסְט
דוּא. און עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט און גֶעזָאגְט, אִיךְ גְלוֹיבּ אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז
דֶער זוּהְן פוּן גָאט.

גֶעבְּרַאכְט. 9 און עֶר אִיז דְרַייא טֶעג גֶעוֶוען נִיט זֶעהֶענְדִיג, און הָאט נִיט
גֶעגֶעסֶען און נִיט גֶעטְרוּנְקֶען.
10 און עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ גֶעווִיסֶער תַּלְמִיד אִין דַמֶשֶׂק וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
חֲנַנְיָה, און דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם אִין אֵיין עֶרְשֵׁיינוּנְג גֶעזָאגְט, חֲנַנְיָה. און
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ בִּין עֶר, הַאר. 11 און דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף און גֶעה צוּ דֶער גַאס וָואס הֵייסְט דִיא גְלַייכֶע גַאס, און
פְרֶעג אִים הויז פוּן יְהוּדָה אוֹיף אַ מַאן וָואס הֵייסְט שָׁאוּל פוּן תַּרְשִׁישׁ;
וָוארִין זֶעה, עֶר בֶּעט, 12 און הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אַ מַאן וָואס הֵייסְט
חֲנַנְיָה אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, און הָאט דִיא הַאנְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט,
אַז עֶר זָאל זֶעהֶענְדִיג וֶוערֶען. 13 און חֲנַנְיָה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר, אִיךְ הָאבּ
פוּן פִילֶע גֶעהֶערְט וֶועגֶען דִיזֶעם מַאן, וִויא פִיל שְׁלֶעכְטֶעס עֶר הָאט גֶעטְהוּן
צוּ דֵיינֶע הֵיילִיגֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם; 14 און דָא הָאט עֶר מַאכְט פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים צוּ בִּינְדֶען אַלֶע וָואס רוּפֶען אָן דֵיין נָאמֶען. 15 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַהִין; וָוארִין עֶר אִיז מִיר אֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע כְּלִי,
אַז עֶר זָאל מֵיין נָאמֶען טְרָאגֶען פָאר דִיא גוֹיִם און מְלָכִים און דִיא קִינְדֶער
פוּן יִשְׂרָאֵל; 16 וָוארִין אִיךְ וֶועל אִיהְם וֵוייזֶען וִויא פִילֶע זַאכֶען עֶר מוּז פוּן מֵיין
נָאמֶענְס וֶועגֶען לֵיידֶען. 17 און חֲנַנְיָה אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, און אִיז אִים הויז
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, און הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט און גֶעזָאגְט, בְּרוּדֶער
שָׁאוּל, דֶער הַאר יֵשׁוּעַ, דֶער הָאט זִיךְ צוּ דִיר בֶּעווִיזֶען אִים וֶועג וָואס דוּא
בִּיסְט גֶעקוּמֶען, הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אַז דוּא זָאלְסְט זֶעהֶענְדִיג וֶוערֶען, און זָאלְסְט
דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. 18 און גְלֵייךְ זֶענֶען פוּן זֵיינֶע אוֹיגֶען
וִויא שׁוּפֶּען אַרוּפְגֶעפַאלֶען, און עֶר אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, און אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
און אִיז גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען, 19 און הָאט שְׁפֵּייז גֶענוּמֶען און אִיז גֶעשְׁטַארְקְט גֶעוֶוען.
און עֶר אִיז עֶטְלִיכֶע טֶעג גֶעוֶוען מִיט דִיא תַּלְמִידִים וָואס זֶענֶען אִין דַמֶשֶׂק,
20 און גְלֵייךְ הָאט עֶר אִין דִיא שׁוּלֶען גֶעפְּרֶעדִיגְט יֵשׁוּעַ, אַז עֶר אִיז דֶער זוּהְן
פוּן גָאט. 21 און אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען
און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז דִיזֶער נִיט דֶער וָואס הָאט פֶערְשְׁטֶערְט אִין יְרוּשָׁלַיִם
דִיא וָואס הָאבֶּען דִיזֶען נָאמֶען אָנְגֶערוּפֶען, און אִיז פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַהֶער
גֶעקוּמֶען, אַז עֶר זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען גֶעבּוּנְדֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים? 22 אָבֶּער
שָׁאוּל הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁטַארְקְט, און הָאט פֶערְטוּמֶעלְט דִיא יוּדֶען
וָואס הָאבֶּען אִין דַמֶשֶׂק גֶעווָאוֹינְט, וָוארִין עֶר הָאט בֶּעווִיזֶען אַז דִיזֶער אִיז
דֶער מָשִׁיחַ.
23 און וֶוען עֶטְלִיכֶע טֶעג זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען דִיא יוּדֶען
אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אִיהְם צוּ הַרְגֶענֶען. 24 אָבֶּער זֵייעֶר עֵצָה אִיז צוּ שָׁאוּל
אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען. און זֵייא הָאבֶּען דִיא טוֹיעֶרֶען גֶעווַאכְט טָאג און נַאכְט אַז
זֵייא זָאלֶען אִיהְם הַרְגֶענֶען. 25 אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען, און
הָאבֶּען אִיהְם בֵּייא נַאכְט פוּן דֶער מוֹיעֶר אִין אַ קָארְבּ אַרוּפְגֶעלָאזְט.
26 און וֶוען עֶר אִיז קֵיין יְרוּשָׁלַיִם גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָואלְט צוּ דִיא

תַּלְמִידִים בֶּעהָעפְטֶען. אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פַאר אִיהְם גֶעפָארְכְטֶען,
וָואָרִין זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אַז עֶר אִיז אַ תַּלְמִיד. 27 אָבֶּער בַּרְנַבָּא הָאט
אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען, אוּן הָאט אִיהְם צוּ דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאט זַייא
דֶערְצֶעהְלְט וִויא עֶר הָאט דֶעם הַאר'ן אוֹיף דֶעם וֶועג גֶעזֶעהֶען, אוּן אַז עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, אוּן וִויא עֶר הָאט אִין דַמֶשֶׂק מוּטִיג גֶעפְּרֶעדִיגְט אִים
נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ. 28 אוּן עֶר אִיז מִיט זַייא אַיין אוּן אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם,
אוּן הָאט מוּטִיג גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן, 29 אוּן הָאט
גֶערֶעט אוּן גֶעטַענְהֶעט קֶעגֶען דִיא גְרֶעקִישֶׁע יוּדֶען; אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ
אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען זַייא זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען. 30 אוּן וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען
דָאס גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זַייא אִיהְם קַיין קֵיסָרִין אַרוּפְּגֶעבְּרַאכְט, אוּן
הָאבֶּען אִיהְם קַיין תַּרְשִׁישׁ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט.

31 אַזוֹי הָאט דִיא גֶעמֵיינְדֶע אִין גַאנְץ יְהוּדָה אוּן אִין גָלִיל אוּן שֹׁמְרוֹן
פְרִידֶען גֶעהַאט אוּן הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט; אוּן הָאט גֶעוַואנְדֶעלְט אִין דֶער
פָארְכְט פוּן דֶעם הַאר'ן אוּן אִים טְרֵייסְט פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּן הָאט זִיךְ
פֶערְמֶעהְרְט.

32 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען פֶּעטְרוּס אִיז אַלֶע עֶרְטֶער דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, אַז
עֶר אִיז אוֹיךְ אַרוּפְּגֶעקוּמֶען צוּ דִיא הֵיילִיגֶע וָואס הָאבֶּען אִין לוּד גֶעוְואוֹינְט.
33 אוּן עֶר הָאט דָארְט גֶעפִינֶען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אֲנֵיָס, וָואס אִיז אַ
גִיכְטְבְּרִיכִיגֶער גֶעוֶוען, אוּן אִיז אַכְט יָאהְר אוֹיף אַ בֶּעט גֶעלֶעגֶען. 34 אוּן פֶּעטְרוּס
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֲנֵיָס, יֵשׁוּעַ דֶער מָשִׁיחַ הֵיילְט דִיךְ: שְׁטֶעה אוֹיף אוּן
מַאךְ אַלֵיין דַיין בֶּעט. אוּן גְלֵייךְ אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. 35 אוּן אַלֶע וָואס
הָאבֶּען אִין לוּד אוּן אִין שָׁרוֹן גֶעוְואוֹינְט הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאבֶּען
זִיךְ צוּם הַאר'ן צוּגֶעקֶעהְרְט.

36 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין יָפוֹ אַ תַּלְמִידָה וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען טָבִיתָא, וָואס
אִיז פֶערְטֵייטְשְׁט דָארְכַּאס. זִיא אִיז פוּל גֶעוֶוען מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים אוּן
נְדָבוֹת, וָואס זִיא הָאט גֶעטְהוּן. 37 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין יֶענֶע טֶעג אַז זִיא
אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען; אוּן זַייא הָאבֶּען זִיא גֶעוַואשֶׁען, אוּן
אִין אַיין אוֹיבֶּערֶע שְׁטוּב גֶעלֶעגְט. 38 אוּן וַוייל לוּד אִיז נָאהֶענְט צוּ יָפוֹ, הָאבֶּען
דִיא תַּלְמִידִים גֶעהֶערְט אַז פֶּעטְרוּס אִיז דָארְט, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם צְווייא מֶע־
נֶער גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זִיךְ נִיט זָאמֶען צוּ זַייא צוּ קוּמֶען.
39 אוּן פֶּעטְרוּס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז מִיט זַייא גֶעגַאנְגֶען. אוּן וֶוען עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זַייא אִיהְם אִין דִיא אוֹיבֶּערֶע שְׁטוּב אַרוֹיפְגֶעפִיהְרְט, אוּן
אַלֶע אַלְמָנוֹת זֶענֶען בַּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען גֶעוֵויינְט, אוּן הָאבֶּען
דִיא רֶעק אוּן קְלֵיידֶער גֶעוִויזֶען וָואס דָארְכַאס הָאט גֶעמַאכְט וֶוען זִיא אִיז
צְווִישֶׁען זַייא גֶעוֶוען. 40 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט אַלֶע אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט
גֶעקְנִיעֶט אוּן גֶעבֶּעטֶען, אוּן הָאט זִיךְ צוּם מֵת גֶעקֶעהְרְט אוּן גֶעזָאגְט, טָבִיתָא,
שְׁטֶעה אוֹיף. אוּן זִיא הָאט דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּן וֶוען זִיא הָאט
פֶּעטְרוּס גֶעזֶעהֶען הָאט זִיא זִיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט. 41 אוּן עֶר הָאט אִיהְר דִיא הַאנְד

געגעבען און האָט זיא אויפגעשטעלט; און ער האָט דיא הייליגע און דיא
אַלמָנות גערופען, און האָט זיא פאָר זייא לעבענדיג געשטעלט. 42 און דאָס
איז בעקאַנט געוואָרען אין גאַנץ יָפו, און פילע האָבען אין דעם האַר'ן געגלויבּט.
43 און ער האָט עטליכע טעג אין יָפו געוואוינט בּייא אַ געוויסען שִמעון, אַ
גאַרבּער.
י 1 און עס איז געוועזען אין קיסרין אַ מאַן וואָס האָט געהייסען קָרנֵליוס, איין אויבּערשְ־
טער פון דעם חַיִל וואָס איז גערופען דאָס אִטַלְיענישע חַיִל, 2 דער איז פרום
געוועזען און גאָטעספאָרכטיג מיט זיין גאַנצען הויזגעזינד, און האָט פיל נְדָבות צו
דעם פאָלק געגעבען, און האָט צו גאָט בעשטענדיג געבעטען. 3 ער האָט קלאָר
אין איין ערשיינונג געזעהען אַזוי וויא קעגען דיא ניינטע שָעה פון דעם טאָג,
אַ מַלאָך פון גאָט צו איהם קומען און זאָגען, קָרנֵליוס. 4 און ער האָט איהם
אָנגעזעהען און האָט זיך דערשראָקען און געזאָגט, וואָס איז עס, האַר? און ער
האָט צו איהם געזאָגט, דיינע תְפִילות און דיינע נְדָבות זענען אויפגעגאַנגען
צו אַנדענקען פאָר גאָט. 5 און אַצונד שיק קיין יָפו מענער, און רוף אַ געווי־
סען שִמעון, וואָס הייסט פֶּעטרוס; 6 ער שטעהט איין בּייא אַ געוויסען שִמעון
אַ גאַרבּער, וואָס האָט אַ הויז בּיים יַם. 7 און ווען דער מַלאָך וואָס האָט מיט
איהם גערעדט איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער גערופען צְווייא פון דיא הויזקנעכט,
און אַ פרומען סאָלדאַטען פון דיא וואָס זענען בעשטענדיג מיט איהם געוועזען;
8 און ווען ער האָט זייא אַלעס דערצעהלט, האָט ער זייא קיין יָפו געשיקט,
9 און דעם אַנדערען טאָג, ווען זייא זענען אויף דעם וועג געוועזען, און זענען
נאָהענט צו דער שטאָדט געקומען, איז פֶּעטרוס אַרויפגעגאַנגען אויף דעם
דאַך קעגען דיא זעקסטע שָעה אום צו בעטען. 10 און ער איז זעהר הונגריג
געוואָרען, און האָט געוואָלט עסען; אָבּער דערווייל זייא האָבען אָנגעבּרייט
איז ער אין איין אַנטציקונג געפאַלען, 11 און האָט דעם הימעל אָפען געזעהען,
און אַ געפעס אַרופקומען אַזוי וויא אַ גרויס לַיילעך, בּייא דיא פיער עקען
אויף דער ערד אַרופגעלאָזט. 12 און עס זענען דרינען געוועזען אַלערלייא פיער־
פיסיגע חַיות און געווערם פון דער ערד, און פייגעל פון דעם הימעל. 13 און
עס איז אַ קול צו איהם געקומען, שטעה אויף פֶּעטרוס, שעכט און עס.
14 אָבּער פֶּעטרוס האָט געזאָגט, ניט אַזוי, האַר; וואָרין איך האָבּ קיינמאָל ניט
געגעסען געמיינעס און אונריינעס. 15 און עס איז ווידער אַ צְווייטעס מאָל אַ
קול צו איהם געקומען, דאָס וואָס גאָט האָט גערייניגט, מאַך דוא ניט געמיין.
16 און דאָס איז דרייא מאָל געשעהען; און גלייך איז דאָס געפעס ווידער
אַרויפגענומען אים הימעל.
17 און וויא פֶּעטרוס האָט אין זיך נאָכגעטראַכט וואָס דיא ערשיינונג
בּעדייט וואָס ער האָט געזעהען, זעה, דיא מענער וואָס זענען פון קָרנֵליוס
געשיקט האָבען זיך צום הויז פון שִמעון אָנגעפרעגט, און זענען געשטאַנען
בּייא דעם טויער. 18 און זייא האָבען גערופען און געפרעגט אויבּ שִמעון, וואָס
איז גערופען פֶּעטרוס, שטעהט דאָרט איין. 19 און וויא פֶּעטרוס האָט זיך

בֶּעדַאכְט װֶעגֶען דֶער עֶרְשַׁיינוּנְג, הָאט דֶער גַייסְט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה,
דְרַייא מֶענֶער זוּכֶען דִיךְ; 20 אָבֶּער שְׁטֶעה אוֹיף אוּן קוּם אַרוּפּ אוּן גֶעה מִיט
זַייא, אוּן צְװַייפֶעל נִיט, װָארִין אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעשִׁיקְט. 21 אוּן פֶּעטְרוּס אִיז צוּ
דִיא מֶענֶער אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ בִּין דֶער װֶעמֶען אִיהְר
זוּכְט; װֶעגֶען װָאס זֶענְט אִיהְר גֶעקוּמֶען? 22 אוּן זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קָרְנֵלְיוּס,
אַ הוֹיפְּטְמַאן, אַ גֶערֶעכְטֶער מַאן אוּן גָאטֶעסְפָארְכְטִיגֶער, גוּט בֶּעצֵייגְט פוּן דֶעם
גַאנְצֶען יוּדִישֶׁען פָאלְק, אִיז גֶעוָארְנְט גֶעוֶועֶן פוּן גָאט דוּרְךְ אַ הֵיילִיגֶען מַלְאָךְ
אַז עֶר זָאל דִיךְ צוּ זַיין הוֹיז אֵיינְלַאדֶען, אוּן זָאל װֶערְטֶער פוּן דִיר הֶערֶען.
23 דְרוּם הָאט עֶר זַייא אַרֵיינְגֶערוּפֶען אוּן הָאט זַייא גַאסְטְפְרֵיינְדְשַׁאפְט גֶעוִויזֶען.
אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז מִיט זַייא אַװֶעקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא בְּרִידֶער װָאס זֶענֶען פוּן יָפוֹ גֶעוֶועֶן זֶענֶען מִיט
אִיהְם גֶעגַאנְגֶען. 24 אוּן דֶעם פָאלְגֶענְדֶען טָאג זֶענֶען זַייא אִין קֵיסְרִין אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען. אוּן קָרְנֵלְיוּס הָאט אוֹיף זַייא גֶעוַוארְט, אוּן הָאט זַיינֶע קְרוֹבִים אוּן
פְרֵיינְד צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען. 25 אוּן וִויא פֶּעטְרוּס אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אִיז אִיהְם
קָרְנֵלְיוּס עֶנְטְגֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז אִיהְם צוּ דִיא פִיס גֶעפַאלֶען אוּן הָאט
זִיךְ גֶעבִּיקְט. 26 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה
אוֹיף, אִיךְ זֶעלְבְּסְט בִּין אוֹיךְ אַ מֶענְשׁ. 27 אוּן וִויא עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט
אִיז עֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט פִילֶע גֶעפִינֶען װָאס זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען,
28 אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר װֵייסְט אַז עֶס אִיז אָסוּר צוּ אַ יוּדִישֶׁען מַאן
זִיךְ צוּ בֶּעהֶעפְטֶען אָדֶער אַרֵיינְקוּמֶען צוּ אַ גוֹי; אָבֶּער גָאט הָאט מִיר
גֶעוִויזֶען אַז אִיךְ זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט רוּפֶען גֶעמֵיין אָדֶער אוּנְרֵיין. 29 דְרוּם
הָאבּ אִיךְ נִיט וִידֶערְשְׁטַאנֶען, אוּן בִּין אוֹיךְ גֶעקוּמֶען װֶען אִיךְ בִּין אֵיינְגֶעלַא־
דֶען. דְרוּם פְרֶעג אִיךְ פַארְװָאס אִיהְר הָאט מִיךְ אֵיינְגֶעלַאדֶען? 30 אוּן
קָרְנֵלְיוּס הָאט גֶעזָאגְט, עֶס זֶענֶען פִיעֶר טֶעג בִּיז צוּ דִיזֶער שָׁעָה װֶען אִיךְ הָאבּ
אִין דִיא נֵיינְטֶע שָׁעָה אִין מֵיינֶעם הוֹיז גֶעבֶּעטֶען, אוּן זֶעה, אַ מַאן אִיז פָאר מִיר
גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַ שַׁיינֶענְדִיגֶען קְלֵייד, 31 אוּן הָאט גֶעזָאגְט, קָרְנֵלְיוּס, דֵיין גֶעבֶּעט
אִיז דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן דֵיינֶע נְדָבוֹת זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם אַנְדֶענְקֶען פָאר
גָאט. 32 דְרוּם שִׁיק קֵיין יָפוֹ, אוּן רוּף שִׁמְעוֹן, װָאס אִיז גֶערוּפֶען פֶּעטְרוּס; עֶר
שְׁטֶעהְט אֵיין אִים הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם גַארְבֶּער בֵּיים יַם. 33 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
גְלֵייךְ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּן דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶעטְהוּן אַז דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען.
דְרוּם אַצוּנְד זֶענֶען מִיר אַלֶע דָא פָאר גָאט, צוּ הֶערֶען אַלֶעס װָאס אִיז דִיר
בֶּעפוֹילֶען פוּן דֶעם הַאר'ן. 34 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט זַיין מוֹיל אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּן
גֶעזָאגְט,

אִיךְ זֶעה אִין דֶער װָאהְרְהֵייט אַז גָאט אִיז נִיט קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים, 35 נֵייעֶרְט
אִין אִיטְלִיכֶען פָאלְק דֶער װָאס פָארְכְט זִיךְ פַאר אִיהְם אוּן טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט אִיז בַּייא אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען. 36 עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט דָאס װָארְט צוּ דִיא
קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אָנְצוּזָאגֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן פְרִידֶען װָאס עֶר הָאט מְבַשֵּׂר

36 ישעיה נב׳ ז׳.

גֶעוֶועֶן דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; עֶר אִיז הַאר פוּן אַלֶע. 37 אִיהְר ווייסְט דָאס
וָוארְט וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ גַאנְץ יְהוּדָה, אוּן הָאט זִיךְ אִין גָלִיל אָנְגֶע־
הוֹיבֶּען נָאךְ דֶער טְבִילָה וָואס יוֹחָנָן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט; 38 וִויא גָאט הָאט יֵשׁוּעַ
פוּן נְצָרֶת גֶעזַאלְבְּט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּן מִיט מַאכְט, דֶער אִיז אַרוּמְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּן הָאט גוּטֶעס גֶעטְהוּן אוּן הָאט אַלֶע גֶעהֵיילְט וָואס דֶער שָׂטָן הָאט
אִיבֶּער זֵייא גֶעוֶועלְטִיגְט, וָוארִין גָאט אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועֶן. 39 אוּן מִיר זֶענֶען
עֵדוּת אוֹיף אַלֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִים יוּדִישֶׁען לַאנְד אוּן אִין
יְרוּשָׁלַיִם; דֶעם זֵייא הָאבֶּען אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען
אוֹיף אַ בּוֹים. 40 דִיזֶען הָאט גָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט אִים דְרִיטֶען טָאג, אוּן הָאט
אִיהְם גֶעלָאזְט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, 41 נִיט צוּם גַאנְצֶען פָאלְק, נֵייעֶרְט צוּ עֵדוּת
וָואס זֶענֶען פְרִיהֶער פוּן גָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט גֶעוָוארֶען, צוּ אוּנְז, וָואס מִיר
הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעגֶעסֶען אוּן גֶעטְרוּנְקֶען נָאכְדֶעם עֶר אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. 42 אוּן עֶר הָאט אוּנְז בֶּעפוֹילֶען צוּ דֶעם פָאלְק פְּרֶעדִיגֶען אוּן
בֶּעצֵייגֶען, אַז דִיזֶער אִיז עֶר דֶער אִיז פוּן גָאט בֶּעשְׁטֶעלְט גֶעוֶועֶן צוּם רִיכְטֶער
פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּן דִיא טוֹיטֶע. 43 אוֹיף אִיהְם בֶּעצֵייגֶען אַלֶע נְבִיאִים, אַז
אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט דוּרְךְ זֵיין נָאמֶען פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד
דֶערְהַאלְטֶען.

44 דֶערְוֵויל פֶּעטְרוּס הָאט נָאךְ דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶערֶעט אִיז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
גֶעפַאלֶען אוֹיף אַלֶע וָואס הָאבֶּען דָאס וָוארְט גֶעהֶערְט. 45 אוּן דִיא גְלוֹיבִּיגֶע
פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס זֶענֶען מִיט פֶּעטְרוּס גֶעקוּמֶען זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט
גֶעוֶועֶן, וָוארִין דִיא מַתָּנָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז אוֹיךְ אוֹיף דִיא גוֹיִם אוֹיסְ־
גֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען; 46 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעהֶערְט לְשׁוֹנוֹת רֶעדֶען אוּן
גָאט דֶערְהֵייבֶען. 47 דַאן הָאט פֶּעטְרוּס גֶעעֶנְטְפֶערְט, קֶען אֵיימִיצֶער וַואסֶער
פֶערְבִּיטֶען, אַז דִיזֶע זָאלֶען נִיט גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען, וָואס הָאבֶּען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
בֶּעקוּמֶען אַזוֹי וִויא אוֹיךְ מִיר? 48 אוּן עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז זֵייא זָאלֶען
גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען אִים נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. דַאן הָאבֶּען זֵייא אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל עֶטְלִיכֶע טֶעג בְּלֵייבֶּען.

יא 1 אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּן דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין יְהוּדָה הָאבֶּען
גֶעהֶערְט אַז דִיא גוֹיִם הָאבֶּען אוֹיךְ דָאס וָוארְט פוּן גָאט אָנְגֶענוּמֶען. 2 אוּן וֶוען
פֶּעטְרוּס אִיז קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זִיךְ דִיא פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג מִיט
אִיהְם גֶעקְרִיגְט 3 אוּן גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא לֵייט וָואס
זֶענֶען עֲרֵלִים, אוּן הָאסְט מִיט זֵייא גֶעגֶעסֶען. 4 אוּן פֶּעטְרוּס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אוּן הָאט זֵייא אִין אָרְדְנוּנְג דֶערְצֶעהְלְט אוּן גֶעזָאגְט; 5 אִיךְ בִּין גֶעוֶועֶן אִין דֶער
שְׁטָאדְט יָפוֹ אוּן הָאבּ גֶעבֶּעטֶען, אוּן אִיךְ הָאבּ אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג אִין אֵיינֶע
אַנְטְצִיקוּנְג גֶעזֶעהֶען, אַ גֶעפֶעס אַרוּפְגֶעקוּמֶען אַזוֹי וִויא אַ גְרוֹיס לֵיילֶעךְ בֵּייא דִיא
פִיעֶר עֶקֶען פוּן הִימֶעל אַרוּפְגֶעלָאזְט, אוּן עֶס אִיז בִּיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען. 6 אוּן וֶוען
אִיךְ הָאבּ דְרוֹיף שַׁארְף גֶעזֶעהֶען הָאבּ אִיךְ עֶס בֶּעטְרַאכְט, אוּן הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא
פִּיעֶרְפִיסִיגֶע חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד, אוּן ווילְדֶע חַיוֹת, אוּן גֶעוֶועֶרְם, אוּן דִיא

פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל. 7 אוּן אִיךְ הָאבּ אַ קוֹל גֶעהֶערְט וָואס הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף, פֶּעטְרוּס, שֶׁעכְט אוּן עֶס. 8 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, נִיט
אַזוֹי, הַאר, וָוארִין קֵיינְמָאל אִיז גֶעמֵיין אָדֶער אוּנְרֵיין אִין מֵיין מוֹיל אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען. 9 אָבֶּער אַ קוֹל הָאט מִיר צוּם צְוֵויישֶׁען מָאל פוּן הִימֶעל גֶעעֶנְטְפֶערְט,
דָאס וָואס גָאט הָאט גֶערֵיינִיגְט, מַאךְ דוּא נִיט גֶעמֵיין. 10 אוּן דָאס אִיז דְרֵייא
מָאל גֶעשֶׁעהֶען, אוּן אַלֶעס אִיז וִוידֶער אִים הִימֶעל אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען. 11 אוּן זֶעה,
גְלֵייךְ זֶענֶען דְרֵייא מֶענֶער גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם הוֹיז ווְאוּ מִיר זֶענֶען גֶעוֶוען,
וָואס זֶענֶען צוּ מִיר פוּן קֵיסְרִין גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען. 12 אוּן דֶער גֵייסְט הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט אַז אִיךְ זָאל מִיט זֵייא גֶעהֶען אוּן זָאל נִיט צְוֵוייפְלֶען. אוּן דִיזֶע
זֶעקְס בְּרִידֶער זֶענֶען אוֹיךְ מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען, אוּן מִיר זֶענֶען אִים הוֹיז פוּן
דֶעם מַאן אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. 13 אוּן עֶר הָאט אוּנְז דֶערְצֶעהְלְט וִויא עֶר הָאט דֶעם
מַלְאָךְ אִין זֵיין הוֹיז גֶעזֶעהֶען שְׁטֶעהֶען אוּן זָאגֶען, שִׁיק קֵיין יָפוֹ, אוּן רוּף שִׁמְעוֹן
וָואס הֵייסְט פֶּעטְרוּס, 14 דֶער וֶועט צוּ דִיר וֶוערְטֶער רֶעדֶען, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דוּא
אוּן דֵיין גַאנְצֶעס הוֹיזְגֶעזִינְד וֶועלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 15 אוּן דֶערְוֵוייל אִיךְ הָאבּ
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען, אִיז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוֹיף זֵייא גֶעפַאלֶען, אַזוֹי וִויא
אוֹיף אוּנְז אִים אָנְהֵייבּ. 16 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר'ן, וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאט מִיט וַואסֶער גֶעטוּבֶלְט, אָבֶּער אִיהְר
וֶועט גֶעטוּבֶלְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. 17 דְרוּם וֶוען גָאט הָאט צוּ זֵייא
דִיא גְלֵייכֶע מַתָּנָה גֶעגֶעבֶּען וִויא צוּ אוּנְז וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אָן דֶעם הַאר'ן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, וֶוער בִּין אִיךְ אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען גָאט פֶערְוֶועהְרֶען? 18 אוּן וֶוען
זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען, אוּן הָאבֶּען גָאט
גֶעלוֹיבְּט אוּן גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט גָאט צוּ דִיא גוֹיִם אוֹיךְ תְּשׁוּבָה צוּם לֶעבֶּען
גֶעגֶעבֶּען.

19 אַזוֹי זֶענֶען דִיא וָואס זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֶער פֶערְפָאלְגוּנְג
וָואס אִיז קֶעגֶען סְטֶעפַאנוּס גֶעשֶׁעהֶען בִּיז קֵיין פִינִיקְיָא אוּן קִיפְּרוּס אוּן
אַנְטִיוֹכְיָא דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען דָאס וָוארְט צוּ קֵיינֶעם נִיט גֶערֶעט,
אוֹיסֶער צוּ דִיא יוּדֶען אַלֵיין. 20 אָבֶּער עֶס זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא גֶעוֶוען,
מֶענֶער פוּן קִיפְּרוּס אוּן קוּרִינִי, וָואס זֶענֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא גֶעקוּמֶען אוּן
הָאבֶּען אוֹיךְ מִיט דִיא גְרֶעקִישֶׁע לֵייט גֶערֶעט, אוּן הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דֶעם
הַאר'ן יֵשׁוּעַ. 21 אוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז מִיט זֵייא גֶעוֶוען, אוּן אַ
גְרוֹיסֶע צָאהְל הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן הָאט זִיךְ צוּם הַאר'ן אוּמְגֶעקֶעהְרְט.
22 אוּן דִיא קְהִלָּה וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶוען הָאט דֶעם בֶּערִיכְט וֶועגֶען
זֵייא גֶעהֶערְט, אוּן הָאט בַּרְנַבָּא גֶעשִׁיקְט אַז עֶר זָאל גֶעהֶען בִּיז קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא.
23 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גְנָאד פוּן גָאט, הָאט עֶר
זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט, אוּן הָאט זֵייא אַלֶע מַזְהִיר גֶעוֶוען אַז זֵייא זָאלֶען מִיט אַ פֶּעסְטֶען
הַארְצֶען בְּלֵייבֶּען בֵּייא דֶעם הַאר'ן. 24 וָוארִין עֶר אִיז אַ גוּטֶער מַאן גֶעוֶוען,
אוּן פוּל מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּן מִיט גְלוֹיבֶּען. אוּן פִיל לֵייט זֶענֶען צוּם
הַאר'ן צוּגֶעקוּמֶען. 25 אוּן עֶר אִיז קֵיין תַּרְשִׁישׁ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַז עֶר זָאל

שָׁאוּל אוֹיפְזוּכֶען; 26 אוּן וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעפִינֶען הָאט עֶר אִיהְם קֵיין
אַנְטִיוֹכִיָא גֶעבְּרַאכְט. אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַ גַאנְצֶעס יָאהְר פֶערְזַאמֶעלְט מִיט
דֶער קְהִלָּה, אוּן הָאבֶּען פִיל לֵייט גֶעלֶעהְרְט. אוּן דִיא תַּלְמִידִים וֶוענֶען
צוּעֶרְשְׁט אִין אַנְטִיוֹכִיָא קְרִיסְטֶען גֶערוּפֶען.

27 אוּן אִין דִיזֶע טֶעג זֶענֶען נְבִיאִים אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין אַנְטִיוֹכִיָא.
28 אוּן אֵיינֶער פוּן זֵייא, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַגַבוּס, אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן
הָאט בֶּעצֵייכֶענְט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אַז עֶס וֶועט זַיין אַ גְרוֹיס הוּנְגֶער אוֹיף דִיא
גַאנְצֶע וֶועלְט; וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶער צֵייט פוּן קְלוֹדִיוּס. 29 אוּן אִיטְלִי־
כֶער פוּן דִיא תַּלְמִידִים הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען, אַז זֵייא זָאלֶען נָאךְ זַיין פֶערְ־
מֶעגֶען הִילְף שִׁיקֶען צוּ דִיא בְּרִידֶער וָואס הָאבֶּען אִין יְהוּדָה גֶעווָאוֹינְט. 30 אוּן
זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּן הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט צוּ דִיא זְקֵנִים דוּרְךְ
דִיא הֶענְד פוּן בַּרְנַבָּא אוּן שָׁאוּל.

יב 1 אִין יֶענֶער צֵייט הָאט דֶער קֶענִיג הוֹרְדוֹס דִיא הֶענְד אוֹיף עֶטְלִיכֶע פוּן
דֶער קְהִלָּה גֶעלֶעגְט, זֵייא שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן. 2 אוּן עֶר הָאט גֶעהַרְגֶעט
יַעֲקֹב, דֶעם בְּרוּדֶער פוּן יוֹחָנָן, מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט. 3 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶע־
הֶען אַז עֶס אִיז דִיא יוּדֶען גֶעפֶעלֶען, הָאט עֶר פֶּעטְרוּס אוֹיךְ גֶענוּמֶען; אוּן עֶס
אִיז גֶעוֶוען דִיא טֶעג פוּן חַג הַמַּצוֹת. 4 אוּן וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען, הָאט
עֶר אִיהְם אִין גֶעפֶענְגְנִיס אֵיינְגֶעזֶעצְט, אוּן הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פִיעֶר
אָפְּטְהֵיילוּנְגֶען פוּן סָאלְדַאטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם הִיטֶען, אוּן הָאט גֶעדַאכְט
עֶר זָאל אִיהְם נָאךְ דֶעם פֶּסַח פָאלְק פָארְשְׁטֶעלֶען. 5 אַזוֹי אִיז פֶּעטְרוּס אִים
גֶעפֶענְגְנִיס גֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען; אָבֶּער דִיא קְהִלָּה הָאט עֶרְנְסְט פַאר אִיהְם
צוּ גָאט גֶעבֶּעטֶען.

6 אוּן וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט אַרוֹיסְפִּיהְרֶען, אִין יֶענֶער נַאכְט הָאט
פֶּעטְרוּס גֶעשְׁלָאפֶען צְווִישֶׁען צְוֵייא סָאלְדַאטֶען, גֶעבּוּנְדֶען מִיט צְוֵייא קֶעטֶען,
אוּן דִיא וֶועכְטֶער הָאבֶּען דָאס גֶעפֶענְגְנִיס גֶעהִיט פָאר דֶער טְהִיר. 7 אוּן זֶעה,
אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּן אַ לִיכְט הָאט גֶעשֵׁיינְט
אִים צִימֶער; אוּן עֶר הָאט פֶּעטְרוּס אָן דֶער זֵייט גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן הָאט אִיהְם
אוֹיפְגֶעוֶועקְט אוּן גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה גֶעשְׁווִינְד אוֹיף. אוּן זֵיינֶע קֶעטֶען זֶענֶען פוּן
זֵיינֶע הֶענְד אַרוּפְּגֶעפַאלֶען. 8 אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גַארְטֶעל
דִיךְ אַרוּם, אוּן טְהוּא אָן דֵיינֶע שִׁיךְ. אוּן עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן. אוּן עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, טְהוּא אָן דֵיין מַאנְטֶעל, אוּן פָאלְג מִיר נָאךְ. 9 אוּן
עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט; אוּן עֶר הָאט נִיט
גֶעווְאוּסְט אַז דָאס אִיז וָואהְר וָואס אִיז דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ גֶעשֶׁעהֶען, נֵייעֶרְט עֶר
הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר הָאט אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג גֶעזֶעהֶען. 10 אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען
פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּן דִיא צְוֵייטֶע וַואךְ, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ
דֶעם אֵייזֶערְנֶען טוֹיעֶר וָואס פִיהְרְט אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרַיין, וָואס הָאט זִיךְ פוּן
זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ זֵייא אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּן זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן זֶענֶען דוּרְךְ
אֵיינֶע גַאס פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּן גְלֵייךְ אִיז דֶער מַלְאָךְ פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט.

11 און װען פֶּעטְרוּס אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת װֵייס אִיךְ
אַצוּנְד אַז דֶער הַאר הָאט זַיין מַלְאָךְ גֶעשִׁיקְט, און הָאט מִיךְ גֶערֶעטֶעט פוּן
דֶער הַאנְד פוּן הוֹרְדוֹס און פוּן דִיא גַאנְצֶע עֶרְװַארְטוּנְג פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק.
12 און װען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעדַאכְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הױז פוּן מִרְיָם
דִיא מוּטֶער פוּן יוֹחָנָן, װֶעלְכֶער אִיז גֶערוּפֶען מַרְקוֹס, װְאוּ פִּילֶע זֶענֶען
פֶערְזַאמֶעלְט גֶעװֶען און הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען. 13 און װֶען פֶּעטְרוּס הָאט אִין
דֶער טְהִיר פוּן דֶעם טױעֶר אָנְגֶעקְלָאפְּט, אִיז אַ מֶעדֶעל גֶעקוּמֶען צוּ הָארְכֶען,
װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען רוֹדָה; 14 און װֶען זִיא הָאט דָאס קוֹל פוּן פֶּעטְרוּס דֶערְ־
קַאנְט, הָאט זִיא פַאר פְרֵייד דֶעם טױעֶר נִיט אױפְגֶעמַאכְט, אָבֶּער אִיז אַרֵיינְ־
גֶעלָאפֶען און הָאט דֶערְצֶעהְלְט אַז פֶּעטְרוּס שְׁטֶעהְט פָאר דֶעם טױעֶר. 15 און
זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט מְשׁוּגָע. אָבֶּער זִיא אִיז דְרוּיף
בֶּעשְׁטַאנֶען אַז עֶס אִיז אַזױ. און זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז זַיין מַלְאָךְ.
16 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט װֵייטֶער אָנְגֶעקְלָאפְּט; און װֶען זֵייא הָאבֶּען אױפְגֶעמַאכְט
הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעזֶעהֶען, און זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעװָארֶען. 17 אָבֶּער עֶר הָאט
צוּ זֵייא מִיט דֶער הַאנְד גֶעװוּנְקְט אַז זֵייא זָאלֶען שְׁטִיל שְׁװֵייגֶען, און הָאט
זֵייא דֶערְצֶעהְלְט װִיא דֶער הַאר הָאט אִיהְם אַרױסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְ־
נִיס; און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְצֶעהְלְט דָאס צוּ יַעֲקֹב און צוּ דִיא בְּרִידֶער.
און עֶר אִיז אַרױסְגֶעגַאנְגֶען, און אִיז צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען אָרְט אַװֶעקְגֶעְ־
גַאנְגֶען.

18 און װֶען עֶס אִיז טָאג גֶעװָארֶען, אִיז קֵיין קְלֵיינֶעס שְׁרֶעקֶען גֶעװֶען צְװִישֶׁען דִיא
סָאלְדַאטֶען אִיבֶּער װָאס אִיז פוּן פֶּעטְרוּס גֶעשֶׁעהֶען. 19 און װֶען הוֹרְדוֹס הָאט
אִיהְם גֶעזוּכְט און הָאט אִיהְם נִיט גֶעפִינֶען, הָאט עֶר דִיא װֶעכְטֶער פֶערְהֶערְט,
און הָאט זֵייא גֶעהֵייסֶען הַרְגֶענֶען; און עֶר אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְהוּדָה
קֵיין קֵיסְרִין און הָאט דָארְט גֶעװוֹינְט.

20 און עֶר אִיז אִין כַּעַס גֶעװֶען אִיבֶּער דִיא פוּן צֹר און צִידוֹן; און זֵייא
זֶענֶען פֶערְאֵיינִיגְט צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, און הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶערֶעט בְּלַאסְטוֹס דֶעם
קַאמֶערְדִינֶער פוּן דֶעם קֶענִיג, און הָאבֶּען אוּם פְרִידֶען גֶעבֶּעטֶען, װָארִין זֵייעֶר
לַאנְד הָאט זִיךְ דֶערְנֶעהְרְט פוּן דֶעם קֶענִיגְס לַאנְד. 21 און אױף אַ בֶּעשְׁטִימְטֶען
טָאג אִיז הוֹרְדוֹס גֶעקְלֵייד גֶעװֶען אִין קֶענִיגְלִיכֶע קְלֵיידֶער, און אִיז אױף דֶעם
רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען, און הָאט צוּ זֵייא אַ רֶעד גֶעהַאלְטֶען. 22 און דָאס
פָאלְק הָאט אױסְגֶערוּפֶען, דָאס קוֹל פוּן אַ גָאט און נִיט פוּן אַ מֶענְשֶׁען.
23 און גְלֵייךְ הָאט אִיהְם אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר׳ן גֶעשְׁלָאגֶען, װֵייל עֶר הָאט
נִיט דֶעם כָּבוֹד צוּ גָאט גֶעגֶעבֶּען, און עֶר אִיז פוּן דִיא װֶערְם גֶעפְרֶעסֶען
גֶעװָארֶען און אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. 24 אָבֶּער דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר׳ן אִיז
גֶעװַאקְסֶען, און הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט.

25 און בַּרְנַבָּא און שָׁאוּל הָאבֶּען זִיךְ פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּמְגֶעקֶעהְרְט װֶען זֵייא
הָאבֶּען זֵייעֶר דִינְסְט דֶערְפִילְט, און הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען יוֹחָנָן װָאס הֵייסְט
מַרְקוֹס.

יג 1 און אִין דֶער קְהִלָּה פוּן אַנְטִיוֹכְיָא זֶענֶען גֶעוֶוען נְבִיאִים און לֶעהְרֶער,
בַּרְנַבָּא און שִׁמְעוֹן וָואס אִיז גֶערוּפֶען נִיגֶר, און לוּקִיוּס פוּן קוּרִינִי, און מְנַחֵם וָואס
אִיז דֶערְצוֹיגֶען גֶעוֶוען בַּייא הוֹרְדוֹס דֶעם טֶטְרַארְכִים, און שָׁאוּל. 2 און דֶערְוַוייל
זַייא הָאבֶּען דֶעם הַאר'ן גֶעדִינְט און גֶעפַאסְט, הָאט דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גֶעזָאגְט,
זוּנְדֶערְט מִיר אָפּ בַּרְנַבָּא און שָׁאוּל צוּ דֶעם וֶוערְק צוּ וֶועלְכֶעם אִיךְ הָאבּ זַייא
גֶערוּפֶען. 3 דַאן הָאבֶּען זַייא גֶעפַאסְט און גֶעבֶּעטֶען, און הָאבֶּען דִיא הֶענְד
אוֹיף זַייא גֶעלֶעגְט, און הָאבֶּען זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט.
4 אַזוֹי זֶענֶען זַייא אוֹיסְגֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, און זֶענֶען
קֵיין סְלוּקְיָא אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, און פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעשִׁיפְט קֵיין
קִיפְרוֹס. 5 און וֶוען זַייא זֶענֶען אִין סְלָמִיס גֶעוֶוען, הָאבֶּען זַייא דָאס וָוארְט פוּן
גָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דִיא שׁוּלֶען פוּן דִיא יוּדֶען; און זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ יוֹחָנָן
גֶעהַאט פַאר זֵייעֶר דִינֶער. 6 און וֶוען זַייא זֶענֶען דִיא גַאנְצֶע אִינְזֶעל בִּיז פָּפוֹס
דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זַייא גֶעפִינֶען אַ גֶעוִויסֶען יְהוּדִי, אַ כִּישׁוּף מַאכֶער און
פַאלְשֶׁען נָבִיא, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען בַּר־יֵשׁוּעַ, 7 וֶועלְכֶער אִיז מִיט סֶרְגִיוֹס
פּוֹלוֹס גֶעוֶוען דֶעם פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס אִיז אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער
מַאן גֶעוֶוען. דִיזֶער הָאט בַּרְנַבָּא און שָׁאוּל גֶערוּפֶען, און הָאט בֶּעגֶעהְרְט
צוּ הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט. 8 אָבֶּער אֶלִימָא דֶער כִּישׁוּף מַאכֶער, וָוארִין
אַזוֹי אִיז זַיין נָאמֶען פֶערְטַייטְשְׁט, הָאט זַייא וִוידֶערְשְׁטַאנֶען, און הָאט גֶעזוּכְט
דֶעם פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אָפְּצוּוֶוענְדֶען. 9 אָבֶּער שָׁאוּל, וָואס אִיז אוֹיךְ
פּוֹלוֹס גֶערוּפֶען אִיז פוּל גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, און הָאט אִיהְם שַׁארְף
אָנְגֶעזֶעהֶען 10 און גֶעזָאגְט, אָ דוּא, וָואס בִּיסְט פוּל פוּן אַלֶע לִיסְט און אַלֶע
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, דוּא זוּהְן פוּן דֶעם שָׂטָן, דוּא פֵיינְד פוּן אַלֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
וִוילְסְט דוּא נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ פֶערְקֶעהְרֶען דִיא רֶעכְטֶע וֶועגֶען פוּן דֶעם
הַאר'ן? 11 און נוּן זֶעה, דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז אִיבֶּער דִיר, און דוּא וֶועסְט
בְּלִינְד זַיין, און וֶועסְט נִיט זֶעהֶען דִיא זוּן בִּיז אַ צַייט. און גְלֵייךְ אִיז אוֹיף
אִיהְם גֶעפַאלֶען אַ נֶעבֶּעל און אַ פִינְסְטֶערְנִיס, און עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען און
הָאט גֶעזוּכְט דִיא וָואס זָאלֶען אִיהְם בַּייא דֶער הַאנְד פִיהְרֶען. 12 דַאן וֶוען דֶער
פִירְשְׁט הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, הָאט עֶר גֶעגְלוֹיבְּט, און אִיז
עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוֶוען אִיבֶּער דֶער לֶעהְרֶע פוּן דֶעם הַאר'ן.
13 און וֶוען פּוֹלוֹס און דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוען הָאבֶּען זִיךְ פוּן
פָּפוֹס אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט, זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען קֵיין פֶּרְגִי אִין פַּמְפִילְיָא; און יוֹחָנָן
הָאט זִיךְ פוּן זַייא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט, און אִיז קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען. 14 אָבֶּער
זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן פֶּרְגִי און זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא אִין
פִּיסִדְיָא, און אַם שַׁבָּת זֶענֶען זַייא אִין שׁוּל אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען און הָאבֶּען זִיךְ
אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט. 15 און נָאךְ דֶעם לֵיינֶען פוּן דֶער תּוֹרָה און דִיא נְבִיאִים,
הָאבֶּען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שׁוּל צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט און גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער
און בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר הָאט אַ וָוארְט פוּן טְרֵייסְט צוּם פָאלְק, אַזוֹי זָאגְט.
16 און פּוֹלוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען און הָאט גֶעוִוינְקְט מִיט דֶער הַאנְד און גֶעזָאגְט,

אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּן אִיהְר וָואס פָארְכְט אֵייךְ פַאר גָאט, הֶערְט צוּ.
17 דֶער גָאט פוּן דִיזֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל הָאט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט,
אוּן הָאט דָאס פָאלְק דֶערְהוֹיבֶּען וֶוען זֵייא זֶענֶען פְרֶעמְדֶע גֶעוֶועזֶען אִים לַאנְד
מִצְרַיִם, אוּן הָאט זֵייא פוּן דָארְטֶען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט מִיט אַ הוֹיכֶען אָרְם.
18 אוּן קֶעגֶען פִיעֶרְצִיג יָאהְר הָאט עֶר זֵייעֶרֶע אוֹיפְפִיהְרוּנְג גֶעלִיטֶען אִין דֶער מִדְבָּר;
19 אוּן הָאט זִיבֶּען פֶעלְקֶער פֶערְטִילְגְט אִים לַאנְד כְּנַעַן, אוּן הָאט צְווִישֶׁען זֵייא
זֵייעֶר לַאנְד צוּטְהֵיילְט. 20 אוּן דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זֵייא רִיכְטֶער גֶעגֶעבֶּען, קֶעגֶען
פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּן פִינְפְצִיג יָאהְר, בִּיז שְׁמוּאֵל הַנָבִיא. 21 אוּן דֶערְנָאךְ הָאבֶּען
זֵייא אוּם אַ קֶענִיג גֶעבֶּעטֶען, אוּן גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען פַאר פִיעֶרְצִיג יָאהְר
שָׁאוּל, דֶעם זוּהְן פוּן קִישׁ, אַ מַאן פוּן דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין; 22 אוּן וֶוען עֶר
הָאט אִיהְם אָפְּגֶעזֶעצְט, הָאט עֶר צוּ זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָוִד צוּם קֶענִיג, פוּן
דֶעם עֶר הָאט אוֹיךְ בֶּעצֵייגְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דָוִד דֶעם זוּהְן פוּן יִשַׁי
גֶעפִינֶען אַ מַאן נָאךְ מֵיין הַארְצֶען, וָואס וֶועט טְהוּן מֵיין גַאנְצֶען ווִילֶען. 23 פוּן
דֶעם זָאמֶען פוּן דִיזֶעם הָאט גָאט יֵשׁוּעַ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, אַ רֶעטֶער צוּ יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי
ווִיא עֶר הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען, 24 נָאכְדֶעם יוֹחָנָן הָאט פְרִיהֶער גֶעפְּרֶעדִיגְט פָאר
זֵיין קוּמֶען דִיא טְבִילָה פוּן תְּשׁוּבָה צוּם גַאנְצֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל.
25 אוּן ווִיא יוֹחָנָן הָאט זֵיין לוֹיף דֶערְפִילְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דָאס וָואס אִיהְר
דֶענְקְט אַז אִיךְ בִּין, בִּין אִיךְ נִיט; נֵייעֶרְט זֶעה, עֶס קוּמְט אֵיינֶער נָאךְ מִיר,
וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט דִיא שִׁיךְ פוּן זֵיינֶע פִּיס אוֹיפְצוּבִּינְדֶען. 26 אִיהְר
מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, קִינְדֶער פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן אַבְרָהָם, אוּן דִיא וָואס
צְווִישֶׁען אֵייךְ פָארְכְטֶען זִיךְ פַאר גָאט, צוּ אֵייךְ אִיז דָאס וָוארְט פוּן דִיזֶער
יְשׁוּעָה גֶעשִׁיקְט. 27 וָוארִין דִיא וָואס ווְאוֹינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּן זֵייעֶרֶע עֶלְצְטֶע
הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט אוּן אוֹיךְ נִיט דִיא קוֹלוֹת פוּן דִיא נְבִיאִים וָואס
זֶענֶען אַלֶע שַׁבָּת גֶעלֵיינְט, אוּן הָאבֶּען דָאס זֶעלְבִּיגֶע דֶערְפִילְט וֶוען זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם פֶערְשׁוּלְדִיגְט; 28 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אִין אִיהְם קֵיינֶע שׁוּלְד פוּן
טוֹיט גֶעפִינֶען, הָאבֶּען זֵייא דָאךְ פִּילָטוּס גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם הַרְגֶענֶען.
29 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אַלֶעס דֶערְפִילְט וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעשְׂרִיבֶּען, הָאבֶּען
זֵייא אִיהְם אַרוּפְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם קְרֵייץ אוּן הָאבֶּען אִין אַ קֶבֶר גֶעלֶעגְט.
30 אָבֶּער גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע. 31 אוּן עֶר הָאט זִיךְ
בֶּעווִיזֶען דוּרְךְ פִילֶע טֶעג צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן
גָלִיל קַיין יְרוּשָׁלַיִם, ווֶעלְכֶע זֶענֶען אִיצְט זֵיינֶע עֵדוּת צוּם פָאלְק. 32 אוּן מִיר
זֶענֶען אֵייךְ מְבַשֵּׂר דִיא הַבְטָחָה וָואס אִיז צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען,
33 אַז גָאט הָאט דָאס צוּ אוּנְז זֵייעֶרֶע קִינְדֶער דֶערְפִילְט, וֶוען עֶר הָאט יֵשׁוּעַ
אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיךְ גֶעשְׂרִיבֶּען אִים צְווֵייטֶען מִזְמוֹר פוּן
תְּהִלִּים, דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען. 34 אוּן אַז עֶר
הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע, אַז עֶר זָאל נִיט ווִידֶער צוּם

22 שמואל א׳ יג׳ יד׳: תהלים פט׳ כא׳.

33 תהלים ב׳ ז׳.

פֶּערְדַארְבְּנִיס צוּרִיקְקֶערֶען הָאט עֶר אַזוֹי גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען דִיא
הֵיילִיגֶע גֶעטְרֵייעֶ חֲסָדִים פוּן דָוִד. 35 דְרוּם הָאט עֶר אוֹיךְ אִין אֵיין אַנְדֶערֶען
מִזְמוֹר גֶעזָאגְט, דוּא װֶעסְט נִיט צוּלָאזֶען דֵיין הֵיילִיגֶען אַז עֶר זָאל פֶּערְדַארְבְּנִיס
זֶעהֶען. 36 וָוארִין דָוִד, וֶוען עֶר הָאט וֶועגֶען זֵיין דוֹר דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט
גֶעדִינְט, אִיז אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעווָארֶען אוּן אִיז צוּ זֵיינֶע אָבוֹת גֶעלֶעגְט גֶעוָוארֶען,
אוּן הָאט פֶּערְדַארְבְּנִיס גֶעזֶעהֶען; 37 אָבֶּער דֶער וֶועלְכֶען גָאט הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט
הָאט קֵיין פֶּערְדַארְבְּנִיס נִיט גֶעזֶעהֶען. 38 דְרוּם זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען, מֶענֶער אוּן
בְּרִידֶער, אַז דוּרְךְ דִיזֶען אִיז צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא פֶּערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד,
39 אוּן אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם אִיז פוּן אַלֶע זַאכֶען גֶערֶעכְטְפֶּערְטִיגְט
פוּן דִיא אִיהְר הָאט נִיט גֶעקֶענְט גֶערֶעכְטְפֶּערְטִיגְט וֶוערֶען דוּרְךְ תּוֹרַת מֹשֶׁה.
40 דְרוּם הִיט אֵייךְ אַז עֶס זָאל נִיט אוֹיף אֵייךְ קוּמֶען וָואס אִיז אִין דִיא נְבִיאִים
גֶעזָאגְט;

41 זֶעהְט, אִיהְר פֶּערַאכְטֶער, אוּן וְואוּנְדֶערְט אֵייךְ, אוּן וֶוערְט פֶּערְשְׁווִינְדֶען,
וָוארִין אִיךְ טְהוּא וֶוערְקֶען אַ וֶוערְק אִין אֵיירֶע טֶעג,
אַ וֶוערְק וָואס אִיהְר וָואלְט נִיט גְלוֹיבֶּען וֶוען אַ מַאן וֶועט עֶס אֵייךְ
דֶערְצֶעהְלֶען.

42 אוּן ווִיא זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעטֶען אַז דִיזֶע וֶוערְ־
טֶער זָאלֶען צוּ זֵייא נָאךְ אַמָאל גֶערֶעט וֶוערֶען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען שַׁבָּת.
43 אוּן וֶוען עֶס אִיז נָאךְ שׁוּלְצַייט גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען אוּן פוּן
דִיא פְרוּמֶע גֵרִים נָאכְגֶעפָאלְגְט פּוֹלוֹס אוּן בַּרְנַבָּא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶערֶעט,
אוּן הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען אִין דֶער גְנָאד פוּן גָאט בְּלֵייבֶּען.

44 אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען שַׁבָּת אִיז כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט צוּזַאמֶענְגֶע־
קוּמֶען, אַז זֵייא זָאלֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט הֶערֶען. 45 אָבֶּער וֶוען דִיא יוּדֶען
הָאבֶּען דָאס פָאלְק גֶעזֶעהֶען, זֶענֶען זֵייא מִיט קִנְאָה דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען, אוּן
הָאבֶּען ווִידֶערְגֶעשְׁפְּרָאכֶען דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען פוּן פּוֹלוֹס גֶערֶעט, אוּן הָאבֶּען
גֶעלֶעסְטֶערְט. 46 אוּן פּוֹלוֹס אוּן בַּרְנַבָּא זֶענֶען מוּטִיג גֶעוֶועזֶען אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נֶעטִיג גֶעוֶועזֶען אַז דָאס וָוארְט פוּן גָאט זָאל צוּעֶרְשְׁט צוּ אֵייךְ
גֶערֶעט וֶוערֶען; וֶוען אִיהְר פֶערְוַוארְפְט עֶס אוּן הַאלְט אֵייךְ נִיט וֶוערְט פוּן
דֶעם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען, זֶעה, מִיר קֶעהְרֶען זִיךְ צוּ דִיא גּוֹיִם. 47 וָוארִין אַזוֹי הָאט
דֶער הַאר אוּנְז בֶּעפוֹילֶען,

אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעצְט פַאר אַ לִיכְט צוּ דִיא גּוֹיִם,
אַז דוּא זָאלְסְט זֵיין פַאר אַ יְשׁוּעָה בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער וֶועלְט.

48 אוּן וֶוען דִיא גּוֹיִם הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט, אוּן
הָאבֶּען פֶערְהֶערְלִיכְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר'ן, אוּן דִיא וָואס זֶענֶען בֶּע־
שְׁטִימְט גֶעוֶועזֶען צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט; 49 אוּן דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר'ן אִיז פֶארְבְּרֵייטֶעט גֶעוָוארֶען אִים גַאנְצֶען לַאנְד. 50 אָבֶּער דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דִיא פְרוּמֶע אוּן אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע פְרוֹיעֶן אוּן דִיא

34 ישעיה נה׳ ג׳, 35 תהלים יו׳ י׳, 41 חבקוק א׳ ה׳, 47 ישעיה מט׳ ו׳.

עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שְׁטָאדְט, אוּן הָאבֶּען אַ פֶערְפָאלְגוּנְג אוֹיפְגֶערֶעגְט קֶעגֶען פּוֹלוֹס
אוּן בַּרְנַבָּא, אוּן הָאבֶּען זֵייא פוּן זֵייעֶרֶע גֶעגֶענְד אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען. [51] אָבֶּער זֵייא
הָאבֶּען קֶעגֶען זֵייא דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן זֵייעֶרֶע פִּים אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט, אוּן זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען קֵיין אִיקָנִיוֹן; [52] אוּן דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט
פְרֵייד אוּן מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ.

**יד** [1] אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין אִיקָנִיוֹן זֶענֶען זֵייא צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען אִין
דִיא יוּדִישֶׁע שׁוּל, אוּן הָאבֶּען אַזוֹי גֶערֶעט אַז פִיל לֵייט פוּן דִיא יוּדֶען אוּן
גְרֶעקֶען הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט. [2] אָבֶּער דִיא יוּדֶען וָואס הָאבֶּען נִיט צוּגֶעהָארְכְט
הָאבֶּען דָאס גֶעמִיט פוּן דִיא גוֹיִם אוֹיפְגֶעהֶעצְט אוּן הָאבֶּען זֵייא אִיבֶּעל גֶעמַאכְט
קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער. [3] דְרוּם זֶענֶען זֵייא אַ לַאנְגֶע צֵייט דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן
הָאבֶּען עֶפֶּענְטְלִיךְ גֶערֶעט אִין בִּטָחוֹן אוֹיף דֶעם הַאר'ן, דֶער הָאט בֶּעצֵייגְט
צוּם וָוארְט פוּן זֵיינֶע גְנָאד, אוּן הָאט צֵייכֶען אוּן וְואוּנְדֶער גֶעלָאזְט גֶעשֶׁעהֶען
דוּרְךְ זֵייעֶרֶע הֶענְד. [4] אָבֶּער דָאס פָאלְק פוּן דֶער שְׁטָאדְט אִיז צוּטְהֵיילְט גֶע-
וֶוען, אוּן אַ טְהֵייל אִיז גֶעוֶוען מִיט דִיא יוּדֶען אוּן אַ טְהֵייל מִיט דִיא אַפָּאסְטֶעל.
[5] אוּן וֶוען עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ גֶעטוּמֶעל פוּן דִיא גוֹיִם אוּן דִיא יוּדֶען מִיט
זֵייעֶרֶע עֶלְצְטֶע אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא שֶׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְן אוּן שְׁטֵיינִיגֶען,
[6] זֶענֶען זֵייא דֶערְפוּן גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, אוּן זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען קֵיין לוּסְטְרָא אוּן
דֶערְבִּי, דִיא שְׁטֶעדְט פוּן לוּקוֹנְיָא, אוּן צוּ דֶער גֶעגֶענְד אַרוּם; [7] אוּן דָארְט
הָאבֶּען זֵייא דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה גֶעפְּרֶעדִיגְט.

[8] אוּן אִין לוּסְטְרָא אִיז אַ מַאן גֶעזֶעסֶען וָואס אִיז שְׁוַואךְ גֶעוֶוען אִין
דִיא פִּיס, אוּן לָאס פוּן זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, דֶער אִיז קֵיינְמָאל נִיט אַרוּמְגֶע-
גַאנְגֶען. [9] דִיזֶער הָאט פּוֹלוֹס גֶעהֶערְט רֶעדֶען; וֶועלְכֶער הָאט אִיהְם שַׁארְף
אָנְגֶעקוּקְט, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט גְלוֹיבֶּען גֶערֶעטֶעט צוּ וֶוערֶען,
[10] אוּן הָאט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה גְלֵייךְ אוֹיף דֵיינֶע פִּיס. אוּן עֶר
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּן אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען. [11] אוּן וֶוען דִיא לֵייט הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען וָואס פּוֹלוֹס הָאט גֶעטְהוּן, הָאבֶּען זֵייא זֵייעֶר קוֹל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
אוֹיף לוּקוֹנִישׁ אוּן גֶעזָאגְט, דִיא גֶעטֶער זֶענֶען צוּ אוּנְז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אִין דֶער
גֶעשְׁטַאלְט פוּן מֶענְשֶׁען. [12] אוּן זֵייא הָאבֶּען בַּרְנַבָּא גֶערוּפֶען יוּפִּיטֶער, אוּן
פּוֹלוֹס הָאבֶּען זֵייא גֶערוּפֶען הֶערְמִיס וֵוייל עֶר אִיז דֶער הוֹיפְּטְרֶעדְנֶער גֶעוֶוען.
[13] אוּן דֶער כֹּהֵן פוּן יוּפִּיטֶער, וָואס אִיז פָאר דֶער שְׁטָאדְט גֶעוֶוען, הָאט אָקְסֶען
אוּן קְרַאנְצֶען צוּ דִיא טוֹיעֶרֶען גֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאט גֶעוָואלְט מִיט דִיא לֵייט
אָפְּפֶער בְּרֶענְגֶען. [14] אָבֶּער וֶוען דִיא אַפָּאסְטֶעל בַּרְנַבָּא אוּן פּוֹלוֹס הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען, אוּן זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען צוּם
פָאלְק, אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען [15] אוּן גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, וָוארוּם טְהוּט אִיהְר
דִיזֶע זַאכֶען? אוֹיךְ מִיר זֶענֶען מֶענְשֶׁען פוּן גְלֵייכֶע לֵיידֶענְשַׁאפְטֶען וִויא אִיהְר,
אוּן מִיר פְּרֶעדִיגֶען צוּ אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אַוֶועקְקֶעהְרֶען פוּן דִיזֶע נַארִישְׁ-
קֵייטֶען צוּם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאט, דֶער הָאט הִימֶעל אוּן עֶרְד גֶעמַאכְט אוּן דֶעם
יַם אוּן אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען; [16] וֶועלְכֶער אִין דִיא פְרִיהֶערֶע דוֹרוֹת הָאט

אַלֶע גוֹיִם גֶעלָאזְט וַואנְדְלֶען אִין זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע װֶעגֶען. [17] דָאךְ הָאט עֶר זִיךְ
נִיט אָהְן אַ צֵייגְנִיס גֶעלָאזְט, אִינְדֶעם עֶר הָאט אוּנְז גוּטֶעס גֶעטְהוּן, אוּן הָאט
אוּנְז רֶעגֶען פוּן דֶעם הִימֶעל גֶעגֶעבֶּען, אוּן פְרוּכְטְבַּארֶע צֵייטֶען, אוּן הָאט
אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער מִיט שְׁפֵּייז אוּן פְרֵייד דֶערְפִילְט. [18] אוּן וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס
גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא קוֹים צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען דִיא לֵייט אַז זֵייא זָאלֶען צוּ
זֵייא נִיט אָפְּפֶערְן.
[19] אוּן עֶס זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען יוּדֶען פוּן אַנְטִיוֹכְיָא אוּן אִיקָנְיוֹן, וָואס הָאבֶּען
דִיא לֵייט אִיבֶּערְגֶערֶעט, אוּן הָאבֶּען פּוֹלוֹס גֶעשְׁטֵיינִיגְט אוּן הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס
דֶער שְׁטָאדְט אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַז עֶר אִיז טוֹיט.
[20] אָבֶּער וִויא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אִיז עֶר אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אוּן אִיז אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. אוּן אוֹיף מָארְגֶען אִיז עֶר
אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען מִיט בַּרְנַבָּא קֵיין דֶערְבִּי. [21] אוּן װֶען זֵייא הָאבֶּען דִיא בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה אִין יֶענֶער שְׁטָאדְט גֶעפְּרֶעדִיגְט אוּן הָאבֶּען פִילֶע תַּלְמִידִים גֶעמַאכְט,
הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין לוּסְטְרָא אוּן אִיקָנְיוֹן אוּן אַנְטִיוֹכְיָא, [22] אוּן
הָאבֶּען גֶעשְׁטַארְקְט דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא תַּלְמִידִים, אִינְדֶעם זֵייא הָאבֶּען
גֶעוָוארְנְט אַז זֵייא זָאלֶען בְּלֵייבֶּען אִים גְלוֹיבֶּען, אוּן אַז דוּרְךְ פִילֶע לֵיידֶען
מוּזֶען מִיר אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַרֵיינְקוּמֶען. [23] אוּן װֶען זֵייא הָאבֶּען
אִיבֶּער זֵייא עֶלְצְטֶע בֶּעשְׁטֶעלְט אִין אִיטְלִיכֶער קְהִלָּה, אוּן הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען מִיט
פַאסְטֶען, הָאבֶּען זֵייא זֵייא עֶמְפְּפוֹילֶען צוּם הַאר׳ן אָן װֶעלְכֶעם זֵייא הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט.
[24] אוּן זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען פִּיסִידְיָא אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין פַּאמְפִילְיָא.
[25] אוּן װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט אִין פֶּערְגִי, זֶענֶען זֵייא קֵיין
אַטַלְיָא אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען. [26] אוּן פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא
אַרוֹיסְגֶעשִׁיפְט, פוּן וַואנֶען זֵייא זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דֶער גְנָאד
פוּן גָאט צוּם װֶערְק וָואס זֵייא הָאבֶּען דֶערְפִילְט. [27] אוּן װֶען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּ־
מֶען אוּן הָאבֶּען דִיא קְהִלָּה פֶערְזַאמֶעלְט, הָאבֶּען זֵייא דֶערְצֶעהְלְט וָואס גָאט
הָאט מִיט זֵייא גֶעטְהוּן, אוּן וִויא עֶר הָאט דִיא טְהִיר פוּן גְלוֹיבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם
אוֹיפְגֶעמַאכְט. [28] אוּן זֵייא זֶענֶען דָארְט נִיט װֶענִיג צֵייט מִיט דִיא תַּלְמִידִים
גֶעבְּלִיבֶּען.

טו [1] אוּן עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה אוּן הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער
גֶעלֶעהְרְט, װֶען אִיהְר װֶעט נִיט בֶּעשְׁנִיטֶען װֶערֶען נָאךְ תּוֹרַת מֹשֶׁה, קֶענְט
אִיהְר נִיט גֶערֶעטֶעט װֶערֶען. [2] אוּן װֶען פּוֹלוֹס אוּן בַּרְנַבָּא הָאבֶּען מִיט זֵייא
קֵיין קְלֵיינֶעם קְרִיג אוּן וִכּוּחַ גֶעהַאט, הָאבֶּען זֵייא בֶּעשְׁלָאסֶען אַז פּוֹלוֹס
אוּן בַּרְנַבָּא אוּן עֶטְלִיכֶע אַנְדֶערֶע פוּן זֵייא זָאלֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרוֹיפְגֶעהֶען
צוּ דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּן עֶלְצְטֶע װֶעגֶען דִיזֶער שַׁאֲלָה. [3] דְרוּם װֶען זֵייא זֶענֶען
פוּן דֶער קְהִלָּה אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט, זֶענֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ פִינִיקְיָא אוּן שׁוֹמְרוֹן,
אוּן הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט דִיא בֶּעקֶעהְרוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם, אוּן הָאבֶּען גֶעמַאכְט
גְרוֹיסֶע פְרֵייד צוּ אַלֶע בְּרִידֶער. [4] אוּן װֶען זֵייא זֶענֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם גֶעקוּמֶען

וָוענֶען זַייא אוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא דֶער קְהִלָּה אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּן דִיא
עֶלְצְטֶע, אוּן זַייא הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט וִויא פִילֶע זַאכֶען גָאט הָאט מִיט זַייא
גֶעטְהוּן. 5 אוּן עֶס זָוענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא כִּתָּה פוּן דִיא
פְּרוּשִׁים וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז מֶען מוּז זַייא בֶּעשְׂנֵיי־
דֶען אוּן בֶּעפֶעהְלֶען תּוֹרַת משֶׁה צוּ הַאלְטֶען.
6 אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּן עֶלְצְטֶע זָוענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ
וֶועגֶען דִיזֶער זַאךְ בֶּעטְרַאכְטֶען. 7 אוּן וֶוען אַ גְרוֹיס וִכּוּחַ אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי
אִיז פֶּעטְרוּס אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער,
אִיהְר ווייסְט אַז גָאט הָאט פוּן אַלְטֶע צֵייטֶען צְוִוישֶׁען אוּנְז מִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט,
אַז דִיא גוֹיִם זָאלֶען פוּן מֵיין מוֹיל הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה,
אוּן זָאלֶען גְלוֹיבֶּען. 8 אוּן גָאט, דֶער ווייסְט דָאס הַארְץ, הָאט אוֹיף זַייא
בֶּעצֵייגְט, אִינְדֶעם עֶר הָאט צוּ זַייא דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גֶעגֶעבֶּען, אַזוֹי וִויא אוֹיךְ
צוּ אוּנְז; 9 אוּן עֶר הָאט קֵיין צְוִוישֶׁענְשֵׁייד גֶעמַאכְט צְוִוישֶׁען אוּנְז אוּן זַייא,
וָוארִין עֶר הָאט זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען גֶערֵיינִיגְט. 10 דְרוּם אַצוּנְד
וָוארוּם פְּרִיפְט אִיהְר גָאט, אַז עֶר זָאל אַ יָאךְ לֶעגֶען אוֹיף דֶעם הַאלְז פוּן
דִיא תַּלְמִידִים, וָואס נִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אוּן נִיט מִיר זֶעלְבְּסְט הָאבֶּען
גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען? 11 אָבֶּער מִיר גְלוֹיבֶּען אַז דוּרְךְ דֶער גְנָאד פוּן דֶעם
הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וֶועלֶען מִיר גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא אוֹיךְ זַייא. 12 אוּן
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען, אוּן הָאט בַּרְנַבָּא אוּן פּוֹלוֹס גֶעהֶערְט
דֶערְצֶעהְלֶען וָואסְפַאר גְרוֹיסֶע וְואוּנְדֶער אוּן צֵייכֶען גָאט הָאט דוּרְךְ זַייא צְוִוי־
שֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעטְהוּן.
13 אוּן נָאכְדֶעם זַייא הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען הָאט יַעֲקֹב גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶע־
זָאגְט, מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, הֶערְט מִיר צוּ. 14 שִׁמְעוֹן הָאט דֶערְצֶעהְלְט וִויא גָאט הָאט
צוּעֶרְשְׁט בֶּעזוּכְט פוּן דִיא גוֹיִם אַ פָאלְק צוּ נֶעמֶען צוּ זֵיין נָאמֶען. 15 אוּן דָאס
שְׁטִימְט אֵיין מִיט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
16 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען וֶועל אִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען,
אוּן וֶועל אוֹיפְבּוֹיעֶן דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דָוִד וָואס אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען,
אוּן דִיא חֳרָבוֹת דֶערְפוּן וֶועל אִיךְ אוֹיפְבּוֹיעֶן,
אוּן וֶועל עֶס אוֹיפְשְׁטֶעלֶען,
17 אַז דָאס אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען פָארְשֶׁען נָאךְ
דֶעם הַאר'ן,
אוּן אַלֶע פֶעלְקֶער אוֹיף וֶועלְכֶע מֵיין נָאמֶען אִיז גֶערוּפֶען,
זָאגְט דֶער הַאר דֶער טְהוּט דִיזֶע זַאכֶען 18 וָואס אִיז בֶּעקַאנְט
גֶעוָוארֶען פוּן עֶבִּיג אָן.
19 דְרוּם אִיז עֶס מֵיינֶע מֵיינוּנְג, אַז מִיר זָאלֶען נִיט אוּנְרוּהִיג מַאכֶען דִיא וֶועלְכֶע
פוּן צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם בֶּעקֶעהְרֶען זִיךְ צוּ גָאט, 20 נֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען צוּ זַייא
בֶּעפֶעהְלֶען אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ אֶנְטְהַאלְטֶען פוּן דֶער בֶּעפְלֶעקוּנְג פוּן דִיא

16,17 עמוס ט׳ יא׳, יב׳.

אָפְּגֶעטֶער, און פון זְנוּת, און פון דֶערְוָוארְגֶענֶע זַאכֶען, און פון בְּלוּט. 21 וָוארִין
משֶׁה הָאט פון אַלְטֶע דורות אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאדְט דִיא וָואס פְּרֶעדִיגֶען
אִיהְם, וָוארִין עֶר אִיז אַלֶע שַׁבָּת אִין דִיא שׁוּלֶען גֶעלֵיינְט.

22 דַאן אִיז עֶס גֶעפֶעלֶען דִיא אַפָּאסְטֶעל און דִיא עֶלְצְטֶע מִיט דִיא גַאנְצֶע
קְהִלָּה אַז זֵייא זָאלֶען אויסְדֶערְוֶועהְלְטֶע מֶענֶער שִׁיקֶען קֵיין אַנְטִיוכְיָא מִיט
פּוּלוּס און בַּרְנַבָּא, יְהוּדָה וָואס אִיז גֶערוּפֶען גֶעוֶוען בַּרְשַׁבָּא און סִילָא, מֶענֶער
וָואס זֶענֶען פִיהְרֶער גֶעוֶוען צְווִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער. 23 און זֵייא הָאבֶען דוּרְךְ
זֵייא אַזוֹי גֶעשְׁרִיבֶּען; דִיא אַפָּאסְטֶעל און דִיא עֶלְצְטֶע בְּרִידֶער לָאזֶען גְרִיסֶען
דִיא בְּרִידֶער פון דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען אִין אַנְטִיוכְיָא און סוּרְיָא און קִילִיקְיָא.
24 וֵוייל מִיר הָאבֶען גֶעהֶערְט אַז עֶטְלִיכֶע פון אוּנְז זֶענֶען אַרויסְגֶעגַאנְגֶען און
הָאבֶען אֵייךְ מִיט וֶוערְטֶער מְצַעַר גֶעוֶוען, און הָאבֶען אֵייעֶרֶע זֶעלֶען פֶּערְ־
שְׁטֶערְט, צוּ וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶען דָאס נִיט בֶּעפוילֶען; 25 אַזוֹי אִיז עֶס אוּנְז
גֶעפֶעלֶען וֶוען מִיר זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶעוֶוען, אַז מִיר זָאלֶען צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען
אויסְדֶערְוֶועהְלְטֶע מֶענֶער מִיט אוּנְזֶערֶע גֶעלִיבְּטֶע בַּרְנַבָּא און פּוּלוּס, 26 מֶענֶער
וָואס הָאבֶען זֵייעֶר לֶעבֶען אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם נָאמֶען פון אוּנְזֶערֶעם
הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 27 דְרוּם הָאבֶען מִיר גֶעשִׁיקְט יְהוּדָה און סִילָא, וֶועלְכֶע
וֶועלֶען אויךְ דָאס זֶעלְבִּיגֶע דוּרְךְ וֶוערְטֶער דֶערְצֶעהְלֶען. 28 וָוארִין עֶס אִיז
גֶעפֶעלֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ און אוּנְז, אַז מִיר זָאלֶען אויף אֵייךְ קֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע
לַאסְט נִיט לֶעגֶען, חוּץ דִיזֶע נֶעטִיגֶע זַאכֶען, 29 אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ עֶנְטְהַאלְ־
טֶען פון דִיא קָרְבָּנוֹת צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער, און פון בְּלוּט, און פון דֶערְוָוארְגֶענֶע
זַאכֶען, און פון זְנוּת; וֶוען פון דִיזֶע זַאכֶען אִיהְר הִיטֶעט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי
וֶועט אִיהְר רֶעכְט טְהוּן; שָׁלוֹם צוּ אֵייךְ.

30 דְרוּם וֶוען זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט גֶעוֶוען, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטִיוכְיָא,
און הָאבֶען דָאס פָּאלְק פֶּערְזַאמֶעלְט, און הָאבֶען דֶעם בְּרִיף אָפְּגֶעגֶעבֶען. 31 און
וֶוען זֵייא הָאבֶען עֶס גֶעלֵיינְט הָאבֶען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט אִיבֶּער דֶעם טְרֵייסְט.
32 און יְהוּדָה און סִילָא, וָואס זֶענֶען אויךְ זֶעלְבְּסְט נְבִיאִים גֶעוֶוען, הָאבֶען מִיט
פִילֶע וֶוערְטֶער דִיא בְּרִידֶער גֶעוָוארְנְט, און הָאבֶען זֵייא גֶעשְׁטַארְקְט. 33 און
נָאכְדֶעם ווִיא זֵייא הָאבֶען זִיךְ דָארְט אַ צֵייט אויפְגֶעהַאלְטֶען, זֶענֶען זֵייא מִיט
פְרִידֶען פון דִיא בְּרִידֶער אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט גֶעוֶוען צוּ דִיא וָואס הָאבֶען זֵייא אויס־
גֶעשִׁיקְט. 35 אָבֶּער פּוּלוּס און בַּרְנַבָּא הָאבֶען אִין אַנְטִיוכְיָא גֶעווָאוינְט, און הָאבֶען
מִיט פִילֶע אַנְדֶערֶע גֶעלֶעהְרְט און גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט פון דֶעם הַאר'ן.

36 און נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג הָאט פּוּלוּס צוּ בַּרְנַבָּא גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר זִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען און בֶּעזוּכֶען אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אִין יֶעדֶער שְׁטָאדְט ווְאוּ מִיר הָאבֶען
דָאס וָוארְט פון דֶעם הַאר'ן גֶעפְּרֶעדִיגְט, און זֶעהֶען ווִיא עֶס גֶעהְט זֵייא. 37 און
בַּרְנַבָּא הָאט גֶעוָואלְט אויךְ יוֹחָנָן מִיטְנֶעמֶען, וָואס אִיז גֶערוּפֶען מַרְקוֹס.
38 אָבֶּער פּוּלוּס הָאט עֶס נִיט פַאר רֶעכְט גֶעהַאלְטֶען מִיטְצוּנֶעמֶען דֶעם וָואס
הָאט זֵייא אִין פַּאמְפִילְיָא פֶּערְלָאזְט, און אִיז נִיט מִיט זֵייא צוּ דֶער אַרְבֵּייט

34 אָבֶּער עֶס אִיז סִילָא גֶעפֶעלֶען דָארְט צוּ בְּלֵייבֶּען.

גֶעגַאנְגֶען. 39 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ שַׁארְפֶער שְׁטְרֵייט, אַזוֹי אַז זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ פוּן אֵיינַאנְדֶער אַפְּגֶעשֵׁיידֶעט; אוּן בַּרְנַבָּא הָאט מַרְקוֹס גֶענוּמֶען אוּן הָאט זִיךְ
אַרוֹיסְגֶעשִׁיפְט קֵיין קִיפְּרוֹס. 40 אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט מִיט זִיךְ סִילָא גֶענוּמֶען אוּן
אִיז אַוֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען אִיהְם עֶמְפְּפוֹילֶען צוּ דֶער גְנָאד
פוּן דֶעם הַאר'ן. 41 אוּן עֶר אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען סוּרְיָא אוּן קִילִיקְיָא, אוּן הָאט דִיא
קְהִלוֹת גֶעשְׁטַארְקְט.

טז 1 אוּן עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען קֵיין דֶערְבֵּי אוּן לוּסְטְרָא. אוּן זֶעה, עֶס אִיז
דָארְט גֶעוֶוען אַ גֶעוִויסֶער תַּלְמִיד וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען טִימוֹתִיוֹס, דֶער זוּהְן פוּן
אַ יוּדִישֶׁע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, אָבֶּער זֵיין פָאטֶער אִיז אַ גְרֶעק גֶעוֶוען.
2 דִיזֶער הָאט אַ גוּטֶעס צֵייגְנִיס גֶעהַאט פוּן דִיא בְּרִידֶער אִין לוּסְטְרָא אוּן
אִיקָנְיוֹן. 3 דֶעם הָאט פּוֹלוֹס גֶעוָואלְט אַז עֶר זָאל מִיט אִיהְם אוֹיסְגֶעהֶען, אוּן
הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּן הָאט אִיהְם בֶּעשְׁנִיטֶען, וֶועגֶען דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען
אִין יֶענֶע עֶרְטֶער גֶעוֶוען; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעוְואוּסְט אַז זֵיין פָאטֶער
אִיז אַ גְרֶעק גֶעוֶוען.

4 אוּן וִויא זֵייא זֶענֶען שְׁטֶעדְט דוּרְךְ דִיא שְׁטֶעדְט דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען צוּ הִיטֶען דִיא גֶעזֶעצְן וָואס זֶענֶען בֶּעשְׁלָאסֶען גֶעוֶוען בֵּייא דִיא
אַפָּאסְטֶעל אוּן דִיא עֶלְצְטֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם. 5 אַזוֹי זֶענֶען דִיא קְהִלוֹת בֶּעפֶעסְ־
טִיגְט גֶעוָוארֶען אִים גְלוֹיבֶּען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ טֶעגְלִיךְ אִין דֶער צָאהְל פֶערְ־
מֶעהְרְט.

6 אוּן זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דִיא גֶעגֶענְד פוּן פְרוּגְיָא אוּן גַאלַאטְיָא, אוּן
זֶענֶען פֶערְבָּאטֶען גֶעוֶוען פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַז זֵייא זָאלֶען נִיט פְּרֶעדִיגֶען דָאס
וָוארְט אִין אַסְיָא. 7 אוּן זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֶעגֶען מוּסְיָא, אוּן הָאבֶּען גֶעפְּרִיפְט
צוּ גֶעהֶען קֵיין בִּיתוּנְיָא, אוּן דֶער גֵייסְט פוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא נִיט גֶעלָאזְט.
8 אָבֶּער זֵייא זֶענֶען מוּסְיָא פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען אַרוֹפְגֶעקוּמֶען קֵיין
טְרוֹאַס. 9 אוּן אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג הָאט זִיךְ צוּ פּוֹלוֹס בֶּעוִויזֶען בֵּייא דֶער נַאכְט,
אַ גֶעוִויסֶער מַאן פוּן מַקְדוֹנְיָא אִיז בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט, קוּם אַרִיבֶּער קֵיין מַקְדוֹנְיָא אוּן הֶעלְף אוּנְז. 10 אוּן וֶוען
עֶר הָאט דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר גְלֵייךְ גֶעזוּכְט קֵיין
מַקְדוֹנְיָא אַוֶעקְצוּגֶעהֶען, וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען אַז דֶער הַאר הָאט אוּנְז
גֶערוּפֶען מִיר זָאלֶען צוּ זֵייא דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פְּרֶעדִיגֶען.

11 אַזוֹי זֶענֶען מִיר אַוֶעקְגֶעשִׁיפְט פוּן טְרוֹאַס, אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט אַ
גְלֵייכֶען וֶועג קֵיין סַאמוֹטְרַאקְיָא, אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג קֵיין נֶעאַפּוֹלִיס. 12 אוּן
פוּן דָארְטֶען קֵיין פִילִיפִּי, וָואס אִיז אַ הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט פוּן דִיזֶעם טְהֵייל פוּן
מַקְדוֹנְיָא, אוּן אִיז אַ קָאלָאנְיָא. אוּן מִיר הָאבֶּען זִיךְ אִין דִיזֶער שְׁטָאדְט עֶטְלִיכֶע
טֶעג אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען. 13 אוּן אַם שַׁבָּת זֶענֶען מִיר אוֹיס דֶעם טוֹיעֶר אַרוֹיסְגֶעְ־
גַאנְגֶען בֵּייא אַ שְׁטְרוֹים וְואוּ מִיר הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז מֶען בֶּעט דָארְט, אוּן
מִיר הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּן הָאבֶּען גֶערֶעט מִיט דִיא פְרוֹיעֶן וָואס
זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען. 14 אוּן אַ גֶעוִויסֶע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען לוּדְיָא,

אַ פּוּרפּוּר קְרֶעמִירֶען אוֹיס דֶער שְׁטָאדְט תִּיאַטִירָא, וָואס הָאט זִיךְ גֶעפָּארְכְטֶען
פַאר גָאט, הָאט אוּנְז צוּגֶעהֶערְט, וֶועמֶעס דֶער הַאר הָאט דָאס הַארְץ אוֹיפְגֶע־
מַאכְט אַז זִיא זָאל צוּהֶארְכֶען צוּ דִיא זַאכֶען וָואס פּוֹלוֹס הָאט גֶערֶעט. [15] אוּן
וֶוען זִיא אוּן אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד זֶענֶען גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען, הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען
אוּן גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר הַאלְט מִיךְ פַאר אַ גְלֵייבִּיגֶע אִים הַאר'ן, אַזוֹי קוּמְט
אִין מֵיין הוֹיז אַרֵיין אוּן בְּלֵייבְּט; אוּן זִיא הָאט אוּנְז גֶעצְוָואוּנְגֶען.
[16] אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען דֶערְוֵוייל מִיר זֶענֶען צוּם גֶעבֶּעט גֶעגַאנְגֶען, הָאט אוּנְז
בֶּעגֶעגֶענְט אַ גֶעווִיסֶעס מֶעדֶעל וָואס הָאט אַ צוֹיבֶּערְן גֵייסְט גֶעהַאט, אוּן זִיא
הָאט אִיהְרֶע הֶערְרֶען פִּיל רֶוַח דוּרְךְ צוֹיבֶּערַייא אֵיינְגֶעבְּרַאכְט. [17] דִיזֶע הָאט
פּוֹלוֹס אוּן אוּנְז נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט, דִיזֶע מֶענֶער
זֶענֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גָאט, וָואס דֶערְקְלֶעהְרֶען אֵייךְ דֶעם
וֶועג פוּן יְשׁוּעָה. [18] דָאס הָאט זִיא פִּילֶע טֶעג גֶעטְהוּן; אוּן פּוֹלוֹס הָאט זִיךְ
דֶערִיבֶּער מְצַער גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט צוּ דֶעם גֵייסְט
גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעבִּיט דִיר אִים נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אַז דוּא זָאלְסְט פוּן
אִיהְר אַרוֹיסְגֶעהֶען. אוּן עֶר אִיז אִין דֶערְזֶעלְבֶּער שָׁעָה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.
[19] אָבֶּער וֶוען אִיהְרֶע הֶערְרֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז דִיא הָאפְנוּנְג פוּן זֵייעֶר
גֶעוִוין אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵייא פּוֹלוֹס אוּן סִילָא אָנְגֶעחַאפְּט, אוּן
הָאבֶּען זֵייא אִין מַארְק צוּ דִיא עֶלְצְטֶע אַרֵיינְגֶעשְׁלֶעפְּט. [20] אוּן זֵייא הָאבֶּען
זֵייא צוּ דִיא רֶעגִירֶער גֶעפִיהְרְט אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶע מֶענֶער זֶענֶען יוּדֶען
אוּן רֶעגֶען זֶעהְר אוּנְזֶערֶע שְׁטָאדְט אוֹיף, [21] אוּן לֶערְנֶען מִנְהָגִים וָואס מִיר
מֶעגֶען נִיט אָנְנֶעמֶען אוּן נִיט טְהוּן, וָוארִין מִיר זֶענֶען רוֹמֶער. [22] אוּן דִיא לֵייט
זֶענֶען קֶעגֶען זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן דִיא רֶעגִירֶער הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער
אָפְּגֶערִיסֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייא גֶעהֵייסֶען שְׁמֵייסֶען. [23] אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען זֵייא
שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאגֶען, הָאבֶּען זֵייא זֵייא אִים גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּן
הָאבֶּען דֶעם וֶועכְטֶער אָנְגֶעזָאגְט אַז עֶר זָאל זֵייא גוּט הִיטֶען. [24] אוּן נָאכְדֶעם עֶר
הָאט אַזֶעלְכֶעס גֶעבָּאט דֶערְהַאלְטֶען, הָאט עֶר זֵייא אִים אִינֶערְשְׁטֶען גֶעפֶענְגְנִיס
אֵיינְגֶעזֶעצְט, אוּן הָאט זֵייעֶרֶע פִּיס אִים קְלָאץ אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען.
[25] אוּן אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט הָאבֶּען פּוֹלוֹס אוּן סִילָא גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזוּנְגֶען צוּ גָאט,
אוּן דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע הָאבֶּען זֵייא גֶעהֶערְט. [26] אוּן פְּלוּצְלִינְג אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיס
עֶרְדְצִיטֶערְנִיס, אַזוֹי אַז דִיא פוּנְדַאמֶענְטֶען פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס הָאבֶּען גֶעצִי־
טֶערְט; אוּן אַלֶע טְהִירֶען זֶענֶען בַּאלְד אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּן דִיא קֶעטֶען
פוּן אַלֶע זֶענֶען לוֹיז גֶעמַאכְט גֶעוֶועזֶען. [27] אוּן דֶער וֶועכְטֶער פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס
הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט, אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם
גֶעפֶענְגְנִיס זֶענֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוֶועזֶען, הָאט עֶר זֵיין שְׁוֶוערְט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוּן הָאט
זִיךְ גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען, וָוארִין עֶר הָאט גֶעדַאכְט אַז דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע זֶענֶען
אַנְטְלָאפֶען. [28] אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוֹיסְגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט,
טְהוּא דִיר נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס, וָוארִין מִיר זֶענֶען אַלֶע דָא. [29] אוּן עֶר הָאט
אוּם אַ לִיכְט פֶערְלַאנְגְט, אוּן אִיז אַרֵיינְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אוּן אִיז צִיטֶערְנְדִיג

גֶעוָוארֶען, און אִיז פָאר פּוֹלוּס און סִילָא אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, 30 און הָאט זַייא
אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט און גֶעזָאגְט, הֶערְרֶען וָואס מוּז אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען? 31 און זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גְלוֹיבּ אָן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, און
דוּא וֶועסְט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען און דַיין הוֹיזְגֶעזִינְד. 32 און זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶערֶעט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר'ן, און צוּ אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין זַיין הוֹיז
גֶעוֶוען. 33 און אִין יֶענֶער שָׁעָה פוּן דֶער נַאכְט הָאט עֶר זַייא גֶענוּמֶען, און
הָאט זַייעֶרֶע וְואוּנְדֶען גֶעוַואשֶׁען, און מִיט אַלֶע זַיינֶע אִיז עֶר גְלֵייךְ גֶעטוֹבֶלְט
גֶעוָוארֶען. 34 און עֶר הָאט זַייא אִין זַיינֶעם הוֹיז אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט און הָאט פָאר
זַייא אַ טִישׁ אָנְגֶעבְּרֵייט, און הָאט מִיט זַיין גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד גֶעגְלוֹיבְּט אָן גָאט,
און הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט.

35 און וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען דִיא רֶעגִירֶער דִיא פָּאלִיצַיידִינֶער גֶעשִׁיקְט
און גֶעזָאגְט, לָאז יֶענֶע מֶענֶער פְרֵייא. 36 און דֶער וֶועכְטֶער פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְ־
נִיס הָאט דִיזֶע וֶוערְטֶער צוּ פּוֹלוּס דֶערְצֶעהְלְט און גֶעזָאגְט, דִיא רֶעגִירֶער
הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אַז מֶען זָאל אֵייךְ בֶּעפְרֵייעֶן. דְרוּם קוּמְט אַצוּנְד אַרוֹיס, און
גֶעהְט אִין פְרִידֶען. 37 אָבֶּער פּוֹלוּס הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זַייא הָאבֶּען אוּנְז
עֶפֶענְטְלִיךְ אָהְן מִשְׁפָּט גֶעשְׁלָאגֶען, וָואס מִיר זֶענֶען רוֹמִישֶׁע מֶענֶער, און הָאבֶּען
אוּנְז אִים גֶעפֶענְגְנִיס אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען, און אַצוּנְד וֶועלֶען זַייא אוּנְז שְׁטִילֶערְהֵייט
אַרוֹיסְוַוארְפֶען? נֵיין! זֵייעֶרְט לָאזֶען זַייא זֶעלְבְּסְט קוּמֶען און אוּנְז אַרוֹיסְפִיהְ־
רֶען. 38 און דִיא פָּאלִיצַיידִינֶער הָאבֶּען דִיזֶע וֶוערְטֶער צוּ דִיא רֶעגִירֶער דֶערְ־
צֶעהְלְט; און וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז זַייא זֶענֶען רוֹמִישֶׁע מֶענֶער, הָאבֶּען
זַייא מוֹרָא גֶעהַאט, 39 און זֶענֶען גֶעקוּמֶען און הָאבֶּען זַייא אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען,
און הָאבֶּען זַייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט און גֶעבֶּעטֶען אַז זַייא זָאלֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט
אַוֶועקְגֶעהֶען. 40 און זַייא זֶענֶען אוֹיס דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען און זֶענֶען
צוּ לוּדְיָא אַרַיינְגֶעקוּמֶען, און וֶוען זַייא הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען
זַייא זַייא גֶעטְרֵייסְט און זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

יז 1 און וֶוען זַייא זֶענֶען דוּרְךְ אַמְפִּיפּוֹלִיס און אַפּוֹלוֹנְיָא דוּרְכְגֶערֵייזְט, זֶענֶען
זַייא קֵיין תֶּעסַאלוֹנִיקָא גֶעקוּמֶען, וְואוּ עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ יוּדִישֶׁע שׁוּל. 2 און
פּוֹלוּס נָאךְ זַיינֶע גֶעוְואוֹינְהֵייט אִיז צוּ זַייא אַרַיינְגֶעקוּמֶען, און דְרֵייא שַׁבָּתִים
הָאט עֶר מִיט זַייא גֶערֶעט אוֹיס דֶער שְׁרִיפְט, 3 און הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט און
הָאט זַייא גֶעוִויזֶען, אַז דֶער מָשִׁיחַ הָאט גֶעמוּזְט לֵיידֶען און פוּן דִיא טוֹיטֶע
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, און אַז דִיזֶער אִיז דֶער מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ דֶעם אִיךְ פְּרֶעדִיג צוּ
אֵייךְ. 4 און עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, און הָאבֶּען זִיךְ צוּ פּוֹלוּס און
סִילָא בֶּעהֶעפְט, און אַ גְרוֹיסֶע צָאהְל פוּן דִיא פְרוּמֶע גְרֶעקֶען, און נִיט וֶוענִיג
פוּן דִיא גָאטֶעסְפָארְכְטִינֶע פְרוֹיעֶן.

5 אָבֶּער דִיא יוּדֶען הָאבֶּען קִנְאָה בֶּעקוּמֶען, און הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען
עֶטְלִיכֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענֶער פוּן דִיא גֶעמֵיינֶע לֵייט, און הָאבֶּען אַ פֶערְזַאמְ־
לוּנְג מִיט לַארְם אִין דֶער שְׁטָאדְט גֶעמַאכְט, און הָאבֶּען בֶּעלַאגֶערְט דָאס
הוֹיז פוּן יָסוֹן, און הָאבֶּען זַייא גֶעוָואלְט צוּם פָאלְק אַרוֹיסְפִיהְרֶען 6 און וֶוען

זַייא הָאבֶּען זַייא נִיט גֶעפִינֶען, הָאבֶּען זַייא יָסוֹן אוּן עֶטְלִיכֶע בְּרִידֶער גֶעשְׁלֶעפְּט
צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶער שְׁטָאדְט, אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, אַז דִיזֶע וָואס
הָאבֶּען דִיא וֶועלְט אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט, זֶענֶען אוֹיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען; 7 אוּן יָסוֹן
הָאט זַייא אוֹיפְגֶענוּמֶען; אוּן דִיזֶע אַלֶע ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דִיא גֶעזֶעץ פוּן
דֶעם קֵיסַר, אִינְדֶעם זַייא זָאגֶען אַז עֶס אִיז דָא אֵיין אַנְדֶערֶער קֶענִיג, דֶער אִיז
יֵשׁוּעַ. 8 אוּן זַייא הָאבֶּען דֶערְצֶערְנְט דָאס פָאלְק אוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן
דֶער שְׁטָאדְט וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט. 9 אוּן זַייא הָאבֶּען פֶערְזִיכֶערוּנְג
פוּן יָסוֹן אוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זַייא פְרֵייא גֶעלָאזְט.

10 אוּן גְלֵייךְ הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער פּוֹלוֹס אוּן סִילָא בֵּייא נַאכְט קֵיין בְּרוֹאָה
אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, וֶועלְכֶע וֶוען זַייא זֶענֶען אַהִינְגֶעקוּמֶען זֶענֶען אִין דִיא יוּדִישֶׁע שׁוּל
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען. 11 אוּן דִיזֶע זֶענֶען עֶדְלֶערֶע ווִיא דִיא אִין תֶּעסַאלוֹנִיקָא גֶעוֶועזֶען,
אִינְדֶעם זַייא הָאבֶּען דָאס וָוארְט אָנְגֶענוּמֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען ווִילֶען, אוּן
הָאבֶּען טֶעגְלִיךְ דִיא שְׁרִיפְט גֶעפָּארְשְׁט אוֹיב דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אַזוֹי. 12 דְרוּם
הָאבֶּען פִילֶע פוּן זַייא גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן נִיט וֶוענִיג פוּן דִיא גְרֶעקִישֶׁע אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע
פְרוֹיעֶן אוּן מֶענֶער. 13 אָבֶּער וֶוען דִיא יוּדֶען פוּן תֶּעסַאלוֹנִיקָא הָאבֶּען גֶעוָואר
גֶעוָוארֶען אַז פּוֹלוֹס הָאט אוֹיךְ אִין בְּרוֹאָה דָאס וָוארְט פוּן גָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט,
זֶענֶען זַייא אוֹיךְ אַהִין גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען דִיא לֵייט אוֹיפְגֶערֶעגְט אוּן אוֹיפְגֶע־
הֶעצְט. 14 אוּן דַאן הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער פּוֹלוֹס גְלֵייךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אַז עֶר זָאל
בִּיז צוּם יַם גֶעהֶען; אָבֶּער סִילָא אוּן טִימוֹתִיוֹס זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען. 15 אוּן
דִיא וָואס הָאבֶּען פּוֹלוֹס בֶּעגְלֵייט הָאבֶּען אִיהְם בִּיז קֵיין אַתִּינַס גֶעבְּרַאכְט; אוּן
וֶוען זַייא הָאבֶּען אַ בֶּעפֶעהְל גֶענוּמֶען צוּ סִילָא אוּן טִימוֹתִיוֹס, אַז זַייא זָאלֶען
צוּם גֶעשְׁווִינְדֶסְטֶען צוּ אִיהְם קוּמֶען, זֶענֶען זַייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

16 אוּן דֶערְוַוייל פּוֹלוֹס הָאט אוֹיף זַייא אִין אַתִּינַס גֶעוַוארְט, אִיז זֵיין גֵייסְט אִין
אִיהְם דֶערְבִּיטֶערְט גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט
הָאט אָפְּגֶעטֶער גֶעדִינְט. 17 דְרוּם הָאט עֶר גֶעטַּענְהֶעט אִין דֶער שׁוּל מִיט דִיא
יוּדֶען אוּן מִיט דִיא גָאטֶעסְפָארְכְטִיגֶע, אוּן אוֹיף דֶעם מַארְק אַלֶע טָאג מִיט
וֶועמֶען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט. 18 אוּן עֶטְלִיכֶע פִילָאזָאפֶען פוּן דִיא אַפִּיקוֹרְיִים
אוּן סְטוֹאִיקֶער הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְם גֶעשְׁטְרִיטֶען. אוּן עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, וָואס ווִיל דִיזֶער פְלוֹידֶערֶער זָאגֶען? אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס זֶעהְט
אוֹיס אַז עֶר דֶערְצֶעהְלְט פוּן פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער; וָוארִין עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן יֵשׁוּעַ אוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים. 19 אוּן זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶע־
הַאלְטֶען אוּן גֶעפִיהְרְט צוּם אַרְעָאפַּאגוּס, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קֶענֶען מִיר ווִיסֶען
וָואס דִיזֶע נֵייעֶ לֶעהְרֶע אִיז פוּן וֶועלְכֶע דוּא רֶעדְסְט? 20 וָוארִין דוּא בְּרֶענְגְסְט
עֶפֶּעס פְרֶעמְדֶע זַאכֶען צוּ אוּנְזֶערֶע אוֹיעֶרֶען; דְרוּם ווִילֶען מִיר ווִיסֶען וָואס
דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען. 21 נוּן אַלֶע לֵייט פוּן אַתִּינַס אוּן דִיא פְרֶעמְדֶע וָואס הָאבֶּען
דָארְט גֶעוואוֹינְט הָאבֶּען דִיא צֵייט אַנְדֶערְשׁ נִיט פֶערְבְּרַאכְט, אוֹיסֶער עֶפֶּעס
נֵייעֶס צוּ זָאגֶען אָדֶער צוּ הֶערֶען.

22 אוּן פּוֹלוֹס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם אַרְעָאפַּאגוּס אוּן הָאט גֶעזָאגְט,

אִיהְר מֶענֶער פוּן אַתִּינַס, אִיךְ זֶעה אַז אִיהְר זֶענְט אִין אַלֶע זַאכֶען
אַבִּיסֶעל אָבֶּערְגְלוֹיבִּישׁ. 23 וָוארִין ווִיא אִיךְ בִּין פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאב אֵייעֶרֶע
גָאטֶעסְדִינְסְטֶע גֶעזֶעהֶען, הָאבּ אִיךְ אַ מִזְבֵּחַ גֶעפִינֶען וָואס אִיז דְרוֹיף גֶעשְׁרִיבֶּען
גֶעוֶוען, צוּ אֵיין אוּנְבֶּעקַאנְטֶען גָאט. דְרוּם דֶעם וֶועלְכֶעם אִיהְר אוּנְוִוי־
סֶענְדְלִיךְ דִינְט דֶערְקְלֶעהְר אִיךְ אֵייךְ. 24 דֶער גָאט וֶועלְכֶער הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא
וֶועלְט אוּן אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען, דִיזֶער אִיז דֶער הַאר פוּן הִימֶעל אוּן עֶרְד, אוּן עֶר
וְואוֹינְט נִיט אִין טֶעמְפֶּעל וָואס זֶענֶען מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט, 25 אוּן אִיז אוֹיךְ נִיט
גֶעדִינְט דוּרְךְ דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי ווִיא עֶר וָואלְט עֶפֶּעס בֶּעדַארְפֶען,
וָוארִין עֶר הָאט אַלֵיין צוּ אַלֶע גֶעגֶעבֶּען לֶעבֶּען אוּן אָטֶעם אוּן אַלֶע זַאכֶען.
26 אוּן עֶר הָאט פוּן אֵיינֶעם גֶעמַאכְט אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן מֶענְשֶׁען, אַז זֵייא זָאלֶען
וְואוֹינֶען אוֹיף דִיא גַאנְצֶע עֶרְד, אוּן הָאט פֶעסְטְגֶעזֶעצְט דִיא צֵייטֶען וָואס זֶענֶען
פְרִיהֶער פֶערְאָרְדְנֶעט גֶעוָוארֶען, אוּן דִיא גְרֶענְצֶען פוּן זֵייעֶרֶע וְואוֹינוּנְג; 27 אַז זֵייא
זָאלֶען גָאט זוּכֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא אִיהְם דָאךְ פִיהְלֶען אוּן גֶעפִינֶען, חָאטְשֶׁע
עֶר אִיז נִיט וַוייט פוּן יֶעדֶען פוּן אוּנְז. 28 וָוארִין אִין אִיהְם לֶעבֶּען מִיר אוּן
בֶּעוֶועגֶען אוּנְז אוּן זֶענֶען, אַזוֹי ווִיא עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייעֶרֶע מְשׁוֹרְרִים הָאבֶּען
גֶעזָאגְט,

וָוארִין מִיר זֶענֶען אוֹיךְ זֵיינֶע אָפְּשְׁטַאמוּנְג.

29 דְרוּם ווַייל מִיר זֶענֶען דִיא אָפְּשְׁטַאמוּנְג פוּן גָאט, זָאלֶען מִיר נִיט דֶענְקֶען אַז
דִיא גָאטְהֵייט אִיז גְלֵייךְ צוּ גָאלְד אָדֶער זִילְבֶּער אָדֶער שְׁטֵיין, אַ קוּנְסְטְשְׁטִיק
פוּן אַ מֵייסְטֶער אוּן פוּן מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען. 30 דְרוּם הָאט גָאט אִיבֶּערְגֶע־
זֶעהֶען דִיא צֵייט פוּן דֶער אוּנְוִויסֶענְהֵייט, אָבֶּער אַצוּנְד בֶּעפֶעהְלְט עֶר אַז אַלֶע
מֶענְשֶׁען אִין אַלֶע עֶרְטֶער זָאלֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן. 31 וָוארִין עֶר הָאט אוֹיסְגֶעזֶעצְט
אַ טָאג וֶוען עֶר וֶועט דִיא וֶועלְט רִיכְטֶען מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דוּרְךְ דֶעם מַאן
וָואס עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט; דְרוֹיף עֶר הָאט פֶערְזִיכֶערְט צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען
אִינְדֶעם עֶר הָאט אִיהְם פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט.

32 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען פוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים גֶעהֶערְט, הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע גֶעשְׁפֶּעט,
אָבֶּער אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען דִיךְ ווִידֶער אַמָאל הֶערֶען וֶועגֶען
דִיזֶער זַאךְ. 33 אַזוֹי אִיז פּוֹלוֹס פוּן צְווִישֶׁען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. 34 אָבֶּער
עֶטְלִיכֶע מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעהֶעפְט אוּן הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, צְווִישֶׁען
וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶוען דִיוֹנוּסִיוּס פוּן אַרְעָאָפַּאגוּס אוּן אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
דַאמָארִים אוּן נָאךְ אַנְדֶערֶע מִיט זֵייא.

יח 1 נָאכְדֶעם אִיז פּוֹלוֹס פוּן אַתִּינַס אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז קֵיין קוֹרִנְתּוֹס
גֶעקוּמֶען. 2 אוּן עֶר הָאט אַ יוּד גֶעפִינֶען וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַקְוִוילָא, וֶועלְ־
כֶּער אִיז אִין פּוֹנְטוּס גֶעבּוֹירֶען, אוּן אִיז נִיט לַאנְג פוּן אִיטַאלְיָא גֶעקוּמֶען מִיט זֵיין
ווַייבּ פְּרִיסְקִילָא, וָוארִין קְלוֹדִיוּס הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז אַלֶע יוּדֶען זָאלֶען פוּן רוֹם
אַוֶועקְצִיהֶען. 3 אוּן עֶר אִיז צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען, אוּן ווַייל עֶר אִיז פוּן דִיא זֶעלְבִּיגֶע
מְלָאכָה גֶעוֶוען אִיז עֶר בֵּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען אוּן הָאט גֶעאַרְבֵּייט, וָוארִין זֵייעֶרֶע
מְלָאכָה אִיז גֶעוֶוען גֶעצֶעלְטֶען מַאכֶען. 4 אוּן עֶר הָאט גֶעטַעגְהֶעט אִין דֶער

שׁוּל אַלֶע שַׁבָּת, אוּן הָאט דִיא יוּדֶען אוּן דִיא גְרֶעקֶען אִיבֶּערְגֶערֶעט.
[5] אוּן וֶוען סִילָא אוּן טִימוֹתִיוֹס זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן מַקְדוֹנְיָא, אִיז פּוֹלוֹס
פוּן דֶעם גֵייסְט גֶעצְוְואוּנְגֶען גֶעוָוארֶען, אוּן עֶר הָאט צוּ דִיא יוּדֶען בֶּעצֵייגְט אַז
יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ. [6] אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ ווִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּן הָאבֶּען
גֶעלֶעסְטֶערְט; אוּן עֶר הָאט זַיין קְלֵייד אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט אוּן הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אֵייעֶר בְּלוּט זָאל אוֹיף אֵייעֶר קָאפּ זַיין, אִיךְ בִּין רֵיין; פוּן אַצוּנְד אָן וֶועל אִיךְ
גֶעהֶען צוּ דִיא גוֹיִם. [7] אוּן עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים הויז פוּן אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען טִיטִיוּס יוּסְטוּס, וָואס
אִיז גֶעוֶוען אַ גָאטֶעסְפָארְכְטִיגֶער, וֶועמֶעס הויז אִיז נֶעבֶּען דֶער שׁוּל גֶעוֶוען.
[8] אוּן קְרִיסְפּוּס דֶער פַּרְנֵס פוּן דֶער שׁוּל הָאט אָן דֶעם הַאר'ן גֶעגְלוֹיבְּט מִיט
זַיין גַאנְצֶען הויזְגֶעזִינְד, אוּן פִילֶע פוּן דִיא קָארִינְטֶער וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט
הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן זֶענֶען גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען.
[9] אוּן דֶער הַאר הָאט צוּ פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט דוּרְךְ אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג אִין דֶער נַאכְט,
פָארְכְט דִיךְ נִיט, נֵייעֶרְט רֶעד אוּן שְׁוֵויינ נִיט שְׁטִיל. [10] וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, אוּן
קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען דִיר שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, וָוארִין אִיךְ הָאבּ
פִיל פָאלְק אִין דִיזֶער שְׁטָאדְט. [11] אוּן עֶר אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען אַ יָאהְר אוּן
זֶעקְס חֳדָשִׁים, אוּן הָאט צְווִישֶׁען זֵייא דָאס וָוארְט פוּן גָאט גֶעלֶעהְרְט.
[12] אָבֶּער וֶוען גַלִיוֹן אִיז פִּירְשְׁט פוּן אַכַיָא גֶעוֶוען, זֶענֶען דִיא יוּדֶען אֵיינְשְׁטִימִיג
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען קֶעגֶען פּוֹלוֹס, אוּן הָאבֶּען אִיהְם צוּם מִשְׁפָּט גֶעבְּרַאכְט, [13] אוּן
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיבֶּערְרֶעט דִיא לֵייט אַז זֵייא זָאלֶען גָאט דִינֶען קֶעגֶען
דֶער תּוֹרָה. [14] אָבֶּער וֶוען פּוֹלוֹס הָאט גֶעוָואלְט זַיין מוֹיל אוֹיפְמַאכֶען, הָאט גַלִיוֹן
צוּ דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, וֶוען עֶס וָואלְט זַיין אֵיין אוּנְרֶעכְט אָדֶער אַ קְרִימִינַאל
זַאךְ, אִיהְר יוּדֶען, אַזוֹי וָואלְט עֶס רֶעכְט גֶעוֶוען אִיךְ זָאל אֵייךְ אוֹיסְהַאלְטֶען.
[15] אָבֶּער וֶוען עֶס זֶענֶען פְרַאגֶען וֶועגֶען אַ וָוארְט אוּן נֶעמֶען אוּן וֶועגֶען אֵייעֶרֶע
תּוֹרָה, זֶעהְט אִיהְר זֶעלְבְּסְט דֶערְצוּ; וָוארִין אִיךְ ווִיל נִיט זַיין קֵיין רִיכְטֶער
אִיבֶּער דִיזֶע זַאכֶען. [16] אוּן עֶר הָאט זֵייא אַוֶועקְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּל.
[17] אוּן זֵייא אַלֶע הָאבֶּען סָאסְתֶּענֶעס אָנְגֶעפַּאסְט דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֶער שׁוּל, אוּן
הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען פָאר דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּל. אוּן גַלִיוֹן הָאט זִיךְ דֶערִיבֶּער
גָאר נִיט מְצַעֵר גֶעוֶוען.
[18] אוּן פּוֹלוֹס אִיז נָאךְ פִילֶע טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט
דִיא בְּרִידֶער, אוּן הָאט זִיךְ קֵיין סוּרְיָא אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט, אוּן פְּרִיסְקִילָא אוּן
אַקְווִילָא מִיט אִיהְם; אוּן עֶר הָאט זַיין קָאפּ אִין קֶנְכְרִיאָה גֶעשׁוֹירֶען, וָוארִין עֶר
הָאט אוֹיף זִיךְ אַ נֶדֶר גֶעהַאט. [19] אוּן עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען קֵיין עֶפֶעזוּס, אוּן
הָאט זֵייא דָארְט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אָבֶּער עֶר אִיז זֶעלְבְּסְט אִין דֶער שׁוּל אַרֵיינְגֶע־
גַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעטַעֲנָהֶעט מִיט דִיא יוּדֶען. [20] אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל בַּייא זֵייא אַ לֶענְגֶערֶע צֵייט בְּלֵייבֶּען, הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט;
[21] נֵייעֶרְט עֶר הָאט זִיךְ מִיט זֵייא גֶעזֶעגֶענְט אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ
ווִידֶער צוּרִיקְקֶעהְרֶען מִיט גָאטֶעס ווִילֶען. אוּן עֶר אִיז פוּן עֶפֶעזוּס אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,

22 און איז אַרופֿגעקומען קיין קיסריָן, און איז אַרויפֿגעגאַנגען און האָט די
קהלה געגריסט, און איז קיין אַנטיוכיאַ אַראָפּגעגאַנגען. 23 און ווען ער האָט
זיך דאָרט אַ צייט אויפֿגעהאַלטען, איז ער אַוועקגעגאַנגען, און איז דורכגעפֿאָהרען
כּסדר דאָס לאַנד גאַלאַטיאַ און פֿרוגיאַ, און האָט אַלע תּלמידים געשטאַרקט.
24 און אַ געוויסער יוד וואָס האָט געהייסען אַפּולוס איז געקומען קיין
עפֿעזוס, וואָס איז געווען בייא געבורט פֿון אַלכּסנדריאַ, אַ בערעדטער
מאַן, און מעכטיג אין די שריפֿטען. 25 דיזער איז געלעהרט געווען אין דעם
וועג פֿון דעם האר׳ן, און איז לעבהאַפֿטיג אים גייסט געווען, און האָט גערעדט
און געלעהרט וועגען ישוע, אָבער ער האָט נור פֿון דער טבילה פֿון יוחנן
געוואוסט. 26 און ער האָט אָנגעהויבען עפֿענטליך צו לעהרען אין דער שול.
און ווען אַקוילאַ און פּריסקילאַ האָבען איהם געהערט, האָבען זייא איהם צו
זיך גענומען, און האָבען איהם נאָך בעסער דעם וועג פֿון גאָט דערקלערט.
27 און ווען ער האָט געוואָלט דורכגעהען קיין אַכיאַ, האָבען די ברידער איהם
ערמוטיגט און האָבען צו די תּלמידים געשריבען, אַז זייא זאָלען איהם
אויפֿנעמען. און ווען ער איז געקומען, האָט ער פֿיל געהאָלפֿען די וואָס
האָבען געגלויבט דורך גנאָד. 28 וואָרין ער האָט די יודען שטאַרק ווידער־
לעגט, און האָט זייא עפֿענטליך אויס דער שריפֿט בעוויזען אַז ישוע איז דער
משיח.

יט 1 און עס איז געשעהען דערווייל אַפּולוס איז אין קורינתוס געווען איז
פּולוס דורכגעגאַנגען דורך די אויבערע געגענד, און איז קיין עפֿעזוס
געקומען, און האָט עטליכע תּלמידים געפֿינען, 2 און האָט צו זייא געזאָגט,
האָט איהר דערהאַלטען דעם רוח הקודש זינט איהר האָט געגלויבט? און
זייא האָבען צו איהם געזאָגט, מיר האָבען ניט אַפֿילו געהערט אויב עס איז
פֿאַרהאַנען אַ רוח הקודש. 3 און ער האָט געזאָגט, צו וואָס דען זענט איהר
געטובלט געוואָרען? און זייא האָבען געזאָגט, צו דער טבילה פֿון יוחנן.
4 און פּולוס האָט געזאָגט, יוחנן האָט מיט דער טבילה פֿון תּשובה געטובלט
און האָט געזאָגט צום פֿאָלק אַז זייא זאָלען גלויבען אָן דעם וואָס קומט נאָך
איהם, דאָס איז אָן ישוע המשיח. 5 און ווען זייא האָבען דאָס געהערט, זענען
זייא געטובלט געוואָרען אים נאָמען פֿון דעם האר׳ן ישוע. 6 און ווען פּולוס
האָט די הענד אויף זייא געלעגט, איז דער רוח הקודש אויף זייא געקומען,
און זייא האָבען מיט לשונות גערעדט און האָבען נבואות געזאָגט. 7 און אַלע
מענער זענען געווען קעגען צוועלף.

8 און ער איז אין דער שול אַריינגעגאַנגען און האָט דרייא חדשים מוטיג
געשפּראָכען, און האָט געטענהט און איבערגערעדט וועגען דעם קעניגרייך
פֿון גאָט. 9 אָבער ווען עטליכע זענען פֿערהאַרטעט געווען און האָבען ניט
געגלויבט און האָבען דעם וועג פֿאַר דעם פֿאָלק געלעסטערט, אַזוי האָט ער
זיך אויסגעווייכט, און האָט די תּלמידים אָפּגעזונדערט, און האָט טעגליך
געטענהט אין דער שול פֿון טיראַנוס. 10 און דאָס איז געשעהען צוויא

יָאהְר, אַזוֹי אַז אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִין אַסְיָא גֶעווֹאוֹינְט, יוּדֶען אוּן גְרֶעקֶען, הָאבֶּען
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר'ן גֶעהֶערְט.
[11] אוּן גָאט הָאט גְרוֹיסֶע גְבוּרוֹת דוּרְךְ דִיא הֶענְד פוּן פּוֹלוֹס גֶעטְהוּן, [12] אַזוֹי
אַז מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן זַיין לַייבּ טִיכֶער אָדֶער פָּארְטִיכֶער צוּ דִיא קְרַאנְקֶע,
אוּן דִיא קְרַאנְקְהֵייטֶען הָאבֶּען זַייא פֶערְלָאזְט, אוּן דִיא בֶּעזֶע גֵייסְטֶער זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. [13] אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא יוּדִישֶׁע וַואנְדֶערֶער, וָואס זֶענֶען
בֶּעשְׁוֶוערֶער גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען אָנְצוּרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן
דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ אִיבֶּער דִיא וָואס הָאבֶּען בֶּעזֶע גֵייסְטֶער גֶעהַאט אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ בֵּייא יֵשׁוּעַ, דֶעם פּוֹלוֹס פְּרֶעדִיגְט. [14] אוּן עֶס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען זִיהְן פוּן אַ גֶעוִויסֶען יוּדִישֶׁען כֹּהֵן גָדוֹל וֶועלְכֶע הָאבֶּען
דָאס גֶעטְהוּן. [15] אוּן דֶער בֶּעזֶע גֵייסְט הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ ווֵייס אִיךְ, אוּן פּוֹלוֹס קֶען אִיךְ, אָבֶּער וֶוער זֶענְט אִיהְר? [16] אוּן
דֶער מַאן וָואס הָאט דֶעם בֶּעזֶען גֵייסְט אִיז אוֹיף זַייא גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אוּן הָאט
זַייא בֵּיידֶע בֵּייגֶעקוּמֶען, אַזוֹי אַז זַייא זֶענֶען אוֹיס דֶעם הוֹיז אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען
נַאקְט אוּן פֶערְוְואוּנְדֶעט. [17] אוּן דָאס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ אַלֶע יוּדֶען אוּן
גְרֶעקֶען וָואס הָאבֶּען אִין עֶפֶעזוּס גֶעווֹאוֹינְט, אוּן עֶס אִיז אַ שְׁרֶעק אוֹיף זַייא
אַלֶע גֶעפַאלֶען, אוּן דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ אִיז פֶערְהֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען.
[18] אוּן פִילֶע פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען מִתְוַדֶה
גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאבֶּען זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים דֶערְצֶעהְלְט. [19] אוּן עֶטְלִיכֶע וָואס הָאבֶּען
כִּשׁוּף גֶעטְרִיבֶּען הָאבֶּען זֵייעֶרֶע בִּיכֶער צוּנוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוּן הָאבֶּען זַייא פָאר
אַלֶע פֶערְבְּרֶענְט, אוּן זַייא הָאבֶּען בֶּערֶעכֶענְט דֶעם פְּרֵייז דֶערְפוּן, אוּן הָאבֶּען
גֶעפִינֶען אַז עֶס הָאט פִינְפְצִיג טוֹיזֶענְד שְׁטִיק זִילְבֶּער בֶּעטְרָאפֶען. [20] אַזוֹי אִיז
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר'ן מֶעכְטִיג גֶעוַואקְסֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט.
[21] אוּן נָאכְדֶעם דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גֶעעֶנְדִיגְט גֶעוָוארֶען, הָאט זִיךְ פּוֹלוֹס
פָארְגֶענוּמֶען אִים גֵייסְט וֶוען עֶר אִיז דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא אוּן אַכַיָא דוּרְכְגֶעגַאנְ־
גֶען צוּ גֶעהֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם; אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נָאכְדֶעם אִיךְ בִּין דָארְט
גֶעוֶועזֶען מוּז אִיךְ אוֹיךְ רוֹם זֶעהֶען. [22] אוּן עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט קַיין מַקְדוֹנְיָא צְווֵייא
וָואס הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט, טִימוֹתִיוֹס אוּן עֶרַאסְטוֹס, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ
זֶעלְבְּסְט אַ צֵייט אִין אַסְיָא אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען.
[23] אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען קֶעגֶען יֶענֶע צֵייט אַז עֶס אִיז קֵיין קְלֵיינֶער רַעַשׁ
גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען דֶעם וֶועג. [24] וָוארִין אַ גֶעוִויסֶער מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
דִימֶעטְרִיוֹס, אַ זִילְבֶּער אַרְבֵּייטֶער וָואס פְלֶעגְט קְלֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע טֶעמְפֶּעל פוּן
אַרְטֶעמִיס צוּ מַאכֶען, אוּן הָאט צוּ דִיא אַרְבֵּייטֶער נִיט וֶוענִיג גֶעוִוינְסְט אֵיינְגֶעבְּרָאכְט,
[25] הָאט זַייא צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען אוּן אוֹיךְ דִיא אַנְדֶערֶע אַרְבֵּייטֶער פוּן גְלֵייכֶע
בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג אוּן הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, אִיהְר ווֵייסְט אַז בֵּייא דִיזֶער
אַרְבֵּייט הָאבֶּען מִיר אוּנְזֶער פֶערְמֶעגֶען; [26] אוּן אִיהְר זֶעהְט אוּן הֶערְט,
אַז נִיט אַלֵיין אִין עֶפֶעזוּס נֵייעֶרְט אוֹיךְ כִּמְעַט אִין גַאנְץ אַסְיָא הָאט דִיזֶער
פּוֹלוֹס פִיל לֵייט אִיבֶּערְגֶערֶעט אוּן אָפְּגֶעקֶעהְרְט אִינְדֶעם עֶר הָאט גֶעזָאגְט,

אַז עֶס זֶענֶען נִיט גֶעטֶער וָואס זֶענֶען מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען. 27 און
נִיט אַלֵיין אִיז דִיזֶעס אוּנְזֶערֶען הַאנְדֶעל אַ סַכָּנָה צוּ בּוּשָׁה צוּ קוּמֶען,
נֵייעֶרְט אוֹיךְ דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דִיא גְרוֹיסֶע גֶעטִין אַרְטֶעמִיס וֶועט פַאר גָאר־
נִיט גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען, און אִיהְרֶע גְדוּלָה וֶועט אוּנְטֶערְגֶעהֶען, צוּ וֶועלְכֶער
גַאנְץ אַסְיָא און דִיא וֶועלְט דִינְט. 28 און וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט און
זֶענֶען זֶעהְר בֶּעז גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט, גְרוֹיס אִיז
אַרְטֶעמִיס פוּן דִיא עֶפֶּעזֶער. 29 און דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אִיז פוּל מִיט גֶעטוּ־
מֶעל גֶעוָוארֶען; און זֵייא הָאבֶּען גַאיוֹס און אַרִיסְטַארְכוּס אָנְגֶעכַאפְּט, וֶועלְכֶע
זֶענֶען אוֹיס מַקְדוֹנְיָא און הָאבֶּען מִיט פּוֹלוֹס גֶערֵייזְט, און זֵייא זֶענֶען מִיט
אַמָאל אִים טֶעאַטֶער אַרֵיינְגֶעלָאפֶען. 30 און וֶוען פּוֹלוֹס הָאט גֶעוָואלְט
צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק גֶעהֶען הָאבֶּען אִיהְם דִיא תַּלְמִידִים נִיט גֶעלָאזְט.
31 און אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא אָפִּיצִירֶע פוּן אַסְיָא וָואס זֶענֶען זֵיינֶע פְרֵיינְד
גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט, און הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זִיךְ נִיט
אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען אִים טֶעאַטֶער אַרֵיין צוּ גֶעהֶען. 32 אַזוֹי הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע
דָאס גֶעשְׁרִיגֶען און אַנְדֶערֶע עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ; וָוארִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אִיז
פֶערְטוּמֶעלְט גֶעוֶוען, און דִיא מֵיינְסְטֶען הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן וֶועסְטְוֶועגֶען
זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען.

33 און פוּן דִיא לֵייט הָאבֶּען זֵייא אַלֶכְּסַאנְדֶער אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט, דֶעם דִיא יוּדֶען
הָאבֶּען ווֵייטֶער גֶעשְׁטִיפְּט. און אַלֶכְּסַאנְדֶער הָאט גֶעוִוינְקְט מִיט דֶער הַאנְד,
און הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט פָאר דֶעם פָאלְק פֶערְעֶנְטְפֶערֶען. 34 אָבֶּער וֶוען זֵייא
הָאבֶּען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אַ יוּד, הָאבֶּען אַלֶע גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין
קוֹל פַאר צְווֵייא שָׁעָה לַאנְג, גְרוֹיס אִיז אַרְטֶעמִיס פוּן דִיא עֶפֶּעזֶער. 35 און
דֶער קַאנְצְלֶער הָאט דִיא לֵייט גֶעשְׁטִילְט און גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער פוּן
עֶפֶּעזוּס, וֶועלְכֶער מֶענְשׁ ווֵייסְט נִיט אַז דִיא שְׁטָאדְט עֶפֶּעזוּס אִיז דֶער טֶעמְ־
פֶּעלְהִיטֶער פוּן דִיא גְרוֹיסֶע אַרְטֶעמִיס, און פוּן דֶעם בִּילְד וָואס אִיז פוּן דֶעם
הִימֶעל אַרוּפְּגֶעפַאלֶען? 36 דְרוּם ווֵייל דִיזֶע זַאכֶען קֶענֶען נִיט אָפְּגֶעלֵייקֶענְט וֶוערֶען,
בֶּעדַארְפְט אִיהְר שְׁטִיל צוּ זֵיין און קֵיין זַאךְ אֵיילֶענְדִיג טְהוּן. 37 וָוארִין אִיהְר
הָאט דִיזֶע מֶענֶער אַהֶערְגֶעבְּרַאכְט, וָואס הָאבֶּען נִיט דִיא טֶעמְפֶּעל גֶערוֹיבְּט,
און הָאבֶּען נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט אֵייעֶרֶע גֶעטִין. 38 דְרוּם וֶוען דֶעמֶעטְרִיוּס און דִיא
אַרְבֵּייטֶער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם הָאבֶּען עֶפֶּעס קֶעגֶען אֵיםִיצֶען, אַזוֹי זֶענֶען
מִשְׁפָּטִים פַארְהַאנֶען, און דָא זֶענֶען קֵייזֶערְלִיכֶע שְׁטֶעלְפֶערְטְרֶעטֶער, לָאזֶען
זֵייא זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען פֶערְקְלָאגֶען 39 אָבֶּער וֶוען אִיהְר עֶפֶּעס
ווֵייטֶער פֶערְלַאנְגְט אַזוֹי וֶועט עֶס בֶּעשְׁלָאסֶען וֶוערֶען אִין אַ גֶעזֶעצְלִיכֶע
פֶערְזַאמְלוּנְג. 40 וָוארִין מִיר זֶענֶען אִין אַ סַכָּנָה פֶערְקְלָאגְט צוּ וֶוערֶען וֶועגֶען
קְרִיג פוּן וֶועגֶען דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, וָוארִין עֶס אִיז קֵיין אוּרְזַאךְ נִיט פַאר־
הַאנֶען, און דֶעסְטְוֶועגֶען קֶענֶען מִיר זִיךְ נִיט פַאר דִיזֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פֶערְ־
עֶנְטְפֶערֶען. 41 און וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט.

כ 1 און װֶוען דָאס גֶעטוּמֶעל הָאט אױפְגֶעהֶערְט, הָאט פּוֹלוֹס דִיא תַּלְמִידִים
גֶערוּפֶען און דֶערְמָאהְנְט, און הָאט זִיךְ מִיט זֵייא גֶעזֶעגֶענְט, און אִיז אַװֶעקְגֶע־
גַאנְגֶען צוּ רֵייזֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא. 2 און װֶוען עֶר אִיז יֶענֶע עֶרְטֶער דוּרְכְגֶע־
גַאנְגֶען און הָאט זֵייא מִיט פִילֶע רֶעד דֶערְמָאהְנְט, אִיז עֶר קֵיין גְרֶעקֶענְלַאנְד
גֶעקוּמֶען, 3 און װֶוען עֶר הָאט זִיךְ דָארְט דְרֵייא חֳדָשִׁים אױפְגֶעהַאלְטֶען, און
דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט, װִיא עֶר הָאט גֶעװָאלְט קֵיין סוּרְיָא
אַװֶעקְשִׁיפֶען, הָאט עֶר זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא. 4 און
עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעפָאהְרֶען בִּיז אַסְיָא, סוֹפַּטְרוֹס פוּן בִּירוֹאָה דֶער זוּהְן פוּן
פּוּרוֹס, אַרִיסְטַארְכוֹס און סֶעקוּנְדוֹס פוּן תֶּעסַאלוֹנִיקָא, און גַאיוֹס פוּן דֶערְבִּי, און
טִימוֹתִיוֹס, און טִיכִיקוֹס און טְרָאפִימוֹס פוּן אַסְיָא. 5 און דִיזֶע זֶענֶען פָארְאוֹיס
גֶעגַאנְגֶען, און הָאבֶּען אוֹיף אוּנְז גֶעװַארְט אִין טְרוֹאַס. 6 אָבֶּער נָאךְ דִיא
טֶעג פוּן פֶּסַח הָאבֶּען מִיר זִיךְ אַװֶעקְגֶעשִׁיפְט פוּן פִילִיפִּי, און זֶענֶען צוּ זֵייא
גֶעקוּמֶען קֵיין טְרוֹאַס אִין פִינְף טֶעג, און זֶענֶען דָארְט זִיבֶּען טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען.
7 און אִים עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער װָאךְ, װֶוען מִיר זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען
בְּרוֹיט צוּ בְּרֶעכֶען, הָאט פּוֹלוֹס צוּ זֵייא גֶעפְּרֶעדִיגְט, װָארִין עֶר הָאט גֶעװָאלְט
דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אַװֶעקְגֶעהֶען, און הָאט זֵיינֶע רֶעד בִּיז צוּ מִיטֶען נַאכְט
גֶעהַאלְטֶען. 8 און עֶס זֶענֶען פִילֶע לִיכְט גֶעװֶוען אִין דֶער אוֹיבֶּערֶע שְׁטוּב װוּאוּ
מִיר זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶעװֶוען. 9 און אַ גֶעװִיסֶער יוּנְגֶער מַאן װָאס הָאט
גֶעהֵייסֶען אַבְטוּכוֹס אִיז בֵּייא דֶעם פֶּענְסְטֶער גֶעזֶעסֶען, און אִיז אִין אַ טִיפֶען
שְׁלָאף גֶעפַאלֶען. און װֶוען פּוֹלוֹס הָאט לַאנְג גֶעפְּרֶעדִיגְט, הָאט אִיהְם דֶער
שְׁלָאף בֵּייגֶעקוּמֶען, און עֶר אִיז פוּן דֶעם דְרִיטֶען שְׁטָאק אַרוּפְגֶעפַאלֶען, און
װֶוען מֶען הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אִיז עֶר טוֹיט גֶעװֶוען. 10 אָבֶּער פּוֹלוֹס אִיז
אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען און אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעפַאלֶען, און הָאט אִיהְם אַרוּמְגֶענוּמֶען און
גֶעזָאגְט, דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט, װָארִין זֵיינֶע נְשָׁמָה אִיז אִין אִיהְם. 11 און עֶר
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען און הָאט בְּרוֹיט גֶעבְּרָאכֶען און גֶעגֶעסֶען, און הָאט נָאךְ
פִיל מִיט זֵייא גֶערֶעדט בִּיז צוּם טָאג, און אַזוֹי אִיז עֶר אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען. 12 און
זֵייא הָאבֶּען דֶעם יוּנְגֶען מַאן לֶעבֶּענְדִיג גֶעבְּרַאכְט, און זֵייא זֶענֶען גֶעטְרֵייסְט
גֶעװָארֶען אָהְן מָאס.
13 אָבֶּער מִיר זֶענֶען פָארְאוֹיס צוּם שִׁיף גֶעגַאנְגֶען, און הָאבֶּען זִיךְ קֵיין אַסוֹס
גֶעשִׁיפְט, װָארִין דָארְט הָאבֶּען מִיר גֶעװָאלְט פּוֹלוֹס אַרוֹיפְנֶעמֶען. װָארִין עֶר
הָאט אַזוֹי בֶּעפוֹילֶען, װֵייל עֶר זֶעלְבְּסְט אִיז צוּ פוּס גֶעגַאנְגֶען. 14 און װֶוען עֶר
הָאט זִיךְ מִיט אוּנְז אִין אַסוֹס בֶּעגֶעגְנְט, הָאבֶּען מִיר אִיהְם אױפְגֶענוּמֶען,
און זֶענֶען קֵיין מִיטוּלִינִי גֶעקוּמֶען. 15 און פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען מִיר זִיךְ
װֵייטֶער אַװֶעקְגֶעשִׁיפְט, און זֶענֶען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג קֶעגֶענְאִיבֶּער כִיוֹס
גֶעקוּמֶען, און דֶעם טָאג דֶערְנָאךְ זֶענֶען מִיר צוּ סַאמוֹס גֶעלַאנְדֶעט, און דֶעם
נֶעכְסְטֶען טָאג זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען קֵיין מִילֶעטוֹס. 16 װָארִין פּוֹלוֹס הָאט
בֶּעשְׁלָאסֶען עֶר זָאל עֶפֶעזוֹס פַארְבֵּיישִׁיפֶען, אַז עֶר זָאל נִיט דִיא צֵייט
פֶערְבְּרֶענְגֶען אִין אַסְיָא; װָארִין עֶר הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט אַז עֶר זָאל װֶוען עֶס

זָאל מֶעגְלִיךְ זַיין אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף שְׁבוּעוֹת זַיין.
17 אוּן עֶר הָאט פוּן מִילֶעטוּס קַיין עֶפֶעזוּס גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט גֶערוּפֶען דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן דֶער קְהִלָה. 18 אוּן וֶוען זַייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר ווַייסְט פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן וֶוען אִיךְ הָאבּ אַסְיָא
בֶּעטְרֶעטֶען, אוֹיף וֶועלְכֶעם אוֹפַן אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ דִיא גַאנְצֶע צַייט גֶעוֶוען,
19 אוּן וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעדִינְט דֶעם הַאר׳ן מִיט אַלֶער דֶעמוּט אוּן מִיט טְרֶערֶען
אוּן פְּרִיפוּנְגֶען, וָואס אִיז מִיר צוּגֶעטְרָאפֶען דוּרְךְ דִיא לוֹיעֶרוּנְגֶען פוּן דִיא
יוּדֶען; 20 וִויא אִיךְ הָאבּ נִיט עֶפֶּעס צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען וָואס אִיז גֶעוֶוען נִיצְלִיךְ
פַאר אֵייךְ, אַז אִיךְ זָאל נִיט אֵייךְ דֶערְקְלֶעהְרֶען אוּן לֶעהְרֶען עֶפֶענְטְלִיךְ פוּן
הויז צוּ הויז, 21 אוּן זָאל בֶּעצֵייגֶען צוּ יוּדֶען אוּן גְרֶעקֶען תְּשׁוּבָה צוּ גָאט אוּן
גְלוֹיבֶּען אָן אוּנְזֶערֶען הַאר׳ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 22 אוּן נוּן זֶעה, אִיךְ גֶעה גֶעבּוּנְ־
דֶען אִים גֵייסְט קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן ווַייס נִיט וָואס וֶועט מִיר דָארְט בֶּעגֶעגְנֶען,
23 חוּץ אַז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ בֶּעצֵייגְט צוּ מִיר אִין יֶעדֶער שְׁטָאדְט אוּן זָאגְט,
אַז קֶעטֶען אוּן צָרוֹת אוֹיף מִיר וַוארְטֶען. 24 אָבֶּער אִיךְ מַאךְ מִיר גָאר נִיט
דֶערְפוּן, אוּן אִיךְ הַאלְט נִיט מֵיין לֶעבֶּען טְהֵייעֶר צוּ מִיר זֶעלְבְּסְט, אַז אִיךְ
זָאל מֵיין לוֹיף עֶנְדִיגֶען, אוּן דֶעם דִינְסְט וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם
הַאר׳ן יֵשׁוּעַ, צוּ בֶּעצֵייגֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶער גְנָאד פוּן גָאט. 25 אוּן
אַצוּנְד זֶעה, אִיךְ ווַייס אַז אִיהְר אַלֶע, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאבּ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ, וֶועט מֵיין פָּנִים נִיט מֶעהְר זֶעהֶען.
26 דְרוּם בֶּעצֵייג אִיךְ אֵייךְ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, אַז אִיךְ בִּין רֵיין פוּן דֶעם
בְּלוּט פוּן אַלֶע; 27 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט פֶערְמִידֶען אֵייךְ צוּ צֵייגֶען דֶעם
גַאנְצֶען סוֹד פוּן גָאט. 28 גִיבְּט אַכְטוּנְג אוֹיף אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, אוּן אוֹיף דִיא
גַאנְצֶע סְטַאדְע, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט אֵייךְ אוֹיפְזֶעהֶער
גֶעמַאכְט, צוּ פַּאסֶען דִיא קְהִלָה פוּן גָאט, וֶועלְכֶע עֶר הָאט מִיט זַיין אֵייגֶען
בְּלוּט גֶעקוֹיפְט. 29 אִיךְ ווַייס אַז נָאךְ מֵיין אַפְּשֵׁיידֶען וֶועלֶען בֶּעזֶע וֶועלְף צוּ
אֵייךְ אַרֵיינְקוּמֶען, אוּן וֶועלֶען דִיא סְטַאדְע נִיט שׁוֹינֶען. 30 אוּן פוּן אֵייךְ
אַלֵיין וֶועלֶען מֶענֶער אוֹיפְשְׁטֶעהֶען וָואס וֶועלֶען פֶערְקֶעהְרְטֶע זַאכֶען רֶעדֶען,
כְּדֵי זַייא זָאלֶען דִיא תַּלְמִידִים נָאךְ זִיךְ צוּצִיהֶען. 31 דְרוּם וַואכְט, אוּן
גֶעדֶענְקְט, אַז דְרֵייא יָאהְר לַאנְג הָאבּ אִיךְ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט נַאכְט אוּן
טָאג אִיטְלִיכֶען צוּ וָוארְנֶען מִיט טְרֶערֶען.
32 אוּן אַצוּנְד, אִיךְ עֶמְפֶּעהְל אֵייךְ צוּ דֶעם הַאר׳ן אוּן צוּם וָוארְט פוּן
זַיינֶע גְנָאד, וָואס אִיז מֶעכְטִיג אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן, אוּן צוּ גֶעבֶּען אֵייךְ עֶרְבְשַׁאפְט
צְווִישֶׁען אַלֶע הֵיילִיגֶע. 33 אִיךְ הָאבּ פוּן קֵיינֶעם זִילְבֶּער אָדֶער גָאלְד אָדֶער קְלֵיידוּנְג
נִיט בֶּעגֶעהְרְט. 34 אִיהְר ווַייסְט אַלֵיין אַז דִיזֶע הֶענְד הָאבֶּען גֶעדִינְט צוּ מֵיינֶע
בֶּעדֶערְפְנִים, אוּן צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעוֶוען. 35 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
אַלֶע גֶעלֶעהְרְט אַז אִיהְר זָאלְט אַזוֹי אַרְבֵּייטֶען אוּן דִיא שְׁוַואכֶע הֶעלְפֶען,
אוּן אַז אִיהְר זָאלְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם הַאר׳ן יֵשׁוּעַ גֶעדֶענְקֶען, וִויא
עֶר אַלֵיין הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז מֶעהְר גֶעבֶּענְשְׁט צוּ גֶעבֶּען וִויא צוּ נֶעמֶען.

36 און װֶען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר גֶעקְנִיעֶט און הָאט מִיט זַייא אַלֶע
גֶעבֶּעטֶען. 37 און זַייא הָאבֶּען אַלֶע שְׁטַארְק גֶעװֵיינְט, און זֶענֶען פּוֹלוֹס אוֹיף
דֶעם הַאלְז גֶעפַאלֶען, און הָאבֶּען אִיהְם גֶעקִישְׁט; 38 און זַייא זֶענֶען בֶּעזוֹנְ־
דֶער טְרוֹירִיג גֶעװֶעזֶען אִיבֶּער דֶעם װָארְט װָאס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַז זַייא
װֶעלֶען זַיין פָּנִים נִיט מֶעהְר זֶעהֶען. און זַייא הָאבֶּען אִיהְם בִּיז צוּ דֶעם שִׁיף
בֶּעגְלֵייט.

כא 1 און װֶען עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַז מִיר הָאבֶּען זִיךְ פוּן זַייא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט
און זֶענֶען אַװֶעקְגֶעשִׁיפְט, זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען מִיט אַ גְלֵייכֶען װֶעג קַיין קוֹאַס,
און דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג קַיין רוֹדוֹס, און פוּן דָארְטֶען קַיין פַּטָרָא. 2 און װֶען
מִיר הָאבֶּען אַ שִׁיף גֶעפִינֶען װָאס גֶעהְט אַרִיבֶּער קַיין פִינִיקְיָא, זֶענֶען מִיר
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען און הָאבֶּען זִיךְ אַװֶעקְגֶעשִׁיפְט. 3 און װֶען מִיר הָאבֶּען קִיפְּרוֹס
דֶערְזֶעהֶען, און הָאבֶּען עֶס צוּ דִיא לִינְקֶע הַאנְד אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, הָאבֶּען מִיר
זִיךְ קַיין סוּרְיָא גֶעשִׁיפְט, און זֶענֶען קַיין צֹר אַרוֹפְּגֶעקוּמֶען; װָארִין דָארְט הָאט
דָאס שִׁיף גֶעזָאלְט מַשָּׂא אָפְּלֶעגֶען. 4 און מִיר הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים גֶעפִינֶען,
און זֶענֶען דָארְט זִיבֶּען טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען צוּ פּוֹלוֹס דוּרְךְ דֶעם
גֵייסְט גֶעזָאגְט, אַז עֶר זָאל נִיט אַרוֹיפְגֶעהֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם. 5 און װֶען מִיר
הָאבֶּען דִיא טֶעג גֶעעֶנְדִיגְט, זֶענֶען מִיר אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, און זַייא הָאבֶּען אוּנְז
אַלֶע בֶּעגְלֵייט מִיט װַייבֶּער און קִינְדֶער בִּיז אוֹיס דֶער שְׁטָאדְט אַרוֹיס, און
מִיר הָאבֶּען גֶעקְנִיעֶט בַּיים בָּארְטֶען פוּן יַם, און הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען; 6 און װֶען
מִיר הָאבֶּען זִיךְ מִיט אֵיינַאנְדֶער גֶעזֶעגֶענְט, זֶענֶען מִיר צוּם שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְ־
גֶען, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַהֵיים גֶעקֶעהְרְט.

7 און װֶען מִיר הָאבֶּען דִיא רֵייזֶע פוּן צֹר גֶעעֶנְדִיגְט, זֶענֶען מִיר אַרוֹפְּגֶעקוּ־
מֶען קַיין פְּטָאלֶעמָא, און װֶען מִיר הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער גֶעגְרִיסְט, זֶענֶען מִיר
בַּייא זַייא אֵיין טָאג גֶעבְּלִיבֶּען. 8 און דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג זֶענֶען מִיר אַװֶעקְ־
גֶעגַאנְגֶען, און זֶענֶען קַיין קֵיסְרִין גֶעקוּמֶען, און זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִים
הוֹיז פוּן פִילִיפּוֹס, װָאס אִיז אַ מְבַשֵּׂר גֶעװֶעזֶען און אֵיינֶער פוּן דִיא זִיבֶּען, און מִיר
זֶענֶען בַּייא אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען. 9 און דִיזֶער הָאט פִיעֶר טֶעכְטֶער גֶעהַאט װָאס
זֶענֶען בְּתוּלוֹת גֶעװֶעזֶען, און הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט.

10 און נָאכְדֶעם מִיר זֶענֶען דָארְט פִילֶע טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען, אִיז אַ נָבִיא אַרוֹפְּ־
גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לַאנְד יְהוּדָה, װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען אַגַאבוֹס, 11 און עֶר אִיז
צוּ אוּנְז גֶעקוּמֶען, און הָאט דֶעם גַארְטֶעל פוּן פּוֹלוֹס גֶענוּמֶען, און הָאט זִיךְ
גֶעבּוּנְדֶען הֶענְד און פִּיס, און הָאט גֶעזָאגְט, דָאס זָאגְט דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ,
אַזוֹי װֶעלֶען דִיא יוּדֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם בִּינְדֶען דֶעם מַאן װֶעמֶעס גַארְטֶעל דָאס
אִיז, און װֶעלֶען אִיהְם אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא גוֹיִם אִיבֶּערְגֶעבֶּען. 12 און װֶען
מִיר הָאבֶּען דִיזֶע װֶערְטֶער גֶעהֶערְט, הָאבֶּען מִיר און דִיא לֵייט פוּן דֶעם אָרְט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל נִיט אַרוֹיפְגֶעהֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם. 13 דַאן הָאט פּוֹלוֹס
גֶעעֶנְטְפֶערְט, װָאס טְהוּט אִיהְר, אַז אִיהְר װֵיינְט און צוּבְּרֶעכְט מֵיין הַארְץ?
װָארִין אִיךְ בִּין אָנְגֶעבְּרֵייט נִיט אַלֵיין גֶעבּוּנְדֶען צוּ װֶערֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ

שְׁטַארְבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם פַּאר דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ. 14 אוּן וַוייל
עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען, הָאבֶּען מִיר אוֹיפְגֶעהֶערְט אוּן גֶעזָאגְט,
לָאז דֶער ווִילֶען פוּן דֶעם הַאר'ן גֶעשֶׁעהֶען.
15 אוּן נָאךְ דִיזֶע טֶעג הָאבֶּען מִיר אוּנְזֶערֶע זַאכֶען אֵיינְגֶעפַּאקְט אוּן זֶענֶען
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. 16 אוּן עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא תַּלְמִידִים פוּן קֵיסְרִין
זֶענֶען מִיט אוּנְז גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶעפִיהְרְט אַ גֶעווִיסֶען מְנָסוֹן
פוּן קִיפְּרוֹס, אֵיין אַלְטֶען תַּלְמִיד, בֵּייא וֶועלְכֶעם מִיר הָאבֶּען גֶעזָאלְט אֵיינְ־
שְׁטֶעהֶען.
17 אוּן וֶוען מִיר זֶענֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען אוּנְז דִיא בְּרִידֶער
מִיט פְרֵייד אוֹיפְגֶענוּמֶען. 18 אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז פוֹלוֹס מִיט אוּנְז צוּ
יַעֲקֹב אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אַלֶע עֶלְצְטֶע זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען. 19 אוּן וֶוען עֶר
הָאט זֵייא גֶעגְרִיסְט הָאט עֶר זֵייא דֶערְצֶעהְלְט אֵיינְס נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען וָואס
גָאט הָאט צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעטְהוּן דוּרְךְ זֵיין דִינְסְט. 20 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא גָאט גֶעלוֹיבְּט, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
זֶעהְסְט, בְּרוּדֶער, ווִיא פִּיל טוֹיזֶענְד צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען זֶענֶען דִיא וָואס
גְלוֹיבֶּען, אוּן זֵייא זֶענֶען אַלֶע אֵייפְרִיג פַאר דֶער תּוֹרָה. 21 אוּן זֵייא הָאבֶּען
וֶועגֶען דִיר גֶעהֶערְט, אַז דוּא לֶעהְרְסְט אַלֶע יוּדֶען וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען דִיא
גוֹיִם אַז זֵייא זָאלֶען פוּן תּוֹרַת מֹשֶׁה אָפְּטְרֶעטֶען, אוּן דוּא זָאגְסְט אַז זֵייא
זָאלֶען דִיא קִינְדֶער נִיט בֶּעשְׁנֵיידֶען, אוּן זָאלֶען נִיט נָאךְ דִיא מִנְהָגִים נָאכְ־
גֶעהֶען. 22 וָואס דֶען אִיז עֶס? גֶעווִיס וֶועלֶען זֵייא הֶערֶען אַז דוּא בִּיסְט
גֶעקוּמֶען. 23 דְרוּם טְהוּא דָאס וָואס מִיר צוּ דִיר זָאגֶען; עֶס זֶענֶען מִיט אוּנְז
פִיעֶר מֶענֶער וָואס הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ אַ נֶדֶר. 24 נֶעם דִיזֶע, אוּן רֵיינִיג דִיךְ מִיט
זֵייא, אוּן לָאז דִיךְ גָאהְלֶען פַאר זֵייא, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ דֶעם קָאפּ שֶׁערֶען,
אוּן אַלֶע וֶועלֶען ווִיסֶען אַז דָאס וָואס זֵייא הָאבֶּען וֶועגֶען דִיר גֶעהֶערְט אִיז
גָאר נִיט, אָבֶּער דוּא וֶועלְכְּסְט וַואנְדֶעלְסְט אוֹיפְרִיכְטִיג, אוּן הַאלְטְסְט דִיא
תּוֹרָה. 25 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא גוֹיִם וָואס גְלוֹיבֶּען, הָאבֶּען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אוּן
הָאבֶּען פֶערְאָרְדְנֶעט אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ הִיטֶען פוּן דִיא קָרְבָּנוֹת צוּ דִיא
אָפְּגֶעטֶער אוּן פוּן בְּלוּט אוּן פוּן דֶערְוָוארְגֶענֶע זַאכֶען אוּן פוּן זְנוּת. 26 דַאן
הָאט פוֹלוֹס דִיא מֶענֶער גֶענוּמֶען, אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט עֶר זִיךְ
מִיט זֵייא גֶערֵיינִיגְט, אוּן אִיז אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אָנְ־
גֶעזָאגְט דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דִיא טֶעג פוּן דֶער רֵיינִיגוּנְג, בִּיז דֶער קָרְבָּן וֶועט
פַאר אִיטְלִיכֶען פוּן זֵייא גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען.
27 אוּן וֶוען דִיא זִיבֶּען טֶעג זֶענֶען בַּאלְד גֶעעֶנְדִיגְט גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען
אִיהְם דִיא יוּדֶען פוּן אַסְיָא אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאבֶּען דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיפְגֶעהֶעצְט, אוּן הָאבֶּען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט,
28 אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶעלְפְט; דָאס אִיז דֶער
מַאן וָואס לֶעהְרְט אַלֶע מֶענְשֶׁען אִין אַלֶע עֶרְטֶער קֶעגֶען דֶעם פָאלְק
אוּן דֶער תּוֹרָה אוּן דִיזֶעם אָרְט; אוּן עֶר הָאט אוֹיךְ גְרֶעקֶען אִים בֵּית

הַמִקְדָשׁ אַרײַנגעבראַכט, און האָט דיזעם הײליגען אָרט געמײן געמאַכט.
29 וואָרין זײא האָבען פריהער געזעהען טראָפימוס פון עפעזוס מיט איהם אין
דער שטאָדט, און האָבען געדאַכט אַז פּולוס האָט איהם אים בֵּית הַמִקְדָשׁ
אַרײַנגעפיהרט. 30 און די גאַנצע שטאָדט איז פערטומעלט געוואָרען, און
דאָס פאָלק איז צונויף געלאָפען, און זײא האָבען פּולוס אָנגענומען און
האָבען איהם פון דעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרויסגעשלעפּט, און גלײך זענען די
טהירען פערשלאָסען געוואָרען.

31 און ווי זײא האָבען איהם געוואָלט הַרְגֶענען, איז אַ בעריכט צום
הויפּטמאַן פון דעם חַיִל אָנגעקומען, אַז גאַנץ יְרוּשָׁלַיִם איז אין אַ מְהוּמָה.
32 און גלײך האָט ער סאָלדאַטען און אָפיצירען גענומען, און איז צו זײא
אַרונטערגעלאָפען; און ווען זײא האָבען דעם הויפּטמאַן און די סאָלדאַטען דערזעהען
האָבען זײא אױפגעהערט פּולוס צו שלאָגען. 33 דאַן איז דער הויפּטמאַן
צוגעקומען, און האָט איהם גענומען און האָט איהם געהײסען בינדען מיט
צװײא קעטען; און ער האָט געפרעגט ווער ער איז, און וואָס ער האָט געטהון.
34 און איטליכער צווישען דעם פאָלק האָט עפּעס געשריגען און אַ יעדער
אַנדערש; און ווען ער האָט ניט געקענט קײן זיכערעס וויסען דורך דעם
געטומעל, האָט ער איהם געהײסען אין לאַגער אַרײַנפיהרען. 35 אָבער ווען
ער איז אויף די טרעפּען געקומען, האָבען איהם די סאָלדאַטען געטראָגען
ווענען דער געוואַלדטהעטיגקײט פון די לײט. 36 וואָרין פיל פאָלק איז
נאָכגעגאַנגען און האָט געשריגען, אַוועק מיט איהם.

37 און ווען פּולוס האָט געזאָלט אין לאַגער אַרײַנגעפיהרט ווערען האָט ער צום
הויפּטמאַן געזאָגט, מעג איך דיר עפּעס זאָגען? און ער האָט געזאָגט,
פערשטעהסט דוא גריעכיש? 38 ביסט דוא ניט דער מִצְרִי וואָס פאַר דיזע
טעג האָסט אַ מְרִידָה געמאַכט, און האָסט אין דער וויסטעניס אַרויסגעפיהרט
פיער טויזענד מענשען פון די רוֹצְחִים? 39 און פּולוס האָט געזאָגט, איך
בין אַ יודישער מאַן אויס תַּרְשִׁישׁ אין קיליקיאַ, אַ בירגער פון קײנע געמײנע
שטאָדט; און איך בעט דיך, לאָז מיך צום פאָלק רעדען. 40 און ווען ער
האָט איהם געלאָזט, האָט זיך פּולוס געשטעלט אויף די טרעפּען און האָט
מיט דער האַנד צום פאָלק געווינקט. און ווען עס איז גאַנץ שטיל געוואָרען,
האָט ער צו זײא אין העברעאיש גערעדט און געזאָגט,

כב 1 מענער, ברידער און פעטער, האָרכט אַצונד מײנע פערענטפערונג צו
איך. 2 און ווען זײא האָבען געהערט אַז ער האָט צו זײא אין העברעאיש
גערעדט, זענען זײא נאָך שטילער געוואָרען. און ער האָט געזאָגט, 3 איך
בין אַ יודישער מאַן, געבוירען אין תַּרְשִׁישׁ אין קיליקיאַ, און איך בין
אויפגעצויגען אין דיזער שטאָדט צו די פיס פון גַמְלִיאֵל, און בין
שטרענג געלערנט געוועזען אין דער תּוֹרָה פון די פעטער, און האָב קִנְאָה
געהאַט ווענען גאָט אַזוי ווי איהר אַלע דעם היינטיגען טאָג. 4 און איך
האָב דיזען וועג פערפאָלגט ביז צום טויט, אינדעם איך האָב מענער און

פְרוּיעֶן גֶעבּוּנְדֶען אוּן אִין גֶעפֶענְגְנִים אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, 5 אַזוֹי וִויא אוֹיךְ דֶער
כֹּהֵן גָדוֹל אוּן אַלֶע עֶלְצְטֶע מִיר בֶּעצֵייגֶען; פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ בְּרִיף
גֶענוּמֶען צוּ דִיא בְּרִידֶער, אוּן בִּין קַיין דַמֶשֶׂק גֶעגַאנְגֶען אַז אִיךְ זָאל בְּרֶענְגֶען
אוֹיךְ דִיא וָואס וֶוענֶען דָארְט גֶעוֶוען גֶעבּוּנְדֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אַז זֵייא זָאלֶען
בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען. 6 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וִויא אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אוּן בִּין
נָאהֶענְט צוּ דַמֶשֶׂק גֶעקוּמֶען קֶעגֶען מִיטֶען טָאג, פְּלוּצְלִינְג הָאט אַ גְרוֹיס לִיכְט
פוּן הִימֶעל אַרוּם מִיר גֶעשַׁיינְט, 7 אוּן אִיךְ בִּין צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען אוּן
הָאבּ אַ קוֹל גֶעהֶערְט וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שָׁאוּל, שָׁאוּל, וָוארוּם פֶערְפָאלְגְסְט
דוּא מִיךְ? 8 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר, וֶוער בִּיסְט דוּא? אוּן עֶר
הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי, דֶעם דוּא פֶערְפָאלְגְסְט, 9 אוּן
דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעוֶוען הָאבֶּען דָאס לִיכְט גֶעזֶעהֶען, אָבֶּער דָאס קוֹל
וָואס הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעהֶערְט. 10 אוּן אִיךְ הָאבּ
גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? אוּן דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
שְׁטֶעה אוֹיף אוּן גֶעה קַיין דַמֶשֶׂק, אוּן דָארְט וֶועט דִיר גֶעזָאגְט וֶוערֶען וֶועגֶען
אַלֶעם וָואס אִיז דִיר בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען צוּ טְהוּן. 11 אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ
נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען פַאר דִיא קְלָארְהֵייט פוּן דִיזֶעם לִיכְט, בִּין אִיךְ גֶעפִיהְרְט
גֶעוָוארֶען בֵּייא דֶער הַאנְד פוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעוֶוען, אוּן בִּין
קַיין דַמֶשֶׂק גֶעקוּמֶען.

12 אוּן אַ גֶעוִויסֶער חֲנַנְיָה, אַ פְרוּמֶער מַאן נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, וָואס אִיז
בֶּעצֵייגְט גֶעוֶוען פוּן אַלֶע יוּדֶען וָואס הָאבֶּען דָארְט גֶעוְואוֹינְט, 13 אִיז צוּ
מִיר גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט זִיךְ בֵּייא מִיר גֶעשְׁטֶעלְט, אוּן הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
בְּרוּדֶער שָׁאוּל, זֵייא זֶעהֶענְדִיג. אוּן אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע שָׁעָה הָאבּ אִיךְ אִיהְם
אָנְגֶעזֶעהֶען. 14 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאט
דִיךְ פָארְאוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אַז דוּא זָאלְסְט זַיין ווִילֶען דֶערְקֶענֶען, אוּן זָאלְסְט
דֶעם גֶערֶעכְטֶען זֶעהֶען אוּן זָאלְסְט הֶערֶען אַ קוֹל פוּן זַיין מוֹיל, 15 וָוארִין
דוּא זָאלְסְט אִיהְם צוּם עֵדוּת זַיין צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען, וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס
דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט. 16 אוּן אַצוּנְד וָוארוּם זָאמְסְט דוּא דִיךְ?
שְׁטֶעה אוֹיף אוּן לָאז דִיךְ טוֹבֵלְן, אוּן וַואשׁ אָפּ דַיינֶע זִינְד, אוּן רוּף אָן דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן.

17 אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ קַיין יְרוּשָׁלַיִם אוּמְגֶעקֶעהְרְט,
אוּן הָאבּ אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶעבֶּעטֶען, אַזוֹי בִּין אִיךְ אִין אַיינֶע עֶרְשַׁיינוּנְג
גֶעוֶוען, 18 אוּן אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אַז עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אַייל
דִיךְ, אוּן גֶעה גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיס אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען נִיט דַיין
צֵייגְנִיס וֶועגֶען מִיר אָנְנֶעמֶען. 19 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, הַאר, זֵייא אַלֵיין
וִויסֶען אַז אִיךְ הָאבּ אִין גֶעפֶענְגְנִיס אַיינְגֶעזֶעצְט אוּן הָאבּ אִין אַלֶע שׁוּלֶען
גֶעשְׁלָאגֶען דִיא וָואס הָאבֶּען אַן דִיר גֶעגְלוֹיבְּט; 20 אוּן וֶוען דָאס בְּלוּט פוּן
דַיין עֵדוּת סְטֶעפַאנוּס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוֶוען, בִּין אִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶערְבֵּייא
גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבּ אַיינְגֶעווִילִיגְט אוּן הָאבּ דִיא קְלֵיידֶער גֶעהִיט פוּן דִיא

וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַרְגֶעט. 21 און עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֶעה אַהִין,
וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיךְ וַוייט אַוֶועקְשִׁיקֶען צוּ דִיא גוֹיִם.
22 און זַייא הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעהֶערְט בִּיז צוּ דִיזֶעם וָוארְט, און הָאבֶּען זַייעֶר
קוֹל אויפְגֶעהוֹיבֶּען און גֶעזָאגְט, אַוֶועק מִיט אַזֶעלְכֶעם מַאן פוּן דֶער עֶרְד,
וָוארִין עֶר דַארְף נִיט לֶעבֶּען. 23 און דֶערְוַוייל זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען און
הָאבֶּען זַייעֶרֶע קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען און הָאבֶּען שְׁטוֹיבּ אִין דֶער לוּפְט
גֶעוָוארְפֶען, 24 הָאט דֶער הויפְּטְמַאן בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל אִיהְם אִים לַאַ־
גֶער אַרַיינְבְּרֶענְגֶען, און הָאט גֶעזָאגְט אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם שְׁמִיץ גֶעבֶּען
און פֶערְהֶערֶען, כְּדֵי עֶר זָאל וִויסֶען פַארְוָואס זַייא שְׁרַייעֶן אַזוֹי פִיל קֶעגֶען
אִיהְם. 25 און וִויא זַייא הָאבֶּען אִיהְם מִיט רִימֶען אָנְגֶעבּוּנְדֶען, הָאט פּוֹלוֹס
צוּ דֶעם אָפִּיצִיר גֶעזָאגְט דֶער אִיז דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אִיז עֶס אויךְ דֶערְלוֹיבְּט
אַ רוֹמִישֶׁען מַאן אָהְן אַ מִשְׁפָּט צוּ שְׁלָאגֶען? 26 און וֶוען דֶער אָפִּיצִיר הָאט
דָאס גֶעהֶערְט, אִיז עֶר צוּם הויפְּטְמַאן גֶעגַאנְגֶען און הָאט דֶערְצֶעהְלְט און
גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּסְט דוּא? וָוארִין דִיזֶער מַאן אִיז אַ רוֹמֶער. 27 און דֶער
הויפְּטְמַאן אִיז צוּגֶעקוּמֶען און הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאג מִיר, בִּיסְט דוּא אַ
רוֹמֶער? און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יָא. 28 און דֶער הויפְּטְמַאן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אִיךְ הָאבּ דִיזֶעם בִּירְגֶערְרֶעכְט פַאר פִיל גֶעלְד בֶּעקוּמֶען. און פּוֹלוֹס הָאט
גֶעזָאגְט, אָבֶּער אִיךְ בִּין פְרֵייא גֶעבּוֹירֶען. 29 דְרוּם הָאבֶּען זַייא בַּאלְד פוּן אִיהְם
אָפְּגֶעטְרֶעטֶען וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעזָאלְט פֶערְהֶערֶען; און אויךְ דֶער הויפְּטְמַאן
הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אַ רוֹמֶער,
און וַוייל עֶר הָאט אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען.
30 און דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, וַוייל עֶר הָאט פַאר זִיכֶער גֶעוָואלְט וִויסֶען
וָוארוּם עֶר אִיז פֶערְקְלָאגְט גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא יוּדֶען, הָאט עֶר אִיהְם פְרֵייא
גֶעמַאכְט, און הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים און דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין
צוּזַאמֶענְקוּמֶען, און הָאט פּוֹלוֹס אַרוּפְּגֶעבְּרַאכְט, און הָאט אִיהְם צְוִוישֶׁען זַייא
גֶעשְׁטֶעלְט.
כג 1 און פּוֹלוֹס הָאט דָאס סַנְהֶדְרִין אָנְגֶעזֶעהֶען און גֶעזָאגְט, מֶענֶער בְּרִי־
דֶער, אִיךְ הָאבּ פָאר גָאט גֶעוַואנְדֶעלְט מִיט גַאנְץ גוּטֶען גֶעוִויסֶען בִּיז צוּם
הֵיינְטִיגֶען טָאג. 2 און חֲנַנְיָה דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא וָואס זֶענֶען
דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם אויף דֶעם מוֹיל שְׁלָאגֶען.
3 דַאן הָאט פּוֹלוֹס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גָאט וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען, דוּא אִיבֶּערְ־
גֶעקַלֶעבְּטֶע וַואנְד! זִיצְסְט דוּא מִיךְ צוּ רִיכְטֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, און
קֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ הֵייסְט מִיךְ שְׁלָאגֶען? 4 און דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְ־
בֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זִידֶעלְסְט דוּא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל פוּן גָאט?
5 און פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוְואוּסְט, בְּרִידֶער, אַז עֶר אִיז
כֹּהֵן גָדוֹל; וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּעל רֶעדֶען
פוּן דֶעם פִירְשְׁטֶען פוּן דַיין פָאלְק. 6 און וֶוען פּוֹלוֹס הָאט גֶעוְואוּסְט אַז

5 שְׁמוֹת כב׳ כז׳.

דער אײנע טהײל איז צַדוּקִים און דער אַנדערע טהײל איז פְּרוּשִׁים,
האָט ער אִים סַנְהֶדְרִין געשריגען, מענער בּרידער, איך בּין אַ פָּרוּשׁ,
דער זוהן פון פְּרוּשִׁים; װעגען דער האָפנונג און תְּחִיַת הַמֵתִים בּין איך
געריכטעט. 7 און װען ער האָט דאָס גערעט, איז אַ שטרײט געװאָרען צװי־
שען די פְּרוּשִׁים און די צַדוּקִים, און די פערזאַמלונג איז צוטהײלט
געװאָרען. 8 װאָרין די צַדוּקִים זאָגען אַז עס איז ניט פאַרהאַנען קײן תְּחִיַת
הַמֵתִים און קײן מַלְאָךְ און קײן גײסט; אָבער די פְּרוּשִׁים בּעקענען בּײדעס.
9 און עס איז געשעהען אַ גרױס געשרײא, און עטליכע פון די סוֹפְרִים פון
דעם טהײל פון די פְּרוּשִׁים זענען אױפגעשטאַנען און האָבען געשטריטען און
געזאָגט, מיר האָבען קײן שלעכטעס אין דיזעם מאַן געפינען; אָבער װאָס
דען װען אַ גײסט אָדער אַ מַלְאָךְ האָט צו איהם גערעט? 10 און װען עס איז
געשעהען אַ גרױס שטרײט, האָט דער הױפּטמאַן זיך געפאָרכטען אַז זײא
זאָלען ניט פּוֹלוֹס צורײסען, און האָט די סאָלדאַטען געהײסען אַראָפּגעהען,
און פּוֹלוֹס פון מיטען זײא אַװעקשלעפּען, און אִים לאַגער אַרײן פיהרען.
11 און אין די אַנדערע נאַכט איז דער האַר בּײא איהם געשטאַנען און
האָט געזאָגט, זײא געטרײסט, װאָרין אַזױ װיא דוּא האָסט בּעצײגט װעגען
מיר אין ירוּשָׁלַיִם, אַזױ מוּזט דוּא אױך אין רוֹם בּעצײגען.
12 און װען עס איז טאָג געװאָרען, האָבען די יוּדען אַ חֵרֶם געמאַכט,
און האָבען זיך פערשװאוירען און געזאָגט אַז זײא װעלען ניט עסען און
ניט טרינקען, בּיז זײא האָבען פּוֹלוֹס געהרגעט. 13 און עס זענען מעהר
װיא פערציג געװעזען װאָס האָבען דיזע פערשװערונג געמאַכט. 14 און זײא
זענען צו די ערשטע כֹּהֲנִים און צו די עלצטע געקומען און האָבען
געזאָגט, מיר האָבען שטרענג בּחֵרֶם געשװאוירען אַז מיר זאָלען ניט עסען
בּיז מיר זאָלען פּוֹלוֹס הרגענען. 15 דרום לאָזט איהר אַצוּנד דעם הױפּטמאַן
און דאָס סַנְהֶדְרִין װיסען, אַז ער זאָל איהם צו אײך אַראָפּבּרענגען, גלײך אויב
איהר װאָלט בּעסער נאָכפאָרשען די זאַכען װעגען איהם; און מיר זענען
פאַרטיג איהם צו אומבּרענגען אַזױ בּאַלד ער װעט נאָהענט קומען.
16 אָבער דער זוהן פון פּוֹלוֹס שװעסטער האָט פון דער לױערונג געהערט,
און ער איז געקומען און איז אים לאַגער אַרײנגעגאַנגען און האָט דאָס צו
פּוֹלוֹס דערצעהלט. 17 און פּוֹלוֹס האָט אײנעם פון די אָפּיצירען גערופען און
געזאָגט, פיהר דיזען יונגען מאַן אַװעק צום הױפּטמאַן, װאָרין ער האָט עפּעס
איהם צו דערצעהלען. 18 דרום האָט ער איהם גענומען און האָט איהם צום
הױפּטמאַן געבּראַכט און געזאָגט, פּוֹלוֹס דער געפאַנגענער האָט מיך גערופען
און האָט געבּעטען אַז איך זאָל דיזען יונגען מאַן צו דיר פיהרען, װעלכער
האָט דיר עפּעס צו זאָגען. 19 און דער הױפּטמאַן האָט איהם אָנגענומען
בּײא דער האַנד, און איז אױף דער זײט געגאַנגען, און האָט איהם געפרעגט,
װאָס איז דאָס װאָס דוּא האָסט מיר צו דערצעהלען? 20 און ער האָט
געזאָגט, די יוּדען האָבען זיך פעראײניגט דיך צו בּעטען אַז דוּא זאָלסט

פּוֹלוּס מָארְגֶען צוּ דֶעם סַנְהֶדְרִין אַרוּפְּבְּרֶענְגֶען גְלֵייךְ וִויא דוּא וָואלְסְט עֶפֶּעס
בֶּעסֶער נָאכְפְּרֶעגֶען וֶועגֶען אִיהְם. 21 דְרוּם פָּאלְג דוּא זֵייא נִיט; וָוארִין מֶעהְר
וִויא פִּיעֶרְצִיג מֶענֶער פוּן זֵייא לוֹיעֶרְן אוֹיף אִיהְם, וָואס הָאבֶּען אַ חֵרֶם
גֶעמַאכְט אַז זֵייא וֶועלֶען נִיט עֶסֶען אוּן נִיט טְרִינְקֶען בִּיז זֵייא וֶועלֶען אִיהְם
אוּמְבְּרֶענְגֶען; אוּן אַצוּנְד זֶענֶען זֵייא אָנְגֶעגְרֵייט, אוּן פַאר דֶעם צוּזָאגֶען פוּן דִיר
וַוארְטֶען.
22 אַזוֹי הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן דֶעם יוּנְגֶען מַאן אָפְּגֶעלָאזְט, אוּן הָאט אִיהְם
אָנְגֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט פָּאר קֵיינֶעם נִיט אוֹיסְזָאגֶען אַז דוּא הָאסְט מִיר דִיזֶע
זַאכֶען צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן. 23 אוּן עֶר הָאט צְוֵוייא פוּן דִיא אָפִיצִירֶען גֶערוּפֶען
אוּן גֶעזָאגְט, בְּרֵייט אָן צְוֵוייא הוּנְדֶערְט סָאלְדַאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען גֶעהֶען בִּיז
קֵיסְרִין, אוּן זִיבֶּענְצִיג רֵייטֶער, אוּן צְוֵוייא הוּנְדֶערְט וָואס טְרָאגֶען שְׁפִּיזֶען,
אוֹיף דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה פוּן דֶער נַאכְט, 24 אוּן שְׁטֶעל צוּ בְּהֵמוֹת, אַז זֵייא
זָאלֶען פּוֹלוּס אוֹיפְזֶעצֶען אוּן זָאלֶען אִיהְם זִיכֶער פִיהְרֶען צוּ פֶעלִיקְס דֶעם
גוּבֶּערְנֶער. 25 אוּן עֶר הָאט אִין אַ בְּרִיף נָאךְ דִיזֶער גֶעשְׁטַאלְט גֶעשְׁרִיבֶּען;
26 קְלוֹדִיוּס לוּסִיאַס לָאזְט גְרִיסֶען דֶעם עֶדֶעלְסְטֶען גוּבֶּערְנֶער פֶעלִיקְס. 27 דִיזֶער
מַאן אִיז גֶעפַאנְגֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא יוּדֶען, אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעוָאלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען בִּין אִיךְ מִיט סָאלְדַאטֶען צוּגֶעקוּמֶען אוּן הָאבּ אִיהְם
אוֹיסְגֶערִיסֶען, וַוייל אִיךְ הָאבּ גֶעוָואוּסְט אַז עֶר אִיז אַ רוֹמֶער. 28 אוּן וַוייל
אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט דִיא אוּרְזַאךְ וִויסֶען וָוארוּם זֵייא פֶערְקְלָאגֶען אִיהְם, הָאבּ
אִיךְ אִיהְם פָאר זֵייעֶר סַנְהֶדְרִין גֶעבְּרַאכְט. 29 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעפִינֶען אַז עֶר
אִיז פֶערְקְלָאגְט גֶעוֶוען וֶועגֶען שַׁאֲלוֹת פוּן זֵייעֶרֶע תּוֹרָה, אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין
פֶערְקְלָאג וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט אָדֶער קֶעטֶען. 30 אוּן וֶוען עֶס אִיז מִיר
אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אַז עֶס וֶועט זַיין אַ לוֹיעֶרוּנְג קֶעגֶען דֶעם מַאן, גְלֵייךְ הָאבּ
אִיךְ אִיהְם צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאבּ דִיא פֶערְקְלֶעגֶער גֶעהֵייסֶען אַז זֵייא
זָאלֶען פָאר דִיר זָאגֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם.
31 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען פּוֹלוּס גֶענוּמֶען, וִויא עֶס אִיז זֵייא בֶּעפוֹילֶען
גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט בֵּייא דֶער נַאכְט קֵיין אַנְטִיפַּאטְרִיס.
32 אוּן אוֹיף מָארְגֶען הָאבֶּען זֵייא דִיא רֵייטֶער אִיבֶּערְגֶעלָאזְט מִיט אִיהְם אַוֶועקְ־
גֶעהֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּם לַאגֶער אוּמְגֶעקֶעהְרְט. 33 אוּן זֵייא זֶענֶען אִין
קֵיסְרִין אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען דֶעם בְּרִיף צוּם גוּבֶּערְנֶער אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען,
אוּן הָאבֶּען אִיהְם פּוֹלוּס אוֹיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט. 34 אוּן וֶוען עֶר הָאט דֶעם בְּרִיף
גֶעלֵיינְט, אוּן הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט פוּן וֶועלְכֶער מְדִינָה עֶר אִיז, אוּן הָאט
פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר אִיז פוּן קִילִיקְיָא, 35 הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיךְ
פֶערְהֶערֶען וֶוען דֵיינֶע פֶערְקְלֶעגֶער וֶועלֶען אוֹיךְ קוּמֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהְם
גֶעהֵייסֶען הִיטֶען אִים גֶערִיכְטְסְהוֹיף פוּן הוֹרְדוֹס.

כד 1 אוּן נָאךְ פִינְף טֶעג אִיז חֲנַנְיָה, דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, אַרוּפְּגֶעקוּמֶען מִיט
עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא עֶלְצְטֶע, אוּן מִיט אַ גֶעוִויסֶען רֶעדְנֶער טֶערְטוּלוּס, אוּן זֵייא
הָאבֶּען צוּם גוּבֶּערְנֶער קֶעגֶען פּוֹלוּס דֶערְצֶעהְלְט. 2 אוּן וֶוען עֶר אִיז

גֶערוּפֶען גֶעוָואָרֶען, הָאט טֶערְטוּלוֹס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְם צוּ פֶערְקְלָאגֶען, אוּן
הָאט גֶעזָאגְט, מִיר לֶעבֶּען אִין גְרוֹיס פְרִידֶען דוּרְךְ דִיר, אוּן פִילֶע זַאכֶען
זֶענֶען פֶערְבֶּעסֶערְט צוּ דִיזֶעם פָאלְק דוּרְךְ דֵיינֶע פָארְזִיכְטִיגְקֵייט, [3] אוּן מִיר
נֶעמֶען עֶס אָן אַלֶע צֵייט אוּן אִין אַלֶע עֶרְטֶער מִיט פִיל דַאנְק, עֶרֶעןְסְטֶער
פֶעלִיקְס. [4] אָבֶּער כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיךְ נִיט לֶענְגֶער אוֹיפְהַאלְטֶען, בֶּעט אִיךְ דִיךְ
דוּא זָאלְסְט אוּנְז בִּקְצוּר צוּ הֶערֶען אִין דֵיינֶע גוּטִיגְקֵייט. [5] וָוארִין מִיר
הָאבֶּען דִיזֶעם מַאן וִויא אַ פְּלָאג גֶעפִינֶען, אוּן עֶר מַאכְט קְרִיגֶערֵייא צְוִוישֶׁען
אַלֶע יוּדֶען אִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּן אִיז דֶער הוֹיפְּטְפִיהְרֶער פוּן דֶער כִּתָּה
פוּן דִיא נָצְרִים, [6] אוּן עֶר הָאט אוֹיךְ דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פְּרָאבִּירְט פֶערְאוּנְ־
רֵיינִיגֶען, דֶעם מִיר הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען, [8] דֶעם וֶוען דוּא וֶועסְט אַלֵיין
פֶערְהֶערֶען וֶועסְט דוּא וִויסֶען וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען פַארְוָואס מִיר אִיהְם פֶערְ־
קְלָאגֶען. [9] אוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ דְרִינֶען אֵיינְגֶעוִוילִיגְט, אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט אַז דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אַזוֹי.

[10] אוּן וֶוען דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט צוּ פּוֹלוֹס גֶעווִינְקְט אַז עֶר זָאל רֶעדֶען,
הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, וַוייל אִיךְ וֵוייס אַז דוּא בִּיסְט שׁוֹין פִילֶע יָאהְרֶען
אַלְס אַ רִיכְטֶער אִיבֶּער דִיזֶעם פָאלְק, אַזוֹי מַאךְ אִיךְ מִיט פְרֶעהְלִיכֶעם הַארְצֶען
מֵיינֶע פֶערְעֶנְטְפֶערוּנְג. [11] וָוארִין דוּא קֶענְסְט וִויסֶען אַז עֶס זֶענֶען נִיט מֶעהְר
וִויא צְוֶועלְף טֶעג זִינְט אִיךְ בִּין אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אָנְצוּבֶּעטֶען.
[12] אוּן זֵייא הָאבֶּען מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מִיט אֵיימִיצֶעם אַ וִכּוּחַ
הַאלְטֶען אָדֶער אַ קְרִיג מַאכֶען צְוִוישֶׁען דִיא לֵייט, נִיט אִין דִיא שׁוּלֶען אוּן
נִיט אִין דֶער שְׁטָאדְט, [13] אוּן זֵייא קֶענֶען אוֹיךְ נִיט בֶּעוֵוייזֶען וֶועגֶען דִיא
זַאכֶען וֶועלְכֶע זֵייא מִיךְ אַצוּנְד פֶערְקְלָאגֶען. [14] אָבֶּער דָאס בִּין אִיךְ מוֹדֶה פָאר
דִיר, אַז נָאךְ דֶעם וֶועג וָואס זֵייא רוּפֶען אַ כִּתָּה, אַזוֹי דִיעֶן אִיךְ דֶעם גָאט
פוּן מֵיינֶע אָבוֹת, אוּן גְלוֹיבּ אִין אַלֶע זַאכֶען וָואס שְׁטֶעהֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
דֶער תּוֹרָה אוּן אִין דִיא נְבִיאִים, [15] אוּן אִיךְ הָאבּ דִיא הָאפְנוּנְג צוּ גָאט,
אוֹיף וֶועלְכֶע זֵייא אַלֵיין אוֹיךְ וַוארְטֶען, אַז עֶס וֶועט זֵיין אֵיינֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶע־
הוּנְג פוּן דִיא צַדִּיקִים אוּן דִיא רְשָׁעִים. [16] אִין דִיזֶעם בִּין אִיךְ מִיךְ אַלֵיין אוֹיךְ
מַטְרִיחַ, אַז אִיךְ זָאל בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַ רֵיינֶעם גֶעוִויסֶען הָאבֶּען פָאר גָאט אוּן פָאר
מֶענְשֶׁען. [17] אוּן נָאךְ פִילֶע יָאהְרֶען בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אוּן הָאבּ צְדָקָה
גֶעבְּרַאכְט צוּ מֵיין פָאלְק, אוּן קָרְבָּנוֹת, [18] אוּן מִיט דִיזֶעם הָאבֶּען זֵייא מִיךְ
אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גֶעפִינֶען נָאךְ מֵיינֶע רֵיינִיגוּנְג, נִיט מִיט קֵיין לֵייט אוּן נִיט
מִיט קֵיין גֶעטוּמֶעל; אָבֶּער עֶס זֶענֶען דָא גֶעוִויסֶע יוּדֶען פוּן אַסְיָא [19] וֶועלְכֶע
הָאבֶּען גֶעזָאלְט פָאר דִיר זֵיין אוּן פֶערְקְלָאגֶען וֶוען זֵייא וָואלְטֶען עֶפֶּעס
גֶעהַאט קֶעגֶען מִיר. [20] אָדֶער לָאזֶען דִיזֶע זֶעלְבְּסְט זָאגֶען, וָואס אוּנְרֶעכְט

---

אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט רִיכְטֶען נָאךְ אוּנְזֶערֶעם גֶעזֶעץ. [7] אָבֶּער לוּסִיאַס
דֶער הוֹיפְּטְמַאן אִיז צוּגֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אִיהְם מִיט גְרוֹיסֶער גֶעוַואלְט אוֹיס
אוּנְזֶערֶע הֶענְד אַוֶועקְגֶענוּמֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען זֵיינֶע פֶערְקְלֶעגֶער צוּ
דִיר קוּמֶען.

זַייא הָאבֶּען אִין מִיר גֶעפִינֶען װֶוען אִיךְ בִּין פָאר דֶעם סַנְהֶדְרִין גֶעשְׁטַאנֶען,
21 חוּץ פַאר דִיזֶעם אֵיינְצִיגֶען װָארְט װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיגֶען װֶוען אִיךְ בִּין
צְװִוישֶׁען זַייא גֶעשְׁטַאנֶען, אַז װֶועגֶען תְּחִיַת הַמֵתִים בִּין אִיךְ דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג בֵּייא אֵייךְ גֶערִיכְטֶעט.

22 אוּן פֶעלִיקְס הָאט זַייא אוֹיף שְׁפֶּעטֶער אָפְּגֶעלֶעגְט, װָארִין עֶר הָאט
בֶּעסֶער װֶועגֶען דִיזֶעם װֶועג גֶעװוּאוּסְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, װֶוען לוּסִיאַס דֶער
הוֹיפְּטְמַאן װֶועט אַרוּפְּקוּמֶען, װֶועל אִיךְ װֶועגֶען אֵייךְ גֶעוָואר װֶוערֶען. 23 אוּן עֶר
הָאט דֶעם אָפִּיצִיר אָנְגֶעזָאגְט, אַז עֶר זָאל אִיהְם הִיטֶען, אוּן זָאל אִיהְם
פְרֵייהֵייט גֶעבֶּען, אוּן אַז מֶען זָאל קֵיינֶעם פוּן זֵיינֶע פְרֵיינְד נִיט פֶערְבִּיטֶען
אִיהְם צוּ בֶּעדִינֶען.

24 אוּן נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז פֶעלִיקְס גֶעקוּמֶען מִיט זֵיין אֵייגֶענֶען װֵייבּ
דְרוּסִילָה, װָאס אִיז אַ יוּדֶענֶע גֶעװֶוען, אוּן הָאט נָאךְ פּוֹלוּס גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט
אִיהְם גֶעהֶערְט װֶועגֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן דֶעם מָשִׁיחַ. 25 אוּן װִיא עֶר הָאט
װֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן מֶעסִיגְקֵייט גֶערֶעט, אוּן דֶעם גֶערִיכְט װָאס װֶועט
קוּמֶען, הָאט פֶעלִיקְס גֶעצִיטֶערְט אוּן גֶעעֶנְטְפֶערְט, גֶעה אַצוּנְד אַװֶועק, אָבֶּער
װֶוען אִיךְ הָאבּ אַ פַּאסֶענְדֶע צֵייט װֶועל אִיךְ דִיךְ לָאזֶען רוּפֶען. 26 אוּן עֶר הָאט
אוֹיךְ גֶעהָאפְט אַז פּוֹלוּס װֶועט אִיהְם גֶעלְד גֶעבֶּען; דְרוּם הָאט עֶר מֶעהְר אָפְט
נָאךְ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּן הָאט מִיט אִיהְם גֶעשְׁמוּסְט. 27 אוּן װֶוען צְװֵייא יָאהְר
זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען אִיז פָּרְקִיוּס פֶעסְטוּס אוֹיף דֶעם אָרְט פוּן פֶעלִיקְס
גֶעקוּמֶען; אוּן פֶעלִיקְס הָאט גֶעוָואלְט דִיא יוּדֶען אַ גֶעפֶעלֶען טְהוּן, אוּן הָאט
פּוֹלוּס גֶעבּוּנְדֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזְט.

כה 1 דְרוּם װֶוען פֶעסְטוּס אִיז אִין דֶער מְדִינָה אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אִיז עֶר נָאךְ
דְרֵייא טֶעג פוּן קֵיסָרִין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען. 2 אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים מִיט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם דֶערְצֶעהְלְט קֶעגֶען
פּוֹלוּס, אוּן הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, 3 אוּן הָאבֶּען אַ חֶסֶד פוּן אִיהְם פֶערְ־
לַאנְגְט, אַז עֶר זָאל אִיהְם קֵיין יְרוּשָׁלַיִם רוּפֶען, אִינְדֶעם זַייא הָאבֶּען אוֹיף
אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט אַז זַייא זָאלֶען אוֹיף דֶעם װֶועג אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. 4 דָאךְ
הָאט פֶעסְטוּס גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז פּוֹלוּס זָאל אִין קֵיסָרִין גֶעהַאלְטֶען װֶוערֶען, אוּן
אַז עֶר װֶועט אַלֵיין בַּאלְד אַהִין אַװֶועקְגֶעהֶען. 5 לָאזֶען דְרוּם דִיא מֶעכְטִיגֶע
צְװִוישֶׁען אֵייךְ, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, מִיט מִיר אַרוּפְגֶעהֶען, אוּן װֶוען זַייא הָאבֶּען
עֶפֶּעס אַ זַאךְ קֶעגֶען דֶעם מַאן לָאזֶען זַייא אִיהְם פֶערְקְלָאגֶען.

6 אוּן װֶוען עֶר אִיז בֵּייא זַייא גֶעבְּלִיבֶּען נִיט מֶעהְר װִיא אַכְט אָדֶער צֶעהְן
טֶעג, אִיז עֶר קֵיין קֵיסָרִין אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען, אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט עֶר
זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל, אוּן הָאט פּוֹלוּס גֶעהֵייסֶען בְּרֶענְגֶען.
7 אוּן װֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען אִיהְם דִיא יוּדֶען װָאס זֶענֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם
אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּן הָאבֶּען פִילֶע אוּן שְׁװֶוערֶע פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְגֶען
גֶעבְּרַאכְט, װֶועלְכֶע זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט בֶּעװֵייזֶען. 8 פּוֹלוּס הָאט זִיךְ
פֶערֶענְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶער תּוֹרָה פוּן דִיא

יוּדֶען, אויך נִיט קֶעגֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן אויך נִיט קֶעגֶען דֶעם קֵיסַר.
9 אָבֶּער פֶּעסְטוּס הָאט גֶעוָואלְט דִיא יוּדֶען אַ גֶעפֶעלֶען טְהוּן, אוּן הָאט פּוֹלוּס
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, ווִילְסְט דוּא קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרויפְגֶעהֶען אוּן דָארְט
פָאר מִיר גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען? 10 אָבֶּער פּוֹלוּס הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ שְׁטֶעה פָאר דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל פוּן דֶעם קֵיסַר, וְואוּ אִיךְ מוּז
גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען. דִיא יוּדֶען הָאבּ אִיךְ קֵיין אוּנְרֶעכְט נִיט גֶעטְהוּן, אַזוֹי
וִויא דוּא וֵוייסְט גַאנְץ גוּט. 11 דְרוּם וֶוען אִיךְ הָאבּ אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן אוּן
אַ זַאךְ וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט, בִּין אִיךְ בֶּערֵייט צוּ שְׁטַארְבֶּען; אָבֶּער
וֶוען עֶס אִיז גָאר נִיט וָואס דִיזֶע מִיךְ פֶערְקְלָאגֶען, אַזוֹי קֶען מִיךְ קֵיינֶער צוּ זֵייא
נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען; אִיךְ בֶּערוּף מִיךְ אויף דֶעם קֵיסַר. 12 דַאן הָאט זִיךְ פֶּעסְטוּס
בֶּערָאטְהֶען מִיט דֶעם רָאטְה, אוּן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא הָאסְט דִיךְ אויף
דֶעם קֵיסַר בֶּערוּפֶען, דוּא זָאלְסְט צוּם קֵיסַר גֶעהֶען.

13 אוּן וֶוען עֶטְלִיכֶע טֶעג זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען דֶער קֶענִיג אַגְרִיפַּא
אוּן בֶּערְנִיקָה קֵיין קֵיסְרִין אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אוּם פֶּעסְטוּס צוּ גְרִיסֶען. 14 אוּן וֶוען
זֵייא זֶענֶען דָארְט פִילֶע טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען, הָאט פֶּעסְטוּס דִיא זַאכֶען וֶועגֶען פּוֹלוּס
צוּ דֶעם קֶענִיג פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט, אַ גֶעווִיסֶער מַאן אִיז אִיבֶּערְ־
גֶעלָאזְט גֶעבּוּנְדֶען פוּן פֶעלִיקְס. 15 אוּן וֶוען אִיךְ בִּין אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶועזֶען,
דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען וֶועגֶען אִיהְם
אֵיין אָנְקְלָאג גֶעמַאכְט, אוּן הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּם אַ פְּסַק קֶעגֶען אִיהְם. 16 אוּן
אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז עֶס אִיז נִיט מִנְהָג בֵּייא דִיא רוֹמֶער אַ מַאן
צוּם טוֹיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען בִּיז דֶער וָואס אִיז פֶערְקְלָאגְט הָאט זֵיינֶע פֶערְקְלֶעגֶער
פָּנִים לְפָנִים, אוּן הָאט אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט זִיךְ צוּ פֶערְעֶנְטְפֶערְן וֶועגֶען דֶער
אָנְקְלָאג. 17 דְרוּם וֶוען זֵייא זֶענֶען דָא צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, הָאבּ אִיךְ גָאר קֵיין
אוֹיפְהַאלְט נִיט גֶעמַאכְט, אוּן בִּין דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אויף דֶעם רִיכְטֶערְ־
שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען, אוּן הָאבּ גֶעהֵייסֶען דֶעם מַאן בְּרֶענְגֶען. 18 אוּן וֶוען דִיא
פֶערְקְלֶעגֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאבֶּען זֵייא וֶועגֶען אִיהְם קֵיינֶע בֶּעשׁוּלְ־
דִיגוּנְג פוּן שְׁלֶעכְטֶע נִיט גֶעבְּרַאכְט אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעדַאכְט, 19 אָבֶּער
זֵייא הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פְרַאגֶען קֶעגֶען אִיהְם וֶועגֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אָבֶּערְ־
גְלוֹיבִּיגְקֵייט, אוּן וֶועגֶען אַ גֶעווִיסֶען יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אויף
דֶעם פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר לֶעבְּט. 20 אוּן וֵוייל אִיךְ בִּין מְסוּפָּק
גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אַזֶעלְכֶע פְרַאגֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אוֹיבּ עֶר וִויל קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם גֶעהֶען אוּן דָארְט וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען. 21 אָבֶּער
וֶוען פּוֹלוּס הָאט זִיךְ בֶּערוּפֶען אַז עֶר זָאל גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען בִּיז אוֹיגוּסְטוּס
וֶועט בֶּעשֵׁיידֶען, הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעהֵייסֶען הִיטֶען בִּיז אִיךְ וֶועל אִיהְם צוּם
קֵיסַר שִׁיקֶען. 22 אוּן אַגְרִיפַּא הָאט צוּ פֶּעסְטוּס גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ
זֶעלְבְּסְט גֶעווִינְשְׁט אַז אִיךְ זָאל דֶעם מַאן הֶערֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אויף מָארְגֶען זָאלְסְט דוּא אִיהְם הֶערֶען.

23 דְרוּם דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג וֶוען אַגְרִיפַּא אוּן בֶּערְנִיקָה זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט

גְרויסֶער פְּרַאכְט, אוּן זֶענֶען אִין דֶער פֶערְהֶערְשְׁטוּבּ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא
הויפְּטְמֶענֶער אוּן דִיא פָארְנֶעמְסְטֶען מֶענֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט, וֶוען פֶעסְטוּס
הָאט אַ בֶּעפֶעהְל גֶעגֶעבֶּען הָאט מֶען פּוֹלוֹס אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט. 24 אוּן פֶעסְטוּס
הָאט גֶעזָאגְט, קֶענִיג אַגְרִיפַּא אוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען דָא מִיט אוּנְז, אִיהְר זֶעהְט
דֶעם דָאזִיגֶען וֶועגֶען וֶועלְכֶעם דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא יוּדֶען הָאט מִיךְ גֶעבֶּע־
טֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּן אוֹיךְ דָא, אוּן זֵייא שְׁרֵייעֶן אַז עֶר בֶּעדַארְף נִיט לֶענְגֶער
צוּ לֶעבֶּען. 25 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דֶערְקַאנְט אַז עֶר הָאט נִיט גֶעטְהוּן קֵיין זַאךְ וָואס
אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט; אוּן וֶוען עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ בֶּערוּפֶען אוֹיף אוֹיגוּסְטוּס,
הָאבּ אִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אַז אִיךְ זָאל אִיהְם שִׁיקֶען. 26 אוּן וֶועגֶען אִיהְם הָאבּ
אִיךְ גָאר נִיט זִיכֶערֶעס צוּם הֶערְר'ן צוּ שְׁרֵייבֶּען; דְרוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם פָאר
אֵייךְ גֶעבְּרַאכְט, אוּן בֶּעזוּנְדֶער פָאר דִיר, קֶענִיג אַגְרִיפַּא, אַז נָאכְדֶעם דֶער
פֶערְהֶער וֶועט גֶעשֶׁעהֶען זָאל אִיךְ עֶפֶּעס הָאבֶּען צוּ שְׁרֵייבֶּען. 27 וָוארִין עֶס
שֵׁיינְט מִיר אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג צוּ זֵיין אַ גֶעפַאנְגֶענֶען צוּ שִׁיקֶען, אוּן נִיט דִיא
פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג קֶעגֶען אִיהְם אָנְצוּצֵייגֶען.

כו 1 אוּן אַגְרִיפַּא הָאט צוּ פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט, דוּא מֶעגְסְט פַאר דִיר זֶעלְבְּסְט
רֶעדֶען. דַאן הָאט פּוֹלוֹס דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אוּן הָאט זִיךְ פֶערְעֶנְטְ־
פֶערְט; 2 אִיךְ שֶׁעץ מִיךְ גְלִיקְלִיךְ, קֶענִיג אַגְרִיפַּא, אַז אִיךְ זָאל מִיךְ הֵיינְט
פָאר דִיר פֶערְעֶנְטְפֶערֶען וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען פַאר וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין פֶערְקְלָאגְט
פוּן דִיא יוּדֶען, 3 בֶּעזוּנְדֶער וֵוייל דוּא פֶערְשְׁטֶעהְסְט אַלֶע מִנְהָגִים אוּן
שַׁאֲלוֹת וָואס זֶענֶען בֵּייא דִיא יוּדֶען; דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ
גֶעדוּלְדִיג הֶערֶען. 4 מֵיין לֶעבֶּען פוּן מֵיין יוּגֶענְד אוֹיף, וָואס אִיז פוּן אָנְהֵייבּ
אָן צְוִוישֶׁען מֵיין פָאלְק אוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶועזֶען, וִויסֶען אַלֶע יוּדֶען, 5 וֶועלְכֶע
הָאבֶּען מִיךְ פוּן אָנְהֵייבּ אָן גֶעקֶענְט, וֶוען זֵייא וָואלְטֶען בֶּעצֵייגֶען, אַז אִיךְ
הָאבּ גֶעלֶעבְּט וִויא אַ פָּרוּשׁ נָאךְ דִיא שְׁטְרֶענְגְסְטֶע כִּתָּה פוּן אוּנְזֶערֶע
רֶעלִיגְיָאן. 6 אוּן אַצוּנְד שְׁטֶעה אִיךְ גֶערִיכְטֶעט צוּ וֶוערֶען וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג
פוּן דֶער הַבְטָחָה וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, 7 וֶועלְכֶע
אוּנְזֶערֶע צְוֶועלְף שְׁבָטִים הָאפֶען צוּ דֶערְלַאנְגֶען, אוּן בֶּעשְׁטֶענְדִיג דִינֶען זֵייא
גָאט טָאג אוּן נַאכְט; וֶועגֶען דִיזֶער הָאפְנוּנְג, קֶענִיג אַגְרִיפַּא, בִּין אִיךְ פֶערְ־
קְלָאגְט פוּן דִיא יוּדֶען. 8 וָוארוּם הַאלְט אִיהְר עֶס פַאר אוּנְגְלוֹיבְּלִיךְ אַז גָאט
וֶועט דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְוֶועקֶען? 9 אִיךְ הָאבּ אַוַדַאי בֵּייא מִיר זֶעלְבְּסְט גֶעדַאכְט,
אַז אִיךְ מוּז פִיל טְהוּן קֶעגֶען דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי. 10 אוּן אִיךְ הָאבּ
עֶס אוֹיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעטְהוּן, אוּן הָאבּ פִילֶע פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אִין
גֶעפֶענְגְנִים אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען, וֶוען אִיךְ הָאבּ מַאכְט פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
דֶערְהַאלְטֶען, אוּן וֶוען זֵייא זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוֶועזֶען, בִּין אִיךְ דֶערְצוּ
בֵּייאגֶעשְׁטִימְט. 11 אוּן אִיךְ הָאבּ זֵייא אָפְט אִין אַלֶע שׁוּלֶען גֶעפֵּיינִיגְט, אוּן
הָאבּ זֵייא גֶעצְווּאוּנְגֶען צוּ לֶעסְטֶערְן, אוּן וֵוייל אִיךְ בִּין קֶעגֶען זֵייא זֶעהְר
גְרוֹיזַאם גֶעוֶועזֶען, הָאבּ אִיךְ זֵייא פֶערְפָאלְגְט בִּיז אִין פְרֶעמְדֶע שְׁטֶעדְט.
12 אוּן דֶערְוֵוייל אִיךְ בִּין קֵיין דַמֶשֶׂק גֶעגַאנְגֶען מִיט מַאכְט אוּן אַ בֶּעפֶעהְל

פון דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים, [13] הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אויף דֶעם וֶועג אִין מִיטֶען
טָאג, אָ קֶענִיג, אַ לִיכְט פוּן הִימֶעל, הֶערְלִיכֶער וִויא דִיא שַׁיינוּנְג פוּן דֶער
זוּן, וָואס הָאט גֶעשַׁיינְט אַרוּם מִיר אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען.
[14] אוּן וֶוען מִיר זֶענֶען אַלֶע צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, הָאבּ אִיךְ אַ קוֹל גֶעהֶערְט
וָואס הָאט צוּ מִיר אִין לְשׁוֹן עִבְרִי גֶעזָאגְט, שָׁאוּל שָׁאוּל, וָוארוּם פֶערְפָאלְגְסְט
דוּא מִיךְ? עֶס אִיז שְׁוֶוער פַאר דִיר קֶעגֶען דִיא שְׁטַאכֶעל צוּ שְׁטוֹיסֶען.
[15] אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט וֶוער בִּיסְט דוּא, הַאר? אוּן דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין יֵשׁוּעַ דֶעם דוּא פֶערְפָאלְגְסְט; [16] אָבֶּער שְׁטֶעה אויף, אוּן שְׁטֶעה
אויף דֵיינֶע פִּיס, וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען צוּ דִיר בֶּעוִויזֶען אַז
אִיךְ זָאל דִיךְ מַאכֶען צוּם דִינֶער אוּן צוּם עֵדוּת וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס דוּא
הָאסְט גֶעזֶעהֶען, אוּן וֶועגֶען דִיא וָואס אִיךְ וֶועל מִיךְ צוּ דִיר בֶּעווַייזֶען, [17] אוּן
אִיךְ וֶועל דִיךְ מַצִּיל זַיין פוּן דֶעם פָאלְק אוּן פוּן דִיא גוֹיִם, צוּ וֶועלְכֶע אִיךְ
שִׁיק דִיךְ, [18] אַז דוּא זָאלְסְט זֵייעֶרֶע אויגֶען אויפְמַאכֶען, זֵייא אוּמְצוּקֶעהְרֶען פוּן
דֶער פִינְסְטֶערְנִיס צוּם לִיכְט, אוּן פוּן דֶער מַאכְט פוּן דֶעם שָׂטָן צוּ גָאט, אַז
זֵייא זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד, אוּן אַיין עֶרְבְשַׁאפְט צְוִוישֶׁען דִיא
וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶען וָואס אִיז אָן מִיר.

[19] דְרוּם, קֶענִיג אַגְרִיפַּא, בִּין אִיךְ נִיט וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג גֶעוֶוען קֶעגֶען דִיא
הִימְלִישֶׁע עֶרְשַׁיינוּנְג, [20] נֵייעֶרְט צוּעֶרְשְׁט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִין דַמֶשֶׂק אוּן
אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן אִים גַאנְצֶען לַאנְד פוּן יְהוּדָה, אוּן צוּ דִיא גוֹיִם הָאבּ אִיךְ
דֶערְקְלֶערְט, אַז זֵייא זָאלֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן אוּן זָאלֶען זִיךְ צוּ גָאט אוּמְקֶעהְרֶען,
אוּן זָאלֶען וֶוערְק טְהוּן וָואס זֶענֶען ווִירְדִיג פוּן תְּשׁוּבָה. [21] וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען
הָאבֶּען מִיךְ דִיא יוּדֶען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען פֶערְזוּכְט מִיךְ
אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען. [22] דְרוּם ווַייל אִיךְ הָאבּ הִילְף פוּן גָאט דֶערְהַאלְטֶען שְׁטֶעה
אִיךְ בִּיז צוּ דִיזֶעם טָאג, אוּן בֶּעצַייג צוּ קְלֵיין אוּן גְרוֹיס, אִינְדֶעם אִיךְ זָאג
נִיט קֵיין אַנְדֶערֶע זַאךְ אוֹיסֶער וָואס דִיא נְבִיאִים אוּן מֹשֶׁה הָאבֶּען גֶעזָאגְט
אַז עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען, [23] אַז דֶער מָשִׁיחַ וֶועט לֵיידֶען, אוּן אַז עֶר וֶועט דֶער
עֶרְשְׁטֶער זַיין וָואס וֶועט פוּן דִיא טוֹיטֶע אויפְשְׁטֶעהֶען, אוּן וֶועט פְּרֶעדִיגֶען
לִיכְט צוּם פָאלְק אוּן צוּ דִיא גוֹיִם.

[24] אוּן דֶערְוַוייל עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי פֶערְעֶנְטְפֶערְט, הָאט פֶעסְטוּס מִיט אַ
הוֹיךְ קוֹל גֶעזָאגְט, פּוֹלוֹס, דוּא בִּיסְט אוּנְזִינִיג, דָאס פִילֶע לֶערְנֶען מַאכְט דִיךְ
מְשׁוּגָע. [25] אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט מְשׁוּגָע, פָארְנֶעמְסְטֶער
פֶעסְטוּס, נֵייעֶרְט אִיךְ רֶעד וֶוערְטֶער פוּן וָואהְרְהֵייט אוּן פֶערְשְׁטַאנְד. [26] וָוארִין
דֶער קֶענִיג ווֵייסְט וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען, פָאר דֶעם אִיךְ רֶעד אויךְ עֶפֶענְטְלִיךְ;
וָוארִין אִיךְ בִּין גֶעווִיס אַז קֵיינְס פוּן דִיזֶע זַאכֶען אִיז פוּן אִיהְם נִיט פֶערְבָּארְגֶען;
וָוארִין דָאס אִיז נִיט אִין אַ ווִינְקֶעל גֶעשֶׁעהֶען. [27] קֶענִיג אַגְרִיפַּא, גְלוֹיבְּסְט דוּא
דִיא נְבִיאִים? אִיךְ ווֵייס אַז דוּא גְלוֹיבְּסְט. [28] אוּן אַגְרִיפַּא הָאט צוּ פּוֹלוֹס
גֶעזָאגְט, מִיט וֶוענִיג אִיבֶּערְרֶעדֶעסְט דוּא דִיךְ אַ קְרִיסְט מִיךְ צוּ מַאכֶען. [29] אוּן
פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט, הַלְוַאי זָאל גָאט גֶעבֶּען, אַז אוֹיבּ מִיט וֶוענִיג אָדֶער מִיט

פיל ניט אליין דוא נייערט אויך אלע וואס הערען מיך היינט זאלען אזעלכע
זיין וויא איך אויך בין, חוץ דיזע קעטען.
30 און דער קעניג איז אויפגעשטאנען, און דער גובערנער, און בערניקה,
און דיא וואס זענען מיט זייא געזעסען, 31 און זענען אן דער זייט געגאנגען
און האבען צווישען זיך גערעט און געזאגט, דיזער מאן האט גאר ניט
געטהון וואס פערדינט דעם טויט אדער דיא קעטען. 32 און אגריפא האט צו
פעסטוס געזאגט, דיזער מאן וואלט געקענט בעפרייט ווערען, ווען ער וואלט
זיך ניט אויף דעם קיסר בערופען.

כז 1 און ווען עס איז בעשלאסען געווען אז מיר זאלען זיך אוועקשיפען קיין
איטאליא, האבען זייא פולוס און עטליכע אנדערע געפאנגענע איבערגעגעבען
צו א הויפטמאן, וואס האט געהייסען יוליוס, פון דעם חיל פון אויגוסטוס.
2 און מיר זענען אריינגעגאנגען אין א שיף פון אדראמיטע וואס האט געוואלט
זעגעלן אין דיא ערטער פון אסיא, און זענען אוועקגעשיפט; און עס איז
מיט אונז געווען אריסטארכוס פון תעסאלוניקא אויס מקדוניא. 3 און דעם
אנדערען טאג זענען מיר ארופגעקומען קיין צידון; און יוליוס האט זיך
פריינדליך געהאלטען קעגען פולוס, און האט איהם דערלויבט צו זיינע
פריינד צו געהען, כדי זייא זאלען איהם פערזארגען. 4 און פון דארטען זענען
מיר אוועקגעשיפט, און האבען געזעגעלט אונטער קיפרוס, ווייל דיא ווינד
זענען אונז ענטגעגען געווען. 5 און ווען מיר האבען געזעגעלט איבער דעם
ים פון קיליקיא און פאמפיליא, זענען מיר ארופגעקומען קיין מירא אין
לוקיא. 6 און דארט האט דער הויפטמאן א שיף פון אלכסאנדריא געפינען,
וואס איז קיין איטאליא געגאנגען, און האט אונז דרויף אריינגעשיפט. 7 און
ווען מיר האבען פילע טעג לאנגזאם געזעגעלט, און זענען קוים קעגען
קנידוס געקומען, ווייל דער ווינד האט אונז ניט געלאזט, האבען מיר זיך
אונטער קרעטא געזעגעלט קעגענאיבער סלמוני; 8 און מיר זענען דיזעם
קוים פארביי געגאנגען, און זענען צו א געוויסען ארט געקומען וואס איז
גערופען דער שעהנע האפען, און נאהענט דערביי איז דיא שטאדט לסיא
געווען.
9 און נאך א לאנגע צייט ווען עס איז שוין געפעהרליך געווען זיך צו
שיפען, ווייל דאס פאסטען איז אויך שוין פארביי געווען, האט זייא פולוס
געווארנט, 10 און האט צו זייא געזאגט, איהר מענער, איך זעה אז דיזע
רייזע וועט שלעכט זיין און מיט גרויסעם שאדען, ניט אליין צו דער לאדונג
און צו דעם שיף, נייערט אויך צו אונזער לעבען. 11 אבער דער הויפטמאן
האט מעהר געגלויבט דעם פיהרער און דעם הערר'ן פון דעם שיף וויא דיא
רעד פון פולוס. 12 און ווייל דער האפען איז ניט גוט געווען דרינען צו
ווינטערן, האבען דיא מייסטען געראטהען אז זייא זאלען פון דארטען אוועק־
שיפען, ווען מעגליך צו קומען קיין פיניקס און איבערווינטערן, וואס איז א
האפען פון קרעטא, און ליגט קעגען דער זיד־וועסט און נארד־וועסט זייט,

13 און װֶען דֶער זִיד װִינְד הָאט לֵייכְט גֶעבְּלָאזֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעדַאכְט אַז
זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר תַּכְלִית דֶערְהַאלְטֶען, און זֶענֶען אַרויסְגֶעפָאהְרֶען און זֶענֶען
קְרֵאטָא פַּארְבֵּייא גֶעשִׁיפְט. 14 אָבֶּער נִיט לַאנְג דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ קֶעגֶען אִיהְר
דֶערְהויבֶּען אַ שְׁטוּרְמְווִינְד, וָואס אִיז גֶערוּפֶען אַוְרַקִילוֹן; 15 און װֶען דָאס שִׁיף
אִיז דֶערְגְרִיפֶען גֶעוֶוען, און הָאט נִיט גֶעקֶענְט קֶעגֶען דֶעם װִינְד בֶּעשְׁטֶעהֶען,
הָאבֶּען מִיר עֶס גֶעלָאזְט גֶעהֶען און זֶענֶען גֶעפָאהְרֶען. 16 און גֶעלָאפֶען־
דִיג אוּנְטֶער אַ גֶעווִיסֶע אִינְזֶעל וָואס הֵייסְט קְלוֹידָא הָאבֶּען מִיר קוים
גֶעקֶענְט דָאס קְלֵיינֶע שִׁיפֶעל אֵיינְהַאלְטֶען; 17 און װֶען זֵייא הָאבֶּען עֶס
אַרויפְגֶעצויגֶען הָאבֶּען זֵייא מִיטֶעל בֶּענוּצְט, און הָאבֶּען דָאס שִׁיף אוּנְטֶער־
גֶעגַארְטֶעלְט. און זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט אִין דִיא
סִרְטִיס אַרֵיינְפַאלֶען, און זֵייא הָאבֶּען דָאס טַאקֶעלְוֶוערְק אַרוּפְגֶעלָאזְט, און
זֶענֶען אַזוֹי גֶעפָאהְרֶען. 18 און װֶען מִיר זֶענֶען אִין אַ גְרויסֶען שְׁטוּרְמְווִינְד גֶעוֶוען,
הָאבֶּען זֵייא דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אויסְטָאסוּנְג גֶעמַאכְט, 19 און דֶעם דְרִיטֶען
טָאג הָאבֶּען זֵייא מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד דִיא מַשָּׂא פוּן דֶעם שִׁיף אַרויסְ־
גֶעוָוארְפֶען. 20 און װֶען נִיט דִיא זוּן און נִיט דִיא שְׁטֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ פַאר
פִילֶע טֶעג בֶּעווִיזֶען, און קֵיין קְלֵיינֶער שְׁטוּרְם אִיז קֶעגֶען אוּנְז גֶעוֶוען,
אַלֶע הָאפְנוּנְג אַז מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶע־
וָוארֶען.

21 און װֶען זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג גֶעפַאסְט, דַאן אִיז פּוֹלוֹס צְווִישֶׁען זֵייא
אויפְגֶעשְׁטַאנֶען און הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעזָאלְט
צוּהֶערֶען און נִיט פוּן קְרֵאטָא אַרויסְשִׁיפֶען, און אַזוֹי צוּ בֶּעקוּמֶען דִיזֶע גֶעפַאהְר
און דִיזֶען שָׁאדֶען. 22 אָבֶּער אַצוּנְד דֶערְמָאהְן אִיךְ אֵייךְ אִיהְר זָאלְט גוּטֶען מִיט
הָאבֶּען, וָוארִין קֵיין נֶפֶשׁ פוּן אֵייךְ װֶעט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט דָאס שִׁיף
אַלֵיין. 23 וָוארִין אִין דִיזֶער נַאכְט אִיז בֵּייא מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט,
װֶעמֶעס אִיךְ בִּין, װֶעלְכֶען אויךְ אִיךְ דִינֶען, 24 און הָאט גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ
נִיט, פּוֹלוֹס, וָוארִין דוּא מוּזְט פָאר דֶעם קֵיסַר שְׁטֶעהֶען; און זֶעה, גָאט הָאט
דִיר גֶעגֶעבֶּען אַלֶע וָואס שִׁיפֶען זִיךְ מִיט דִיר. 25 דְרוּם אִיהְר מֶענֶער, הָאט
גוּטֶען מִיט; וָוארִין אִיךְ הָאבּ בִּטָחוֹן אִין גָאט אַז עֶס װֶעט גֶעשֶׁעהֶען אַזוֹי וִויא
עֶס אִיז מִיר גֶערֶעט גֶעוָוארֶען. 26 אָבֶּער מִיר מוּזֶען אויף אַ גֶעווִיסֶע אִינְזֶעל
גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען.

27 און װֶען עֶס אִיז גֶעוֶוען דִיא פִיעֶרְצֶעהְנְטֶע נַאכְט, דֶערְוֵוייל מִיר זֶענֶען אִין
אַדְרִיָא אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען, אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט הָאבֶּען דִיא שִׁיפְלֵייט גֶעדֶענְקְט
אַז זֵייא קוּמֶען נָאהֶענְט צוּ לַאנְד. 28 און זֵייא הָאבֶּען דָאס זוּנְקְבְּלֵייא גֶעזוּנְקֶען,
און הָאבֶּען צְוַואנְצִיג קְלַאפְטֶער טִיף גֶעפִינֶען, און װֶען זֵייא זֶענֶען אַבִּיסֶעל וַוייְ־
טֶער גֶעפָאהְרֶען, הָאבֶּען זֵייא וִוידֶער גֶעזוּנְקֶען, און הָאבֶּען פִינְפְצֶעהְן קְלַאפְטֶער
גֶעפִינֶען. 29 און וַוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעפָארְכְטֶען אַז מִיר זָאלֶען נִיט אָן פֶעלְזֶען
אָנְשְׁטוֹיסֶען, הָאבֶּען זֵייא פִיעֶר אַנְקֶער הִינְטֶען פוּן דֶעם שִׁיף גֶעוָוארְפֶען, און
הָאבֶּען גֶעוְוּוּנְשְׁט עֶס זָאל טָאג וֶוערֶען. 30 און װֶען דִיא שִׁיפְלֵייט הָאבֶּען

גֶעזוּכְט פוּן דֶעם שִׁיף צוּ אַנְטְלוֹיפֶען, אוּן הָאבֶּען דָאס קְלֵיינֶע שִׁיפֶּעל
אִים יַם אַרוּפְּגֶעלָאזְט, אַזוֹי ווִיא זֵייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַנְקֶער וַוארְפֶען
פוּן דִיא פָארְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם שִׁיף, 31 הָאט פּוֹלוֹס צוּ דֶעם הוֹיפְּטְ־
מַאן אוּן צוּ דִיא סָאלְדַאטֶען גֶעזָאגְט, וֶוען דִיזֶע וֶועלֶען נִיט אִים שִׁיף
בְּלֵייבֶּען, קֶענְט אִיהְר נִיט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 32 דַאן הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען
אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דִיא שְׁטְרִיק פוּן דֶעם קְלֵיינֶען שִׁיף, אוּן הָאבֶּען עֶס גֶעלָאזְט
פַאלֶען.

33 אוּן בִּיז עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טָאגֶען, הָאט פּוֹלוֹס אַלֶע גֶעבֶּעטֶען
אַז זֵייא זָאלֶען עֶפֶּעס נֶעמֶען צוּ עֶסֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז שׁוֹין
הֵיינְט פִירְצֶעהְן טֶעג זִינְט אִיהְר וַוארְטֶעט אוּן בְּלֵייבְּט אוּנְגֶעגֶעסֶען, אוּן אִיהְר
הָאט גָאר נִיט פֶּערְזוּכְט. 34 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נֶעמֶען צוּ
עֶסֶען, וָוארִין דָאס אִיז פַאר אֵייעֶרֶע שְׁטַארְקְהֵייט. וָוארִין עֶס וֶועט קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ
נִיט קֵיין הָאר פוּן דֶעם קָאפּ פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען. 35 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס
גֶעזָאגְט, אוּן הָאט בְּרוֹיט גֶענוּמֶען, הָאט עֶר פָאר אַלֶע גָאט גֶעדַאנְקְט, אוּן
הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ עֶסֶען. 36 אוּן זֵייא זֶענֶען אַלֶע
פְרֶעהְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאבֶּען אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט גֶענוּמֶען צוּ עֶסֶען. 37 אוּן מִיר
אַלֶע צוּזַאמֶען אִים שִׁיף זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווֵייא הוּנְדֶערְט אוּן זֶעקְס אוּן זִיבֶּענְצִיג
נְפָשׁוֹת. 38 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זַאט גֶעגֶעסֶען, הָאבֶּען זֵייא דָאס שִׁיף
לֵייכְטֶער גֶעמַאכְט, אִינְדֶעם זֵייא הָאבֶּען דָאס קָארְן אִים יַם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען.

39 אוּן וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען הָאבֶּען זֵייא דָאס לַאנְד נִיט דֶערְקַאנְט,
אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען אַ שׁוּם צוּנְג פוּן יַם דֶערְזֶעהֶען וָואס הָאט אַ בָּארְטֶען
גֶעהַאט, אוֹיף דֶעם הָאבֶּען זֵייא גֶעוָואלְט וֶוען מֶעגְלִיךְ דָאס שִׁיף אַרֵיינְטְרֵייבֶּען.
40 אוּן זֵייא הָאבֶּען דִיא אַנְקֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף דֶעם יַם
גֶעלָאזְט, אוּן הָאבֶּען אוֹיךְ דִיא בֶּענְדֶער פוּן דִיא רוּדֶער לוֹיז גֶעמַאכְט, אוּן
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם פָארְזֶעגֶעל קֶעגֶען דֶעם ווִינְד, אוּן הָאבֶּען צוּם
בָּארְטֶען גֶעשִׁיפְט. 41 אוּן זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אָן אֵיין אָרְט וְואוּ דֶער יַם
אִיז אוֹיף בֵּיידֶע זֵייטֶען, אוּן דָאס שִׁיף אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם
גְרוּנְד, אוּן דֶער פָארְדֶערְשְׁטֶע טְהֵייל הָאט פֶּעסְט גֶעשְׁטֶעקְט אוּן אִיז גֶעבְּלִי־
בֶּען אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ; אָבֶּער דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶע טְהֵייל אִיז דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן
דִיא וֶועלֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען.

42 אוּן דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען גֶערָאטְהֶען אַז זֵייא זָאלֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע
הַרְגֶענֶען, אַז קֵיינֶער פוּן זֵייא זָאל נִיט אַוֶועקְשְׁווִימֶען אוּן אַנְטְרִינֶען. 43 אָבֶּער
דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט גֶעוָואלְט פּוֹלוֹס רֶעטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייעֶר עֵצָה פֶערְ־
וֶועהְרְט. אוּן עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז דִיא וָואס קֶענֶען שְׁווִימֶען זָאלֶען זִיךְ
צוּעֶרְשְׁט אִים יַם אַרֵיינְוַוארְפֶען, אוּן צוּ דֶעם לַאנְד אַוֶועקְגֶעהֶען, 44 אוּן אַז
דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאלֶען אַזוֹי טְהוּן עֶטְלִיכֶע אוֹיף בְּרֶעטֶער אוּן עֶטְלִיכֶע אוֹיף
שְׁטִיקֶער פוּן דֶעם שִׁיף. אוּן עֶס אִיז אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען, אַז זֵייא זֶענֶען אַלֶע
זִיכֶער צוּם לַאנְד אַנְטְרִינֶען.

כח [1]און װען מיר זענען זיכער אַנטרינען, דאַן האָבען מיר געװוּסט אַז די
אינזעל איז מעליטאַ גערופען. [2]און די לאַנדסלײט האָבען אונז אונגעװעהנ־
ליכע פרײנדשאַפט בעװיזען; װאָרין זײא האָבען אַ פײער אָנגעצינדען, און
האָבען אונז אַלע אַרײנגענומען, װעגען דעם רעגען װאָס איז געװען און
װעגען דער קעלט. [3]און װען פּולוס האָט צונױפגעקליבען פיל שטיקער
האָלץ און האָט זײא אױף דעם פײער געלעגט, איז אַ שלאַנג פון דער היץ
אַרױסגעקומען, און האָט זיך אָן זײנע האַנד בעהעפט. [4]און װען די לאַנדס־
לײט האָבען די שלאַנג געזעהען אױף זײנע האַנד הענגען, האָבען זײא
אײנער צום אַנדערען געזאָגט, דיזער מאַן איז געװיס אַ רוצח, דער איז
אַנטרינען פון דעם ים, אָבער די נקמה לאָזט איהם ניט לעבען. [5]אַזױ דען
האָט ער די שלאַנג אָפּגעשאָקעלט אים פײער אָהן שאָדען. [6]אָבער זײא
האָבען געדאַכט אַז ער װעט אױפגעשװאָלען װערען אָדער פלוצלינג טױט
אַנידערפאַלען. אָבער װען זײא האָבען לאַנג געװאַרט, און האָבען גאָר ניט
קײן איבעל איהם געזעהען געשעהען, אַזױ האָבען זײא זיך מישב געװען און
האָבען געזאָגט אַז ער איז אַ גאָט.
[7]און אין דיזע ערטער האָט דער פירשט פון דער אינזעל בעװיזונגען
געהאַט, מיט דעם נאָמען פּובליוס, דער האָט אונז פרײנדליך אױפגענו־
מען, און האָט אונז דרײא טעג אײנקװאַרטירט. [8]און עס איז געשעהען
אַז דער פאָטער פון פּובליוס איז קראַנק געלעגען פון פיבער און לאַקסי־
רען, און פּולוס איז צו איהם אַרײנגעגאַנגען און האָט געבעטען, און האָט
די הענד אױף איהם געלעגט, און האָט איהם געהײלט. [9]און װען דאָס
איז געשעהען, אױך די איבריגע װאָס אין דער אינזעל האָבען קראַנק־
הײטען געהאַט זענען צו איהם געקומען, און זענען געהײלט געװאָרען.
[10]און זײא האָבען אונז גרױסען כבוד אָנגעטהון, און װען מיר זענען
אַװעקגעשיפט, האָבען זײא אונז פערזאָרגט מיט װאָס מיר האָבען בע־
דאַרפט.
[11]און נאָך דרײא חדשים האָבען מיר זיך אַװעקגעשיפט אין אַ שיף פון
אַלכּסאַנדריאַ װאָס האָט אין דער אינזעל איבערגעװינטערט, װעמעס דער
צײכען איז צװילינג ברידער געװען. [12]און מיר זענען אַרופגעשיפט קײן
סיראַקוס, און זענען דאָרט דרײא טעג געבליבען. [13]און פון דאָרטען זענען
מיר אַרומגעגאַנגען, און זענען אָנגעקומען קײן רעגיום; און נאָך אײן טאָג איז
דער דרום װינד אָנגעקומען, און מיר זענען געקומען דעם אַנדערען טאָג קײן
פּוטעאָלי, [14]װאו מיר האָבען ברידער געפינען, און זענען געבעטען געװען,
אַז מיר זאָלען בײא זײא זיבען טעג בלײבען; און אַזױ זענען מיר קײן רום
געגאַנגען. [15]און פון דאָרטען, װען די ברידער האָבען פון אונז געהערט,
זענען זײא אונז ענטגעגען געקומען ביז צום מאַרק פון אַפּיוס און די דרײא
גאַסטהײזער; און װען פּולוס האָט זײא געזעהען, האָט ער גאָט געדאַנקט,
און האָט מוט בעקומען. [16]און װען מיר זענען אין רום אַרײנגעקומען,

אִיז צוּ פּוֹלוֹס דֶערְלוֹיבְּט גֶעוֶועזֶען בֵּייא זִיךְ צוּ בְּלֵייבֶּען מִיט דֶעם סָאלְדַאטֶען
וָואס הָאט אִיהְם גֶעהִיט.

[17] אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען נָאךְ דְרֵייא טֶעג אַז עֶר הָאט דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא
יוּדֶען צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען; אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט עֶר צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעטְהוּן קֶעגֶען דֶעם
פָאלְק אָדֶער דִיא מִנְהָגִים פוּן דִיא אָבוֹת, דָאךְ בִּין אִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
פוּן יְרוּשָׁלַיִם אַ גֶעפַאנְגֶענֶער אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא רוֹמֶער, [18] וֶועלְכֶע
וֶוען זֵייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְהֶערְט הָאבֶּען זֵייא מִיךְ גֶעוָואלְט פְרֵייא לָאזֶען,
וַוייל עֶס אִיז נִיט אִין מִיר קֵיין שׁוּלְד פוּן טוֹיט גֶעוֶועזֶען. [19] אָבֶּער וֶוען דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען ווִידֶערְגֶעשְׁפְּרָאכֶען, אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעצְוְואוּנְגֶען גֶעוֶועזֶען מִיךְ צוּ
בֶּערוּפֶען אוֹיף דֶעם קֵיסַר, נִיט אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס מֵיין פָאלְק צוּ פֶערְקְלָאַ־
גֶען. [20] דְרוּם הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶערוּפֶען אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ זֶעהֶען אוּן מִיט
אֵייךְ רֶעדֶען; וָוארִין פוּן וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל בִּין אִיךְ מִיט דִיזֶער
קֶעט גֶעבּוּנְדֶען. [21] אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען קֵיינֶע
בְּרִיף וֶועגֶען דִיר פוּן לַאנְד יְהוּדָה נִיט דֶערְהַאלְטֶען, אוּן קֵיינֶער פוּן דִיא
בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאט פוּן דִיר נִיט דֶערְצֶעהְלְט אָדֶער עֶפֶּעס
שְׁלֶעכְטֶעס גֶערֶעט. [22] אָבֶּער מִיר בֶּעגֶעהְרֶען פוּן דִיר צוּ הֶערֶען וָואס דוּא
דֶענְקְסְט, וָוארִין וֶועגֶען דִיזֶע כִּתָּה אִיז עֶס אוּנְז בֶּעקַאנְט אַז מֶען רֶעט דֶערְ־
קֶעגֶען אִין אַלֶע עֶרְטֶער.

[23] אוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַ טָאג בֶּעשְׁטֶעלְט, אוּן פִילֶע זֶענֶען צוּ אִיהְם
אִין זֵיינֶע וְואוֹינוּנְג גֶעקוּמֶען, צוּ וֶועלְכֶע עֶר הָאט דֶערְקְלֶעהְרְט אוּן בֶּעצֵייגְט
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּן הָאט זֵייא וֶועגֶען יֵשׁוּעַ אִיבֶּערְגֶערֶעט פוּן תּוֹרַת
מֹשֶׁה אוּן דִיא נְבִיאִים פוּן מָארְגֶען בִּיז אָבֶענְד. [24] אוּן עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁפְּרָאכֶען גֶעוֶועזֶען, אוּן עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. [25] אוּן וַוייל זֵייא זֶענֶען נִיט אֵיינִיג גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער אֵיינַאנְדֶער,
זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, וֶוען פּוֹלוֹס הָאט נָאךְ אֵיין וָוארְט גֶעזָאגְט, אַז דֶער רוּחַ
הַקּוֹדֶשׁ הָאט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת גוּט גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט,

[26] גֶעה צוּ דִיזֶעם פָאלְק אוּן זָאג זֵייא,
הֶערֶענְדִיג וֶועט אִיהְר הֶערֶען אוּן וֶועט נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען;
אוּן זֶעהֶענְדִיג וֶועט אִיהְר זֶעהֶען אוּן וֶועט נִיט אֵיינְזֶעהֶען;
[27] וָוארִין דָאס הַארְץ פוּן דִיזֶעם פָאלְק אִיז פֶעט גֶעוָוארֶען,
אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען שְׁוֶוער צוּ הֶערֶען,
אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זֵייא צוּגֶעמַאכְט;
אַז זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען,
אוּן נִיט הֶערֶען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען,
אוּן נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיט זֵייעֶר הַארְץ אוּן זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען,
אוּן אִיךְ זָאל זֵייא הֵיילֶען.

[26,27] ישעיה ו׳ ט׳, י׳.

28 דְרוּם זָאל עֶס אֵייךְ בֶּעקַאנְט זַיין אַז צוּ דִיא גוֹיִם אִיז גֶעשִׁיקְט דִיא יְשׁוּעָה
פוּן גָאט; זַייא וֶועלֶען עֶס אוֹיךְ הֶערֶען.
30 אוּן עֶר הָאט צְוַוייא גַאנְצֶע יָאהְר אִין זַיין אֵייגֶענֶען גֶעדוּנְגֶענֶען הויז
גֶעווְאוינְט, אוּן הָאט אַלֶע אוֹיפְגֶענוּמֶען וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרַיינְגֶעקוּמֶען,
31 אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט, אוּן הָאט גֶעלֶערְנְט וֶועגֶען
דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ גַאנְץ עֶפֶענְטְלִיךְ, אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהְם פֶערְ־
וֶועהְרְט.



---

29 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, זֶענֶען דִיא יוּדֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען וִיכּוּחַ צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעהַאט.

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא רוֹמֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אַ קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, גֶערוּפֶען צוּ זַיין אֵיין אַפָּאסְטֶעל,
אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט צוּ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גָאט, 2 וֶועלְכֶע עֶר הָאט פְרִיהֶער
צוּגֶעזָאגְט דוּרְךְ זַיינֶע נְבִיאִים אִין דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְטֶען, 3 וֶועגֶען זַיין זוּהְן,
וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן דָוִד נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ,
4 אוּן אִיז בֶּעשְׁטֶעלְט צוּ זַיין דֶער זוּהְן פוּן גָאט מִיט מַאכְט נָאךְ דֶעם גֵייסְט
פוּן הֵיילִיגְקֵייט, דוּרְךְ דֶער אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג פוּן דִיא טוֹיטֶען; 5 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
אוּנְזֶער הַאר דוּרְךְ דֶעם מִיר הָאבֶּען גְנָאד אוּן שְׁלִיחוּת דֶערְהַאלְטֶען צוּם גֶעהָאר־
זַאם פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען צְוִוישֶׁען אַלֶע גוֹיִם פוּן וֶועגֶען זַיין נָאמֶען, 6 צְוִוישֶׁען
וֶועלְכֶע זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ דִיא גֶערוּפֶענֶע פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; 7 צוּ אַלֶע וָואס
זֶענֶען אִין רוֹם, דִיא גֶעלִיבְּטֶע פוּן גָאט, גֶערוּפֶענֶע הֵיילִיגֶע, גְנָאד זַייא מִיט
אֵייךְ אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶערֶעם פָאטֶער אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
8 צוּעֶרְשְׁט דַאנְק אִיךְ מֵיין גָאט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וֶועגֶען אֵייךְ אַלֶע, אַז
אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אִיז אִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט דֶערְצֶעהְלְט. 9 וָוארִין גָאט אִיז מֵיין
עֵדוּת, וֶועלְכֶען אִיךְ דִיעֶן אִין מֵיין גֵייסְט אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן זַיין זוּהְן,
וִויא בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִיךְ גֶעדֶענְק אֵייךְ, 10 אַלֶע צֵייטֶען אִין מֵיינֶע תְּפִלּוֹת
בֶּעט אִיךְ, אַז אִיךְ זָאל שׁוֹין אַמָאל מַצְלִיחַ זַיין אִין מֵיין וֶועג דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען
פוּן גָאט צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען. 11 וָוארִין אִיךְ פֶערְלַאנְג אֵייךְ צוּ זֶעהֶען, כְּדֵי אִיךְ
זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען אַ שׁוּם גֵייסְטְלִיכֶע מַתָּנָה, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט פֶעסְט גֶעגְרִינְדֶעט
וֶוערֶען, 12 דָאס הֵייסְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיט אֵייךְ גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם
גְלוֹיבֶּען וָואס מִיר הָאבֶּען מִיט אֵיינַאנְדֶער.
13 אוּן אִיךְ ווִיל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט עֶס נִיט ווִיסֶען, בְּרִידֶער, אַז אִיךְ הָאבּ
מִיר אָפְט פָארְגֶענוּמֶען צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, אוּן אִיךְ בִּין בִּיז אַהֶער אוֹיפְגֶעְ־
הַאלְטֶען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל צְוִוישֶׁען אֵייךְ אוֹיךְ אַבִּיסֶעל פְרוּכְט דֶערְהַאלְ־
טֶען, אַזוֹי וִויא צְוִוישֶׁען דִיא אִיבְּרִיגֶע פֶעלְקֶער. 14 אוֹיךְ צוּ דִיא גְרֶעקֶען אוּן
אוֹיךְ צוּ דִיא פְרֶעמְדֶע לֵייט בִּין אִיךְ אַ בַּעַל חוֹב, צוּ דִיא קְלוּגֶע אוּן צוּ דִיא
נַארִישֶׁע; 15 דְרוּם אַזוֹי וֵוייט ווִיא אִיךְ קֶען בִּין אִיךְ בֶּערֵייט אוֹיךְ צוּ אֵייךְ וָואס
זֶענְט אִין רוֹם צוּ פְּרֶעדִיגֶען. 16 וָוארִין אִיךְ שֶׁעהְם מִיךְ נִיט מִיט דֶער בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, וָוארִין עֶס אִיז דִיא מַאכְט פוּן גָאט צוּ יְשׁוּעָה צוּ
יֶעדֶעם וָואס גְלוֹיבְּט, צוּעֶרְשְׁט צוּ דֶעם יוּד אוּן אוֹיךְ צוּם גְרֶעק. 17 וָוארִין דִיא

גערעכטיגקייט פון גאט איז דרינען אנטפּלעקט פון גלויבען צום גלויבען, אַזוֹי
וויא עס שטעהט געשריבען, דער גערעכטער וועט לעבען דורך דעם גלויבען.
18 וואָרין דער צאָרן פון גאט איז אַנטפּלעקט פון הימעל איבער אַלע רשעות
און אונגערעכטיגקייט פון מענשען וואָס האַלטען דיא וואָהרהייט אין אונגע־
רעכטיגקייט; 19 וואָרין דאָס וואָס מען קען וויסען וועגען גאט איז אין זייא
אַנטפּלעקט געוואָרען, וואָרין גאט האָט עס צו זייא אַנטפּלעקט. 20 וואָרין דיא
ניט געזעהענע זאַכען פון דער בעשעפעניס פון דער וועלט ווערען דורך דיא
ווערק אָנגעזעהען און בעמערקט, דאָס הייסט זיינע עביגע קראַפט און גאָט־
הייט, אַזוֹי אַז זייא האָבען גאָר קיינע ענטשולדיגונג; 21 ווייל ווען זייא האָבען
גאָט געקענט, האָבען זייא איהם ניט אַלס גאָט געלויבט אָדער געדאַנקט,
אָבער זייא זענען אין זייערע געדאַנקען נאַריש געוואָרען, און זייער אונ־
פערשטענדיגעס האַרץ איז פערפינסטערט געוואָרען. 22 אינדעם זייא האָבען זיך
געהאַלטען פאַר קלוג זענען זייא נאַריש געוואָרען, 23 און זייא האָבען דיא
הערליכקייט פון דעם אונפערדערבליכען גאָט פערביטען פאַר אַ בילד גלייך
צו דער געשטאַלט פון אַ פערדערבליכען מענשען און פון פייגעל און פיער־
פיסיגע חיות און געווערם.
24 דרום האָט גאָט זייא איבערגעגעבען אין דיא גלוסטען פון זייערע הער־
צער צו אונריינינגקייט, צו שאַנד מאַכען זייערע לייבער צווישען זיך זעלבסט,
25 וועלכע האָבען דיא וואָהרהייט פון גאָט פערביטען פאַר דעם ליגען, און
זייא האָבען פערעהרט און געדינט דיא בעשעפענים מעהר וויא דעם בעשע־
פער, דער איז אויף עביג געלויבט, אָמן.
26 דעסטוועגען האָט גאָט זייא איבערגעגעבען צו שענדליכע גלוסטיגקייט;
וואָרין זייערע נקבות האָבען זייער בעדאַרף מן הטבע פערביטען פאַר דעם
וואָס איז קעגען דער טבע, 27 און אַזוֹי אויך דיא זכרים האָבען דעם בעדאַרף
מן הטבע פון דער נקבה פערלאָזט, און האָבען אין זייערע ווילדע גלוסטען
געברענט איינער צום אַנדערען, און זכרים מיט זכרים האָבען שאַנד געמאַכט,
און האָבען אין זיך זעלבסט דעם לוין פון זייער טעות בעקומען, אַזוֹי וויא
זייא האָבען פערדינט.
28 און גלייך וויא זייא האָבען ניט געוואָלט גאָט האָבען אין זייערע ידיעה,
אַזוֹי האָט גאָט זייא איבערגעגעבען צו אַ פערוואָרפענען פערשטאַנד, צו טהון
וואָס טויגט ניט, 29 אינדעם זייא זענען אָנגעפילט געוואָרען מיט יעדע אונגע־
רעכטיגקייט רשעות תאוות שלעכטעס, פול פון נייד מאָרד שטרייט בעטרי־
געריא רכילות, 30 פערלייִמדער, פיינד פון גאָט, עזות פנים, לעסטערער
שטאָלצע באַריהמער, אויסגעפינער פון שלעכטע זאַכען, ווידערשפּעניג
קעגען דיא עלטערן, 31 אונפערשטענדיג, אונגעטרייא, אָהן נאַטירליכע ליבע,
אונבאַרעמהערציג; 32 וועלכע ווען זייא האָבען אויך געוואוסט דאָס משפט פון
גאָט, אַז דיא וואָס טהון אַזעלכע זאַכען זענען ווערט דעם טויט, ניט

17 חבקוק ב׳ ד׳,

נוּר טְהוּן זֵייא, נֵייעֶרְט בֶּעוִוילִיגֶען אוֹיךְ דִיא וָואס טְהוּן זֵייא.

ב [1] דְרוּם בִּיסְט דוּא אָהְן אֵיין עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג, אָ מֶענְשׁ, וֶוער דוּא אוֹיךְ
בִּיסְט וָואס דוּא רִיכְטֶעסְט; וָוארִין אִינְדֶעם דוּא רִיכְטֶעסְט דֶעם אַנְדֶערֶען,
פֶּערְשׁוּלְדִיגְסְט דוּא דִיךְ אַלֵיין; וָוארִין דוּא וָואס רִיכְטֶעסְט טְהוּסְט דִיא
זֶעלְבִּיגֶע זַאכֶען. [2] אוּן מִיר וִויסֶען אַז דָאס גֶערִיכְט פוּן גָאט אִיז נָאךְ דֶער
וָואהְרְהֵייט אִיבֶּער דִיא וָואס טְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען. [3] אָבֶּער מֵיינְסְט דוּא דָאס,
אָ מֶענְשׁ, וָואס דוּא רִיכְטֶעסְט דִיא וָואס טְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען אוּן טְהוּסְט זֵייא,
אַז דוּא וֶועסְט דָאס גֶערִיכְט פוּן גָאט אַנְטְרִינֶען? [4] אָדֶער בִּיסְט דוּא מְבַזֶה
דֶעם רֵייכְטוּם פוּן זֵיינֶע גִיטִיגְקֵייט אוּן גֶעדוּלְד אוּן לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט, אוּן דוּא
וֵוייסְט נִיט אַז דִיא גִיטִיגְקֵייט פוּן גָאט פִיהְרְט דִיךְ צוּ תְּשׁוּבָה? [5] אָבֶּער נָאךְ
דֵיינֶער הַארְטִיגְקֵייט אוּן אוּנְבֶּעקֶעהְרְטֶען הַארְץ זַאמֶעלְסְט דוּא דִיר צָארְן
אִים טָאג פוּן צָארְן אוּן אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן דֶעם גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט פוּן גָאט,
[6] וֶועלְכֶער וֶועט בֶּעצָאהְלֶען צוּ אִיטְלִיכֶעם נָאךְ זֵיינֶע וֶוערְק. [7] צוּ דִיא וֶועלְכֶע
דוּרְךְ אוֹיסְהַארֶען אִין אַ גוּטֶען וֶוערְק שְׁטְרֶעבֶּען נָאךְ הֶערְלִיכְקֵייט אוּן כָּבוֹד
אוּן אוּנְפֶערְדָארְבֶּענְהֵייט, עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען. [8] אָבֶּער צוּ דִיא וָואס צַאנְקֶען זִיךְ
אוּן גֶעהָארְכֶען נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט, נֵייעֶרְט גֶעהָארְכֶען אוּנְרֶעכְט, וֶועט זֵיין
צָארְן אוּן גְרִימְצָארְן, [9] בֶּעטְרִיבְּנִים אוּן אַנְגְסְט אִיבֶּער יֶעדֶע זֶעלֶע פוּן אַ מֶענְ־
שֶׁען וָואס טְהוּט אִיבֶּעל, צוּעֶרְשְׁט פוּן דֶעם יוּד אוּן אוֹיךְ פוּן דֶעם גְרֶעק; [10] אָבֶּער
הֶערְלִיכְקֵייט אוּן כָּבוֹד אוּן פְרִידֶען צוּ אִיטְלִיכֶעם וָואס טְהוּט גוּטֶעס, צוּעֶרְשְׁט
צוּם יוּד אוּן אוֹיךְ צוּם גְרֶעק. [11] וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים בֵּייא
גָאט. [12] וָוארִין אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען אָהְן אַ גֶעזֶעץ גֶעזִינְדִיגְט, וֶועלֶען אוֹיךְ
אָהְן אַ גֶעזֶעץ פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען; אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען אוּנְטֶער אַ גֶעזֶעץ
גֶעזִינְדִיגְט וֶועלֶען דוּרְךְ אַ גֶעזֶעץ גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען; [13] וָוארִין נִיט דִיא הֶערֶער
פוּן דֶעם גֶעזֶעץ זֶענֶען גֶערֶעכְט פָאר גָאט, נֵייעֶרְט דִיא טְהוּעֶר פוּן דֶעם גֶעזֶעץ
וֶועלֶען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערֶען. [14] וָוארִין וֶוען דִיא גוֹיִם וָואס הָאבֶּען נִיט
דָאס גֶעזֶעץ טְהוּן מִן הַטֶבַע דִיא גֶעבָּאטֶע פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, דִיזֶע וֶוען זֵייא
הָאבֶּען נִיט קֵיין גֶעזֶעץ, זֶענֶען אַ גֶעזֶעץ צוּ זִיךְ אַלֵיין. [15] אוּן זֵייא בֶּעווייזֶען
דָאס וֶוערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ גֶעשְׁרִיבֶּען אִין זֵייעֶר הַארְץ, אִינְדֶעם זֵייעֶר גֶעוִוי־
סֶען בֶּעצֵייגְט מִיט זֵייא צוּזַאמֶען, אוּן זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען צְווִישֶׁען אֵיינַאנְדֶער
פֶערְקְלָאגֶען אָדֶער אוֹיךְ רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען זִיךְ, [16] אִים טָאג וֶוען גָאט וֶועט
דִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען פוּן מֶענְשֶׁען רִיכְטֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ נָאךְ מֵיינֶע
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה.

[17] אָבֶּער וֶוען דוּא וֶוערְסְט גֶעהֵייסֶען אַ יוּד, אוּן פֶערְלָאזְט דִיךְ רוּהִיג אוֹיף דֶעם
גֶעזֶעץ, אוּן רִיהְמְסְט דִיךְ אִין גָאט, [18] אוּן וֵוייסְט זֵיין ווִילֶען, אוּן פְּרִיפְסְט דִיא
זַאכֶען וָואס זֶענֶען מֶעהְר וֶוערְט, אִינְדֶעם דוּא בִּיסְט פוּן דֶער תּוֹרָה גֶעלֶעהְרְט,
[19] אוּן דוּא בִּיסְט זִיכֶער אַז דוּא אַלֵיין בִּיסְט אַ פִיהְרֶער פוּן דִיא בְּלִינְדֶע, אַ
לִיכְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער, [20] אַ דֶערְצִיהֶער צוּ דִיא נַארֶען,
אַ לֶעהְרֶער פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אֵיינֶער וָואס הַאסְט דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן

דֶערקֶענְטְנִיס אוּן דִיא וָואהְרְהֵייט אִין דֶער תּוֹרָה. [21] דְרוּם דוּא וָואס לֶערְנְסְט
אֵיין אַנְדֶערֶען, לֶערְנְסְט דוּא נִיט דִיךְ אַלֵיין? דוּא וָואס פְּרֶעדִיגְסְט אַז מֶען
זָאל נִיט גַנְבֶענֶען, טְהוּסְט דוּא גַנְבֶענֶען? [22] דוּא וָואס זָאגְסְט אַז מֶען זָאל נִיט
מְזַנֶה זַיין, בִּיסְט דוּא מְזַנֶה? דוּא וָואס פֶערְאוּנְווִירְדִיגְסְט דִיא אָפְּגֶעטֶער,
רוֹיבְּסְט דוּא דִיא טֶעמְפֶּעל? [23] דוּא וָואס רִיהְמְסְט דִיךְ מִיט דֶעם גֶעזֶעץ, דוּרְךְ
אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג פוּן דֶעם גֶעזֶעץ פֶערְשֶׁעהְמְסְט דוּא גָאט? [24] וָוארִין דֶער נָאמֶען
פוּן גָאט אִיז דוּרְךְ אֵייךְ צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעלֶעסְטֶערְט, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען. [25] וָוארִין דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג טְהוּט וְואוֹיל הֶעלְפֶען וֶוען דוּא הַאלְ־
טֶעסְט דִיא תּוֹרָה; אָבֶּער וֶוען דוּא בִּיסְט אֵיין אִיבֶּערְטְרֶעטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה, אִיז
דֵיינֶע בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אַלְס עָרְלָה גֶעוָוארֶען. [26] דְרוּם וֶוען דֶער עָרֵל הַאלְט דִיא גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער תּוֹרָה, וֶועט נִיט זַיינֶע עָרְלָה פַאר בֶּעשְׁנֵיידוּנְג גֶערֶעכֶענְט
וֶוערֶען? [27] אוּן דִיא עָרְלָה וָואס אִיז מִן הַטֶבַע, וֶוען זִיא הַאלְט דָאס גֶעזֶעץ,
וֶועט דִיךְ רִיכְטֶען וָואס דוּא דוּרְךְ דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ אוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אִיבֶּערְ־
טְרֶעטֶעסְט דִיא תּוֹרָה. [28] וָוארִין נִיט דֶער אִיז אַ יוּד וָואס אִיז אַזוֹי אוֹיסְ־
וֶוענִיג, אוֹיךְ נִיט דָאס אִיז בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס אִיז אוֹיסְוֶוענִיג אִים פְלֵיישׁ;
[29] נֵייעֶרְט דֶער אִיז אַ יוּד וָואס אִיז אִינְוֶוענִיג, אוּן דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אִיז דִיא פוּן
דֶעם הַארְץ אִים גֵייסְט נִיט אִים בּוּכְשְׁטַאבּ, וָואס זַיין לוֹיבּ אִיז נִיט פוּן
מֶענְשֶׁען נֵייעֶרְט פוּן גָאט.

ג [1] וָואס אִיז דֶען דֶער פָארְטְהֵייל פוּן דֶעם יוּד? אָדֶער וָואס אִיז דֶער נוּצֶען
פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג? [2] פִיל, יֶעדֶענְפַאלְס; צוּעֶרְשְׁט וֵוייל צוּ זֵייא זֶענֶען דִיא
רֶעד פוּן גָאט אָנְפֶערְטְרוֹיעֶט. [3] וָוארִין וָואס אִיז דֶען וֶוען עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? זָאל זֵייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶּען צוּשְׁטֶערֶען דִיא טְרֵייהֵייט פוּן גָאט?
[4] חָלִילָה; לִיבֶּער אַז גָאט אִיז וָואהְר, אוּן יֶעדֶער מֶענְשׁ אַ לִיגְנֶער, אַזוֹי וִויא
עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען

כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט זַיין אִין דֵיינֶע וֶוערְטֶער,
אוּן זָאלְסְט בֵּייקוּמֶען וֶוען דוּא וֶוערְסְט גֶערִיכְטֶעט.

[5] אָבֶּער וֶוען אוּנְזֶערֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן
גָאט, וָואס זָאלֶען מִיר זָאגֶען? אִיז גָאט אוּנְגֶערֶעכְט, דֶער שְׁטְרָאפְט מִיט
צָארְן? אִיךְ רֶעד מֶענְשְׁלִיךְ. [6] חָלִילָה; וֶוען אַזוֹי, וִויא וֶועט גָאט דִיא וֶועלְט
רִיכְטֶען? [7] אָבֶּער וֶוען דִיא וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט גֶערֵייכְט מֶעהְר צוּ זַיין כָּבוֹד
דוּרְךְ מֵיין לִיגֶען, וָוארוּם בִּין אִיךְ דֶען אוֹיךְ נָאךְ גֶערִיכְטֶעט וִויא אַ זִינְדֶער?
[8] אוּן וָוארוּם נִיט גְלֵייךְ וִויא מִיר זֶענֶען גֶעלֶעסְטֶערְט אוּן וִויא עֶטְלִיכֶע בֶּעהוֹיפְּ־
טֶען אַז מִיר זָאגֶען, לָאזֶען מִיר שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן כְּדֵי גוּטֶעס זָאל קוּמֶען; צוּ
וֶועלְכֶע דָאס מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט.

[9] וָואס דֶען? זֶענֶען מִיר עֶרְגֶער וִויא זֵייא? גֶעוִויס נִיט. וָוארִין מִיר הָאבֶּען
פְרִיהֶער בֶּעוִויזֶען אַז יוּדֶען אוּן גוֹיִם זֶענֶען אַלֶע אוּנְטֶער זִינְד, [10] אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

[24] יְשַׁעְיָה נב׳ ה׳. [4] תהלים נא׳ ה׳.

עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט גֶערֶעכְט אוֹיךְ נִיט אֵיינֶער,
11 עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס אִיז פֶערְשְׁטֶענְדִיג, אִיז קֵיינֶער וָואס פָארְשְׁט
נָאךְ גָאט;
12 זֵייא זֶענֶען אַלֶע אָפְּגֶעקֶעהְרְט, זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶען אוּנְנִיצִיג גֶעוָוארֶען,
עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס טְהוּט גִיטִיגְקֵייט, עֶס אִיז נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶער.
13 זֵייעֶר הַאלְז אִיז אֵיין אָפֶענֶע גְרוּבּ,
זֵייא בֶּעטְרִיגֶען מִיט זֵייעֶרֶע צוּנְג,
דָאס גִיפְט פוּן אַ שְׁלַאנְג אִיז אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע לִיפֶּען.
14 וֶועמֶעס מוֹיל אִיז פוּל מִיט פְלוּכוּנְג אוּן בִּיטֶערְקֵייט;
15 זֵייעֶרֶע פִיס זֶענֶען אֵיילֶענְדִיג בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען,
16 פֶערְדָארְבֶּען אוּן יַאמֶער זֶענֶען אִין זֵייעֶרֶע וֶועגֶען,
17 אוּן דֶעם וֶועג פוּן פְרִידֶען הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעוְואוּסְט.
18 דִיא פָארְכְט פוּן גָאט אִיז נִיט פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען.
19 נוּן מִיר ווִיסֶען אַז אַלֶעס וָואס דִיא תּוֹרָה זָאגְט, דָאס זָאגְט זִיא צוּ דִיא וָואס
זֶענֶען אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי אִיטְלִיכֶעס מוֹיל זָאל פֶערְשְׁטָאפְּט וֶוערֶען, אוּן
דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען פָאר גָאט; 20 דְרוּם דוּרְךְ דִיא
וֶוערְק פוּן דֶער תּוֹרָה וֶועט קֵיין מֶענְשׁ פָאר אִיהְם גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערֶען,
וָוארִין דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה אִיז דִיא דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן זִינְד.

21 נוּן אָבֶּער אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט אָהְן דֶעם גֶעזֶעץ אַנְטְפְּלֶעקְט,
אִינְדֶעם עֶס אִיז דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה אוּן דִיא נְבִיאִים בֶּעצֵייגְט גֶעוָוארֶען. 22 אוּן
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט אִיז דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ אַלֶע וָואס
גְלוֹיבֶּען; וָוארִין עֶס אִיז נִיט קֵיין אוּנְטֶערְשִׁיד. 23 וָוארִין אַלֶע הָאבֶּען גֶעזִינְ־
דִיגְט, אוּן הָאבֶּען אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט גֶעפֶעהְלְט; 24 אִינְדֶעם זֵייא
זֶענֶען אוּמְזוּסְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט פוּן זֵיינֶע גְנָאד דוּרְךְ דֶער דֶערְלֶעזוּנְג וָואס
אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 25 וֶועלְכֶען גָאט הָאט פָארְאוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אַ
כַּפּוֹרֶת דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין זֵיינֶעם בְּלוּט, כְּדֵי עֶר זָאל זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט בֶּעווייזֶען דוּרְךְ דֶער פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן דִיא פָארְגַאנְגֶענֶע זִינְד אִין דֶער
לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט פוּן גָאט, 26 אוּם צוּ בֶּעווייזֶען אִין דִיזֶער צֵייט זֵיינֶע גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט, כְּדֵי עֶר זָאל גֶערֶעכְט זֵיין אוּן דֶער רֶעכְטְפֶערְטִיגֶער פוּן דֶעם וָואס
גְלוֹיבְּט אָן יֵשׁוּעַ.

27 דְרוּם ווְאוּ אִיז דָאס רִיהְמֶען? עֶס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁלָאסֶען. דוּרְךְ וֶועלְכֶעס
גֶעזֶעץ? פוּן דִיא וֶוערְק? נֵיין, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן גְלוֹיבֶּען.
28 וָוארִין מִיר שְׁלִיסֶען אַז אַ מַאן אִיז דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט אָהְן
דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ. 29 אִיז עֶר דֶען דֶער גָאט פוּן דִיא יוּדֶען אַלֵיין?
אִיז עֶר נִיט אוֹיךְ דֶער גָאט פוּן דִיא גוֹיִם? יָא, פוּן דִיא גוֹיִם אוֹיךְ, 30 וֵוייל
עַל כָּל פָּנִים גָאט אִיז אֵיינֶער וֶועלְכֶער וֶועט דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען

10-12 תהלים יד׳, א׳-ג׳. 13 תהלים ה׳ י׳, קמ׳ ד׳. 14 תהלים י׳ ז׳.
15-17 ישעיה נט׳ ז׳, ח׳. 18 תהלים לו׳ ב׳. 20 תהלים קמג׳ ב׳.

רֶעכְטפֶערְטִיגֶען אוּן דִיא עָרְלָה דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען. 31 וֶוענֶען מִיר דֶען מְבַטֵל
דָאס גֶעזֶעץ דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען? חָלִילָה; נֵייעֶרְט מִיר בֶּעשְׂטֶעטִיגֶען דָאס גֶעזֶעץ.
ד 1 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען אַז אַבְרָהָם אוּנְזֶער פָּאטֶער נָאךְ דֶעם פְלֵייש
הָאט דֶערְלַאנְגְט? 2 וָוארִין וֶוען אַבְרָהָם אִיז דוּרְךְ וֶוערְק גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט גֶעוֶוען
הָאט עֶר מִיט וָואס זִיךְ צוּ רִיהְמֶען, אָבֶּער נִיט פָאר גָאט. 3 וָוארִין וָואס זָאגְט
דִיא שְׁרִיפְט? אַבְרָהָם הָאט גֶעגְלוֹיבְּט גָאט, אוּן עֶס אִיז צוּ אִיהְם צוּגֶערֶעכֶענְט
גֶעוֶוען פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 4 אָבֶּער צוּ דֶעם וָואס וִוירְקְט אִיז דֶער לוֹין נִיט
פַאר אַ גְנָאד גֶערֶעכֶענְט, נֵייעֶרְט פַאר אַ חוֹב; 5 אָבֶּער צוּ דֶעם וָואס וִוירְקְט
נִיט, נֵייעֶרְט גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וָואס רֶעכְטְפֶערְטִיגְט דֶעם רָשָׁע, אִיז זֵיין גְלוֹיבֶּען
גֶערֶעכֶענְט אַלְס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 6 אַזוֹי וִויא אוֹיךְ דָוִד הֵייסְט דֶעם מֶענְשֶׁען
גֶעבֶּענְשְׁט, צוּ דֶעם גָאט רֶעכֶענְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אָהְן וֶוערְק,

7 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא צוּ וֶועלְכֶע דִיא אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען זֶענֶען
פֶערְגֶעבֶּען אוּן דִיא זִינְד זֶענֶען צוּגֶעדֶעקְט;
8 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער מֶענְשׁ צוּ וֶועלְכֶעם גָאט רֶעכֶענְט נִיט קֵיינֶע זִינְד.

9 אִיז דֶען דִיזֶע גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט אִיבֶּער דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג גֶעזָאגְט, אָדֶער אוֹיךְ
אִיבֶּער דֶער עָרְלָה? וָוארִין מִיר זָאגֶען אַז דֶער גְלוֹיבֶּען אִיז צוּ אַבְרָהָם
גֶערֶעכֶענְט גֶעוֶוען פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 10 וִויא אִיז עֶס דֶען צוּ אִיהְם גֶערֶע־
כֶענְט גֶעוָוארֶען? אִין בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אָדֶער אִין עָרְלָה? נִיט אִין בֶּעשְׁנֵיידוּנְג,
נֵייעֶרְט אִין עָרְלָה. 11 אוּן עֶר הָאט דָאס צֵייכֶען פוּן בֶּעשְׁנֵיידוּנְג דֶערְהַאלְטֶען,
אַלְס זִיגֶעל פוּן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט
וֶוען עֶר אִיז נָאךְ אִין עָרְלָה גֶעוֶוען, כְּדֵי עֶר זָאל זֵיין דֶער פָּאטֶער פוּן אַלֶע
וָואס גְלוֹיבֶּען חָאטְשֶׁע זֵייא זֶענֶען אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶען, כְּדֵי דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זָאל
צוּ זֵייא אוֹיךְ גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען, 12 אוּן דֶער פָּאטֶער פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג נִיט
נוּר צוּ דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ דִיא וָואס
גֶעהֶען אִין דִיא פוּסְטְרִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶעם פָּאטֶער אַבְרָהָם, וָואס
עֶר הָאט גֶעהַאט וֶוען עֶר אִיז נָאךְ אִין עָרְלָה גֶעוֶוען.
13 וָוארִין דִיא הַבְטָחָה צוּ אַבְרָהָם אָדֶער צוּ זֵיין זָאמֶען, אַז עֶר זָאל יוֹרֵשׁ זֵיין
פוּן דֶער וֶועלְט, אִיז נִיט דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶער
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען. 14 וָוארִין וֶוען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דֶעם
גֶעזֶעץ זֶענֶען יוֹרְשִׁים, אַזוֹי אִיז דֶער גְלוֹיבֶּען צוּ גָאר נִיט גֶעמַאכְט אוּן דִיא
הַבְטָחָה אִיז בָּטֵל גֶעוֶוען. 15 וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ וִוירְקְט צָארְן; וָוארִין וְואוּ עֶס
אִיז נִיט קֵיין גֶעזֶעץ, דָא אִיז אוֹיךְ נִיט קֵיינֶע עֲבֵירָה. 16 דֶערְסְטְוֶועגֶען אִיז עֶס
פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, כְּדֵי עֶס זָאל זֵיין דוּרְךְ גְנָאד, אַז דִיא הַבְטָחָה זָאל פֶעסְט
זֵיין צוּם גַאנְצֶען זָאמֶען, נִיט נוּר צוּ דֶעם וָואס אִיז פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט
אוֹיךְ צוּ דֶעם וָואס אִיז פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אַבְרָהָם, וָואס אִיז דֶער פָּאטֶער
פוּן אוּנְז אַלֶע, 17 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ הָאב דִיךְ צוּם פָּאטֶער

3 בראשית טו׳ ו׳. 7,8 תהלים לב׳ א׳, ב׳.
9 בראשית טו׳ ו׳. 17 בראשית יז׳ ה׳.

פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער גֶעמַאכְט, פָאר גָאט אָן וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, דֶער
מַאכְט לֶעבֶּענְדִיג דִיא טוֹיטֶע אוּן רוּפְט דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען נִיט דָא גְלֵייךְ
וִויא זֵייא וָואלְטֶען גֶעוֶועזֶען. 18 וֶועלְכֶער קֶעגֶען דֶער הָאפְנוּנְג הָאט אִין דֶער
הָאפְנוּנְג גֶעגְלוֹיבְּט, כְּדֵי עֶר זָאל דֶער פָאטֶער זַיין פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער, אַזוֹי
וִויא עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וֶועט דֵיין זָאמֶען זַיין. 19 אוּן וַוייל עֶר אִיז
נִיט שְׁוַואךְ אִין גְלוֹיבֶּען גֶעוֶועזֶען, הָאט עֶר זַיין אֵיינֶענֶעם לֵייבּ אָנְגֶעזֶעהֶען גְלֵייךְ
וִויא עֶס אִיז שׁוֹין טוֹיט גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר אִיז קֶעגֶען הוּנְדֶערְט יָאהְר אַלְט
גֶעוָוארֶען, אוּן אוֹיךְ דֶעם טוֹיטֶען מוּטֶערְלֵייבּ פוּן שָׂרָה; 20 אָבֶּער אִין דֶער
הַבְטָחָה פוּן גָאט הָאט עֶר נִיט קֵיין סָפֵק גֶעהַאט דוּרְךְ אוּנְגְלוֹיבִּיגְקַייט, נֵייעֶרְט
אִיז שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען, אוּן הָאט כָּבוֹד צוּ גָאט גֶעגֶעבֶּען, 21 אוּן
אִיז זִיכֶער גֶעוֶועזֶען, אַז וָואס עֶר הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען דָאס קֶען עֶר אוֹיךְ טְהוּן.
22 דְרוּם אוֹיךְ אִיז עֶס אִיהְם צוּגֶערֶעכֶענְט גֶעוֶועזֶען פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט.
23 אוּן עֶס אִיז נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן זַיינֶעטְוֶועגֶען אַלֵיין, אַז עֶס אִיז צוּ אִיהְם
גֶערֶעכֶענְט גֶעוֶועזֶען, 24 נֵייעֶרְט פוּן אוּנְזֶערְטְוֶועגֶען אוֹיךְ, צוּ וֶועמֶען עֶס וֶועט
גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען, וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם דֶער הָאט אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ
פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט, 25 דֶער אִיז וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד אִיבֶּערְגֶעגֶע־
בֶּען גֶעוֶועזֶען, אוּן וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְקֵייט אִיז עֶר אוֹיפְגֶעוֶועקְט
גֶעוָוארֶען.

ה 1 דְרוּם וֶוען מִיר זֶענֶען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי לָאזְט
אוּנְז פְרִידֶען מִיט גָאט הָאבֶּען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, 2 דוּרְךְ
דֶעם מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ אוּנְזֶערֶעם צוּטְרִיט דֶערְלַאנְגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען צוּ
דִיזֶער גְנָאד אִין וֶועלְכֶער מִיר שְׁטֶעהֶען, אוּן לָאזְט אוּנְז פְרֶעהְלִיךְ זַיין אִין דֶער
הָאפְנוּנְג פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט. 3 אוּן נִיט נוּר אַזוֹי, נֵייעֶרְט
לָאזְט אוּנְז אוֹיךְ פְרֶעהְלִיךְ זַיין אִין אוּנְזֶערֶעם לֵיידֶען, וִויסֶענְדִיג אַז דָאס
לֵיידֶען וִוירְקְט גֶעדוּלְד, 4 אוּן דִיא גֶעדוּלְד פְּרִיפוּנְג, אוּן דִיא פְּרִיפוּנְג הָאפְ־
נוּנְג; 5 אוּן דִיא הָאפְנוּנְג בְּרֶענְגְט נִיט צוּ שַׁאנְד, וָוארִין דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט
אִיז אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער אוֹיסְגֶעגָאסֶען דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס אִיז אוּנְז
גֶעגֶעבֶּען.
6 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען נָאךְ שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי אִיז מָשִׁיחַ אוֹיף דִיא רֶעכְטֶע
צַייט פַאר דִיא רְשָׁעִים גֶעשְׁטָארְבֶּען. 7 וָוארִין קוֹים וֶועט אֵיימִיצֶער פַאר אַ
גֶערֶעכְטֶען שְׁטַארְבֶּען; וָוארִין טָאמֶער פַאר דֶעם גוּטֶען וֶועט זִיךְ אֵיימִיצֶער
אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען אוֹיךְ צוּ שְׁטַארְבֶּען. 8 אָבֶּער גָאט שְׁטֶעלְט אַזוֹי זַיינֶע אֵיינֶענֶע
לִיבֶּע קֶעגֶען אוּנְז, אִינְדֶעם וֶוען מִיר זֶענֶען נָאךְ זִינְדֶער גֶעוֶועזֶען אִיז מָשִׁיחַ פַאר
אוּנְז גֶעשְׁטָארְבֶּען. 9 דְרוּם נָאךְ פִיל מֶעהְר וֶוען מִיר זֶענֶען אִיצְט גֶערֶעכְטְ־
פֶערְטִיגְט דוּרְךְ זַיין בְּלוּט, וֶועלֶען מִיר דוּרְךְ אִיהְם גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען פוּן דֶעם
צָארְן. 10 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען מִיט גָאט פֶערְזֶעהְנְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם
טוֹיט פוּן זַיין זוּהְן, וֶוען מִיר זֶענֶען פֵיינְד גֶעוֶועזֶען, פִיל מֶעהְר וֶוען מִיר זֶענֶען

18 בראשית טו׳ ה׳. 22 בְּרֵאשִׁית טו׳ ו׳,

בֶּעוִוילִיגְט ווֶעלֶען מִיר דוּרְךְ זַיין לֶעבֶּען גֶערֶעטֶעט ווֶערֶען. 11 און נִיט נוּר
אַזוֹי, גֵייאֶרְט מִיר זֶענֶען אוֹיךְ פְרֶעהְלִיךְ אִין גָאט דוּרְךְ אוּנְזֶערֶעם הַאר׳ן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ ווֶעלְכֶעם מִיר הָאבֶּען אַצוּנְד דִיא אִיבֶּערְבֶּעטוּנְג דֶערְהַאלְטֶען.
12 דֶעסְטְווֶעגֶען גְלֵייךְ ווִיא דִיא זִינְד אִיז אִין דֶער ווֶעלְט דוּרְךְ אֵיינֶעם מֶענְשֶׁען
אֵיינְגֶעטְרֶעטֶען, און דֶער טוֹיט דוּרְךְ דֶער זִינְד, און אַזוֹי אִיז דֶער טוֹיט אִיבֶּער
אַלֶע מֶענְשֶׁען גֶעקוּמֶען, אִינְדֶעם אַלֶע הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט; 13 ווָארִין בִּיז צוּם גֶעזֶעץ
אִיז דִיא זִינְד אִין דֶער ווֶעלְט גֶעווֶעזֶען, אָבֶּער ווְאוּ עֶס אִיז קֵיין גֶעזֶעץ, דָא אִיז
דִיא זִינְד נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט. 14 דָאךְ הָאט דֶער טוֹיט גֶעהֶערְשְׁט פוּן אָדָם בִּיז
מֹשֶׁה אוֹיךְ אִיבֶּער דִיא ווָאס הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט אִין דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן
דֶער עֲבֵירָה פוּן אָדָם, ווֶעלְכֶער אִיז אַ פָארְבִּילְד פוּן דֶעם ווֶעלְכֶער זָאל קוּמֶען.
15 אָבֶּער נִיט גְלֵייךְ ווִיא מִיט דֶער זִינְד אַזוֹי אוֹיךְ מִיט דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה; ווָארִין
ווֶען דוּרְךְ דִיא זִינְד פוּן אֵיינֶעם זֶענֶען פִילֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען, פִיל מֶעהְר הָאט דִיא
גְנָאד פוּן גָאט און דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה אִין דֶער גְנָאד פוּן דֶעם אֵיינֶען מֶענְשֶׁען
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זִיךְ קֶענֶען פִילֶע גֶעמֶעהְרְט. 16 און נִיט גְלֵייךְ ווִיא דוּרְךְ אֵיינֶעם
ווָאס הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אַזוֹי אִיז דִיא גְנֶעדִיגֶע מַתָּנָה; ווָארִין דָאס מִשְׁפָּט אִיז דוּרְךְ
אֵיינֶעם גֶעווֶעזֶען צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג, אָבֶּער דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה אִיז פוּן פִילֶע
עֲבֵירוֹת צוּ רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג. 17 ווָארִין, ווֶען דוּרְךְ דֶער עֲבֵירָה פוּן אֵיינֶעם
דֶער טוֹיט הָאט דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶעם גֶעהֶערְשְׁט, פִיל מֶעהְר דִיא ווָאס דֶערְהַאלְ־
טֶען דִיא אִיבֶּערְפְלִיסֶענְדֶע גְנָאד און דִיא מַתָּנָה פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט ווֶעלֶען אִין
לֶעבֶּען הֶערְשֶׁען דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶעם יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
18 דְרוּם גְלֵייךְ ווִיא דוּרְךְ אֵיינֶע עֲבֵירָה אִיז דָאס גֶערִיכְט גֶעקוּמֶען אִיבֶּער אַלֶע
מֶענְשֶׁען צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג, אַזוֹי אוֹיךְ דוּרְךְ אֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז דִיא
פְרֵייעֶ מַתָּנָה אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשֶׁען גֶעקוּמֶען צוּ רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג פוּן לֶעבֶּען.
19 ווָארִין גְלֵייךְ ווִיא דוּרְךְ דֶעם אוּנְגֶעהָארְכֶען פוּן דֶעם אֵיינֶען מֶענְשֶׁען פִילֶע
זֶענֶען זִינְדֶער גֶעווָארֶען, אַזוֹי אוֹיךְ דוּרְךְ דֶעם גֶעהָארְכֶען פוּן דֶעם אֵיינֶען
ווֶעלֶען פִילֶע גֶערֶעכְט גֶעמַאכְט ווֶערֶען. 20 און דָאס גֶעזֶעץ אִיז צְווִישֶׁען גֶעקוּ־
מֶען כְּדֵי דִיא עֲבֵירָה זָאל פֶערְמֶעהְרְט ווֶערֶען, אָבֶּער ווְאוּ דִיא זִינְד אִיז פֶערְמֶעהְרְט
גֶעווָארֶען, דָארְט אִיז דִיא גְנָאד נָאךְ מֶעהְר גַאנְץ גֶעווָארֶען, 21 כְּדֵי גְלֵייךְ
ווִיא דִיא זִינְד הָאט אִים טוֹיט גֶעהֶערְשְׁט, אַזוֹי אוֹיךְ זָאל דִיא גְנָאד דוּרְךְ
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט הֶערְשֶׁען צוּ עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶעם הַאר׳ן.
ו 1 ווָאס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? זָאלֶען מִיר אִין זִינְד ווַייטֶער בְּלֵייבֶּען, כְּדֵי
דִיא גְנָאד זָאל פֶערְמֶעהְרְט ווֶערֶען? 2 חָלִילָה. מִיר ווָאס זֶענֶען צוּ דֶער זִינְד
גֶעשְׁטָארְבֶּען, ווִיא אַזוֹי זָאלֶען מִיר נָאךְ לֶענְגֶער דְרִינֶען לֶעבֶּען? 3 אָדֶער ווֵייסְט
אִיהְר נִיט אַז מִיר אַלֶע ווָאס זֶענֶען צוּ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ גֶעטוֹבֶלְט גֶעווָארֶען,
זֶענֶען צוּ זַיין טוֹיט גֶעטוֹבֶלְט גֶעווָארֶען? 4 דְרוּם זֶענֶען מִיר מִיט אִיהְם דוּרְךְ
דֶער טְבִילָה צוּם טוֹיט בֶּעגְרָאבֶּען גֶעווָארֶען, כְּדֵי גְלֵייךְ ווִיא מָשִׁיחַ אִיז פוּן דִיא
טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעווֶעקְט גֶעווֶען דוּרְךְ דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם פָאטֶער, אַזוֹי
זָאלֶען מִיר אוֹיךְ ווַאנְדְלֶען אִין נֵייעֶרוּנְג פוּן לֶעבֶּען. 5 ווָארִין ווֶען מִיר זֶענֶען

צוּזַאמֶען גֶעפְּלַאנְצְט גֶעוָוארֶען אִין דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן זַיין טוֹיט, אַזוֹי וֶועלֶען
מִיר אוֹיךְ זַיין אִין דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן זַיינֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג. 6 אוּן דָאס
ווִיסֶען מִיר אַז אוּנְזֶער אַלְטֶער מֶענְשׁ אִיז מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען,
כְּדֵי דֶער לֵייבּ פוּן זִינְד זָאל צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט מֶעהְר צוּ
זִינְד דִינֶען; 7 וָוארִין דֶער וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז פוּן זִינְד גֶערֶעכְטְפֶּערְ־
טִיגְט. 8 אָבֶּער וֶוען מִיר זֶענֶען מִיט מָשִׁיחַ גֶעשְׁטָארְבֶּען מִיר גְלוֹיבֶּען אַז מִיר
וֶועלֶען אוֹיךְ מִיט אִיהְם לֶעבֶּען, 9 וָוארִין מִיר ווִיסֶען אַז מָשִׁיחַ אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע אוּן שְׁטַארְבְּט נִיט מֶעהְר, דֶער טוֹיט הֶערְשְׁט נִיט
מֶעהְר אִיבֶּער אִיהְם. 10 וָוארִין אִים טוֹיט וָואס עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִיז
עֶר אֵיין מָאל צוּ דֶער זִינְד גֶעשְׁטָארְבֶּען; אָבֶּער אִים לֶעבֶּען וָואס עֶר לֶעבְּט
דָאס לֶעבְּט עֶר צוּ גָאט. 11 אַזוֹי בֶּעטְרַאכְט אִיהְר אוֹיךְ אֵייךְ זֶעלְבְּסְט אַז אִיהְר
זֶענְט טוֹיט צוּ דֶער זִינְד, אָבֶּער לֶעבֶּענְדִיג צוּ גָאט אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

12 דְרוּם לָאז נִיט דִיא זִינְד הֶערְשֶׁען אִין אֵייעֶר שְׁטֶערְבְּלִיכֶען לֵייבּ, אַז אִיהְר
זָאלְט אִיהְר גֶעהָארְכֶען צוּ זַיינֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען, 13 אוּן שְׁטֶעלְט נִיט אֵייעֶרֶע
גְלִידֶער צוּ זִינְד פַאר וַואפֶען פוּן אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, נֵייעֶרְט שְׁטֶעלְט אֵייךְ צוּ
גָאט ווִיא לֶעבֶּענְדִיגֶע פוּן דִיא טוֹיטֶע אוּן אֵייעֶרֶע גְלִידֶער צוּ גָאט פַאר וַואפֶען
פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 14 וָוארִין דִיא זִינְד וֶועט אִיבֶּער אֵייךְ נִיט גֶעוֶועלְטִיגֶען;
וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט אוּנְטֶער דֶער גְנָאד.

15 וָואס דֶען? זָאלֶען מִיר זִינְדִיגֶען ווייל מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ,
נֵייעֶרְט אוּנְטֶער דֶער גְנָאד? חָלִילָה; 16 ווייסְט אִיהְר נִיט אַז צוּ וֶועמֶען אִיהְר
גִיבְּט אֵייךְ פַאר קְנֶעכְט צוּ גֶעהָארְכֶען, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר דִיא קְנֶעכְט פוּן דִיא
צוּ וֶועמֶען אִיהְר גֶעהָארְכְט, עֶנְטְוֶועדֶער פוּן זִינְד צוּם טוֹיט, אָדֶער פוּן גֶעהָארְ־
זַאם צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט? 17 אָבֶּער דַאנְק גָאט, אַז אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען דִיא
קְנֶעכְט פוּן זִינְד, אָבֶּער אִיהְר הָאט פוּן הַארְץ גֶעהָארְכְט צוּ דֶער גֶעשְׁטַאלְט
פוּן דֶער לֶעהְרֶע צוּ וֶועלְכֶער אִיהְר זֶענְט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען. 18 אוּן
אִיהְר זֶענְט פוּן זִינְד בֶּעפְרֵייעֶט גֶעוָוארֶען אוּן זֶענְט צוּ קְנֶעכְט צוּ גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען. 19 אִיךְ רֶעד מֶענְשְׁלִיךְ וֶועגֶען דֶער שְׁווַאכְהֵייט פוּן
אֵייעֶר פְלֵיישׁ; וָוארִין גְלֵייךְ ווִיא אִיהְר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אֵייעֶרֶע גְלִידֶער פַאר
קְנֶעכְט צוּ דֶער אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוּן אוּנְרֶעכְט צוּ אוּנְרֶעכְט, אַזוֹי שְׁטֶעלְט
אִיצְט אֵייעֶרֶע גְלִידֶער פַאר קְנֶעכְט צוּ דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ הֵיילִיגְקֵייט. 20 וָוארִין
וֶוען אִיהְר זֶענְט קְנֶעכְט גֶעוֶועזֶען פוּן זִינְד, זֶענְט אִיהְר פְרֵייא גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 21 וָואסְפַאר פְרוּכְט הָאט אִיהְר דַאן גֶעהַאט אִין דִיא זַאכֶען
מִיט וֶועלְכֶע אַצוּנְד אִיהְר שֶׁעהְמְט אֵייךְ? וָוארִין דֶער סוֹף פוּן יֶענֶע זַאכֶען אִיז
דֶער טוֹיט. 22 אָבֶּער אִינְדֶעם אִיהְר זֶענְט פוּן דֶער זִינְד בֶּעפְרֵייעֶט גֶעוָוארֶען
אוּן זֶענְט צוּ קְנֶעכְט פוּן גָאט גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, הָאט אִיהְר אֵייעֶרֶע פְרוּכְט
צוּ הֵיילִיגְקֵייט, אוּן צוּם סוֹף עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען. 23 וָוארִין דֶער לוֹין פוּן זִינְד אִיז
דֶער טוֹיט, אָבֶּער דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה פוּן גָאט אִיז עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען אִין אוּנְזֶערֶעם
הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

ז [1] אָדֶער וֵייסְט אִיהְר נִיט, בְּרִידֶער, וָוארִין אִיךְ רֶעד צוּ דִיא וָואס קֶענֶען דָאס
גֶעזֶעץ, אַז דָאס גֶעזֶעץ הֶערְשְׁט אִיבֶּער דֶעם מֶענְשֶׁען אַזוֹי לַאנְג וִויא עֶר
לֶעבְּט? [2] וָוארִין דִיא פְרוֹיא וָואס הָאט אַ מַאן אִיז בֵּייא דֶעם גֶעזֶעץ צוּם
מַאן גֶעבּוּנְדֶען אַזוֹי לַאנְג וִויא עֶר לֶעבְּט; אָבֶּער וֶוען דֶער מַאן אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי אִיז זִיא בֶּעפְרֵייעֶט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ פוּן אִיהְר מַאן. [3] דְרוּם
וֶוען זִיא וֶועט חֲתוּנָה הָאבֶּען צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען בְּשַׁעַת אִיהְר מַאן לֶעבְּט,
וֶועט מֶען זִיא הֵייסֶען אַ זוֹנָה; אָבֶּער וֶוען דֶער מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז זִיא
פְרֵייא פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אַזוֹי אַז זִיא אִיז נִיט קֵיינֶע זוֹנָה וֶוען זִיא וֶוערְט דָאס
וֵוייבּ פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן. [4] דְרוּם, מֵיינֶע בְּרִידֶער, אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ טוֹיט
גֶעוָוארֶען צוּם גֶעזֶעץ דוּרְךְ דֶעם לֵייבּ פוּן מָשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט צוּם אַנְדֶערֶען
וֶוערֶען, צוּ דֶעם וֶועלְכֶער אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען פְרוּכְט צוּ גָאט בְּרֶענְגֶען. [5] וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען אִים פְלֵיישׁ גֶעוֶוען,
אַזוֹי הָאבֶּען דִיא תַּאֲוֹת פוּן דִיא זִינְד וָואס זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ גֶעוֶוען אִין
אוּנְזֶערֶע גְלִידֶער גֶעוִוירְקְט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען פְרוּכְט צוּם טוֹיט בְּרֶענְגֶען.
[6] אָבֶּער אִיצְט זֶענֶען מִיר בֶּעפְרֵייעֶט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, וֵוייל מִיר זֶענֶען
גֶעשְׁטָארְבֶּען צוּ דֶעם מִיט וֶועלְכֶעם מִיר זֶענֶען פֶעסְט גֶעהַאלְטֶען גֶעוֶוען, כְּדֵי
מִיר זָאלֶען דִינֶען אִין דֶער נֵייהֵייט פוּן דֶעם גֵייסְט, אוּן נִיט אִים עֶלְטֶער פוּן
דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ.
[7] וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? אִיז דָאס גֶעזֶעץ זִינְד? חָלִילָה; אָבֶּער אִיךְ
וָואלְט נִיט זִינְד גֶעוְואוּסְט וֶוען נִיט דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ; וָוארִין אִיךְ וָואלְט
נִיט תַּאֲוָה גֶעוְואוּסְט, וֶוען דָאס גֶעזֶעץ וָואלְט נִיט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט
גְלוּסְטֶען. [8] אָבֶּער דִיא זִינְד הָאט דוּרְךְ דֶעם גֶעבָּאט גֶעלֶעגֶענְהֵייט גֶענוּמֶען,
אוּן הָאט אִין מִיר אַלֶערְלֵייא תַּאֲוָה גֶעוִוירְקְט; וָוארִין אָהְן דֶעם גֶעזֶעץ אִיז זִינְד
טוֹיט גֶעוֶוען. [9] אוּן אִיךְ הָאבּ אַמָאל גֶעלֶעבְּט אָהְן דֶעם גֶעזֶעץ, אָבֶּער וֶוען
דָאס גֶעבָּאט אִיז גֶעקוּמֶען אִיז דִיא זִינְד ווִידֶער לֶעבֶּענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּן אִיךְ בִּין
גֶעשְׁטָארְבֶּען; [10] אוּן דָאס גֶעבָּאט וָואס זָאל זַיין צוּם לֶעבֶּען אִיז מִיר צוּם
טוֹיט אוֹיסְגֶעפִינֶען. [11] וָוארִין דִיא זִינְד הָאט דוּרְךְ דֶעם גֶעבָּאט גֶעלֶעגֶענְהֵייט
גֶענוּמֶען, אוּן הָאט מִיךְ פֶערְפִיהְרְט, אוּן דֶערְדוּרְךְ גֶעטֵייטֶעט. [12] אַזוֹי דֶען
דָאס גֶעזֶעץ אִיז הֵיילִיג, אוּן דָאס גֶעבָּאט אִיז הֵיילִיג אוּן גֶערֶעכְט אוּן גוּט.
[13] אִיז דֶען דָאס וָואס אִיז גוּט צוּ מִיר צוּם טוֹיט גֶעוָוארֶען? חָלִילָה; נֵייעֶרְט
דִיא זִינְד, כְּדֵי זִיא זָאל זִיךְ בֶּעווַייזֶען וִויא זִינְד, הָאט אִין מִיר דוּרְךְ דֶעם
גוּטֶען דֶעם טוֹיט גֶעוִוירְקְט, כְּדֵי דִיא זִינְד זָאל דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ אִיבֶּער מָאס
זִינְדִיג וֶוערֶען. [14] וָוארִין מִיר וִויסֶען אַז דָאס גֶעזֶעץ אִיז גֵייסְטְלִיךְ; אָבֶּער אִיךְ
בִּין פְלֵיישְׁלִיךְ, פֶערְקוֹיפְט אוּנְטֶער דִיא זִינְד. [15] וָוארִין דָאס וָואס אִיךְ ווִירְק
וֵייס אִיךְ נִיט; וָוארִין נִיט דָאס וָואס אִיךְ ווִיל טְהוּא אִיךְ, נֵייעֶרְט וָואס אִיךְ הָאבּ
פֵיינְד דָאס טְהוּא אִיךְ. [16] אוּן וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס וָואס אִיךְ ווִיל נִיט, אַזוֹי בִּין
אִיךְ מוֹדֶה אַז דָאס גֶעזֶעץ אִיז גוּט. [17] אוּן אִיצְט אִיךְ בִּין עֶס נִיט מֶעהְר וָואס

[7] שמות כ׳ טו׳: דברים ה׳ יח׳.

טְהוּא עֶס, גֵייעֶרְט דִיא זִינְד וָואס וְואוֹינְט אִין מִיר. 18 וָוארִין אִיךְ וֵויים אַז אִין
מִיר, דָאס הֵייסְט אִין מֵיין פְלֵיישׁ, וְואוֹינְט קֵיינֶע גוּטֶע זַאךְ; וָוארִין אִיךְ הָאבּ
אַוַדַאי דֶעם וִוילֶען, אָבֶּער צוּ טְהוּן דָאס גוּטֶע נִיט; 19 וָוארִין דָאס גוּטֶע וָואס
אִיךְ וִויל טְהוּא אִיךְ נִיט, אָבֶּער דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס אִיךְ וִויל נִיט דָאס טְהוּא
אִיךְ. 20 אָבֶּער וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס וָואס אִיךְ וִויל נִיט, אַזוֹי נִיט מֶעהְר בִּין
אִיךְ עֶר וָואס טְהוּא עֶס, גֵייעֶרְט דִיא זִינְד וָואס וְואוֹינְט אִין מִיר. 21 אִיךְ גֶעפִין
דֶען דָאס גֶעזֶעץ, אַז וֶוען אִיךְ וִויל דָאס גוּטֶע טְהוּן אִיז דָאס שְׁלֶעכְטֶע בֵּייא
מִיר. 22 וָוארִין אִיךְ הָאבּ תַּעֲנוּג אִים גֶעזֶעץ פוּן גָאט נָאךְ דֶעם אִינֶערֶען
מֶענְשֶׁען, 23 אָבֶּער אִיךְ זֶעה אֵיין אַנְדֶערֶעס גֶעזֶעץ אִין מֵיינֶע גְלִידֶער, וָואס
שְׁטְרֵייט קֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ פוּן מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד, אוּן נֶעמְט מִיךְ גֶעפַאנְגֶען
צוּם גֶעזֶעץ פוּן דֶער זִינְד וָואס אִיז אִין מֵיינֶע גְלִידֶער.

24 אַךְ אִיךְ עֶלֶענְדֶער מֶענְשׁ! וֶוער וֶועט מִיךְ אוֹיסְלֶעזֶען פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן
דִיזֶעם טוֹיט? 25 אִיךְ דַאנְק גָאט דוּרְךְ אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דְרוּם
מִיט דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד דִיעֶן אִיךְ זֶעלְבְּסְט דָאס גֶעזֶעץ פוּן גָאט, אָבֶּער מִיט
דֶעם פְלֵיישׁ דָאס גֶעזֶעץ פוּן זִינְד.

ח 1 דְרוּם אִיז אַצוּנְד קֵיינֶע פֶערְמִשְׁפָּטוּנְג נִיט פַאר דִיא וָואס זֶענֶען אִין
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. 2 וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן לֶעבֶּען אִין יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ הָאט מִיךְ פְרֵייא גֶעמַאכְט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ פוּן זִינְד אוּן טוֹיט. 3 וָוארִין
דָאס וָואס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען צוּם גֶעזֶעץ, אִינְדֶעם עֶס אִיז שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען
דוּרְךְ דֶעם פְלֵיישׁ, הָאט גָאט גֶעטְהוּן אִינְדֶעם עֶר הָאט זֵיין אֵייגֶענֶעם זוּהְן
גֶעשִׁיקְט אִין דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ פוּן זִינְד אוּן וֶועגֶען זִינְד, אוּן
הָאט אַזוֹי פֶערְמִשְׁפָּט דִיא זִינְד אִים פְלֵיישׁ; 4 כְּדֵי דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
פוּן דֶעם גֶעזֶעץ זָאל אִין אוּנְז דֶערְפִילְט וֶוערֶען, וָואס נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ
גֵייעֶרְט נָאךְ דֶעם גֵייסְט וַואנְדְלֶען. 5 וָוארִין דִיא וָואס זֶענֶען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ
טְרַאכְטֶען פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען נָאךְ דֶעם
גֵייסְט טְרַאכְטֶען פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם גֵייסְט. 6 וָוארִין דָאס טְרַאכְטֶען פוּן
דֶעם פְלֵיישׁ אִיז דֶער טוֹיט, אָבֶּער דָאס טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז לֶעבֶּען
אוּן פְרִידֶען. 7 וֵוייל דָאס טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אִיז פֵיינְדְשַׁאפְט קֶעגֶען
גָאט; וָוארִין עֶס אִיז נִיט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּם גֶעזֶעץ פוּן גָאט, וָוארִין עֶס קֶען
אוֹיךְ נִיט זֵיין. 8 אוּן דִיא וָואס זֶענֶען אִים פְלֵיישׁ קֶענֶען נִיט גָאט גֶעפֶעלֶען.

9 אָבֶּער אִיהְר זֶענְט נִיט אִים פְלֵיישׁ גֵייעֶרְט אִים גֵייסְט, וֶוען וִוירְקְלִיךְ דֶער
גֵייסְט פוּן גָאט וְואוֹינְט אִין אֵייךְ. אָבֶּער וֶוער עֶס הָאט נִיט דֶעם גֵייסְט פוּן
דֶעם מָשִׁיחַ דֶער אִיז נִיט זֵיינֶער. 10 אָבֶּער וֶוען דֶער מָשִׁיחַ אִיז אִין אֵייךְ, אַזוֹי
אִיז דֶער לֵייבּ טוֹיט וֶועגֶען זִינְד, אָבֶּער דֶער גֵייסְט אִיז לֶעבֶּעדִיג וֶועגֶען
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 11 אוּן וֶוען דֶער גֵייסְט פוּן אִיהְם דֶער הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט
פוּן דִיא טוֹיטֶע וְואוֹינְט אִין אֵייךְ, דֶער וֶועלְכֶער הָאט יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוֹיפְגֶע-
וֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע וֶועט אוֹיךְ אֵייעֶרֶע שְׁטֶערְבְּלִיכֶע לֵייבֶּער לֶעבֶּעדִיג
מַאכֶען דוּרְךְ זֵיין גֵייסְט וָואס וְואוֹינְט אִין אֵייךְ.

12 אַזוֹי דֶען, בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר שׁוּלְדִיגֶער, נִיט צוּם פְלֵיישׁ, אַז מִיר זָאלֶען
נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ לֶעבֶּען. 13 וָוארִין װֶען אִיהְר לֶעבְּט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, װֶעט
אִיהְר שְׁטַארְבֶּען; אָבֶּער װֶען אִיהְר דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט דִיא װֶערְק פוּן דֶעם לֵייבּ
טֵייטֶעט, װֶעט אִיהְר לֶעבֶּען. 14 וָוארִין אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען פוּן דֶעם גֵייסְט
פוּן גָאט גֶעפִיהְרְט, דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן גָאט. 15 וָוארִין אִיהְר הָאט נִיט
דֶעם גֵייסְט פוּן קְנֶעכְטְשַׁאפְט װִידֶער צוּ פָארְכְט דֶערְהַאלְטֶען, נֵייעֶרְט אִיהְר
הָאט דֶעם גֵייסְט פוּן קִינְדְשַׁאפְט דֶערְהַאלְטֶען, דוּרְךְ װֶעלְכֶעם מִיר רוּפֶען, אַבָּא
פָאטֶער. 16 דֶער גֵייסְט אַלֵיין בֶּעצֵייגְט מִיט אוּנְזֶערֶעם גֵייסְט אַז מִיר זֶענֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן גָאט. 17 אוּן װֶען מִיר זֶענֶען קִינְדֶער, זֶענֶען מִיר אוֹיךְ יוֹרְשִׁים;
יוֹרְשִׁים פוּן גָאט אוּן מִיטְיוֹרְשִׁים מִיט דֶעם מָשִׁיחַ, װֶען אַפִילוּ מִיר לֵיידֶען מִיט
אִיהְם, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אִיהְם פֶערְהֶערְלִיכְט װֶערֶען.

18 וָוארִין אִיךְ דֶרִינְג אַז דִיא לֵיידֶען פוּן דִיזֶער צֵייט זֶענֶען נִיט װֶערְט
פֶערְגְלֵייכְט צוּ װֶערֶען מִיט דֶער הֶערְלִיכְקֵייט וָואס װֶעט אִין אוּנְז אַנְטְפְּלֶעקְט
װֶערֶען. 19 וָוארִין דִיא עֶרְנְסְטֶע אוֹיסְהַארוּנְג פוּן דֶער בֶּעשֶׁעפֶּענִים וַוארְטֶעט
אוֹיף דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן דִיא זִיהְן פוּן גָאט. 20 וָוארִין דִיא בֶּעשֶׁעפֶּענִים אִיז
צוּ אֵייטֶעלְקֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוֶועזֶען, נִיט פוּן אִיהְר אֵייגֶען װִילֶען נֵייעֶרְט װֶעגֶען
אִיהְם דֶער הָאט זִיא אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, 21 אוֹיף הָאפְנוּנְג אַז דִיא בֶּעשֶׁע־
פֶּענִים אַלֵיין װֶעט פוּן דֶער קְנֶעכְטְשַׁאפְט פוּן פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט בֶּעפְרֵייעֶט
װֶערֶען צוּ דֶער פְרֵייהֵייט פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט.
22 וָוארִין מִיר װִיסֶען אַז דִיא גַאנְצֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִים זִיפְצְט צוּזַאמֶען אוּן קְרֶעכְצְט
בִּיז אַצוּנְד; 23 אוּן נִיט נוּר דָאס, נֵייעֶרְט אוֹיךְ מִיר אַלֵיין וָואס הָאבֶּען דִיא
עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן דֶעם גֵייסְט, אַפִילוּ מִיר אַלֵיין זִיפְצֶען אִין אוּנְז, אִינְדֶעם מִיר
וַוארְטֶען אוֹיף דֶער קִינְדְשַׁאפְט, דָאס הֵייסְט, אוֹיף דֶער אוֹיסְלֶעזוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶעם
לֵייבּ. 24 וָוארִין דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג זֶענֶען מִיר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען; אָבֶּער
דִיא הָאפְנוּנְג וָואס אִיז גֶעזֶעהֶען אִיז קֵיינֶע הָאפְנוּנְג נִיט; וָוארִין װֶער הָאפְט
אוֹיף דֶעם וָואס עֶר זֶעהְט? 25 אָבֶּער װֶען מִיר הָאפֶען אוֹיף דֶעם וָואס מִיר
זֶעהֶען נִיט, אַזוֹי וַוארְטֶען מִיר דֶרוֹיף מִיט גֶעדוּלְד.

26 אוּן גְלֵייךְ דֶעם הֶעלְפְט אוֹיךְ דֶער גֵייסְט אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען; וָוארִין
מִיר װִיסֶען נִיט וָואס מִיר זָאלֶען בֶּעטֶען אַזוֹי װִיא מֶען בֶּעדַארְף, אָבֶּער דֶער
גֵייסְט אַלֵיין פֶערְטְרֶעט פַאר אוּנְז מִיט זִיפְצֶען נִיט אוֹיסְצוּרֶעדֶען. 27 אוּן דֶער
װֶעלְכֶער פָארְשְׁט דִיא הֶערְצֶער װֵייסְט דָאס טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם גֵייסְט, וָוארִין
עֶר פֶערְטְרֶעט פַאר דִיא הֵיילִיגֶע נָאךְ דֶעם װִילֶען פוּן גָאט. 28 אוּן מִיר װִיסֶען
אַז אַלֶע זַאכֶען מִיטְװֶערְקֶען צוּם גוּטֶען צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען גָאט, צוּ דִיא וָואס
זֶענֶען בֶּערוּפֶען נָאךְ זַיין פָארְזַאץ. 29 וָוארִין דִיא װֶעלְכֶע עֶר הָאט פָארְגֶעוָואוּסְט
הָאט עֶר אוֹיךְ פָארְאָרְדְנֶעט אַז זֵייא זָאלֶען גְלֵייךְ צוּם בִּילְד פוּן זֵיינֶעם זוּהְן
גֶעמַאכְט װֶערֶען, כְּדֵי עֶר זָאל דֶער עֶלְצְטֶער זַיין צְװִישֶׁען פִילֶע בְּרִידֶער.
30 אוּן װֶעלְכֶע עֶר הָאט פָארְאָרְדְנֶעט, דִיזֶע הָאט עֶר אוֹיךְ גֶערוּפֶען; אוּן
װֶעלְכֶע עֶר הָאט גֶערוּפֶען, דִיזֶע הָאט עֶר אוֹיךְ גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט; אוּן

װעלְכֶע עֶר הָאט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט, דִיזֶע הָאט עֶר אוֹיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט.
31 װָאס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען צוּ דִיזֶע זַאכֶען? װֶען גָאט אִיז פַאר אוּנְז,
װֶער אִיז קֶעגֶען אוּנְז? 32 דֶער װֶעלְכֶער הָאט נִיט זַיין אֵייגֶענֶען זוּהְן פֶערְ־
שׁוֹינְט, נֵייעֶרְט הָאט אִיהְם פַאר אוּנְז אַלֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, װִיא זָאל עֶר אוּנְז
נִיט מִיט אִיהְם אוֹיךְ אַלֶע זַאכֶען שֶׁענְקֶען? 33 װֶער װֶעט דִיא אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְטֶע
פוּן גָאט פֶערְקְלָאגֶען? עֶס אִיז גָאט דֶער רֶעכְטְפֶערְטִיגְט. 34 װֶער אִיז דֶער
װעלְכֶער װֶעט פֶערְשׁוּלְדִיגֶען? עֶס אִיז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אָבֶּער לִיבֶּער דֶער אִיז אוֹיפְגֶערְװֶעקְט, דֶער אִיז אוֹיךְ צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן
גָאט, דֶער בֶּעט אוֹיךְ פַאר אוּנְז. 35 װֶער זָאל אוּנְז שֵׁיידֶען פוּן דֶער לִיבֶּע פוּן
מָשִׁיחַ? זָאל לֵיידֶען, אָדֶער אַנְגְסְט, אָדֶער פֶערְפָאלְגוּנְג, אָדֶער הוּנְגֶער, אָדֶער
נַאקְטְהֵייט, אָדֶער סַכָּנָה, אָדֶער שְׁװֶערְט? 36 גְלֵייךְ װִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
פוּן דֵיינֶעטְװֶעגֶען זֶענֶען מִיר גֶעהַרְגֶעט דֶעם גַאנְצֶען טָאג,
מִיר זֶענֶען װִיא שָׁאף צוּם שֶׁעכְטֶען גֶערֶעכֶענְט.
37 אָבֶּער אִין אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען אִיבֶּערְװֶעלְטִיגֶען מִיר דוּרְךְ אִיהְם דֶער הָאט
אוּנְז גֶעלִיבְּט. 38 װָארִין אִיךְ בִּין אִיבֶּערְצֵייגְט אַז נִיט טוֹיט אוּן נִיט לֶעבֶּען אוּן
נִיט מַלְאָכִים אוּן נִיט פִירְשְׁטֶען אוּן נִיט אִיצְטִיגֶע אוּן נִיט קוּמֶענְדִיגֶע זַאכֶען
אוּן נִיט גְבוּרוֹת 39 אוּן נִיט הֵייךְ אוּן נִיט טִיפֶע אוּן נִיט קֵיין שׁוּם אַנְדֶערֶע
בֶּעשֶׁעפֶּענִים װֶעט אוּנְז קֶענֶען אָפְּשֵׁיידֶען פוּן דֶער לִיבֶּע פוּן גָאט, װָאס אִיז
אִין אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
ט 1 אִיךְ רֶעד דִיא װָאהְרְהֵייט אִין מָשִׁיחַ, אוּן זָאג קֵיין לִיגֶען, אוּן מֵיין גֶעװִיסֶען
בֶּעצֵייגְט מִיר אוֹיךְ אִים הֵיילִיגֶען גֵייסְט, 2 אַז אִיךְ הָאבּ גְרוֹיסֶען אַנְגְסְט
אוּן אוּנְאוֹיפְהֶערֶענְדִיגֶע װֶעהְטִיג אִין מֵיין הַארְץ. 3 װָארִין אִיךְ װָאלְט גֶעװוּנְשְׁט
אַלֵיין אִין חֵרֶם פוּן מָשִׁיחַ צוּ זַיין פַאר מֵיינֶע בְּרִידֶער, װָאס זֶענֶען מֵיינֶע
קְרוֹבִים נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, 4 װֶעלְכֶע זֶענֶען יִשְׂרָאֵלִים, אוּן זֵייעֶרְס אִיז דָאס
רֶעכְט פוּן דִיא קִינְדְשַׁאפְט אוּן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אוּן דִיא בְּרִיתוֹת אוּן דִיא
מַתַּן תּוֹרָה אוּן דִיא עֲבוֹדָה אוּן דִיא הַבְטָחוֹת, 5 אוּן זֵייעֶרְס זֶענֶען דִיא אָבוֹת,
פוּן װֶעלְכֶען שְׁטַאמְט אָפּ דֶער מָשִׁיחַ נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, דֶער אִיז גָאט
אִיבֶּער אַלֶע גֶעלוֹיבְּט אוֹיף עֶבִּיג, אָמֵן.
6 אָבֶּער עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אַז דָאס װָארְט פוּן גָאט אִיז אַװֶעקְגֶעפַאלֶען.
װָארִין נִיט אַלֶע װָאס זֶענֶען פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען יִשְׂרָאֵלִים; 7 אוּן אוֹיךְ נִיט אַלֶע
זֶענֶען קִינְדֶער װֵייל זֵייא זֶענֶען דֶער זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם, נֵייעֶרְט אִין יִצְחָק זָאל
דַיין זָאמֶען גֶערוּפֶען װֶערֶען. 8 דָאס הֵייסְט נִיט דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם פְלֵיישׁ
זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט, נֵייעֶרְט דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער הַבְטָחָה זֶענֶען
גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ זָאמֶען. 9 װָארִין דָאס אִיז דָאס װָארְט פוּן דֶער הַבְטָחָה,
צוּ דִיזֶער צֵייט װֶעל אִיךְ קוּמֶען, אוּן שָׂרָה װֶעט הָאבֶּען אַ זוּהְן. 10 אוּן נִיט
נוּר דָאס, נֵייעֶרְט אוֹיךְ רִבְקָה װֶען זִיא אִיז טְרָאגֶענְדִיג גֶעװָארֶען פוּן אֵיינֶעם,
פוּן אוּנְזֶערֶעם פָאטֶער יִצְחָק; 11 װָארִין אֵיידֶער דִיא קִינְדֶער זֶענֶען נָאךְ

36 תהלים מד׳ כג׳. 7 בראשית כא׳ יב׳. 9 בראשית יח׳ י׳.

גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען נִיט קֵיין גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן,
אַז דֶער פָּארְזַאץ פוּן גָאט זָאל בְּלֵייבֶּען נָאךְ דֶער בְּחִירָה, נִיט דוּרְךְ װֶערְק
גַייעֶרְט דוּרְךְ אִיהְם װעלְכֶער רוּפְט, [12] אִיז עֶס צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אַז
דֶער עֶלְצְטֶער װעט דֶעם יוּנְגֶערֶען דִינֶען. [13] גְלֵייךְ װִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
יַעֲקֹב הָאבּ אִיךְ גֶעלִיבְּט אוּן עֵשָׂו הָאבּ אִיךְ גֶעהַאסְט.

[14] וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? אִיז אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט בַּייא גָאט? חָלִילָה.
[15] וָוארִין עֶר הָאט צוּ משֶׁה גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל בֶּעגְנָאדִיגֶען װעמֶען אִיךְ וִויל
בֶּעגְנַאדִיגֶען, אוּן אִיךְ װֶעל מִיךְ דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער װעמֶען אִיךְ וִויל מִיךְ
דֶערְבַּארְמֶען. [16] אַזוֹי דֶען אִיז עֶס נִיט פוּן אִיהְם וָואס וִויל, אוּן נִיט פוּן אִיהְם
וָואס לוֹיפְט, נֵייעֶרְט פוּן גָאט דֶער בֶּעגְנַאדִיגְט. [17] וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט צוּ
פַּרְעֹה, װעגֶען דִיזֶעם הָאבּ אִיךְ דִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל אִין דִיר
מֵיינֶע מַאכְט בֶּעווייזֶען, אוּן אַז מֵיין נָאמֶען זָאל דֶערְצֶעהְלְט װערֶען אוֹיף דִיא
גַאנְצֶע עֶרְד. [18] אַזוֹי דֶען עֶר בֶּעגְנַאדִיגְט װעמֶען עֶר וִויל, אוּן װעמֶען עֶר וִויל
פֶערְהַארְטֶעט עֶר.

[19] דוּא װעסְט דֶען צוּ מִיר זָאגֶען, פַארְוָואס גֶעפִינְט עֶר נָאךְ פֶעהְלֶער?
וָוארִין װער הָאט זַיין ווִילֶען װִידֶערְשְׁטַאנֶען? [20] אָ מֶענְשׁ, װער בִּיסְט דוּא,
אַז דוּא זָאלְסְט גָאט קֶעגֶענְעֶנְטְפֶערֶען? זָאל דָאס װערְק צוּם מֵייסְטֶער זָאגֶען,
וָוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ אַזוֹי גֶעמַאכְט? [21] אָדֶער הָאט נִיט דֶער טֶעפֶּער מַאכְט
אִיבֶּער דֶעם לֶעהְם, אַז עֶר זָאל פוּן דֶעם אֵיינֶענֶען שְׁטִיק אֵיינֶע כְּלִי צוּ כָּבוֹד
מַאכֶען, אוּן אֵיינֶע אַנְדֶערֶע צוּ שַׁאנְד? [22] אוּן וָואס זָאלֶען מִיר זָאגֶען װען גָאט
הָאט גֶעוָואלְט זַיין צָארְן בֶּעווייזֶען אוּן זַיינֶע מַאכְט צוּ װִיסֶען טְהוּן, אוּן הָאט
מִיט גְרוֹיסֶער גֶעדוּלְד דִיא כֵּלִים פוּן צָארְן גֶעלִיטֶען וָואס זֶענֶען פַארְטִיג
גֶעמַאכְט צוּם פֶערְדַארְבֶּען, [23] אוּן אַז עֶר זָאל צוּ װִיסֶען טְהוּן דָאס עֲשִׁירוּת
פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִיבֶּער דִיא כֵּלִים פוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט, װעלְכֶע עֶר
הָאט מְקוֹדֶם צוּ הֶערְלִיכְקֵייט אָנְגֶעבְּרֵייט, [24] אַפִילוּ אוּנְז װעלְכֶע עֶר הָאט
אוֹיךְ בֶּערוּפֶען, נִיט נוּר פוּן דִיא יוּדֶען נֵייעֶרְט אוֹיךְ פוּן דִיא גוֹיִם? [25] גְלֵייךְ
װִיא עֶר הָאט אוֹיךְ אִין הוֹשֵׁעַ גֶעזָאגְט,

אִיךְ װֶעל דָאס נִיט מֵיין פָאלְק רוּפֶען מֵיין פָאלְק,
אוּן דִיא נִיט גֶעלִיבְּטֶע גֶעלִיבְּט;

[26] אוּן עֶס װעט זַיין אִים אָרְט װאוּ עֶס אִיז צוּ זֵייא גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען,
אִיהְר זֶענְט נִיט מֵיין פָאלְק,

דָארְט װעלֶען זֵייא גֶערוּפֶען װערֶען דִיא זִיהְן פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט.
[27] אוּן יְשַׁעְיָה שְׁרֵייעֶט װעגֶען יִשְׂרָאֵל, װען דִיא צָאהְל פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל װעט זַיין װִיא דֶער זַאנְד פוּן דֶעם יַם, דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג װעט
גֶערֶעטֶעט װערֶען; [28] וָוארִין דֶער הַאר װעט זַיין וָוארְט דֶערְפִילֶען אוּן װעט

[12] בראשית כה׳ כג׳. [13] מלאכי א׳ ב׳, ג׳.
[15] שמות לג׳ יט׳. [17] שמות ט׳ טז׳.
[25,26] הושע ב׳ א׳, כה׳. [27,28] ישעיה י׳ כב׳, כג׳.

עֶס אוֹיף דֶער עֶרְד עֶנְדִיגֶען אוּן פֶּערְקוּרְצְט מַאכֶען. 29 אוּן גְלֵייךְ וִויא יְשַׁעְיָה
הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט,

וֶוען דֶער הַאר פוּן הֶערְשַׁארֶען וָואלְט אוּנְז נִיט אַ זָאמֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזְט,
וָואלְטֶען מִיר וִויא סְדוֹם גֶעוֶוען אוּן וִויא עֲמוֹרָה גְלֵייךְ גֶעמַאכְט.

30 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? אַז דִיא גוֹיִם וָואס הָאבֶּען נִיט גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט נָאכְגֶעפָאלְגְט הָאבֶּען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דֶערְהַאלְטֶען, דָאס אִיז דִיא גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט וָואס אִיז דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען; 31 אָבֶּער יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט דָאס גֶעוֶועזְן
פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט נָאכְגֶעפָאלְגְט, הָאט צוּם גֶעזֶעץ פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט נִיט
דֶערְלַאנְגְט. 32 וָוארוּם? וֵוייל זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעזוּכְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
נֵייעֶרְט דוּרְךְ דִיא וֶוערְק. זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָן דֶעם שְׁטֵיין פוּן אָנְשְׁטוֹיסוּנְג
אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען, 33 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

וְעה, אִיךְ לֶעג אִין צִיוֹן אַ שְׁטֵיין פוּן אָנְשְׁטוֹיסוּנְג אוּן אַ פֶעלְזֶען פוּן
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג,
אוּן דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען.

י 1 בְּרִידֶער, דָאס וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען פוּן מֵיין הַארְץ אוּן מֵיין גֶעבֶּעט צוּ גָאט אִיז
פַאר זֵייא אַז זֵייא זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 2 וָוארִין אִיךְ זָאג זֵייא עֵדוּת אַז
זֵייא זֶענֶען אֵייפְרִיג פַאר גָאט, אָבֶּער נִיט נָאךְ דֶערְקֶענְטְנִיס; 3 וָוארִין וֵוייל
זֵייא קֶענֶען נִיט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט, אוּן זוּכֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוֹיפְצוּרִיכְטֶען, זֶענֶען זֵייא נִיט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דֶער גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט פוּן גָאט. 4 וָוארִין מָשִׁיחַ אִיז דֶער צְוֶועק פוּן דֶער תּוֹרָה צוּ גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט צוּ אִיטְלִיכֶעם וָואס גְלוֹיבְּט. 5 וָוארִין משֶׁה שְׁרֵייבְּט אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס
טְהוּט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז פוּן דֶער תּוֹרָה וֶועט דְרִינֶען לֶעבֶּען.
6 אָבֶּער דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען זָאגְט אַזוֹי, זָאג נִיט אִין
דֵיין הַארְץ, וֶוער וֶועט אִים הִימֶעל אַרוֹיפְגֶעהֶען? דָאס אִיז, מָשִׁיחַ אַרוּפְּצוּ־
בְּרֶענְגֶען; 7 אָדֶער, וֶוער וֶועט אִין דֶער טִיפֶענֶעם אַרוּפְּגֶעהֶען? דָאס אִיז, מָשִׁיחַ
אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע. 8 אָבֶּער וָואס זָאגְט עֶס? דָאס וָוארְט אִיז
נָאהֶענְט צוּ דִיר, אִין דֵיין מוֹיל אוּן אִין דֵיין הַארְץ; דָאס אִיז, דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
גְלוֹיבֶּען וָואס מִיר פְּרֶעדִיגֶען. 9 וָוארִין וֶוען דוּא וֶועסְט מִיט דֵיין מוֹיל בֶּעקֶענֶען
דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ, אוּן וֶועסְט גְלוֹיבֶּען אִין דֵיין הַארְץ אַז גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְ־
גֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע, וֶועסְט דוּא גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען; 10 וָוארִין מִיט דֶעם
הַארְץ גְלוֹיבְּט מֶען צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן מִיט דֶעם מוֹיל בֶּעקֶענְט מֶען צוּ
יְשׁוּעָה. 11 וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט, אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט
נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען. 12 וָוארִין עֶס אִיז נִיט קֵיין אוּנְטֶערְשִׁיד צְוִוישֶׁען
יוּדֶען אוּן גְרֶעקֶען; וָוארִין דֶער זֶעלְבִּיגֶע הַאר אִיז אִיבֶּער אַלֶע, אוּן עֶר אִיז
רֵייךְ צוּ אַלֶע וֶועלְכֶע רוּפֶען אָן אִיהְם. 13 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָן דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן רוּפֶען וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען.

33 ישעיה ח׳ יד׳: כח׳ טז׳. 5 ויקרא יח׳ ה׳. 6,7 דברים ל׳ יב׳, יג׳.
8 דברים ל׳ יד׳. 11 ישעיה כח׳ טז׳. 13 יואל ג׳ ה׳,

14 וִויא זָאלֶען זֵייא דֶען רוּפֶען אָן אִיהְם אָן דֶעם זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעְ־
גְלוֹיבְּט? אוּן וִויא זָאלֶען זֵייא גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם וֶועגֶען דֶעם זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעהֶערְט? אוּן וִויא זָאלֶען זֵייא הֶערֶען אָהְן אַ פְּרֶעדִיגֶער? 15 אוּן וִויא זָאלֶען
זֵייא פְּרֶעדִיגֶען, וֶוען זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעשִׁיקְט? גְלֵייךְ וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׂרִי־
בֶּען, וִויא שֶׁעהְן זֶענֶען דִיא פִּיס פוּן דִיא וָואס בְּרֶענְגֶען אַ בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן
גוּטֶע זַאכֶען.
16 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט אַלֶע צוּ דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה גֶעהָארְכְט. וָוארִין
יְשַׁעְיָה זָאגְט, הַאר, וֶוער הָאט אוּנְזֶערֶען בֶּערִיכְט גֶעגְלוֹיבְּט? 17 אַזוֹי דֶען
קוּמְט דֶער גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ דֶעם הֶערֶען, אוּן דָאס הֶערֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן
מָשִׁיחַ. 18 אָבֶּער אִיךְ זָאג, הָאבֶּען זֵייא דֶען נִיט גֶעהֶערְט? פַּאר גֶעווִיס,
זֵייעֶר קוֹל אִיז אִין דִיא גַאנְצֶע עֶרְד אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּן זֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער בִּיז צוּם עֶנְד פוּן דֶער וֶועלְט.
19 אָבֶּער אִיךְ זָאג, הָאט דֶען יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעווְאוּסְט? צוּעֶרְשְׁט מֹשֶׁה זָאגְט,
אִיךְ וֶועל אֵייךְ אֵייפֶרִיג מַאכֶען מִיט דִיא וָואס זֶענֶען נִיט אַ פָּאלְק,
אוּן מִיט אַ נַארִישֶׁען פָּאלְק וֶועל אִיךְ אֵייךְ דֶערְצֶערְנֶען.
20 אָבֶּער יְשַׁעְיָה אוּנְטֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ אוּן זָאגְט,
אִיךְ בִּין גֶעפִינֶען פוּן דִיא וָואס זוּכֶען מִיךְ נִיט,
אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ דִיא וָואס פֶערְלַאנְגֶען נִיט נָאךְ מִיר.
21 אָבֶּער צוּ יִשְׂרָאֵל זָאגְט עֶר, דֶעם גַאנְצֶען טָאג הָאבּ אִיךְ מֵיינֶע הֶענְד אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט צוּ אֵיין אוּנְגֶעהָארְזַאמֶען אוּן וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען פָּאלְק.
יא 1 אִיךְ זָאג דֶען, הָאט גָאט זֵיין פָּאלְק פֶערְשְׁטוֹיסֶען? חָלִילָה; וָוארִין אִיךְ
בִּין אוֹיךְ אַ בֶּן יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם, פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין. 2 גָאט
הָאט נִיט פֶערְשְׁטוֹיסֶען זֵיין פָּאלְק וָואס עֶר הָאט מִקוֹדֶם גֶעווְאוּסְט. אָדֶער
וֵייסְט אִיהְר נִיט וָואס דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט וֶועגֶען אֵלִיָה, וִויא עֶר הָאט גֶעטַעְנֶהעט
פַּאר גָאט קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל? 3 הַאר, זֵייא הָאבֶּען דֵיינֶע נְבִיאִים גֶעהַרְגֶעט, דֵיינֶע
מִזְבְּחוֹת הָאבֶּען זֵייא צוּבְּרָאכֶען, אוּן אִיךְ בִּין אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אוּן זֵייא
זוּכֶען מֵיין לֶעבֶּען. 4 אָבֶּער וָואס זָאגְט צוּ אִיהְם דִיא עֶנְטְפֶער פוּן גָאט? אִיךְ
הָאבּ מִיר זִיבֶּען טוֹיזֶענְד מַאן אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעקְנִיעֶט צוּ
בַּעַל. 5 דְרוּם אִיז אוֹיךְ אַצוּנְד פַּארְהַאנֶען אֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג נָאךְ דֶער אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלוּנְג פוּן דֶער גְנָאד. 6 אוּן וֶוען עֶס אִיז דוּרְךְ גְנָאד, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט
מֶעהְר דוּרְךְ וֶוערְק, אוֹיף דֶעם אוֹפֶן אִיז דֶען דִיא גְנָאד נִיט מֶעהְר גְנָאד. 7 וָואס
דֶען? וָואס יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזוּכְט, דָאס הָאט עֶר נִיט דֶערְהַאלְטֶען, אָבֶּער דִיא
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלוּנְג הָאט עֶס דֶערְהַאלְטֶען; אוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען פֶערְהַארְטֶעט
גֶעוָוארֶען, 8 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׂרִיבֶּען, גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַ
גֵייסְט פוּן טִיפֶען שְׁלָאף, אוֹיגֶען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען, אוּן אוֹיעֶרֶען אַז

15 ישעיה נב׳ ז׳. 16 ישעיה נג׳ א׳. 18 תהלים יט׳ ה׳.
19 דברים לב׳ כא׳. 20 ישעיה סה׳ א׳. 21 ישעיה סה׳ ב׳.
3 מלכים א׳ יט׳ י׳. 4 מלכים א׳ יט׳ יח׳. 8 ישעיה כט׳ י׳: דברים כט׳ ג׳.

זַייא זָאלֶען נִיט הֶערֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג. [9] אוּן דָוִד הָאט גֶעזָאגְט
לָאז זַייעֶר טִישׁ וֶוערֶען פַאר אַ נֶעץ אוּן צוּם פַאנְג,
אוּן פַאר אַ שְׁטְרוּיכְלוּנְג אוּן פַאר אַ פֶערְגֶעלְטוּנְג צוּ זַייא,
[10] לָאזֶען זַייעֶרֶע אוֹיגֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט וֶוערֶען אַז זַייא זָאלֶען נִיט וֶועהֶען,
אוּן בֵּייג אִימֶער פָארְט אַרוּפּ זַייעֶר רוּקֶען.
[11] אִיךְ זָאג דֶען, הָאבֶּען זַייא זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען אַז זַייא זָאלֶען פַאלֶען? חָלִילָה;
נֵייעֶרְט דוּרְךְ זַייעֶר פַאלֶען אִיז יְשׁוּעָה צוּ דִיא גוֹיִם גֶעקוּמֶען, כְּדֵי זַייא אֵייפְרִיג
צוּ מַאכֶען. [12] אָבֶּער וֶוען זַייעֶר פַאל אִיז דָאס עַשִׁירוּת פוּן דֶער וֶועלְט גֶעוֶועֶן,
אוּן זַייעֶרֶע פֶערְמִינְדֶערוּנְג דָאס עַשִׁירוּת פוּן דִיא גוֹיִם, וִויא פִיל מֶעהְר זַייעֶרֶע
דֶערְפִילוּנְג?

[13] אָבֶּער אִיךְ רֶעד צוּ אֵייךְ גוֹיִם. אִינְדֶעם אִיךְ בִּין דֶער אַפָּאסְטֶעל פוּן דִיא
גוֹיִם, אַזוֹי בִּין אִיךְ מֵיינֶען דִינְסְט מְכַבֵּד, [14] וֶוען מֶעגְלִיךְ אִיךְ זָאל אֵייפְרִיג
מַאכֶען דִיא וָואס זֶענֶען מֵיין פְלֵיישׁ, אוּן זָאל עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא רֶעטֶען;
[15] וָוארִין וֶוען דָאס פֶערְוַוארְפֶען פוּן זַייא אִיז דִיא פֶערְזֶעהְנוּנְג גֶעוֶועֶן פוּן
דֶער וֶועלְט, וָואס וֶועט דָאס אָנְנֶעמֶען זַיין וֶוען נִיט לֶעבֶּען פוּן דִיא טוֹיטֶע?
[16] אָבֶּער וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְטֶע זֶענֶען הֵיילִיג, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער טֵייג;
אוּן וֶוען דִיא וְואוּרְצֶעל אִיז הֵיילִיג, אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ דִיא צְוַוייגֶען. [17] אוּן וֶוען
עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא צְוַוייגֶען זֶענֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען, אוּן דוּא וָואס בִּיסְט אַ ווִילְדֶער
עֶהְלְבּוֹים בִּיסְט צְוִוישֶׁען זַייא אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט, אוּן הָאסְט מִיט זַייא אַ טְהֵייל
דֶערְהַאלְטֶען אִין דֶער וְואוּרְצֶעל אוּן פֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶעם עֶהְלְבּוֹים, [18] אַזוֹי
רִיהְם דִיךְ נִיט קֶעגֶען דִיא צְוַוייגֶען; אָבֶּער וֶוען דוּא רִיהְמְסְט דִיךְ, אַזוֹי אִיז עֶס
נִיט דוּא וָואס טְרָאגְסְט דִיא וְואוּרְצֶעל נֵייעֶרְט דִיא וְואוּרְצֶעל דִיךְ. [19] דוּא
וֶועסְט דֶען זָאגֶען, דִיא צְוַוייגֶען זֶענֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען כְּדֵי אִיךְ זָאל
אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט וֶוערֶען. [20] גוּט; וֶועגֶען אוּנְגְלוֹיבִּיגְקֵייט זֶענֶען זַייא אָפְּגֶעבְּרָאכֶען,
אוּן דוּא שְׁטֶעהְסְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען. זַייא נִיט הוֹיכְמִיטִיג, נֵייעֶרְט פָארְכְט
דִיךְ. [21] וָוארִין וֶוען גָאט הָאט נִיט פֶערְשׁוֹינְט דִיא נַאטִירְלִיכֶע צְוַוייגֶען, וֶועט
עֶר דִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְשׁוֹינֶען. [22] דְרוּם זֶעה אָן דִיא מִדַּת הַחֶסֶד אוּן דִיא
מִדַּת הַדִּין פוּן גָאט; אִיבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפַאלֶען מִדַּת הַדִּין, אָבֶּער
אִיבֶּער דִיר מִדַּת הַחֶסֶד פוּן גָאט, וֶוען דוּא בְּלֵייבְּסְט אִין זַיין חֶסֶד, וֶוען נִיט
וֶועסְט דוּא אוֹיךְ אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען. [23] אוּן זַייא אוֹיךְ, וֶוען זַייא וֶועלֶען נִיט
בְּלֵייבֶּען אִין אוּנְגְלוֹיבִּיגְקֵייט, וֶועלֶען אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט וֶוערֶען, וָוארִין גָאט קֶען זַייא
ווִידֶער אֵיינְפְלַאנְצֶען. [24] וָוארִין וֶוען דוּא בִּיסְט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם
עֶהְלְבּוֹים וָואס אִיז ווִילְד פוּן נַאטוּר, אוּן בִּיסְט קֶעגֶען דֶער נַאטוּר אֵיינְגֶע־
פְלַאנְצְט גֶעוָוארֶען אִין אַ גוּטֶען עֶהְלְבּוֹים, וִויא פִיל מֶעהְר וֶועלֶען דִיזֶע נַאטִירְ־
לִיכֶע צְוַוייגֶען אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט וֶוערֶען אִין זַייעֶר אֵייגֶענֶען עֶהְלְבּוֹים?

[25] וָוארִין אִיךְ ווִיל נִיט, בְּרִידֶער, אַז אִיהְר זָאלְט אוּנְוִויסֶענְד בְּלֵייבֶּען פוּן דִיזֶעם
סוֹד, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט קְלוּג זַיין אִין אֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, אַז בְּלִינְדְהֵייט אִיז

9, 10 תהלים סט׳ כג׳, כד׳.

אִים טְהֵייל צוּ יִשְׂרָאֵל גֶעוָואָרֶען, בִּיז דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם וֶועט
אֵיינְטְרֶעטֶען; 26 אוּן אַזוֹי וֶועט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

דֶער גוֹאֵל וֶועט קוּמֶען פוּן צִיוֹן,
אוּן וֶועט דִיא גָאטְלָאזִיגְקֵייט אָפְּקֶעהְרֶען פוּן יַעֲקֹב;
27 אוּן דָאס אִיז מֵיין בְּרִית מִיט זֵייא,
וֶוען אִיךְ וֶועל אַוֶועקְנֶעמֶען זֵייעֶרֶע זִינְד.

28 נָאךְ דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה זֶענֶען זֵייא פֵּיינְד פוּן אֵייעֶרֶעטְוֶועגֶען, אָבֶּער נָאךְ
דֶער אוֹיסְדֶערְוֶועהְלוּנְג זֶענֶען זֵייא גֶעלִיבְּט פוּן וֶועגֶען דִיא אָבוֹת; 29 וָוארִין
גָאט הָאט נִיט קֵיין חַרָטָה וֶועגֶען זֵיינֶע גֶעשֶׁענְקֶע אוּן רוּפוּנְג. 30 וָוארִין גְלֵייךְ
וִויא אִיהְר הָאט פְרִיהֶער נִיט גֶעהָארְכְט גָאט, אָבֶּער זֶענְט אַצוּנְד בֶּעגְנַאדִיגְט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע אוּנְגֶעהָארְזַאמְקֵייט, 31 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אַצוּנְד אוֹיךְ
נִיט גֶעהָארְכְט, כְּדֵי דוּרְךְ דִיא בֶּעגְנַאדִיגוּנְג צוּ אֵייךְ זָאלֶען זֵייא אַצוּנְד אוֹיךְ
בֶּעגְנַאדִיגְט וֶוערֶען. 32 וָוארִין גָאט הָאט דִיא אַלֶע אִין אוּנְגֶעהָארְזַאמְקֵייט
אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אַלֶע בֶּעגְנַאדִיגֶען.

33 אָ, וֶועלְכֶע טִיפֶע פוּן עֲשִׁירוּת אוּן חָכְמָה אוּן דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט; וִויא
אוּנְאוֹיסְצוּפָארְשֶׁען זֶענֶען זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּן זֵיינֶע וֶועגֶע קֶען מֶען נִיט אוֹיסְשְׁפּוּרֶען.

34 וָוארִין וֶוער הָאט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דֶעם הַאר'ן גֶעקֶענְט? אָדֶער
וֶוער אִיז טְהֵיילְנֶעמֶער גֶעוֶועזֶען פוּן זֵיינֶע עֵצָה?
35 אָדֶער וֶוער הָאט אִיהְם פְרִיהֶער גֶעגֶעבֶּען, אוּן עֶס זָאל אִיהְם
צוּרִיקְפֶערְגָאלְטֶען וֶוערֶען.

36 וָוארִין אַלֶעס אִיז פוּן אִיהְם אוּן דוּרְךְ אִיהְם אוּן צוּ אִיהְם; צוּ אִיהְם זָאל
דֶער כָּבוֹד זֵיין אוֹיף עֶבִּיג. אָמֵן.

יב 1 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, בְּרִידֶער, בֵּייא דִיא בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען פוּן גָאט,
אַז אִיהְר זָאלְט אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער שְׁטֶעלֶען צוּם לֶעבֶּענְדִיגֶען הֵיילִיגֶען אוּן אָנְגֶע-
נֶעהְמֶען קָרְבָּן צוּ גָאט, וָואס אִיז אֵייעֶר פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער דִינְסְט. 2 אוּן זֵייט נִיט
גֶעבִּילְדֶעט גְלֵייךְ צוּ דִיזֶעם צֵייטְאַלְטֶער, נֵייעֶרְט זֵייט פֶערְעֶנְדֶערְט דוּרְךְ דֶער
דֶערְנֵייעֶרוּנְג פוּן אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט פְּרִיפֶען וָואס אִיז דֶער
גוּטֶע אוּן וְואוֹילְגֶעפֶעלִיגֶע אוּן גַאנְצֶע ווִילֶען פוּן גָאט.

3 וָוארִין אִיךְ זָאג דוּרְךְ דֶער גְנָאד וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן
אֵייךְ, כְּדֵי עֶר זָאל פוּן זִיךְ נִיט מֶעהְר דֶענְקֶען וִויא עֶר בֶּעדַארְף צוּ דֶענְקֶען,
נֵייעֶרְט עֶר זָאל פוּן זִיךְ שֵׂכֶלְדִיג דֶענְקֶען, צוּ אִיטְלִיכֶען אַזוֹי וִויא גָאט הָאט צוּ
אִיהְם אַ מָאס פוּן גְלוֹיבֶּען אָפְּגֶעטְהֵיילְט. 4 וָוארִין גְלֵייךְ וִויא מִיר הָאבֶּען פִילֶע
גְלִידֶער אִין אֵיין לֵייבּ, אָבֶּער אַלֶע גְלִידֶער הָאבֶּען נִיט דָאס זֶעלְבִּיגֶע טְהוּן,
5 אַזוֹי זֶענֶען מִיר פִילֶע אֵיין לֵייבּ אִין מָשִׁיחַ, אוּן אֵיינְצֶעלְוֵייז גְלִידֶער פוּן אֵיינַ-
אַנְדֶער. 6 אוּן אִינְדֶעם מִיר הָאבֶּען פֶערְשִׁידֶענֶע גָאבֶּען נָאךְ דֶער גְנָאד וִואס

26, 27 ישעיה נט׳ כ׳ כא׳; כז׳ ט׳. 34 ישעיה מ׳ יג׳.
35 איוב לה׳ ז׳; מא׳ ג׳.

אִיז אוּנְז גֶעגֶעבֶּען, אִיז עֶס נְבוּאוֹת, לָאזֶען מִיר נְבוּאוֹת זָאגֶען נָאךְ דֶעם מָאס
פוּן אוּנְזֶערֶעם גְלוֹיבֶּען; 7 אִיז עֶס אַ דִינְסְט, לָאזֶען מִיר אֵייפְרִיג זַיין אִין
דֶעם דִינְסְט; אָדֶער דֶער וָואס לֶעהְרְט, אִין זַיינֶע לֶעהְרֶע; 8 אָדֶער דֶער וָואס
דֶערְמָאהְנְט, אִין זַיינֶע דֶערְמָאהְנוּנְג; דֶער וָואס גִיבְּט, לָאז עֶר גֶעבֶּען מִיט
אֵיינְפֶעלְטִיגְקֵייט, דֶער וָואס רֶעגִירְט, מִיט זָארְגְפֶעלְטִיגְקֵייט, דֶער וָואס זִיךְ
דֶערְבַּארְמְט, מִיט פְרֵייד. 9 לָאז דִיא לִיבֶּע נִיט פֶערְשְׁטֶעלְט זַיין. פֶערְאָפְּשֵׁייעֶט
דָאס אִיבֶּעל, בֶּעהֶעפְט אֵייךְ צוּם גוּטֶען. 10 לִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
מִיט בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבֶּע, לָאז אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּפָאר קוּמֶען כָּבוֹד צוּ
גֶעבֶּען, 11 זַייט נִיט פוֹיל אִין גֶעשֶׁעפְטֶען, זַייעֶרְט גְלִיהֶענְדִיג אִים גֵייסְט,
דִינֶענְדִיג דֶעם הַאר׳ן; 12 פְרֵייעֶט אֵייךְ אִין הָאפְנוּנְג, גֶעדוּלְדִיג אִין לֵיידֶען,
פְלֵייסִיג אִין גֶעבֶּעט, 13 הֶעלְפְט דִיא הֵיילִיגֶען אִין דֶער נוֹיט, זַייט מַכְנִיס
אוֹרְחִים. 14 בֶּענְשְׁט דִיא וָואס פֶערְפָאלְגֶען אֵייךְ, בֶּענְשְׁט אוּן שֶׁעלְט נִיט.
15 פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט דִיא וָואס זִיךְ פְרֵייעֶן, וֵויינְט מִיט דִיא וָואס וֵויינֶען. 16 זַייט
גְלֵייךְ גֶעזִינְט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, טְרַאכְט נִיט פוּן הוֹיכֶע זַאכֶען, נֵייעֶרְט לָאזְט
אֵייךְ אַרוּפּ צוּ דִיא נִידְרִיגֶע; זַייט נִיט קְלוּג אִין אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען.
17 פֶערְגֶעלְט קֵיינֶעם נִיט שְׁלֶעכְטֶעס פַאר שְׁלֶעכְטֶעס; הַאנְדֶעלְט עֶהְרְלִיךְ פָאר
אַלֶע מֶענְשֶׁען. 18 וֶוען עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ, וִויא וֵוייט אִיהְר קֶענְט, הָאט שָׁלוֹם
מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען. 19 גֶעלִיבְּטֶע, זַייט אֵייךְ נִיט נוֹקֵם, נֵייעֶרְט גִיבְּט פְּלַאץ צוּם
צָארְן; וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא נְקָמָה אִיז מֵיין, אִיךְ וֶועל פֶערְגֶעלְ־
טֶען, זָאגְט דֶער הַאר. 20 אָבֶּער וֶוען דֵיין פֵיינְד אִיז הוּנְגְרִיג גִיבּ אִיהְם צוּ
עֶסֶען, וֶוען עֶר אִיז דוּרְשְׁטִיג, גִיבּ אִיהְם צוּ טְרִינְקֶען; וָוארִין וֶוען דוּא דָאס
טְהוּסְט, וֶועסְט דוּא פֵייעֶרִיגֶע קוֹילֶען אוֹיף זַיין קָאפּ שִׁיטֶען. 21 זַייא נִיט בֵּיי־
גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען, נֵייעֶרְט אִיבֶּערְקוּם דָאס שְׁלֶעכְטֶע מִיט גוּטֶעם.
יג 1 לָאז אִיטְלִיכֶע נֶפֶשׁ אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ דִיא אִיבֶּערְגֶעשְׁטֶעלְטֶע הֶערְ־
שַׁאפְטֶען, וָוארִין עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע הֶערְשַׁאפְט אוֹיסֶער פוּן גָאט, אוּן דִיא
פַארְהַאנֶענֶע הֶערְשַׁאפְטֶען זֶענֶען בֶּעפוֹילֶען פוּן גָאט. 2 דְרוּם וֶוער וִוידֶערְ־
שְׁטֶעהְט דִיא הֶערְשַׁאפְט, דֶער וִוידֶערְשְׁטֶעהְט דִיא אָרְדְנוּנְג פוּן גָאט; אוּן
דִיא וָואס וִוידֶערְשְׁטֶעהֶען וֶועלֶען אִיבֶּער זִיךְ אַ שְׁטְרָאף גֶערִיכְט בֶּעקוּמֶען.
3 וָוארִין דִיא הֶערְשֶׁער זֶענֶען נִיט פַאר אַ פָארְכְט צוּם גוּטֶען וֶוערְק,
נֵייעֶרְט צוּ דֶעם שְׁלֶעכְטֶען. ווִילְסְט דוּא דֶען דִיא הֶערְשַׁאפְט נִיט פָארְכְ־
טֶען? אַזוֹי טְהוּא דָאס וָואס אִיז רֶעכְט, אוּן דוּא וֶועסְט לוֹיבּ הָאבֶּען
פוּן אִיהְר. 4 וָוארִין זִיא אִיז אַ דִינֶער פוּן גָאט צוּ דִיר צוּם גוּטֶען. אָבֶּער
וֶוען דוּא שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּסְט אַזוֹי פָארְכְט דִיךְ; וָוארִין זִיא טְרָאגְט נִיט
דָאס שְׁוֶוערְט אוּמְזוּסְט; וָוארִין זִיא אִיז אַ דִינֶער פוּן גָאט, וָואס טְהוּט זִיךְ
נוֹקֵם זַיין אִין צָארְן אוֹיף דֶעם וָואס טְהוּט שְׁלֶעכְטֶעס. 5 דְרוּם אִיז עֶס
נֶעטִיג אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ זַיין, נִיט נוּר וֶועגֶען דֶעם צָארְן, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
וֶועגֶען דֶעם גֶעוִויסֶען. 6 וָוארִין דֶעסְטְוֶועגֶען צָאהְלְט אִיהְר אוֹיךְ שְׁטֵייעֶר;

19 דברים לב׳ לה׳, 20 מִשלי כה׳ כא׳, כב׳.

וָוארִין זֵייא זֶענֶען דִינֶער פוּן גָאט, אוּן זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דִיזֶען בֶּעֽ
שֶׁעפְּטִינְט. 7 גִיבְּט צוּ אִיטְלִיכֶעם וָואס אִיהְר זֶענְט מְחוּיָב, שְׁטֵייעֶר צוּ וֶועמֶען
שְׁטֵייעֶר, צָאלְל צוּ וֶועמֶען צָאלְל, פָארְכְט צוּ וֶועמֶען פָארְכְט, עֶהְרֶע צוּ וֶועמֶען
עֶהְרֶע.

8 זֵייט קֵיינֶעם גָאר נִיט שׁוּלְדִיג, אוֹיסֶער אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ לִיבֶּען;
וָוארִין דֶער וָואס לִיבְּט דֶעם אַנְדֶערֶען הָאט דָאס גֶעזֶעץ דֶערְפִילְט. 9 וָוארִין
דָאס וָואס אִיז גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶה זַיין, דוּא זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען,
דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶענֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען, אוּן אוֹיבּ עֶס אִיז פַארְ־
הַאנֶען אֵיין אַנְדֶערֶעס גֶעבָּאט, אִיז עֶס עֶנְטְהַאלְטֶען אִין דִיזֶעם וָוארְט, דוּא זָאלְסְט
דַיין גֶעזֶעלֶען לִיבֶּען וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט. 10 דִיא לִיבֶּע טְהוּט נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס
צוּם גֶעזֶעלֶען; דְרוּם אִיז דִיא לִיבֶּע דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דֶעם גֶעזֶעץ.

11 אוּן דָאס, וֵוייל מִיר וִויסֶען דִיא רֶעכְטֶע צֵייט, אַז עֶס אִיז שׁוֹין צֵייט אִיהְר
זָאלְט פוּן דֶעם שְׁלָאף אוֹיפְשְׁטֶעהֶען; וָוארִין אַצוּנְד אִיז אוּנְזֶערֶע יְשׁוּעָה נָאהֶענְטֶער
וִויא וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט. 12 דִיא נַאכְט אִיז בַּאלְד פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען,
אוּן דֶער טָאג אִיז נָאהֶענְט. דְרוּם לָאזֶען מִיר אָפְּטְהוּן דִיא וֶוערְק פוּן דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס אוּן לָאזֶען מִיר אָנְטְהוּן דִיא וַואפֶען פוּן דֶעם לִיכְט. 13 לָאזֶען מִיר
וַואנְדְלֶען בְּכָבוֹד וִויא בֵּייא טָאג, נִיט אִין פְרֶעסֶען אוּן זוֹיפֶען, נִיט אִין שְׁלָאֽ
פֶען אוּן אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט, נִיט אִין גֶעצַאנְק אוּן נֵייד; 14 נֵייעֶרְט טְהוּט אָן
דֶעם הַאר׳ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּן בְּרֵייט נִיט אָן פַאר דֶעם פְלֵיישׁ צוּ זֵיינֶע
גְלוּסְטֶען.

יד 1 אָבֶּער נֶעמְט אוֹיף דֶעם וָואס אִיז שְׁוַואךְ אִים גְלוֹיבֶּען, דָאךְ נִיט צוּ
מִשְׁפָּטֶען פוּן גֶעדַאנְקֶען. 2 אֵיינֶער גְלוֹיבְּט אַז עֶר מֶעג אַלֶעס עֶסֶען, אָבֶּער
דֶער וָואס אִיז שְׁוַואךְ עֶסְט קְרֵייטֶער. 3 דֶער וָואס עֶסְט, לָאז עֶר נִיט פֶערְ־
שֶׁעהְמֶען דֶעם וָואס עֶסְט נִיט; אוּן דֶער וָואס עֶסְט נִיט, לָאז עֶר נִיט רִיכְטֶען
דֶעם וָואס עֶסְט, וָוארִין גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען. 4 וֶוער בִּיסְט דוּא וָואס
דוּא רִיכְטֶעסְט דֶעם קְנֶעכְט פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען? עֶר שְׁטֶעהְט אָדֶער עֶר פַאלְט צוּ
זַיין אֵייגֶענֶען הַאר׳ן; אוּן עֶר וֶועט אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען, וָוארִין דֶער הַאר
אִיז מֶעכְטִיג אִיהְם אוֹיפְצוּרִיכְטֶען. 5 וָוארִין אֵיינֶער הַאלְט חָשׁוּב דֶעם אֵיינֶען טָאג
אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערֶען, אָבֶּער דֶער אַנְדֶערֶער הַאלְט חָשׁוּב אִיטְלִיכֶען טָאג; לָאז אִיטְ־
לִיבֶער גֶעוִויס אִיבֶּערְצֵייגְט זַיין אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען. 6 דֶער וָואס הִיט
דֶעם טָאג, הִיט עֶר אִיהְם צוּם הַאר׳ן; דֶער וָואס עֶסְט צוּם הַאר׳ן,
וָוארִין עֶר דַאנְקְט גָאט; אוּן דֶער וָואס עֶסְט נִיט צוּם הַאר׳ן עֶסְט עֶר נִיט, אוּן
דַאנְקְט גָאט. 7 וָוארִין קֵיינֶער פוּן אוּנְז לֶעבְּט פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּן קֵיינֶער
שְׁטַארְבְּט פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט. 8 וָוארִין וֶוען מִיר לֶעבֶּען, לֶעבֶּען מִיר צוּם הַאר׳ן,
אוּן וֶוען מִיר שְׁטַארְבֶּען, שְׁטַארְבֶּען מִיר צוּם הַאר׳ן; דְרוּם אוֹיבּ מִיר לֶעבֶּען
אָדֶער שְׁטַארְבֶּען, זֶענֶען מִיר צוּם הַאר׳ן. 9 וָוארִין צוּ דֶעם אִיז מָשִׁיחַ
גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּן אִיז לֶעבֶּענְדִיג גֶעוָוארֶען, אַז עֶר זָאל דֶער הַאר זַיין פוּן דִיא

9 שמות כ׳ יג׳, יד׳. 9 ויקרא יט׳ יח׳.

לֶעבֶּענְדִיגֶע אוּן פוּן דִיא טוֹיטֶע. 10 אָבֶּער דוּא, וָוארוּם רִיכְטֶעסְט דוּא דֵיין
בְּרוּדֶער? אָדֶער אוֹיךְ דוּא, וָוארוּם פֶערְאַכְטֶעסְט דוּא דֵיין בְּרוּדֶער? וָוארִין
מִיר וֶועלֶען אַלֶע פָאר דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל פוּן גָאט שְׁטֶעהֶען. 11 וָוארִין עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער הַאר, צוּ מִיר וֶועט זִיךְ בֵּייגֶען
אִיטְלִיכֶעס קְנִיא,
אוּן אִיטְלִיכֶע צוּנְג וֶועט מְתַוֶדֶה זֵיין צוּ גָאט.

12 אַזוֹי דֶען אִיטְלִיכֶער פוּן אוּנְז וֶועט חֶשְׁבּוֹן גֶעבֶּען פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ
גָאט.

13 דְרוּם לָאזֶען מִיר נִיט מֶעהְר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען רִיכְטֶען; נֵייעֶרְט
רִיכְטֶעט דָאס לִיבֶּער, אַז קֵיינֶער זָאל זֵיין בְּרוּדֶער אֵיין אָנְשְׁטוֹיס אָדֶער
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אִים וֶועג לֶעגֶען. 14 אִיךְ וֵייס אוּן בִּין פֶערְזִיכֶערְט אִין דֶעם הַאר'ן
יֵשׁוּעַ, אַז קֵיין זַאךְ אִיז נִיט אוּנְרֵיין פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט; נֵייעֶרְט צוּ דֶעם וָואס
דֶענְקְט אַז אַ זַאךְ אִיז אוּנְרֵיין, צוּ דֶעם אִיז עֶס אוּנְרֵיין. 15 וָוארִין וֶוען דֵיין
בְּרוּדֶער אִיז אִיבֶּער דֵיין עֶסֶען בֶּעטְרִיבְּט, אַזוֹי וַואנְדֶעלְסְט דוּא נִיט מֶעהְר נָאךְ
דֶער לִיבֶּע. לָאז נִיט דֶער פֶערְלוֹירֶען גֶעהֶען דוּרְךְ דֵיין עֶסֶען, פַאר וֶועלְכֶען
מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. 16 דְרוּם לָאז נִיט אֵייעֶר גוּטֶעס גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען.
17 וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז נִיט עֶסֶען אוּן נִיט טְרִינְקֶען, נֵייעֶרְט
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן פְרִידֶען אוּן פְרֵייד אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ; 18 וָוארִין דֶער
וָואס אִין דֶעם דִינְט מָשִׁיחַ אִיז גָאט וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג, אוּן אִיז פוּן מֶענְשֶׁען
בֶּעוִוילִיגְט.

19 אַזוֹי דֶען לָאזֶען מִיר נָאכְפָאלְגֶען דִיא זַאכֶען וָואס דִינֶען צוּם פְרִידֶען, אוּן
מִיט וֶועלְכֶע מִיר קֶענֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען פֶערְבֶּעסֶערְן. 20 צוּשְׁטֶער
נִיט פוּן שְׁפֵּייז וֶועגֶען דָאס וֶוערְק פוּן גָאט. אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען רֵיין, אָבֶּער
עֶס אִיז שְׁלֶעכְט פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען וָואס עֶסְט מִיט אָנְשְׁטוֹיסוּנְג. 21 עֶס אִיז גוּט
נִיט קֵיין פְלֵיישׁ צוּ עֶסֶען, אוּן נִיט קֵיין וֵויין צוּ טְרִינְקֶען, אוּן נִיט קֵיין זַאךְ צוּ
טְהוּן אַן וֶועלְכֶען דֵיין בְּרוּדֶער שְׁטְרוֹיכֶעלְט זִיךְ. 22 דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס דוּא
הָאסְט הָאבּ צוּ דִיר זֶעלְבְּסְט פָאר גָאט; גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס רִיכְטֶעט זִיךְ
זֶעלְבְּסְט נִיט אִין דֶעם וָואס עֶר בֶּעוִוילִיגְט. 23 אָבֶּער דֶער וָואס צְוֵוייפֶעלְט אִיז
פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוען עֶר עֶסְט, וֵוייל עֶס אִיז נִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען; אוּן אַלֶעס
וָואס אִיז נִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִיז זִינְד.

טו 1 מִיר דֶען וָואס זֶענֶען שְׁטַארְק זֶענֶען מְחוּיָב צוּ לֵיידֶען דִיא שְׁוַואכְהֵייטֶען
פוּן דִיא שְׁוַואכֶע, אוּן נִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעפֶעלֶען. 2 לָאז אִיטְלִיכֶער פוּן אוּנְז
זֵיין גֶעזֶעלֶען אִין גוּטֶען גֶעפֶעלֶען צוּם פֶערְבֶּעסֶערְן. 3 וָוארִין אוֹיךְ מָשִׁיחַ הָאט
נִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעפֶעלֶען, נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא
לֶעסְטֶערוּנְגֶען פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען דִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט זֶענֶען אוֹיף מִיר גֶעפַא־
לֶען. 4 וָוארִין דָאס וָואס אִיז פְרִיהֶער גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אִיז פַאר אוּנְזֶערֶע

11 ישעיה מה׳ כג׳.    3 תהלים סט׳ י׳.

בֶּעלֶעהְרוּנְג גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז מִיר זָאלֶען הָאבֶּען הָאפְנוּנְג דוּרְךְ דֶער גֶעדוּלְד
אוּן דוּרְךְ דֶעם טְרֵייסְט פוּן דִיא שְׁרִיפְטֶען. 5 אוּן מֶעג אֵייךְ דֶער גָאט
פוּן גֶעדוּלְד אוּן טְרֵייסְט גֶעבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט אֵיינֶערְלֵייא גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען נָאךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, 6 כְּדֵי אִיהְר זָאלְט צוּזַאמֶען מִיט אֵיין
מוֹיל לוֹיבֶּען גָאט, דֶעם פָּאטֶער פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר׳ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
7 דְרוּם גֶעמְט אוֹיף אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אַזוֹי וִויא אוֹיךְ מָשִׁיחַ הָאט אוּנְז
אוֹיפְגֶענוּמֶען צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט. 8 וָוארִין אִיךְ זָאג, אַז מָשִׁיחַ אִיז אַ דִינֶער
פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט, כְּדֵי עֶר זָאל
דִיא הַבְטָחוֹת פוּן דִיא אָבוֹת בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען, 9 אוּן אַז דִיא גוֹיִם זָאלֶען גָאט
לוֹיבֶּען פַאר זֵיינֶע גְנָאד, גְלֵייךְ וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶערְסְטְוֶועגֶען וֶועל אִיךְ
דִיךְ לוֹיבֶּען צְוִוישֶׁען דִיא פֶּעלְקֶער, אוּן צוּ דֵיין נָאמֶען וֶועל אִיךְ זִינְגֶען. 10 אוּן
ווִידֶער זָאגְט עֶר, פְרֵייעֶט אֵייךְ, אִיהְר גוֹיִם, מִיט זֵיין פָּאלְק. 11 אוּן ווִידֶער,
פְרֵייזְט דֶעם הַאר׳ן אַלֶע גוֹיִם,
אוּן לָאזְט אִיהְם אַלֶע פֶעלְקֶער לוֹיבֶּען.
12 אוּן ווִידֶער יְשַׁעְיָה זָאגְט,
עֶס וֶועט זֵיין דִיא וָואוּרְצֶעל פוּן יִשַׁי,
אוּן דֶער וֶועלְכֶער אוֹיפְשְׁטֶעהְט צוּ הֶערְשֶׁען אִיבֶּער דִיא גוֹיִם,
אוֹיף אִיהְם וֶועלֶען דִיא גוֹיִם הָאפֶען.
13 אוּן מֶעג דֶער גָאט פוּן הָאפְנוּנְג אֵייךְ דֶערְפִילֶען מִיט אַלֶע פְרֵייד אוּן פְרִידֶען
אִים גְלוֹיבֶּען, כְּדֵי אֵייעֶרֶע הָאפְנוּנְג זָאל פֶערְמֶעהְרְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶער
מַאכְט פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ.
14 אוּן אִיךְ אַלֵיין בִּין אִיבֶּערְצֵייגְט וֶועגֶען אֵייךְ מֵיינֶע בְּרִידֶער, אַז אִיהְר זֶענְט
אוֹיךְ פוּל מִיט גִיטִיגְקֵייט, דֶערְפִילְט מִיט אַלֶערְלֵייא דֶערְקֶענְטְנִיס, אוּן קֶענְט אוֹיךְ
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מַזְהִיר זֵיין. 15 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען צוּם
טְהֵייל מִיט מֶעהְר פְרֵייהֵייט, בְּרִידֶער, אַזוֹי וִויא אִיךְ דֶערְמָאהְן אֵייךְ דוּרְךְ דֶער
גְנָאד וָואס אִיז מִיר פוּן גָאט גֶעגֶעבֶּען, 16 אַז אִיךְ זָאל זֵיין אַ דִינֶער פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ צוּ דִיא גוֹיִם, אִים דִינְסְט פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גָאט, כְּדֵי דֶער
קָרְבָּן פוּן דִיא גוֹיִם זָאל בֶּעוִוילִיגְט וֶוערֶען, אִינְדֶעם עֶס אִיז גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוא־
רֶען אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ. 17 דְרוּם הָאבּ אִיךְ מֵיין רִיהְמֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
וֶועגֶען דִיא זַאכֶען פוּן גָאט. 18 וָוארִין אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען
עֶפֶּעס צוּ רֶעדֶען פוּן דִיא זַאכֶען וָואס מָשִׁיחַ הָאט נִיט דוּרְךְ מִיר גֶעוִוירְקְט
אִין וָוארְט אוּן וֶוערְק כְּדֵי דִיא גוֹיִם גֶעהָארְזַאם צוּ מַאכֶען, 19 דוּרְךְ קְרַאפְט
פוּן צֵייכֶען אוּן וְואוּנְדֶער, דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ; אַזוֹי אַז
אִיךְ הָאבּ דֶערְפִילְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּן אַרוּם בִּיז
אִילִירִיקוּם. 20 אוּן אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶענֶעטִיגְט גֶעוֶועזֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ
פְּרֶעדִיגֶען, נִיט דָארְט ווְאוּ דֶער נָאמֶען פוּן מָשִׁיחַ אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי

9 תהלים יח׳ נ׳.
10 דברים לב׳ מג׳.
11 תהלים קיז׳ א׳.
12 ישעיה יא׳ י׳.

אִיךְ זָאל נִיט בּוֹיעֶן אוֹיף דֶעם גְרוּנְד פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן; 21 גֵייעֶרְט אַזוֹי
וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

צוּ וֶועלְכֶע עֶס אִיז נִיט וֶועגֶען אִיהְם דֶערְצֶעהְלְט גֶעוָוארֶען, דִיא
וֶועלֶען זֶעהֶען,

אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט וֶועלֶען עֶס פֶערְשְׁטֶעהֶען.

22 דְרוּם בִּין אִיךְ אוֹיךְ זֶעהְר גֶעהִינְדֶערְט גֶעוָוארֶען צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען.
23 אָבֶּער אַצוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ נִיט מֶעהְר פְּלַאץ אִין דִיזֶע לֶענְדֶער, אוּן הָאבּ
שׁוֹין פִילֶע יָאהְר פֶערְלַאנְגְט צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, 24 וֶוען אִיךְ וֶועל קֵיין
שְׁפַּאנְיֶען גֶעהֶען; וָוארִין אִיךְ הָאף אֵייךְ צוּ זֶעהֶען וֶוען אִיךְ וֶועל דוּרְכְפָּאהְרֶען,
אוּן פוּן אֵייךְ אַהִין גֶעשִׁיקְט צוּ וֶוערֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ פְרִיהֶער מִיט אֵייךְ
אַבִּיסֶעל זֶעטִיגֶען. 25 אָבֶּער אַצוּנְד גֶעה אִיךְ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, צוּ בֶּעדִינֶען דִיא
הֵיילִיגֶען. 26 וָוארִין עֶס אִיז וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען דִיא פוּן מַקְדוֹנְיָא אוּן אַכַיָא אַז זֵייא
זָאלֶען אַ נְדָבָה מַאכֶען פַאר דִיא אָרְמֶע הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם.
27 וָוארִין עֶס הָאט זֵייא ווְאוֹילְגֶעפֶעלֶען, אוּן זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ זֵייעֶרֶע שׁוּלְדְנֶער;
וָוארִין וֶוען דִיא גוֹיִם הָאבֶּען אַ טְהֵייל גֶענוּמֶען אִין זֵייעֶרֶע גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען,
אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אוֹיךְ מְחוּיָב אִין וֶועלְטְלִיכֶע זַאכֶען זֵייא צוּ בֶּעדִינֶען. 28 דְרוּם
וֶוען אִיךְ וֶועל דָאס עֶנְדִיגֶען, אוּן וֶועל זֵייא דִיזֶע פְרוּכְט פֶערְזִיגֶעלְן, וֶועל אִיךְ
בֵּייא אֵייךְ קֵיין שְׁפַּאנְיֶען דוּרְכְרֵייזֶען. 29 אוּן אִיךְ ווֵייס אַז וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ
אֵייךְ קוּמֶען, וֶועל אִיךְ קוּמֶען מִיט דִיא פוּלֶע בְּרָכָה פוּן מָשִׁיחַ.

30 אוּן אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער, בֵּייא אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּן בֵּייא
דֶער לִיבֶּע פוּן דֶעם גֵייסְט, אִיהְר זָאלְט מִיט מִיר רִינְגֶען אִין אֵייעֶרֶע גֶעבֶּעטֶע
צוּ גָאט פַאר מִיר, 31 כְּדֵי אִיךְ זָאל בֶּעפְרֵייעֶט וֶוערֶען פוּן דִיא אוּנְגֶעהָארְזַאמֶע
אִים לַאנְד יְהוּדָה, אוּן מֵיין דִינְסְט אִין יְרוּשָׁלַיִם זָאל פוּן דִיא הֵיילִיגֶע
בֶּעווִילִיגְט וֶוערֶען, 32 כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ מִיט פְרֵייד קוּמֶען דוּרְךְ דֶעם
ווִילֶען פוּן גָאט, אוּן זָאל מִיךְ מִיט אֵייךְ דֶערְקְווִיקֶען. 33 אוּן דֶער גָאט פוּן
פְרִידֶען זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע. אָמֵן.

טז 1 אִיךְ עֶמְפֶּעהְל צוּ אֵייךְ אוּנְזֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער פֶעבֶּע, וָואס אִיז אַ דִינֶערִין
פוּן דֶער קְהִלָה אִין קֶענְקְרַי, 2 אַז אִיהְר זָאלְט זִיא אוֹיפְנֶעמֶען אִים הַאר'ן ווִיא
עֶס אִיז ווִירְדִיג פַאר דִיא הֵיילִיגֶע, אוּן זָאלְט אִיהְר הֶעלְפֶען אִין וָואסְפַאר אַ
זַאךְ זִיא וֶועט אֵייעֶרְס בֶּעדַארְפֶען; וָוארִין זִיא אִיז אוֹיךְ אַ שְׁטִיצֶע צוּ פִילֶע
גֶעוֶועזֶען, אוּן אוֹיךְ צוּ מִיר אַלֵיין.

3 גְרִיסְט פְּרִיסְקָא אוּן אַקְווִילָא מֵיינֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ;
4 וֶועלְכֶע הָאבֶּען זֵייעֶר אֵייגֶענֶען הַאלְז אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט פַאר מֵיין לֶעבֶּען, צוּ
וֶועלְכֶע נִיט אִיךְ אַלֵיין דַאנְק, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אַלֶע קְהִלוֹת פוּן דִיא גוֹיִם.
5 גְרִיסְט אוֹיךְ דִיא קְהִלָה וָואס אִיז אִין זֵייעֶר הוֹיז. גְרִיסְט עֶפֶּינֶעטוּס מֵיין
גֶעלִיבְּטֶען, וֶועלְכֶער אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן אַסְיָא אִין מָשִׁיחַ. 6 גְרִיסְט
מִרְיָם, וֶועלְכֶע הָאט פִיל גֶעאַרְבֵּייט וֶועגֶען אֵייךְ. 7 גְרִיסְט אַנְדְרוֹנִיקוּס אוּן

21 ישעיה נב׳ טו׳.

יוּנִיאָס מֵיינֶע קְרוֹבִים אוּן מֵיינֶע חֲבֵרִים אִים גֶעפֶענְגְנִיס, וָואס זֶענֶען בֶּעֵ־
רִיהְמְט צְווִישֶׁען דִיא אַפָּאסְטֶעל, אוּן וָואס זֶענֶען אִין מָשִׁיחַ גֶעוֶועזֶען פְרִיהֶער
וִויא אִיךְ. [8] גְרִיסְט אַמְפְּלִיאָטוּס מֵיין גֶעלִיבְּטֶען אִים הַאר'ן. [9] גְרִיסְט אוּרְבַּאנוּס
אוּנְזֶערֶען מִיטְאַרְבֵּייטֶער אִין מָשִׁיחַ, אוּן סְטַאכִים מֵיין גֶעלִיבְּטֶען. [10] גְרִיסְט
אַפֶּעלֶעס דֶעם גֶעפְּרִיפְטֶען אִין מָשִׁיחַ. גְרִיסְט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַרִיסְטוֹבּוּלוּס.
[11] גְרִיסְט הֶערוֹדִיוֹן מֵיין קָרוֹב. גְרִיסְט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן נַארְקִיסוּס, וָואס
זֶענֶען אִים הַאר'ן. [12] גְרִיסְט טְרִיפֵינָא אוּן טְרִיפוֹסָא, וָואס אַרְבֵּייטֶען אִים
הַאר'ן. גְרִיסְט דִיא גֶעלִיבְּטֶע פֶּערְסִיס, וָואס הָאט פִיל גֶעאַרְבֵּייט אִים הַאר'ן.
[13] גְרִיסְט רוּפוּס דֶעם אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶען אִים הַאר'ן, אוּן זֵיינֶע מוּטֶער אוּן
מֵיינֶע. [14] גְרִיסְט אַסִינְקְרִיטוּס, פְלֶעגוֹן, הֶערְמֶעס, פַּאטְרָאבָּאס, הֶערְמַאס, אוּן
דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען מִיט זַייא. [15] גְרִיסְט פִילָאלָאגוּס אוּן יוּלְיָא, נֶערֶעאוּס
אוּן זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּן אָלִימְפַּאס, אוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען מִיט זַייא.
[16] גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אַ הֵיילִיגֶען קִישׁ. אַלֶע דִיא קְהִלּוֹת
פוּן מָשִׁיחַ גְרִיסֶען אֵייךְ.

[17] אוּן אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער, גִיבְּט אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא וָואס מַחֲלוֹקֶת אוּן
שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען מַאכֶען קֶעגֶען דֶער לֶעהְרֶע וָואס אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט, אוּן
פֶערְמֵייד זַייא. [18] וָוארִין אַזֶעלְכֶע דִינֶען נִיט אוּנְזֶערֶען הַאר'ן מָשִׁיחַ, נֵייעֶרְט
זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם בּוֹיךְ, אוּן מִיט גוּטֶע אוּן פֵיינֶע וֶוערְטֶער פֶערְפִיהְרֶען זַייא דִיא
הֶערְצֶער פוּן דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע. [19] וָוארִין אֵייעֶר גֶעהָארְזַאם אִיז צוּ אַלֶע אוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען. דְרוּם פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ וֶועגֶען אֵייךְ, אָבֶּער אִיךְ וִויל אַז אִיהְר זָאלְט
קְלוּג זַיין צוּם גוּטֶען אוּן אוּנְשׁוּלְדִיג צוּם שְׁלֶעכְטֶען. [20] אוּן דֶער גָאט פוּן
פְרִידֶען וֶועט בַּאלְד גֶעשְׁווִינְד דֶעם שָׂטָן אוּנְטֶער אֵייעֶרֶע פִיס צוּטְרֶעטֶען.
דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זַייא מִיט אֵייךְ.

[21] טִימוֹתִיוּס, מֵיין מִיטְאַרְבֵּייטֶער, אוּן לוּקִיוּס אוּן יָסוֹן אוּן סָאסִיפַּאטֶער,
מֵיינֶע קְרוֹבִים גְרִיסֶען אֵייךְ. [22] אִיךְ טֶערְטִיוּס, וָואס הָאבּ דִיזֶען בְּרִיף גֶעשְׁרִי־
בֶּען, גְרִיס אֵייךְ אִים הַאר'ן. [23] גַאיוּס מֵיין ווִירְט, אוּן דֶער ווִירְט פוּן דִיא
גַאנְצֶע קְהִלָּה גְרִיסְט אֵייךְ. עֶרַאסְטוּס דֶער פֶערְוַואלְטֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט
גְרִיסְט אֵייךְ, אוּן קְוַוארְטוּס דֶער בְּרוּדֶער.

[25] נוּן צוּ אִיהְם דֶער קֶען אֵייךְ שְׁטַארְק מַאכֶען נָאךְ מֵיינֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
אוּן דָאס פְּרֶעדִיגֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, נָאךְ דֶעם אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן דֶעם סוֹד וָואס
אִיז פֶערְבָּארְגֶען גֶעוֶוען פוּן עֶבִּיגֶע צֵייטֶען, [26] אָבֶּער אִיז אַצוּנְד עֶפֶענְטְלִיךְ
בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט, אוּן אִיז דוּרְךְ דִיא שְׁרִיפְטֶען פוּן דִיא נְבִיאִים צוּ אַלֶע פֶעלְ־
קֶער צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען צוּם גֶעהָארְזַאם פוּן גְלוֹיבֶּען, נָאךְ דֶעם
גֶעבָּאט פוּן דֶעם עֶבִּיגֶען גָאט, [27] דֶעם אֵיינְצִיגֶען ווֵייזֶען גָאט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ צוּ דֶעם זָאל זַיין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט. אָמֵן.

---

[24] דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זַייא מִיט אֵייךְ אַלֶע. אָמֵן.

# דֶער עֶרְשְׁטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא קָארִינְטֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אַ גֶערוּפֶענֶער אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן
גָאט, אוּן דֶער בְּרוּדֶער סָאסְטֶענֶעס, 2 צוּ דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט וָואס אִיז אִין
קָארִינְט, גֶעהֵיילִיגְטֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, גֶערוּפֶענֶע הֵיילִיגֶע, מִיט אַלֶע וָואס
אִין אִיטְלִיכֶען אָרְט רוּפֶען אָן דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
זֵייעֶר אוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן; 3 גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט
אוּנְזֶערֶען פָאטֶער אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

4 אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט אַלֶע צֵייט וֶועגֶען אֵייךְ, פַאר דִיא גְנָאד פוּן גָאט וָואס
אִיז אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, 5 אַז אִיהְר זֶענְט אִין אַלֶעם רֵייךְ גֶעמַאכְט
אִין אִיהְם, אִין יֶעדֶעם וָוארְט אוּן אִין יֶעדֶער דֶערְקֶענְטְנִיס, 6 גְלֵייךְ וִויא
דָאס צֵייגְנִיס פוּן דֶעם מָשִׁיחַ אִיז אִין אֵייךְ פֶעסְט גֶעוָוארֶען; 7 אַזוֹי אַז עֶס
פֶעהְלְט אֵייךְ נִיט קֵיינֶע גְרֶערִיגֶע מַתָּנָה, אִינְדֶעם אִיהְר ווַארְטֶעט אוֹיף דֶער
אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; 8 וֶועלְכֶער וֶועט אֵייךְ אוֹיךְ
בֶּעפֶעסְטִיגֶען בִּיז צוּם עֶנְד, אַז אִיהְר זָאלְט אוּנְשׁוּלְדִיג זַיין אִים טָאג פוּן אוּנְ־
זֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 9 גָאט אִיז גֶעטְרֵייא, דוּרְךְ וֶועלְכֶעם אִיהְר זֶענְט
גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶער גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן זֵיינֶעם זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶעם
הַאר'ן.

10 נוּן בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, בְּרִידֶער, דוּרְךְ דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט אַלֶע אֵיינֶערְלֵייא רֶעד הָאבֶּען, אוּן אַז עֶס זָאל נִיט
זַיין קֵיינֶע אַפְּטְהֵיילוּנְגֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט לִיבֶער אִים דָאזִיגֶען זִין
אוּן אִין דִיא דָאזִיגֶע מֵיינוּנְג פָאלְקָאמֶען זַיין. 11 וָוארִין אִיךְ בִּין וֶועגֶען אֵייךְ
גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, מֵיינֶע בְּרִידֶער, דוּרְךְ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן כְּלוֹאָה, אַז עֶס
אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ קְרִיגֶערֵייא. 12 נוּן דָאס זָאג אִיךְ, אַז יֶעדֶער פוּן אֵייךְ
זָאגְט, אִיךְ בִּין פוּן פּוֹלוֹס, אוּן אִיךְ פוּן אַפָּאלָאס, אוּן אִיךְ פוּן כֵּיפָא, אוּן אִיךְ
פוּן מָשִׁיחַ. 13 אִיז מָשִׁיחַ צוּטְהֵיילְט גֶעוָוארֶען? אִיז פּוֹלוֹס פַאר אֵייךְ גֶעקְרֵיי־
צִיגְט גֶעוָוארֶען, אָדֶער זֶענְט אִיהְר אִים נָאמֶען פוּן פּוֹלוֹס גֶעטוּבֶלְט גֶעוָוארֶען?
14 אִיךְ דַאנְק גָאט אַז אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ נִיט גֶעטוּבֶלְט, אוֹיסֶער
קְרִיסְפּוּס אוּן גַאיוּס; 15 כְּדֵי קֵיינֶער זָאל נִיט זָאגֶען אַז אִיךְ הָאבּ אִין מֵיין
נָאמֶען גֶעטוּבֶלְט. 16 אוּן אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן סְטֶעפַאנוּס
גֶעטוּבֶלְט; ווַייטֶער ווֵייס אִיךְ נִיט אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ נָאךְ אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעטוּבֶלְט.
17 וָוארִין מָשִׁיחַ הָאט מִיךְ נִיט גֶעשִׁיקְט צוּ טוּבֶלְן, נֵייעֶרְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
צוּ פְּרֶערִיגֶען, נִיט מִיט קְלוּגֶע רֶעד, כְּדֵי דָאס קְרֵייץ פוּן מָשִׁיחַ זָאל נִיט אָהְן
קְרַאפְט וֶוערֶען.

18 וָוארִין דָאס וָוארְט פוּן דֶעם קְרֵייץ אִיז נַארִישְׁקֵייט צוּ דִיא וָואס וֶוערֶען
פֶערְלוירֶען, אָבֶּער צוּ אוּנְז וָואס וֶוערֶען גֶערֶעטֶעט אִיז עֶס דִיא מַאכְט פוּן
גָאט. 19 וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

אִיךְ וֶועל דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיא קְלוּגֶע צוּשְׁטֶערֶען,
אוּן דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד פוּן דִיא פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע וֶועל אִיךְ פֶערְוַוארְפֶען.

20 וְואוּ אִיז דֶער חָכָם? וְואוּ אִיז דֶער סוֹפֵר? וְואוּ אִיז דֶער שְׁטְרֵייטֶער פוּן
דִיזֶער וֶועלְט? הָאט נִיט גָאט נַארִישׁ גֶעמַאכְט דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיזֶער
וֶועלְט? 21 וָוארִין וַוייל אִין דֶער קְלוּגְהֵייט פוּן גָאט הָאט דִיא וֶועלְט דוּרְךְ
אִיהְרֶע קְלוּגְהֵייט נִיט גָאט גֶעקֶענְט, אִיז עֶס גָאט גֶעפֶעלֶען דוּרְךְ דֶער נַארִישְׁ-
קֵייט פוּן דֶעם פְּרֶעדִיגֶען זָאל עֶר רֶעטֶען דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען. 22 וָוארִין דִיא
יוּדֶען פֶערְלַאנְגֶען צֵייכֶען, אוּן דִיא גְרֶעקֶען זוּכֶען קְלוּגְהֵייט; 23 אָבֶּער מִיר
פְּרֶעדִיגֶען מָשִׁיחַ דֶעם גֶעקְרֵייצִיגְטֶען, צוּ דִיא יוּדֶען אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אוּן צוּ דִיא
גְרֶעקֶען נַארִישְׁקֵייט, 24 אָבֶּער צוּ דִיא וָואס זֶענֶען גֶערוּפֶען, יוּדֶען אוּן גְרֶעקֶען,
פְּרֶעדִיגֶען מִיר מָשִׁיחַ דִיא מַאכְט פוּן גָאט אוּן דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן גָאט.
25 וָוארִין דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן גָאט אִיז קְלוּגֶער וִויא דִיא מֶענְשֶׁען, אוּן דִיא
שְׁוַואכְהֵייט פוּן גָאט אִיז שְׁטַארְקֶער וִויא דִיא מֶענְשֶׁען.
26 וָוארִין זֶעהְט אִיהְר אֵייעֶרֶע רוּפוּנְג, בְּרִידֶער, אַז נִיט פִילֶע קְלוּגֶע נָאךְ
דֶעם פְלֵיישׁ, נִיט פִילֶע מֶעכְטִיגֶע, נִיט פִילֶע עֶדְלֶע זֶענֶען גֶערוּפֶען; 27 נֵייעֶרְט
גָאט הָאט דִיא נַארִישֶׁע זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, כְּדֵי עֶר זָאל
דִיא קְלוּגֶע פֶערְשֶׁעהְמֶען, אוּן דִיא שְׁוַואכֶע זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט הָאט גָאט
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, כְּדֵי עֶר זָאל דִיא שְׁטַארְקֶע פֶערְשֶׁעהְמֶען, 28 אוּן דִיא נִיט
עֶדְלֶע זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, אוּן דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְאַכְטֶעט הָאט גָאט
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען נִיט דָא, כְּדֵי עֶר זָאל דִיא וָואס זֶענֶען
צוּשְׁטֶערֶען, 29 אַז קֵיין פְלֵיישׁ זָאל זִיךְ פָאר גָאט בֶּערִיהְמֶען. 30 אָבֶּער פוּן
אִיהְם זֶענְט אִיהְר אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער אִיז צוּ אוּנְז חָכְמָה פוּן גָאט
גֶעוָוארֶען, אוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן הֵיילִיגְקֵייט אוּן אוֹיסְלֶעזוּנְג; 31 כְּדֵי עֶס זָאל
זַיין אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער וָואס רִיהְמְט זִיךְ לָאז עֶר זִיךְ רִיהְ-
מֶען אִים הַאר'ן.

ב 1 אוּן וֶוען אִיךְ בִּין צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען, בְּרִידֶער, בִּין אִיךְ נִיט מִיט פֵיינֶע
רֶעד אָדֶער קְלוּגְהֵייט גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבּ צוּ אֵייךְ דֶעם סוֹד פוּן גָאט בֶּעוִויזֶען.
2 וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיר פָארְגֶענוּמֶען אַז אִיךְ זָאל צְוִוישֶׁען אֵייךְ קֵיינֶע אַנְדֶערֶע
זַאךְ נִיט וִויסֶען, אוֹיסֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּן אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט. 3 אוּן אִיךְ
בִּין בַּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען אִין שְׁוַואכְהֵייט אוּן אִין פָארְכְט אוּן אִין גְרוֹיסֶער צִיטֶערְנִיס.
4 אוּן מֵיין רֶעד אוּן מֵיין פְּרֶעדִיגֶען זֶענֶען נִיט מִיט אִיבֶּערְרֶעדֶענְדִיגֶע וֶוערְ-
טֶער גֶעוֶועזֶען פוּן מֶענְשְׁלִיכֶע קְלוּגְהֵייט, נֵייעֶרְט מִיט בֶּעוַוייז פוּן דֶעם גֵייסְט אוּן
פוּן דֶער מַאכְט, 5 כְּדֵי אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען זָאל נִיט זַיין אִין דֶער קְלוּגְהֵייט פוּן
מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט אִין דֶער מַאכְט פוּן גָאט.

19 ישעיה כט׳ יד׳, 31 ירמיה ט׳ כג׳,

6 אָבֶער מִיר רֶעדֶען קְלוּגְהַייט צְווִישֶׁען דִיא פָאלְקָאמֶענֶע, דָאךְ נִיט דִיא
קְלוּגְהַייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אוּן נִיט פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט וָואס
וֶוערֶען צוּ גָאר נִיט; 7 נֵייעֶרְט מִיר רֶעדֶען דִיא קְלוּגְהַייט פוּן גָאט אִין אַ סוֹד,
דִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע קְלוּגְהַייט וָואס גָאט הָאט פוּן עֶבִּיג אָן צוּ אוּנְזֶערֶע הֶערְ־
לִיכְקֵייט גֶעשְׁטֶעלְט. 8 וָואס קֵיינֶער פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט הָאט
נִיט גֶעקֶענְט; וָוארִין וֶוען זֵייא וָואלְטֶען עֶס גֶעקֶענְט, וָואלְטֶען זֵייא נִיט דֶעם
הַאר'ן פוּן הֶערְלִיכְקֵייט גֶעקְרֵייצִיגְט. 9 אָבֶּער אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

דָאס אוֹיג הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען אוּן דָאס אוֹיעֶר הָאט נִיט גֶעהֶערְט,
אוּן עֶס אִיז נִיט אִים הַארְץ פוּן מֶענְשֶׁען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
וָואס גָאט הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דִיא וֶועלְכֶע לִיבֶּען אִיהְם.

10 וָוארִין גָאט הָאט עֶס צוּ אוּנְז דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אַנְטְפְּלֶעקְט; וָוארִין דֶער
גֵייסְט פָארְשְׁט אַלֶעס, אוֹיךְ דִיא טִיפֶע זַאכֶען פוּן גָאט. 11 וָוארִין וֶוער פוּן
מֶענְשֶׁען וֵוייסְט דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען, אוֹיסֶער דֶער גֵייסְט פוּן דֶעם
מֶענְשֶׁען וָואס אִיז אִין אִיהְם; אַזוֹי וֵוייסְט אוֹיךְ קֵיינֶער דִיא זַאכֶען פוּן גָאט,
נֵייעֶרְט דֶער גֵייסְט פוּן גָאט. 12 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען נִיט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶער
וֶועלְט דֶערְהַאלְטֶען, נֵייעֶרְט דֶעם גֵייסְט וָואס אִיז פוּן גָאט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען וִויסֶען
וָואס אִיז אוּנְז גְנֶעדִיגְלִיךְ גֶעשֶׁענְקְט פוּן גָאט; 13 אוּן דִיזֶע זַאכֶען רֶעדֶען מִיר
אוֹיךְ נִיט מִיט וֶוערְטֶער אִין לֶעהְרֶען פוּן מֶענְשְׁלִיכֶע קְלוּגְהַייט, נֵייעֶרְט אִין לֶעהְ־
רֶען פוּן דֶעם גֵייסְט, אוּן מִיר פֶערְגְלֵייכֶען גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען מִיט גֵייסְטְלִיכֶע.
14 אָבֶּער דֶער נַאטִירְלִיכֶע מֶענְשׁ נֶעמְט נִיט אָן דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם גֵייסְט
פוּן גָאט; וָוארִין זֵייא זֶענֶען נַארִישְׁקֵייט צוּ אִיהְם, אוּן עֶר קֶען זֵייא נִיט וִוי־
סֶען, וֵוייל זֵייא זֶענֶען גֵייסְטְלִיךְ גֶערִיכְטֶעט. 15 אָבֶּער דֶער גֵייסְטְלִיכֶע מֶענְשׁ
רִיכְטֶעט אַלֶע זַאכֶען, אָבֶּער עֶר אַלֵיין אִיז פוּן קֵיינֶעם נִיט גֶערִיכְטֶעט.
16 וָוארִין וֶוער הָאט גֶעקֶענְט דֶעם זִין פוּן דֶעם הַאר'ן, אַז עֶר זָאל אִיהְם
בֶּעלֶעהְרֶען? אָבֶּער מִיר הָאבֶּען דֶעם זִין פוּן מָשִׁיחַ.

ג 1 אוּן אִיךְ, בְּרִידֶער, הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט צוּ אֵייךְ רֶעדֶען וִויא צוּ גֵייסְטְלִיכֶע
לֵייט, נֵייעֶרְט וִויא צוּ פְלֵיישְׁלִיכֶע, וִויא קְלֵיינֶע קִינְדֶער אִין מָשִׁיחַ. 2 אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען מִילְךְ צוּ טְרִינְקֶען, אוּן נִיט שְׁטַארְקֶע שְׁפֵּייז; וָוארִין אִיהְר הָאט
עֶס נָאךְ נִיט גֶעקֶענְט פֶערְטְרָאגֶען; אוּן אוֹיךְ נָאךְ נִיט אַצוּנְד קֶענְט אִיהְר,
3 וָוארִין אִיהְר זֶענְט נָאךְ פְלֵיישְׁלִיךְ. וָוארִין וְואוּ עֶס אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ קִנְאָה
אוּן קְרִיגֶערֵייא, זֶענְט אִיהְר נִיט פְלֵיישְׁלִיךְ, אוּן וַואנְדֶעלְט נָאךְ דֶעם מִנְהַג פוּן
מֶענְשֶׁען? 4 וָוארִין וֶוען אֵיינֶער זָאגְט, אִיךְ בִּין פוּן פּוֹלוֹס, אוּן אֵיין אַנְדֶער־
רֶער, אִיךְ פוּן אַפָּאלָאס, זֶענְט אִיהְר נִיט מֶענְשֶׁען? 5 וָואס דֶען אִיז אַפָּאלָאס?
אוּן וָואס אִיז פּוֹלוֹס? דִינֶער דוּרְךְ וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַזוֹי וִויא דֶער
הַאר הָאט אוֹיךְ צוּ אִיטְלִיכֶעם גֶעגֶעבֶּען. 6 אִיךְ הָאבּ גֶעפְּלַאנְצְט, אַפָּאלָאס הָאט
בֶּעגָאסֶען, אָבֶּער גָאט הָאט עֶס גֶעלָאזְט וַואקְסֶען. 7 דְרוּם נִיט דֶער וָואס
פְּלַאנְצְט אִיז עֶפֶּעס, אוּן נִיט דֶער וָואס בֶּעגִיסְט, נֵייעֶרְט גָאט דֶער לָאזְט עֶס

9 ישעיה סד׳ ג׳, 16 ישעיה מ׳ יג׳,

וואַקסְען. 8דֶער וָואס פְּלַאנְצְט און דֶער וָואס בֶּעגִיסְט זֶענֶען אֵיינְס, און
אִיטְלִיכֶער וֶועט זַיין אֵייגֶענֶען לוין דֶערְהַאלְטֶען נָאךְ זַיינֶע אֵייגֶענֶע אַרְבֵּייט.
9וָוארִין מִיר זֶענֶען מִיטְאַרְבֵּייטֶער פוּן גָאט; אִיהְר זֶענְט גָאטֶעס אַקֶער, גָאטֶעס
גֶעבֵּיידֶע.

10נָאךְ דֶער גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ וִויא אַ קְלוּ־
גֶער בּוימֵייסְטֶער דֶעם גְרוּנְד גֶעלֶעגְט, און אֵיין אַנְדֶערֶער בּויעֶט דְרויף;
אָבֶּער לָאז אִיטְלִיכֶער אַכְטוּנְג גֶעבֶּען וִויא עֶר בּויעֶט דְרויף. 11וָוארִין קֵיין
אַנְדֶערֶען גְרוּנְד קֶען קֵיינֶער נִיט לֶעגֶען אויסֶער דֶעם וָואס אִיז גֶעלֶעגְט, וָואס
אִיז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 12נוּן וֶוען אֵיימִיצֶער בּויעֶט אויף דֶעם גְרוּנְד גָאלְד, זִילְבֶּער,
טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, הָאלְץ, הֵייא, שְׁטְרויא, 13פוּן אִיטְלִיכֶען וֶועט דָאס וֶוערְק
אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען; וָוארִין דֶער טָאג וֶועט עֶס קְלָאר מַאכֶען, וָוארִין עֶס וֶועט
אִין פֵייעֶר אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערְען; און דָאס פֵייעֶר אַלֵיין וֶועט דָאס וֶוערְק פוּן
אִיטְלִיכֶען פְּרִיפֶען וִויא עֶס אִיז. 14וֶוען דָאס וֶוערְק פוּן אֵיימִיצֶען וָואס עֶר
הָאט דְרויף גֶעבּויעֶט וֶועט בְּלֵייבֶּען, וֶועט עֶר אַ לוין דֶערְהַאלְטֶען; 15וֶוען
דָאס וֶוערְק פוּן אֵיימִיצֶען וֶועט פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען, וֶועט עֶר שָׁאדֶען לֵיידֶען,
אָבֶּער עֶר אַלֵיין וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, דָאךְ אַזוֹי וִויא דוּרְךְ פֵייעֶר.

16ווייסְט אִיהְר נִיט אַז אִיהְר זֶענְט אַ טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט, און דֶער גֵייסְט
פוּן גָאט וְואוינְט אִין אֵייךְ? 17וֶוען אֵיימִיצֶער דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט פֶערְ־
דַארְבְּט וֶועט אִיהְם גָאט פֶערְדַארְבֶּען; וָוארִין דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט אִיז
הֵיילִיג, און דָאס זֶענְט אִיהְר.

18לָאז זִיךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעטְרִיגֶען; וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ דֶענְקְט אַז עֶר אִיז
קְלוּג אִין דִיזֶער וֶועלְט, לָאז עֶר אַ נַאר וֶוערֶען, כְּדֵי עֶר זָאל קְלוּג וֶוערֶען.
19וָוארִין דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט אִיז נַארִישְׁקֵייט בֵּייא גָאט. וָוארִין
עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר פַאנְגְט דִיא קְלוּגֶע אִין זֵייעֶרֶע לִיסְט. 20און
וִוידֶער, דֶער הַאר ווייסְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא קְלוּגֶע, אַז זֵייא זֶענֶען
אֵייטֶעל. 21אַזוֹי דֶען לָאז זִיךְ קֵיינֶער נִיט רִיהְמֶען אִין מֶענְשֶׁען; וָוארִין אַלֶע
זַאכֶען זֶענֶען אֵייעֶרְס, 22אוֹיבּ עֶס אִיז פּוֹלוֹס, אָדֶער אַפָּאלָאס, אָדֶער כֵּיפָא,
אָדֶער דִיא וֶועלְט, אָדֶער לֶעבֶּען, אָדֶער טוֹיט, אָדֶער אִיצְטִיגֶע זַאכֶען, אָדֶער
קוּמֶענְדִיגֶע זַאכֶען, אַלֶעס אִיז אֵייעֶרְס, 23און אִיהְר זֶענְט צוּ מָשִׁיחַ, און מָשִׁיחַ
אִיז גָאטֶעס.

ד 1לָאז אַ מֶענְשׁ אוּנְז אַזוֹי הַאלְטֶען, וִויא דִיא דִינֶער פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, און
פֶערְוַואלְטֶער פוּן דִיא סוֹדוֹת פוּן גָאט. 2נוּן ווייטֶער מֶען פָארְדֶערְט אִין
פֶערְוַואלְטֶער, אַז אַ מַאן זָאל גֶעטְרֵייא גֶעפִינֶען וֶוערֶען. 3אָבֶּער מִיר אִיז
עֶס אַ קְלֵיינִיגְקֵייט אַז אִיךְ זָאל פוּן אֵייךְ גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען, אָדֶער פוּן אַ
מֶענְשְׁלִיכֶע מֵיינוּנְג; אִיךְ רִיכְטֶע מִיךְ אַפִּילוּ אַלֵיין נִיט. 4וָוארִין אִיךְ ווייס גָאר
נִיט קֶעגֶען מִיר אַלֵיין, אָבֶּער אִין דִיזֶעם בִּין אִיךְ נִיט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט; אָבֶּער
דֶער וֶועלְכֶער רִיכְטֶעט מִיךְ אִיז דֶער הַאר. 5דְרוּם זָאלְט אִיהְר נִיט קֵיין זַאךְ

19 איוב ה׳ יג׳, 20 תהלים צד׳ יא׳,

רִיכְטֶען פָאר דֶער צַייט, בִּיז דֶער הַאר וֶועט קוּמֶען, דֶער וֶועט אוֹיךְ צוּם
לִיכְט בְּרֶענְגֶען וָואס אִיז אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִים פֶערְבָּארְגֶען, אוּן וֶועט דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא הֶערְצֶער אַנְטְפְּלֶעקֶען; אוּן דַאן וֶועט אִיטְלִיכֶער לוֹיבּ
הָאבֶּען פוּן גָאט.
6 אוּן דִיזֶע זַאכֶען, בְּרִידֶער, הָאבּ אִיךְ אִין אַ מָשָׁל אוֹיף מִיר אוּן אַפָּאלָאס
אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען פוּן אֵייעֶרְעטְוֶועגֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אִין אוּנְז דָאס לֶערְנֶען
נִיט וַוייטֶער וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען; כְּדֵי קֵיינֶער זָאל זִיךְ גְרוֹיס הַאלְטֶען
אֵיינֶער פוּן וֶועגֶען דֶעם אֵיינֶעם קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען. 7 וָוארִין וֶוער הָאט דִיךְ
אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען? אוּן וָואס הָאסְט דוּא וָואס הָאסְט נִיט
בֶּעקוּמֶען? אָבֶּער וֶוען דוּא הָאסְט עֶס בֶּעקוּמֶען, וָוארוּם רִיהְמְסְט דוּא דִיךְ
אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט עֶס נִיט בֶּעקוּמֶען? 8 אִיהְר זֶענְט שׁוֹין זַאט גֶעוָוארֶען;
אִיהְר זֶענְט שׁוֹין רֵייךְ גֶעוָוארֶען; אִיהְר הָאט אָהְן אוּנְז גֶעהֶערְשְׁט; אוּן הַלְוַאי
וָואלְט אִיהְר גֶעהֶערְשְׁט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אֵייךְ הֶערְשֶׁען. 9 וָוארִין
אִיךְ דֶענְק אַז גָאט הָאט אוּנְז, דִיא אַפָּאסְטֶעל, דִיא לֶעצְטֶע אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט
וִויא צוּם טוֹיט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען; וָוארִין מִיר זֶענֶען צוּם אָנְזֶעהֶען גֶעוָוארֶען צוּ
דֶער וֶועלְט אוּן צוּ מַלְאָכִים אוּן צוּ מֶענְשֶׁען. 10 מִיר זֶענֶען נַארֶען וֶועגֶען
מָשִׁיחַ, אָבֶּער אִיהְר זֶענְט קְלוּג אִין מָשִׁיחַ; מִיר זֶענֶען שְׁוַואךְ, אָבֶּער אִיהְר
זֶענְט שְׁטַארְק; אִיהְר זֶענְט גֶעעֶהְרְט, אָבֶּער מִיר זֶענֶען פֶערְאַכְטֶעט. 11 בִּיז
צוּ דִיזֶער שָׁעָה לֵיידֶען מִיר הוּנְגֶער אוּן דוּרְשְׁט, אוּן זֶענֶען נַאקֶט, אוּן וֶוערֶען
מִיט דֶער פוֹיסְט גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן זֶענֶען נָע וָנָד, 12 אוּן מִיר הָארֶעוֶוען אוּן
אַרְבֵּייטֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד; וֶוען מִיר וֶוערֶען גֶעשָׁאלְטֶען מִיר
בֶּענְשֶׁען, וֶוען מִיר וֶוערֶען פֶערְפָאלְגְט לֵיידֶען מִיר עֶס, 13 וֶוען מִיר וֶוערֶען
גֶעלֶעסְטֶערְט בֶּעטֶען מִיר; מִיר זֶענֶען וִויא דֶער אוֹיסְוָוארְף פוּן דֶער וֶועלְט
גֶעוָוארֶען, דָאס מִיסְט פוּן אַלֶע בִּיז אַצוּנְד.
14 אִיךְ שְׁרֵייבּ נִיט דִיזֶע זַאכֶען אוּם אֵייךְ צוּ פֶערְשֶׁעהְמֶען, נֵייעֶרְט וִויא מֵיינֶע
גֶעלִיבְּטֶע קִינְדֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ מוּסָר. 15 וָוארִין וֶוען אִיהְר הָאט אוֹיךְ צֶעהְן
טוֹיזֶענְד לֶעהְרֶער אִין מָשִׁיחַ, הָאט אִיהְר דָאךְ נִיט פִילֶע פֶּעטֶער; וָוארִין אִין
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעבּוֹירֶען דוּרְךְ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. 16 דְרוּם
בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, זַייט מֵיינֶע נָאכְפָאלְגֶער.
17 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ טִימוֹתִיוֹס גֶעשִׁיקְט, דֶער אִיז מֵיין גֶעלִיבְּ-
טֶער אוּן גֶעטְרֵייעֶר זוּהְן אִים הַאר'ן, וֶועלְכֶער וֶועט אֵייךְ דֶערְמָאהְנֶען אָן מֵיינֶע
וֶועגֶען אִין מָשִׁיחַ, אַזוֹי וִויא אִיךְ לֶעהְר אִין אַלֶע עֶרְטֶער אוּן אִין אַלֶע קְהִילוֹת.
18 נוּן עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען אַזוֹי וִויא אִיךְ וָואלְט נִיט צוּ אֵייךְ קוּמֶען.
19 אָבֶּער אִיךְ וֶועל אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם גֶעשְׁוִוינְד צוּ אֵייךְ קוּמֶען, אוּן אִיךְ וֶועל
וִויסֶען, נִיט דִיא רֶעד פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, נֵייעֶרְט דִיא מַאכְט;
20 וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז נִיט אִין רֶעד, נֵייעֶרְט אִין מַאכְט.
21 וָואס וִוילְט אִיהְר? זָאל אִיךְ צוּ אֵייךְ קוּמֶען מִיט אַ רוּט, אָדֶער מִיט לִיבֶּע
אוּן מִיט דֶעם גֵייסְט פוּן זַאנְפְטְמִיטִיגְקֵייט?

ה 1מֶען הֶערְט אוּמֶעטוּם אַז עֶס אִיז זְנוּת צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּן אַזֶעלְכֶע זְנוּת
וָואס אִיז אַפִּילוּ נִיט צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם דֶערְהֶערְט, אַז אֵיינֶער הָאט זַיין
פָאטֶערְס וַוייבּ. 2אוּן אִיהְר זֶענְט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, אוּן הָאט נִיט לִיבֶּער גֶע־
טְרוֹיעֶרְט, כְּדֵי דֶער וָואס הָאט דִיזֶע זַאךְ גֶעטְהוּן זָאל פוּן צְוִוישֶׁען אֵייךְ
אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען. 3וָוארִין אִיךְ, וָואס אִיךְ בִּין אִים לֵייבּ וַוייט פוּן אֵייךְ
אָבֶּער מִיט אֵייךְ אִים גֵייסְט, הָאבּ שׁוֹין גֶעמִשְׁפָּט גְלֵייךְ וִויא אִיךְ וָואלְט בֵּייא
אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט דִיזֶע זַאךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן, 4אִים נָאמֶען
פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ, וֶוען אִיהְר זֶענְט פֶערְזַאמֶעלְט מִיט מֵיין גֵייסְט
אוּן מִיט דֶער מַאכְט פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ, 5אַז אִיהְר זָאלְט אַזֶעלְכֶען צוּם
שָׂטָן אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם פֶערְדַארְבֶּען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, כְּדֵי דֶער גֵייסְט זָאל
גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען אִים טָאג פוּן דֶעם הַאר'ן. 6אֵייעֶר בַּארִיהְמֶען אִיז נִיט גוּט.
וַוייסְט אִיהְר נִיט אַז אַ קְלֵיינֶעס שְׁטִיקֶעל זוֹיעֶרְטֵייג מַאכְט זוֹיעֶר דֶעם גַאנְצֶען
טֵייג? 7דְרוּם רֵיינִיגְט אוֹיס דֶעם אַלְטֶען זוֹיעֶרְטֵייג, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זַיין אַ
נֵייעֶר טֵייג אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶענְט אוּנְגֶעזוֹיעֶרְט. וָוארִין מָשִׁיחַ אוּנְזֶער קָרְבָּן
פֶּסַח אִיז פַאר אוּנְז אוֹיךְ גֶעאָפְּפֶערְט גֶעוָוארֶען. 8דְרוּם לָאזֶען מִיר דָאס
פֶעסְט הַאלְטֶען, נִיט מִיט דֶעם אַלְטֶען זוֹיעֶרְטֵייג, אוּן אוֹיךְ נִיט מִיט דֶעם
זוֹיעֶרְטֵייג פוּן שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אוּן אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט, נֵייעֶרְט מִיט דֶעם אוּנְגֶע־
זוֹיעֶרְטֶען בְּרוֹיט פוּן לוֹיטֶערְקֵייט אוּן וָואהְרְהֵייט.
9אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אִין דֶעם בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט קֵיינֶע גֶעמֵיינְ־
שַׁאפְט מִיט נוֹאֲפִים נִיט הָאבֶּען; 10דָאךְ נִיט אִים גַאנְצֶען מִיט דִיא נוֹאֲפִים
פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אָדֶער מִיט דִיא גֵייצִיגֶע אוּן רוֹיבֶּער אוּן גֶעצֶענְדִינֶער, וָוארִין
אוֹיף דֶעם אוֹפָן מוּזְט אִיהְר פוּן דֶער וֶועלְט אַרוֹיסְגֶעהֶען. 11אָבֶּער אַצוּנְד
הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט קֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט נִיט הָאבֶּען,
וֶוען אַ בְּרוּדֶער וֶועט גֶערוּפֶען אַ נוֹאֵף, אָדֶער אַ גֵייצִיגֶער, אָדֶער אַ גֶעצֶענְדִי־
נֶער, אָדֶער אַ לֶעסְטֶערֶער, אָדֶער אַ זוֹיפֶער, אָדֶער אַ רוֹיבֶּער; מִיט אַזֶעלְכֶע
זָאלְט אִיהְר אַפִּילוּ נִיט עֶסֶען. 12וָוארִין וָואס הָאבּ אִיךְ נָאךְ צוּ רִיכְטֶען דִיא
וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען? רִיכְטֶעט אִיהְר דֶען נִיט דִיא וָואס זֶענֶען פוּן
דְרִינֶען? 13אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען רִיכְטֶעט גָאט. דְרוּם רוֹימְט
אוֹיס פוּן צְוִוישֶׁען אֵייךְ דֶעם שְׁלֶעכְטֶען.
ו 1קֶען זִיךְ אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועלְכֶער הָאט עֶפֶּעס אַ זַאךְ קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶער־
רֶען אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען אַז עֶר זָאל צוּם גֶערִיכְט גֶעהֶען בֵּייא דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע
אוּן נִיט בֵּייא דִיא הֵיילִיגֶע? 2אָדֶער וַוייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא הֵיילִיגֶע
וֶועלֶען דִיא וֶועלְט רִיכְטֶען? אוּן וֶוען דִיא וֶועלְט וֶועט פוּן אֵייךְ גֶערִיכְטֶעט
וֶוערֶען, זֶענְט אִיהְר נִיט וֶוערְט צוּ רִיכְטֶען דִיא קְלֵיינְסְטֶע זַאכֶען? 3וַוייסְט
אִיהְר נִיט אַז מִיר וֶועלֶען מַלְאָכִים רִיכְטֶען? וִויא פִיל מֶעהְר דִיא זַאכֶען
פוּן דֶעם לֶעבֶּען. 4אַזוֹי דֶען וֶוען אִיהְר הָאט מִשְׁפָּטִים וֶועגֶען זַאכֶען פוּן
דֶעם לֶעבֶּען, וִויא אַזוֹי זֶעצְט אִיהְר דִיא וָואס זֶענֶען צוּם וֶועניגְסְטֶען אָנְגֶע־
זֶעהֶען אִין דֶער קְהִלָּה אַז זֵייא זָאלֶען רִיכְטֶען? 5אִיךְ זָאג דָאס צוּ אֵייעֶרֶע

שַׁאנְד. אִיז דֶען נִיט פַאַרְהַאנֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ אֵיין קְלוּגֶער, וָואס זָאל
קֶענֶען רִיכְטֶען צְווִישֶׁען זַיינֶע בְּרִידֶער? 6 גֵייעֶרְט אַ בְּרוּדֶער קְרִיגְט זִיךְ מִיט
אַ בְּרוּדֶער, אוּן דָאס פָאר אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע. 7 אַזוֹי דֶען עֶס אִיז שׁוֹין אִים גַאנְצֶען
אַ פֶעהְלֶער אִין אֵייךְ, אַז אִיהְר הָאט מִשְׁפָּטִים צְווִישֶׁען אֵייךְ. וָוארוּם טְהוּט
אִיהְר נִיט לִיבֶּער אוּנְרֶעכְט לֵיידֶען? וָוארוּם לָאזְט אִיהְר אֵייךְ נִיט לִיבֶּער
בֶּערוֹיבֶּען? 8 אָבֶּער אִיהְר טְהוּט אוּנְרֶעכְט אוּן בֶּערוֹיבְּט, אוּן דָאס צוּ בְּרִי־
דֶער. 9 אָדֶער וֵוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע וֶועלֶען נִיט דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט יַרְשֶׁענֶען? לָאזְט אֵייךְ נִיט פֶערְפִיהְרֶען. קֵיינֶע זוֹנִים, אוּן
קֵיינֶע גֶעצֶענְדִינֶער, אוּן קֵיינֶע נוֹאַפִים, אוּן קֵיינֶע וֵוייבִּישֶׁע, אוּן קֵיינֶע מֶענֶער
שֶׁענְדֶער, 10 אוּן קֵיינֶע גַנָבִים, אוּן קֵיינֶע גֵייצִיגֶע, נִיט שִׁכּוֹרִים, נִיט לֶעסְטֶע־
רֶער, נִיט רוֹיבֶּער וֶועלֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט יַרְשֶׁענֶען. 11 אוּן אַזֶעלְכֶע
זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ גֶעוֶוען; אָבֶּער אִיהְר זֶענְט אָפְּגֶעוַואשֶׁען, אָבֶּער אִיהְר
זֶענְט גֶעהֵיילִיגְט, אָבֶּער אִיהְר זֶענְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט גֶעוָוארֶען אִים נָאמֶען
פוּן דֶעם הַאר׳ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּן אִים גֵייסְט פוּן אוּנְזֶערֶען גָאט.
12 עֶס אִיז מִיר אַלֶעס דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער נִיט אַלֶעס אִיז גוּט; אַלֶעס אִיז מִיר
דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער אִיךְ וֶועל נִיט וֶוערֶען אוּנְטֶער דִיא מַאכְט פוּן אַ שׁוּם זַאךְ.
13 דִיא שְׁפֵּייזֶען פַאר דֶעם בּוֹיךְ, אוּן דֶער בּוֹיךְ פַאר דִיא שְׁפֵּייזֶען; אָבֶּער גָאט
וֶועט אוֹיךְ דִיזֶען אוּן אוֹיךְ יֶענֶע צוּשְׁטֶערֶען. אוּן דֶער לֵייבּ אִיז נִיט צוּ זְנוּת,
נֵייעֶרְט צוּם הַאר׳ן, אוּן דֶער הַאר צוּם לֵייבּ. 14 אוּן גָאט הָאט אוֹיךְ דֶעם
הַאר׳ן אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּן וֶועט אוּנְז דוּרְךְ זַיינֶע מַאכְט אוֹיפְוֶועקֶען.
15 וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער זֶענֶען דִיא גְלִידֶער פוּן דֶעם מָשִׁיחַ?
זָאל אִיךְ דֶען נֶעמֶען דִיא גְלִידֶער פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, אוּן זֵייא מַאכֶען דִיא גְלִי־
דֶער פוּן אַ זוֹנָה? חָלִילָה. 16 אָדֶער וֵוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז וֶוער עֶס אִיז
בֶּעהֶעפְט צוּ אַ זוֹנָה, דֶער אִיז מִיט אִיהְר אֵיין לֵייבּ? וָוארִין עֶר זָאגְט, זֵייא
וֶועלֶען בֵּיידֶע זַיין אֵיין פְלֵיישׁ. 17 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז בֶּעהֶעפְט צוּם הַאר׳ן,
דֶער אִיז מִיט אִיהְם אֵיין גֵייסְט. 18 פְלִיהְט פוּן זְנוּת. אִיטְלִיכֶע זִינְד וָואס דֶער
מֶענְשׁ טְהוּט אִיז אוֹיסֶער דֶעם לֵייבּ; אָבֶּער דֶער וָואס אִיז מְזַנֶה זִינְדִיגְט
קֶעגֶען זַיין אֵייגֶענֶען לֵייבּ. 19 אָדֶער וֵוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז אֵייעֶר לֵייבּ
אִיז דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס אִיז אִין אֵייךְ, וֶועלְכֶען אִיהְר
הָאט פוּן גָאט, אוּן אִיהְר זֶענְט נִיט אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע? 20 וָוארִין אִיהְר זֶענְט
פַאר אַ פְּרֵייז אָפְּגֶעקוֹיפְט גֶעוֶוען; אַזוֹי פֶערְהֶערְלִיכְט גָאט אִין אֵייעֶר לֵייבּ.
ז 1 נוּן וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס אִיהְר הָאט צוּ מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶס אִיז גוּט
פַאר אַ מֶענְשֶׁען קֵיינֶע פְרוֹיא נִיט אָנְצוּרִיהְרֶען. 2 אָבֶּער פוּן וֶועגֶען זְנוּת, לָאז
אִיטְלִיכֶער הָאבֶּען זַיין אֵייגֶענֶעם וֵוייבּ, אוּן לָאז אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא הָאבֶּען אִיהְר
אֵייגֶענֶען מַאן. 3 לָאז דֶער מַאן זַיין חִיוּב אָפְּגֶעבֶּען צוּם וֵוייבּ, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ
דָאס וֵוייבּ צוּם מַאן. 4 דָאס וֵוייבּ הָאט נִיט קֵיינֶע מַאכְט אִיבֶּער אִיהְר אֵייגֶע־
נֶען לֵייבּ, נֵייעֶרְט דֶער מַאן; אוּן אַזוֹי אוֹיךְ הָאט דֶער מַאן נִיט קֵיינֶע מַאכְט

16 בְּרֵאשִׁית ב׳ כד׳,

אִיבֶּער זַיין אֵייגֶענֶען לֵייבּ, גֵייעֶרְט דָאס וַוייבּ. 5 הַאלְט אֵייךְ נִיט צוּרִיק
פוּן אֵיינַאנְדֶער, גֵייעֶרְט פוּן אֵייעֶר גוּטֶען ווִילֶען פַאר אַ צַייט, אַז אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ אָפְּגֶעבֶּען צוּם פַאסְטֶען אוּן גֶעבֶּעט, אוּן זָאלְט ווִידֶער צוּזַאמֶענְקוּמֶען,
אַז דֶער שָׂטָן זָאל אֵייךְ נִיט פְּרִיפֶען דוּרְךְ אֵייעֶר נִיט אֵיינְהַאלְטֶען. 6 אוּן
דָאס זָאג אִיךְ אַלְס אֵיין עֵצָה, נִיט אַלְס אַ גֶעבָּאט. 7 אָבֶּער אִיךְ ווִיל אַז אִיטְ־
לִיכֶער מֶענְשׁ זָאל זַיין ווִיא אִיךְ זֶעלְבְּסְט; אָבֶּער אִיטְלִיכֶער הָאט זַיינֶע אֵייגֶענֶע
מַתָּנָה פוּן גָאט, אֵיינֶער אַזוֹי אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אַזוֹי.

8 אָבֶּער אִיךְ זָאג צוּ דִיא וָואס זֶענֶען נִיט פֶערְהֵיירַאטֶעט אוּן צוּ דִיא
אַלְמָנוֹת, אַז עֶס אִיז גוּט פַאר זַייא וֶוען זַייא בְּלֵייבֶּען אַזוֹי ווִיא אִיךְ. 9 אָבֶּער
וֶוען זַייא קֶענֶען זִיךְ נִיט אֵיינְהַאלְטֶען לָאזֶען זַייא הֵיירַאטֶען; וָוארִין עֶס אִיז
בֶּעסֶער צוּ הֵיירַאטֶען אֵיידֶער צוּ בְּרֶענֶען. 10 אָבֶּער צוּ דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְ־
הֵיירַאטֶעט בֶּעפֶעהְל אִיךְ, דָאךְ נִיט אִיךְ גֵייעֶרְט דֶער הַאר, אַז אַ וַוייבּ זָאל
זִיךְ נִיט שֵׁיידֶען פוּן דֶעם מַאן; 11 אָבֶּער וֶוען זִיא אִיז אוֹיךְ גֶעשֵׁיידֶעט, לָאז
זִיא אוּנְפֶערְהֵיירַאטֶעט בְּלֵייבֶּען, אָדֶער לָאז זִיא זִיךְ אִיבֶּערְבֶּעטֶען מִיט אִיהְר מַאן;
אוּן אַז אַ מַאן זָאל זַיין וַוייבּ נִיט פֶערְלָאזֶען. 12 אָבֶּער צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאג
אִיךְ, נִיט דֶער הַאר, וֶוען אַ בְּרוּדֶער הָאט אַ וַוייבּ וָואס גְלוֹיבְּט נִיט, אוּן עֶס
גֶעפֶעלְט אִיהְר מִיט אִיהְם צוּ ווְאוֹינֶען, לָאז עֶר זִיא נִיט פֶערְלָאזֶען. 13 אוּן
וֶוען אַ פְרוֹיא הָאט אַ מַאן וָואס גְלוֹיבְּט נִיט, אוּן עֶס גֶעפֶעלְט אִיהְם מִיט
אִיהְר צוּ ווְאוֹינֶען, לָאז זִיא דֶעם מַאן נִיט פֶערְלָאזֶען. 14 וָוארִין דֶער מַאן וָואס
גְלוֹיבְּט נִיט אִיז דוּרְךְ דֶעם וַוייבּ גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּן דָאס וַוייבּ וָואס גְלוֹיבְּט
נִיט אִיז דוּרְךְ דֶעם בְּרוּדֶער גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען; וֶוען נִיט, וָואלְטֶען אֵייעֶרֶע
קִינְדֶער אוּנְרֵיין גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער אַצוּנְד זֶענֶען זַייא הֵיילִיג. 15 אָבֶּער וֶוען דֶער
וָואס גְלוֹיבְּט נִיט זִיךְ אָפְּשֵׁיידֶעט, לָאז עֶר זִיךְ אָפְּשֵׁיידֶען; דֶער בְּרוּדֶער אָדֶער
דִיא שְׁוֶועסְטֶער אִיז נִיט גֶעבּוּנְדֶען אִין אַזֶעלְכֶען פַאל; אָבֶּער גָאט הָאט אוּנְז
אִין פְרִידֶען גֶערוּפֶען. 16 וָוארִין וָואס ווֵייסְט דוּא, אָ וַוייבּ, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט
דֶעם מַאן רֶעטֶען? אָדֶער וָואס ווֵייסְט דוּא, אָ מַאן, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט דָאס וַוייבּ
רֶעטֶען? 17 נוּר גְלֵייךְ ווִיא דֶער הַאר הָאט צוּ אִיטְלִיכֶעם מֶענְשֶׁען אָפְּגֶעטְהֵיילְט,
גְלֵייךְ ווִיא גָאט הָאט אִיטְלִיכֶען בֶּערוּפֶען, אַזוֹי לָאז עֶר וַואנְדְלֶען, אוּן אַזוֹי גֶעבִּיט
אִיךְ אִין אַלֶע קְהִלּוֹת. 18 אִיז אַ מַאן אַלְס בֶּעשְׁנִיטֶענֶער בֶּערוּפֶען? לָאז עֶר
נִיט אֵיין עָרֵל וֶוערֶען; אִיז אַ מַאן אַלְס עָרֵל בֶּערוּפֶען? לָאז עֶר נִיט בֶּעשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען. 19 דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אִיז גָאר נִיט, אוּן דִיא עָרְלָה אִיז גָאר נִיט, גֵייעֶרְט
דָאס הִיטֶען פוּן דִיא גֶעבָּאטֶע פוּן גָאט. 20 לָאז אִיטְלִיכֶער בְּלֵייבֶּען אִין דֶער
בֶּערוּפוּנְג אִין וֶועלְכֶער עֶר אִיז בֶּערוּפֶען גֶעוֶועזֶען. 21 בִּיסְט דוּא אַלְס אַ קְנֶעכְט
בֶּערוּפֶען? אַזוֹי בֶּעזָארְג דִיךְ נִיט; אָבֶּער וֶוען דוּא קֶענְסְט פְרֵייא וֶוערֶען,
בֶּענוּץ עֶס לִיבֶּער. 22 וָוארִין דֶער קְנֶעכְט וָואס אִיז אִים הַאר'ן בֶּערוּפֶען אִיז
דֶער בֶּעפְרֵייטֶער פוּן דֶעם הַאר'ן. אַזוֹי אוֹיךְ דֶער בֶּעפְרֵייטֶער וָואס אִיז בֶּערוּ־
פֶען, אִיז דֶער קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ. 23 אִיהְר זֶענְט מִיט אַ פְּרֵייז אָפְּגֶעקוֹיפְט;
זַייט נִיט דִיא קְנֶעכְט פוּן מֶענְשֶׁען. 24 בְּרִידֶער, לָאז אִיטְלִיכֶער בְּלֵייבֶּען

בַּייא גָאט אִים שְׁטַאנְד אִין וָועלְכֶעם עֶר אִיז בֶּערוּפֶען.
25 נוּן וֶועגֶען דִיא בְּתוּלוֹת הָאבּ אִיךְ קֵיין בֶּעפֶעהְל נִיט פוּן דֶעם הַאר'ן, אָבֶּער
אִיךְ גִיבּ מֵיינֶע מֵיינוּנְג, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס הָאט גְנָאד דֶערְהַאלְטֶען פוּן
דֶעם הַאר'ן טְרֵייא צוּ זַיין. 26 דְרוּם דֶענְק אִיךְ אַז דָאס אִיז גוּט וֶועגֶען דֶער
צָרָה וָואס אִיז פַארְהַאנֶען, אַז עֶס אִיז גוּט פַאר אַ מֶענְשֶׁען אַזוֹי צוּ זַיין.
27 בִּיסְט דוּא גֶעבּוּנְדֶען צוּ אַ וַוייבּ? זוּךְ נִיט לוֹיז צוּ וֶוערֶען; בִּיסְט דוּא לוֹיז
פוּן אַ וַוייבּ? זוּךְ נִיט קֵיין וַוייבּ. 28 אָבֶּער וֶוען דוּא הָאסְט חֲתוּנָה הָאסְט
דוּא נִיט גֶעזִינְדִיגְט, אוּן וֶוען אַ בְּתוּלָה הָאט חֲתוּנָה הָאט זִיא נִיט גֶעזִינְדִיגְט;
אָבֶּער אַזֶעלְכֶע וֶועלֶען לֵיידֶען הָאבֶּען אִים פְלֵייש, אָבֶּער אִיךְ פֶערְשְׁפָּאר אֵייךְ.
29 אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ, בְּרִידֶער, דִיא צֵייט אִיז פֶערְקֶערְצְט; פוּן אַצוּנְד אָן כְּדֵי
אוֹיךְ דִיא וָואס הָאבֶּען ווייבֶּער זָאלֶען זַיין גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואס הָאבֶּען נִיט;
30 אוּן דִיא וָואס וויינֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואס וויינֶען נִיט, אוּן דִיא וָואס פְרֵייעֶן
זִיךְ גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ נִיט, אוּן דִיא וָואס קוֹיפֶען גְלֵייךְ וִויא
זֵייא וָואס בֶּעזִיצֶען נִיט, 31 אוּן דִיא וָואס בֶּענוּצֶען דִיא וֶועלְט גְלֵייךְ וִויא זֵייא
וָואס הָאבֶּען זִיא נִיט אָפְּגֶענוּצְט; וָוארִין דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיזֶער וֶועלְט פֶערְגֶעהְט.
32 אָבֶּער אִיךְ וִויל אַז אִיהְר זָאלְט נִיט בֶּעזָארְגְט זַיין. דֶער וָואס אִיז נִיט
פֶערְהֵיירַאטֶעט זָארְגְט פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם הַאר'ן, וִויא אַזוֹי עֶר זָאל
דֶעם הַאר'ן גֶעפֶעלֶען; 33 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז פֶערְהֵיירַאטֶעט זָארְגְט פַאר
דִיא זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, וִויא אַזוֹי עֶר זָאל דֶעם וַוייבּ גֶעפֶעלֶען, 34 אוּן
זַיין גֶעפִיהְל אִיז צוּטְהֵיילְט. דִיא פְרוֹיא וָואס אִיז נִיט פֶערְהֵיירַאטֶעט אוּן דִיא
בְּתוּלָה זָארְגֶען פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם הַאר'ן, אַז זִיא זָאל הֵיילִיג זַיין אִים
לֵייבּ אוּן אִים גֵייסְט; אָבֶּער דִיא וָואס אִיז פֶערְהֵיירַאטֶעט זָארְגְט פַאר דִיא
זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, וִויא אַזוֹי זִיא זָאל דֶעם מַאן גֶעפֶעלֶען. 35 אוּן דָאס
זָאג אִיךְ אֵייךְ צוּ אֵייעֶר בֶּעסְטֶען נוּצֶען, נִיט כְּדֵי אֵייךְ אַ נֶעץ פָארְצוּלֶעגֶען,
גֵייעֶרְט צוּ דֶעם וָואס פַּאסְט זִיךְ, אוּן אַז אִיהְר זָאלְט דֶעם הַאר'ן דִינֶען
אָהְן הִינְדֶערְנִיס. 36 אָבֶּער וֶוען אַ מַאן דֶענְקְט אַז עֶר טְהוּט אַ בּוּשָׁה צוּ זַיינֶע
בְּתוּלָה, וֶוען זִיא אִיז שׁוֹין אוֹיף אִיהְר עֶלְטֶער, אוּן עֶס מוּז אַזוֹי זַיין, לָאז עֶר
טְהוּן וָואס עֶר וִויל; עֶר זִינְדִיגְט נִיט; לָאזֶען זֵייא הֵיירַאטֶען. 37 אָבֶּער דֶער
וָואס שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין זַיין הַארְץ, אוּן הָאט עֶס נִיט גֶעטִיג, אָבֶּער הָאט
מַאכְט אִיבֶּער זַיין אֵייגֶענֶען ווילֶען, אוּן הָאט בַּייא זִיךְ דָאס אִין זַיין אֵייגֶענֶעם
הַארְץ בֶּעשְׁלָאסֶען, אַז עֶר זָאל זַיינֶע בְּתוּלָה הִיטֶען, וֶועט רֶעכְט טְהוּן. 38 אַזוֹי
דֶער וָואס מַאכְט אִיהְר חֲתוּנָה טְהוּט רֶעכְט, אוּן דֶער וָואס מַאכְט אִיהְר נִיט
חֲתוּנָה וֶועט בֶּעסֶער טְהוּן.

39 אַ וַוייבּ אִיז גֶעבּוּנְדֶען אַזוֹי לַאנְג וִויא אִיהְר מַאן לֶעבְּט; אָבֶּער וֶוען דֶער
מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען גֶעוֶוען, אִיז זִיא פְרֵייא זִיךְ צוּ פֶערְהֵיירַאטֶען צוּ
וֶועמֶען זִיא וִויל, נוּר אִים הַאר'ן. 40 אָבֶּער זִיא אִיז גְלִיקְלִיכֶער נָאךְ
מֵיינֶע מֵיינוּנְג וֶוען זִיא בְּלֵייבְּט אַזוֹי; אוּן אִיךְ דֶענְק אַז אִיךְ אוֹיךְ הָאבּ דֶעם
גֵייסְט פוּן גָאט.

ח 1 נוּן װעגען דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן דִיא אָפְּגֶעטֶער, מִיר װִיסֶען אַז מִיר אַלֶע הָאבֶּען
דֶערְקֶענְטְנִים. דִיא דֶערְקֶענְטְנִים בְּלָאזְט אוֹיף, אָבֶּער דִיא לִיבֶּע בּוֹיעֶט אוֹיף. 2 װֶען
אֵיימִיצֶער דֶענְקְט אַז עֶר װֵייסְט עֶפֶּעס, װֵייסְט עֶר נָאךְ נִיט װִיא מֶען בֶּעדַארְף
צוּ װִיסֶען. 3 אָבֶּער װֶען אֵיימִיצֶער לִיבְּט גָאט, דֶער אִיז פוּן אִיהְם אָנְדֶערְקֶענְט.
4 דְרוּם װֶעגֶען דֶעם עֶסֶען פוּן קָרְבָּנוֹת צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער, מִיר װִיסֶען אַז
אֵיין אָפְּגָאט אִיז גָאר נִיט אִין דֶער װֶעלְט, אוּן אַז עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנֶען קֵיין
גָאט אוֹיסֶער אֵיינֶער. 5 װָארִין אוֹיךְ חָאטְשֶׁע עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען אַזֶעלְכֶע
װָאס װֶערֶען אָנְגֶערוּפֶען גֶעטֶער, עֶנְטְװֶעדֶער אִים הִימֶעל אָדֶער אוֹיף דֶער עֶרְד,
מַחְמַת עֶס זֶענֶען פִילֶע גֶעטֶער אוּן פִילֶע הַארֶען, 6 אָבֶּער צוּ אוּנְז אִיז אֵיין
גָאט דֶער פָאטֶער, פוּן װֶעלְכֶעם זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען אוּן מִיר צוּ אִיהְם, אוּן אֵיין
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ װֶעלְכֶעם זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען אוּן מִיר דוּרְךְ אִיהְם.
7 אָבֶּער נִיט אִין אַלֶע אִיז דִיא דֶערְקֶענְטְנִים; אָבֶּער עֶטְלִיכֶע מִיט גֶעװִיסֶען פוּן דֶעם
אָפְּגָאט בִּיז אַצוּנְד עֶסֶען װִיא אַ קָרְבָּן צוּם אָפְּגָאט, אוּן זֵייעֶר גֶעװִיסֶען אִינְדֶעם
עֶס אִיז שְׁװַאךְ אִיז בֶּעפְלֶעקְט. 8 אָבֶּער דִיא שְׁפֵּייז װֶעט אוּנְז נִיט עֶמְפֶּפֶעהְלֶען
צוּ גָאט; װָארִין װֶען אוֹיךְ מִיר עֶסֶען נִיט זֶענֶען מִיר נִיט עֶרְגֶער, אוּן אוֹיךְ נִיט
װֶען מִיר עֶסֶען זֶענֶען מִיר בֶּעסֶער. 9 אָבֶּער גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז דִיזֶע אֵייעֶרֶע
מַאכְט זָאל נִיט זַיין אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ דִיא שְׁװַאכֶע. 10 װָארִין װֶען אֵיימִיצֶער
װֶעט דִיךְ זֶעהֶען, װָאס דוּא הָאסְט דֶערְקֶענְטְנִים, אַז דוּא זִיצְט צוּ טִישׁ אִים
טֶעמְפֶּעל פוּן אֵיין אָפְּגָאט, װֶעט נִיט דָאס גֶעװִיסֶען פוּן דֶעם שְׁװַאכֶען גֶע־
שְׁטַארְקְט װֶערֶען צוּ עֶסֶען דִיא קָרְבָּנוֹת צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער? 11 װָארִין דוּרְךְ
דֵיינֶע דֶערְקֶענְטְנִים גֶעהְט דֶער שְׁװַאכֶער פֶערְלוֹירֶען, דֶער בְּרוּדֶער פַאר
װֶעלְכֶען מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. 12 אָבֶּער װֶען אִיהְר זִינְדִיגְט אַזוֹי קֶעגֶען
דִיא בְּרִידֶער, אוּן שְׁלָאגְט זֵייעֶר שְׁװַאכֶעם גֶעװִיסֶען, זִינְדִיגְט אִיהְר קֶעגֶען
מָשִׁיחַ. 13 אַזוֹי דֶען װֶען שְׁפֵּייז מַאכְט מֵיין בְּרוּדֶער שְׁטְרוֹיכְלֶען, װִיל אִיךְ
עֶבִּיג קֵיין פְלֵיישׁ נִיט עֶסֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל מֵיין בְּרוּדֶער נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען
מַאכֶען.

ט 1 בִּין אִיךְ נִיט אֵיין אַפָּאסְטֶעל? בִּין אִיךְ נִיט פְרֵייא? הָאבּ אִיךְ נִיט גֶע־
זֶעהֶען יֵשׁוּעַ אוּנְזֶערֶען הַאר'ן? זֶענְט אִיהְר נִיט מֵיין װֶערְק אִים הַאר'ן?
2 װֶען אִיךְ בִּין נִיט אֵיין אַפָּאסְטֶעל צוּ אַנְדֶערֶע, בִּין אִיךְ דָאךְ צוּ אֵיךְ; װָארִין
דֶער זִיגֶעל פוּן מֵיין שְׁלִיחוּת זֶענְט אִיהְר אִים הַאר'ן. 3 מֵיין עֶנְטְפֶער צוּ
דִיא װָאס פֶערְהֶערֶען מִיךְ אִיז דָאס. 4 הָאבֶּען מִיר נִיט מַאכְט צוּ עֶסֶען
אוּן צוּ טְרִינְקֶען? 5 הָאבֶּען מִיר נִיט מַאכְט אַרוּמְצוּפִיהְרֶען אַ װַייבּ
װֶעלְכֶע אִיז אַ גְלוֹיבִּיגֶע, אַזוֹי װִיא דִיא אַנְדֶערֶע אַפָּאסְטֶעל, אוּן דִיא בְּרִידֶער
פוּן דֶעם הַאר'ן, אוּן כֵּיפָא? 6 אָדֶער אִיךְ אַלֵיין אוּן בַּרְנַבָּא הָאבֶּען מִיר נִיט
מַאכְט מִיר זָאלֶען נִיט אַרְבֵּייטֶען? 7 װֶעלְכֶער בַּעַל מִלְחָמָה גֶעהְט אַרַיים
אוֹיף זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוּמְקָאסְטֶען? װֶער פְלַאנְצְט אַ װֵיינְגָארְטֶען אוּן עֶסְט נִיט
דִיא פְרוּכְט דֶערְפוּן? אָדֶער װֶער פִיטֶערְט אַ סְטַאדֶע, אוּן עֶסְט נִיט פוּן דֶער
מִילְךְ פוּן דֶער סְטַאדֶע? 8 רֶעד אִיךְ דֶען דָאס װִיא אַ מֶענְשׁ? אָדֶער זָאגְט

נִיט דִיזֶע אוֹיךְ דָאס גֶעזֶעץ? 9 וָוארִין אִין דֶער תּוֹרַת מֹשֶׁה שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
דוּא זָאלְסְט נִיט דָאס מוֹיל פוּן דֶעם אָקְס פֶערְבִּינְדֶען וֶוען עֶר דְרֶעשְׁט. זָארְגְט
דֶען גָאט פַאר אָקְסֶען? 10 אָדֶער זָאגְט עֶר דָאס אִים גַאנְצֶען פוּן אוּנְזֶערְט
וֶועגֶען? וָוארִין פוּן אוּנְזֶערְטְוֶועגֶען אִיז עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען, וַוייל דֶער וָואס
אַקֶערְט אִיז מְחוּיָב מִיט הָאפְנוּנְג צוּ אַקֶערְן, אוּן דֶער וָואס דְרֶעשְׁט מִיט הָאפְנוּנְג
אַ טְהֵייל צוּ הָאבֶּען.
11 וֶוען מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען גֶעזֵייעֶט, אִיז עֶס צוּ פִיל וֶוען
מִיר זָאלֶען אֵייעֶרֶע פְלֵיישְׁלִיכֶע זַאכֶען אֵיינְזַאמְלֶען? 12 וֶוען אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אַ
טְהֵייל אִין דִיזֶער מַאכְט אִיבֶּער אֵייךְ, זָאלֶען מִיר נִיט פִיל מֶעהְר? אָבֶּער מִיר
הָאבֶּען דִיזֶע מַאכְט נִיט בֶּענוּצְט, גֵייעֶרְט מִיר לֵיידֶען אַלֶעס, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
קֵיין שׁוּם הִינְדֶערְנִיס נִיט מַאכֶען צוּ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ. 13 וֵוייסְט
אִיהְר נִיט אַז דִיא וָואס דִינֶען אִין הֵיילִיגֶע זַאכֶען עֶסֶען פוּן דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּן דִיא וָואס דִינֶען בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ הָאבֶּען אַ טְהֵייל פוּן דֶעם
מִזְבֵּחַ? 14 אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער הַאר בֶּעשְׁטֶעלְט אַז דִיא וָואס פְרֶעדִיגֶען דִיא
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה זָאלֶען לֶעבֶּען פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. 15 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ קֵיינֶע
פוּן דִיזֶע זַאכֶען נִיט בֶּענוּצְט. אוּן אִיךְ הָאבּ דִיזֶעס נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אַז עֶס
זָאל צוּ מִיר אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען; וָוארִין עֶס אִיז מִיר לִיבֶּער צוּ שְׁטַארְבֶּען אֵיידֶער
אֵיימִיצֶער זָאל מֵיין רִיהְמֶען צוּ גָאר נִיט מַאכֶען. 16 וָוארִין וֶוען אִיךְ פְּרֶעדִיג דִיא
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אִיז צוּ מִיר קֵיין רִיהְמֶען; וָוארִין אִיךְ מוּז עֶס טְהוּן; וָוארִין וֶועה
מִיר וֶוען אִיךְ פְּרֶעדִיג נִיט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. 17 וָוארִין וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס
פוּן גוּטֶען ווִילֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַ לוֹין; אָבֶּער וֶוען אוּנְגֶערְן, אִיז מִיר אַ
פֶערְוַואלְטוּנְג פֶערְטְרוֹיעֶט. 18 וָואס אִיז דֶען מֵיין לוֹין? אַז וֶוען אִיךְ פְּרֶעדִיג
דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, זָאל אִיךְ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פְרֵייא פוּן הוֹצָאוֹת מַאכֶען,
כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט מֵיינֶע מַאכְט אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה שְׁלֶעכְט אָפְּנוּצֶען.
19 וָוארִין חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין פְרֵייא פוּן אַלֶע, הָאבּ אִיךְ מִיךְ דָאךְ פַאר אַ
קְנֶעכְט צוּ אַלֶע גֶעמַאכְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל מֶעהְר גֶעווִינֶען. 20 אוּן צוּ דִיא יוּדֶען
בִּין אִיךְ ווִיא אַ יוּד גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיא יוּדֶען גֶעווִינֶען; צוּ דִיא וָואס
זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ ווִיא אֵיינֶער אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, חָאטְשֶׁע אִיךְ
בִּין נִיט זֶעלְבְּסְט אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער
דֶעם גֶעזֶעץ גֶעווִינֶען. 21 צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אָהְן גֶעזֶעץ ווִיא אֵיינֶער אָהְן
גֶעזֶעץ, חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין נִיט אָהְן גֶעזֶעץ צוּ גָאט, נֵייעֶרְט אִים גֶעזֶעץ צוּ
מָשִׁיחַ, כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיא וָואס זֶענֶען אָהְן גֶעזֶעץ גֶעווִינֶען. 22 צוּ דִיא שְׁוַואכֶע
בִּין אִיךְ ווִיא אַ שְׁוַואכֶער גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיא שְׁוַואכֶע גֶעווִינֶען; אִיךְ
בִּין אַלֶעס צוּ אַלֶע גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל אוֹיף יֶעדֶעם אוֹפֶן עֶטְלִיכֶע רֶעטֶען.
23 אוּן דָאס אַלֶעס טְהוּא אִיךְ וֶועגֶען דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, כְּדֵי אִיךְ זָאל דְרִינֶען
אַ טְהֵייל הָאבֶּען. 24 וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא וָואס לוֹיפֶען אִין אַ לוֹיפְגֶעוֶועט
לוֹיפֶען אַלֶע, אָבֶּער אֵיינֶער בֶּעקוּמְט דֶעם פְּרֵייז? לוֹיפְט אִיהְר אַזוֹי, כְּדֵי

9 דברים כה׳ ד׳.

אִיהְר זָאלְט אִיהְם דֶערְהַאלְטֶען. [25] און אִיטְלִיכֶער וָואס שְׁטְרֵייט דֶער הַאלְט זִיךְ אָפּ אִין אַלֶעם; יֶענֶע דֶען טְהוּן אַזוֹי כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַ פֶערְדֶערְבְּלִיכֶע קְרוֹין בֶּעקוּמֶען, אָבֶּער מִיר אֵיין אוּנְפֶערְדֶערְבְּלִיכֶע. [26] דְרוּם אִיךְ לוֹיף אַזוֹי, וִויא נִיט אוֹיף אוּנְגֶעוִויסֶעס, אִיךְ שְׁטְרֵייט אַזוֹי, וִויא אִיךְ שְׁלָאג נִיט אִין דֶער לוּפְט; [27] נֵייעֶרְט אִיךְ אוּנְטֶערְדְרִיק מֵיין לֵייבּ אוּן הַאלְט אִיהְם אִין קְנֶעכְט־שַׁאפְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט וֶוען אִיךְ הָאבּ צוּ אַנְדֶערֶע גֶעפְּרֶעדִיגְט, זֶעלְבְּסְט פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען.

י [1] וָוארִין אִיךְ וִויל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט וִויסֶען, בְּרִידֶער, אַז אוּנְזֶערֶע אָבוֹת
זֶענֶען אַלֶע אוּנְטֶער דֶער וָואלְקֶען גֶעוֶועזֶען, אוּן זֶענֶען אַלֶע דוּרְךְ דֶעם יַם
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, [2] אוּן זֶענֶען אַלֶע גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען צוּ מֹשֶׁה אִין דֶער וָואלְקֶען
אוּן אִים יַם, [3] אוּן הָאבֶּען אַלֶע דִיא זֶעלְבִּיגֶע גֵייסְטְלִיכֶע שְׁפֵּייז גֶעגֶעסֶען,
[4] אוּן הָאבֶּען אַלֶע דָאס זֶעלְבִּיגֶע גֵייסְטְלִיכֶע גֶעטְרֶענְק גֶעטְרוּנְקֶען; וָוארִין זֵייא
הָאבֶּען פוּן דֶעם גֵייסְטְלִיכֶען פֶעלְזֶען גֶעטְרוּנְקֶען וָואס הָאט זֵייא נָאכְגֶעפָאלְגְט,
אוּן דֶער פֶעלְז אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער מָשִׁיחַ. [5] אָבֶּער דִיא מֵייסְטֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען
גָאט נִיט וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען; וָוארִין זֵייא זֶענֶען אִין דֶער מִדְבָּר אוּמְגֶעקוּמֶען.
[6] אוּן דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען צוּ פָארְבִּילְדֶער פַאר אוּנְז גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
נִיט זַיין גְלוּסְטֶער צוּ שְׁלֶעכְטֶעס, אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוּסְט. [7] זֵייט
אִיהְר נִיט אוֹיךְ גֶעצֶענְדִינֶער, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא; אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט צוּ עֶסֶען אוּן צוּ טְרִינְקֶען,
אוּן אִיז צוּ שְׁפִּילֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. [8] לָאזֶען מִיר אוֹיךְ נִיט מְזַנֶּה זַיין,
אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּן זֶענֶען אִין אֵיין טָאג
גֶעפַאלֶען דְרֵייא אוּן צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד. [9] לָאזֶען מִיר אוֹיךְ דֶעם הַאר'ן נִיט
פְּרִיפֶען, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעפְּרִיפְט אוּן זֶענֶען דוּרְךְ שְׁלַאנְגֶען
אוּמְגֶעקוּמֶען. [10] מוּרְמֶעלְט אִיהְר נִיט אוֹיךְ אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען
גֶעמוּרְמֶעלְט אוּן זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם פֶערְדַארְבֶּער אוּמְגֶעקוּמֶען. [11] אוּן דִיזֶע
זַאכֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּ זֵייא וִויא פָארְבִּילְדֶע גֶעטְרָאפֶען, אוּן זֵייא זֶענֶען פַאר אַ
וָוארְנוּנְג צוּ אוּנְז גֶעשְׁרִיבֶּען, צוּ וֶועלְכֶע דִיא עֶנְדֶע פוּן דִיא צֵייטַאלְטֶער זֶענֶען
גֶעקוּמֶען [12] דְרוּם דֶער וָואס דֶענְקְט אַז עֶר שְׁטֶעהְט, לָאז עֶר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל
נִיט פַאלֶען. [13] עֶס הָאט אֵייךְ קֵיינֶע פְּרִיפוּנְג נִיט גֶעטְרָאפֶען נֵייעֶרְט וָואס אִיז
מֶענְשְׁלִיךְ; אָבֶּער גָאט אִיז גֶעטְרֵייא, דֶער וֶועט אֵייךְ נִיט לָאזֶען גֶעפְּרִיפְט
וֶוערֶען מֶעהְר וִויא אִיהְר קֶענְט אוֹיסְשְׁטֶעהֶען, נֵייעֶרְט עֶר וֶועט מִיט דֶער פְּרִי־
פוּנְג אוֹיךְ דֶעם אוֹיסְגַאנְג מַאכֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט עֶס קֶענֶען דֶערְטְרָאגֶען.
[14] דְרוּם, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, פְלִיהְט פוּן דֶעם גֶעצֶענְדִינְסְט. [15] אִיךְ רֶעד וִויא צוּ
קְלוּגֶע לֵייט; רִיכְטֶעט אִיהְר וָואס אִיךְ זָאג. [16] דֶער כּוֹס פוּן בְּרָכָה וָואס מִיר
בֶּענְשֶׁען, אִיז עֶס נִיט דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן מָשִׁיחַ? דָאס
בְּרוֹיט וָואס מִיר בְּרֶעכֶען, אִיז עֶס נִיט דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן
מָשִׁיחַ? [17] וָוארִין מִיר וָואס זֶענֶען פִילֶע זֶענֶען אֵיין בְּרוֹיט אוּן אֵיין לֵייבּ;

7 שמות לב׳ ו׳.

וָוארִין מִיר הָאבֶּען אַלֶע אַ טְהֵייל פוּן דֶעם אֵיינֶען בְּרוֹיט. 18 זֶעהְט אָן דִיא יִשְׂרָאֵל
נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ; דִיא וָואס עֶסֶען דִיא קָרְבָּנוֹת זֶענֶען זֵייא נִיט שׁוּתְּפִים אִים
מִזְבֵּחַ? 19 וָואס זָאג אִיךְ דֶען? אַז וָואס מֶען אִיז מַקְרִיב צוּ אֵיין אָפְּגָאט אִיז
עֶפֶּעס? אָדֶער אַז אֵיין אָפְּגָאט אִיז עֶפֶּעס? 20 אָבֶּער אִיךְ זָאג אַז דָאס וָואס
דִיא גוֹיִם זֶענֶען מַקְרִיב זֶענֶען זֵייא מַקְרִיב צוּ שֵׁדִים אוּן נִיט צוּ גָאט; אוּן
אִיךְ ווִיל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט מִיט שֵׁדִים גֶעמֵיינְשַׁאפְט הָאבֶּען. 21 אִיהְר קֶענְט
נִיט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס פוּן דֶעם הַאר'ן אוּן דֶעם כּוֹס פוּן שֵׁדִים; אִיהְר קֶענְט
נִיט אַ טְהֵייל הָאבֶּען אִים טִישׁ פוּן דֶעם הַאר'ן אוּן אִים טִישׁ פוּן שֵׁדִים.
22 אָדֶער דֶערְצֶערְנֶען מִיר דֶעם הַאר'ן צוּ קִנְאָה? זֶענֶען מִיר שְׁטַארְקֶער
ווִיא עֶר?

23 אַלֶעס אִיז דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער נִיט אַלֶעס אִיז נִיצְלִיךְ; אַלֶעס אִיז דֶערְלוֹיבְּט,
אָבֶּער נִיט אַלֶעס פֶערְבֶּעסֶערְט. 24 לָאז קֵיינֶער נִיט זוּכֶען זֵיין אֵייגֶענֶעס נוּצֶען,
נֵייעֶרְט אִיטְלִיכֶער דָאס נוּצֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען. 25 אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֶער
יַאטְקֶע פֶערְקוֹיפְט, דָאס עֶסְט, אוּן פְרֶעגְט נִיט נָאךְ וֶועגֶען דֶעם גֶעווִיסֶען;
26 וָוארִין דִיא עֶרְד גֶעהֶערְט צוּם הַאר'ן אוּן אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען. 27 וֶוען אֵיינֶער מִי־
צֶער פוּן דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע וֶועט אֵייךְ צוּ אַ סְעוּדָה אֵיינְבֶּעטֶען אוּן אִיהְר
ווִילְט גֶעהֶען, אַלֶעס וָואס אִיז אֵייךְ פָארְגֶעלֶעגְט עֶסְט אוּן פְרֶעגְט נִיט נָאךְ
וֶועגֶען דֶעם גֶעווִיסֶען. 28 אָבֶּער וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, דָאס אִיז
אַ קָרְבָּן צוּ אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי עֶסְט נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט עֶס אֵייךְ
גֶעזָאגְט אוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעווִיסֶען. 29 דָאס גֶעווִיסֶען זָאג אִיךְ, נִיט פוּן דִיר
אַלֵיין, נֵייעֶרְט פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען; ווֵייל וָוארוּם זָאל מֵיינֶע פְרֵייהֵייט גֶערִיכְטֶעט
וֶוערֶען פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעווִיסֶען? 30 וָוארִין וֶוען אִיךְ נֶעם אַ טְהֵייל דְרִינֶען
דוּרְךְ גְנָאד, וָוארוּם בִּין אִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט אִיבֶּער אַ זַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ
דֶערְפַאר גֶעדַאנְקְט? 31 דְרוּם אוֹיבּ אִיהְר עֶסְט אָדֶער טְרִינְקְט אָדֶער וָואס
אִיהְר טְהוּט, טְהוּט אַלֶעס צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט. 32 גִיבְּט נִיט קֵיין אָנְשְׁטוֹיס צוּ
דִיא יוּדֶען אָדֶער צוּ דִיא גְרֶעקֶען אָדֶער צוּ דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט, 33 גְלֵייךְ
ווִיא אִיךְ אוֹיךְ אַלֶע אִין אַלֶע זַאכֶען גֶעפֶעל, אוּן זוּךְ נִיט מֵיין אֵייגֶענֶען נוּצֶען
יא נֵייעֶרְט דֶעם נוּצֶען פוּן פִילֶע, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. 1 זֵייט
נָאכְפָאלְגֶער פוּן מִיר, אַזוֹי ווִיא אִיךְ אוֹיךְ פוּן מָשִׁיחַ.

2 נוּן אִיךְ לוֹיבּ אֵייךְ, אַז אִיהְר גֶעדֶענְקְט מִיךְ אִין אַלֶעס, אוּן אַז אִיהְר
הַאלְט דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְגֶען, אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ זֵייא אֵייךְ אִיבֶּערְגֶע־
גֶעבֶּען. 3 אָבֶּער אִיךְ ווִיל אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען, אַז מָשִׁיחַ אִיז דָאס הוֹיפְּט
פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן, אוּן דָאס הוֹיפְּט פוּן דֶעם ווַייבּ אִיז דֶער מַאן, אוּן דָאס
הוֹיפְּט פוּן מָשִׁיחַ אִיז גָאט. 4 אִיטְלִיכֶער מַאן וָואס בֶּעט אָדֶער זָאגְט נְבוּאוֹת,
אוּן זֵיין קָאפּ אִיז בֶּעדֶעקְט, דֶער פֶערְשֶׁעהְמְט זֵיין קָאפּ. 5 אוּן אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא וָואס
בֶּעט אָדֶער זָאגְט נְבוּאוֹת, אוּן אִיהְר קָאפּ אִיז נִיט בֶּעדֶעקְט, דִיא פֶערְ־
שֶׁעהְמְט אִיהְר קָאפּ; וָוארִין עֶס אִיז אַלֶעס אַזוֹי גְלֵייךְ ווִיא זִיא הָאט זִיךְ

26 תהלים כד׳ א׳.

גֶעוָאלְט. [6] וָארִין וֶוען אַ פְרויא אִיז נִיט בֶּעדֶעקְט, לָאז זִיא זִיךְ אויךְ שֶׁערֶען;
אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז אַ שַׁאנְד פַאר אַ פְרויא אַז זִיא זָאל זִיךְ שֶׁערֶען אָדֶער
גָאלֶען, לָאז זִיא בֶּעדֶעקְט זַיין. [7] וָארִין אַ מַאן בֶּעדַארְף נִיט דֶעם קָאפּ
בֶּעדֶעקֶען, וַוייל עֶר אִיז דָאס בִּילְד אוּן דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט; אָבֶּער דִיא פְרויא
אִיז דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם מַאן. [8] וָארִין דֶער מַאן אִיז נִיט פוּן דֶער פְרויא,
גַייעֶרְט דִיא פְרויא פוּן דֶעם מַאן; [9] וָארִין אויךְ דֶער מַאן אִיז נִיט וֶועגֶען
דֶער פְרויא בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט דִיא פְרויא וֶועגֶען דֶעם מַאן.
[10] דֶעסְטְוֶועגֶען בֶּעדַארְף דִיא פְרויא אַ צֵייכֶען פוּן מַאכְט הָאבֶּען אויף אִיהְר
קָאפּ וֶועגֶען דִיא מַלְאָכִים. [11] אָבֶּער דָאךְ אִים הַאר'ן אִיז דִיא פְרויא נִיט
אָהְן דֶעם מַאן אוּן דֶער מַאן אִיז נִיט אָהְן דִיא פְרויא. [12] וָארִין גְלֵייךְ וִויא דִיא
פְרויא אִיז פוּן דֶעם מַאן, אַזוי אִיז אויךְ דֶער מַאן דוּרְךְ דֶער פְרויא; אָבֶּער
אַלֶעס אִיז פוּן גָאט. [13] רִיכְטֶעט בַּייא אֵייךְ זֶעלְבְּסְט; פַּאסְט עֶס פַאר אַ פְרויא
אוּנְבֶּעדֶעקְט צוּ גָאט צוּ בֶּעטֶען? [14] לֶערְנְט אֵייךְ נִיט אויךְ דִיא נַאטוּר
זֶעלְבְּסְט, אַז עֶס אִיז אַ שַׁאנְד פַאר אַ מַאן וֶוען עֶר הָאט לַאנְגֶע הָאר?
[15] אָבֶּער וֶוען אַ פְרויא הָאט לַאנְגֶע הָאר, אִיז עֶס פַאר אִיהְר אַ כָּבוֹד; וָארִין
דִיא הָאר זֶענֶען צוּ אִיהְר פַאר אַ שְׁלֵייעֶר גֶעגֶעבֶּען. [16] אָבֶּער וֶוען אַ מַאן
שֵׁיינְט אַ לִיבְּהָאבֶּער פוּן קְרִיגֶערַייא צוּ זַיין, אַזוי הָאבֶּען מִיר נִיט אַזֶעלְכֶען
מִנְהָג, אוּן אויךְ נִיט דִיא קְהִלּוֹת פוּן גָאט.

[17] אָבֶּער וֶוען אִיךְ זָאג אֵייךְ דָאס אָן, אַזוי לוֹיבּ אִיךְ נִיט אַז אִיהְר קוּמְט
צוּזַאמֶען נִיט צוּם בֶּעסֶערֶען נֵייעֶרְט צוּם עֶרְגֶערֶען. [18] וָארִין צוּעֶרְשְׁט הֶער
אִיךְ אַז עֶס זֶענֶען מַחְלוֹקוֹת צְוִוישֶׁען אֵייךְ, וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען אִין דֶער
קְהִלָּה, אוּן צוּם טְהֵייל גְלוֹיבּ אִיךְ עֶס. [19] וָארִין עֶס מוּזֶען כִּתּוֹת זַיין צְוִוישֶׁען
אֵייךְ, כְּדֵי אויךְ דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען פְּרִיפוּנְג בֶּעשְׁטַאנֶען זָאלֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ
דֶערְקֶענְט וֶוערֶען. [20] דְרוּם וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען, אַזוי אִיז עֶס אוּנְמֶעגְלִיךְ
דָאס אָבֶּענְדְמָאהְל פוּן דֶעם הַאר'ן צוּ עֶסֶען; [21] וָארִין וֶוען אִיהְר עֶסְט, אַזוי
נֶעמְט אִיטְלִיכֶער צוּעֶרְשְׁט זַיין אֵייגֶענֶעם אָבֶּענְדְמָאהְל אוּן אֵיינֶער אִיז הוּנְגְרִיג
אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער אִיז בֶּעטְרוּנְקֶען. [22] הָאט אִיהְר דֶען נִיט קֵיינֶע הֵייזֶער כְּדֵי
אִיהְר זָאלְט אִין דִיזֶע עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען? אָדֶער זֶענְט אִיהְר מְבַזֶּה דִיא
קְהִלּוֹת פוּן גָאט, אוּן פֶערְשֶׁעהְמְט דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט? וָואס זָאל אִיךְ צוּ
אֵייךְ זָאגֶען? זָאל אִיךְ אֵייךְ לוֹיבֶּען? אִין דִיזֶעם לוֹיבּ אִיךְ אֵייךְ נִיט.

[23] וָארִין אִיךְ הָאבּ פוּן דֶעם הַאר'ן מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אויךְ
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אַז דֶער הַאר יֵשׁוּעַ אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע נַאכְט אִין דֶער עֶר
אִיז פֶערְרָאטְהֶען גֶעוָוארֶען הָאט בְּרוֹיט גֶענוּמֶען, [24] אוּן הָאט אַ בְּרָכָה גֶע־
מַאכְט אוּן הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען אוּן גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ וָואס אִיז פַאר
אֵייךְ; טְהוּט דָאס צוּ מֵיין אָנְדֶענְקֶען. [25] אַזוי אויךְ דֶעם כּוֹס נָאךְ דֶעם
אָבֶּענְדְמָאהְל, אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶער כּוֹס אִיז דֶער נֵייעֶ בְּרִית אִין מֵיין
בְּלוּט; טְהוּט דָאס, אַזוי אָפְט וִויא אִיהְר טְרִינְקְט, צוּ מֵיין אָנְדֶענְקֶען. [25] וָארִין
אַזוי אָפְט וִויא אִיהְר עֶסְט דִיזֶעם בְּרוֹיט אוּן טְרִינְקְט דִיזֶען כּוֹס, זֶענְט אִיהְר

מוֹדִיעַ דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם הַאר'ן בִּיז עֶר וֶועט קוּמֶען. 27 דְרוּם דֶער וָואס
עֶסְט דָאס בְּרוֹיט אָדֶער טְרִינְקְט דֶעם כּוֹס פוּן דֶעם הַאר'ן אוּנְוִוירְדִיג, דֶער
וֶועט זִיךְ פֶערְשׁוּלְדִיגֶען קֶעגֶען דֶעם לֵייבּ אוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם הַאר'ן. 28 אָבֶּער
לָאז דֶער מֶענְשׁ זִיךְ פְּרִיפֶען, אוּן אַזוֹי לָאז עֶר עֶסֶען פוּן דֶעם בְּרוֹיט אוּן
טְרִינְקֶען פוּן דֶעם כּוֹס; 29 וָוארִין דֶער וָואס עֶסְט אוּן טְרִינְקְט, עֶסְט אוּן
טְרִינְקְט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט דָאס גֶערִיכְט, וֶוען עֶר דֶערְקֶענְט נִיט דֶעם לֵייבּ פוּן
דֶעם הַאר'ן. 30 דְרוּם זֶענֶען פִילֶע שְׁוַואךְ אוּן קְרֶענְקְלִיךְ צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּן
פִילֶע שְׁלָאפֶען. 31 אָבֶּער וֶוען מִיר וָואלְטֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶערְקֶענֶען אַזוֹי וָואלְטֶען
מִיר נִיט גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען; 32 אָבֶּער וֶוען מִיר וֶוערֶען גֶערִיכְטֶעט זֶענֶען מִיר
פוּן דֶעם הַאר'ן גֶעשְׁטְרָאפְט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען מִיט
דֶער וֶועלְט. 33 דְרוּם, מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט עֶסֶען, אַזוֹי וַוארְטֶעט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען. 34 וֶוען אֵיינֶער אִיז
הוּנְגְרִיג לָאז עֶר עֶסֶען אִין דֶער הֵיים, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט צוּם פֶערְשׁוּלְדִי־
גֶען צוּזַאמֶענְקוּמֶען. אוּן דָאס אִיבְּרִיגֶע וֶועל אִיךְ אֵיינְרִיכְטֶען וֶוען אִיךְ וֶועל
קוּמֶען.

יב 1 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא גֵייסְטְלִיכֶע מַתָּנוֹת, בְּרִידֶער, אִיךְ וִויל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט וִויסֶען. 2 אִיהְר וֵוייסְט אַז וֶוען אִיהְר זֶענְט גוֹיִם גֶעוֶועזֶען, זֶענְט אִיהְר נָאכְ־
גֶעגַאנְגֶען שְׁטוּמֶע אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶענְט גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען. 3 דְרוּם
טְהוּא אִיךְ אֵייךְ צוּ וִויסֶען, אַז קֵיינֶער וָואס רֶעט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט
זָאגְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז חֵרֶם, אוּן אַז קֵיינֶער קֶען זָאגֶען אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער הַאר,
אוֹיסֶער דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ.

4 נוּן עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען פֶערְשִׁידֶענְהֵייטֶען פוּן מַתָּנוֹת, אָבֶּער דֶער זֶעלְ־
בִּיגֶע גֵייסְט; 5 אוּן עֶס זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענְהֵייטֶען פוּן דִינְסְט, אוּן דֶער זֶעלְבִּיגֶע
הַאר; 6 אוּן עֶס זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענְהֵייטֶען פוּן וֶוערְק, אָבֶּער עֶס אִיז דֶער
זֶעלְבִּיגֶע גָאט, דֶער וִוירְקְט אַלֶעס אִין אַלֶעם. 7 אָבֶּער דָאס אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן
דֶעם גֵייסְט אִיז גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיטְלִיכֶעם צוּם נוּצֶען אִין כְּלַל. 8 וָוארִין צוּ אֵיינֶעם
אִיז גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט דָאס וָוארְט פוּן וֵוייזְהֵייט, אוּן צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען
דָאס וָוארְט פוּן דֶערְקֶענְטְנִיס נָאךְ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט, 9 צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען
גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט, אוּן צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען מַתָּנוֹת פוּן רְפוּאוֹת
דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶען גֵייסְט, 10 אוּן צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען דָאס וִוירְקֶען פוּן מַאכְט,
אוּן צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען נְבוּאוֹת צוּ זָאגֶען, אוּן צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען גֵייסְטֶער צוּ
אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען, צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען פֶערְשִׁידֶענֶע אַרְט פוּן לְשׁוֹנוֹת, אוּן צוּ אֵיין
אַנְדֶערֶען לְשׁוֹנוֹת צוּ פֶערְטֵייטְשֶׁען. 11 אָבֶּער דָאס אַלֶעס וִוירְקְט אֵיין אוּן
דֶער זֶעלְבִּיגֶע גֵייסְט, אִינְדֶעם עֶר טְהֵיילְט אָפּ צוּ אִיטְלִיכֶעם נָאךְ זַיין וִוילֶען.

12 וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער לֵייבּ אִיז אֵיינְס אוּן הָאט פִילֶע גְלִידֶער, אָבֶּער אַלֶע
גְלִידֶער פוּן דֶעם אֵיינֶען לֵייבּ וֶוען אוֹיךְ זַייא זֶענֶען פִילֶע זֶענֶען זַייא דָאךְ אֵיין
לֵייבּ, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ. 13 וָוארִין דוּרְךְ אֵיין גֵייסְט זֶענֶען מִיר אַלֶע
אוֹיךְ גֶעטוּבֶלְט צוּ אֵיין לֵייבּ, אוֹיבּ מִיר זֶענֶען יוּדֶען אָדֶער גְרֶעקֶען, אוֹיבּ מִיר

וֶוענֶען קְנֶעכְט אָדֶער פְרֵייא. אוּן מִיר וֶוענֶען אַלֶע אָנְגֶעטְרוּנְקֶען אִין אֵיין
גֵייסְט. 14 וָוארִין אוֹיךְ דֶער לֵייבּ אִיז נִיט אֵיין גְלִיד, נֵייעֶרְט פִילֶע. 15 וֶוען דֶער
פוּס זָאל זָאגֶען, וַוייל אִיךְ בִּין נִיט דִיא הַאנְד, אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט פוּן דֶעם
לֵייבּ; נִיט דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶר נִיט פוּן דֶעם לֵייבּ. 16 אוּן וֶוען דָאס אוֹיעֶר
זָאל זָאגֶען, וַוייל אִיךְ בִּין נִיט דָאס אוֹיג, אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט פוּן דֶעם לֵייבּ;
נִיט דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶס נִיט פוּן דֶעם לֵייבּ. 17 וֶוען דֶער גַאנְצֶע לֵייבּ זָאל
זַיין אֵיין אוֹיג, וְואוּ וֶועט זַיין דָאס גֶעהֶער? וֶוען דָאס גַאנְצֶע זָאל זַיין גֶעהֶער,
וְואוּ וֶועט זַיין דָאס שְׁמֶעקֶען? 18 אָבֶּער אַצוּנְד הָאט גָאט דִיא גְלִידֶער גֶעזֶעצְט
אִיטְלִיכֶעס אִים לֵייבּ, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעוָואלְט. 19 אוּן וֶוען אַלֶע זָאלֶען זַיין
אֵיין גְלִיד, וְואוּ וֶועט זַיין דֶער לֵייבּ? 20 אָבֶּער אַצוּנְד זֶענֶען דָא פִילֶע גְלִידֶער,
אוּן דָאךְ אֵיין לֵייבּ. 21 אוּן דָאס אוֹיג קֶען נִיט זָאגֶען צוּ דֶער הַאנְד, אִיךְ
בֶּעדַארְף דִיךְ נִיט; אָדֶער ווִידֶער דֶער קָאפּ צוּ דִיא פִיס, אִיךְ בֶּעדַארְף אֵייךְ
נִיט. 22 נֵייעֶרְט פִיל מֶעהְר דִיא גְלִידֶער פוּן דֶעם לֵייבּ וָואס מִיר בֶּעטְרַאכְטֶען
אַז דִיא שְׁוַואכְסְטֶען זֶענֶען נֶעטִיג, 23 אוּן דִיא גְלִידֶער פוּן דֶעם לֵייבּ וָואס מִיר
בֶּעטְרַאכְטֶען אַז מִיאוּסֶע, צוּ דִיא טְהוּן מִיר מֶעהְר כָּבוֹד אָן, אוּן דִיא וָואס
זֶענֶען נִיט אַנְשְׁטֶענְדִיג, דִיא זֶענֶען מֶעהְר אַנְשְׁטֶענְדִיג גֶעהַאלְטֶען; 24 אָבֶּער
אוּנְזֶערֶע אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע גְלִידֶער בֶּעדַארְפֶען עֶס נִיט. אָבֶּער גָאט הָאט דֶעם
לֵייבּ צוּזַאמֶענְגֶעהֶעפְט, אוּן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם טְהֵייל וָואס הָאט אַ חִסָרוֹן
מֶעהְר כָּבוֹד. 25 כְּדֵי עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע מַחֲלוֹקֶת אִים לֵייבּ, נֵייעֶרְט דִיא
גְלִידֶער זָאלֶען אֵיינְס פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען גְלֵייךְ זָארְגֶען. 26 אוּן וֶוען אֵיין גְלִיד
לֵיידֶעט, אַזוֹי לֵיידֶען אַלֶע גְלִידֶער דֶערְמִיט; וֶוען אַ גְלִיד אִיז גֶעעֶהְרְט, אַזוֹי
פְרֵייעֶן זִיךְ אַלֶע גְלִידֶער צוּזַאמֶען. 27 אוּן אִיהְר זֶענְט דֶער לֵייבּ פוּן מָשִׁיחַ,
אוּן גְלִידֶער יֶעדֶער נָאךְ זַיין טְהֵייל.

28 אוּן גָאט הָאט עֶטְלִיכֶע אִין דֶער קְהִלָּה אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט, עֶרְשְׁטֶענְס אַפָּאסְ־
טֶעל, צְווייטֶענְס נְבִיאִים, דְרִיטֶענְס לֶעהְרֶער, דֶערְנָאךְ גְבוּרוֹת, דֶערְנָאךְ מַתָּנוֹת
פוּן רְפוּאוֹת, הֶעלְפֶער, רֶעגִירוּנְגֶען, פֶערְשִׁידֶענֶע אַרְט פוּן לְשׁוֹנוֹת. 29 זֶענֶען
אַלֶע אַפָּאסְטֶעל? זֶענֶען אַלֶע נְבִיאִים? זֶענֶען אַלֶע לֶעהְרֶער? זֶענֶען אַלֶע
גְבוּרוֹת? 30 הָאבֶּען אַלֶע מַתָּנוֹת פוּן רְפוּאוֹת? רֶעדֶען אַלֶע לְשׁוֹנוֹת? זֶענֶען
אַלֶע פֶערְטֵייטְשֶׁער פוּן לְשׁוֹנוֹת? 31 אָבֶּער בֶּעגֶעהְרְט אִיהְר שְׁטַארְק דִיא גְרוֹי־
סֶערֶע מַתָּנוֹת. אוּן נָאךְ אַ בֶּעסֶערֶען וֶועג ווַייז אִיךְ אֵייךְ.

יג 1 וֶוען אִיךְ רֶעד מִיט לְשׁוֹנוֹת פוּן מֶענְשֶׁען אוּן פוּן מַלְאָכִים אוּן הָאבּ נִיט
קֵיינֶע לִיבֶּע, אַזוֹי בִּין אִיךְ ווִיא שַׁאלֶענְדִיגֶעס קוּפֶּער אָדֶער אַ קְלִינְגֶענְדֶער צִימְבֶּעל.
2 אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיא מַתָּנָה פוּן נְבוּאוֹת, אוּן ווַייס אַלֶע סוֹדוֹת אוּן אַלֶע
דֶערְקֶענְטְנִיס, אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ אַלֶען גְלוֹיבֶּען אַפִּילוּ בֶּערְג אַוֶועקְצוּרִיקֶען,
אוּן הָאבּ נִיט קֵיינֶע לִיבֶּע, אַזוֹי בִּין אִיךְ גָאר נִיט. 3 אוּן וֶוען אִיךְ צוּטְהֵייל מֵיין
גַאנְצֶעס פֶערְמֶעגֶען, אוּן וֶוען אִיךְ גִיבּ מֵיין לֵייבּ אַז עֶר זָאל פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען,
אוּן הָאבּ נִיט קֵיינֶע לִיבֶּע, אַזוֹי נוּצְט עֶס מִיר גָאר נִיט. 4 דִיא לִיבֶּע אִיז גֶעד־
וּלְדִיג, דִיא לִיבֶּע אִיז גִיטִיג, דִיא לִיבֶּע אִיז נִיט מְקַנֵּא, דִיא לִיבֶּע בַּארִיהְמְט

זִיךְ נִיט אוּן אִיז נִיט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, 5 זִיא אִיז נִיט אוּנְאַנְשְׁטֶענְדִיג, זִיא זוּכְט
נִיט אִיהְר אֵייגֶענֶעס, װֶערְט נִיט אִין כַּעַס, זִיא טְרַאכְט נִיט פוּן אִיבֶּעל, 6 זִיא
פְרֵייעֶט זִיךְ נִיט אִין אוּנְרֶעכְט, אָבֶּער זִיא פְרֵייעֶט זִיךְ מִיט דֶער װָאהְרְהֵייט;
7 זִיא דֶערְטְרָאגְט אַלֶעס, גְלוֹיבְּט אַלֶעס, הָאפְט אוֹיף אַלֶעס, אִיז גֶעדוּלְדִיג אִין
אַלֶעס. 8 דִיא לִיבֶּע פֶעהְלְט קֵיין מָאל; אָבֶּער אוֹיב עֶס זֶענֶען נְבוּאוֹת װֶעלֶען
זֵייא אָפְּגֶעטְהוּן װֶערֶען, אָדֶער לְשׁוֹנוֹת װֶעלֶען זֵייא אוֹיפְהֶערֶען, אָדֶער דֶערְ־
קֶענְטְנִים װֶעט זִיא אָפְּגֶעטְהוּן װֶערֶען. 9 װָארִין מִיר װִיסֶען צוּם טְהֵייל אוּן
זָאגֶען נְבוּאוֹת צוּם טְהֵייל; 10 אָבֶּער װֶען דָאס פָאלְקָאמֶענֶע װֶעט קוּמֶען, װֶעט
דָאס װָאס אִיז צוּם טְהֵייל אָפְּגֶעטְהוּן װֶערֶען. 11 װֶען אִיךְ בִּין גֶעװֶען אַ
קִינְד, הָאבּ אִיךְ װִיא אַ קִינְד גֶערֶעט, װִיא אַ קִינְד פֶערְשְׁטַאנֶען, װִיא אַ
קִינְד גֶעדֶענְקְט; װֶען אִיךְ בִּין אַ מַאן גֶעװָארֶען, הָאבּ אִיךְ דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם
קִינְד אַװֶעקְגֶעלֶעגְט. 12 װָארִין אַצוּנְד זֶעהֶען מִיר דוּרְךְ אַ שְׁפִּיגֶעל װִיא אִין אַ
רֶעטְזֶעל, דָאךְ דַאן װֶעלֶען מִיר זֶעהֶען פָּנִים לְפָנִים; אַצוּנְד װֵייס אִיךְ צוּם
טְהֵייל, דָאךְ דַאן װֶעל אִיךְ דֶערְקֶענֶען גְלֵייךְ װִיא אִיךְ בִּין אוֹיךְ דֶערְקֶענְט.
13 אָבֶּער אַצוּנְד בְּלֵייבֶּען דִיזֶע דְרֵייא, גְלוֹיבֶּען הָאפְנוּנְג אוּן לִיבֶּע; אָבֶּער גְרֶע־
סֶער װִיא דִיזֶע אִיז דִיא לִיבֶּע.

**יד** 1 פָאלְגְט נָאךְ דֶער לִיבֶּע, דָאךְ בֶּעגֶעהְרְט שְׁטַארְק גֵייסְטְלִיכֶע מַתָּנוֹת
אָבֶּער נָאךְ מֶעהְר אַז אִיהְר זָאלְט נְבוּאוֹת זָאגֶען. 2 װָארִין דֶער װָאס רֶעט אִין
אַ לָשׁוֹן, רֶעט נִיט צוּ מֶענְשֶׁען נֵייעֶרְט צוּ גָאט; װָארִין קֵיינֶער הֶערְט עֶס,
אָבֶּער אִים גֵייסְט רֶעט עֶר סוֹדוֹת. 3 אָבֶּער דֶער װָאס זָאגְט נְבוּאוֹת, רֶעט צוּ
מֶענְשֶׁען צוּ זֵייעֶרֶע בֶּעסֶערוּנְג אוּן װָארְנוּנְג אוּן טְרֵייסְט. 4 דֶער װָאס רֶעט אִין
אַ לָשׁוֹן בֶּעסֶערְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער דֶער װָאס זָאגְט נְבוּאוֹת בֶּעסֶערְט דִיא
קְהִלָּה. 5 אִיךְ װִיל אַז אִיהְר זָאלְט אַלֶע רֶעדֶען לְשׁוֹנוֹת, אָבֶּער לִיבֶּער אַז אִיהְר
זָאלְט נְבוּאוֹת זָאגֶען; אוּן דֶער װָאס זָאגְט נְבוּאוֹת אִיז גְרֶעסֶער װִיא דֶער װָאס
רֶעט לְשׁוֹנוֹת, סַיידֶען װֶען אֵיינֶער װֶעט אוֹיסְלֶעגֶען, כְּדֵי דִיא קְהִלָּה זָאל זִיךְ
בֶּעסֶערְן. 6 אוּן אַצוּנְד, בְּרִידֶער, װֶען אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ קוּמֶען אוּן זָאל לְשׁוֹנוֹת
רֶעדֶען װָאס װֶעל אִיךְ אֵייךְ נוּצֶען, סַיידֶען אִיךְ װֶעל צוּ אֵייךְ רֶעדֶען עֶנְטְװֶעדֶער
אִין אַנְטְפְּלֶעקוּנְג, אָדֶער אִין דֶערְקֶענְטְנִיס, אָדֶער אִין נְבוּאוֹת, אָדֶער אִין
לֶעהְרֶע? 7 אַפִילוּ אוֹיךְ דִיא זַאכֶען אָהְן לֶעבֶּען װֶען זֵייא גֶעבֶּען אַרוֹיס אַ קוֹל,
אוֹיךְ אַ פֵייף אָדֶער אַ הַארְפֶּע, װֶען זֵייא מַאכֶען נִיט קֵיין אוּנְטֶערְשִׁיד אִין
דִיא קוֹלוֹת, װִיא אַזוֹי װֶעט מֶען װִיסֶען װָאס זֵייא פֵייפֶען אָדֶער שְׁפִּילֶען?
8 װָארִין װֶען אוֹיךְ אַ טְרָאמְפֶּעט זָאל אַ קוֹל נִיט קְלָאר גֶעבֶּען, װֶער װֶעט זִיךְ
פָארְבְּרֵייטֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה? 9 אַזוֹי אִיהְר אוֹיךְ װֶען אִיהְר גִיבְּט נִיט קֵיינֶע
פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע רֶעד דוּרְךְ דֶעם לָשׁוֹן, װִיא אַזוֹי זָאל מֶען װִיסֶען װָאס אִיז
גֶעשְׁפְּרָאכֶען? װָארִין אִיהְר װֶעט צוּם װִינְד רֶעדֶען. 10 עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען
אַלֶערְלֵייא מִינִים פוּן קוֹלוֹת אִין דֶער װֶעלְט, אוּן קֵיינֶער אִיז אָהְן אַ קוֹל;
11 דְרוּם װֶען אִיךְ װֵייס נִיט דִיא קְרַאפְט פוּן דֶעם קוֹל, אַזוֹי װֶעל אִיךְ זַיין אַ
פְרֶעמְדֶער צוּ דֶעם װָאס רֶעט, אוּן דֶער װָאס רֶעט װֶעט זַיין אַ פְרֶעמְדֶער צוּ

מִיר. 12 אַזוי אויךְ אִיהְר, וֵויל אִיהְר בֶּעגֶעהְרְט גֵייסְטְלִיכֶע מַתָּנוֹת, זוּכְט אַז
אִיהְר זָאלְט נָאךְ מֶעהְר בֶּעקוּמֶען צוּ דֶער פֶערְבֶּעסֶערוּנְג פוּן דֶער קְהִלָּה.
13 דְרוּם דֶער וָואס רֶעט אִין אַ לָשׁוֹן, לָאז עֶר בֶּעטֶען עֶר זָאל זַיין אֵיין
אויסְלֶעגֶער. 14 וָוארִין וֶוען אִיךְ בֶּעט אִין אַ לָשׁוֹן, בֶּעט מֵיין גֵייסְט,
אָבֶּער מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד בְּלֵייבְּט אָהְן פְרוּכְט. 15 וָואס אִיז עֶס דֶען? אִיךְ וֶועל
בֶּעטֶען מִיט דֶעם גֵייסְט, אוּן אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען מִיט דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד; אִיךְ
וֶועל לוֹיבּ זִינְגֶען מִיט דֶעם גֵייסְט, אוּן אִיךְ וֶועל לוֹיבּ זִינְגֶען מִיט דֶעם פֶערְ־
שְׁטַאנְד. 16 וָוארִין וֶוען דוּא מַאכְסְט בְּרָכָה מִיט דֶעם גֵייסְט, וִויא אַזוי זָאל
דֶער וָואס שְׁטֶעהְט אִים אָרְט פוּן דֶעם אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶען צוּ דֵיינֶע בְּרָכָה זָאגֶען
אָמֵן? וָוארִין עֶר ווייסְט נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט. 17 וָוארִין דוּא מַאכְסְט אַוַדאי
שֶׁעהְן אַ בְּרָכָה, אָבֶּער דֶער אַנְדֶערֶער אִיז נִיט גֶעבֶּעסֶערְט. 18 אִיךְ דַאנְק גָאט
אַז אִיךְ רֶעד לְשׁוֹנוֹת מֶעהְר וִויא אִיהְר אַלֶע; 19 אָבֶּער אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג
וִויל אִיךְ לִיבֶּער רֶעדֶען פִינְף וֶוערְטֶער מִיט מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד, כְּדֵי אִיךְ זָאל
אַנְדֶערֶע אויךְ לֶעהְרֶען, אֵיידֶער צֶעהְן טוֹיזֶענְד וֶוערְטֶער מִיט אַ לָשׁוֹן.
20 בְּרִידֶער, זַייט נִיט קְלֵיינֶע קִינְדֶער אִין פֶערְשְׁטַאנְד, נֵייעֶרְט זַייט קִינְדֶער אִין
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אָבֶּער אִין פֶערְשְׁטַאנְד זַייט פָאלְקָאמֶען. 21 עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׂרִי־
בֶּען אִין דֶער תּוֹרָה, אִין אַנְדֶערֶע לְשׁוֹנוֹת אוּן מִיט דִיא לֶעפְּצֶען פוּן אַנְדֶערֶע
וֶועל אִיךְ רֶעדֶען צוּ דִיזֶעם פָאלְק, אוּן אַפִילוּ אַזוי וֶועלֶען זַייא מִיךְ נִיט צוּהֶע־
רֶען, זָאגְט דֶער הַאר. 22 אַזוי דֶען לְשׁוֹנוֹת זֶענֶען פַאר אַ צֵייכֶען נִיט צוּ דִיא
וָואס גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע; אָבֶּער דָאס נְבוּאוֹת זָאגֶען אִיז אַ
צֵייכֶען נִיט צוּ דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע, נֵייעֶרְט צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען.
23 דְרוּם וֶוען דִיא גַאנְצֶע קְהִלָּה קוּמְט צוּזַאמֶען אויף אֵיין אָרְט, אוּן אַלֶע
רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת, אוּן עֶס קוּמֶען אַרֵיין אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶע אָדֶער אוּנְ־
גְלוֹיבִּיגֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלֶען זַייא נִיט זָאגֶען אַז אִיהְר זֶענְט מְשׁוּגָע? 24 אָבֶּער
וֶוען אַלֶע זָאגֶען נְבוּאוֹת אוּן אֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער אָדֶער אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶער קוּמְט
אַרֵיין, אַזוי אִיז עֶר פוּן אַלֶע אִיבֶּערְצֵייגְט, אוּן פוּן אַלֶע גֶערִיכְטֶעט, 25 אוּן
דִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען פוּן זַיין הַארְץ זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט; אוּן אַזוי וֶועט
עֶר אויף זַיין פָּנִים פַאלֶען אוּן וֶועט גָאט אַנְבֶּעטֶען, אוּן וֶועט דֶערְצֶעהְלֶען
אַז גָאט אִיז אַוַדאי צְווִישֶׁען אֵייךְ.
26 וָואס אִיז עֶס דֶען, בְּרִידֶער? וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען הָאט אִיטְלִיכֶער
אַ מִזְמוֹר, הָאט אַ לֶעהְרֶע, הָאט אֵיין אַנְטְפְּלֶעקוּנְג, הָאט אַ לָשׁוֹן, הָאט
אֵיין אויסְלֶעגוּנְג; לָאז אַלֶעס צוּ פֶערְבֶּעסֶערוּנְג גֶעשֶׁעהֶען. 27 וֶוען אֵיינֶער
רֶעט מִיט אַ לָשׁוֹן, לָאז עֶס זַיין צְווֵייא אָדֶער צוּם מֵייסְטֶען דְרֵייא, אוּן אֵיינֶער
נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּן לָאז אֵיינֶער אויסְלֶעגֶען. 28 אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז נִיט
דָא קֵיין אויסְלֶעגֶער, לָאז עֶר שְׁטִיל שְׁווייגֶען אִין דֶער קְהִלָּה, אוּן לָאז עֶר
רֶעדֶען צוּ זִיךְ אַלֵיין אוּן צוּ גָאט. 29 אוּן לָאזֶען דִיא נְבִיאִים רֶעדֶען צְווֵייא
אָדֶער דְרֵייא, אוּן לָאזֶען דִיא אַנְדֶערֶע רִיכְטֶען; 30 אוּן וֶוען עֶס וֶועט עֶפֶּעס

21 ישעיה כח׳ יא׳, יב׳.

אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען וָואס זִיצְט דֶערְבֵּייא, לָאז דֶער עֶרְשְׁטֶער
שְׁטִיל שְׁווייגֶען. 31 וָוארִין אִיהְר קֶענְט אַלֶע נְבוּאוֹת זָאגֶען אֵיינֶער נָאךְ דֶעם
אַנְדֶערֶען, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען לֶערְנֶען אוּן אַלֶע זָאלֶען גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען. 32 אוּן
דִיא גֵייסְטֶער פוּן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דִיא נְבִיאִים; 33 וָוארִין
גָאט אִיז נִיט פוּן גֶעטוּמֶעל, נֵייעֶרְט פוּן פְּרִידֶען.
אַזוֹי וִויא אִין אַלֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע 34 לָאזֶען אֵייעֶרֶע
פְרוֹיעֶן אִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְגֶען שְׁטִיל שְׁווייגֶען; וָוארִין זֵייא זָאלֶען נִיט רֶעדֶען,
נֵייעֶרְט אוּנְטֶערְטֶענִיג זֵיין, אַזוֹי וִויא דִיא תּוֹרָה אוֹיךְ זָאגְט. 35 אָבֶּער וֶוען זֵייא
ווִילֶען עֶפֶּעס לֶערְנֶען, לָאזֶען זֵייא אִין דֶער הֵיים זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע מֶענֶער
פְרֶעגֶען; וָוארִין עֶס אִיז אַ בּוּשָׁה פַאר אַ פְרוֹיא צוּ רֶעדֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְ־
לוּנְג. 36 אִיז דֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט פוּן אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אָדֶער אִיז
עֶס נוּר צוּ אֵייךְ אַלֵיין גֶעקוּמֶען? 37 וֶוען אֵיינֶער דֶענְקְט זִיךְ אַז עֶר אִיז אַ
נָבִיא אָדֶער אַ בֶּעגֵייסְטֶעטֶער, לָאז עֶר דֶערְקֶענֶען אַז דָאס וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ
צוּ אֵייךְ אִיז אַ גֶעבָּאט פוּן דֶעם הַאר'ן; 38 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער אִיז אוּנְווִיסֶענְד,
לָאז עֶר אוּנְווִיסֶענְד זֵיין. 39 דְרוּם מֵיינֶע בְּרִידֶער, בֶּעגֶעהְרְט שְׁטַארְק נְבוּאוֹת
צוּ זָאגֶען, אוּן פֶערְוֶועהְרְט נִיט צוּ רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת. 40 לָאז אַלֶעס אָנְ־
שְׁטֶענְדִיג אוּן אָרְדֶענְטְלִיךְ גֶעטְהוּן וֶוערֶען.
טו 1 נוּן לָאז אִיךְ אֵייךְ ווִיסֶען, בְּרִידֶער, דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ
אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט אוֹיךְ דֶערְהַאלְטֶען, אִין וֶועלְכֶער אוֹיךְ אִיהְר
שְׁטֶעהְט, 2 דוּרְךְ וֶועלְכֶע אִיהְר וֶוערְט אוֹיךְ גֶערֶעטֶעט וֶוען אִיהְר הַאלְט פֶּעסְט
דָאס וָוארְט מִיט וֶועלְכֶעם אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, סֵיידֶען אִיהְר הָאט
אוּמְזוּסְט גֶעגְלוֹיבְּט. 3 וָוארִין אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ צוּעֶרְשְׁט דָאס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען,
וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ דֶערְהַאלְטֶען, אַז מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע
זִינְד נָאךְ דִיא שְׁרִיפְטֶען, 4 אוּן אַז עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּן דֶעם
דְרִיטֶען טָאג אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען נָאךְ דִיא שְׁרִיפְטֶען; 5 אוּן אַז עֶר הָאט זִיךְ
בֶּעוִויזֶען צוּ כֵּיפָא דֶערְנָאךְ צוּ דִיא צְוֶועלְף; 6 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּעוִויזֶען
צוּ מֶעהְר ווִיא פִינְף הוּנְדֶערְט בְּרִידֶער אוֹיף אַמָאל, פוּן וֶועלְכֶע דִיא
מֵייסְטֶע בְּלֵייבֶּען בִּיז אַצוּנְד, אָבֶּער עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען; 7 דֶערְנָאךְ
הָאט עֶר זִיךְ צוּ יַעֲקֹב בֶּעוִויזֶען, דֶערְנָאךְ צוּ אַלֶע אַפָּאסְטֶעל; 8 אוּן צוּלֶעצְט
הָאט עֶר זִיךְ צוּ מִיר אוֹיךְ בֶּעוִויזֶען, אַזוֹי וִויא צוּם אוּנְצֵייטִיגֶען קִינְד. 9 וָוארוּם
אִיךְ בִּין דֶער קְלֵיינְסְטֶער צְווִישֶׁען דִיא אַפָּאסְטֶעל, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אֵיין
אַפָּאסְטֶעל גֶערוּפֶען צוּ וֶוערֶען, ווֵייל אִיךְ הָאבּ דִיא קְהִלָּה פוּן גָאט פֶערְפָאלְגְט.
10 אָבֶּער דוּרְךְ דֶער גְנָאד פוּן גָאט בִּין אִיךְ וָואס אִיךְ בִּין, אוּן זֵיינֶע גְנָאד
קֶעגֶען מִיר אִיז נִיט אוּמְזוּסְט גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ מֶעהְר וִויא זֵייא
אַלֶע גֶעאַרְבֵּייט, אָבֶּער נִיט אִיךְ, נֵייעֶרְט דִיא גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז מִיט
מִיר. 11 דְרוּם וֶוען אִיךְ בִּין עֶס אָדֶער זֵייא, אַזוֹי פְּרֶעדִיגֶען מִיר, אוּן אַזוֹי
הָאט אִיהְר גֶעגְלוֹיבְּט.
12 אָבֶּער וֶוען מָשִׁיחַ אִיז גֶעפְּרֶעדִיגְט, אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִיא

טויטֶע, וויא אַזוי זָאגֶען עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ אַז עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנֶען קֵיין
תְּחִיַּת הַמֵּתִים? 13 אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנֶען קֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים,
אַזוי אִיז מָשִׁיחַ אוֹיךְ נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. 14 אוּן וֶוען מָשִׁיחַ אִיז נִיט אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען אַזוי אִיז אוּנְזֶער פְּרֶעדִיגֶען אוּמְזוּסְט, אוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אִיז אוֹיךְ
אוּמְזוּסְט. 15 אוּן מִיר זֶענֶען אוֹיךְ אַלְס פַאלְשֶׁע עֵדוּת פוּן גָאט גֶעפִינֶען, וַוייל
מִיר הָאבֶּען עֵדוּת גֶעזָאגְט אוֹיף גָאט אַז עֶר הָאט דֶעם מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט,
וֶועלְכֶען עֶר הָאט נִיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט, וֶוען דִיא טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען נִיט אוֹיף.
16 וָוארִין וֶוען דִיא טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען נִיט אוֹיף, אַזוי אִיז מָשִׁיחַ אוֹיךְ נִיט אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען; 17 אוּן וֶוען מָשִׁיחַ אִיז נִיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוי אִיז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען
אֵייטֶעל, אִיהְר זֶענְט נָאךְ אִין אֵייעֶרֶע זִינְד. 18 אַזוי דֶען אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען
אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אִין מָשִׁיחַ זֶענֶען פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען. 19 וֶוען נוּר
אִין דִיזֶעם לֶעבֶּען הָאבֶּען מִיר אִין מָשִׁיחַ גֶעהָאפְט, זֶענֶען מִיר עֶלֶענְדֶער וִויא
אַלֶע מֶענְשֶׁען.

20 נוּן אָבֶּער אִיז מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע אַלְס דִיא עֶרְשְׁטֶע
פְרוּכְט פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען. 21 וָוארִין וֶוען דוּרְךְ אַ מֶענְשֶׁען
אִיז דֶער טוֹיט, אַזוי דוּרְךְ אַ מֶענְשֶׁען אִיז דִיא אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג פוּן דִיא
טוֹיטֶע. 22 וָוארִין גְלֵייךְ וִויא אִין אָדָם אַלֶע שְׁטַארְבֶּען, אַזוי וֶועלֶען אַלֶע
אִין מָשִׁיחַ לֶעבֶּענְדִיג וֶוערֶען. 23 אָבֶּער אִיטְלִיכֶער אִין זַיינֶע אָרְדְנוּנְג; מָשִׁיחַ
אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט, דֶערְנָאךְ דִיא וָואס גֶעהֶערֶען צוּם מָשִׁיחַ וֶוען עֶר וֶועט
קוּמֶען; 24 דֶערְנָאךְ דֶער סוֹף, וֶוען עֶר וֶועט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ
גָאט דֶעם פָאטֶער, וֶוען עֶר וֶועט אַלֶע הֶערְשַׁאפְט אוּן אַלֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט אוּן
מַאכְט צוּשְׁטֶערֶען. 25 וָוארִין עֶר מוּז הֶערְשֶׁען בִּיז עֶר וֶועט לֶעגֶען אַלֶע
פֵיינְד אוּנְטֶער זַיינֶע פִיס. 26 דֶער לֶעצְטֶע פֵיינְד וָואס וֶועט צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען
אִיז דֶער טוֹיט. 27 וָוארִין עֶר הָאט אַלֶעס אוּנְטֶער זַיינֶע פִיס אוּנְטֶערְטֶענִיג
גֶעמַאכְט; אָבֶּער וֶוען עֶר זָאגְט אַז אַלֶעס אִיז צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט,
אַזוי אִיז עֶס קְלָאר אַז דֶער אִיז אוֹיסְגֶענוּמֶען וֶועלְכֶער הָאט אַלֶעס צוּ אִיהְם
אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט. 28 אוּן וֶוען אַלֶעס אִיז צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶע־
מַאכְט, דַאן וֶועט דֶער זוּהְן אַלֵיין אוֹיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט וֶוערֶען צוּ
דֶעם וֶועלְכֶער הָאט אַלֶעס צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, כְּדֵי גָאט זָאל זַיין
אַלֶעס אִין אַלֶעס.

29 וֶוען נִיט, וָואס וֶועלֶען דִיא טְהוּן וָואס זֶענֶען פַאר דִיא טוֹיטֶע גֶעטוּבֶלְט?
וֶוען דִיא טוֹיטֶע זָאלֶען דוּרְכְאוֹיס נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, וָוארוּם זֶענֶען זַייא גֶעטוּבֶלְט
פַאר דִיא טוֹיטֶע? 30 וָוארוּם אוֹיךְ זֶענֶען מִיר אַלֶע שָׁעָה אִין אַ סַכָּנָה? 31 אַזוי
וָואהְר וִויא בַּייא דֶעם רִיהְמֶען פוּן אֵייךְ וָואס אִיךְ הָאבּ אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
אוּנְזֶערֶעם הַאר׳ן, אִיךְ שְׁטַארְבּ טֶעגְלִיךְ. 32 וֶוען אוֹיף מֶענְשְׁלִיכֶער מִדָּה הָאבּ
אִיךְ גֶעפָאכְטֶען מִיט ווילְדֶע חַיּוֹת אִין עֶפֶעזוּס, וָואס נוּצְט עֶס מִיר? וֶוען
דִיא טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען נִיט אוֹיף, לָאזֶען מִיר עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען וָוארִין מָארְגֶען

32 ישעיה כב׳ יג׳,

שְׁטאַרְבֶּען מִיר. 33 לָאזְט אֵייךְ נִיט וֶועלְבְּסְט פֶּערְפִּיהְרֶען; שְׁלֶעכְטֶע אוּמְגֶעַנְג
פֶּערְדַארְבֶּען גוּטֶע מִנְהָגִים. 34 וֶוערְט נִיכְטֶערְן צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן זִינְדִיגְט
נִיט; וָוארִין עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען נִיט דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט; אִיךְ זָאג דָאס צוּ
אֵייעֶרֶע שַׁאנְד.

35 אָבֶּער אֵיימִיצֶער וֶועט זָאגֶען, וִויא אַזוֹי שְׁטֶעהֶען אוֹיף דִיא טוֹיטֶע? אוּן
מִיט וָואסְפַאר לֵייבֶּער קוּמֶען זֵייא? 36 דוּא נַאר, וָואס דוּא זֵייעֶסְט דָאס וֶוערְט
נִיט לֶעבֶּענְדִיג אוֹיסֶער עֶס שְׁטַארְבְּט; 37 אוּן דָאס וָואס דוּא זֵייעֶסְט, זֵייעֶסְט
דוּא נִיט דֶעם לֵייבּ וָואס וֶועט זַיין, נֵייעֶרְט בְּלוֹיסֶען זָאמֶען, זֵייא עֶס ווייץ
זֵייא עֶס עֶפֶּעס אַנְדֶערֶעס. 38 אָבֶּער גָאט גִיבְּט אִיהְם אַ לֵייבּ נָאךְ זַיין ווִילֶען,
אוּן צוּ אִיטְלִיכֶעס פוּן דִיא זָאמֶען זַיין אֵייגֶענֶען לֵייבּ. 39 נִיט אַלֶעס פְלֵייש
אִיז דָאס זֶעלְבִּיגֶע פְלֵייש, נֵייעֶרְט אֵיינְס אִיז דָאס פְלֵייש פוּן מֶענְשֶׁען, אוּן
אֵיין אַנְדֶערֶעס פְלֵייש פוּן בְּהֵמוֹת, אוּן אֵיין אַנְדֶערֶעס פוּן פֵייגֶעל, אוּן אֵיין
אַנְדֶערֶעס פוּן פִישׁ. 40 אוּן עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען הִימְלִישֶׁע לֵייבֶּער אוּן עֶרְדִי־
שֶׁע לֵייבֶּער; אָבֶּער דִיא הִימְלִישֶׁע הָאבֶּען אֵיין אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּן דִיא
עֶרְדִישֶׁע אֵיין אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט. 41 עֶס אִיז אֵיין אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט צוּ
דֶער זוּן, אוּן אֵיין אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט צוּ דֶער לְבָנָה, אוּן אֵיין אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְ־
קֵייט צוּ דִיא שְׁטֶערֶען; וָוארִין אַ שְׁטֶערְן אוּנְטֶערְשֵׁיידֶעט זִיךְ פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען
שְׁטֶערְן אִין הֶערְלִיכְקֵייט. 42 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ תְּחִיַת הַמֵתִים. עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט אִין
פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט, עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיף אִין אוּנְפֶערְדָארְבֶּענְהֵייט; 43 עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט
אִין שַׁאנְד, עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיף אִין הֶערְלִיכְקֵייט; עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט אִין שְׁוַואכְהֵייט,
עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיף מִיט מַאכְט; 44 עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט אַ נַאטִירְלִיכֶער לֵייבּ, עֶס
שְׁטֶעהְט אוֹיף אַ גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ. וֶוען עֶס אִיז פַארְהַאנֶען אַ נַאטוּרְלִיכֶער
לֵייבּ, אִיז עֶס אוֹיךְ פַארְהַאנֶען אַ גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ. 45 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט
אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער עֶרְשְׁטֶע מֶענְשׁ אָדָם אִיז אַ לֶעבֶּענְדִיגֶע זֶעלֶע גֶעוָוארֶען,
דֶער לֶעצְטֶע אָדָם אִיז אַ בֶּעלֶעבֶּענְדֶער גֵייסְט. 46 אָבֶּער דָאס גֵייסְטְלִיכֶע אִיז
נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע נֵייעֶרְט דָאס נַאטִירְלִיכֶע, דֶערְנָאךְ דָאס גֵייסְטְלִיכֶע. 47 דֶער
עֶרְשְׁטֶע מֶענְשׁ אִיז פוּן דֶער עֶרְד אוּן אִיז עֶרְדִישׁ, דֶער צְוֵוייטֶע מֶענְשׁ אִיז
דֶער הַאר פוּן דֶעם הִימֶעל. 48 אַזוֹי וִויא דֶער עֶרְדִישֶׁער אַזֶעלְכֶע זֶענֶען אוֹיךְ
דִיא וָואס זֶענֶען עֶרְדִישֶׁע, אוּן אַזוֹי וִויא דֶער הִימְלִישֶׁער אַזֶעלְכֶע זֶענֶען אוֹיךְ
דִיא וָואס זֶענֶען הִימְלִישֶׁע. 49 אוּן גְלֵייךְ וִויא מִיר הָאבֶּען דָאס בִּילְד פוּן דֶעם
עֶרְדִישֶׁען גֶעטְרָאגֶען, וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ דָאס בִּילְד פוּן דֶעם הִימְלִישֶׁען טְרָאגֶען.

50 אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ, בְּרִידֶער, אַז פְלֵייש אוּן בְּלוּט קֶענֶען נִיט יַרְשֶׁענֶען
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּן יַרְשֶׁעט נִיט אוֹיךְ דִיא פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט דָאס אוּנ־
פֶערְדָארְבֶּענֶע 51 זֶעה, אִיךְ זָאג אֵייךְ אַ סוֹד, מִיר וֶועלֶען נִיט אַלֶע אֵיינְשְׁלָאפֶען,
נוּר וֶועלֶען מִיר אַלֶע פֶערְוֶועקְסֶעלְט וֶוערֶען, 52 פְּלוּצְלִינְג, אִין אֵיין אוֹיגֶענְ־
בְּלִיק, בַּייא דֶעם לֶעצְטֶען שׁוֹפָר; וָוארִין מֶען וֶועט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, אוּן דִיא
טוֹיטֶע וֶועלֶען אוּנְפֶערְדָארְבֶּען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, אוּן מִיר וֶועלֶען פֶערְוֶועקְסֶעלְט

45 בראשית ב׳ ז׳.

וֶוערֶען. 53 וָוארִין דִיזֶעס פֶערְדָארְבֶּענֶע מוּז דִיא אוּנְפֶערְדָארְבֶּענְהֵייט אָנְטְהוּן, אוּן דִיזֶעס שְׁטֶערְבְּלִיכֶע מוּז אָנְטְהוּן דִיא אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט. 54 אָבֶּער וֶוען דִיזֶעס פֶּערְדָארְבֶּענֶע וֶועט דִיא אוּנְפֶערְדָארְבֶּענְהֵייט אָנְטְהוּן, אוּן דִיזֶעס שְׁטֶערְבְּלִיכֶע וֶועט דִיא אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט אָנְטְהוּן, דַאן וֶועט גֶעשֶׁעהֶען דָאס וָוארְט וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער טוֹיט אִיז אִים זִיג פֶערְשְׁלוּנְגֶען. 55 אָ טוֹיט, ווְאוּ אִיז דֵיין זִיג? אָ טוֹיט, ווְאוּ אִיז דֵיין שְׁטַאכֶעל? 56 דָאס שְׁטַאכֶעל פוּן דֶעם טוֹיט אִיז דִיא זִינְד, אוּן דִיא מַאכְט פוּן דֶער זִינְד אִיז דָאס גֶעזֶעץ; 57 אָבֶּער גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט דֶער גִיבְּט אוּנְז דֶעם זִיג דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן.

58 דְרוּם, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער, זַייט פֶעסְט, אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ, אוּן מֶעהְרְט אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִים וֶוערְק פוּן דֶעם הַאר'ן, וַוייל אִיהְר ווַייסְט אַז אֵייעֶרֶע אַרְבֵּייט אִיז נִיט אוּמְזוּסְט אִין דֶעם הַאר'ן.

טז 1 נוּן וֶועגֶען דִיא נְדָבוֹת וָואס זֶענֶען פַאר דִיא הֵיילִיגֶע גֶעזַאמֶעלְט, גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הָאבּ בֶּעפוֹילֶען צוּ דִיא קְהִלּוֹת פוּן גַאלַאטְיָא, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ טְהוּן. 2 אִים עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ לָאז אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ בֵּייא דֶער זַייט לֶעגֶען, אוּן לָאז עֶר אָפְּשְׁפָּארֶען אַזוֹי וִויא עֶר אִיז מַצְלִיחַ, כְּדֵי מֶען זָאל נִיט דַאן קֵיינֶע נְדָבוֹת זַאמְלֶען וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען. 3 אוּן וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען, וֶועל אִיךְ מִיט בְּרִיף שִׁיקֶען דִיזֶע וָואס אִיהְר וֶועט אַכְטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען אֵייעֶרֶע נְדָבָה בְּרֶענְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. 4 אוּן וֶוען עֶס וֶועט רֶעכְט זַיין אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ גֶעהֶען, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא מִיט מִיר גֶעהֶען.

5 אָבֶּער אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ קוּמֶען וֶוען אִיךְ וֶועל דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא דוּרְכְגֶעהֶען. וָוארִין אִיךְ וֶועל דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא דוּרְכְגֶעהֶען, 6 אוּן אֶפְשַׁר וֶועל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ בְּלֵייבֶּען אָדֶער אוֹיךְ אִיבֶּערְווִינְטֶערְן, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט מִיךְ פָארְטְשִׁיקֶען וִויא אַהִין אִיךְ וֶועל גֶעהֶען. 7 וָוארִין אִיךְ ווִיל אֵייךְ אַצוּנְד נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג זֶעהֶען; וָוארִין אִיךְ הָאף בֵּייא אֵייךְ פַאר אַ צֵייטְלַאנְג צוּ בְּלֵייבֶּען, וֶוען דֶער הַאר וֶועט דֶערְלוֹיבֶּען. 8 אָבֶּער אִיךְ וֶועל בְּלֵייבֶּען אִין עֶפֶעזוּס בִּיז שָׁבוּעוֹת; 9 וָוארִין אַ גְרוֹיסֶע אוּן מֶעכְטִיגֶע טְהִיר אִיז צוּ מִיר אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּן עֶס זֶענֶען דָא פִילֶע ווִידֶערְוֶוערְטִיגֶע.

10 נוּן וֶוען טִימוֹתִיוּס וֶועט קוּמֶען, גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז עֶר זָאל מִיט אֵייךְ אָהְן פָארְכְט זַיין; וָוארִין עֶר ווִירְקְט דָאס וֶוערְק פוּן דֶעם הַאר'ן אַזוֹי וִויא אוֹיךְ אִיךְ. 11 דְרוּם לָאז אִיהְם קֵיינֶער נִיט פֶערַאכְטֶען; אָבֶּער שִׁיקְט אִיהְם פָארְט אִין פְרִידֶען, כְּדֵי עֶר זָאל צוּ מִיר קוּמֶען; וָוארִין אִיךְ ווַארְט אוֹיף אִיהְם מִיט דִיא בְּרִידֶער. 12 אָבֶּער וֶועגֶען דֶעם בְּרוּדֶער אַפָּאלָאס, הָאבּ אִיךְ אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל צוּ אֵייךְ קוּמֶען מִיט דִיא בְּרִידֶער; אוּן עֶס אִיז גָאר נִיט גֶעוֶוען זַיין ווִילֶען אַז עֶר זָאל אַצוּנְד קוּמֶען; אָבֶּער עֶר וֶועט קוּמֶען וֶוען עֶר וֶועט אַ גוּטֶע צֵייט הָאבֶּען.

13 וַואכְט אִיהְר, שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, זַייט מֶענֶער, זַייט

54 ישעיה כה׳ ח׳, 55 הושע יג׳ יד׳,

שְׁטַארְק. 14 לָאזֶען אַלֶע אֵייעֶרֶע װֶערְק אִין לִיבֶּע גֶעשֶׁעהֶען.
15 אוּן אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער; אִיהְר קֶענְט דָאס הויז פוּן סְטֶעפַאנוּס, אַז
עֶס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרוּכְט פוּן אַכַאיָא, אוּן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעגֶעבֶּען דִיא
הֵיילִיגֶע צוּ בֶּעדִינֶען; 16 כְּדֵי אִיהְר אוֹיךְ זָאלְט אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ אַזֶעלְכֶע,
אוּן צוּ אִיטְלִיכֶען װָאס װִירְקְט מִיט אוּנְז אוּן אַרְבֵּייט. 17 אוּן אִיךְ פְרֵייא מִיךְ
אַז סְטֶעפַאנוּס אוּן פָארְטוּנַאטוּס אוּן אַכַאיָאקוּס זֶענֶען מִיט אוּנְז, װָארִין דָאס
װָאס פֶעהְלְט מִיר פוּן אֵייךְ הָאבֶּען זֵייא דֶערְפִילְט. 18 װָארִין זֵייא הָאבֶּען מֵיין
גֶעמִיט אוּן אֵייעֶרְס דֶערְפְרִישְׁט; דְרוּם דֶערְקֶענְט אַזֶעלְכֶע.
19 דִיא קְהִלוֹת פוּן אַסְיָא גְרִיסֶען אֵייךְ. אַקְוִילָא אוּן פְּרִיסְקָא גְרִיסֶען אֵייךְ
פִיל אִין דֶעם הַאר'ן, אוּן אוֹיךְ דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג װָאס אִיז אִין זֵייעֶר הויז.
20 אַלֶע בְּרִידֶער גְרִיסֶען אֵייךְ; גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אַ הֵיילִיגֶען
קִישׁ. 21 דֶער גְרוּס פוּן מִיר פּוֹלוֹס מִיט מֵיינֶע אֵייגֶענֶע הַאנְד.
22 װֶען אֵיינֶער לִיבְּט נִיט דֶעם הַאר'ן לָאז עֶר זַיין אַ חֵרֶם. מָרָן אָתָא.
23 דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ זֵייא מִיט אֵייךְ. 24 מֵיינֶע לִיבֶּע זֵייא מִיט
אֵייךְ אַלֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. אָמֵן.

---

## דֶער צְװֵייטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא קָארִינְטֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם װִילֶען פוּן גָאט, אוּן
טִימוֹתִיוּס דֶער בְּרוּדֶער, צוּ דֶער קְהִלָה פוּן גָאט װָאס אִיז אִין קָארִינְט מִיט
אַלֶע הֵיילִיגֶע װָאס זֶענֶען אִין גַאנְץ אַכַאיָא; 2 גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אוּן פְרִי־
דֶען פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען פָאטֶער אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
3 גֶעלוֹיבְּט זֵייא גָאט אוּן דֶער פָאטֶער פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
דֶער פָאטֶער פוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען אוּן גָאט פוּן אַלֶעם טְרֵייסְט, 4 דֶער
טְרֵייסְט אוּנְז אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע צָרוֹת, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֶענֶען טְרֵייסְטֶען דִיא
װָאס זֶענֶען אִין אַלֶערְלֵייא צָרוֹת מִיט דֶעם טְרֵייסְט מִיט דֶעם מִיר אַלֵיין זֶענֶען
פוּן גָאט גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען. 5 װָארִין גְלֵייךְ װִיא דִיא לֵיידֶען פוּן דֶעם מָשִׁיחַ
מֶעהְרֶען זִיךְ צוּ אוּנְז, אַזוֹי מֶעהְרְט זִיךְ אוֹיךְ אוּנְזֶער טְרֵייסְט דוּרְךְ דֶעם מָשִׁיחַ.
6 אוּן װֶען מִיר לֵיידֶען צָרוֹת, אִיז עֶס פַאר אֵייעֶר טְרֵייסְט אוּן יְשׁוּעָה; װֶען מִיר
זֶענֶען גֶעטְרֵייסְט, אִיז עֶס פַאר אֵייעֶר טְרֵייסְט װָאס אִיז מֶעכְטִיג אִין דֶער
גֶעדוּלְד פוּן דִיא זֶעלְבִּיגֶע צָרוֹת װָאס מִיר אוֹיךְ לֵיידֶען. 7 אוּן אוּנְזֶערֶע הָאפְ־
נוּנְג פַאר אֵייךְ אִיז פֶעסְט, װָארִין מִיר װִיסֶען אַז גְלֵייךְ װִיא אִיהְר הָאט אַ
טְהֵייל אִין דִיא לֵיידֶען, אַזוֹי אוֹיךְ אִין דֶעם טְרֵייסְט,

8 וָוארִין מִיר ווילֶען נִיט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט ווִיסֶען, בְּרִידֶער, וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע
צָרוֹת וָואס זֶענֶען אִין אַסְיָא גֶעשֶׁעהֶען, אַז מִיר הָאבֶּען אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע קְרַאפְט
שְׁוֶוער גֶעלִיטֶען, אַזוֹי אַז מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיף אוּנְזֶער לֶעבֶּען פֶערְצְוֵויפֶעלְט.
9 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען אַלֵיין אִין אוּנְז זֶעלְבְּסְט דִיא עֶנְטְפֶער פוּן טוֹיט גֶעהַאט,
כְּדֵי מִיר זָאלֶען זִיךְ נִיט אִין אוּנְז זֶעלְבְּסְט פֶערְטְרוֹיעֶן, נֵייעֶרְט אִין גָאט דֶער
מַאכְט לֶעבֶּעדִיג דִיא טוֹיטֶע; 10 דֶער הָאט אוּנְז פוּן אַזוֹי אַ גְרוֹיסֶען טוֹיט
גֶערֶעטֶעט, אוּן וֶועט אוּנְז רֶעטֶען, אִין וֶועלְכֶעם מִיר הָאפֶען אַז עֶר וֶועט אוּנְז
אוֹיךְ נָאךְ רֶעטֶען, 11 וֶוען אִיהְר אוֹיךְ וֶועט אוּנְז מִיטְהֶעלְפֶען אִין אֵייעֶר גֶעבֶּעט
פַאר אוּנְז, כְּדֵי פַאר דִיא מַתָּנָה צוּ אוּנְז וָואס מִיר הָאבֶּען דוּרְךְ פִילֶע
זָאלֶען פִילֶע פַאר אוּנְז דַאנְק גֶעבֶּען.

12 וָוארִין דָאס אִיז אוּנְזֶער רִיהְמֶען, דָאס בֶּעצֵייגְנִיס פוּן אוּנְזֶער גֶעווִיסֶען, אַז
מִיר הָאבֶּען אִין דֶער וֶועלְט גֶעהַאנְדֶעלְט מִיט גֶעטְלִיכֶע הֵיילִיגְקֵייט אוּן לוֹיט־
עֶרְקֵייט, נִיט מִיט מֶענְשְׁלִיכֶער ווֵייזְהֵייט נֵייעֶרְט אִין דֶער גְנָאד פוּן גָאט, אוּן
בֶּעזוּנְדֶער קֶעגֶען אֵייךְ. 13 וָוארִין מִיר שְׁרֵייבֶּען אֵייךְ נִיט קֵיינֶע אַנְדֶערֶע
זַאכֶען נֵייעֶרְט וָואס אִיהְר לֵיינְט אָדֶער אוֹיךְ בֶּעקֶענְט, אוּן אִיךְ הָאף אַז אִיהְר
וֶועט בִּיז צוּם סוֹף בֶּעקֶענֶען, 14 גְלֵייךְ ווִיא אִיהְר הָאט אוּנְז אוֹיךְ צוּם טְהֵייל
בֶּעקֶענְט, אַז מִיר זֶענֶען אֵייעֶרֶעס רִיהְמֶען אַזוֹי ווִיא אִיהְר אוֹיךְ זֶענְט אוּנְזֶערֶעס
אִים טָאג פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ.

15 אוּן אִין דִיזֶער פֶערְזִיכֶערוּנְג הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט צוּ אֵייךְ פְרִיהֶער קוּמֶען,
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אַ צְוֵויטֶע גְנָאד הָאבֶּען, 16 אוּן דוּרְךְ אֵייךְ קֵיין מַקְדוֹנְיָא צוּ
גֶעהֶען, אוּן ווִידֶער פוּן מַקְדוֹנְיָא צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, אוּן פוּן אֵייךְ קֵיין יְהוּדָה
פָארְטְגֶעשִׁיקְט צוּ וֶוערֶען. 17 דְרוּם וֶוען אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעוָואלְט בִּין אִיךְ
לֵייכְטזִינִיג גֶעוֶוען? אָדֶער דָאס וָואס אִיךְ ווִינְשׁ, ווִינְשׁ אִיךְ עֶס נָאךְ
דֶעם פְלֵיישׁ, אַז עֶס זָאל בֵּייא מִיר זַיין יָא יָא, אוּן נֵיין נֵיין? 18 אָבֶּער
אַזוֹי ווִיא גָאט אִיז גֶעטְרֵייא, אוּנְזֶער וָוארְט צוּ אֵייךְ אִיז נִיט יָא אוּן נֵיין.
19 וָוארִין דֶער זוּהְן פוּן גָאט יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶער אִיז דוּרְךְ אוּנְז צְווִישֶׁען אֵייךְ
גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוֶוען, דוּרְךְ מִיר אוּן סִילְוַואנוּס אוּן טִימוֹתִיוּס, אִיז נִיט יָא אוּן
נֵיין גֶעוֶוען, נֵייעֶרְט אִין אִיהְם אִיז יָא גֶעוֶוען. 20 וָוארִין ווִיא פִילֶע הַבְטָחוֹת פוּן
גָאט עֶס זֶענֶען, אִין אִיהְם זֶענֶען זֵייא יָא; דְרוּם אוֹיךְ דוּרְךְ אִיהְם אִיז עֶס אָמֵן
צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט דוּרְךְ אוּנְז. 21 אָבֶּער דֶער וָואס בֶּעפֶעסְטִינְט אוּנְז מִיט
אֵייךְ אִין מָשִׁיחַ אוּן הָאט אוּנְז גֶעזַאלְבְּט אִיז גָאט, 22 וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז אוֹיךְ
פֶערְזִיגֶעלְט, אוּן הָאט דִיא פֶערְזִיכֶערוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער
גֶעגֶעבֶּען.

23 נוּן רוּף אִיךְ גָאט צוּ עֵדוּת אִיבֶּער מֵיינֶע נְשָׁמָה, אַז אִיךְ בִּין קֵיין קָארִינְט
נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען כְּדֵי אֵייךְ צוּ שׁוֹינֶען. 24 נִיט אַז מִיר הֶערְשֶׁען אִיבֶּער אֵייעֶר
גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט מִיר זֶענֶען הֶעלְפֶער פוּן אֵייעֶרֶע פְרֵייד; וָוארִין אִיהְר שְׁטֶעהְט
דוּרְךְ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען.

ב 1 אָבֶּער דָאס הָאבּ אִיךְ פַאר מִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען, אַז אִיךְ זָאל נִיט ווִידֶער
טְרוֹיעֶרִיג צוּ אֵייךְ קוּמֶען. 2 וָוארִין וֶוען אִיךְ מַאךְ אֵייךְ טְרוֹיעֶרִיג, וֶוער מַאכְט
מִיךְ דֶען פְרֶעהְלִיךְ חוּץ דֶער וָואס אִיז דוּרְךְ מִיר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען? 3 אוּן
אִיךְ הָאבּ דָאס זֶעלְבִּיגֶע אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ
נִיט טְרוֹיעֶרִיג וֶוערֶען פוּן דִיא פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ זָאל פְרֵייד הָאבֶּען, ווֵייל אִיךְ
בִּין אוֹיף אֵייךְ אַלֶע פֶערְזִיכֶערְט אַז מֵיינֶע פְרֵייד אִיז דִיא פְרֵייד פוּן אֵייךְ אַלֶע.
4 וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט פִילֶע טְרֶערֶען אִין גְרוֹיסֶער צָרָה אוּן
אַנְגְסְט פוּן הַארְץ, נִיט כְּדֵי אִיהְר זָאלְט טְרוֹיעֶרִיג זַיין, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט דִיא
גְרוֹיסֶע לִיבֶּע ווִיסֶען וָואס אִיךְ הָאבּ נָאךְ מֶעהְר צוּ אֵייךְ.
5 אָבֶּער וֶוען אֵיימִיצֶער הָאט טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר מִיךְ נִיט
טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט, נֵייעֶרְט צוּם טְהֵייל אֵייךְ אַלֶע, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט אֵייךְ
שְׁוֶוער דְרִיקֶען. 6 דִיזֶע שְׁטְרָאף וָואס אִיז פוּן פִילֶע אִיז גֶענוּג פַאר אַזֶעלְכֶען,
7 אַזוֹי אַז אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִיהְר זָאלְט אִיהְם לִיבֶּער פֶערְגֶעבֶּען אוּן טְרֵייסְטֶען,
כְּדֵי אַזֶעלְכֶער זָאל נִיט אִין צוּ פִיל טְרוֹיעֶרְקֵייט פֶערְזִינְקֶען. 8 דְרוּם בֶּעט אִיךְ
אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט אִיהְם אֵייעֶרֶע לִיבֶּע בֶּעפֶעסְטִיגֶען. 9 וָוארִין פוּן דֶעסְטְ־
וֶועגֶען הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי אִיךְ זָאל אֵייעֶרֶעם בֶּעווֵייז ווִיסֶען, אוֹיבּ
אִיהְר זֶענְט אִין אַלֶע זַאכֶען גֶעהָארְזַאם. 10 וֶועמֶען אִיהְר פֶערְגִיבְּט עֶפֶּעס,
אַזוֹי פֶערְגִיבּ אִיךְ אוֹיךְ; וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס פֶערְגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ
עֶס פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען פֶערְגֶעבֶּען אִין דֶעם מָשִׁיחַ, 11 כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט
אִיבֶּערְפָארְטְהֵיילְט וֶוערֶען פוּן דֶעם שָׂטָן; וָוארִין מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְבֶּעקַאנְט
מִיט זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען.
12 אָבֶּער וֶוען אִיךְ בִּין קֵיין טְרוֹאַס גֶעקוּמֶען מַחְמַת דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן
מָשִׁיחַ, אוּן אַ טְהִיר אִיז צוּ מִיר אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הַאר'ן,
13 הָאבּ אִיךְ קֵיינֶע דֶערְקְווִיקוּנְג אִין מֵיין גֶעמִיט נִיט גֶעהַאט, ווֵייל אִיךְ הָאבּ מֵיין
בְּרוּדֶער טִיטוּס נִיט גֶעפִינֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ מִיךְ מִיט זֵייא גֶעזֶעגֶענְט אוּן
בִּין קֵיין מַקְדוֹנְיָא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. 14 נוּן גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט דֶער פִיהְרְט
אוּנְז בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין זִיג אִין דֶעם מָשִׁיחַ, אוּן דוּרְךְ אוּנְז אַנְטְפְּלֶעקְט
דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן זֵיינֶע דֶערְקֶענְטְנִיס אִין אַלֶע עֶרְטֶער. 15 וָוארִין מִיר זֶענֶען צוּ
גָאט אַ ווָאוֹילְגֶעשְׁמַאק פוּן מָשִׁיחַ אִין דִיא וָואס וֶוערֶען גֶערֶעטֶעט אוּן אִין דִיא
וָואס וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען; 16 צוּ דִיא אֵיינֶע זֶענֶען מִיר אַ גֶעשְׁמַאק פוּן טוֹיט
צוּם טוֹיט, אָבֶּער צוּ דִיא אַנְדֶערֶע אַ גֶעשְׁמַאק פוּן לֶעבֶּען צוּם לֶעבֶּען. אוּן
וֶוער טוֹיג צוּ דִיזֶע זַאכֶען? 17 וָוארִין מִיר זֶענֶען נִיט גְלֵייךְ ווִיא פִילֶע וָואס
פֶערְפֶעלְשֶׁען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, נֵייעֶרְט אַזוֹי ווִיא אוֹיס לוֹיטֶערְקֵייט אוּן
אַזוֹי ווִיא פוּן גָאט רֶעדֶען מִיר פָאר גָאט אִין מָשִׁיחַ.
ג 1 הֵייבֶּען מִיר ווִידֶער אָן זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ עֶמְפְּפֶעהְלֶען? אָדֶער בֶּעדַארְפֶען
מִיר, גְלֵייךְ ווִיא עֶטְלִיכֶע לֵייט, עֶמְפְּפֶעהְלְבְּרִיף צוּ אֵייךְ אָדֶער פוּן אֵייךְ? 2 אִיהְר
זֶענְט אוּנְזֶערֶע בְּרִיף, גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען
דֶערְקֶענְט אוּן גֶעלֵיינְט; 3 אִיהְר זֶענְט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אַז אִיהְר זֶענְט

דֶער בְּרִיף פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז צוּגֶעבְּרֵייט דוּרְךְ אוּנְז, אוּן אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען נִיט
מִיט טִינְט נֵייעֶרְט מִיט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, נִיט אוֹיף
שְׁטֵיינֶערְנֶע לוּחוֹת נֵייעֶרְט אוֹיף דִיא פְלֵיישֶׁערְנֶע לוּחוֹת פוּן דֶעם הַארְץ.
4 אוּן אַזֶעלְכֶעס פֶערְטְרוֹיעֶן הָאבֶּען מִיר צוּ גָאט דוּרְךְ דֶעם מָשִׁיחַ. 5 נִיט
אַז מִיר זֶענֶען אִים שְׁטַאנְד עֶפֶּעס פוּן אוּנְז זֶעלְבְּסְט צוּ דֶענְקֶען, אַזוֹי וִויא
פוּן אוּנְז זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט אוּנְזֶערֶע טוֹיגְלִיכְקֵייט אִיז פוּן גָאט, 6 וֶועלְכֶער הָאט
אוּנְז טוֹיגְלִיכֶע דִינֶער פוּן דֶעם נֵייעֶן בּוּנְד גֶעמַאכְט, נִיט פוּן דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ
נֵייעֶרְט פוּן דֶעם גֵייסְט; וָוארִין דֶער בּוּכְשְׁטַאבּ טֵייטֶעט, אָבֶּער דֶער גֵייסְט
מַאכְט לֶעבֶּעדִיג. 7 אָבֶּער וֶוען דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם טוֹיט, וָואס אִיז דוּרְךְ
בּוּכְשְׁטַאבֶּען אִין שְׁטֵיינֶער אוֹיסְגֶעקְרִיצְט, אִיז מִיט הֶערְלִיכְקֵייט גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי אַז
דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט דָאס פָּנִים פוּן מֹשֶׁה אָנְזֶעהֶען
וֶועגֶען דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיין פָּנִים וָואס אִיז צוּם פֶערְגֶעהֶען, 8 וִויא אַזוֹי
זָאל נִיט דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם גֵייסְט פִיל מֶעהְר מִיט הֶערְלִיכְקֵייט זַיין?
9 וָוארִין וֶוען דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם פֶערְשׁוּלְדֶען אִיז הֶערְלִיךְ, פִיל מֶעהְר דֶער־
לַאנְגְט גְרֶעסֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט דֶער דִינְסְט פוּן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 10 וָוארִין
אוֹיךְ דָאס פֶערְהֶערְלִיכְטֶע אִיז צוּם טְהֵייל נִיט הֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, דוּרְךְ דִיא פִיל
גְרֶעסֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט. 11 וָוארִין וֶוען דָאס וָואס אִיז צוּם פֶערְגֶעהֶען אִיז
הֶערְלִיךְ, וִויא פִיל מֶעהְר אִיז דָאס וָואס בְּלֵייבְּט מִיט הֶערְלִיכְקֵייט?
12 דְרוּם וַוייל מִיר הָאבֶּען אַזֶעלְכֶע הָאפְנוּנְג רֶעדֶען מִיר מִיט פִיל פְרֵייהֵייט.
13 אוּן נִיט גְלֵייךְ וִויא מֹשֶׁה וָואס הָאט אַ שְׁלֵייעֶר אִיבֶּער זַיין פָּנִים גֶעלֶעגְט,
כְּדֵי דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זָאלֶען נִיט אָנְזֶעהֶען דָאס עֶנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז
צוּם פֶערְגֶעהֶען. 14 נֵייעֶרְט זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען פֶערְהַארְטֶעט גֶעוָוארֶען;
וָוארִין בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג בְּלֵייבְּט דֶער זֶעלְבִּיגֶע שְׁלֵייעֶר אִים לֵיינֶען פוּן
דֶעם אַלְטֶען בּוּנְד נִיט אוֹיפְגֶעדֶעקְט, וָוארִין אִין מָשִׁיחַ אִיז עֶר אָפְּגֶעטְהוּן.
15 אָבֶּער בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג לִיגְט דֶער שְׁלֵייעֶר אִיבֶּער זֵייעֶר הַארְץ וֶוען
מֹשֶׁה אִיז גֶעלֵיינְט. 16 אָבֶּער וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּם הַאר'ן, אִיז
דֶער שְׁלֵייעֶר אַוֶועקְגֶענוּמֶען. 17 נוּן דֶער הַאר אִיז דֶער גֵייסְט; אוּן וְואוּ דֶער
גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז, דָא אִיז פְרֵייהֵייט. 18 אָבֶּער מִיר אַלֶע זֶעהֶען מִיט
אֵיין אוֹיפְגֶעדֶעקְטֶען פָּנִים דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם הַאר'ן גְלֵייךְ וִויא אִין אַ
שְׁפִּיגֶעל, אוּן זֶענֶען צוּ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען בִּילְד פֶערְעֶנְדֶערְט פוּן הֶערְלִיכְקֵייט צוּ
הֶערְלִיכְקֵייט, גַאנְץ אַזוֹי וִויא דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר'ן.
ד 1 דֶעסְטְוֶועגֶען וַוייל מִיר הָאבֶּען דִיזֶען דִינְסְט, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען בַּארֶעמְ־
הֶערְצִיגְקֵייטֶען דֶערְהַאלְטֶען, זֶענֶען מִיר נִיט מִיד; 2 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען דִיא
פֶערְבָּארְגֶענֶע שֶׁענְדְלִיכֶע זַאכֶען אָפְּגֶעזָאגְט, אוּן גֶעהֶען נִיט אַרוּם מִיט בֶּעזְהֵייט,
אוּן פֶערְפֶעלְשֶׁען נִיט דָאס וָוארְט פוּן גָאט, נֵייעֶרְט מִיר עֶמְפְּפֶעהְלֶען אוּנְז זֶעלְבְּסְט
דוּרְךְ דֶעם אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט צוּם גֶעוִויסֶען פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען פָאר
גָאט. 3 אוּן וֶוען אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אִיז פֶערְהִילְט, אִיז עֶס פֶערְ־
הִילְט צְוִוישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְלוֹירֶען: 4 אִין וֶועלְכֶע דֶער גָאט פוּן דִיזֶע־

װעֶלט הָאט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא אוּנְגְלױבִּיגֶע פֶערְבְּלֶענְדֶעט, כְּדֵי דָאס
לִיכְט פוּן דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן מָשִׁיחַ, דֶער אִיז דָאס
בִּילְד פוּן גָאט, זָאל נִיט אוֹיף זֵייא שְׁטְרַאהְלֶען. 5 װָארִין מִיר פְּרֶעדִיגֶען נִיט
אוּנְז זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּן מִיר זֶעלְבְּסְט זֶענֶען
אֵייעֶרֶע קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ'ס װֶעגֶען. 6 װָארִין דֶער גָאט װעֶלכֶער הָאט גֶעזָאגְט
לָאז לִיכְט אוֹיס דֶער פִינְסְטֶערְנִיס לֵייכְטֶען, עֶר הָאט גֶעלֵייכְט אִין אוּנְזֶערֶע
הֶערְצֶער, כְּדֵי צוּ גֶעבֶּען דָאס לִיכְט פוּן דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער הֶערְלִיכְ־
קֵייט פוּן גָאט אִים פָּנִים פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.

7 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען דִיזֶען אוֹצָר אִין עֶרְדֶענֶע כֵּלִים, כְּדֵי דִיא זֶעהְר הוֹיכֶע מַאכְט
זָאל פוּן גָאט זַיין אוּן נִיט פוּן אוּנְז. 8 אִין אַלֶעם לֵיידֶען מִיר אָבֶּער מִיר זֶענֶען
נִיט אִין אַנְגְסְט, מִיר הָאבֶּען נױט אָבֶּער מִיר זֶענֶען נִיט פֶערְצְװֵייפֶעלְט, 9 מִיר
זֶענֶען פֶערְפָאלְגְט אָבֶּער נִיט פֶערְלָאזְט, אַנִידֶער גֶעשְׁלָאגֶען אָבֶּער נִיט אוּמְגֶע־
בְּרַאכְט, 10 בֶּעשְׁטֶענְדִיג טְרָאגֶען מִיר אַרוּם אִים לֵייבּ דָאס שְׁטַארְבֶּען פוּן
דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ, כְּדֵי דָאס לֶעבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ זָאל אוֹיךְ אִין אוּנְזֶערֶען שְׁטֶערְבְּ־
לִיכֶען לֵייבּ אַנְטְפְּלֶעקְט װֶערֶען. 11 װָארִין מִיר װָאס לֶעבֶּען זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג
צוּם טױט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען װֶעגֶען יֵשׁוּעַ, כְּדֵי דָאס לֶעבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ זָאל אוֹיךְ
אִין אוּנְזֶערֶען שְׁטֶערְבְּלִיכֶען פְלֵייש אַנְטְפְּלֶעקְט װֶערֶען. 12 אַזױ דֶען דֶער טױט
װִירְקְט אִין אוּנְז, אָבֶּער דָאס לֶעבֶּען אִין אֵייךְ. 13 אוּן װַייל מִיר הָאבֶּען דֶעם
זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט פוּן גְלױבֶּען, אַזױ װִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ הָאבּ
גֶעגְלױבְּט דְרוּם הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט, מִיר אוֹיךְ גְלױבֶּען דְרוּם רֶעדֶען מִיר אוֹיךְ;
14 װָארִין מִיר װִיסֶען אַז דֶער װָאס הָאט דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ אוֹיפְגֶעװֶעקְט װֶעט
אוּנְז אוֹיךְ דוּרְךְ יֵשׁוּעַ אוֹיפְװֶעקֶען, אוּן װֶעט אוּנְז מִיט אֵייךְ פָארְשְׁטֶעלֶען.
15 װָארִין אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען פוּן אֵייעֶרְטְװֶעגֶען, כְּדֵי דִיא גְנָאד זָאל דוּרְךְ פִילֶע
פֶערְמֶעהְרֶען אוּן זָאל גוֹרֵם זַיין דָאס גְרֶעסְטֶע דַאנְק צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט.

16 דְרוּם זֶענֶען מִיר נִיט מִיד, נֵייעֶרְט חָאטְשֶׁע אוּנְזֶער אוֹיסֶערְלִיכֶע מֶענְשׁ
װֶערְט אוֹיךְ פֶערְדָארְבֶּען, װֶערְט דָאךְ דֶער אִינֶערְלִיכֶע פוּן טָאג צוּ טָאג
דֶערְנֵייעֶרְט. 17 װָארִין אוּנְזֶערֶע גְרִינְגֶע צָרָה װָאס אִיז נוּר פַאר אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק
װִירְקְט פַאר אוּנְז אַ פִּיל מֶעהְר װִיכְטִיגֶע אוּן עֶבִּיגֶע הֶערְלִיכְקֵייט; 18 אִינְדֶעם
מִיר קוּקֶען נִיט אוֹיף דִיא זַאכֶען װָאס זֶענֶען גֶעזֶעהֶען, נֵייעֶרְט אוֹיף דִיא װָאס
זֶענֶען נִיט גֶעזֶעהֶען; װָארִין דִיא זַאכֶען װָאס זֶענֶען גֶעזֶעהֶען זֶענֶען נוּר פַאר
אַ צֵייט, אָבֶּער דִיא װָאס זֶענֶען נִיט גֶעזֶעהֶען זֶענֶען אוֹיף עֶבִּיג.

ה 1 װָארִין מִיר װִיסֶען אַז װֶען אוֹיךְ אוּנְזֶער עֶרְדִישֶׁעס הױז פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט
װֶעט צוּשְׁטֶערְט װֶערֶען, הָאבֶּען מִיר אַ גֶעבֵּיידֶע פוּן גָאט, אַ הױז װָאס אִיז נִיט
מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט, אֵיין עֶבִּיגֶעס אִים הִימֶעל. 2 װָארִין אִין דִיזֶעם זִיפְצֶען
מִיר, אוּן בֶּעגֶעהְרֶען זֶעהְר גֶעקְלֵייד צוּ װֶערֶען מִיט אוּנְזֶער הױז װָאס אִיז
פוּן דֶעם הִימֶעל, 3 װֶען אוֹיךְ מִיר װֶעלֶען אָנְגֶעקְלֵייד װֶערֶען אוּן װֶעלֶען נִיט
נַאקֶעט גֶעפִינֶען װֶערֶען. 4 װָארִין מִיר אוֹיךְ װָאס זֶענֶען אִים גֶעצֶעלְט זִיפְצֶען

13 תהלים קטז׳ י׳.

וֶועגֶען דֶער לַאסְט, וֵוייל מִיר ווִילֶען נִיט אויסגֶעקְלֵייד וֶוערֶען גֵייעֶרְט
אָנְגֶעקְלֵייד, כְּדֵי דָאס שְׁטֶערְבְּלִיכֶע זָאל פֶערְשְׁלוּנְגֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם לֶעבֶּען.
5 אָבֶּער דֶער וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז דֶערְצוּ גֶעווִירְקְט אִיז גָאט, דֶער הָאט אוּנְז
גֶעגֶעבֶּען דֶעם עֵרָבוֹן פוּן דֶעם גֵייסְט. 6 דְרוּם הָאבֶּען מִיר בֶּעשְׁטֶענְדִיג גוּטֶען
מִיט, אוּן ווִיסֶען אַז וֶוען מִיר זֶענֶען אִין דֶער הֵיים אִים לֵייבּ, זֶענֶען מִיר אַוֶועק
פוּן דֶעם הַאר'ן; 7 וָוארִין מִיר וַואנְדְלֶען דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען נִיט דוּרְךְ גֶעזִיכְט.
8 אָבֶּער מִיר הָאבֶּען גוּטֶען מִיט. אוּן ווִינְשֶׁען לִיבֶּער אַוֶועק צוּ זֵיין
פוּן דֶעם לֵייבּ אוּן אִין דֶער הֵיים צוּ זֵיין מִיט דֶעם הַאר'ן. 9 דְרוּם זֶענֶען מִיר
אוֹיךְ אֵייפְרִיג, אוֹיבּ מִיר זֶענֶען אִין דֶער הֵיים אָדֶער אַוֶועק, אַז מִיר זָאלֶען
אִיהְם ווְאוֹילְגֶעפֶעלֶען. 10 וָוארִין מִיר מוּזֶען אַלֶע פָאר דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל פוּן
דֶעם מָשִׁיחַ אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, כְּדֵי אִיטְלִיכֶער זָאל דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם לֵייבּ
דֶערְהַאלְטֶען נָאכְדֶעם ווִיא עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוֹיבּ עֶס אִיז גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס.

11 דְרוּם וֵוייל מִיר קֶענֶען דִיא פָארְכְט פוּן דֶעם הַאר'ן, אַזוֹי רֶעדֶען מִיר אָן
מֶענְשֶׁען, אָבֶּער מִיר זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ גָאט; אוּן אִיךְ הָאףּ אַז מִיר זֶענֶען
אוֹיךְ אִין אֵייעֶר גֶעווִיסֶען אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען. 12 מִיר עֶמְפְּפֶעהְלֶען אוּנְז נִיט
ווִידֶער צוּ אֵייךְ, גֵייעֶרְט מִיר גֶעבֶּען אֵייךְ אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
רִיהְמֶען וֶועגֶען אוּנְז, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אֵיין עֶנְטְפֶער הָאבֶּען צוּ דִיא וָואס רִיהְ-
מֶען זִיךְ אִים אוֹיסְזֶעהֶען אוּן נִיט אִים הַארְץ. 13 וָוארִין אוֹיבּ מִיר זֶענֶען
אוֹיסֶער זִיךְ, אִיז עֶס צוּ גָאט; אוֹיבּ מִיר זֶענֶען בֵּיים שֵׂכֶל, אִיז עֶס פוּן אֵייעֶרְעט-
וֶועגֶען. 14 וָוארִין דִיא לִיבֶּע פוּן דֶעם מָשִׁיחַ דְרֶענְגְט אוּנְז, וֵוייל מִיר אַזוֹי
רִיכְטֶען אַז אֵיינֶער אִיז פַאר אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען; דְרוּם זֶענֶען אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען;
15 אוּן אַז עֶר אִיז פַאר אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען, כְּדֵי דִיא וָואס לֶעבֶּען זָאלֶען נִיט
מֶעהְר צוּ זִיךְ אַלֵיין לֶעבֶּען, גֵייעֶרְט צוּ אִיהְם וֶועלְכֶער אִיז פַאר זֵייא גֶעשְׁטָארְ-
בֶּען אוּן אִיז ווִידֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען.

16 דְרוּם פוּן אַצוּנְד אָן קֶענֶען מִיר קֵיינֶעם נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ; וֶוען אַפִילוּ
מִיר הָאבֶּען מָשִׁיחַ גֶעקֶענְט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אָבֶּער אַצוּנְד קֶענֶען מִיר אִיהְם
נִיט מֶעהְר. 17 אַזוֹי דֶען וֶוען אֵיימִיצֶער אִיז אִין מָשִׁיחַ, אִיז אַ נֵייעֶ בֶּעשֶׁע-
פֶּענִיס; דִיא אַלְטֶע זַאכֶען זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, וֶועה זֵייא זֶענֶען נֵייא
גֶעוָוארֶען. 18 אוּן אַלֶע זֶענֶען פוּן גָאט, דֶער הָאט אוּנְז מִיט זִיךְ דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ פֶערְזֶעהֶענְט, אוּן הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶער פֶערְזֶעהְנוּנְג.
19 דְהַיְנוּ אַז גָאט הָאט אִין מָשִׁיחַ דִיא וֶועלְט מִיט זִיךְ פֶערְזֶעהֶענְט, אוּן
הָאט זֵייא זֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט, אוּן הָאט אוּנְז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
דָאס וָוארְט פוּן דֶער פֶערְזֶעהְנוּנְג. 20 דְרוּם זֶענֶען מִיר שְׁלוּחִים וֶועגֶען מָשִׁיחַ,
גְלֵייךְ ווִיא גָאט וָואלְט אֵייךְ דוּרְךְ אוּנְז גֶעבֶּעטֶען; מִיר בֶּעטֶען אֵייךְ פוּן מָשִׁיחַ'ס
וֶועגֶען זֵייט פֶערְזֶעהֶענְט מִיט גָאט. 21 דֶעם וֶועלְכֶער הָאט נִיט קֵיינֶע זִינְד
גֶעקֶענְט הָאט עֶר אַלְס זִינְד גֶעמַאכְט פַאר אוּנְז, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אִין אִיהְם
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט וֶוערֶען.

ו 1 און מִיר וָוענֶען זַייְנֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער און בֶּעטֶען אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט
דִיא גְנָאד פוּן גָאט אוּמְזוּסְט דֶערְהַאלְטֶען. 2 וָוארִין עֶר זָאגְט,
אִיךְ הָאבּ דִיךְ אִין אַ בֶּעוִוילִיגְטֶע צַייט גֶעהֶערְט,
און אִין אַ טָאג פוּן יְשׁוּעָה הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעהָאלְפֶען.
זֶעה אַצוּנְד אִיז דִיא בֶּעוִוילִיגְטֶע צַייט, זֶעה אַצוּנְד אִיז דֶער טָאג פוּן יְשׁוּעָה.
3 מִיר גֶעבֶּען אִין קֵיין שׁוּם זַאךְ קֵיין אָנְשְׁטוּיס, כְּדֵי דֶער דִינְסְט זָאל נִיט
צוּ שַׁאנְד וֶוערֶען, 4 נֵייעֶרְט אִין אַלֶעם בֶּעוַוייזֶען מִיר אוּנְז וִויא דִיא דִינֶער פוּן
גָאט, אִין פִּיל גֶעדוּלְד, אִין לֵיידֶען, אִין דֶער נוֹיט, אִין אַנְגְסְטֶען, 5 אִין שְׁלֶעג,
אִין גֶעפֶּענְגְנִיסֶען, אִין מְרִידוֹת, אִין אַרְבֵּייטֶען, אִין וַואכֶען, אִין פַאסְטֶען, 6 אִין
רֵיינְהֵייט, אִין דֶערְקֶענְטְנִיס, אִין לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט, אִין גִיטִיגְקֵייט, אִים רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ, אִין לִיבֶּע אָהְן חֲנִיפָה, 7 אִים וָוארְט פוּן וָואהְרְהֵייט, אִין דֶער מַאכְט
פוּן גָאט; דוּרְךְ דִיא וַואפֶען פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד און צוּ
דִיא לִינְקֶע, 8 דוּרְךְ כָּבוֹד און שַׁאנְד, דוּרְךְ אַ שְׁלֶעכְטֶען נָאמֶען און אַ גוּטֶען נָאמֶען;
וִויא פֶערְפִיהְרֶער און דָאךְ וָואהְרְהַאפְטִיג, 9 וִויא אוּנְבֶּעקַאנְט און דָאךְ גוּט בֶּעקַאנְט,
וִויא שְׁטַארְבֶּענְדִיגֶע און זֶעה מִיר לֶעבֶּען, וִויא גֶעשְׁטְרָאפְט און נִיט אוּמְגֶעבְּרַאכְט,
10 וִויא טְרוֹירִיגֶע און דָאךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג פְרֶעהְלִיךְ, וִויא אָרְמֶע לֵייט און דָאךְ מִיר
מַאכֶען פִילֶע רֵייךְ, וִויא דִיא וָואס הָאבֶּען גָאר נִיט און פֶערְמֶעגֶען אַלֶע זַאכֶען.
11 אָ אִיהְר קָארִינְטֶער, אוּנְזֶער מוֹיל אִיז צוּ אֵייךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְזֶער הַארְץ
אִיז בְּרֵייט; 12 אִיהְר זֶענְט נִיט עֶנְג אִין אוּנְז גֶעמַאכְט, נֵייעֶרְט אִיהְר זֶענְט אִין
אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גֶעדֶערְם בֶּעעֶנְגְט. 13 אָבֶּער מִיט דִיא זֶעלְבִּיגֶע פֶערְגֶעלְטוּנְג,
אִיךְ רֶעד וִויא צוּ קִינְדֶער, זַייט אִיהְר אוֹיךְ דֶערְוַוייטֶערְט.
14 זַייט נִיט וִויא אַזֶעלְכֶע דִיא שְׁלֶעפֶּען אַ פְרֶעמְדֶעם יָאךְ מִיט אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע;
וָוארִין וָואסְפַאר אַ חַבְרוּתָה הָאט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט מִיט דֶער אוּנְגֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט, און וָואסְפַאר אַ גֶעמֵיינְשַׁאפְט הָאט דָאס לִיכְט מִיט דֶער פִינְסְטֶערְנִיס?
15 און וָואסְפַאר אֵיין אֵיינְקְלַאנְג אִיז דָא צְוִוישֶׁען דֶעם מָשִׁיחַ און בְּלִיַעַל, אָדֶער
וָואסְפַאר אַ חֵלֶק הָאט אַ גְלוֹיבִּיגֶער מִיט אֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶען? 16 און וָואסְפַאר
אֵיינִיגְקֵייט הָאט דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט מִיט אָפְּגֶעטֶער? וָוארִין מִיר זֶענֶען
דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאט; אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ וֶועל צְוִוישֶׁען זֵייא וְואוֹינֶען און וַואנְדְלֶען,
און אִיךְ וֶועל זַיין זֵייעֶר גָאט און זֵייא וֶועלֶען זַיין מֵיין פָאלְק.
17 דְרוּם קוּמְט אַרוֹיס פוּן צְוִוישֶׁען זֵייא
און שֵׁיידֶעט אֵייךְ אָפּ, זָאגְט דֶער הַאר,
און רִיהְרְט נִיט אָן אַ שׁוּם אוּנְרֵיינֶע זַאךְ;
און אִיךְ וֶועל אֵייךְ אוֹיפְנֶעמֶען,
18 און וֶועל זַיין צוּ אֵייךְ אַלְס אַ פָאטֶער,
און אִיהְר וֶועט זַיין מִיר אַלְס זִיהְן און טֶעכְטֶער,
זָאגְט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶע הַאר.

ישעיה מט׳ ח׳. 2 — יחזקאל לז׳ כז׳. 16
ירמיה נא׳ מה׳: ישעיה נב׳ יא׳. 17 — ירמיה לב׳ לח׳: הושע ב׳ א׳. 18

ז 1 דְרוּם גֶעלִיבְּטֶע, וַוייל מִיר הָאבֶּען דִיזֶע הַבְטָחוֹת, לָאזֶען מִיר אוּנְז רֵיינִיגֶען
פוּן אַלֶע בֶּעפְלֶעקוּנְג פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אוּן דֶעם גֵייסְט, אוּן לָאזֶען מִיר גַאנְץ
זֵיין אִין הֵיילִיגְקֵייט אִין דֶער פָארְכְט פוּן גָאט.
2 נֶעמְט אוּנְז אוֹיף. מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן, מִיר הָאבֶּען
קֵיינֶעם נִיט פֶערְדָארְבֶּען, מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט. 3 אִיךְ זָאג
דָאס נִיט כְּדֵי צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגֶען; וָוארִין אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער גֶעזָאגְט אַז
אִיהְר זֶענְט אִין אוּנְזֶער הַארְץ, מִיט אֵייךְ צוּ שְׁטַארְבֶּען אוּן צוּ לֶעבֶּען. 4 אִיךְ
אוּנְטֶערְשְׁטֶעה מִיךְ פִיל קֶעגֶען אֵייךְ, אִיךְ רִיהְם מִיךְ פִיל וֶוענֶען אֵייךְ, אִיךְ
בִּין דֶערְפִילְט מִיט טְרֵייסְט, אִיךְ הָאבּ זֶעהְר פִיל פְרֵייד אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע
לֵיידֶען. 5 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא הָאט אוּנְזֶער
פְלֵיישׁ קֵיין רוּה נִיט גֶעהַאט, נֵייעֶרְט מִיר הָאבֶּען פוּן אַלֶע זֵייטֶען גֶעלִיטֶען;
פוּן דְרוֹיסֶען זֶענֶען שְׁטְרֵייט, פוּן דְרִינֶען פָארְכְט. 6 אָבֶּער גָאט דֶער טְרֵייסְט
דִיא וָואס הָאבֶּען אַ נִידְרִיגֶעם גֶעמִיט הָאט אוּנְז גֶעטְרֵייסְט מִיט דֶעם קוּמֶען פוּן
טִיטוּס; 7 אוּן נִיט נוּר מִיט זֵיין קוּמֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ מִיט דֶעם טְרֵייסְט מִיט דֶעם עֶר
אִיז וֶוענֶען אֵייךְ גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר הָאט אוּנְז אֵייעֶר פֶערְלַאנְגֶען
דֶערְצֶעהְלְט, אֵייעֶר טְרוֹיעֶרְן, אֵייעֶר אֵייפֶער מֵיינֶעטְוֶועגֶען, אַזוֹי אַז אִיךְ הָאבּ
מִיךְ נָאךְ מֶעהְר גֶעפְרֵייעֶט. 8 וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיךְ טְרוֹירִיג גֶעמַאכְט
דוּרְךְ דֶעם בְּרִיף, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ נִיט חַרָטָה, חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ חַרָטָה
גֶעהַאט; אִיךְ זֶעה אַז יֶענֶער בְּרִיף הָאט אֵייךְ טְרוֹירִיג גֶעמַאכְט, וֶוען אוֹיךְ
נוּר פַאר אַ קְלֵיינֶע צֵייט. 9 אַצוּנְד פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ, נִיט אַז אִיהְר זֶענְט
טְרוֹירִיג גֶעמַאכְט, נֵייעֶרְט אַז אִיהְר זֶענְט טְרוֹירִיג צוּ תְּשׁוּבָה גֶעמַאכְט.
וָוארִין אִיהְר זֶענְט טְרוֹירִיג פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען גֶעמַאכְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
גָאר קֵיין שָׁאדֶען דוּרְךְ אוּנְז נִיט לֵיידֶען. 10 וָוארִין דָאס טְרוֹיעֶרְן פוּן גָאטֶעס
וֶועגֶען ווִירְקְט תְּשׁוּבָה צוּ יְשׁוּעָה וָואס מֶען הָאט דְרוּיף נִיט חַרָטָה; אָבֶּער
דָאס טְרוֹיעֶרְן פוּן דֶער וֶועלְט ווִירְקְט דֶעם טוֹיט. 11 וָוארִין זֶעהְט דָאס זֶעלְבִּיגֶע,
אַז אִיהְר הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען, וִויא גְרוֹיס אִיז דִיא פְלֵייסִיגְקֵייט
גֶעוֶועזֶען דִיא עֶס הָאט אִין אֵייךְ גֶעווִירְקְט, יָא וִויא גְרוֹיס דֶער פֶערְעֶנְטְפֶערוּנְג,
דֶער צָארְן, דִיא פָארְכְט, דָאס פֶערְלַאנְגֶען, דִיא קִנְאָה, דִיא נְקָמָה, אִין אַלֶעם
הָאט אִיהְר אֵייךְ בֶּעצֵייגְט אַז אִיהְר זֶענְט רֵיין אִין דֶער זַאךְ. 12 אַזוֹי דֶען וֶוען
אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִיז עֶס נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט אוּנְרֶעכְט
גֶעטְהוּן, אוּן נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט אוּנְרֶעכְט גֶעלִיטֶען, נֵייעֶרְט אַז אֵייעֶרֶע
פְלֵייסִיגְקֵייט קֶעגֶען אוּנְז זָאל פָאר גָאט בֶּעקַאנְט וֶוערֶען.
13 דְרוּם זֶענֶען מִיר גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען; אוּן מִיר הָאבֶּען אוּנְז נָאךְ פִיל מֶעהְר
גֶעפְרֵייעֶט אִיבֶּער דֶער פְרֵייד פוּן טִיטוּס, וַוייל זֵיין גֶעמִיט אִיז פוּן אֵייךְ אַלֶע
דֶערְקְוִויקְט גֶעוָוארֶען. 14 וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ עֶפֶּעס בֶּערִיהְמְט בֵּייא אִיהְם
וֶועגֶען אֵייךְ, אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט גֶעוָוארֶען; נֵייעֶרְט גְלֵייךְ וִויא מִיר
הָאבֶּען אַלֶעס צוּ אֵייךְ אִין וָואהְרְהֵייט גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ אוּנְזֶער בֶּערִיהְ־
מֶען וֶועגֶען טִיטוּס וָואהְר גֶעוָוארֶען. 15 אוּן זֵיינֶע הֶערְצְלִיכֶע לִיבֶּע צוּ אֵייךְ אִיז

נָאךְ מֶעהר גֶעגֵייגְט, וֶוען עֶר גֶעדֶענְקְט דָאס גֶעהָארְכֶען פוּן אֵייךְ אַלֶע, וִויא
אִיהְר הָאט אִיהְם מִיט פָּארְכְט אוּן צִיטֶערְנִים אוֹיפְגֶענוּמֶען. 16 אִיךְ פְרֵייעֶ מִיךְ
אַז אִיךְ פֶערְזִיכֶער מִיךְ אוֹיף אֵייךְ אִין אַלֶע זַאכֶען.

ח 1 אוּן מִיר טְהוּן אֵייךְ צוּ ווִיסֶען, בְּרִידֶער, דִיא גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז צוּ
דִיא קְהִלּוֹת אִין מַקְדוֹנְיָא גֶעגֶעבֶען; 2 אַז וֶוען זֵייא זֶענֶען זֶעהְר גֶעפְּרִיפְט
גֶעוָוארֶען מִיט לֵיידֶען, הָאט זִיךְ זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע פְרֵייד אוּן זֵייעֶרֶע טִיפֶע
אָרְמְקֵייט גֶעמֶעהְרְט צוּם רֵייכְטוּם פוּן זֵייעֶרֶע פְרֵייגֶעבִּיגְקֵייט. 3 וָוארִין אִיךְ זָאג
זֵייא עֵדוּת אַז נָאךְ זֵייעֶר כֹּחַ אוּן אַפִילוּ אִיבֶּער זֵייעֶר כֹּחַ הָאבֶען זֵייא אוֹיס
פְרֵייעֶן ווִילֶען גֶעגֶעבֶען, 4 אוּן זֵייא הָאבֶען אוּנְז גֶעבֶּעטֶען מִיט פִיל גֶעבֶּעט
וֶועגֶען דֶער גְנָאד אוּן דֶער גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם דִינְסְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע;
5 אוּן דָאס, נִיט ווִיא מִיר הָאבֶען גֶעהָאפְט, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט
צוּעֶרְשְׁט צוּ גָאט גֶעגֶעבֶען, אוּן צוּ אוּנְז דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט. 6 אַזוֹי אַז
מִיר הָאבֶען טִיטוּס מַזְהִיר גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי גְלֵייךְ ווִיא עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶען אַזוֹי
אוֹיךְ זָאל עֶר אִין אֵייךְ אוֹיךְ דִיזֶע גְנָאד עֶנְדִיגֶען. 7 אָבֶּער גְלֵייךְ ווִיא אִין
אַלֶעם אִיהְר מֶעהְרְט אֵייךְ אִים גְלוֹיבֶּען אוּן וָוארְט אוּן דֶערְקֶענְטְנִיס אוּן אִין
אַלֶער פְלֵייסִיגְקֵייט, אוּן אִין אֵייעֶרֶע לִיבֶּע צוּ אוּנְז, זֶעהְט אַז אוֹיךְ אִין דִיזֶער
גְנָאד אִיהְר אֵייךְ מֶעהְרְט.

8 אִיךְ זָאג דָאס נִיט ווִיא אַ בֶּעפֶעהְל, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶער פְלֵייסִיגְקֵייט פוּן
אַנְדֶערֶע צוּ פְּרִיפֶען דִיא וָואהְרְהֵייט פוּן אֵייעֶרֶע לִיבֶּע. 9 וָוארִין אִיהְר ווֵייסְט
דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַז חָאטְשֶׁע עֶר אִיז רֵייךְ גֶעוֶועזֶען
אִיז עֶר דָאךְ פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען אָרְם גֶעוָוארֶען, כְּדֵי דוּרְךְ זֵיינֶע אָרְמְקֵייט
אִיהְר זָאלְט רֵייךְ וֶוערֶען. 10 אוּן אִין דִיזֶעם גִיבּ אִיךְ מֵיינֶע מֵיינוּנְג; וָוארִין דָאס
אִיז אֵייךְ נִיצְלִיךְ, וָואס אִיהְר הָאט שׁוֹין פַאר אַ יָאהְר אָנְגֶעהוֹיבֶּען נִיט נוּר
צוּ טְהוּן נֵייעֶרְט אוֹיךְ ווִילִיג צוּ זַיין. 11 אָבֶּער אַצוּנְד עֶנְדִיגְט אוֹיךְ דָאס טְהוּן,
כְּדֵי גְלֵייךְ ווִיא עֶס אִיז אַ נֵייגוּנְג גֶעוֶועזֶען צוּ ווִילֶען, אַזוֹי זָאל אוֹיךְ זַיין
צוּ עֶנְדִיגֶען פוּן דֶעם וָואס אִיהְר הָאט. 12 וָוארִין וֶוען דֶער ווִילֶען אִיז דָא,
אַזוֹי אִיז עֶס אָנְגֶענוּמֶען נָאךְ דֶעם ווִיא אַ מַאן הָאט, אוּן נִיט נָאךְ דֶעם ווִיא
עֶר הָאט נִיט. 18 וָוארִין אִיךְ מֵיין נִיט אַז אַנְדֶערֶע זָאלֶען רוּהֶ הָאבֶּען אוּן
אִיהְר זָאלְט לֵיידֶען; 14 נֵייעֶרְט נָאךְ גְלֵייכְהֵייט צוּ דִיזֶער צֵייט זָאל אֵייעֶר
אִיבֶּערְפְלוּס צוּ זֵייעֶר בֶּעדֶערְפְנִיס זַיין, כְּדֵי זֵייעֶר אִיבֶּערְפְלוּס זָאל אוֹיךְ צוּ
אֵייעֶר בֶּעדֶערְפְנִיס זַיין, אַז עֶס זָאל זַיין גְלֵייכְהֵייט, 15 אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער וָואס הָאט פִיל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט הָאט נִיט אִיבְּרִיג גֶעהַאט, אוּן
דֶער וָואס הָאט וֶוענִיג אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט הָאט קֵיין בֶּעדֶערְפְנִיס נִיט גֶעהַאט.

16 נוּן גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט, דֶער הָאט דֶעם זֶעלְבִּיגֶען אֵייפֶער וֶועגֶען אֵייךְ
אִים הַארְץ פוּן טִיטוּס גֶעגֶעבֶען, 17 ווֵייל עֶר הָאט דִיא דֶערְמָאהְנוּנְג אָנְגֶענוּמֶען,
אוּן אִינְדֶעם עֶר אִיז זֶעהְר אֵייפְרִיג גֶעוֶועזֶען אִיז עֶר פוּן זַיין אֵייגֶענֶען ווִילֶען צוּ
אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. 18 אוּן מִיר הָאבֶען מִיט אִיהְם דֶעם בְּרוּדֶער גֶעשִׁיקְט,

15 שמות טז׳ יח׳.

וָואס זַיין לוֹיבּ אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אִיז אִין אַלֶע קְהִלוֹת; 19 אוּן נִיט נוּר
דָאס, נֵייעֶרְט עֶר אִיז אוֹיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא קְהִלוֹת אַז עֶר
זָאל מִיט אוּנְז רַייזֶען וֶועגֶען דִיזֶער גְנָאד וָואס אִיז דוּרְךְ אוּנְז גֶעדִינְט צוּם
לוֹיבּ פוּן דֶעם הַאר'ן אַלֵיין אוּן צוּם בֶּעווַייז פוּן אוּנְזֶער ווִילֶען. 20 אוּן דָאס
פֶערְמֵיידֶען מִיר, אַז קֵיינֶער זָאל אִין אוּנְז אַ פֶעהְלֶער גֶעפִינֶען וֶועגֶען דִיזֶע
רֵייכֶע גָאבּ וָואס אִיז דוּרְךְ אוּנְז גֶעדִינְט; 21 וָוארִין מִיר זֶענֶען אוֹיף גוּטֶע זַאכֶען
מַשְׁגִיחַ נִיט נוּר פָאר גָאט, נֵייעֶרְט אוֹיךְ פָאר מֶענְשֶׁען. 22 אוּן מִיר הָאבֶּען
מִיט זֵייא אוּנְזֶערֶען בְּרוּדֶער גֶעשִׁיקְט, וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אָפְט גֶעפְּרִיפְט אַז
עֶר אִיז אִין פִילֶע זַאכֶען עֶרְנְסְט, אָבֶּער אַצוּנְד אִיז עֶר פִיל מֶעהְר עֶרְנְסְט,
דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיסֶען פֶערְטְרוֹיעֶן וָואס עֶר הָאט צוּ אֵייךְ. 23 אוֹיבּ מֶען הָאט
וֶועגֶען טִיטוּס גֶעפְרֶעגְט, אִיז עֶר מֵיין גֶעזֶעלֶען אוּן הֶעלְפֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ;
אָדֶער וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, זֵייא זֶענֶען דִיא שְׁלוּחִים פוּן דִיא קְהִלוֹת אוּן
דֶער כָּבוֹד פוּן מָשִׁיחַ. 24 דְרוּם גִיבְּט צוּ זֵייא אַ בֶּעווַייז פָאר דִיא קְהִלוֹת פוּן
אֵייעֶרֶע לִיבֶּע, אוּן פוּן אוּנְזֶער בַּארִיהְמֶען וֶועגֶען אֵייךְ.
ט 1 וָוארִין וֶועגֶען דֶעם דִינְסְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע בֶּעדַארְף אִיךְ אֵייךְ נִיט צוּ
שְׁרֵייבֶּען; 2 וָוארִין אִיךְ ווֵייס אֵייעֶר גוּטֶען ווִילֶען, דְרוּף אִיךְ הָאבּ מִיךְ וֶועגֶען
אֵייךְ בַּארִיהְמְט צוּ דִיא לֵייט פוּן מַקְדוֹנְיָא, אַז אַכַאיָא אִיז שׁוֹין פַארְטִיג גֶעוֶוען
פַאר אַ יָאהְר, אוּן אֵייעֶר אֵייפֶער הָאט פִילֶע אָנְגֶערֵייצְט. 3 אוּן אִיךְ הָאבּ
דִיא בְּרִידֶער גֶעשִׁיקְט, כְּדֵי אוּנְזֶער בַּארִיהְמֶען וֶועגֶען אֵייךְ זָאל נִיט זַיין אוּמְ־
זוּסְט אִין דִיזֶעם טְהֵייל, כְּדֵי גְלֵייךְ ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִיהְר זָאלְט פַארְטִיג זַיין;
4 דֶערְמִיט וֶוען דִיא לֵייט פוּן מַקְדוֹנְיָא וֶועלֶען מִיט מִיר קוּמֶען אוּן וֶועלֶען אֵייךְ
נִיט פַארְטִיג גֶעפִינֶען, וֶועלֶען מִיר אַז מִיר זָאגֶען נִיט אִיהְר אִין דִיזֶעם
פֶערְטְרוֹיעֶן פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען. 5 דְרוּם הָאבּ אִיךְ עֶס פַאר נֶעטִיג גֶעהַאלְטֶען דִיא
בְּרִידֶער צוּ בֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען פָארְאוֹיס צוּ אֵייךְ גֶעהֶען, אוּן זָאלֶען פָארְאוֹיס
פַארְטִיג מַאכֶען דִיא נְדָבָה וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט פְרִיהֶער צוּגֶעזָאגְט, אַז זִיא
זָאל אָנְגֶעבְּרֵייט זַיין אַזוֹי ווִיא אַ נְדָבָה אוּן נִיט ווִיא אַ גֵייצִיגֶע זַאךְ.
6 אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ. דֶער וָואס זֵייעֶט מִיט קַארְגְהֵייט וֶועט אוֹיךְ מִיט
קַארְגְהֵייט אֵיינְזַאמְלֶען, אוּן דֶער וָואס זֵייעֶט מִיט אִיבֶּערְפְלוּס וֶועט אוֹיךְ מִיט
אִיבֶּערְפְלוּס אֵיינְזַאמְלֶען. 7 אִיטְלִיכֶער אַזוֹי ווִיא עֶר נֶעמְט זִיךְ פָאר אִין זַיין הַארְץ,
נִיט מִיט בֶּעטְרִיבְּנִיס אָדֶער גֶעצְווָאוּנְגֶען; וָוארִין גָאט לִיבְּט אַ פְרֶעהְלִיכֶען
גֶעבֶּער. 8 אוּן גָאט קֶען אַלֶע גְנָאד צוּ אֵייךְ פֶערְמֶעהְרֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין אַלֶעם גֶענוּג הָאבֶּען, אוּן זָאלְט אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין יֶעדֶעם גוּטֶען
וֶוערְק; 9 אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

עֶר הָאט צוּשְׁפְּרֵייט, עֶר הָאט צוּ דִיא אָרְמֶע לֵייט גֶעגֶעבֶּען,
זַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶבִּיג.

10 אוּן דֶער וֶועלְכֶער גִיבְּט דֶעם זָאמֶען צוּם זֵייעֶר אוּן בְּרוֹיט פַאר שְׁפַּייז וֶועט
גֶעבֶּען אוּן מֶעהְרֶען אֵייעֶר זָאמֶען, אוּן וֶועט לָאזֶען וַואקְסֶען דִיא פְרוּכְט פוּן

9 תהלים קיב׳ ט׳.

אֵייעֶרֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; 11 כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אִין אַלֶעם רֵייךְ גֶעמַאכְט זֵיין צוּ אַלֶע
פְרֵייגֶעבִּיגְקֵייט, וָואס ווִירְקְט דוּרְךְ אוּנְז דַאנְק צוּ גָאט. 12 וָוארִין ווייל דָאס
בֶּעזָארְגֶען פוּן דִיזֶעם דִינְסְט נִיט נוּר דֶערְפִילְט וָואס דִיא הֵיילִיגֶען בֶּעדַארְפֶען,
נֵייעֶרְט עֶס מֶעהְרְט זִיךְ אוֹיךְ דוּרְךְ פִיל דַאנְק צוּ גָאט; 13 אִינְדֶעם דוּרְךְ
דֶעם בֶּעוֵויז פוּן דִיזֶעם דִינְסְט דַאנְקֶען זֵייא גָאט פַאר דִיא אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט
פוּן אֵייעֶר בֶּעקֶענְטְנִיס צוּ דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ, אוּן פַאר דִיא פְרֵיי־
גֶעבִּיגְקֵייט פוּן אֵייעֶרֶע נְדָבָה צוּ זֵייא אוּן צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען; 14 דֶערְוֵוייל מִיט
גֶעבֶּעט פַאר אֵייךְ זֵייא אוֹיךְ גְלִיסְטֶען נָאךְ אֵייךְ דוּרְךְ דִיא גְרוֹיסֶע גְנָאד פוּן
גָאט אִיבֶּער אֵייךְ. 15 גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט פַאר זֵיינֶע אוּנְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶע
מַתָּנָה.

י 1 אָבֶּער אִיךְ פּוֹלוֹס בֶּעט אֵייךְ בֵּייא דֶער ווייכְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן גֶעלִינְדִיגְקֵייט
פוּן מָשִׁיחַ, וֶועלְכֶער וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ בִּין נִידְרִיג צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אָבֶּער
וֶוען אִיךְ בִּין אַוֶועק בִּין שְׁטַארְקְמִיטִיג קֶעגֶען אֵייךְ; 2 אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, אַז וֶוען
אִיךְ וֶועל בֵּייא אֵייךְ זֵיין זָאל אִיךְ נִיט שְׁטַארְקְמִיטִיג זֵיין מִיט דֶעם בִּטָּחוֹן
מִיט וֶועלְכֶעם אִיךְ דֶענְק פְרֵיימִיטִיג צוּ זֵיין קֶעגֶען דִיא וָואס דֶענְקֶען אַז מִיר
וַואנְדְלֶען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ. 3 וָוארִין חָאטְשֶׁע מִיר וַואנְדְלֶען אִין דֶעם פְלֵיישׁ,
דָאךְ שְׁטְרֵייטֶען מִיר נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ; 4 וָוארִין דִיא וַואפֶען פוּן אוּנְזֶערֶע
שְׁטְרֵייט זֶענֶען נִיט פְלֵיישְׁלִיכֶע, נֵייעֶרְט זֶענֶען מֶעכְטִיג צוּ גָאט צוּם אֵיינְ־
וַוארְפֶען פוּן פֶעסְטוּנְגֶען; 5 אִינְדֶעם מִיר פֶערְשְׁטֶערֶען דִיא גֶעדַאנְקֶען אוּן
אִיטְלִיכֶע הוֹיכֶע זַאךְ וָואס דֶערְהֵייבְּט זִיךְ קֶעגֶען דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט,
אוּן נֶעמֶען גֶעפַאנְגֶען אִיטְלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען צוּם גֶעהָארְזַאם פוּן מָשִׁיחַ, 6 אוּן
זֶענֶען פַארְטִיג יֶעדֶען אוּנְגֶעהָארְזַאם צוּ שְׁטְרָאפֶען, וֶוען אֵייעֶר גֶעהָארְזַאם אִיז
דֶערְפִילְט.

7 אִיהְר זֶעהְט אוֹיף דֶעם וָואס אִיז פָאר אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען. וֶוען אֵיימִיצֶער פֶערְטְרוֹיעֶט
אִין זִיךְ אַלֵיין אַז עֶר אִיז צוּם מָשִׁיחַ, לָאז עֶר דָאס ווִידֶער בֵּייא זִיךְ
דֶענְקֶען, אַז גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז צוּם מָשִׁיחַ אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוֹיךְ צוּם מָשִׁיחַ.
8 וָוארִין וֶוען אִיךְ זָאל מִיךְ אוֹיךְ עֶפֶּעס מֶעהְר בַּארִיהְמֶען וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע
מַאכְט, וָואס דֶער הַאר הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען אֵייךְ צוּ פֶערְבֶּעסֶערְן אוּן נִיט צוּ
פֶערְדַארְבֶּען, וֶועל אִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען; 9 כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט אוֹיסְזֶעהֶען
אַז אִיךְ וֶועל אֵייךְ דֶערְשְׁרֶעקֶען מִיט מֵיינֶע בְּרִיף. 10 וָוארִין זֵיינֶע בְּרִיף, זָאגְט
מֶען, זֶענֶען ווִיכְטִיג אוּן שְׁטַארְק, אָבֶּער זֵיין לֵייבְּלִיכֶעם קוּמֶען בֵּייא אוּנְז אִיז
שְׁוַואךְ, אוּן דִיא רֶעד צוּם פֶערַאכְטֶען. 11 לָאז אַזֶעלְכֶער דָאס גֶעדֶענְקֶען, אַז
גְלֵייךְ וִויא מִיר זֶענֶען אִין דֶער רֶעד דוּרְךְ בְּרִיף וֶוען מִיר זֶענֶען אַוֶועק, אַזוֹי
זֶענֶען מִיר אוֹיךְ ווִירְקְלִיךְ וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעגֶענְוֶוערְטִיג.

12 וָוארִין מִיר אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען אוּנְז נִיט אַז מִיר זָאלֶען אוּנְז רֶעכְנֶען אָדֶער
פֶערְגְלֵייכֶען מִיט דִיא וָואס לוֹיבֶּען זִיךְ זֶעלְבְּסְט; אָבֶּער ווייל זֵייא מֶעסְטֶען זִיךְ
בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּן פֶערְגְלֵייכֶען זִיךְ מִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, זֶענֶען זֵייא נִיט
קְלוּג. 13 אָבֶּער מִיר בַּארִיהְמֶען אוּנְז נִיט מִיט זַאכֶען אוֹיסֶער דֶעם מָאס, נֵייעֶרְט

נאָך דֶעם מָאס פוּן דֶער רֶעגֶעל װָאס גָאט הָאט צוּ אוּנז צוּגֶעטְהֵיילְט, אַ מָאס
צוּ דֶערְלַאנְגֶען בִּיז צוּ אֵייךְ. 14 װָארִין מִיר שְׁטְרֶעקֶען אוּנז נִיט אוֹיסֶער דֶעם
מָאס, גְלֵייךְ װִיא מִיר װָאלְטֶען צוּ אֵייךְ נִיט דֶערְלַאנְגֶען, װָארִין בִּיז צוּ אֵייךְ
זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ. 15 מִיר בַּארִיהְמֶען
אוּנז נִיט מִיט זַאכֶען אוֹיסֶער דֶעם מָאס אִין פְרֶעמְדֶער אַרְבֵּייט, אָבֶּער מִיר
הָאפֶען אַז װֶען אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען װֶעט װַאקְסֶען, װֶעלֶען מִיר דוּרְךְ אֵייךְ פֶערְגְרֶע־
סֶערְט װֶערֶען נָאךְ אוּנְזֶערֶע רֶעגֶעל צוּם אִיבֶּערְפְלוּס; 16 כְּדֵי מִיר זָאלֶען אִין
דִיא לֶענְדֶער װָאס לִיגֶען װֵייטֶער פוּן אֵייךְ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פְּרֶעדִיגֶען, אוּן
זָאלֶען זִיךְ נִיט בַּארִיהְמֶען מִיט אַ פְרֶעמְדֶע רֶעגֶעל װֶעגֶען דִיא זַאכֶען װָאס
זֶענֶען פַאר אוּנז פַארְטִיג גֶעמַאכְט. 17 אָבֶּער דֶער װָאס רִיהְמְט זִיךְ לָאז עֶר
זִיךְ רִיהְמֶען אִין דֶעם הַאר'ן. 18 װָארִין נִיט דֶער װָאס לוֹיבְּט זִיךְ זֶעלְבְּסְט אִיז
אָנְגֶענוּמֶען, נֵייעֶרְט דֶער װֶעלְכֶען דֶער הַאר לוֹיבְּט.

יא 1 אִיךְ װִינְשׁ אִיהְר װָאלְט מִיט מֵיינֶע נַארִישְׁקֵייט אַבִּיסֶעל אוֹיסְהַאלְטֶען;
אָבֶּער אַוַדאי הַאלְט אִיהְר מִיט מִיר אוֹיךְ אוֹיס. 2 װָארִין אִיךְ בִּין װֶעגֶען אֵייךְ אֵייפֶערִיג
מִיט אַ גֶעטְלִיכֶע אֵייפֶערִיגְקֵייט, װָארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ פֶערְקְנַסְט צוּ אֵיין מַאן,
אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ פָארְשְׁטֶעלֶען אַ רֵיינֶע בְּתוּלָה צוּ מָשִׁיחַ. 3 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
מוֹרָא, טָאמֶער גְלֵייךְ װִיא דִיא שְׁלַאנְג הָאט חַוָה מִיט אִיהְרֶע לִיסְט פֶערְפִיהְרְט,
אַזוֹי װֶעלֶען אוֹיךְ אֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען פֶערְדָארְבֶּען װֶערֶען פוּן דֶער פְרֵייגֶעבִּיגְ־
קֵייט אוּן לוֹיטֶערְקֵייט װָאס אִיז צוּם מָשִׁיחַ. 4 װָארִין װֶען דֶער װָאס קוּמְט זָאל
פְּרֶעדִיגֶען אֵיין אַנְדֶערֶען יֵשׁוּעַ װֶעלְכֶען מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעפְּרֶעדִיגְט, אָדֶער
װֶען אִיהְר זָאלְט אֵיין אַנְדֶערֶען גֵייסְט אָנְנֶעמֶען װֶעלְכֶען אִיהְר הָאט נִיט אָנְגֶענוּ־
מֶען, אָדֶער אֵיין אַנְדֶערֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה װֶעלְכֶע אִיהְר הָאט נִיט דֶערְהַאלְטֶען,
אַזוֹי קֶענְט אִיהְר אִיהְם גוּט אוֹיסְהַאלְטֶען. 5 װָארִין אִיךְ דֶענְק אַז אִיךְ בִּין אִין
קֵיין שְׁטִיק װֶענִיגֶער װִיא דִיא הֶעכְסְטֶע אַפָּאסְטֶעל. 6 אָבֶּער װֶען אִיךְ בִּין
אַפִּילוּ פְּרָאסְטֶער אִין רֶעד, דָאךְ בִּין אִיךְ נִיט אִין דֶערְקֶענְטְנִיס, נֵייעֶרְט אִין
אַלֶעם זֶענֶען מִיר קֶעגֶען אֵייךְ אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעװָארֶען.

7 אָדֶער הָאבּ אִיךְ דֶערְמִיט גֶעזִינְדִיגְט װֵייל אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְנִידְרִיגְט כְּדֵי
אִיהְר זָאלְט דֶערְהֵייבְט װֶערֶען, אִינְדֶעם אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
פוּן גָאט אוּמְזוּסְט גֶעפְּרֶעדִיגְט? 8 אִיךְ הָאבּ אַנְדֶערֶע קְהִלוֹת גֶערוֹיבְּט, אוּן הָאבּ
פוּן זֵייא לוֹין גֶענוּמֶען צוּ אֵייעֶר דִינְסְט; 9 אוּן װֶען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ
גֶעװֶען אוּן הָאבּ נוֹיט גֶעהַאט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ קֵיינֶעם נִיט בֶּעלֶעסְטִיגְט, װָארִין
דִיא בְּרִידֶער װֶען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן מַקְדוֹנְיָא הָאבֶּען מֵיין בֶּעדֶערְפְנִיס
דֶערְזֶעצְט. אוּן אִין אַלֶעם הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעהִיט אַז אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ נִיט אַ
לַאסְט זֵיין, אוּן אִיךְ װֶעל מִיךְ װֵייטֶער הִיטֶען. 10 אַזוֹי װִיא דִיא װָאהְרְהֵייט
פוּן מָשִׁיחַ אִיז אִין מִיר, זָאל קֵיינֶער דִיא דָאזִיגֶע בַּארִיהְמוּנְג מִיר נִיט װֶעהְרֶען
אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּן אַכַאיָא. 11 װָארוּם? װֵייל אִיךְ לִיבּ אֵייךְ נִיט? גָאט
װֵייסְט עֶס. 12 אָבֶּער װָאס אִיךְ טְהוּא דָאס װֶעל אִיךְ אוֹיךְ טְהוּן, כְּדֵי אִיךְ זָאל

17 ירמיה ט׳ כג׳.

הִינְדֶערְן אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט פוּן דִיא וָואס זוּכֶען אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט, כְּדֵי אִין דֶעם
וָואס זֵייא בַּארִיהְמֶען זִיךְ, זָאלֶען זֵייא גֶעפִינֶען וֶוערֶען גְלֵייךְ וִויא אוֹיךְ מִיר.
13 וָוארִין אַזֶעלְכֶע זֶענֶען פַאלְשֶׁע אַפָּאסְטֶעל, בֶּעטְרִיגֶערִישֶׁע אַרְבֵּייטֶער, וָואס
פֶערְשְׁטֶעלֶען זִיךְ אַלְס אַפָּאסְטֶעל פוּן מָשִׁיחַ. 14 אוּן קֵיין וְואוּנְדֶער; וָוארִין דֶער
שָׂטָן אַלֵיין פֶערְשְׁטֶעלְט זִיךְ אַלְס אַ מַלְאָךְ פוּן לִיכְט. 15 דְרוּם אִיז עֶס קֵיינֶע
גְרוֹיסֶע זַאךְ, וֶוען זֵיינֶע דִינֶער פֶערְשְׁטֶעלֶען זִיךְ אַלְס דִינֶער פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט;
וֶועמֶעס סוֹף וֶועט זֵיין נָאךְ זֵייעֶרֶע וֶוערְק.

16 אִיךְ זָאג וִוידֶער, לָאז קֵיינֶער מִיךְ הַאלְטֶען אַלְס אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג; אָבֶּער
וֶוען אַזוֹי, אַפִילוּ אַלְס אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג׳ נֶעמְט מִיךְ אָן, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ אוֹיךְ
אַבִּיסֶעל בַּארִיהְמֶען. 17 וָואס אִיךְ רֶעד, דָאס רֶעד אִיךְ נִיט נָאךְ דֶעם מִנְהָג
פוּן דֶעם הַאר׳ן, נֵייעֶרְט וִויא אִין נַארִישְׁקֵייט אִין דִיזֶער פֶערְזִיכֶערוּנְג פוּן
בַּארִיהְמֶען. 18 וֵוייל פִילֶע בַּארִיהְמֶען זִיךְ נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
מִיךְ אוֹיךְ בַּארִיהְמֶען. 19 וָוארִין אִיהְר פֶערְטְרָאגְט גֶערְן דִיא נַארֶען, אִינְדֶעם
אִיהְר זֶענְט קְלוּג; 20 וָוארִין אִיהְר פֶערְטְרָאגְט וֶוען אֵיימִיצֶער מַאכְט אֵייךְ פַאר
קְנֶעכְט, וֶוען אֵיימִיצֶער פֶערְצֶעהְרְט אֵייךְ, וֶוען אֵיימִיצֶער פַאנְגְט אֵייךְ, וֶוען
אֵיימִיצֶער דֶערְהֵייבְּט זִיךְ קֶעגֶען אֵייךְ, וֶוען אֵיימִיצֶער שְׁלָאגְט אֵייךְ אוֹיף דֶעם
פָּנִים. 21 אִיךְ זָאג דָאס פַאר בּוּשָׁה, גְלֵייךְ וִויא מִיר וָואלְטֶען שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען.
אָבֶּער אִין וָואסְפַאר אַ זַאךְ אִיז אֵיימִיצֶער הֶערְצְהַאפְט, אִיךְ רֶעד מִיט נַארִישְׁ־
קֵייט, אַזוֹי בִּין אִיךְ אוֹיךְ הֶערְצְהַאפְט. 22 זֶענֶען זֵייא עִבְרִים? אִיךְ אוֹיךְ. זֶענֶען
זֵייא יִשְׂרְאֵלִים? אִיךְ אוֹיךְ. זֶענֶען זֵייא זֶרַע אַבְרָהָם? אִיךְ אוֹיךְ. 23 זֶענֶען
זֵייא דִינֶער פוּן מָשִׁיחַ? אִיךְ רֶעד וִויא אֵיינֶער אוֹיסֶער זִיךְ, אִיךְ בִּין מֶעהְר;
אִין אַרְבֵּייטֶען פִיל מֶעהְר, אִין גֶעפֶענְגְנִיסֶען פִיל מֶעהְר, אִין מַלְקוֹת אִיבֶּער
דֶעם מָאס, אִין טוֹיט אָפְט. 24 פוּן דִיא יוּדֶען הָאבּ אִיךְ פִינְף מָאל בֶּעקוּמֶען
פִיעֶרְצִיג מַלְקוֹת וֶוענִיגֶער אֵיינְס, 25 דְרֵייא מָאל בִּין אִיךְ מִיט רוּטֶער גֶעשְׁלָא־
גֶען גֶעוָוארֶען, אֵיין מָאל בִּין אִיךְ גֶעשְׁטֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, דְרֵייא מָאל הָאבּ אִיךְ
שִׁיפְבְּרוּךְ גֶעלִיטֶען, אַ טָאג אוּן אַ נַאכְט בִּין אִיךְ אִין דֶער טִיפֶענֶעס גֶעוֶועזֶען;
26 אִין רֵייזֶען אָפְט, אִין גֶעפַאהְרֶען פוּן וַואסֶער, אִין גֶעפַאהְרֶען פוּן רוֹיבֶּער,
אִין גֶעפַאהְרֶען פוּן מַיין פָאלְק, אִין גֶעפַאהְרֶען פוּן דִיא גוֹיִם, אִין גֶעפַאהְרֶען
אִין דֶער שְׁטָאדְט, אִין גֶעפַאהְרֶען אִין דֶער וִוידְטֶענִיס, אִין גֶעפַאהְרֶען אוֹיף
דֶעם יַם, אִין גֶעפַאהְרֶען צְוִוישֶׁען פַאלְשֶׁע בְּרִידֶער, 27 אִין אַרְבֵּייט אוּן מִידִיג־
קֵייט, אִין וַואכֶען אָפְט, אִין הוּנְגֶער אוּן דוּרְשְׁט, אִין פַאסְטֶען אָפְט, אִין קֶעלְט
אוּן נַאקְטְהֵייט; 28 חוּץ דִיא אוֹיסֶערְלִיכֶע זַאכֶען, דִיא זָארְג פַאר אַלֶע
קְהִלּוֹת, וָואס פַאלְט אוֹיף מִיר טֶעגְלִיךְ. 29 וֶוער אִיז שְׁוַואךְ אוּן אִיךְ בִּין נִיט
שְׁוַואךְ? וֶוער אִיז גֶעעֶרְגֶערְט אוּן אִיךְ בְּרֶען נִיט? 30 וֶוען אִיךְ מוּז מִיךְ
בַּארִיהְמֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיךְ מִיט דִיא זַאכֶען פוּן מֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייט בַּארִיהְ־
מֶען. 31 דֶער גָאט אוּן פָאטֶער פוּן דֶעם הַאר׳ן יֵשׁוּעַ, דֶער אִיז גֶעלוֹיבְּט אוֹיף
עֶבִּיג, וֵוייסְט אַז אִיךְ זָאג קֵיין לִיגֶען. 32 אִין דַמֶשֶׂק הָאט דֶער גוּבֶּערְנֶער פוּן
אַרֶעטַאס דֶעם קֶענִיג גֶעהִיט דִיא שְׁטָאדְט פוּן דִיא בְּנֵי דַמֶשֶׂק, כְּדֵי מִיךְ צוּ

פַאנְגֶען, 33 אוּן דוּרְךְ דֶער מוֹיעֶר הָאט מֶען מִיךְ אַרוּפְּגֶעלָאזְט אִין אַ קָארְבּ
דוּרְךְ אַ פֶענְסְטֶער, אוּן אִיךְ בִּין פוּן זֵיינֶע הֶענְד אַנְטְרִינֶען.

יב 1 אִיךְ מוּז מִיךְ בַּארִיהְמֶען, דָאךְ נוּצְט עֶס מִיר נִיט; אָבֶּער אִיךְ
וֶועל קוּמֶען צוּ גֶעזִיכְטֶען אוּן אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דֶעם הַאר'ן. 2 אִיךְ וֵוייס אַ
מַאן אִין מָשִׁיחַ פָאר פִיעֶרְצֶעהְן יָאהְר, אוֹיבּ אִין דֶעם לֵייבּ וֵוייס אִיךְ נִיט,
אָדֶער אוֹיסֶער דֶעם לֵייבּ וֵוייס אִיךְ נִיט, גָאט וֵוייסְט; אִיךְ וֵוייס אַזֶעלְכֶען
צוּם דְרִיטֶען הִימֶעל אַרוֹיפְּגֶענוּמֶען. 3 אוּן אִיךְ וֵוייס אַזֶעלְכֶען מַאן, אוֹיבּ
אִין דֶעם לֵייבּ אָדֶער אוֹיסֶער דֶעם לֵייבּ וֵוייס אִיךְ נִיט, גָאט וֵוייסְט; 4 אַז
עֶר אִיז צוּ פַּרְדֵס אַרוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אוּן הָאט אוּנְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶע וֶוערְטֶער
גֶעהֶערְט, וָואס עֶס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט אַז אַ מֶענְשׁ זָאל אוֹיסְרֶעדֶען. 5 וֶועגֶען
אַזֶעלְכֶען וֶועל אִיךְ מִיךְ בַּארִיהְמֶען, אָבֶּער וֶועגֶען מִיר זֶעלְבְּסְט וֶועל אִיךְ מִיךְ
נִיט בַּארִיהְמֶען, חוּץ אִין מֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען.

6 וָוארִין וֶוען אִיךְ זָאל מִיךְ וֶועלֶען בַּארִיהְמֶען, וֶועל אִיךְ קֵיין נַאר נִיט זַיין,
וָוארִין אִיךְ וֶועל זָאגֶען דִיא וָואהְרְהֵייט; אָבֶּער אִיךְ פֶערְמֵייד עֶס, כְּדֵי קֵיינֶער
זָאל פוּן מִיר נִיט מֶעהְר הַאלְטֶען ווִיא עֶר זֶעהְט אִין מִיר אָדֶער הֶערְט פוּן מִיר.
7 אוּן אַז אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט צוּפִיל דֶערְהֵייבֶּען דוּרְךְ דֶער גְרוֹיסְהֵייט פוּן
דִיא פִילֶע אַנְטְפְּלֶעקֶען, אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען אַ דָארְן אִים פְלֵיישׁ, אַ שָׁלִיחַ פוּן שָׂטָן,
אַז עֶס זָאל מִיךְ פַּאטְשֶׁען, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט צוּפִיל דֶערְהֵייבֶּען. 8 וֶועגֶען
דִיזֶעם הָאבּ אִיךְ צוּ דֶעם הַאר'ן דְרֵייא מָאל גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶס זָאל זִיךְ פוּן
מִיר אָפְּטְהוּן. 9 אוּן עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, מֵיינֶע גְנָאד אִיז גֶענוּג פַאר
דִיר, וָוארִין מֵיינֶע מַאכְט אִיז אִין דֶער שְׁוַואכְהֵייט פָאלְקָאמֶען. דְרוּם וֶועל אִיךְ
מִיךְ זֶעהְר גֶערְן בַּארִיהְמֶען לִיבֶּער אִין מֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען, כְּדֵי דִיא מַאכְט פוּן
מָשִׁיחַ זָאל אוֹיף מִיר רוּהֶען. 10 דְרוּם הָאבּ אִיךְ הֲנָאָה אִין שְׁוַואכְהֵייטֶען, אִין
לֶעסְטֶערוּנְגֶען, אִין צָרוֹת, אִין פֶערְפָאלְגוּנְגֶען, אוּן אִין אַנְגְסְטֶען, פוּן וֶועגֶען
מָשִׁיחַ; וָוארִין וֶוען אִיךְ בִּין שְׁוַואךְ, דַאן בִּין אִיךְ שְׁטַארְק.

11 אִיךְ בִּין נַארִישׁ גֶעוָוארֶען; אִיהְר הָאט מִיךְ גֶענֶעטִיגְט. וָוארִין אִיךְ הָאבּ
גֶעזָאלְט פוּן אֵייךְ עֶמְפְּפוֹילֶען וֶוערֶען. וָוארִין אִיךְ בִּין גָאר נִיט וֶוענִיגֶער ווִיא
דִיא הֶעכְסְטֶע אַפָּאסְטֶעל, חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין גָאר נִיט גֶעוֶוען. 12 דִיא צֵייכֶען פוּן
אֵיין אַפָּאסְטֶעל זֶענֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ גֶעווִירְקְט גֶעוֶוען מִיט אַלֶער גֶעדוּלְד,
דוּרְךְ צֵייכֶען אוּן וְואוּנְדֶער אוּן גְבוּרוֹת. 13 וָוארִין וָואס הָאט אֵייךְ גֶעפֶעהְלְט
מֶעהְר ווִיא דִיא אַנְדֶערֶע קְהִלוֹת, חוּץ אַז אִיךְ זֶעלְבְּסְט בִּין אֵייךְ נִיט צוּ לַאסְט
גֶעוֶועזֶען? פֶערְגִיבְּט מִיר דִיזֶעם אוּנְרֶעכְט.

14 זֶעה דִיזֶעס דְרִיטֶע מָאל בִּין אִיךְ פַארְטִיג צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, אוּן אִיךְ
וֶועל אֵייךְ נִיט בֶּעלֶעסְטִיגֶען; וָוארִין אִיךְ זוּךְ נִיט דָאס אֵייעֶרִיגֶע, נֵייעֶרְט אֵייךְ.
וָוארִין דִיא קִינְדֶער זָאלֶען נִיט זַאמְלֶען פַאר דִיא עֶלְטֶערְן, נֵייעֶרְט דִיא עֶלְטֶערְן
פַאר דִיא קִינְדֶער. 15 אוּן אִיךְ וֶועל זֶעהְר גֶערְן אוֹיסְגֶעבֶּען אוּן אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען וֶועגֶען אֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת. וֶוען אִיךְ לִיבּ אֵייךְ נָאךְ מֶעהְר בִּין אִיךְ וֶוענִי־
גֶער גֶעלִיבְּט? 16 אָבֶּער לָאז עֶס אַזוֹי זַיין, אִיךְ בִּין אֵייךְ נִיט צוּ לַאסְט גֶעוֶועזֶען;

גֵייעֶרְט וֵוייל אִיךְ בִּין קִינְסְטְלֶערִישׁ, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אֵייךְ מִיט לִיסְט גֶעפַאנְגֶען.
[17] הָאבּ אִיךְ פוּן אֵייךְ מֵיין אֵייגֶענֶע טוֹבָה גֶעהַאט דוּרְךְ דִיא וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
גֶעשִׁיקְט? [18] אִיךְ הָאבּ טִיטוּס גֶעבֶּעטֶען אוּן אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהְם דֶעם בְּרוּ־
דֶער גֶעשִׁיקְט; הָאט טִיטוּס פוּן אֵייךְ אַ פָארְטְהֵייל גֶעהַאט? הָאבֶּען מִיר נִיט
אִים זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט גֶעוַואנְדֶעלְט? זֶענֶען מִיר נִיט אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טְרִיט
גֶעגַאנְגֶען?
[19] אִיהְר דֶענְקְט שׁוֹין לַאנְג אַז מִיר פֶערְעֶנְטְפֶערֶען אוּנְז פַאר אֵייךְ. מִיר רֶעדֶען
פָאר גָאט אִין מָשִׁיחַ; אָבֶּער אַלֶע זַאכֶען, גֶעלִיבְּטֶע, זֶענֶען צוּ אֵייעֶרֶע אוֹיפְ־
בּוֹיאוּנְג. [20] וָוארִין אִיךְ פָארְכְט מִיךְ, טָאמֶער וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען וֶועל אִיךְ
אֵייךְ גֶעפִינֶען נִיט אַזוֹי וִויא אִיךְ וִוינְשׁ, אוּן אִיהְר וֶועט מִיךְ אוֹיךְ גֶעפִינֶען
נִיט אַזוֹי וִויא אִיהְר וִוינְשְׁט; טָאמֶער וֶועט זַיין גֶעצַאנְק, קִנְאָה, צָארְן,
מַחְלוֹקֶת, לָשׁוֹן הָרָע, רְכִילוּת, אוֹיפְבְּלָאזוּנְג, גֶעטוּמֶעל; [21] טָאמֶער וֶוען אִיךְ
וֶועל וִוידֶערְקוּמֶען, וֶועט מִיךְ מֵיין גָאט דֶערְנִידְרִיגֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּן אִיךְ וֶועל
טְרוֹיעֶרְן אִיבֶּער פִילֶע וָואס הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעזִינְדִיגְט, אוּן הָאבֶּען נִיט
תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן פַאר דֶער אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוּן הוּרֶערַייא אוּן אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט
וָואס זֵייא הָאבֶּען בֶּעגַאנְגֶען.
יג [1] דִיזֶעס אִיז דָאס דְרִיטֶע מָאל אַז אִיךְ קוּם צוּ אֵייךְ. דוּרְךְ צְוֵוייא אָדֶער
דְרַייא עֵדוּת זָאל אִיטְלִיכֶעס וָוארְט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט וֶוערֶען. [2] אִיךְ הָאבּ שׁוֹין
פָארְהֶער גֶעזָאגְט, אוּן פָארְהֶער זָאג אִיךְ, גְלֵייךְ וִויא אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען
צוּם צְוֵוייטֶען מָאל, וֶוען אַפִילוּ אִיךְ בִּין אַוֶועק פוּן אֵייךְ, צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען
פְרִיהֶער גֶעזִינְדִיגְט אוּן צוּ אַלֶע אִיבְּרִיגֶע, אַז וֶוען אִיךְ וֶועל וִוידֶער אַמָאל
קוּמֶען וֶועל אִיךְ נִיט שְׁפָּארֶען; [3] וֵוייל אִיהְר זוּכְט אַ פְּרוּבֶּע אַז מָשִׁיחַ רֶעט אִין
מִיר, וָועלְכֶער אִיז נִיט קֶעגֶען אֵייךְ שְׁוַואךְ גֵייעֶרְט אִיז מֶעכְטִיג צְוִוישֶׁען אֵייךְ.
[4] וָוארִין עֶר אִיז אוֹיךְ אוֹיס שְׁוַואכְהֵייט גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען, אָבֶּער עֶר לֶעבְּט
דוּרְךְ דֶער קְרַאפְט פוּן גָאט. וָוארִין מִיר זֶענֶען אוֹיךְ שְׁוַואךְ אִין אִיהְם, אָבֶּער
מִיר וֶועלֶען מִיט אִיהְם לֶעבֶּען דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן גָאט קֶעגֶען אֵייךְ.
[5] פְּרִיפְט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיבּ אִיהְר זֶענְט אִים גְלוֹיבֶּען, רִיכְטֶעט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט;
אָדֶער וֵוייסְט אִיהְר אוֹיךְ נִיט זֶעלְבְּסְט אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז אִין אֵייךְ? סֵיידֶען אִיהְר
טוֹיגְט נִיט. [6] אָבֶּער אִיךְ הָאף אַז אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז מִיר זֶענֶען קֵיינֶע
טוֹיגֶע נִיט. [7] נוּן מִיר בֶּעטֶען צוּ גָאט אַז אִיהְר זָאלְט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן,
נִיט אַז מִיר זָאלֶען אוֹיסְזֶעהֶען וִויא בֶּעוִוילִיגְט, גֵייעֶרְט אַז אִיהְר זָאלְט גוּטֶעס
טְהוּן, אוּן מִיר זָאלֶען זַיין וִויא דִיא וָואס טוֹיגֶען נִיט. [8] וָוארִין מִיר קֶענֶען
גָאר נִיט טְהוּן קֶעגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט, גֵייעֶרְט פַאר דֶער וָואהְרְהֵייט. [9] וָוארִין
מִיר זֶענֶען פְרֶעהְלִיךְ, וֶוען מִיר זֶענֶען שְׁוַואךְ אוּן אִיהְר זֶענְט שְׁטַארְק; דָאס
וִוינְשֶׁען מִיר אוֹיךְ, אֵייעֶרֶע גַאנְצְהֵייט. [10] דְרוּם שְׁרֵייבּ אִיךְ דִיזֶע זַאכֶען וֶוען אִיךְ
בִּין אַוֶועק, אַז וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ זָאל אִיךְ נִיט שַׁארְף זַיין נָאךְ דֶער מַאכְט
וָואס דֶער הַאר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּם אוֹיפְבּוֹיעֶן אוּן נִיט צוּם נִידֶערְרֵייסֶען.

[1] דברים יט׳ טו׳.

11 צוּלֶעצְט, בְּרִידֶער, זַייט גֶעגְרִיסְט, זַייט פָאלְקָאמֶען, זַייט גֶעטְרַייסְט, הָאט אֵיין
גֶערְלֵייא מֵיינוּנְג, זַייט פְרִידְלִיךְ; אוּן דֶער גָאט פוּן לִיבֶּע אוּן פוּן פְרִידֶען וֶועט
מִיט אֵייךְ זַיין. 12 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אַ הֵיילִיגֶען קִישׁ. 13 אַלֶע
הֵיילִיגֶע גְרִיסֶען אֵייךְ.
14 דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּן דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט, אוּן דִיא
גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט זָאל מִיט אֵייךְ אַלֶע זַיין.

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוּלוֹס צוּ דִיא גַאלַאטֶער.

---

1 פּוּלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל, נִיט פוּן מֶענְשֶׁען אוּן נִיט דוּרְךְ אַ מֶענְשֶׁען נֵייעֶרְט
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּן גָאט דֶעם פָאטֶער, וֶועלְכֶער הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט
פוּן דִיא טוֹיטֶע, 2 אוּן אַלֶע בְּרִידֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט מִיר, צוּ דִיא
קְהִלוֹת פוּן גַאלַאטְיָא, 3 גְנָאד צוּ אֵייךְ אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען פָאטֶער
אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ; 4 וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט פַאר אוּנְזֶערֶע
זִינְד גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְז מַצִיל זַיין פוּן דֶעם אִיצְטִיגֶען אִיבֶּעלֶען
צַייטַאלְטֶער נָאךְ דֶעם ווִילֶען פוּן אוּנְזֶערֶען גָאט אוּן פָאטֶער, 5 צוּ וֶועלְכֶעם
זָאל זַיין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן.
6 אִיךְ וְואוּנְדֶער מִיךְ אַז אִיהְר קֶעהְרְט אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד אָפּ פוּן אִיהְם וֶועלְכֶער
הָאט אֵייךְ בֶּערוּפֶען אִין דֶער גְנָאד פוּן מָשִׁיחַ, צוּ אֵיין אַנְדֶערֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה;
7 וֶועלְכֶע אִיז נִיט קֵיין אַנְדֶערֶע; אוֹיסֶער עֶס זֶענֶען דָא עֶטְלִיכֶע דִיא אֵייךְ פֶערְטוּ־
מֶעלֶען אוּן ווִילֶען פֶערְקֶעהְרֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶעם מָשִׁיחַ. 8 אָבֶּער
וֶוען אוֹיךְ מִיר, אָדֶער אַ מַלְאָךְ פוּן הִימֶעל זָאל צוּ אֵייךְ אֵיין אַנְדֶערֶע בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה פְּרֶעדִיגֶען אוֹיסֶער דִיא וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, דֶער
זָאל חֵרֶם זַיין. 9 גְלֵייךְ ווִיא מִיר הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאג אִיךְ ווִידֶער
אִיצְט, וֶוען אֵיימִיצֶער צוּ אֵייךְ אֵיין אַנְדֶערֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פְּרֶעדִיגְט אוֹיסֶער
דִיא וָואס אִיהְר הָאט אָנְגֶענוּמֶען, לָאז עֶר חֵרֶם זַיין. 10 וָוארִין אִיבֶּערְרֶעד אִיךְ
אִיצְט מֶענְשֶׁען אָדֶער גָאט? אָדֶער זוּךְ אִיךְ מֶענְשֶׁען צוּ גֶעפֶעלֶען? וֶוען אִיךְ
זָאל נָאךְ מֶענְשֶׁען גֶעפֶעלֶען וָואלְט אִיךְ נִיט גֶעוֶוען אַ קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ.
11 וָוארִין אִיךְ לָאז אֵייךְ צוּ ווִיסֶען, בְּרִידֶער, דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וֶועלְכֶע
אִיז פוּן מִיר גֶעפְּרֶעדִיגְט, אַז זִיא אִיז נִיט נָאךְ מֶענְשֶׁען; 12 וָוארִין אִיךְ
הָאבּ זִיא נִיט פוּן אַ מֶענְשֶׁען דֶערְהַאלְטֶען, אוֹיךְ נִיט גֶעלֶערְנְט, נֵייעֶרְט דוּרְךְ
אֵיין אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. 13 וָוארִין אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט ווִיא אִיךְ
הָאבּ פְרִיהֶער גֶעוַואנְדֶעלְט אִין דֶעם יוּדֶענְטְהוּם, אַז אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער מָאס
דִיא קְהִלָה פוּן גָאט פֶערְפָאלְגְט, אוּן הָאבּ זִיא פֶערְווִיסְטֶעט; 14 אוּן אִיךְ

הָאבּ מֶעהְר צוּגֶענוּמֶען אִים יוּדֶענְטְהוּם וִויא פִּילֶע פוּן דִיא אִין מֵיינֶע
יָאהְרֶען צְוִוישֶׁען מֵיין פָאלְק, וֵוייל אִיךְ בִּין זֶעהְר אֵייפְרִיג גֶעוֶועזֶען פַאר דִיא
אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְגֶען פוּן מֵיינֶע אָבוֹת. 15 אָבֶּער וֶוען עֶס הָאט גָאט גֶעפֶעלֶען,
וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן מֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּן הָאט מִיךְ דוּרְךְ
זֵיינֶע גְנָאד גֶערוּפֶען, 16 זֵיין זוּהְן אִין מִיר צוּ אַנְטְפְּלֶעקֶען, אַז אִיךְ זָאל אִיהְם
צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם פְּרֶעדִיגֶען, גְלֵייךְ הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט מִיט פְלֵיישׁ אוּן בְּלוּט
בֶּערָאטְהֶען, 17 אוֹיךְ בִּין אִיךְ נִיט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא וֶועלְכֶע
זֶענֶען פָאר מִיר אַפָּאסְטֶעל גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין
אַרַאבִּיעֶן, אוּן בִּין וִוידֶער קֵיין דַמֶשֶׂק צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט.
18 דַאן נָאךְ דְרֵייא יָאהְר בִּין אִיךְ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, כֵּיפָא צוּ
בֶּעזוּכֶען, אוּן בִּין בֵּייא אִיהְם פִינְפְצֶעהְן טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען. 19 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
קֵיין אַנְדֶערֶען פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶעזֶעהֶען, אוֹיסֶער יַעֲקֹב דֶעם בְּרוּדֶער פוּן
דֶעם הַאר'ן. 20 נוּן דִיא זַאכֶען וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ, זֶעה, גָאט וֵוייסְט אַז
אִיךְ זָאג נִיט לִיגֶען. 21 דֶערְנָאךְ בִּין אִיךְ אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּן סוּרְיָא אוּן
קִלִיקְיָא גֶעקוּמֶען. 22 אוּן אִיךְ בִּין אוּנְבֶּעקַאנְט גֶעוֶועזֶען פָּנִים אֶל פָּנִים צוּ דִיא
קְהִלּוֹת פוּן יְהוּדָה וָואס זֶענֶען אִין מָשִׁיחַ. 23 נוּר הָאבֶּען זֵייא גֶעהֶערְט אַז
דֶער וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז פְרִיהֶער פֶערְפָאלְגְט פְּרֶעדִיגְט אִיצְט דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס
עֶר הָאט פְרִיהֶער צוּשְׁטֶערְט; 24 אוּן זֵייא הָאבֶּען אִין מִיר גָאט פֶערְהֶערְלִיכְט.
ב 1 דֶערְנָאךְ נָאךְ פִיעֶרְצֶעהְן יָאהְר בִּין אִיךְ וִוידֶער קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מִיט בַּרְנַבָּא, אוּן הָאבּ אוֹיךְ טִיטוּס מִיטְגֶענוּמֶען. 2 אוּן אִיךְ בִּין
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מַחְמַת אֵיין אַנְטְפְּלֶעקוּנְג, אוּן הָאבּ זֵייא פָארְגֶעלֶעגְט דִיא
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וֶועלְכֶע אִיךְ פְּרֶעדִיג צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אָבֶּער בֶּעזוּנְדֶער צוּ
דִיא אָנְגֶעזֶעהֶענֶע לֵייט, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט לוֹיפֶען אָדֶער בִּין גֶעלָאפֶען אוּמְזוּסְט.
3 אָבֶּער אֲפִילוּ נִיט טִיטוּס וֶועלְכֶער אִיז מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען, וֶוען אוֹיךְ אַ גְרֶעק, אִיז
גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוָוארֶען בֶּעשְׁנִיטֶען צוּ וֶוערֶען; 4 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא פַאלְשֶׁע בְּרִי־
דֶער, וָואס הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעשְׁטִיפְּט, וֶועלְכֶע זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּ־
מֶען אוֹיסְצוּשְׁפֶּעהֶען אוּנְזֶערֶע פְרֵייהֵייט וָואס מִיר הָאבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוּנְז אִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט בְּרֶענְגֶען; 5 צוּ וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען
נִיט נָאכְגֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ זֵיין, אַפִילוּ נִיט אַ שָׁעָה, כְּדֵי דִיא וָואהְר־
הֵייט פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה זָאל בֵּייא אֵייךְ בְּלֵייבֶּען. 6 אָבֶּער פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהֶען עֶפֶּעס צוּ זֵיין, וִויא חָשׁוּב זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען גֶעהְט
מִיךְ נִיט אָן, גָאט אִיז נִיט קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים; וָוארִין מִיר הָאבֶּען דִיא אָנְגֶעזֶע־
הֶענֶע גָאר נִיט מִיטְגֶעטְהֵיילְט, 7 נֵייעֶרְט אוּמְגֶעקֶעהְרְט, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶע־
הֶען אַז מִיר אִיז אָנְפֶערְטְרוֹיעֶט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פַאר דִיא עֲרֵלִים, גְלֵייךְ וִויא צוּ
פֶּעטְרוּס דִיא צוּ דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע; 8 וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער הָאט אִין פֶּעטְרוּס
גֶעוִוירְקְט צוּם שְׁלִיחוּת צוּ דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע, הָאט אוֹיךְ אִין מִיר גֶעוִוירְקְט צוּ
דִיא גוֹיִם. 9 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזֶעהֶען דִיא גְנָאד וֶועלְכֶע אִיז מִיר
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען יַעֲקֹב אוּן כֵּיפָא אוּן יוֹחָנָן, וֶועלְכֶע זֶענֶען אַלְס

זַיילֶען אָנְגֶעזֶעהֶען, דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד דֶער גֶעמֵיינְשַׁאפְט צוּ מִיר אוּן בַּרְנַבָּא
גֶעגֶעבֶּען, אַז מִיר זָאלֶען צוּ דִיא גוֹיִם גֶעהֶען, אוּן זַייא צוּ דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע;
10 נוּר אַז מִיר זָאלֶען גֶעדֶענְקֶען אָן דִיא אָרְמֶע לֵייט, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ
זֶעלְבְּסְט בֶּעפְלֵייסִיגְט צוּ טְהוּן.
11 אָבֶּער װֶען פֶּעטְרוּס אִיז קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא גֶעקוּמֶען, בִּין אִיךְ אִיהְם פָּנִים אֶל
פָּנִים װִידֶערְשְׁטַאנֶען, װַייל עֶר אִיז פֶערְשׁוּלְדִיגְט גֶעװֶען. 12 וָוארִין אֵיידֶער עֶטְלִיכֶע
לֵייט פוּן יַעֲקֹב זֶענֶען גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר מִיט דִיא גוֹיִם גֶעגֶעסֶען; אָבֶּער װֶען
זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען אוּן הָאט זִיךְ פוּן זַייא
אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט, װַייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע. 13 אוּן
אַפִילוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ מִיט אִיהְם פֶערְשְׁטֶעלְט, אַזוֹי אַז
בַּרְנַבָּא אִיז אוֹיךְ דוּרְךְ זַייעֶרֶע הֵייכְלֶערַייא פֶערְפִיהְרְט גֶעװָארֶען.
14 אָבֶּער װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז זַייא הָאבֶּען נִיט אוֹיפְרִיכְטִיג גֶעװַאנְדֶעלְט
נָאךְ דֶער וָואהְרְהֵייט פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, הָאבּ אִיךְ צוּ פֶּעטְרוּס פָאר אַלֶע
גֶעזָאגְט, װֶען דוּא דֶער בִּיסְט אַ יוּד לֶעבְּסְט גוֹאִישׁ אוּן נִיט יוּדִישׁ, וִויא
צְוִוינְגְסְט דוּא דִיא גוֹיִם יוּדִישׁ צוּ לֶעבֶּען? 15 מִיר וָואס זֶענֶען יוּדֶען פוּן נַאטוּר
אוּן נִיט זִינְדֶער פוּן דִיא גוֹיִם, 16 דָאךְ וִויסֶען מִיר אַז אַ מֶענְשׁ אִיז נִיט
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ דִיא װֶערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, הָאבֶּען מִיר אַפִילוּ אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ גֶעגְלוֹיבְּט, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט װֶערֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן מָשִׁיחַ אוּן נִיט דוּרְךְ
דִיא װֶערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, וָוארִין דוּרְךְ דִיא װֶערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ װֶעט קֵיין
פְלֵיישׁ גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט װֶערֶען. 17 אָבֶּער װֶען, אִינְדֶעם מִיר זוּכֶען גֶערֶעכְטְ־
פֶערְטִיגְט צוּ װֶערֶען אִין מָשִׁיחַ, זֶענֶען מִיר זֶעלְבְּסְט אוֹיךְ זִינְדֶער גֶעפִינֶען,
אִיז דֶען מָשִׁיחַ אַ דִינֶער פוּן זִינְד? חָלִילָה. 18 וָוארִין װֶען אִיךְ װִידֶער
אוֹיפְבּוֹיעֶ דִיא זַאכֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אַזוֹי בֶּעװֵייז אִיךְ מִיךְ
זֶעלְבְּסְט אַלְס אֵיין אִיבֶּערְטְרֶעטֶער. 19 וָוארִין דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה בִּין אִיךְ צוּ דֶער
תּוֹרָה גֶעשְׁטָארְבֶּען, כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ גָאט לֶעבֶּען. 20 אִיךְ בִּין מִיט מָשִׁיחַ
גֶעקְרֵייצִיגְט, דָאךְ לֶעבּ אִיךְ, אָבֶּער נִיט מֶעהְר אִיךְ, נֵייעֶרְט מָשִׁיחַ לֶעבְּט אִין
מִיר; אוּן וָואס אִיךְ לֶעבּ אַצוּנְד אִין דֶעם פְלֵיישׁ, דָאס לֶעבּ אִיךְ דוּרְךְ דֶעם
גְלוֹיבֶּען אָן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, װֶעלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט אוּן הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט
פַאר מִיר אָפְּגֶעגֶעבֶּען. 21 אִיךְ מַאךְ נִיט זִיךְ דִיא גְנָאד פוּן גָאט בָּטֵל; וָוארִין װֶען
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז מָשִׁיחַ אוּמְזוּסְט גֶעשְׁטָארְבֶּען.
ג 1 אָ נַארִישֶׁע גַאלַאטֶער, װֶער הָאט אֵייךְ בֶּעצוֹיבֶּערְט, צוּ װֶעלְכֶע יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
אִיז פָאר דִיא אוֹיגֶען פָארְגֶעצֵייכֶענְט גֶעוָוארֶען, אַלְס גֶעקְרֵייצִיגְט? 2 דָאס נוּר
וִויל אִיךְ פוּן אֵייךְ לֶערְנֶען, הָאט אִיהְר דֶעם גֵייסְט בֶּעקוּמֶען דוּרְךְ דִיא װֶערְק
פוּן דֶעם גֶעזֶעץ אָדֶער דוּרְךְ דֶעם הֶערֶען פוּן גְלוֹיבֶּען? 3 זֶענְט אִיהְר אַזוֹי
נַארִישׁ? װֶען אִיהְר הָאט אִים גֵייסְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען, עֶנְדִיגְט אִיהְר אִיצְט אִים
פְלֵיישׁ? 4 הָאט אִיהְר אַזוֹי פִיל אוּמְזוּסְט גֶעלִיטֶען? װֶען װִירְקְלִיךְ עֶס אִיז

16 תְּהִלִּים קמג׳ ב׳.

אוּמְזוּסְט. 5 דֶער דֶען וֶועלְכֶער דֶערְלַאנְגְט אֵייךְ דֶעם גֵייסְט אוּן ווִירְקְט ווְאוּנְ־
דֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ, טְהוּט עֶר עֶס דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אָדֶער
דוּרְךְ דֶעם הֶערֶען פוּן גְלוֹיבֶּען? 6 גְלֵייךְ ווִיא אַבְרָהָם הָאט גָאט גֶעגְלוֹיבְּט,
אוּן עֶס אִיז אִיהְם צוּגֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען אַלְס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט.
7 דְרוּם זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען אַז דִיא וָואס זֶענֶען פוּן גְלוֹיבֶּען דִיזֶע זֶענֶען דִיא
קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם. 8 אָבֶּער דִיא שְׁרִיפְט הָאט פָארְאוֹיס גֶעזֶעהֶען אַז דוּרְךְ
גְלוֹיבֶּען וֶועט גָאט דִיא גוֹיִם רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען, אוּן הָאט פָארְאוֹיס גֶעפְּרֶעדִיגְט
דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ אַבְרָהָם, אִין דִיר וֶועלֶען אַלֶע פֶעלְקֶער גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען.
9 אַזוֹי דֶען דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען פוּן גְלוֹיבֶּען זֶענֶען גֶעבֶּענְשְׁט מִיט דֶעם גְלוֹיבִּי־
גֶען אַבְרָהָם. 10 ווָארִין אַזוֹי פִיל וָואס זֶענֶען פוּן דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ,
דִיא זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם פְלוּךְ; ווָארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, פֶערְפְלוּכְט אִיז
אִיטְלִיכֶער וָואס בְּלֵייבְּט נִיט אִין אַלֶע וָואס זֶענֶען אִים סֵפֶר תּוֹרָה גֶעשְׁרִיבֶּען,
זֵייא צוּ טְהוּן. 11 אָבֶּער אַז קֵיינֶער אִיז בֵּייא גָאט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ דֶעם
גֶעזֶעץ אִיז קְלָאר, ווָארִין דֶער גֶערֶעכְטֶער וֶועט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען לֶעבֶּען.
12 אוּן דָאס גֶעזֶעץ אִיז נִיט פוּן גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט דֶער וֶועלְכֶער זֵייא טְהוּט וֶועט
אִין זֵייא לֶעבֶּען. 13 מָשִׁיחַ הָאט אוּנְז אוֹיסְגֶעלֶעזְט פוּן דֶעם פְלוּךְ פוּן דֶעם
גֶעזֶעץ, אִינְדֶעם עֶר אִיז אַ פְלוּךְ פַאר אוּנְז גֶעוָוארֶען, ווָארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, פֶערְפְלוּכְט אִיז אִיטְלִיכֶער וָואס הֶענְגְט אוֹיף אַ בּוֹים; 14 כְּדֵי דִיא
בְּרָכָה פוּן אַבְרָהָם זָאל אוֹיף דִיא גוֹיִם קוּמֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען דִיא הַבְטָחָה פוּן דֶעם גֵייסְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען דֶערְהַאלְטֶען.
15 בְּרִידֶער, אִיךְ רֶעד מֶענְשְׁלִיךְ. אַ בּוּנְד וֶוען עֶר אִיז אוֹיךְ נוּר פוּן אַ מֶענְ־
שֶׁען, דָאךְ וֶוען עֶר אִיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט, מַאכְט קֵיינֶער אִיהְם אוּנְגִילְטִיג אָדֶער טְהוּט
עֶפֶּעס דֶערְצוּ. 16 נוּן זֶענֶען דִיא הַבְטָחוֹת גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ אַבְרָהָם אוּן צוּ
זֵיין זָאמֶען. עֶר זָאגְט נִיט, אוּן צוּ דִיא זָאמֶען, ווִיא פוּן פִילֶע, נֵייעֶרְט ווִיא
פוּן אֵיינֶעם, אוּן צוּ דֵיין זָאמֶען, דָאס אִיז דֶער מָשִׁיחַ. 17 אוּן דָאס זָאג אִיךְ,
אַ בּוּנְד וֶועלְכֶער אִיז פוּן גָאט פְרִיהֶער בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוארֶען, קֶען דִיא תּוֹרָה,
וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּן דְרֵייסִיג יָאהְר דֶערְנָאךְ, נִיט צוּשְׁטֶערֶען,
אַז זִיא זָאל דִיא הַבְטָחָה בָּטֵל מַאכֶען. 18 ווָארִין וֶוען דִיא יְרוּשָׁה אִיז דוּרְךְ דֶער
תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט מֶעהְר דוּרְךְ דֶער הַבְטָחָה; אָבֶּער גָאט הָאט זִיא אוֹיס
גְנָאד צוּ אַבְרָהָם גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶער הַבְטָחָה. 19 צוּ וָואס דֶען אִיז דִיא תּוֹרָה?
זִיא אִיז צוּגֶעזֶעצְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֶער אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג, בִּיז דֶער זָאמֶען וֶועט
קוּמֶען צוּ דֶעם דִיא הַבְטָחָה אִיז גֶעגֶעבֶּען, אוּן זִיא אִיז דוּרְךְ מַלְאָכִים
פֶערְאָרְדְנֶעט גֶעוָוארֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן אַ פֶערְמִיטְלֶער. 20 נוּן דֶער פֶערְ־
מִיטְלֶער אִיז נִיט פוּן אֵיינֶעם, אָבֶּער גָאט אִיז אֵיינֶער. 21 אִיז דֶען דִיא תּוֹרָה
קֶעגֶען דִיא הַבְטָחוֹת פוּן גָאט? חָלִילָה. ווָארִין וֶוען אַ גֶעזֶעץ וָואלְט גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען וֶועלְכֶעס קֶען לֶעבֶּען גֶעבֶּען, אַזוֹי וָואלְט ווִירְקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען דִיא גֶערֶעכְ־

6 בראשית טו׳ ו׳. 8 בראשית יב׳ ג׳. 10 דברים כז׳ כו׳.
11 חבקוק ב׳ ד׳. 12 ויקרא יח׳ ה׳. 13 דברים כא׳ כג׳. 16 בראשית יג׳ טו׳.

טִינְקֵייט דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ. 22 אָבֶּער דִיא שְׁרִיפְט הָאט אַלֶע אוּנְטֶער זִינְד אֵיינ־
גֶעשְׁלָאסֶען, כְּדֵי דִיא הַבְטָחָה דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל גֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען.
23 אָבֶּער אֵיידֶער דֶער גְלוֹיבֶּען אִיז גֶעקוּמֶען, זֶענֶען מִיר אִין פֶּערְוָואהְרוּנְג אוּנְטֶער
דֶער תּוֹרָה גֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען, אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען צוּ דֶעם גְלוֹיבֶּען, וֶועלְכֶער זָאלְט
דֶערְנָאךְ אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען. 24 אַזוֹי דֶען אִיז דִיא תּוֹרָה אוּנְזֶער בֶּעהֶעלְפֶער צוּ
מָשִׁיחַ גֶעוָוארֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערֶען;
25 אָבֶּער וֶוען דֶער גְלוֹיבֶּען אִיז גֶעקוּמֶען, אַזוֹי זֶענֶען מִיר נִיט מֶעהְר אוּנְטֶער אַ
בֶּעהֶעלְפֶער. 26 וָוארִין אִיהְר זֶענְט אַלֶע זִיהְן פוּן גָאט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; 27 וָוארִין אַזוֹי פִילֶע פוּן אֵייךְ וָואס זֶענֶען צוּם מָשִׁיחַ גֶעטוֹבֵלְט
גֶעוָוארֶען, דִיא הָאבֶּען מָשִׁיחַ אָנְגֶעטְהוּן. 28 עֶס אִיז נִיט דָא יוּד אָדֶער גְרֶעק,
עֶס אִיז נִיט דָא קְנֶעכְט אָדֶער פְרֵייעֶר, עֶס אִיז נִיט דָא זָכָר אָדֶער נְקֵבָה;
וָוארִין אִיהְר זֶענְט אַלֶע אֵיינְס אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 29 אוּן וֶוען אִיהְר גֶעהֶערְט צוּ
מָשִׁיחַ, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר דֶער זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם אוּן יוֹרְשִׁים נָאךְ דֶער הַבְטָחָה.
ד 1 נוּן זָאג אִיךְ כָּל זְמַן דֶער יוֹרֵשׁ אִיז אַ קִינְד אִיז קֵיין אוּנְטֶערְשִׁיד צְוִוישֶׁען
אִיהְם אוּן אַ קְנֶעכְט, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז דֶער הֶערְר פוּן אַלֶעם, 2 נֵייעֶרְט עֶר אִיז
אוּנְטֶער פֶּערְוַואלְטֶער אוּן הוֹיזְהַאלְטֶער, בִּיז צוּ דֶער צֵייט וָואס זֵיין פָּאטֶער
הָאט בֶּעשְׁטִימְט. 3 אַזוֹי מִיר אוֹיךְ, וֶוען מִיר זֶענֶען קִינְדֶער גֶעוֶועזֶען, זֶענֶען
מִיר קְנֶעכְט גֶעמַאכְט אוּנְטֶער דִיא יְסוֹדוֹת פוּן דֶער וֶועלְט. 4 אָבֶּער וֶוען דִיא
דֶערְפִילְטֶע צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען, הָאט גָאט זֵיין זוּהְן אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט דֶער אִיז פוּן
אַ פְרוֹיא גֶעבּוֹירֶען, אוּן אִיז אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה גֶעוָוארֶען, 5 כְּדֵי עֶר זָאל
אוֹיסְלֶעזֶען דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דִיא
קִינְדֶערְשַׁאפְט דֶערְהַאלְטֶען. 6 אוּן וַוייל אִיהְר זֶענְט זִיהְן הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם
גֵייסְט פוּן זֵיין זוּהְן אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, דֶער רוּפְט, אַבָּא פָּאטֶער. 7 אַזוֹי
דֶען דוּא בִּיסְט נִיט מֶעהְר אַ קְנֶעכְט נֵייעֶרְט אַ זוּהְן; אוּן וֶוען אַ זוּהְן בִּיסְט
דוּא אוֹיךְ אַ יוֹרֵשׁ דוּרְךְ גָאט.
8 אָבֶּער דַאן וֶוען אִיהְר הָאט גָאט נִיט גֶעקֶענְט, הָאט אִיהְר גֶעדִינְט דִיא
וָואס פוּן דֶער נַאטוּר זֶענֶען נִיט גֶעטֶער; 9 אָבֶּער אַצוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט גָאט
דֶערְקֶענְט, אָדֶער לִיבֶּער זֶענְט פוּן אִיהְם דֶערְקֶענְט, וִויא אַזוֹי קֶעהְרְט אִיהְר
ווִידֶער צוּרִיק צוּ דִיא שְׁוַואכֶע אוּן אָרְמֶע יְסוֹדוֹת וֶועלְכֶע אִיהְר ווִילְט ווִידֶער
אַמָאל דִינֶען? 10 אִיהְר הַאלְט טֶעג אוּן חֳדָשִׁים אוּן צֵייטֶען אוּן יָאהְר. 11 אִיךְ
הָאבּ מוֹרָא וֶועגֶען אֵייךְ, טָאמֶער אִיךְ הָאבּ אוּמְזוּסְט וֶועגֶען אֵייךְ גֶעאַרְבֵּייט.
12 בְּרִידֶער, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, זֵייט אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין, וָוארִין אִיךְ בִּין אַזוֹי
וִויא אִיהְר. אִיהְר הָאט מִיר קֵיין אוּנְרֶעכְט נִיט גֶעטְהוּן. 13 אָבֶּער אִיהְר
וֵוייסְט אַז דוּרְךְ אַ שְׁוַואכְהֵייט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ צוּעֶרְשְׁט
דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה גֶעפְּרֶעדִיגְט; 14 אוּן אֵייעֶרֶע פְּרִיפוּנְג וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין מֵיין פְלֵיישׁ הָאט אִיהְר נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט אוּן נִיט פֶערְוָוארְפֶען, נֵייעֶרְט אִיהְר
הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען וִויא אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט, וִויא יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 15 וְואוּ

אִיז דֶען יֶענֶע גְלִיקזֶעלִיגְקַייט פוּן אֵייךְ זֶעלְבְּסְט? וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ עֵדוּת,
אַז וֶוען עֶס וָואלְט מֶעגְלִיךְ זַיין, וָואלְט אִיהְר אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוֹיסְגֶערִיסֶען אוּן
וָואלְט זַייא מִיר גֶעגֶעבֶּען. 16 אַזוֹי דֶען בִּין אִיךְ אֵייעֶר פֵּיינְד גֶעוָוארֶען וַוייל
אִיךְ זָאג אֵייךְ דִיא וָואהְרְהֵייט? 17 זַייא זֶענֶען אֵייפְרִיג וֶועגֶען אֵייךְ, אָבֶּער נִיט
גוּט, גַייעֶרְט זַייא ווִילֶען אֵייךְ אוֹיסְשְׁלִיסֶען כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וֶועגֶען זַייא אֵייפְרִיג
וֶוערֶען. 18 אָבֶּער עֶס אִיז גוּט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין אַ גוּטֶע זַאךְ אֵייפְרִיג צוּ זַיין,
אוּן נִיט נוּר וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ. 19 מֵיינֶע קִינְדֶער, מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ
ווִידֶער אַמָאל גֶעבּוּרְטְסְוֶועהֶען, בִּיז מָשִׁיחַ וֶועט אִין אֵייךְ גֶעבִּילְדֶעט וֶוערֶען.
20 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גֶעוָואוּנְשְׁט בֵּייא אֵייךְ אַצוּנְד צוּ זַיין, אוּן מֵיין קוֹל צוּ פֶערְ־
עֶנְדֶערְן, וָוארִין אִיךְ בִּין וֶועגֶען אֵייךְ פֶערְטוּמֶעלְט.
21 זָאגְט מִיר, אִיהְר וָואס ווִילְט אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ זַיין, הֶערְט אִיהְר נִיט
דָאס גֶעזֶעץ? 22 וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אַבְרָהָם הָאט צְווייא זִיהְן
גֶעהַאט, אֵיינֶעם פוּן דֶער דִינְסְט אוּן אֵיינֶעם פוּן דִיא פְרֵייעֶ פְרוֹיא. 23 אָבֶּער
דֶער פוּן דֶער דִינְסְט אִיז נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אָבֶּער דֶער פוּן
דִיא פְרֵייעֶ פְרוֹיא דוּרְךְ דֶער הַבְטָחָה. 24 אוּן דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אַ מָשָׁל; וָוארִין
דִיזֶע פְרוֹיעֶן זֶענֶען צְווייא בּוּנְדֶען, אֵיינֶער פוּן דֶעם בַּארְג סִינַי, וָואס גֶעווִינְט
קִינְדֶער צוּ קְנֶעכְטְשַׁאפְט, וָואס אִיז הָגָר. 25 נוּן הָגָר אִיז דֶער בַּארְג סִינַי אִין
אַרַאבִּיעֶן; אוּן זִיא אִיז גְלֵייךְ צוּם אִיצְטִיגֶען יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין זִיא אִיז אִין קְנֶעכְטְ־
שַׁאפְט מִיט אִיהְרֶע קִינְדֶער. 26 אָבֶּער יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אוֹיבֶּען אִיז פְרֵייא, וָואס
אִיז אוּנְזֶערֶע מוּטֶער. 27 וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען

זַייא פְרֶעהְלִיךְ דוּא עֲקָרָה וֶועלְכֶע גֶעווִינְט נִיט;
רוּף אוֹיס אוּן שְׁרֵייא דוּא וָואס הָאסְט קֵיינֶע גֶעבּוּרְטְסְוֶועהֶען נִיט;
וָוארִין דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא פֶערְווִיסְטֶע פְרוֹיא זֶענֶען מֶעהְר ווִיא
דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער וָואס הָאט אַ מַאן.

28 נוּן מִיר, בְּרִידֶער, זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער הַבְטָחָה, אַזוֹי ווִיא יִצְחָק.
29 אָבֶּער גְלֵייךְ ווִיא דַאן, דֶער וָואס אִיז נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען
הָאט פֶערְפָאלְגְט דֶעם נָאךְ דֶעם גֵייסְט, אַזוֹי אִיז עֶס אוֹיךְ אַצוּנְד. 30 אָבֶּער
וָואס זָאגְט דִיא שְׁרִיפְט? טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא דִינְסְט אוּן אִיהְרֶען זוּהְן, וָוארִין
דֶער זוּהְן פוּן דֶער דִינְסְט זָאל נִיט יַרְשֶׁענֶען מִיט דֶעם זוּהְן פוּן דִיא פְרֵייעֶ
פְרוֹיא. 31 דְרוּם בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר נִיט דִיא קִינְדֶער פוּן אַ דִינְסְט גַייעֶרְט
ה פוּן דִיא פְרֵייעֶ פְרוֹיא. 1 מִיט פְרֵייהֵייט הָאט מָשִׁיחַ אוּנְז בֶּעפְרֵייעֶט; דְרוּם
שְׁטֶעהְט פֶעסְט אוּן פֶערְשְׁטְרִיקְט אֵייךְ נִיט ווִידֶער מִיט דֶעם יָאךְ פוּן קְנֶעכְטְשַׁאפְט.
2 זֶעה, אִיךְ פּוֹלוֹס זָאג אֵייךְ, אַז וֶוען אִיהְר וֶועט בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען וֶועט
אֵייךְ מָשִׁיחַ גָאר נִיט נוּצֶען. 3 אוּן אִיךְ בֶּעצֵייג ווִידֶער צוּ אִיטְלִיכֶעם וָואס וֶועט
בֶּעשְׁנִיטֶען, אַז עֶר אִיז שׁוּלְדִיג דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה צוּ הַאלְטֶען. 4 אִיהְר זֶענְט
אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיהְר גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט אֵייךְ דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה,
אִיהְר זֶענְט פוּן דֶער גְנָאד גֶעפַאלֶען. 5 וָוארִין דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט וַוארְטֶען מִיר

27 ישעיה נד׳ א׳. 30 בראשית כא׳ י׳.

אויף דֶער הָאפְנונג פון גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דורך דֶעם גְלויבֶּען. ⁶ וָוארִין אִין יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ אִיז דִיא בֶּעשְׁנֵיידונְג גָאר נִיט, אויך נִיט דִיא עָרְלָה, גֵייעֶרְט דֶער
גְלויבֶּען וָואס ווירְקְט דורך לִיבֶּע. ⁷ אִיהְר זֶענְט גוט גֶעלָאפֶען; וֶוער הָאט
אֵייךְ גֶעהִינְדֶערְט אַז אִיהְר זָאלְט דֶער וָואהְרְהֵייט נִיט גֶעהָארְכֶען? ⁸ דִיזֶע
אִיבֶּערְרֶעדוּנְג אִיז נִיט פוּן אִיהְם דֶער הָאט אֵייךְ גֶערוּפֶען. ⁹ אַבִּיסֶעל זוֹיעֶרְ־
טֵייג פֶערְזוֹיעֶרְט דֶעם גַאנְצֶען טֵייג. ¹⁰ אִיךְ הָאבּ דָאס פֶערְטְרוֹיעֶן אִין דֶעם
הַאר'ן וֶועגֶען אֵייךְ, אַז אִיהְר וֶועט נִיט אַנְדֶערְשׁ דֶענְקֶען; אָבֶּער דֶער וָואס
בֶּעטְרִיבְּט אֵייךְ וֶועט זֵיין מִשְׁפָּט לֵיידֶען, זַייא עֶר וֶוער עֶר וִויל. ¹¹ אָבֶּער אִיךְ,
בְּרִידֶער, וֶוען אִיךְ נָאךְ פְּרֶעדִיג בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, וָוארוּם בִּין אִיךְ נָאךְ פֶּערְ־
פָאלְגְט? אַזוֹי דֶען אִיז דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן דֶעם קְרֵייץ אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט.
¹² הַלְוַאי וָואלְטֶען דִיא וָואס פֶערְשְׁטֶערֶען אֵייךְ פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען.
¹³ וָוארִין, בְּרִידֶער, אִיהְר זֶענְט צוּ פְרֵייהֵייט בֶּערוּפֶען גֶעוָוארֶען; נוּר בֶּענוּצְט
נִיט דִיא פְרֵייהֵייט אַלְס גֶעלֶעגֶענְהֵייט צוּם פְלֵיישׁ, גֵייעֶרְט דִינְט אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען דוּרְךְ דֶער לִיבֶּע. ¹⁴ וָוארִין דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה אִיז אִין אֵיינֶעם
וָוארְט דֶערְפִילְט, דוּא זָאלְסְט דֵיין גֶעזֶעלֶען לִיבֶּען וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט. ¹⁵ אָבֶּער
וֶוען אִיהְר בֵּייסְט אוּן פֶערְצֶעהְרְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז
אִיהְר זָאלְט נִיט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען אוֹיפְגֶעצֶעהְרְט וֶוערֶען.
¹⁶ אָבֶּער אִיךְ זָאג, וַואנְדֶעלְט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, אוּן אִיהְר וֶועט נִיט אוֹיסְ־
פִיהְרֶען דָאס גְלוּסְטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ. ¹⁷ וָוארִין דָאס פְלֵיישׁ גְלִיסְט קֶעגֶען
דֶעם גֵייסְט, אוּן דֶער גֵייסְט קֶעגֶען דֶעם פְלֵיישׁ, וַוארִין דִיזֶע זֶענֶען זִיךְ קֶעגֶען
אֵיינַאנְדֶער, אַזוֹי אַז אִיהְר טְהוּט נִיט דִיא זַאכֶען וָואס אִיהְר וִוילְט. ¹⁸ אָבֶּער
וֶוען אִיהְר זֶענְט פוּן דֶעם גֵייסְט גֶעפִיהְרְט, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר נִיט אוּנְטֶערְוָוארְפֶען
צוּ דֶעם גֶעזֶעץ. ¹⁹ נוּן דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם פְלֵיישׁ זֶענֶען בֶּעקַאנְט, וָואס זֶענֶען
אַזֶעלְכֶע וִויא זְנוּת, אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, אוֹיסְגֶעלָאסֶענְהֵייט, ²⁰ אָפְּגֶעטֶערֵייא, כִּישׁוּף,
פֵיינְדְשַׁאפְט, שְׁטְרֵייט, קִנְאָה, צָארְן, קְרִיג, מַחְלוֹקֶת, כִּתּוֹת, ²¹ נֵייד, זוֹיפֶען,
פְרֶעסֶען, אוּן גְלֵייכֶעדֶעם. דֶערְפוּן זָאג אִיךְ אֵייךְ אִים פָארוֹיס, אַזוֹי וִויא אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אַז דִיא וָואס טְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וֶועלֶען נִיט יַרְשֶׁענֶען
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט. ²² אָבֶּער דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז לִיבֶּע, פְרֵייד,
פְרִידֶען, גֶעדוּלְד, פְרֵיינְדְשַׁאפְט, גִיטִיגְקֵייט, גְלוֹיבֶּען, ²³ זַאנְפְטְמִיטִיגְקֵייט, עֶנְטְ־
הַאלְטַזַאמְקֵייט; קֶעגֶען אַזֶעלְכֶע זַאכֶען אִיז נִיט קֵיין גֶעזֶעץ. ²⁴ אוּן דִיא וָואס גֶעהֶערֶען
צוּ מָשִׁיחַ הָאבֶּען גֶעקְרֵייצִיגְט דָאס פְלֵיישׁ מִיט דִיא בֶּעגֶעהְרֶען אוּן גְלִיסְטֶען.
²⁵ וֶוען מִיר לֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ וַואנְדְלֶען דוּרְךְ דֶעם
גֵייסְט. ²⁶ לָאזֶען מִיר נִיט לֶעדִיגֶען כָּבוֹד זוּכֶען, אוּן לָאזֶען מִיר נִיט אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען דֶערְצֶערְנֶען אוּן מְקַנֵּא זֵיין.
ו ¹ בְּרִידֶער, וֶוען אוֹיךְ אַ מֶענְשׁ וֶועט אִין אַ פֶעהְלֶער אַרֵיינְפַאלֶען, אִיהְר וָואס
זֶענְט גֵייסְטְלִיךְ שְׁטֶעלְט אַזֶעלְכֶען צוּרֶעכְט מִיט אַ זַאנְפְטְמִיטִיגֶען גֵייסְט; אוּן
הִיט דִיךְ אַלֵיין כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט גֶעפְּרִיפְט וֶוערֶען. ² טְרָאגְט דִיא

¹⁴ ויקרא יט׳ יח׳.

לַאסְט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּן אַזוֹי דֶערְפִילְט דָאס גֶעזֶעץ פוּן מָשִׁיחַ.
3 וָוארִין וֶוען אֵיימִיצֶער דֶענְקְט אַז עֶר אִיז עֶפֶּעס, וֶוען עֶר אִיז גָאר נִיט,
בֶּעטְרִיגְט עֶר זִיךְ זֶעלְבְּסְט. 4 אָבֶּער לָאז אִיטְלִיכֶער זַיין אֵייגֶענֶעם וֶוערְק פְּרִי־
פֶען, אוּן אַזוֹי וֶועט עֶר הָאבֶּען זַיין רִיהְמֶען פַאר זִיךְ אַלֵיין אוּן נִיט פַאר דֶעם
אַנְדֶערֶען. 5 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וֶועט טְרָאגֶען זַיינֶע אֵייגֶענֶע לַאסְט.
6 אָבֶּער לָאז דֶער וָואס אִיז גֶעלֶעהְרְט אִין דֶעם וָוארְט אִין חַבְרוּתָא זַיין
מִיט דֶעם וָואס לֶעהְרְט אִין אַלֶע גוּטֶע זַאכֶען. 7 זַייט נִיט פֶערְפִיהְרְט; גָאט אִיז
נִיט אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט; וָוארִין וָואס אַ מֶענְשׁ זַייעֶט דָאס וֶועט עֶר אוֹיךְ אֵיינְזַאמְלֶען.
8 וָוארִין דֶער וָואס זַייעֶט צוּ זַיין פְלֵיישׁ וֶועט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אֵיינְזַאמְלֶען
פֶערְדַארְבְּנִיס, אוּן דֶער וָואס זַייעֶט צוּ דֶעם גֵייסְט וֶועט פוּן דֶעם גֵייסְט
אֵיינְזַאמְלֶען עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען. 9 אוּן לָאזֶען מִיר נִיט מִיד וֶוערֶען גוּטֶעס צוּ
טְהוּן; וָוארִין צוּ דִיא רֶעכְטֶע צֵייט וֶועלֶען מִיר אֵיינְזַאמְלֶען, וֶוען מִיר וֶועלֶען
נִיט מִיד וֶוערֶען. 10 אַזוֹי דֶען בְּשַׁעַת מִיר הָאבֶּען צֵייט לָאזֶען מִיר גוּטֶעס טְהוּן
צוּ אַלֶע, אוּן בֶּעזוּנְדֶער צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען.
11 אִיהְר זֶעהְט מִיט וִויא גְרוֹיסֶע בּוּכְשְׁטַאבֶּען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט
מֵיינֶע אֵייגֶענֶע הַאנְד. 12 אַזוֹי פִילֶע וָואס וִוילֶען אַ גוּטֶעס אוֹיסְזֶעהֶען אִים
פְלֵיישׁ מַאכֶען, דִיזֶע צְווִינְגֶען אֵייךְ אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁנֵיטֶען וֶוערֶען; נוּר כְּדֵי
זַייא זָאלֶען נִיט פֶערְפָאלְגְט וֶוערֶען וֶועגֶען דֶעם קְרֵייץ פוּן מָשִׁיחַ. 13 וָוארִין
אוֹיךְ נִיט דִיא בֶּעשְׁנֵיטֶענֶע זֶעלְבְּסְט הַאלְטֶען דִיא תּוֹרָה, נֵייעֶרְט זַייא
וִוילֶען אַז אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁנֵיטֶען וֶוערֶען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען זִיךְ רִיהְמֶען אִין
אֵייעֶר פְלֵיישׁ. 14 אָבֶּער אִיךְ וִויל מִיךְ חָלִילָה נִיט רִיהְמֶען, חוּץ אִין דֶעם
קְרֵייץ פוּן אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ וֶועלְכֶעם דִיא וֶועלְט אִיז צוּ מִיר
גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּן אִיךְ צוּ דֶער וֶועלְט. 15 וָוארִין אוֹיךְ נִיט דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אִיז עֶפֶּעס,
אוּן נִיט דִיא עָרְלָה, נֵייעֶרְט אַ נֵייעֶס בֶּעשֶׁעפֶּענִיס. 16 אוּן אַזוֹי פִילֶע וֶועלְכֶע וַואנְדְלֶען
נָאךְ דִיזֶע רֶעגֶעל, אִיבֶּער דִיא זַייא פְרִידֶען אוּן גְנָאד, אוּן אִיבֶּער דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן גָאט.
17 פוּן אַצוּנְד אָן לָאז מִיךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעמִיהֶען, וָוארִין אִיךְ טְרָאג דִיא
צֵייכֶען פוּן יֵשׁוּעַ אִין מֵיין לֵייבּ.
18 בְּרִידֶער, דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זַייא מִיט אֵייעֶר
גֵייסְט; אָמֵן.

---

## דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
## אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא עֶפֶעזֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם וִוילֶען פוּן גָאט צוּ
דִיא הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אִין עֶפֶעזוֹס, אוּן צוּ דִיא גְלוֹיבִּיגֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ;
2 גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען פָאטֶער, אוּן פוּן דֶעם
הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

3 געלויבּט זייא דער גאָט און פָאטער פון אונזערען האר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
דער האָט אונז געבּענשׁט מיט יעדע גייסטליכע בְּרָכָה אין דיא הימלישע
ערטער אים מָשִׁיחַ; 4 גלייך וויא ער האָט אונז אויסדערוועהלט אין איהם
איידער דיא וועלט איז געגרינדעט געוועזען, אַז מיר זאָלען זיין היילִיג און אָהן
אַ פעהלער פָאר איהם; 5 אינדעם ער האָט אונז אין ליבּע מְקוֹדֶם צום קינדער־
שאַפט בּעשטימט אין זיך דורך יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַזוֹי וויא עס איז אין
זיין גוטען ווילען און וואוילגעפעלען, 6 צום לויבּ פון דעם כָּבוֹד פון זיינע גנאַד,
וואָס ער האָט אונז בּעגנאַדיגט אין דעם געליבּטען; 7 אין וועלכעם מיר
האָבּען אונזערע דערלעזונג דורך זיינעם בּלוּט, דיא פערגעבּונג פון זינד, נאָך
דער רייכקייט פון זיינע גנאַד, 8 אין וועלכער ער האָט זיך קעגען אונז
געמעהרט אין אַלער קלוגהייט און פערשטאַנד, 9 אינדעם ער האָט אונז צו
וויסען געטהון דעם סוֹד פון זיין ווילען נאָך זיין וואוילגעפעלען וואָס ער האָט
אין זיך פאָרגעזעצט 10 צו אַ הויזאָרדנונג פון דיא דערפילטע צייט, דערמיט
אַלע זאַכען זאָלען אין מָשִׁיחַ וויא אונטער איין ראֹשׁ פעראייניגט ווערען, דיא וואָס
זענען אים הימעל, און וואָס זענען אויף דער ערד; 11 אין איהם דורך וועל־
כעם אויך מיר זענען יוֹרְשִׁים געוואָרען, אינדעם מיר זענען מְקוֹדֶם פאָראָרדע־
נעט געוואָרען נאָך דעם פאָרזאַץ פון איהם, וועלכער ווירקט אַלעס נאָך דער
עֵצָה פון זיין ווילען, 12 כְּדֵי מיר וואָס האָבּען פריהער געהאָפט אין מָשִׁיחַ
זאָלען זיין צום לויבּ פון זיינע הערליכקייט. 13 אין וועלכען איהר אויך נאָכ־
דעם איהר האָט דאָס וואָרט פון דער וואָהרהייט געהערט, דיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
פון אייערע יְשׁוּעָה, אין וועלכען נאָכדעם איהר האָט אויך געגלויבּט, זענט
פערזיגעלט געוואָרען מיט דעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פון דער הַבְטָחָה, 14 וואָס
איז אַ עֵרָבוֹן פון אונזערע יְרוּשָׁה צו דער דערלעזונג פון זיין אייגענטהום, צום
לויבּ פון זיינע הערליכקייט.

15 דעסטוועגען נאָכדעם איך האָבּ געהערט פון אייער גלויבּען אין דעם
האר'ן יֵשׁוּעַ, און אייערע ליבּע צו אַלע היילִיגע, 16 הער איך ניט
אויף גאָט צו דאַנקען וועגען אייך, דערווייל איך געדענק אייך אין מיינע
געבּעטען, 17 כְּדֵי דער גאָט פון אונזערען האר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דער פאָטער
פון הערליכקייט, זאָל אייך געבּען דעם גייסט פון קלוגהייט און אַנטפּלעקונג
אין דער דערקענטניס פון איהם; 18 אַז דיא אויגען פון אייערע הערצער
זאָלען דערלייכט ווערען, כְּדֵי איהר זאָלט וויסען וואָס איז דיא האָפנונג פון
זיינע בּערופונג, און וואָס איז דיא רייכקייט פון דער הערליכקייט פון זיינע יְרוּשָׁה
צווישען דיא היילִיגע, 19 און וויא זעהר גרויס איז זיינע מאַכט קעגען אונז וואָס
גלויבּען, נאָך דעם ווירקען פון זיינע מעכטיגע קראַפט, 20 וואָס ער האָט
געווירקט אין מָשִׁיחַ, אינדעם ער האָט איהם אויפגעוועקט פון דיא טויטע,
און האָט איהם געזעצט צו זיינע רעכטע האַנד אין דיא הימלישע ערטער
21 הויך ערהויבּען איבּער אַלע רעגירונג און געוועלטיגקייט און מאַכט און
הערשאַפט און איטליכען נאָמען וואָס איז גערופען ניט נור אין דיזער

וֶועלְט, גֵייעֶרְט אוֹיךְ אִין דִיא קוּמֶענְדִיגֶע. 22 אוּן עֶר הָאט אַלֶע זַאכֶען
גֶעזֶעצְט אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס, אוּן הָאט אִיהְם צוּם רֹאשׁ גֶעגֶעבֶּען אִיבֶּער אַלֶעס
צוּ דֶער קְהִלָה, 23 וָואס אִיז זַיין לֵייבּ, דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן אִיהְם וֶועלְכֶער
דֶערְפִילְט אַלֶעס אִין אַלֶעס.

ב 1 אוּן אֵייךְ הָאט עֶר לֶעבֶּענְדִיג גֶעמַאכְט, וָואס אִיהְר זֶענְט טוֹיט גֶעוֶועזֶען אִין
אֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת אוּן זִינְד; 2 אִין וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט פְרִיהֶער גֶעוַואנְדֶערְט נָאךְ
דֶעם צֵייטְלוֹיף פוּן דִיזֶער וֶועלְט, נָאךְ דֶעם פִירְשְׁט פוּן דֶער מַאכְט פוּן דֶער
לוּפְט, דֶעם גֵייסְט וָואס ווירְקְט אַצוּנְד אִין דִיא קִינְדֶער פוּן אוּנְגֶעהָארְזַאם.
3 צְוִוישֶׁען וֶועלְכֶע מִיר אַלֶע הָאבֶּען אוּנְז אוֹיךְ אוֹיפְגֶעפִיהְרְט אִין דִיא גְלִיסְטֶען
פוּן אוּנְזֶערֶען פְלֵייש, אוּן הָאבֶּען דֶעם ווילֶען פוּן דֶעם פְלֵייש אוּן פוּן דִיא
מַחְשָׁבוֹת גֶעטְהוּן, אוּן מִיר זֶענֶען פוּן דֶער נַאטוּר קִינְדֶער פוּן צָארְן גֶעוֶועזֶען
גְלֵייךְ וִויא דִיא אִיבְּרִיגֶע. 4 אָבֶּער גָאט דֶער אִיז רֵייךְ אִין בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט,
דוּרְךְ דִיא גְרוֹיסֶע לִיבֶּע מִיט וֶועלְכֶער עֶר הָאט אוּנְז גֶעלִיבְּט, 5 הָאט אוּנְז
לֶעבֶּענְדִיג גֶעמַאכְט מִיט מָשִׁיחַ אֲפִילוּ וֶוען מִיר זֶענֶען טוֹיט אִין זִינְד גֶעוֶועזֶען;
דוּרְךְ גְנָאד זֶענְט אִיהְר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען; 6 אוּן עֶר הָאט אוּנְז מִיט אִיהְם
אוֹיפְגֶעוֶועקְט אוּן הָאט אוּנְז מִיטְגֶעזֶעצְט אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְטֶער אִין יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ, 7 כְּדֵי עֶר זָאל בֶּעווייזֶען אִין דִיא צֵייטֶען וָואס וֶועלֶען קוּמֶען דִיא
זֶעהְר גְרוֹיסֶע רֵייכְקֵייט פוּן זַיינֶע גְנָאד אִין גִיטִיגְקֵייט צוּ אוּנְז אִין יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ. 8 וָוארִין דוּרְךְ גְנָאד זֶענְט אִיהְר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם
גְלוֹיבֶּען; אוּן דָאס אִיז נִיט פוּן אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, עֶס אִיז דִיא מַתָּנָה פוּן גָאט;
9 נִיט פוּן וֶוערְק, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל זִיךְ נִיט בַּארִיהְמֶען. 10 וָוארִין מִיר זֶענֶען זַיין
וֶוערְק, בֶּעשַׁאפֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ גוּטֶע מַעֲשִׂים, וָואס גָאט הָאט פְרִיהֶער
אָנְגֶעבְּרֵייט אַז מִיר זָאלֶען אִין זֵייא וַואנְדְלֶען.

11 דְרוּם גֶעדֶענְקְט, אַז פְרִיהֶער אִיהְר וָואס זֶענְט גוֹיִם אִין דֶעם פְלֵייש גֶעוֶועזֶען,
אוּן זֶענְט עָרְלָה גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען פוּן דִיא וָואס הֵייסֶען דִיא בֶּעשְׁנֵיי-
דוּנְג וָואס אִיז אִין דֶעם פְלֵייש מִיט דֶער הַאנְד גֶעמַאכְט; 12 אַז אִיהְר זֶענְט
אִין יֶענֶער צֵייט אָהְן מָשִׁיחַ גֶעוֶועזֶען, אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן דֶער בִּירְגֶערְשַׁאפְט פוּן יִשְׂרָאֵל
אוּן פְרֶעמְדֶע צוּ דִיא בְּרִיתוֹת פוּן דֶער הַבְטָחָה, אִינְדֶעם אִיהְר הָאט קֵיינֶע
הָאפְנוּנְג נִיט גֶעהַאט, אוּן זֶענְט אָהְן גָאט גֶעוֶועזֶען אִין דֶער וֶועלְט. 13 אָבֶּער
אַצוּנְד אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיהְר וָואס זֶענְט פְרִיהֶער ווייט גֶעוֶועזֶען, זֶענְט נָאהֶענְט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן מָשִׁיחַ. 14 וָוארִין עֶר אִיז זֶעלְבְּסְט אוּנְזֶער
פְרִידֶען, דֶער הָאט אוֹיס בֵּיידֶע אֵיינְס גֶעמַאכְט, אוּן הָאט דִיא צְווישֶׁענְוַואנְד
אֵיינְגֶעוָוארְפֶען, 15 אוּן הָאט אִין זַיין פְלֵייש דִיא פֵיינְדְשַׁאפְט צוּשְׁטֶערְט דָאס
גֶעזֶעץ פוּן גֶעבָּאטֶע וָואס זֶענֶען אִין לֶעהְרֶען גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אִין זִיךְ
זֶעלְבְּסְט דִיא צְווייא בֶּעשַׁאפֶען אִין אַ נֵייעֶן מֶענְשֶׁען, אוּן זָאל אַזוֹי פְרִידֶען
מַאכֶען; 16 אוּן זָאל בֵּיידֶע פֶערְאֵיינִיגֶען מִיט גָאט אִין אֵיין לֵייבּ דוּרְךְ דֶעם
קְרֵייץ, אִינְדֶעם עֶר הָאט דִיא פֵיינְדְשַׁאפְט אִין אִיהְם גֶעשְׁלַאכְט. 17 אוּן עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען אוּן הָאט פְרִידֶען גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ אֵייךְ וָואס זֶענְט ווייט גֶעוֶועזֶען, אוּן

צוּ דִיא וָואס זֶענֶען נָאהֶענְט גֶעוֶוען; 18 וָוארִין דוּרְךְ אִיהְם הָאבֶּען מִיר בֵּיידֶע
אוּנְזֶערֶעם צוּגַאנְג צוּם פָאטֶער אִין אֵיינֶעם גֵייסְט.

19 אַזוֹי דֶען אִיהְר זֶענְט נִיט מֶעהְר פְרֶעמְדֶע אוּן גֵרִים, נֵייעֶרְט אִיהְר זֶענְט מִיטְ־
בִּירְגֶער מִיט דִיא הֵיילִיגֶע אוּן פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן גָאט. 20 אוּן אִיהְר זֶענְט
אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט אוֹיף דֶעם גְרוּנְדְשְׁטֵיין פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּן נְבִיאִים, דֶערְפוּן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אַלֵיין אִיז דֶער עֶקְשְׁטֵיין; 21 אִין וֶועלְכֶעם אִיטְלִיכֶעם גֶעבֵּיידֶע אִיז
גוּט צוּזַאמֶענְגֶעהֶעפְט אוּן וַואקְסְט צוּ אַ הֵיילִיגֶען טֶעמְפֶּעל אִין דֶעם הַאר'ן,
22 אִין וֶועלְכֶעם אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ צוּזַאמֶענְגֶעבּוֹיעֶט צוּ אַ וְואוֹינוּנְג פוּן גָאט אִין
דֶעם גֵייסְט.

ג 1 דֶערְסְטְוֶוענֶען בִּין אִיךְ פּוֹלוֹס, דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פַאר
אֵייךְ גוֹיִם; 2 אוֹיבּ אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן דֶער גְנָאד
פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען, 3 וִויא עֶס אִיז מִיר אַנְטְפְּלֶעקְט
צוּ וִויסֶען דֶעם סוֹד, גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הָאבּ בִּקְצוּר פְרִיהֶער גֶעשְׁרִיבֶּען, 4 וֶועלְכֶעס
וֶוען אִיהְר וֶועט לֵיינֶען וֶועט אִיהְר קֶענֶען בֶּעמֶערְקֶען מֵיין פֶערְשְׁטֶעהֶען
אִים סוֹד פוּן מָשִׁיחַ; 5 וָואס אִיז אִין אַנְדֶערֶע דוֹרוֹת נִיט בֶּעקַאנְט גֶעוָוא־
רֶען צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אַצוּנְד אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ
זֵיינֶע הֵיילִיגֶע אַפָּאסְטֶעל אוּן נְבִיאִים אִין דֶעם גֵייסְט; 6 אַז דִיא גוֹיִם זֶענֶען
מִיטְיוֹרְשִׁים אוּן מִיטְגְלִידֶער אוּן מִיטְטְהֵיילֶער פוּן דֶער הַבְטָחָה אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
דוּרְךְ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, 7 פוּן דֶער אִיךְ בִּין אַ דִינֶער גֶעוָוארֶען נָאךְ דִיא
פְרֵייעֶ מַתָּנָה פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען נָאךְ דֶער ווִירְקוּנְג פוּן זֵיינֶע
קְרַאפְט. 8 צוּ מִיר, דֶעם קְלֵיינְסְטֶען פוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע אִיז דִיזֶע גְנָאד גֶעגֶעבֶּען,
אַז אִיךְ זָאל צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם פְּרֶעדִיגֶען דִיא רֵייכְקֵייט פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז
נִיט צוּ דֶערְפָארְשֶׁען, 9 אוּן זָאל דֶערְלֵייכְטֶען צוּ אַלֶע וָואס אִיז דִיא תַּקָּנָה פוּן
דֶעם סוֹד וָואס אִיז פוּן וֶועלְטְצֵייטֶען אָן פֶערְבָּארְגֶען אִין גָאט, דֶער הָאט אַלֶע
זַאכֶען בֶּעשַׁאפֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; 10 כְּדֵי דִיא פִילְפֶעלְטִיגֶע חָכְמָה פוּן
גָאט זָאל אַצוּנְד בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט וֶוערֶען צוּ דִיא הֶערְשַׁאפְטֶען אוּן גֶעוֶועלְטִי־
גֶער אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְטֶער דוּרְךְ דֶער קְהִלָּה, 11 נָאךְ דֶעם פָארְזַאץ פוּן
דִיא צֵייטַאלְטֶער וָואס עֶר הָאט אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן בֶּעְ־
שְׁטִימְט; 12 אִין וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען דֶעם גוּטֶען מִיט אוּן צוּגַאנְג מִיט בִּטָּחוֹן
דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אַן אִיהְם. 13 דֶערְסְטְוֶוענֶען בֶּעט אִיךְ אַז אִיךְ זָאל נִיט
בֶּעטְרִיבְּט זֵיין אִיבֶּער מֵיינֶע לֵיידֶען פַאר אֵייךְ, וָואס אִיז אֵייעֶר כָּבוֹד.

14 דֶערְסְטְוֶוענֶען בֵּייג אִיךְ מֵיינֶע קְנִיעֶן צוּם פָאטֶער, 15 פוּן דֶעם יֶעדֶע מִשְׁפָּחָה
אִים הִימֶעל אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד הָאט זֵייעֶר נָאמֶען אָנְגֶערוּפֶען, 16 כְּדֵי עֶר זָאל
אֵייךְ גֶעבֶּען נָאךְ דֶער רֵייכְקֵייט פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, דוּרְךְ זֵיינֶעם גֵייסְט פֶעסְט
גֶעשְׁטַארְקְט צוּ וֶוערֶען אִים אִינֶעוֶוענִיגֶען מֶענְשֶׁען, 17 אַז מָשִׁיחַ זָאל
וְואוֹינֶען אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זֵיין אֵיינְ־
גֶעוְואוֹרְצֶעלְט אוּן גֶעגְרִינְדֶעט אִין דֶער לִיבֶּע, 18 אוּן זָאלְט קֶענֶען מִיט אַלֶע
הֵיילִיגֶע פֶערְשְׁטֶעהֶען וָואס אִיז דִיא בְּרֵייט אוּן דִיא לֶענְג אוּן דִיא הֵייךְ אוּן

דִיא טִיפֶע, 19 אוּן זָאלְט ווִיסֶען דִיא לִיבֶּע פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶע דֶערְ־
קֶענְטְנִים, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען בִּיז צוּ דִיא גַאנְצֶע פוּלְקַייט פוּן גָאט.
20 נוּן צוּ אִיהְם דֶער קֶען פִיל מֶעהְר טְהוּן אִיבֶּער אַלֶעם וָואס מִיר בֶּעטֶען
אָדֶער פֶערְשְׁטֶעהֶען, נָאךְ דֶער מַאכְט וָואס ווִירְקְט אִין אוּנְז, 21 צוּ אִיהְם זָאל
זַיין דִיא הֶערְלִיכְקַייט אִין דֶער קְהִלָּה אוּן אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ בִּיז צוּ אַלֶע צַייטֶען
פוּן עֶבִּיגְקַייט צוּ עֶבִּיגְקַייט; אָמֵן.

ד 1 דְרוּם בִּין אִיךְ אֵייךְ מַזְהִיר דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער אִים הַאר'ן, אַז אִיהְר
זָאלְט ווִירְדִיג וַואנְדְלֶען פוּן דֶער בֶּערוּפוּנְג נָאךְ וֶועלְכֶער אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען
גֶעוָוארֶען, 2 מִיט אַלֶער נִידְרִיגְקַייט אוּן זַאנְפְטְמִיטִיגְקַייט, מִיט גֶעדוּלְד, אוּן
פֶערְטְרָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אִין לִיבֶּע, 3 אוּן בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ דִיא
אֵיינִיגְקַייט פוּן דֶעם גֵייסְט צוּ הַאלְטֶען אִים בַּאנְד פוּן פְרִידֶען. 4 עֶס אִיז אֵיין
לֵייבּ אוּן אֵיין גֵייסְט, גְלֵייךְ ווִיא אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען אִין אֵיינֶע הָאפְנוּנְג פוּן
אֵייעֶרֶע בֶּערוּפוּנְג; 5 אֵיין הַאר, אֵיין גְלוֹיבֶּען, אֵיינֶע טְבִילָה; 6 אֵיין גָאט אוּן
פָאטֶער פוּן אַלֶע, דֶער אִיז אִיבֶּער אַלֶע אוּן דוּרְךְ אַלֶע אוּן אִין אַלֶע. 7 אָבֶּער
צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן אוּנְז אִיז דִיא גְנָאד גֶעגֶעבֶּען נָאךְ דֶעם מָאס פוּן דֶער מַתָּנָה
פוּן מָשִׁיחַ. 8 דְרוּם זָאגְט עֶר,

וֶוען עֶר אִיז אִין דֶער הֵייךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר גֶעפַאנְגֶען
אַ גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט,
אוּן הָאט גֶעגֶעבֶּען מַתָּנוֹת צוּ מֶענְשֶׁען.

9 נוּן דָאס, עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, וָואס אִיז עֶס אוֹיסֶער אַז עֶר אִיז אוֹיךְ
אַרוֹפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע טְהֵייל פוּן דֶער עֶרְד? 10 דֶער וָואס אִיז
אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער וָואס אִיז אוֹיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער אַלֶע
הִימֶעל, כְּדֵי עֶר זָאל אַלֶע זַאכֶען דֶערְפִילֶען.

11 אוּן עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען עֶטְלִיכֶע פַאר אַפָּאסְטֶעל, אוּן עֶטְלִיכֶע פַאר נְבִיאִים,
אוּן עֶטְלִיכֶע פַאר מְבַשְּׂרִים, אוּן עֶטְלִיכֶע פַאר פַּאסְטָארֶען אוּן לֶעהְרֶער, 12 צוּם
פֶערְפַארְטִיגֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, צוּם וֶוערְק פוּן דֶעם דִינְסְט, אוּן צוּ דֶער אוֹיפְ־
בּוֹיאוּנְג פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן מָשִׁיחַ; 13 בִּיז מִיר אַלֶע קוּמֶען צוּ דֶער אֵיינִיגְקַייט
פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּן פוּן דֶער דֶערְקֶענְטְנִים פוּן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, צוּ אַ
גַאנְצֶען מֶענְשֶׁען, צוּ דֶעם מָאס פוּן דֶעם אַלְטֶער פוּן דֶעם פוּלְקַייט פוּן מָשִׁיחַ;
14 כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט מֶעהְר קִינְדֶער זַיין, אוּן זָאלֶען נִיט בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען אוּן
אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען פוּן אִיטְלִיכֶען ווִינְד פוּן לֶעהְרֶען, דוּרְךְ דִיא קִינְסְטְלִיכֶע
פַאלְשְׁהַייט פוּן מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ דֶער לִיסְט צוּ דֶער ווִירְקוּנְג פוּן פֶערְפִיהְרוּנְג;
15 גֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען רֶעדֶען דִיא וָואהְרְהַייט אִין לִיבֶּע, אוּן זָאלֶען אִין אַלֶע
זַאכֶען אוֹיפְוַואקְסֶען צוּ אִיהְם וֶועלְכֶער אִיז דָאס הוֹיפְּט, דָאס אִיז מָשִׁיחַ, 16 פוּן
דֶעם דֶער גַאנְצֶע לֵייבּ אִיז גֶעגְלִידֶערְט צוּזַאמֶען אוּן פֶעסְט צוּגֶעהֶעפְט דוּרְךְ
יֶעדֶעם בַּאנְד פוּן דֶער הִילְף, נָאךְ דֶעם ווִירְקֶען פוּן אִיטְלִיכֶען טְהֵייל אִין זַיין
מָאס, דֶער מַאכְט דֶעם לֵייבּ וַואקְסֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ אוֹיפְבּוֹיאוּנְג אִין לִיבֶּע.

8 תהלים סח׳ יט׳,

17 דֶען דָאס זָאג אִיךְ אִין בֶּעצַייג אִין דֶעם הַאר׳ן, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר
וַואנְדְלֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא גוֹיִם וַואנְדְלֶען, אִין דֶער נַארִישְׁקֵייט פוּן זֵייעֶרֶע
גֶעדַאנְקֶען; 18 וָואס זֵייעֶר פֶּערְשְׁטַאנְד אִיז פֶּערְפִינְסְטֶערְט, אוּן זֵייא זֶענֶען
פֶערְפְרֶעמְדֶעט פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן גָאט דוּרְךְ דֶער אוּנְוִויסֶענְהֵייט וָואס אִיז
אִין זֵייא, דוּרְךְ דֶער בְּלִינְדְהֵייט פוּן זֵייעֶרֶעם הַארְץ; 19 וֶועלְכֶע זֶענֶען אָהְן בּוּשָׁה
אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּם יֵצֶר הָרָע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אַז זֵייא זָאלֶען ווִירְקֶען אַלֶערְ־
לֵייא אוּנְרֵיינִיגְקֵייט מִיט גְלוּסְטִיגְקֵייט. 20 אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט אַזוֹי מָשִׁיחַ
גֶעלֶערְנְט, 21 וֶוען אַנְדֶערְשׁ אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעהֶערְט אוּן זֶענְט אִין אִיהְם
גֶעלֶעהְרְט גֶעוָוארֶען, גְלֵייךְ וִויא דִיא וָואהְרְהֵייט אִיז אִין יֵשׁוּעַ; 22 אַז אִיהְר
זָאלְט אוֹיסְטְהוּן נָאךְ דֶעם פְרִיהֶערֶען וַואנְדְלֶען דֶעם אַלְטֶען מֶענְשֶׁען, וָואס אִיז
פֶערְדָארְבֶּען נָאךְ דִיא גְלִיסְטֶען פוּן בֶּעטְרִיגֶערֵייא, 23 אוּן זָאלְט אִים גֵייסְט
פוּן אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד דֶערְנֵייעֶרְט וֶוערֶען, 24 אוּן זָאלְט דֶעם נֵייעֶן מֶענְשֶׁען
אָנְטְהוּן, וָואס אִיז נָאךְ דֶעם בִּילְד פוּן גָאט בֶּעשַׁאפֶען אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן
הֵיילִיגְקֵייט פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט.

25 דְרוּם לֶעגְט אַוֶועק לִיגֶען אוּן רֶעד דִיא וָואהְרְהֵייט אִיטְלִיכֶער מִיט זֵיין
חַבֵר, וָוארִין מִיר זֶענֶען גְלִידֶער אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען. 26 דֶערְצֶערְנְט
אֵייךְ, אוּן זִינְדִיגְט נִיט; דִיא זוּן זָאל נִיט אוּנְטֶערְגֶעהֶען אִיבֶּער אֵייעֶר צָארְן,
27 אוּן גִיבְּט אוֹיךְ נִיט פְּלַאץ צוּם שָׂטָן. 28 דֶער וָואס הָאט גֶעגַנְבֶעט, לָאז עֶר נִיט
מֶעהְר גַנְבֶענֶען, נֵייעֶרְט לָאז עֶר לִיבֶּער אַרְבֵּייטֶען אוּן דָאס גוּטֶע טְהוּן מִיט
זֵיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד, כְּדֵי עֶר זָאל הָאבֶּען צוּ גֶעבֶּען צוּ דֶעם בֶּעדֶערְפְטִיגֶען.
29 לָאז קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס וָוארְט נִיט אַרוֹיסְגֶעהֶען פוּן אֵייעֶר מוֹיל, נֵייעֶרְט וָואס
אִיז גוּט צוּ דֶער פֶערְבֶּעסֶערוּנְג נָאךְ דֶעם בֶּעדַארְף, כְּדֵי עֶס זָאל גְנָאד גֶעבֶּען
צוּ דִיא וָואס הֶערֶען. 30 אוּן בֶּעטְרִיבְּט נִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן גָאט, אִין
וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט פֶערְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם טָאג פוּן דֶער דֶערְלֶעזוּנְג.
31 לָאז אַלֶערְלֵייא בִּיטֶערְקֵייט אוּן גְרִים אוּן צָארְן אוּן גֶעשְׁרֵייא אוּן לֶעסְטֶערוּנְג
פוּן אֵייךְ אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען מִיט אַלֶער בֵּייזְהֵייט. 32 אוּן זֵייט פְרֵיינְדְלִיךְ אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערֶען, אוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיג, אוּן פֶערְגִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, גְלֵייךְ
וִויא גָאט הָאט אוֹיךְ אֵייךְ פֶערְגֶעבֶּען אִין מָשִׁיחַ.

ה 1 דְרוּם זֵייט נָאכְטְהוּעֶר פוּן גָאט וִויא גֶעלִיבְּטֶע קִינְדֶער; 2 אוּן וַואנְדֶעלְט
אִין לִיבֶּע, אַזוֹי וִויא מָשִׁיחַ הָאט אוֹיךְ אֵייךְ גֶעלִיבְּט, אוּן הָאט זִיךְ פַאר אוּנְז
גֶעגֶעבֶּען אַ קָרְבָּן אוּן אַ זֶבַח צוּ גָאט פַאר אַ גֶעשְׁמַאקֶער רֵיחַ. 3 אָבֶּער זְנוּת
אוּן אַלֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אָדֶער גֵייצִיגְקֵייט לָאז זִיא נִיט דֶערְמָאהְנְט וֶוערֶען צְוִוי־
שֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי וִויא עֶס פַּאסְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע; 4 אוֹיךְ נִיט קֵיינֶע שֶׁענְדְלִיכֶע
זַאכֶען אוּן נַארִישֶׁע רֶעד אָדֶער גֶעשְׁפֶּעט וָואס אִיז נִיט אַנְשְׁטֶענְדִיג, נֵייעֶרְט
לִיבֶּער גָאט דַאנְקֶען. 5 וָוארִין דָאס ווֵייסְט אִיהְר, אַז קֵיין נוֹאֵף אָדֶער אוּנְרֵיי־
נֶער, אָדֶער גֵייצִיגֶער, דֶער אִיז טַאקֶע אַ גֶעצֶענְדִינֶער, הָאט נִיט קֵיינֶע יְרוּשָׁה
אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן מָשִׁיחַ אוּן פוּן גָאט.

6 לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעטְרִיגֶען מִיט לֶעדִיגֶע וֶוערְטֶער; וָוארִין דֶעסְטְוֶועגֶען

קוּמְט דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיבֶּער דִיא אוּנְגֶעהָארְזַאמֶע קִינְדֶער. 7 דְרוּם זַייט
אִיהְר נִיט זַייעֶרֶע חֲבֵרִים. 8 וָוארִין אִיהְר זֶענְט אַמָאל פִינְסְטֶערְנִיס גֶעוֶעזֶען,
אָבֶּער אַצוּנְד זֶענְט אִיהְר לִיכְט אִין דֶעם הַאר'ן; וַואנְדֶעלְט וִויא קִינְדֶער פוּן
לִיכְט. 9 וָוארִין דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם לִיכְט אִיז אִין אַלֶערְלֵייא גִיטִיגְקֵייט אוּן
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן וָואהְרְהֵייט. 10 אוּן פְּרִיפְט וָואס אִיז וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען צוּם
הַאר'ן, 11 אוּן הָאבּ קֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט נִיט מִיט דִיא וֶוערְק פוּן פִינְסְטֶערְנִיס
וָואס זֶענֶען אָהְן פְרוּכְט, נֵייעֶרְט לִיבֶּער שְׁטְרָאפְט זֵייא; 12 וָוארִין עֶס אִיז אַ
שַׁאנְד אַפִילוּ צוּ רֶעדֶען פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֵייא טְהוּן אִין פֶערְבָּארְגֶענֶעם.
13 אָבֶּער אַלֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטְרָאפְט זֶענֶען פוּן דֶעם לִיכְט אַנְטְפְּלֶעקְט;
וָוארִין אַלֶעס וָואס אַנְטְפְּלֶעקְט זִיךְ אִיז לִיכְט. 14 דְרוּם זָאגְט עֶר,

וַואךְ אוֹיף דוּא וָואס שְׁלָאפְסְט,
אוּן שְׁטֶעה אוֹיף פוּן דִיא טוֹיטֶע,
אוּן מָשִׁיחַ וֶועט דִיךְ דֶערְלֵייכְטֶען.

15 דְרוּם זֶעהְט פָארְזִיכְטִיג וִויא אִיהְר וַואנְדֶעלְט, נִיט וִויא נַארֶען, נֵייעֶרְט וִויא קְלוּגֶע
לֵייט, 16 קוֹיפְט אוֹיס דִיא צֵייט, וָוארִין דִיא טֶעג זֶענֶען אִיבֶּעל. 17 דֶעסְטְוֶועגֶען
זַייט אִיהְר נִיט אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג, נֵייעֶרְט פֶערְשְׁטֶעהְט וָואס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן
דֶעם הַאר'ן. 18 אוּן זַייט נִיט שִׁכּוֹר מִיט וויין, דְרִינֶען אִיז אוֹיסְגֶעלָאסֶענְהֵייט,
נֵייעֶרְט זַייט דֶערְפִילְט מִיט דֶעם גֵייסְט. 19 רֶעדֶענְדִיג צְווִישֶׁען אֵייךְ מִזְמוֹרִים
אוּן לוֹיבֶּען אוּן גֵייסְטְלִיכֶע לִידֶער, זִינְגֶענְדִיג אוּן שְׁפִּילֶענְדִיג אִין אֵייעֶר הַארְץ
צוּם הַאר'ן, 20 אוּן דַאנְקְט גָאט אוּן דֶעם פָאטֶער בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַאר אַלֶע זַאכֶען
אִים נָאמֶען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, 21 אוּן זַייט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶע־
רֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג אִין דֶער פָארְכְט פוּן מָשִׁיחַ.

22 ווַייבֶּער, זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע מֶענֶער, וִויא צוּם הַאר'ן;
23 וָוארִין דֶער מַאן אִיז דָאס הוֹיפְּט פוּן דֶעם ווַייבּ, גְלֵייךְ וִויא מָשִׁיחַ אִיז דָאס
הוֹיפְּט פוּן דֶער קְהִלָּה, דֶער אִיז אַלֵיין דֶער רֶעטֶער פוּן דֶעם לֵייבּ. 24 אָבֶּער
גְלֵייךְ וִויא דִיא קְהִלָּה אִיז אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ מָשִׁיחַ, אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ דִיא
ווַייבֶּער צוּ זֵייעֶרֶע מֶענֶער אִין אַלֶעס. 25 מֶענֶער, לִיבְּט אֵייעֶרֶע ווַייבֶּער, גְלֵייךְ
וִויא מָשִׁיחַ הָאט דִיא קְהִלָּה גֶעלִיבְּט אוּן הָאט זִיךְ פַאר אִיהְר גֶעגֶעבֶּען,
26 כְּדֵי עֶר זָאל זִיא הֵיילִיגֶען אִינְדֶעם עֶר הָאט זִיא גֶערֵיינִיגְט מִיט דֶעם וַואשֶׁען
פוּן וַואסֶער דוּרְךְ דֶעם וָוארְט, 27 כְּדֵי עֶר זָאל צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט דִיא קְהִלָּה
פָארְשְׁטֶעלֶען הֶערְלִיךְ, אָהְן אַ פְלֶעק אָדֶער פַאלְטֶען אָדֶער עֶפֶּעס דֶערְגְלֵייכֶען,
נֵייעֶרְט כְּדֵי זִיא זָאל הֵיילִיג זַיין אוּן אָהְן אַ מוּם. 28 אַזוֹי זֶענֶען מְחוּיָב דִיא
מֶענֶער זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע ווַייבֶּער צוּ לִיבֶּען, וִויא זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם לֵייבּ. דֶער
וָואס לִיבְּט זַיין אֵייגֶענֶעם ווַייבּ לִיבְּט זִיךְ אַלֵיין; 29 וָוארִין קֵיינֶער הָאט אַמָאל
זַיין אֵייגֶענֶעם פְלֵייש פֵיינְדגֶעהַאט, נֵייעֶרְט עֶר שְׁפֵּייזְט אוּן דֶערְנֶעהְרְט עֶס, גְלֵייךְ
וִויא אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ דִיא קְהִלָּה; 30 וָוארִין מִיר זֶענֶען דִיא גְלִידֶער פוּן זַיין
לֵייבּ. 31 דֶעסְטְוֶועגֶען זָאל אַ מֶענְשׁ זַיין פָאטֶער אוּן זַיינֶע מוּטֶער פֶערְלָאזֶען,

ישעיה ס׳ א׳, 14 בראשית ב׳ כד׳, 31

און זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען צוּ זַיין וַוייבּ, אוּן זַייא בֵּיידֶע װעלֶען אַיין פְלֵייש זַיין.
[32] דִיזֶער סוֹד אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער אִיךְ רֶעד װעגֶען מָשִׁיחַ אוּן דֶער קְהִלָּה. [33] דָאךְ
לָאז אוֹיךְ אִיטְלִיכֶער פוּן אַייךְ זַיין אַייגֶענֶעם וַוייבּ לִיבֶּען אַזוֹי וִויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט;
אוּן לָאז דָאס וַוייבּ אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז זִיא הָאט פָארְכְט פַאר דֶעם מַאן.

ו [1] קִינְדֶער, גֶעהָארְכְט אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין דֶעם הַאר'ן, װָארִין דָאס אִיז
רֶעכְט. [2] עֶהְרֶע דַיין פָאטֶער אוּן דַיינֶע מוּטֶער; װָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה
מִיט הַבְטָחָה; [3] כְּדֵי עֶס זָאל דִיר גוּט זַיין, אוּן דוּא זָאלְסְט לַאנְג לֶעבֶּען אוֹיף
דֶער עֶרְד. [4] אוּן אִיהְר פֶּעטֶער דֶערְצֶערְנְט נִיט אַייעֶרֶע קִינְדֶער, נֵייעֶרְט דֶערְ־
צִיהְט זַייא אִין דֶער אַזְהָרָה אוּן מוּסָר פוּן דֶעם הַאר'ן.

[5] אִיהְר קְנֶעכְט גֶעהָארְכְט דִיא װָאס זֶענֶען אַייעֶרֶע הֶערְרֶען נָאךְ דֶעם פְלֵייש
מִיט פָארְכְט אוּן צִיטֶערְנִיס אִין אַיינְפֶעלְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם הַארְץ, אַזוֹי וִויא צוּ
מָשִׁיחַ; [6] נִיט מִיט אוֹיגֶענְדִינְסְט, וִויא דִיא װָאס מֶענְשֶׁען גֶעפֶעלֶען, נֵייעֶרְט
וִויא דִיא קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ, דִיא טְהוּן דֶעם וִוילֶען פוּן גָאט פוּן הַארְץ,
[7] װעלְכֶע דִינֶען מִיט גוּטֶעם וִוילֶען וִויא דֶעם הַאר'ן אוּן נִיט וִויא מֶענְשֶׁען. [8] װָארִין
אִיהְר וֵוייסְט אַז דָאס גוּטֶע װָאס אִיטְלִיכֶער טְהוּט, דָאס װעט עֶר פוּן דֶעם
הַאר'ן דֶערְהַאלְטֶען, אוֹיבּ עֶר אִיז אַ קְנֶעכְט אָדֶער אַ פְרֵייעֶר. [9] אוּן אִיהְר
הֶערְרֶען, טְהוּט אִיהְר דָאס זֶעלְבִּיגֶע צוּ זַייא, אוּן בֶּעדְרוֹיהֶעט זַייא נִיט, װָארִין
אִיהְר וֵוייסְט אַז אַייעֶר אוּן אוֹיךְ זַייעֶר הַאר אִיז אִין הִימֶעל, אוּן אַז עֶר אִיז
קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים.

[10] אִים אִיבְּרִיגֶען, זַייט שְׁטַארְק אִין דֶעם הַאר'ן אוּן אִין דֶער קְרַאפְט פוּן
זַיינֶע מַאכְט. [11] טְהוּט אָן דִיא גַאנְצֶע וַואפֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט קֶענֶען
בֶּעשְׁטֶעהֶען דִיא לִיסְט פוּן דֶעם שָׂטָן. [12] װָארִין אוּנְזֶער רַאנְגְלֶען אִיז נִיט
קֶעגֶען בְּלוּט אוּן פְלֵייש, נֵייעֶרְט קֶעגֶען דִיא הֶערְשַׁאפְטֶען, קֶעגֶען דִיא מֶעכְ־
טֶע, קֶעגֶען דִיא װעלְטְהֶערְשֶׁער פוּן דִיזֶער פִינְסְטֶערְנִיס, קֶעגֶען דִיא גֵייסְטְלִיכֶע
שַׁאר פוּן אִיבֶּעל אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְטֶער. [13] דֶעסְטְוֶועגֶען נֶעמְט אוֹיף אַייךְ
דִיא גַאנְצֶע וַואפֶען פוּן גָאט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען אִים שְׁלֶעכְטֶען
טָאג, אוּן װען אִיהְר הָאט אַלֶעס אוֹיסְגֶערִיכְטֶעט בְּלֵייבֶּען שְׁטֶעהֶען. [14] שְׁטֶעהְט
דֶען פֶעסְט אוּן גַארְטֶעלְט אַרוּם אַייעֶרֶע לֶענְדֶען מִיט װָאהְרְהֵייט, אוּן טְהוּט
אָן דֶעם פַאנְצֶער פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, [15] אוּן פַאר אַייעֶרֶע שִׁיךְ דָאס אָנְבְּרֵייטֶען
פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן פְרִידֶען. [16] אוּן אִיבֶּער אַלֶעס נֶעמְט אוֹיף אַייךְ
דָאס שִׁילְד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, מִיט װעלְכֶעם אִיהְר װעט קֶענֶען פֶערְלֶעשֶׁען
אַלֶע פֵייעֶרִיגֶע פֵיילֶען פוּן דֶעם בֵּייזֶען. [17] אוּן נֶעמְט דֶעם הֶעלְם פוּן זֶעלִיגְ־
קֵייט, אוּן דָאס שְׁוֶוערְט פוּן דֶעם גֵייסְט, װָאס אִיז דָאס װָארְט פוּן גָאט,
[18] דֶערְוַוייל אִיהְר בֶּעטֶעט מִיט אַלֶערְלֵייא גֶעבֶּעט אוּן תְּחִנָּה אַלֶע צֵייטֶען אִין
דֶעם גֵייסְט, אוּן וַואכְט דֶערְצוּ מִיט אַלֶע בֶּעשְׁטֶענְדִיגְקֵייט אוּן תְּחִנָּה פַאר אַלֶע
הֵיילִיגֶע, [19] אוּן פַאר מִיר, כְּדֵי אַ װָארְט זָאל מִיר גֶעגֶעבֶּען װערֶען װען אִיךְ
עֶפֶען מֵיין מוֹיל, אַז אִיךְ זָאל דֶעם סוֹד פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה מִיט פְרֵייהֵייט

[2] שמות כ׳ יב׳, [3] דברים ה׳ טז׳.

צוּ װיסֶען טְהוּן, [20] פַאר װעלְכֶען אִיךְ בִּין אַ שָׁלִיחַ אִין קֶעטֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל
דְרִיגֶען עֶפֶענְטְלִיךְ רֶעדֶען אַזוֹי וִויא אִיךְ בֶּעדַארְף צוּ רֶעדֶען.
[21] אָבֶּער אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ וִויסֶען מֵיינֶע זַאכֶען, וָואס אִיךְ טְהוּא, וֶועט
אֵייךְ טִיכִיקוֹס אַלֶעס צוּ וִויסֶען טְהוּן, וֶועלְכֶער אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער
אוּן גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער אִין דֶעם הַאר'ן. [22] דֶעם אִיךְ הָאבּ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען צוּ
אֵייךְ גֶעשִׁיקְט, אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען וִויא עֶס גֶעהְט אוּנְז, אוּן אַז עֶר זָאל
אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער טְרֵייסְטֶען. [23] פְרִידֶען זָאל זֵיין צוּ דִיא בְּרִידֶער אוּן לִיבֶּע
מִיט גְלוֹיבֶּען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
[24] גְנָאד זַייא מִיט אַלֶע וָואס לִיבֶּען אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִין אוּנְ-
פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט.

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא פִילִיפֶּער.

[1] פּוֹלוֹס אוּן טִימוֹתִיוֹס דִיא קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע אִין
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וָואס זֶענֶען אִין פִילִיפִּי מִיט דִיא אוֹיפְזֶעהֶער אוּן דִינֶער, [2] גְנָאד
זַייא מִיט אֵייךְ אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען פָאטֶער אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

[3] אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט אִין יֶעדֶער דֶערְמָאהְנֶען פוּן אֵייךְ, [4] אוּן בֶּעשְׁטֶענְדִיג
מִיט פְרֵייד אִין יֶעדֶער תְּחִנָּה פַאר אֵייךְ אַלֶע בֶּעט אִיךְ, [5] פַאר אֵייעֶרֶע
חַבְרוּתָא אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן בִּיז אַצוּנְד; [6] אוּן
אִיךְ בִּין אִים בְּטָחוֹן וֶועגֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען, אַז דֶער וֶועלְכֶער הָאט אִין אֵייךְ אַ
גוּטֶעס וֶוערְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶועט עֶס עֶנְדִיגֶען בִּיז צוּם טָאג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
[7] אַזוֹי וִויא עֶס אִיז רֶעכְט דָאס צוּ דֶענְקֶען וֶועגֶען אֵייךְ אַלֶע, וַוייל אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
אִים הַארְץ, אַפִּילוּ אִין מֵיינֶע קֶעטֶען אִין מֵיין גֶעפֶענְגְנִיס אוּן אִין דֶער פֶערְעֶנְטְ-
פֶערוּנְג אוּן בֶּעפֶעסְטִיגוּנְג פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה זֶענְט אִיהְר אַלֶע טְהֵיילְ-
נֶעמֶער אִין מֵיינֶע גְנָאד. [8] וָוארִין גָאט אִיז מֵיין עֵדוּת וִויא אִיךְ פֶערְלַאנְג נָאךְ
אֵייךְ אַלֶע אִין דֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. [9] אוּן דָאס בֶּעט
אִיךְ, אַז אֵייעֶרֶע לִיבֶּע זָאל זִיךְ וֶועהְר פִיל מֶעהְרֶען אִין דֶערְקֶענְטְנִיס אוּן אִין
יֶעדֶער עֶרְפַאהְרוּנְג, [10] אַז אִיהְר זָאלְט פְּרִיפֶען דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען מֶעהְר
וֶוערְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זֵיין אוֹיפְרִיכְטִיג אוּן אָהְן שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען בִּיז צוּם טָאג
פוּן מָשִׁיחַ; [11] אוּן זָאלְט דֶערְפִילְט זֵיין מִיט דֶער פְרוּכְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וָואס אִיז דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ דֶער הֶערְלִיכְקֵייט אוּן לוֹיבּ פוּן גָאט.

[12] נוּן ווִיל אִיךְ, בְּרִידֶער, אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען
צוּ מִיר גֶעשֶׁעהֶען הָאבֶּען לִיבֶּער גֶעהָאלְפֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ פֶערְבְּרֵייטֶען;

13 אַזוֹי אַז מֵיינֶע קֶעטֶען אִין מָשִׁיחַ זֶענֶען אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אִים גַאנְצֶען
הוֹיף אוּן צוּ אַלֶע אִיבְּרִיגֶע, 14 אוּן דִיא מֵייסְטֶע פוּן דִיא בְּרִידֶער אִין דֶעם הַאר'ן
זֶענֶען בָּטוּחַ גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מֵיינֶע קֶעטֶען, אוּן הָאבֶּען מֶעהְר מִיט דָאס
וָוארְט פוּן גָאט אָהְן פָּארְכְט צוּ רֶעדֶען.
15 עֶטְלִיכֶע פְּרֶעדִיגֶען מָשִׁיחַ אַוַדַאי אוֹיס נֵייד אוּן שְׁטְרֵייט, אוּן עֶטְלִיכֶע אוֹיךְ
אוֹיס גוּטֶען ווִילֶען. 16 דִיזֶע טְהוּן עֶס אוֹיס לִיבֶּע, אִינְדֶעם זֵייא ווִיסֶען אַז אִיךְ
בִּין בֶּעשְׁטֶעלְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ פֶערְעֶנְטפֶערֶען; 17 אָבֶּער יֶענֶע מָשִׁיחַ פְּרֶעדִיגֶען
אוֹיס קְרִיג, נִיט אִין רֵיינְהֵייט, אִינְדֶעם זֵייא דֶענְקֶען זֵייא וֶועלֶען אַ צָרָה צוּ
מֵיינֶע קֶעטֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען. 18 וָואס דֶען? וֶוען נוּר עַל כָּל פָּנִים מָשִׁיחַ אִיז
גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוֹיבּ פַאר אַיין אוֹיסְרֶעד אָדֶער אִין וָואהְרְהֵייט, אוּן אִין דִיזֶעם
פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ, אוּן וֶועל מִיךְ אוֹיךְ פְרֵייעֶן. 19 וָוארִין אִיךְ ווֵייס אַז דָאס
וֶועט צוּ מֵיינֶע רֶעטוּנְג אוֹיסְפַאלֶען, דוּרְךְ אֵייעֶרֶע תְּחִנָּה אוּן דֶעם בֵּייִשְׁטַאנְד
פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, 20 נָאךְ מֵיינֶע עֶרְנְסְטֶע אוֹיסְהַארוּנְג אוּן
הָאפְנוּנְג, אַז אִיךְ וֶועל אִין קֵיין זַאךְ נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען, נֵייעֶרְט מִיט
אַלֶער בֶּעהֶערְצִיגְקֵייט גְלֵייךְ ווִיא אַלֶע צֵייטֶען אַזוֹי אוֹיךְ אַצוּנְד וֶועט מָשִׁיחַ
פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען אִין מֵיינֶעם לֵייבּ, סֵייא דוּרְךְ לֶעבֶּען סֵייא דוּרְךְ טוֹיט.
21 וָוארִין פַאר מִיר אִיז דָאס לֶעבֶּען מָשִׁיחַ, אוּן צוּ שְׁטַארְבֶּען אִיז אַ גֶעווִין.
22 אָבֶּער וֶוען צוּ לֶעבֶּען אִים פְלֵייש אִיז דִיא פְרוּכְט פוּן מֵיינֶע
אַרְבֵּייט, אַזוֹי ווֵייס אִיךְ נִיט וָואס אִיךְ זָאל אוֹיסְדֶערְוֶועהְלֶען. 23 אָבֶּער אִיךְ בִּין
צְווִישֶׁען דִיא צְוֵייא וֶועגֶען גֶעדְרֶענְגְט, אִינְדֶעם אִיךְ בֶּעגֶעהְר אָפְּצוּשֵׁיידֶען
אוּן צוּ זֵיין מִיט מָשִׁיחַ, וָוארִין עֶס אִיז פִיל בֶּעסֶער. 24 אָבֶּער צוּ בְּלֵייבֶּען אִים
פְלֵייש אִיז נֶעטִיגֶער פַאר אֵייךְ. 25 אוּן אִים פֶּערְטְרוֹיעֶן דְרוֹיף ווֵייס אִיךְ אַז
אִיךְ וֶועל בְּלֵייבֶּען אוּן וֶועל נָאךְ בְּלֵייבֶּען בֵּייא אֵייךְ אַלֶע, כְּדֵי אֵייךְ ווֵייטֶער
צוּ בְּרֶענְגֶען אוּן צוּם אֵייעֶרֶע פְרֵייד אִים גְלוֹיבֶּען; 26 כְּדֵי אֵייעֶר רִיהְמֶען אִין
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל אִין מִיר וַואקְסֶען דוּרְךְ מֵיין ווִידֶערְזֵיין בֵּייא אֵייךְ.
27 נוּר וַואנְדֶעלְט ווִירְדִיג פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ, כְּדֵי אוֹיבּ אִיךְ
וֶועל קוּמֶען אוּן וֶועל אֵייךְ זֶעהֶען אָדֶער וֶועל נִיט מִיט אֵייךְ זֵיין, זָאל אִיךְ
הֶערֶען ווִיא עֶס גֶעהְט מִיט אֵייךְ, אַז אִיהְר שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין אֵיינֶעם גֵייסְט,
אוּן אַז אִיהְר שְׁטְרֵייט צוּזַאמֶען מִיט אֵיינֶע זֶעלֶע פַאר דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן דֶער
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. 28 אוּן דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט אִין עֶטְלִיכֶע זַאכֶען פוּן וֶועגֶען
אֵייעֶרֶע פֵיינְד; וָואס אִיז צוּ זֵייא אַ בֶּעווֵייז פוּן פֶערְדַארְבֶּען, אָבֶּער פוּן אֵייעֶרֶע
רֶעטוּנְג, אוּן דָאס פוּן גָאט. 29 וָוארִין צוּ אֵייךְ אִיז עֶס וֶועגֶען מָשִׁיחַ גֶעגֶעבֶּען,
אַז אִיהְר זָאלְט נִיט נוּר אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ פַאר אִיהְם
לֵיידֶען, 30 אִינְדֶעם אִיהְר הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען שְׁטְרֵייט וָואס אִיהְר הָאט אִין מִיר
גֶעזֶעהֶען אוּן הֶערְט אַצוּנְד אַז עֶס אִיז אִין מִיר.
ב 1 דְרוּם וֶוען עֶס אִיז אַ שׁוּם נֶחָמָה אִין מָשִׁיחַ, וֶוען אַ טְרֵייסְט פוּן לִיבֶּע,
וֶוען אַ גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם גֵייסְט, וֶוען גִיטִיגְקֵייט אוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט:
2 דֶערְפִילְט אִיהְר מֵיינֶע פְרֵייד, אַז אִיהְר זָאלְט דִיא זֶעלְבֶּע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען

אוּן דִיא וֶועלְבֶּע לִיבֶּע, אוּן זָאלְט אֵיינְמִיטְהִיג זַיין פוּן אֵיינֶע מַחְשָׁבָה, 3 אוּן
זָאלְט גָאר נִיט טְהוּן דוּרְךְ שְׁטְרֵייט אָדֶער אַ פַאלְשֶׁען כָּבוֹד, נֵייעֶרְט מִיט אַ
נִידְרִיגֶען גֶעמִיט לָאז אִיטְלִיכֶער דֶעם אַנְדֶערֶען פַאר אַ גְרֶעסֶערֶען הַאלְטֶען וִויא זִיךְ
זֶעלְבְּסְט. 4 לָאז נִיט אִיטְלִיכֶער אוֹיף דִיא זֵיינִיגֶע אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
אוֹיף דִיא זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּם אַנְדֶערֶען. 5 לָאז דִיזֶער גֶעדַאנְקֶען אִין אֵייךְ
זַיין וָואס אִיז אוֹיךְ אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ גֶעוֶועזֶען, 6 דֶער אִיז אַפִילוּ אִין דֶער
גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאט גֶעוֶועזֶען, דָאךְ הָאט עֶר עֶס נִיט פַאר אַ פְּרֵייז גֶעהַאלְטֶען
עֶר זָאל זַיין גְלֵייךְ צוּ גָאט, 7 נֵייעֶרְט עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיסְגֶעלֶעדִיגְט,
אִינְדֶעם עֶר הָאט דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ קְנֶעכְט אָנְגֶענוּמֶען, אוּן אִיז אִים
גְלֵייכְנִים פוּן אַ מֶענְשֶׁען גֶעוָוארֶען, 8 אוּן וֶוען עֶר אִיז אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט וִויא
אַ מֶענְשׁ גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען הָאט עֶר זִיךְ דֶערְנִידְרִיגְט אוּן אִיז גֶעהָארְזַאם
גֶעוָוארֶען בִּיז צוּם טוֹיט, אַפִילוּ דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם קְרֵייץ. 9 דְרוּם הָאט
אִיהְם גָאט אוֹיךְ זֶעהְר דֶערְהֵייכְט, אוּן הָאט אִיהְם דֶעם נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען וָואס
אִיז אִיבֶּער יֶעדֶעם נָאמֶען, 10 כְּדֵי אִיטְלִיכֶעס קְנִיא פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אִים
הִימֶעל אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד אוּן אוּנְטֶער דֶער עֶרְד זָאל זִיךְ בֵּייגֶען אִים נָאמֶען
פוּן יֵשׁוּעַ, 11 אוּן אִיטְלִיכֶע צוּנְג זָאל בֶּעקֶענֶען אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז הַאר צוּם
כָּבוֹד פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער. 12 אַזוֹי דֶען, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, גְלֵייךְ וִויא אִיהְר
הָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג צוּגֶעהָארְכְט, נִיט נוּר וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט
אַצוּנְד פִיל מֶעהְר וֶוען אִיךְ בִּין נִיט מִיט אֵייךְ, ווִירְקְט אוֹיס אֵייעֶרֶע יְשׁוּעָה
מִיט פָארְכְט אוּן צִיטֶערְנִים; 13 וָוארִין עֶס אִיז גָאט וֶועלְכֶער ווִירְקְט אִין אֵייךְ
צוּ ווִילֶען אוּן צוּ טְהוּן נָאךְ זַיין ווָאוילְגֶעפֶעלֶען. 14 טְהוּט אַלֶעס אָהְן גֶעמוּרְ־
מֶעל אוּן קְרִיגֶערֵייא, 15 כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זַיין אָהְן טַאדֶעל אוּן אוּנְשׁוּלְדִיג, דִיא
קִינְדֶער פוּן גָאט אָהְן אַ פֶעהְלֶער אִין מִיטֶען פוּן אַ פֶערְקֶעהְרְטֶען אוּן פֶערְדְרֶעהְ־
טֶען דוֹר, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶען אִיהְר שֵׁיינְט וִויא לִיכְטְהַאלְטֶער אִין דֶער וֶועלְט.
16 אוּן הַאלְט אֵייךְ אָן דֶעם וָוארְט פוּן לֶעבֶּען, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ רִיהְמֶען אִים
טָאג פוּן מָשִׁיחַ אַז אִיךְ בִּין נִיט אוּמְזוּסְט גֶעלָאפֶען אוּן הָאבּ נִיט אוּמְזוּסְט
גֶעאַרְבֵּייט. 17 אָבֶּער וֶוען אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעאָפְּפֶערְט אוֹיף דֶעם קָרְבָּן אוּן דִינְסְט
פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ אוּן בִּין פְרֶעהְלִיךְ מִיט אֵייךְ אַלֶע;
18 אוּן אִיבֶּער דִיזֶעם פְרֵייעֶט אִיהְר אֵייךְ אוֹיךְ אוּן זַייט פְרֶעהְלִיךְ מִיט מִיר.
19 אָבֶּער אִיךְ הָאף אִים הַאר'ן יֵשׁוּעַ גְלֵייךְ טִימוֹתִיוּס צוּ אֵייךְ צוּ שִׁיקֶען, אַז
אִיךְ זָאל אוֹיךְ דֶערְקְווִיקְט וֶוערֶען וֶוען אִיךְ וֶועל ווִיסֶען וִויא עֶס גֶעהְט מִיט
אֵייךְ. 20 וָוארִין אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם גְלֵייכְדֶענְקֶענְדִיגֶען, דֶער זָאל אוֹיפְרִיכְטִיג
פַאר אֵייךְ זָארְגֶען; 21 וָוארִין זֵייא אַלֶע זוּכֶען דָאס זֵייעֶרִיגֶע, אוּן נִיט דִיא
זַאכֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 22 אָבֶּער אִיהְר ווֵייסְט זֵיינֶע אוֹיסְפְּרִיפוּנְג, אַז עֶר הָאט
מִיט מִיר צוּ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה גֶעדִינְט גְלֵייךְ וִויא אַ קִינְד צוּם פָאטֶער.
23 דְרוּם הָאף אִיךְ אִיהְם בַּאלְד צוּ שִׁיקֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל זֶעהֶען וִויא עֶס גֶעהְט
מִיט מִיר; 24 אוּן אִיךְ פֶערְטְרוֹיעֶ אִין דֶעם הַאר'ן אַז אִיךְ זֶעלְבְּסְט וֶועל אוֹיךְ

10 ישעיה מה' כג',

גְלֵייךְ קוּמֶען. 25 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ עֶס פַאר נֶעטִיג גֶעהַאלְטֶען אַז אִיךְ זָאל
עֶפַּאפְרָאדִיטוּס צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען, װעלְכֶער אִיז מֵיין בְּרוּדֶער אוּן מִיטַארְבֵּייטֶער אוּן
מִיטְשְׁטְרֵייטֶער, אוּן אֵייעֶר בָּאטֶע, װעלְכֶער הָאט מֵיין בֶּעדֶערְפְנִיס פֶערְזֶעהֶען.
26 װָארִין עֶר הָאט נָאךְ אֵייךְ אַלֶע גֶעגְלוּסְט, אוּן הָאט זִיךְ מְצַעֵר גֶעוֶועזֶען, װֵייל
אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען. 27 װָארִין עֶר אִיז טַאקֶע
קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט צוּם טוֹיט; אָבֶּער גָאט הָאט זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם דֶערְ־
בַּארְמְט, אוּן נִיט נוּר אִיבֶּער אִיהְם נֵייעֶרְט אוֹיךְ אִיבֶּער מִיר, אַז אִיךְ זָאל נִיט
טְרוֹיעֶר אוֹיף טְרוֹיעֶר הָאבֶּען. 28 דְרוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם מֶעהְר פְלֵייסִיג גֶעשִׁיקְט
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אִיהְם װִידֶער זֶעהֶען אוּן זָאלְט אֵייךְ פְרֵייעֶן, אוּן כְּדֵי אִיךְ
זָאל װֶענִיגֶער טְרוֹיעֶר הָאבֶּען. 29 דְרוּם נֶעמְט אִיהְם אוֹיף אִין דֶעם הַאר'ן מִיט
אַלֶער פְרֵייד, אוּן הַאלְט אַזֶעלְכֶע אִין כָּבוֹד, 30 װֵייל װֶעגֶען דֶעם װֶערְק
פוּן מָשִׁיחַ אִיז עֶר נָאהֶענְט בִּיז צוּם טוֹיט גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט זֵיין לֶעבֶּען אֵיינְגֶע־
שְׁטֶעלְט כְּדֵי עֶר זָאל דֶערְפִילֶען דָאס װָאס פֶעהְלְט אִין אֵייעֶרֶעם דִינְסְט צוּ מִיר.

ג 1 אִים אִיבְּרִיגֶען, מֵיינֶע בְּרִידֶער, פְרֵייעֶט אֵייךְ אִין דֶעם הַאר'ן. עֶס אִיז מִיר
נִיט פֶערְדְרִיסְלִיךְ אִיךְ זָאל אֵייךְ דָאס זֶעלְבִּיגֶע שְׁרֵייבֶּען, אָבֶּער פַאר אֵייךְ אִיז
עֶס זִיכֶער.

2 הִיט אֵייךְ פַאר דִיא הִינְד, הִיט אֵייךְ פַאר דִיא שְׁלֶעכְטֶע אַרְבֵּייטֶער, הִיט
אֵייךְ פַאר דֶער פֶערְשְׁנֵיידוּנְג. 3 װָארִין מִיר זֶענֶען דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג װָאס גָאטֶעס
דִינְסְט הַאלְטֶען דוּרךְ דֶעם גֵייסְט, אוּן רִיהְמֶען אוּנְז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּן
פֶערְטְרוֹיעֶן נִיט אִים פְלֵייש; 4 הָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעקֶענְט אִים פְלֵייש
פֶערְטְרוֹיעֶן. װֶען אַפִילוּ אֵיין אַנְדֶערֶער דֶענְקְט עֶרְגִיין פֶערְטְרוֹיעֶן אִים פְלֵייש צוּ
הָאבֶּען, אִיךְ פִיל מֶעהְר; 5 אִיךְ בִּין בֶּעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען דֶעם אַכְטֶען טָאג,
אוּן בִּין פוּן דֶעם פָאלְק פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, אֵיין עִבְרִי פוּן דִיא
עִבְרִים, װֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ אַ פָּרוּשׁ, 6 װֶעגֶען אֵייפֶער הָאבּ אִיךְ דִיא קְהִלָּה
פֶערְפָאלְגְט, װֶעגֶען דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִים גֶעזֶעץ בִּין אִיךְ אָהְן אַ פֶעהְלֶער גֶעוֶועזֶען.
7 אָבֶּער דִיא זַאכֶען װָאס זֶענֶען מִיר גֶעוֶועזֶען אַ גֶעוִוין, דִיא הָאבּ אִיךְ אַ
שָׁאדֶען גֶערֶעכֶענְט פוּן װֶעגֶען דֶעם מָשִׁיחַ. 8 אָבֶּער אִיךְ רֶעכֶען אַפִילוּ אַלֶע
זַאכֶען פַאר שָׁאדֶען װֶעגֶען דִיא זֶעהְר גְרוֹיסֶע דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
מֵיין הַאר'ן, פוּן װֶעגֶען װֶעלְכֶען אִיךְ הָאבּ אִין אַלֶע זַאכֶען שָׁאדֶען גֶעלִיטֶען,
אוּן רֶעכֶען זֵייא אַלְס מִיסְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל מָשִׁיחַ גֶעוִוינֶען, 9 אוּן זָאל אִין
אִיהְם גֶעפִינֶען װֶערֶען, אִינְדֶעם אִיךְ הָאבּ נִיט מֵיינֶע אֵייגֶענֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
װָאס אִיז פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט דִיא װָאס אִיז דוּרךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן מָשִׁיחַ,
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װָאס אִיז פוּן גָאט אִים גְלוֹיבֶּען; 10 כְּדֵי אִיךְ זָאל אִיהְם
דֶערְקֶענֶען, אוּן דִיא מַאכְט פוּן זֵיינֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג, אוּן דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט
פוּן זֵיינֶע לֵיידֶען, אוּן זָאל צוּ זֵיין טוֹיט מִיטְגֶעשְׁטַאלְטֶעט װֶערֶען, 11 אוֹיבּ
אִיךְ װֶעל קֶענֶען אוֹיף יֶעדֶען אוֹפֶן צוּ תְּחִיַּת הַמֵּתִים דֶערְלַאנְגֶען. 12 נִיט אַז
אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דֶערְלַאנְגְט, אָדֶער בִּין שׁוֹין פָאלְקָאמֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ פָאלְג
נָאךְ אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ דָאס דֶערְגְרֵייפֶען װֶעגֶען װֶעלְכֶעם אִיךְ בִּין אוֹיךְ

דֶערְגְרִיפֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 13 בְּרִידֶער, אִיךְ רֶעכֶען מִיךְ נָאךְ נִיט אַז אִיךְ הָאבּ
דֶערְגְרִיפֶען; אָבֶּער דִיא אֵיינֶע זַאךְ טְהוּא אִיךְ, אִיךְ פֶערְגֶעס דִיא זַאכֶען וָואס
זֶענֶען הִינְטֶער, אוּן שְׁטְרֶעק אוּיס נָאךְ דִיא וָואס זֶענֶען צוּ פָאר, 14 אוּן נָאךְ
דֶעם צִיעֶל פָאלְג אִיךְ צוּם פְּרֵייז פוּן דִיא הוֹיכֶע בֶּערוּפוּנְג פוּן גָאט אִין
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 15 דְרוּם, אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען פָאלְקָאמֶען, לָאזֶען מִיר אַזוֹי
דֶענְקֶען; אוּן וֶוען אִיהְר דֶענְקְט אַנְדֶערְשׁ אִין עֶפֶּעס, וֶועט אֵייךְ גָאט דָאס אוֹיךְ
אַנְטְפְּלֶעקֶען. 16 דָאךְ וִויא וֵוייט מִיר הָאבֶּען דֶערְלַאנְגְט לָאזֶען מִיר וַואנְדֶלֶען
נָאךְ דֶעם כְּלַל.

17 בְּרִידֶער, זַייט נַאכְפָאלְגֶער מִיט מִיר נָאךְ, אוּן זֶעהְט אוֹיף דִיא וָואס וַואנְדֶלֶען וִויא
אִיהְר הָאט אוּנְז פַאר אַ בֵּיישְׁפִּיל. 18 וָוארִין פִילֶע וַואנְדֶלֶען, פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ אָפְט גֶעזָאגְט, אוּן אַצוּנְד זָאג אִיךְ אַפִילוּ מִיט וֵויינֶען, אַז זֵייא
זֶענֶען דִיא פֵיינְד פוּן דֶעם קְרֵייץ פוּן מָשִׁיחַ; 19 וָואס זֵייעֶר עֶנְד אִיז פֶערְדַארְ־
בְּנִיס, זֵייעֶר גָאט אִיז דֶער בּוֹיךְ, אוּן זֵייעֶר כָּבוֹד אִיז אִין זֵייעֶרֶע שַׁאנְד, וֶועלְכֶע
זֶענֶען עֶרְדִישׁ גֶעזִינְט. 20 וָוארִין אוּנְזֶער בִּירְגֶערְשַׁאפְט אִיז אִים הִימֶעל, פוּן
וַואנֶען אוֹיךְ מִיר דֶערְוַוארְטֶען דֶעם רֶעטֶער, דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, 21 דֶער
וֶועט אוּמְבִּילְדֶען דֶעם לֵייבּ פוּן אוּנְזֶערֶע נִידְרִיגְקֵייט כְּדֵי עֶר זָאל גְלֵייכְגֶע־
שְׁטַאלְטֶעט צוּם לֵייבּ פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, נָאךְ דֶער מַאכְט מִיט וֶועלְכֶער עֶר
קֶען אוֹיךְ אַלֶע זַאכֶען צוּ זִיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען.

ד 1 אַזוֹי דֶען מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע אוּן בֶּעגֶעהְרְטֶע בְּרִידֶער, מֵיינֶע פְרֵייד אוּן קְרוֹין,
שְׁטֶעהְט אַזוֹי פֶעסְט אִין דֶעם הַאר'ן, גֶעלִיבְּטֶע.

2 אִיךְ זָאג אָן אַבְהוֹדְיָא אוּן אִיךְ זָאג אָן סִינְטִיכֵי זֵייא זָאלֶען אֵיינֶערְלֵייא
גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען אִין דֶעם הַאר'ן. 3 יָא אִיךְ זָאג אָן אוֹיךְ דִיךְ מֵיין גֶעטְרֵייעֶר
גֶעזֶעלֶען, הֶעלְף דִיא פְרוֹיעֶן וָואס הָאבֶּען מִיט מִיר גֶעאַרְבֵּייט אִין דֶער בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה, מִיט קְלֶעמֶענְס אוּן אוֹיךְ מֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶעלְפֶער, וֶועמֶעס נֶעמֶען זֶענֶען
אִים סֵפֶר הַחַיִים. 4 פְרֵייעֶט אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם הַאר'ן; אִיךְ זָאג וִוידֶער
אַמָאל, פְרֵייעֶט אֵייךְ. 5 לָאז אֵייעֶרֶע דֶעמִיטִיגְקֵייט בֶּעקַאנְט זַיין צוּ אַלֶע מֶענְ־
שֶׁען. דֶער הַאר אִיז נָאהֶענְט. 6 זָארְגְט נִיט פַאר קֵיין זַאךְ גֵייעֶרְט אִין אַלֶעם
לָאזְט וִויסֶען אֵייעֶרֶע בֶּעדֶערְפְנִיסֶען צוּ גָאט דוּרְךְ גֶעבֶּעט אוּן תְּחִנָּה מִיט דַאנְק.
7 אוּן דֶער פְרִידֶען פוּן גָאט, וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶעם פֶערְשְׁטַאנְד וֶועט אֵייעֶר
הַארְץ אוּן גֶעדַאנְקֶען בֶּעוָואהְרֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

8 אִים אִיבְּרִיגֶען בְּרִידֶער, אַזוֹי פִילֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען וָואהְר, אַזוֹי פִילֶע וָואס
זֶענֶען אָנְשְׁטֶענְדִיג, אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען גֶערֶעכְט, אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען רֵיין,
אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען לִיבְּלִיךְ, אַזוֹי פִילֶע וָואס הָאבֶּען אַ גוּטֶען שֵׁם, וֶוען עֶס
אִיז אַ שׁוּם גוּטֶע וֶוערְט אָדֶער אַ שׁוּם לוֹיבּ, דֶענְקְט אָן דִיזֶע זַאכֶען. 9 וָואס
אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט אוּן אָנְגֶענוּמֶען אוּן גֶעהֶערְט אוּן גֶעזֶעהֶען אִין מִיר,
דָאס טְהוּט; אוּן דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען וֶועט מִיט אֵייךְ זַיין.

10 אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר אִים הַאר'ן גֶעפְרֵייעֶט, אַז אֵייעֶר טְרַאכְטֶען
פַאר מִיר בְּלִיהְט שׁוֹין וִוידֶער; חָאטְשֶׁע אִיהְר הָאט אוֹיךְ פְרִיהֶער גֶעטְרַאכְט,

אָבער איהר האָט קיינע געלעגענהייט ניט געהאַט. 11 ניט אַז איך זאָג דאָס
וועגען בעדערפניס, וואָרין איך האָב געלערנט צופרידען צו זיין אין וואָספאַר
אַ שטאַנד איך בין. 12 איך ווייס וויא דערנידריגט צו זיין, און איך ווייס וויא
דערפילט צו זיין; אין אַלעס און אין אַלע זאַכען בין איך געלערנט זאַט צו
זיין און צו הונגערן, איבעריג צו האָבען און נויט צו ליידען. 13 איך קען אַלעס
טהון דורך איהם דער שטאַרקט מיך. 14 דאָך האָט איהר גוט געטהון אינדעם
איהר האָט אַ טהייל גענומען אין מיינע צרה. 15 און איהר ווייסט אויך
זעלבסט, איהר פיליפער, אַז אים אָנהייב פון דער בשורה טובה, ווען איך
בין פון מקדוניא אַרויסגעגאַנגען האָט קיינע קהלה ניט מיט מיר געמיינשאַפט
געהאַט וועגען געבען און נעמען, נייערט איהר אַליין; 16 וואָרין אין טעסאַלוניקי
האָט איהר אויך איין מאָל און ווידער אַמאָל צו מיין בעדערפניס געשיקט.
17 ניט אַז איך פערלאַנג דיא מתנה, נייערט איך פערלאַנג דיא פרוכט וואָס זאָל
זיך מעהרען צו אייערע רעכנונג. 18 דאָך האָב איך אַלעס, און נאָך איבעריג
האָב איך; איך בין דערפילט, ווייל איך האָב דורך עפּאַפּראָדיטוס דערהאַלטען
דיא זאַכען וואָס איהר האָט געשיקט אַ ריח ניחח, איין אָנגענעהמעס קרבן,
וואָס איז געפעליג צו גאָט. 19 און מיין גאָט וועט אייער גאַנצעס בעדערפניס
דערפילען נאָך זיינער רייכקייט אין העררליכקייט אין ישוע המשיח. 20 נון צו
אונזערעם גאָט און פאָטער זאָל דער כבוד זיין פון עביגקייט צו עביגקייט;
אָמן.

21 גריסט יעדעם היילינגען אין ישוע המשיח. דיא ברידער וואָס זענען
מיט מיר גריסען אייך. 22 אַלע היילינגע גריסען אייך, און מייסטענס דיא וואָס
זענען פון דעם הויזגעזינד פון קיסר.
23 דיא גנאָד פון אונזערעם האַר'ן ישוע המשיח זאָל זיין מיט אייערעם גייסט.

---

# דער בריף פון דעם

# אַפּאָסטעל פולוס צו דיא קאָלאָסער.

---

1 פולוס איין אַפּאָסטעל פון ישוע המשיח דורך דעם ווילען פון גאָט, און
טימותיוס דער ברודער, 2 צו דיא היילינגע וואָס זענען אין קאָלאָסע דיא
געטרייע ברידער אין משיח; גנאָד זייא מיט אייך און פרידען פון גאָט אונ־
זערען פאָטער. 3 מיר דאַנקען אַלע צייט גאָט דעם פאָטער פון אונזערען האַר'ן
ישוע המשיח און מיר בעטען וועגען אייך, 4 אינדעם מיר האָבען געהערט
וועגען דעם גלויבען וואָס איהר האָט אין ישוע המשיח און אייערע ליבע צו
אַלע היילינגע; 5 דורך דער האָפנונג וואָס איז פאַר אייך אויפבעהאַלטען אים
הימעל, וואָס איהר האָט פריהער געהערט אים וואָרט פון דער וואָהרהייט פון דער

בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, 6 וָואס אִיז בֵּייא אֵייךְ, גְלֵייךְ וִויא עֶס אִיז אוֹיךְ אִין דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט אוּן טְרָאגְט פְרוּכְט אוּן מֶעהְרְט זִיךְ, אַזוֹי וִויא אוֹיךְ צְוִוישֶׁען אֵייךְ, פוּן דֶעם
טָאג אָן וֶוען אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אוּן דֶערְקַאנְט דִיא גְנָאד פוּן גָאט אִין וָואהְרְ־
הֵייט. 7 גְלֵייךְ וִויא אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט פוּן עֶפַּאפְרַאס אוּנְזֶערֶען גֶעלִיבְּטֶען
מִיטְקְנֶעכְט, וֶועלְכֶער אִיז פַאר אֵייךְ אַ גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער פוּן מָשִׁיחַ, 8 דֶער הָאט
אוֹיךְ אוּנְז צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן אֵייעֶרֶע לִיבֶּע אִים גֵייסְט.

9 דֶעסְטְוֶועגֶען פוּן דֶעם טָאג אָן מִיר הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט הֶערֶען מִיר נִיט
אוֹיף פַאר אֵייךְ מִתְפַּלֵּל צוּ זַיין, אוּן צוּ בֶּעטֶען אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען
מִיט דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן זַיין ווִילֶען אִין יֶעדֶע גֵייסְטְלִיכֶע חָכְמָה אוּן
פֶערְשְׁטַאנְד, 10 אַז אִיהְר זָאלְט וַואנְדְלֶען ווִירְדִיג פוּן דֶעם הַאר'ן צוּ אַלֶעם
וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען, אוּן זָאלְט פְרוּכְט בְּרֶענְגֶען אִין אִיטְלִיכֶעם גוּטֶען וֶוערְק אוּן זָאלְט
אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט, 11 גֶעשְׁטַארְקְט מִיט אַלֶער
מַאכְט נָאךְ דֶער קְרַאפְט פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט צוּ אַלֶער גֶעדוּלְד אוּן לַאנְגְ־
מִיטִיגְקֵייט מִיט פְרֵייד; 12 אוּן זָאלְט דֶעם פָאטֶער דַאנְקֶען דֶער הָאט אוּנְז
טוֹיגְלִיךְ גֶעמַאכְט צוּ טְהֵייל זַיין פוּן דֶער נַחֲלָה פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אִים לִיכְט.
13 וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶערֶעטֶעט פוּן דֶער מַאכְט פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּן
הָאט אוּנְז אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן דֶעם זוּהְן פוּן זַיינֶע לִיבֶּע; 14 אִין
וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע דֶערְלֶעזוּנְג, דִיא פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד. 15 וֶועלְכֶער
אִיז דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם אוּנְגֶעזֶעהֶענֶען גָאט, דֶער בְּכוֹר פוּן אַלֶע בֶּעשֶׁע־
פֶענִיס; 16 וָוארִין דוּרְךְ אִיהְם זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען וָואס זֶענֶען
אִים הִימֶעל אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד, דִיא גֶעזֶעהֶענֶע אוּן דִיא נִיט גֶעזֶעהֶענֶע, אוֹיבּ
זֵייא זֶענֶען טְרוֹינְשְׁטוּהְלֶען אָדֶער הֶערְשַׁאפְטֶען אָדֶער אוֹיבֶּרִיגְקֵייטֶען אָדֶער
מֶעכְטֶע; אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען דוּרְךְ אִיהְם אוּן צוּ אִיהְם בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען.
17 אוּן עֶר אִיז פָאר אַלֶע זַאכֶען, אוּן אַלֶע זַאכֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען אִין אִיהְם; 18 אוּן
עֶר אִיז דֶער קָאפּ פוּן דֶעם לֵייבּ וָואס אִיז דִיא קְהִלָּה. אוּן עֶר אִיז דֶער
אָנְהֵייבּ, דֶער בְּכוֹר פוּן דִיא טוֹיטֶע, כְּדֵי עֶר זָאל אַלֵיין אִין אַלֶע זַאכֶען דֶער
עֶרְשְׁטֶער זַיין. 19 וָוארִין עֶס אִיז דֶעם פָאטֶער וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען אַז אִין אִיהְם
זָאל דִיא גַאנְצֶע פוּלְקֵייט וְואוֹינֶען, 20 אוּן אַז עֶר זָאל דוּרְךְ אִיהְם אַלֶע זַאכֶען
מִיט זִיךְ אִיבֶּערְבֶּעטֶען, דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אוּן אִים הִימֶעל,
אִינְדֶעם עֶר הָאט שָׁלוֹם גֶעמַאכְט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן זַיין קְרֵייץ.

21 אוּן אֵייךְ וָואס אִיהְר זֶענְט אַמָאל פְרֶעמְד גֶעוֶועזֶען אוּן פֵיינְד אִין אֵייעֶרֶע
מַחְשָׁבוֹת דוּרְךְ שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים הָאט עֶר אַצוּנְד אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען, 22 אִין דֶעם
לֵייבּ פוּן זַיין פְלֵיישׁ דוּרְךְ דֶעם טוֹיט, כְּדֵי עֶר זָאל אֵייךְ הֵיילִיג אוּן אוּנְשׁוּלְדִיג
אוּן אָהְן אַ פֶעהְלֶער פָאר אִיהְם פָארְשְׁטֶעלֶען; 23 וֶוען אִיהְר וֶועט בְּלֵייבֶּען אִים
גְלוֹיבֶּען גֶעגְרִינְדֶעט אוּן בֶּעפֶעסְטִיגְט, אוּן וֶועט נִיט אַוֶועקְבֶּעוֶועגְט וֶוערֶען
פוּן דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט, וָואס אִיז
גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶענִיס אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, פוּן
וֶועלְכֶען אִיךְ פּוֹלוֹס בִּין אַ דִינֶער גֶעוָוארֶען.

24 אַצוּנְד פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ אִין מֵיינֶע לֵיידֶען פַאר אֵייךְ, אוּן אִיךְ דֶערְפִיל אִין
מֵיין פְלֵייש דָאס וָואס פֶעהְלְט אִין דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ, פַאר זֵיין לֵייבּ, וָואס
אִיז דִיא קְהִלָּה, 25 פוּן וֶועלְכֶער אִיךְ בִּין אַ דִינֶער גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶער פֶערְאָרְדְ־
נוּנְג פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען, צוּ דֶערְפִילֶען דָאס
וָוארְט פוּן גָאט, 26 דֶעם סוֹד וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא צֵייטֶען
אוּן דִיא דוֹרוֹת, אָבֶּער אִיז אַצוּנְד צוּ זֵיינֶע הֵיילִיגֶע אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען; 27 צוּ
וֶועלְכֶע גָאט הָאט גֶעוָואלְט וִויסֶען טְהוּן וָואס אִיז דִיא רֵייכְקֵייט פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן דִיזֶעם סוֹד צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, וָואס אִיז מָשִׁיחַ אִין אֵייךְ, דִיא הָאפְנוּנְג פוּן
הֶערְלִיכְקֵייט. 28 דֶעם מִיר פְּרֶעדִיגֶען, אוּן וָוארְנֶען אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ אוּן
לֶערְנֶען אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ מִיט אַלֶערְלֵייא וֵוייזְהֵייט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען שְׁטֶעלֶען
אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ פָאלְקָאמֶען אִין מָשִׁיחַ. 29 צוּ דֶעם תַּכְלִית אִיךְ אוֹיךְ
אַרְבֵּייט, אִינְדֶעם אִיךְ שְׁטְרֵייט נָאךְ זֵיינֶער מַאכְט וָואס ווִירְקְט אִין מִיר מִיט
גְבוּרָה.
ב 1 וָוארִין אִיךְ וִויל אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען וָואסְפַאר אַ גְרוֹיסֶען שְׁטְרֵייט אִיךְ
הָאבּ פַאר אֵייךְ, אוּן פַאר דִיא וָואס זֶענֶען אִין לָאוֹדִיקְיָא, אוּן פַאר אַלֶע וָואס
הָאבֶּען מֵיין פָּנִים אִין דֶעם פְלֵייש נִיט גֶעזֶעהֶען; 2 כְּדֵי זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער זָאלֶען
גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען, אוּן זֵייא זָאלֶען בֶּעפֶעסְטִיגְט וֶוערֶען אִין דֶער לִיבֶּע אַפִילוּ
צוּ אַלֶע רֵייכְקֵייט פוּן אַ גַאנְץ דֶערְפִילְטֶען פֶערְשְׁטַאנְד, צוּ דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן
דֶעם סוֹד פוּן גָאט וָואס אִיז מָשִׁיחַ, 3 אִין וֶועלְכֶען זֶענֶען אַלֶע אוֹצְרוֹת פוּן
חָכְמָה אוּן דֶערְקֶענְטְנִיס פֶערְבָּארְגֶען. 4 דָאס זָאג אִיךְ, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל אֵייךְ
נִיט בֶּעטְרִיגֶען מִיט אִיבֶּערְרֶעדֶענְדִיגֶע קְרַאפְט. 5 וָוארִין חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין נִיט
בֵּייא אֵייךְ אִים לֵייבּ דָאךְ בִּין אִיךְ בֵּייא אֵייךְ אִים גֵייסְט, אוּן אִיךְ פְרֵייעֶ מִיךְ אוּן
זֶעה אָן אֵייעֶרֶע אָרְדְנוּנְג, אוּן דִיא פֶעסְטִיגְקֵייט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אָן מָשִׁיחַ.
6 דְרוּם גְלֵייךְ וִויא אִיהְר הָאט דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אָנְגֶענוּמֶען, אַזוֹי
וַואנְדֶערְט אִין אִיהְם. 7 אוּן זֵייט אֵיינְגֶעוואוּרְצֶעלְט אוּן אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט אִין אִיהְם,
בֶּעפֶעסְטִיגְט אִים גְלוֹיבֶּען אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט, אוּן מֶעהְרְט אֵייךְ
דְרִינֶען מִיט דַאנְק.
8 גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז קֵיינֶער זָאל אֵייךְ פַאר אַ רוֹיבּ מַאכֶען דוּרְךְ פִילָאסָאפִי אוּן
לֶעדִיגֶע פֶערְפִיהְרוּנְג נָאךְ דֶער קַבָּלָה פוּן מֶענְשֶׁען, נָאךְ דִיא יְסוֹדוֹת
פוּן דֶער וֶועלְט, אוּן נִיט נָאךְ מָשִׁיחַ; 9 וָוארִין אִין אִיהְם וואוֹינְט דִיא גַאנְצֶע
פוּלְקֵייט פוּן דֶער גָאטְהֵייט לֵייבְּהַאפְטִיג. 10 אוּן אִיהְר זֶענְט דֶערְפִילְט אִין
אִיהְם, וֶועלְכֶער אִיז דֶער קָאפּ פוּן יֶעדֶער הֶערְשַׁאפְט אוּן מַאכְט, 11 אִין וֶועלְ־
כֶעם אוֹיךְ אִיהְר זֶענְט בֶּעשְׁנִיטֶען מִיט דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס אִיז נִיט מִיט
הַאנְד גֶעמַאכְט, מִיט דֶעם אוֹיסְטְהוּן פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן דֶעם פְלֵייש, אִין דֶער
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג פוּן מָשִׁיחַ; 12 אוּן אִיהְר זֶענְט מִיט אִיהְם אִין דֶער טְבִילָה בֶּעגְרָא־
בֶּען גֶעוָוארֶען, אִין וֶועלְכֶער אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ מִיט אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען דוּרְךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען אִים ווִירְקֶען פוּן גָאט, דֶער הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא
טוֹיטֶע. 13 אוּן אֵייךְ, וָואס אִיהְר זֶענְט טוֹיט גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ אֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת אוּן

דֶער עָרְלָה פוּן אֵייעֶר פְלֵיישׁ, הָאט עֶר מִיט אִיהְם לֶעבֶּענְדִיג גֶעמַאכְט, אִינְדֶעם
עֶר הָאט אוּנְז פֶערְגֶעבֶּען אַלֶע עֲבֵירוֹת, 14 און הָאט דִיא הַאנְדְשְׁרִיפְט דוּרְךְ
זֵיינֶע חוּקִים אוֹיסְגֶעמֶעקְט וָואס אִיז קֶעגֶען אוּנְז גֶעוֶוען, וָואס אִיז אוֹיךְ אוּנְז
דֶערְוִוידֶער, און הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אוֹיס דֶער מִיטֶען אִינְדֶעם עֶר הָאט
עֶס צוּם קְרֵייץ אָנְגֶענֶעגֶעלְט. 15 און עֶר הָאט אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דִיא הֶערְשַׁאפְטֶען
און דִיא מֶעכְטֶע, און הָאט זֵייא עֶפֶענְטְלִיךְ בֶּעוִויזֶען, און הָאט דְרִינֶען אִיבֶּער
זֵייא גֶעזִיגְט.

16 דְרוּם לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט רִיכְטֶען וֶועגֶען עֶסֶען און טְרִינְקֶען אָדֶער וֶועגֶען
אַ יוֹם טוֹב אָדֶער אַ רֹאשׁ חֹדֶשׁ אָדֶער שַׁבָּתוֹת, 17 וָואס זֶענֶען אַ שַׁאטֶען פוּן
דִיא זַאכֶען וָואס וֶועלֶען קוּמֶען, אָבֶּער דֶער לֵייבּ גֶעהֶערְט צוּ מָשִׁיחַ. 18 לָאז אֵייךְ
קֵיינֶער נִיט רוֹיבֶּען דֶעם שְׂכַר דוּרְךְ דִינֶען אִין נִידְרִיגְקֵייט און פֶערְעֶהְרוּנְג פוּן דִיא
מַלְאָכִים, אִינְדֶעם עֶר דְרִינְגְט אוֹיף דִיא זַאכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, און
אִיז אוּמְזוּסְט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען פוּן זֵיין פְלֵיישְׁלִיכֶען פֶערְשְׁטַאנְד; 19 און עֶר הַאלְט
נִיט פֶעסְט אָן דֶעם קָאפּ, פוּן וֶועלְכֶעם דֶער גַאנְצֶע לֵייבּ אִיז גֶענֶעהְרְט און בֶּע־
פֶעסְטִיגְט דוּרְךְ דִיא בֶּענְדֶע און אָדֶערֶען, און וַואקְסְט מִיט דֶעם גֶעוֶועקְס
פוּן גָאט.

20 וֶוען אִיהְר זֶענְט מִיט מָשִׁיחַ גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן דִיא גְרוּנְדְזֶעצֶע פוּן דֶער
וֶועלְט, וָוארוּם גְלֵייךְ וִויא אִיהְר זֶענְט לֶעבֶּענְדִיג אִין דֶער וֶועלְט אוּנְטֶערְוַוארְפְט
אִיהְר אֵייךְ זֶעלְבְּסְט צוּ גֶעזֶעצֶען, 21 רִיהְר נִיט אָן, פֶערְזוּךְ נִיט, נֶעם נִיט אִין
דֶער הַאנְד, 22 וָואס אַלֶע זֶענֶען צוּם פֶערְדָארְבֶּען מִיט דֶעם נִיצֶען, נָאךְ דִיא
גֶעבָּאטֶען און לֶעהְרֶען פוּן מֶענְשֶׁען? 23 וָואס הָאבֶּען וְואוֹיל אַ שֵׁיין פוּן חָכְמָה
אִין בֶּעוִוילִיגְטֶעם דִינְסְט און נִידְרִיגְקֵייט און נִיט פֶערְשׁוֹינוּנְג פוּן דֶעם לֵייבּ, נִיט
אִין אַ שׁוּם כָּבוֹד צוּ זֶעטִיגוּנְג פוּן דֶעם פְלֵיישׁ.

ג 1 דְרוּם וֶוען אִיהְר זֶענְט מִיט מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, זוּכְט דִיא זַאכֶען וָואס
זֶענֶען אוֹיבֶּען, וְואוּ מָשִׁיחַ אִיז, זִיצֶענְדִיג צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט.
2 טְרַאכְט דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען אוֹיבֶּען, נִיט דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד. 3 וָוארִין אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, און אֵייעֶר לֶעבֶּען אִיז מִיט מָשִׁיחַ אִין
גָאט פֶערְבָּארְגֶען. 4 וֶוען מָשִׁיחַ דֶער אִיז אוּנְזֶער לֶעבֶּען וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען,
דַאן וֶועט אִיהְר אוֹיךְ מִיט אִיהְם אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען אִין הֶערְלִיכְקֵייט.

5 דְרוּם זָאלְט אִיהְר טֵייטֶען אֵייעֶרֶע גְלִידֶער וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
הוּרֶערֵייא, אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, לֵיידֶענְשַׁאפְט, שְׁלֶעכְטֶעס בֶּעגֶעהְרֶען, און גֵייצִיגְקֵייט,
וָואס אִיז אָפְּגֶעטֶערֵייא; 6 דוּרְךְ וֶועלְכֶע דֶער צָארְן פוּן גָאט קוּמְט אִיבֶּער
דִיא וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע קִינְדֶער; 7 אִין וֶועלְכֶע זַאכֶען אִיהְר הָאט אוֹיךְ אַמָאל
גֶעוַואנְדֶעלְט, וֶוען אִיהְר הָאט דְרִינֶען גֶעלֶעבְּט. 8 אָבֶּער אַצוּנְד לֶעגְט אִיהְר
אוֹיךְ אַוֶועק דִיא אַלֶע, צָארְן, גְרִים, רִשְׁעוּת, לֶעסְטֶערוּנְג, שֶׁענְדְלִיכֶע רֶעד פוּן
אֵייעֶר מוֹיל. 9 זָאגְט נִיט קֵיין לִיגֶען צְוִוישֶׁען אֵיינַאנְדֶער אִינְדֶעם אִיהְר הָאט
דֶעם אַלְטֶען מֶענְשֶׁען אוֹיסְגֶעטְהוּן מִיט זֵיינֶע מַעֲשִׂים, 10 און הָאט דֶעם נֵייעֶן
מֶענְשֶׁען אָנְגֶעטְהוּן וֶועלְכֶער אִיז דֶערְנֵייעֶרְט אִין דֶערְקֶענְטְנִיס נָאךְ דֶער

גֶעשְׁטַאלְט פוּן אִיהְם דֶער הָאט אִיהְם בֶּעשַׁאפֶֿען; 11 וְואוּ עֶס קֶען נִיט זַיין גְרֶעק
אוּן יוּד, בֶּעשְׁנַיידוּנְג אוּן אוּנְבֶּעשְׁנַיידוּנְג, פְֿרֶעמְדֶער אוּן סְקוּטֶער, קְנֶעכְט אוּן
פְֿרַייעֶר; נֵייעֶרְט מָשִׁיחַ אִיז אַלֶעס אוּן אִין אַלֶעם.
12 דְרוּם טְהוּט אָן אַלְס אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע פוּן גָאט, הֵיילִיגֶע אוּן גֶעלִיבְּטֶע,
הֶערְצֶער פוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט, פְֿרֵיינְדְלִיכְקֵייט, אַ נִידְרִיגֶעס גֶעמִיט, זַאנְפְטְמִי־
טִיגְקֵייט, לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט. 13 פֶֿערְטְרָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אוּן פֶֿערְגִיבְט
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, וֶוען אֵיימִיצֶער הָאט עֶפֶּעס אֵיין אָנְקְלָאג קֶעגֶען דֶעם
אַנְדֶערֶען; גְלֵייךְ וִויא דֶער הַאר הָאט אֵייךְ פֶֿערְגֶעבֶּען, אַזוֹי טְהוּט אוֹיךְ אִיהְר.
14 אוּן אִיבֶּער אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען טְהוּט אָן דִיא לִיבֶּע, וָואס אִיז דָאס בַּאנְד פוּן
פָֿאלְקָאמֶענְהֵייט. 15 אוּן לָאז דֶער פְֿרִידֶען פוּן מָשִׁיחַ הֶערְשֶׁען אִין אֵייעֶרֶע
הֶערְצֶער, צוּ וֶועלְכֶעס אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ גֶערוּפֶֿען אִין אֵיין לֵייבּ; אוּן זֵייט
בֶּעדַאנְקֶענְדִיג. 16 לָאז דָאס וָוארְט פוּן מָשִׁיחַ רֵייכְלִיךְ אִין אֵייךְ וְואוֹינֶען, מִיט
אַלֶערְלֵייא חָכְמָה לֶעהְרְט אוּן דֶערְמָאהְנְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אִין מִזְמוֹרִים אוּן
גֶעזַאנְג אוּן גֵייסְטְלִיכֶע לִידֶער, אוּן זִינְגְט מִיט גְנָאד אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּם הַאר'ן.
17 אוּן וָואסְפַאר אַ זַאךְ אִיהְר טְהוּט אִין וָוארְט אָדֶער אִין וֶוערְק, טְהוּט אַלֶעס
אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ, אוּן דַאנְקְט גָאט דֶעם פָֿאטֶער דוּרְךְ אִיהְם.
18 אִיהְר וַוייבֶּער, זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע מֶענֶער, וִויא עֶס אִיז
אָנְשְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם הַאר'ן. 19 אִיהְר מֶענֶער, לִיבְּט אֵייעֶרֶע וַוייבֶּער, אוּן זֵייט
נִיט עֶרְבִּיטֶערְט קֶעגֶען זֵייא. 20 אִיהְר קִינְדֶער, גֶעהָארְכְט אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין
אַלֶע זַאכֶען; וָוארִין דָאס אִיז וְואוֹילְגֶעפֶֿעלִיג צוּ דֶעם הַאר'ן. 21 אִיהְר פֶֿעטֶער,
דֶערְצֶערְנְט נִיט אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט דֶעם מִיט פֶֿערְלִירֶען.
22 אִיהְר קְנֶעכְט, גֶעהָארְכְט אִין אַלֶע זַאכֶען אֵייעֶרֶע הֶערְרֶען נָאךְ דֶעם פְֿלֵיישׁ,
נִיט מִיט אוֹיגֶענְדִינְסְט אַלְס דִיא וָואס מֶענְשֶׁען גֶעפֶֿעלֶען, נֵייעֶרְט מִיט
אַ רֵיינֶען הַארְץ פָֿארְכְט דֶעם הַאר'ן. 23 אַלֶעס וָואס אִיהְר טְהוּט, מִיט
גַאנְצֶעם גֶעמִיט ווִירְקְט עֶס וִויא צוּם הַאר'ן אוּן נִיט צוּ מֶענְשֶׁען; 24 וָוא־
רִין אִיהְר ווֵייסְט אַז אִיהְר וֶועט פוּן דֶעם הַאר'ן בֶּעקוּמֶען דֶעם שְׂכַר פוּן
דֶער יְרוּשָׁה; אִיהְר דִינְט דֶעם הַאר'ן מָשִׁיחַ. 25 וָוארִין דֶער וָואס טְהוּט
אוּנְרֶעכְט וֶועט בֶּעקוּמֶען פַאר דֶעם וָואס עֶר הָאט אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּן עֶס
ד אִיז נִיט פַארְהַאנֶען קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים. 1 אִיהְר הֶערְרֶען, בֶּעצָאהְלְט צוּ
אֵייעֶרֶע קְנֶעכְט דָאס וָואס אִיז רֶעכְט אוּן גְלֵייךְ, וָוארִין אִיהְר ווֵייסְט אַז אִיהְר
הָאט אוֹיךְ אֵיין הַאר'ן אִין דֶעם הִימֶעל.
2 זֵייט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִים גֶעבֶּעט, אוּן וַואכְט דְרִינֶען מִיט דַאנְק, 3 אוּן
בֶּעט אִיהְר אוֹיךְ פַאר אוּנְז, כְּדֵי גָאט זָאל אוּנְז עֶפֶֿענֶען אַ טְהִיר פַאר דֶעם
וָוארְט, אַז מִיר זָאלֶען רֶעדֶען דֶעם סוֹד פוּן מָשִׁיחַ, וֶועגֶען וֶועלְכֶעס אִיךְ בִּין
אוֹיךְ גֶעבּוּנְדֶען; 4 כְּדֵי אִיךְ זָאל עֶס אַנְטְפְּלֶעקֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ בֶּעדַארְף עֶס
רֶעדֶען. 5 וַואנְדֶעלְט מִיט קְלוּגְהֵייט קֶעגֶען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען, אוּן
קוֹיפְֿט אוֹיס דִיא צֵייט. 6 לָאז אֵייעֶרֶע רֶעד בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט גְנָאד זַיין, גֶעזַאלְ־
צֶען מִיט זַאלְץ, אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען וִויא אִיהְר זָאלְט אִיטְלִיכֶען עֶנְטְפֶֿערֶען.

7 טִיכִיקוּס, דֶער גֶעלִיבְּטֶע בְּרוּדֶער אוּן גֶעטְרֵייֶע דִינֶער אוּן מִיטְקְנֶעכְט אִין
דֶעם הַאר׳ן, וֶועט אֵייךְ אַלֶעס צוּ וִויסֶען טְהוּן וִויא עֶס מִיר גֶעהְט. 8 וֶועלְכֶען
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען גֶעשִׁיקְט, אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען וִויא עֶס
גֶעהְט אוּנְז, אוּן אַז עֶר זָאל אֵייֶערֶע הֶערְצֶער טְרֵייסְטֶען, 9 מִיט אוּנִיסִימוּס,
דֶעם גֶעטְרֵייֶען אוּן גֶעלִיבְּטֶען בְּרוּדֶער, וֶועלְכֶער אִיז פוּן אֵייךְ; זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ
צוּ וִויסֶען טְהוּן אַלֶעס וָואס טְהוּט זִיךְ דָא.

10 אַרִיסְטַארְכוּס מֵיין מִיטְגֶעפַאנְגֶענֶער גְרִיסְט אֵייךְ, אוּן מַרְקוּס דֶער שְׁוֶועסְטֶערְס
זוּהְן פוּן בַּרְנַבָּא, אִיבֶּער וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט בֶּעפֶעהְלֶע דֶערְהַאלְטֶען, וֶוען עֶר קוּמְט
צוּ אֵייךְ נֶעמְט אִיהְם אוּיף, 11 אוּן יֵשׁוּעַ וָואס אִיז גֶערוּפֶען יוּסְטוּס, וָואס
זֶענֶען פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג; דִיזֶע זֶענֶען דִיא אֵיינְצִיגֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער צוּם קֶענִיגְ־
רֵייךְ פוּן גָאט, וֶועלְכֶע זֶענֶען צוּ מִיר אַ טְרֵייסְט גֶעוֶועזֶען. 12 עֶפַּאפְרַאס גְרִיסְט אֵייךְ,
דֶער אִיז פוּן אֵייךְ, אַ קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, וֶועלְכֶער רַאנְגֶעלְט בֶּעשְׁטֶענְ־
דִיג פַאר אֵייךְ אִים גֶעבֶּעט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט שְׁטֶעהֶען פָאלְקָאמֶען אוּן דֶערְפִילְט
מִיט דֶעם גַאנְצֶען ווִילֶען פוּן גָאט. 13 וָוארִין אִיךְ זָאג אִיהְם עֵדוּת אַז עֶר הָאט
פִיל טְרָחָא פַאר אֵייךְ, אוּן פַאר דִיא וָואס זֶענֶען אִין לָאוֹדִיקִיָא אוּן פַאר דִיא
וָואס זֶענֶען אִין הִיעֶרַאפָּאלִיס. 14 לוּקַאס דֶער גֶעלִיבְּטֶע רוֹפֵא אוּן דִימַאס
גְרִיסֶען אֵייךְ. 15 גְרִיסְט דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין לָאוֹדִיקִיָא אוּן נוּמְפַאס
אוּן דִיא קְהִלָּה וָואס אִיז אִין אִיהְרֶעם הויז. 16 אוּן וֶוען דִיזֶער בְּרִיף וֶועט בֵּייא
אֵייךְ גֶעלֵיינְט וֶוערֶען, זֶעהְט אַז עֶר זָאל אוּיךְ גֶעלֵיינְט וֶוערֶען אִין דֶער קְהִלָּה
פוּן לָאוֹדִיקִיָא, אוּן אַז אִיהְר זָאלְט אוּיךְ לֵיינֶען דֶעם בְּרִיף פוּן לָאוֹדִיקִיָא.
17 אוּן זָאגְט צוּ אַרְכִיפּוּס, גִיבּ אַכְטוּנְג צוּם דִינְסְט וָואס דוּא הָאסְט אִין דֶעם
הַאר׳ן דֶערְהַאלְטֶען אַז דוּא זָאלְסְט עֶס דֶערְפִילֶען.

18 דֶער גְרוּס פוּן מִיר פוּלוּס מִיט מֵיינֶע הַאנְד. גֶעדֶענְקְט אָן מֵיינֶע קֶעטֶען.
דִיא גְנָאד זָאל מִיט אֵייךְ זֵיין.

---

# דֶער עֶרְשְׁטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פוּלוּס צוּ דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער.

---

1 פוּלוּס אוּן סִילְוַאנוּס אוּן טִימוֹתִיוּס צוּ דֶער קְהִלָּה פוּן דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער
אִין גָאט דֶעם פָאטֶער אוּן אִין דֶעם הַאר׳ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; גְנָאד זָאל מִיט אֵייךְ
זֵיין אוּן פְרִידֶען.
2 מִיר דַאנְקֶען גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג וֶועגֶען אֵייךְ אַלֶע, וֶוען מִיר גֶעדֶענְקֶען אֵייךְ
אִין אוּנְזֶערֶע גֶעבֶּעטֶען; 3 אוּן מִיר גֶעדֶענְקֶען אָהְן אוּיפְהֶערֶען אֵייעֶר וֶוערְק
פוּן גְלוֹיבֶּען אוּן אַרְבֵּייט פוּן לִיבֶּע אוּן גֶעדוּלְד פוּן הָאפְנוּנְג אִין אוּנְזֶערֶעם
הַאר׳ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פָאר אוּנְזֶערֶעם גָאט אוּן פָאטֶער; 4 אִינְדֶעם מִיר וִויסֶען,
בְּרִידֶער גֶעלִיבְּטֶע פוּן גָאט, אֵייעֶרֶע אוּיסְדֶערְוֶועהְלוּנְג, 5 אַז אוּנְזֶערֶע בְּשׂוּרָה

טוֹבָה אִיז צוּ אֵייךְ נִיט נוּר אִין וָואָרְט גֶעקוּמֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אִין קְרַאפְט אוּן
אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּן אִין גְרוֹיסֶער גֶעוִויסְהֵייט, גְלֵייךְ וִויא אִיהְר וֵוייסְט וָואסְפַאר
מֶענְשֶׁען מִיר הָאבֶּען אוּנְז צְוִוישֶׁען אֵייךְ פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען בֶּעוִויזֶען.
6 און אִיהְר זֶענְט נָאכְטְהוּעֶר פוּן אוּנְז אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן גֶעוָוארֶען,
אִינְדֶעם אִיהְר הָאט דָאס וָוארְט אָנְגֶענוּמֶען אִין פִיל לֵיידֶען מִיט פְרֵייד פוּן
דְעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, 7 אַזוֹי אַז אִיהְר זֶענְט אַ פָארְבִּילְד גֶעוָוארֶען צוּ אַלֶע וָואס
גְלוֹיבֶּען אִין מַקְדוֹנְיָא אוּן אַכַיָא. 8 וָוארִין פוּן אֵייךְ אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר'ן גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען נִיט נוּר אִין מַקְדוֹנְיָא אוּן אַכַיָא, נֵייעֶרְט אִין אִיטְלִי־
כֶען אָרְט אִיז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען צוּ גָאט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, אַזוֹי אַז מִיר
בֶּעדַארְפֶען דֶערְפוּן גָאר נִיט רֶעדְען. 9 וָוארִין זֵייא אַלֵיין דֶערְצֶעהְלֶען וֶועגֶען
אוּנְז וָואסְפַאר אֵיין אֵיינְגַאנְג מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעהַאט, אוּן וִויא אִיהְר הָאט
אֵייךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן דִיא אָפְּגֶעטֶער צוּ גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט דִינֶען דֶעם
לֶעבֶּעדִיגֶען אוּן וָואהְרֶען גָאט; 10 און זָאלְט וַוארְטֶען אוֹיף זַיין זוּהְן פוּן דִיא
הִימֶעל, וֶועלְכֶען עֶר הָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוֹיף יֵשׁוּעַ, דֶער
רֶעטֶעט אוּנְז פוּן דֶעם קוּמֶענְדִיגֶען צָארְן.
ב 1 וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט אַלֵיין, בְּרִידֶער, אוּנְזֶערֶען אֵיינְגַאנְג צוּ אֵייךְ, אַז עֶס
אִיז נִיט אוּמְזוּסְט גֶעוֶועזֶען; 2 נֵייעֶרְט מִיר הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעלִיטֶען אוּן זֶענֶען
אִין פִילִיפִּי שֶׁענְדְלִיךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וִויא אִיהְר וֵוייסְט, דָאךְ זֶענֶען
מִיר מִיטִיג גֶעוָוארֶען אִין אוּנְזֶערֶעם גָאט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גָאט מִיט
פִיל קַאמְפְּף צוּ אֵייךְ צוּ רֶעדֶען. 3 וָוארִין אוּנְזֶערֶע וָוארְנוּנְג אִיז נִיט פוּן טָעוּת
גֶעוֶועזֶען, אוּן נִיט פוּן אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, אוּן נִיט מִיט פַאלְשְׁהֵייט, 4 נֵייעֶרְט גְלֵייךְ וִויא
גָאט הָאט אוּנְז חָשׁוּב גֶעהַאלְטֶען אַז עֶר זָאל אוּנְז אָנְפֶערְטְרוֹיעֶן דִיא בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה, אַזוֹי רֶעדֶען מִיר, נִיט וִויא מֶענְשֶׁען צוּ גֶעפֶעלֶען נֵייעֶרְט גָאט, דֶער
פְּרִיפְט אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער. 5 וָוארִין מִיר הָאבֶּען קֵיין מָאל נִיט בֶּענוּצְט
שְׁמֵייכֶעלְדִיגֶע רֶעד, אַזוֹי וִויא אִיהְר וֵוייסְט, אוּן אוֹיךְ נִיט קֵיין אוֹיסְרֶעד פַאר
גֵייצִיגְקֵייט, גָאט אִיז עֵדוּת, 6 און אוֹיךְ הָאבֶּען מִיר נִיט קֵיין כָּבוֹד פוּן מֶענְשֶׁען
גֶעזוּכְט, נִיט פוּן אֵייךְ אוּן אוֹיךְ נִיט פוּן אַנְדֶערֶען, וֶוען מִיר הָאבֶּען אֵייךְ
גֶעקֶענְט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ זַיין אַלְס אַפָּאסְטֶעל פוּן מָשִׁיחַ; 7 נֵייעֶרְט מִיר זֶענֶען
לִיבֶּענְדִיג צְוִוישֶׁען אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וִויא אַ זֵייגֶערִין אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע קִינְדֶער
דֶערְנֶעהְרְט. 8 אַזוֹי מִיר הָאבֶּען אֵייךְ הֶערְצְלִיךְ גֶעלִיבְּט, אוּן הָאבֶּען הֲנָאָה
גֶעהַאט אֵייךְ צוּ אִיבֶּערְגֶעבֶּען נִיט נוּר דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גָאט, נֵייעֶרְט
אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע נְשָׁמוֹת, וָוארִין אִיהְר זֶענְט אוּנְזֶערֶע גֶעלִיבְּטֶע
גֶעוָוארֶען.
9 וָוארִין אִיהְר גֶעדֶענְקְט, בְּרִידֶער, אוּנְזֶערֶע אַרְבֵּייט אוּן טִרְחָא; נַאכְט אוּן
טָאג הָאבֶּען מִיר גֶעאַרְבֵּייט אַז מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ
זַיין, אוּן מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. 10 אִיהְר זֶענְט
עֵדוּת אוּן אוֹיךְ גָאט, וִויא הֵיילִיג אוּן גֶערֶעכְט אוּן אָהְן אַ פֶעהְלֶער זֶענֶען מִיר
גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ וָואס גְלוֹיבֶּען; 11 אַזוֹי וִויא אִיהְר וֵוייסְט, אַז מִיר

הָאבֶּען אֵייךְ גֶעוָוארְנְט אוּן גֶעטְרַייסְט, וַוייא אַ פָּאטֶער זַיינֶע אֵייגֶענֶע קִינְדֶער,
12 אוּן הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט אַז אִיהְר זָאלְט וַואנְדֶלֶען ווִירְדִיג פוּן גָאט, דֶער הָאט
אֵייךְ בֶּערוּפֶען צוּ זַיין אֵייגֶענֶען קֶענִיגְרַייךְ אוּן הֶערְלִיכְקֵייט. 13 דְרוּם דַאנְקֶען
מִיר אוֹיךְ גָאט אָהְן אוֹיפְהֶערֶען, אִינְדֶעם וֶוען אִיהְר הָאט פוּן אוּנְז דָאס וָוארְט
פוּן גָאט דֶערְהַאלְטֶען וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט, הָאט אִיהְר עֶס אָנְגֶענוּמֶען
נִיט וַויא דָאס וָוארְט פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט וַויא עֶס אִיז אִין דֶער וָואהְרְהַייט,
דָאס וָוארְט פוּן גָאט, וָואס ווִירְקְט אוֹיךְ אִין אֵייךְ וָואס גְלוֹיבֶּען. 14 וָוארִין
אִיהְר, בְּרִידֶער, זֶענְט נָאכְטְהוּעֶר גֶעוָוארֶען פוּן דִיא קְהִלּוֹת פוּן גָאט וָואס
זֶענֶען אִים לַאנְד יְהוּדָה אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; וָוארִין אִיהְר הָאט אוֹיךְ דָאס זֶעלְ־
בִּיגֶע גֶעלִיטֶען פוּן אֵייעֶרֶע לַאנְדְסְלַייט, גְלֵייךְ וַויא זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ
פוּן דִיא יוּדֶען; 15 וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוֹיךְ דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ אוּן דִיא נְבִיאִים
גֶעטֵייטֶעט, אוּן הָאבֶּען אוּנְז פֶערְפָאלְגְט, אוּן זֶענֶען גָאט נִיט גֶעפֶעלֶען, אוּן
זֶענֶען דֶערְוִוידֶער אַלֶע מֶענְשֶׁען; 16 אִינְדֶעם זֵייא פֶערְוֶועהְרֶען אוּנְז צוּ דִיא
גוֹיִם צוּ רֶעדֶען אַז זֵייא זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַלֶע צֵייט
זֵייעֶרֶע זִינְד פִּילֶען. אָבֶּער דֶער צָארְן אִיז אִיבֶּער זֵייא גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם
עֶנְד.

17 אָבֶּער מִיר, בְּרִידֶער, נָאכְדֶעם מִיר זֶענֶען פוּן אֵייךְ וַויא יְתוֹמִים בֶּערוֹיבְּט
גֶעוָוארֶען פַאר אַ צֵייט אִין פָּנִים נִיט אִין הַארֶץ, הָאבֶּען מִיר אוּנְז זֶעהְר בֶּעפְלֵייסִיגְט
מִיט פִיל פֶערְלַאנְגֶען מִיר זָאלֶען אֵייעֶר פָּנִים זֶעהֶען. 18 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען
מִיר גֶעוָואלְט צוּ אֵייךְ קוּמֶען, אִיךְ פוֹלוֹס אוֹיךְ אֵיין מָאל אוּן ווִידֶער אַמָאל,
אָבֶּער דֶער שָׂטָן הָאט אוּנְז גֶעהִינְדֶערְט. 19 וָוארִין וָואס אִיז אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג
אָדֶער פְרֵייד אָדֶער קְרוֹין פוּן רִיהְמֶען? זֶענְט אִיהְר דָאס נִיט, פָאר אוּנְזֶערֶעם
הַאר'ן יֵשׁוּעַ בֵּייא זַיינֶעם קוּמֶען? 20 וָוארִין אִיהְר זֶענְט אוּנְזֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּן
אוּנְזֶערֶע פְרֵייד.

ג 1 דְרוּם וֶוען מִיר הָאבֶּען עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען, אִיז עֶס אוּנְז
גֶעפֶעלֶען אַלֵיין צוּ בְּלֵייבֶּען אִין אַתִינַאס. 2 אוּן מִיר הָאבֶּען טִימוֹתִיוֹס גֶעשִׁיקְט
אוּנְזֶערֶען בְּרוּדֶער אוּן דִינֶער פוּן גָאט אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ, כְּדֵי
עֶר זָאל אֵייךְ שְׁטַארְקֶען אוּן זָאל אֵייךְ טְרַייסְטֶען וֶועגֶען אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, 3 אַז
קֵיינֶער זָאל נִיט בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען דוּרְךְ דִיזֶע לֵיידֶען; וָוארִין אִיהְר ווֵייסְט זֶעלְבְּסְט
אַז מִיר זֶענֶען דֶערְצוּ בֶּעשְׁטֶעלְט. 4 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען אוֹיךְ בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶוען,
הָאבֶּען מִיר אֵייךְ פָארְאוֹיס גֶעזָאגְט אַז מִיר וֶועלֶען צָרוֹת לֵיידֶען, אַזוֹי וַויא עֶס
אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהֶען אוּן אִיהְר ווֵייסְט. 5 דֶעסְטְוֶועגֶען וֶוען אוֹיךְ אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט
מֶעהְר גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט כְּדֵי גֶעוָואר צוּ וֶוערֶען
וֶועגֶען אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, וָוארִין טָאמֶער הָאט דֶער פְּרִיפֶער אֵייךְ גֶעפְּרִיפְט, אוּן
אוּנְזֶערֶע טֶרְחָא וֶועט אוּמְזוּסְט וֶוערֶען. 6 אָבֶּער וֶוען טִימוֹתִיוֹס אִיז אַצוּנְד צוּ אוּנְז
פוּן אֵייךְ גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אוּנְז אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה גֶעבְּרַאכְט פוּן אֵייעֶר
גְלוֹיבֶּען אוּן לִיבֶּע, אוּן אַז אִיהְר הָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַ גוּטֶעם אַנְדֶענְקֶען פוּן אוּנְז
אוּן ווִינְשְׁט אוּנְז צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי וַויא מִיר ווִינְשֶׁען אֵייךְ אוֹיךְ צוּ זֶעהֶען;

7 דֶערסְטְרֶויסְטְ, בְּרִידֶער, וֶוענֶען מִיר וֶועגֶען אֵייךְ גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען אִין אַלֶע
אוּנְזֶערֶע לֵיידֶען אוּן נוֹיט דוּרְךְ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען; 8 וָוארִין אַצוּנְד לֶעבֶּען מִיר
וֶוען אִיהְר שְׁטֶעהְט פֶּעסְט אִין דֶעם הַאר'ן. 9 וָוארִין וָואסְפַאר אַ דַאנְק קֶענֶען
מִיר צוּ גָאט וֶועגֶען אֵייךְ אָפְּגֶעבֶּען פַאר אַלֶע פְרֵייד מִיט וֶועלְכֶער מִיר פְרֵייעֶן
אוּנְז פָאר אוּנְזֶערֶען גָאט פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען, 10 דֶערְוֵוייל מִיר בֶּעטֶען פִיל טָאג
אוּן נַאכְט אֵייעֶר פְּנִים צוּ זֶעהֶען, אוּן דָאס וָואס פֶעהְלְט אִין אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען
צוּ דֶערְזֶעצֶען?

11 נוּן אוּנְזֶער גָאט אוּן פָאטֶער אַלֵיין, אוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ זָאל אוּנְז אוֹיף
דֶעם וֶועג צוּ אֵייךְ פִיהְרֶען. 12 אוּן דֶער הַאר זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט
צוּנֶעמֶען אוּן אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין לִיבֶּע אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען אוּן צוּ אַלֶען,
גְלֵייךְ וִויא מִיר אוֹיךְ צוּ אֵייךְ; 13 כְּדֵי עֶר זָאל אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער בֶּעפֶעסְטִיגֶען
אָהְן פֶעהְלֶער אִין הֵיילִיגְקֵייט פָאר אוּנְזֶערֶען גָאט אוּן פָאטֶער, אִין דֶעם קוּמֶען
פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ מִיט אַלֶע זַיינֶע הֵיילִיגֶע.

ד 1 אִים אִיבְּרִיגֶען, בְּרִידֶער, בֶּעטֶען מִיר אֵייךְ אוּן וָוארְנֶען אֵייךְ אִין דֶעם הַאר'ן
יֵשׁוּעַ, כְּדֵי גְלֵייךְ וִויא אִיהְר הָאט פוּן אוּנְז אָנְגֶענוּמֶען וִויא אַזוֹי אִיהְר זָאלְט
וַואנְדְלֶען אוּן גָאט גֶעפֶעלֶען, גְלֵייךְ וִויא אִיהְר אוֹיךְ וַואנְדֶעלְט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר
נָאךְ פִיל מֶעהְר אֵייךְ מֶעהְרֶען. 2 וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט וָואסְפַאר גֶעבָּאטֶען מִיר
הָאבֶּען אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ. 3 וָוארִין דָאס אִיז דֶער ווִילֶען
פוּן גָאט, אֵייעֶרֶע הֵיילִיגְקֵייט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פוּן זְנוּת אָפְּהַאלְטֶען; 4 אַז
אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ זָאל ווִיסֶען זַיינֶע אֵייגֶענֶע כֵּלִי צוּ דֶערְהַאלְטֶען אִין הֵיילִיג־
קֵייט אוּן אִין כָּבוֹד, 5 נִיט אִין תַּאֲוָה פוּן זְנוּת, גְלֵייךְ וִויא דִיא גוֹיִם וָואס קֶענֶען
נִיט גָאט. 6 אוּן אַז קֵיינֶער זָאל נִיט אִיבֶּערְטְרֶעטֶען אוּן בֶּעטְרִיגֶען זַיין בְּרוּדֶער
אִין דִיזֶער זַאךְ, וָואַרִין דֶער הַאר אִיז זִיךְ נוֹקֵם אִיבֶּער אַלֶע אַזֶעלְכֶע זַאכֶען,
אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען אֵייךְ פְרִיהֶער גֶעזָאגְט אוּן בֶּעצֵייגְט. 7 וָוארִין גָאט הָאט
אוּנְז נִיט בֶּערוּפֶען צוּ אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, נֵייעֶרְט אִין הֵיילִיגְקֵייט. 8 דְרוּם דֶער וָואס
אִיז מְבַזֶה, דֶער אִיז נִיט אַ מֶענְשֶׁען מְבַזֶה, נֵייעֶרְט גָאט דֶער גִיבְּט אֵייךְ אוֹיךְ
זַיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ.

9 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבֶּע בֶּעדַארְפְט אִיהְר נִיט אַז אִיךְ זָאל
אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען; וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט זֶענְט פוּן גָאט גֶעלֶערְנְט, אַז אִיהְר זָאלְט
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען. 10 וָוארִין אִיהְר טְהוּט עֶס אוֹיךְ צוּ אַלֶע דִיא
בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין גַאנְץ מַקְדוֹנְיָא, אָבֶּער מִיר בֶּעטֶען אֵייךְ, בְּרִידֶער, אַז
אִיהְר זָאלְט עֶס נָאךְ פֶערְמֶעהְרֶען; 11 אוּן אַז אִיהְר הַאלְט עֶס פַאר אַ כָּבוֹד
שְׁטִיל צוּ זַיין אוּן אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע זַאכֶען צוּ טְהוּן אוּן מִיט אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
הֶענְד צוּ אַרְבֵּייטֶען, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען אֵייךְ גֶעבָּאטֶען; 12 כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
בְּכָבוֹד וַואנְדְלֶען קֶעגֶען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען, אוּן זָאלְט פוּן קֵיינֶעם
נִיט בֶּעדַארְפֶען.

13 אָבֶּער מִיר ווִילֶען נִיט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט ווִיסֶען, בְּרִידֶער, וֶועגֶען דִיא
וָואס שְׁלָאפֶען, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט טְרוֹיעֶרְן גְלֵייךְ וִויא דִיא אִיבְּרִיגֶע וָואס

הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע הָאפְנוּנְג. 14 וָוארִין וֶוען מִיר גְלוֹיבֶּען אַז יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטָארְ־
בֶּען אוּן אִיז וִוידֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי אוֹיךְ דִיא וָואס שְׁלָאפֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
וֶועט גָאט מִיט אִיהְם בְּרֶענְגֶען. 15 וָוארִין דָאס זָאגֶען מִיר אֵייךְ דוּרְךְ דֶעם
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר'ן, אַז מִיר וָואס לֶעבֶּען אוּן אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען בִּיז דֶעם
קוּמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן וֶועלֶען נִיט פְרִיהֶער קוּמֶען וִויא דִיא וָואס שְׁלָאפֶען.
16 וָוארִין דֶער הַאר זֶעלְבְּסְט וֶועט אַרוּפְּקוּמֶען פוּן הִימֶעל מִיט שַׁאלֶען, מִיט
דֶעם קוֹל פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען מַלְאָךְ אוּן מִיט דֶעם שׁוֹפָר פוּן גָאט, אוּן דִיא
טוֹיטֶע אִים מָשִׁיחַ וֶועלֶען צוּעֶרְשְׁט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען. 17 דֶערְנָאךְ מִיר וָואס לֶעבֶּען
אוּן אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען וֶועלֶען מִיט זֵייא אַרוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען אִין דִיא וָואלְקֶען,
כְּדֵי דֶעם הַאר'ן צוּ בֶּעגֶעגְנֶען אִין דֶער לוּפְט; אוּן אַזוֹי וֶועלֶען מִיר בֶּעשְׁטֶענְדִיג
זַיין מִיט דֶעם הַאר'ן. 18 דְרוּם טְרֵייסְטֶעט אֵייךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען דוּרְךְ
דִיזֶע וֶוערְטֶער.

ה 1 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא צֵייטֶען אוּן דִיא זְמַנִים, בְּרִידֶער, בֶּעדַארְפְט אִיהְר נִיט
אַז מֶען זָאל אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען. 2 וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט ווייסְט זֶעהְר גוּט אַז דֶער
טָאג פוּן דֶעם הַאר'ן קוּמְט אַזוֹי וִויא אַ גַנָב אִין דֶער נַאכְט. 3 וֶוען זֵייא
זָאגֶען פְרִידֶען אוּן זִיכֶערְהֵייט, דַאן קוּמְט פְּלוּצְלִינְג פֶערְדָארְבֶּען אִיבֶּער
זֵייא, וִויא דִיא וֶועהְטִיג צוּ אַ טְרָאגֶענְדִיגֶע פְרוֹיא, אוּן זֵייא זָאלֶען נִיט
אַנְטְרִינֶען.

4 אָבֶּער אִיהְר, בְּרִידֶער, זֶענְט נִיט אִין פִינְסְטֶערְנִיס, אַז דֶער טָאג זָאל אֵייךְ
אָנְחַאפֶּען וִויא אַ גַנָב; 5 וָוארִין אִיהְר זֶענְט אַלֶע זִיהְן פוּן דֶעם לִיכְט אוּן זִיהְן
פוּן דֶעם טָאג. מִיר זֶענֶען נִיט פוּן דֶער נַאכְט אוֹיךְ נִיט פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס,
6 אַזוֹי דֶען לָאזֶען מִיר נִיט שְׁלָאפֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא אִיבְּרִיגֶע, נֵייעֶרְט לָאזֶען
מִיר וַואכֶען אוּן נִיכְטֶערְן זַיין. 7 וָוארִין דִיא וָואס שְׁלָאפֶען שְׁלָאפֶען אִין דֶער
נַאכְט, אוּן דִיא וָואס זֶענֶען שִׁכּוֹר זֶענֶען שִׁכּוֹר אִין דֶער נַאכְט; 8 אָבֶּער
אִינְדֶעם מִיר זֶענֶען פוּן דֶעם טָאג לָאזֶען מִיר נִיכְטֶערְן זַיין, אוּן לָאזֶען מִיר
אָנְטְהוּן דֶעם פַּאנְצֶער פוּן גְלוֹיבֶּען אוּן לִיבֶּע, אוּן פַאר אַ הֶעלְם דִיא הָאפְ־
נוּנְג פוּן רֶעטוּנְג. 9 וָוארִין גָאט הָאט אוּנְז נִיט צוּם צָארְן בֶּעשְׁטֶעלְט, נֵייעֶרְט
מִיר זָאלֶען רֶעטוּנְג דֶערְהַאלְטֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ;
10 דֶער אִיז פַאר אוּנְז גֶעשְׁטָארְבֶּען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען מִיט אִיהְם צוּזַאמֶען לֶעבֶּען,
אוֹיבּ מִיר וַואכֶען אָדֶער שְׁלָאפֶען. 11 דְרוּם טְרֵייסְטֶעט אֵייךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
אוּן בּוֹיעֶט אוֹיף אֵיינַאנְדֶער, אַזוֹי וִויא אִיהְר אוֹיךְ טְהוּט.

12 אָבֶּער מִיר בֶּעטֶען אֵייךְ, בְּרִידֶער, אִיהְר זָאלְט קֶענֶען דִיא וָואס אַרְבֵּייטֶען
צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּן דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּער אֵייךְ גֶעזֶעצְט אִים הַאר'ן, אוּן דִיא
וָואס זֶענֶען אֵייךְ מַזְהִיר; 13 אוּן אַז אִיהְר זָאלְט זֵייא זֶעהְר הוֹיךְ שֶׁעצֶען מִיט לִיבֶּע
וֶועגֶען זֵייעֶרֶע וֶוערְק. הָאט פְרִידֶען צְוִוישֶׁען אֵייךְ זֶעלְבְּסְט. 14 אוּן מִיר דֶערְמָאהְנֶען
אֵייךְ, בְּרִידֶער, זַייט מַזְהִיר דִיא אוּנְרוּהִיגֶען, טְרֵייסְטֶעט דִיא קְלֵיינְמוּטִיגֶען, הֶעלְפְט
דִיא שְׁוַואכֶע, זַייט לַאנְגְמוּטִיג קֶעגֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען. 15 זֶעהְט אַז קֵיינֶער זָאל
קֵיינֶעם נִיט שְׁלֶעכְטֶעס מִיט שְׁלֶעכְטֶעס בֶּעצָאהְלֶען, נֵייעֶרְט פָאלְגְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג

נָאךְ דֶעם גוּטֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען אוּן אוֹיךְ צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען. 16 זַייט
בֶּעשְׁטֶענְדִיג פְרֶעהְלִיךְ, 17 בֶּעט אָהְן אוֹיפְהֶערֶען, 18 אִין אַלֶעם דַאנְקְט; וָוארִין
דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט צוּ אֵייךְ אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 19 פֶערְלֶעשְׁט נִיט
דֶעם גֵייסְט; 20 פֶערְאַכְט נִיט נְבוּאוֹת; 21 פְּרִיפְט אַלֶע זַאכֶען; הַאלְט פֶעסְט
דָאס גוּטֶע; 22 פֶערְמֵייד אַלֶע גֶעשְׁטַאלְטֶען פוּן אִיבֶּעל.
23 אוּן דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען זֶעלְבְּסְט זָאל אֵייךְ אִין גַאנְצֶעם הֵיילִיגֶען; אוּן
פָאלְקָאמֶען זָאל אֵייעֶר גֵייסְט אוּן אֵייעֶרֶע נְשָׁמָה אוּן אֵייעֶר לֵייבּ בֶּעהִיט
וֶוערֶען אָהְן אַ פֶּעהְלֶער, בִּיז אוֹיף דֶעם קוּמֶען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
24 דֶער וֶועלְכֶער הָאט אֵייךְ בֶּערוּפֶען אִיז גֶעטְרֵייא, דֶער וֶועט עֶס אוֹיךְ טְהוּן.
25 בְּרִידֶער, בֶּעט פַאר אוּנְז.
26 גְרִיסְט אַלֶע בְּרִידֶער מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען קִישׁ. 27 אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ בֵּייא
דֶעם הַאר'ן אַז דִיזֶער בְּרִיף זָאל גֶעלֵיינְט וֶוערֶען צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער.
28 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל מִיט אֵייךְ זַיין.

---

# דֶער צְווֵייטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אוּן סִילְוַואנוּס אוּן טִימוֹתִיוֹס צוּ דֶער קְהִלָּה פוּן דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער
אִין גָאט אוּנְזֶערֶעם פָאטֶער אוּן אִין דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; 2 גְנָאד זַייא
מִיט אֵייךְ אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
3 מִיר זֶענֶען מְחוּיָב גָאט צוּ דַאנְקֶען אַלֶע צֵייט וֶועגֶען אֵייךְ, בְּרִידֶער, גְלֵייךְ
וִויא עֶס אִיז ווִירְדִיג, ווֵייל אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען וַואקְסְט זֶעהְר, אוּן דִיא לִיבֶּע פוּן אַ
יֶעדֶעם פוּן אֵייךְ אַלֶע צוּם אַנְדֶערֶען מֶעהְרְט זִיךְ; 4 אַזוֹי אַז מִיר זֶעלְבְּסְט
בֶּערִיהְמֶען אוּנְז אִיבֶּער אֵייךְ אִין דִיא קְהִלּוֹת פוּן גָאט וֶועגֶען אֵייעֶרֶע גֶעדוּלְד
אוּן גְלוֹיבֶּען אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע פֶערְפָאלְגוּנְגֶען, אוּן דִיא צָרוֹת וָואס אִיהְר לֵיי־
דֶעט. 5 וָואס אִיז אַ בְּעווֵייז פוּן דֶעם גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט פוּן גָאט, אַז אִיהְר
זָאלְט ווִירְדִיג גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, פַאר וֶועלְכֶען
אִיהְר אוֹיךְ לֵיידֶעט. 6 וֶוען אַווַדַאי עֶס אִיז גֶערֶעכְט פַאר גָאט עֶר זָאל צָרוֹת
פֶערְגֶעלְטֶען צוּ דִיא וָואס טְהוּן אֵייךְ אָן צָרוֹת, 7 אוּן צוּ אֵייךְ וָואס צָרוֹת
לֵיידֶעט מְנוּחָה מִיט אוּנְז, אִין דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ
פוּן הִימֶעל מִיט דִיא מַלְאָכִים פוּן זַיינֶע מַאכְט, 8 אִין אַ פְלַאמְפֵייעֶר, זִיךְ
נוֹקֵם צוּ זַיין אָן דִיא וָואס קֶענֶען נִיט גָאט, אוּן וָואס גֶעהָארְכֶען נִיט צוּ דֶער
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 9 וֶועלְכֶע וֶועלֶען גֶעשְׁטְרָאפְט
וֶוערֶען מִיט אֵיין עֶבִּיגֶע צוּשְׁטֶערוּנְג פוּן דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם הַאר'ן, אוּן פוּן דֶער
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיינֶע מַאכְט, 10 וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען פֶערְהֶערְלִיכְט צוּ וֶוערֶען

אִין זֵיינֶע הֵיילִיגֶע, אוּן בֶּעוְואוּנְדֶערְט צוּ וֶוערֶען אִין אַלֶע וָואס גְלוֹיבֶּען;
וָוארִין אוּנְזֶער צֵייגְנִים אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶעגְלוֹיבְּט גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶעם טָאג.
11 צוּ דֶעם תַּכְלִית בֶּעטֶען מִיר אוֹיךְ אַלֶע צֵייט וֶועגֶען אֵייךְ, כְּדֵי אוּנְזֶער גָאט זָאל
אֵייךְ ווִירְדִיג רֶעכְנֶען פוּן דֶער בֶּערוּפוּנְג, אוּן זָאל דֶעם גַאנְצֶען וְואוֹילְגֶעפֶעלֶען פוּן
זֵיינֶע גוּטִיגְקֵייט דֶערְפִילֶען, אוּן דָאס וֶוערְק פוּן גְלוֹיבֶּען מִיט מַאכְט; 12 כְּדֵי דֶער
נָאמֶען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען אִין אֵייךְ אוּן
אִיהְר אִין אִיהְם, נָאךְ דֶער גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען גָאט אוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
ב 1 נוּן בֶּעטֶען מִיר אֵייךְ, בְּרִידֶער, וֶועגֶען דֶער עֶרְשֵׁיינוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּן אוּנְזֶערֶע פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ אִיהְם, 2 אַז אִיהְר זָאלְט נִיט
גֶעשְׁווִינְד בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען פוּן אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד אוּן זָאלְט נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען
וֶוערֶען, נִיט דוּרְךְ גֵייסְט אוּן נִיט דוּרְךְ וָוארְט אוּן נִיט דוּרְךְ בְּרִיף אַזוֹי ווִיא
פוּן אוּנְז, גְלֵייךְ אוֹיבּ דֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז שׁוֹין דָא. 3 לָאז קֵיינֶער
אֵייךְ נִיט בְּשׁוּם אוֹפֶן בֶּעטְרִיגֶען; וָוארִין עֶס וֶועט נִיט גֶעשֶׁעהֶען סֵיידֶען דִיא
מְרִידָה וֶועט צוּעֶרְשְׁט קוּמֶען, אוּן דֶער מֶענְשׁ פוּן זִינְד וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען, דֶער זוּהְן פוּן פֶערְדַארְבְּנִים, 4 וָואס ווִידֶערְזֶעצְט זִיךְ אוּן דֶערְהֵייבְט
זִיךְ אִיבֶּער אַלֶעם וָואס אִיז גָאט אָנְגֶערוּפֶען אָדֶער וָואס אִיז אָנְגֶעבֶּעטֶען, אַזוֹי
אַז עֶר זֶעצְט זִיךְ אִים הֵיכָל פוּן גָאט, אִינְדֶעם עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר אַז עֶר אִיז גָאט.
5 גֶעדֶענְקְט אִיהְר נִיט, אַז אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דָאס גֶעזָאגְט וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ בֵּייא
אֵייךְ גֶעוֶועזֶען? 6 אוּן אַצוּנְד ווֵייסְט אִיהְר וָואס עֶס טְהוּט אֵיינְהַאלְטֶען, כְּדֵי עֶר זָאל
אִין זֵיינֶע צֵייט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען. 7 וָוארִין דֶער סוֹד פוּן אוּנְרֶעכְט אִיז שׁוֹין ווִירְקְ־
זַאם; נוּר עֶס אִיז אַצוּנְד דֶער אוֹיפְהַאלְטֶער בִּיז עֶר וֶועט פוּן מִיטֶען אַוֶועקְגֶענוּמֶען
וֶוערֶען. 8 אוּן דַאן וֶועט דֶער רָשָׁע אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, וֶועלְכֶען דֶער הַאר וֶועט
טֵייטֶען מִיט דֶעם אָטְהֶעם פוּן זֵיין מוֹיל אוּן וֶועט צוּ גָאר נִיט מַאכֶען מִיט
דֶער עֶרְשֵׁיינוּנְג פוּן זֵיין קוּמֶען; 9 וָואס זֵיין קוּמֶען אִיז נָאךְ דֶעם ווִירְקֶען
פוּן שָׂטָן מִיט אַלֶערְלֵייא מַאכְט אוּן צֵייכֶען אוּן פַאלְשֶׁע וְואוּנְדֶער, 10 אוּן מִיט
אַ יֶעדֶע בֶּעטְרִיגֶערֵייא פוּן רִשְׁעוּת צוּ דִיא וָואס וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען, ווֵייל זֵייא
הָאבֶּען נִיט דִיא לִיבֶּע פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט אָנְגֶענוּמֶען אַז זֵייא זָאלֶען גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען. 11 אוּן דֶעסְטְוֶועגֶען שִׁיקְט זֵייא גָאט אַ ווִירְקוּנְג פוּן בֶּעטְרִיגֶערֵייא, אַז
זֵייא זָאלֶען דֶעם לִיגֶען גְלוֹיבֶּען; 12 כְּדֵי זֵייא אַלֶע זָאלֶען גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען וָואס
הָאבֶּען אִין דֶער וָואהְרְהֵייט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, נֵייעֶרְט הָאבֶּען תַּעֲנוּג גֶעהַאט אִין
אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט.
13 אָבֶּער מִיר זֶענֶען מְחוּיָב אַלֶע צֵייט גָאט צוּ דַאנְקֶען פַאר אֵייךְ, בְּרִידֶער
גֶעלִיבְּטֶע פוּן דֶעם הַאר'ן, ווֵייל גָאט הָאט אֵייךְ פוּן אָנְהֵייבּ אָן צוּ דֶער רֶעטוּנְג
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אִין דֶער הֵיילִיגוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט אוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין דֶער
וָואהְרְהֵייט; 14 צוּ דֶעם הָאט עֶר אֵייךְ אוֹיךְ בֶּערוּפֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה, צוּם דֶערְהַאלְטֶען פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ. 15 אַזוֹי דֶען בְּרִידֶער, שְׁטֶעהְט פֶעסְט, אוּן הַאלְט דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְגֶען
וָואס אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט סֵייא דוּרְךְ וָוארְט סֵייא דוּרְךְ אוּנְזֶערֶעם בְּרִיף.

16 נוּן אוּנְזֶער הַאר זֶעלְבְּסְט יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, און גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער דֶער הָאט
אוּנְז גֶעלִיבְּט און הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען אֵיין עֶבִּיגֶען טְרֵייסְט און גוּטֶע הָאפְנוּנְג
דוּרְךְ גְנָאד, 17 זָאל אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער טְרֵייסְטֶען און שְׁטַארְקֶען אִין אִיטְלִיכֶען
גוּטֶען וָוארְט און וֶוערְק.

ג 1 אִים אִיבְּרִיגֶען, בְּרִידֶער, בֶּעט פַאר אוּנְז, כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר'ן
זָאל לוֹיפֶען און פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען גְלֵייךְ וִויא אוֹיךְ בֵּייא אֵייךְ; 2 און כְּדֵי
מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען פוּן אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע און שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען;
וָוארִין נִיט אַלֶע הָאבֶּען גְלוֹיבֶּען. 3 אָבֶּער דֶער הַאר אִיז גֶעטְרֵייא, דֶער וֶועט
אֵייךְ שְׁטַארְקֶען און וֶועט אֵייךְ פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען בֶּעהִיטֶען. 4 און מִיר הָאבֶּען
בִּטָחוֹן אִין דֶעם הַאר'ן וֶועגֶען אֵייךְ, אַז אִיהְר טְהוּט און וֶועט טְהוּן וָואס מִיר
אֵייךְ בֶּעפֶעהְלֶען. 5 און דֶער הַאר זָאל אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער פִיהְרֶען צוּ דֶער לִיבֶּע
פוּן גָאט און צוּ דֶער גֶעדוּלְד פוּן מָשִׁיחַ.

6 נוּן בֶּעפֶעהְלֶען מִיר אֵייךְ, בְּרִידֶער, אִים נָאמֶען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּשֵׁיידֶען פוּן אִיטְלִיכֶען בְּרוּדֶער וָואס אוּנְאָרְ־
דֶענְטְלִיךְ וַואנְדֶעלְט, און נִיט נָאךְ דֶער לֶעהְרֶע וָואס אִיהְר הָאט פוּן אוּנְז
דֶערְהַאלְטֶען. 7 וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט ווייסְט וִויא מֶען בֶּעדַארְף אוּנְז נָאךְ
צוּ טְהוּן; וָוארִין מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְאָרְדֶענְטְלִיךְ צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶעוֶוען, 8 און
הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט דָאס בְּרוֹיט פוּן קֵיינֶעם אוּמְזוּסְט גֶעגֶעסֶען, נֵייעֶרְט מִיט אַרְ־
בֵּייט און מִיה הָאבֶּען מִיר נַאכְט און טָאג גֶעאַרְבֵּייט אַז מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם פוּן
אֵייךְ צוּ לַאסְט נִיט פַאלֶען. 9 נִיט וַוייל מִיר הָאבֶּען נִיט מַאכְט, נֵייעֶרְט כְּדֵי מִיר
זָאלֶען אֵייךְ אַ בֵּיישְׁפִּיל וַוייזֶען אַז אִיהְר זָאלְט אוּנְז נָאכְטְהוּן. 10 וָוארִין וֶוען
מִיר זֶענֶען בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען מִיר אֵייךְ דָאס בֶּעפוֹילֶען, אַז וֶוען אֵיימִי־
צֶער וִויל נִיט אַרְבֵּייטֶען דֶער זָאל אוֹיךְ נִיט עֶסֶען. 11 וָוארִין מִיר הֶערֶען אַז
עֶטְלִיכֶע צְווִישֶׁען אֵייךְ וַואנְדֶעלֶען אוּנְאָרְדֶענְטְלִיךְ, און אַרְבֵּייטֶען גָאר נִיט, נֵייעֶרְט
זֶענֶען אוּמֶעטוּם בֶּעשֶׁעפְטִיגְט. 12 און אַזֶעלְכֶע בֶּעפֶעהְלֶען מִיר און וָוארְנֶען אִין
דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען שְׁטִילֶערְהֵייט אַרְבֵּייטֶען און זָאלֶען
עֶסֶען זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם בְּרוֹיט.

13 אָבֶּער אִיהְר, בְּרִידֶער, זֵייט נִיט מִיד גוּטֶעס צוּ טְהוּן. 14 און וֶוען אֵיימִי־
צֶער גֶעהָארְכְט נִיט אוּנְזֶער וָוארְט דוּרְךְ דֶעם בְּרִיף, בֶּעמֶערְקְט אִיהְם,
כְּדֵי נִיט מִיט אִיהְם אוּמְגַאנְג צוּ הָאבֶּען, אַז עֶר זָאל פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען.
15 אָבֶּער רֶעכֶענְט אִיהְם נִיט פַאר אַ פֵיינְד, נֵייעֶרְט שְׁטְרָאפְט אִיהְם וִויא אַ
בְּרוּדֶער.

16 נוּן זָאל אֵייךְ דֶער הַאר פוּן פְרִידֶען זֶעלְבְּסְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג פְרִידֶען גֶעבֶּען
אוֹיף אַלֶערְלֵייא אַרְט. דֶער הַאר זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע.

17 דֶער גְרוּס פוּן פּוֹלוֹס מִיט מֵיין אֵייגֶענֶע הַאנְד, וָואס אִיז אַ צֵייכֶען אִין
אִיטְלִיכֶען בְּרִיף; אַזוֹי שְׁרֵייבּ אִיךְ. 18 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ זָאל זַיין מִיט אֵייךְ אַלֶע.

# דֶער עֶרְשְׁטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוּס צוּ טִימוֹתִיוּס.

---

1 פּוֹלוּס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן גָאט אוּנְ־
זָערֶען רֶעטֶער אוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג, 2 צוּ טִימוֹתִיוּס מֵיין
וָואהְרֶען קִינְד אִים גְלוֹיבֶּען; גְנָאד בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט
דֶעם פָאטֶער, אוּן פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען הַאר'ן.
3 אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעוָוארְנְט אַז דוּא זָאלְסְט בְּלֵייבֶּען אִין עֶפֶעזוּס,
וֶוען אִיךְ בִּין קֵיין מַקְדוֹנְיָא גֶעגַאנְגֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט צוּ עֶטְלִיכֶע אָנְזָאגֶען
זֵייא זָאלֶען קֵיינֶע אַנְדֶערֶע לֶעהְרֶע נִיט לֶעהְרֶען, 4 אוּן זָאלֶען נִיט הֶערֶען צוּ
פִּיסְטֶע מַעֲשׂוֹת, אוּן צוּ יִחוּס בְּרִיף וָואס הָאבֶּען קֵיין סוֹף, וֶועלְכֶע וִכּוּחִים
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען מֶעהְר וִויא דִיא אָרְדְנוּנְג וָואס אִיז פוּן גָאט אִים גְלוֹיבֶּען.
5 נוּן דֶער סוֹף פוּן דֶעם גֶעבָּאט אִיז לִיבֶּע אוֹיס אַ רֵיין הַארְץ אוּן אַ גוּטֶעם
גֶעוִויסֶען אוּן גְלוֹיבֶּען אָהְן חֲנִיפָה, 6 פוּן דֶעם עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען אָפְּגֶענֵייגְט, אוּן
הָאבֶּען זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ פְּלוֹידֶערֵייא, 7 אִינְדֶעם זֵייא ווִילֶען לֶעהְרֶער פוּן דֶער
תּוֹרָה זֵיין, דָאךְ אַפִילוּ זֵייא פֶערְשְׁטֶעהֶען נִיט וָואס זֵייא זָאגֶען אוֹיךְ נִיט וָואס
זֵייא פֶעסְט זֶעצֶען.
8 אָבֶּער מִיר וִויסֶען אַז דִיא תּוֹרָה אִיז גוּט, וֶוען אֵיימִיצֶער בֶּענוּצְט זִיא כְּפִי
הַתּוֹרָה; 9 אִינְדֶעם מִיר וִויסֶען אַז אַ גֶעזֶעץ אִיז נִיט פַאר דֶעם צַדִיק
גֶעשְׁטֶעלְט, נֵייעֶרְט פַאר דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע אוּן וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע, פַאר דִיא
גָאטְלוֹיזֶע אוּן זִינְדֶער, פַאר דִיא אוּנְהֵיילִיגֶע אוּן רְשָׁעִים, פַאר דִיא וָואס טֵיי־
טֶען פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער, פַאר דִיא וָואס מֶענְשֶׁען טֵייטֶען, 10 פַאר הוּרֶער,
פַאר דִיא וָואס לִיגֶען מִיט זְכָרִים, פַאר דִיא וָואס גַנְבֶענֶען מֶענְשֶׁען, פַאר
לִיגְנֶער, פַאר דִיא וָואס שְׁוֶוערֶען פַאלְשׁ, אוּן פַאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ וָואס אִיז
קֶעגֶען דִיא גוּטֶע לֶעהְרֶע, 11 נָאךְ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן דֶעם גֶעבֶּענְשְׁטֶען גָאט, וָואס אִיז מִיר פֶערְטְרוֹיעֶט גֶעוָוארֶען.
12 אִיךְ דַאנְק אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶער הָאט מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט,
וַוייל עֶר הָאט מִיךְ גֶעטְרֵייא גֶעהַאלְטֶען אוּן הָאט מִיךְ צוּם דִינְסְט בֶּעשְׁטִימְט;
13 אִיךְ וָואס בִּין פְרִיהֶער אַ לֶעסְטֶערֶער גֶעוֶועזֶען אוּן אַ פֶערְפָאלְגֶער אוּן אַ
בֶּעלֵיידִיגֶער; אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גְנָאד דֶערְהַאלְטֶען, וַוייל אִיךְ הָאבּ עֶס אִין
אוּנְוִויסֶען אוּן אִין אוּנְגְלוֹיבֶּען גֶעטְהוּן. 14 אוּן דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן
הָאט זִיךְ זֶעהְר גֶעמֶעהְרְט מִיט גְלוֹיבֶּען אוּן לִיבֶּע וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
15 זִיכֶער אִיז דָאס וָוארְט אוּן הֶעכְסְטֶענְס וֶוערְט אָנְצוּנֶעמֶען, אַז יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ אִיז אִין דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען כְּדֵי זִינְדֶער צוּ רֶעטֶען; פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ
בִּין דֶער עֶרְשְׁטֶער. 16 אָבֶּער פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ גְנָאד דֶערְהַאלְטֶען, אַז
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל אִין מִיר דֶעם עֶרְשְׁטֶען אַלֶע לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט בֶּעווייזֶען פַאר

אַ בֵּייְשְׁפִּיל צוּ דִיא וָואס וֶועלֶען דֶערְנָאךְ אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען צוּם עֶבִּיגֶען
לֶעבֶּען.

17 נוּן צוּם עֶבִּיגֶען קֶענִיג דֶעם אוּנְפֶּערְדֶערְבְּלִיכֶען אוּנְגֶעוֶוענֶען דֶעם אֵיינְ־
צִיגֶען גָאט זָאל זַיין כָּבוֹד אוּן הֶערְלִיכְקֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן.
18 דִיזֶעס גֶעבָּאט גִיבּ אִיךְ דִיר אִיבֶּער, מֵיין זוּהְן טִימוֹתִיוֹס, נָאךְ דִיא נְבוּאוֹת
וָואס זֶענֶען פְרִיהֶער אוֹיף דִיר גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט דְרִינֶען דֶעם
גוּטֶען שְׁטְרֵייט שְׁטְרֵייטֶען, 19 אוּן זָאלְסְט גְלוֹיבֶּען הַאלְטֶען אוּן אַ גוּטֶעס גֶעוִויסֶען,
וָואס עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען אוּן הָאבֶּען וֶועגֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען שִׁיפְבְּרוּךְ
גֶעלִיטֶען. 20 צְוִוישֶׁען דִיא אִיז הִימֶענֶעאוּס אוּן אַלֶעכְּסַאנְדֶער, וֶועלְכֶע אִיךְ
הָאבּ צוּם שָׂטָן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען לֶערְנֶען נִיט צוּ לֶעסְטֶערְן.

ב 1 דְרוּם בֶּעט אִיךְ צוּעֶרְשְׁט פוּן אַלֶע אַז מֶען זָאל זָאגֶען תְּחִנּוֹת תְּפִלּוֹת
פִירְבֶּעטֶען אוּן דַאנְקֶען פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁען; 2 פַאר מְלָכִים אוּן אַלֶע וָואס גֶעוֶועלְ־
טִיגֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען פִיהְרֶען אַ רוּהִיגֶעס אוּן שְׁטִילֶעס לֶעבֶּען אִין אַלֶער
פְרוּמִיגְקֵייט אוּן עֶהְרְלִיכְקֵייט. 3 דָאס אִיז גוּט אוּן אָנְגֶענוּמֶען פָאר גָאט אוּנְ־
זֶערֶען רֶעטֶער, 4 דֶער ווִיל הָאבֶּען אַז אַלֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען,
אוּן זָאלֶען צוּ דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט קוּמֶען. 5 וָוארִין גָאט
אִיז אֵיינֶער, אֵיינֶער אוֹיךְ אִיז דֶער פֶערְמִיטְלֶער צְוִוישֶׁען גָאט אוּן מֶענְשֶׁען,
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֶעלְבְּסְט אַ מֶענְשׁ, 6 דֶער הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעגֶעבֶּען אַלְס אַ
כֹּפֶר פַאר אַלֶע, דָאס צֵייגְנִיס אִין זֵיינֶע צֵייטֶען. 7 דֶערְצוּ בִּין אִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
צוּם פְּרֶעדִיגֶער אוּן צוּם אַפָּאסְטֶעל, אִיךְ זָאג דִיא וָואהְרְהֵייט אִיךְ לִיג נִיט, אַ
לֶעהְרֶער פוּן דִיא גוֹיִם אִין גְלוֹיבֶּען אוּן אִין וָואהְרְהֵייט.
8 דְרוּם ווִיל אִיךְ אַז דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען בֶּעטֶען אִין אִיטְלִיכֶען אָרְט, אוּן
זָאלֶען הֵיילִיגֶע הֶענְד אוֹיפְהֶעבֶּען אָהְן צָארְן אוּן מַחְלוֹקֶת. 9 אַזוֹי אוֹיךְ דִיא
פְרוֹיעֶן זָאלֶען זִיךְ צִירֶען מִיטֶעלְמֶעסִיג מִיט עֲנָוָה אוּן צְנִיעוּת, נִיט מִיט פְלֶעכְ־
טֶען אוּן גָאלְד, אָדֶער מִיט פֶּערְלֶען אוּן טְהֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, 10 נֵייעֶרְט אַזוֹי ווִיא
עֶס קֶערְט צוּ זַיין פַאר פְרוֹיעֶן וָואס בֶּעקֶענֶען גָאטֶעס פָארְכְט דוּרְךְ גוּטֶע
וֶוערְק. 11 לָאז אַ פְרוֹיא לֶערְנֶען שְׁטִילֶערְהֵייט מִיט אַלֶער אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט;
12 אָבֶּער אִיךְ דֶערְלוֹיבּ נִיט אַז אַ פְרוֹיא זָאל לֶעהְרֶען אָדֶער זָאל זִיךְ דֶערְהֶעבֶּען
אִיבֶּער דֶעם מַאן, אָבֶּער זִיא זָאל שְׁטִיל זַיין. 13 וָוארִין אָדָם אִיז צוּעֶרְשְׁט
בֶּעשַׁאפֶען גֶעוֶוען, דֶערְנָאךְ חַוָּה. 14 אוּן אָדָם אִיז נִיט פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען,
נֵייעֶרְט דִיא פְרוֹיא אִיז פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען אוּן אִיז אִין אֵיין עֲבֵירָה גֶעפַאלְ־
לֶען. 15 דָאךְ וֶועט זִיא גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעווִינֶען פוּן קִינְדֶער, וֶוען
זֵייא בְּלֵייבֶּען אִין גְלוֹיבֶּען אוּן לִיבֶּע אוּן הֵיילִיגְקֵייט מִיט צְנִיעוּת.

ג 1 ווִיבֶּער אִיז דָאס וָוארְט; וֶוען אִיימִיצֶער טְרַאכְט נָאךְ דֶעם אַמְט פוּן אֵיין אוֹיפְ־
זֶעהֶער בֶּעגֶעהְרְט עֶר אַ גוּטֶעס וֶוערְק. 2 דְרוּם מוּז דֶער אוֹיפְזֶעהֶער זַיין אָהְן
אַ פָארְוואוּרְף, דֶער מַאן פוּן אֵיינֶע פְרוֹיא, מֶעסִיג, פֶערְשְׁטֶענְדִיג, אָרְדֶענְטְלִיךְ, אַ
מַכְנִיס אוֹרֵחַ, אַ גוּטֶער לֶעהְרֶער, 3 נִיט אַ שִׁכּוֹר, נִיט אַ שְׁלֶעגֶער, נֵייעֶרְט נָאכְגֶע־
בֶּענְדִיג, נִיט אַ שְׁטְרֵייטֶער, נִיט אַ לִיבְּהָאבֶּער פוּן גֶעלְד; 4 וֶועלְכֶער רֶעגִירְט

גוּט אִיבֶּער זַיין אֵייגֶענֶעם הויז אוּן הַאלְט זַיינֶע קִינְדֶער אוּנְטֶערְטֶענִיג מִיט
אַלֶער ווִירְדִיגְקֵייט. 5 נוּן ווֶען אֵיימִיצֶער ווֵייסְט נִיט זַיין אֵייגֶענֶעם הויז צוּ רֶעגִי־
רֶען, ווִיא אַזוֹי זָאל עֶר דִיא קְהִלָּה פוּן גָאט בֶּעזָארְגֶען? 6 עֶר זָאל נִיט
קֵיין נֵייעֶר תַּלְמִיד זַיין, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען ווֶערֶען אוּן אִים מִשְׁפָּט
פוּן דֶעם שָׂטָן אַרֵיינְפַאלֶען. 7 אוּן עֶר מוּז אוֹיךְ אַ גוּטֶעס צֵייגְנִיס הָאבֶּען פוּן
דִיא וָואס זֶענֶען דְרוֹיסֶען, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט אַרֵיינְפַאלֶען אִין שַׁאנְד אוּן אִים
נֶעץ פוּן דֶעם שָׂטָן.

8 גְלֵייכְדֶעם אוֹיךְ דִיא דִינֶער פוּן דֶער קְהִלָּה מוּזֶען עֶרְנְסְטְהַאפְט זַיין, נִיט
מִיט צְווֵייא שְׁמֵייכְלֶערְצוּנְגֶען רֶעדֶען, נִיט פִיל ווַיין טְרִינְקֶען, אוּן נִיט גֵייצִיג
נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעווִינְסְט, 9 וָואס הַאלְטֶען דֶעם סוֹד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין אַ
רֵיינֶען גֶעווִיסֶען. 10 אוּן לָאזֶען דִיזֶע צוּעֶרְשְׁט גֶעפְּרִיפְט ווֶערֶען, דֶערְנָאךְ לָאזֶען
זַייא בֶּעדִינֶען, ווֶען זַייא זֶענֶען אוּנְשׁוּלְדִיג. 11 גְלֵייכְדֶעם פְרוֹיעֶן מוּזֶען עֶרְנְסְטְ־
הַאפְט זַיין, נִיט רְכִילוּת זָאגֶער, נִיכְטֶערְן, גֶעטְרֵייא אִין אַלֶע זַאכֶען. 12 לָאזֶען
דִיא דִינֶער זַיין מֶענֶער פוּן אֵיין ווַייבּ, אוּן גוּט רֶעגִירֶען אִיבֶּער זַייעֶרֶע
קִינְדֶער אוּן זַייעֶרֶע הֵייזֶער. 13 ווָארִין דִיא וָואס הָאבֶּען גוּט בֶּעדִינְט דֶערְווֶערְ־
בֶּען אַ גוּטֶען שְׁטַאנְד אוּן גְרוֹיסֶען בִּטָּחוֹן אִים גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ.

14 דִיזֶע זַאכֶען שְׁרֵייבּ אִיךְ דִיר, אִינְדֶעם אִיךְ הָאף גְלֵייךְ צוּ דִיר צוּ קוּמֶען;
15 אָבֶּער ווֶען אִיךְ זָאם מִיךְ, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען ווִיא אַזוֹי מֶען בֶּעדַארְף
זִיךְ אוֹיפְפִיהְרֶען אִים הויז פוּן גָאט, וָואס אִיז דִיא קְהִלָּה פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען
גָאט, אַ זֵייל אוּן גְרוּנְד פוּן דֶער וַואהְרְהֵייט. 16 אוּן פַאר גֶעווִיס אִיז עֶס
אַנֶערְקַאנְט אַז גְרוֹיס אִיז דֶער סוֹד פוּן גָאטֶעסְפָארְכְט;

דֶער ווֶעלְכֶער אִיז אִים פְלֵייש אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען,
אִים גֵייסְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט,
הָאט זִיךְ צוּ מַלְאָכִים בֶּעווִיזֶען,
אִיז צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעפְּרֶעדִיגְט,
אִיז אִין דֶער ווֶעלְט גֶעגְלוֹיבְּט,
אִיז אִין הֶערְלִיכְקֵייט אַרוֹיפְגֶענוּמֶען.

ד 1 נוּן דֶער גֵייסְט זָאגְט דֵייטְלִיךְ אַז אִין שְׁפֶּעטֶערֶע צֵייטֶען ווֶעלֶען עֶטְלִיכֶע
אַווֶעקְפַאלֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּן ווֶעלֶען אוֹיפְמֶערְקְזַאם זַיין צוּ פֶערְפִיהְרֶענְ־
דִיגֶע גֵייסְטֶער אוּן לֶעהְרֶען פוּן שֵׁדִים, 2 וָואס רֶעדֶען לִיגֶען מִיט חֲנִיפָה,
ווֶעמֶענְס אֵייגֶען גֶעווִיסֶען אִיז אֵיינְגֶעצֵייכֶענְט אַזוֹי ווִיא מִיט אַ הֵייס אֵייזֶען,
3 וָואס פֶערְבִּיטֶען חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען אוּן גֶעבִּיטֶען זִיךְ אָפְּצוּהַאלְטֶען פוּן שְׁפֵּייזֶען,
וָואס גָאט הָאט בֶּעשַׁאפֶען אַז דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אוּן דֶערְקֶענֶען דִיא וָואהְרְהֵייט
זָאלֶען עֶס מִיט דַאנְק אָנְנֶעמֶען. 4 ווָארִין אִיטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפֶענִיס פוּן גָאט
אִיז גוּט, אוּן קֵיין זַאךְ אִיז פֶערְוָוארְפֶען צוּ ווֶערֶען ווֶען מֶען נֶעמְט עֶס אָן מִיט
דַאנְק; 5 ווָארִין עֶס אִיז גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אוּן גֶעבֶּעט.
6 ווֶען דוּא ווֶעסְט דִיזֶע זַאכֶען עֶמְפֶּעהְלֶען צוּ דִיא בְּרִידֶער ווֶעסְט דוּא אַ

גוּטֶער דִינֶער זַיין פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָועלְכֶער אִיז אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אִין דִיא וֶוערְטֶער
פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּן פוּן דִיא גוּטֶע לֶעהְרֶע וָואס דוּא בִּיסְט נָאכְגֶעגַאנְגֶען.
7 אָבֶּער פֶערְמֵייד דִיא אַלְטֶע ווייבֶּערִישֶׁע אוּן אוּנְווירְדִיגֶע מַעֲשׂוֹת; אוּן אִיבּ
דִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ דֶער פְרוּמִיגְקַייט. 8 וָוארִין דִיא אִיבּוּנְג פוּן דֶעם גוּף אִיז צוּ וֶוענִיג
נִיצְלִיךְ; אָבֶּער פְרוּמִיגְקַייט אִיז צוּ אַלֶעס נִיצְלִיךְ, אִינְדֶעם זִיא הָאט הַבְטָחָה
פוּן דִיזֶעס לֶעבֶּען אוּן פוּן דֶעם וָואס וֶועט קוּמֶען. 9 זִיכֶער אִיז דָאס וָוארְט
אוּן גַאנְץ ווערְט אַנְצוּנֶעמֶען; 10 וָוארִין דֶעסְטְוֶועגֶען אַרְבֵּייטֶען מִיר אוּן שְׁטְרֵיי-
טֶען, ווייל מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאט, וָועלְכֶער אִיז דֶער
רֶעטֶער פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, בִּפְרַט פוּן דִיא גְלוֹיבִּיגֶע.
11 דִיזֶע זַאכֶען זָאלְסְט דוּא בֶּעפֶעהְלֶען אוּן לֶעהְרֶען. 12 לָאז קֵיינֶער דִיךְ נִיט
פֶערְאַכְטֶען פַאר דֵיינֶע יוּגֶענְד, נֵייעֶרְט זַייא אַ פָארְבִּילְד צוּ דִיא גְלוֹיבִּיגֶע אִין
וָוארְט, אִין אוֹיפְפִיהְרוּנְג, אִין לִיבֶּע, אִין גְלוֹיבֶּען, אִין רֵיינִיגְקַייט. 13 בִּיז אִיךְ
וֶועל קוּמֶען גִיבּ אַכְטוּנְג צוּם לֵיינֶען, צוּם וָוארְנֶען, צוּ דֶער לֶעהְרֶע. 14 פֶערְלָאז
נִיט דִיא מַתָּנָה וָואס אִיז אִין דִיר, וָואס אִיז דִיר גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ נְבוּאָה
מִיט דֶעם אוֹיפְלֶעגֶען פוּן דִיא הֶענְד פוּן דִיא זְקֵנִים. 15 הָאבּ דַאגָה אִין דִיזֶע
זַאכֶען, זַייא בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין זַייא, כְּדֵי דֵיין פָארְטְשְׁרִיט זָאל פוּן אַלֶע גֶעזֶעהֶען
וֶוערֶען. 16 גִיבּ אַכְטוּנְג אוֹיף דִיר זֶעלְבְּסְט אוּן אוֹיף דֶער לֶעהְרֶע, בְּלֵייבּ
דְרִינֶען; וָוארִין וֶוען דוּא וֶועסְט דִיזֶעס טְהוּן, וֶועסְט דוּא דִיךְ זֶעלְבְּסְט רֶעטֶען
אוּן אוֹיךְ דִיא וָואס דִיךְ הֶערֶען.

ה 1 אַ זָקֵן זָאלְסְט דוּא נִיט אָנְשְׁרֵייעֶן, נֵייעֶרְט זַייא אִיהְם מַזְהִיר וִויא אַ
פָאטֶער, דִיא יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען וִויא בְּרִידֶער, 2 דִיא אַלְטֶע פְרוֹיעֶן וִויא מוּטֶער, דִיא
יוּנְגֶע וִויא שְׁוֶועסְטֶער מִיט אַלֶערְלֵייא לוֹיטֶערְקַייט. 3 הַאלְט אִין כָּבוֹד דִיא
אַלְמָנוֹת וָואס זֶענֶען וָואהְרֶע אַלְמָנוֹת. 4 אָבֶּער וֶוען אֵיין אַלְמָנָה הָאט קִינְדֶער
אָדֶער אֵיינִיקְלֶעךְ, לָאזֶען זַייא צוּעֶרְשְׁט לֶערְנֶען זַייא זָאלֶען פְרוּם זַיין אִין
דֶער הֵיים אוּן זָאלֶען פֶערְגֶעלְטֶען זַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן; וָוארִין דָאס אִיז גוּט אוּן
אָנְגֶענוּמֶען פָאר גָאט. 5 נוּן דִיא וָואהְרֶע אַלְמָנָה דִיא וָואס אִיז אַלֵיין
גֶעבְּלִיבֶּען הָאט בִּטָחוֹן אִין גָאט, אוּן אִיז בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין תְּחִנוֹת אוּן
גֶעבֶּעט נַאכְט אוּן טָאג. 6 אָבֶּער דִיא וָואס לֶעבְּט אִין תַּעֲנוּג אִיז טוֹיט בֵּייא
אִיהְר לֶעבֶּען. 7 אוּן דִיזֶע זַאכֶען זָאלְסְט דוּא זַייא אָנְזָאגֶען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען
אָהְן פָארְוואוּרְף זַיין. 8 אָבֶּער וֶוען אֵיינֶע פֶערְזָארְגְט נִיט אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע,
אוּן בִּפְרַט אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד, אַזוֹי הָאט זִיא דֶעם גְלוֹיבֶּען אָפְּגֶעלֵייקֶענְט, אוּן אִיז
עֶרְגֶער וִויא אֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער.
9 אֵיין אַלְמָנָה זָאל אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט וֶוערֶען וֶוען זִיא אִיז נִיט יוּנְגֶער וִויא
זֶעכְצִיג יָאהְר, אוּן אִיז דָאס ווייבּ גֶעוֶועזֶען פוּן אֵיין מַאן, 10 וָואס הָאט אַ גוּטֶען
נָאמֶען פַאר גוּטֶע וֶוערְק, אוֹיבּ זִיא הָאט קִינְדֶער אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען, אוֹיבּ זִיא
הָאט אוֹרְחִים אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוֹיבּ זִיא הָאט דִיא פִּיס פוּן דִיא הֵיילִיגֶע גֶעוואַשֶׁען,
אוֹיבּ זִיא הָאט אוֹיסְגֶעהָאלְפֶען דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעלִיטֶען, אוֹיבּ זִיא הָאט אִיטְלִי-
כֶען גוּטֶען וֶוערְק נָאכְגֶעפָאלְגְט. 11 אָבֶּער דִיא יוּנְגֶערֶע אַלְמָנוֹת פֶערְמֵייד;

וָוארין וֶוען זַייא וֶוענֶען אָפְּקֶעהְרֶענְדִיג קֶעגֶען מָשִׁיחַ, ווילֶען זַייא חֲתוּנָה הָאבֶּען;
[12] און זַייא הָאבֶּען מִשְׁפָּט, ווייל זַייא הָאבֶּען זַייעֶר עֶרְשְׁטֶען גְלוֹיבֶּען מְבַזֶּה
גֶעוֶוען. [13] און זַייא לֶערְנֶען אויךְ פויל צוּ זַיין, און אַרוּמְצוּגֶעהֶען פון אֵיין
הויז צוּם אַנְדֶערֶען; און נִיט נוּר פויל גֵייעֶרְט אויךְ פְּלוידֶערֶער, און זַייא
מִישֶׁען זִיךְ אִין פְּרֶעמְדֶע גֶעשֶׁעפֶטֶען, און רֶעדֶען דָאס וָואס זַייא זָאלֶען נִיט.
[14] דְרוּם וויל אִיךְ אַז דִיא יוּנְגֶערֶע פְרויעֶן זָאלֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען, קִינְדֶער גֶעווִיי-
נֶען, דָאס הויזְגֶעזִינְד פִיהְרֶען, און זָאלֶען דֶעם פַיינְד קֵיינֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט נִיט
גֶעבֶּען צוּ לֶעסְטֶערְן; [15] וָוארין עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין נָאךְ דֶעם שָׂטָן
אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט. [16] וֶוען אַ גְלוֹיבִּיגֶע פְרויא הָאט אַלְמָנוֹת לָאז זִיא זַייא אויסְ-
הֶעלְפֶען, און לָאז דִיא קְהִלָּה נִיט בֶּעשְׁוֶוערְט וֶוערֶען, כְּדֵי זִיא זָאל קֶענֶען
אויסְהֶעלְפֶען דִיא וָואס וֶוענֶען וָואהְרֶע אַלְמָנוֹת.
[17] לָאזֶען דִיא עֶלְצְטֶע וָואס וֶוענֶען גוּטֶע גֶעוֶועלְטִיגֶער ווירְדִיג פון דָאפֶּעלְטֶען
כָּבוֹד גֶעהַאלְטֶען זַיין, בִּפְרַט דִיא וָואס אַרְבֵּייטֶען אִין וָוארְט און לֶעהְרֶע.
[18] וָוארין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט דָאס מויל פון דֶעם אָקְס פֶערְ-
שְׁלִיסֶען וֶוען עֶר דְרֶעשְׁט; און, דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זַיין שְׂכַר. [19] גֶעם
נִיט קֵיין אָנְקְלָאג קֶעגֶען אֵיין עֶלְצְטֶען, סַיידֶען פָאר צְווייא אָדֶער דְרֵייא
עֵדוּת. [20] דִיא וָואס זִינְדִיגֶען זָאלְסְט דוּא פָאר אַלֶע שְׁטְרָאפֶען, כְּדֵי אויךְ
דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאלֶען זִיךְ פָארְכְטֶען.
[21] אִיךְ בֶּעצֵייג דִיר פָאר גָאט און פָאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ און פָאר דִיא אויסְ-
דֶערְוֶועהְלְטֶע מַלְאָכִים, אַז דוּא זָאלְסְט דִיזֶע זַאכֶען הַאלְטֶען אָהְן פָארְאוּרְטְהֵייל,
און זָאלְסְט אִין קֵיין זַאךְ אַ נוֹשֵׂא פָּנִים זַיין. [22] לֶעג אויף קֵיינֶעם דִיא הֶענְד
גֶעשְׁווינְד, און הָאבּ נִיט קֵיין טְהֵייל פון פְרֶעמְדֶע זִינְד; הַאלְט דִיךְ רֵיין.
[23] טְרִינְק נִיט מֶעהְר וַואסֶער, גֵייעֶרְט נֶעם אַבִּיסֶעל ווֵיין וֶועגֶען דֵיין מָאגֶען
און דֵיינֶע פִילֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען. [24] דִיא זִינְד פון עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען וֶוענֶען קְלָאר
פָארְאוֹיס, און זַייא גֶעהֶען פָארְאוֹיס צוּם מִשְׁפָּט, און אַנְדֶערֶע פָאלְגֶען זַייא
נָאךְ. [25] אַזוֹי אויךְ דִיא גוּטֶע וֶוערְק פון עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען וֶוענֶען קְלָאר
פָארְאוֹיס, און דִיא וָואס וֶוענֶען נִיט אַזוֹי קֶענֶען נִיט פֶערְבָּארְגֶען וֶוערֶען.
ו [1] אַזוֹי פִיל קְנֶעכְט וָואס וֶוענֶען אוּנְטֶער דֶעם יָאךְ זָאלֶען זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
הֶערְרֶען ווירְדִיג הַאלְטֶען פון אַלֶערְלֵייא כָּבוֹד, כְּדֵי דֶער נָאמֶען פון גָאט און
דִיא לֶעהְרֶע זָאלֶען נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען. [2] און דִיא וָואס הָאבֶּען גְלוֹיבִּיגֶע
הֶערְרֶען זָאלֶען זַייא נִיט פֶערַאכְטֶען, ווייל זַייא וֶוענֶען בְּרִידֶער, גֵייעֶרְט לָאזֶען
זַייא לִיבֶּער דִינֶען, ווייל זַייא וֶוענֶען גְלוֹיבִּיגֶע און גֶעלִיבְּטֶע, וָואס הָאבֶּען אַ
טְהֵייל אִים גוּטֶען וֶוערְק. דִיזֶע זַאכֶען זָאלְסְט דוּא לֶעהְרֶען און וָוארְנֶען.
[3] וֶוען אֵיימִיצֶער לֶעהְרְט אַנְדֶערְשׁ, און אִיז נִיט מַסְכִּים צוּ דִיא גֶעזוּנְדֶע
וֶוערְטֶער פון אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ און צוּ דֶער לֶעהְרֶע וָואס אִיז
כְּפִי הַדָּת, [4] אַזוֹי אִיז עֶר אויפְגֶעבְּלָאזֶען, און פֶערְשְׁטֶעהְט גָאר נִיט, גֵייעֶרְט
קְרֶענְקְט זִיךְ מִיט שַׁאֲלוֹת און שְׁטְרֵייטֶען אִיבֶּער וֶוערְטֶער, דֶערְפוּן קוּמְט אַרוֹיס

[18] דברים כה׳ ד׳.

קִנְאָה, גֶעצַאנְק, לֶעסְטֶערוּנְגֶען, שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען, [5] מַחְלוֹקֶת פוּן מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אַ פֶערְדָארְבֶּענֶען פֶערְשְׁטַאנְד אוּן קֶענֶען נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט, וָואס דֶענְקֶען אַז פְרוּמִיגְקֵייט אִיז אַ מִיטֶעל צוּם גֶעוִוין. [6] אוּן פְרוּמִיגְקֵייט מִיט צוּפְרִידֶענְהֵייט אִיז גְרוֹיסֶער גֶעוִוין; [7] וָוארִין מִיר הָאבֶּען גָאר נִיט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, וָוארִין אוֹיךְ קֶענֶען מִיר גָאר נִיט אַרוֹיסְנֶעמֶען. [8] אָבֶּער וֶוען מִיר הָאבֶּען שְׁפֵּייז אוּן קְלֵיידוּנְג לָאזֶען מִיר דֶערְמִיט צוּפְרִידֶען זֵיין. [9] אָבֶּער דִיא וָואס ווִילֶען רֵייךְ וֶוערֶען פַאלֶען אַרֵיין אִין אַ פְּרִיפוּנְג אוּן אַ נֶעץ אוּן פִילֶע נַארִישֶׁע אוּן שֶׁעדְלִיכֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען, וָואס פֶערְזִינְקֶען דִיא מֶענְשֶׁען אִין פֶערְדַארְבְּנִים אוּן אוּנְטֶערְגַאנְג. [10] וָוארִין דִיא לִיבֶּע פוּן גֶעלְד אִיז אַ וְואוּרְצֶעל פוּן אַלֶערְלֵייא אִיבֶּעל; וָואס אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעגְלוּסְט אוּן זֶענֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטָאכֶען מִיט פִילֶע יְסוּרִים.

[11] אוּן דוּא, אָ מַאן פוּן גָאט, פְלִיה פוּן דִיזֶע זַאכֶען; אָבֶּער יָאג נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, פְרוּמִיגְקֵייט, גְלוֹיבֶּען, לִיבֶּע, גֶעדוּלְד, דֶעמִיטְהִיגְקֵייט. [12] שְׁטְרֵייט דֶעם גוּטֶען שְׁטְרֵייט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, דֶערְגְרֵייף דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען, צוּ וֶועלְכֶען דוּא בִּיסְט אוֹיךְ גֶערוּפֶען, אוּן הָאסְט בֶּעצֵייגְט דָאס גוּטֶע צֵייגְנִיס פָאר פִילֶע עֵדוּת. [13] אִיךְ זָאג דִיךְ אָן פָאר גָאט וֶועלְכֶער מַאכְט אַלֶעס לֶעבֶּענְדִיג אוּן פָאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶער הָאט אוּנְטֶער פָּנְטִיוּס פִּילָאטוּס בֶּעצֵייגְט דָאס גוּטֶע צֵייגְנִיס, [14] אַז דוּא זָאלְסְט דָאס גֶעבָּאט הַאלְטֶען אָהְן אַ פְלֶעק אוּן אָהְן אַ פָארְוְואוּרְף בִּיז צוּם אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; [15] וֶועלְכֶעם עֶר וֶועט בֶּעווַייזֶען אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע צֵייטֶען דֶער גֶעבֶּענְשְׁטֶער אוּן אַלֵיין מֶעכְטִיגֶער, דֶער קֶענִיג פוּן קֶענִיגֶע אוּן דֶער הַאר פוּן הַארֶען, [16] דֶער אַלֵיין הָאט אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט, דֶער וְואוֹינְט אִים לִיכְט וָואס מֶען קֶען דֶערְצוּ נִיט צוּטְרֶעטֶען, וֶועלְכֶעם קֵיין מֶענְשׁ הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן קֶען אִיהְם נִיט זֶעהֶען; צוּ דֶעם זֵייא דֶער כָּבוֹד אוּן דִיא עֶבִּיגֶע מַאכְט; אָמֵן.

[17] גֶעבִּיט דִיא וָואס זֶענֶען רֵייךְ אִין דִיזֶער וֶועלְט, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט שְׁטָאלְץ זֵיין, אוּן זָאלֶען נִיט הָאפֶען אִין עֲשִׁירוּת וָואס זֶענֶען נִיט זִיכֶער, נֵייעֶרְט אִים לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאט, דֶער גִיבְּט אוּנְז אַלֶעס רֵייכְלִיךְ צוּם גֶענִיסֶען; [18] אַז זֵייא זָאלֶען גוּטֶעס טְהוּן, זָאלֶען רֵייךְ זֵיין אִין גוּטֶע וֶוערְק, זָאלֶען פְרֵייגֶעבִּיג זֵיין, זָאלֶען אַנְדֶערֶע הֶעלְפֶען, [19] אוּן זָאלֶען זִיךְ אָפְּלֶעגֶען אַ גוּטֶען גְרוּנְד פַאר דִיא קוּמֶענְדִיגֶע צֵייט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דָאס וָואהְרְהַאפְטִיגֶע לֶעבֶּען אָנְנֶעמֶען.

[20] אָ טִימוֹתִיוּס, הִיט דָאס וָואס אִיז דִיר אָנְפֶערְטְרוֹיעֶט, אוּן פֶערְמֵייד אוּנְווִירְדִיגֶע אוּן לֶעדִיגֶע רֶעד אוּן דִיא וְכוּחִים פוּן דִיא פַאלְשֶׁע דֶערְקֶענְטְנִיס, [21] וָואס עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען בֶּעקֶענְט, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעאִירְט וֶועגֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען.

גְנָאד זָאל מִיט אֵייךְ זֵיין.

# דֶער צְוֶוייטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוּלוֹס צוּ טִימוֹתִיוֹס.

---

1 פּוּלוֹס, אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט נָאךְ
דֶער הַבְטָחָה פוּן לֶעבֶּען וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, 2 צוּ טִימוֹתִיוֹס מֵיין
גֶעלִיבְּטֶען קִינְד; גְנָאד בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם פָּאטֶער
אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
3 אִיךְ דַאנְק גָאט, דֶעם אִיךְ דִינֶען פוּן מֵיינֶע אָבוֹת אָן מִיט אַ רֵיינֶען גֶעווִיסֶען,
אַז אִיךְ גֶעדֶענְק דִיךְ אָהְן אוֹיפְהֶערֶען אִין מֵיינֶע גֶעבֶּעטֶען נַאכְט אוּן טָאג;
4 אוּן אִיךְ פֶערְלַאנְג זֶעהְר דִיךְ צוּ זֶעהֶען, ווֵייל אִיךְ גֶעדֶענְק דֵיינֶע טְרֶערֶען,
כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיט פְרֵייד דֶערְפִילְט וֶוערֶען, 5 ווֶוען אִיךְ דֶערְמָאהְן מִיךְ אָן דֶעם
גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אִין דִיר אָהְן חֲנִיפָה, וָואס הָאט צוּעֶרְשְׁט גֶעווָאוינְט אִין
דֵיינֶע בַּאבֶּע לוֹאִיס אוּן אִין דֵיינֶער מוּטֶער אַבְנִיקָא, אוּן אִיךְ בִּין פֶערְזִיכֶערְט
אַז עֶר אִיז אוֹיךְ אִין דִיר.
6 דֶעסְטְוֶועגֶען דֶערְמָאהְן אִיךְ דִיךְ דוּא זָאלְסְט דֶערְוֶועקֶען דִיא מַתָּנָה פוּן
גָאט וָואס אִיז אִין דִיר דוּרְךְ דֶעם אוֹיפְלֶעגֶען פוּן מֵיינֶע הֶענְד. 7 וָוארִין גָאט
הָאט אוּנְז נִיט גֶעגֶעבֶּען אַ גֵייסְט פוּן פָּארְכְט, נֵייעֶרְט פוּן קְרַאפְט אוּן לִיבֶּע
אוּן פֶערְשְׁטַאנְד. 8 דְרוּם שֶׁעהְם דִיךְ נִיט מִיט דֶעם צֵייגְנִים פוּן אוּנְזֶערֶען
הַאר'ן אוּן מִיט מִיר זֵיין גֶעפַאנְגֶענֶעם, אָבֶּער הָאבּ אַ טְהֵייל אִין דִיא לֵיידֶען
מִיט דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה נָאךְ דֶער מַאכְט פוּן גָאט, 9 דֶער הָאט אוּנְז גֶערֶע־
טֶעט, אוּן הָאט אוּנְז בֶּערוּפֶען מִיט אַ הֵיילִיגֶע בֶּערוּפוּנְג, נִיט נָאךְ אוּנְזֶערֶע
מַעֲשִׂים נֵייעֶרְט נָאךְ זֵיינֶע אֵייגֶענֶע כַּוָּנָה אוּן גְנָאד, וָואס אִיז אוּנְז גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פוּן עֶבִּיגֶע צֵייטֶען אָן; 10 אָבֶּער אִיז אַצוּנְד אַנְטְ־
פְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶעם רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
דֶער הָאט דֶעם טוֹיט צוּשְׁטֶערְט, אוּן הָאט לֶעבֶּען אוּן אוּנְפֶערְדַארְבְּנִים צוּם
לִיכְט גֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה; 11 דֶערְצוּ בִּין אִיךְ בֶּעשְׁטֶעלְט אַלְס
אַ פְּרֶעדִיגֶער אוּן אַפָּאסְטֶעל אוּן לֶעהְרֶער. 12 דֶעסְטְוֶועגֶען לֵייד אִיךְ אוֹיךְ דִיזֶע
זַאכֶען, אָבֶּער אִיךְ שֶׁעהְם מִיךְ נִיט, וָוארִין אִיךְ ווֵייס אִין וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ
גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן אִיךְ בִּין גֶעווִיס אַז עֶר אִיז מֶעכְטִיג צוּ בֶּעוָואהְרֶען דָאס וָואס
אִיךְ הָאבּ אִיהְם פֶערְטְרוֹיעֶט בִּיז צוּ יֶענֶעם טָאג. 13 הַאלְט פֶעסְט דָאס פָארְ־
בִּילְד פוּן דִיא גֶעזוּנְדֶע וֶוערְטֶער, וָואס דוּא הָאסְט פוּן מִיר גֶעהֶערְט אִין
גְלוֹיבֶּען אוּן לִיבֶּע וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 14 הִיט דָאס גוּטֶע וָואס אִיז
דִיר אָנְפֶערְטְרוֹיעֶט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס ווְאוֹינְט אִין אוּנְז.
15 דוּא ווֵייסְט דָאס, אַז אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין אַסְיָא הָאבֶּען זִיךְ פוּן מִיר
אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט; צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע אִיז פִּיגֶעלוּס אוּן הֶערְמָאגֶענִים. 16 דֶער הַאר
זָאל גֶעבֶּען חֶסֶד צוּ דֶעם הוֹיז פוּן אָנֶעסִיפָארוּס, וָוארִין עֶר הָאט מִיךְ אָפְט

דֶערְקְוִויקְט, אוּן הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעהְמְט מִיט מֵיינֶע קֶעטֶען, 17 גֵייעֶרְט וֶוען
עֶר אִיז אִין רוּים גֶעוֶועזֶען הָאט עֶר מִיךְ פְלֵייסִיג גֶעזוּכְט אוּן הָאט מִיךְ
גֶעפִינֶען. 18 דֶער הַאר זָאל אִיהְם גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גְנָאד גֶעפִינֶען בֵּייא דֶעם
הַאר'ן אִין יֶענֶעם טָאג. אוּן וִויא פִיל עֶר הָאט מִיר אִין עֶפֶעזוּס גֶעדִינְט
וֵוייסְט דוּא זֶעהְר גוּט.

ב 1 דְרוּם דוּא מֵיין קִינְד זַייא שְׁטַארְק אִין דֶער גְנָאד וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ. 2 אוּן דִיא זַאכֶען וָואס דוּא הָאסְט פוּן מִיר גֶעהֶערְט דוּרְךְ פִילֶע
עֵדוּת, דִיזֶע אִיבֶּערְגִיבּ צוּ גֶעטְרֵייעֶ מֶענְשֶׁען, וָואס זָאלֶען קֶענֶען אוֹיךְ אַנְדֶערֶע
לֶעהְרֶען. 3 לֵייד מִיט אִין אִיבֶּעל אַלְס אַ גוּטֶער סָאלְדַאט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
4 קֵיינֶער וָואס גֶעהְט צוּם קְרִיג פֶערְוִויקֶעלְט זִיךְ אִין דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם
לֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל גֶעפֶעלֶען דֶעם וָואס הָאט אִיהְם פַאר אַ סָאלְדַאט גֶענוּ־
מֶען. 5 אוּן וֶוען אוֹיךְ אֵיימִיצֶער שְׁטְרֵייט, אִיז עֶר נִיט גֶעקְרֵיינְט סַיידֶען עֶר
שְׁטְרֵייט נָאךְ גֶעזֶעץ. 6 דֶער אַקֶערְמַאן וָואס אַרְבֵּייט מוּז צוּעֶרְשְׁט פוּן דִיא
פְרוּכְט נֶעמֶען. 7 פֶערְשְׁטֶעה וָואס אִיךְ זָאג; וָוארִין דֶער הַאר וֶועט דִיר
פֶערְשְׁטַאנְד גֶעבֶּען אִין אַלֶע זַאכֶען.

8 גֶעדֶענְק אָן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶער אִיז פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן דָוִד, דֶער אִיז פוּן
דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען נָאךְ מֵיינֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. 9 דְרִינֶען לֵייד אִיךְ
אִיבֶּעל בִּיז צוּ קֶעטֶען, וִויא אֵיין אִיבֶּעלְטְהֶעטֶער, אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן
גָאט אִיז נִיט גֶעקֶעטֶעט. 10 דֶעסְטְוֶועגֶען דֶערְטְרָאג אִיךְ אַ,עס וֶועגֶען דִיא
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אוֹיךְ דֶערְהַאלְטֶען דִיא יְשׁוּעָה וָואס אִיז אִין
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ מִיט עֶבִּיגֶער הֶערְלִיכְקֵייט. 11 זִיכֶער אִיז דָאס וָוארְט; וָוארִין
וֶוען מִיר מִיט אִיהְם שְׁטַארְבֶּען וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ מִיט אִיהְם לֶעבֶּען, 12 וֶוען
מִיר דֶערְטְרָאגֶען וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ מִיט אִיהְם הֶערְשֶׁען, וֶוען מִיר פֶערְלֵייקֶענֶען
וֶועט עֶר אוּנְז אוֹיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען, 13 וֶוען מִיר זֶענֶען אוּנְגֶעטְרֵייא בְּלֵייבְּט עֶר
דָאךְ גֶעטְרֵייא, וָוארִין עֶר קֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען.

14 דֶערְמָאהְן זַייא אָן דִיזֶע זַאכֶען, אוּן בֶּעצֵייג פָאר דֶעם הַאר'ן אַז זַייא
זָאלֶען נִיט צַאנְקֶען אִיבֶּער וֶוערְטֶער וָואס גָאר נִיט נוּצֶען, נֵייעֶרְט צוּם פֶערְדָארְ־
בֶּען פוּן דִיא וָואס הֶערֶען. 15 פְלֵייסִיג דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ בֶּעוַוייזֶען
גֶעפְּרִיפְט צוּ גָאט, אֵיין אַרְבֵּייטֶער וָואס בֶּעדַארְף זִיךְ נִיט צוּ שֶׁעהְמֶען, וָואס
רִיכְטִיג צוּטְהֵיילְט דָאס וָוארְט פוּן וָואהְרְהֵייט. 16 אָבֶּער פֶערְמֵייד דִיא אוּנְגִוִירְ־
דִיגֶע אוּן לֶעדִיגֶע רֶעד; וָוארִין זַייא וֶועלֶען וַואקְסֶען לִיבֶּער צוּ רִשְׁעוּת.
17 אוּן זֵייעֶר וָוארְט וֶועט וִויא אַ קְרֶעבְּס פְרֶעסֶען; צְוִוישֶׁען וֶועלְכֶע זֶענֶען
הִימֶענֶעאוּס אוּן פִילֶעטוּס, 18 וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעאִירְט וֶועגֶען דֶער וָואהְרְ־
הֵייט, אִינְדֶעם זַייא זָאגֶען אַז תְּחִיַת הַמֵתִים אִיז שׁוֹין גֶעשֶׁעהֶען, אוּן זַייא
צוּשְׁטֶערֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן עֶטְלִיכֶע. 19 אָבֶּער דֶער פֶעסְטֶע גְרוּנְד פוּן גָאט
שְׁטֶעהְט, אוּן הָאט דִיזֶען זִיגֶעל, דֶער הַאר קֶענְט דִיא וָואס זֶענֶען זַיין; אוּן,
לָאז אִיטְלִיכֶער וָואס נֶענְט דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר'ן זִיךְ אָפְּטְהוּן פוּן

19 ישעיה כו׳ יג׳; במדבר טז׳ ה׳.

אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט. 20 נוּן אִין אַ גְרוֹיסֶען הוֹיז אִיז פַארְהַאנֶען נִיט נוּר גָאלְדֶענֶע
אוּן זִילְבֶּערְנֶע כֵּלִים, נֵייעֶרְט אוֹיךְ הָאלְצֶערְנֶע אוּן עֶרְדִישֶׁע, אוּן אֵייניגֶע צוּ
כָּבוֹד, אוּן אַנְדֶערֶע צוּ שַׁאנְד; 21 דְרוּם וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט זִיךְ רֵיינִיגֶען פוּן
דִיזֶע, וֶועט עֶר אַ כְּלִי צוּ כָּבוֹד זַיין, גֶעהֵיילִיגְט, נִיצְלִיךְ צוּ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת,
אָנְגֶעגְּרֵייט צוּ אִיטְלִיכֶעם גוּטֶען וֶוערְק.
22 נוּן פְלִיה פוּן דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען פוּן דֶער יוּגֶענְד, אָבֶּער יָאג נָאךְ גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט, גְלוֹיבֶּען, לִיבֶּע, פְרִידֶען מִיט דִיא וָואס רוּפֶען אָן דֶעם הַאר׳ן אוֹיס אַ
רֵיינֶעם הַארְץ. 23 אוּן פֶערְמֵייד דִיא נַארִישֶׁע אוּן אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶע שַׁאֲלוֹת,
וֵוייל דוּא וֵוייסְט אַז זֵייא קְרִיגֶערֵייא מַאכֶען. 24 אוּן דֶער קְנֶעכְט פוּן דֶעם
הַאר׳ן מוּז נִיט אַ קְרִיגֶער זַיין, נֵייעֶרְט גֶעלִינְד צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען, אַ גוּטֶער
לֶעהְרֶער, וָואס קֶען אַפִּילוּ שְׁלֶעכְטֶעס לֵיידֶען, 25 וָואס קֶען מִיט נִידְרִיגְקֵייט
שְׁטְרָאפֶען דִיא וָואס זֶעצֶען זִיךְ דֶערְוִוידֶער, טָאמֶער וֶועט גָאט זֵייא גֶעבֶּען
תְּשׁוּבָה צוּר דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט, 26 אוּן זֵייא וֶועלֶען אַנְטְרִינֶען
וֶוערֶען פוּן דֶעם נֶעץ פוּן דֶעם שָׂטָן, וֶוען אַפִּילוּ זֵייא זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעפַאנְגֶען
נָאךְ זַיין ווִילֶען.
ג 1 אוּן דָאס זָאלְסְט דוּא ווִיסֶען, אַז אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג וֶועלֶען שְׁוֶוערְלִיכֶע
צֵייטֶען וֶוערֶען. 2 וָוארִין דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען זַיין לִיבְּהָאבֶּער פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט,
לִיבְּהָאבֶּער פוּן גֶעלְד, בַּארִיהְמֶער, שְׁטָאלְץ, לֶעסְטֶערֶער, אוּנְגֶעהָארְזַאם קֶעגֶען
דִיא עֶלְטֶערְן, אוּנְדַאנְקְבַּאר, אוּנְהֵיילִיג, 3 אַכְזָרִים, אוּנְגֶעטְרֵייעֶ, רְכִילוּת זָאגֶער,
פַארְשַׁייטֶע, אוּנְגִיטִיג, וָואס לִיבֶּען נִיט דָאס גוּטֶע, 4 מוֹסְרִים, הִיצִיג, אוֹיפְגֶע־
בְּלָאזֶען, וָואס לִיבֶּען דָאס פֶערְגְנִיגֶען מֶעהְר ווִיא זֵייא לִיבֶּען גָאט, 5 וָואס
הָאבֶּען אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאטֶעסְפָארְכְט, אָבֶּער זֵייא פֶערְלֵייקְנֶען דִיא
קְרַאפְט דֶערְפוּן; אוֹיךְ פוּן אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען קֶעהְר דִיךְ אָפּ. 6 וָוארִין פוּן דִיזֶע
זֶענֶען דִיא וָואס קְרִיכֶען אִין הֵייזֶער אַרֵיין, אוּן נֶעמֶען גֶעפַאנְגֶען נַארִישֶׁע
פְרוֹיעֶן וָואס זֶענֶען בֶּעלָאדֶען מִיט זִינְד, אוּן זֶענֶען פֶערְפִיהְרְט פוּן פִילֶערְלֵייא
גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען, 7 וֶועלְכֶע זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג לֶערְנֶער, אוּן קֶענֶען קֵיין מָאל נִיט
קוּמֶען צוּ דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט. 8 אוּן גְלֵייךְ ווִיא יַאנֶעס אוּן
יַאמְבְּרֶעס הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען משֶׁה דֶערְוִוידֶער גֶעזֶעצְט, אַזוֹי ווִידֶערְזֶעצֶען זִיךְ
דִיזֶע אוֹיךְ קֶעגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט; וֶועלְכֶע הָאבֶּען אַ פֶערְדָארְבֶּענֶען פֶערְ־
שְׁטַאנְד, אוּן זֶענֶען פֶערְוָוארְפֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען. 9 אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען נִיט
ווִייטֶער גֶעהֶען; וָוארִין זֵייעֶרֶע נַארִישְׁקֵייט וֶועט עֶפֶענְטְלִיךְ בֶּעקַאנְט וֶוערֶען צוּ
אַלֶע לֵייט, אַזוֹי ווִיא זֵייעֶרֶס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען.
10 אָבֶּער דוּא הָאסְט מִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט אִין דֶער לֶעהְרֶע, אִים אוֹיפְפִיהְרֶען,
אִים פָארְנֶעמֶען, אִים גְלוֹיבֶּען, אִין דֶער לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט, אִין דֶער לִיבֶּע, אִין
דֶער גֶעדוּלְד, 11 אִין דִיא פֶערְפָאלְגוּנְגֶען, אִין דִיא לֵיידֶען, וָואס זֶענֶען אִיבֶּער
מִיר גֶעקוּמֶען אִין אַנְטִיוֹכְיָא, אִין אִיקוֹנְיָא, אִין לוּסְטְרָא; ווִיא פִילֶע פֶערְפָאלְ־
גוּנְגֶען אִיךְ הָאבּ גֶעלִיטֶען, אוּן דֶער הַאר הָאט מִיךְ פוּן אַלֶע מַצִיל גֶעוֶועזֶען.
12 אוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען וָואס ווִילֶען פְרוּם לֶעבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וֶועלֶען

פֶערפָֿאלְגְט װערֶען. 13 אָבֶּער שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען אוּן פֶערפִֿיהְרֶער װעלֶען
בֶּעשְׁטֶענְדִיג עֶרְגֶער װערֶען, אוּן װעלֶען פֶערפִֿיהְרֶען אוּן פֶערפִֿיהְרְט װערֶען.
14 אָבֶּער בְּלֵייבּ דוּא אִין דִיא זַאכֶען װאָס דוּא הָאסְט גֶעלֶערְנְט אוּן אִין װעלְכֶע
דוּא בִּיסְט אִיבֶּערְצֵייגְט; װאָרִין דוּא װייסְט פוּן װעמֶען דוּא הָאסְט גֶעלֶערְנְט,
15 אוּן אַז דוּא הָאסְט פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד אוֹיף דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט גֶעקֶענְט,
װאָס קֶענֶען דִיךְ קְלוּג מַאכֶען צוּ יְשׁוּעָה דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען װאָס אִיז אָן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ. 16 יֶעדֶע שְׁרִיפְט אִיז פוּן גָאט אֵיינְגֶעהוֹיכְט, אוּן אִיז אוֹיךְ נִיצְלִיךְ
צוּ לֶעהְרֶע, צוּ שְׁטְרָאף, צוּ פֶערְבֶּעסֶערוּנְג, צוּ מוּסָר װאָס אִיז אִין גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט, 17 כְּדֵי דֶער מַאן פוּן גָאט זָאל גַאנְץ זֵיין אוּן צוּ אִיטְלִיכֶען גוּטֶען װערְק
צוּבֶּרֵייטֶעט.

ד 1 אִיךְ בֶּעצֵייג דִיר פָאר גָאט אוּן פָאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דֶער װעט רִיכְטֶען
דִיא לֶעבֶּענְדִיגֶע אוּן דִיא טוֹיטֶע, אוּן װעגֶען זֵיינֶע אַנְטְפְּלֶעקוּנְג אוּן זֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ; 2 פְּרֶעדִיג דָאס װאָרְט, זֵייא אֵייפְרִיג אִין דֶער צֵייט אוּן אוֹיסֶער
דֶער צֵייט, שְׁטְרָאף, דֶערְמָאהְן, טְרֵייסְט, אִין אַלֶערְלֵייא גֶעדוּלְד אוּן בֶּעלֶעהְרוּנְג.
3 װאָרִין עֶס װעט זֵיין אַ צֵייט װען זֵייא װעלֶען נִיט פֶערְטְרָאגֶען גֶעזוּנְדֶע
לֶעהְרֶע, נֵייעֶרְט נָאךְ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען װעלֶען זֵייא זִיךְ לֶעהְרֶער
צוּנוֹיפְבְּרֶענְגֶען, אִינְדֶעם זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען קֶעצֶעלְדִיג גֶעוָארֶען; 4 אוּן זֵייא
קֶעהְרֶען אַװעק זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען פוּן דֶער װאָהְרְהֵייט, אוּן קֶעהְרֶען זִיךְ צוּ דִיא
נַארִישֶׁע רֶעד. 5 אָבֶּער זֵייא דוּא אִין אַלֶעם נִיכְטֶערְן, לֵייד שְׁלֶעכְטֶעס, טְהוּא
דָאס װערְק פוּן אַ מְבַשֵׂר, דֶערְפִֿיל דֵיין דִינְסְט.
6 װאָרִין אִיךְ בִּין שׁוֹין אַ קָרְבָּן נֶסֶךְ, אוּן דִיא צֵייט פוּן מֵיין אָפְּשֵׁייד אִיז נָאהֶענְט.
7 אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁטְרִיטֶען דֶעם גוּטֶען שְׁטְרֵייט, אִיךְ הָאבּ דֶערְפִֿילְט דֶעם לוֹיף,
אִיךְ הָאבּ גֶעהַאלְטֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען; 8 פוּן אַצוּנְד אָן אִיז פַאר מִיר אָפְּגֶעלֶעגְט
דִיא קְרוֹין פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, װאָס דֶער הַאר, דֶער גֶערֶעכְטֶע רִיכְטֶער, װעט
מִיר גֶעבֶּען אִין יֶענֶעם טָאג, אוּן נִיט נוּר צוּ מִיר, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ אַלֶע װאָס
הָאבֶּען זֵיינֶע אַנְטְפְּלֶעקוּנְג גֶעלִיבְּט.
9 אֵייל דִיךְ בַּאלְד צוּ מִיר צוּ קוּמֶען; 10 װאָרִין דֶעמַאס הָאט מִיךְ פֶערְלָאזְט
אִינְדֶעם עֶר הָאט דִיא אִיצְטִיגֶע װעלְט גֶעלִיבְּט, אוּן אִיז אַװעקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין
טֶעסַאלוֹנִיקָא, קְרֶעסְקֶענְס קֵיין גַאלַאטְיָא, טִיטוּס קֵיין דַלְמַאטְיָא. 11 לוּקַאס אִיז
נוּר מִיט מִיר. נֶעם מַרְקוּס אוּן בְּרֶענְג אִיהְם מִיט דִיר; װאָרִין עֶר אִיז מִיר
נִיצְלִיךְ צוּ דֶעם דִינְסְט. 12 טִיכִיקוּס הָאבּ אִיךְ קֵיין עֶפֶעזוּס גֶעשִׁיקְט. 13 װען
דוּא קוּמְסְט אַזוֹי בְּרֶענְג מִיט דִיר דֶעם מַאנְטֶעל װאָס אִיךְ הָאבּ אִין טְרוֹיאַס
בַּייא קַארְפּוּס אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּן אוֹיךְ דִיא בִּיכֶער, בִּפְרָט דִיא פַּארְמֶענְטְרָאלֶען.
14 אַלֶעכְּסַאנְדֶער דֶער קוּפֶּערְשְׁמִיד הָאט מִיר פִיל שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן. דֶער הַאר
זָאל אִיהְם פֶערְגֶעלְטֶען נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים. 15 פַאר דֶעם הִיט דוּא דִיךְ אוֹיךְ;
װאָרִין עֶר הָאט זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְװִידֶער גֶעזֶעצְט קֶעגֶען אוּנְזֶערֶע רֶעד.
16 בַּייא מֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע פֶערְעֶנְטְפֶערוּנְג אִיז קֵיינֶער מִיט מִיר נִיט גֶעשְׁטַאנֶען,
נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען מִיךְ אַלֶע פֶערְלָאזְט. לָאז עֶס זֵייא נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט

װעֶרֶען. 17 אָבֶּער דֶער הַאר אִיז בֵּייא מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט,
כְּדֵי דָאס פְּרֶעדִיגֶען זָאל דוּרְךְ מִיר דֶערְפִּילְט װעֶרֶען אוּן אַלֶע גוֹיִם זָאלֶען
הֶערֶען; אוּן אִיךְ בִּין פוּן דֶעם מוֹיל פוּן דֶעם לֵייבּ גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען.
18 דֶער הַאר װעֶט מִיךְ רֶעטֶען פוּן אִיטְלֶעכֶען שְׁלֶעכְטֶען װעֶרְק, אוּן װעֶט מִיךְ
בֶּעוָואהְרֶען צוּ זֵיין הִימְלִישֶׁען קֶענִיגְרֵייךְ; צוּ דֶעם זֵייא דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן
עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן.
19 גְרִים פְּרִיסְקָא אוּן אַקְוִוילָא, אוּן דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אָנֶעסִיפָֿארוֹס. 20 עֶרַאסְ־
טוֹס אִיז אִין קָארִינְט גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן טְרָאפִימוֹס הָאבּ אִיךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט קְרַאנְק
אִין מִילִיטוֹס. 21 אֵייל דִיךְ צוּ קוּמֶען פָאר דֶעם װִינְטֶער. עֶבְּבּוּלוֹס גְרִיסְט דִיךְ,
אוּן פּוּדֶענְס, אוּן לִינוֹס, אוּן קְלוֹדְיָא, אוּן אַלֶע בְּרִידֶער.
22 דֶער הַאר זָאל מִיט דֵיין גֵייסְט זֵיין. דִיא גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ.

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ טִיטוֹס.

---

1 פּוֹלוֹס, אַ קְנֶעכְט פוּן גָאט אוּן אֵיין אַפָּאסְטֶע, פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, נָאךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע פוּן גָאט אוּן דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן
דֶער וָואהְרְהֵייט וָואס אִיז נָאךְ פְרוּמִיגְקֵייט, 2 אִין דֶער הָאפְנוּנְג פוּן עֶבִּיגֶעם
לֶעבֶּען, וָואס גָאט דֶער זָאגְט נִיט לִיגֶען הָאט מַבְטִיחַ גֶעוֶועזֶען פוּן עֶבִּיגֶע צֵייטֶען,
3 אוּן הָאט אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע צֵייטֶען זֵיין וָוארְט אַנְטְפְּלֶעקְט דוּרְךְ דֶעם פְּרֶע־
דִיגֶען וָואס אִיז מִיר אָנְפֶּערְטְרוֹיעֶט נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען
רֶעטֶער, 4 צוּ טִיטוֹס מֵיין וָואהְרֶעס קִינְד נָאךְ דֶעם גֶעמֵיינְזַאמֶען גְלוֹיבֶּען; גְנָאד
אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּן פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען רֶעטֶער.
5 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ דִיךְ אִין קְרֶעטָא אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט
צוּרֶעכְט מַאכֶען דָאס וָואס פֶעהְלְט, אוּן זָאלְסְט עֶלְצְטֶע אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאדְט
בֶּעשְׁטֶעלֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר בֶּעפוֹילֶען; 6 וֶוען אֵיימִיצֶער אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג,
דֶער מַאן פוּן אֵיינֶעם וַוייבּ, דֶער הָאט גְלוֹיבִּיגֶע קִינְדֶער, וָואס זֶענֶען נִיט פֶערְקְלָאגְט
וֶועגֶען שֶׁענְדְלִיכֶעם לֶעבֶּען אוּן זֶענֶען נִיט וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג. 7 וָוארִין דֶער אוֹיפְזֶעהֶער
מוּז אוּנְשׁוּלְדִיג זֵיין, אַלְס אַ פֶערְוַואלְטֶער פוּן גָאט, נִיט הוֹיכְמִיטִיג, נִיט צָארְ־
נִיג, נִיט קֵיין וַויינְזוֹיפֶער, נִיט קֵיין שְׁלֶעגֶער, נִיט גֵייצִיג נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶען
גֶעווִינְסְט, 8 נֵייעֶרְט אַ מַכְנִיס אוֹרֵחַ, אַ לִיבְּהָאבֶּער פוּן גוּטֶען, פֶערְשְׁטֶענְדִיג,
גֶערֶעכְט, הֵיילִיג, מֶעסִיג; 9 וֶועלְכֶער הַאלְט פֶעסְט דָאס פֶערְזִיכֶערְטֶע וָוארְט נָאךְ
דֶער לֶעהְרֶע, כְּדֵי עֶר זָאל קֶענֶען אוֹיךְ וַוארְנֶען אִין דִיא גֶעזוּנְדֶע לֶעהְרֶע אוּן
דִיא וִוידֶערְשְׁפְּרֶעכֶער אִיבֶּערְצֵייגֶען.

10 וָוארִין פִילֶע זֶענֶען ווידֶערְשְׁפֶּענִיגֶער פְלוידֶערֶער און בֶּעטְרִיגֶער, בֶּעזוּנְדֶער
דִיא פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג; 11 וָואס מֶען בֶּעדַארְף זֵייא דָאס מויל פֶערְשְׁטָאפֶּען,
וֶועלְכֶע פֶערְקֶעהְרֶען גַאנְצֶע הֵייזֶער, אִינְדֶעם זֵייא לֶעהְרֶען דָאס וָואס אִיז נִיט
רֶעכְט פוּן וֶועגֶען שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעווינְסְט. 12 אֵיינֶער פוּן זֵייא זֵייעֶר אֵייגֶענֶער
נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט,

דִיא קְרֶעטֶער זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג לִיגְנֶער, חַיוֹת רָעוֹת, פוילֶע בֵּייכֶער.
13 דִיזֶעס צֵייגְנִיס אִיז וָואהְר. דֶעסְטְוֶועגֶען שְׁטְרָאף זֵייא שַׁארְף, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
שְׁטַארְק זֵיין אִים גְלויבֶּען, 14 און זָאלֶען נִיט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אויף יוּדִישֶׁע
מַעֲשׂוֹת און גֶעבָּאטֶע פוּן מֶענְשֶׁען וָואס קֶעהְרֶען זִיךְ אָפּ פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט.
15 אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען רֵיין צוּ דִיא רֵיינֶע; אָבֶּער צוּ דִיא בֶּעפְלֶעקְטֶע און אוּנְגְלוֹי־
בִּיגֶע אִיז קֵיין זַאךְ רֵיין, נֵייעֶרְט זֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד און אויךְ זֵייעֶר גֶעווִיסֶען
זֶענֶען בֶּעפְלֶעקְט. 16 זֵייא בֶּעהוֹיפְּטֶען אַז זֵייא קֶענֶען גָאט, אָבֶּער זֵייא פֶערְ־
לֵייקֶענֶען אִיהְם אִין זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, און זֶענֶען אוּנְווִירְדִיג און ווִידֶערְשְׁפֶּענִיג
און פֶערְוָוארְפֶען פוּן אִיטְלִיכֶען גוּטֶען וֶוערְק.

ב 1 נוּן דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען דִיא זַאכֶען וָואס פַּאסֶען צוּ דִיא גֶעזוּנְדֶע לֶעהְרֶע;
2 אַז דִיא עֶלְצְטֶע זָאלֶען זֵיין נִיכְטֶערְן, עֶרְנְסְטְהַאפְטִיג, פֶערְשְׁטֶענְדִיג, גֶעזוּנְד
אִים גְלויבֶּען, אִין לִיבֶּע, אִין גֶעדוּלְד. 3 אַזוֹי אויךְ אַז דִיא אַלְטֶע פְרויעֶן זָאלֶען
זִיךְ הֵיילִיג אויפְפִיהְרֶען, זָאלֶען נִיט רְכִילוּת זָאגֶען, נִיט פִיל ווַיין טְרִינְקֶען, נֵייעֶרְט
זָאלֶען לֶעהְרֶערִין פוּן גוּטֶען זֵיין; 4 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דִיא יוּנְגֶע פְרויעֶן פֶערְ־
שְׁטֶענְדִיג מַאכֶען, אַז זֵייא זָאלֶען לִיבֶּען זֵייעֶרֶע מֶענֶער און זֵייעֶרֶע קִינְדֶער,
5 און זָאלֶען פֶערְשְׁטֶענְדִיג זֵיין, רֵיינֶע, הוֹיזְהַאלְטֶער, גִיטִיג, אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ
זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע מֶענֶער, כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן גָאט זָאל נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט
וֶוערֶען:

6 אויךְ דִיא יוּנְגֶע מֶענֶער זֵייא מַזְהִיר אַז זֵייא זָאלֶען פֶערְשְׁטֶענְדִיג זֵיין; 7 און
ווַייז דִיךְ אִין אַלֶע זַאכֶען אַ בֵּיישְׁפִּיל פוּן גוּטֶע וֶוערְק, אִין דֶער לֶעהְרֶע אוּנְ־
פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט, עֶרְנְסְט, 8 גֶעזוּנְדֶעס און אוּנְפֶערְשׁוּלְדִיגְטֶעס וָוארְט, כְּדֵי דֶער
וָואס זֶעצְט זִיךְ דֶערְווִידֶער זָאל פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען, אִינְדֶעם עֶר הָאט קֵיין
שְׁלֶעכְטֶעס וֶועגֶען אוּנְז צוּ זָאגֶען. 9 זֵייא מַזְהִיר אויךְ דִיא קְנֶעכְט אַז זֵייא
זָאלֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג זֵיין צוּ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הֶערְרֶען, ווָאוילְגֶעפֶעלֶען זֵיין אִין
אַלֶע זַאכֶען, נִיט אַקֶעגֶענְרֶעדֶען, 10 נִיט גַנְבֶענֶען, נֵייעֶרְט בֶּעווֵייזֶען אַלֶערְלֵייא
גוּטֶען גְלויבֶּען כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִין אַלֶע זַאכֶען דִיא לֶעהְרֶע פוּן גָאט
אוּנְזֶערֶען רֶעטֶער צִירֶען.

11 וָוארִין דִיא גְנָאד פוּן גָאט וָואס בְּרֶענְגְט יְשׁוּעָה צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען אִיז
אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען. 12 און זִיא לֶעהְרְט אוּנְז אַז מִיר זָאלֶען פֶערְלֵייקֶענֶען
דָאס רִשְׁעוּת אִין דִיא וֶועלְטְלִיכֶע גְלוּסְטֶען און זָאלֶען לֶעבֶּען פֶערְשְׁטֶענְדִיג און
גְרֶעכְט און פְרוּם אִים אִיצְטִיגֶען צֵייטַאלְטֶער; 13 און זָאלֶען וַוארְטֶען אויף
דִיא גֶעבֶּענְשְׁטֶע הָאפְנוּנְג און דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם
גְרויסֶען גָאט און יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען רֶעטֶער; 14 וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ אַלֵיין

פַאר אוּנְז גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְז אוֹיסְלֶעזֶען פוּן אַלֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אוּן זָאל צוּ זִיךְ רֵיינִיגֶען אֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶעם פָאלְק וָואס אִיז אֵייפְרִיג פַאר
גוּטֶע וֶוערְק. 15 דִיזֶע זַאכֶען רֶעד אוּן זֵייא מַזְהִיר אוּן שְׁטְרָאף מִיט אַלֶערְלֵייא
מַאכְט. לָאז דִיךְ קֵיינֶער נִיט פֶערְאַכְטֶען.

ג 1 דֶערְמָאהְן זֵייא אַז זֵייא זָאלֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ הֶערְשַׁאפְטֶען אוּן
מֶעכְטֶע, גֶעהָארְכֶען צוּ דִיא גֶעוֶועלְטִיגֶער, אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ אִיטְלֶעכֶען גוּטֶען
וֶוערְק, 2 זֵייא זָאלֶען פוּן קֵיינֶעם נִיט שְׁלֶעכְטֶעס רֶעדֶען, נִיט קְרִיגֶערִישׁ זַיין,
נֵייעֶרְט נָאכְגֶעבֶּענְדִיג, אוּן זָאלֶען אַלֶערְלֵייא זַאנְפְטְמִיטִיגְקֵייט בֶּעוֵוייזֶען צוּ אַלֶע
מֶענְשֶׁען. 3 וָוארִין אוֹיךְ מִיר זֶענֶען אַמָאל אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען, וִוידֶערְ־
שְׁפֶּענִיגֶע, פֶערְפִיהְרְט, דִינֶער פוּן גְלוּסְטֶען אוּן פֶערְשִׁידֶענֶע פֶערְגְנִיגֶען,
אוּן הָאבֶּען אִין רִשְׁעוּת אוּן קִנְאָה גֶעלֶעבְּט, וִוידְרִיג, אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען
פֶערְהַאסְט. 4 אָבֶּער וֶוען דִיא גִיטִיגְקֵייט פוּן גָאט אוּנְזֶערֶעם רֶעטֶער אוּן זַיינֶע
לִיבֶּע צוּ מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעוִויזֶען, 5 נִיט דוּרְךְ מַעֲשִׂים פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעטְהוּן, נֵייעֶרְט נָאךְ זַיינֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט הָאט עֶר
אוּנְז גֶערֶעטֶעט דוּרְךְ דֶעם וַואשֶׁען פוּן דֶער וִוידֶערְגֶעבּוּרְט אוּן דֶער דֶערְנֵייעֶ־
רוּנְג פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ; 6 וָואס עֶר הָאט אוֹיף אוּנְז רֵייכְלִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶעם רֶעטֶער, 7 כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט
וֶוערֶען דוּרְךְ זַיינֶע גְנָאד, אוּן זָאלֶען יוֹרְשִׁים וֶוערֶען נָאךְ דֶער הָאפְנוּנְג פוּן
עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען.

8 זִיכֶער אִיז דָאס וָוארְט, אוּן אִיךְ וִויל אַז דוּא זָאלְסְט דִיזֶע זַאכֶען פֶעסְט
זֶעצֶען, כְּדֵי דִיא וָואס הָאבֶּען אָן גָאט גֶעגְלוֹיבְּט זָאלֶען אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אִין
גוּטֶע וֶוערְק פָארַאנְצוּגֶעהֶען. דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גוּט אוּן נִיצְלִיךְ צוּ מֶענְשֶׁען.
9 אָבֶּער פֶערְמֵייד נַארִישֶׁע שַׁאֲלוֹת אוּן יִחוּס סְפָרִים אוּן גֶעצַאנְק אוּן מַחְלוֹקֶת
וֶועגֶען דֶעם גֶעזֶעץ, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוּנְנִיצְלִיךְ אוּן אוּמְזוּסְט. 10 אַ מַאן וָואס
אִיז אֵיין אַפִּיקוֹרוֹס זָאלְסְט דוּא נָאךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּן צְוֵוייטֶע וָוארְנוּנְג
אוֹיסְמֵיידֶען, 11 וֵוייל דוּא וֵוייסְט אַז אַזֶעלְכֶער אִיז פֶערְקֶערְט אוּן זִינְדִיגְט,
אִינְדֶעם עֶר פֶערְשׁוּלְדִיגְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט.

12 וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ דִיר שִׁיקֶען אַרְטֶעמַאס אָדֶער טִיכִיקוּס אֵייל דִיךְ צוּ
מִיר צוּ קוּמֶען קֵיין נִיקָאפָּאלִיס; וָוארִין אִיךְ הָאבּ בֶּעשְׁלָאסֶען דָארְט אִיבֶּערְצוּ־
וִוינְטֶערְן. 13 שִׁיק אֵייפְרִיג פָארְוֶוערְטְס זֶענַאס דֶעם יוֹעֵץ אוּן אַפָּאלָאס אוֹיף זֵייעֶרֶע
רֵייזֶע, כְּדֵי עֶס זָאל זֵייא גָאר נִיט פֶעהְלֶען. 14 אוּן לָאזֶען דִיא אוּנְזֶערֶע אוֹיךְ לֶערְ־
נֶען אִין גוּטֶע וֶוערְק פָארַאנְצוּגֶעהֶען פַאר דֶעם וָואס מֶען נֶעטִיג בֶּעדַארְף,
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט אָהְן פְרוּכְט זַיין.

15 אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גְרִיסֶען דִיךְ. גְרִיס דִיא וָואס לִיבֶּען אוּנְז אִים
גְלוֹיבֶּען.

גְנָאד זָאל זַיין מִיט אֵייךְ אַלֶע.

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוּלוּס צוּ פִילֶעהְמוֹן.

---

1 פּוּלוּס אַ גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּן טִימוֹתִיוּס דֶער בְּרוּדֶער, צוּ
פִילֶעהְמוֹן אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶען אוּן מִיטְאַרְבֵּייטֶער, 2 אוּן צוּ אַפְּפְיָא דֶער
שְׁוֶועסְטֶער, אוּן צוּ אַרְכִיפּוּס אוּנְזֶער מִיטְשְׁטְרֵייטֶער, אוּן צוּ דֶער קְהִלָּה וָואס
אִיז אִין דֵיין הויז; 3 גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען
פָאטֶער אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
4 אִיךְ דַאנְק בֶּעשְׁטֶענְדִיג מֵיין גָאט, וֶוען אִיךְ גֶעדֶענְק דִיךְ אִין מֵיינֶע גֶעבֶּעטֶען,
5 אִינְדֶעם אִיךְ הֶער וֶועגֶען דֵיינֶע לִיבֶּע אוּן דֵיין גְלוֹיבֶּען וָואס דוּא הָאסְט
צוּם הַאר'ן יֵשׁוּעַ אוּן צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע; 6 כְּדֵי דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֵיין
גְלוֹיבֶּען זָאל מֶעכְטִיג וֶוערֶען אִין דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן אַלֶעם גוּטֶען וָואס אִיז
אִין אוּנְז צוּם מָשִׁיחַ. 7 וָוארִין אִיךְ הָאבּ פִיל פְרֵייד אוּן טְרֵייסְט גֶעהַאט וֶועגֶען
דֵיינֶע לִיבֶּע, ווֵייל דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא הֵיילִיגֶע זֶענֶען דוּרְךְ דִיר דֶערְקְוִויקְט
גֶעוָוארֶען, בְּרוּדֶער.
8 דֶעסְטְוֶועגֶען חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ פִיל פְרֵייהֵייט אִין מָשִׁיחַ אַז אִיךְ זָאל דִיר
גֶעבִּיטֶען וָואס גֶעהֶערְט זִיךְ, 9 אָבֶּער פוּן וֶועגֶען דֶער לִיבֶּע בֶּעט אִיךְ
דִיךְ לִיבֶּער, אִינְדֶעם אִיךְ בִּין אַזֶעלְכֶער וִויא פּוּלוּס דֶער אַלְטֶער, אוּן אַצוּנְד
אוֹיךְ אַ גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, 10 אִיךְ בֶּעט דִיךְ וֶועגֶען מֵיין זוּהְן
אָנֶעסִימוּס, דֶעם אִיךְ הָאבּ גֶעוִוינֶען אִין מֵיינֶע קֶעטֶען; 11 וֶועלְכֶער אִיז פְרִיהֶער
אוּנְנִיצְלִיךְ צוּ דִיר גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער אַצוּנְד נִיצְלִיךְ צוּ דִיר אוּן אוֹיךְ צוּ מִיר.
12 דֶעם הָאבּ אִיךְ צוּ דִיר צוּרִיקְגֶעשִׁיקְט, אִיהְם זֶעלְבְּסְט, דָאס אִיז מֵיין
אֵייגֶענֶעם הַארְץ. 13 וֶועלְכֶעם אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט בֵּייא מִיר זֶעלְבְּסְט הַאלְטֶען,
כְּדֵי עֶר זָאל מִיךְ פַאר דִיר אִין דִיא קֶעטֶען פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה בֶּעדִינֶען,
14 אָבֶּער אָהְן דֵיינֶע מֵיינוּנְג הָאבּ אִיךְ גָאר נִיט גֶעוָואלְט טְהוּן, כְּדֵי דֵיין גוּטֶעס
זָאל נִיט גֶעצְוְואוּנְגֶען זֵיין, נֵייעֶרְט פוּן גוּטֶען ווִילֶען.
15 וָוארִין אֶפְשַׁר אִיז עֶר דֶעסְטְוֶועגֶען פוּן דִיר פַאר אַ צֵייט אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט
גֶעוָוארֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אִיהְם בֶּעקוּמֶען אוֹיף עֶבִּיג; 16 נִיט מֶעהְר
אַלְס אַ קְנֶעכְט, נֵייעֶרְט הֶעכֶער ווִיא אַ קְנֶעכְט, אַלְס אַ גֶעלִיבְּטֶען בְּרוּדֶער,
בֶּעזוּנְדֶער צוּ מִיר, אָבֶּער פִיל מֶעהְר צוּ דִיר אִים פְלֵייש אוּן אוֹיךְ אִים
הַאר'ן. 17 דְרוּם וֶוען דוּא הַאלְטְסְט מִיךְ פַאר אַ חָבֵר, אַזוֹי נֶעם אִיהְם אוֹיף ווִיא
מִיךְ. 18 אוּן וֶוען עֶר הָאט דִיר עֶפֶּעס אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אָדֶער עֶר אִיז דִיר
עֶפֶּעס שׁוּלְדִיג, רֶעכֶען דָאס צוּ מִיר. 19 אִיךְ פּוּלוּס שְׁרֵייבּ עֶס מִיט מֵיינֶע
אֵייגֶענֶע הַאנְד, אִיךְ וֶועל עֶס בֶּעצָאהְלֶען; חָאטְשֶׁע אִיךְ זָאג דִיר נִיט אַז דוּא
בִּיסְט אוֹיךְ דִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ מִיר שׁוּלְדִיג. 20 יָא בְּרוּדֶער, לָאז מִיךְ אִיבֶּער דִיר
פְרֵייעֶן אִים הַאר'ן; דֶערְקְוִויק מֵיין הַארְץ אִים מָשִׁיחַ.

[21] אִים פֶּערְטְרוֹיֶען אִין דֵיין גֶעהָארְכֶען שְׁרֵייבּ אִיךְ דִיר, אִינְדֶעם אִיךְ וֵויים
אַז דוּא וֶועסְט אַפִּילוּ מֶעהְר טְהוּן וִויא אִיךְ זָאג. [22] אוּן גְלֵייכְצֵייטִיג בְּרֵייט מִיר
אוֹיךְ אָן אַ דִירָה; וָוארִין אִיךְ הָאף אַז דוּרְךְ אֵייעֶרֶע גֶעבֶּעטֶען וֶועל אִיךְ צוּ
אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען.

[23] עֶפַּאפְרַאס מֵיין מִיטְגֶעפַאנְגֶענֶער אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ גְרִיסְט דִיךְ, אוּן
מַארְקוֹס, אוּן אַרִיסְטַארְכוֹס, אוּן דֶעמַאס, אוּן לוּקַאס, מֵיינֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער
[24] דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל זֵיין מִיט אֵייעֶר גֵייסְט.

---

# דֶער בְּרִיף צוּ דִיא עִבְרִים.

---

[1] גָאט, דֶער הָאט פָּארְצֵייטֶען אִין פִילֶע חֲלָקִים אוּן אוֹיף פִילֶערְלֵייא אוֹפַנִים
גֶערֶעט צוּ דִיא אָבוֹת דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, [2] הָאט אִים עֶנְד פוּן דִיזֶע טֶעג
צוּ אוּנְז גֶערֶעט דוּרְךְ דֶעם זוּהְן, וֶועלְכֶען עֶר הָאט צוּם יוֹרֵשׁ פוּן אַלֶעם בֶּעשְׁטֶעלְט,
דוּרְךְ וֶועלְכֶעם הָאט עֶר אוֹיךְ דִיא וֶועלְטֶען גֶעמַאכְט. [3] וֶועלְכֶער אִיז דֶער גְלַאנְץ
פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּן דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן זֵיינֶעם וֶועזֶען, אוּן דֶערְהַאלְט
אַלֶע זַאכֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן זֵיינֶע קְרַאפְט, וֶוען עֶר הָאט דִיא רֵיינִיגוּנְג
פוּן זִינְד גֶעמַאכְט הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶער
מַאיֶעסְטֶעט אִין דֶער הֵייךְ, [4] אִינְדֶעם עֶר אִיז אַזוֹי פָארְטְרֶעפְלִיכֶער גֶעוָוארֶען
וִויא דִיא מַלְאָכִים, אַז עֶר הָאט אַ פִיל הֶעכֶערֶען נָאמֶען וִויא זֵייא גֶעיַרְשֶׁעט.
[5] וָוארִין צוּ וֶועלְכֶען פוּן דִיא מַלְאָכִים הָאט עֶר אַמָאל גֶעזָאגְט,
דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען?
אוּן וִוידֶער,
אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְם זֵיין צוּם פָאטֶער, אוּן עֶר וֶועט צוּ מִיר זֵיין
צוּם זוּהְן?
[6] אוּן וֶוען עֶר בְּרֶענְגְט וִוידֶער דֶעם בְּכוֹר אִין דֶער וֶועלְט זָאגְט עֶר,
אוּן לָאזֶען אַלֶע מַלְאָכִים פוּן גָאט צוּ אִיהְם זִיךְ בִּיקֶען.
[7] אוּן וֶועגֶען דִיא מַלְאָכִים זָאגְט עֶר,
וֶועלְכֶער מַאכְט זֵיינֶע מַלְאָכִים רוּחוֹת
אוּן זֵיינֶע דִינֶער אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר.
[8] אָבֶּער וֶועגֶען דֶעם זוּהְן זָאגְט עֶר,
דֵיין שְׁטוּהְל אָ גָאט אִיז פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט,
אוּן דָאס סְצֶעפְּטֶער פוּן גְרָאדְהֵייט אִיז דָאס סְצֶעפְּטֶער פוּן זֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ.

[5] תהלים ב׳ ז׳: שמואל ב׳ ז׳ יד׳. [6] תהלים צז׳ ז׳.
[7] תהלים קד׳ ד׳. [6-8] תהלים ח׳ ה-ז׳.

9 דוּא הָאסְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶעלִיבְּט אוּן אוּנְרֶעכְט גֶעהַאסְט,
דְרוּם הָאט דִיךְ, אָ גָאט, דֵיין גָאט מִיט דֶעם עֶהְל פוּן פְרֵייד
גֶעזַאלְבְּט מֶעהְר ווִיא דֵיינֶע חֲבֵרִים.

10 אוּן

דוּא, אָ הַאר, הָאסְט אִים אָנְהֵייבּ דִיא עֶרְד גֶעגְרִינְדֶעט,
אוּן דִיא הִימֶעל זֶענֶען דִיא ווֶערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד;
11 זֵייא ווֶעלֶען פֶערְלוֹירֶען ווֶערֶען אָבֶּער דוּא בְּלֵייבְּסְט;
אוּן זֵייא אַלֶע ווֶעלֶען ווִיא אַ קְלֵייד אַלְט ווֶערֶען,
12 אוּן ווִיא אַ מַאנְטֶעל ווֶעסְט דוּא זֵייא אוֹיפְרָאלֶען,
ווִיא אַ קְלֵייד ווֶעלֶען זֵייא אוֹיךְ פֶערְווֶעקְסֶעלְט ווֶערֶען;
אָבֶּער דוּא בִּיסְט דֶערְזֶעלְבִּיגֶע, אוּן דֵיינֶע יָאהְר ווֶעלֶען נִיט פֶערְגֶעהֶען.
13 אָבֶּער צוּ ווֶעלְכֶען פוּן דִיא מַלְאָכִים הָאט עֶר אַמָאל גֶעזָאגְט,
זִיץ צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד,
בִּיז אִיךְ ווֶעל דֵיינֶע פֵיינְד מַאכֶען פַאר אַ פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִיס?
14 זֶענֶען זֵייא נִיט אַלֶע בֶּעדִינֶענְדִיגֶע גֵייסְטֶער, אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צוּ אַ דִינְסְט ווֶעגֶען
דִיא ווָאס ווֶעלֶען יְשׁוּעָה יַרְשֶׁענֶען?
ב 1 דֶערְסְטְווֶעגֶען מוּזֶען מִיר נָאךְ מֶעהְר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען צוּ דִיא זַאכֶען ווֶעלְכֶע
מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט, דֶערְמִיט מִיר זָאלֶען נִיט אַמָאל אָפְּפַאלֶען. 2 ווָארִין ווֶען
דָאס ווָארְט ווָאס אִיז דוּרְךְ מַלְאָכִים גֶערֶעט גֶעווָארֶען אִיז פֶעסְט גֶעוֶועזֶען,
אוּן יֶעדֶע אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג אוּן ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט הָאט אַ גֶערֶעכְטֶע פֶער־
גֶעלְטוּנְג דֶערְהַאלְטֶען, 3 ווִיא אַזוֹי ווֶעלֶען מִיר אַנְטְרִינֶען ווֶען מִיר פֶערְנַאכְלֶעסִיגֶען
אַזוֹי גְרוֹיסֶע יְשׁוּעָה? ווָאס אִיז אִים אָנְהֵייבּ דוּרְךְ דֶעם הַאר'ן גֶעזָאגְט גֶעווָאר־
רֶען, אוּן אִיז צוּ אוּנְז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דוּרְךְ דִיא ווָאס הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט,
4 אִינְדֶעם גָאט הָאט מִיטְבֶּעצֵייגְט מִיט צֵייכֶען אוּן ווְאוּנְדֶער אוּן פִילֶערְלֵייא
גְבוּרוֹת אוּן אוֹיסְגֶעטְהֵיילְטֶע מַתָּנוֹת פוּן דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ נָאךְ זֵיין ווִילֶען.
5 ווָארִין נִיט צוּ מַלְאָכִים הָאט עֶר אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט דִיא קוּמֶענְדִיגֶע
ווֶעלְט פוּן ווֶעלְכֶער מִיר רֶעדֶען. 6 אָבֶּער אֵיימִיצֶער הָאט אוֹיף אַ גֶעווִיסֶען אָרְט
בֶּעצֵייגְט אוּן גֶעזָאגְט,

ווָאס אִיז דֶער מֶענְשׁ אַז דוּא זָאלְסְט אָן אִיהְם גֶעדֶענְקֶען?
אָדֶער דֶער בֶּן אָדָם אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם בֶּעזוּכֶען?
7 דוּא הָאסְט אִיהְם אַבִּיסֶעל נִידְרִינֶער גֶעמַאכְט ווִיא דִיא מַלְאָכִים
מִיט הֶערְלִיכְקֵייט אוּן כָּבוֹד הָאסְט דוּא אִיהְם גֶעקְרֵיינְט,
אוּן הָאסְט אִיהְם גֶעזֶעצְט אִיבֶּער דִיא ווֶערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד,
8 דוּא הָאסְט אַלֶע זַאכֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט אוּנְטֶער זֵיינֶע פִיס.
ווָארִין ווֶען עֶר הָאט אַלֶע זַאכֶען צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, הָאט עֶר קֵיין
זַאךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט ווָאס אִיז נִיט צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג. אָבֶּער אַצוּנְד זֶעהֶען
מִיר נָאךְ נִיט אַלֶע זַאכֶען צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט; 9 אָבֶּער מִיר זֶעהֶען

8,9 תהלים מה׳ ז׳, ח׳. 10-12 תהלים קד׳ כו׳-כח׳. 13 תהלים קי׳ א׳.
3-8 תהלים ח׳ ה׳-ז׳.

יֵשׁוּעַ, דֶער אִיז אַבִּיסֶעל נִידְרִיגֶער גֶעמַאכְט וִויא דִיא מַלְאָכִים דוּרְךְ דֶעם
לֵיידֶען פוּן דֶעם טוֹיט מִיט הֶערְלִיכְקֵייט אוּן כָּבוֹד גֶעקְרֵיינְט, אַז עֶר זָאל דוּרְךְ
דֶער גְנָאד פוּן גָאט דֶעם טוֹיט פֶּערְזוּכֶען פַאר יֶעדֶען מֶענְשֶׁען.
10 ווָארִין עֶס הָאט צוּ אִיהְם גֶעפַּאסְט וָואס אַלֶעס אִיז פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען אוּן
אַלֶעס אִיז דוּרְךְ אִיהְם, אִינְדֶעם עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט פִילֶע זִיהְן צוּ הֶערְ־
לִיכְקֵייט, אַז עֶר זָאל דוּרְךְ לֵיידֶען דֶעם פִּירְשְׁט פוּן זֵייעֶרֶע יְשׁוּעָה פָאלְקָאמֶען
מַאכֶען. 11 וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער הֵיילִיגְט אוּן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט זֶענֶען
אַלֶע פוּן אֵיינֶעם; דֶעסְטְוֶועגֶען שֶׁעהְמְט עֶר זִיךְ נִיט עֶר זָאל זֵייא רוּפֶען
בְּרִידֶער 12 אוּן זָאגֶען,

אִיךְ וֶועל דֵיין נָאמֶען צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער אָנְזָאגֶען,
אִין מִיטֶען פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג וֶועל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען.

13 אוּן וִוידֶער,

אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהְם פֶערְטְרוֹיעֶן.

אוּן וִוידֶער,

זֶעה אִיךְ אוּן דִיא קִינְדֶער וָואס גָאט הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען.

14 דְרוּם וֵוייל דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִין פְלֵיישׁ אוּן בְּלוּט, אַזוֹי הָאט עֶר
אוֹיךְ אִין זֵייא אַ טְהֵייל גֶענוּמֶען, כְּדֵי עֶר זָאל דוּרְךְ דֶעם טוֹיט צוּשְׁטֶערֶען
דֶעם וָואס הָאט דִיא מַאכְט פוּן דֶעם טוֹיט, דָאס אִיז דֶעם שָׂטָן, 15 אוּן זָאל
בֶּעפְרֵייעֶן דִיא וָואס דוּרְךְ דֶער פָארְכְט פוּן דֶעם טוֹיט זֶענֶען זֵייעֶר גַאנְצֶעס
לֶעבֶּען צוּ קְנֶעכְטְשַׁאפְט אוּנְטֶערְוָוארְפֶען גֶעוֶוען. 16 וָוארִין עֶר נֶעמְט נִיט אָן
זִיךְ דִיא נַאטוּר פוּן דִיא מַלְאָכִים, נֵייעֶרְט דֶעם זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם נֶעמְט עֶר
אָן. 17 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר בֶּעדַארְפְט אִין אַלֶעם גְלֵייךְ צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער
וֶוערֶען, כְּדֵי עֶר זָאל בַּארֶעמְהֶערְצִיג זֵיין אוּן אַ גֶעטְרֵייעֶר כֹּהֵן גָדוֹל אִין דִיא
זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּ גָאט, מְכַפֵּר צוּ זֵיין דִיא זִינְד פוּן דֶעם פָאלְק.
18 וָוארִין אִינְדֶעם עֶר הָאט אַלֵיין גֶעלִיטֶען, אוּן אִיז גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, קֶען עֶר
הֶעלְפֶען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפְּרִיפְט.
ג 1 דֶעסְטְוֶועגֶען, הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער, חַבֵרִים פוּן דִיא הִימְלִישֶׁע בֶּערוּפוּנְג, בֶּע־
טְרַאכְט דֶעם אַפָּאסְטֶעל אוּן כֹּהֵן גָדוֹל פוּן אוּנְזֶערֶען בֶּעקֶענְטְנִיס, יֵשׁוּעַ,
2 וֶועלְכֶער אִיז גֶעטְרֵייא גֶעוֶוען צוּ דֶעם דֶער הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט,
וִויא אוֹיךְ מֹשֶׁה אִין זֵיין גַאנְצֶען הוֹיז. 3 וָוארִין דִיזֶער אִיז חָשׁוּב גֶעהַאלְטֶען
פַאר גְרֶעסֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט וִויא מֹשֶׁה, אַזוֹי וִויא דֶער וָואס הָאט דָאס הוֹיז
גֶעבּוֹיעֶט הָאט מֶעהְר כָּבוֹד וִויא דָאס הוֹיז. 4 וָוארִין אִיטְלִיכֶעס הוֹיז אִיז פוּן
אֵיימִיצֶען גֶעבּוֹיעֶט, אָבֶּער דֶער וָואס הָאט אַלֶעס גֶעבּוֹיעֶט אִיז גָאט. 5 אוּן
מֹשֶׁה אִיז אַוַדַאי גֶעטְרֵייא גֶעוֶוען אִין זֵיין גַאנְצֶען הוֹיז וִויא אַ דִינֶער, פַאר אֵיין
עֵדוּת פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זָאלֶען גֶערֶעט וֶוערֶען, 6 אָבֶּער דֶער מָשִׁיחַ אַלְס
אַ זוּהְן אִיבֶּער זֵיין הוֹיז; וֶועמֶעס הוֹיז זֶענֶען מִיר, וֶוען מִיר הַאלְטֶען פֶעסְט
דֶעם בִּטָחוֹן אוּן דֶעם לוֹיבּ פוּן אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג בִּיז צוּם סוֹף.

12 תהלים כב׳ כג׳.    13 ישעיה ח׳ יז׳, יח׳.

⁷ דֶערְסְטְוֶועגֶען אַזוי וִויא דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ זָאגְט,
הֵיינְט וֶוען אִיהְר וָואלְט זַיין קוֹל הֶערֶען,
⁸ פֶערְהַארְטֶעט נִיט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אַזוי וִויא אִין מְרִיבָה,
אִים טָאג פוּן מַסָּה אִין דֶער מִדְבָּר,
⁹ וֶוען אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען מִיךְ גֶעפְּרִיפְט אִין פְּרוּבִּירֶען,
אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מֵיינֶע וֶוערְק פִיעֶרְצִיג יָאהְר.
¹⁰ דֶערסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעצֶערְנְט אוֹיף דִיזֶעם דוֹר,
אוּן הָאבּ גֶעזָאגְט, זַייא אִירֶען זִיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין זֵייעֶר הַארְץ,
אוּן זַייא הָאבֶּען נִיט דֶערְקַאנְט מֵיינֶע וֶועגֶע;
¹¹ אַזוי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען אִין מֵיין צָארְן,
זַייא זָאלֶען נִיט צוּ מֵיינֶע מְנוּחָה אַרֵיינְקוּמֶען.
¹² וָועהְט צוּ, בְּרִידֶער, אַז עֶס זָאל נִיט אַמָאל אִין קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ אַ שְׁלֶעכְ־
טֶעס הַארְץ זַיין פוּן אוּנְגְלוֹיבֶּען, אִינֶעם אִיהְר אָפְּקֶעהְרְט אֵייךְ פוּן דֶעם
לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט; ¹³ נֵייעֶרְט וָוארְנְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען טֶעגְלִיךְ, אַזוי
לַאנְג עֶס הֵייסְט הֵיינְט, כְּדֵי קֵיינֶער פוּן אֵייךְ זָאל נִיט פֶערְהַארְטֶעט וֶוערֶען
דוּרךְ דֶער פֶערְפִיהְרוּנְג פוּן דֶער זִינְד. ¹⁴ וָוארִין מִיר זֶענֶען טְהֵיילְנֶעמֶער פוּן מָשִׁיחַ
גֶעוָוארֶען, וֶוען מִיר הַאלְטֶען פֶעסְט דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן אוּנְזֶערֶען בִּטָּחוֹן בִּיז צוּם
סוֹף. ¹⁵ דֶערְוֵוייל עֶס אִיז גֶעזָאגְט,
הֵיינְט וֶוען אִיהְר וָואלְט זַיין קוֹל הֶערֶען,
פֶערְהַארְטֶעט נִיט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אַזוי וִויא אִין מְרִיבָה.
¹⁶ וָוארִין וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּן הָאבֶּען גֶעקְרִינְקְט? הָאבֶּען דֶען נִיט אַלֶע
וָואס זֶענֶען פוּן מִצְרַיִם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דוּרךְ מֹשֶׁה? ¹⁷ אוּן אִיבֶּער וֶועלְכֶע
הָאט עֶר זִיךְ גֶעצֶערְנְט פִיעֶרְצִיג יָאהְר? אִיז עֶס נִיט גֶעוֶוען אִיבֶּער דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, פוּן וֶועלְכֶען דִיא פְּגָרִים זֶענֶען גֶעפַאלֶען אִין דֶער מִדְבָּר?
¹⁸ אוּן צוּ וֶועלְכֶע הָאט עֶר גֶעשְׁוָוארֶען אַז זַייא זָאלֶען נִיט צוּ זַיינֶע מְנוּחָה
אַרֵיינְקוּמֶען, וֶוען נִיט צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט? ¹⁹ אוּן מִיר
זֶעהֶען אַז זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אַרֵיינְקוּמֶען וֶועגֶען אוּנְגְלוֹיבֶּען.
ד ¹ דְרוּם לָאזֶען מִיר פָּארְכְטֶען, דֶערְוֵוייל עֶס בְּלֵייבְּט נָאךְ אַ הַבְטָחָה אַז
מִיר זָאלֶען אִין זַיינֶע מְנוּחָה אַרֵיינְקוּמֶען, אַז קֵיינֶער פוּן אֵייךְ זָאל פֶערְזָאמֶען.
² וָוארִין דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אִיז אוֹיךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ אוּנְז אַזוי וִויא צוּ יֶענֶע;
אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן דֶעם בֶּערִיכְט הָאט זַייא נִיט גֶענוּצְט, וֵוייל עֶס הָאט זִיךְ
נִיט פֶערְאֵייניגְט מִיט גְלוֹיבֶּען וֶועגֶען דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט. ³ וָוארִין מִיר
וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט קוּמֶען אַרֵיין אִין דֶער מְנוּחָה, אַזוי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אַזוי וִויא אִיךְ הָאבּ אִין מֵיין צָארְן גֶעשְׁוָוארֶען,
אַז זַייא זָאלֶען נִיט צוּ מֵיינֶע מְנוּחָה אַרֵיינְקוּמֶען;
וֶוען אוֹיךְ דִיא וֶוערְק זֶענֶען פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט גֶעוָוארֶען.
⁴ וָוארִין אוֹיף אֵיין אָרְט הָאט עֶר אַזוי גֶעזָאגְט וֶועגֶען דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג,

תְּהִלִּים צה׳ ז׳-יא׳. 7-11     תהלים צה׳ ז׳, ח׳. 15

און גָאט הָאט גֶערוּהְט דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג פוּן אַלֶע זַיינֶע וֶוערְק; 5און דָא
ווִידֶער, זַייא זָאלֶען נִיט צוּ מֵיינֶע מְנוּחָה אַרֵיינְקוּמֶען. 6דְרוּם אִינְדֶעם עֶס
בְּלֵייבְּט אַז עֶטְלִיכֶע זָאלֶען דְרִינֶען אַרֵיינְקוּמֶען, און דִיא צוּ וֶועלְכֶע דִיא גוּטֶע
בְּשׂוֹרָה אִיז צוּעֶרְשְׁט גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוָוארֶען זֶענֶען נִיט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ
אוּנְגֶעהָארְזַאם, 7ווִידֶער עֶר בֶּעשְׁטִימְט אֵיין אַנְדֶערֶען טָאג, וֶוען עֶר הָאט
אִין דָוִד נָאךְ אַזוֹי אַ לַאנְגֶע צַייט גֶעזָאגְט, גְלֵייךְ ווִיא שׁוֹין אוֹיבֶּען אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען,

הֵיינְט וֶוען אִיהְר וֶועט זַיין קוֹל הֶערֶען,
פֶּערְהַארְטֶעט נִיט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער.

8וָוארִין וֶוען יְהוֹשֻׁעַ וָואלְט זַייא רוּה גֶעגֶעבֶּען, וָואלְט עֶר נִיט פוּן אֵיין
אַנְדֶערֶען טָאג גֶערֶעט. 9אַזוֹי דֶען עֶס בְּלֵייבְּט אַ שַׁבָּת פַאר דֶעם פָאלְק פוּן
גָאט. 10וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער אִיז אִין זַיינֶע מְנוּחָה אַרֵיינְגֶעקוּמֶען דֶער הָאט אוֹיךְ
אַלֵיין פוּן זַיינֶע וֶוערְק גֶערוּהְט, ווִיא גָאט הָאט פוּן זַיינֶע אֵייגֶענֶע.
11דְרוּם לָאזֶען מִיר דֶען מִיט עֶרְנְסְט טְרַאכְטֶען אִין יֶענֶע מְנוּחָה אַרֵיינְצוּקוּמֶען,
כְּדֵי קֵיינֶער זָאל נִיט פַאלֶען נָאךְ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען בֵּיישְׁפִּיל פוּן אוּנְגֶעהָארְזַאם.
12וָוארִין דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז לֶעבֶּענְדִיג און קְרֶעפְטִיג און שַׁארְפֶער
ווִיא אַ צְווֵייאשְׁנֵיידִיגֶעס שְׁוֶוערְט, און דְרִינְגְט דוּרְךְ בִּיז צוּ דֶער צוּטְהֵיילוּנְג פוּן
נְשָׁמָה און גֵייסְט, פוּן גְלִידֶער און מַארְךְ, און רִיכְטֶעט דִיא גֶעדַאנְקֶען און
טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם הַארְץ. 13און קֵיינֶע בֶּעשֶׁעפֶענִיס אִיז פָאר אִיהְם פֶערְבָּארְ-
גֶען, נֵייעֶרְט אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען נַאקְט און אוֹיפְגֶעדֶעקְט פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם מִיט וֶועלְכֶעם מִיר הָאבֶּען צוּ טְהוּן.
14דְרוּם אִינְדֶעם מִיר הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען כֹּהֵן גָּדוֹל וֶועלְכֶער אִיז דִיא הִימֶעל
דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, יֵשׁוּעַ דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, לָאזֶען מִיר אוּנְזֶער בֶּעקֶענְטְנִיס
פֶעסְט הַאלְטֶען. 15וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט אַ כֹּהֵן גָּדוֹל דֶער קֶען נִיט מִיטְלֵייד
הָאבֶּען מִיט אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען, נֵייעֶרְט דֶער אִיז אִין אַלֶע זַאכֶען גֶעפְּרִיפְט
גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ ווִיא מִיר, אָבֶּער אָהְן זִינְד. 16דְרוּם לָאזֶען מִיר מִיט אַ בִּטָּחוֹן
צוּטְרֶעטֶען צוּ דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דֶער גְנָאד, כְּדֵי מִיר זָאלֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט
דֶערְהַאלְטֶען, און זָאלֶען גְנָאד גֶעפִינֶען אוּנְז צוּ הֶעלְפֶען אִין דִיא רֶעכְטֶע
צַייט.

ה 1וָוארִין אִיטְלִיכֶער כֹּהֵן גָּדוֹל וָואס אִיז פוּן צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען גֶענוּמֶען, אִיז
פַאר מֶענְשֶׁען אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט אִין דִיא זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּ גָאט, כְּדֵי עֶר זָאל
מַקְרִיב זַיין מְנָחוֹת און זְבָחִים פַאר זִינְד. 2וֶועלְכֶער קֶען מִיטְלֵייד הָאבֶּען מִיט דִיא
אוּנְווִיסֶענְדֶע און פֶערְאִירְטֶע, ווַייל עֶר אִיז אוֹיךְ אַלֵיין מִיט שְׁוַואכְהֵייטֶען
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט; 3און דֶעסְטְוֶועגֶען מוּז עֶר גְלֵייךְ ווִיא פַאר דֶעם פָאלְק,
אַזוֹי אוֹיךְ פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט מַקְרִיב זַיין. 4און קֵיינֶער נֶעמְט נִיט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט
דֶעם כָּבוֹד, נֵייעֶרְט וֶוען עֶר אִיז פוּן גָאט גֶערוּפֶען, גְלֵייךְ ווִיא אוֹיךְ אַהֲרֹן.
5אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט פֶערְהֶערְלִיכְט אַ כֹּהֵן גָּדוֹל

4 בְּרֵאשִׁית ב׳ ב׳. 5 תהלים צה׳ יא׳. 7 תהלים צה׳ ז׳, ח׳.

צו ווערען, גייערט דער וועלכער האט צו איהם געזאגט,
דוא ביסט מיין זוהן, היינט האב איך דיך געבוירען.
6 גלייך וויא ער זאגט אויך אויף איין אנדערען ארט,
דוא ביסט א כהן אויף עביג נאך דער ארדנונג פון מלכיצדק.
7 דער האט אין דיא טעג פון זיין פליייש געבעטען און בקשות אויפגעבראכט מיט
שטארק געשרייא און טרערען, צו דעם וועלכער האט איהם געקענט מציל זיין
פון דעם טויט, און איז וועגען זיין יראת שמים דערהערט געווארען; 8 אפילו
ער איז געווען א זוהן האט ער דאך געהארכזאם געלערנט דורך דיא זאכען
וואס ער האט געליטען, 9 און ער איז פאלקאמען געווארען, און איז דער
שטיפטער פון עביגע ישועה געווארען צו אלע וואס הערען איהם צו,
10 אינדעם ער איז פון גאט א כהן גדול נאך דער ארדנונג פון מלכיצדק
גערופען געווארען.
11 וועגען וועלכעם מיר האבען פיל צו רעדען דאך איז עס שווער אויסצולע-
גען, אינדעם איהר זענט אים הערען שווער געווארען. 12 ווארין איהר האט
געזאלט וועגען דער צייט לעהרער זיין, אבער איהר בעדארפט ווידער אז
איימיצער זאל אייך לעהרען וואס זענען דיא עקרים פון דעם אנהייב פון דיא
רעד פון גאט, און איהר זענט געווארען דיא וואס בעדארפען מילך, ניט
שטארקע שפייז. 13 ווארין איטליכער וואס איז דערנעהרט פון מילך איז אהן
פערפאהרען אים ווארט פון גערעכטיגקייט, ווארין ער איז א זייגענדיגעס
קינד; 14 אבער שטארקע שפייז איז פאר דיא ערוואקסענע מענשען, וועלכע
קענען דורך דער איבונג פון געברויך צווישען גוטעס און שלעכטעס אונטערשיידען.
ו 1 דעסטוועגען לאזען מיר איבערלאזען דעם אנהייב פון דער לעהרע פון
משיח, און לאזען מיר ווייטער געהען צו דער פאלקאמענהייט. און לאזען
מיר ניט נאך אמאל א גרונד פון תשובה פון טויטע ווערק לעגען, און פון
גלויבען אן גאט, 2 און פון דער לעהרע פון טבילות און פון סמיכת ידים,
פון תחית המתים, און פון דעם עביגען משפט. 3 און דאס וועלען מיר טהון
מיט גאטעס ווילען. 4 ווארין עס איז אונמעגליך אז דיא וואס זענען אמאל
דערלייכטעט געווארען, און האבען א טעם געהאט פון דיא הימלישע מתנה,
און א טהייל גענומען פון דעם רוח הקודש, 5 און האבען א טעם געהאט
פון דעם גוטען ווארט פון גאט און דיא קרעפטען פון עולם הבא, 6 ווען זייא
זענען דאך אפגעפאלען, אז זייא זאלען זייא ווידער אמאל דערנייערען צו
תשובה, אינדעם זייא קרייציגען צו זיך אליין דעם זוהן פון גאט, און
מאכען איהם עפענטליך צו שאנד. 7 ווארין דיא ערד וואס טרינקט איין דעם
רעגען וואס קומט אפט דרויף, און ברענגט ארויס קרייטער ניצליך פאר דיא
דורך וועלכע זיא איז אויך בעארבייט בעקומט ברכה פון גאט; 8 אבער דיא
וואס ברענגט ארויס דערנער און דיסטלען איז פערווארפען און איז נאהענט
צום פלוך, וועמעס סוף איז פערברענט צו ווערען.

תהלים ב׳ ז׳, קי׳ ד׳.

9 אָבֶּער, גֶעלִיבְּטֶע, מִיר זֶענֶען פֶערְזִיכֶערְט וֶועגֶען אֵייךְ אוֹיף בֶּעסֶערֶע זַאכֶען
אוּן דִיא וָואס גֶעהֶערֶען צוּ יְשׁוּעָה, וֶוען אַפִּילוּ מִיר רֶעדֶען אַזוֹי. 10 וָוארִין גָאט
אִיז נִיט אוּנְגֶערֶעכְט אַז עֶר זָאל פֶערְגֶעסֶען אֵייעֶרֶע וֶוערְק אוּן דִיא לִיבֶּע וָואס
אִיהְר הָאט בֶּעוִויזֶען צוּ זַיין נָאמֶען, אִינְדֶעם אִיהְר הָאט דִיא הֵיילִיגֶע בֶּעדִינְט,
אוּן זַייא נָאךְ בֶּעדִינְט. 11 אָבֶּער מִיר ווִינְשֶׁען אַז אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ זָאל דִיא
זֶעלְבֶּע אֵייפְרִיגְקֵייט בֶּעווַייזֶען צוּ דֶעם גַאנְצֶען בִּטָחוֹן פוּן דֶער הָאפְנוּנְג בִּיז
צוּם עֶנְד; 12 כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט פוֹיל וֶוערֶען, נֵייעֶרְט נָאכְפָאלְגֶער פוּן דִיא
וֶועלְכֶע דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אוּן גֶעדוּלְד דִיא הַבְטָחוֹת יַרְשֶׁענֶען.

13 וָוארִין וֶוען גָאט הָאט מַבְטִיחַ גֶעוֶועזֶען צוּ אַבְרָהָם, אִינְדֶעם עֶר הָאט נִיט
גֶעקֶענְט בֵּייא קֵיין גְרֶעסֶערֶען שְׁוֶוערֶען, הָאט עֶר בֵּייא זִיךְ אַלֵיין גֶעשְׁוואוֹירֶען
14 אוּן גֶעזָאגְט, גֶעווִיס וֶועל אִיךְ דִיךְ בֶּענְשֶׁען אוּן גֶעווִיס וֶועל אִיךְ דִיךְ פֶערְ־
מֶעהְרֶען. 15 אוּן וֶוען עֶר הָאט אַזוֹי מִיט גֶעדוּלְד אוֹיסְגֶעהַארְט, הָאט עֶר דִיא
הַבְטָחוֹת דֶערְהַאלְטֶען. 16 וָוארִין מֶענְשֶׁען שְׁוֶוערֶען בֵּייא דֶעם גְרֶעסֶערֶען, ווַייל
דִיא שְׁבוּעָה צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגוּנְג אִיז צוּ זַייא אֵיין עֶנְד פוּן אַלֶע קֶעגֶענְרֶעדֶען.
17 דְרִיבֶּער גָאט, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט נָאךְ מֶעהְר בֶּעווַייזֶען צוּ דִיא יוֹרְשִׁים
פוּן דֶער הַבְטָחָה אַז זַיינֶע עֵצָה פֶערְעֶנְדֶערְט זִיךְ נִיט, הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אַלְס
פֶערְמִיטְלֶער מִיט אַ שְׁבוּעָה; 18 כְּדֵי דוּרְךְ צְווֵייא אוּנְפֶערְעֶנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען,
אִין וֶועלְכֶע עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז גָאט זָאל לֵייקֶענֶען, זָאלֶען מִיר אַ שְׁטַארְקֶען
בִּטָחוֹן הָאבֶּען, מִיר וֶועלְכֶע זֶענֶען אַנְטְרִינֶען אַז מִיר זָאלֶען פֶעסְט הַאלְטֶען דִיא
הָאפְנוּנְג וָואס אִיז פָאר אוּנְז גֶעזֶעצְט. 19 וֶועלְכֶע הָאפְנוּנְג מִיר הָאבֶּען אַלְס אֵיין
אַנְקֶער צוּ אוּנְזֶערֶע נְשָׁמָה, זִיכֶער אוּן פֶעסְט, אוּן וָואס גֶעהְט אַרֵיין אִינֶעוֶוענִיג פוּן
דֶעם פָּרוֹכֶת; 20 וְואוּ אַהִין יֵשׁוּעַ אַלְס אַ פָארְלוֹיפֶער אִיז פַאר אוּנְז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען,
אִינְדֶעם עֶר אִיז אַ כֹּהֵן גָדוֹל אוֹיף עֶבִּיג גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן מַלְכִּיצֶדֶק.
ז 1 וָוארִין דִיזֶער מַלְכִּיצֶדֶק, דֶער מֶלֶךְ פוּן שָׁלֵם, אַ כֹּהֵן פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען
גָאט, וֶועלְכֶער הָאט אַבְרָהָם בֶּעגֶעגֶענְט וֶוען עֶר הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן
דֶעם שְׁלָאגֶען פוּן דִיא מְלָכִים, אוּן הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט; 2 צוּ וֶועלְכֶען
אַבְרָהָם הָאט אוֹיךְ מַעֲשֵׂר פוּן אַלֶעם אָפְּגֶעטְהֵיילְט, דֶער הֵייסְט צוּעֶרְשְׁט אוֹיף
טֵייטְשׁ קֶענִיג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן דֶערְנָאךְ אוֹיךְ קֶענִיג פוּן שָׁלֵם, וָואס
הֵייסְט קֶענִיג פוּן פְרִידֶען; 3 אָהְן פָאטֶער, אָהְן מוּטֶער, אָהְן סֵפֶר הַיַחַשׂ, דֶער
הָאט קֵיין אָנְהֵייבּ פוּן טֶעג אוּן נִיט קֵיין סוֹף פוּן לֶעבֶּען, אָבֶּער וֶועלְכֶער אִיז
גְלֵייךְ צוּם זוּהְן פוּן גָאט, בְּלֵייבְּט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַ כֹּהֵן.

4 אוּן אִיהְר זֶעהְט ווִיא גְרוֹיס אִיז דִיזֶער גֶעוֶועזֶען, צוּ וֶועלְכֶען דֶער עֶלְטֶערְ־
פָאטֶער אַבְרָהָם הָאט מַעֲשֵׂר פוּן דֶעם רוֹיבּ גֶעגֶעבֶּען. 5 אוּן דִיא וָואס זֶענֶען פוּן
דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי הָאבֶּען דִיא כְּהוּנָה דֶערְהַאלְטֶען, אוּן הָאבֶּען אַ גֶעבָּאט
זַייא זָאלֶען מַעֲשֵׂר נֶעמֶען פוּן דֶעם פָאלְק נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, דָאס אִיז פוּן
זַייעֶרֶע בְּרִידֶער, אַפִּילוּ זַייא קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דִיא לֶענְדֶען פוּן אַבְרָהָם;
6 אָבֶּער דֶער וֶועלְכֶער שְׁטַאמְט נִיט אָפּ פוּן זַייא הָאט מַעֲשֵׂר פוּן

14 בראשית כב׳ יז׳. 1 בְּראשִׁית יד׳ יח׳-כ׳.

אַבְרָהָם גֶענוּמֶען, אוּן הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם וָואס הָאט דִיא הַבְטָחוֹת גֶעהַאט.
7 אוּן אָהְן שׁוּם וִכּוּחַ דֶער נִידְרִיגֶער אִיז פוּן דֶעם הֶעכֶערֶען גֶעבֶּענְשְׁט. 8 אוּן
דָא גֶעמֶען שְׁטֶערְבְּלִיכֶע מֶענְשֶׁען מַעֲשֵׂר, אָבֶּער דָארְט דֶער פוּן וֶועלְכֶעם עֶס אִיז
בֶּעצֵייגְט אַז עֶר לֶעבְּט. 9 אוּן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לֵוִי וָואס נֶעמְט מַעֲשֵׂר הָאט
אוֹיךְ מַעֲשֵׂר דוּרְךְ אַבְרָהָם גֶעגֶעבֶּען; 10 וָוארִין עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אִין דִיא
לֶענְדֶען פוּן זֵיין פָאטֶער וֶוען מַלְכִּיצֶדֶק הָאט אִיהְם בֶּעגֶעגֶענְט.
11 אַזוֹי דֶען וֶוען דִיא פָאלְקָאמֶענְהֵייט אִיז דוּרְךְ דֶער כְּהוּנָה פוּן לֵוִי גֶעשֶׁעד־
הֶען, וָוארִין דָאס פָאלְק הָאט אוּנְטֶער דֶער דִיא תּוֹרָה דֶערְהַאלְטֶען, וָואס הָאט
מֶען נָאךְ בֶּעדַארְפְט אַז אֵיין אַנְדֶערֶער כֹּהֵן זָאל אוֹיפְשְׁטֶעהֶען נָאךְ דֶער
אָרְדְנוּנְג פוּן מַלְכִּיצֶדֶק, אוּן זָאל נִיט נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן אַהֲרֹן גֶערוּפֶען
וֶוערֶען? 12 וָוארִין וֶוען דִיא כְּהוּנָה אִיז פֶערְעֶנְדֶערְט, אַזוֹי מוּז אוֹיךְ זֵיין אַ
פֶערְעֶנְדֶערוּנְג פוּן דֶער תּוֹרָה. 13 וָוארִין דֶער אוֹיף וֶועלְכֶעם דִיזֶעס אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען גֶעהֶערְט צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען שֵׁבֶט, וָואס קֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט מַקְרִיב
גֶעוֶועזֶען בֵּיים מִזְבֵּחַ; 14 וָוארִין עֶס אִיז קְלָאר אַז אוּנְזֶער הַאר אִיז פוּן יְהוּדָה
אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, פוּן וֶועלְכֶעם שֵׁבֶט הָאט מֹשֶׁה גָאר נִיט גֶערֶעט וֶועגֶען כֹּהֲנִים.
15 אוּן דָאס אִיז נָאךְ פִיל קְלָארֶער, וֶוען נָאךְ דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן מַלְכִּיצֶדֶק אֵיין
אַנְדֶערֶער כֹּהֵן שְׁטֶעהְט אוֹיף, 16 וֶועלְכֶער אִיז נִיט נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן אַ
פְלֵיישְׁלִיכֶען גֶעבָּאט גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט נָאךְ דֶער קְרַאפְט פוּן אַ לֶעבֶּען וָואס
הֶערְט עֶבִּיג נִיט אוֹיף. 17 וָוארִין עֶס אִיז בֶּעצֵייגְט, דוּא בִּיסְט אַ כֹּהֵן אוֹיף
עֶבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן מַלְכִּיצֶדֶק. 18 וָוארִין עֶס אִיז אַ פֶערְוַוארְפוּנְג פוּן
דֶעם פְרִיהֶערְדִיגֶען גֶעבָּאט גֶעוָוארֶען, וֶועגֶען זֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייט אוּן אוּנְנִיצִיגְקֵייט;
19 וָוארִין דִיא תּוֹרָה הָאט גָאר נִיט פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט, נֵייעֶרְט דִיא אֵיינְפִיה־
רוּנְג פוּן אַ בֶּעסֶערֶע הָאפְנוּנְג, דוּרְךְ וֶועלְכֶער מִיר קוּמֶען נָאהֶענְט צוּ גָאט.
20 אוּן אַזוֹי וִויא אַז נִיט אָהְן אַ שְׁבוּעָה אִיז עֶר כֹּהֵן גֶעמַאכְט; 21 וָוארִין יֶענֶע
זֶענֶען כֹּהֲנִים גֶעוָוארֶען אָהְן אַ שְׁבוּעָה, אָבֶּער דִיזֶער מִיט אַ שְׁבוּעָה דוּרְךְ
דֶעם וֶועלְכֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֶער הַאר הָאט גֶעשְׁוָואוֹירֶען אוּן וֶועט
נִיט חֲרָטָה הָאבֶּען, דוּא בִּיסְט אַ כֹּהֵן אוֹיף עֶבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן
מַלְכִּיצֶדֶק; 22 אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ אֵיין עָרֵב פוּן אַ בֶּעסֶערֶען בּוּנְד גֶעוָוארֶען. 23 אוּן
יֶענֶע פִילֶע זֶענֶען כֹּהֲנִים גֶעוָוארֶען, וַוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט בְּלֵייבֶּען
דוּרְךְ דֶעם טוֹיט וָואס הָאט זֵייא גֶעהִינְדֶערְט. 24 אָבֶּער עֶר, וַוייל עֶר בְּלֵייבְּט
אוֹיף עֶבִּיג, הָאט אַ כְּהוּנָה וָואס פֶערְגֶעהְט נִיט. 25 דְרוּם קֶען עֶר אוֹיךְ פָאלְ־
קָאמֶען רֶעטֶען דִיא וָואס קוּמֶען צוּ גָאט דוּרְךְ אִיהְם, וַוייל עֶר לֶעבְּט אוֹיף
עֶבִּיג אַז עֶר זָאל פַאר זֵייא בֶּעטֶען.
26 וָוארִין אַזֶעלְכֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט אוּנְז גֶעפַּאסְט, דֶער אִיז הֵיילִיג, אוּנְשׁוּלְ־
דִיג, אָהְן אַ פְלֶעק, אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן זִינְדֶער, אוּן אִיז הֶעכֶער וִויא דִיא הִימֶעל
גֶעוָוארֶען. 27 דֶער בֶּעדַארְפְט נִיט טֶעגְלִיךְ וִויא יֶענֶע כֹּהֲנִים גְדוֹלִים, אַז עֶר זָאל
מַקְרִיב זֵיין קָרְבָּנוֹת צוּעֶרְשְׁט פַאר זֵיינֶע אֵייגֶענֶע זִינְד, דֶערְנָאךְ פַאר דִיא

תהלים קי׳ ד׳. 21    תהלים קי׳ ד׳, 17

זַיְנְד פוּן דֶעם פָאלְק; וָוארִין דָאס הָאט עֶר אֵיין אֵיינְצִיגֶעס מָאל גֶעטְהוּן,
אִינְדֶעם עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען. 28 וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ שְׁטֶעלְט
מֶענְשֶׁען אֵיין פַאר כֹּהֲנִים גְדוֹלִים, וָואס הָאבֶּען שְׁוַואכְהֵייט; אָבֶּער דָאס וָוארְט
פוּן דֶער שְׁבוּעָה וָואס אִיז שְׁפֶּעטֶער וִויא דָאס גֶעזֶעץ, שְׁטֶעלְט דֶעם זוּהְן אֵיין,
דֶער אִיז אוֹיף עֶבִּיג פָאלְקָאמֶען.

ח 1 נוּן דָאס אִיז דִיא הוֹיפְּטְזַאךְ פוּן דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
הָאבֶּען אַזֶעלְכֶען כֹּהֵן גָדוֹל, דֶער הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן
דֶעם כִּסֵא הַכָּבוֹד אִין דִיא הִימֶעל, 2 אַ דִינֶער פוּן דֶעם הֵיילִיגְטְהוּם אוּן פוּן
דֶעם וָואהְרֶען מִשְׁכָּן, וָואס דֶער הַאר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן נִיט קֵיין מֶענְשׁ.
3 וָוארִין יֶעדֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט מַקְרִיב צוּ זַיין מְנָחוֹת אוּן
קָרְבָּנוֹת; דְרוּם אִיז עֶס נֶעטִיג אַז דִיזֶער זָאל אוֹיךְ עֶפֶּעס הָאבֶּען וָואס עֶר זָאל
מַקְרִיב זַיין.

4 וָוארִין וֶוען עֶר וָואלְט גֶעוֶוען אוֹיף דֶער עֶרְד וָואלְט עֶר גָאר נִיט אַ כֹּהֵן
גֶעוֶוען, וֵוייל עֶס זֶענֶען דִיא וָואס מַקְרִיב זֶענֶען דִיא מַתָּנוֹת נָאךְ דֶער תּוֹרָה;
5 וֶועלְכֶע דִינֶען אַ בִּילְד אוּן שָׁאטֶען פוּן דִיא הִימְלִישֶׁע זַאכֶען, גְלֵייךְ וִויא מֹשֶׁה
אִיז גֶעוָוארְנְט גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶעדַאכְט דָאס מִשְׁכָּן פָאלְשְׁטֶענְדִיג צוּ
מַאכֶען, וָוארִין עֶר זָאגְט, גִיבּ אַכְטוּנְג אַז דוּא זָאלְסְט אַלֶעס מַאכֶען נָאךְ דֶעם
פָארְבִּילְד וָואס אִיז דִיר אוֹיף דֶעם בַּארְג גֶעווִיזֶען. 6 אָבֶּער אִיצְט הָאט עֶר אַ
פִיל בֶּעסֶערֶען דִינְסְט דֶערְהַאלְטֶען, אִינְדֶעם עֶר אִיז אוֹיךְ אַ פֶערְמִיטְלֶער פוּן
אַ בֶּעסֶערֶען בּוּנְד גֶעוָוארֶען, וָואס אִיז אוֹיף בֶּעסֶערֶע הַבְטָחוֹת בֶּעשְׁטֶעלְט.
7 וָוארִין וֶוען דֶער עֶרְשְׁטֶע בּוּנְד וָואלְט אָהְן אַ פֶעהְלֶער גֶעוֶוען, אַזוֹי וָואלְט מֶען
נִיט קֵיין אָרְט פַאר אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעזוּכְט. 8 וָוארִין עֶר פֶערְקְלָאגְט זֵייא אוּן
זָאגְט,

וֶועה עֶס קוּמֶען טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר,
אַז אִיךְ וֶועל אַ נֵייעֶן בּוּנְד מַאכֶען מִיט דֶעם הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל אוּן
מִיט דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה,
9 נִיט נָאךְ דֶעם בּוּנְד וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט זֵייעֶרֶע אָבוֹת גֶעמַאכְט,
אִים טָאג וֶוען אִיךְ הָאבּ זֵייא בֵּייא דֶער הַאנְד גֶענוּמֶען זֵייא
אַרוֹיסְצוּפִיהְרֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם,
וֵוייל זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אִין מֵיין בּוּנְד,
אוּן אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערְאַכְטֶעט, זָאגְט דֶער הַאר.
10 וָוארִין דָאס אִיז דֶער בּוּנְד וָואס אִיךְ וֶועל מַאכֶען מִיט דֶעם הוֹיז
פוּן יִשְׂרָאֵל
נָאךְ יֶענֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר,
אִיךְ וֶועל מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע גֶעבֶּען אִין זֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד,
אוּן אוֹיף זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער וֶועל אִיךְ זֵייא אָנְשְׁרֵייבֶּען,
אוּן אִיךְ וֶועל זֵייעֶר גָאט זַיין אוּן זֵייא וֶועלֶען מֵיין פָאלְק זַיין.

5 שְׁמוֹת כה׳ מ׳, 8-12 יִרְמְיָה לא׳ לא׳-לד׳,

11 אוּן זֵייא זָאלְטֶען נִיט לֶערֶנֶען אִיטְלִיכֶער זַיין חַבֵר,
אוּן אִיטְלִיכֶער זַיין בְּרוּדֶער, אוּן זָאגֶען, דֶערְקֶענְט דֶעם הַאר׳ן,
וָוארִין אַלֶע וֶועלֶען מִיךְ קֶענֶען,
פוּן זֵייעֶרֶעם קְלֵיינְסְטֶען בִּיז צוּם גְרֶעסְטֶען.
12 וָוארִין אִיךְ וֶועל מִיךְ דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער זֵייעֶרֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען,
אוּן זֵייעֶרֶע זִינְד וֶועל אִיךְ נִיט מֶעהְר גֶעדֶענְקֶען.
13 וֶוען עֶר זָאגְט אַ נֵייעֶן בּוּנְד, אַזוֹי הָאט עֶר דֶעם עֶרְשְׁטֶען אַלְט גֶעמַאכְט;
נוּן דָאס וֶועלְכֶעס אִיז אַלְט גֶעמַאכְט אוּן פֶערַאלְטֶערְט, אִיז נָאהֶענְט צוּם פֶערְ־
שְׁווִינְדֶען.
ט 1 אַזוֹי דֶען דֶער עֶרְשְׁטֶע בּוּנְד הָאט אוֹיךְ גֶעבָּאטֶע פוּן גָאטֶעסְדִינְסְט אוּן
דָאס הֵיילִיגְטְהוּם וָואס גֶעהֶערְט צוּ דִיזֶער וֶועלְט. 2 וָוארִין דָאס עֶרְשְׁטֶע מִשְׁכָּן
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען, אִין וֶועלְכֶען אִיז גֶעוֶוען דִיא מְנוֹרָה אוּן דֶער
שֻׁלְחָן, אוּן דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס הֵייסְט קֹדֶשׁ; 3 אוּן הִינְטֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
פָּרוֹכֶת אִיז גֶעוֶוען דָאס מִשְׁכָּן וָואס הֵייסְט קֹדֶשׁ הַקֳדָשִׁים. 4 וָואס הָאט אַ
גָאלְדֶענֶע פֵייעֶרְפַאן, אוּן דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית גֶעדֶעקְט פוּן אַלֶע זֵייטֶען מִיט
גָאלְד, דְרִינֶען אִיז גֶעוֶוען אַ גָאלְדֶענֶער קְרוּג וָואס הָאט אִין זִיךְ דֶעם
מָן גֶעהַאלְטֶען, אוּן דֶער שְׁטֶעקֶען פוּן אַהֲרֹן וָואס הָאט גֶעבְּלִיהְט, אוּן דִיא
לוּחוֹת הַבְּרִית; 5 אוּן דְרִיבֶּער וֶוענֶען דִיא כְּרוּבִים פוּן הֶערְלִיכְקֵייט, וָואס
בֶּעשַׁאטֶען דֶעם כַּפּוֹרֶת, פוּן וֶועלְכֶע זַאכֶען מִיר קֶענֶען אִיצְט נִיט אֵיינְצֶעלְוֵייס
רֶעדֶען.
6 אוּן וֶוען דִיזֶע זַאכֶען וֶוענֶען אַזוֹי אֵיינְגֶערִיכְטֶעט גֶעוָוארֶען, גֶעהֶען דִיא
כֹּהֲנִים בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִים עֶרְשְׁטֶען מִשְׁכָּן אַרֵיין דִיא עֲבוֹדָה צוּ טְהוּן,
7 אָבֶּער אִים צְוֵוייטֶען גֶעהְט נוּר דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אַרֵיין אֵיין מָאל אִים
יָאהְר, נִיט אָהְן בְּלוּט, וָואס עֶר פַאר זִיךְ אַלֵיין אִיז מַקְרִיב אוּן אוֹיךְ פַאר דִיא
שְׁגָגוֹת פוּן דֶעם פָאלְק. 8 דְרִינֶען וֵוייזְט אָן דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אַז דֶער וֶועג צוּ
דֶעם קוֹדֶשׁ הַקֳדָשִׁים אִיז נָאךְ נִיט אַנְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אַזוֹי לַאנְג דָאס עֶרְשְׁטֶע
מִשְׁכָּן הָאט נָאךְ אַ בֶּעשְׁטַאנְד; 9 וָואס אִיז אַ מָשָׁל אוֹיף דִיא אִיצְטִיגֶע צֵייט,
וֶוען מֶען אִיז מַתָּנוֹת אוּן זְבָחִים מַקְרִיב, וָואס קֶענֶען נִיט נָאךְ דֶעם גֶעוִויסֶען
פָאלְקָאמֶען מַאכֶען דֶעם וָואס טְהוּט דִיא עֲבוֹדָה, 10 אִינְדֶעם זֵייא בֶּעשְׁטֶעהֶען
נוּר אִין עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען אוּן פֶערְשִׁידֶענֶע טְבִילוֹת, וָואס זֶענֶען גֶעבָּאטֶע וֶועגֶען
דֶעם פְלֵיישׁ בִּיז צוּ דֶער צֵייט פוּן פֶערְבֶּעסֶערוּנְג אוֹיפְגֶעלֶעגְט.
11 אָבֶּער מָשִׁיחַ אִיז גֶעקוּמֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל פוּן דִיא בֶּעסֶערֶע זַאכֶען וָואס
זֶענֶען גֶעוָוארֶען, דוּרְךְ דֶעם גְרֶעסֶערֶען אוּן פָאלְקָאמֶענֶערֶען מִשְׁכָּן, וָואס אִיז
נִיט מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט, דָאס הֵייסְט, נִיט פוּן דִיזֶע בֶּעשֶׁעפֶענִים, 12 אוֹיךְ
נִיט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן צִיגֶען אוּן קֶעלְבֶּער, נֵייעֶרְט דוּרְךְ זַיין אֵייגֶענֶען בְּלוּט
אִיז עֶר אֵיין אֵיינְצִיגֶעס מָאל אִין דִיא הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט
עֶבִּיגֶע אוֹיסְלֶעזוּנְג אוֹיסְגֶעווִירְקְט. 13 וָוארִין וֶוען דָאס בְּלוּט פוּן צִיגֶען אוּן אָקְ־
סֶען אוּן דִיא אַשׁ פוּן אַ קוּה, וֶוען עֶס אִיז אוֹיף דִיא אוּנְרֵיינֶע גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְט,

מַאכְט הֵיילִיג צוּ דֶער רֵיינִיגוּנְג פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, 14 ווִיא פִיל מֶעהְר וֶועט דָאס
בְּלוּט פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, דֶער הָאט זִיךְ אַלֵיין דוּרְךְ דֶעם עֶבִּיגֶען גֵייסְט אָהְן אַ
מוּם מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי צוּ רֵיינִיגֶען אוּנְזֶער גֶעוִויסֶען פוּן טוֹיטֶע וֶוערְק צוּ
דִינֶען דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט.
15 אוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶר פֶערְמִיטְלֶער פוּן דֶעם נֵייעֶן בּוּנְד, כְּדֵי דוּרְךְ דֶעם
טוֹיט וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צוּ דֶער אוֹיסְלֶעזוּנְג פוּן דִיא זִינְד וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער
דֶעם עֶרְשְׁטֶען בּוּנְד גֶעוֶועזֶען, זָאלֶען דִיא בֶּערוּפֶענֶע דִיא הַבְטָחָה פוּן דִיא עֶבִּיגֶע
יְרוּשָׁה דֶערְהַאלְטֶען. 16 וָוארִין דָארְט וְואוּ עֶס אִיז דָא אַ צַוָואָה אִיז אוֹיךְ מְחוּיָב
צוּ זֵיין דֶער טוֹיט פוּן דֶעם וָואס הָאט דִיא צַוָואָה גֶעמַאכְט; 17 וָוארִין אַ צַוָואָה
שְׁטֶעהְט פֶעסְט אוֹיף דִיא טוֹיטֶע, וָוארִין עֶס הָאט קֵיינֶע קְרַאפְט נִיט דֶערְוֵויל
דֶער לֶעבְּט וָואס הָאט דִיא צַוָואָה גֶעמַאכְט. 18 דְרוּם אַפִּילוּ נִיט דֶער עֶרְשְׁטֶע
בּוּנְד אִיז אוֹיךְ אָהְן בְּלוּט אֵיינְגֶעוֵוייהְט גֶעוָוארֶען. 19 וָוארִין וֶוען מֹשֶׁה הָאט
אִיטְלִיכֶעס גֶעבָּאט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ אוֹיסְגֶערֶעט, הָאט עֶר
גֶענוּמֶען דָאס בְּלוּט פוּן דִיא קֶעלְבֶּער אוּן דִיא צִיגֶען מִיט וַואסֶער אוּן רוֹיטֶע
וָואל אוּן אֵזוֹב, אוּן הָאט בֶּעשְׁפְּרֶענְגְט דָאס סֵפֶר אַלֵיין אוּן דָאס גַאנְצֶע
פָאלְק, 20 אוּן הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם בּוּנְד וָואס גָאט
הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען. 21 אוּן אוֹיךְ דָאס מִשְׁכָּן אוּן אַלֶע כֵּלִים פוּן דֶעם דִינְסְט
הָאט עֶר גְלֵייכְדֶעם בֶּעשְׁפְּרֶענְגְט מִיט בְּלוּט. 22 אוּן כִּמְעַט אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען
נָאךְ דֶער תּוֹרָה מִיט בְּלוּט גֶערֵיינִיגְט, אוּן אָהְן פֶערְגִיסוּנְג פוּן בְּלוּט אִיז
קֵיינֶע פֶערְגֶעבּוּנְג.
23 דְרוּם אִיז עֶס נֶעטִיג גֶעוֶועזֶען אַז דִיא מוּסְטֶער פוּן דִיא הִימְלִישֶׁע זַאכֶען
זָאלֶען מִיט דִיזֶעם גֶערֵיינִיגְט וֶוערֶען, אָבֶּער דִיא הִימְלִישֶׁע זַאכֶען אַלֵיין מִיט
בֶּעסֶערֶע קָרְבָּנוֹת ווִיא דִיזֶע. 24 וָוארִין מָשִׁיחַ אִיז נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
אֶרְטֶער וָואס זֶענֶען מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט, וָואס זֶענֶען מוּסְטֶער פוּן דִיא וָואהְ־
רֶען, נֵייעֶרְט אִים הִימֶעל אַלֵיין, אַז עֶר זָאל זִיךְ אִיצְט ווַייזֶען פָאר גָאט
וֶועגֶען אוּנְז. 25 אוֹיךְ נִיט כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ אָפְט מַקְרִיב זֵיין, גְלֵייךְ ווִיא דֶער
כֹּהֵן גָּדוֹל אִיז אִין דִיא הֵיילִיגֶע אֶרְטֶער יֶעדֶעס יָאהְר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט
פְרֶעמְדֶען בְּלוּט; 26 וָוארִין אוֹיף אַזוֹי אֵיין אוֹפֶן הָאט עֶר אָפְט גֶעמוּזְט לֵיידֶען
פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט אָן. אָבֶּער אִיצְט הָאט עֶר זִיךְ אֵיין מָאל
בֶּעווִיזֶען אַן דֶעם עֶנְד פוּן דִיא צֵייטַאלְטֶער, אַז עֶר זָאל דִיא זִינְד אוֹיסְטִילְגֶען
דוּרְךְ זֵיין קָרְבָּן. 27 אוּן גְלֵייךְ ווִיא עֶס אִיז בֶּעשְׁטִימְט פַאר דִיא מֶענְשֶׁען אֵיין
מָאל צוּ שְׁטַארְבֶּען, אוּן דֶערְנָאךְ אִיז דָאס מִשְׁפָּט, 28 אַזוֹי הָאט זִיךְ אוֹיךְ דֶער
מָשִׁיחַ אֵיין מָאל מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי עֶר זָאל דִיא זִינְד פוּן פִילֶע טְרַאגֶען; אוּן
עֶר וֶועט זִיךְ צוּם צְווֵייטֶען מָאל בֶּעווֵייזֶען אָהְן זִינְד צוּ יְשׁוּעָה צוּ דִיא וָואס
הַארֶען אוֹיף אִיהְם.
י 1 וָוארִין דִיא תּוֹרָה הָאט אַ שָׁאטֶען פוּן דִיא גוּטֶע קוּמֶענְדִיגֶע זַאכֶען אוּן נִיט
דָאס ווִירְקְלִיכֶע בִּילְד פוּן דִיא זַאכֶען, אוּן קֶען קֵיין מָאל נִיט פָאלְקָאמֶען

20 שמות כד׳ ח׳.

מַאכֶען דִיא וָואס קוּמֶען דֶערְצוּ מִיט דִיא זֶעלְבִּיגֶע קָרְבָּנוֹת וָואס זַייא זֶענֶען
בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַלֶע יָאהְר מַקְרִיב. 2 וָוארִין אַזוֹי אוֹיף אֵיין אוֹפָן וָואלְטֶען זַייא
נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט מַקְרִיב צוּ זַיין, וֵוייל דִיא אַנְבֶּעטֶער וָואס זֶענֶען אֵיין מָאל גֶערֵיי-
נִיגְט גֶעוָוארֶען וָואלְטֶען נִיט מֶעהְר קֵיין גֶעוִויסֶען פוּן זִינְד גֶעהַאט? 3 אָבֶּער
אִין זַייא אִיז יֶעדֶעס יָאהְר דֶערְמָאהְנוּנְג פוּן זִינְד. 4 וָוארִין עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ
אַז דָאס בְּלוּט פוּן אָקְסֶען אוּן צִיגֶען זָאל זִינְד אַוֶועקְנֶעמֶען. 5 דְרוּם וֶוען עֶר
קוּמְט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין זָאגְט עֶר,

קָרְבָּנוֹת אוּן שְׁפֵּייזְאָפְּפֶער הָאסְט דוּא נִיט גֶעוָואלְט, אָבֶּער אַ לֵייבּ
הָאסְט דוּא מִיר אָנְגֶעבְּרֵייט;
6 בְּרַאנְדְאָפְּפֶער אוּן זִינְדְאָפְּפֶער זֶענֶען דִיר נִיט גֶעפֶעלִיג.
7 דַאן הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ קוּם, אִין דֶער מְגִלָּה פוּן דֶעם בּוּךְ
אִיז עֶס וֶועגֶען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען,
דֵיין וִוילֶען צוּ טְהוּן, אָ גָאט.

8 וֶוען עֶר אוֹיבֶּען זָאגְט, קָרְבָּנוֹת אוּן שְׁפֵּייזְאָפְּפֶער אוּן בְּרַאנְדְאָפְּפֶער אוּן זִינְד-
אָפְּפֶער הָאסְט דוּא נִיט גֶעוָואלְט, אוּן זַייא זֶענֶען דִיר נִיט גֶעפֶעלֶען, וֶועלְכֶע
מֶען הָאט נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען; 9 דַאן זָאגְט עֶר, זֶעה, אִיךְ קוּם
דֵיין וִוילֶען צוּ טְהוּן. עֶר נֶעמְט אַוֶועק דָאס עֶרְשְׁטֶע, כְּדֵי עֶר זָאל דָאס
צְווייטֶע בֶּעגְרִינְדֶען. 10 אִין וֶועלְכֶען וִוילֶען זֶענֶען מִיר גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם
אָפְּפֶער פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אֵיין אֵיינְצִיגֶעס מָאל.

11 אוּן יֶעדֶער כֹּהֵן שְׁטֶעהְט טֶעגְלִיךְ אִין דֶער עֲבוֹדָה, אוּן אִיז אָפְּט מַקְרִיב
דִיא זֶעלְבִּיגֶע קָרְבָּנוֹת, וָואס קֶענֶען נִיט קֵיין מָאל זִינְד אַוֶועקְנֶעמֶען. 12 אָבֶּער דִיזֶער,
וֶוען עֶר הָאט אֵיין קָרְבָּן מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען פַאר דִיא זִינְד אוֹיף עֶבִּיג, הָאט זִיךְ
גֶעזֶעצְט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט, 13 אוּן פוּן אַצוּנְד אָן וַוארְטֶעט עֶר
בִּיז זֵיינֶע פֵיינְד זֶענֶען גֶעמַאכְט פַאר אַ פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ זֵיינֶע פִיס. 14 וָוארִין דוּרְךְ
אֵיין קָרְבָּן הָאט עֶר אוֹיף עֶבִּיג פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט דִיא וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט.
15 אוּן דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ גִיבְּט אוּנְז אוֹיךְ עֵדוּת; וָוארִין נָאכְדֶעם עֶר הָאט
גֶעזָאגְט,

16 דָאס אִיז דֶער בּוּנְד וָואס אִיךְ וֶועל מִיט זַייא מַאכֶען
נָאךְ יֶענֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר,
אִיךְ וֶועל מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע גֶעבֶּען אוֹיף זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער, אוּן אוֹיף זֵייעֶר
פֶערְשְׁטַאנְד וֶועל אִיךְ זַייא אָנְשְׁרֵייבֶּען,
17 אוּן זֵייעֶרֶע זִינְד אוּן זֵייעֶרֶע אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְגֶען וֶועל אִיךְ נִיט
מֶעהְר גֶעדֶענְקֶען.

18 נוּן וְואוּ עֶס אִיז פַארְהַאנֶען פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן דִיזֶע זַאכֶען, דָארְט אִיז נִיט מֶעהְר
פַארְהַאנֶען קֵיין קָרְבָּן פַאר זִינְד.

19 דְרוּם בְּרִידֶער, וֵוייל מִיר הָאבֶּען אַ בִּטָחוֹן אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען
אָרְט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן יֵשׁוּעַ, 20 דוּרְךְ דֶעם נֵייעֶן אוּן לֶעבֶּענְדִיגֶען וֶועג

5-7 תהלים מ׳ ז׳-ט׳, 13 תהלים קי׳ א׳, 16-17 ירמיה לא׳ לג׳, לד׳.

וָואס עֶר הָאט פַאר אוּנְז מְחַנֵךְ גֶעוֶוען דוּרְךְ דֶעם פָּרוֹכֶת, דָאס הֵייסְט זַיין
פְלֵייש, 21 אוּן וַוייל מִיר הָאבֶּען אַ כֹּהֵן גָדוֹל אִיבֶּער דֶעם הוֹיז פוּן גָאט,
22 לָאזֶען מִיר אֵיינְטְרֶעטֶען מִיט אַ וָואהְרֶען הַארְץ אִים פָאלֶען גְלוֹיבֶּען,
אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְט פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען גֶעוִויסֶען אוּן אוּנְזֶערֶע
לֵייבֶּער גֶעוַואשֶׁען מִיט רֵיין וַואסֶער. 23 לָאזֶען מִיר פֶעסְט הַאלְטֶען אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ
דָאס בֶּעקֶענְטְנִיס פוּן אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג, וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער הָאט דִיא הַבְטָחָה
גֶעגֶעבֶּען אִיז גֶעטְרֵייא. 24 אוּן לָאזֶען מִיר בֶּעטְרַאכְטֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
אוֹיפְצוּאֵייפֶערְן צוּ לִיבֶּע אוּן גוּטֶע מַעֲשִׂים, 25 אִינְדֶעם מִיר פֶערְלָאזֶען נִיט
אוּנְזֶער צוּזַאמֶענְקוּמֶען, גְלֵייךְ וִויא עֶס אִיז דֶער מִנְהַג פוּן עֶטְלִיכֶע, נֵייעֶרְט מִיר
דֶערְמָאהְנֶען אוּנְז, אוּן נָאךְ מֶעהְר אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶעהְט דֶעם טָאג נָאהֶענְט קוּמֶען.
26 וָוארִין וֶוען מִיר זִינְדִיגֶען מוּטְוִוילִיג נָאכְדֶעם מִיר הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען דִיא
דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט, בְּלֵייבְּט נִיט מֶעהְר אִיבֶּער קֵיין קָרְבָּן פַאר
זִינְד; 27 נֵייעֶרְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶעס וַוארְטֶען אוֹיף מִשְׁפָּט אוּן פֵייעֶרְדִיגֶע קִנְאָה וָואס וֶועט
דִיא וִוידֶערְשְׁטֶעהֶענְדִיגֶע פֶערְצֶעהְרֶען. 28 וֶוען אֵיימִיצֶער אִיז עוֹבֵר גֶעוֶוען דִיא
תּוֹרַת מֹשֶׁה, אִיז עֶר אָהְן רַחֲמָנוּת גֶעשְׁטָארְבֶּען דוּרְךְ צְווֵייא אָדֶער דְרֵייא
עֵדוּת; 29 וִויא פִיל עֶרְגֶערֶע שְׁטְרָאף, מֵיינְט אִיהְר, וֶועט דֶער וֶוערְט זַיין וָואס
הָאט גֶעטְרֶעטֶען מִיט דִיא פִיס דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, אוּן הָאט פַאר אַ
גֶעמֵיינֶע זַאךְ גֶעהַאלְטֶען דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם בּוּנְד, אִין וֶועלְכֶען עֶר אִיז
גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶער גְנָאד גֶעלֶעסְטֶערְט.
30 וָוארִין מִיר קֶענֶען דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט, דִיא נְקָמָה אִיז מֵיין, אִיךְ
וֶועל פֶערְגֶעלְטֶען; אוּן וִוידֶער, דֶער הַאר וֶועט זַיין פָאלְק רִיכְטֶען. 31 עֶס אִיז
אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע זַאךְ אַרֵיין צוּ פַאלֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט.
32 אָבֶּער גֶעדֶענְקְט דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע טֶעג, אִין וֶועלְכֶע אִיהְר זֶענְט דֶערְלֵייכְ־
טֶעט גֶעוֶוען, אוּן הָאט אַ גְרוֹיסֶען קַאמְפְּף פוּן לֵיידֶען אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען; 33 צוּם
טְהֵייל וֶוען אִיהְר זֶענְט דוּרְךְ חַרְפּוֹת אוּן צָרוֹת צוּם אָנְזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, אוּן
צוּם טְהֵייל וֶוען אִיהְר זֶענְט חַבֵרִים גֶעוָוארֶען פוּן דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען אַזוֹי
בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוֶוען. 34 וָוארִין אִיהְר הָאט מִיטְלֵייד גֶעהַאט מִיט דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע,
אוּן אִיהְר הָאט מִיט פְרֵייד דֶעם רוֹיב פוּן אֵייעֶרֶע גִיטֶער צוּגֶעזֶעהֶען, אִינְדֶעם
אִיהְר וֵוייסְט אַז אִיהְר הָאט זֶעלְבְּסְט אַ בֶּעסֶערֶעס אוּן בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶעס אֵייגֶענְ־
טְהוּם. 35 דְרוּם פֶערְוַוארְפְט נִיט אֵייעֶר בִּטָחוֹן וָואס הָאט אַ גְרוֹיסֶען שָׂכָר.
36 וָוארִין אִיהְר בֶּעדַארְפְט גֶעדוּלְד הָאבֶּען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט טְהוּן דֶעם וִוילֶען פוּן
גָאט, אוּן זָאלְט דִיא הַבְטָחָה דֶערְהַאלְטֶען.

37 וָוארִין עֶס אִיז נָאךְ אַ קְלֵיינֶע וַוײלֶע,
דֶער וֶועלְכֶער קוּמְט וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט זִיךְ נִיט פֶערְזָאמֶען;
38 אָבֶּער מֵיין צַדִיק וֶועט דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען לֶעבֶּען,
אוּן וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ צוּרִיקְצִיהֶען, מֵיינֶע זֶעלֶע הָאט אִין אִיהְם
קֵיין נַחַת.

דברים לב׳ לה׳, לו׳, 30 חבקוק ב׳ ג׳, ד׳: ישעיה כו׳ כ׳, 38

39 אָבֶער מִיר זֶענֶען נִיט פוּן דִיא וָואס זִיךְ צוּרִיקְצִיהֶען צוּם פֶערְדַארְבֶּען,
נֵייעֶרְט פוּן דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען צוּ דֶער רֶעטוּנְג פוּן דֶער זֶעלֶע.
יא 1 נוּן גְלוֹיבֶּען אִיז דֶער בִּטָחוֹן פוּן דִיא זַאכֶען אוֹיף וֶועלְכֶע מֶען הָאפְט,
דֶער בֶּעווַייז פוּן דִיא זַאכֶען וָואס מֶען זֶעהְט נִיט. 2 וָוארִין דֶרִינֶען הָאבֶּען דִיא
זְקֵנִים דָאס צֵיינְנִים דֶערְהַאלְטֶען. 3 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיר, אַז דִיא
וֶועלְטֶען זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אָנְגֶעבְּרֵייט, אַזוֹי אַז דָאס וָואס מֶען
זֶעהְט אִיז נִיט גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען פוּן זַאכֶען וָואס עֶרְשַׁיינֶען. 4 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען
הָאט הֶבֶל מַקְרִיב גֶעוֶוען צוּ גָאט אַ בֶּעסֶערֶען קָרְבָּן וִויא קַיִן, דוּרְךְ וֶועלְכֶען
עֶס אִיז אִיהְם עֵדוּת גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר אִיז אַ צַדִיק גֶעוֶוען, אִינְדֶעם גָאט בֶּעַ־
צֵייגְט אוֹיף זֵיינֶע מַתָּנוֹת, אוּן דוּרְךְ דֶעם רֶעט עֶר נָאךְ אַפִּילוּ עֶר אִיז טוֹיט.
5 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אִיז חֲנוֹךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אַז עֶר זָאל נִיט דֶעם טוֹיט
זֶעהֶען, אוּן אִיז נִיט גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען, וַוייל גָאט הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶענוּמֶען;
וָוארִין פָאר זַיין אַוֶועקְנֶעמֶען הָאט עֶר דָאס צֵיינְנִיס גֶעהַאט אַז עֶר הָאט גָאט וְואוֹילְ־
גֶעפֶעלֶען. 6 אָבֶער אָהְן גְלוֹיבֶּען אִיז עֶס אוּנְמֶעגְלִיךְ אִיהְם צוּ גֶעפֶעלֶען; וָוארִין
דֶער וָואס קוּמְט צוּ גָאט מוּז גְלוֹיבֶּען אַז עֶר אִיז, אוּן אַז עֶר אִיז אַ פֶערְגֶעלְ־
טֶער צוּ דִיא וָואס זוּכֶען אִיהְם. 7 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט נֹחַ, וֶוען עֶר הָאט אַ
וָוארְנוּנְג פוּן גָאט בֶּעקוּמֶען וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס מֶען הָאט נָאךְ נִיט
גֶעזֶעהֶען, בֶּעוֶועגְט מִיט גֶעטְלִיכֶע פָארְכְט אַ תֵּבָה צוּגֶעבְּרֵייט פַאר דֶער
רֶעטוּנְג פוּן זֵיינֶעם הוֹיז, דוּרְךְ וֶועלְכֶעם עֶר הָאט דִיא וֶועלְט בֶּעשׁוּלְדִיגְט, אוּן אִיז
אַ יוֹרֵשׁ גֶעוָוארֶען פוּן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז נָאךְ גְלוֹיבֶּען. 8 דוּרְךְ
גְלוֹיבֶּען אַבְרָהָם וֶוען עֶר אִיז בֶּערוּפֶען גֶעוָוארֶען הָאט גֶעהָארְכְט אוֹיסְצוּגֶעהֶען
אִין אֵיין אָרְט וֶועלְכֶען עֶר זָאל דֶערְנָאךְ פַאר אַ יְרוּשָׁה דֶערְהַאלְטֶען; אוּן
עֶר אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אָהְן צוּ וִויסֶען וְואוּ אַהִין עֶר וֶועט גֶעהֶען. 9 דוּרְךְ גְלוֹי־
בֶּען הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִים לַאנְד פוּן דֶער הַבְטָחָה אַזוֹי וִויא אִין
אַ פְרֶעמְדֶען לַאנְד, אוּן הָאט אִין גֶעצֶעלְטֶען גֶעווְאוֹינְט מִיט יִצְחָק אוּן יַעֲקֹב דִיא
יוֹרְשִׁים מִיט אִיהְם פוּן דִיא זֶעלְבִּיגֶע הַבְטָחָה. 10 וָוארִין עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף
אַ שְׁטָאדְט וָואס הָאט אַ גְרוּנְד, דֶערְפוּן דֶער בּוֹימֵייסְטֶער אוּן בֶּעשֶׁעפֶער אִיז
גָאט. 11 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט אַפִּילוּ שָׂרָה קְרַאפְט בֶּעקוּמֶען מְעוּבֶּרֶת צוּ וֶוערֶען,
חָאטְשֶׁע זִיא אִיז אִיבֶּער אִיהְר עֶלְטֶער גֶעוֶוען, וַוייל זִיא הָאט דֶעם גֶעטְרֵייא
גֶעהַאלְטֶען וֶועלְכֶער הָאט דִיא הַבְטָחָה גֶעגֶעבֶּען. 12 דְרוּם אִיז עֶס אוֹיךְ פוּן אֵיינֶעם
גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען וָואס אִיז אַזוֹי גוּט וִויא טוֹיט גֶעוֶוען, גְלֵייךְ אַזוֹי פִיל וִויא
דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּן וִויא דֶער זַאנְד וָואס אִיז בֵּייא דֶעם
בָּארְטֶען פוּן יַם אָהְן אַ צָאהְל.
13 דִיזֶע אַלֶע זֶענֶען אִין גְלוֹיבֶּען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן הָאבֶּען נִיט דִיא הַבְטָחוֹת
דֶערְהַאלְטֶען, נֵייעֶרְט הָאבֶּען זֵייא פוּן וַוייטֶען גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעגְרִיסְט, אוּן
הָאבֶּען בֶּעקֶענְט אַז זֵייא זֶענֶען פְרֶעמְדֶע אוּן גֶעסְט גֶעוֶוען אוֹיף דֶער עֶרְד.
14 וָוארִין דִיא וָואס זָאגֶען אַזֶעלְכֶע זַאכֶען צֵייגֶען קְלָאר אָן אַז זֵייא זוּכֶען אַ
פָאטֶערְלַאנְד. 15 אוּן וֶוען זֵייא וָואלְטֶען גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם לַאנְד פוּן וֶועלְכֶען

זַייא זֶענֶען אַרויסְגֶעקוּמֶען, וָואלְטֶען זַייא צַייט גֶעהַאט צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען;
16 אָבֶּער אִיצְט ווִינְשֶׁען זַייא אַ בֶּעסֶערֶעס לַאנְד, דָאס אִיז אַ הִימְלִישֶׁעס.
דְרוּם שֶׁעהְמְט זִיךְ נִיט גָאט מִיט זַייא, עֶר זָאל זִיךְ הֵייסֶען זַייעֶר גָאט; וָוארִין
עֶר הָאט זַייא אַ שְׁטָאדְט אָנְגֶעבְּרֵייט.
17 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט אַבְרָהָם מַקְרִיב גֶעוֶועֶן זַיין זוּהְן יִצְחָק, וֶוען עֶר אִיז
גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, אוּן דֶער וָואס הָאט דִיא הַבְטָחוֹת דֶערְהַאלְטֶען הָאט
מַקְרִיב גֶעוֶועֶן זַיין אֵיינְצִיגֶען זוּהְן; 18 וֶועגֶען וֶועלְכֶען עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוא־
רֶען, אַז אִין יִצְחָק וֶועט צוּ דִיר אַ זָאמֶען גֶערוּפֶען וֶוערֶען. 19 אִינְדֶעם עֶר
הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז גָאט קֶען אִיהְם אוֹיךְ פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְוֶועקֶען; פוּן
וַואנֶען עֶר הָאט אִיהְם אוֹיךְ אִים גְלֵייכְנִיס צוּרִיקְגֶענוּמֶען. 20 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען
הָאט יִצְחָק גֶעבֶּענְשְׁט יַעֲקֹב אוּן עֵשָׂו אֲפִילוּ וֶועגֶען זַאכֶען וָואס וֶועלֶען גֶעשֶׁע־
הֶען. 21 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט יַעֲקֹב בֵּיים שְׁטַארְבֶּען גֶעבֶּענְשְׁט בֵּיידֶע זִיהְן פוּן
יוֹסֵף, אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען אָנְגֶעלֶעהְנְט אָן דֶער שְׁפִּיץ פוּן זַיין שְׁטֶעקֶען. 22 דוּרְךְ
גְלוֹיבֶּען הָאט יוֹסֵף בֵּיים שְׁטַארְבֶּען גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם אוֹיסְגַאנְג פוּן דִיא
קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּן הָאט וֶועגֶען זַיינֶע בֵּיינֶער בֶּעפוֹילֶען.
23 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען, וֶוען משֶׁה אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען אִיהְם זַיינֶע
עֶלְטֶערְן דְרֵייא חֳדָשִׁים בֶּעהַאלְטֶען, ווייל זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז אַ
שֶׁעהְנֶעס קִינְד, אוּן זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן
דֶעם קֶענִיג. 24 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט משֶׁה, וֶוען עֶר אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, נִיט
גֶעוָואלְט דֶער זוּהְן פוּן דֶער טָאכְטֶער פוּן פַּרְעֹה גֶערוּפֶען וֶוערֶען; 25 אִינְדֶעם עֶר
הָאט גֶעוֶועהְלְט לִיבֶּער מִיט דֶעם פָאלְק פוּן גָאט צוּ לֵיידֶען, אֵיידֶער דָאס
צֵייטְלִיכֶע פֶערְגְנִיגֶען פוּן זִינְד צוּ דֶערְהַאלְטֶען; 26 אוּן עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט
דִיא חֶרְפָּה פוּן מָשִׁיחַ פַאר אַ גְרֶעסֶערֶעס עֲשִׁירוּת ווִיא דִיא אוֹצְרוֹת פוּן מִצְרַיִם;
וָוארִין עֶר הָאט הִינְגֶעבְּלִיקְט אוֹיף דֶער פֶערְגֶעלְטוּנְג פוּן דֶעם שְׂכַר. 27 דוּרְךְ
גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר מִצְרַיִם פֶערְלָאזְט, אוּן הָאט זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם
צָארְן פוּן דֶעם קֶענִיג; וָוארִין עֶר הָאט אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען גְלֵייךְ ווִיא זֶעהֶענְדִיג דֶעם
וֶועלְכֶען מֶען קֶען נִיט זֶעהֶען. 28 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר פֶּסַח גֶעהַאלְטֶען אוּן
דִיא שְׁפְּרֶענְגוּנְג פוּן דֶעם בְּלוּט, כְּדֵי דֶער מַשְׁחִית פוּן דִיא בְּכוֹרִים זָאל זַייא נִיט
אָנְרִיהְרֶען. 29 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען זֶענֶען זַייא דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַם סוּף ווִיא
אִיבֶּער טְרוּקֶענֶעס לַאנְד, וָואס דִיא מִצְרִים הָאבֶּען גֶעפְּרִיפְט אוּן זֶענֶען דֶערְ־
טְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען. 30 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען זֶענֶען דִיא מוֹיעֶרְן פוּן יְרִיחוֹ אֵיינְגֶעפַא־
לֶען, נָאכְדֶעם מֶען הָאט זַייא זִיבֶּען טֶעג אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט. 31 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען
אִיז רָחָב הַזוֹנָה נִיט אוּמְגֶעקוּמֶען מִיט דִיא אוּנְגֶעהָארְכֶענְדֶע, אִינְדֶעם זִיא הָאט
דִיא מְרַגְלִים מִיט פְרִידֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען.
32 אוּן וָואס זָאל אִיךְ נָאךְ מֶעהְר זָאגֶען? וָוארִין דִיא צַייט וֶועט מִיר
פֶעהְלֶען צוּ דֶערְצֶעהְלֶען וֶועגֶען גִדְעוֹן, בָּרָק, שִׁמְשׁוֹן, יִפְתָּח, דָוִד אוּן שְׁמוּאֵל
אוּן דִיא נְבִיאִים; 33 וֶועלְכֶע דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאבֶּען קֶענִיגְרֵייכֶע אוּנְטֶערְ־
טֶענִיג גֶעמַאכְט, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶעטְהוּן, דִיא הַבְטָחוֹת דֶערְהַאלְטֶען, דִיא

מֵיילֶער פוּן לֵייבֶּען פֶערְשְׁטָאפְּט, 34 דִיא קְרַאפְט פוּן פֵייעֶר פֶערְלָאשֶׁען,
פוּן דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט אַנְטְרִינֶען, פוּן שְׁוַואכְהֵייטֶען זֶענֶען
קְרֶעפְטִיג גֶעוָוארֶען, אִין דֶער מִלְחָמָה זֶענֶען גִבּוֹרִים גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען דִיא
פְרֶעמְדֶע חַיָלוֹת פֶערְיָאגְט. 35 פְרוֹיעֶן הָאבֶּען אִיהְרֶע טוֹיטֶע דוּרְךְ תְּחִיַת
הַמֵתִים צוּרִיקְבֶּעקוּמֶען. אוּן עֶטְלִיכֶע זֶענֶען גֶעפְּלָאגְט גֶעוָוארֶען אוּן הָאבֶּען
קֵיינֶע בֶּעפְרֵייאוּנְג נִיט אָנְגֶענוּמֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַ בֶּעסֶערֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג
דֶערְהַאלְטֶען. 36 אוּן אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ שְׁפָּאט אוּן
שְׁמֵייסֶען מִיט רִיטֶער, אוּן אַפִילוּ דוּרְךְ קֶעטֶען אוּן גֶעפֶענְגְנִים. 37 זֵייא זֶענֶען
גֶעשְׁטֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, דוּרְכְגֶעזֶעגְט גֶעוָוארֶען, מִיט דֶעם
שְׁוֶוערְט גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען, זֵייא זֶענֶען אִין פֶעל פוּן שָׁאף אוּן פוּן צִיגֶען
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען, זֵייא זֶענֶען אִין דֶער נוֹיט אוּן אִין צָרוֹת גֶעוֶוען, זֶענֶען שְׁלֶעכְט
בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען, 38 פוּן וֶועלְכֶע דִיא וֶועלְט אִיז נִיט וֶוערְט גֶעוֶוען; זֵייא
הָאבֶּען אַרוּמְגֶעוַואנְדֶעלְט אִין וִויסְטֶע אָרְטֶער אוּן אוֹיף בֶּערְג אוּן אִין הֵיילֶען אוּן
לֶעכֶער פוּן דֶער עֶרְד. 39 אוּן דִיזֶע אַלֶע הָאבֶּען עֵדוּת בֶּעקוּמֶען דוּרְךְ זֵייעֶר
גְלוֹיבֶּען, דָאךְ הָאבֶּען זֵייא נִיט דִיא הַבְטָחָה דֶערְהַאלְטֶען, 40 אִינְדֶעם גָאט
הָאט עֶפֶּעס בֶּעסֶערֶעס פַאר אוּנְז פָארְאוֹיס גֶעזֶעהֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט אָהְן
אוּנְז פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט וֶוערֶען.
יב 1 דֶערְסְטְוֶוענֶען וֵוייל מִיר הָאבֶּען אַרוּם אוּנְז אַזֶעלְכֶע וָואלְקֶען פוּן עֵדוּת,
לָאזֶען מִיר אוֹיךְ אָפְּלֶעגֶען יֶעדֶע לַאסְט אוּן דִיא בֶּעהֶעפְטֶע זִינְד, אוּן לָאזֶען
מִיר לוֹיפֶען מִיט גֶעדוּלְד דֶעם לוֹיף וָואס אִיז פָאר אוּנְז גֶעזֶעצְט; 2 אוּן אוֹיפְ־
בְּלִיקֶען אוֹיף יֵשׁוּעַ, דֶער אִיז דֶער אָנְהֵייבֶּער אוּן פָאלֶענְדֶער פוּן אוּנְזֶערֶען
גְלוֹיבֶּען, וֶועלְכֶער וֶועגֶען דֶער פְרֵייד וָואס אִיז פָאר אִיהְם גֶעזֶעצְט גֶעוֶוען
הָאט דָאס קְרֵייץ דֶערְטְרָאגֶען, מִיט פֶערְאַכְטוּנְג פוּן דֶער שַׁאנְד, אוּן הָאט
זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט.
3 וָוארִין בֶּעטְרַאכְטֶעט דֶעם וֶועלְכֶער הָאט אַזֶעלְכֶען וִוידֶערְשְׁפְּרוּךְ פוּן זִינְדֶער
קֶעגֶען זִיךְ גֶעלִיטֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט מִיד וֶוערֶען אוּן נִיט שְׁוַואךְ זֵיין אִין
אֵייעֶרֶע זֶעלֶען. 4 אִיהְר הָאט נָאךְ נִיט וִוידֶערְשְׁטַאנֶען בִּיז צוּם בְּלוּט אִים
שְׁטְרֵייט קֶעגֶען דֶער זִינְד. 5 אוּן אִיהְר הָאט פֶערְגֶעסֶען דִיא וָוארְנוּנְג וָואס
רֶעט צוּ אֵייךְ וִויא צוּ זִיהְן,

מֵיין זוּהְן, פֶערְאַכְט נִיט דִיא שְׁטְרָאף פוּן דֶעם הַאר'ן,
אוּן פֶערְצַאג נִיט וֶוען דוּא בִּיסְט פוּן אִיהְם גֶעטַאדֶעלְט;
6 וָוארִין וֶועמֶען דֶער הַאר לִיבְּט דֶעם שְׁטְרָאפְט עֶר,
אוּן עֶר צִיכְטִיגְט אִיטְלִיכֶען זוּהְן דֶעם עֶר נֶעמְט אָן.

7 עֶס אִיז צוּ שְׁטְרָאף אַז אִיהְר דֶערְטְרָאגְט; הַאנְדֶעלְט גָאט מִיט אֵייךְ אַזוֹי וִויא
מִיט זִיהְן; וָוארִין וָואסְפַאר אַ זוּהְן אִיז דֶער וֶועלְכֶען זֵיין פָאטֶער שְׁטְרָאפְט
נִיט? 8 וֶוען אִיהְר זֶענְט אָהְן שְׁטְרָאף, דְרִינֶען אַלֶע הָאבֶּען אַ טְהֵייל גֶעהַאט,
אַזוֹי זֶענְט אִיהְר מַמְזֵרִים אוּן נִיט זִיהְן. 9 דֶערְצוּ מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ לֵייבְּלִיכֶע

משלי ג׳ יא׳, יב׳ 5,6

פֶעטֶער גֶעהַאט וָואס הָאבֶּען אוּנְז גֶעשְׁטְרָאפְט, אוּן מִיר הָאבֶּען מוֹרָא פַאר
זֵייא גֶעהַאט. זָאלֶען מִיר נִיט פִּיל מֶעהְר אוּנְטֶערְטֶענִיג זֵיין צוּ דֶעם פָאטֶער
פוּן דִיא גֵייסְטֶער אוּן לֶעבֶּען? 10 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אוּנְז גֶעשְׁטְרָאפְט פַאר
עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ זֵייעֶר גֶעפֶעלֶען; אָבֶּער עֶר טְהוּט עֶס צוּ אוּנְזֶער גוּטֶען, כְּדֵי
מִיר זָאלֶען אַ טְהֵייל הָאבֶּען אִין זֵיינֶער הֵיילִיגְקֵייט. 11 קֵיינֶע שְׁטְרָאף שֵׁיינְט נִיט
פְרֶעהְלִיךְ צוּ זֵיין פַאר דִיא אִיצְטִיגֶע צֵייט, נֵייעֶרְט טְרוֹירִיג; אָבֶּער דֶערְנָאךְ בְּרֶענְגְט
זִיא דִיא פְרִידְלִיכֶע פְרוּכְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען דְרִינֶען גֶעאִיבְּט.
12 דְרוּם רִיכְטֶעט אוֹיף דִיא שְׁלַאפֶע הֶענְד אוּן דִיא קְנִיעֶן וָואס שְׁטְרוֹיכְלֶען
זִיךְ, 13 אוּן מַאכְט גְלֵייךְ דִיא שְׁטֶעגֶען פַאר אֵייעֶרֶע פִּיס, כְּדֵי דָאס הִינְקֶענְ־
דִיגֶע זָאל זִיךְ נִיט אָפְּקֶעהְרֶען פוּן דֶעם וֶועג, נֵייעֶרְט עֶס זָאל לִיבֶּער גֶעהֵיילְט
וֶוערֶען. 14 יָאגְט נָאךְ דֶעם פְרִידֶען מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען אוּן הֵיילִיגְקֵייט, אָהְן
וֶועלְכֶער וֶועט קֵיינֶער דֶעם הַאר׳ן נִיט זֶעהֶען; 15 אוּן גִיבְּט אַכְטוּנְג
אַז קֵיינֶער זָאל נִיט צוּרִיקְבְּלֵייבֶּען פוּן דֶער גְנָאד פוּן גָאט, אַז עֶס זָאל נִיט
אַרוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען אַ וָואוּרְצֶעל פוּן בִּיטֶערְקֵייט אֵייךְ צוּ בֶּעטְרִיבֶּען, אוּן דוּרְךְ
דֶעם זָאלֶען פִילֶע בֶּעפְלֶעקְט וֶוערֶען; 16 אַז עֶס זָאל נִיט זֵיין אַ נוֹאֵף אָדֶער
חָלָל וִויא עֵשָׂו, וָואס הָאט פַאר אַ שְׁפֵּייז זֵיינֶע בְּכוֹרָה פֶערְקוֹיפְט. 17 וָוארִין
אִיהְר ווֵייסְט אַז דֶערְנָאךְ וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט יַרְשֶׁענֶען דִיא בְּרָכָה, אִיז עֶר
פֶערְוָוארְפֶען גֶעוֶועזֶען; וָוארִין עֶר הָאט קֵיינֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט פוּן תְּשׁוּבָה גֶעפִינֶען,
וֶוען אַפִילוּ עֶר הָאט זִיא מִיט טְרֶערֶען גֶעזוּכְט.
18 וָוארִין אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען נִיט צוּ אַ בַּארְג וָואס קֶען אָנְגֶערִיהְרְט וֶוערֶען,
אוּן וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּן צוּ דוּנְקֶעלֶע וָואלְקֶען אוּן פִינְסְטֶערְנִיס
אוּן שְׁטוּרְם, 19 אוּן צוּם שַׁאלְל פוּן אַ שׁוֹפָר, אוּן צוּם קוֹל פוּן וֶוערְטֶער, וָואס
דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אַז דָאס וָוארְט זָאל נִיט
מֶעהְר צוּ זֵייא גֶערֶעט וֶוערֶען; 20 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אוֹיסְהַאלְ־
טֶען דָאס וָואס אִיז גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען, אַפִילוּ וֶוען אַ בְּהֵמָה וֶועט דֶעם בַּארְג
אָנְרִיהְרֶען זָאל זִיא פֶערְשְׁטֵיינִיגְט וֶוערֶען. 21 אוּן דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען
אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ, אַז מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ שְׁטַארְק מוֹרָא אוּן בִּין זֶעהְר
דֶערְשְׁרָאקֶען. 22 נֵייעֶרְט אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג צִיוֹן, אוּן צוּ דֶער
שְׁטָאדְט פוּן דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאט, צוּ דֶעם הִימְלִישֶׁען יְרוּשָׁלַיִם, אוּן צוּ צֶעהְן
טוֹיזֶענְד פוּן מַלְאָכִים, 23 צוּ דִיא אַלְגֶעמֵיינֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אוּן קְהִלָּה פוּן
עֶרְשְׁטְגֶעבּוֹירֶענֶע, וָואס זֶענֶען אִים הִימֶעל אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען, אוּן צוּ גָאט דֶעם
רִיכְטֶער פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּן צוּ דִיא גֵייסְטֶער פוּן דִיא פָאלְקָאמֶענְדִיגֶע
צַדִיקִים, 24 אוּן צוּ יֵשׁוּעַ דֶעם פֶערְמִיטְלֶער פוּן אַ נֵייעֶן בּוּנְד, אוּן צוּם בְּלוּט
פוּן שְׁפְּרֶענְקְלוּנְג, וָואס רֶעט בֶּעסֶערֶע זַאכֶען וִויא דָאס פוּן הֶבֶל.
25 זֶעהְט צוּ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערַאכְטֶען דֶעם רֶעדְנֶער; וָוארִין וֶוען דִיא
זֶענֶען נִיט אַנְטְרִינֶען וָואס הָאבֶּען פֶערַאכְטֶעט דֶעם וָואס הָאט אוֹיף דֶער עֶרְד
גֶערֶעט, וִויא פִיל מֶעהְר וֶועלֶען מִיר נִיט אַנְטְרִינֶען, וֶועלְכֶע אָפְּקֶעהְרֶען

שמות יט׳ יג׳, 20 — דברים ט׳ יט׳, 21

פוּן דֶעם וֶועלְכֶער רֶעט פוּן דֶעם הִימֶעל. 26 וֶועמֶעס קוֹל הָאט דַאן דִיא
עֶרְד צִיטֶערְן גֶעמַאכְט, אָבֶּער אִיצְט הָאט עֶר פֶערְשְׁפְּרָאכֶען אוּן גֶעזָאגְט, נָאךְ
אַמָאל וֶועל אִיךְ בֶּעוֶועגֶען נִיט נוּר דִיא עֶרְד, נַייעֶרְט אוֹיךְ דֶעם הִימֶעל. 27 אוּן
דָאס וָוארְט, נָאךְ אַמָאל, צֵייגְט אָן דִיא פֶערֶענְדֶערוּנְג פוּן דִיא וָואס זֶענֶען
גֶעצִיטֶערְט, וִויא פוּן זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעמַאכְט, כְּדֵי דִיא וָואס זֶענֶען נִיט
גֶעצִיטֶערְט זָאלֶען בְּלֵייבֶּען. 28 דֶעסְטְוֶועגֶען אִינְדֶעם מִיר דֶערְהַאלְטֶען אַ קֶענִיגְ־
רֵייךְ וָואס אִיז נִיט בֶּעוֶועגְט, לָאזֶען מִיר גְנָאד הָאבֶּען דוּרְךְ דֶער מִיר זָאלֶען
גָאט וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג דִינֶען, מִיט עֶהְרְלִיכְקֵייט אוּן פָארְכְט. 29 וָוארִין אוּנְזֶער גָאט
אִיז אוֹיךְ אַ פֶערְצֶעהְרֶענְדֶעם פֵייעֶר.

יג 1 לָאז דִיא בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבֶּע בְּלֵייבֶּען. 2 פֶערְגֶעסְט נִיט הַכְנָסַת אוֹרְחִים;
וָוארִין דוּרְךְ דֶער הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע, אָהְן צוּ וִויסֶען, מַלְאָכִים אוֹיפְגֶענוּמֶען.
3 גֶעדֶענְקְט אָן דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפַאנְגֶען גְלֵייךְ וִויא אִיהְר זֶענְט מִיטְגֶעפַאנְ־
גֶענֶע, אָן דִיא וָואס זֶענֶען שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט גְלֵייךְ וִויא אִיהְר אַלֵיין זֶענְט
אוֹיךְ אִים לֵייב. 4 לָאז דֶער חֲתוּנָה שְׁטַאנְד צְווִישֶׁען אַלֶע אִין כָּבוֹד גֶעהַאלְטֶען
זֵיין, אוּן דָאס בֶּעט נִיט אִין חִלוּל גֶעמַאכְט; וָוארִין זוֹנִים אוּן הוּרֶער וֶועט גָאט
רִיכְטֶען. 5 לָאז אֵייעֶרֶע לֶעבֶּענְסְאַרְט אָהְן גֶעלְדְלִיבֶּע זֵיין, זֵייט צוּפְרִידֶען מִיט
דֶעם וָואס אִיהְר הָאט; וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיר אוֹיף קֵיין אוֹפָן
נִיט פֶעהְלֶען אוּן אִיךְ וֶועל דִיךְ בְּשׁוּם אוֹפָן נִיט פֶערְלָאזֶען. 6 אַזוֹי אַז מִיר
קֶענֶען מִיט בִּטָחוֹן זָאגֶען

דֶער הַאר אִיז מֵיין הֶעלְפֶער, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט פָארְכְטֶען;
וָואס וֶועט מִיר אַ מֶענְשׁ טְהוּן?

7 גֶעדֶענְקְט אַן אֵייעֶרֶע פִיהְרֶער, דִיא וָואס הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶערֶעט דָאס
וָוארְט פוּן גָאט, אוּן בֶּעטְרַאכְטֶעט דֶעם אוֹיסְגַאנְג פוּן זֵייעֶר וַואנְדְלֶען, אוּן
פָאלְגְט נָאךְ זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען. 8 יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶע נֶעכְטֶען אוּן
הֵיינְט אוּן אוֹיף עֶבִּיג. 9 זֵייט נִיט אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע אוּן פְרֶעמְ־
דֶע לֶעהְרֶען; וָוארִין עֶס אִיז גוּט אַז דָאס הַארְץ זָאל בֶּעפֶעסְטִיגְט זֵיין מִיט
גְנָאד, נִיט דוּרְךְ שְׁפֵּייזֶען וָואס נוּצְטֶען נִיט צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ דֶערְמִיט
בֶּעשֶׁעפְטִיגְט. 10 מִיר הָאבֶּען אַ מִזְבֵּחַ, פוּן דֶעם דִיא וָואס דִינֶען פַאר דֶעם
מִשְׁכָּן הָאבֶּען נִיט קֵיין רֶעכְט דֶערְפוּן צוּ עֶסֶען. 11 וָוארִין דִיא לֵייבֶּער פוּן
יֶענֶע בְּהֵמוֹת, פוּן וֶועלְכֶע דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט דָאס בְּלוּט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט
אִים הֵיילִיגֶען אָרְט פַאר זִינְד, זֶענֶען אוֹיסֶער דֶעם לַאגֶער פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען.
12 דְרוּם הָאט אוֹיךְ יֵשׁוּעַ גֶעלִיטֶען אוֹיסֶער דֶעם טוֹיעֶר, כְּדֵי עֶר זָאל דָאס
פָאלְק הֵיילִיגֶען דוּרְךְ זֵיין אֵייגֶענֶען בְּלוּט. 13 דֶעסְטְוֶועגֶען לָאזֶען מִיר גֶעהֶען צוּ
אִיהְם אַרוֹיס אוֹיסֶער דֶעם לַאגֶער, אוּן טְרָאגֶען זֵיינֶע שַׁאנְד. 14 וָוארִין מִיר
הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע שְׁטָאדְט דָא וָואס בְּלֵייבְּט, נַייעֶרְט מִיר זוּכֶען דִיא וָואס וֶועט
קוּמֶען. 15 דְרוּם דוּרְךְ אִיהְם לָאזֶען מִיר בֶּעשְׁטֶענְדִיג מַקְרִיב זֵיין אַ קָרְבָּן פוּן
לוֹיב צוּ גָאט, דָאס הֵייסְט דִיא פְרוּכְט פוּן אוּנְזֶערֶע לִיפֶּען, וֶועלְכֶע זֶענֶען

26 חגי ב׳ ו׳. 5 יהושע א׳ ה׳. 6 תהלים קיח׳ ו׳.

מוֹרֶה צוּ זֵיין נָאמֶען. 16 אָבֶּער וֶועגֶען גוּטֶעס טְהוּן אוּן גֶעמֵיינְשַׁאפְט פֶערְגֶעסְט
נִיט; וָוארִין אַזֶעלְכֶע קָרְבָּנוֹת זֶענֶען גָאט וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג.
17 הֶערְט צוּ אֵייעֶרֶע פָּארְשְׁטֶעהֶער אוּן זֵייט זֵייא אוּנְטֶערְטֶענִיג, וָוארִין זֵייא
וַואכֶען פַאר אֵייעֶרֶע זֶעלֶען, אַזוֹי וִויא דִיא וֶועלֶען וֶועלְכֶע רֶעכְנוּנְג אָפְּגֶעבֶּען, כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען דָאס טְהוּן מִיט פְרֵייד אוּן נִיט מִיט זִיפְצֶען; וָוארִין דָאס נוּצְט אֵייךְ נִיט.
18 בֶּעט פַאר אוּנְז, וָוארִין מִיר זֶענֶען פֶערְזִיכֶערְט אַז מִיר הָאבֶּען אַ גוּטֶעס
גֶעוִויסֶען, אִינְדֶעם מִיר וִוילֶען אִין אַלֶע זַאכֶען עֶהְרְלִיךְ לֶעבֶּען. 19 אוּן נָאךְ
מֶעהְר בִּין אִיךְ אֵייךְ מַזְהִיר דָאס צוּ טְהוּן, כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ גֶעשְׁווִינְדֶער
צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. 20 אוּן דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען דֶער הָאט פוּן דִיא
טוֹיטֶע אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ, דֶעם גְרוֹיסֶען פַּאסְטוּךְ פוּן דִיא
שָׁאף, אִים בְּלוּט פוּן דֶעם עֶבִּיגֶען בּוּנְד, 21 זָאל אֵייךְ פָאלְקָאמֶען מַאכֶען אִין
יֶעדֶעם גוּטֶען, כְּדֵי צוּ טְהוּן זֵיין וִוילֶען, אִינְדֶעם עֶר ווִירְקְט אִין אֵייךְ דָאס וָואס אִיז
פָּאר אִיהְם וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ; צוּ אִיהְם זָאל דִיא הֶערְלִיכְקֵייט
זֵיין פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט, אָמֵן.
22 נוּן בִּין אִיךְ אֵייךְ מַזְהִיר בְּרִידֶער דֶערְטְרָאגְט דָאס וָוארְט פוּן וָוארְנוּנְג;
וָוארִין אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ אִין קוּרְצֶען גֶעשְׁרִיבֶּען. 23 אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז
אוּנְזֶער בְּרוּדֶער טִימוֹתִיוֹס אִיז פְרֵייא גֶעוָוארֶען, מִיט וֶועלְכֶעם, וֶוען עֶר וֶועט
בַּאלְד קוּמֶען, וֶועל אִיךְ אֵייךְ זֶעהֶען.
24 גְרִיסְט אַלֶע אֵייעֶרֶע פָּארְשְׁטֶעהֶער אוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע. דִיא וָואס זֶענֶען פוּן
אִיטַלְיָא גְרִיסֶען אֵייךְ.
25 גְנָאד זָאל זֵיין מִיט אֵייךְ אַלֶע; אָמֵן.

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יַעֲקֹב.

---

1 יַעֲקֹב, אַ קְנֶעכְט פוּן גָאט אוּן פוּן דֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ צוּ דִיא צְוֶועלְף
שְׁבָטִים וָואס זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט אַ גְרוּס.
2 מֵיינֶע בְּרִידֶער, הַאלְט עֶס פַאר גַאנְצֶע פְרֵייד וֶוען אִיהְר זֶענְט גֶעפְּרִיפְט
מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע פְּרִיפוּנְגֶען; 3 אִינְדֶעם אִיהְר וֵוייסְט אַז דִיא פְּרִיפוּנְג פוּן אֵייעֶר
גְלוֹיבֶּען ווִירְקְט גֶעדוּלְד. 4 אָבֶּער לָאז דִיא גֶעדוּלְד הָאבֶּען אִיהְר גַאנְצֶעס
וֶוערְק, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גַאנְץ אוּן פָאלְקָאמֶען זֵיין אוּן זָאלְט גָאר נִיט בֶּעדַארְ-
פֶען. 5 וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ בֶּעדַארְפְט חָכְמָה, לָאז עֶר עֶס בֶּעטֶען פוּן גָאט,
דֶער גִיבְּט פְרֵייא צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּן שֶׁעלְט קֵיינֶעם; אוּן עֶס וֶועט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. 6 אָבֶּער לָאז עֶר בֶּעטֶען אִין גְלוֹיבֶּען, אוּן לָאז עֶר נִיט
צְוֵוייפְלֶען; וָוארִין דֶער וָואס צְוֵוייפֶעלְט אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ וֶועלֶע פוּן דֶעם יַם וָואס
אִיז פוּן דֶעם ווִינְד אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען אוּן גֶעשְׁטוֹיסֶען. 7 וָוארִין לָאז נִיט יֶענֶער

מֵיינֶען אַז עֶר װֶעט עֶפֶּעס פוּן דֶעם האַר'ן דֶערְהַאלְטֶען; 8 װֶעלְכֶער אִיז אַ
מַאן צוּטְהֵיילְט אִים הַארְץ, אוּנְבֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין אַלֶע זֵיינֶע װֶעגֶען. 9 אָבֶּער
לָאז זִיךְ רִיהְמֶען דֶער דֶעמִיטְהִיגֶע בְּרוּדֶער װֶען עֶר אִיז דֶערְהֵייכְט; 10 אָבֶּער
דֶער רֵייכֶער װֶען עֶר אִיז דֶערְנִידְרִיגְט, װָארִין גְלֵייךְ װִיא אַ בְּלוּם פוּן דֶעם
גְרָאז אַזוֹי װֶעט עֶר פֶערְגֶעהֶען. 11 װָארִין דִיא זוּן גֶעהְט אוֹיף מִיט דֶעם גְלִיהֶענְדִי־
גֶען װִינְד, אוּן פֶערְװֶעלְקְט דָאס גְרָאז, אוּן דִיא בְּלוּם דֶערְפוּן פַאלְט אַװֶעק,
אוּן דִיא שֶׁעהְנֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז פֶערְדָארְבֶּען; אַזוֹי װֶעט אוֹיךְ דֶער רֵייכֶער
פֶערְצֶעהְרְט װֶערֶען אִין זֵיינֶע װֶעגֶען.

12 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער מַאן װָאס בֶּעשְׁטֶעהְט אִין נִסָיוֹן, װָארִין װֶען עֶר הָאט
פְּרִיפוּנְג בֶּעשְׁטַאנֶען, װֶעט עֶר דֶערְהַאלְטֶען דִיא קְרוֹין פוּן לֶעבֶּען, װָאס דֶער
הַאר הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ דִיא װֶעלְכֶע אִיהְם לִיבֶּען. 13 װֶען אֵיימִיצֶער אִיז
גֶעפְּרִיפְט לָאז עֶר נִיט זָאגֶען אִיךְ בִּין פוּן גָאט גֶעפְּרִיפְט, װָארִין גָאט אִיז נִיט
פוּן שְׁלֶעכְטֶעס גֶעפְּרִיפְט, אוּן עֶר אַלֵיין פְּרִיפְט קֵיינֶעם נִיט. 14 אָבֶּער אִיטְלִיכֶער
מַאן אִיז גֶעפְּרִיפְט װֶען עֶר אִיז פוּן זֵיינֶע אֵייגֶענֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען אַװֶעקְגֶעצוֹי־
גֶען אוּן פֶערְפִיהְרְט. 15 נָאכְדֶעם דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייט אִיז טְרָאגֶענְדִיג גֶעװָארֶען
גֶעװִינְט זִיא זִינְד, אוּן דִיא זִינְד װֶען זִיא אִיז פָאלְקָאמֶען גֶעװָארֶען גֶעװִינְט דֶעם
טוֹיט.

16 זֵייט אֵייךְ נִיט טוֹעֶה, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער. 17 יֶעדֶע גוּטֶע מַתָּנָה אוּן
יֶעדֶעס פָאלְקָאמֶענֶעס גֶעשֶׁענְק אִיז פוּן אוֹיבֶּען, אוּן קוּמְט אַרוּפּ פוּן דֶעם
פָאטֶער פוּן דִיא לִיכְט, בֵּייא דֶעם עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנֶען קֵיינֶע פֶערְעֶנְדֶערוּנְג,
אוּן נִיט קֵיין שָׁאטֶען פוּן פֶערְװֶעקְסְלוּנְג. 18 דוּרְךְ זֵיין װִילֶען הָאט עֶר אוּנְז
גֶעװִינֶען דוּרְךְ דֶעם װָארְט פוּן װָאהְרְהֵייט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זֵיין אַ מִין עֶרְשְׁטֶע
פְרוּכְט פוּן זֵיינֶע בְּרִיאוֹת.

19 אִיהְר װֵייסְט דָאס מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער. אָבֶּער לָאז אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ
גֶעשְׁװִינְד זֵיין צוּם הֶערֶען, שְׁװֶער צוּם רֶעדֶען, שְׁװֶער צוּם צָארְן; 20 װָארִין
דֶער צָארְן פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען װִירְקְט נִיט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט. 21 דְרוּם
טְהוּט אָפּ אַלֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוּן אִיבֶּערְפְלוּס פוּן שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן נֶעמְט
אָן מִיט אַ נִידְרִיגֶען גֶעמִיט דָאס אֵיינְגֶעפְלַאנְצְטֶע װָארְט, װָאס קֶען אֵייעֶרֶע
נְשָׁמוֹת רֶעטֶען. 22 אָבֶּער זֵייט טְהוּעֶר פוּן דֶעם װָארְט אוּן נִיט נוּר הֶערֶער דֶערְ־
פוּן, װֶעלְכֶע אֵייךְ אַלֵיין פֶערְפִיהְרֶען. 23 װָארִין װֶען אֵיימִיצֶער אִיז אַ הֶערֶער
פוּן דֶעם װָארְט אוּן נִיט אַ טְהוּעֶר, אִיז עֶר גְלֵייךְ צוּ אַ מַאן װָאס זֶעהְט זֵיין
נַאטִירְלִיכֶעס פָּנִים אִין אַ שְׁפִּיגֶעל; 24 װָארִין עֶר זֶעהְט זִיךְ אָן אוּן גֶעהְט אַװֶעק,
אוּן גְלֵייךְ פֶערְגֶעסְט װָאסְפַאר אַ מַאן עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען. 25 אָבֶּער דֶער װָאס
קוּקְט אַרֵיין אִים פָאלְקָאמֶען גֶעזֶעץ פוּן פְרֵייהֵייט אוּן בְּלֵייבְּט דֶערְבֵּייא, דֶער
אִיז נִיט אַ הֶערֶער װָאס פֶערְגֶעסְט, נֵייעֶרְט אַ טְהוּעֶר װָאס װִירְקְט, אוּן דִיזֶער
װֶעט גֶעבֶּענְשְׁט װֶערֶען אִין זֵיין טְהוּן.

26 װֶען אֵיימִיצֶער מֵיינְט אַז עֶר אִיז פְרוּם, אוּן הַאלְט נִיט זֵיינֶע צוּנְג אִים
צוֹים, נֵייעֶרְט פֶערְפִיהְרְט זֵיין אֵייגֶענֶעס הַארְץ, אִיז פוּן דִיזֶעם דִיא פְרוּמִיגְקֵייט

אוּמְזוּסְט. [27] רֵיינֶע פְרוּמִיגְקֵייט אִין אָהְן אַ פְלֶעק פָאר גָאט אוּן דֶעם פָאטֶער
אִיז דָאס, יְתוֹמִים אוּן אַלְמָנוֹת צוּ בֶּעזוּכֶען אִין זֵייעֶרֶע צָרוֹת, אוּן זִיךְ צוּ
הַאלְטֶען אוּנְבֶּעפְלֶעקְט פוּן דֶער וֶועלְט.

ב [1] מֵיינֶע בְּרִידֶער, הַאלְט נִיט דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן פוּן הֶערְ־
לִיכְקֵייט יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ מִיט אָנְזֶעהֶען פוּן פָּנִים. [2] וָוארִין וֶוען עֶס קוּמְט אַרַיין
אִין אֵייעֶרֶעם בֵּית הַכְּנֶסֶת אַ מַאן מִיט אַ גָאלְדֶענֶען רִינְג אִין אַ פֵיינֶען קְלֵייד,
אוּן עֶס קוּמְט אַרַיין אוֹיךְ אֵיין אָרְמֶער מַאן אִין אַ מִיאוּסֶען קְלֵייד, [3] אוּן אִיהְר
וֶוענְט נוֹשֵׂא פָּנִים דֶעם וָואס אִיז אָנְגֶעטְהוּן אִים פֵיין קְלֵייד, אוּן זָאגְט צוּ אִיהְם,
זֶעץ דִיךְ דָא אִים גוּטֶען פְלַאץ, אוּן צוּ דֶעם אָרְמֶען זָאגְט אִיהְר, דוּא שְׁטֶעה
דָארְט, אָדֶער זֶעץ דִיךְ אוּנְטֶער מֵיינֶע פוּסְבֶּענְקֶעל, [4] וֶוענְט אִיהְר נִיט
אִין אֵייעֶרֶע דֵעוֹת גֶעטְהֵיילְט, אוּן וֶוענְט רִיכְטֶער גֶעוָוארֶען פוּן שְׁלֶעכְטֶע
גֶעדַאנְקֶען?

[5] הֶערְט צוּ, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער. הָאט נִיט גָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט דִיא
אָרְמֶע לֵייט פוּן דֶער וֶועלְט רֵייךְ אִים גְלוֹיבֶּען צוּ זַיין אוּן יוֹרְשִׁים פוּן דֶעם
קֶענִיגְרֵייךְ וָואס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם? [6] אָבֶּער אִיהְר
הָאט דִיא אָרְמֶע לֵייט מְבַזֶּה גֶעוֶוען. זֶענֶען עֶס נִיט דִיא רֵייכֶע וֶועלְכֶע אֵייךְ
אוּנְטֶערְדְרִיקֶען, אוּן זֵייא זֶעלְבְּסְט שְׁלֶעפֶּען אֵייךְ צוּ דֶעם גֶערִיכְט? [7] לֶעסְטֶערְן
זֵייא נִיט דֶעם גוּטֶען נָאמֶען בֵּייא וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט גֶערוּפֶען? [8] וֶוען אָבֶּער
אִיהְר זֶענְט מְקַיֵּים דָאס קֶענִיגְלִיכֶע גֶעזֶעץ נָאךְ דֶער שְׁרִיפְט, דוּא זָאלְסְט דֵיין
גֶעזֶעלֶען לִיבֶּען וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט, טְהוּט אִיהְר רֶעכְט; [9] אָבֶּער וֶוען אִיהְר
זֶענְט נוֹשֵׂא פָּנִים, טְהוּט אִיהְר זִינְד, אוּן אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטְרָאפְט פוּן דֶעם
גֶעזֶעץ אַלְס אִיבֶּערְטְרֶעטֶער. [10] וָוארִין דֶער וָואס וֶועט דָאס גַאנְצֶע גֶעזֶעץ
הַאלְטֶען, אוּן וֶועט דָאךְ אִין אֵיינֶעם זַאךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען, אִיז עֶר שׁוּלְדִיג אוֹיף
אַלֶעס. [11] וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶּה זַיין הָאט
אוֹיךְ גֶעזָאגְט דוּא זָאלְסְט נִיט טֵייטֶען; נוּן וֶוען דוּא בִּיסְט נִיט מְזַנֶּה אָבֶּער
דוּא טֵייטֶעסְט, אַזוֹי הָאסְט דוּא דָאס גֶעזֶעץ עוֹבֵר גֶעוָוארֶען. [12] רֶעט אִיהְר
אַזוֹי אוּן טְהוּט אַזוֹי וִויא דִיא וָואס וֶועלֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן פְרֵייהֵייט
גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען. [13] וָוארִין דָאס מִשְׁפָּט אִיז אָהְן רַחְמָנוּת צוּ דֶעם וָואס הָאט
נִיט בֶּעוִויזֶען רַחְמָנוּת; רַחְמָנוּת רִיהְמְט זִיךְ קֶעגֶען מִשְׁפָּט.

[14] וָואס נוּצְט עֶס, מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען אֵיימִיצֶער זָאגְט אַז עֶר הָאט גְלוֹיבֶּען,
אוּן עֶר הָאט נִיט קֵיינֶע וֶוערְק? קֶען אִיהְם דֶער גְלוֹיבֶּען רֶעטֶען? [15] וֶוען אַ
בְּרוּדֶער אָדֶער אַ שְׁוֶועסְטֶער אִיז נַאקֶעט, אוּן הָאט נִיט דִיא טֶעגְלִיכֶע מִחְיָה,
[16] אוּן אֵיינֶער פוּן אֵייךְ זָאגְט צוּ זֵייא גֶעהְט אִין פְרִידֶען, וַוארְמְט אֵייךְ אוּן
זֶעטִיגְט אֵייךְ, אָבֶּער אִיהְר גִיבְּט זֵייא גָאר נִיט וָואס זֵייא בֶּעדַארְפֶען פַאר דֶעם
לֵייבּ, וָואס נוּצְט דָאס? [17] אַזוֹי אוֹיךְ דֶער גְלוֹיבֶּען וֶוען עֶר הָאט נִיט קֵיינֶע
וֶוערְק אִיז אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט טוֹיט. [18] אָבֶּער אֵיימִיצֶער וֶועט זָאגֶען, דוּא הָאסְט
גְלוֹיבֶּען אוּן אִיךְ הָאבּ וֶוערְק; וֵוייז מִיר דֵיין גְלוֹיבֶּען אָהְן דִיא וֶוערְק, אוּן אִיךְ

וויקרא יט׳ יח׳. [8] שמות כ׳ יג׳, יד׳: דברים ה׳ יז׳. [11]

זָעל דיר װײַזֶען מײַן גְלױבֶּען דורך דיא װערק. 19 דוא גְלױבְּסט אַז גָאט
איז אײנֶער; דוא טְהוּסְט רֶעכְט; אויך דיא שֵׁדים גְלױבֶּען און ציטֶערְן,
20 אָבֶּער װילְסְט דוא װיסֶען, אײטְלֶער מֶענְשׁ, אַז דֶער גְלױבֶּען אָהן װערק איז
אוּנְניצְלִיך? 21 איז נִיט אונזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם דורך װערק גֶערֶעכְטְפֶערְטיגְט
גֶעװָארֶען, װען עֶר הָאט זײַן זוהְן יִצְחָק מַקְרִיב גֶעװֶען אויף דֶעם מִזְבֵּחַ?
22 דוא זֶעהְסְט אַז דֶער גְלױבֶּען הָאט מִיט זײַנֶע װערק גֶעװירְקְט, און דורך דיא
װערק איז דֶער גְלױבֶּען פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט גֶעװָארֶען, 23 און דיא שְׁרִיפְט איז
דֶערְפִילְט גֶעװָארֶען, װָאס זָאגְט, און אַבְרָהָם הָאט גֶעגְלױבְּט גָאט און עֶס איז צו
אִיהְם גֶערֶעכֶענְט גֶעװָארֶען פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, און עֶר איז דֶער פְרֵיינְד פון
גָאט גֶערוּפֶען. 24 אִיהְר זֶעהְט אַז אַ מֶענְשׁ איז דורך װערק גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט,
און נִיט נור דורך גְלױבֶּען. 25 גְלֵייכְדֶעם איז רָחָב הַזּוֹנָה אויך נִיט דורך װערק
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט גֶעװָארֶען, אִינְדֶעם זִיא הָאט דיא מְרַגְּלִים אויפְגֶענוּמֶען, און
הָאט זֵייא אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט אויף אֵיין אַנְדֶערֶען װֶעג? 26 װָארִין גְלֵייך װיא דֶער
גוּף אָהְן דֶער נְשָׁמָה איז טויט, אַזױ איז אויך דֶער גְלױבֶּען טויט אָהְן װערק.

ג 1 מֵיינֶע בְּרִידֶער, זֵייט נִיט פִילֶע לֶעהְרֶער, װֵייל אִיהְר װֵייסְט אַז מִיר װֶעלֶען
אַ גְרֶעסֶערֶעס מִשְׁפָּט דֶערְהַאלְטֶען. 2 װָארִין אִין פִילֶע זַאכֶען שְׁטְרױכְלֶען מִיר
אַלֶע; װען אֵיימִיצֶער שְׁטְרױכֶעלְט נִיט אִין װָארְט, איז עֶר אַ פָאלְקָאמֶענֶער מַאן
און קֶען אויך דֶעם גַאנְצֶען לֵייבּ אִים צױם הַאלְטֶען. 3 נון װען מִיר צױמֶען
לֶעגֶען אִין דיא מֵיילֶער פון דיא פֶערְד, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוּנְז גֶעהָארְכֶען, אַזױ
פִיהְרֶען מִיר אויך זֵייעֶר גַאנְצֶען לֵייבּ. 4 זֶעה אויך דיא שִׁיפֶען װיא גְרױס זֵייא
זֶענֶען און װיא זֵייא זֶענֶען פון שְׁטַארְקֶע װינְדֶען אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען, זֶענֶען זֵייא
דָאךְ מִיט אַ קְלֵיינֶען רוּדֶער גֶעפִיהְרְט װאוּ אַהִין דֶער שִׁיפְמֵייסְטֶער װיל.
5 אַזױ אויך דיא צוּנְג איז אַ קְלֵיינֶעס גְלִיד, און בַּארִיהְמְט זִיךְ פון גְרױסֶע זַאכֶען.
זֶעה װיא אַ קְלֵיינֶעס פֵייעֶר צִינְד אָן אַ גְרױסֶען װַאלְד. 6 און דיא צוּנְג איז אַ
פֵייעֶר, דיא װעלְט פון אוּנְרֶעכְט, צְװִישֶׁען אוּנְזֶערֶע גְלִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט, װעלְכֶע
בֶּעפְלֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען לֵייבּ, און צִינְד אָן דָאס רָאד פון דֶער נַאטוּר,
און זִיא איז פון גֵיהִנָּם אָנְגֶעצִינְדֶען. 7 װָארִין יֶעדֶע טֶבַע פון בְּהֵמוֹת און
פון עוֹפוֹת, פון קְרִיכֶענְדִיגֶע און פון חַיּוֹת אִים יַם איז גֶעצױמְט און איז
גֶעצױמְט גֶעװָארֶען דורך דיא מֶענְשְׁלִיכֶע טֶבַע; 8 אָבֶּער דיא צוּנְג קֶען קֵיין
מֶענְשׁ נִיט צױמֶען; זִיא איז אֵיין אוּנְרוּהִיגֶעס אִיבֶּעל, פול מִיט גִיפְט װָאס
בְּרֶענְגְט טויט. 9 מִיט אִיהְר בֶּענְשֶׁען מִיר דֶעם הַאר'ן און פָאטֶער, און מִיט
אִיהְר שֶׁעלְטֶען מִיר דיא מֶענְשֶׁען װָאס זֶענֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פון גָאט
גֶעמַאכְט גֶעװָארֶען. 10 פון דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מױל קוּמְט אַרױס בְּרָכָה און קְלָלָה.
מֵיינֶע בְּרִידֶער, דִיזֶע זַאכֶען זָאלֶען נִיט אַזױ זֵיין. 11 בְּרֶענְגְט דֶער בְּרוּנֶען
אַרױס פון דיא זֶעלְבִּיגֶע קְװֶעלֶע זִיס און בִּיטֶערֶעס װַאסֶער? 12 קֶען אַ פֵייגֶענְבּױם,
מֵיינֶע בְּרִידֶער, אַרױסְבְּרֶענְגֶען עֶהְלְבֶּעהְרֶען, אָדֶער אַ װֵיינְשְׁטָאק פֵייגֶען? אַזױ
קֶען נִיט גֶעזַאלְצֶעס װַאסֶער זִיסֶעס אַרױסְבְּרֶענְגֶען.

23 בראשית טו׳ ו׳.

[13] וֶוער אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ אַ קְלוּגֶער אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער מַאן? לָאז עֶר
ווייזֶען זֵיינֶע מַעֲשִׂים פוּן אַ גוּטֶען וַואנְדֶעל מִיט זַאנְפְטְמִיטִיגְקֵייט פוּן חָכְמָה.
[14] אָבֶּער וֶוען אִיהְר הָאט אִין אֵייעֶר הַארְץ בִּיטֶערֶע קִנְאָה אוּן קְרִיג, בַּארִיהְמְט
אֵייךְ נִיט אוּן לֵייקֶענְט נִיט קֶעגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט. [15] דִיזֶע חָכְמָה אִיז נִיט
פוּן אוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט אִיז עֶרְדִישׁ נַאטִירְלִיךְ טֵייפְלִישׁ; [16] וָוארִין וְואוּ עֶס אִיז
קִנְאָה אוּן קְרִיג, דָארְט אִיז פֶערְטוּמְלוּנְג אוּן אַלֶעס שְׁלֶעכְטֶע וֶוערְק. [17] אָבֶּער
דִיא חָכְמָה וָואס אִיז פוּן אוֹיבֶּען אִיז צוּעֶרְשְׁט רֵיין, דֶערְנָאךְ פְרִידְלִיךְ, דֶעמִי־
טִיג, לָאזְט זִיךְ לֵייכְט אוֹיסְגְלֵייכֶען, פוּל מִיט רַחֲמָנוּת אוּן גוּטֶע פְרוּכְט,
אוּנְפַּארְטֵייאִישׁ, אָהְן חֲנִיפָה. [18] אוּן דִיא פְרוּכְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז אִין
פְרִידֶען אוֹיסְגֶעזֵייעֶט פַאר דִיא וָואס מַאכֶען פְרִידֶען.

ד [1] פוּן וַואנֶען זֶענֶען מַחֲלוֹקֶת אוּן שְׁטְרֵייטֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ? זֶענֶען זֵייא נִיט
פוּן דַאנֶען, פוּן אֵייעֶרֶע גְלוּסְטֶען וָואס שְׁטְרֵייטֶען אִין אֵייעֶרֶע גְלִידֶער?
[2] אִיהְר גְלוּסְט אוּן הָאט נִיט; אִיהְר בֶּעגֶעהְט רְצִיחָה אוּן זֶענְט מְקַנֵא, אוּן אִיהְר
קֶענְט נִיט דֶערְלַאנְגֶען; אִיהְר קְרִיגְט אֵייךְ אוּן הַאלְט מִלְחָמָה. אִיהְר הָאט
נִיט ווייל אִיהְר בֶּעטֶעט נִיט; [3] אִיהְר בֶּעטֶעט אוּן בֶּעקוּמְט נִיט, ווייל אִיהְר
שְׁלֶעכְט בֶּעטֶעט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט עֶס פֶערְצֶעהְרֶען אִין אֵייעֶרֶע פֶערְגְנִיגֶען.
[4] אִיהְר נוֹאֲפוֹת, ווייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא פְרֵיינְדְשַׁאפְט פוּן דֶער וֶועלְט אִיז
פֵיינְדְשַׁאפְט קֶעגֶען גָאט? דְרוּם אִיטְלִיכֶער וָואס וִויל אַ פְרֵיינְד פוּן דֶער
וֶועלְט זֵיין, דֶער שְׁטֶעלְט זִיךְ צוּם פֵיינְד פוּן גָאט. [5] אָדֶער דֶענְקְט אִיהְר אַז
דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט אוּמְזוּסְט, דֶער גֵייסְט וָואס עֶר הָאט אִין אוּנְז גֶעמַאכְט
וְואוֹינֶען גְלוּסְטֶעט צוּ קִנְאָה? [6] אָבֶּער עֶר גִיבְּט מֶעהְר גְנָאד; דְרוּם זָאגְט דִיא
שְׁרִיפְט, גָאט וִוידֶערְשְׁטֶעהְט דִיא שְׁטָאלְצֶע אָבֶּער עֶר גִיבְּט גְנָאד צוּ דִיא
דֶעמִיטִיגֶע.

[7] דְרוּם זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ גָאט; אָבֶּער וִוידֶערְשְׁטֶעהְט דֶעם שָׂטָן, אוּן עֶר
וֶועט פוּן אֵייךְ אַוֶועקְפְלִיהֶען. [8] גֶענֶעהְנְט אֵייךְ צוּ גָאט, אוּן עֶר וֶועט זִיךְ צוּ
אֵייךְ גֶענֶעהֶנֶען. רֵיינִיגְט אֵייעֶרֶע הֶענְד אִיהְר זִינְדֶער, אוּן מַאכְט רֵיין אֵייעֶרֶע
הֶערְצֶער אִיהְר דָאפֶּעלְהֶערְצִיגֶע. [9] פִיהְלְט אֵייךְ עֶלֶענְד אוּן טְרוֹיעֶרְט אוּן
ווֵיינְט; לָאזֶען זִיךְ אֵייעֶרֶע גֶעלֶעכְטֶער פֶערְקֶעהְרֶען צוּ קְלָאג אוּן אֵייעֶרֶע פְרֵייד
צוּ טְרִיבְּקֵייט. [10] דֶערְנִידְרִיגְט אֵייךְ פָאר דֶעם הַאר׳ן, אוּן עֶר וֶועט אֵייךְ
דֶערְהֵייבֶען.

[11] בֶּערֶעט נִיט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, בְּרִידֶער; דֶער וָואס בֶּערֶעט אַ בְּרוּדֶער
אָדֶער רִיכְטֶעט זֵיין בְּרוּדֶער בֶּערֶעט דָאס גֶעזֶעץ אוּן רִיכְטֶעט דָאס גֶעזֶעץ; נוּן
וֶוען דוּא רִיכְטֶעסְט דָאס גֶעזֶעץ, אַזוֹי בִּיסְט דוּא נִיט אַ טְהוּעֶר פוּן דֶעם גֶעזֶעץ
נֵייעֶרְט אַ רִיכְטֶער. [12] עֶס אִיז אֵיין גֶעזֶעצְגֶעבֶּער אוּן רִיכְטֶער, דֶער קֶען
רֶעטֶען אוּן צוּשְׁטֶערֶען; אָבֶּער וֶוער בִּיסְט דוּא אַז דוּא רִיכְטֶעסְט דֵיין חַבֵר?

[13] קוּמְט נוּן, אִיהְר וָואס זָאגְט, הֵיינְט אָדֶער מָארְגֶען וֶועלֶען מִיר אַוֶועקְגֶעהֶען
אִין דִיזֶער שְׁטָאדְט אַרֵיין אוּן דָארְט אַ יָאהְר בְּלֵייבֶּען, אוּן וֶועלֶען הַאנְדְלֶען

[5] הושע ב׳ כא׳: משלי ג׳ לד׳. [6] משלי ג׳ לד׳.

און פערדינען. [14]און איהר ווייסט ניט וואס וועט זיך מארגען טרעפען. וואס
איז אייער לעבען? ווארין איהר זענט א דאמפף וואס איז פאר א קליינע
ווייל געזעהען, דערנאך איז עס אויך פערשווינדען. [15]אנשטאט דעם זאלט
איהר זאגען, ווען דער האר וויל וועלען מיר לעבען און טהון דאס אדער
יענעס. [16]אבער אצונד בארימט איהר אייך אין אייער שטאלץ; אלע אזעלכע
בארימעריא איז שלעכט. [17]דרום דער וואס ווייסט גוטעס צו טהון און
טהוט עס ניט, דעם איז עס א זינד.

ה [1]געהט נון איהר רייכע, וויינט און קלאגט איבער אייערע צרות וואס
וועלען קומען. [2]אייערע רייכקייט איז פערפוילט געווארען, און אייערע
קליידער זענען מוילביג געווארען. [3]אייער גאלד און אייער זילבער זענען פער-
ראסטעט געווארען, און דער ראסט דערפון וועט זיין פאר א צייגניס צו
אייך, און וועט אויפפרעסען אייער פלייש גלייך ווי א פייער. איהר האט
אוצרות איינגעזאמעלט אין די לעצטע טעג. [4]זעה, דער לוין פון די
ארבייטער וואס האבען אייערע פעלדער געשניטען, וואס איז פון אייך צוריק-
געהאלטען שרייט אויס, און דאס געשריא פון די וואס האבען געשניטען
איז אין די אויערען פון דעם האר'ן פון הערשארען אריינגעקומען.
[5]איהר האט לוסטיג געלעבט אויף דער ערד און האט תענוג געהאט, איהר
האט אייערע הערצער געגעהרט אין א טאג פון שלאכט. [6]איהר האט פער-
שולדיגט און געהרגעט דעם גערעכטען; און ער האט אייך ניט ווידערשטאנען.

[7]דעסטוועגען, ברידער, זייט געדולדיג ביז צום קומען פון דעם האר'ן. זעה
דער אקערער ווארטעט פאר די טהייערע פרוכט פון דער ערד, און האט
געדולד מיט איהר, ביז זיא בעקומט דעם פריה און דעם שפעט רעגען.
[8]האט איהר אויך געדולד, בעפעסטיגט אייערע הערצער, ווארין דאס קומען
פון דעם האר'ן איז נאהענט. [9]מורמעלט ניט ברידער איינער קעגען דעם
אנדערען, כדי איהר זאלט ניט פערשולדיגט ווערען; זעה דער ריכטער
שטעהט פאר די טהירען. [10]נעמט מיינע ברידער פאר א ביישפיל פון
ליידען און געדולד די נביאים, וואס האבען גערעדט אים נאמען פון דעם
האר'ן. [11]זעה, מיר רופען זייא געבענשט די וואס האבען אויסגעהאלטען.
איהר האט פון דער געדולד פון איוב געהערט, און איהר האט דעם סוף פון
דעם האר'ן געזעהען, אז דער האר האט פיל מיטלייד און איז בארעמהערציג.

[12]אבער פאר אלע זאכען, מיינע ברידער שווערט ניט, ניט ביים הימעל און
ניט ביא דער ערד און ניט קיינע אנדערע שבועה; נייערט לאז אייער יא זיין
יא, און אייער ניין זיין ניין, כדי איהר זאלט ניט אין א משפט אריינפאלען.

[13]האט איימיצער צווישען אייך יסורים? לאז ער בעטען. איז איימיצער
פרעהליך? לאז ער לויב זינגען. [14]איז איימיצער צווישען אייך קראנק? לאז
ער רופען די זקנים פון דער קהלה, און לאזען זייא פאר איהם בעטען נאכדעם
זייא האבען איהם מיט עהל אים נאמען פון דעם האר'ן געזאלבט. [15]און
דאס געבעט פון גלויבען וועט דעם קראנקען רעטען, און דער האר וועט

אִיהְם אויפְהֶעבֶּען; אוּן וֶוען עֶר הָאט זִינְד בֶּעגַאנְגֶען וֶועט אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען
ווערֶען. 16 דְרוּם זַייט מִתְוַדֶה דִיא זִינְד אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, אוּן בֶּעטֶעט
אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גֶעהֵיילְט וֶוערֶען. דִיא תְּחִנָה
פוּן אַ צַדִיק אִיז פִיל מֶעכְטִיג אִין ווירְקוּנְג. 17 אֵלִיָה אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מֶענְשׁ
גְלֵייכְאַרְטִיג וִויא מִיר, אוּן עֶר הָאט עֶרְנְסְט גֶעבֶּעטֶען אַז עֶס זָאל נִיט רֶעגְנֶען,
אוּן עֶס הָאט נִיט גֶערֶעגֶענְט אויף דֶער עֶרְד דְרֵייא יָאהְר אוּן זֶעקְס חֳדָשִׁים.
18 אוּן עֶר הָאט ווִידֶער גֶעבֶּעטֶען, אוּן דֶער הִימֶעל הָאט רֶעגֶען גֶעגֶעבֶּען, אוּן
דִיא עֶרְד הָאט אִיהְרֶע פְרוּכְט אַרויסְגֶעשְׁפְּרָאצְט.
19 מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען אֵיימִיצֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ פֶערְאִירְט זִיךְ פוּן דֶער וָואהְרְ-
הֵייט, אוּן אֵיינֶער וֶועט אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען, 20 לָאז עֶר ווִיסֶען אַז דֶער וֶועלְכֶער
קֶעהְרְט אוּם אַ זִינְדֶער פוּן דֶעם טָעוּת פוּן זַיין וֶועג וֶועט אַ זֶעלֶע רֶעטֶען פוּן
טוֹיט, אוּן וֶועט אַ סַךְ פוּן זִינְד פֶערְדֶעקֶען.

---

## דֶער עֶרְשְׁטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פֶּעטְרוּס.

---

1 פֶּעטְרוּס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ דִיא אויסְדֶערְוֶועהְלְטֶע וָואס
זֶענֶען אִין פָּאנְטוּס, גַאלַאטִיָא, כַּאפַּאדָאקִיָא, אַסְיָא אוּן בִּיתוּנְיָא, 2 וָואס זֶענֶען
אויסְדֶערְוֶועהְלְט נָאךְ דֶער פָארְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אִין דֶער הֵיילִי-
גוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט, צוּם גֶעהָארְכֶען אוּן שְׁפְּרֶענְקְלֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, גְנָאד אוּן פְרִידֶען זָאלֶען זִיךְ צוּ אֵייךְ מֶעהְרֶען.
3 גֶעלוֹיבְּט זַייא גָאט אוּן דֶער פָאטֶער פוּן אוּנְזֶערֶעם הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
דֶער הָאט אוּנְז ווִידֶערְגֶעבּוֹירֶען נָאךְ זַיינֶע גְרוֹיסֶע בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט צוּ אַ
לֶעבֶּענְדִיגֶע הָאפְנוּנְג דוּרְךְ דֶער אויפְעֶרְשְׁטֶעהוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פוּן דִיא
טוֹיטֶע; 4 צוּ אַ יְרוּשָׁה וָואס אִיז אוּנְפֶערְדָארְבֶּען, אָהְן אַ פְלֶעק, אוּן אִיז נִיט
פֶערְוֶועלְקְט, וָואס אִיז אִים הִימֶעל בֶּעהַאלְטֶען פַאר אֵייךְ, 5 וֶועלְכֶע זֶענֶען אִין
דֶער מַאכְט פוּן גָאט גֶעהִיט דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען, צוּ אַ יְשׁוּעָה וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט
אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייט. 6 דְרִינֶען אִיהְר פְרֵייעֶט
אֵייךְ זֶעהְר חָאטְשֶׁע וֶוען עֶס מוּז זַיין אַז אִיהְר זֶענְט אַצוּנְד אַבִּיסֶעל אִין צַעַר
גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ פֶערְשִׁידֶענֶע פְּרִיפוּנְגֶען; 7 כְּדֵי דִיא פְּרִיפוּנְג פוּן אֵייעֶרֶעם גְלוֹיבֶּען
וָואס אִיז פִיל טְהֵייעֶרֶע ווִיא דִיא פוּן גָאלְד וָואס אִיז פֶערְדָארְבֶּען, אָבֶּער אִיז
דוּרְךְ פֵייעֶר גֶעפְּרִיפְט, זָאל גֶעפִינֶען וֶוערֶען צוּ לוֹיב אוּן כָּבוֹד אוּן הֶערְלִיכְקֵייט
אִין דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 8 וֶועלְכֶען אִיהְר לִיבְּט חָאטְשֶׁע אִיהְר
הָאט אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּן אִיהְר גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם, חָאטְשֶׁע אִיהְר זֶעהְט

איהם ניט אצונד, און איהר פרייעט אייך מיט איין אונאויסרעדענדיגע און
הערליכע פרייד, [9] אינדעם איהר בעקומט דעם תכלית פון אייער גלויבען,
דיא רעטונג פון אייערע נשמות.

[10] וועגען וועלכער רעטונג האבען דיא נביאים געזוכט און אייפריג געפארשט,
וואס האבען נבואות געזאגט וועגען דער גנאד וואס איז צו אייך; [11] דערוויל
זייא האבען געפארשט אויף וועלכער און וועלכערלייא צייט דער גייסט פון
משיח וואס איז אין זייא געווען האט בעדייטעט, ווען ער האט פריהער דיא
ליידען פון משיח בעצייגט, און דיא הערליכקייט וואס וועט דערנאך קומען.
[12] צו וועלכע איז אנטפלעקט געווארען, אז ניט צו זיך אליין גייערט צו אייך
האבען זייא בעדינט אין דיא זאכען וואס זענען צו אייך אצונד דערצעהלט
געווארען דורך דיא וואס האבען צו אייך געפרעדיגט דיא בשורה טובה אים
רוח הקודש וואס איז פון דעם הימעל ארופגעשיקט געווען, אין וועלכע זאכען
מלאכים האבען בעגעהרט אריינצוקוקען.

[13] דרום גארטעלט ארום דיא לענדען פון אייער פערשטאנד, זייט ניכטערן,
און זעצט אייערע גאנצע האפנונג אויף דער גנאד וואס וועט צו אייך געבראכט
ווערען אים אנטפלעקען פון ישוע המשיח. [14] אלס קינדער וואס געהאר־
כען בילדעט ניט אייער חרקטער נאך דיא פריהערע תאות אין אייערע
אונוויסענהייט; [15] גייערט נאך דעם היילינגען וועלכער האט אייך בערופען,
אזוי זייט איהר אויך הייליג אין אלעם וואנדעל, [16] ווארין עס שטעהט געשרי־
בען, זייט איהר הייליג ווייל איך בין הייליג. [17] און ווען איהר רופט
פאטער דעם וועלכער איז ניט נושא פנים און ריכטעט יעדען נאך זיין ווערק,
אזוי פערברענגט דיא צייט פון אייערע אויפהאלטונג דא אין פארכט. [18] זינט
איהר ווייסט אז איהר זענט ניט מיט פערדערבליכע זאכען וויא זילבער און גאלד
אויסגעלעזט געווארען פון אייער נארישען וואנדעל וואס איהר האט פון
אייערע פעטער דערהאלטען; [19] גייערט מיט דעם טהייערען בלוט פון משיח,
אזוי וויא פון א לאם וואס איז אהן א מום און אונבעפלעקט, [20] דער איז אודאי
בעשטימט געווען פאר דער גרינדונג פון דער וועלט, אבער איז אין דיא
לעצטע צייטען אנטפלעקט געווארען פון אייערטוועגען, [21] דיא דורך איהם
זענט גלויביגע אן גאט, דער האט איהם אויפגעוועקט פון דיא טויטע, און האט
איהם הערליכקייט געגעבען, אזוי אז אייער גלויבען און האפנונג זאלען זיין אין
גאט.

[22] אינדעם איהר האט אייערע נשמות געריינינגט אים געהארזאם פון
דער וואהרהייט צו ניט פערשטעלטע ברודערליבע, אזוי ליבט מיט ערנסט
פון דעם הארץ איינער דעם אנדערען, [23] ווייל איהר זענט ווידערגעבוי־
רען, ניט פון פערדארבענעם זאמען נייערט פון אונפערדארבענעם, דורך דעם
ווארט פון גאט וואס לעבט און בלייבט. [24] ווארין
אלעם פלייש איז .וויא גראז,

[16] ויקרא יא׳ מד׳.

אוּן אַלֶע זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט וִויא אַ בְּלוּם פוּן גְרָאז;
דָאס גְרָאז אִיז פֶערְדָארְבֶּען, אוּן דִיא בְּלוּם אִיז אַוֶועקְגֶעפַאלֶען;
25 אָבֶער דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר׳ן בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶבִּיג,
אוּן דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט.

ב 1 דְרוּם טְהוּט אָפּ אַלֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אוּן אַלֶע פַאלְשְׁהֵייט אוּן חֲנִיפָה אוּן
קִנְאָה אוּן אַלֶע רְכִילוּת, 2 וִויא אִיצְט גֶעבּוֹירֶענֶע קִינְדֶער בֶּעגֶעהְרְט דִיא לוֹי־
טֶערֶע מִילְךְ פוּן דֶעם וָוארְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט דוּרְךְ דֶעם צוּ יְשׁוּעָה וַואקְסֶען;
3 וֶוען אִיהְר הָאט פֶערְזוּכְט אַז דֶער הַאר אִיז גִיטִיג. 4 צוּ וֶועלְכֶען אִיהְר קוּמְט
וִויא צוּ אַ לֶעבֶּענְדִיגֶען שְׁטֵיין, וָואס אִיז פוּן מֶענְשֶׁען פֶערְוָוארְפֶען, אָבֶער פוּן גָאט
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אוּן טְהֵייעֶר. 5 אִיהְר אוֹיךְ אַלְס לֶעבֶּענְדִיגֶע שְׁטֵיינֶער וֶוענְט
אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט פַאר אַ גֵייסְטְלִיכֶעס הוֹיז, אַ הֵיילִיגֶע כְּהוּנָה, אַז אִיהְר זָאלְט
גֵייסְטְלִיכֶע קָרְבָּנוֹת בְּרֶענְגֶען, וָואס וֶוענֶען פָאר גָאט אָנְגֶענוּמֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ. 6 וֵוייל עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער שְׁרִיפְט,

וֶועה, אִיךְ לֶעג אִין צִיוֹן אֵיין עֶקְשְׁטֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט טְהֵייעֶר,
אוּן דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען.

7 דְרוּם צוּ אֵייךְ וָואס גְלוֹיבֶּען אִיז דֶער כָּבוֹד; אָבֶער צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען נִיט,
דֶער שְׁטֵיין דֶעם דִיא בּוֹימֵייסְטֶער הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין
גֶעוָוארֶען, 8 אוּן עֶר אִיז אַ שְׁטֵיין פוּן אָנְשְׁטוֹיס אוּן אַ פֶעלְז פוּן שְׁטְרוֹיכְלוּנְג; וֶועלְכֶע
שְׁטְרוֹיכְלֶען אִינְדֶעם זֵייא וֶוענֶען דֶעם וָוארְט אוּנְגֶעהָארְזַאם, דֶערְצוּ זֵייא וֶוענֶען
אוֹיךְ בֶּעשְׁטִימְט. 9 אָבֶער אִיהְר וֶוענְט אֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶעס דוֹר, אַ קֶענִיגְלִיכֶע
כְּהוּנָה, אַ הֵיילִיגֶעס פָאלְק, אַ פָאלְק צוּם אֵייגֶענְטְהוּם, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט דֶעם לוֹיבּ
דֶערְצֶעהְלֶען פוּן אִיהְם דֶער הָאט אֵייךְ פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס גֶערוּפֶען צוּ זַיין וְואוּנְ־
דֶערְלִיכֶען לִיכְט. 10 וָואס אִיהְר וֶוענְט פְרִיהֶער נִיט אַ פָאלְק גֶעוֶוען, אָבֶער אַצוּנְד
וֶוענְט אִיהְר דָאס פָאלְק פוּן גָאט; וָואס אִיהְר הָאט נִיט קֵיינֶע בַּארֶעמְהֶערְצִיגְ־
קֵייט דֶערְהַאלְטֶען, אָבֶער אַצוּנְד הָאט אִיהְר דֶערְהַאלְטֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט.

11 גֶעלִיבְּטֶע, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ וִויא פְרֶעמְדֶע אוּן וַואנְדֶערֶער, אַז אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ אָפְּהַאלְטֶען פוּן דִיא גְלוּסְטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, וָואס שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען
דֶער נְשָׁמָה, 12 אוּן פִיהְרְט אִיהְר אֵייךְ גוּט אוֹיף צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, כְּדֵי אִין
דֶעם אִין וֶועלְכֶען זֵייא לֶעסְטֶערְן אֵייךְ אַלְס אִיבֶּעלְטְהוּעֶר, זָאלֶען זֵייא אָנְזֶעהֶען
אֵייעֶרֶע גוּטֶע וֶוערְק, אוּן זָאלֶען גָאט לוֹיבֶּען אִים טָאג פוּן בֶּעזוּכוּנְג.

13 זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ יֶעדֶע מֶענְשְׁלִיכֶע אָרְדְנוּנְג פוּן וֶועגֶען דֶעם הַאר׳ן;
אוֹיבּ עֶס אִיז צוּם קֶענִיג, אַלְס צוּם עֶלְצְטֶען, 14 אָדֶער צוּ פִירְשְׁטֶען אַלְס דִיא
וָואס וֶוענֶען פוּן אִיהְם גֶעשִׁיקְט צוּ שְׁטְרָאפוּנְג פוּן דִיא אִיבֶּעלְטְהוּעֶר אוּן צוּם
לוֹיבּ פוּן דִיא וָואס גוּטֶעס טְהוּן. 15 וַוארִין דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר
זָאלְט גוּטֶעס טְהוּן אוּן זָאלְט פֶערְשְׁטוּמֶען דִיא אוּנְווִיסֶענְהֵייט פוּן נַארִישֶׁע מֶענְשֶׁען;
16 אַלְס פְרֵייעֶ מֶענְשֶׁען, אוּן נִיט אַלְס דִיא וָואס אִיהְר הַאלְט אֵייעֶרֶע פְרֵייהֵייט

ישעיה מ׳ ו׳, ז׳. 24 | ישעיה מ׳ ח׳. 25 | ישעיה כח׳ טז׳. 6
תהלים קיח׳ כב׳. 7 | ישעיה ח׳ יד׳. 8

פאר א שלייער פון שלעכטיגקייט, גייערט אלס קנעכט פון גאט. 17 האלט אלע
אין כבוד, ליבט די בריעדערשאפט, פארכט אייך פאר גאט, האלט אין כבוד
דעם קעניג.

18 איהר קנעכט, זייט אונטערטעניג צו אייערע הערען מיט אלערלייא פארכט,
ניט נור צו די גוטע און עדלע, נייערט אויך צו די הארטע. 19 ווארין דאס איז
חן, ווען איימיצער וועגען זיין געוויסען קעגען גאט ליידעט צער און דער־
טראגט אונשולדיג. 20 ווארין וואספאר א לויב איז עס ווען איהר דערטראגט
דערנאך איהר האט געזינדיגט און זענט געשלאגען? אבער ווען איהר
דערטראגט דערנאך איהר האט גוטעס געטהון און האט געליטען, דאס איז
חן פאר גאט. 21 ווארין איהר זענט דערצו בערופען, ווייל משיח האט אויך
געליטען פאר אייך, און האט אייך א ביישפיל איבערגעלאזט, כדי איהר
זאלט זיינע שריט נאכפאלגען. 22 וועלכער האט קיינע זינד ניט געטהון,
אויך איז קיין בעטרוג אין זיין מויל געפינען געווארען. 23 דער ווען ער איז
בעליידיגט געוועזען האט ער ניט צוריקבעליידיגט, ווען ער האט געליטען האט
ער ניט געדרויהעט, נייערט ער האט זיך איבערגעגעבען צו איהם דער
טהוט רעכט משפט. 24 דער האט זעלבסט אונזערע זינד געטראגען אין זיין
לייב אויף דעם בוים, כדי מיר זאלען אפשטארבען צו זינד און זאלען לעבען
צו גערעכטיגקייט; דורך וועמעס וואונדען איהר זענט געהיילט געווארען.
25 ווארין איהר זענט געוועזען וויא פעראירטע שאף, אבער אצונד האט איהר
אייך אומגעקעהרט צום פאסטוך און אויפזעהער פון אייערע נשמות.

ג 1 גלייכדעם איהר ווייבער, זייט אונטערטעניג צו אייערע אייגענע מענער,
כדי ווען אפילו עטליכע גלויבען ניט אים ווארט, זייא זאלען דורך דעם וואנ־
דעל פון די ווייבער אהן דעם ווארט געווינען ווערען; 2 אינדעם זייא זעהען
אייער ריינען וואנדעל מיט פארכט. 3 און לאז אייערע צירונג ניט זיין
די אויסערע פון געפלאכטענע האר און גאלדענע בענדער אדער שעהנע
קליידונג; 4 נייערט לאז זיא זיין דער פערבארגענע מענש פון דעם הארץ
אין די אונפערדארבליכע צירונג פון א זאנפטמיטיגען און שטילען גייסט,
וואס איז זעהר טהייער פאר גאט. 5 ווארין גלייכדעם פלעגען זיך צירען די
הייליגע פרויען פארצייטען וועלכע האבען אין גאט געהאפט, און זענען אונטער־
טעניג געוועזען צו זייערע מענער; 6 אזוי וויא שרה האט צו אברהם געהארכט,
אינדעם זיא האט איהם הערר גערופען; וועמעס קינדער איהר זענט, ווען
איהר טהוט גוטעס און פארכט אייך ניט מיט קיין שרעקען.

7 גלייכדעם איהר מענער, וואוינט מיט זייא נאך פערשטאנד, וויא מיט די
שוואכערע כלי און גיבט זייא כבוד, אזוי וויא אויך מיטיורשים פון דער גנאד
פון לעבען, אז אייערע געבעטע זאלען ניט געשטערט ווערען.

8 נון צום לעצטען זייט אלע פון גלייכע געדאנקען, מיטליידיג, בריעדערליך,
בארעמהערציג, דעמיטיג; 9 און פערגעלט ניט שלעכטעס פאר שלעכטעס

22 ישעיה נג׳ ט׳.

אָדער בֶּעלֵייִדיגוּנג פַאר בֶּעלֵייִדיגוּנג, נֵייעֶרְט אִים גֶעגֶענְטְהֵייל בֶּענְשְׁט, וֵוייל
דֶערְצוּ זֶענְט אִיהְר בֶּערוּפֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אַ בְּרָכָה יַרְשֶׁענֶען.
10 וָוארִין דֶער וָואס וִויל לִיב הָאבֶּען דָאס לֶעבֶּען
אוּן זֶעהֶען גוּטֶע טֶעג,
לָאז עֶר הַאלְטֶען זֵיינֶע צוּנְג פוּן שְׁלֶעכְטֶעס,
אוּן זֵיינֶע לִיפֶּען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט פַאלְשְׁהֵייט רֶעדֶען;
11 אָבֶּער לָאז עֶר פוּן שְׁלֶעכְטֶעס אָפְּקֶעהְרֶען אוּן גוּטֶעס טְהוּן,
לָאז עֶר פְרִידֶען זוּכֶען אוּן עֶס נָאכְפָאלְגֶען.
12 וָוארִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר'ן זֶענֶען אוֹיף דִיא צַדִיקִים,
אוּן זֵיינֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען אָפֶען צוּ זֵייעֶר גֶעבֶּעט,
אָבֶּער דָאס פָּנִים פוּן דֶעם הַאר'ן אִיז קֶעגֶען דִיא וָואס שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן.
13 וֶוער דֶען וֶועט אֵייךְ שַׁאדֶען, וֶוען אִיהְר זֶענְט אֵייפְרִיג נָאךְ דֶעם גוּטֶען?
14 אָבֶּער וֶוען אִיהְר אוֹיךְ לֵיידֶעט וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר. אוּן
הָאט קֵיין מוֹרָא פַאר זֵייעֶר שְׁרֶעקֶען, זֵייט אֵייךְ נִיט בֶּעטְרִיבְּט; 15 אָבֶּער
הֵיילִיגְט דֶעם הַאר'ן מָשִׁיחַ אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער, אוּן זֵייט בֶּעשְׁטֶענְדִיג בֶּערֵייט
צוּ עֶנְטְפֶערֶען אִיטְלִיכֶען וָואס פְרֶעגְט אֵייךְ וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג וָואס אִיז אִין
אֵייךְ, דָאךְ מִיט דֶעמִיט אוּן פָארְכְט. 16 אוּן הָאט אַ גוּטֶעס גֶעוִויסֶען, כְּדֵי
אִין וָואסְפַאר אַ זַאךְ אִיהְר זֶענְט בֶּערֶעדְט דִיא וָואס פֶערְשֶׁעהְמֶען אֵייעֶר גוּטֶען וַואנְדֶעל
אִין מָשִׁיחַ זָאלֶען צוּ שַׁאנְד וֶוערֶען. 17 וָוארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער, וֶוען עֶס אִיז דֶער
ווִילֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט לֵיידֶען פַאר גוּטֶעס טְהוּן אֵיידֶער פַאר שְׁלֶעכְטֶעס.
18 וֵוייל מָשִׁיחַ אִיז אוֹיךְ אֵיין מָאל פַאר זִינְד גֶעשְׁטָארְבֶּען, דֶער גֶערֶעכְטֶער
פַאר דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע, כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְז צוּ גָאט בְּרֶענְגֶען, אִינְדֶעם עֶר אִיז
גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען אִים פְלֵייש, אָבֶּער אִיז לֶעבֶּענְדִיג גֶעוָוארֶען אִים גֵייסְט.
19 אִין וֶועלְכֶעם אוֹיךְ אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ דִיא גֵייסְטֶער וָואס
זֶענֶען אִים גֶעפֶענְגְנִיס גֶעוֶועזֶען, 20 וָואס זֶענֶען פָארְצֵייטֶען נִיט גֶעהָארְזַאם גֶעוֶועזֶען, וֶוען
דִיא לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט פוּן גָאט הָאט אִין דִיא טֶעג פוּן נֹחַ גֶעוַוארְט, דֶערְוֵויל דִיא
תֵּיבָה אִיז פָארְבֶּערֵייטֶעט גֶעוֶועזֶען, אִין וֶועלְכֶער עֶטְלִיכֶע דָאס הֵייסְט אַכְט נְפָשׁוֹת
זֶענֶען דוּרְךְ וַואסֶער גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען. 21 וֶועלְכֶעס אַצוּנְד נָאךְ אַ פָארְבִּילְד אֲפִילוּ
אַ טְבִילָה רֶעטֶעט אֵייךְ, נִיט דָאס אָפְּטְהוּן פוּן דֶער אוּנְרֵיינִיגְקֵייט פוּן דֶעם פְלֵייש,
נֵייעֶרְט דִיא בֶּערוּפוּנְג פוּן אַ גוּטֶען גֶעוִויסֶען אוֹיף גָאט, דוּרְךְ דֶער אוֹיפְעֶרְ־
שְׁטֶעהוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; 22 וֶועלְכֶער אִיז אִין הִימֶעל גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז צוּ דִיא
רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט, צוּ דֶעם דִיא מַלְאָכִים אוּן הֶערְשַׁאפְטֶען אוּן מֶעכְטֶע
זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוָוארֶען.
ד 1 דְרוּם וֵוייל דֶער מָשִׁיחַ הָאט אִים פְלֵייש גֶעלִיטֶען, אַזוֹי וָואפֶענְט אִיהְר
אֵייךְ אוֹיךְ מִיט דֶעם זֶעלְבִּיגֶען פֶערְשְׁטַאנְד, וֵוייל דֶער וָואס הָאט אִים פְלֵייש
גֶעלִיטֶען הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט פוּן זִינְד; 2 כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר דִיא
אִיבְּרִיגֶע צֵייט אִים פְלֵייש לֶעבֶּען צוּ דִיא גְלוּסְטֶען פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט דוּרְךְ

10-12 תהלים לד׳ יג׳-יז׳.

דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט. 3 וָוארִין דִיא פֶערְגַאנְגֶענֶע צַייט אִיז גֶענוּג אַז מִיר
הָאבֶּען דֶעם ווִילֶען פוּן דִיא גוֹיִם גֶעווִירְקְט, אוּן הָאבֶּען גֶעוַואנְדֶעלְט אִין
אוֹיסְגֶעלָאסֶענְהַייט, גְלוּסְטֶען, ווַיינְזוֹיפֶען, טַאנְצֶען, פְרֶעסֶען, אוּן גֶעזֶועצְלוֹזִיגֶער
אָפְּגֶעטֶערַייא. 4 דְרִינֶען אִיז זַייא אַ חִדוּשׁ וֶוען אִיהְר לוֹיפְט נִיט מִיט זַייא צוּ
דִיא זֶעלְבִּיגֶע פֶערְשְׁוֶוענְדוּנְג פוּן אוּנְמֶעסִיגְקַייט, דֶערְמִיט זַייא לֶעסְטֶערְן אֵייךְ;
5 וָואס וֶועלֶען חֶשְׁבּוֹן אָפְּגֶעבֶּען צוּ דֶעם וֶועלְכֶער אִיז אָנְבֶּערַייט צוּ רִיכְטֶען
דִיא לֶעבֶּענְדִיגֶע אוּן דִיא טוֹיטֶע. 6 וָוארִין דֶערְצוּ אִיז אוֹיךְ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוָוארֶען צוּ דִיא טוֹיטֶע, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אִים פְלֵיישׁ נָאךְ
מֶענְשֶׁען גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען, אָבֶּער נָאךְ גָאט זָאלֶען לֶעבֶּען אִים גֵייסְט.

7 אָבֶּער דָאס עֶנְד פוּן אַלֶע זַאכֶען אִיז נָאהֶענְט; דְרוּם זַייט קְלוּג אוּן וַואכְט
צוּ גֶעבֶּעט. 8 פָאר אַלֶעם הָאט הֶערְצְלִיכֶע לִיבֶּע צְווִישֶׁען אֵייךְ; וָוארִין
לִיבֶּע דֶעקְט פִילֶע זִינְד צוּ. 9 זַייט מַכְנִיס אוֹרֵחַ אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען אָהְן
גֶעמוּרְמֶעל. 10 גְלֵייךְ ווִיא יֶעדֶער פוּן אֵייךְ הָאט אַ מַתָּנָה בֶּעקוּמֶען אַזוֹי זָאל
עֶר דֶעם אַנְדֶערֶען דֶערְמִיט בֶּעדִינֶען אַלְס גוּטֶע פֶערְוַואלְטֶער פוּן דִיא פִילֶערְ־
לֵייא גְנָאד פוּן גָאט. 11 וֶוען אֵיימִיצֶער רֶעט, לָאז עֶר רֶעדֶען ווִיא מִיט דִיא וֶוערְטֶער
פוּן גָאט; וֶוען אֵיימִיצֶער בֶּעדִינְט, לָאז עֶר בֶּעדִינֶען ווִיא פוּן דֶער קְרַאפְט
וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען; כְּדֵי גָאט זָאל אִין אַלֶע זַאכֶען פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ דֶעם אִיז דֶער כָּבוֹד אוּן דִיא קְרַאפְט פוּן אֶעבִּיגְקַייט צוּ
אֶעבִּיגְקַייט; אָמֵן.

12 גֶעלִיבְּטֶע, לָאזְט אֵייךְ נִיט אָפְּוֶוענְדִיג גֶעמַאכְט וֶוערֶען דוּרְךְ דִיא
פַייעֶרְדִיגֶע פְּרִיפוּנְג וָואס קוּמְט צְווִישֶׁען אֵייךְ כְּדֵי אֵייךְ צוּ פְּרִיפֶען, גְלֵייךְ
ווִיא עֶס הָאט זִיךְ אֵייךְ עֶפֶּעס נַייעֶס צוּגֶעטְרָאפֶען; 13 נֵייעֶרְט אִינְדֶעם אִיהְר
הָאט אַ טְהֵייל אִין דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ פְרֵייעֶט אֵייךְ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
אוֹיךְ פְרֵייעֶן מִיט גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה אִין דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקַייט.
14 וֶוען אִיהְר וֶוערְט וֶועגֶען דֶעם נָאמֶען פוּן מָשִׁיחַ גֶעלֶעסְטֶערְט, גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערְט
אִיהְר, ווַייל דֶער גֵייסְט פוּן הֶערְלִיכְקַייט אוּן פוּן גָאט רוּהְט אוֹיף אֵייךְ.
15 וָוארִין לָאז קֵיינֶער פוּן אֵייךְ נִיט לֵיידֶען אַלְס אַ רוֹצֵחַ אָדֶער אַ גַנָב אָדֶער
אֵיין אִיבֶּעלְטְהוּעֶר, אָדֶער ווִיא אֵיינֶער וָואס מִישְׁט זִיךְ אִין פְרֶעמְדֶע זַאכֶען;
16 אָבֶּער וֶוען אֵיימִיצֶער לֵיידֶעט אַלְס אַ קְרִיסְט, לָאז עֶר זִיךְ נִיט שֶׁעהְמֶען, נֵייעֶרְט
לָאז עֶר גָאט לוֹיבֶּען אִין דִיזֶען נָאמֶען. 17 וָוארִין עֶס אִיז דִיא צַייט אַז דָאס
מִשְׁפָּט הָאט פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען; אוּן וֶוען צוּעֶרְשְׁט פוּן אוּנְז,
וָואס וֶועט דֶער סוֹף זַיין פוּן דִיא וָואס גֶעהָארְכֶען נִיט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גָאט?
18 אוּן וֶוען דֶער גֶערֶעכְטֶער וֶועט קוֹים גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, ווְאוּ וֶועט דֶער גָאטְ־
לָאזִיגֶער אוּן דֶער זִינְדֶער דֶערְשֵׁיינֶען? 19 דְרוּם לָאזֶען אוֹיךְ דִיא וָואס לֵיידֶען
נָאךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט זַייעֶרֶע נְשָׁמוֹת אִיבֶּערְגֶעבֶּען מִיט גוּטֶעס טְהוּן צוּ אַ
גֶעטְרֵייעֶן בֶּעשֶׁעפֶער.

ה 1 דְרוּם בִּין אִיךְ מַזְהִיר דִיא זְקֵנִים וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, וָואס אִיךְ בִּין
אוֹיךְ דֶער זָקֵן אוּן עֵדוּת פוּן דִיא לֵיידֶען פוּן יֵשׁוּעַ, דֶער חָבֵר אֵייךְ פוּן דֶער

הֶערְלִיכְקֵייט וָואס וֶועט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען; 2 פַּאסֶעט דִיא סְטַאדֶע פוּן גָאט
וָואס אִיז צְוִוישֶׁען אֵייךְ, נִיט וִויא גֶעצְוָואוּנְגֶען גֵייעֶרְט מִיט גוּטֶעם ווִילֶען אַזוֹי וִויא
צוּ גָאט, אוּן נִיט פַאר שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעוִוינְסְט נֵייעֶרְט מִיט אַ רֵיינֶען אֵייפֶער;
3 אוּן נִיט גְלֵייךְ וִויא דִיא וָואס הֶערְשֶׁען אִיבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען צוּ זֵייא אַנְפֶּערְ־
טְרוֹיעֶט, נֵייעֶרְט זֵייט אַ בֵּיישְׁפִּיל צוּ דֶער סְטַאדֶע. 4 אוּן וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פַּאסְטוּךְ וֶועט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען, וֶועט אִיהְר דֶערְהַאלְטֶען דִיא קְרוֹין פוּן
הֶערְלִיכְקֵייט וָואס וֶועט נִיט פֶערְגֶעהֶען.
5 גְלֵייכְדֶעם אִיהְר יוּנְגֶערֶע, זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דִיא זְקֵנִים. אוּן אַלֶע פוּן
אֵייךְ זֵייט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג מִיט דֶעמִיט, וָוארִין גָאט אִיז
קֶעגֶען דִיא שְׁטָאלְצֶע, אָבֶּער צוּ דִיא דֶעמִיטִיגֶע גִיבְּט עֶר גְנָאד.
6 דְרוּם דֶעמִיטִיגְט אֵייךְ אוּנְטֶער דִיא מֶעכְטִיגֶע הַאנְד פוּן גָאט, כְּדֵי עֶר
זָאל אֵייךְ אִין דֶער צֵייט דֶערְהֶעבֶּען; 7 אוּן וַוארְפְט אַלֶע אֵייעֶרֶע דַאגָה אוֹיף
אִיהְם, וָוארִין עֶר זָארְגְט פַאר אֵייךְ. 8 זֵייט נִיכְטֶערְן, אוּן וַואכְט; אֵייעֶר פֵיינְד
דֶער שָׂטָן גֶעהְט אַרוּם וִויא אַ בְּרוּמֶענְדִיגֶער לֵייבּ אוּן זוּכְט וֶועמֶען עֶר זָאל
אֵיינְשְׁלִינְגֶען. 9 דֶעם וִוידֶערְשְׁטֶעהְט אִים גְלוֹיבֶּען, אִינְדֶעם אִיהְר וֵוייסְט אַז דִיא
זֶעלְבִּיגֶע לֵיידֶען זֶענֶען דֶערְפִילְט אִין אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט.
10 אוּן דֶער גָאט פוּן אַלֶע גְנָאד, דֶער הָאט אוּנְז בֶּערוּפֶען צוּ זֵיינֶע עֶבִּיגֶע
הֶערְלִיכְקֵייט אִין מָשִׁיחַ, נָאכְדֶעם אִיהְר הָאט אַ קְלֵיינֶע צֵייט גֶעלִיטֶען וֶועט
אֵייךְ פָאלְקָאמֶען מַאכֶען, וֶועט אֵייךְ שְׁטַארְקֶען בֶּעפֶעסְטִיגֶען גְרִינְדֶען. 11 צוּ
אִיהְם זָאל דִיא מַאכְט זֵיין פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן.
12 דוּרְךְ סִלְוַואנוּס דֶעם גֶעטְרֵייעֶן בְּרוּדֶער, וִויא אִיךְ דֶענְק, הָאבּ אִיךְ בְּקִצוּר
גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּן אִיךְ וָארְן אוּן בֶּעצֵייג אַז דָאס אִיז דִיא וָואהְרֶע גְנָאד פוּן גָאט
וָואס אִיהְר שְׁטֶעהְט דְרִינֶען.
13 דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע וָואס אִיז אִין בָּבֶל, אוּן מֵיין זוּהְן מַרְקוֹס גְרִיסֶען
אֵייךְ. 14 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אַ קִישׁ פוּן לִיבֶּע.
פְּרִידֶען זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין מָשִׁיחַ.

---

## דֶער צְוֵוייטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פֶּעטְרוּס.

---

שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס, אַ קְנֶעכְט אוּן אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ דִיא
וָואס הָאבֶּען אַ גְלֵייכְוֶוערְטֶען גְלוֹיבֶּען מִיט אוּנְז דֶערְהַאלְטֶען, אִין דֶער גֶערֶע־
כְטִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶערֶען גָאט אוּן רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; 2 גְנָאד אוּן פְרִידֶען
זָאלֶען זִיךְ צוּ אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין דֶער דֶערְקֶענְטְנִים פוּן גָאט אוּן אוּנְזֶערֶען
הַאר'ן יֵשׁוּעַ.

3 גְלֵייךְ ווִיא זֵיינֶע גֶעטְלִיכֶע קְרַאפְט הָאט אוּנְז גֶעשֶׁענְקְט אַלֶע זַאכֶען וָואס
גֶעהֶערֶען צוּ לֶעבֶּען אוּן פְרוּמִיגְקֵייט דוּרְךְ דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן אִיהְם, וֶועלְכֶער
הָאט אוּנְז בֶּערוּפֶען דוּרְךְ זֵיינֶע אֵייגֶענֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּן לוֹיב; 4 דוּרְךְ
וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען צוּ אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דִיא טְהֵייעֶרֶע אוּן זֶעהְר גְרוֹיסֶע הַבְטָחוֹת,
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט דוּרְךְ דִיזֶע אַ טְהֵייל הָאבֶּען אִין דִיא גֶעטְלִיכֶע נַאטוּר, אִינְ־
דֶעם אִיהְר הָאט פוּן דֶעם פֶערְדַארְבֶּען אַנְטְרִינֶען וָואס אִיז אִין דֶער וֶועלְט
דוּרְךְ גְלוּסְטֶען. 5 אוּן צוּ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען זֶעצְט צוּ אַלֶערְלֵייא פְלֵייסִיגְקֵייט אוּן
צוּ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען גוּטֶע מִדוֹת, אוּן צוּ גוּטֶע מִדוֹת דֶערְקֶענְטְנִיס, 6 אוּן
צוּ דֶערְקֶענְטְנִיס מֶעסִיגְקֵייט, אוּן צוּ מֶעסִיגְקֵייט גֶעדוּלְד, אוּן צוּ גֶעדוּלְד
פְרוּמִיגְקֵייט, 7 אוּן צוּ פְרוּמִיגְקֵייט בְּרִידֶערְלִיכְקֵייט, אוּן צוּ בְּרִידֶערְלִיכְקֵייט לִיבֶּע.
8 וָוארִין דִיזֶע זַאכֶען, וֶוען זֵייא זֶענֶען אִין אֵייךְ אוּן מֶעהְרֶען זִיךְ, זֵייא לָאזֶען
אֵייךְ נִיט פוֹיל זֵיין אוּן אוֹיךְ נִיט אָהְן פְרוּכְט וֶועגֶען דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן אוּנְזֶע־
רֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 9 וָוארִין דֶער וָואס הָאט נִיט דִיזֶע זַאכֶען אִיז בְּלִינְד,
אִינְדֶעם עֶר זֶעהְט נוּר דָאס וָואס אִיז נָאהֶענְט, אוּן הָאט פֶערְגֶעסֶען אַז עֶר
אִיז פוּן זֵיינֶע אַלְטֶע זִינְד גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען.
10 דֶעסְטְוֶועגֶען בְּרִידֶער, בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ נָאךְ מֶעהְר אַז אִיהְר זָאלְט אֵייעֶרֶע
בֶּערוּפוּנְג אוּן אוֹיסֶערְוֶועהְלוּנְג זִיכֶער מַאכֶען; וָוארִין וֶוען אִיהְר טְהוּט דִיזֶע
זַאכֶען וֶועט אִיהְר קֵיין מָאל נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען. 11 וָוארִין אַזוֹי וֶועט אֵייךְ רֵייכְלִיךְ
גֶעגֶעבֶען וֶוערֶען דֶער אֵיינְגַאנְג צוּם עֶבִּיגֶען קֶענִיגְרֵייךְ פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן
אוּן רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
12 דֶעסְטְוֶועגֶען ווִיל אִיךְ נִיט אוֹיפְהֶערֶען אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען
צוּ דֶערְמַאהְנֶען, אַפִּילוּ וֶוען אִיהְר קֶענְט זֵייא אוּן זֶענְט בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין דֶער
וָואהְרְהֵייט וָואס אִיז מִיט אֵייךְ. 13 אָבֶּער אִיךְ הַאלְט עֶס פַאר רֶעכְט, אַזוֹי
לַאנְג ווִיא אִיךְ בִּין אִין דִיזֶען גֶעצֶעלְט, אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ דוּרְךְ דֶערְמַאהְנוּנְג
דֶערְוֶועקֶען; 14 אִינְדֶעם אִיךְ ווֵייס אַז דָאס אָפְּלֶעגֶען פוּן מֵיין גֶעצֶעלְט קוּמְט
גֶעשְׁווִינְד גְלֵייךְ ווִיא אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ הָאט מִיר גֶעוִויזֶען. 15 אוּן אִיךְ
וֶועל מִיךְ בֶּעמִיהֶען אַז אִיהְר זָאלְט דִיזֶע זַאכֶען אוֹיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעדֶענְקֶען
נָאךְ מֵיין אָפְּשֵׁיידֶען. 16 וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע לִיגֶען
נָאכְגֶעפָאלְגְט וֶוען מִיר הָאבֶּען אֵייךְ צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן דִיא קְרַאפְט אוּן דִיא
עֶרְשֵׁיינוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, נֵייעֶרְט מִיר הָאבֶּען זֵיינֶע גְדוּלָה
מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהֶען. 17 וָוארִין עֶר הָאט פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער
כָּבוֹד אוּן הֶערְלִיכְקֵייט דֶערְהַאלְטֶען, וֶוען אַזֶעלְכֶעס קוֹל אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
פוּן דִיא זֶעהְר הוֹיכֶע הֶערְלִיכְקֵייט, דָאס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין וֶועלְ־
כֶען אִיךְ הָאבּ וָואוֹילְגֶעפֶעלֶען. 18 אוּן דִיזֶעס קוֹל הָאבֶּען מִיר גֶעהֶערְט פוּן
הִימֶעל קוּמֶען, וֶוען מִיר זֶענֶען מִיט אִיהְם אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען בַּארְג גֶעוֶועזֶען.
19 אוּן מִיר הָאבֶּען דָאס וָוארְט פוּן נְבוּאָה וָואס אִיז אוֹיךְ פֶעסְטֶער גֶעמַאכְט,
דְרוֹיף וֶועט אִיהְר רֶעכְט טְהוּן וֶוען אִיהְר גִיבְּט אַכְטוּנְג גְלֵייךְ ווִיא אוֹיף אַ לִיכְט

17 מַתִּי ג׳ יז׳, יז׳ ה׳.

וָואס שֵׁיינְט אִין אַ פִינְסְטֶערֶען אָרְט, בִּיז דֶער טָאג וֶועט גְרִימֶערְן אוּן דֶער
מָארְגֶענְשְׁטֶערְן וֶועט אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אוֹיפְגֶעהֶען. [20] אוּן דָאס זָאלְט
אִיהְר צוּעֶרְשְׁט ווִיסֶען, אַז דִיא גַאנְצֶע נְבוּאָה פוּן דֶער שְׁרִיפְט אִיז נִיט פוּן
אֵייגֶענֶע אוֹיסְלֵייגוּנְג; [21] וָוארִין נְבוּאָה אִיז נִיט צוּ יֶעדֶער צֵייט דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען
פוּן מֶענְשֶׁען גֶעקוּמֶען, נֵייעֶרְט דִיא מֶענְשֶׁען זֶענֶען פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
בֶּעוֶועגְט אוּן הָאבֶּען פוּן גָאט גֶערֶעט.

ב [1] אוּן עֶס זֶענֶען אוֹיךְ פַאלְשֶׁע נְבִיאִים גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק, אַזוֹי ווִיא
עֶס וֶועלֶען אוֹיךְ זַיין צְווִישֶׁען אֵייךְ פַאלְשֶׁע לֶעהְרֶער, ווֶעלְכֶע וֶועלֶען שְׁטִילֶערְ-
הֵייט פֶערְדֶערְבְּלִיכֶע מִינוּת אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען, אוּן וֶועלֶען פֶערְלֵייקֶענֶען דֶעם הַאר'ן
דֶער הָאט זֵייא אוֹיסְגֶעקוֹיפְט, אוּן וֶועלֶען אִיבֶּער זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעשְׁווִינְדֶע פֶערְדָארְ-
בֶּען בְּרֶענְגֶען. [2] אוּן פִילֶע וֶועלֶען זֵייעֶרֶע אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייטֶען נָאכְפָאלְגֶען,
דוּרְךְ דִיא וֶועט דֶער וֶועג פוּן וָואהְרְהֵייט גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען. [3] אוּן דוּרְךְ
גֵייצִיגְקֵייט וֶועלֶען זֵייא אוֹיס אֵייךְ מִיט אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע וֶוערְטֶער סְחוֹרָה
מַאכֶען; פַאר ווֶעלְכֶע דָאס גֶערִיכְט זָאמְט זִיךְ שׁוֹין נִיט פוּן לַאנְג אָן, אוּן זֵייעֶר
פֶערְדָארְבֶּען דְרִימֶעלְט נִיט.

[4] וָוארִין וֶוען גָאט הָאט נִיט פֶערְשְׁפָּארְט מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט,
נֵייעֶרְט הָאט זֵייא אִין גֵיהִנָם אַרוּפְגֶעוָוארְפֶען אִין גְרוּבֶּער פוּן פִינְסְטֶערְנִיס,
אוּן הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם גֶערִיכְט בֶּעהַאלְטֶען צוּ וֶוערֶען; [5] אוּן עֶר
הָאט נִיט דִיא אַלְטֶע וֶועלְט פֶערְשְׁפָּארְט, נֵייעֶרְט הָאט נֹחַ מִיט זִיבֶּען אַנְדֶערֶע
גֶעהִיט אַ פְרֶעדִיגֶער פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן הָאט אַ מַבּוּל גֶעבְּרַאכְט אִיבֶּער
דֶער וֶועלְט פוּן דִיא רְשָׁעִים; [6] אוּן עֶר הָאט צוּ אַשׁ גֶעמַאכְט דִיא שְׁטֶעדְט
פוּן סְדוֹם אוּן עֲמוֹרָה, אוּן הָאט זֵייא פֶערְשׁוּלְדִיגְט דוּרְךְ אֵיין אוּמְשְׁטוּרְץ,
דְרִינֶען עֶר הָאט אַ בֵּיישְׁפִּיל גֶעמַאכְט פוּן דִיא וָואס וֶועלֶען רִשְׁעוּת טְהוּן;
[7] אוּן הָאט דֶעם גֶערֶעכְטֶען לוֹט מַצִיל גֶעוֶועזֶען, וֶועלְכֶען דִיא רְשָׁעִים הָאבֶּען
גֶעפְּלָאגְט מִיט זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מִדוֹת דוּרְךְ אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט. [8] וָוארִין דִיזֶער
צַדִיק וָואס הָאט צְווִישֶׁען זֵייא גֶעוְואוֹינְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט
זֵייעֶרֶע אוּנְגֶעזֶעצְלִיכֶע מַעֲשִׂים, הָאט עֶר טֶעגְלִיךְ יְסוּרִים גֶעהַאט אִין זַיינֶע
גֶערֶעכְטֶע נְשָׁמָה. [9] דֶער הַאר ווֵייסְט ווִיא אַזוֹי דִיא פְרוּמֶע לֵייט מַצִיל צוּ זַיין
פוּן פְּרִיפוּנְג, אוּן דִיא רְשָׁעִים צוּבֶּעהַאלְטֶען צוּם יוֹם הַדִין בֶּעשְׁטְרָאפְט צוּ
וֶוערֶען, [10] דָאךְ מֵייסְטֶענְס דִיא וָואס גֶעהֶען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ דוּרְךְ דֶעם
גְלוּסְטֶען פוּן אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, אוּן פֶערַאכְטֶען דִיא הֶערְשַׁאפְט. דִיזֶע זֶענֶען עַזוּת
פָּנִים, עַקְשָׁנִים, דִיא לֶעסְטֶערְן דִיא הֶערְלִיכְקֵייטֶען אָהְן פָארְכְט; [11] וֶוען אַפִילוּ דִיא
מַלְאָכִים וָואס זֶענֶען גְרֶעסֶער אִין קְרַאפְט אוּן אִין מַאכְט בְּרֶענְגֶען נִיט קֶעגֶען
זֵייא קֵיין אָנְקְלָאג פוּן לֶעסְטֶערוּנְג בֵּייא דֶעם הַאר'ן. [12] אָבֶּער דִיזֶע, גְלֵייךְ ווִיא
אוּנְפֶערְנוּנְפְטִיגֶע חַיוֹת, וָואס זֶענֶען פוּן נַאטוּר גֶעבּוֹירֶען גֶעחַאפְּט אוּן אוּמְ-
גֶעבְּרַאכְט צוּ וֶוערֶען, לֶעסְטֶערְן אִין דִיא זַאכֶען וָואס זֵייא נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען, אוּן
וֶועלֶען אוֹיךְ פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אִין זֵייעֶר פֶערְדָארְבֶּען, [13] אִינְדֶעם זֵייא
לֵיידֶען אוּנְרֶעכְט פַאר אַ לוֹין פוּן אוּנְרֶעכְט; דִיא וָואס הַאלְטֶען עֶס פַאר אַ

תענוג צו זויפען ביים קלארען טאג, און ווייא פלעקען און פעהלער זייא קוועלען
אין זייערע ליבעסמאהלצייטען בשעת זייא עסען מיט אייך; [14] און זייא האבען
אויגען פול מיט זנות, און וואס קענען ניט פון זינד אויפהערען, וועלכע
פערפיהרען לייכטזיניגע זעלען, און האבען הערצער געלערנט גייציג צו זיין,
און זענען קינדער פון דעם פלוך. [15] זייא האבען דעם רעכטען וועג פער־
לאזט, און זענען פערפיהרט געווארען, און זענען דעם וועג פון בלעם דעם
זוהן פון בעור נאכגעגאנגען, וואס האט דעם לוין פון אונרעכט געליבט,
[16] און איז געשטראפט געווארען פאר זיין אייגענעם איבעל; א שטימער עזעל
האט מיט דעם קול פון א מענשען גערעדט, און האט די משוגעת פון דעם
נביא געהינדערט.

[17] דיזע זענען ברונען אהן וואסער, וואלקען וואס זענען פון א שטורמווינד
ארומגעטריבען, פאר וועלכע די שווארצעסטע פינסטערניס איז אויף עביג
בעהאלטען. [18] ווארין זייא רעדען זעהר שטאלצע נארישקייטען, און דורך די
גלוסטען פון דעם פלייש פערפיהרען זייא דורך אויסגעלאסענהייט די וואס
זענען קוים אנטרינען פון די וואס וואנדלען אין טעות; [19] די וואס זאגען
זייא צו פרייהייט, דערווייל זייא זענען אליין די קנעכט פון פערדארבען;
ווארין צו וועמען אימיצער האט זיך אונטערגעווארפען פון דיזעם איז ער
א קנעכט געמאכט. [20] ווארין ווען זייא זענען אנטרינען פון די אונריינגקיי־
טען פון דער וועלט דורך דער דערקענטניס פון דעם האר'ן און רעטער ישוע
המשיח, און דאך זענען ווידער דרינען פערוויקעלט געווארען און האבען זיך
אונטערגעווארפען, אזוי זענען מיט זייא די לעצטע זאכען ערגער ווי די ערשטע.
[21] ווארין עס וואלט פאר זייא בעסער געוועזען אז זייא וואלטען ניט דעם וועג
פון גערעכטיגקייט געקענט, איידער נאכדעם זייא האבען איהם געקענט זיך
אפצוקעהרען פון דעם היילינען געבאט וואס איז צו זייא איבערגעגעבען. [22] עס
האט זיך צו זייא געטראפען נאך דעם וואהרען משל, א הונד קעהרט זיך צו
זיין אייגען מעקיכץ, און איין אפגעוואשענער חזיר וואלגערט זיך ווידער אין
גרוב.

ג [1] דאס איז שוין דער צווייטע בריף געליבטע וואס איך שרייב צו אייך,
אין וועלכע איך דערוועק אייער לויטערען פערשטאנד דורך דערמאהנען;
[2] אז איהר זאלט געדענקען די ווערטער וואס זענען איך פריהער געזאגט
געווארען פון די היילינע נביאים, און דאס געבאט צו אייך פון די אפאס־
טעל פון דעם האר'ן און רעטער. [3] דאס זאלט איהר צוערשט וויסען, אז
אין די לעצטע טעג וועלען שפעטער קומען מיט שפעטעריי, וועלכע וועלען
זייערע אייגענע גלוסטען נאכגעהען [4] און זאגען, וואו איז די הבטחה פון
זיין קומען? ווארין פון דער צייט אן די אבות זענען אנטשלאפען געווארען
זענען אלע זאכען אזוי ווי פון אנהייב פון דער בעשאפונג. [5] ווארין
מוטוויליג פערגעסען זייא, אז עס זענען הימעל געוועזען פון אלטע צייטען דורך

[22] משלי כו' יא'.

דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּן דִיא עֶרְד וָואס אִיז דוּרְךְ וַואסֶער אוּן אִים וַואסֶער
בֶּעשְׁטַאנֶען, 6 דוּרְךְ וֶועלְכֶע דִיא וֶועלְט וָואס אִיז דַאן גֶעוֶוען אִיז דוּרְךְ וַואסֶער
פֶערְפְלֵייצְט גֶעוֶוען, אוּן אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען. 7 אָבֶּער דִיא הִימֶעל אוּן
דִיא עֶרְד וָואס זֶענֶען אַצוּנְד זֶענֶען דוּרְךְ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען וָוארְט בֶּעוָואהְרְט, בֶּעהַאלְטֶען
צוּם פֵייעֶר בִּיז צוּם יוֹם הַדִין אוּן דֶער צוּשְׁטֶערוּנְג פוּן דִיא רְשָׁעִים.

8 אָבֶּער דָאס אֵיינֶע פֶערְגֶעסְט נִיט, גֶעלִיבְּטֶע, אַז אֵיין טָאג אִיז בֵּייא דֶעם
הַאר'ן וִויא טוֹיזֶענְד יָאהְר, אוּן טוֹיזֶענְד יָאהְר וִויא אֵיין טָאג. 9 דֶער הַאר
פֶערְשְׁפֶּעטִיגְט נִיט זֵיינֶע הַבְטָחָה וִויא עֶטְלִיכֶע הַאלְטֶען פֶערְשְׁפֶּעטוּנְג, נֵייעֶרְט
עֶר אִיז לַאנְגְמִיטִיג קֶעגֶען אֵייךְ אוּן וִויל נִיט אַז אֵיימִיצֶער זָאל פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען, נֵייעֶרְט אַז אַלֶע זָאלֶען אוּמְקֶעהְרֶען צוּ תְּשׁוּבָה.

10 נוּן דֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר'ן וֶועט קוּמֶען אַזוֹי וִויא אַ גַנָב, אִין וֶועלְכֶעם
דִיא הִימֶעל וֶועלֶען פֶערְגֶעהֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶען רַעַשׁ, אוּן דִיא גְרוּנְדֶען וֶועלֶען
פַאר הִיץ צוּשְׁמֶעלְצְט וֶוערֶען אוּן וֶועלֶען צוּגֶעהֶען, אוּן דִיא עֶרְד אוּן דִיא
וֶוערְק וָואס זֶענֶען דְרִינֶען וֶועלֶען פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען. 11 וֶוען אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען
וֶועלֶען אַזוֹי צוּגֶעהֶען, וָואסְפַאר מֶענְשֶׁען קֶעהְרְט אִיהְר צוּ זֵיין אִין הֵיילִיגֶען
וַואנְדֶעל אוּן פְרוּמִיגְקֵייט, 12 דֶערְוֵויל אִיהְר וַוארְטֶעט אוּן עֶרְנְסְט בֶּעגֶעהְרְט
דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג פוּן דֶעם טָאג פוּן גָאט, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דִיא הִימֶעל וֶועלֶען פֶערְבְּרֶענְט
וֶוערֶען אוּן וֶועלֶען צוּגֶעהֶען, אוּן דִיא גְרוּנְדֶען וֶועלֶען פַאר הִיץ צוּשְׁמֶעלְצְט
וֶוערֶען אוּן וֶועלֶען פֶערְנִיכְטֶעט וֶוערֶען? 13 אָבֶּער מִיר וַוארְטֶען נָאךְ זֵיינֶער
הַבְטָחָה אוֹיף נֵייעֶ הִימֶעל אוּן אַ נֵייעֶ עֶרְד, דְרִינֶען וְואוֹינְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט.

14 דֶעסְטְוֶועגֶען, גֶעלִיבְּטֶע, וַוייל אִיהְר וַוארְטֶעט אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ
אַז אִיהְר זָאלְט פוּן אִיהְם אִין פְרִידֶען גֶעפִינֶען וֶוערֶען, אָהְן אַ פְלֶעק אוּן אָהְן אַ
פֶעהְלֶער. 15 אוּן רֶעכֶענְט אַז דִיא לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן אִיז
יְשׁוּעָה, גְלֵייךְ וִויא אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער פּוֹלוֹס הָאט אוֹיךְ אֵייךְ גֶעשְׁרִיי־
בֶּען נָאךְ דֶער חָכְמָה וָואס אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען; 16 אַזוֹי וִויא אוֹיךְ אִין אַלֶע
בְּרִיף רֶעט עֶר וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען, אִין וֶועלְכֶע זֶענֶען עֶטְלִיכֶע זַאכֶען שְׁוֶוער צוּ
פֶערְשְׁטֶעהֶען, וָואס דִיא אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶע אוּן אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע פֶערְדְרֶעהֶען,
אַזוֹי וִויא אוֹיךְ דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁרִיפְטֶען, צוּ זֵייעֶר אֵייגֶענֶען פֶערְדַארְבֶּען.

17 דְרוּם, גֶעלִיבְּטֶע, וַוייל אִיהְר וֵוייסְט עֶס פָארְאוֹיס, הִיט אֵייךְ כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט נִיט פֶערְפִיהְרְט וֶוערֶען מִיט דֶעם טָעוּת פוּן דִיא רְשָׁעִים, אוּן זָאלְט נִיט
אַוֶועקְפַאלֶען פוּן אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע בֶּעשְׁטֶענְדִיגְקֵייט; 18 נֵייעֶרְט וַואקְסְט אִין
דֶער גְנָאד אוּן דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן אוּן רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
צוּ אִיהְם זָאל זֵיין דֶער כָּבוֹד אַצוּנְד אוּן אִין עֶבִּיגֶע צֵייטֶען; אָמֵן.

8 תהלים צ׳ ד׳.

# דֶער עֶרְשְׁטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יוֹחָנָן.

1 דָאס וָואס אִיז פוּן אָנְהֵייבּ גֶעוֶועְן, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט, וָואס מִיר
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, וָואס מִיר הָאבֶּען בֶּעטְרַאכְט אוּן אוּנְזֶערֶע
הֶענְד הָאבֶּען אָנְגֶערִיהְרְט, וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן לֶעבֶּען; 2 אוּן דָאס לֶעבֶּען
אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּן בֶּעצֵייגֶען אוּן דֶערְ־
צֶעהְלֶען צוּ אֵייךְ דָאס עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען, וָואס אִיז מִיט דֶעם פָּאטֶער גֶעוֶועְן אוּן אִיז
צוּ אוּנְז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען. 3 וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט
דֶערְצֶעהְלֶען מִיר אוֹיךְ אֵייךְ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ גֶעמֵיינְשַׁאפְט מִיט אוּנְז
הָאבֶּען. אוּן אוּנְזֶערֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט אִיז מִיט דֶעם פָּאטֶער אוּן מִיט זַיין זוּהְן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. 4 אוּן דִיזֶע זַאכֶען שְׁרֵייבֶּען מִיר צוּ אֵייךְ, כְּדֵי אוּנְזֶערֶע פְרֵייד
זָאל פָאלְקָאמֶען וֶוערֶען.

5 אוּן דָאס אִיז דִיא בָּאטְשַׁאפְט וָואס מִיר הָאבֶּען פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט אוּן
דֶערְצֶעהְלֶען צוּ אֵייךְ, אַז גָאט אִיז לִיכְט, אוּן אִין אִיהְם אִיז גָאר קֵיינֶע
פִינְסְטֶערְנִיס נִיט. 6 וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעמֵיינְשַׁאפְט, אוּן
וַואנְדְלֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, זָאגֶען מִיר לִיגֶען אוּן טְהוּן נִיט דִיא וָואהְרְ־
הֵייט. 7 אָבֶּער וֶוען מִיר וַואנְדְלֶען אִים לִיכְט גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז אִים לִיכְט
הָאבֶּען מִיר גֶעמֵיינְשַׁאפְט אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּן דָאס בְּלוּט פוּן יֵשׁוּעַ
זַיין זוּהְן רֵיינִיגְט אוּנְז פוּן אַלֶע זִינְד. 8 וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר הָאבֶּען נִיט
קֵיינֶע זִינְד פֶערְפִיהְרֶען מִיר אוּנְז זֶעלְבְּסְט, אוּן דִיא וָואהְרְהֵייט אִיז נִיט אִין
אוּנְז. 9 וֶוען מִיר בֶּעקֶענֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד, אִיז עֶר גֶעטְרֵייא אוּן גֶערֶעכְט אַז
עֶר זָאל אוּנְז דִיא זִינְד פֶערְגֶעבֶּען, אוּן זָאל אוּנְז רֵיינִיגֶען פוּן אַלֶער אוּנְגֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט. 10 וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט, מַאכֶען מִיר אִיהְם
פַאר אַ לִיגְנֶער, אוּן זַיין וָוארְט אִיז נִיט אִין אוּנְז.

ב 1 מֵיינֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, דִיזֶע זַאכֶען שְׁרֵייבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
נִיט זִינְדִיגֶען. אוּן וֶוען אֵיימִיצֶער זִינְדִיגְט, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אַ מֵלִיץ בֵּייא
דֶעם פָּאטֶער, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶעם גֶערֶעכְטֶען; 2 אוּן עֶר אִיז אַלֵיין אַ
כַּפָּרָה פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד, אוּן נִיט נוּר פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
פַאר דִיא זִינְד פוּן דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט. 3 אוּן דוּרְךְ דֶעם וִויסֶען מִיר אַז מִיר
קֶענֶען אִיהְם, וֶוען מִיר הַאלְטֶען זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע. 4 דֶער וָואס זָאגְט, אִיךְ קֶען
אִיהְם, אוּן הַאלְט נִיט זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע, דֶער אִיז אַ לִיגְנֶער. אוּן דִיא וָואהְרְהֵייט
אִיז נִיט אִין אִיהְם. 5 אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט זַיין וָוארְט, בֶּאֱמֶת אִין דִיזֶעם אִיז
דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט פָאלְקָאמֶען גֶעוָוארֶען: דוּרְךְ דֶעם וִויסֶען מִיר אַז מִיר זֶענֶען אִין
אִיהְם. 6 דֶער וָואס זָאגְט אַז עֶר בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם, גְלֵייךְ וִויא יֶענֶער הָאט
גֶעוַואנְדֶעלְט אַזוֹי זָאל עֶר אַלֵיין אוֹיךְ וַואנְדֶעלְן.

7 גֶעלִיבְּטֶע, אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ נִיט קֵיין נֵייעֶס גֶעבָּאט, נֵייעֶרְט אֵיין אַלְטֶעס
גֶעבָּאט וָואס אִיהְר הָאט פוּן אָנְהֵייבּ גֶעהַאט; דָאס אַלְטֶע גֶעבָּאט אִיז דָאס

וָוארְט וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט. [8] וִוידֶער אַ נֵייעֶס גֶעבָּאט שְׁרֵייבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ,
וָואס אִיז אֱמֶת אִין אִיהְם אוּן אִין אֵייךְ, וֵוייל דִיא פִינְסְטֶערְנִיס פֶערְשְׁווִינְדֶעט,
אוּן דָאס וָואהְרֶע לִיכְט שׁוֹין שֵׁיינְט. [9] דֶער וָואס זָאגְט אַז עֶר אִיז אִים לִיכְט,
אוּן הַאסְט זַיין בְּרוּדֶער, אִיז אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס בִּיז אַצוּנְד. [10] דֶער וָואס
לִיבְּט זַיין בְּרוּדֶער בְּלֵייבְּט אִים לִיכְט, אוּן עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אִין
אִיהְם. [11] אָבֶּער דֶער וָואס הַאסְט זַיין בְּרוּדֶער אִיז אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוּן
וַואנְדֶעלְט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּן וֵוייסְט נִיט וְואוּ אַהִין עֶר גֶעהְט, וָוארִין
דִיא פִינְסְטֶערְנִיס הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען פֶערְבְּלֶענְדֶעט.

[12] אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וֵוייל אֵייעֶרֶע זִינְד זֶענֶען פֶערְגֶעבֶּען
פוּן זַיין נָאמֶענְס וֶועגֶען. [13] אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ, פֶעטֶער, וֵוייל אִיהְר הָאט
אִיהְם דֶערְקַאנְט וֶועלְכֶער אִיז פוּן אָנְהֵייבּ. אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ, יוּנְגֶע
מֶענֶער, וֵוייל אִיהְר הָאט דֶעם שְׁלֶעכְטֶען בֵּיינֶעקוּמֶען. אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
גֶעשְׁרִיבֶּען קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וֵוייל אִיהְר הָאט דֶערְקֶענְט דֶעם פָאטֶער. [14] אִיךְ
הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען פֶעטֶער, וֵוייל אִיהְר הָאט אִיהְם דֶערְקֶענְט וֶועלְכֶער
אִיז פוּן אָנְהֵייבּ. אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען יוּנְגֶע מֶענֶער, וֵוייל אִיהְר
זֶענְט שְׁטַארְק אוּן דָאס וָוארְט פוּן גָאט בְּלֵייבְּט אִין אֵייךְ, אוּן אִיהְר הָאט דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען בֵּיינֶעקוּמֶען. [15] לִיבְּט נִיט דִיא וֶועלְט, אוֹיךְ נִיט דִיא זַאכֶען וָואס
זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט. וֶוען אֵיימִיצֶער לִיבְּט דִיא וֶועלְט, אַזוֹי אִיז נִיט אִין
אִיהְם דִיא לִיבֶּע פוּן דֶעם פָאטֶער. [16] וֵוייל אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֶער וֶועלְט, דָאס
גְלוּסְטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אוּן דָאס גְלוּסְטֶען פוּן דִיא אוֹיגֶען אוּן דֶער שְׁטָאלְץ
פוּן דֶעם לֶעבֶּען, אִיז נִיט פוּן דֶעם פָאטֶער נֵייעֶרְט פוּן דֶער וֶועלְט. [17] אוּן
דִיא וֶועלְט פֶערְשְׁווִינְדֶעט, אוּן אוֹיךְ אִיהְר גְלוּסְטֶען; אָבֶּער דֶער וָואס טְהוּט
דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶבִּיג.

[18] קְלֵיינֶע קִינְדֶער, עֶס אִיז דִיא לֶעצְטֶע שָׁעָה; אוּן וִויא אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט
אַז דֶער גֶעגְנֶער פוּן מָשִׁיחַ קוּמְט, אַזוֹי זֶענֶען שׁוֹין אַצוּנְד דָא פִילֶע גֶעגְנֶער
פוּן מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען; דוּרְךְ דֶעם וִויסֶען מִיר אַז עֶס אִיז דִיא לֶעצְטֶע שָׁעָה.
[19] זֵייא זֶענֶען פוּן אוּנְז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען נִיט פוּן אוּנְז גֶעוֶועזֶען;
וָוארִין וֶוען זֵייא וָואלְטֶען פוּן אוּנְז גֶעוֶועזֶען וָואלְטֶען זֵייא מִיט אוּנְז גֶעבְּלִיבֶּען;
אָבֶּער זֵייא זֶענֶען אַוֶועק כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אַז זֵייא זֶענֶען
נִיט אַלֶע פוּן אוּנְז. [20] אוּן אִיהְר הָאט אַ זַאלְבּוּנְג פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען, אוּן
אִיהְר אַלֶע וֵוייסְט. [21] אִיךְ הָאבּ נִיט צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען וֵוייל אִיהְר וֵוייסְט
נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט, נֵייעֶרְט וֵוייל אִיהְר וֵוייסְט זִיא, אוּן אַז קֵיין לִיגֶען אִיז
נִיט פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט. [22] וֶוער אִיז דֶער לִיגְנֶער וֶוען נִיט דֶער וָואס לֵייי
קֶענְט אָפּ אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ? דִיזֶער אִיז דֶער גֶעגְנֶער פוּן מָשִׁיחַ, וָואס
לֵייקֶענְט אָפּ דֶעם פָאטֶער אוּן דֶעם זוּהְן. [23] יֶעדֶער וָואס לֵייקֶענְט אָפּ
דֶעם זוּהְן הָאט דֶעם פָאטֶער אוֹיךְ נִיט; דֶער וָואס בֶּעקֶענְט דֶעם זוּהְן הָאט
אוֹיךְ דֶעם פָאטֶער. [24] לָאז דָאס אִין אֵייךְ בְּלֵייבֶּען וָואס אִיהְר הָאט פוּן
אָנְהֵייבּ גֶעהֶערְט; וֶוען דָאס וָואס אִיהְר הָאט פוּן אָנְהֵייבּ גֶעהֶערְט וֶועט אִין

אֵייךְ בְּלֵייבֶּען, אַזוי וֶועט אִיהְר אוֹיךְ בְּלֵייבֶּען אִים זוּהְן אוּן אִים פָּאטֶער.
25 אוּן דָאס אִיז דִיא הַבְטָחָה וָואס עֶר הָאט אוּנְז צוּגֶעזָאגְט, דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען.
26 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען דִיא וָואס פֶּערְפִיהְרֶען
אֵייךְ. 27 אוּן דִיא זַאלְבּוּנְג וָואס אִיהְר הָאט פוּן אִיהְם דֶערְהַאלְטֶען בְּלֵייבְּט אִין
אֵייךְ, אוּן אִיהְר בֶּעדַארְפְט נִיט אַז אֵיימִיצֶער זָאל אֵייךְ לֶעהְרֶען; נֵייעֶרְט גְלֵייךְ
וִויא זֵיינֶע זַאלְבּוּנְג לֶעהְרְט אֵייךְ וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען אוּן אִיז וָואהְר אוּן אִיז
נִיט קֵיין לִיגֶען, אוּן גְלֵייךְ וִויא זִיא הָאט אֵייךְ גֶעלֶעהְרְט, אַזוי בְּלֵייבְּט אִיהְר
אִין אִיהְם. 28 אוּן אַצוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם, כְּדֵי וֶוען עֶר וֶועט
אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, זָאלֶען מִיר בִּטָחוֹן הָאבֶּען, אוּן זָאלֶען נִיט פוּן אִיהְם פֶּערְ־
שֶׁעהְמְט וֶוערֶען וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען. 29 וֶוען אִיהְר וֵוייסְט אַז עֶר אִיז גֶערֶעכְט,
אַזוי זָאלְט אִיהְר וִויסֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז פוּן
אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען.
ג 1 זֶעהְט וָואסְפַאר אַ מִין לִיבֶּע דֶער פָּאטֶער הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען, אַז מִיר
זָאלֶען קִינְדֶער פוּן גָאט הֵייסֶען, אוּן אַזֶעלְכֶע זֶענֶען מִיר. דֶעסְטְוֶועגֶען דִיא
וֶועלְט קֶענְט אוּנְז נִיט, וֵוייל זִיא הָאט אִיהְם נִיט גֶעקַאנְט. 2 גֶעלִיבְּטֶע, אַצוּנְד
זֶענֶען מִיר קִינְדֶער פוּן גָאט, אוּן עֶס אִיז נָאךְ נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען וָואס
מִיר וֶועלֶען זַיין. מִיר וִויסֶען אַז וֶוען עֶר וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען וֶועלֶען מִיר
גְלֵייךְ צוּ אִיהְם זַיין, וָוארִין מִיר וֶועלֶען אִיהְם זֶעהֶען אַזוי וִויא עֶר אִיז. 3 אוּן
אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט דִיזֶע הָאפְנוּנְג אוֹיף אִיהְם רֵיינִיגְט זִיךְ אַזוי וִויא עֶר אִיז
רֵיין. 4 אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט דִיא זִינְד טְהוּט אוֹיךְ דָאס אוּנְרֶעכְט, אוּן דִיא
זִינְד אִיז דָאס אוּנְרֶעכְט. 5 אוּן אִיהְר וֵוייסְט אַז עֶר אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען
כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְזֶערֶע זִינְד אַוֶועקְנֶעמֶען, אוּן אִין אִיהְם אִיז נִיט קֵיינֶע זִינְד.
6 אִיטְלִיכֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם זִינְדִיגְט נִיט; אִיטְלִיכֶער וָואס זִינְדִיגְט הָאט
אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט אִיהְם אוֹיךְ נִיט דֶערְקֶענְט.
7 קְלֵיינֶע קִינְדֶער, לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט פֶּערְפִיהְרֶען; דֶער וָואס טְהוּט
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז גֶערֶעכְט, וִויא יֶענֶער אִיז גֶערֶעכְט. 8 דֶער וָואס
טְהוּט דִיא זִינְד אִיז פוּן דֶעם שָׂטָן, וָוארִין דֶער שָׂטָן זִינְדִיגְט פוּן אָנְהֵייבּ;
דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי עֶר זָאל דִיא
וֶוערְק פוּן דֶעם שָׂטָן צוּשְׁטֶערֶען. 9 אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָוארֶען טְהוּט נִיט זִינְד, וֵוייל זַיין זָאמֶען בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם; אוּן עֶר קֶען נִיט
זִינְדִיגֶען, וֵוייל עֶר אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען. 10 דֶרִינֶען זֶענֶען קְלָאר
דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט אוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם שָׂטָן; אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט
נִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז נִיט פוּן גָאט, אוֹיךְ נִיט דֶער וָואס לִיבְּט נִיט זַיין בְּרוּ־
דֶער. 11 וָוארִין דִיזֶע אִיז דִיא בָּאטְשַׁאפְט וָואס אִיהְר הָאט פוּן אָנְהֵייבּ
גֶעהֶערְט, אַז מִיר זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען. 12 נִיט וִויא קַיִן
דֶער אִיז פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען גֶעוֶועזֶען אוּן הָאט זַיין בְּרוּדֶער אוּמְגֶעבְּרַאכְט.
אוּן פַארְוָואס הָאט עֶר אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט? וֵוייל זֵיינֶע וֶוערְק זֶענֶען שְׁלֶעכְט
גֶעוֶוען, אָבֶּער דִיא וֶוערְק פוּן זַיין בְּרוּדֶער זֶענֶען גֶערֶעכְט גֶעוֶוען.

13 וואונדערט אייך ניט, ברידער, ווען דיא וועלט האט אייך פיינד. 14 מיר
וויסען אז מיר זענען פון דעם טויט צום לעבען איבערגעגאנגען, ווייל מיר
ליבען דיא ברידער; ווען איימיצער ליבט ניט אזוי בלייבט ער אים טויט.
15 איטליכער וואס האט זיין ברודער פיינד איז א רוצח, און איהר ווייסט אז
קיין רוצח האט ניט דאס עביגע לעבען בלייבען אין איהם. 16 דריגען האבען
מיר זייגע ליבע דערקאנט, ווייל ער האט פאר אונז זיין לעבען אנידערגעלעגט;
און מיר בעדארפען אונזער לעבען פאר דיא ברידער אנידערלעגען. 17 אבער
דער וואס האט דאס פערמעגען פון דיזער וועלט, און זעהט אז זיין ברודער
האט נויט, און פערשליסט זיינע בארעמהערציגקייטען פון איהם, וויא אזוי
וואוינט דיא ליבע פון גאט אין איהם? 18 קליינע קינדער, לאזען מיר ניט
ליבען מיט רעד אויך ניט מיט דער צונג, נייערט אין ווערק און אין וואהר־
הייט. 19 אין דיזעם זאלען מיר וויסען אז מיר זענען פון דער וואהרהייט, און
זאלען אונזער הארץ פאר איהם בעפרידיגען, 20 אז אין וואספאר א זאך
אונזער הארץ פערשולדיגט אונז, גאט איז גרעסער וויא אונזער הארץ און
ווייסט אלע זאכען. 21 געליבטע, ווען אונזער הארץ פערשולדיגט אונז ניט,
אזוי האבען מיר א בטחון צו גאט; 22 און וואס מיר בעטען בעקומען
מיר פון איהם, ווייל מיר האלטען זיינע געבאטע, און טהון דאס וואס איהם
געפעלט. 23 און דאס איז זיין געבאט, אז מיר זאלען גלויבען אים נאמען פון
זיין זוהן ישוע המשיח, און זאלען איינער דעם אנדערען ליבען, אזוי וויא ער
האט אונז א געבאט געגעבען. 24 און דער וואס האלט זיינע געבאטע בלייבט
אין איהם און ער אין איהם; און דריגען וויסען מיר אז ער בלייבט אין אונז,
דורך דעם גייסט וואס ער האט אונז געגעבען.

ד 1 געליבטע, גלויבט ניט איטליכען גייסט, נייערט פריפט דיא גייסטער אויב
זייא זענען פון גאט, וואָרין פילע פאלשע נביאים זענען אין דער וועלט
אויסגעגאנגען. 2 אין דיזעם דערקענט איהר דעם גייסט פון גאט; איטליכער
גייסט וואס בעקענט אז ישוע המשיח איז אים פלייש געקומען איז פון גאט,
3 און איטליכער גייסט וואס בעקענט ניט ישוע איז ניט פון גאט; און דאס
איז דער גייסט פון דעם געגנער פון משיח, וואס איהר האט געהערט אז ער
קומט, און שוין אצונד איז ער אין דער וועלט. 4 איהר זענט פון גאט, קליינע
קינדער, און איהר האט זייא בייגעקומען; וואָרין דער וואס איז אין אייך איז
גרעסער וויא דער וואס איז אין דער וועלט. 5 זייא זענען פון דער וועלט;
דעסטוועגען רעדען זייא פון דער וועלט, און דיא וועלט הערט זייא. 6 מיר
זענען פון גאט; דער וואס קען גאט הערט אונז, דער וואס איז ניט פון גאט
הערט אונז ניט. דורך דעם קענען מיר דעם גייסט פון וואהרהייט און דעם
גייסט פון טעות.

7 געליבטע, לאזען מיר איינער דעם אנדערען ליבען, וואָרין דיא ליבע איז
פון גאט, און איטליכער וואס ליבט איז פון גאט געבוירען און קענט גאט.
8 ווען איימיצער ליבט ניט האט ער ניט גאט דערקאנט, וואָרין גאט איז ליבע.

9אִין דִיזֶעם אִיז דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אִינְדֶעם גָאט הָאט
זַיין אֵיינְצִיגֶען זוּהְן אִין דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיקְט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דוּרְךְ אִיהְם
לֶעבֶּען. 10דְרִינֶען אִיז לִיבֶּע, נִיט אַז מִיר הָאבֶּען גָאט גֶעלִיבְּט, נֵייעֶרְט אַז עֶר
הָאט אוּנְז גֶעלִיבְּט אוּן הָאט זַיין זוּהְן גֶעשִׁיקְט פַאר אַ כַּפָּרָה פַאר אוּנְזֶערֶע
זִינְד. 11גֶעלִיבְּטֶע, וֶוען גָאט הָאט אוּנְז אַזוֹי גֶעלִיבְּט, זָאלֶען מִיר אוֹיךְ אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען.

12קֵיינֶער הָאט גָאט קֵיינְמָאל נִיט גֶעזֶעהֶען; וֶוען מִיר לִיבֶּען אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען, אַזוֹי בְּלֵייבְּט גָאט אִין אוּנְז, אוּן זַיינֶע לִיבֶּע אִיז אִין אוּנְז פָאלְקָאמֶען
גֶעוָוארֶען. 13אִין דִיזֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר אַז מִיר בְּלֵייבֶּען אִין אִיהְם אוּן עֶר
אִין אוּנְז, וַוייל עֶר הָאט אוּנְז פוּן זַיין גֵייסְט גֶעגֶעבֶּען. 14אוּן מִיר
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּן בֶּעצֵייגֶען, אַז דֶער פָאטֶער הָאט דֶעם זוּהְן גֶעשִׁיקְט אַלְס
דֶעם רֶעטֶער פוּן דֶער וֶועלְט. 15דֶער וָואס בֶּעקֶענְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער זוּהְן
פוּן גָאט, בְּלֵייבְּט גָאט אִין אִיהְם אוּן עֶר אִין גָאט. 16אוּן מִיר הָאבֶּען דֶערְ־
קַאנְט אוּן גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶער לִיבֶּע וָואס גָאט הָאט צוּ אוּנְז. גָאט אִיז לִיבֶּע,
אוּן דֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין דֶער לִיבֶּע בְּלֵייבְּט אִין גָאט אוּן גָאט אִין אִיהְם.
17אִין דִיזֶעם אִיז דִיא לִיבֶּע מִיט אוּנְז פָאלְקָאמֶען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
בְּטָחוֹן הָאבֶּען אִים יוֹם הַדִין, וָוארִין גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוֹיךְ
אִין דִיזֶער וֶועלְט. 18עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע פָארְכְט אִין דֶער לִיבֶּע, נֵייעֶרְט דִיא
פָאלְקָאמֶענֶע לִיבֶּע וַוארְפְט אַרוֹיס דִיא פָארְכְט, וָוארִין דִיא פָארְכְט הָאט
שְׁטְרָאף, אוּן דֶער וָואס פָארְכְט זִיךְ אִיז נִיט פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט אִין דֶער לִיבֶּע.
19מִיר לִיבֶּען, וַוייל עֶר הָאט אוּנְז צוּעֶרְשְׁט גֶעלִיבְּט. 20וֶוען אֵיימִיצֶער זָאגְט,
אִיךְ לִיבּ גָאט, אוּן עֶר הָאט פֵיינְד זַיין בְּרוּדֶער, אַזוֹי אִיז עֶר אַ לִיגְנֶער; וָוארִין
וֶוען אֵיימִיצֶער לִיבְּט נִיט זַיין בְּרוּדֶער דֶעם עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי קֶען
עֶר נִיט גָאט לִיבֶּען דֶעם עֶר הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען. 21אוּן דִיזֶעס גֶעבָּאט
הָאבֶּען מִיר פוּן אִיהְם, אַז דֶער וָואס לִיבְּט גָאט זָאל זַיין בְּרוּדֶער אוֹיךְ
לִיבֶּען.

ה 1אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען;
אוּן אִיטְלִיכֶער וָואס לִיבְּט דֶעם וֶועלְכֶער הָאט גֶעבּוֹירֶען לִיבְּט אוֹיךְ דֶעם
וֶועלְכֶער אִיז פוּן אִיהְם גֶעבּוֹירֶען. 2אִין דִיזֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר אַז מִיר לִיבֶּען
דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט, וֶוען מִיר לִיבֶּען גָאט אוּן הַאלְטֶען זַיינֶע גֶעבָּאטֶע.
3וָוארִין דָאס אִיז דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט, אַז מִיר זָאלֶען זַיינֶע גֶעבָּאטֶע הַאלְטֶען;
אוּן זַיינֶע גֶעבָּאטֶע זֶענֶען נִיט שְׁוֶוער. 4וַוייל אִיטְלִיכֶעס וָואס אִיז פוּן גָאט
גֶעבּוֹירֶען אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט דִיא וֶועלְט; אוּן דָאס אִיז דֶער נִצָּחוֹן וָואס אִיבֶּערְ־
וֶועלְטִיגְט דִיא וֶועלְט, אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען. 5וֶוער אִיז דֶער וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט
דִיא וֶועלְט, וֶוען נִיט דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט?
6דִיזֶער אִיז דֶער וֶועלְכֶער אִיז דוּרְךְ וַואסֶער אוּן בְּלוּט גֶעקוּמֶען, יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ;
נִיט נוּר אִים וַואסֶער, נֵייעֶרְט אִים וַואסֶער אוּן אִים בְּלוּט. 7אוּן עֶס אִיז דֶער
גֵייסְט וֶועלְכֶער בֶּעצֵייגְט, וַוייל דֶער גֵייסְט אִיז דִיא וָואהְרְהֵייט. 8וַוייל עֶס זֶענֶען

דְרַייא וָואס בֶּעצֵייגֶען, דֶער גֵייסְט אוּן דָאס וַואסֶער אוּן דָאס בְּלוּט, אוּן דִיזֶע
דְרַייא זֶענֶען אֵיינְס. 9 וֶוען מִיר אָנְנֶעמֶען דָאס צֵייגְנִים פוּן מֶענְשֶׁען, אִיז דָאס
צֵייגְנִים פוּן גָאט גְרֶעסֶער, וַוייל דָאס אִיז דָאס צֵייגְנִים פוּן גָאט אַז עֶר הָאט
וֶועגֶען זַיין זוּהְן בֶּעצֵייגְט. 10 דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט הָאט
אִין אִיהְם דָאס צֵייגְנִים; וֶוען אֵיימִיצֶער גְלוֹיבְּט נִיט אִין גָאט הָאט עֶר אִיהְם פַאר
אַ לִיגְנֶער גֶעמַאכְט, וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט דָאס צֵייגְנִים וָואס גָאט הָאט
בֶּעצֵייגְט וֶועגֶען זַיין זוּהְן. 11 אוּן דָאס אִיז דָאס צֵייגְנִים, אַז גָאט הָאט אוּנְז
עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען גֶעגֶעבֶּען, אוּן דִיזֶעס לֶעבֶּען אִיז אִין זַיין זוּהְן. 12 דֶער וָואס
הָאט דֶעם זוּהְן הָאט דָאס לֶעבֶּען; וֶוען אֵיימִיצֶער הָאט נִיט דֶעם זוּהְן פוּן
גָאט הָאט עֶר נִיט דָאס לֶעבֶּען. 13 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען,
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיהְר הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען, צוּ אֵייךְ וָואס גְלוֹיבֶּען
אָן דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט.

14 אוּן דָאס אִיז דֶער בִּטָחוֹן וָואס מִיר הָאבֶּען צוּ אִיהְם, אַז וֶוען מִיר עֶפֶּעס
בֶּעטֶען נָאךְ זַיין ווִילֶען הֶערְט עֶר אוּנְז. 15 אוּן וֶוען מִיר וִויסֶען אַז עֶר הֶערְט
אוּנְז אִין אַ סַךְ וָואס מִיר בֶּעטֶען, אַזוֹי וִויסֶען מִיר אַז מִיר הָאבֶּען דִיא גֶעבֶּעטֶע
וָואס מִיר הָאבֶּען פוּן אִיהְם גֶעבֶּעטֶען.

16 וֶוען אֵיימִיצֶער זֶעהְט זַיין בְּרוּדֶער זִינְדִיגֶען אַ זִינְד נִיט צוּם טוֹיט, זָאל עֶר
בֶּעטֶען, אוּן עֶר וֶועט אִיהְם לֶעבֶּען גֶעבֶּען פַאר דִיא וָואס זִינְדִיגֶען נִיט צוּם
טוֹיט. עֶס אִיז פַארְהַאנֶען אַ זִינְד צוּם טוֹיט; אִיךְ זָאג נִיט וֶועגֶען יֶענֶעם אַז
עֶר זָאל בֶּעטֶען. 17 יֶעדֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז זִינְד, אוּן עֶס אִיז פַארְהַאנֶען
אַ זִינְד נִיט צוּם טוֹיט.

18 מִיר וִויסֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען זִינְדִיגְט נִיט,
נֵייעֶרְט דֶער וֶועלְכֶער אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען בֶּעוָואהְרְט אִיהְם, אוּן דֶער
שְׁלֶעכְטֶער רִיהְרְט אִיהְם נִיט אָן. 19 מִיר וִויסֶען אַז מִיר זֶענֶען פוּן גָאט, אוּן
דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט לִיגְט אִין דֶעם שְׁלֶעכְטֶען. 20 אוּן מִיר וִויסֶען אַז דֶער זוּהְן
פוּן גָאט אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אוּנְז אַ פֶערְשְׁטַאנְד גֶעגֶעבֶּען אַז מִיר זָאלֶען
דֶערְקֶענֶען דֶעם וָואהְרְהַאפְטִיגֶען; אוּן מִיר זֶענֶען אִים וָואהְרְהַאפְטִיגֶען, אִין זַיין
זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. דִיזֶער אִיז דֶער וָואהְרְהַאפְטִיגֶע גָאט אוּן עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען.
21 קְלֵיינֶע קִינְדֶער, הִיט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט פַאר דִיא אָפְּגֶעטֶער.

---

## דֶער צְווֵייטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יוֹחָנָן.

---

1 דֶער זָקֵן צוּ דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע גְבִירָה אוּן צוּ אִיהְרֶע קִינְדֶער, וֶועלְכֶע
אִיךְ לִיבּ אִין דֶער וָואהְרְהֵייט, אוּן נִיט נוּר אִיךְ נֵייעֶרְט אוֹיךְ אַלֶע וָואס הָאבֶּען
דִיא וָואהְרְהֵייט דֶערְקַאנְט 2 וֶועגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט וָואס בְּלֵייבְּט אִין אוּנְז

אוּן װֶעט מִיט אוּנְז זַיין אוֹיף עֶבִּיג; 3 גְנָאד זָאל זַיין מִיט אֵייךְ, בַּארְעמְהֶערְ־
צִיגְקֵייט אוּן פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּן פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶעם זוּהְן
פוּן דֶעם פָאטֶער, אִין װָאהְרְהֵייט אוּן אִין לִיבֶּע.
4 אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייעֶט אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפִינֶען צְווִישֶׁען דֵיינֶע קִינְ־
דֶער דִיא װָאס װַאנְדְלֶען אִין דֶער װָאהְרְהֵייט, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען אַ גֶעבָּאט
פוּן דֶעם פָאטֶער דֶערְהַאלְטֶען. 5 אוּן אַצוּנְד בֶּעט אִיךְ דִיךְ, גְבִירָה, נִיט אַזוֹי
וִויא אִיךְ שְׁרֵייבּ דִיר אַ נֵייעֶס גֶעבָּאט, נֵייעֶרְט דָאס װָאס מִיר הָאבֶּען פוּן
אָנְהֵייבּ גֶעהַאט, אַז מִיר זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען. 6 אוּן דָאס אִיז
לִיבֶּע, אַז מִיר זָאלֶען װַאנְדְלֶען נָאךְ זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע; דָאס אִיז דָאס גֶעבָּאט,
אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט פוּן אָנְהֵייבּ גֶעהֶערְט, אַז אִיהְר זָאלְט דְרִינֶען װַאנְדְלֶען.
7 װַייל פִילֶע בֶּעטְרִיגֶער זֶענֶען אִין דֶער װֶעלְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, װֶעלְכֶע בֶּעקֶענְ־
נֶען נִיט אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז אִים פְלֵיישׁ גֶעקוּמֶען; דָאס אִיז דֶער בֶּעטְרִיגֶער
אוּן דֶער גֶעגֶנֶער פוּן מָשִׁיחַ.
8 גִיבְּט אַכְטוּנְג צוּ אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְלִירֶען דָאס װָאס
מִיר הָאבֶּען גֶעווִירְקְט, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט אַ גַאנְצֶען לוֹין דֶערְהַאלְטֶען.
9 אִיטְלִיכֶער װָאס גֶעהְט פָאר, אוּן בְּלֵייבְּט נִיט אִין דֶער לֶעהְרֶע פוּן מָשִׁיחַ,
דֶער הָאט נִיט גָאט; דֶער װָאס בְּלֵייבְּט אִין דֶער לֶעהְרֶע פוּן מָשִׁיחַ הָאט אוֹיךְ
דֶעם פָאטֶער אוּן דֶעם זוּהְן. 10 װֶען אֵיימִיצֶער קוּמְט צוּ אֵייךְ אוּן בְּרֶענְגְט נִיט
דִיזֶע לֶעהְרֶע, נֶעמְט אִיהְם נִיט אִים הוֹיז אַרַיין, אוּן גְרִיסְט אִיהְם נִיט מִיט שָׁלוֹם;
11 װָארִין דֶער װָאס זָאגְט אִיהְם שָׁלוֹם הָאט אַ טְהֵייל אִין זֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע
מַעֲשִׂים.
12 דֶערְווַייל אִיךְ הָאבּ פִילֶע זַאכֶען צוּ אֵייךְ צוּ שְׁרֵייבֶּען, הָאבּ אִיךְ נִיט
גֶעווָאלְט מִיט פַּאפִּיר אוּן טִינְט שְׁרֵייבֶּען, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאף צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען
אוּן צוּ רֶעדֶען פֶּה אֶל פֶּה, כְּדֵי אוּנְזֶערֶע פְרֵייד זָאל פָאלְקָאמֶען זַיין.
13 דִיא קִינְדֶער פוּן דֵיינֶע אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְטֶע שְׁװֶעסְטֶער גְרִיסֶען דִיךְ.

---

# דֶער דְרִיטֶע בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יוֹחָנָן.

---

1 דֶער זָקֵן צוּם גֶעלִיבְּטֶען גַאיוּס, דֶעם אִיךְ לִיבּ אִין דֶער װָאהְרְהֵייט.
2 גֶעלִיבְּטֶער, װֶעגֶען אַלֶע זַאכֶען בֶּעט אִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט מַצְלִיחַ זַיין
אוּן זָאלְסְט גֶעזוּנְד זַיין, וִויא דֵיינֶע זֶעלֶע אִיז מַצְלִיחַ. 3 װָארִין אִיךְ הָאבּ
מִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייעֶט װֶען בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט
װֶעגֶען דֵיינֶער װָאהְרְהֵייט, וִויא דוּא װַאנְדֶעלְסְט אִין װָאהְרְהֵייט. 4 אִיךְ
הָאבּ נִיט קֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע פְרֵייד וִויא דִיזֶע, אַז אִיךְ זָאל הֶערֶען אַז מֵיינֶע
קִינְדֶער װַאנְדְלֶען אִין דֶער װָאהְרְהֵייט. 5 גֶעלִיבְּטֶער, דוּא הַאנְדֶעלְסְט גֶעטְרֵייא

אִין וָואס דוּא טְהוּסְט קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אוֹיךְ פְרֶעמְדֶע;
6 וֶועלְכֶע הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט פָאר דֶער קְהִלָה וֶועגֶען דֵיינֶער לִיבֶּע; אוּן דוּא וֶועסְט
רֶעכְט טְהוּן וֶוען דוּא וֶועסְט זֵייא אַוֶועקְשִׁיקֶען וִויא עֶס אִיז וִוירְדִיג פוּן גָאט.
7 וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען, אוּן הָאבֶּען גָאר נִיט
פוּן דִיא גוֹיִם גֶענוּמֶען. 8 דְרוּם זָאלֶען מִיר אַזֶעלְכֶע אוֹיפְנֶעמֶען, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען מִיטְאַרְבֵּייטֶער זֵיין מִיט דֶער וָואהְרְהֵייט.
9 אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס צוּ דֶער קְהִלָה גֶעשְׁרִיבֶּען. אָבֶּער דִיאָטְרֶעפֶעס וָועלְכֶער
לִיבְּט צְוִוישֶׁען זֵייא דֶער עֶרְשְׁטֶער צוּ זֵיין נֶעמְט אוּנְז נִיט אוֹיף. 10 דֶעסְטְוֶועגֶען
וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען וֶועל אִיךְ גֶעדֶענְקֶען זֵיינֶע מַעֲשִׂים וָואס עֶר טְהוּט, אִינְ־
דֶעם עֶר רֶעט קֶעגֶען אוּנְז שְׁלֶעכְטֶע רֶעד, אוּן נִיט צוּפְרִידֶען דֶערְמִיט נֶעמְט
עֶר זֶעלְבְּסְט נִיט אוֹיף דִיא בְּרִידֶער, אוּן אוֹיךְ דִיא וָואס וִוילֶען זֵייא אוֹיפְנֶעמֶען
פֶערְוֶועהְרְט עֶר נָאךְ, אוּן וַוארְפְט זֵייא פוּן דֶער קְהִלָה אַרוֹיס.
11 גֶעלִיבְּטֶער, פָאלְג נִיט נָאךְ דָאס שְׁלֶעכְטֶע נֵייעֶרְט דָאס גוּטֶע. דֶער וָואס
טְהוּט גוּטֶעס אִיז פוּן גָאט; דֶער וָואס טְהוּט שְׁלֶעכְטֶעס הָאט גָאט נִיט גֶעזֶע־
הֶען. 12 וֶועגֶען דִימֶעטְרִיוּס הָאבֶּען אַלֶע מֶענְשֶׁען גוּטֶעס בֶּעצֵייגְט אוּן אוֹיךְ
דִיא וָואהְרְהֵייט אַלֵיין; אוּן מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ בֶּעצֵייגְט, אוּן דוּא וֵייסְט אַז
אוּנְזֶער צֵייגְנִיס אִיז וָואהְר.
13 אִיךְ הָאבּ פִילֶע זַאכֶען גֶעהַאט דִיר צוּ שְׁרֵייבֶּען, אָבֶּער אִיךְ וִויל נִיט מִיט
טִינְט אוּן פֶעדֶער דִיר שְׁרֵייבֶּען; 14 אָבֶּער אִיךְ הָאף דִיךְ בַּאלְד צוּ זֶעהֶען, אוּן
מִיר וֶועלֶען פֶּה אֶל פֶּה רֶעדֶען;
15 שָׁלוֹם זָאל מִיט דִיר זֵיין. דִיא פְרֵיינְד גְרִיסֶען דִיךְ. גְרִיס דִיא פְרֵיינְד
מִיט נָאמֶען.

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יְהוּדָה.

---

1 יְהוּדָה אַ קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּן בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב, צוּ דִיא בֶּערוּ־
פֶענֶע גֶעלִיבְּטֶע אִין גָאט דֶעם פָאטֶער אוּן בֶּעוָואהְרְטֶע פַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ;
2 בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט צוּ אֵייךְ אוּן פְרִידֶען אוּן לִיבֶּע זָאלֶען זִיךְ מֶעהְרֶען.
3 גֶעלִיבְּטֶע, אִינְדֶעם אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר בֶּעפְלֵייסִיגְט אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ
שְׁרֵייבֶּען וֶועגֶען דֶער יְשׁוּעָה וָואס מִיר הָאבֶּען צוּזַאמֶען, אַזוֹי עֶס אִיז מִיר נֶעטִיג
גֶעוֶוען אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען אוּן זָאל אֵייךְ דֶערְמָאהְנֶען אַז אִיהְר זָאלְט
מִיט עֶרְנְסְט שְׁטְרֵייטֶען פַאר דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אַמָאל צוּ דִיא הֵיילִיגֶע
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען. 4 וָוארִין עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען שְׁטִילֶערְהֵייט אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען, וָואס זֶענֶען שׁוֹין פְרִיהֶער צוּ דִיזֶעם מִשְׁפָּט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען,
רְשָׁעִים וֶועלְכֶע פֶערְקֶעהְרֶען דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען גָאט צוּ אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט,
אוּן פֶערְלֵייקְנֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען מֵייסְטֶער אוּן אוּנְזֶערֶען הַאר׳ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.

5 אָבֶּער אִיךְ ווִיל אֵייךְ גֶעדֶענְקֶען, אַפִּילוּ וֶוען אִיהְר ווֵייסְט אַמָאל אַלֶע זַאכֶען,
אַז דֶער הַאר הָאט אַ פָאלְק מַצִּיל גֶעוֶוען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּן הָאט דָאס
צְווֵייטֶע מָאל אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט; 6 אוּן דִיא מַלְאָכִים וָואס
הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הֶערְשַׁאפְט נִיט גֶעהַאלְטֶען, נֵייעֶרְט הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
ווְאוֹינוּנְג פֶערְלָאזְט, הָאט עֶר בֶּעוָואהְרְט צוּ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען טָאג
אִין עֶבִּיגֶע קֶעטֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס. 7 אַזוֹי ווִיא סְדוֹם אוּן עֲמוֹרָה אוּן דִיא
שְׁטֶעדְט וָואס זֶענֶען אַרוּם זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיף דֶעם גְלֵייכֶען אוֹפֶן ווִיא דִיזֶע מְזַנֶה
גֶעוֶוען, אוּן זֶענֶען נָאךְ פְרֶעמְדֶען פְלֵיישׁ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען פַאר אַ
בֵּייְשְׁפִּיל גֶעזֶעצְט אִינְדֶעם זֵייא לֵיידֶען דִיא שְׁטְרָאף פוּן עֶבִּיגֶעם פֵייעֶר. 8 דָאךְ
גְלֵייכְדֶעם דִיזֶע זֶענֶען אוֹיךְ טְרֵיימֶער אוּן דָאס פְלֵיישׁ פֶערְאוּנְרֵיינִיגֶען, אוּן
גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט פֶערְאַכְטֶען, אוּן הֶערְשַׁאפְטֶען לֶעסְטֶערְן. 9 אָבֶּער מִיכָאֵל דֶער
עֶלְצְטֶע מַלְאָךְ, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ מִיט דֶעם שָׂטָן גֶעקְרִיגְט, אוּן הָאט אַ וִכּוּחַ
מִיט אִיהְם גֶעהַאט וֶועגֶען דֶעם לֵייבּ פוּן מֹשֶׁה, הָאט זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען
עֶר זָאל קֶענֶען אִיהְם אַ מִשְׁפָּט פוּן לֶעסְטֶערוּנְג בְּרֶענְגֶען, נֵייעֶרְט עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דֶער הַאר זָאל דִיךְ אָנְשְׁרֵייעֶן. 10 אָבֶּער דִיזֶע לֶעסְטֶערְן דָאס וָואס
זֵייא ווִיסֶען נִיט, אוּן וָואס זֵייא קֶענֶען מִן הַטֶבַע אַזוֹי ווִיא דִיא אוּנְפֶערְשְׁטֶענְ־
דִיגֶע חַיוֹת, אִין דִיזֶע זַאכֶען פֶערְדַארְבֶּען זֵייא זִיךְ. 11 וֶועה צוּ זֵייא, ווֵייל זֵייא
זֶענֶען אִים וֶועג פוּן קַיִן גֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען גֶעלָאפֶען נָאךְ דֶער בֶּעטְרִיגֶערֵייא
פוּן בִּלְעָם פַאר אַ לוֹין, אוּן זֶענֶען אִין דֶער ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט פוּן קֹרַח
פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען.

12 דִיזֶע זֶענֶען דִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע פֶעלְזֶען אִין אֵייעֶרֶע מָאהְלְצֵייטֶען פוּן לִיבֶּע,
וֶועלְכֶע פְרֶעסֶען מִיט אֵייךְ אָהְן פָארְכְט, פַּאסְטוּכֶער דִיא זִיךְ פִּיטֶערְן,
וָואלְקֶען אָהְן וַאסֶער פוּן ווִינְד אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען, ווִינְטֶער בֵּיימֶער אָהְן פְרוּכְט,
צְווֵייא מָאל טוֹיט אוֹיסְגֶעוָואוֹרְצֶעלְט, 13 שְׁטוּרְמְדִיגֶע וֶועלֶען פוּן דֶעם יַם,
וָואס שׁוֹימֶען אִיבֶּער אִין זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע שַׁאנְד, פְלִיהֶענְדֶע שְׁטֶערֶען, פַאר
וֶועלְכֶע דִיא שְׁוַוארְצֶעסְטֶע פִינְסְטֶערְנִיס אִיז אוֹיף עֶבִּיג בֶּעהַאלְטֶען. 14 אוּן צוּ
דִיזֶע אוֹיךְ הָאט חֲנוֹךְ דֶער זִיבֶּענְטֶער פוּן אָדָם נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט, זֶעה, דֶער הַאר אִיז גֶעקוּמֶען מִיט צֶעהְן טוֹיזֶענְד פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע,
15 כְּדֵי עֶר זָאל אַלֶע רִיכְטֶען אוּן זָאל שְׁטְרָאפֶען אַלֶע רְשָׁעִים פַאר אַלֶע זֵייעֶרֶע
שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵייא הָאבֶּען אַזוֹי שְׁלֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּן פַאר אַלֶע הַארְ־
טֶע זַאכֶען וָואס דִיא גָאטְלָאזִיגֶע זִינְדֶער הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם גֶערֶעט. 16 דִיזֶע
זֶענֶען דִיא וָואס מוּרְמְלֶען אוּן קְלָאגֶען זִיךְ, וֶועלְכֶע גֶעהֶען נָאךְ זֵייעֶרֶע גְלוּסְ־
טֶען, אוּן זֵייעֶר מוֹיל רֶעט שְׁטָאלְצֶע רֶעד, אוּן זֵייא זֶענֶען נוֹשֵׂא פָּנִים פוּן אַ
פָארְטְהֵייל וֶועגֶען.

17 אָבֶּער אִיהְר גֶעלִיבְּטֶע, גֶעדֶענְקְט אָן דִיא ווֶערְטֶער וָואס זֶענֶען פְרִיהֶער
גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
18 אַז זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייט וֶועלֶען שְׁפֶּעטֶער

14 דברים לג׳ ב׳.

קוּמֶען, וָואס וֶועלֶען נָאךְ זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע גְלוּסְטֶען גֶעהֶען. 19 דִיזֶע זֶענֶען דִיא
וָואס מַאכְען אָפְּזוּנְדֶערוּנְג, לֵיידֶענְשַׁאפְטְלִיךְ, וָואס הָאבֶּען נִיט דֶעם גֵייסְט.
20 אָבֶּער אִיהְר גֶעלִיבְּטֶע, בּוֹיעֶט אֵייךְ אוֹיף אִין אֵייעֶר הֵיילִיגְסְטֶען גְלוֹיבֶּען, אוּן
בֶּעט אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, 21 אוּן הַאלְט אֵייךְ אִין דֶער לִיבֶּע פוּן גָאט, אִינְדֶעם
אִיהְר וַוארְטֶעט אוֹיף דֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר'ן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען. 22 אוּן דֶערְבַּארְמְט אֵייךְ אִיבֶּער עֶטְלִיכֶע וָואס
זֶענֶען אִין סָפֵק; 23 אוּן אַנְדֶערֶע זָאלְט אִיהְר רֶעטֶען אוּן זָאלְט זֵייא מַצִיל זֵיין
אוֹיס דֶעם פֵייעֶר; אוּן אִיבֶּער עֶטְלִיכֶע דֶערְבַּארְמְט אֵייךְ מִיט פָארְכְט; אוּן
הָאט פֵיינְד אַפִילוּ דָאס קְלֵייד וָואס אִיז פוּן דֶעם פְלֵיישׁ בֶּעפְלֶעקְט.

24 נוּן צוּ דֶעם וָואס אִיז מֶעכְטִיג אֵייךְ צוּ בֶּעהִיטֶען אַז אִיהְר זָאלְט נִיט
שְׁטְרוֹיכְלֶען, אוּן אֵייךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען פָאר זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אָהְן אַ פֶעהְלֶער
מִיט גְרוֹיסֶער פְרֵייד, 25 צוּ דֶעם אֵיינְצִיגֶען גָאט אוּנְזֶערֶעם רֶעטֶער דוּרְךְ אוּנְזֶערֶען
הַאר'ן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל זֵיין דֶער כָּבוֹד אוּן דִיא גְדוּלָה אוּן דִיא קְרַאפְט
אוּן דִיא מַאכְט פָאר אַלֶע צֵייט אוּן אַצוּנְד אוּן אוֹיף אַלֶע עֶבִּיגְקֵייטֶען; אָמֵן.

---

# דִיא אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יוֹחָנָן.

---

1 דִיא אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָואס גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען,
צוּ וֵוייזֶען צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא זַאכֶען וָואס מוּזֶען בַּאלְד גֶעשֶׁעהֶען, אוּן עֶר
הָאט דוּרְךְ זֵיין מַלְאָךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט זֵייא גֶעלָאזְט וִויסֶען צוּ זֵיין קְנֶעכְט
יוֹחָנָן; 2 וֶועלְכֶער הָאט בֶּעצֵייגְט אוֹיף דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אוּן אוֹיף דֶעם
צֵייגְנִיס פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַפִילוּ אוֹיף אַלֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען.
3 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס לֵיינְט, אוּן דִיא וָואס הֶערֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶער
נְבוּאָה, אוּן הַאלְטֶען דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען דְרִינֶען גֶעשְׁרִיבֶּען; וָוארִין דִיא
צֵייט אִיז נָאהֶענְט.

4 יוֹחָנָן צוּ דִיא זִיבֶּען קְהִלוֹת וָואס זֶענֶען אִין אַסְיָא; גְנָאד זָאל מִיט אֵייךְ
זֵיין אוּן פְרִידֶען פוּן אִיהְם וֶועלְכֶער אִיז אוּן אִיז גֶעוֶוען אוּן וֶועט קוּמֶען, אוּן
פוּן דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער וָואס זֶענֶען פָאר זֵיינֶעם שְׁטוּל, 5 אוּן פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
דֶער אִיז דֶער גֶעטְרֵייעֶ עֵדוּת, דֶער עֶרְשְׁטְגֶעבּוֹירֶענֶער פוּן דִיא טוֹיטֶע אוּן
דֶער הֶערְשֶׁער פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד; צוּ דֶעם וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז
לִיבּ אוּן הָאט אוּנְז לוֹיס גֶעמַאכְט פוּן אוּנְזֶערֶע זִינְד אִין זֵיין בְּלוּט, 6 אוּן
הָאט אוּנְז פַאר אַ קֶענִיגְרֵייךְ גֶעמַאכְט, כֹּהֲנִים צוּ זֵיין גָאט אוּן פָאטֶער; צוּ
אִיהְם זָאל זֵיין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אוּן דִיא קְרַאפְט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ
עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן.

7 וָועה, עֶר קוּמְט מִיט דִיא וָואלְקֶען, אוּן אִיטְלִיכֶעס אוֹיג וֶועט אִיהְם וֶועהֶען,
אוֹיךְ דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטָאכֶען, אוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן דֶער עֶרְד
וֶועלֶען אִיבֶּער אִיהְם קְלָאגֶען; יָא, אָמֵן.
8 אִיךְ בִּין דִיא א אוּן דִיא ת, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דֶער וֶועלְכֶער אִיז אוּן
אִיז גֶעוֶועזֶען אוּן וֶועט קוּמֶען, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער.
9 אִיךְ יוֹחָנָן, וָואס אִיךְ בִּין אֵייֶער בְּרוּדֶער אוּן אַ טְהֵיילְנֶעמֶער מִיט אֵייךְ אִין
דֶער אַנְגְסְט אוּן דֶעם קֶענִיגְרַייךְ אוּן דֶער גֶעדוּלְד וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ, בִּין גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶער אִינְזֶעל וָואס הֵייסְט פַּאטְמוֹס, וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אוּן דֶעם
צֵייגְנִיס פוּן יֵשׁוּעַ. 10 אִיךְ בִּין אִים גֵייסְט גֶעוֶועזֶען אִים טָאג פוּן דֶעם
הַאר'ן, אוּן אִיךְ הָאבּ אַ גְרוֹיס קוֹל הִינְטֶער מִיר גֶעהֶערְט, אַזוֹי וִויא פוּן אַ
שׁוֹפָר, 11 וָואס הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וָואס דוּא זֶעהְסְט שְׁרֵייבּ אִין אַ בּוּךְ, אוּן
שִׁיק עֶס צוּ דִיא זִיבֶּען קְהִלּוֹת, צוּ עֶפֶעסוֹס, אוּן צוּ סְמִירְנָא, אוּן צוּ פֶּערְגַאמוֹס,
אוּן צוּ תִיאַטִירָא, אוּן צוּ סַארְדִיס, אוּן צוּ פִילַאדֶעלְפְיָא, אוּן צוּ לַאוֹדִיקְיָא.
12 אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֶעהֶען דָאס קוֹל וָואס הָאט מִיט מִיר
גֶערֶעט; אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט הָאבּ אִיךְ זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת
גֶעזֶעהֶען, 13 אוּן אִין מִיטֶען פוּן דִיא זִיבֶּען מְנוֹרוֹת אִיז אֵיינֶער גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ צוּ
אַ זוּהְן פוּן מֶענְשֶׁען, גֶעקְלֵייד אִין אַ מַאנְטֶעל צוּ דִיא פִּיס, אוּן גֶעגַארְטֶעלְט
מִיט אַ גָאלְדֶענֶעם גַארְטֶעל אַרוּם זֵיינֶע בְּרוּסְט. 14 אוּן זֵיין קָאפּ אוּן זֵיינֶע
הָאר זֶענֶען וַוייס גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא וָואל, וַוייס וִויא שְׁנֶעה, אוּן זֵיינֶע
אוֹיגֶען וִויא אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר, 15 אוּן זֵיינֶע פִּיס אַזוֹי וִויא פֵיינֶעס קוּפֶּער,
גְלֵייךְ וִויא זֵייא זֶענֶען אִין אֵיין אוֹיבֶען גֶעגְלִיהְט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵיין קוֹל אִיז
אַלְס אַ קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶער גֶעוֶועזֶען. 16 אוּן אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד הָאט
עֶר זִיבֶּען שְׁטֶערֶען גֶעהַאט, אוּן פוּן זֵיין מוֹיל אִיז אַ צְווֵייאשְׁנֵיידִיגֶעס שַׁארְפֶעס
שְׁוֶוערְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן זֵיין פָּנִים אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא זוּן וָואס
שֵׁיינְט אִין אִיהְרֶע מַאכְט.
17 אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהֶען, בִּין אִיךְ פָאר זֵיינֶע פִּיס אַלְס אַ
טוֹיטֶער אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוֹיף מִיר גֶעלֶעגְט,
אוּן הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט; אִיךְ בִּין דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער
לֶעצְטֶער 18 אוּן דֶער לֶעבֶּענְדִיגֶער; אוּן אִיךְ בִּין טוֹיט גֶעוָוארֶען, אוּן זֶעה אִיךְ
לֶעבּ פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט, אוּן אִיךְ הָאבּ דִיא שְׁלִיסֶעל פוּן טוֹיט אוּן פוּן
שְׁאוֹל. 19 דְרוּם שְׁרֵייבּ דִיא זַאכֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען, אוֹיךְ דִיא זַאכֶען
וָואס זֶענֶען אוּן דִיא וָואס וֶועלֶען דֶערְנָאךְ גֶעשֶׁעהֶען; 20 דֶעם סוֹד פוּן
דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערֶען וָואס דוּא הָאסְט אִין מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד גֶעזֶעהֶען אוּן
דִיא זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת. דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערֶען זֶענֶען דִיא מַלְאָכִים פוּן דִיא
זִיבֶּען קְהִלּוֹת, אוּן דִיא זִיבֶּען מְנוֹרוֹת וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען זֶענֶען זִיבֶּען
קְהִלּוֹת.

ב 1 צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָואס אִיז אִין עֶפֶעסוֹס שְׁרֵייבּ.
דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער וֶועלְכֶער הַאלְט דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערֶען אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶע

הַאנְד, וֶועלְכֶער גֶעהְט אַרוּם אִין מִיטֶען פוּן דִיא זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת;
2 אִיךְ וֵייס דֵיינֶע מַעֲשִׂים אוּן דֵיינֶע אַרְבֵּייט אוּן דֵיינֶע גֶעדוּלְד, אוּן אַז דוּא
קֶענְסְט נִיט דֶערְטְרָאגֶען שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, אוּן הָאסְט גֶעפְּרִיפְט דִיא וָואס זָאגֶען
זֵייא זֶענֶען אַפָּאסְטֶעל אוּן זֵייא זֶענֶען נִיט, אוּן הָאסְט גֶעפִינֶען אַז זֵייא זֶענֶען
פַאלְשׁ; 3 אוּן דוּא הָאסְט גֶעדוּלְד, אוּן פוּן וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען הָאסְט דוּא דֶערְ־
טְרָאגֶען, אוּן בִּיסְט נִיט מִיד גֶעוָוארֶען. 4 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאס קֶעגֶען דִיר,
אַז דוּא הָאסְט דֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע לִיבֶּע פֶערְלָאזְט. 5 דְרוּם גֶעדֶענְק פוּן וַואנֶען דוּא
בִּיסְט גֶעפַאלֶען, אוּן טְהוּא תְּשׁוּבָה, אוּן טְהוּא דִיא עֶרְשְׁטֶע מַעֲשִׂים. אָבֶּער
וֶוען נִיט, וֶועל אִיךְ צוּ דִיר קוּמֶען, אוּן וֶועל דֵיינֶע מְנוֹרָה אַוֶועקְרִיקֶען פוּן
אִיהְרֶעם אָרְט, וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן. 6 אָבֶּער דָאס הָאסְט דוּא, אַז
דוּא הָאסְט פֵיינְד דִיא מַעֲשִׂים פוּן דִיא נִיקָאלַאִיטֶען, וָואס אִיךְ אוֹיךְ הָאבּ
פֵיינְד. 7 דֶער וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט
צוּ דִיא קְהִלוֹת. צוּ דֶעם וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען פוּן
דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען, וָואס אִיז אִים גַן עֵדֶן פוּן גָאט.
8 אוּן צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָה וָואס אִיז אִין סְמִירְנָא שְׁרֵייבּ.
דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער לֶעצְטֶער, דֶער אִיז טוֹיט גֶעוֶוען אוּן
אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען; 9 אִיךְ וֵייס דֵיינֶע לֵיידֶען אוּן דֵיינֶע אָרְמְקֵייט, אָבֶּער דוּא
בִּיסְט רֵייךְ, אוּן דִיא לֶעסְטֶערוּנְג פוּן דִיא וָואס זָאגֶען אַז זֵייא זֶענֶען יוּדֶען אוּן
זֶענֶען נִיט, נֵייעֶרְט זֵייא זֶענֶען אַ שׁוּל פוּן דֶעם שָׂטָן. 10 פָארְכְט דִיךְ נִיט פַאר
דִיא זַאכֶען וָואס דוּא וֶועסְט לֵיידֶען. זֶעה, דֶער שָׂטָן וֶועט עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ אִין
גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְוַוארְפֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גֶעפְּרִיפְט וֶוערֶען, אוּן אִיהְר וֶועט לֵיידֶען
הָאבֶּען צֶעהְן טֶעג. זֵייא גֶעטְרֵייא בִּיז צוּם טוֹיט, אוּן אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען
דִיא קְרוֹין פוּן לֶעבֶּען. 11 דֶער וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס
דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלוֹת. דֶער וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט וֶועט נִיט גֶע־
שָׁאדֶעט וֶוערֶען פוּן דֶעם צְוֵוייטֶען טוֹיט.
12 אוּן צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָה וָואס אִיז אִין פֶּערְגַאמוּס שְׁרֵייבּ.
דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער וֶועלְכֶער הָאט דָאס צְוֵוייאשְׁנֵיידִיגֶע שַׁארְפֶע
שְׁוֶוערְט. 13 אִיךְ וֵייס וְואוּ דוּא וְואוֹינְסְט, וְואוּ דֶער שְׁטוּהְל פוּן דֶעם שָׂטָן
אִיז; אוּן דוּא הַאלְטֶעסְט מֵיין נָאמֶען, אוּן הָאסְט נִיט פֶערְלֵייקֶענְט מֵיין גְלוֹיבֶּען
אַפִּילוּ אִין דִיא טֶעג פוּן אַנְטִיפַּאס מֵיין טְרֵייעֶן עֵדוּת, וֶועלְכֶער אִיז בֵּייא אֵייךְ
גֶעהַארְגֶעט גֶעוָוארֶען, וְואוּ דֶער שָׂטָן וְואוֹינְט. 14 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אַ וֶוענִיג
קֶעגֶען דִיר, אַז דוּא הָאסְט דָארְט דִיא וָואס הַאלְטֶען דִיא לֶעהְרֶע פוּן בִּלְעָם,
וָואס הָאט בָּלָק גֶעלֶעהְרְט צוּ וַוארְפֶען אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פָאר דִיא קִינְדֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל, אַז זֵייא זָאלֶען פוּן דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער עֶסֶען, אוּן זָאלֶען מְזַנֶה
זֵיין. 15 גְלֵייכְדֶעם הָאסְט דוּא אוֹיךְ דִיא וָואס הַאלְטֶען דִיא לֶעהְרֶע פוּן דִיא
נִיקָאלַאִיטֶען. 16 דְרוּם טְהוּא תְּשׁוּבָה; אָבֶּער וֶוען נִיט, וֶועל אִיךְ צוּ דִיר בַּאלְד
קוּמֶען, אוּן וֶועל מִיט זֵייא שְׁטְרֵייטֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט פוּן מֵיין מוֹיל. 17 דֶער
וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלוֹת.

צו דעם וואס איבערוועלטיגט וועל איך א טהייל געבען פון דעם פערבאר־
גענען מן, און איך וועל איהם א ווייסען שטיין געבען, און אויף דעם שטיין
א נייען נאמען געשריבען, וואס קיינער ווייסט ניט, סיידען דער וואס איהם
בעקומט.
18 און צו דעם מלאך פון דער קהלה וואס איז אין תיאטירא שרייב.
דיזע זאכען זאגט דער זוהן פון גאט, דער האט זיינע אויגען אזוי ווי א
פלאם פון פייער, און זיינע פיס זענען גלייך ווי פיינעם קופער. 19 איך ווייס
דיינע ווערק און דיינע ליבע און דיין גלויבען און דיין דינסט און דיינע
געדולד, און דיינע לעצטע ווערק זענען מעהר ווי די ערשטע. 20 אבער
איך האב דאס קעגען דיר, אז דוא לאזט די פרויא איזבל וואס זאגט אז
זיא איז א נביאה, און זיא לעהרט און פערפיהרט מיינע קנעכט מזנה צו
זיין און צו עסען קרבנות פון אפגעטער. 21 און איך האב איהר צייט געגע־
בען אז זיא זאל תשובה טהון, און זיא וויל ניט תשובה טהון וועגען איהרער
זנות. 22 זעה איך וועל זיא אריינווארפען אין א בעט, און די וואס מיט איהר
הורען אין גרויסע צרות, ווען זייא ניט תשובה טהון פון איהרע מעשים.
23 און איך וועל איהרע קינדער טויט שלאגען; און אלע קהלות וועלען
וויסען אז איך בין דער וועלכער פארשט די נירען און די הערצער, און
איך וועל אייך געבען איטליכען נאך אייערע ווערק. 24 אבער איך זאג צו
אייך די איבריגע וואס זענען אין תיאטירא, ווי פילע האבען ניט דיזע לעהרע,
וועלכע האבען ניט געוואוסט די טיפענעס פון דעם שטן, ווי זייא זאגען;
איך לעג ניט אויף אייך קיינע אנדערע לאסט. 25 אבער וואס איהר האט,
האלט פעסט ביז איך וועל קומען. 26 און דער וואס איבערוועלטיגט און היט
מיינע ווערק ביז צום סוף, איהם וועל איך געבען מאכט איבער די גוים.
27 און ער וועט איבער זייא הערשען מיט אייזערנע רוט, גלייך ווי די
כלים פון א טעפער זענען אין שטיקלעך צוברכען; אזוי ווי איך האב אויך פון
מיין פאטער דערהאלטען. 28 און איך וועל איהם געבען דעם מארגענשטערן.
29 דער וואס האט איין אויער לאז ער הערען וואס דער גייסט זאגט צו די
קהלות.
ג 1 און צו דעם מלאך פון דער קהלה וואס איז אין סרדיס שרייב.
דיזע זאכען זאגט דער וועלכער האט די זיבען גייסטער פון גאט און די זיבען
שטערען, איך ווייס דיינע ווערק, אז דוא האסט א נאמען אז דוא לעבסט
און דוא ביסט טויט. 2 זייא וואכענדיג און בעפעסטיג די איבעריגע זאכען וואס
זענען נאהענט צום טויט; ווארין איך האב ניט דיינע ווערק פאלקאמען געפינען
פאר מיינעם גאט. 3 דרום געדענק ווי דוא האסט דערהאלטען און געהערט,
און האלט פעסט און טהוא תשובה. דרום ווען דוא וועסט ניט וואכענדיג
זיין, וועל איך קומען ווי א גנב, און דוא וועסט ניט וויסען אין וועלכער
שעה איך וועל איבער דיר קומען. 4 אבער דוא האסט אויך עטליכע נעמען
אין סארדיס וואס האבען ניט זייערע קליידער בעפלעקט, און זייא וועלען מיט

מיר אין ווייסען ארומגעהען, וואָרין זייא זענען ווירדיג. [5] דער וועלכער איבער־
וועלטיגט וועט אזוי געקליידעט ווערען אין ווייסע קליידער, און איך וועל ניט
זיין נאָמען אויסמעקען פון דעם ספר החיים, און איך וועל זיין נאָמען בעקענ־
נען פאר מיינעם פאטער און פאר זיינע מלאכים. [6] דער וואס האט איין אויער
לאָז ער הערען וואס דער גייסט זאָגט צו דיא קהלות.

[7] און צו דעם מלאך פון דער קהלה וואס איז אין פילאדעלפיא שרייב.
דיזע זאַכען זאָגט דער הייליגע, דער וואָהרהאפטיגע, דער וועלכער האָט
דעם שליסעל פון דוד, דער וועלכער עפענט און קיינער וועט פערשליסען, און
פערשליסט און קיינער עפענט. [8] איך ווייס דיינע ווערק; זעה, איך האָב פאר
דיר איין אָפענע טהיר געשטעלט, וואס קיינער קען פערשליסען; וואָרין
דוא האָסט קליינע קראַפט, און האָסט מיין וואָרט דערהאַלטען, און האָסט
מיין נאָמען ניט פערלייקענט. [9] זעה, איך גיב דיא פון דער שול פון דעם
שטן, וועלכע זאָגען אז זייא זענען יודען, און זייא זענען ניט גיוערט זייא
זאָגען ליגען; זעה, איך וועל זייא מאַכען אז זייא זאָלען קומען און זיך ביקען
פאר דיינע פיס, און זייא זאָלען וויסען אַז איך האָב דיך געליבט. [10] ווייל
דוא האָסט דאָס וואָרט פון מיינער געדולד דערהאַלטען, וועל איך אויך דיך
דערהאַלטען פון דער שעה פון פריפונג וואס וועט קומען אויף דיא גאַנצע
וועלט, צו פריפען דיא וואס וואוינען אויף דער ערד. [11] איך קום געשווינד:
האַלט פעסט וואס דוא האָסט, כדי קיינער זאָל ניט דיינע קרוין אַוועקנעמען.
[12] דער וואס איבערוועלטיגט דעם וועל איך מאַכען פאר אַ זייל אים טעמפּעל
פון מיין גאָט, און ער זאָל ניט מעהר אַרויסגעהען, און איך וועל אויף איהם
שרייבען דעם נאָמען פון מיין גאָט און דעם נאָמען פון דער שטאָדט פון
מיין גאָט, פון דעם נייען ירושלים וואס קומט פון הימעל אַרונטער פון מיין גאָט,
און מיין נייען נאָמען. [13] דער וואס האָט איין אויער לאָז ער הערען וואס דער
גייסט זאָגט צו דיא קהלות.

[14] און צו דעם מלאך פון דער קהלה וואס איז אין לאַודיקיא שרייב.
דיזע זאַכען זאָגט דער אמן, דער געטרייע און וואָהרהאפטיגע עדות, דער
אָנהייב פון דער בעשעפנים פון גאָט. [15] איך ווייס דיינע ווערק, אַז דוא
ביסט ניט קאַלט און ניט וואַרם; הלואי וואָלסט דוא קאַלט געוועזען אָדער
וואַרם. [16] אַזוי ווייל דוא ביסט לעבליך, און ניט קאַלט און ניט וואַרם,
וועל איך דיך אויסשפייען פון מיין מויל. [17] ווייל דוא זאָגסט, איך בין רייך
און האָב פיל פערמעגען און אין קיין זאַך האָב איך נויט, און דוא ווייסט ניט
אַז דוא ביסט עלענד און יעמערליך און אָרם און בלינד און נאַקעט. [18] איך
גיב דיר איין עצה אַז דוא זאָלסט פון מיר גאָלד קויפען געלייטערט אים
פייער, כדי דוא זאָלסט רייך זיין, און ווייסע קליידער, כדי דוא זאָלסט דיך
אָנקליידען און דיינע בלויסע שאַנד זאָל ניט אַנטפּלעקט ווערען, און זאַלב
דיינע אויגען מיט אויגענזאַלבע, כדי דוא זאָלסט זעהען. [19] אַזוי פילע וואָס
איך האָב ליב שטראָף איך און שלאָג; דרום זייא אייפריג און טהוא תשובה.

20 זֶעה, אִיךְ שְׁטֶעה בֵּייא דֶער טְהִיר אוּן קְלַאפּ אָן; וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט מֵיין
קוֹל הֶערֶען אוּן וֶועט דִיא טְהִיר עֶפֶענֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ אִיהְם אַרֵיינְקוּמֶען
אוּן וֶועל מִיט אִיהְם עֶסֶען, אוּן עֶר מִיט מִיר. 21 דֶער וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט,
דֶעם וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל מִיט מִיר אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל זִיצֶען, גְלֵייךְ וִויא
אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט אוּן הָאבּ מִיךְ גֶעזֶעצְט מִיט מֵיין פָּאטֶער אוֹיף זֵיין שְׁטוּהְל.
22 דֶער וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלּוֹת.
ד 1 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּן זֶעה אַ טְהִיר אִיז אִים הִימֶעל
אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּן דָאס עֶרְשְׁטֶע קוֹל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִיז
גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא דָאס קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר, וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט אוּן
גֶעזָאגְט, קוּם אַרוֹיף אַהֶער, אוּן אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען דִיא זַאכֶען וָואס מוּזֶען
דֶערְנָאךְ גֶעשֶׁעהֶען. 2 גְלֵייךְ בִּין אִיךְ אִים גֵייסְט גֶעוֶועזֶען; אוּן זֶעה אַ שְׁטוּהְל
אִיז אִים הִימֶעל גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אֵיינֶער אִיז אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען, 3 אוּן
דֶער גֶעזֶעסֶענֶער אִיז גְלֵייךְ גֶעוֶועזֶען צוּ אַ שְׁטֵיין פוּן אַ יַשְׁפֵה אוּן פוּן אַ סַארְדִיס,
אוּן אַ רֶעגֶענְבּוֹיגֶען אִיז אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא גֶעשְׁמַאלְט
פוּן אַ סְמַארַאגְד. 4 אוּן אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל הָאבּ אִיךְ פִיעֶר אוּן צְוַואנְצִיג
שְׁטוּהְלֶען גֶעזֶעהֶען, אוּן אוֹיף דִיא שְׁטוּהְלֶען פִיעֶר אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים זִיצֶען,
וָואס זֶענֶען אִין ווייסֶע קְלֵיידֶער גֶעקְלֵייד, אוּן אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ זֶענֶען גָאלְדֶענֶע
קְרוֹינֶען גֶעוֶועזֶען. 5 אוּן פוּן דֶעם שְׁטוּהְל זֶענֶען בְּלִיצֶען אוּן קוֹלוֹת אוּן דוּנֶער
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; אוּן זִיבֶּען לַאמְפֶּען פוּן פֵייעֶר הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט פָאר דֶעם
שְׁטוּהְל, וָואס זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער פוּן גָאט. 6 אוּן פָאר דֶעם שְׁטוּהְל אִיז
גֶעוֶועזֶען וִויא אַ גְלֶעזֶערְנֶער יַם גְלֵייךְ צוּ קְרִיסְטָאל; אוּן אִין מִיטֶען פוּן דֶעם
שְׁטוּהְל אוּן אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל זֶענֶען פִיעֶר חַיּוֹת גֶעוֶועזֶען פוֹל מִיט אוֹיגֶען פוּן
פָארֶענְט אוּן פוּן הִינְטֶען. 7 אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע חַיָּה אִיז גְלֵייךְ וִויא אַ לֵייבּ
גֶעוֶועזֶען, אוּן דִיא צְווייטֶע חַיָּה גְלֵייךְ וִויא אַ קַאלְבּ, אוּן דִיא דְרִיטֶע חַיָּה הָאט
דָאס פָּנִים גֶעהַאט אַזוֹי וִויא פוּן אַ מֶענְשֶׁען, אוּן דִיא פִיעֶרְטֶע חַיָּה אִיז גְלֵייךְ
וִויא אַ פְלִיהֶענְדִיגֶער אָדְלֶער גֶעוֶועזֶען. 8 אוּן דִיא פִיעֶר חַיּוֹת הָאבֶּען אִיטְלִיכֶע
זֶעקְס פְלִיגֶעל גֶעהַאט, אוּן אַרוּם זִיךְ אוּן פוּן אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען זֵייא פוֹל מִיט
אוֹיגֶען; אוּן זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע רוּהֶ טָאג אוּן נַאכְט דֶערְוֵויל זֵייא זָאגֶען,
הֵיילִיג, הֵיילִיג, הֵיילִיג, אִיז דֶער הַאר גָאט, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער,
וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אוּן אִיז אוּן וֶועט קוּמֶען.
9 אוּן וֶוען דִיא חַיּוֹת וֶועלֶען גֶעבֶּען הֶערְלִיכְקֵייט אוּן כָּבוֹד אוּן דַאנְק צוּ
דֶעם וֶועלְכֶער אִיז אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען, וֶועלְכֶער לֶעבְּט פוּן עֶבִּיגְקֵייט
צוּ עֶבִּיגְקֵייט, 10 וֶועלֶען דִיא פִיעֶר אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אַנִידֶערְפַאלֶען פָאר
דֶעם וֶועלְכֶער אִיז אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען, אוּן וֶועלֶען זִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶעם
וֶועלְכֶער לֶעבְּט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט, אוּן וֶועלֶען זֵייעֶרֶע קְרוֹינֶען
אַנִידֶערְוַוארְפֶען פָאר דֶעם שְׁטוּהְל דֶערְוֵויל זֵייא זָאגֶען;
11 וִוירְדִיג בִּיסְט דוּא, אוּנְזֶער הַאר אוּן גָאט, אַז דוּא זָאלְסְט הֶערְלִיכְקֵייט
אוּן כָּבוֹד אוּן מַאכְט דֶערְהַאלְטֶען,

וָוארִין דוּא הָאסְט אַלֶע זַאכֶען בֶּעשַׁאפֶען, אוּן דוּרְךְ דֵיין ווילֶען זֶענֶען
זַייא גֶעוֶוען אוּן זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען.

ה 1 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוֹיף דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶעם וֶועלְכֶער אִיז
אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען אַ בּוּךְ, גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן אִינֶעוֶוענִיג אוּן פוּן אוֹיסְ־
וֶוענִיג אוּן מִיט זִיבֶּען זִיגֶעל פֶערְזִיגֶעלְט. 2 אוּן אִיךְ הָאבּ אַ שְׁטַארְקֶען מַלְאָךְ
גֶעזֶעהְן וָואס הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, וֶוער אִיז ווִירְדִיג דָאס
בּוּךְ אוֹיפְצוּמַאכֶען אוּן דִיא חֲתִימוֹת דֶערְפוּן אוֹיפְצוּבְּרֶעכֶען? 3 אוּן קֵיינֶער
אִים הִימֶעל אָדֶער אוֹיף דֶער עֶרְד אָדֶער אוּנְטֶער דֶער עֶרְד הָאט
גֶעקֶענְט דָאס בּוּךְ אוֹיפְמַאכֶען, נִיט אַפִילוּ דְרוֹיף קוּקֶען. 4 אוּן אִיךְ הָאבּ זֶעהְר
גֶעוֵויינְט, ווַייל קֵיינֶער אִיז נִיט ווִירְדִיג גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען דָאס בּוּךְ אוֹיפְ־
צוּמַאכֶען, אַפִילוּ נִיט דְרוֹיף צוּ קוּקֶען. 5 אוּן אֵיינֶער פוּן דִיא זְקֵנִים הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, וויין נִיט; זֶעה, דֶער לֵייבּ וָואס אִיז פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, דִיא
ווָארְצֶעל פוּן דָוִד, הָאט אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט דָאס בּוּךְ אוּן דִיא זִיבֶּען חֲתִימוֹת
דֶערְפוּן אוֹיפְצוּמַאכֶען.

6 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל אוּן דִיא פִיעֶר חַיוֹת אוּן
אִין מִיטֶען פוּן דִיא זְקֵנִים אַ לַאם שְׁטֶעהֶען אַזוֹי ווִיא גֶעשָׁאכְטֶען, אוּן עֶס הָאט
זִיבֶּען הֶערְנֶער אוּן זִיבֶּען אוֹיגֶען גֶעהַאט, וָואס זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער פוּן
גָאט דִיא זֶענֶען צוּ דִיא גַאנְצֶע עֶרְד אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט. 7 אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
אוּן הָאט עֶס גֶענוּמֶען פוּן דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶעם וֶועלְכֶער אִיז אוֹיף
דֶעם שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען. 8 אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס בּוּךְ גֶענוּמֶען, זֶענֶען דִיא
פִיעֶר חַיוֹת אוּן דִיא פִיעֶר אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פָאר דֶעם לַאם,
אוּן אִיטְלִיכֶער פוּן זַייא הָאט אֵיינֶע הַארְף גֶעהַאט, אוּן גָאלְדֶענֶע בֶּעקֶען פוּל
מִיט קְטוֹרֶת, וָואס זֶענֶען דִיא תְּפִלוֹת פוּן דִיא הֵיילִיגֶע. 9 אוּן זַייא הָאבֶּען אַ
נַייעֶן גֶעזַאנְג גֶעזוּנְגֶען אוּן גֶעזָאגְט,

ווִירְדִיג בִּיסְט דוּא דָאס בּוּךְ צוּ נֶעמֶען, אוּן דִיא חֲתִימוֹת
דֶערְפוּן אוֹיפְצוּמַאכֶען,
וָוארִין דוּא בִּיסְט גֶעשָׁאכְטֶען גֶעוָוארֶען, אוּן הָאסְט דוּרְךְ דֵיין בְּלוּט
גֶעקוֹיפְט צוּ גָאט פוּן יֶעדֶעם שֵׁבֶט אוּן לָשׁוֹן אוּן פָאלְק אוּן גוֹי,
10 אוּן הָאסְט זַייא צוּ אוּנְזֶערֶעם גָאט גֶעמַאכְט פַאר אַ קֶענִיגְרֵייךְ
אוּן כֹּהֲנִים,
אוּן זַייא וֶועלֶען הֶערְשֶׁען אוֹיף דֶער עֶרְד.

11 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן פִילֶע מַלְאָכִים אַרוּם
דֶעם שְׁטוּהְל אוּן דִיא חַיוֹת אוּן דִיא זְקֵנִים, אוּן זֵייעֶרֶע צָאהְל אִיז גֶעוֶוען צֶעהְן
טוֹיזֶענְד מָאל צֶעהְן טוֹיזֶענְד אוּן פִיל טוֹיזֶענְד מָאל טוֹיזֶענְד; 12 וֶועלְכֶע הָאבֶּען
מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעזָאגְט,

ווִירְדִיג אִיז דָאס לַאם וָואס אִיז גֶעשָׁאכְטֶען גֶעוָוארֶען
אַז עֶר זָאל קְרַאפְט דֶערְהַאלְטֶען אוּן רֵייכְטוּם אוּן חָכְמָה
אוּן מַאכְט אוּן כָּבוֹד אוּן הֶערְלִיכְקֵייט אוּן בְּרָכָה.

13 און איטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפְנִים וָואס אִיז אִים הִימֶעל און אויף דֶער עֶרְד און
אונְטֶער דֶער עֶרְד און אִים יַם, און אַלֶעס וָואס אִיז אִין זַייא, הָאבּ אִיךְ
גֶעהֶערְט זָאגֶען,

צוּ דֶעם װעלְכֶער זִיצְט אויף דֶעם שְׁטוּהְל און צוּ דֶעם לַאם
זָאל זַיין דִיא בְּרָכָה און דֶער כָּבוֹד און דִיא הֶערְלִיכְקֵייט
און דִיא קְרַאפְט פון עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט.

14 און דִיא פִיעֶר חַיוֹת הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָמֵן; און דִיא זְקֵנִים זֶענֶען אַנִידֶערְגֶע־
פַאלֶען, און הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט.

ו 1 און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען װען דָאס לַאם הָאט אֵיינֶע פון דִיא זִיבֶּען חֲתִימוֹת
אויפְגֶעמַאכְט, און אִיךְ הָאבּ אֵיינֶע פון דִיא פִיעֶר חַיוֹת גֶעהֶערְט זָאגֶען אַזוֹי
וִויא מִיט דֶעם קוֹל פון אַ דוּנֶער, קוּם. 2 און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, און זֶעה אַ
וַוייס פֶערְד, און דֶער װעלְכֶער אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען הָאט אַ בּוֹיגֶען גֶעהַאט,
און מֶען הָאט צוּ אִיהְם אַ קְרוֹין גֶעגֶעבֶּען, און עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַלְס
אֵיין אִיבֶּערְוֶוע, טִיגֶער און צוּ אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען.

3 און װען עֶר הָאט דִיא צְוַוייטֶע חֲתִימָה אויפְגֶעמַאכְט, הָאבּ אִיךְ דִיא צְוַוייטֶע
חַיָה גֶעהֶערְט זָאגֶען, קוּם. 4 און עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵיין אַנְדֶערֶעס פֶערְד,
אַ רוֹיטֶעס, און צוּ דֶעם װעלְכֶער אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען הָאט מֶען גֶעגֶעבֶּען אַז
עֶר זָאל פְרִידֶען אַװעקְנֶעמֶען פון דֶער עֶרְד, און אַז זַייא זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען שְׁלַאכְטֶען, און מֶען הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ גְרוֹיס שְׁוֶוערְט.

5 און װען עֶר הָאט דִיא דְרִיטֶע חֲתִימָה אויפְגֶעמַאכְט, הָאבּ אִיךְ דִיא דְרִיטֶע
חַיָה גֶעהֶערְט זָאגֶען, קוּם. און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, און זֶעה אַ שְׁוַוארְצֶעס
פֶערְד, און דֶער װעלְכֶער אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען הָאט אַ וָואגְשָׁאל גֶעהַאט אִין
זַיינֶער הַאנְד. 6 און אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַזוֹי וִויא אַ קוֹל אִין מִיטֶען פון דִיא
פִיעֶר חַיוֹת זָאגֶען, אַ מָאס ווייץ פַאר אַ גְרָאשֶׁען* און דְרַייא מָאס גֶערְשְׁטֶען
פַאר אַ גְרָאשֶׁען;* און פֶערְדַארְבּ נִיט דָאס עֶהְל און דֶעם וויין.

7 און װען עֶר הָאט דִיא פִיעֶרְטֶע חֲתִימָה אויפְגֶעמַאכְט, הָאבּ אִיךְ דָאס קוֹל
פון דִיא פִיעֶרְטֶע חַיָה גֶעהֶערְט זָאגֶען, קוּם. 8 און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, און
זֶעה אַ בְּלֵייכֶעס פֶערְד, און דֶער נָאמֶען פון דֶעם וָואס אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען אִיז
גֶעוֶוען טוֹיט, און דֶער שְׁאוֹל אִיז מִיט אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, און מֶען הָאט צוּ
זַייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער דֶעם פִיעֶרְטֶען טְהֵייל פון דֶער עֶרְד, זַייא זָאלֶען
אוּמְבְּרֶענְגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט און מִיט הוּנְגֶער און מִיט טוֹיט און דוּרְךְ דִיא
חַיוֹת פון דֶער עֶרְד.

9 און װען עֶר הָאט דִיא פִינְפְטֶע חֲתִימָה אויפְגֶעמַאכְט, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען
אוּנְטֶער דֶעם מִזְבֵּחַ דִיא נְשָׁמוֹת פון דִיא וָואס זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען
װעגֶען דֶעם וָוארְט פון גָאט און װעגֶען דֶעם צֵיינְנִיס וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעהַאלְ־
טֶען. 10 און זַייא הָאבֶּען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט, וִויא לַאנְג,
אָ הֵיילִיגֶער און וָואהְרְהַאפְטִיגֶער מֵייסְטֶער, רִיכְטֶעסְט דוּא נִיט און בִּיסְט נִיט

6 * גר׳ דינר.

דִיךְ נוֹקֵם פַאר אוּנְזֶער בְּלוּט פוּן דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד? [11] אוּן
מֶען הָאט צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן זֵייא אַ ווייס קְלֵייד גֶעגֶעבֶּען, אוּן הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען רוּהִיג זֵיין נָאךְ אַ קְלֵיינֶע צֵייט, בִּיז דִיא צָאהְל פוּן
זֵייעֶרֶע מִיטְקְנֶעכְט אוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען, וָואס וֶועלֶען
גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא אוֹיךְ זֵייא.

[12] אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וֶוען עֶר הָאט דִיא זֶעקְסְטֶע חֲתִימָה אוֹיפְגֶעמַאכְט,
אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ גְרוֹיס עֶרְדְצִיטֶערְנִיס, אוּן דִיא זוּן אִיז שְׁוַוארְץ גֶעוָוא־
רֶען גְלֵייךְ וִויא אַ זַאק פוּן הָאר, אוּן דִיא גַאנְצֶע לְבָנָה אִיז וִויא בְּלוּט גֶעוָוארֶען;
[13] אוּן דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶעם הִימֶעל זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אַרוּפְגֶעפַאלֶען,
גְלֵייךְ וִויא אַ פֵייגֶענְבּוֹים וַוארְפְט אַרוּפּ זֵיינֶע אוּנְצֵייטִיגֶע פֵייגֶען, וֶוען עֶר אִיז
גֶעשָׁאקֶערְט פוּן אַ גְרוֹיסֶען וִוינְד. [14] אוּן דֶער הִימֶעל אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען
אַזוֹי וִויא אַ צוּגֶעווִיקֶעלְטֶע מְגִלָּה, אוּן יֶעדֶער בַּארְג אוּן אִינְזֶעל זֶענֶען פוּן
זֵייעֶרֶע עֶרְטֶער אַוֶועקְגֶערִיקְט גֶעוָוארֶען. [15] אוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד אוּן
דִיא פִירְשְׁטֶען, אוּן דִיא הוֹיפְּטְלֵייט, אוּן דִיא רֵייכֶע אוּן דִיא מֶעכְטִיגֶע, אוּן
יֶעדֶער קְנֶעכְט אוּן יֶעדֶער פְרֵייעֶר מֶענְשׁ הָאבֶּען זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען אִין דִיא
הֵיילֶען אוּן אִין דִיא פֶעלְזֶען פוּן דִיא בֶּערְג. [16] אוּן זֵייא הָאבֶּען צוּ דִיא בֶּערְג
אוּן צוּ דִיא פֶעלְזֶען גֶעזָאגְט, פַאלְט אוֹיף אוּנְז, אוּן פֶערְבָּארְגְט אוּנְז פוּן דֶעם
פָּנִים פוּן דֶעם וֶועלְכֶער זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל, אוּן פוּן דֶעם צָארְן פוּן דֶעם
לַאם; [17] וָוארִין דֶער גְרוֹיסֶע טָאג פוּן זֵיין צָארְן אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן וֶוער קֶען
בֶּעשְׁטֶעהֶען?

ז [1] דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ פִיעֶר מַלְאָכִים גֶעזֶעהֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף
דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּן הָאבֶּען דִיא פִיעֶר וִוינְדֶען פוּן דֶער עֶרְד
גֶעהַאלְטֶען, כְּדֵי קֵיין וִוינְד זָאל נִיט בְּלָאזֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן נִיט אוֹיף
דֶעם יַם, אוּן נִיט אוֹיף קֵיין בּוֹים. [2] אוּן אִיךְ הָאבּ אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ גֶעזֶע־
הֶען, וָואס אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִזְרָח, אוּן עֶר הָאט דִיא חֲתִימָה פוּן דֶעם
לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט גֶעהַאט, אוּן עֶר הָאט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען צוּ דִיא
פִיעֶר מַלְאָכִים וָואס עֶס אִיז זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ שָׁאדֶען דִיא עֶרְד אוּן דֶעם
יַם; [3] אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שָׁאד נִיט דִיא עֶרְד אוּן נִיט דֶעם יַם אוּן
נִיט דִיא בֵּיימֶער, בִּיז מִיר וֶועלֶען פֶערְחַתְמֶענֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן אוּנְזֶערֶען
גָאט אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטֶערֶען. [4] אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דִיא צָאהְל פוּן דִיא
וָואס זֶענֶען פֶערְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען; אֵיין הוּנְדֶערְט אוּן פִיעֶר אוּן פִיעֶרְצִיג
טוֹיזֶענְד זֶענֶען פֶערְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל.

[5] פוּן שֵׁבֶט יְהוּדָה זֶענֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד פֶערְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען;
פוּן שֵׁבֶט רְאוּבֵן צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט גָד צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
[6] פוּן שֵׁבֶט אָשֵׁר צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט נַפְתָּלִי צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;

פון שבט מנשה צוועלף טויזענד;
7 פון שבט שמעון צוועלף טויזענד;
פון שבט לוי צוועלף טויזענד;
פון שבט יששכר צוועלף טויזענד;
8 פון שבט זבלון צוועלף טויזענד;
פון שבט יוסף צוועלף טויזענד;
פון שבט בנימן זענען צוועלף טויזענד פערזיגעלט געוואָרען.

9 נאָך דיזע זאַכען האָב איך געזעהען, און זעה פיל לייט, וואָס קיינער האָט
ניט געקענט צאָהלען, פון אַלע גוים און שבטים און פעלקער און לשונות,
וואָס זענען פאַר דעם שטוהל געשטאַנען און פאַר דעם לאַם, און זייא זענען
אין ווייסע קליידער געקלייד, און אין זייערע הענד האָבען זייא פּאַלמען
צווייגען געהאַט. 10 און זייא האָבען מיט אַ הויך קול געשריגען און געזאָגט,
ישועה זאָל צו אונזערעם גאָט זיין, דער זיצט אויף דעם שטוהל,
און צו דעם לאַם.

11 און אַלע מלאָכים זענען אַרום דעם שטוהל געשטאַנען, און אַרום דיא זקנים
און דיא פיער חיות, און זייא זענען אַנידערגעפאַלען אויף זייער פּנים פאַר
דעם שטוהל, און האָבען זיך צו גאָט געבוקט 12 און געזאָגט,
אָמן; ברכה און הערליכקייט און חכמה און דאַנק און כבוד
און מאַכט און קראַפט זאָלען צו אונזערעם גאָט זיין פון עביגקייט
צו עביגקייט; אָמן.

13 און איינער פון דיא זקנים האָט געענטפערט און האָט צו מיר געזאָגט, ווער
זענען דיזע וואָס זענען אין דיא ווייסע קליידער געקלייד און פון וואַנען זענען
זייא געקומען? 14 און איך האָב צו איהם געזאָגט, מיין האַר, דוא ווייסט.
און ער האָט צו מיר געזאָגט, דיזע זענען דיא וואָס קומען אַרויס פון דיא
גרויסע צרה, און האָבען זייערע קליידער געוואַשען און האָבען זייא ווייס
געמאַכט אים בלוט פון דעם לאַם. 15 דעסטוועגען זענען זייא פאַר דעם
שטוהל פון גאָט, און דינען איהם טאָג און נאַכט אין זיין טעמפּעל, און דער
וועלכער זיצט אויף דעם שטוהל וועט זיין געצעלט בייא זייא מאַכען. 16 זייא
וועלען ניט מעהר הונגריג זיין, און ניט מעהר דורשטיג זיין, און דיא זון
וועט אויף זייא ניט פאַלען, און אויך ניט קיין שום היץ; 17 וואָרין דאָס
לאַם וואָס איז אין מיטען פון דעם שטוהל וועט זייער פּאַסטוך זיין, און ער
וועט זייא פיהרען צו קוועלען פון דיא וואַסער פון לעבען; און גאָט וועט
יעדע טרערען אָפּווישען פון זייערע אויגען.

ח 1 און ווען ער האָט דיא זיבענטע חתימה אויפגעמאַכט, איז עס שטיל
געשעהען אים הימעל אַזוי וויא איין ערך פון אַ האַלבע שעה. 2 און איך האָב
דיא זיבען מלאָכים געזעהען וואָס זענען פאַר גאָט געשטאַנען, און מען האָט
זייא געגעבען זיבען שופרות. 3 און איין אַנדערער מלאך איז געקומען, און
איז בייא דעם מזבח געשטאַנען, און ער האָט אַ גאָלדענע ווערויכפאַן

גֶעהַאט, אוּן מֶען הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פִּיל קְטוֹרֶת, כְּדֵי עֶר זָאל עֶס זֶעצֶען
מִיט דִיא תְּפִלּוֹת פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוֹיף דֶעם גָאלְדֶענֶען מִזְבֵּחַ וָואס אִיז פָאר דֶעם
שְׁטוּהְל. ⁴ אוּן דֶער רוֹיךְ פוּן דֶעם קְטוֹרֶת אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער הַאנְד
פוּן דֶעם מַלְאָךְ פָאר גָאט מִיט דִיא תְּפִלּוֹת פוּן דִיא הֵיילִיגֶע. ⁵ אוּן דֶער
מַלְאָךְ הָאט דִיא וֶוערוֹיכְפַאן גֶענוּמֶען, אוּן הָאט זִיא אָנְגֶעפִּילְט מִיט דֶעם
פֵּייעֶר פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּן הָאט זִיא גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד; אוּן עֶס זֶענֶען
גֶעוָוארֶען דוּנֶער אוּן קוֹלוֹת אוּן בְּלִיצֶען אוּן אֵיין עֶרְדְצִיטֶערְנִיס. ⁶ אוּן דִיא
זִיבֶּען מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען דִיא זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת גֶעהַאט הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט
אַז זֵייא זָאלֶען בְּלָאזֶען.

⁷ אוּן דֶער עֶרְשְׁטֶע מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ הָאגֶעל
אוּן פֵּייעֶר מִיט בְּלוּט גֶעמִישְׁט, אוּן עֶס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען.
אוּן דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דֶער עֶרְד אִיז פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּן דֶער
דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דִיא בֵּיימֶער אִיז פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּן אַלֶעס גְרִינֶע
גְרָאז אִיז פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען.

⁸ אוּן דֶער צְוֵייטֶע מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּן גְלֵייךְ וִויא אַ גְרוֹיסֶער בַּארְג
וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵּייעֶר אִיז אִים יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען. אוּן דֶער
דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דֶעם יַם אִיז בְּלוּט גֶעוָוארֶען, ⁹ אוּן דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן
דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִיס וָואס זֶענֶען אִים יַם אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן
דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דִיא שִׁיפֶען אִיז צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען.

¹⁰ אוּן דֶער דְרִיטֶע מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּן עֶס אִיז אַרוּפְּגֶעפַאלֶען פוּן
דֶעם הִימֶעל אַ גְרוֹיסֶער שְׁטֶערְן וָואס הָאט גֶעבְּרֶענְט אַזוֹי וִויא אַ לַאמְפֶּע,
אוּן עֶס אִיז אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טְהֵייל פוּן דִיא שְׁטְרוֹימֶען גֶעפַאלֶען, אוּן אוֹיף
דִיא קְוֶועלֶען פוּן דִיא וַואסֶער. ¹¹ אוּן דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם שְׁטֶערְן הֵייסְט
וֶוערְמוּט. אוּן דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דִיא וַואסֶער אִיז וֶוערְמוּט גֶעוָוארֶען, אוּן
פִילֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען פוּן וֶועגֶען דִיא וַואסֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען, וַוייל זֵייא זֶענֶען
בִּיטֶער גֶעוָוארֶען.

¹² אוּן דֶער פִיעֶרְטֶע מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּן דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דֶער
זוּן אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען, אוּן דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דֶער לְבָנָה, אוּן דֶער
דְרִיטֶע טְהֵייל פוּן דִיא שְׁטֶערֶען, כְּדֵי זֵייעֶר דְרִיטֶע טְהֵייל זָאל פִינְסְטֶער וֶוער-
רֶען, אוּן דֶער טָאג זָאל נִיט שֵׁיינֶען זֵיין דְרִיטֶען טְהֵייל, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ נִיט
דִיא נַאכְט.

¹³ אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאבּ אֵיין אָדְלֶער גֶעהֶערְט פְלִיהֶען אִין מִיטֶען
פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעזָאגְט, וֶועה וֶועה וֶועה צוּ
דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, פוּן וֶועגֶען דִיא אִיבְּרִיגֶע קוֹלוֹת פוּן דִיא
שׁוֹפְרוֹת פוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע דְרֵייא מַלְאָכִים וָואס וֶועלֶען נָאךְ בְּלָאזֶען.

ט ¹ אוּן דֶער פִינְפְטֶע מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּן אִיךְ הָאבּ אַ שְׁטֶערְן
גֶעזֶעהֶען אַרוּפְּגֶעפַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן מֶען הָאט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם בְּרוּנֶען פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד. ² אוּן עֶר הָאט

דֶעם בְּרוּנֶען פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד אוֹיפְגֶעמַאכְט; אוּן עֶס אִיז אַ רוֹיךְ פוּן דֶעם
בְּרוּנֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען גְלֵייךְ וִויא דֶער רוֹיךְ פוּן אַ גְרוֹיסֶען קַאלְכְאוֹיבֶען, אוּן
דִיא זוּן אוּן דִיא לוּפְט זֶענֶען פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען דֶעם רוֹיךְ פוּן
דֶעם בְּרוּנֶען. 3 אוּן פוּן דֶעם רוֹיךְ זֶענֶען הֵיישְׁרֶעקֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד, אוּן מֶען הָאט זֵייא מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דִיא עֶגְדִיסֶען פוּן
דֶער עֶרְד הָאבֶּען מַאכְט. 4 אוּן מֶען הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען נִיט
דָאס גְרָאז פוּן דֶער עֶרְד פֶערְדַארְבֶּען, אוּן נִיט קֵיין קְרֵייט, אוּן נִיט קֵיין
בּוֹים, נֵייעֶרְט דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען נִיט דִיא חֲתִימָה פוּן גָאט אוֹיף זֵייעֶרֶע
שְׁטֶערְנֶען. 5 אוּן מֶען הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעגֶעבֶּען אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא נִיט טֵייטֶען,
נֵייעֶרְט זֵייא זָאלֶען זֵייא פֵּיינִיגֶען פִינְף חֳדָשִׁים; אוּן זֵייעֶר פֵּיינִיגֶען אִיז גְלֵייךְ
וִויא דָאס פֵּיינִיגֶען פוּן אֵיין עֶגְדִיס וֶוען עֶר שְׁטֶעכְט אַ מֶענְשֶׁען. 6 אוּן אִין
יֶענֶע טֶעג וֶועלֶען מֶענְשֶׁען דֶעם טוֹיט זוּכֶען אוּן וֶועלֶען אִיהְם נִיט גֶעפִינֶען, אוּן
זֵייא וֶועלֶען וִוינְשֶׁען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אוּן דֶער טוֹיט וֶועט פוּן זֵייא אַנְטְלוֹיפֶען. 7 אוּן
דִיא גֶעשְׁטַאלְטֶען פוּן דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען זֶענֶען גֶעוֶוען גְלֵייךְ צוּ פֶערְד וָואס זֶענֶען
פַארְטִיג צוּ דֶער מִלְחָמָה, אוּן אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ זֶענֶען גֶעוֶוען אַזוֹי וִויא קְרוֹי־
נֶען גְלֵייךְ צוּ גָאלְד, אוּן זֵייעֶרֶע פָּנִים זֶענֶען גֶעוֶוען אַזוֹי וִויא דִיא פָּנִים פוּן
מֶענְשֶׁען; 8 אוּן זֵייא הָאבֶּען הָאר גֶעהַאט גְלֵייךְ וִויא דִיא הָאר פוּן פְרוֹיעֶן,
אוּן זֵייעֶרֶע צֵיין זֶענֶען גֶעוֶוען אַזוֹי וִויא דִיא צֵיין פוּן לֵייבֶען; 9 אוּן זֵייא הָא־
בֶּען פַּאנְצֶער גֶעהַאט גְלֵייךְ וִויא פַּאנְצֶער פוּן אַייזֶען, אוּן דָאס קוֹל פוּן זֵייעֶרֶע
פְלִיגֶעל אִיז גֶעוֶוען גְלֵייךְ וִויא דָאס קוֹל פוּן רֵייטְוָואגֶען פוּן פִילֶע פֶערְד, וָואס
לוֹיפֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה. 10 אוּן זֵייא הָאבֶּען שְׁוֶוענְץ גֶעהַאט אַזוֹי וִויא עֶגְדִיסֶען
אוּן שְׁטֶעכִיגֶע שְׁפִּיצֶען, אוּן אִין זֵייעֶרֶע שְׁוֶוענְץ אִיז זֵייעֶרֶע מַאכְט גֶעוֶוען צוּ
שָׁאדִיגֶען דִיא מֶענְשֶׁען פִינְף חֳדָשִׁים. 11 זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּער זִיךְ אַ קֶענִיג
דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד, וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ אֲבַדוֹן,
אוּן אוֹיף גְרֶעקִישׁ הָאט עֶר דֶעם נָאמֶען אַפָּאלְיוֹן. 12 דֶער עֶרְשְׁטֶע וֶועה אִיז
פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען; זֶעה עֶס קוּמֶען נָאךְ צְוֵוייא וֶועהֶען נָאךְ דִיזֶע.

13 אוּן דֶער זֶעקְסְטֶע מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּן אִיךְ הָאבּ אַ קוֹל גֶעהֶערְט
פוּן דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם גָאלְדֶענֶען מִזְבֵּחַ וָואס אִיז פָאר גָאט; 14 וָואס הָאט
צוּם זֶעקְסְטֶען מַלְאָךְ גֶעזָאגְט וֶועלְכֶער הָאט דֶעם שׁוֹפָר גֶעהַאט, בִּינְד אוֹיף
דִיא פִיעֶר מַלְאָכִים וָואס זֶענֶען בֵּייא דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁטְרוֹים פְּרָת גֶעבּוּנְדֶען.
15 אוּן דִיא פִיעֶר מַלְאָכִים זֶענֶען אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען אָנְגֶע־
בְּרֵייט גֶעוֶוען פַאר דֶער שָׁעָה אוּן טָאג אוּן חוֹדֶשׁ אוּן יָאהְר, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
דֶעם דְרִיטֶען טְהֵייל פוּן דִיא מֶענְשֶׁען טֵייטֶען. 16 אוּן דִיא צָאהְל פוּן דִיא
הֶערְשַׁארֶען פוּן דִיא רֵייטֶער אִיז גֶעוֶוען צְוֵוייא מָאל צֶעהְן טוֹיזֶענְד מָאל צֶעהְן
טוֹיזֶענְד; אִיךְ הָאבּ זֵייעֶרֶע צָאהְל גֶעהֶערְט.

17 אוּן אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיא פֶערְד גֶעזֶעהֶען אִין דֶער גֶעזִיכְט אוּן דִיא
וָואס זֶענֶען אוֹיף זֵייא גֶעזֶעסֶען, דִיא הָאבֶּען פֵייעֶרִיגֶע אוּן פִינְקֶעלְשְׁטֵיינִיגֶע
אוּן שְׁוֶועבְּלִיגֶע פַּאנְצֶער גֶעהַאט; אוּן דִיא קֶעפּ פוּן דִיא פֶערְד זֶענֶען גֶעוֶוען

גְלַייךְ וִויא קֶעפּ פוּן לֵייבֶּען, אוּן פוּן זֵייעֶרֶע מֵיילֶער אִיז פֵייעֶר אוּן רוֹיךְ אוּן
שְׁוֶועבֶּעל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. 18 פוּן דִיזֶע דְרֵייא פְּלָאגֶען אִיז דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל
פוּן דִיא מֶענְשֶׁען גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען, פוּן דֶעם פֵייעֶר אוּן פוּן דֶעם רוֹיךְ אוּן
פוּן דֶעם שְׁוֶועבֶּעל וָואס זֶענֶען פוּן זֵייעֶרֶע מֵיילֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. 19 וָוארִין דִיא
מַאכְט פוּן דִיא פֶערְד אִיז אִין זֵייעֶרֶע מֵיילֶער אוּן אִין זֵייעֶרֶע שְׁוֶוענְץ; וָוארִין
זֵייעֶרֶע שְׁוֶוענְץ זֶענֶען גְלַייךְ וִויא שְׁלַאנְגֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען קֶעפּ, אוּן דוּרְךְ דִיזֶע
טְהוּן זֵייא שָׁאדֶען. 20 אוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען נִיט דוּרְךְ דִיזֶע פְּלָאר־
גֶען גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זִיךְ דָאךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן דִיא וֶוערְק
פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט בִּיקֶען צוּ דִיא שֵׁדִים אוּן צוּ דִיא
אָפְּגֶעטֶער פוּן גָאלְד אוּן פוּן זִילְבֶּער אוּן פוּן קוּפֶּער אוּן פוּן שְׁטֵיין אוּן פוּן
הָאלְץ, וָואס קֶענֶען נִיט זֶעהֶען אוּן נִיט הֶערֶען אוּן נִיט אַרוּמְגֶעהֶען; 21 אוּן
זֵייא הָאבֶּען נִיט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן פוּן זֵייעֶרֶע רְצִיחוֹת אוּן אוֹיךְ נִיט פוּן זֵייעֶרֶע
כִּשׁוּף אוּן אוֹיךְ נִיט פוּן זֵייעֶרֶע זְנוּת אוּן אוֹיךְ נִיט פוּן זֵייעֶרֶע גְנֵבוֹת.

י 1 אוּן אִיךְ הָאבּ אֵיין אַנְדֶערֶען שְׁטַארְקֶען מַלְאָךְ גֶעזֶעהֶען אַרוּפְּקוּמֶען פוּן
דֶעם הִימֶעל, אָנְגֶעטְהוּן אִין אַ וָואלְקֶען, אוּן דֶער רֶעגֶענְבּוֹיגֶען אִיז אוֹיף זַיין
קָאפּ גֶעוֶועזֶען, אוּן זַיין פָּנִים אִיז גֶעוֶועזֶען גְלַייךְ וִויא דִיא זוּן, אוּן זַיינֶע פִּיס וִויא
זֵיילֶען פוּן פֵייעֶר, 2 אוּן עֶר הָאט אִין זַיינֶער הַאנְד גֶעהַאט אַ קְלֵיינֶעס בִּיכֶעל
גֶעעֶפֶענְט; אוּן עֶר הָאט זַיין רֶעכְטֶען פוּס אוֹיף דֶעם יַם גֶעשְׁטֶעלְט, אוּן זַיין
לִינְקֶען פוּס אוֹיף דֶער עֶרְד; 3 אוּן עֶר הָאט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען אַזוֹי
וִויא אַ לֵייבּ בְּרוּמְט. אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען הָאבֶּען דִיא זִיבֶּען דוּנֶער
מִיט זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת גֶערֶעט. 4 אוּן וֶוען דִיא זִיבֶּען דוּנֶער הָאבֶּען גֶערֶעט,
הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט שְׁרֵייבֶּען; אוּן אִיךְ הָאבּ אַ קוֹל פוּן הִימֶעל גֶעהֶערְט
וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פֶערְזִיגֶעל דִיא זַאכֶען וָואס דִיא זִיבֶּען דוּנֶער
הָאבֶּען גֶערֶעט, אוּן שְׁרֵייבּ זֵייא נִיט. 5 אוּן דֶער מַלְאָךְ, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם יַם אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד, הָאט זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, 6 אוּן הָאט גֶעשְׁוָואוֹירֶען בֵּייא דֶעם וֶועל־
כֶער לֶעבְּט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט, וֶועלְכֶער הָאט דִיא הִימֶעל בֶּעשַׁאפֶען
אוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען דְרִינֶען, אוּן דִיא עֶרְד אוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען
דְרִינֶען, אוּן דֶעם יַם אוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען דְרִינֶען, אַז עֶס וֶועט נִיט
מֶעהְר קֵיינֶע צֵייט זַיין; 7 אָבֶּער אִין דִיא טֶעג פוּן דֶעם קוֹל פוּן דֶעם זִיבֶּענְטֶען
מַלְאָךְ, וֶוען עֶר וֶועט בְּלָאזֶען, הָאט זִיךְ דֶער סוֹד פוּן גָאט גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי
וִויא עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דוּרְךְ זַיינֶע אֵייגֶענֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים.

8 אוּן דָאס קוֹל וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן הִימֶעל גֶעהֶערְט הָאט וִוידֶער מִיט מִיר
גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט, גֶעה אוּן נֶעם דָאס גֶעעֶפֶענְטֶע בִּיכֶעל וָואס אִיז אִין דֶער
הַאנְד פוּן דֶעם מַלְאָךְ, וֶועלְכֶער שְׁטֶעהְט אוֹיף דֶעם יַם אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד.
9 אוּן אִיךְ בִּין צוּם מַלְאָךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר
דָאס קְלֵיינֶע בִּיכֶעל. אוּן עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֶעם עֶס אוּן עֶס אוֹיף; אוּן
עֶס וֶועט דֵיין בּוֹיךְ בִּיטֶער מַאכֶען, אָבֶּער אִין דֵיין מוֹיל וֶועט עֶס זִיס וִויא

הָאנִיג זַיין. [10] און אִיךְ הָאבּ דָאס קְלֵיינֶע בִּיכֶעל גֶענוּמֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן
דֶעם מַלְאָךְ, און הָאבּ עֶס אוֹיפְגֶעגֶעסֶען; און עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין מֵיין מוֹיל זִיס
וִויא הָאנִיג; און וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, אִיז מֵיין בּוֹיךְ בִּיטֶער גֶעוָוא־
רֶען. [11] און זֵייא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דוּא מוּזְט ווִידֶער נְבוּאוֹת זָאגֶען פָאר
פִילֶע פֶעלְקֶער און גוֹיִם און לְשׁוֹנוֹת און מְלָכִים.

יא [1] און עֶס אִיז צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אַ רָאהְר גְלֵייךְ וִויא אַ שְׁטֶעקֶען,
און עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף און מֶעסְט דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט, און
דֶעם מִזְבֵּחַ און דִיא וָואס בֶּעטֶען דְרִינֶען. [2] און דֶעם הוֹיף וָואס אִיז פוּן
אוֹיסְוֶוענִיג פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל זָאלְסְט דוּא אוֹיסְלָאזֶען און זָאלְסְט אִיהְם נִיט
מֶעסְטֶען, וָוארִין עֶר אִיז צוּ דִיא גוֹיִם גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען און זֵייא וֶועלֶען דִיא
הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט צוּטְרֶעטֶען צְוֵוייא און פִיעֶרְצִיג חֳדָשִׁים. [3] און אִיךְ וֶועל צוּ
מֵיינֶע צְוֵוייא עֵדוּת גֶעבֶּען אַז זֵייא זָאלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען טוֹיזֶענְד צְוֵוייא הוּנְ־
דֶערְט און זֶעכְצִיג טֶעג, אָנְגֶעטְהוּן אִין זֶעק.

[4] דִיזֶע זֶענֶען דִיא צְוֵוייא עֶהְלְבֵּיימֶער און דִיא צְוֵוייא מְנוֹרוֹת וָואס שְׁטֶעהֶען
פָאר דֶעם הַאר׳ן פוּן דֶער עֶרְד. [5] און וֶוען אֵיימִיצֶער וִויל זֵייא שָׁאדֶען, גֶעהְט
פֵייעֶר אַרוֹיס פוּן זֵייעֶר מוֹיל און פֶערְצֶעהְרְט זֵייעֶרֶע פֵיינְד; און וֶוען אֵיימִיצֶער
וִויל זֵייא שָׁאדֶען, מוּז עֶר אַזוֹי גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען. [6] דִיזֶע הָאבֶּען דִיא מַאכְט
דֶעם הִימֶעל צוּ פֶערְשְׁלִיסֶען, אַז עֶס זָאל נִיט רֶעגְנֶען אִין דִיא טֶעג פוּן זֵייעֶר
נְבוּאוֹת זָאגֶען, און זֵייא הָאבֶּען מַאכְט אִיבֶּער דִיא וַואסֶער זֵייא צוּ בְּלוּט צוּ פֶערְ־
קֶעהְרֶען, און אוֹיף דֶער עֶרְד צוּ שְׁלָאגֶען מִיט אַלֶערְלֵייא פְּלָאג אַזוֹי אָפְט וִויא
זֵייא ווִילֶען. [7] און וֶוען זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר עֵדוּת גֶעעֶנְדִיגְט, וֶועט דִיא חַיָה וָואס
קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד מִיט זֵייא מִלְחָמָה הַאלְטֶען, און וֶועט זֵייא
אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען, און וֶועט זֵייא טֵייטֶען. [8] און זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער לִיגֶען
אוֹיף דֶער גַאס פוּן דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט, וָואס אִיז גֵייסְטְלִיךְ סְדוֹם און מִצְרַיִם
אָנְגֶערוּפֶען, וְואוּ אוֹיךְ זֵייעֶר הַאר אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען. [9] און פוּן דִיא
פֶעלְקֶער און שְׁבָטִים און לְשׁוֹנוֹת און גוֹיִם וֶועהְט מֶען זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער
דְרֵייא טֶעג און אַ הַאלְבּ, און זֵייא לָאזֶען נִיט זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער בֶּעגְרָא־
בֶּען. [10] און דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פְרֵייעֶן זִיךְ אִיבֶּער זֵייא און
הָאבֶּען שִׂמְחָה, און זֵייא שִׁיקֶען מַתָּנוֹת אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, ווֵייל דִיזֶע
צְוֵוייא נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעפְּלָאגְט דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. [11] און
נָאךְ דִיא דְרֵייא טֶעג און אַ הַאלְבּ אִיז דֶער גֵייסְט פוּן לֶעבֶּען פוּן גָאט אִין
זֵייא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, און זֵייא זֶענֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע פִיס גֶעשְׁטַאנֶען; און אַ גְרוֹיס
מוֹרָא אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דִיא וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען. [12] און זֵייא הָאבֶּען
אַ הוֹיךְ קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל גֶעהֶערְט וָואס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קוּמְט אַהֶער
אַרוֹיף; און זֵייא זֶענֶען אִין דֶער וָואלְקֶען אִים הִימֶעל אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, און זֵייעֶרֶע
פֵיינְד הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען. [13] און אִין יֶענֶער שָׁעָה אִיז אַ גְרוֹיס עֶרְדְצִי־
טֶערְנִיס גֶעוָוארֶען, און דֶער צֶעהְנְטֶע טְהֵייל פוּן דֶער שְׁטָאדְט אִיז גֶעפַאלֶען,

[4] זכריה ד׳ יא׳-יד׳.

אוּן זִיבֶּען טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען זֶענֶען אִים עֶרְדְצִיטֶערְנִיס גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען,
אוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט אוּן הָאבֶּען כָּבוֹד גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם
גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל.

[14] דָאס צְווייטֶע וֶועה אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען; זֶעה דָאס דְרִיטֶע וֶועה קוּמְט
גֶעשְׁווינְד.

[15] אוּן דֶער זִיבֶּענְטֶע מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּן עֶס זֶענֶען גְרוֹיסֶע קוֹלוֹת
אִים הִימֶעל גֶעוָוארֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט,

דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן דֶער וֶועלְט אִיז גֶעוָוארֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
אוּנְזֶערֶען הַאר׳ן אוּן פוּן זֵיין מָשִׁיחַ,
אוּן עֶר וֶועט רֶעגִירֶען פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט.

[16] אוּן דִיא פִיעֶר אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים וֶועלְכֶע זֶענֶען פָאר גָאט אוֹיף זֵייעֶרֶע
שְׁטוּהְלֶען גֶעזֶעסֶען, זֶענֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע פָּנִים גֶעפַאלֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּ גָאט
גֶעבִּיקְט [17] אוּן גֶעזָאגְט,

מִיר דַאנְקֶען דִיר הַאר גָאט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, דֶער דוּא בִּיסְט אוּן
בִּיסְט גֶעוֶועֶן, ווייל דוּא הָאסְט דֵיינֶע גְרוֹיסֶע קְרַאפְט גֶענוּמֶען אוּן
הָאסְט אַלְס אַ מֶלֶךְ רֶעגִירְט. [18] אוּן דִיא גוֹיִם הָאבֶּען גֶעצֶערְנְט,
אוּן דֵיין צָארְן אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן דִיא צֵייט פוּן דִיא טוֹיטֶע אַז זֵייא
זָאלֶען גֶערִיכְטֶעט ווערֶען, אוּן אַז דוּא זָאלְסְט דֶעם שְׂכַר גֶעבֶּען צוּ
דֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים אוּן צוּ דִיא הֵיילִיגֶע אוּן צוּ דִיא וָואס
הָאבֶּען מוֹרָא צוּ דֵיין נָאמֶען, דִיא קְלֵיינֶע אוּן אוֹיךְ דִיא גְרוֹיסֶע,
אוּן דוּא זָאלְסְט פֶערְדַארְבֶּען דִיא וָואס הָאבֶּען דִיא עֶרְד פֶערְדָארְבֶּען.

[19] אוּן דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט אִיז אִים הִימֶעל אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּן דֶער
אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית אִיז אִין זֵיין טֶעמְפֶּעל גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, אוּן עֶס זֶענֶען
גֶעוָוארֶען בְּלִיצֶען אוּן קוֹלוֹת אוּן דוּנֶער אוּן עֶרְדְצִיטֶערְנִיס אוּן אַ גְרוֹיסֶער הָאגֶעל.

יב [1] אוּן אַ גְרוֹיס צֵייכֶען הָאט זִיךְ אִים הִימֶעל בֶּעוִויזֶען, אַ פְרוֹיא גֶעקְלֵייד
מִיט דֶער זוּן, אוּן דִיא לְבָנָה אוּנְטֶער אִיהְרֶע פִּיס, אוּן אוֹיף אִיהְר קָאפּ אִיז אַ
קְרוֹין גֶעוֶועֶן פוּן צְווֶעלְף שְׁטֶערֶען; [2] אוּן זִיא אִיז טְרָאגֶענְדִיג גֶעוֶועֶן אוּן הָאט
אִין גֶעבּוּרְטְסְוֶועהֶען גֶעשְׁרִיגֶען, אוּן אִיז אִין גְרוֹיסֶער פֵּיין גֶעוֶועֶן בֵּייא דֶעם גֶעוִוינֶען.
[3] אוּן אֵיין אַנְדֶערֶעס צֵייכֶען הָאט זִיךְ אִים הִימֶעל בֶּעוִויזֶען, אוּן זֶעה אַ גְרוֹיסֶע
דְרַאכֶּעשְׁלַאנְג רוֹיט וִויא פֵּייעֶר, וָואס הָאט זִיבֶּען קֶעפּ גֶעהַאט אוּן צֶעהְן
הֶערְנֶער אוּן אוֹיף אִיהְר קָאפּ זִיבֶּען קְרוֹינֶען; [4] אוּן זִיא הָאט מִיט אִיהְר שְׁוַואנְץ
מִיטְגֶעשְׁלֶעפְּט דֶעם דְרִיטֶען טְהֵייל פוּן דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּן
הָאט זֵייא אוֹיף דֶער עֶרְד אַרוּפְגֶעוָוארְפֶען. אוּן דִיא דְרַאכֶעשְׁלַאנְג אִיז גֶע־
שְׁטַאנֶען פָאר דֶער פְרוֹיא וָואס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶעוִוינֶען, כְּדֵי זִיא זָאל
דָאס קִינְד וָואס דִיא פְרוֹיא וֶועט גֶעוִוינֶען אוֹיפְפְרֶעסֶען. [5] אוּן זִיא הָאט גֶעוִוי־
נֶען אַ בֶּן זָכָר, וֶועלְכֶער וֶועט אִיבֶּער אַלֶע גוֹיִם הֶערְשֶׁען מִיט אֵייזֶערְנֶע
רוּט; אוּן אִיהְר קִינְד אִיז צוּ גָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אוּן צוּ זֵיין שְׁטוּהְל.
[6] אוּן דִיא פְרוֹיא אִיז אִין דֶער מִדְבָּר אַנְטְלָאפֶען, וְואוּ זִיא הָאט אֵיין אָרְט פוּן

גאט אנגעברייט, כדי דארט מען זאל זיא דערנעהרען טויזענד צוויא הונדערט
און זעכציג טעג.
7און עס איז געשעהען א מלחמה אים הימעל, מיכאל און זיינע מלאכים
האבען מלחמה געהאלטען מיט דער דראבעשלאנג. און דיא דראבעשלאנג און
איהרע מלאכים האבען מלחמה געהאלטען, 8און זייא האבען ניט איבער־
וועלטיגט, אויך איז קיין ארט ניט מעהר פאר זייא אים הימעל געפינען
געווארען. 9און דיא גרויסע דראבעשלאנג איז ארויסגעווארפען געווארען, דיא
אלטע שלאנג וואס הייסט טייפעל און שטן, וואס פערפיהרט דיא גאנצע
וועלט, זיא איז אויף דער ערד געווארפען געווארען, און איהרע מלאכים זענען
מיט איהר געווארפען געווארען. 10און איך האב א גרויס קול אים הימעל
געהערט זאגען,

איצט איז געקומען דיא ישועה און דיא קראפט און דאס קעניגרייך
פון אונזערען גאט און דיא מאכט פון זיין משיח, ווארין דער
פערקלאגער פון אונזערע ברידער איז ארויסגעווארפען געווארען,
וועלכער פערקלאגט זייא פאר אונזערען גאט טאג און נאכט.
11און זייא האבען איהם איבערוועלטיגט דורך דעם בלוט פון דעם
לאם און דורך דעם ווארט פון זייער עדות, און זייא האבען ניט
זייער לעבען געליבט ביז צום טויט. 12דעסטוועגען פרייעט אייך
איהר הימעל און דיא וואס דרינען וואוינען; וועה צו דער ערד
און דעם ים, ווייל דער שטן איז צו אייך ארופגעקומען, און ער
האט גרויסען צארן אינדעם ער ווייסט אז ער האט א קליינע צייט.

13און ווען דיא דראבעשלאנג האט געזעהען אז זיא איז אויף דער ערד
געווארפען געווארען, האט זיא דיא פרויא פערפאלגט וואס האט דעם זכר
געווינען. 14און מען האט צו דער פרויא געגעבען דיא צוויא פליגעל פון
דעם גרויסען אדלער, כדי זיא זאל פליהען אין דער מדבר אריין צו איהר
ארט, וואו זיא איז דערנעהרט א צייט און צייטען און א האלבע צייט פון
דעם פנים פון דער שלאנג. 15און דיא שלאנג האט א שטרוים וואסער נאך
דער פרויא ארויסגעווארפען, כדי זיא זאל פון דעם שטרוים אוועקגעשלעפט
ווערען. 16און דיא ערד האט דיא פרויא געהאלפען, און האט איהר מויל
אויפגעמאכט און האט איינגעשלונגען דעם שטרוים וואס דיא דראבעשלאנג
האט פון איהר מויל ארויסגעווארפען. 17און דיא דראבעשלאנג האט אויף
דער פרויא געצערנט, און איז אוועקגעגאנגען מלחמה צו האלטען מיט
איהרע איבריגע זאמען, וואס האלטען דיא געבאטע פון גאט און האבען דאס
יג ציינים פון ישוע; 1און זיא איז געשטאנען ביא דעם זאנד פון דעם ים.
און איך האב א חיה געזעהען ארויסקומען פון דעם ים, וואס האט זיבען
קעפ און צעהן הערנער געהאט, און אויף איהרע הערנער צעהן קרוינען, און
אויף איהרע קעפ נעמען פון לעסטערונג. 2און דיא חיה וואס איך האב
געזעהען איז גליך צו א לעמפערט, און איהרע פיס גליך וויא דיא פיס פון

אַ בֶּער, און אִיהְר מױל װיא דָאס מױל פון אַ לֵייבּ. און דִיא דְרַאכֶּעשְׁלַאנְג
הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אִיהְרֶע קְרַאפְט און אִיהְר שְׁטוּהְל און גְרויסֶע מַאכְט.
3 און אֵיינֶעם פון אִיהְרֶע קֶעפּ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי װיא פֶערְװאוּנְדֶעט צוּם
טױט, און דִיא פְּלָאג פון זַיין טױט אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. און דִיא גַאנְצֶע
עֶרְד הָאט אִיבֶּער דֶער חַיָה פֶּערְװאוּנְדֶערְט, 4 און זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ
דֶער דְרַאכֶּעשְׁלַאנְג גֶעבִּיקְט װייל זִיא הָאט דִיא מַאכְט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶער
חַיָה, און זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ דֶער חַיָה גֶעבִּיקְט און גֶעזָאגְט, װֶער אִיז גְלֵייךְ
צוּ דֶער חַיָה, און װֶער קֶען מִיט אִיהְר מִלְחָמָה הַאלְטֶען? 5 און מֶען הָאט
אִיהְר אַ מױל גֶעגֶעבֶּען וָואס הָאט גְרויסֶע זַאכֶען און לֶעסְטֶערוּנְגֶען גֶערֶעט,
און מֶען הָאט אִיהְר מַאכְט גֶעגֶעבֶּען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען צְוֵייא און פִיעֶרְצִיג
חָדָשִׁים. 6 און זִיא הָאט אִיהְר מױל אױפְגֶעמַאכְט צוּ לֶעסְטֶערוּנְגֶען קֶעגֶען
גָאט, צוּ לֶעסְטֶערְן זַיין נָאמֶען און זַיין מִשְׁכָּן, דִיא וָואס װאוֹינֶען אִים הִימֶעל.
7 און מֶען הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִיא הֵיילִיגֶע
און זָאל זַייא אִיבֶּערְװעלְטִיגֶען, און מֶען הָאט אִיהְר מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אִיבֶּער
יֶעדֶען שֵׁבֶט און מִשְׁפָּחָה און לָשׁוֹן און פָאלְק. 8 און אַלֶע אֵיינְװאוֹינֶער פון
דֶער עֶרְד בִּיקֶען זִיךְ צוּ אִיהְר, װעמֶעס נֶעמֶען זֶענֶען נִיט אִים סֵפֶר הַחַיִים
פון דֶעם לַאם אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, װעלְכֶעס אִיז גֶעשָׁאכְטֶען גֶעוָוארֶען פון
דֶער גְרִינְדוּנְג פון דֶער װעלְט.

9 װֶען אֵיימִיצֶער הָאט אֵיין אויעֶר לָאז עֶר הֶערֶען. 10 װֶען אֵיימִיצֶער אִיז
צוּם גֶעפֶּענְגְנִיס, צוּם גֶעפֶּענְגְנִיס גֶעהְט עֶר אַװעק; װֶען אֵיימִיצֶער װעט מִיט
דֶעם שְׁװֶערְט טֵייטֶען, דֶער מוּז מִיט דֶעם שְׁװֶערְט גֶעטֵייטֶעט װֶערֶען. דָא אִיז
דִיא גֶעדוּלְד און דֶער גְלױבֶּען פון דִיא הֵיילִיגֶע.

11 און אִיךְ הָאבּ אֵיין אַנְדֶערֶע חַיָה גֶעזֶעהֶען פון דֶער עֶרְד אַרױסְקוּמֶען,
און זִיא הָאט צְוֵייא הֶערְנֶער גֶעהַאט גְלֵייךְ װיא אַ לַאם, און הָאט גֶערֶעט
אַזוֹי װיא אַ דְרַאכֶּעשְׁלַאנְג. 12 און דִיא מַאכְט פון דִיא עֶרְשְׁטֶע חַיָה טְהוּט
זִיא אִין גַאנְצֶען פָאר זִיא. און זִיא מַאכְט דִיא עֶרְד און דִיא וָואס װאוֹינֶען
דְרִינֶען אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ בִּיקֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע חַיָה, פון װעלְכֶער דִיא טֵייטְ-
לִיכֶע װאוּנְד אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. 13 און זִיא טְהוּט גְרויסֶע צֵייכֶען, אַז זִיא
זָאל אויךְ פֵייעֶר אַרוּפְּקוּמֶען מַאכֶען אויף דֶער עֶרְד פון דֶעם הִימֶעל פָאר
מֶענְשֶׁען. 14 און זִיא בֶּעטְרִיגְט דִיא וָואס װאוֹינֶען אויף דֶער עֶרְד דוּרְךְ דִיא
צֵייכֶען וָואס זֶענֶען אִיהְר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ טְהוּן פָאר דֶער חַיָה, און זִיא
זָאגְט צוּ דִיא וָואס װאוֹינֶען אויף דֶער עֶרְד אַז זַייא זָאלֶען אַ בִּילְד צוּ דֶער
חַיָה מַאכֶען, וָואס הָאט דִיא װאוּנְד פון דֶעם שְׁװֶערְט גֶעהַאט, און דָאךְ הָאט
גֶעלֶעבְּט. 15 און מֶען הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל אַ גֵייסְט גֶעבֶּען צוּ
דֶעם בִּילְד פון דֶער חַיָה, כְּדֵי דָאס בִּילְד פון דֶער חַיָה זָאל רֶעדֶען און זָאל
טְהוּן אַז װיא פִילֶע וָואס װעלֶען זִיךְ נִיט בִּיקֶען צוּ דֶעם בִּילְד פון דֶער חַיָה
זָאלֶען גֶעטֵייטֶעט װֶערֶען. 16 און זִיא מַאכְט אַלֶע, דִיא קְלֵיינֶע און דִיא גְרויסֶע,
דִיא רֵייכֶע און דִיא אָרֶעמֶע, דִיא פְרֵייעֶ און דִיא קְנֶעכְט, אַז מֶען זָאל צוּ זַייא

געבען א צייכען אויף זייער רעכטע האנד אדער אויף זייער שטערען, 17 און
אז קיין מענש זאל ניט קאנען קויפען אדער פערקויפען חוץ דער וואס האט
דעם צייכען, דעם נאמען פון דער חיה אדער די צאהל פון זיין נאמען.
18 דא איז חכמה. דער וואס האט פערשטאנד לאז ער בערעכנען די צאהל
פון דער חיה, וואָרין עס איז די צאהל פון א מענשען. און איהרע צאהל
איז זעקס הונדערט און זעקס און זעכציג.
יד 1 און איך האב געזעהען, און זעה דאס לאם איז געשטאנען אויף דעם
בארג ציון, און מיט איהם הונדערט און פיער און פיערציג טויזענד, וואס
האבען זיין נאמען און דעם נאמען פון זיין פאטער געשריבען אויף זייערע
שטערען. 2 און איך האב א קול פון דעם הימעל געהערט, אזוי ויא א קול
פון פילע וואסער און ויא א קול פון א גרויסען דונער, און דאס קול וואס
איך האב געהערט איז געוועזען גלייך ויא דאס קול פון הארפענשפּילער וואס
שפּילען אויף זייערע הארפען. 3 און זייא זינגען א נייעס ליד פאר דעם
שטוהל און פאר די פיער חיות און פאר די זקנים; און קיינער האט ניט
געקענט דיזען געזאנג לערנען, נייערט די הונדערט און פיער און פיערציג
טויזענד די זענען פון דער ערד אויסגעקויפט געוואָרען. 4 דיזע זענען די
וואס האבען זיך ניט מיט פרויען פעראונרייניגט; וואָרין זייא זענען יונג־
פרויען. דיזע זענען די וואס פאלגען נאך דעם לאם וואו אהין ער געהט.
דיזע זענען פון צווישען די מענשען אויסגעקויפט געוואָרען, איין ערשטע
פרוכט צו גאט און צו דעם לאם; 5 און אין זייער מויל איז ניט קיין פאלש
געפינען געוואָרען; זייא זענען אהן א פלעק.
6 און איך האב געזעהען איין אנדערען מלאך פליהען אין מיטען פון דעם
הימעל, וואס האט אין זיין מויל די עביגע בשורה טובה געהאט צו פרעדי־
גען צו די וואס וואוינען אויף דער ערד, און צו אלע גוים און שבט און
לשון און פאלק; 7 און ער האט מיט א הויך קול געזאגט, פארכט אייך פאר
גאט, און גיבט איהם כבוד, וואָרין די שעה פון זיין משפט איז געקומען,
און ביקט אייך צו איהם דער האט דעם הימעל און די ערד און דעם ים
און די קוועלען פון וואסער געמאכט.
8 און איין אנדערער מלאך איז נאכגעגאנגען און האט געזאגט, געפאלען,
געפאלען איז בבל די גרויסע, וואס האט אלע פעלקער אנגעטרונקען פון
דעם ויין פון דעם צארן פון איהרער הורעריא.
9 און איין אנדערער דריטער מלאך איז זייא נאכגעגאנגען, און האט מיט
א הויך קול געזאגט, ווען איטליכער ביקט זיך צו דער חיה און צו זיין בילד,
און נעמט א צייכען אויף זיין שטערען אדער אויף זיינער האנד, 10 אזוי זאל
ער טרינקען פון דעם וויין פון דעם צארן פון גאט, וואס איז געמישט געוואָ־
רען קלאר אים בעכער פון זיין צארן, און ער זאל דורך פייער און שוועבעל
געפייניגט ווערען פאר די הייליגע מלאכים און פאר דעם לאם. 11 און דער
רויך פון זייערע פייניגונג געהט אויף פון עביגקייט צו עביגקייט, און די

וָואס בִּיקֶען זִיךְ צוּ דֶער חַיָה אוּן צוּ אִיהְר בִּילְד, אוּן אֵיימִיצֶער וָואס גֶעמְט
אָן דָאס צֵייכֶען פוּן אִיהְר נָאמֶען, הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע רוּה טָאג אוּן נַאכְט.
12 דָא אִיז דִיא גֶעדוּלְד פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, וָואס הִיטֶען דִיא גֶעבָּאטֶע פוּן גָאט
אוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ. 13 אוּן אִיךְ הָאבּ אַ קוֹל פוּן הִימֶעל גֶעהֶערְט
וָואס הָאט גֶעזָאגְט שְׁרֵייבּ, גֶעבֶּענְשְׁט פוּן אַצוּנְד אָן זֶענֶען דִיא טוֹיטֶע וֶועלְכֶע
שְׁטַארְבֶּען אִים הַאר'ן. יָא זָאגְט דֶער גֵייסְט, אַז זֵייא זָאלֶען רוּהֶען פוּן זֵייעֶרֶע
אַרְבֵּייט; וָוארִין זֵייעֶרֶע וֶוערְק מִיט זֵייא פָאלְגֶען נָאךְ.
14 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּן זֶעה אַ וַוייסֶע וָואלְקֶען, אוּן אוֹיף דֶער וָואלְ־
קֶען אִיז אֵיינֶער גֶעזֶעסֶען גְלֵייךְ אַ בֶּן אָדָם, דֶער הָאט אַ גָאלְדֶענֶע קְרוֹין אוֹיף
זַיין קָאפּ גֶעהַאט, אוּן אִין זַיינֶער הַאנְד אַ שַׁארְפֶעס שְׁנֵיידְמֶעסֶער. 15 אוּן אֵיין
אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, אוּן עֶר הָאט מִיט אַ
הוֹיךְ קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען צוּ דֶעם וָואס אִיז אוֹיף דֶער וָואלְקֶען גֶעזֶעסֶען, שִׁיק
אַרוֹיס דַיין שְׁנֵיידְמֶעסֶער אוּן שְׁנֵייד, וָוארִין דִיא צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁנֵיידֶען,
וַוייל דֶער קָארְנְשְׁנִיט פוּן דֶער עֶרְד אִיז פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען. 16 אוּן דֶער וָואס
אִיז אוֹיף דֶער וָואלְקֶען גֶעזֶעסֶען הָאט זַיין שְׁנֵיידְמֶעסֶער אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט צוּ
דֶער עֶרְד, אוּן דִיא עֶרְד אִיז גֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען. 17 אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ
אִיז פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל וָואס אִיז אִים הִימֶעל אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, אוּן עֶר הָאט
אוֹיךְ אַ שַׁארְפֶעס שְׁנֵיידְמֶעסֶער גֶעהַאט. 18 אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז פוּן
דֶעם מִזְבֵּחַ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, וֶועלְכֶער הָאט מַאכְט גֶעהַאט אִיבֶּער דֶעם פֵייעֶר,
אוּן עֶר הָאט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶערוּפֶען צוּ דֶעם וָואס הָאט דָאס שַׁארְפֶע
שְׁנֵיידְמֶעסֶער, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיק אַרוֹיס דַיין שַׁארְפֶעס שְׁנֵיידְמֶעסֶער אוּן
שְׁנֵייד דִיא וַויינְטְרוֹיבֶּען פוּן דֶעם וַויינְשְׁטָאק פוּן דֶער עֶרְד, וַוייל אִיהְרֶע וַויינְ־
טְרוֹיבֶּען זֶענֶען צֵייטִיג. 19 אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט זַיין שְׁנֵיידְמֶעסֶער גֶעוָוארְפֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן הָאט גֶעשְׁנִיטֶען דֶעם וַויינְשְׁטָאק פוּן דֶער עֶרְד, אוּן הַאט
אִיהְם גֶעוָוארְפֶען אִין דִיא גְרוֹיסֶע קֶעלְטֶער פוּן דֶעם צָארְן פוּן גָאט. 20 אוּן
דִיא קֶעלְטֶער אִיז גֶעטְרֶעטֶען גֶעוָוארֶען אוֹיסֶער דֶער שְׁטָאדְט, אוּן בְּלוּט אִיז פוּן
דֶער קֶעלְטֶער אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דִיא צוֹימֶען פוּן דִיא פֶערְד, אַזוֹי וַוייט
וִויא טוֹיזֶענְד אוּן זֶעקְס הוּנְדֶערְט אַקֶערְפֶעלְד.

# טו

1 אוּן אִיךְ הָאבּ אֵיין אַנְדֶערֶעס צֵייכֶען אִים הִימֶעל גֶעזֶעהֶען, גְרוֹיס אוּן
וְואוּנְדֶערְלִיךְ, זִיבֶּען מַלְאָכִים וֶועלְכֶע הָאבֶּען דִיא זִיבֶּען לֶעצְטֶע פְּלָאגֶען גֶעהַאט,
וַוייל דְרִינֶען אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען דֶער צָארְן פוּן גָאט. 2 אוּן אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען אַזוֹי וִויא אַ גְלֶעזֶערְנֶען יַם מִיט פֵייעֶר גֶעמִישְׁט, אוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט קֶעגֶען דֶער חַיָה אוּן אִיהְר בִּילְד אוּן דֶער צָאהְל פוּן
אִיהְר נָאמֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם גְלֶעזֶערְנֶען יַם, אוּן זֵייא
הָאבֶּען הַארְפֶען פוּן גָאט גֶעהַאט. 3 אוּן זֵייא זִינְגֶען דָאס לִיד פוּן מֹשֶׁה דֶעם
קְנֶעכְט פוּן גָאט, אוּן דָאס לִיד פוּן דֶעם לַאם, אוּן זָאגֶען,

גְרוֹיס אוּן וְואוּנְדֶערְלִיךְ זֶענֶען דַיינֶע וֶוערְק, אָ הַאר גָאט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער,
גֶערֶעכְט אוּן וָואהְרְהַאפְטִיג זֶענֶען דַיינֶע וֶועגֶע, קֶענִיג פוּן דִיא פֶעלְקֶער.

4 װֶער װֶעט זִיךְ נִיט פָאַרְכְטֶען פַאר דִיר, אָ הַאר, אוּן װֶעט נִיט
כָּבוֹד גֶעבֶּען צוּ דַיין נָאמֶען? װָארִין דוּא אַלֵיין בִּיסְט הֵיילִיג;
װַייל אַלֶע פֶעלְקֶער װֶעלֶען קוּמֶען אוּן װֶעלֶען זִיךְ פָאר דִיר בִּיקֶען,
װַייל דַיינֶע גֶערֶעכְטֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען.
5 אוּן דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּן דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן
דֶעם עֵדוּת אִים הִימֶעל אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, 6 אוּן עֶס זֶענֶען אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים װָאס הָאבֶּען דִיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען
גֶעהַאט, אָנְגֶעקְלֵייד אִין רֵיינֶער אוּן פֵיינֶער לֵיינֶעוַואנְד, אוּן אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט
מִיט גָאלְדֶענֶע גַארְטְלֶען אַרוּם דִיא בְּרוּסְטֶען. 7 אוּן אֵיינֶע פוּן דִיא פִיעֶר חַיּוֹת
הָאט צוּ דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע שָׁאלֶען גֶעגֶעבֶּען, װָאס זֶענֶען
פוֹל מִיט דֶעם צָארְן פוּן גָאט דֶער לֶעבְּט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט. 8 אוּן
דֶער טֶעמְפֶּעל אִיז מִיט רוֹיךְ אָנְגֶעפִילְט גֶעוָוארֶען פוּן װֶעגֶען דֶער הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן גָאט אוּן פוּן װֶעגֶען זַיינֶער קְרַאפְט, אוּן קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקֶענְט אִים
טֶעמְפֶּעל אַרֵיינְגֶעהֶען, בִּיז דִיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען פוּן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים הָאבֶּען
זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט.

טז 1 אוּן אִיךְ הָאבּ אַ הוֹיךְ קוֹל פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל גֶעהֶערְט, װָאס הָאט צוּ
דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּן גִיסְט אוֹיס דִיא זִיבֶּען שָׁאלֶען פוּן דֶעם
צָארְן פוּן גָאט אוֹיף דֶער עֶרְד.
2 אוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זַיין שָׁאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד; אוּן עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ שְׁלֶעכְטֶע אוּן שְׁמֶערְצְלִיכֶע װוּנְדֶען
אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען װָאס הָאבֶּען דָאס צֵייכֶען פוּן דֶער חַיָּה גֶעהַאט, אוּן װָאס
בִּיקֶען זִיךְ צוּ אִיהְר בִּילְד.
3 אוּן דֶער אַנְדֶערֶער הָאט זַיין שָׁאל אִים יַם אוֹיסְגֶעגָאסֶען, אוּן עֶס אִיז בְּלוּט
גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ װִיא פוּן אַ טוֹיטֶען, אוּן יֶעדֶע נְשָׁמָה פוּן לֶעבֶּען װָאס אִיז אִים
יַם גֶעוֶוען אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען.
4 אוּן דֶער דְרִיטֶער הָאט זַיין שָׁאל אִין דִיא שְׁטְרוֹימֶען אוּן דִיא קְװֶעלֶען פוּן
װַאסֶער אוֹיסְגֶעגָאסֶען, אוּן זֵייא זֶענֶען בְּלוּט גֶעוָוארֶען;
5 אוּן אִיךְ הָאבּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דִיא װַאסֶער גֶעהֶערְט זָאגֶען, גֶערֶעכְט בִּיסְט
דוּא, דֶער דוּא בִּיסְט אוּן בִּיסְט גֶעוֶוען, דֶער הֵיילִיגֶער, װַייל דוּא הָאסְט דִיזֶע
גֶעמִשְׁפָּט; 6 װַייל זֵייא הָאבֶּען דָאס בְּלוּט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּן דִיא נְבִיאִים
פֶערְגָאסֶען, אוּן דוּא הָאסְט צוּ זֵייא בְּלוּט צוּ טְרִינְקֶען גֶעגֶעבֶּען; זֵייא זֶענֶען
עֶס װֶערְט. 7 אוּן אִיךְ הָאבּ דֶעם מִזְבֵּחַ גֶעהֶערְט זָאגֶען יָא, הַאר גָאט דֶער
אַלְמֶעכְטִיגֶער, װָאהְרְהַאפְטִיג אוּן גֶערֶעכְט זֶענֶען דַיינֶע מִשְׁפָּטִים.
8 אוּן דֶער פִיעֶרְטֶער הָאט זַיין שָׁאל אוֹיף דֶער זוּן אוֹיסְגֶעגָאסֶען; אוּן כֹּחַ עֶן
הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל דִיא מֶענְשֶׁען הֵייצֶען מִיט פַייעֶר. 9 אוּן דִיא
מֶענְשֶׁען זֶענֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶע הִיץ גֶעהֵייצְט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵייא הָאבֶּען דֶעם
נָאמֶען פוּן גָאט גֶעלֶעסְטֶערְט, דֶער הָאט מַאכְט אִיבֶּער דִיזֶע פְּלָאגֶען, אוּן זֵייא
הָאבֶּען נִיט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן אִיהְם לוֹיבּ אָפְּצוּגֶעבֶּען.

10 און דֶער פִינְפְטֶער הָאט זַיין שָׁאל אויף דֶעם שְׁטוּהְל פון דֶער חַיָה
אויסְגֶעגָאסֶען; און אִיהְר קֶענִיגְרַייךְ אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען, און זַייא הָאבֶּען
זַייעֶרֶע צוּנְגֶען פַאר פַּיין גֶעבִּיסֶען, 11 און הָאבֶּען דֶעם גָאט פון דֶעם הִימֶעל
גֶעלֶעסְטֶערְט פון וֶועגֶען זַייעֶרֶע פַּיין און פון וֶועגֶען זַייעֶרֶע וְואוּנְדֶען, און זַייא
הָאבֶּען נִיט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן פון זַייעֶרֶע וֶוערְק.

12 און דֶער זֶעקְסְטֶער הָאט זַיין שָׁאל אויף דֶעם גְרויסֶען שְׁטְרוֹים פְּרָת אויסְ־
גֶעגָאסֶען; און זַיין וַואסֶער אִיז פֶערְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי דֶער וֶועג פון דִיא
מְלָכִים דִיא זֶענֶען פון מִזְרַח זָאל אָנְגֶעבְּרַייט וֶוערֶען.

13 און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַרויסְקוּמֶען פון דֶעם מוֹיל פון דֶער דְרַאכֶעשְׁלַאנְג
און פון דֶעם מוֹיל פון דֶער חַיָה און פון דֶעם מוֹיל פון דֶעם פַאלְשֶׁען נָבִיא
דְרַייא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער גְלֵייךְ וִויא פְרֶעשׁ; 14 וָוארִין זַייא זֶענֶען גֵייסְטֶער פון
שֵׁדִים וָואס צֵייכֶען טְהוּן, און וֶועלְכֶע גֶעהֶען אַרויס צוּ דִיא מְלָכִים פון דִיא
גַאנְצֶע וֶועלְט, כְּדֵי זַייא אֵיינְצוּזַאמְלֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה פון דֶעם גְרויסֶען טָאג
פון גָאט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען. 15 זֶעה, אִיךְ קוּם אַזוֹי וִויא אַ גַנָב; גֶעבֶּענְשְׁט אִיז
דֶער וָואס וַואכְט און הִיט זַיינֶע קְלֵיידֶער, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט נַאקֶעט אַרוּמְגֶע־
הֶען, און מֶען זָאל נִיט זַיינֶע שַׁאנְד זֶעהֶען. 16 און זַייא הָאבֶּען זַייא אֵיינְגֶעזַא־
מֶעלְט אויף דֶעם אָרְט, וָואס הֵייסְט אויף הֶעבְּרֶעאִישׁ הַר מְגִדוֹן.

17 און דֶער זִיבֶּענְטֶער הָאט זַיין שָׁאל אויף דֶער לוּפְט אויסְגֶעגָאסֶען; און אַ
גְרויס קוֹל אִיז פון דֶעם שְׁטוּהְל אַרויסְגֶעקוּמֶען אויס דֶעם טֶעמְפֶּעל און הָאט
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. 18 און עֶס זֶענֶען גֶעוָוארֶען בְּלִיצֶען און קוֹלוֹת און
דוּנֶער, און עֶס אִיז אַ גְרויס עֶרְדְצִיטֶערְנִיס גֶעשֶׁעהֶען, וָואס אִיז נִיט אַזוֹי
גֶעוֶועזֶען זִינְט דִיא מֶענְשֶׁען זֶענֶען אויף דֶער עֶרְד גֶעוָוארֶען, אַ זֶעהְר גְרויס
עֶרְדְצִיטֶערְנִיס. 19 און דִיא גְרויסֶע שְׁטָאדְט אִיז אִין דְרַייא חֲלָקִים צוּטְהֵיילְט
גֶעוָוארֶען, און דִיא שְׁטֶעדְט פון דִיא גוֹיִם זֶענֶען גֶעפַאלֶען. און בָּבֶל דִיא
גְרויסֶע אִיז פָאר גָאט דֶערְמָאהְנְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיהְר צוּ גֶעבֶּען דֶעם בֶּעכֶער
פון דֶעם וַויין פון דֶעם גְרִים פון זַיין צָארְן. 20 און יֶעדֶע אִינְזֶעל אִיז אַנְטְלָא־
פֶען גֶעוָוארֶען, און דִיא בֶּערְג זֶענֶען נִיט גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען. 21 און אַ גְרויסֶער
הָאגֶעל, דְרִינֶען יֶעדֶער הָאגֶעלְשְׁטֵיין אִיז אַזוֹי וִויא אַ צֶענְטְנֶער שְׁוֶוער, אִיז פון
דֶעם הִימֶעל אַרוּפְגֶעקוּמֶען אויף דִיא מֶענְשֶׁען; און דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גָאט
גֶעלֶעסְטֶערְט פון וֶועגֶען דֶער פְּלָאג פון דֶעם הָאגֶעל, וָוארִין זַיינֶע פְּלָאג אִיז
זֶעהְר גְרויס גֶעוֶועזֶען.

יז 1 און אֵיינֶער פון דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען דִיא זִיבֶּען שָׁאלֶען גֶעהַאט
אִיז גֶעקוּמֶען און הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט און גֶעזָאגְט, קוּם אִיךְ וֶועל דִיר וַוייזֶען
דָאס מִשְׁפָּט פון דִיא גְרויסֶע זוֹנָה וֶועלְכֶע הָאט אויף פִילֶע וַואסֶער גֶעזֶעסֶען;
2 מִיט וֶועלְכֶער דִיא מְלָכִים פון דֶער עֶרְד זֶענֶען מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען, און דִיא וָואס
וְואוֹינֶען אויף דֶער עֶרְד הָאבֶּען זִיךְ בֶּעטְרוּנְקֶען מִיט דֶעם וַויין פון אִיהְרֶע
זְנוּת. 3 און עֶר הָאט מִיךְ אִים גֵייסְט אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט אִין דֶער מִדְבָּר; און אִיךְ
הָאבּ אַ פְרוֹיא גֶעזֶעהֶען זִיצֶען אויף אַ רוֹיטֶע חַיָה, וָואס אִיז פוּל מִיט נֶעמֶען

פוּן לֶעסְטֶערוּנְג, אוּן וָואס הָאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּן צֶעהְן הֶערְנֶער גֶעהַאט. 4 אוּן
דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעקְלֵייד גֶעוֶוען אִין פּוּרְפּוּר אוּן רוֹיטֶער זֵייד, אוּן בֶּעדֶעקְט מִיט
גָאלְד אוּן טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער אוּן פֶּערְלֶען, אוּן זִיא הָאט אִין אִיהְרֶע הַאנְד אַ
גָאלְדֶענֶעם בֶּעכֶער גֶעהַאט פוֹל מִיט גְרֵייעֶל אוּן מִיט דִיא אוּנְרֵיינִיגְקֵייטֶען פוּן
אִיהְרֶע זְנוּת. 5 אוּן אוֹיף אִיהְר שְׁטֶערְן אִיז אַ נָאמֶען גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען,
אַ סוֹד, בָּבֶל דִיא גְרוֹסֶע, דִיא מוּטֶער פוּן דִיא הוּרֶען
אוּן פוּן דִיא גְרֵייעֶל פוּן דֶער עֶרְד. 6 אוּן אִיךְ הָאבּ דִיא פְרוֹיא
גֶעזֶעהֶען בֶּעטְרוּנְקֶען מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּן מִיט דֶעם בְּלוּט
פוּן דִיא עֵדוּת פוּן יֵשׁוּעַ. אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעזֶעהֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ
פֶערְוְואוּנְדֶערְט מִיט אַ גְרוֹיסֶען וְואוּנְדֶער. 7 אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
וָוארוּם הָאסְט דוּא דִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט? אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען דֶעם סוֹד פוּן
דֶער פְרוֹיא אוּן פוּן דֶער חַיָה וָואס טְרָאגְט זִיא, וָואס הָאט דִיא זִיבֶּען קֶעפּ
אוּן דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער. 8 דִיא חַיָה וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִיז גֶעוֶוען אוּן
אִיז נִיט, אוּן וֶועט אַרוֹיפְקוּמֶען פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד, אוּן גֶעהְט אַוֶועק צוּם
פֶערְדַארְבֶּען; אוּן דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד וֶועלֶען זִיךְ וְואוּנְדֶערְן, וָואס
זֵייעֶרֶע נֶעמֶען זֶענֶען נִיט אִים סֵפֶר הַחַיִים גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן דֶער
גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט, וֶוען זֵייא זֶעהֶען דִיא חַיָה, אַז זִיא אִיז גֶעוֶוען אוּן
אִיז נִיט אוּן וֶועט קוּמֶען.

9 דָא אִיז דֶער פֶערְשְׁטַאנְד וָואס הָאט חָכְמָה. דִיא זִיבֶּען קֶעפּ זֶענֶען זִיבֶּען
בֶּערְג, אוֹיף וֶועלְכֶע דִיא פְרוֹיא זִיצְט. 10 אוּן עֶס זֶענֶען זִיבֶּען מְלָכִים; דִיא
פִינְף זֶענֶען גֶעפַאלֶען, דֶער אֵיינֶער אִיז, דֶער אַנְדֶערֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען;
אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען מוּז עֶר אַבִּיסֶעל בְּלֵייבֶּען. 11 אוּן דִיא חַיָה וָואס אִיז
גֶעוֶוען אוּן אִיז נִיט, זִיא אִיז דִיא אַכְטֶע, אוּן אִיז פוּן דִיא זִיבֶּען, אוּן גֶעהְט
אַוֶועק צוּם פֶערְדַארְבֶּען. 12 אוּן דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען
זֶענֶען צֶעהְן מְלָכִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נָאךְ נִיט קֵיין קֶענִיגְרֵייךְ דֶערְהַאלְטֶען,
נֵייעֶרְט זֵייא דֶערְהַאלְטֶען מַאכְט אַלְס קֶענִיגֶע פַאר אַ שָׁעָה מִיט דֶער חַיָה.
13 אוּן דִיזֶע הָאבֶּען אֵיינֶע מֵיינוּנְג, אוּן זֵייא גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע קְרַאפְט אוּן זֵייעֶרֶע
מַאכְט צוּ דֶער חַיָה. 14 דִיזֶע וֶועלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דֶעם לַאם, אוּן
דָאס לַאם וֶועט זֵייא אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען, ווייל עֶר אִיז דֶער הַאר פוּן הַארֶען אוּן
דֶער קֶענִיג פוּן קֶענִיגֶע, אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם זֶענֶען בֶּערוּפֶען אוּן
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אוּן גֶעטְרֵייא.

15 אוּן עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא וַואסֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען, וְואוּ
דִיא זוֹנָה זִיצְט, זֶענֶען פֶעלְקֶער אוּן פֶערְזַאמְלוּנְגֶען אוּן גוֹיִם אוּן לְשׁוֹנוֹת.
16 אוּן דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אוּן דִיא חַיָה, דִיזֶע וֶועלֶען
דִיא זוֹנָה פֵיינְד הָאבֶּען, אוּן וֶועלֶען זִיא וִויסְט אוּן נַאקֶעט מַאכֶען, אוּן וֶועלֶען
אִיהְר פְלֵייש אוֹיפֶעסֶען, אוּן וֶועלֶען זִיא מִיט פֵייעֶר פֶערְבְּרֶענְגֶען. 17 וָוארִין
גָאט הָאט אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער גֶעגֶעבֶּען אַז זֵייא זָאלֶען זֵיין עֵצָה טְהוּן, אוּן
זֵייא זָאלֶען אֵיין עֵצָה דֶערְהַאלְטֶען, אוּן זָאלֶען זֵייעֶר קֶענִיגְרֵייךְ צוּ דֶער חַיָה

גֶעגֶעבֶּען בִּיז דיא וֶוערְטֶער פון גָאט וֶועלֶען דֶערפִילְט וֶוערֶען. 18 און דִיא
פְרויא וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִיז דִיא גְרויסֶע שְׁטָאדְט, וָואס הָאט אַ
קֶענִיגְרֵייךְ אִיבֶּער דִיא קֶענִיגֶע פון דֶער עֶרְד.

**יח** 1 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ אַרוּפְּקוּמֶען
פון דֶעם הִימֶעל, און עֶר הָאט גְרויסֶע מַאכְט גֶעהַאט, און דִיא עֶרְד אִיז פון
זֵיינֶער הֶערְלִיכְקֵייט דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען. 2 און עֶר הָאט מִיט אַ שְׁטַארְקֶען
קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט, גֶעפַאלֶען גֶעפַאלֶען אִיז בָּבֶל דִיא גְרויסֶע, און אִיז
אַ וְואוינוּנְג פון שֵׁדִים גֶעוָוארֶען, און אַ גֶעפֶענְגְנִיס פון יֶעדֶעס אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט,
און אַ גֶעפֶענְגְנִיס פון יֶעדֶעס אוּנְרֵיינֶען און פֶערְהַאסְטֶען פֵייגֶעל; 3 וֵוייל זִיא
הָאט אַלֶע גוֹיִם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען פון דֶעם וויין פון דֶעם צָארְן פון אִיהְרֶע
זְנוּת, און דִיא קֶענִיגֶע פון דֶער עֶרְד זֶענֶען מִיט אִיהְר מְזַנֶה גֶעוֶוען, און דִיא
סוֹחֲרִים פון דֶער עֶרְד זֶענֶען רֵייךְ גֶעוָוארֶען פון דֶער קְרַאפְט פון אִיהְרֶעם שְׁטָאלְץ.
4 און אִיךְ הָאבּ אֵיין אַנְדֶערֶעס קוֹל פון דֶעם הִימֶעל גֶעהֶערְט זָאגֶען, קוּמְט
אַרוֹיס פון אִיהְר, מֵיין פָאלְק, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין טְהֵייל הָאבֶּען מִיט
אִיהְרֶע זִינְד, און זָאלְט נִיט פון אִיהְרֶע פְּלָאגֶען בֶּעקוּמֶען. 5 וֵוייל אִיהְרֶע זִינְד
הָאבֶּען בִּיז צוּם הִימֶעל גֶערֵייכְט, און גָאט הָאט גֶעדַאכְט אָן אִיהְרֶע אוּנְגֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייטֶען. 6 פֶערְגֶעלְט אִיהְר אַזוֹי וִויא זִיא הָאט אוֹיךְ פֶערְגָאלְטֶען, און
בֶּעצָאהְלְט אִיהְר דָאפֶּעלְט נָאךְ אִיהְרֶע וֶוערְק; מִיט דֶעם בֶּעכֶער וָואס זִיא
הָאט גֶעמִישְׁט מִישְׁט אִיהְר אָן דָאפֶּעלְט. 7 אַזוֹי פִיל זִיא הָאט זִיךְ פֶערְ־
הֶערְלִיכְט און הָאט זִיךְ שְׁטָאלְץ בֶּעטְרָאגֶען, גִיבְּט אִיהְר פֵּיינִיגוּנְג און טְרוֹיעֶר.
וֵוייל זִיא זָאגְט אִין אִיהְר הַארְץ, אִיךְ זִיץ אַ מַלְכָּה און בִּין נִיט קֵיינֶע
אַלְמָנָה, און וֶועל נִיט קֵיין טְרוֹיעֶר זֶעהֶען; 8 דֶעסְטְוֶועגֶען וֶועלֶען אִיהְר
פְּלָאגֶען אִין אֵיין טָאג קוּמֶען, טוֹיט און טְרוֹיעֶר און הוּנְגֶער, און אִין פֵייעֶר
וֶועט זִיא גַאנְץ פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען; וָוארִין דֶער הַאר גָאט דֶער הָאט זִיא
גֶעמִשְׁפָּט אִיז מֶעכְטִיג.
9 און דִיא קֶענִיגֶע פון דֶער עֶרְד וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְר מְזַנֶה גֶעוֶוען
און הָאבֶּען זִיךְ שְׁטָאלְץ בֶּעטְרָאגֶען וֶועלֶען אִיבֶּער אִיהְר וֵויינֶען און קְלָאגֶען,
וֶוען זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם רוֹיךְ פון אִיהְרֶער פֶערְבְּרֶענוּנְג. 10 און זֵייא שְׁטֶע־
הֶען פון וֵוייטֶען וֶועגֶען דֶער פָארְכְט פון אִיהְרֶער פֵּיינִיגוּנְג און זָאגֶען, וֶועה וֶועה
דִיא גְרויסֶע שְׁטָאדְט, בָּבֶל דִיא שְׁטַארְקֶע שְׁטָאדְט, וָוארִין אִין אֵיינֶער שָׁעָה
אִיז דֵיין מִשְׁפָּט גֶעקוּמֶען. 11 און דִיא סוֹחֲרִים פון דֶער עֶרְד וֵויינֶען אִיבֶּער
אִיהְר און קְלָאגֶען, וֵוייל קֵיינֶער קוֹיפְט נִיט מֶעהְר דִיא סְחוֹרָה פון זֵייעֶרֶע
הַאנְדְלוּנְג, 12 סְחוֹרָה פון גָאלְד און זִילְבֶּער און טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער און
פֶּערְלֶען און פֵיינֶע לֵיינְוַואנְד און פּוּרְפּוּר און זֵייד און רוֹיטֶע זֵייד, און פון
אַלֶערְלֵייא טְהִינֶענְהָאלְץ, און אַלֶערְלֵייא כֵּלִים פון עֶלְפֶענְבֵּיין, און אַלֶערְלֵייא
כֵּלִים פון זֶעהְר טְהֵייעֶרֶעם הָאלְץ און פון קוּפֶּער און פון אֵייזֶען און פון
מַארְמֶעלְשְׁטֵיין, 13 און אוֹיךְ נִיט זֵייעֶר צִימְרִינְג און נְכֹאת און קְטוֹרֶת און
מֹר און וֵייהְרוֹיךְ און וויין און עֶהְל און זֶעמֶעלְמֶעהְל און וֵוייץ און בְּהֵמוֹת

אונ שאף, אונ סחורה פון פערד אונ וואגען אונ לייבער אונ אויך נשמות
פון מענשען. 14 אונ דאס אויפסט וואס דיין הארץ האט געגלוסט האט
זיך פון דיר אפגעטהון, אונ אלע פיינע שפייזען אונ לויטערע זאכען זענען
פון דיר פערלוירען געגאנגען, אונ דוא וועסט זייא קיינמאל ניט מעהר געפי־
נען. 15 דיא סוחרים פון דיזע זאכען, וועלכע זענען פון איהר רייך געווארען,
וועלען פון ווייטען שטעהען וועגען דער פארכט פון איהרער פייניגונג, אונ
וועלען וויינען אונ קלאגען, 16 אונ וועלען זאגען, וועה וועה, דיא גרויסע
שטאדט, וואס איז געקלייד געוועזען אין פיינער ליינוואנד אונ פורפור אונ
רויטער זייד, אונ איז בעדעקט געוועזען מיט גאלד אונ טהייערע שטיינער אונ
פערל, 17 ווארין אין איינער שעה איז אזעלכע רייכקייט פערוויסט געווארען.
אונ יעדער שיפמייסטער אונ יעדער וואס שיפט זיך צו א בעשטימטען ארט
אונ דיא מאטראזען אונ אלע וואס אים ים ארבייטען זענען פון ווייטען גע־
שטאנען, 18 אונ ווען זייא האבען געזעהען דעם רויך פון איהרער פערברענונג
האבען זייא געשריגען אונ געזאגט, וואספאר א שטאדט איז גלייך צו דיא
גרויסע שטאדט? 19 אונ זייא האבען שטויב אויף זייערע קעפ געווארפען, אונ
האבען געשריגען, אונ זייא וויינען אונ קלאגען אונ זאגען, וועה וועה, דיא
גרויסע שטאדט, דרינען אלע וואס האבען דיא שיפען אויף דעם ים געהאט
זענען רייך געווארען פון וועגען איהרע טהייערקייט, ווארין אין איינער שעה
איז זיא פערוויסט געווארען. 20 פרייע דיך איבער איהר, הימעל אונ איהר
הייליגע אונ איהר אפאסטעל אונ איהר נביאים; וייל גאט האט אייער משפט
איבער איהר געטהון.

21 אונ א שטארקער מלאך האט א שטיין אויפגעהויבען גלייך וויא א גרוי־
סען מיהלשטיין, אונ האט איהם אים ים אריינגעווארפען אונ געזאגט, אזוי
וועט בבל דיא גרויסע שטאדט מיט געוואלט אריינגעווארפען ווערען, אונ
וועט קיינמאל ניט מעהר געפינען ווערען. 22 אונ דאס קול פון הארפענ־
שפילער אונ זינגער אונ פייפער אונ הארנבלאזער וועט אין דיר קיינמאל ניט
מעהר געהערט ווערען, אונ קיין מייסטער פון אלערלייא קונסט יעט אין דיר
קיינמאל ניט מעהר געפינען ווערען, אונ דאס קול פון א מיהלשטיין וועט אין
דיר קיינמאל ניט מעהר געהערט ווערען, 23 אונ דאס ליכט פון א לאמפע וועט
זיך אין דיר קיינמאל ניט מעהר בעווייזען, אונ דאס קול פון א חתן אונ פון א
כלה וועט אין דיר קיינמאל ניט מעהר געהערט ווערען; ווייל דיינע סוחרים
זענען דיא פירשטען פון דער ערד געוועזען, ווארין דורך דיין כשוף זענען אלע
גוים פערפיהרט געווארען. 24 אונ אין איהר איז דאס בלוט פון נביאים אונ
הייליגע געפינען געווארען, אונ פון אלע וואס זענען אויף דער ערד געשאכ־
טען געווארען.

יט 1 נאך דיזע זאכען האב איך אזוי וויא א הויך קול פון א גרויסע פער־
זאמלונג אים הימעל געהערט זאגען,
הללויה; ישועה אונ הערליכקייט אונ קראפט געהערען צו אונזערעם גאט,

2 וָוארִין זַיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען וָואהְרְהַאפְּטִיג און גֶערֶעכְט; ווייל עֶר
הָאט דִיא גְרויסֶע זוֹנָה גֶעמִשְׁפָּט וָואס הָאט דִיא עֶרְד פֶערְדָארְבֶּען
מִיט אִיהְרֶער זְנוּת, און עֶר הָאט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶוען פַאר דֶעם בְּלוּט
פון זַיינֶע קְנֶעכְט פון אִיהְרֶע הַאנְד.

3 און זַייא הָאבֶּען נָאךְ אַמָאל גֶעזָאגְט, הַלְלוּיָה. און אִיהְר רויךְ גֶעהְט אויף
פון עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט. 4 און דִיא פִיעֶר און צְוַואנְצִיג זְקֵנִים און דִיא
פִיעֶר חַיוֹת זֶענֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, און הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ גָאט דֶער אִיז
אויף דֶעם שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען, און הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָמֵן, הַלְלוּיָה. 5 און אַ קוֹל
פון דֶעם שְׁטוּהְל אִיז אַרויסְגֶעקוּמֶען און הָאט גֶעזָאגְט,

לוֹיבְּט אוּנְזֶערֶעם גָאט, אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא וָואס פָארְכְטֶען זִיךְ
פַאר אִיהְם, דִיא קְלֵיינֶע און דִיא גְרויסֶע.

6 און אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַזוֹי וִויא אַ קוֹל פון פִיל לֵייט, און אַזוֹי וִויא אַ קוֹל
פון פִילֶע וַאסֶער, און אַזוֹי וִויא אַ קוֹל פון שְׁטַארְקֶע דוּנֶער, וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט,

הַלְלוּיָה; וָוארִין דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, הָאט
גֶעהֶערְשְׁט. 7 לָאזְט אוּנְז פְרֵייעֶן און פְרֶעהְלִיךְ זַיין, און גֶעבֶּען
אִיהְם דֶעם כָּבוֹד; ווייל דִיא חֲתוּנָה פון דֶעם לַאם אִיז גֶעקוּמֶען,
און זַיין ווייבּ הָאט זִיךְ פַארְטִיג גֶעמַאכְט.

8 און עֶס אִיז אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל גֶעקְלֵייד וֶוערֶען אִין פֵיינֶער און רֵיינֶער
לֵיינְוַואנְד; וָוארִין דִיא לֵיינְוַואנְד אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען פון דִיא הֵיילִיגֶע.

9 און עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס זֶענֶען
גֶערוּפֶען צוּ דֶער מָאהְלְצֵייט פון דֶער חֲתוּנָה פון דֶעם לַאם. און עֶר הָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיזֶע זֶענֶען דִיא וָואהְרְהַאפְּטִיגֶע וֶוערְטֶער פון גָאט. 10 און
אִיךְ בִּין פָאר זַיינֶע פִיס אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען מִיךְ צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען. און עֶר
הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט טְהוּן; אִיךְ בִּין אַ מִיטְקְנֶעכְט
מִיט דִיר און מִיט דֵיינֶע בְּרִידֶער וָואס הַאלְטֶען דָאס צֵייגְנִיס פון יֵשׁוּעַ; בִּיק
דִיךְ צוּ גָאט. וָוארִין דָאס צֵייגְנִיס פון יֵשׁוּעַ אִיז דֶער גֵייסְט פון דֶער נְבוּאָה.

11 און אִיךְ הָאבּ דֶעם הִימֶעל גֶעזֶעהֶען אויפְגֶעמַאכְט, און זֶעה אַ ווייס פֶערְד,
און דֶער וֶועלְכֶער אִיז אויף אִיהְם גֶעזֶעסֶען הָאט גֶעהֵייסֶען גֶעטְרֵייעֶר און
וָואהְרְהַאפְּטִיגֶער, און אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט רִיכְטֶעט עֶר און הַאלְט מִלְחָמָה.
12 און זַיינֶע אויגֶען זֶענֶען וִויא אַ פְלַאם פון פֵייעֶר גֶעוֶוען, און אויף זַיין קָאפּ
זֶענֶען פִילֶע קְרוֹינֶען, און עֶר הָאט אַ נָאמֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, וָואס קֵיינֶער הָאט נִיט
גֶעוְואוּסְט נוּר עֶר אַלֵיין; 13 און עֶר אִיז גֶעקְלֵייד גֶעוֶוען אִין אַ קְלֵייד אֵיינְ־
גֶעטוּנְקֶען אִין בְּלוּט, און זַיין נָאמֶען אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען, דָאס וָוארְט פון
גָאט. 14 און דִיא הֶערְשַׁארֶען וָואס זֶענֶען אִים הִימֶעל זֶענֶען אִיהְם אויף
ווייסֶע פֶערְד נָאכְגֶעגַאנְגֶען, און זַייא זֶענֶען אִין ווייסֶער און רֵיינֶער לֵיינְוַואנְד
גֶעקְלֵייד גֶעוֶוען. 15 און פון זַיין מוֹיל אִיז אַ שַׁארְפֶעס שְׁוֶוערְט אַרויסְגֶעגַאנְ־
גֶען, כְּדֵי עֶר זָאל דֶערְמִיט דִיא גוֹיִם שְׁלָאגֶען; און עֶר וֶועט אִיבֶּער זַייא הֶערְ־
שֶׁען מִיט אֵייזֶערְנֶע רוּט; און עֶר טְרֶעט אַלֵיין דִיא וויינְקֶעלְטֶער פון

דֶעם גְרִים פוּן דֶעם צָארְן פוּן גָאט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען. 16 און עֶר הָאט אוֹיף
זַיין קְלֵייד און אוֹיף זַיינֶע דִיעֶךְ אַ נָאמֶען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, קֶענִיג פוּן קֶע־
נִיגֶע און הַאר פוּן הַארֶען.
17 און אִיךְ הָאבּ אַ מַלְאָךְ גֶעזֶעהֶען שְׁטֶעהֶען אִין דֶער זוּן, און עֶר הָאט מִיט
אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט צוּ אַלֶע פֵייגֶעל וָואס פְלִיהֶען אַרוּם אִין
מִיטֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, קוּמְט זַאמֶעלְט אֵייךְ אֵיין צוּ דִיא גְרוֹיסֶע סְעוּדָה פוּן
גָאט; 18 כְּדֵי אִיהְר זָאלְט דָאס פְלֵיישׁ פוּן קֶענִיגֶע פְרֶעסֶען, און דָאס פְלֵיישׁ פוּן
הוֹיפְּטְמֶענֶער און דָאס פְלֵיישׁ פוּן גִבּוֹרִים און דָאס פְלֵיישׁ פוּן פֶערְד און פוּן
דִיא וָואס זֶענֶען דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען, און דָאס פְלֵיישׁ פוּן אַלֶע פְרֵייעֶ און קְנֶעכְט
פוּן קְלֵיינֶע און גְרוֹיסֶע.
19 און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא חַיָה און דִיא מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד און זֵייעֶרֶע
הֶערְשַׁארֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט דֶעם וֶועלְכֶער אִיז אוֹיף
דֶעם פֶערְד גֶעזֶעסֶען, און מִיט זֵיינֶער הֶערְשַׁאר. 20 און דִיא חַיָה אִיז גֶעפַאנְגֶען
גֶעוָוארֶען, און מִיט אִיהְר דֶער פַאלְשֶׁע נָבִיא וָואס הָאט דִיא צֵייכֶען פָאר אִיהְר
גֶעטְהוּן, מִיט וֶועלְכֶע עֶר הָאט פֶערְפִיהְרְט דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס צֵייכֶען פוּן
דֶער חַיָה אָנְגֶענוּמֶען, און וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְר בִּילְד גֶעבִּיקְט; דִיא בֵּיידֶע
זֶענֶען לֶעבֶּעדִיג אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר וָואס בְּרֶענְט מִיט שְׁוֶועבֶּעל אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען. 21 און דִיא אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט וָואס
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם מוֹיל פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם פֶערְד,
און אַלֶע פֵייגֶעל זֶענֶען פוּן זֵייעֶר פְלֵיישׁ זַאט גֶעוָוארֶען.
כ 1 און אִיךְ הָאבּ אַ מַלְאָךְ גֶעזֶעהֶען אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט
דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד גֶעהַאט און אַ גְרוֹיסֶע קֶעט אִין זֵיינֶע הַאנְד.
2 און עֶר הָאט דִיא דְרַאבֶּעשְׁלַאנְג גֶענוּמֶען, דִיא אַלְטֶע שְׁלַאנְג, וָואס אִיז דֶער
טֵייפֶעל און דֶער שָׂטָן, און עֶר הָאט זִיא גֶעבּוּנְדֶען טוֹיזֶענְד יָאהְר. 3 און עֶר
הָאט זִיא אִים אָפְּגְרוּנְד אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, און הָאט אִיבֶּער זִיא פֶערְשְׁלָאסֶען און
אַ זִיגֶעל גֶעלֶעגְט, כְּדֵי זִיא זָאל נִיט מֶעהְר דִיא גוֹיִם פֶערְפִיהְרֶען בִּיז דִיא
טוֹיזֶענְד יָאהְר וֶועלֶען גֶעעֶנְדִיגְט וֶוערֶען; דֶערְנָאךְ מוּז זִיא אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען וֶוערֶען
פַאר אַ קְלֵיינֶע צֵייט.
4 און אִיךְ הָאבּ שְׁטוּהְלֶען גֶעזֶעהֶען און זֵייא זֶענֶען אוֹיף זֵייא גֶעזֶעסֶען, און
דָאס מִשְׁפָּט אִיז זֵייא גֶעגֶעבֶּען. און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא נְשָׁמוֹת פוּן דִיא
וָואס זֶענֶען גֶעקֶעפְּט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֶעם צֵייגְנִיס פוּן יֵשׁוּעַ און וֶועגֶען דֶעם
וָוארְט פוּן גָאט, און וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט צוּ דֶער חַיָה גֶעבִּיקְט און נִיט צוּ
אִיהְר בִּילְד, און וָואס הָאבֶּען נִיט דָאס צֵייכֶען אָנְגֶענוּמֶען אוֹיף זֵייעֶר שְׁטֶערְן
און אוֹיף זֵייעֶרֶע הַאנְד. און זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט, און הָאבֶּען מִיט דֶעם מָשִׁיחַ
גֶעהֶערְשְׁט טוֹיזֶענְד יָאהְר. 5 דִיא אִיבְּרִיגֶע טוֹיטֶע הָאבֶּען נִיט גֶעלֶעבְּט בִּיז
דִיא טוֹיזֶענְד יָאהְר זֶענֶען גֶעעֶנְדִיגְט. דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג.
6 גֶעבֶּענְשְׁט און הֵיילִיג אִיז דֶער וֶועלְכֶער הָאט אַ טְהֵייל אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע
אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג; אִיבֶּער דִיזֶע הָאט דֶער צְוֵוייטֶע טוֹיט נִיט קֵיינֶע מַאכְט, נֵייעֶרְט

זַייא װֶעלֶען כֹּהֲנִים פוּן גָאט אוּן פוּן דֶעם מָשִׁיחַ זַיין, אוּן זַייא װֶעלֶען מִיט
אִיהְם הֶערְשֶׁען דִיא טױזֶענְד יָאהְר.

7 אוּן װֶען דִיא טױזֶענְד יָאהְר זֶענֶען גֶעעֶנְדִיגְט װֶעט דֶער שָׂטָן פוּן זַיין גֶעפֶּענְגְ־
נִיס פְּרַייא גֶעמַאכְט. 8 אוּן עֶר װֶעט אַרױסְגֶעהֶען צוּ פֶערְפִיהְרֶען דִיא גוֹיִם װָאס
זֶענֶען אִין דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, גוֹג וּמָגוֹג, זַייא אֵיינְצוּזַאמְלֶען צוּ
דֶער מִלְחָמָה, װָאס זַייעֶרֶע צָאהְל אִיז אַזױ װִיא דֶער זַאנְד פוּן דֶעם יַם. 9 אוּן
זַייא זֶענֶען אױפְגֶעגַאנְגֶען אױף דֶער בְּרֵייט פוּן דֶער עֶרְד, אוּן הָאבֶּען דִיא
מַחֲנֶה פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּן דִיא גֶעלִיבְּטֶע שְׁטָאדְט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט; אוּן עֶס
אִיז פֵייעֶר אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּן הָאט זַייא פֶערְבְּרֶענְט. 10 אוּן
דֶער שָׂטָן װָאס הָאט זַייא פֶערְפִיהְרְט אִיז אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר אוּן שְׁװֶעבֶּעל
אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען גֶעװָארֶען, װִוא דִיא חַיָה אוּן דֶער פַאלְשֶׁע נָבִיא זֶענֶען, אוּן
זַייא װֶעלֶען טָאג אוּן נַאכְט גֶעפֵּיינִיגְט װֶערֶען פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט.

11 אוּן אִיךְ הָאבּ אַ גְרױסֶען װַייסֶען שְׁטוּהְל גֶעזֶעהֶען, אוּן דֶעם װֶעלְכֶער אִיז
דְרױף גֶעזֶעסֶען, אוּן פוּן זַיין פָּנִים זֶענֶען דֶער הִימֶעל אוּן דִיא עֶרְד אַנְטְלָאפֶען,
אוּן עֶס אִיז פַאר זַייא נִיט קֵיין אָרְט גֶעפִינֶען גֶעװָארֶען. 12 אוּן אִיךְ הָאבּ דִיא
טױטֶע גֶעזֶעהֶען, דִיא גְרױסֶע אוּן דִיא קְלֵיינֶע, שְׁטֶעהֶען פָאר דֶעם שְׁטוּהְל; אוּן
דִיא בִּיכֶער זֶענֶען אױפְגֶעמַאכְט גֶעװָארֶען. אוּן אֵיין אַנְדֶערֶעס בּוּךְ אִיז אױפְגֶע־
מַאכְט גֶעװָארֶען, דָאס אִיז דָאס סֵפֶר הַחַיִים; אוּן דִיא טױטֶע זֶענֶען נָאךְ זַייעֶרֶע
מַעֲשִׂים גֶעמִשְׁפָּט גֶעװָארֶען אױס דִיא זַאכֶען װָאס זֶענֶען אִין דִיא בִּיכֶער
גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעװָארֶען. 13 אוּן דֶער יַם הָאט דִיא טױטֶע װָאס זֶענֶען אִין אִיהְם
אַרױסְגֶעגֶעבֶּען, אוּן דֶער טױט אוּן דֶער שְׁאוֹל הָאבֶּען דִיא טױטֶע װָאס זֶענֶען
אִין זַייא אַרױסְגֶעגֶעבֶּען, אוּן אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ אִיז נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים גֶעמִשְׁפָּט
גֶעװָארֶען. 14 אוּן דֶער טױט אוּן דֶער שְׁאוֹל זֶענֶען אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר אַרֵיינְ־
גֶעװָארְפֶען גֶעװָארֶען. דָאס אִיז דֶער צְװֵייטֶע טױט, דֶער טֵייךְ פוּן פֵייעֶר. 15 אוּן
װֶען אֵיימִיצֶער אִיז נִיט גֶעפִינֶען גֶעװֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִים סֵפֶר הַחַיִים, אִיז
עֶר אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען גֶעװָארֶען.

כא 1 אוּן אִיךְ הָאבּ אַ נַייעֶן הִימֶעל אוּן אַ נַייעֶ עֶרְד גֶעזֶעהֶען; װָארִין דֶער
עֶרְשְׁטֶע הִימֶעל אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע עֶרְד זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען, אוּן דֶער יַם אִיז נִיט
מֶעהְר פַארְהַאנֶען. 2 אוּן אִיךְ הָאבּ דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט גֶעזֶעהֶען דָאס נַייעֶ
יְרוּשָׁלַיִם אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל פוּן גָאט, אָנְגֶעבְּרֵייט גְלֵייךְ װִיא אַ כַּלָה
װֶעלְכֶע אִיז פַאר אִיהְר מַאן גֶעצִירְט. 3 אוּן אִיךְ הָאבּ אַ הױךְ קוֹל פוּן דֶעם
שְׁטוּהְל גֶעהֶערְט זָאגֶען, זֶעה דָאס מִשְׁכָּן פוּן גָאט אִיז מִיט מֶענְשֶׁען, אוּן עֶר
װֶעט מִיט זַייא װְאוֹינֶען, אוּן זַייא װֶעלֶען זַיין פָאלְק זַיין, אוּן גָאט אַלֵיין װֶעט
מִיט זַייא זַיין, אוּן װֶעט זַיין זַייעֶר גָאט. 4 אוּן עֶר װֶעט אַלֶע טְרֶערֶען אָפְּװִישֶׁען
פוּן זַייעֶרֶע אױגֶען, אוּן עֶס װֶעט נִיט מֶעהְר זַיין קֵיין טױט אוּן אױךְ קֵיינֶע
קְלָאג אוּן אױךְ קֵיין גֶעשְׁרַייא אוּן אױךְ קֵיינֶע פֵּיין; װָארִין דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען
זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען. 5 אוּן דֶער װֶעלְכֶער אִיז אױף דֶעם שְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען
הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה אִיךְ מַאךְ אַלֶע זַאכֶען נַייא. אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט,

שרייב, ווייל דיזע ווערטער זענען געטריי און וואהרהאפטיג. 6 און ער האט
צו מיר געזאגט, זיי זענען געשעהען. איך בין די א׳ און די ת׳, דער אנהייב
און דאס ענד. צו דעם וואס איז דורשטיג וועל איך געבען פון דער קוועלע
פון דעם וואסער פון לעבען אומזונסט. 7 דער וואס איבערוועלטיגט וועט
דיזע זאכען ירשענען, און איך וועל זיין גאט זיין, און ער וועט זיין מיין זוהן.
8 אבער די פארכטזאמע און אונגלויביגע און אונווירדיגע און מערדער און
נואפים און צויבערער און געצענדינער און אלע ליגנער וועלען זייער טהייל
האבען אים טייך וואס ברענט מיט פייער און שוועבעל, וואס איז דער צווייטע
טויט.

9 און איינער פון די זיבען מלאכים, וועלכע האבען די זיבען שאלען
געהאט וואס זענען אנגעפילט מיט די זיבען לעצטע פלאגען, איז געקומען,
און האט מיט מיר גערעדט און געזאגט, קום איך וועל דיר ווייזען די כלה,
דאס ווייב פון דעם לאם. 10 און ער האט מיך אים גייסט אוועקגעפיהרט צו
א גרויסען און הויכען בארג, און האט מיר די גרויסע שטאדט, דאס היילגע
ירושלים געוויזען ארופקומען פון גאט פון דעם הימעל. 11 און זיא האט די
הערליכקייט פון גאט געהאט; איהר ליכט איז גלייך געוועזען צו א זעהר
טהייערען שטיין, אזוי וויא א ישפים שטיין, לויטער וויא קריסטאל. 12 און
זיא האט א גרויסע און הויכע מויער געהאט מיט צוועלף טויערען, און
איבער די טויערען זענען צוועלף מלאכים געוועזען, און נעמען געשריבען, וואס
זענען די נעמען פון די צוועלף שבטים פון ישראל. 13 פון מזרח דריי
טויערען, און פון צפון דריי טויערען, און פון דרום דריי טויערען, און פון
מערב דריי טויערען. 14 און די מויער פון דער שטאדט האט צוועלף
גרונדשטיינער געהאט, און איבער זיי די צוועלף נעמען פון די צוועלף
אפאסטעל פון דעם לאם.

15 און דער וואס האט מיט מיר גערעדט האט א גאלדענעם ראהר פאר א
מאס געהאט כדי ער זאל מעסטען די שטאדט און איהרע טויערען און
איהרע מויער. 16 און די שטאדט איז פיער עקעדיג, און איהר לענג איז אזוי
גרויס וויא איהר ברייט. און ער האט די שטאדט געמאסטען מיט דעם
ראהר ביז צו צוועלף טויזענד אקער; איהר לענג און איהר ברייט און איהר
הויך זענען גלייך געוועזען. 17 און ער האט איהרע מויער געמאסטען אויף
הונדערט און פיער און פיערציג איילען, דאס מאס פון א מענשען, דאס איז פון
א מלאך. 18 און דאס בויאווערק פון איהרער מויער איז ישפים געוועזען, און
די שטאדט איז ריינעם גאלד, גלייך וויא קלאר גלאז. 19 די גרונדשטיינער
פון דער מויער פון דער שטאדט זענען מיט אלערליי טהייערע שטיינער
געצירט געוועזען; דער ערשטע גרונדשטיין איז ישפים געוועזען, דער צווייטע
סאפיר, דער דריטע כאלצידון, דער פיערטע סמאראגד, 20 דער פינפטע
סארדאניקס, דער זעקסטע סארדיאס, דער זיבענטע כריזאליט, דער אכטע
א פערל, דער ניינטע א טאפאז, דער צעהנטע כריסאפראס, דער עלפטע

הִיאַצִינְט, דֶער צְוֶועלְפְטֶע אַמֶעטְהִיסְט. [21] און דִיא צְוֶועלְף טוֹיעֶרֶען זֶענֶען
צְוֶועלְף פֶּערְלֶען גֶעוֶועזֶען; יֶעדֶע טוֹיעֶר אִיז פוּן אֵיין פֶּערְל גֶעוֶועזֶען. און דִיא
גַאס פוּן דֶער שְׁטָאדְט אִיז רֵיינֶעס גָאלְד גֶעוֶועזֶען, גְלֵייךְ וִויא שַׁיינֶענְדִיגֶעס גְלָאז.
[22] און אִיךְ הָאבּ דְרִינֶען קֵיין טֶעמְפֶּעל גֶעזֶעהֶען; וָוארִין דֶער הַאר גָאט דֶער
אַלְמֶעכְטִיגֶער און דָאס לַאם זֶענֶען אִיהְר טֶעמְפֶּעל. [23] און דִיא שְׁטָאדְט הָאט
נִיט בֶּעדַארְפְט דִיא זוּן און אוֹיךְ נִיט דִיא לְבָנָה, אַז זֵייא זָאלֶען פַאר אִיהְר
שַׁיינֶען; וָוארִין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט זִיא בֶּעלֵייכְטֶעט, און דָאס לַאם
אִיז אִיהְרֶע לַאמְפֶּע. [24] און דִיא גוֹיִם וֶועלֶען בֵּייא אִיהְרֶעם לִיכְט אַרוּמְגֶעהֶען,
און דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד בְּרֶענְגֶען צוּ אִיהְר זֵייעֶרֶע הֶערְלִיכְקֵייט. [25] און
אִיהְרֶע טוֹיעֶרֶען וֶועלֶען נִיט בֵּייא טָאג פֶערְשְׁלָאסֶען וֶוערֶען, וָוארִין עֶס וֶועט
נִיט זַיין דָארְט קֵיינֶע נַאכְט. [26] און זֵייא וֶועלֶען צוּ אִיהְר דִיא הֶערְלִיכְקֵייט און
דֶעם כָּבוֹד פוּן דִיא גוֹיִם בְּרֶענְגֶען. [27] און עֶס וֶועט אִין אִיהְר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען
קֵיינֶע אוּנְרֵיינֶע זַאכֶען, און נִיט דֶער וָואס טְהוּט אוּנְוִוירְדִיגְקֵייטֶען און זָאגְט
לִיגֶען, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען אִים סֵפֶר הַחַיִים פוּן דֶעם לַאם גֶעשְׁרִיבֶּען.
כב [1] און עֶר הָאט מִיר גֶעווִיזֶען אַ שְׁטְרוֹים פוּן וַואסֶער פוּן לֶעבֶּען, לוֹיטֶער
וִויא קְרִיסְטָאל, וָואס אִיז פוּן דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט און פוּן דֶעם לַאם אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען. [2] אִין מִיטֶען פוּן זֵיינֶע גַאס און פוּן בֵּיידֶע זֵייטֶען פוּן דֶעם שְׁטְרוֹים,
אִיז אַ בּוֹים פוּן לֶעבֶּען גֶעוֶועזֶען, וָואס הָאט צְוֶועלְף פֵּירוֹת גֶעהַאט, און הָאט
זֵיינֶע פֵּירוֹת גֶעגֶעבֶּען יֶעדֶען חוֹדֶשׁ, און דִיא בְּלֶעטֶער פוּן דֶעם בּוֹים זֶענֶען
פַאר דִיא רְפוּאָה פוּן דִיא גוֹיִם גֶעוֶועזֶען. [3] און עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר קֵיין חֵרֶם
זַיין. און דְרִינֶען וֶועט זַיין דֶער שְׁטוּהְל פוּן גָאט און פוּן דֶעם לַאם, און זֵיינֶע
קְנֶעכְט וֶועלֶען אִיהְם בֶּעדִינֶען, [4] און זֵייא וֶועלֶען זַיין פָּנִים זֶעהֶען, און זַיין
נָאמֶען וֶועט אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטֶערֶען זַיין. [5] און עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר קֵיינֶע
נַאכְט זַיין, און זֵייא בֶּעדַארְפֶען נִיט קֵיין לִיכְט פוּן אַ לַאמְפֶּע און נִיט קֵיין לִיכְט
פוּן דֶער זוּן, וָוארִין דֶער הַאר גָאט וֶועט אִיבֶּער זֵייא לֵייכְטֶען, און זֵייא וֶועלֶען
הֶערְשֶׁען פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט.
[6] און עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיזֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען גֶעטְרֵייא און וָואהְרְ־
הַאפְטִיג; און דֶער הַאר גָאט פוּן דִיא גֵייסְטֶער פוּן דִיא נְבִיאִים הָאט זַיין מַלְאָךְ
גֶעשִׁיקְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט צוּ וַוייזֶען דָאס וָואס מוּז בַּאלְד גֶעשֶׁעהֶען. [7] און
זֶעה, אִיךְ קוּם גֶעשְׁווִינְד. גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וֶועלְכֶער הִיט דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דֶער נְבוּאָה פוּן דִיזֶעם בּוּךְ.
[8] און אִיךְ יוֹחָנָן בִּין דֶער וָואס הָאבּ דִיזֶע זַאכֶען גֶעזֶעהֶען און גֶעהֶערְט.
און וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט און גֶעזֶעהֶען, בִּין אִיךְ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען מִיךְ צוּ
בִּיקֶען פָאר דִיא פִּיס פוּן דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיר דִיזֶע זַאכֶען גֶעווִיזֶען.
[9] און עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט טְהוּן; אִיךְ בִּין דֵיין
מִיטְקְנֶעכְט און אַ חַבֵר פוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא נְבִיאִים, און פוּן דִיא וָואס
הִיטֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיזֶעם בּוּךְ; בִּיק דִיךְ צוּ גָאט.
[10] און עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פֶערְזִיגֶעל נִיט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶער נְבוּאָה

פוּן דִיזֶעם בּוּךְ; וָוארִין דִיא צֵייט אִיז נָאהֶענְט. [11] דֶער וָואס טְהוּט אוּנְרֶעכְט,
לָאז עֶר וֵוייטֶער אוּנְרֶעכְט טְהוּן; אוּן דֶער וָואס אִיז אוּנְרֵיין, לָאז עֶר וֵוייטֶער
אוּנְרֵיין זַיין; אוּן דֶער וָואס אִיז גֶערֶעכְט לָאז עֶר וֵוייטֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט טְהוּן,
אוּן דֶער וָואס אִיז הֵיילִיג לָאז עֶר וֵוייטֶער הֵיילִיג זַיין. [12] זֶעה, אִיךְ קוּם גֶע־
שְׁווִינְד; אוּן מֵיין לוין אִיז מִיט מִיר, צוּ בֶּעצָאהְלֶען צוּ יֶעדֶעם אַזוֹי וִויא זַיין
װֶערְק אִיז גֶעװֶען. [13] אִיךְ בִּין דִיא א׳ אוּן דִיא ת׳, דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער
לֶעצְטֶער, דֶער אָנְהֵייבּ אוּן דָאס עֶנְד. [14] גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָועלְכֶע וַואשֶׁען
זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, כְּדֵי זַייא זָאלֶען הָאבֶּען דִיא מַאכְט צוּ דֶעם בּוים פוּן לֶעבֶּען,
אוּן זָאלֶען דוּרְךְ דִיא טוֹיעֶרֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרֵיינְקוּמֶען. [15] דְרוֹיסֶען זֶענֶען
דִיא הִינְד אוּן דִיא צוֹיבֶּערֶער אוּן דִיא הוּרֶער אוּן דִיא מֶערְדֶער אוּן דִיא
גֶעצֶענְדִינֶער אוּן אִיטְלִיכֶער וָואס לִיבְּט אוּן טְהוּט לִיגֶען.

[16] אִיךְ יֵשׁוּעַ הָאבּ מֵיין מַלְאָךְ גֶעשִׁיקְט, אַז עֶר זָאל אֵייךְ דִיזֶע זַאכֶען בֶּעצֵיי־
גֶען אִין דִיא קְהִלּוֹת. אִיךְ בִּין דִיא וָואוּרְצֶעל אוּן דֶער שְׁפְּרָאצֶען פוּן דָוִד,
דֶער גְלֶענְצֶענְדִיגֶע מָארְגֶענְשְׁטֶערְן.

[17] אוּן דֶער גֵייסְט אוּן דִיא כַּלָּה זָאגֶען קוּם. אוּן דֶער וָואס הֶערְט לָאז עֶר
זָאגֶען קוּם. אוּן דֶער וָואס אִיז דוּרְשְׁטִיג לָאז עֶר קוּמֶען; דֶער וָואס וִויל לָאז
עֶר דָאס וַואסֶער פוּן לֶעבֶּען אוּמְזוּסְט נֶעמֶען.

[18] אִיךְ בֶּעצֵייג צוּ אִיטְלִיכֶעם וָואס הֶערְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶער נְבוּאָה פוּן
דִיזֶעם בּוּךְ; וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט דֶערְצוּ צוּזֶעצֶען, וֶועט גָאט אִיהְם דִיא פְּלָאגֶען
צוּזֶעצֶען וָואס זֶענֶען אִין דִיזֶעם בּוּךְ גֶעשְׁרִיבֶּען. [19] אוּן וֶוען אֵיימִיצֶער וֶועט
אַוֶועקְנֶעמֶען פוּן דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם בּוּךְ פוּן דִיזֶער נְבוּאָה, וֶועט גָאט זַיין
טְהֵייל אַוֶועקְנֶעמֶען פוּן דֶעם בּוים פוּן לֶעבֶּען אוּן פוּן דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט,
פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען אִין דִיזֶעם בּוּךְ גֶעשְׁרִיבֶּען.

[20] דֶער וָועלְכֶער הָאט דִיזֶע זַאכֶען בֶּעצֵייגְט הָאט גֶעזָאגְט, יָא, אִיךְ קוּם
גֶעשְׁווִינְד. אָמֵן; קוּם, הַאר יֵשׁוּעַ.

[21] דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר׳ן יֵשׁוּעַ זָאל מִיט דִיא הֵיילִיגֶע זַיין; אָמֵן.

געדרוקט בייא וויליאם קלאועס און זוהן אין לאנדאן

